

MAJOR FUNDING FOR THE
YIZKOR BOOK PROJECT WAS PROVIDED BY:
*Harry and Lillian Freedman Fund*
*David and Barbara B. Hirschhorn Foundation*
*David and Barbara Margulies*
*The Nash Family Foundation*
*Harris Rosen*
*David and Sylvia Steiner*
*Ruth Taubman*



*Original publication data*

| | |
|---|---|
| TITLE | Ṭshensṭokhoṿ : nayer tsugab-maṭeryal tsum bukh "Ṭshensṭokhoṿer Yidn" / unṭer der redaḳtsye fun Sh. D. Zinger ; bay der miṭarbayṭ fun a redaḳtsye-ḳolegye: Rafaʻel Federman ... [et al.] ; ḳinsṭlerishe reproduḳtsyes fun Arṭur Shiḳ un Noṭe Ḳozlovsḳi. |
| IMPRINT | 880-02 Nyu-Yorḳ : Fareyniḳṭn Ṭshensṭokhoṿer Relif-Ḳomiṭeṭ, 1958. |
| DESCRIPT | viii, 336, iv p. : ill., ports., maps ; 29 cm. |
| SUBJECT | Jews -- Poland -- Częstochowa. |
| | Częstochowa (Poland) -- Ethnic relations. |
| | Holocaust, Jewish (1939-1945) -- Poland -- Częstochowa. |
| ADD'L NAME | Singer, S. D., 1903- |
| | Federman, Rafaʻel. |
| ADD'L TITLE | Czenstochov, a new supplement to the book "Czenstochover Yidn" |

THIS BOOK MEETS A.N.S.I. STANDARDS FOR
PAPER PERMANENCE AND LIBRARY BINDING.

PRINTED IN THE U.S.A.

# טשענסטאָכאָוו

נייער צוגאָב־מאַטעריאַל צום בוך

## „טשענסטאָכאָווער יידן"

אַרויסגעגעבן פון

פאַראייניקטן טשענסטאָכאָווער רעליף־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק

אונטער דער רעדאַקציע פון

**ש. ד. זינגער**

ביי דער מיטאַרבעט פון אַ רעדאַקציע־קאָלעגיע:

רפאל פעדערמאַן

אלקנה כראָבאָלאָווסקי

צבי ראָזענוויין

ד"ר בנימין אָרענשטיין

הערי זיגאַס

קינסטלערישע רעפּראָדוקציעס פון

**אַרטור שיק און נאָטע קאָזלאָווסקי**

גראַפישע אַרבעטן געצייכנט פון

**נאָטע קאָזלאָווסקי**

צייכענונג אויפן איינבונד און שער־בלאַט פון

**חנן קיעל**

ניו־יאָרק, 1958

# CZENSTOCHOV

A NEW SUPPLEMENT TO THE BOOK

# "CZENSTOCHOVER YIDN"

Published by

United Czenstochover Relief Committee in New York

Edited by

S. D. SINGER

With the assistance of an editorial board consisting of:

Raphael Federman
Alkona Chrobolovsky
Zvi Rosenvein
Dr. Benjamin Orenstein

Illustrations by

ARTUR SZYK and
NOTA KOSLOVSKY

Drawings by

NOTA KOSLOVSKY

Cover Drawing by
CHONON KIEL

New York, 1958

# תיקון טעותן

זייט 25, 27סטע שורה, לינקס, אַנשטאָט: ווילעק, דאַרף זיין: שמולעק.

זייט 86, 35סטע שורה, רעכטס, אַנשטאָט: חווה, דאַרף זיין: חיה.

זייט 87, 44סטע שורה, רעכטס, אַנשטאָט: גראַקעוויטש, דאַרף זיין: גראַנקעוויטש.

זייט 88, 2טע שורה, רעכטס, אַנשטאָט: טי, דאַרף זיין: די.

זייט 90, 31סטע שורה, לינקס, אַנשטאָט: צחאַמען מיט, דאַרף זיין: מען וועט.

זייט 89, 44סטע שורה, לינקס, אַנשטאָט: אונדזער, דאַרף זיין: דער.

זייט 90, 12טע שורה, לינקס, אַנשטאָט: 5 טויזנט, דאַרף זייט: 50 טויזנט.

זייט 91, 13טע שורה, רעכטס, אַנשטאָט: אַלסקא, דאַרף זיין: פּאַלסקאַ.

זייט 92, לעצטע שורה, רעכטס: דער בונד ר. פּ. **קומט אין קלאַמערן.**

זייט 92, 7טע שורה, לינקס: ר. פּ. נישט חלילה די קאָמוניסטישע פּאַרטיי, אין קלאַמערן.

זייט 95, 7טע שורה, לינקס, אַנשטאָט: 265, דאַרף זיין: 290.

זייט 149, 41סטע שורה, רעכטס, אַנשטאָט: איידל, דאַרף זיין: פייגל.

זייט 150, 12טע שורה, לינקס, אַנשטאָט: לעלאַן, דאַרף זיין: העלען.

זייט 293, 10טע שורה, לינקס, אַנשטאָט: העש־מענדל, דאַרף זיין: הערשל־מענדל.

זייט 293, 14טע שורה, לינקס, אַנשטאָט: וואָלפהענדלער, דאַרף זיין: וואָלהענדלער.

זייט 293, 12טע שורה, לינקס, אַנשטאָט: זיסמאַן, דאַרף זיין: זוסמאַן.

זייט 293, 17טע שורה, לינקס, אַנשטאָט ווניק, דאַרף זיין: וונוק.

זייט 293, 36סטע שורה, לינקס, אַנשטאָט: לאַווניק. דאַרף זיין: ל״וניק.

זייט 295, ערשטע שורה, רעכטס, אַנשטאָט: מוש, דאַרף זיין: אויך.

זייט 295, עלפטע שורה, לינקס, אַנשטאָט: ריינגלאַ, דאַרף זיין: ריינגלאַס.

זייט 295, 16טע שורה, לינקס, דאַרף זיין: שימקאָוויטש.

זייט 295, 32סטע שורה, לינקס — דאַרף זיין: שליפּקאַ.

זייט 295, 34סטע שורה, לינקס, אַנשטאָט: שטשעקאָף, דאַרף זיין: שטשעקאָץ.

זייט 296, 18טע שורה, לינקס, אַנשטאָט: וואַריזער, דאַרף זיין: פּאַריזער.

זייט 296, 25סטע שורה, רעכטס, דאַרף זיין: „סאַלאָמאָן זאָגט דאָן צו זיין ווייב, מיר״, **א. אַז. וו.**

זייט 296, 36סטע שורה, רעכטס, אַנשטאָט: סטעמנלען, דאַרף זיין: סטעמפּלען.

זייט 296, 39סטע שורה, רעכטס, אַנשטאָט: פראַנקאַ, דאַרף זיין: קראַנקע.

זייט 297, 15טע שורה, נאָך די ווערטער: „ער איז קראַנק געוואָרן״, **קומען די לעצטע צוויי שורות פון זייט 297, און פאַרענדיקט זיך מיט די ווערטער:** „חבר הענעך פעפער, וועט אָבער קיין מאָל נישט פאַרגעסן ווערן״.

זייט 304, כטע שורה, אַנשטאָט: טים, דאַרף זיין: מיט.

זייט 304, 20סטע שורה, דאַרף זיך לייענען: „מיט האָפנונגען העלע אין יידישע אויגן.״



# אינהאַלט

## ליטעראַטור און קריטיק



## אונדזערע יוביליאַרן



## טשענסטאָכאָווער אין אַמעריקע און אין אַנדערע לענדער

### טשענסטאָכאָווער אין אַמעריקע



זייט

## טשענסטאָכאָווער אין אַנדערע לענדער



## אין אָנדענק פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט און טוער אין אַמעריקע



## אין אָנדענק פון די אומגעקומענע טשענסטאָכאָווער יידן, קדושים, העלדן און מאַרטירער



## אינדעקס








# דאָס בוך „טשענסטאָכאָוו"

לויט די ערשטע באַשלוסן פונעם „פאַראייניקטן טשענסטאָכאָווער רעליף-קאָמיטעט", האָבן מיר בדעה געהאַט אַרויסצוגעבן אַ זשורנאַל, לכבוד אונדזער אַלעמענס גוט-באַקאַנטן טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַן, רפאל פעדערמאַן, צו זיין 50-יאָריקן יובל פון געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט לטובת הכלל, און גאָר באַזונדערס פאַר אונדזער אַמאָליקער היים-שטאָט — טשענסטאָכאָוו. מיר האָבן תחילת געפּלאַנט, אויף אַ באַשיידענעם אופן, אַרויסצוגעבן אַ זשורנאַל, אין וועלכן עס זאָלן פאַרצייכנט ווערן די אַלע טעטיקייטן פון דעם אומדערמידלעכן עסקן, די הילף-אַרבעט זיינע לטובת די פּליטים אין די „די-פּי" קעמפּס אין דייטשלאַנד, נאָך דער מלחמה; די אַרבעט ביים אַרויסגעבן דאָס בוך „טשענסטאָכאָווער יידן", און אַנדערע טעטיקייטן פעדערמאַנס זינט ער געפינט זיך אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

מיר האָבן, נאַטירלעך, אויך אין זינען געהאַט, אַז דער דאָזיקער זשורנאַל — געווידמעט אונדזער חשובן לאַנדסמאַן, — זאָל גלייכצייטיק זיין אַ המשך פון דעם בוך „טשענסטאָכאָווער יידן", פאַר וועלכן ר. פעדערמאַן האָט אַזוי פיל געטאָן, און געהאָלפן, אַז דאָס דאָזיקע היסטאָריש-וויכטיקע בוך זאָל זען די ליכטיקע שיין. מיר האָבן בדעה געהאַט אַריינצוגעבן אין דעם געפּלאַנטן יובל-זשורנאַל צוגאָב-אַרטיקלען אַזעלכע, וואָס זיינען, ליידער, אויסגעלאָזן געוואָרן אין בוך „טשענסטאָכאָווער יידן".

דער גוטער אָפּרוף, אָבער, פון די לאַנדסלייט און פריינד, אומעטום, סיי דאָ הי, סיי אין אַנדערע לענדער, וואו נאָר אונדזערע לאַנדסלייט געפינען זיך, — איז געווען אַזאַ, אַז מיר האָבן געמוזט ענדערן דעם גאַנצן פּלאַן. אונדזערע לאַנדסלייט און פריינד האָבן זיך אָפּגערופן מיט באַגייסטערונג, און ניט בלויז מיט גוטע וואונטשן, נאָר אויך מיט אַרטיקלען און זכרונות, סיי וועגן פעדערמאַנען, סיי וועגן אונדזער אַמאָליקער היים-שטאָט טשענסטאָכאָוו. מיר האָבן געקראָגן אַרטיקלען פון פּוילן, פון מדינת-ישראל, און פון דאָ-הי, פון די שטעט לאָס-אַנדזשעלעס, שיקאַגאָ און אַנדערע שטעט. יידישע שרייבער האָבן זיך אָפּגערופן מיט אַרטיקלען און זכרונות, אַז מיר האָבן זיך, ווי שוין געזאָגט, געמוזט אָפּזאָגן פונעם אַמאָליקן באַשיידענעם פּלאַן, און אָנשטאָט דעם באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אַ בוך, אין דער זעלבער גרויס פון דעם ערשטן בוך „טשענסטאָכאָווער יידן", מיטן נאָמען „טשענסטאָכאָוו". און ווי דער לייענער קען זען איז דאָס איצטיקע בוך אַן ערך ניט קלענער, אין וויכטיקע היסטאָרישע אָפּהאַנדלונגען, פונעם ערשטן בוך „טשענסטאָכאָווער יידן".

די רעדאַקציע האָט זיך באַמיט אַריינצוגעבן אין בוך „טשענסטאָכאָוו" נאָר אַזעלכע אַרבעטן וואָס זאָלן אויף אַן אמת זיין אַ צוגאָב צום ערשטן בוך. דער עיקר האָבן מיר געשטרעבט אַז די יאָרן פון נאָכן גרויסן חורבן, און די טראַגישע איבערלעבונגען פון אונדזערע לעבנגעבליבענע ברידער און שוועסטער, **זאָלן קומען צום אויסדרוק** אין די בלעטער פונעם דאָזיקן בוך. ביים קלייבן דעם מאַטעריאַל האָבן

מיר אויך אין זינען געהאַט אַז די „געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען אין טשענסטאָכאָוו", וואָס „זיינען נישט באַהאַנדלט געוואָרן מיט דער נייטיקער גרינטלעכקייט" אין בוך „טשענסטאָכאָווער יידן" — ווי די רעדאַקציע פון בוך „טש. יידן" פאַרענטפערט זיך דאָן אין דעם „פאָרוואָרט" — זאָל אין איצטיקן בוך, אויף ווי ווייט מעגלעך, **יאָ באַהאַנדלט ווערן.** מיר האָבן זיך איצט באַמיט אַז סיי די אַמאָליקע יידיש-רעליגיעזע אינסטיטוציעס: די טשענסטאָכאָווער יידישע קהילה, און די ציוניסטישע אָרגאַני-זאַציע מיט אירע צווייגן, זאָלן ווי געהעריק, אָביעקטיוו און געשיכטלעך באַהאַנדלט ווערן. לאָמיר האָפן, אַז די אַלע באַמיאונגען האָבן זיך אונדז, ווי עס איז, איינגעגעבן.

אין דעם בוך וועלן אונדזערע לאַנדסלייט געפינען די נעמען פון די אומגעקומענע טשענסטאָכאָווער יידן, די קדושים און העלדן, וואָס האָבן מיט זייער לעבן געהייליקט דעם אָנדענק פון אונדזער אַמאָליקער יידישער היים-שטאָט, די עיר ואם בישראל; זיי וועלן אַלע בלייבן לעבן אין אונדזער אַלעמענס זכרון, און אין זכרון פון פאָלק עד סוף כל הדורות.

צום סוף ווילן מיר אויסדריקן אונדזער האַרציקסטן דאַנק צו אַלע לאַנדסלייט און פריינד פאַר דער הילף וואָס זיי האָבן אונדז געגעבן, אַז דאָס בוך „טשענסטאָכאָוו" זאָל קענען דערשיינען. מיר ווילן האָפן אַז אויך דאָס איצטיקע בוך, פונקט ווי דאָס ערשטע — וועט ווידער שטאַרקן דעם בונד און די נאָענט-גייסטיקע אחדות פון אַלע אונדזערע לאַנדסלייט בכל תפוצות ישראל, אין די אַמעריקעס, אייראָפּע, און אין מדינת ישראל **וואו דער שארית הפליטה פון אונדזער אַמאָליקן טשענסטאָכאָוו האָט געפונען זיין היים נאָך יאָרן פון פיין און ליידן.** זאָל דאָס בוך „טשענסטאָכאָוו" זיין אַ מצבת-נצח נאָך אַלע נאָענטע און טייערע, און כסדר אונדז דערמאָנען די גייסטיקע ירושה פון אונדזער אַמאָליקער היים-שטאָט.

די רעדאַקציע פון בוך:
„טשענסטאָכאָוו"



**אַ רעגימענט-פאָן פון די צוריקגייענדיקע רעשטלעך פון דער פוילישער אַרמיי פון נאַפּאָלעאָנס רוסישער קאַמפּאַניע אין יאָר 1813. געווען באַנוצט אַלס פרוכת אין דער נייער שול אין טשענסטאָכאָוו**




דער הערב פון דער שטאָט טשענסטאָכאָוו

PLAN MIASTA
CZĘSTOCHOWY

דער פּלאַן פון דער שטאָט מיט די אָנגעצייכנטע געטאָס און לאַגערן.

ל. ברענער

# די אַנטשטייאונג פון יידישן ישוב אין טשענסטאָכאָוו

## 1939—1700

### (אַ צושטייער צו דער געשיכטע פון יידישן ישוב אין טשענסטאָכאָוו)



דאָס געשטאַלטן פון דער שטאָט טשענסטאָכאָוו איז פאָרגעקומען דורך אַ צוזאַמענשמעלצונג פון צוויי טיילן: פון דאָרף טשענסטאָכאָוו, הינטער דער „יאַסנאַ גוראַ", און פון אַלט־טשענסטאָכאָוו, וואָס ליגט ביים טייך וואַרטאַ. ביידע טיילן האָבן זיך באַזונדער אַנטוויקלט. אַלט־טשענסטאָכאָוו האָט שוין עקזיסטירט אין יאָר 1377. אין יאָר 1502 האָט דער קעניג אַלעקסאַנדער, אויפן סמך פון די מאַגדעבורגער געזעצן, געגעבן טשענסטאָכאָוו שטאָטישע רעכט. טשענסטאָכאָוו, ווידער, האָט, ביז דער צווייטער העלפט פון 17טן יאָרהונדערט, געהערט צום אַלטשטינער קרייז. נאָכן ווינער קאָנגרעס (1815) זיינען ביידע שטאָט־טיילן אַרונטערגעפאַלן אונטער דער צאַרישער הערשאַפט, ביידע שטאָט־טיילן האָבן זיך טעריטאָריעל געהאַלטן אין איין אויסברייטערן זיך און בהדרגהדיק דערנענטערן איינער צום אַנדערן. אין יאָר 1826, האָבן זיך ביידע שטאָט־טיילן פאַראייניקט און געוואָרן איין שטאָט. אין יאָר 1867 איז טשענסטאָכאָוו געוואָרן אַ קרייז־שטאָט.[1]

## דער בראשית פון די יידן אין טשענסטאָכאָוו

וועגן דער אַנטשטייאונג פון יידישן ישוב אין טשענסטאָכאָוו איז שוין פיל געשריבן געוואָרן. באַזונדער ווערט די דאָזיקע פראַגע ברייט באַהאַנדלט אין בוך „טשענסטאָכאָווער יידן"[2]. די עלטסטע דאַטע אָבער וועגן יידן אין טשענסטאָכאָוו גיט אָן די פוילישע געזעלשאַפט פון לאַנד־קענטעניש[3]. דאָרט ווערט דערמאָנט, אַז די יידישע קהילה אין טשענסטאָכאָוו איז אַנשטאַנען אין יאָר 1700. דאָרט ווערט אויך אָנגעגעבן, אַז אין יאָר 1765 זיינען שוין אין טשענסטאָכאָוו געווען 51 יידישע פאַמיליעס, אין ביידע פאַלן איז נישט אָנגעגעבן די צאָל נפשות. דער פוילישער שרייבער יוליאַן ניעמצעוויטש גיט אָן[4], אַז אין דער תקופה פון די שוועדישע מלחמות, ד"ה אין יאָר 1655, האָט די שטאָט זיך געבאָרגט ביי אַ ייד 100 טאָלער, פאַר וועלכע ער האָט שפּעטער באַקומען אַ הויז. ניעמצעוויטש גיט אָבער נישט אָן, צי דער ייד, ביי וועלכן די הלוואה איז געמאַכט געוואָרן, האָט זיך באַזעצט אין שטאָט. וועגן זעלבן פאַל מיט דער הלוואה רעדט דער היסטאָריקער מיכאַל באַלינסקי[5].

באַלינסקי גיט אָן, אַז דער ייד האָט פאַר די געבאָרגטע 100 טאָלער באַקומען דעם ראַטוש אין אַרענדע. דערביי דערמאָנט באַלינסקי, אַז לויט די פּריווילעגיעס פון טשענסטאָכאָוו האָבן יידן נישט געהאַט קיין רעכט צו וואוינען אין שטאָט. לויט זיינע באַמערקונגען אַרום דעם פאַל פּריווילעגירטע קומט אויס, אַז דער דאָזיקער ייד האָט יאָ באַקומען רעכט צו וואוינען אין שטאָט. אויב דאָס באַזעצן זיך פון איין שטאָט קען מען נאָך נישט האַלטן אַלס בראשית פון יידישן ישוב אין טשענסטאָכאָוו, דאַרף מען אָבער אַלס בראשית אָננעמען די דאַט פון 1700, וואָס ווערט דערמאָנט אינעם אויבנדערמאָנטן בוך „וועגווייזער איבער טשענסטאָכאָוו און אומגעגנט", אין וועלכן ס'ווערט אָנגעגעבן, אַז דעמאָלט איז שוין געווען אַ יידישע קהילה אין טשענסטאָכאָוו.

## די אַנטוויקלונג פונעם ישוב

צוגלייך מיטן וואוקס און אַנטוויקלונג פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג אין טשענסטאָכאָוו איז אויך געוואקסן דער יידישער ישוב. אין דריטן און לעצטן סטאַטוט פון קריסטלעכן בעקער־צעך אין טשענסטאָכאָוו, וואָס איז באַשטעטיקט געוואָרן דורכן קעניג אויגוסט דעם דריטן, און אַפּראָבירט געוואָרן דורכן שטאָטראַט דעם 6טן אָקטאָבער 1760 — ווערט אין פונקט 11, וואָס איז געווידמעט דער פראַגע פון יידישע בעקער, — געשריבן: „צוליב דעם, וואָס די יידן האָבן זיך פאַרמערט און זיינען אַ שטערונג פאַרן צעך, און אין די גרעסטע יום־טובים און פייערלעכקייטן באַקן זיי, וויל דער צעכמייסטער צוהיטן, אַז זיי זאָלן די דאָזיקע פּראָטעקציע נישט האָבן, און דער מאַגיסטראַט פאַרפליכטעט זיך צו העלפן". פון דעם קען מען דרינגען, אַז שוין דעמאָלט זיינען די יידישע באַלמעלאָכעס געווען אַזוי אַקטיוו, אַז זיי האָבן שוין געשפּילט אַ ראָל אַלס קאָנקורענץ־כוח. וועגן וואוקס פון דער יידישער באַפעלקערונג אין יענער צייט, וועגן זייער אָנטייל אין דער פונאַנדערבליאונג פון דער שטאָט, ווערן מיר געוואויר פון ניעמצעוויטשעס באַשרייבונגען אין וועלכע ער דערמאָנט,

אַז ווען ער איז אין יאָר 1821 געווען אין טשענסטאָכאָוו, איז אין דער אַלט־שטאָט אויף 3000 איינוואוינער געווען אַ העלפט יידן און אַז אין אַלטן מאַרק האָבן אַלע הייזער, אויסער דריי, גע־הערט צו יידן.

פון זינט ביידע שטאָט־טיילן האָבן זיך פאַראייניקט און עס איז געוואָרן איין שטאָט, האָט טשענסטאָכאָוו אָנגעהויבן שנעלער צו וואַקסן ווי אַ האַנדלס־ און אינדוסטריע־צענטער. אויך די צאָל יידישע איינוואוינער אין שטאָט האָט זיך געהאַלטן אין איין פאַרגרעסערן. אויף אַלע געביטן האָבן די יידן געבראַכט זייער אָנגעזעענעם ביישטייער צו דער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט.

די ערשטע וויכטיקע אונטערנעמונג, וואָס יידן האָבן איינ־געאָרדנט אין טשענסטאָכאָוו איז געווען אַ דרוקעריי, וואָס די פאַ־מיליע קאָהען האָט אין יאָר 1869 איבערגעטראָגן פון וויעלון. די דרוקעריי איז שנעל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ וויכטיקן ליטאָ־גראַפישן אַנשטאַלט, וואָס האָט דעמאָלט געדינט אַלס שולע פאַר גאַנץ פוילן. פון דאַנען גייען אַרויס פעאיקע פאַכלייט אויפן געביט פון ליטאָגראַפיע. ביים דאָזיקן אַנשטאַלט גרינדעט די פאַמיליע קאָהען, בשותפות מיט דער פאַמיליע אַדערפעלד, אַ פאַבריק פון קאָלירט פאַפּיר. אין יאָר 1873 גרינדן די שותפים גינזבורג און קאָהען אַ פאַפּיר־פאַבריק „פּאַפּיערניאַ". אין יאָר 1883 גרינדעט קראָנענבערג די טעקסטיל־פאַבריק „טשענסטאָכאָווסקאַיאַ". אין יאָר 1884 גרינדן די שותפים גאָלדמאַן אַדערפעלד און אָפּענהיים די שפּאַגאַט־פאַבריק „סטראַדאָם", וואָס האָט צו־ערשט באַשעפ־טיקט 150 אַרבעטער. פון יאָר 1902, ווען די פאַבריק איז איבער־געגאַנגען צו אַן אַקציאָן־געזעלשאַפט מיטן ד״ר בערלינער בלוי בראש, און זיך פאַרגרעסערט, האָט זי אָנגעהויבן צו באַשעפטיקן אַן ערך 2000 אַרבעטער. אין יאָר 1888 האָט סעוועריין לאַנדוי געגרינדעט אַ פאַבריק פון צעלולאָיד־אויסאַרבעטונגען, וועלכע האָט צו־ערשט באַשעפטיקט 10 אַרבעטער און שפּעטער — עט־לעכע הונדערט. אין יאָר 1896 ווערט דורך די שותפים גינזבורג, קאָהען, גראַסמאַן, מאַרקוסעפלד און ניימאַן געגרינדעט די טעקס־טיל פאַבריק „וואַרטאַ", אין וועלכער עס זיינען אין גיכן באַ־שעפטיקט געווען אַן ערך 1500 אַרבעטער. אין יאָר 1897 גרינ־דעט איזידאָר גייסלער אין וויטשערפּ, ביי טשענסטאָכאָוו, די גלאָז־הוטע „פּאַולינאַ", וואָס האָט באַשעפטיקט 750 אַרבעטער. אין יאָר 1901 ווערט דורך סטאַניסלאַוו גראַסמאַן און הענריק מאַרקוסעפלד געגרינדעט אַ קאַפּעליוש־פאַבריק „קאַפּעליושאַר־ניאַ", וואָס האָט באַשעפטיקט אַן ערך 450 אַרבעטער. צווישן זיי 130 פרויען [6]). אויסער דעם, איז כדאי צו דערמאָנען די גרויסע גראַסמאַנס קנעפּ־פאַבריק; וויינבערגס קאַם־פאַבריק און די ספּינ־קעס־פאַבריק פון שאַיאַ און ראַזענשטיין, וואָס איז געווען די ערשטע פאַבריק אין פוילן פון ספּינקעס און ביזשוטעריע־אויס־אַרבעטונגען [7]).

דאָס אַלץ גיט, מער וויניקער, אַ בילד פון דעם וואָס פאַר אַ באַדייטונג עס האָט געהאַט דער אַנטייל פון די יידן אין דער אינדוסטריעלער און ווירטשאַפטלעכער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט. צום עקאָנאָמישן וואוקס פון דער שטאָט האָבן אויך ביי־געשטייערט די יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך, וואָס האָבן, נאָכן אָפּשאַפן די יידישע רעווירן, אָנגעהויבן שטראָמען קיין טשענסטאָ־כאָוו. אויך אינעם האַנדל האָבן יידן געהאַט אַ שטאַרקן אַנטייל.

וועגן אַנטייל פון די יידן אין האַנדל טרעפן מיר אין די רייזע־באַשרייבונגען פון ניעמצעוויטשן, וואָס דערמאָנט, אַז ווען ער איז געווען אין טשענסטאָכאָוו (1821) איז דער גאַנצער תבואה־האַנדל מיט שלעזיען, געלעגן אין יידישע הענט; אַז יידן האָבן געהאַנדלט אַפילו מיט דעוואָציאָנאַלן און אַז ער אַליין האָט אַזעלכע זאַכן געקויפט ביי אַ יידן מיטן נאָמען לאַנדאַוער.

דאָס אַלץ גיט מער־וויניקער אַ באַגריף וואָס פאַר אַ באַ־דייטונג עס האָט געהאַט דער אַנטייל פון די יידן אין דער אינ־דוסטריעלער און ווירטשאַפטלעכער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט. צום עקאָנאָמישן וואוקס פון דער שטאָט האָבן אויך ביי־געשטייערט די יידן, וואָס האָבן פון די אַרומיקע קליינע שטעטלעך געשטראָמט קיין טשענסטאָכאָוו.

## פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען

דאָס דאָזיקע פּראָבלעם ווערט ברייט אַרומגערעדט אינעם בוך „טשענסטאָכאָווער יידן" [8]). כ'האַלט אָבער פאַר נייטיק אָנצוגעבן געוויסע דערגאַנצונגען וועגן די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פאַרן צווישן־מלחמה־פּעריאָד.

אין די יאָרן צווישן דער ערשטער און צווייטער וועלט־מלחמה האָבן זיך אין טשענסטאָכאָוו געפונען פיל יידישע געשעפטן, וואָס האָבן באַשעפטיקט אַ גרויסע צאָל יידישע עקספּעדיענטן און עקס־פּעדיענטקעס, גרויסע פאַבריקן און פיל קליינע פאַבריקלעך פון גאַלאַנטעריע־אויסאַרבעטונגען, וואָס האָבן באַשעפטיקט אַ גרויסע צאָל יידישע אַרבעטער. און ביי כאַלופּניקעס, אין גרעסערע און אין קלענערע האַנטווערקער־וואַרשטאַטן זיינען געווען באַשעפטיקט פיל יידישע געזעלן. דאָ איז נייטיק צו באַמערקן, אַז די יידישע אַרבעטער אין די פאַבריקן און אין די האַנטווערקער וואַרשטאַטן האָבן געהאַט אויסצושטיין נגישות פון זייערע יידישע באַלעבאַ־טים, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז די יידישע אַרבעטער זיינען צו פיל אויפגעקלערט און בונטעווען נאָך אַנדערע אויך. נישט ווייניקער נגישות ווידער האָבן געהאַט אויסצושטיין די עקספּעדיענטן פון זייערע באַלעבאַטים. אין דעם פּרט האָבן די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען געהאַט פיל אַרבעט אויפצוקלערן די ווינציקער באַ־וואוסטזיניקע אַרבעטער.

אין די לעצטע יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה זיינען, ווי ס'גיט איבער דער דעמאָלטיקער סעקרעטאַר פון די פּראָ־פעסיאָנעלע פאַראיינען, מ. קושניר — געווען אָנגעשלאָסן אין די פאַראיינען בערך 5000 אָרגאַניזירטע אַרבעטער, אין דעם: אין שניידער־פאַראיין אַליין, צו וועלכן ס'האָבן געהערט שניידער־אַרבעטער, וועש־נייער און טריקאָטאַזש־אַרבעטער — העכער 3000; האַנדלס און ביוראָ־אָנגעשטעלטע — 600; סאָציאַליסטישע האַנטווערקער — 320; טראַנספּאָרט (פלייצע־טרעגער און האַנט־וועגעלעך) — 240; דערנערונג (בעקער־אַרבעטער, פליישער־אַר־בעטער און וואורשטן־מאַכער) — 180; דער אַרבעטסלאָזער פאַראיין האָט געציילט 120 מיטגלידער בעתן סעזאָן זיינען זיי איינגע־אָרדנט געוואָרן דורכן פאַראיין זייערן ביי עפּנטלעכע שטאָטישע אַרבעטן); פריזירער — העכער 60 און אַ טייל האָט געהערט צו פאַרשיידענע אַנדערע פאַראיינען. אויסער דער נאָרמאַלער אַרבעט, וואָס די דערמאָנטע פאַראיינען האָבן געהאַט צו פירן אין דעמאָלט־דיקן סאַנאַציע־פוילן, כדי צו שיצן די אַרבעטער־אינטערעסן, האָבן זיי נאָך אויך געהאַט די אויפגאַבע צו קעמפן פאַר די רעכט פון יידישן אַרבעטער אויף אַרבעט אַפילו אין די פאַבריקן און אונטערנעמונגען, וואו די באַלעבאַטים זיינען געווען יידן. די פאַראיינען האָבן אויך געפירט אַ קולטורעלע אַרבעט צווישן זייערע מיטגלידער און האָבן בכלל געלייגט זייער חותם אויפן געזעל־שאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן פון גאַנצן יידישן ישוב אין טשענסטאָכאָוו.

די פֿאַראייניגן האָבן זיך געהאַלטן אין איין אויסברייטערן און זייער טעטיקייט איז וואָס ווייטער געוואָרן אינטענסיווער. דער כּוח און פּרעסטיזש זייערער האָט זיך אַזוי אָנגעזען, אַז זיי זיינען געוואָרן אַ דעצידירנדיקער פאַקטאָר נישט בלויז אין די ראַמען פונעם יידישן לעבן. בלויז דער פאַראיין פון די האַנדלס־ און ביוראָ־אָנגעשטעלטע איז אין די לעצטע יאָרן פון פאַרן צווייטן וועלט־קריג געווען, צוליב פּאָליציייאישע פאַרפאָלגונגען, אַ געוויסע צייט געשלאָסן. סוף 1937 האָט אויך דער דאָזיקער פאַראיין, אַ דאַנק די געמיינזאַמע אָנשטרענגונגען פון בונד מיט די קאָמוניסטן אויפסניי אויפגעלעבט און אָנגעהויבן אַן אינטענסיווע טעטיקייט. פון דעמאָלט אָן ביזן קריגס־אויסברוך האָט זיך דער פאַראיין געפונען אין הויז אויף אַלייע וואָלנאָשטשי 3/5. אַלס פאָרזיצער פון דאָזיקן פאַראיין איז אויסגעוויילט געוואָרן דער שרייבער פון די שורות און אַלס סעקרעטאַר — וואָלאַדעק בלומענפרוכט. צו די וויכטיקסטע אַקציעס פונעם פאַראיין פאַר די לעצטע יאָרן האָט געהערט דער גרויסער סטרייק פון די פּריקאַזטשיקעס (זומער 1938) פאַר אַ נאָרמירטן אַרבעטס־טאָג און פאַר אַ לוין־העכערונג, וואָס איז געקרוינט געוואָרן מיט אַ נצחון. דער דאָזיקער פאַראיין האָט זיך דעמאָלט אויך אויסגעצייכנט מיט זיין אינטענסיווער קולטור־אַרבעט צווישן זיינע מיטגלידער.

## האַנטווערקערטום

אויך וועגן האַנטווערקערטום ווערט פיל אַרומגערעדט אינעם בוך „טשענסטאָכאָווער יידן”[9]). דאָס אַלץ אָבער איז לויט מיין מיינונג כּדאי צו דערגאַנצן מיט אייניקע ידיעות, וואָס איז מיר איבערגעגעבן געוואָרן פון די געוועזענע האַנטווערקער־טוער שעיה גראַנעק, יאָסל גאָלדבערג און שמואל אַלטמאַן. אין די יאָרן פון פאַרן צווייטן וועלט־קריג זיינען כּמעט אַלע האַנטווערקער געווען אָרגאַניזירט אין 13 צעכן, וואָס האָבן אַרומגענומען פאָלגנדיקע פאַכן: שניידער, היטלמאַכער, צוויטערמאַכער, שטריק־דרייער, טאַפּעצירער, שוסטער, שאַכטלמאַכער, בעקער, פריזירער, סטאָליער, טאָקער, שלאָסער, גאָלדשמיט, זייגערמאַכער, גראַווירער, קצבים, מאָלער און עלעקטריקער. דער גרעסטער און שענסטער בנין פון די האַנטווערקער איז געווען דאָס הויז פון דער מעכאַנישער בעקעריי, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן האַרט פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה און האָט געזאָלט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ בעקער־קאָאָפּעראַטיוו. אויך די קליינהענדלער־פאַראיין איז געווען אַ שטאַרקע און צאָלרייכע אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט אַרומגענומען הונדערטער קליינע סוחרים און מאַרק־שטייער, ווי אויך אַן ערך 50 דאָרפסגייער.

## קולטור און דערציאונג

וועגן קולטור און דערציאונג ווערט ברייט אַרומגערעדט אין בוך „טשענסטאָכאָווער יידן”[10]). דאָרט ווערט גענוי איבערגעגעבן די אַנטשטייאונג, טעטיקייט און באַדייטונג פון אַזעלכע קולטור און דערציאונג אינסטיטוציעס ווי: גערטנער־שול, האַנטווערקער־שול, י. ל. פּרץ־פאָלקס־שול און קינדערהיים, יידישע גימנאַזיע, אָוונט־קורסן, „ליראַ”, יידישע ביבליאָטעק, יידיש טעאַטער”, ווי אויך יידישע פּרעסע און ספּאָרט־קלובן. דאָך איז נייטיק צו דערגאַנצן דאָס אַלץ מיט נאָך אייניקע וויכטיקע מאָמענטן: אין בוך „ראָטשניק טשענסטאָכאָווסקי”[11]) געפינט זיך אַ באַריכט פון דאַמאָלטיקן וויצע־פּאָרזיצער פון דער געזעלשאַפט „דאָבראָטשינאָשטש”, ד״ר הענריק שפּיגל. אין דעם דאָזיקן באַריכט איז צווישן אַנדערע דערמאָנט, אַז „...ביזן יאָר 1888 האָבן זיך אַן ערך פון 40־50 אָרעמע יידישע קינדער געלערנט אויפן חשבון פון קהל. דער דאַמאָלטיקער רב, דאָווינסאָן, האָט אין קהילה־בנין אויף דער גאַרנצאַרסקי גאַס געפירט אַ תלמוד־תורה פאַר 125 קינדער. אין יאָר 1897 זיינען ביי דער דאָזיקער תלמוד־תורה איינגעאָרדנט געוואָרן האַנטווערקער־וואַרשטאַטן. אַ שלאָסער־וואַרשטאַט מיט 30 שילער, אַ סטאָליער־וואַרשטאַט מיט 15 שילער און אַ טאַפּיצירער־וואַרשטאַט מיט 6 שילער. אין יאָר 1900 האָט די קהילה־פאַרוואַלטונג געקויפט 11 מאָרגעס ערד, וואו ס'איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ גערטנער־פערמע. די ערשטע צאָל שילער אויפן פּראַקטישן קורס איז געווען 14. עס זיינען אויך געגרינדעט געוואָרן אָוונט־קורסן פאַר 50 צוהערער, וואָס זיינען באַשטאַנען פון שילער אין די האַנטווערקער־וואַרשטאַטן, פון שילער אויף דער פערמע און פון בעלי־מלאכות אין שטאָט”.

זייער אינטערעסאַנט איז די ידיעה, וואָס שפּיגל גיט ווייטער אָן, אַז ס'איז אויך געגרינדעט געוואָרן אַ שבת־שול פאַר נייטאָרינס, עקספּעדיענטקעס און קעכינס. די דאָזיקע שבת־שול — שרייבט שפּיגל — איז געווען טעטיק יעדן שבת אין די שעהען פון 3 נאָך מיטאָג ביז 8 אַזייגער אין אָוונט און איז באַזוכט געוואָרן פון אַן ערך 150 מיידלעך.

אין דעם שוין דערמאָנטן בוך „וועגווייזער איבער טשענסטאָכאָוו און אומגעגנט” ווערט אָנגעגעבן, אַז אין אָנהייב פון 19טן יאָרהונדערט האָבן אין טשענסטאָכאָוו עקסיסטירט פאַר יידישע קינדער צוויי שטאָטישע שולן, אַ תלמוד־תורה, וואָס איז באַזוכט געוואָרן פון 100 קינדער, אַ האַנטווערקער־שול מיט 80 שילער, אַ גערטנער־שול מיט 30 שילער, 50 חדרים מיט 4000 תלמידים און אַז אין די עלעמענטאַרע און מיטל־שולן האָבן זיך געפונען 4945 יידישע שילער. אָט די אָנגעגעבענע ציפערן גיבן אונדז אַ בילד וועגן דראַנג פון די יידישע עלטערן אין טשענסטאָכאָוו צו בילדן און דערציען זייערע קינדער. טראָץ אַלע שוועריקייטן, אויף וועלכע יידן האָבן זיך דעמאָלט אָנגעטראָפן ביים פאַרווירקלעכן דעם דראַנג זיך צו בילדן, איז די צאָל זיך־בילדנדיקע געהאַלטן אין איין שטייגן. זייער אַן אינטערעסאַנטן מאַטעריאַל אויף דעם געביט געפינען מיר אין די בראָשורן „זעלבסטבילדונגס־קורסן”, וואָס זיינען דערשינען אין טשענסטאָכאָוו אין די יאָרן 1915־1917. אין די דערמאָנטע בראָשורן ווערט אָנגעגעבן, אַז אין די יאָרן 1915, 1916 און 1917 האָבן אין טשענסטאָכאָוו עקסיסטירט קורסן פאַר העכערער בילדונג. אין יאָר 1915 האָבן די דאָזיקע קורסן געהאַט 547 צוהערער: 58 מיט העכערער בילדונג, 312 — מיט מיטעלער בילדונג, 152 — מיט 4 קלאַסיקער בילדונג און 25 מיט היימישער בילדונג. פון די 542 צוהערער זיינען 235 געווען יידן, ד״ה 73 פּראָצענט. אין יאָר 1917 איז די צאָל צוהערער געווען אַ פיל קלענערע, בלויז 204. פון דעם אָבער איז גאַנצע 50 פּראָצענט באַשטאַנען פון יידן. ווי מיר זעען איז די צאָל יידישע צוהערער פּראָצענטמעסיק געווען אַ גרעסערע. וועגן דער צאָל יידישע שטודירנדיקע אין צווישן מלחמה־פּעריאָד האָט זיך מיר לײדער נית איינגעגעבן אויסצוגעפינען פון אויטאָריטעטע מאַטעריאַלן. די קאַרגע מאַטעריאַלן, וואָס זיינען פאַרבליבן שטאַמען פון יאָר 1939, וואָס דער געוועזענער לייטער פון רעפעראַט פאַר שול און קולטור ביי דער טשענסטאָכאָווער שטאָט־פאַרוואַלטונג, ב. סטאַללאַ, האָט אין יאָר 1940 צוזאַמענגעשטעלט. די דאָזיקע באַריכטן נעמען אַרום דאָס רוב פון די יידישע לער־אַנשטאַלטן, וואָס האָבן עקסיסטירט אין יאָר 1939 און שטעלן מיט זיך פאָר פאָלגנדיקס:

1) אַ פּרעבעל־שול א״נ פון ז. ווײנשטאָק מיט 49 קינדער (מיידלעך—23, ייִנגלעך — 26), לייטערין — לאה זעלקאָוויטש. די דאָזיקע פּרעבעל־שול האָט זיך געפונען אין הויז אויף דער 2טער אַלייע נומער 20. 2) אַ פּרעבעל־שול אָנגעפירט פון מרים פּרייזעראָוויטש־גליוויצקאַ אויף בערקאָ יאָסעלעוויטש גאַס, נומ. 13, מיט 20 קינדער (7 ייִנגלעך און 13 מיידלעך). 3) אַ פּרעבעל־שול, אָנגעפירט פון לאָטאַ פאַקטאָר אויף אַלייע נומ. 8, מיט 12 קינדער (6 ייִנגלעך און 6 מיידלעך). 4) אַ פאָרשול פון דער געזעלשאַפט „דאָבראָטשינאָשטש" אויף פּשעמיסלאָווא גאַס, נומ. 6, אונטער דער לייטונג פון רוזשאַ געלבאַרד („אָכראָנקאַ"), מיט 220 קינדער (60 ייִנגלעך און 160 מיידלעך). 5) י. ל. פּרץ־קינדערהיים אויף קראָטקאַ־גאַס 22, אונטער דער לייטונג פון שרה גינזבורג, מיט 102 קינדער (38 ייִנגלע דאון 64 מיידלעך). 6) אַ פּרעבעל־שול אָנגעפירט דורך בעלאַ ליפשיץ אויף וואָלנאָשטשי נומ. 11, מיט 25 קינדער (11 ייִנגלעך און 14 מיידלעך). צו דעם קומען נאָך צו קאָמפּלעטן פון קינדער פון פאַרשול־עלטער, וואָס זיינען געפירט געוואָרן פּריוואַט (נישט לעגאַליזירט) דורך קוואַליפיצירטע כוחות און זיינען נישט געווען אַריינגענומען אין די רשימות פון שול־אינספּעקטאָריאַט. ס'ווערן אויך נישט אַריינגערעכנט די זומער־קאָמפּלעטן פאַר קינדער פון פאַרשול־עלטער, וואָס זיינען געפירט געוואָרן אין פאַרשידענע סעדער, אויף דער פרייער לופט.

עלעמענטאַרע שולן: 1) שול נומ. 12 פאַר ייִדישע קינדער, אויף פּשעמיסלאָוואַ־גאַס נומ' 10/14. די דאָזיקע שול האָט געהאַט 14 קלאַסן און באַזוכט געוואָרן פון 808 קינדער (245 ייִנגלעך און 563 מיידלעך). 2) שול נומ. 15, מיט 12 קלאַסן, אויף נאַרוטאָוויטשאַ־גאַס נומ. 19/23, מיט 694 שילער (468 ייִנגלעך און 226 מיידלעך. 3) אַ 4־קלאַסיקע שול ביים אקסער־גימנאַזיום, אויף פּאשא־גאַס נומ. 26, מיט 33 שילער (בלויז ייִנגלעך). 4) אַ 6־קלאַסיקע שול ביים ייִדישן גימנאַזיום, אויף יאַסנאָגורסקאַ נומ. 8/10 מיט 205 שילער (90 ייִנגלעך און 115 מיידלעך). 5) אַ 7 קלאַסיקע שול א״נ פון ז. ווײנשטאָק, אויף אַלייע 20, מיט 1122 שילער (ייִנגלעך 49, מיידלעך 73). 6) אַ 4־קלאַסיקע שול פון גריליאַק אויף ב. יאָסעלעוויטשע נומ. 9, מיט 70 שילער (בלויז ייִנגלעך). 7) אַ 5־קלאַסיקע שול פון ד. ווײנבערג, אויף אַלייע נומ. 8, מיט 50 שילער (בלויז ייִנגלעך). 2) אַ 7־קלאַסיקע מייל־שול, אויף בערקאָ יאָסעלעוויטשאַ גאַס נומ. 15, מיט 125 שילערינס.

מיטל־שולן: 1) פּריוואַטער ליצעאום (דאָס ייִדישע גימנאַזיום), אויף יאַסנאָגורסקאַ נומ. 8/10 פון 9 קלאַסן מיט 300 שילער (135 ייִנגלעך און 165 מיידלעך). 2) דאָס אקסער־גימנאַזיום, אויף פּאשא־גאַס נומ. 24, פון 8 קלאַסן מיט 200 שילער (120 ייִנגלעך און 80 מיידלעך).

אַזוי פיל לויט די אויבן אָנגעוויזענע באַריכטן. אַחוץ דעם האָבן אַ סך קינדער באַזוכט די תלמוד־תורה „מחזיקי־הדעת", ס'זיינען אויך געגעבן געוואָרן וועלטלעכע לימודים און פיל קינדער וואָס האָבן זיך געלערנט ביי ווינקל־מלמדים.

אין די אויבן־דערמאָנטע באַריכטן איז אויך אָנגעגעבן אַ סטאַטיסטיק וועגן דערגאַנצונגס־קורסן: אויף גאָרנצאַרסקי נומ. 8, אין בנין פון דער האַנטווערקער־שול האָט עקסיסטירט אַ דערגאַנצונגס־קורס פאַר טערמינאַטאָרן אונטער דער לייטונג פון אינדזשעניער סטאַניסלאַוו פּשיסוסקי. דער קורס האָט געהאַט 6 קלאַסן מיט 210 שילער (בלויז מענער); אויף פּשעמיסלאָוואַ נומ. 10 איז געווען אַ דערגאַנצונגס־קורס פאַר פרויען, וואָס איז באַזוכט געוואָרן פון 102 שילערינס. לייטערין פונעם דאָזיקן קורס איז געווען די לערערין לילאַ אוובער.

די האַנטווערקער־שול אונטער דער לייטונג פון סטאַניסלאַוו פּשיסוסקי איז באַזוכט געוואָרן פון 120 שילער (בלויז מענער). אַ געוויסע צאָל שילער האָט אויך באַזוכט די פּריוואַטע מוזיק־שול פון לודוויק וואָוזשינאָוויטש און די מלוכה־שול פאַר פּרעביליסטינס, וואו בלויז אַ קליינע צאָל ייִדן איז צוגעלאָזט געוואָרן.

די אויבן־געבראַכטע צאָלן נעמען ווייט ניט אַרום אַלע קינדער און יוגנטלעכע, וועלכע האָבן באַקומען בילדונג און דערציאונג און אויך נישט די יוגנט, וואָ סהאָט שטודירט אין די אוניווערסיטעט־שטעט אין פּוילן און אין אויסלאַנד.

ריידנדיק וועגן קולטור און דערציאונג איז נייטיק צו דערמאָנען אויך וועגן די טעטיקייט פון דער „ליראַ". יעדער טשענסטאָכאָווער ייִד און אויך יעדער איינער, וואָס האָט זיך באַקענט מיטן בוך „טשענסטאָכאָווער ייִדן", ווייסט וועגן דער גרויסער באַדייטונג פון דער „ליראַ" פאַרן ייִדישן קולטור־לעבן אין טשענסטאָכאָוו, באַזונדערס נאָך דעם, ווי ס'איז דאָרט דורך די ייִדישע אַרבעטער־טוער ר. פעדערמאַן, כראַבלאָווסקי און אהרן פּרץ און בכלל פון די פּראָגרעסיווע ייִדישע קולטור־טוער, באַקעמפט געוואָרן די אַסימילאַטאָרישע טענדענצן, וואָס האָבן געהערשט אין דער דאָזיקער געזעלשאַפט. דאָך איז נייטיק צוצוגעבן אייניקע פאַקטן: ווי עס גיט איבער ד״ר אהרן פּרץ (געוועזענער פּאָרזיצער פון דער „ליראַ") האָבן די פּראָגרעסיווע קולטור־טוער אָנגעהייבן זייער אָפענסיווע קעגן דער אַסימילאַטאָרישער אָנפירונג אין דער „ליראַ". ערשט צום סוף פון 1911, נאָך דעם, ווי די „ייִדישע ליטעראַרישע געזעלשאַפט" איז דורך דער צאַרישער מאַכט געשלאָסן געוואָרן. די מיטגלידער פון דער געשלאָסענער געזעלשאַפט זיינען אַריינגעטראָטן אין דער „ליראַ" און ביסלעכוויז פון דאָרט אַרויסגעשטופּט די אַסימילירטע פאַרוואַלטונגס־אָנפירער פון דער „ליראַ". געבליבן איז בלויז העבריק מאַרקוספעלד, וועלכער האָט דערקלערט, אַז אים גייען ניט אָן די טענדענצן, וואָס האָבן אָנגעהויבן הערשן אין דער „ליראַ". ער וויל ווייטער מיטאַרבעטן מיט דער דאָזיקער געזעלשאַפט און זי מאַטעריעל שטיצן, ווייל ער זעט, אַז דאָ ווערט געפירט אַן אַרבעט און וואו נאָר עס גייט אָן אַ שיינע אינטענסיווע קולטור־טעטיקייט, וויל ער אויך זיין. צווישן די מיטגלידער פון דער „ליראַ", — גיט איבער אהרן פּרץ, — האָבן זיך אויך געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך לגמרי ניט אינטערעסירט מיט דער טעטיקייט פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע, זיי האָבן דאָ געהאַט אַ מעגלעכקייט צו זיין נאָענט צו מאַרקוספעלדן, אַ דאַנק וועלכן זיי האָבן לייכטער געקענט באַקומען קרעדיטן אין די ייִדישע בענק.

דאָס אַרויסבאַקומען דערלויבענישן אויף איינצואָרדענען אונטערנעמונגען — גיט ווייטער איבער אהרן פּרץ — איז פאָרגעקומען אויף פאָלגנדיקן אופן. יעדער יאָר אין חודש יאַנואַר, האָט די פאַרוואַלטונג פון דער „ליראַ" באַדאַרפט צושטעלן אַ פּלאַן פון אונטערנעמונגען אויף אַ גאַנץ יאָר. דער פּלאַן איז איבערגעשיקט געוואָרן צום גובערנאַטאָר יאַטשעווסקי אין פּיעטריקאָוו. דערלויבט איז געוואָרן איינצואָרדנען 12 פאָרלעזונגען און 48 קאָנצערטן אין משך פון יאָר. די „ליראַ" האָט אָבער מיינסטנטייל איינגעאָרדנט ליטעראַרישע אונטערנעמונגען. דער העכערער פּאָליציסט, מיכאַליוק, וועלכער האָט אין נאָמען פון גובערנאַטאָר אויפגעפּאַסט אויף דער טעטיקייט פון דער „לי־

ראַ״, פלעגט פאַר יעדער פאַרלעזונג נעמען 2 רובל, כדי ער זאָל ביי יעדער פאַרלעזונג און קאָנצערט בייזיין. אויף אַזעלכע „קאָנצערטן״ פלעגן אַראָפּקומען שלום־עליכם, פּרץ, נאָמבערג, ווייסנבערג, הלל צייטלין און אַנדערע יידישע שרייבער. אין די צייטונגען און אַפישן פלעגט אָנגעגעבן ווערן, אַז עס קומט פאַר אַ קאָנצערט, אויף וועלכן עס וועט אין סאָלאָ־טאַנץ אַרויסטרעטן י. ל. פּרץ, אָדער שלום־עליכם, אָדער אַן אַנדערער שרייבער. די אינטערנעמונגען פלעגן פאַרקומען אין אייגענעם לאָקאַל, וואָס האָט געהאַט 225 פלעצער. דער לאָקאַל האָט זיך געפונען אין גיטלערס הויז אויפן ראָג פון דער ערשטער אַלייע.

וועגן י. ל. פּרצעס אַרויסטרעטן גיט איבער אהרן פּרץ כאַראַקטעריסטישע מאָמענטן: י. ל. פּרץ פלעגט פאַרלייענען זיינס אַ דערציילונג פון אויסוויניק. בעת איינער אַזאַ פאַרלעזונג, „אַ דין תורה מיטן ווינט״, האָבן איניקע „לירא״־מיטגלידער סטענאָגראַפירט אַלץ וואָס פּרץ האָט געזאָגט. אין אַ וואָך אַרום האָט מען שוין געלייענט דאָס זעלבע אין אַ וואַרשעווער יידישער צייטונג און דאָס וואָרט־ביי־וואָרט, ווי ס׳איז סטענאָגראַפירט געוואָרן בעת דער פאַרלעזונג אין טשענסטאָכאָוו. אַ צווייטער כאַראַקטעריסטישער מאָמענט: י. ל. פּרץ איז געווען זייער צופרידן פון זיינע אַרויסטריטן אין טשענסטאָכאָוו און האָט גערן זיך געטיילט מיט זיינע איינדרוקן מיט די אַקטיווע קולטור־טוער, און באַזונדערס מיט זיינע קרובים אהרן און חנה פּרץ. זיינע בריוו צו זיי פלעגט ער שטענדיק פאַרענדיקן מיט דער ביטע „דעם בריוו מיינעם פאַרברענט, כ׳בין נישט מחויב צו שאַפן אַ לייכט פאַרדינסטל פאַר מיינע ביאָגראַפן״...

די שיינע קולטור־טעטיקייט פון דער געזעלשאַפט „לירא״ אין טשענסטאָכאָוו האָט זיך פאַרענדיקט מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע קאַפּיטל פון געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן יידישן לעבן אין טשענסטאָכאָוו.

דער וואוקס פון קולטורעלן און געזעלשאַפטלעכן לעבן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט געהאַט אַ גאַר נאָענטע שייכות צו דער טעטיקייט פון די פּאָליטישע פּאַרטייען, וואָס האָבן אָנגעהויבן אַריינדרינגען און באַאיינפלוסן דאָס יידישע לעבן אין אונדזער היימשטאָט טשענסטאָכאָוו. אויפן געביט, ווידער, פון מאָדערנער דערציאונג, האָט איצט אַ וויכטיקע ראָל געשפּילט די יידישע וועלטלעכע י. ל. פּרץ־שול, וואָס האָט אַרויסגעגעבן שילער מיט אַ רייכן פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן באַגאַזש, וואָס האָבן אויסגעפילט און געשטאַרקט די אַרבעטער־רייען און די לינקע פּאָליטישע פּאַרטייען.

## רעפּרעזענטאַנץ פון דער יידישער קהילה

וועגן דער רעפּרעזענטאַנץ פון דער יידישער קהילה אין טשענסטאָכאָוו ווערט גענוי באַהאַנדלט דורך ד״ר י. שאַצקי [12]. פון ד״ר הענריק שפּיגל ווערן מיר געוואויר, אַז די פאַרוואַלטונג פון דער דעמאָלטיקער קהילה איז באַשטאַנען פון ה. גינזבערג, מ. העניג און מ. מאַרקוסעפעלד. ווי עס גיט איבער ד״ר אהרן פּרץ זיינען די זעלבע קהילה־רעפּרעזענטאַנטן עטלעכע מאָל אויסגעוויילט געוואָרן פון אַ מערהייט יידן אין שטאָט, ווייל פאַר זיי האָבן געשטימט הן אָרעמע יידן, וואָס זיינען אָנגעקומען צו זיי נאָך שטיצע (זיי זיינען געווען בעל־מנדבים), הן קליינהענדלער און סוחרים, וואָס זיינען אָנגעקומען צו זייער אונטערשטיצונג ביים באַקומען אַ גמילת־חסד.

פון זינט עס זיינען דורכגעפירט געוואָרן די נייע רעפאָרמען פון קהילה־פאַרוואַלטונגען אין פּוילן, ביזן יאָר 1936, איז די מערהייט פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג באַשטאַנען פון „אגודה״־אָנפירער און ציוניסטן. פּאַרזיצער איז אין משך פון אַ ריי יאָרן געווען דער „מזרחי״־עסקן אין טשענסטאָכאָוו, שמואל גאָלדשטיין. פון יאָר 1936 ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן דעם גרעסטן איינפלוס אין דער קהילה־פאַרוואַלטונג באַקומען די קליינהענדלער און האַנטווערקער, וועלכע זיינען אויך אונטערגעשטיצט געוואָרן פון אַ געוויסער טייל יידישע אַרבעטער. פּאַרזיצער איז געוואָרן דער אָנגעזעענער טוער פון דער ניי־אַנטשטאַנענער יידישער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, יעקב ראָזנבערג, וועלכער האָט אַרויסגעוויזן פיל פּאַראינטערעסירונג צום יידישן געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן פון יידישן קיבוץ אין שטאָט, צו דער יידישער אָרעמקייט און אפילו צו י קולטורעלע באַדערפעניסן פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט. יעקב ראָזנבערג איז געווען דער לעצטער ראש־הקהל פון גרויסן טשענסטאָכאָווער יידישן קיבוץ און דער איינציקער יידישער אָפיציעלער רעפּרעזענטאַנט, וואָס האָט אויך פערזענלעך אָפּגעפּילט די שווערע האַנט פון סאַנאַציע־מיניסטער סלאַוואָי סקלאַדאַוואָסקי, וועלכער האָט ראָזנבערגן אַריינגעזעצט אין תפיסה, ווייל דער מויער אַרום יידישן בית־עולם האָט ניט „געשטימט״ מיט סקלאַדאַוואָסקיס פאַראָרדענונגען וועגן „אורבאַניסטיק״.

## יידן אין די שטעטלעך אַרום טשענסטאָכאָוו

וואָס שייך יידן אין די שטעטלעך אַרום טשענסטאָכאָוו, וועגן דעם איז כדאי צו דערמאָנען איניקע פאַקטן: אין יאָר 1914 איז אין וואָלאָצלאַוועק דערשינען אַ בראָשור פון אַ געוויסן גלח סטאַניסלאַוו מוזנעראָווסקי, מיט ידיעות וועגן קזשעפּיץ, געשטיצט אויף אַרכיוואַלע דאָקומענטן [13]. דאָרט [14] ווערט צווישן אַנדערע אויך אָנגעגעבן, אַז די עלטסטע ידיעה וועגן יידן אין קזשעפּיץ שטאַמט פון יאָר 1633. וויפיל יידן ס׳זיינען דאַמאָלט געווען אין קזשעפּיץ גופא איז ניט באַקאַנט, ווייל די קזשעפּיצער יידן זיינען געווען צוגערעכנט צו די יידן אין דזיאַלאָשין און צוזאַמען האָבן זיי געציילט 1956 נפשות. ווייטער ווערט דאָרט דערמאָנט, אַז אין יאָר 1720 האָבן אין קוזניטשקי (אַ פאָרשטאָט פון קזשעפּיץ) געוואוינט 3 יידישע פאַמיליעס. אין דער אָנגעוויזענער בראָשור איז אויך דערמאָנט, אַז אין יאָר 1765 האָבן אין קוזניטשקי געוואוינט 30 יידן, וואָס האָבן שוין געהאַט אויפגעבויט אַן אייגענעם בית־המדרש, וואָס פריער איז דאָס געווען פאַרוואָרט, און לסוף האָבן זיי אויף דעם באַקומען אַ דערלויבעניש פון אַרצביסקופ אַדאַם קאָמאַראָווסקי. ווייטער גיט אָן מוזנעראָווסקי אַז אין יאָר 1810 זיינען אין קזשעפּיץ געווען 270 יידן, אין יאָר 1847 — 1045 יידן, אין יאָר 1860 — 1069 יידן און אין יאָר 1914 — אַן ערך פון 2500 יידן. אין דער זעלבער בראָשור ווערט אויך דערמאָנט, אַז דער גלח וואויטעק רופינסקי האָט פון די צונויפגעזאַמלטע קאַפּיטאַלן דוכן קזשעפּיצער קלויסטער, דעם 25טן יוני, 1711 און דעם 10־טן דעצעמבער, 1715 אויסגעבאָרגט דער פאַרוואַלטונג פון בית־המדרש אין קאָניעצפּאָל (אַ שטעטל ביי טשענסטאָכאָוו) 13 טויזנט זלאָטעס אויף 10 פּראָצענט. אויף ענלעכע באַדינגונגען האָט רופינסקי אויך אויסגעבאָרגט אין יאָר 1716 דער פאַרוואַלטונג פון בית־המדרש אין דזיאַלאָשין 5000 זלאָטעס.

אין יאָר 1721 האָט ער ווידער אויסגעבאָרגט 500 טינפעס (אַ זילבערנע מטבע אין די צייטן פון יאַן קאַזשימיר) און מיט פינף יאָר שפּעטער, דעם 20־טן אויגוסט, האָט ער ווידער אויסגעבאָרגט די יידן פון דזיאַלאָשין 2700 זלאָטעס. אגב, ווערט אויך דאָרט דערמאָנט, אַז די יידן האָבן זיך צו די באַדינגונגען פון אויסצאָלן די הלוואה נישט צוגעפּאַסט און מ׳האָט זיי געדרעט מיט אַריינוואַרפן אין חרם (קליאָנטוואַ).

שטיצנדיק זיך אויף די דאָזיקע ידיעות, קומט אויס, אַז אין געוויסע שטעטלעך אַרום טשענסטאָכאָוו זיינען שוין געווען יידישע ישובים נאָך פאַר דעם, ווי ס׳איז געווען עפּעס אַ זכר פון אַ יידישער קהילה אין טשענסטאָכאָוו גופא. און אַז זייער מאַטעריעלע לאַגע איז געווען אַ שווערע, אַזוי אַז זיי האָבן געמוזט אָנקומען צו הלוואות, וועלכע זיי האָבן נישט געקענט אָפּצאָלן.

* * *

פון דעם אַלעם וואָס אז ביז איצט פאַרעפנטלעכט געוואָרן וועגן יידישן ישוב אין טשענסטאָכאָוו, און פון דעם קורצן צושטייער, וואָס איך ברענג דאָ איצט, באַקומט זיך נאָך אַלץ נישט קיין פול בילד וועגן דער געשיכטע פון טשענסטאָכאָווער יידישן ישוב. דאָך קען מען אויך פון דעם זען, וואָס פאַר אַ בכבודיקער מיטגליד דער טשענסטאָכאָווער קיבוץ איז געווען אינעם רומרייכן יידישן ישוב אין פוילן, און ווי שטאַרק דאָס יידישע טשענסטאָכאָוו האָט זיך אָנגעזען אין שטאָט גופא.

דאָס דאָזיקע פולסירנדיקע קאָלירפולע לעבן פון צאָלרייכן יידישן קיבוץ אין טשענסטאָכאָוו איז אָבער צעשטערט געוואָרן מיטן מאָמענט ווען ס׳איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־שחיטה און די היטלערישע חיילות האָבן אַריינמאַרשירט אין שטאָט.

ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דאָס גרויסע אומגליק וואָס האָט זיך אין יאָר 1442 פאַרענדיקט מיט דער קאַטאַסטראָפע פון גאַנצן יידישן ישוב אין טשענסטאָכאָוו, וואָס איז פאַרשניטן געוואָרן פון די היטלערישע רוצחים, ימח שמם!

וואַרשע, פעב. 1956

---

## ביבליאָגראַפיע:


1) באַריכט וועגן דער געשיכטע פון טשענסטאָכאָוו, געשריבן דורכן טשענסטאָכאָווער מאַגיסטראַט פאַר די אָקופּאַציע־אָרגאַנען דעם 15טן דעצעמבער, 1942, נומ. 1224/1/12־0„ אונטערגעשריבן דורכן דעמאָלטיקן בירגערמייסטער רוביצקי.

2) „יידן אין טשענסטאָכאָוו ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה“, פון ד״ר יעקב שאַצקי, „טשענסטאָכאָווער יידן“, זייט 9.

3) „פאָלסקיע טאָוואַזשיסטוואָ קראַיאָזנאָווטשע, „פשעוואָדניק פאָ טשענסטאָכאָווע אי אָקאַליצי“, וואַרשע, 1909.

4 „פּאָדרודזשע היסטאָריטשנע פאָ) זיעמיאַך פאָלסקיך“, דערשינען אין יאָר 1958.

5) „פיעלגזשומקאַ דא יאַסנעי גוראַ“, וואַרשע, 1846.

6) ווינצענטי שאַטקאָווסקי: „מאָנאָגראַפיע פון דער אינדוסטריע אין טשענסטאָכאָוו“, 1913.

7) קאַטאַלאָג פון דער אויסשטעלונג אין טשענסטאָכאָוו, איינגעאָרדנט געוואָרן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה.

8) „טשענסטאָכאָווער יידן“, זייט 50.

9) „טשענסטאָכאָווער יידן“, זייט 61.

10) „טשענסטאָכאָווער יידן“, זייט 66.

11) דערשינען אין יאָר 1903.

12) „טשענסטאָכאָווער יידן“, זייט 23.

13) קזשעפּציע וו. פשעלאַשטש.

14) זייט 88.




דער וואָקזאַל אין טשענסטאָכאָוו



פראַנקעס הויז אין דער ערשטער אַלעע ביים באַן־בריק



די קאַשאַרן (קאַזאַרמעס) „זאַוואַדאַ“



דער נייער מאַרק

ד״ר צבי כהן

# די יידישע קהילה אין טשענסטאָכאָוו

## (איר צוזאַמענשטעל און טעטיקייט)

## א

### דער צוזאַמענשטעל פון דער קהילה



דאָס יידישע טשענסטאָכאָוו האָט געקענט דינען אין פיל הינזיכטן אַלס מוסטער פון אַ שיין יידיש לעבן. סיי מיט אירע אינסטיטוציעס און סיי מיט די, וואָס זיינען געשטאַנען אין דער שפּיץ פון זיי. דאָס יידישע טשענסטאָכאָוו האָט פאַרמאָגט אַ גאַנצע ריי פּערזענלעכקייטן וואָס זיינען געווען שטענדיק גרייט צו טאָן עפּעס לטובת הכלל און צו העלפן די נויטבאַדערפטיקע יידן וואָס זיינען געווען פאַרמעגלעך און דאָך נישט געבלאָזן פון זיך.

אין דער ערשטער רייע קומען דאָ אין באַטראַכט די אָנפירער פון דער יידישער קהילה, אָדער די גמינע, די דאָזיקע כלל־טוער האָבן כסדר אָפּגעגעבן זייער צייט און ענערגיע אויף איינצואָרדענען אַמבעסטן דאָס יידישע לעבן פון דער דאָזיקער גרויסער און אָנגעזעענער יידישער שטאָט.

אָבער ווען מען רעדט פון דער גמינע און אירע פּרעזעסן (פּרעזידענטן), קומט צום ערשטן אויפן געדאַנק די הערלעכע געשטאַלט פון דעם גרויסן יידישן גביר און נדבן ה׳ הענריק מאַרקוספעלד, וואָס האָט צענדליקער יאָרן זיך געווידמעט דער שטאָט און האָט זיך געמאַכט באַליבט סיי ביי יידן און סיי ביי קריסטן, מיט זיין פּשוטקייט און ערלעכקייט.

הענריק מאַרקוספעלד איז געווען יאָרן לאַנג דער פירער פון יידישן טשענסטאָכאָוו. און ווען ער איז געשטאָרבן, האָבן געוויינט אויף זיין טויט יידן און קריסטן. איינער פון די שטאָט מגידים האָט אין זיין הספּד געזאָגט אין שול: „ער איז געווען אַ זעלטענער ייד אָט דער מאַרקוספעלד. יאָ רבותי, מאַרקוס פעלט! (אַ וואָרט שפּיל אויף זיין נאָמען) און ער וועט אונדז פעלן וואָס אַ מאָל אַלס מער!״

אָבער אויך אַנדערע פּרעזעסן און פירער פון דער יידישער קהילה אין טשענסטאָכאָוו זיינען באַזעלט פונעם זעלבן גייסט. אַזוי, למשל, איז געווען שמואל גאָלדשטיין, איינער פון די אָנגעזעענסטע מענטשן אין טשענסטאָכאָוו. געווען פּרעזעס פון דער יידישער קהילה העכער צוויי־צענדליק יאָר. ער איז געווען גבאי־ראשון פון דער חברה קדישא און געהאַט אַמטן אין נאָך פיל אַנדערע אינסטיטוציעס. באַזונדערס אין „מזרחי״ וואָס ער איז געווען איינער פון די הויפּט־טוער.

שמואל גאָלדשטיין האָט פאַרנומען דעם פּלאַץ פון מאַרקוספעלדן נאָך יענעמס טויט, און האָט געשפּילט אין דער יידישער טשענסטאָכאָוו נישט קיין קלענערע ראָלע. שמואל גאָלדשטיין איז אומגעקומען דורך די נאַציס, ימח שמם.

נאָך אַזאַ פירער איז געווען דער פיינער ייד חיים וועקסלער אויך אַ טוער אין מזרחי, וואָס איז געקומען צו דער מאַכט נאָך דעם ווי שמואל גאָלדשטיין האָט זיך אָפּגעזאָגט פון זיין אַמט. עס זיינען אויך געווען פירער פון דער יידישער קהילה, די איבערגעגעבענע כלל־טוער: דר. זאַקס, שמחה דזשיריאַט, ה. מאַיטליס, איציק מענדל עפּשטיין, וועלכער האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק מיט זיין פּאַטריאַרכאַלישן אויסזען און נישט ווייניקער אויך דער פּאַרטרעטער פון די האַנדווערקער אין דער קהילה, ד״ר ה. גייסלער. דער לעצטער איז געווען אין פּריוואַטן לעבן אַ דאָקטאָר, וואָס האָט געהיילט קראַנקע, אָבער ווען ער האָט נאָר געהאַט אַ פרייע מינוט האָט ער זי אָוועקגעגעבן פאַר די האַנדווערקער אָרגאַניזאַציעס, ווי דער האַנדווערקער פאַרבאַנד און די האַנדווערקער שולע. גייסלער האָט זיך שטענדיק אָנגענומען פאַרן גורל פון אַרבעטענדן מענטש.

### די טעטיקייטן פון דער קהילה

די טעטיקייטן פון דער יידישער קהילה אין טשענסטאָכאָוו טיילן זיך אויף צוויי טיילן. אויף דער צייט ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען טשענסטאָכאָוו ווי גאַנץ קאָנגרעס פּוילן, איז נאָך געווען אונטער דער הערשאַפט פון צאַרישן רוסלאַנד, און אויף דער צייט פון נאָך דער באַפרייאונג פון פּוילן ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט מלחמה אין יאָר 1939, אַן ערך 20 יאָר.

פאַר דער ערשטער וועלט מלחמה, ווען דאָס צאַרישע רוסלאַנד האָט נאָך אַזוי שטאַרק געהערשט אין פּוילן, איז די יידישע קהילה, אָדער די גמינע, ווי זי האָט זיך געוויינלעך גערופן, געווען אַן אומבאַדייטנדע אינסטיטוציע, כאָטש זי האָט אָנגעפירט מיטן גאַנצן יידישן לעבן פון אַזאַ גרויסער שטאָט

ווי טשענסטאָכאָוו. דאָס איז געווען דערפֿאַר, ווייל לויט די רוסישע פֿאָרשריפֿטן האָט די טעטיקייט פֿון דער גמינע געמוזט זיין באַשרענקט נאָר צו ענינים פֿון יידישן רעליגיעזן לעבן, ווי די שולן און בתי מדרשים, מקוהס, תלמוד־תורהס און בית־עולם. די קהילה האָט אויך געהאַט אין איר יוריסדיקציע דאָס אָנשטעלן פֿון כלי־קודש; ווי אַ רב, אַ חזן, אַ שמש אאַז״וו. עס איז געווען אַן עטאַט, אַן אָפּצאָל, וואָס די מער פֿאַרמעגלעכערע יידן האָבן געצאָלט פֿאַר אָט־די צוועקן, אָבער דער עטאַט איז נישט געווען קיין גרויסער, ווייל די געברויכן זיינען נישט געווען צו גרויס. אין דער גמינע זיינען געווען עטלעכע יידישע באַלעבאַטים פֿון שטאָט, על פּי רוב פֿון די מער פֿאַרמעגלעכע מענטשן. וועגן וועלטלעכע ענינים האָט מען אין דער קהילה נישט געוואָלט אַפֿילו רעדן, אויך מענטשן פֿון פֿאָלק, פֿון די ברייטע מאַסן האָבן צו דער גמינע קיין שום שייכות נישט געהאַט.

אַנדערש אָבער איז עס געווען באַלד נאָכדעם ווי פּוילן איז באַפֿרייט געוואָרן און די אַנשטאַלטן פֿון לאַנד זיינען אָוועקגעשטעלט געוואָרן אויף דעמאָקראַטישע יסודות. דעמאָלט איז די יידישע קהילה אין גאַנץ פּוילן אַרויס פֿון איר ענגען באַגריף צו פֿאַרהאַנדלען נאָר וועגן יידיש־רעליגיעזע ענינים און האָט זיך אָוועקגעשטעלט אויף אַ פֿיל ברייטערער פּלאַטפֿאָרמע, וואָס נעמט אַריין אַלע ענינים. רעליגיעזע ווי נישט רעליגיעזע, וואָס האָבן אַ שייכות צו די יידן פֿון אונדזער שטאָט. דאָס זעלבע איז אויך געווען אין טשענסטאָכאָוו.

דערנאָך זיינען אויך פֿאָרגעקומען וואַלן צו דער קהילה און צום קהילה־ראַט וואָס איז דעמאָלט געשאַפֿן געוואָרן. עס זיינען ביי די וואַלן געווען שטאַרק טעטיק די פֿרומע עלעמענטן, ווי די „מזרחי״, „אגודת ישראל״ און די אַלגעמיינע ציוניסטן. באַזונדערס זיינען געווען טעטיק די אַרבעטער פּאַרטייען, ווי „בונד״ און אַנדערע וואָס האָבן דערוויילט פֿאָרשטייער אין דער קהילה און אין קהילה־ראַט.

די טעטיקייט פֿון דער קהילה איז איצט אויך געוואָרן גאָר אַן אַנדערע, אַ פֿיל גרעסערע און ברייטערע,וואָס האָט זיך מער נישט פֿאַרנומען נאָר מיט רעליגיעזע ענינים, וועלכע זיינען באַשטאַנען פֿון 5 פּונקטן. (מען פֿלעגט זיי באַצייכענען איראָניש מיטן וואָרט „תשמיש״; „ת״ פֿאַר תלמוד תורה׳ס; „ש״ פֿאַר שולן צום דאַוונען; „מ״ פֿאַר מקווה׳ס; „י״ פֿאַר ענינים פֿון יציאת נשמה, ווי חברה קדישא און בית עולם און „ש״ פֿאַר שכר פֿאַר די רבנים, חזנים און שמשים). ניין. די איצטיקע קהילה האָט געהאַט אַ פֿיל ברייטער און גרעסער פּראָגראַם, אַ דאַנק די אינטעלעקטועלע כוחות פֿון דער יידישער אינטעליגענץ און יידישע אַרבעטער וואָס האָבן זיך אין איר באַטייליקט.

אַזוי, למשל, האָבן די נייע וועלטלעכע עלעמענטן אין דער קהילה און אין קהילה־ראַט אָוועקגעשטעלט אויפֿן פּראָגראַם — הילף פֿאַר די נייע לערן־אַנשטאַלטן פֿון די יידישע פֿאָלקסמאַסן, ווי די בילדונגס־קורסן, פֿאַך־שולן, אָוונט־קורסן און אַנדערע. נישט ווייניקער האָבן די נייע כוחות געקעמפֿט דערפֿאַר, אַז מען זאָל שטיצן די יידישע ביבליאָטעק, וואָס באַדינט די יידישע פֿאָלקס מאַסן, דורך אַרויסגעבן זיי די סאַמע נייעסטע ביכער צום לייענען; אַ יידישע שריפֿט, וואָס איז אָפֿט אַרויסגעגאַנגען פֿעריאָדיש, אָדער נישט פֿעריאָדיש; יידישע געזאַנג פֿאַריינען און טעאַטער־גרופּן. ווי אויך אַנדערע אונטערנעמונגען אויפֿן געביט פֿון קונסט און ליטעראַטור. אין טשענסטאָכאָוו איז געפֿירט געוואָרן אַ שטאַרקער קאַמף וועגן דער „האַנדווערקער שולע״, די „לירא״ און אַנדערע אַזעלכע אינסטיטוציעס.

פֿאַרשטייט זיך אַז די רעליגיעזע און פֿילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס זיינען אָוועקגעשטעלט געוואָרן אַלס די ערשטע אויף דער ליסטע, מצד די פֿרומע און רעאַקציאָנערע עלעמענטן, וועלכע זיינען על פּי רוב אין טשענסטאָכאָוו געווען אין דער מערהייט, דאָך האָט די אָפּאָזיציע פֿון די ראַדיקאַלע עלעמענטן זיך נישט געלאָזט שפּייען אין דער קאַשע אַריין. זיי האָבן כסדר געהאַט צו פֿירן אַ קאַמף געגן די רעאַקציאָנערע כוחות, פֿאַר וועלכע דאָס יידישע וואָרט האָט גאָרנישט געמיינט און ביי וועלכע עס וואָלט רעכט געווען, אַז מען זאָל גאָר רודפֿן און אונטערדרוקן די יידישע פֿאָלקס־שולן, בילדונגס־קורסן און ביבליאָטעקן, ווייל זיי זיינען אַ „מקור פֿון אפּיקורסות״, ווי איינער פֿון די פֿרומע ראַט־מענער האָט זיך געהאַט אויסגעדריקט.

דער דאָזיקער קאַמף איז נישט געווען קיין גלייכער אין דער צאָל פֿון די כוחות (ווייל שפּעטער איז אַנטשטאַנען אויך די „אגודה״, וועלכע האָט געשיקט אירע פֿאָרשטייער אין דער קהילה און אין קהילה־ראַט, וואו זיי האָבן זיך פֿאַראייניקט, על פּי רוב מיט די ציוניסטן און מזרחיסטן געגן די ראַדיקאַלע עלעמענטן), דאָך האָבן די פֿאָרשטייער פֿון „בונד״ וועלכע זיינען געשטאַנען בראש פֿון אַלע ראַדיקאַלע כוחות און באַזונדערס געווען אַקטיוו אין קאַמף פֿאַר די יידישע אַנשטאַלטן, פֿיל מאָל אויסגעפֿירט דאָס, וואָס זיי האָבן געוואָלט. זיי האָבן דאָס דערגרייכט דורך פֿאַרשיידענע מיטלען. וואו מיר וועלן עס שילדערן שפּעטער.

אָבער, איידער מיר גייען ווייטער, וועלן מיר דאָ געבן אַ רשימה פֿון די טעטיקייטן פֿון דער קהילה און קהילה־ראַט אין די 20 יאָר זינט דער אַנטשטייאונג פֿון נייעם פּוילן ביז צו דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אָבער פֿריער לאָמיר זען וואָס עס זיינען געווען די אָפּטיילונגען פֿון דער קהילה.

עס איז געווען אַ פּראָגראַם וואו אַ חוץ די כלי קודש ענינים, רעליגיעזע אַנשטאַלטן אין די פֿרומע אינסטיטוציעס פֿון לערנען, האָבן די נישט־ראַדיקאַלע עלעמענטן אויך געמוזט באַשטימען געלטער פֿאַר דער האַנדווערקער־שולע, פֿאַר פֿאַך־שולן, פֿאַר בילדונגס קורסן, אָוונט־קורסן, פֿאַר דער ביבליאָטעק, פֿאַר אַ יידישע טעאַטער גרופּע, פֿאַר דער „לירא״ און פֿיל אַנדערע. פֿאַרשטייט זיך אַז אויך די פֿילאַנטראָפּישע אַנשטאַלטן זיינען גענומען געוואָרן אין באַטראַכט.

## די כלי קודש (מורה־הוראהס, דיינים, חזנים, שוחטים און שמשים)

גייען מיר אַריבער צום געביט פֿון גייסטיקע יידישע פֿירער אין רעליגיעזן זין. האָט טשענסטאָכאָוו פֿאַרמאָגט אַ גרויסע צאָל פֿון באַרימטע לומדים. אמתע ריזן אויפֿן געביט פֿון תלמודישן וויסן.

אַ חוץ דעם גרויסן גאון הרב ר׳ נחום אש, וואָס האָט באַצירט די שטאָט, האָט טשענסטאָכאָוו אויך פֿאַרמאָגט אַ גאַנצע רייע פֿון מורה־הוראה׳ס און דיינים און אַזוי אויך סתם לערנער, וועלכע האָבן געהאַט אַ גרויסן נאָמען. מיר

וועלן דאָ דערמאָנען נאָר אַ פּאָר פון זיי. ווי למשל, דער גרויסער בקי און חריף ר׳ יאָסעלע קירער (אָדער ווי מען האָט אים גערופן „יאָסעלע פּראַקאַש״), וואָס איז געווען איינער פון די מורה־הוראה׳ס אויף וועלכע דער רב האָט זיך שטענדיק געקענט פאַרלאָזן, אָדער נעמט דעם מורה־הלכה און דעם דיין ר׳ נחום גרינספעלד. צי דעם אַנדערן יאָסעלע, ר׳ יאָסעלע קליינ־פלאַץ, צי גאָר ר׳ יוסף רובין (דעם רבי ר׳ אביגדורס אן איידעם).

רעכנט צו צו זיי די מגידים. די גרויסע לומדים. דער שוואָגער פון הרב נחום אש, ר׳ משה האַלטער, וועלכער איז געווען אי אַ גרויסער למדן אי אַ גוואַלטיקער רעדנער. צו זיינע דרשות זיינען געקומען הונדערטער מענטשן. ער פלעגט שטענדיק רעדן אויף די „עונג שבתס״ פון די „מחזיקי הדת״ אָדער אין דער „מזרחי״. היינט דער אַנדערער מגיד, ר׳ יוסף שמעון קאַבלענץ, וועלכן מען פלעגט רופן „דער טשענס־טאָכאָווער מגיד״. ר׳ יוסף שמעון איז געווען אַ ייד — אַ הדרת פנים. ער פלעגט רעדן אויף אַ פיינעם מאָדערנעם יידיש, פול מיט וועלטלעכן וויסן און פאַרבראַקט מיט מאמרי חז״ל. ער איז געווען אַ מזרחיסט און פלעגט אָפּגעבן זיין גאַנצע צייט פאַר דער אָרגאַניזאַציע. דאָך איז ער נישט געווען קיין פאַנאַטיק און ער האָט פאַרשטאַנען די פסיכאָלאָגיע און די אינטערעסן פון יידישן אַרבעטער.

אויף די עלטערע יאָרן האָט ר׳ יוסף שמעון פאַרלוירן זיין ראיה און זיין איידעם פלעגט אים אַריינפירן אין דער שול, אָדער אין בית המדרש, וואו ער פלעגט ווייטער האַלטן זיינע אַ דרשה, מיט פול פייער און פלאַם. ער האָט באַזונדערס נישט אויפגעהערט צו רעדן, ביז זיינע לעצטע טעג, אין דער שול, וואָס ער האָט געגרינדעט אויף קאַטעדראַלנע נומער 10.

גרויסע לומדים און שיינע יידן זיינען אויך געווען די שוחטים פון טשענסטאָכאָוו, ווייל אין טשענסטאָכאָוו האָט קיי־נער נישט געקענט ווערן אַ שוחט סיידן ער האָט געקענט גוט לערנען. איבערהויפּט האָט ער געמוזט וויסן אַלץ וואָס עס איז שייך צום ענין פון שחיטה פון אלף ביז ת־ו. אַזוי האָט הרב ר׳ נחום אש איינגעפירט און ער האָט שטאַרק מקפיד געווען, אַז די שוחטים זאָלן זיין אמתע בני תורה. אין דער הינזיכט האָט מען ביים רב נישט געקענט פועלן קיין שום טובה. אַ שוחט וואָס האָט נישט ממש „געוויקט אין לער־נען״ (ווי דאָס ווערטל פלעגט גיין), האָט הרב ר׳ נחום נישט דערלאָזט צו ווערן אַנגעשטעלט פון דער קהילה אַלס שטאָטי־שער שוחט. פון די שטאָטישע שוחטים האָבן זיך אויסגעצייכנט פאָלגנדע זיבן: ר׳ אבא׳לע קויפמאַן; ר׳ חיים פאַקטאָר; ר׳ נחמיה גאָטליב; ר׳ יחזקאל בערגמאַן; ר׳ זיינוויל באַרזשי־קאָוסקי; ר׳ משה דיאַלאָווסק און ר׳ יאָסעלע שניצער. עס זיינען געווען נאָך אַנדערע, אָבער זיי זיינען נישט געווען אַנגעשטעלט פון דער שטאָט. דאָס רוב פון די שטאָטישע שוחטים האָבן אויך געהאַט אַ חזקה צו דאַווענען פאַרן עמוד, תפילת שחרית, אין די ימים נוראים.

פון די זיבן דערמאָנטע שטאָט שוחטים האָט ר׳ אבא׳לע זוכה געווען צו אריכת ימים. ער איז געשטאָרבן אַ זקן פון איבער תשעים, איבערלאָזנדיק אַ גרויסע משפחה פון קינדער און קינדס־קינדער. ר׳ אבא׳לע איז געווען באַזונדערס זייער באַליבט ביי די קצבים פון שטאָט און ביי יעדע דין תורה, וואָס זיי האָבן געהאַט מיט סוחרים פון בהמות, איז ער געווען זייער בורר. ער איז אויך געווען דער עלטסטער שוחט פון טשענסטאָכאָוו און אומגעגנט. וואָס שייך די אַנדערע כלי־קודש פון טשענסטאָכאָוו איז די דאָזיקע יידישע קהילה געווען געבענטשט מיט אַ שפע פון אָנגעזעענע יידישע חזנים, וועלכע האָבן געהאַט אַ נאָמען אויך אויסער טשענסטאָכאָוו.

נו. אוודאי, פון דעם גרעסטן נגינה־קינסטלער און למדן ר׳ אברהם בער בירנבוים איז אָפּגערעדט. ער איז דאָך געווען אַן אויסערגעוויינלעכע דערשיינונג און די שטאָט טשענסטאָכאָוו האָט זיך ווירקלעך געפילט גליקלעך צו האָבן אָט דעם גרויסן געזאַנג מייסטער אין איר „נייער שול פאַר איבער צוואַנציק יאָר״. אָבער אונטער אים זיינען געווען אין טשענסטאָכאָוו אַ גאַנצע רייע פון גרויסע מייסטער פון געזאַנג, אָנהויבנדיק פון דעם גרויסן קאָמפּאָזיטאָר מתתיהו בענסמאַן, ביז צו דעם לעצטן חזן פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אַזוי, למשל, האָט טשענסטאָכאָוו זוכה געווען צו האָבן אַלס אַ חזן דעם באַוואוסטן עמוד־קינסטלער זיסקינד ראָזענטאַל, וועלכער איז געווען שטאָט־חזן 33 יאָר. דאָס איז געווען אַ ייד אַ הדרת פנים און דערצו אויך אַ למדן. חזן ראָזענטאַל איז נישט נאָר בלויז געווען אַ מנגן, נאָר ער פלעגט אויך שפּילן אויף צוויי אינסטרומענטן, אויף פידל און אויף דער פּיאַנאָ. ער האָט אויך געשאַפן אַ גאַנצע רייע יידישע קאָמפּאָ־זיציעס. ער האָט געהאַט אַ גאַנצע קאַפּעלע פון משוררים און יעדעס יאָר צו די ימים נוראים פלעגט ער צוגרייטן נייע קאָמפּאָזיציעס צו די תפילות אין אַלטן יידישן גייסט. דעריבער פלעגן יידן אין שטאָט, וואָס האָבן ליב געהאַט מוזיק, לויפן אין די הייליקע טעג אין דער שטאָטישער שול, כדי צו הערן די נייע שאַפונגען פון חזן זיסקינד.

חזן זיסקינד ראָזענטאַל איז נפטר געוואָרן אין עלטער פון 73 יאָר.

נאָך אים איז אין שטאָט־שול אַנגעשטעלט געוואָרן אַלס חזן, דער יונגער יוסף באַדאַש, וואָס האָט שוין דעמאָלט געהאַט אַ נאָמען אַלס אַ גרויסער מייסטער פון נגינה. ער איז באַלד באַליבט געוואָרן אין דער שטאָט און מען האָט זיך מיט אים געטרייסט נאָכן חזן ראָזענטאַל. ער איז אָבער געווען אין טשענסטאָכאָוו נישט מער ווי צען יאָר, ווייל באַלד האָט אים אויסגעכאַפּט די יידישע קהילה אין לאָנדאָן און שפּעטער איז ער פון דאָרטן אַוועק קיין יאָהאַנעסבורג (דרום אַפריקע), וואו ער איז אויפגענומען געוואָרן אַלס שטאָטישער חזן אין דער אָרטיקער שול.

נאָכן חזן באַדאַש איז אַנגעקומען אַלס חזן אין דער שטאָט־שול אַן עמוד־קינסטלער פון טשענסטאָכאָוו גופא ה״י. כאַלעוואַ, וועלכער האָט פריער געדאַוונט אין אַן אַנדערער שול. ער האָט אַלס שטאָט־חזן אָרגאַניזירט פאַר זיך אַ כאָר פון גוטע משוררים, וואָס יעדער איינער פון זיי האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין שטימע. ער איז געווען דער לעצטער חזן פון דער שטאָט. די נאַציס האָבן אים פאַרשיקט קיין אַשוויענטשים, וואו ער איז אומגעקומען.

אין דער דייטשער שול זיינען געווען אין דער גאַנצער צייט פון איר עקזיסטענץ נישט מער ווי צוויי חזנים. דער נגינה־קינסטלער אברהם בער בירנבוים, וועגן וועלכן מיר האָבן פריער געשריבן. און נאָך אים דער אויבער־קאַנטאָר, דער באַרימטער געזאַנג־מייסטער, חזן פישל, וועלכער איז געשטאַנען אויף זיין אַמט ביז די נאַציס האָבן פאַרברענט די

דייטשע שול און אים פאַרשיקט קיין טרעמבלינקע אין יאָר 1942.

צו די כלי קודש דאַרף מען אויך צורעכענען די שמשים פון דער שטאָטישער שול, פון דער דייטשער שול און פון בית המדרש פון טשענסטאָכאָוו. עס איז אַ פאַקט, אַז אַלע שמשים פון טשענסטאָכאָוו זיינען געווען יודעי ספר און דערצו שייַנע באַלעבאַטישע מענטשן.

אין טשענסטאָכאָוו זיינען געווען פיר שמשים זקנים, וועלכע זיינען ממש מיטגעוואַקסן מיטן וואוקס פון דער שטאָט. אַזוי, למשל, האָט קיינער נישט געדענקט ווען אורי שמש (אהרן פאַלץ) איז נאָך געווען יונג, ווייל ער איז כמעט געווען דער עלטסטער פון אַלע. דערצו האָט אורי שמש אַלעמען געקענט, געוואוסט יעדן איינציקן יחוס און איז כמעט געווען אויף יעדנס ברית. ער איז געווען דער שמש פון דער שטאָטישער שול יאָרן לאַנג און איז נפטר געוואָרן אַ בן תשעים.

אַ זקן איז אויך געווען דער צווייטער שמש, קלמן שטשעקאַזש (אָדער ווי מען האָט אים גערופן אין שטאָט „קלמן שמש") דער שמש פון בית המדרש. ער איז אויך געווען אַ ייד אַ זקן, אָבער זייער ענערגיש און ווען מען איז אַריינגעקומען אין בית המדרש, איז דאָרטן געווען ליכטיק און וואַרעם. אַ זקן איז אויך געווען דער דריטער שמש, דער פון די מחזיקי הדת, ר' יצחק מאיר בוים, אָבער ווי מען האָט אים גערופן „ביטשנער". דאָס זיינען געווען יידן שמשים, פערזענלעכקייטן, וואָס האָבן זיך איבערגעגעבן צו זייער אַרבעט ממש מיט מסירת נפש.

עס זיינען געווען נאָך אַנדערע שמשים אין די קלענערע שולן, אָבער זיי האָבן זיך נישט אַזוי באַזונדערס אויסגעצייכנט. אַ פאַקט איז אָבער, אַז אַפילו די שמשים פון די בעלי מלאכהשע שולן האָבן געקענט לערנען. עס איז געווען אַ באַוואוסטע זאַך, אַז צווישן אַלע די וואָס זיינען געווען אין דינסט פון דער יידישער קהילה אין טשענסטאָכאָוו איז נישט געווען איינער, וואָס זאָל נישט זיין אַ בן תורה און קענען אין די קליינע אותיות. דערמיט האָט זיך טשענסטאָכאָוו אויסגעצייכנט קעגן איבער אַלע אַרומיקע שטעט. און דערמיט איז די פירונג פון דער יידישער קהילה אין טשענסטאָכאָוו געשטאַנען אויף אַ זייער הויכער מדרגה.

## בתי־תפילות (שולן, סינאַגאָגעס, בתי־מדרשים און חסידישע שטיבלעך)

דעם אויבן־אָן אין די טשענסטאָכאָווער בתי־תפילות האָבן פאַרנומען די שטאָטישע שולן און די „דייטשע שול". די שטאָטישע שול איז אָבער נישט געווען די עלטסטע יידישע שול אין טשענסטאָכאָוו, ווייל עס איז געווען פריער פאַר איר אַ קליינע שול, וואָס איז אויסגעבויט געוואָרן אין יאָר אָנהייב פון נייַנצעטן יאָרהונדערט. אין יאָר 1801 האָט די נייַ־געגרינדעטע יידישע קהילה פון טשענסטאָכאָוו, אויסגעבויט אַ קליינע שול פאַר דער קליינער צאָל פון יידן וואָס האָבן זיך דאָרטן געפונען און מיט 15 יאָר שפּעטער, אין יאָר 1815, האָט די קהילה אויך אויסגעבויט אַ קליין בית המדרש. אין קליינעם בית המדרש האָט מען געדאַוונט ווינטער, ווייל אין דער שול איז געווען צו קאַלט צו דאַוונען.

אין יאָר תקצ"ד (1834) האָבן עטלעכע אָנגעזעענע יידן פון טשענסטאָכאָוו זיך אַרומגעזען, אַז די צאָל פון די יידן אין שטאָט איז געוואָרן פיל גרעסער און אַז מען דאַרף האָבן אַ נייַ געבעט הויז. מען האָט געטראַכט, וואָס מען זאָל אויסבויען, אַ שול אָדער אַ בית המדרש. עס איז געבליבן, אַז אַזוי ווי אין אַ שול איז ווינטער צייט צו קאַלט צו דאַוונען, זאָל מען דעריבער אויסבויען אַ גרויס בית המדרש.

ראש חודש אדר פון זעלבן יאָר איז לויט דער איניציאַטיווע פון דעמאָלטיקן ראש־הקהל ר' לייבל קאַהן צונויפגערופן געוואָרן אַ פאַרזאַמלונג אין הויז פון דעמאָלטיקן דאָזאָר ר' גרשון לאַנדוי, אויף וועלכער עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו בויען אַ נייַ בית המדרש מיט אַ פרויען אַפּטיילונג.

אין יאָר 1855, האָט מען אָבער זיך אַרומגעזען, אַז די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך פיל פאַרגרעסערט און אַז מען דאַרף האָבן אַ פאַסיגע שול. מען האָט דעריבער אָנגענומען אַ רעזאָלוציע צו בויען אַזאַ שול און זיך טאַקע באַלד געשטעלט בויען. דאָס איז געווען די שטאָטישע שול, וועלכע האָט עקזיסטירט אין טשענסטאָכאָוו ביז די נאַציס האָבן איר חרוב געמאַכט.

אַן אַנדער פּרעכטיקע שול, אָדער ווי אַנדערע האָבן זי גערופן „די סינאַגאָגע", איז געווען „די נייַע שול" אָדער די דייטשע שול, וועלכע איז אויסגעבויט געוואָרן דורך די אַסימילירטע יידן אין אָנהייב פון 20־טן יאָרהונדערט.

די נייַע שול איז געווען אַ הערלעך בנין. געבויט לויטן מוסטער פון די דייטשע שולן אין וואַרשע און אין לאָדזש. די שול האָט אָפּגעקאָסט אַ מטמון מיט געלט און ווען זי איז פאַרטיק געוואָרן האָט טשענסטאָכאָוו געהאַט מיט וואָס צו שטאָלצירן. עס איז געווען אַ פּראַכט בנין. אין דער שול האָט מען איינגעלאַדן אַלס אויבער־קאַנטאָר דעם באַוואוסטן גרויסן קינסטלער פון נגינה, חזן אברהם בער בירנבוים, וועלכער האָט דאָרטן געדאַוונט פאַרן עמוד צוואַנציק יאָר, פון יאָר 1903 ביז'ן יאָר 1923. ווען עס איז דאָרטן אָנגעקומען דער אויבער־קאַנטאָר פּישל.

די נייַע שול האָבן די נאַציס אונטערגעצונדן און פאַרברענט אין דער נאַכט אויפן 25־טן דעצעמבער 1939. באַלד נאָך דעם ווי זיי זיינען אַריין אין טשענסטאָכאָוו. צוזאַמען מיט דער שול איז אויך פאַרברענט געוואָרן די יודאַאיסטישע ביבליאָטעק, וואו עס האָבן נאָך געפונען טייערע אַנטיקן פון דער יידישער רעליגיעזער און וועלטלעכער ליטעראַטור.

אין טשענסטאָכאָוו זיינען אויך געווען זייער פיל חסידישע שטיבלעך וואו עס האָבן געדאַוונט די חסידים פון יעדן רבי באַזונדער. אַזוי זיינען געווען: גערער חסידים, סאָכאַטשאָווער חסידים און אַלעקסאַנדערער חסידים, אָסטראָווצער, סקערניוויצער, גראָדזשינסקער, פּילצער, בעלזער, ראַפּשיצער, אמשינאָווער און נאָוואָראַדאָמסקער חסידים. יעדע גרופּע פון חסידים האָט געהאַט איר שטיבל (אַנדערע חסידים, ווי, למשל, די גערער האָבן געהאַט עטלעכע שטיבלעך). דאָס רוב פון „שטיבלעך" האָבן זיך געפונען אויף קראָקאָווער גאַס. גאָר פון אַ באַזונדערן כאַראַקטער איז געווען דאָס „שטיבל" פון די בראַסלעווער חסידים, וועלכע מען האָט גערופן „די טויטע חסידים" ווייל זייער רבי איז נאָך אַלץ ר' נחמן בראַסלאָווער, כאָטש ער איז נפטר געוואָרן, מיט אַן ערך 150 יאָר צוריק און איז געבראַכט געוואָרן צו קבורה אין אומאַן (קיעווער גובערניע). דער בראַסלאָווער האָט געהאַט געזאָגט צו זיינע

חסידים פאַרן טויט אַז זיי זאָלן נישט אויסקלייבן אַן אַנדערן רבי נאָך זיין פּטירה נאָר קומען צו אים אויפן קבר און אַוועקלייגן דאָרט קוויטלעך און ער וועט זיי העלפן. די בראַסלעווער האָבן דערפאַר נישט אויסגעקליבן קיין ממלא־מקומו אויף ר׳ נחמנס פלאַץ און ער איז געבליבן זייער שטענדיקער רבי ביזן היינטיקן טאָג. דאָס בראַסלעווער „שטיבל״ האָט זיך געפונען אין חיים וועקסלערס הויז אויף ערשטער אַלעע, נ. 6.

אַן אייגנאַרטיק אָרט האָט אויך פאַרנומען דאָס חסידים שטיבל פון זשאָריקער (טריסקער) רבי, וועלכער האָט געוואוינט אין טשענסטאָכאָוו. דער רבי איז געווען אַ רוסישער, פון דער טריסקער גזע און די חסידים פון די פוילישע רביים פלעגן זאָגן אויף אים, אַז ער איז אַ „חסידישער מתנגד״, דאָס איז געווען דערפאַר, וואָס די דאָזיקע חסידים האָבן זיך געהאַלטן זייער קאַלטלעך ביים דאַוונען און גאָרנישט אַזוי ווי די פוילישע חסידים. זיי האָבן אויך געזאָגט פיל תפילות לויטן אשכנזישן נוסח. בכלל האָט זיך דער דאָזיקער רבי נישט געפירט לויטן שטייגער פון די פוילישע רביים.

אין טשענסטאָכאָוו זיינען אויך געווען עטלעכע מנינים, אָדער קלויזן פון בעלי מלאכות, ווי למשל, פון שניידערס און אַנדערע. דאָרטן פלעגט זיך פירן, אַז שבת ביים דאַוונען האָט מען איבערגערעדט מכוח אַלע פאַך־עניינים.

### די רעליגיעזע לערן־אַנשטאַלטן (חדרים, ישיבות, חזנים־שול און אַנדערע)

אויפן געביט פון רעליגיע האָט די יידישע קהילה פון טשענסטאָכאָוו פאַרמאָגט אַלע פאָרמען פון לערן־אַנשטאַלטן, פון די סאַמע נידעריקסטע ביז די גאָר העכסטע.

צו אַלעם ערשטן די חדרים. אין טשענסטאָכאָוו זיינען געווען עטלעכע דרדקי מלמדים וואָס האָבן געהאַט אַ שם אין דער וועלט. קודם כל דאָס חדר פון ר׳ לייבעלע לאַנדוי. „ווער האָט דאָס נישט געלערנט ביי ר׳ לייבעלע לאַנדוי״? — שרייבט אַ טשענסטאָכאָווער ייד. „ווער פון די לעצטע דריי דורות — שרייבט ער ווייטער — געדענקט נישט זיין לאַנג חדר אויף דער מאָסטאָווע גאַס, מיטן בעזים, און מיטן אָרעמען אינוואַליד אָן פיס, וואָס איז געזעסן אויף זיין נידעריקן וועגעלע ביים איינגאַנג צום חדר, אים מיטן גרינעם קאַפּעליושל, מיט די שפּילקעס״.

אויך וועגן די אַנדערע מלמדים האָט דער זעלבער טשענסטאָכאָווער עפּעס צו זאָגן:

„ווי קען מען פאַרגעסן ר׳ פנחס אָרקושן״? אָט דער מלמד פון נגידישע קינדער, וואו אַ חוץ תורה, האָט מען באַקומען אויך אַלגעמיינע בילדונג מיט אַ „צענזור״ פאַר יעדן האַלבן יאָר? ״

„און ווי קען מען פאַרגעסן ר׳ איטשע מאיר אַמסטעווער, אָדער ר׳ מאָטלען, ביי וועלכע די יונגע בחורים האָבן שוין געלערנט אַ בלאַט גמרא פון נדרים מיט ר״ן, אָדער גאָר געמאַכט אַ סיום אויף חולין? ״

אָט דאָס איז וועגן די חדרים: די נידעריקע, מיטעלע און העכערע. איצט וועגן די ישיבות.

גלייך ביי זיין אָנקומען קיין טשענסטאָכאָוו, האָט דער רב ר׳ נחום אש ז״ל געגרינדעט אַ ישיבה, וואו עס האָבן געלערנט בחורים וואָס האָבן זיך געווידמעט צום לימוד התורה. שפּעטער אָבער האָבן זיך געגרינדעט נאָך ישיבות. די באַרימטע איז געווען די ישיבה „כתב תורה״וואו עס זיינען אין דער שפּיץ געשטאַנען צוויי גדולי הדור. די צוויי אָנגעזעענע ראשי־ישיבות, דער גאון ר׳ ראובעלע רעכטמאַן און ר׳ מיכל שוואַרצבוים. אין דער ישיבה זיינען געווען כיתות און מדרגות. אין איר האָבן געלערנט כמעט אַ העלפט פון דער יידישער שטאָטישער יוגנט. און אַפילו אַזעלכע וואָס זיינען געגאַנגען אין גימנאַזיע. די ישיבה איז געשטאַנען אונטער דער השגחה פון ראַדאָמסקער רבי און דער הויפּט אָנפירער איז געווען דער פיינער ייד און גרויסער למדן ר׳ לייבעל קאַנטאָר. אָבער אויסער די צוויי ישיבות איז געווען נאָך אַ דריטע, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן פון וויערזשאָווער רב וואו עס האָבן אויך געלערנט איבער הונדערט תלמידים.

די „אגודה״ האָט געהאַט אין טשענסטאָכאָוו אַ גאַנצע רייע פון ישיבות קטנות אונטערן נאָמען „יסודי התורה״, אין וועלכע עס זיינען געווען טעטיק די אָנפירער פון מחזיקי הדת, די ה״ה גרילאַק, פנחס אָרקוש און עדעליסט.

עס איז אויך געווען אַ „פאָלקס תלמוד תורה״, וואָס איז געשאַפן געוואָרן פון דער קהילה און איז אָנגעפירט געוואָרן פון ר׳ יהושע זעליגמאַן, אַ תלמיד חכם און אַ ייד מיט פיינע מידות, אַ חוץ דעם זיינען געווען זייער פיל פּריוואַטע חדרים.

די רבנים וואָס האָבן געלערנט מיט די תלמידים אין די ישיבות זיינען געווען אַ חוץ די שוין דערמאָנטע, נאָך פאָלגענדע: דער ראש ישיבה ר׳ לייזער יאַקובאָוויטש, ר׳ אברהם נפתלי האָראָוויץ, דער למדן און חסיד וואָלוויש (און די תלמידי חכמים): באָרענשטיין און ר׳ מאָטל פּזשעראָוויטש.

אַ באַזונער אָרט האָט פאַרנומען אין טשענסטאָכאָוו די יידישע גימנאַזיע, וועלכע איז געווען דער שטאָלץ פון דער שטאָט. די גימנאַזיע איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1917. אין דער גימנאַזיע האָבן געלערנט קינדער פון אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג. מתנגדישע קינדער, יונגעלייט פון חסידישע היימען. קינדער פון יידיש־נאַציאָנאַלן און ציוניסטישן אָפּשטאַם, ביז אַפילו אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַט האַלב אַסימילאַטאָרישע און אַפילו אַסימילאַטאָרישע עלטערן.

### יידיש־וועלטלעכע שולן און אינסטיטוציעס

אויסער די רעליגיעזע שולן האָט דאָס יידישע טשענסטאָכאָוו געהאַט אַ גאַנצע רייע רעגולערע יידישע שולן, וואָס האָבן פיל אויפגעטאָן פאַר דער יידישער באַפעלקערונג.

אַלס די ערשטע קומט אין באַטראַכט די האַנטווערקער־שול, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן נאָך אין יאָר 1898 דורך דעם פילאַנטראָפּ הענריק מאַרקוספעלד אַלס מאָנומענט צו זיינע עלטערן.

אַ צווייטע שול וואָס האָט געהאַט אַ גוטן נאָמען אין דער פּראָווינץ איז געווען די טשענסטאָכאָווער אַגראָנאָמישע שול. אויך די שול איז געגרינדעט געוואָרן פון ה׳ הענריק מאַרקוספעלד, צוזאַמען מיט די ה״ה גראָסמאַן און סטאַניסלאַוו הערץ. זיי האָבן פאַר דעם צוועק געקויפט אין יאָר 1902 אַ שטיקל לאַנד פון אַן ערך 20 אַקער.

דאָס יידישע טשענסטאָכאָוו איז געווען רייך אין ביבליאָטעקן. זיי זיינען נישט געווען קיין זייער גרויסע, אָבער זיי האָבן זייער פיל אויפגעטאָן פאַר דער יידישער באַפעלקערונג.

אויפֿן געביט פֿון פֿילאַנטראָפּיע האָט דאָס יידישע טשענס־טאָכאָוו געהאַט אַ זייער גרויסע צאָל אינסטיטוציעס. עס זיינען געווען צוויי סאָרטן: איין סאָרט פֿון אינסטיטוציעס, איז געווען צו העלפֿן דעם נויטבאַדערפֿטיקן. אַ צווייטער סאָרט איז געווען צו העלפֿן קראַנקע. אַ חוץ פֿון דער חברא קדישא, וועלכע האָט זיך פֿאַרנומען מיט באַערדיקן די טויטע.

אין דער שפּיץ פֿון די פֿילאַנטראָפּישע טעטיקייטן דאַרף מען אַוועקשטעלן די געזעלשאַפֿט „דאָבראָטשינאָשטש", וואָס עס מיינט אויף פּויליש „וואוילטעטיקייטן". אַזוי האָט אָנגערופֿן די געזעלשאַפֿט איר גרינדער און פּירער העינריק מאַרקוספעלד און אַזוי איז געבליבן איר נאָמען ביז צום חורבן פֿון די נאַציס.

די געזעלשאַפֿט „דאָבראָטשינאָשטש" איז אייגנטלעך נישט געווען איין אָרגאַניזאַציע נאָר גאַנצע 5 מיט אַמאָל.

די געזעלשאַפֿט איז געגרינדעט געוואָרן נאָך אַזוי פֿרי ווי אין יאָר 1901 און זי האָט געהאַט באַלד פֿון אָנהייב אָן אויפֿגאַבע צו זאָרגן זיך פֿאַר פֿאָלגענדע געביטן פֿון הילפֿס־טעטיקייט: 1. דרינגענדע הילף. 2. דאָס יידישע שפּיטאָל. 3. אַ מושב זקנים פֿאַר אַלטע לייט און אויך אַ יתומים הויז פֿאַר אָרעמע עלנדע קינדער. 4. אַ קינדער היים און 5. אויפֿזיכט איבער אָרעמע קינפּעטאָרינס.

די אויפֿגאַבע פֿון דרינגענדע הילף איז באַשטאַנען צו געבן אָן פּראָצענטיקע הלוואות צו נויט־באַדערפֿטיקע. דאָס איז געווען אַ גמילות חסדים קאַסע. אין דער צייט פֿון דער ערשטער וועלט מלחמה איז די אַרבעט פֿון דער קאַסע אָפּ־געשוואַכט געוואָרן, אָבער זי איז באַנייט געוואָרן נאָך דער מלחמה אונטערן פֿאָרזיץ פֿון אַדוואָקאַט קאַניאַרסקי און מיט דער הילף פֿון „דזשאָינט" האָט ער אָנגעפֿירט אַ גרעסערע טעטיקייט.

דאָס יידישע שפּיטאָל האָט זיך גענומען בויען נאָך אין 1910 און איז ענדלעך געעפֿנט געוואָרן אין נאָוועמבער פֿון יאָר 1913. דאָס יידישע שפּיטאָל האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן פֿאַר אַ גרויסע נויטווענדיקייט, ווייל בלויז כירורגישע און גינעקאָלאָגישע באַהאַנדלונגען האָט מען געגעבן באַלד אין ערשטן יאָר אין אַן ערך פֿון 2,500. דאָס שפּיטאָל איז אויס־געהאַלטן געוואָרן פֿון דער שטאָט און אויך פֿון געלדער וואָס זיינען אָנגעקומען פֿאַר דעם צוועק פֿון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין אַמעריקע.

דער „מושב זקנים" און „יתומים הויז" האָבן זיך גערופֿן אויפֿן נאָמען פֿון מינא וועדע.

די „קינדער היים" איז געשאַפֿן געוואָרן שפּעטער דורך די אַרבעטער עלעמענטן און איז זיך שטאַרק צעוואַקסן. די אָפּטיילונג צו העלפֿן אָרעמע קינפּעטאָרינס איז אָנגעפֿירט גע־וואָרן פֿון פֿרויען און האָט געהייסן „עזרת נשים".

אָבער אַ חוץ דער „דאָבראָטשינאָשטש" זיינען געווען נאָך אַנדערע פֿיל וויכטיקע פֿילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס אין טשענסטאָכאָוו.

די געזעלשאַפֿטן „לינת הצדק" און „לינת חולים" האָבן ביידע געהאַט איין ציל צו העלפֿן אומפֿאַרמעגלעכע קראַנקע.

די „הכנסת אורחים" האָט געהאַט איר ציל צו העלפֿן מיט געבן שפּייז און געלעגער די פֿרעמדע אָרעמע יידן, וואָס זיינען געקומען אַהער און האָבן נישט געהאַט וואו צו זיין. די הכנסת אורחים האָט געהאַט אַ הויז אויף דער גאַרניצאַרסקאַ גאַס. מיט דער אינסטיטוציע האָבן זיך פֿיל אָפּגעגעבן דער ציוניסטישער טוער נתן גאַריכטער, העינעך לפּידות, אייזיק מענדל עפּשטיין און שמואל נעמיראָווסקי.

אַ צווייטע אינסטיטוציע איז געווען די „הכנסת כלה" צו באַזאָרגן אָרעמע כלות מיט אַ נדן און אויך אַן אויסשטייער, כדי זי זאָל קאָנען חתונה האָבן, אָפּט האָט מען די כלות גע־האָלפֿן אויף אַזאַ אופֿן, אַז קיינער האָט דערפֿון נישט געוואוסט. דער הויפּט פֿון דער אינסטיטוציע איז אויך אַ מאָל געווען דער פֿילאַנטראָפּ העינריק מאַרקוספעלד, וועלכער האָט זייער אָפֿט געגעבן פֿאַר אַזעלכע כלות פֿון זיין אייגענער קעשענע.

נאָך אַן אינסטיטוציע איז געווען מיטן נאָמען „מלבוש ערומים" צו העלפֿן מיט קליידער אָרעמע מענטשן. די געזעל־שאַפֿט האָט געזאַמעלט אַלטע מלבושים און האָט זיי איבער־געאַרבעט אויסגערייניקט און זיי צעטיילט צווישן די אָרעמע יידישע מענער און פֿרויען אין דער שטאָט.

דער „בית לחם" איז געווען אַ געזעלשאַפֿט צו העלפֿן אָרעמע מענטשן מיט לעבנס־מיטל. די פֿאַרוואַלטונג איז באַ־שטאַנען פֿון פּרעזידענט שמואל ניעמיראָווסקי, בערל באָטשאַן, אייזיק מענדל עפּשטיין און נאָך אַנדערע. דער לעצטער איז געווען דער גרינדער פֿון דער געזעלשאַפֿט, ער האָט זיך איבערהויפּט אינטערעסירט צו באַזאָרגן אָרעמע יידן אויף יום טוב מיט אַלע נויטיקע שפּייזן.

אַן אייגנאַרטיקע געזעלשאַפֿט איז געווען די וואָס האָט זיך גערופֿן „גוט שבת אידעלעך". דאָס זיינען געווען אַ גרופּע יידן וואָס פֿלעגן גייען איבער די הייזער יעדן שבת און שרייען: „גוט שבת אידעלעך" איר האָט צו עסן, גיט צו עסן אַנדערע, וואָס האָבן נישט. גיט עפּעס פֿאַר אָרעמע לייט!" על פּי רוב האָבן זיי זיך אַוועקגעשטעלט אין מיטן פֿון אַ הויף און אַרויפֿ־געשריען צו אַלע, אַז מען זאָל אַראָפּוואַרפֿן עסנוואַרג. און יידן האָבן זיי שוין דערוואַרט, איבערהויפּט קינדער און זיי אַראָפּ־געוואָרפֿן ווערטפֿולע זאַכן. דאָס אַלץ האָבן זיי געזאַמעלט אין קוישן און עס פֿאַרטיילט. געווען אַזעלכע פֿרומע יידישע פֿרויען וואָס האָבן ספּעציעל געבאַקן מער חלות, כדי צו האָבן זיי אַראָפּצואוואַרפֿן. על פּי רוב האָט מען די צונויפֿגעזאַמלטע עסנוואַרגן צעטיילט צווישן יידישע אַרעסטאַנטן און סתם יידי־שע אָרעמע לייט און קראַנקע. דער פּרעזידענט פֿון דער אָרגאַ־ניזאַציע איז געווען עמנואל ווייצענבלאַט, אַ פּראָסטער אַרבע־טער, אַ בערשטן מאַכער.

נאָך אַן אָרגאַניזאַציע מיטן נאָמען „עזרה", איז געגרינדעט געוואָרן פֿון דער פֿרוי גאַריכטער. דאָס איז געווען אַ גרופּע פֿרויען, וואָס האָבן זיך ספּעציעל אינטערעסירט מיט אָרעמע קראַנקע און זיי האָבן שפּעטער איבערגענומען די זאָרג צו העלפֿן אָרעמע קינפּעטאָרינס.

די חברא קדישא איז געווען אַן אַלטע אינסטיטוציע פֿון טשענסטאָכאָוו און עס איז געווען אַ כבוד צו איר צו באַלאַנגען. די חברא קדישא האָט זיך פֿאַרנומען נאָר מיט ברענגען טויטע צו קבר ישראל. זי האָט עקזיסטירט נאָך פֿון אָנהייב פֿון 19־טן יאָרהונדערט און געהאַט אַן אייגן בית עולם (ווייל פֿריער פֿלעגט מען מוזן פֿירן יידישע מתים אין נאָענטן שטעטל יאַנאָוו). דער גבאי ראשון פֿון דער חברה קדישא איז געווען נתן גאַריכטער און נאָך אים שמואל גאָלדשטיין.

די חברא קדישא האָט געהאַט אַ גאַנצע רייע פֿון תקנות,

וואָס אַלע מיטגלידער האָבן געמוזט אָפּהיטן. אַזוי, למשל, האָבן זיי געהאַט אַ מנהג, אַז שבת בראשית זאָלן אַלע דאַווענען אין שול, צוזאַמען מיט רב און אַלע גבאים האָבן באַקומען עליות און אַזוי האָבן זיי געהאַט נאָך אַנדערע תקנות און מנהגים.

אין אָנהייב פון די 20־ער יאָרן פון איצטיקן יאָרהונדערט האָט די יידיש־רוסישע געזעלשאַפט „אָזע", וועלכע האָט זיך פאַרנומען מיטן אָפּהיטן דאָס געזונט פון יידן, געעפנט אַן אָפּטיילונג אין וואַרשע, כדי צו אַרבעטן אין פוילן (נאָכדעם ווי די באָלשעוויקעס האָבן געשטערט זייער אַרבעט אין רוסלאַנד) האָט די געזעלשאַפט געביטן איר נאָמען „אָזע", (וואָס איז באַשטאַנען פון די ראשי תיבות פון אַ נאָמען אויף רוסיש) צו „טאָז" (וואָס איז דאָס זעלבע אויף פויליש).

די „טאָז" האָט זיך באַמיט צו עפענען אָפּטיילונגען אין גאַנץ פוילן. איינע אַזאַ אָפּטיילונג האָט זיך אויך געעפנט אין טשענסטאָכאָוו. דער אָנפירער איז געווען ד"ר סטעפאַן קאַנקאַלין.

## דאָס יידישע קהילה־לעבן ביז צו דער צווייטער וועלט־מלחמה

די יידישע קהילה פון טשענסטאָכאָוו, מיט אירע פאַרשיידענע אָרטיקע פאַרטרעטער פון אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג, איז כסדר געווען אַ קאַמפּס־פּלאַץ צווישן די רעאַקציאָנערע און ראַדיקאַלע עלעמענטן פאַר די יידישע וועלטלעכע אַנשטאַלטן. אין דער צייט ווען די פאָרשטייער פון די יידישע אַרבעטער פאַרטייען האָבן אַרויסגעוויזן טאָלעראַנץ און וויליגקייט צו קאָאָפּערירן מיט די פרומע עלעמענטן און שטיצן זייערע פאַרלאַנגען פאַר די רעליגיעזע אַנשטאַלטן, איז ביי די לעצטע נישט מעגלעך געווען צו פועלן אַז זיי זאָלן זיין פונקט אַזוי טאָלעראַנט און קאָאָפּעראַטיוו מיט די ראַדיקאַלע כוחות אין זייערע פאָדערונגען.

דאָס שפיגלט זיך אָפּ אין אַלע זשורנאַלן און צייטונגען פון אַלע ראַדיקאַלע לאַגערן, אין פאַרלויף פון די גאַנצע צוואַנציק יאָר פון פרייען פוילן.

אַזוי לייענען מיר אין „אונדזער שטימע", (אָרגאַן פון די אומאָפּהענגיקע סאָציאַליסטישע אַרבעטס פאַרטיי אין פוילן) פון 11־טן יוני, 1926.

„עס איז אוממעגלעך צו טאָן עפעס אַ געמיינזאַמע אַרבעט מיט די רעאַקציאָנערע כוחות פון אונדזער גמינע, ווייל זיי ווייסן נישט וואָס עס מיינט צו זיין קאָאָפּעראַטיוו און דאָס וואָרט "טאָלעראַנץ" איז זיי בכלל פרעמד; אין דער צייט ווען ענדעקישע מאַגיסטראַטן האָבן באַשטימט סובסידיעס פאַר די יידישע וועלטלעכע שולן, האָט אונדזער אגודה־ציוניסטישע גמינע קיין גראָשן פאַר די וועלטלעכע יידישע שולן אויף איר לעצטער זיצונג נישט געוואָלט באַשטימען; ענדעקישע מאַגיסטראַטן האָבן באַשטימט גרויסע סומען פאַר יידישע ביבליאָטעקן, ווייל זיי פאַרשטייען און ווייסן דעם ווערט פון קולטור און אויפקלערונג, אָבער אונדזער קהילה האָט פאַר די קולטורעלע אינטערעסן פון די יידישע מאַסן, ווי פאַר דער ביבליאָטעק און אַנדערע אַנשטאַלטן גאָרנישט געוואָלט באַשטימען.

דאָס זעלבע לייענען מיר אין דעם „פּראָלעטאַריאַט" (וואָכנאָרגאַן פון יידישן קולטור אַמט אין טשענסטאָכאָוו) פון 16־טן יולי פון יאָר 1926.

„זעט ווי אַזוי דער קהילה ראַט אַרבעט. דער קהילה בודזשעט באַשטייט פאַרן קומענדיקן יאָר פון 419,420 זלאָטעס. אויף וואָס גייט אָבער די דאָזיקע סומע? אַלץ אויף רעליגיעזע ענינים, פאַר די שוחטים, פאַר דער מקווה, פאַרן בית החיים, אָבער פאַר יידישע קולטורעלע ענינים, פאַר בילדונג האָט מען באַשטימט נישט מער ווי 43,450 זלאָטעס. אַ טראָפּן אין ים קעגן די אמתע געברויכן. אָבער אין דער זעלבער צייט האָבן די אגודהניקעס מיט דער הילף פון די ציוניסטן באַשטימט 3,500 זלאָטעס בלויז פאַרן אגודהשן „בית יעקב". דערפאַר האָבן די ראַדיקאַלע עלעמענטן אויסגעפירט און געשטראָכן די סומע פון 2,500 זלאָטעס פאַר דער ישיבה כתר תורה פון ראַדאָמסקער רבי."

דאָס זעלבע בילד האָט אָנגעהאַלטן אַזוי כסדר אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן, אין „אונדזער וועג" פון טשענסטאָכאָוו פון 24־טן אָקטאָבער, 1930, לייענען מיר כמעט אַן ענלעכע געשיכטע:

„אין דער קהילה האָט זיך דאָס בילד נישט געביטן. דיזעלבע באַציאונג וואָס עס האָט געהערשט צו די ראַדיקאַלע עלעמענטן. די לעצטע צען יאָר האַלט ווייטער אָן. די אגודה מיטן מזרחי מעגן זיך קריגן; די אגודה לייט זיינען געגן ציוניזם און פירן אַ ביטערן קאַמף געגן די ציוניסטן, אָבער ווען עס קומט צו שלאָגן די אַרבעטער־פאָרשטייער און נישט צו דערלאָזן, אַז זייערע פאָדערונגען זאָלן אָנגענומען ווערן, דעמאָלט פאַראייניקן זיך אַלע רעאַקציאָנערע כוחות און ווערן איין בלאָק געגן דעם ראַדיקאַלן פראָנט: אַ פיין געזינטל! אויך אויף דער לעצטער זיצונג פון קהילה־ראַט האָט דער דאָזיקער בלאָק נישט געוואָלט צולאָזן קיין שום העכערונג אין די סומען וואָס זיי טיילן אויס פאַר די אַנשטאַלטן פון וועלטלעכן יידנטום.

און פונקט דאָס זעלבע לייענען מיר אין „אונדזער וועג" פון דעצעמבער, 1934.

„אָשוויאַטע" אַזוי רופן אָן אונדזערע גמינע דאָזאָרעס אונדזער קולטור לעבן. וואָס פאַר אַ געמיש מיר האָבן אין דער גמינע און וואָס פאַר אַ פאָדערונגען זיי שטעלן אַרויס! די ציוניסטן ווילן אַן „עברית בעברית" שולע; די מזרחיסטן — אַן „עברית־יידיש חדר"; די אָרטאָדאָקסן — אַ „יסוד התורה" חדר; די אומפּאַרטייאישע — „תורה בתורה" חדר; די „פועלי אגודת ישראל" — תורה אויף יידיש, לויט דער נייער אָרטאָגראַפיע; די „הסתדרות" — „תרבות" שולן. אָבער וועגן וועלטלעכע שולן — וועגן דעם ווילן זיי גאָרנישט וויסן און וואָס דאַרפט איר מער. דער תלמוד תורה עירוני, וואו מען לערנט בחינם מיט יידישע קינדער און וואו עס זיינען דאָ בלויז 2 קלאַסן פאַר אָנפאַנגער און אַ חומש קלאַס, אָט דעם חדר שטיצן זיי אויך נישט. די תלמוד־תורה איז געגרינדעט געוואָרן פאַר די קינדער וואָס גייען אין די „פּאָוושעכנע" שולן,

אָבער דער קהילה־ראַט האָט גאַנץ ווייניק אינטערעס פאַר די קינדער פון די אָרעמעלייט. זיי קימערן זיך נישט וועגן אָרעמע קינדער".

און אַזוי גייט עס כסדר אויך אין די ווייטערדיקע יאָרן. אין יאָר 1935 האָט די קהילה באַשטימט אַ נייעם עטאַט וואָס איז געווען דריי מאָל אַזוי פיל ווי דער פריערדיקער, אָבער פאַר די וועלטלעכע אינסטיטוציעס האָט מען אַלץ קיין שום העכערונג נישט געוואָלט געבן. דער תירוץ איז געווען, אַז די קהילה האָט אַ דעפיציט פון 100 טויזנט זלאָטעס פאַרן יאָר1934.

עס האָט אַפילו נישט געהאָלפן וואָס פיל פון די ראַדיקאַלע פאָרשטייער האָבן אָנגעפירט אַ שטאַרקן קאַמף געגן דעם רע־אַקציאָנערן בלאָק. באַזונדערס האָבן זיך אויסגעצייכנט דערמיט די בונדישע פאָרשטייער, וועלכע האָבן זיך נישט צוריקגעהאַלטן אָנצורופן דעם רעאַקציאָנערן בלאָק מיט די אמתע נעמען, אָבער דאָס האָט ווייניק געהאָלפן. די יידישע וועלטלעכע אַנשטאַלטן האָבן נישט געקראָגן קיין גראָשן מער.

אָט אַזוי האָט אויסגעזען דאָס קהילה לעבן אין טשענסטאָ־כאָוו אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן ביז צום חורבן יאָר. יאָ. ביז יענעם טרויעריקן פרייטיקדיקן ערשטן סעפּטעמבער פון יאָר 1939, ווען די היטלעריסטישע באַנדעס האָבן חרוב געמאַכט די שטאָט און פאַרניכטעט יעדן שפּור פון יידישן לעבן אין דער גרויסער יידישער שטאָט טשענסטאָכאָוו.

יאָ, יאָ, געווען אַ מאָל אַ שיינע גרויסע יידישע קהילה אין דער שטאָט טשענסטאָכאָוו — אָבער דער טייוועל אין גע־שטאַלט פון אַ היטלער האָט דאָס אַלץ חרוב געמאַכט.

זאָלן די ווערטער זיין אַ מצבה פאַר איר אָנדענקען.



אַלגעמיין בילד פון דער פערמע



דאָקטוירים און קראַנקען־שוועסטער פון יידישן שפּיטאָל אין טשענסטאָכאָוו אויף זאַוואַדזשע



הענריק מאַרקוספעלד, באַרימ־טער יידישער טשענסטאָכאָווער כלל־טוער און פילאַנטראָפּ



יעקב ראָזעבערג, דער לעצטער ראש־הקהל פון טשענסטאָכאָוו



דער נייער מאַרק. מ׳זעט אויך אַ טייל פון אַלטן מאַרק



די שול, אינעווייניק, בעת דעם 150סטן יובילײ פון דער אומאָפּהענגיקײט
פון די פֿאַראייניקטע שטאַטן. 1776—1926




פאָרשטייער פון דער יידישער קהילה אין טשענסטאָכאָוו. אין די פאָדערשטע רייען געפינען זיך אויך דער דאָזאָר שמואל גאָלדשטיין, חיים וועקסלער, דער באַרימטער מגיד קאָבלענץ און אַנדערע





די אַלטע שול



דער הויפּט־אַריינגאַנג אין שול

# ב

# די ציוניסטישע באַוועגונג אין טשענסטאָכאָוו

## אַלגעמיינע ציוניסטן

די ציוניסטישע באַוועגונג איז געווען שטאַרק פאַרטראַטן אין טשענסטאָכאָוו, אין אַלע אירע שאַטירונגען, אָנהויבנדיק פון די סאַמע רעכטע, די מזרחיסטן, די אַלגעמיינע ציוניסטן, וועלכע זיינען געשטאַנען אין צענטער ביז צו די סאַמע לינקע גרופּן ווי ס״ס און לינקע פּועלי ציון. אַ גרויסער טייל פון דער יוגנט און נישט וויניקער אויך די באַלעבאַטישע באַפעלקערונג, האָט געהערט צו דער אָדער יענער ציוניסטישער ריכטונג. אין די פּאַרטייען און גרופּן האָט מען געקענט טרעפן מענטשן פון אַלע שיכטן, פון די אָרעמע נישט געבילדעטע מאַסן ביז דער העכסט געבילדעטער יידישער אינטעליגענץ און נישט וויניק אויך פון די רייכע יידן, וועלכע האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט דעם האַנדלס־קלאַס פון טשענסטאָכאָוו.

כדי צו האָבן אַ קליין בילד פון דער ציוניסטישער טעטיקייט וועלן מיר גיין צום סאַמע אָנהייב און זען ווי אַזוי דער ציוניזם איז געקומען אין אונדזער שטאָט. דאָס איז געווען אין יאָר 1898. נאָך דעם ווי עס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן דער ערשטער ציוניסטישער קאָנגרעס אין באַזעל מיט אַ יאָר פריער אין זומער 1897. דער ציוניסטישער קאָנגרעס האָט דעמאָלט באַשטימט „מורשים״ ד. ה. פאַרטרעטער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פאַרשיידענע טיילן פון דער וועלט. אין פּוילן איז אַלס „מורשה״ פון לאָדזשער געגנט ביז צו דער פּויליש־דייטשער גרענעץ ביי סאָסנאָוויץ, באַשטימט געוואָרן דער ראַבינער ד״ר ה. יעלסקי, וועלכער איז געווען דער ראַבינער און פּרעדיקער פון דער „דייטשער שול״ אין לאָדזש. יעלסקי איז געווען אַ גלענצענדער רעדנער און אַ פלאַם־פייערדיקער ציוניסט. ער האָט זיך דעריבער באַמיט צו האָבן פאַרשטייער איבער דעם גאַנצן שטח, וואָס ער איז דער „מורשה״, לויטן פּלאַן וואָס ער האָט געהאַט אויסגעאַרבעט האָט ער געוואָלט האָבן אַזאַ פאַרטרעטער פאַרן גאַנצן זאַגלעמביער ראַיאָן (טשענסטאָכאָוו, דאָמבראָווע, בענדין און סאָסנאָוויץ). ער האָט זיך געווענדעט וועגן דעם צו הרב ר׳ נחום אַש, וועלכער איז נישט לאַנג ערשט געווען דער רב פון דער שטאָט טשענסטאָכאָוו וועגן דעם. הרב אַש איז נאָך דעמאָלט נישט געווען קיין איבערצייגטער ציוניסט און אַזוי ווי ער האָט נישט געוואוסט וואָס צו טאָן האָט ער דעריבער זיך געווענדעט מיט אַן אָנפראַגע וועגן דעם צום הויפּט־רב פון לאָדזש, הרב ר׳ אליהו חיים מייזל. הרב מייזל, וועלכער איז געווען אַ קעגנער פון ציוניזם, האָט באַלד געענטפערט דעם טשענסטאָכאָווער רב, אַז ער זאָל נישט דערוועגן זיך צוצושטיין צו דער חברה אַפּיקורסים און אַפּטריניקעס, די ציוניסטן, און ער זאָל זיי נישט אַריינלאָזן אין זיין שטאָט. אין יענער צייט האָט זיך געפונען שוין אין טשענסטאָכאָוו פיל איבערגעגעבענע ציוניסטן, איינער פון זיי וואָס האָט כסדר גערעדט מיטן רב וועגן העלפן פאַרשפּרייטן דעם ציוניסטישן געדאַנק אין טשענסטאָכאָוו איז געווען דער שפּעטערדיקער פּאָפּולערער כלל־טוער ר׳ נתן געריכטער. ווען עס איז אָנגעקומען דער ענטפער פון הרב ר׳ אליהו חיים מייזל צום טשענסטאָכאָווער רב און דער רב ר׳ נחום אש האָט דעריבער נישט געוואָלט אָנהייבן ביי זיך אין שטאָט עפּעס אַ טעטיקייט פאַרן ציוניזם, האָט ר׳ נתן געריכטער געזאָגט צום רב:

— אויב איר, רבי, האָט מורא, האָב איך קיין מורא נישט! איך וועל גרינדן דאָ די ערשטע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע.

ער האָט באַלד צונויפגערופן ביי זיך אין הויז אַ גרופּע יידן, שיינע באַלעבאַטים און די ערשטע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין טשענסטאָכאָוו איז געבוירן געוואָרן. ר׳ נתן האָט זיך אויך גלייך פאַרשטענדיקט מיט ד״ר יעלסקי און ער איז מיט אים יאָרן־לאַנג געשטאַנען אין פאַרבינדונג וועגן דער ציוניסטישער טעטיקייט אין טשענסטאָכאָוו, שפּעטער איז ר׳ נתן אויך געפאָרן צו עטלעכע ציוניסטישע קאָנגרעסן.

די ציוניסטישע טעטיקייט אין טשענסטאָכאָוו איז זיך שטאַרק צעוואָקסן. שפּעטער איז דער טשענסטאָכאָווער רב ר׳ נחום אש אויך צוגעשטאַנען צו דער אידעע, איבערהויפּט ווען עס האָט זיך געגרינדעט די „מזרחי״ דורך דעם גרויסן גאון ר׳ יעקב יצחק ריינעס, דער רב פון לידא.

## די „מזרחי״־אָרגאַניזאַציע

די „מזרחי״ אָרגאַניזאַציע האָט געפייערט די גרינדונג פאַר איר׳ס אַן אָפּטיילונג אין טשענסטאָכאָוו אין יאָר 1906. די גרינדער זיינען געווען דער שטאָט מגיד ר׳ יוסף שמעון קאָבלענץ, ר׳ שמואל גאָלדשטיין, בלעכשטיין, פינקעלשטיין, ר׳ אייזיק מענדל עפּשטיין, ר׳ חיים וועקסלער און ר׳ יהודה ענגעל.

זיי האָבן באַלד אָנגעהויבן אַ גרויסע טעטיקייט אין טשענסטאָכאָוו אַריינצוציען אַלע יידישע באַלעבאַטים אין דער באַוועגונג.

אָבער דאָס איז דער גרופּע נישט אַזוי לייכט אָנגעקומען, ווייל פיל פון חסידישן עלעמענט, אמתע און פאַלשע פרומאַקעס האָבן אָנגעפירט אַ שטאַרקן קאַמף געגן זיי. אין דער אַרבעט האָט זיי פיל געהאָלפן אויך דער רבי ר׳ אביגדורל, אויסער דעם זיינען אָנגעקומען באַפעלן צו די חסידים פון גער, סאָכאַטשעווער און פון אַלעקסאַנדערער פון זייערע רביים, אַז

זיי זאָלן שטאַרק באַקעמפן די נייע ציוניסטן, די „מזרחיסטן״, וועלכע זיינען פונקט אַזעלכע אַפּיקורסים ווי די אַלטע ציוניסטן, נאָר זיי באַהאַלטן זיך אונטער אַ מאַסקע פון פרומקייט. דער דאָזיקער קאַמף איז געווען זייער אַ שווערער און האָט געדויערט ביזן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט מלחמה. ערשט נאָך דער ערשטער וועלט מלחמה, ווען עס איז שוין געווען די באַלפור דעקלאַראַציע, איז דער קאַמף אָפּגעשוואַכט געוואָרן און פיל פון די חסידישע עלעמענטן זיינען אַליין אַריינגעטראָטן אין דער מזרחי באַוועגונג.

אין יאָר 1920 האָט די יוגנט פון מזרחי באַשלאָסן זיך אָפּצוטיילן פון די עלטערע עלעמענטן, מיט וועלכע זיי האָבן נישט געקענט הויזן צוזאַמען און עס ווערט געבוירן דער „הפועל המזרחי״, די גרינדער זיינען געווען די ה״ה: ד. בראַט, אברהם דאַנציגער און יאַנקל בערמאַן. די נייע אָרגאַניזאַציע איז זיך גלייך צוואַקסן און אין יאָר 1922, האָבן זיי באַשלאָסן צו שאַפן אַ פאַרם־שול צו לערנען דאָרטן מיט דער יוגנט אַגראַנאָמיע. די פאַרם־שול איז געווען אויף דער וואַרשעווער גאַס נומ. 27 (קאָטליצקיס פּלאַץ). צו דער דערעפענונג פון דער פאַרם־שול איז געקומען צופאָרן קיין טשענסטאָכאָוו דער מזרחיסטישער סיים־דעפּוטאַט הערשל פאַרבשטיין. עס האָבן דעמאָלט אויך אַ גרויסער טייל פון דער יוגנט פון „הפועל המזרחי״ זיך געלערנט אין דער האַנטווערקער־שול, מיטן צוועק צו קאָנען פאָרן קיין ארץ ישראל מיט אַ פאַך אין דער האַנט. די האַנטווערקער־שול האָט שוין דעמאָלט אויך געהאַט אַ חלוצישן גייסט און זיך באַמיט צוצוגרייטן די יוגנט אויף צו קענען טאָן נוצליכע אַרבעטן אין ארץ ישראל. פיל פון די „פּועלי מזרחי״ יוגנט, וואָס האָבן געענדיקט די האַנטווערקער־שול זיינען טאַקע געפאָרן קיין ארץ ישראל. דאָס רוב פון זיי האָבן זיך געלערנט צו זיין טישלער. פון זיי זיינען אַרויסגעקומען פיל פירנדע פּערזענלעכקייטן אין מדינת ישראל, ווי א. שרגאי און יעקב לעסלוי, וועלכע זיינען טעטיק איף פאַרשיידענע געביטן אין לאַנד.

אין לאָקאַל פון מזרחי האָבן געהאַלטן כמעט יעדן שבת דרשות דער שטאָט־מגיד ר׳ יוסף שמעון קאַבלענץ, אָדער דער אַנדערער מגיד, דער שוואָגער פון רב פון שטאָט, ר׳ משה האַלטער. ר׳ משה פלעגט אויך לערנען יעדן פרייטיק צו נאַכט אויף זיין אייגענעם שטייגער און דער עולם האָט ממש געלעקט די פינגער פון זיינע קלוגע טייטשונגען. ר׳ משה איז געוואָרן מיט דער צייט אַן איבערגעגעבענער טוער פון רעליגיעזן ציוניזם און האָט אויך באַזוכט ארץ ישראל. ער האָט דערנאָך געהאַלטן אין איין אַגיטירן, אַז יעדער ייד זאָל כאָטש איינמאָל אין זיין לעבן פאָרן קיין ארץ ישראל און זען דאָס לאַנד מיט זיינע אייגענע אויגן.

די רייד פון די צוויי מגידים ר׳ יוסף שמעון קאַבלענץ און ר׳ משה האַלטער האָבן געווירקט אַז דער גאַנצער באַלעבאַטישער עולם איז צוגעשטאַנען צום „מזרחי״. צו מזרחי זיינען אויך צוגעשטאַנען זייער פיל פון די חסידישע עלעמענטן. אייבערהויפּט אין די צוואַנציקסטע יאָרן און אין די געגנערשאַפט פון די חסידישע רביים צום ציוניזם איז פיל שוואַכער געוואָרן און ווען דער עולם האָט שוין געזען, אַז ציוניזם פירט נישט אַראָפּ קיינעם פון וועג, ווי די אַגיטאַציע איז פריער געווען. עס איז געווען פאַרקערט. מען האָט געזען אַז פיל יידן וואָס זיינען זייער פרום זיינען דאָך גוטע ציוניסטן. דאָס האָט געווירקט, אַז דאָס געהערן צו מזרחי, איז געוואָרן אַ כבוד און אַפילו די וואָס זיינען פריער געשטאַנען פון וויטן זיינען שפּעטער צוגעשטאַנען צום רעליגיעזן ציוניזם און זיינען אַריינגעטראָטן אין דער „מזרחי״־אָרגאַניזאַציע.

## אין די 20 יאָר צווישן ביידע וועלט־מלחמות

אין די 20 יאָר פון 1919, ווען פוילן איז געוואָרן אַ מלוכה ביזן יאָר 1939, ווען עס האָט אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה, האָבן אַלע שיכטן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג פון עקסטרעם רעכטס ביז עקסטרעם לינקס זיך אינטערעסירט באַזונדערס מיט אַ רייע טעטיקייטן, וועלכע האָבן טייל מאָל געפונען אַן אָפּקלאַנג אויף דער יידישער גאַס, אָבער אַן אַנדער מאָל האָבן זיי אַרויסגערופן געגן זיך אַ שטורעם פון פּראָטעסטן.

אין אַלגעמיין קען מען זאָגן צייכענען זיך אויס די דאָזיקע צוואַנציק יאָר מיט דריי גרויסע אַקציעס. דאָס ערשטע איז געווען די שאַפונג פון דעם יידישן נאַציאָנאַל־ראַט, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן פון די סיים דעפּוטאַטן יצחק גרינבוים און ה. האַרטגלאַס, וועלכע האָבן זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון דער יידישער מינדערהייט אין פוילן. די דאָזיקע נייע אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט געהאַט אָפּטיילונגען אויף דער פּראָווינץ האָט געהאַט אויך אירע פאַרטרעטער אין טשענסטאָכאָוו וואָס האָבן געזאַמלט כסדר מאַטעריאַלן און פאַקטן וועגן אַלע שטערונגען, באַגרענעצונגען, אָנפאַלן און באַליידיקונגען, וואָס די יידישע מאַסן האָבן מיטצומאַכן בלויז דערפאַר, ווייל זיי זיינען יידן.

די צווייטע אַקציע איז געבוירן געוואָרן שוין שפּעטער, אין יאָר 1922, ווען ד״ר חיים ווייצמאַן צוזאַמען מיט אַנדערע אָנפירער פון דער וועלט עקזעקוטיווע פון ציוניזם זיינען פאַר דעם צוועק געקומען קיין פוילן. דאָס איז געווען דער קרן היסוד, וועלכער איז געווען דער פאַרלויפער פון די פאַרשיידענע פאָרמען פון די אַפּילס, וואָס ווערן איצט אָנגעפירט אין פאַרשיידענע לענדער אויף צו זאַמלען געלטער פאַר דער יידישער מלוכה. דאָס איז געוואָרן דער הויפּט אינסטרומענט פאַר פאַנדן פאַר ארץ ישראל און אין אַלע שטעט פון פוילן האָבן זיך געגרינדעט אַזעלכע אָפּטיילונגען. אויך אין טשענסטאָכאָוו האָט די קרן היסוד ביוראָ אָנגעפירט אַ גרויסע טעטיקייט און האָט פיל מאָל אַריינגעבראַכט פון וואַרשע ציוניסטישע גדולים, וועלכע האָבן אָנגעפירט אַן אַקציע פאַר דעם צוועק. פון די וואָס זיינען אָפט געקומען קיין טשענסטאָכאָוו זיינען געווען: דער פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע ד״ר יצחק שיפּער און דער אָנפירער פון קרן היסוד ביוראָ ב. גערבאָווסקי.

די דריטע אַקציע איז געווען די סאַמע פּאָפּולערסטע, דאָס איז געווען דער פּאַלעסטינאַ אַמט פאַר אויסוואַנדערונג קיין ארץ ישראל, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין יאָר 1925 און האָט אָנגעהאַלטן ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. דאָס איז געווען דערפאַר, ווייל די יידישע פאָלקס מאַסן, וועלכע זיינען אין נייעם פוילן אונטערדריקט געוואָרן סיי עקאָנאָמיש און סיי גייסטיק, האָבן געפילט, אַז זיי מוזן פאַרלאָזן זייער היים, דאָס אָרט וואו זייער וויגעלע איז געשטאַנען אין אויסוואַנדערן ערגעץ אַנדערש־וואו.

באַלד נאָך דער ענדע פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרויסע יידישע עמיגראַציע פון פוילן. דעמאָלט איז דער שטראָם געגאַנגען קיין מערב, אין די פאַרשיידענע

מערב־לענדער און איבערהויפּט אין די אַמעריקאַ׳ס (קיין צפון און דרום אַמעריקע). מער ווי אַ האַלבער מיליאָן יידן פון פּוילן האָבן דעמאָלט פאַרלאָזט זייערע היימען און אויסגעוואַנדערט ערגעץ אַנדערש־וואו. צו בויען פאַר זיך נייע נעסטן, וואו עס וועט נישט זיין קיין געפאַר, אַז זיי וועלן צעשטערט ווערן פון יידן־פיינטלעכע הענט.

אָבער ווען אַמעריקע האָט גענומען פאַרמאַכן די טירן פון לאַנד; ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די קוואָטעס פאַר אימיגראַציע אין פאַרשיידענע לענדער און די יידן האָבן געזען, אַז די צאָל פון די וואָס זיינען זוכה צו קריגן אַ וויזע איז זייער קליין און אַז אויך דערויף דאַרף מען וואַרטן יאָרן־לאַנג, האָבן אַלע גענומען ווענדען זייערע אויגן צו מזרח, צו קאָנען פאָרן קיין ארץ ישראל און עס האָט זיך אָנגעהויבן די טעטיקייט פון „פּאַלעסטינא־אַמט״, וועלכער האָט אויסגעטיילט די פּאַלעסטינאַ סערטיפיקאַטן.

אָבען אויך ביים פּאַלעסטינאַ אַמט האָבן יידן געוואַרט חדשים און יאָרן ביז זיי האָבן זוכה געווען צו קריגן אַזאַ סערטיפיקאַט, עס איז באַלד געוואָרן פיל שווערער צו קריגן אַ סערטיפיקאַט פון פּאַלעסטינאַ אַמט אויף צו פאָרן קיין ארץ ישראל, ווי עס איז געווען שווער צו קריגן אַ וויזע פון אַמעריקאַנער קאָנסולאַט. דעריבער איז יעדעס מאָל, ווען אַ ייד האָט געקראָגן אַ סערטיפיקאַט אויף צו פאָרן אין יידישן לאַנד באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ גרויסע שמחה און יעדעס מאָל, ווען אַ גרופּע עולים פאַרלאָזט פּוילן אויפן וועג צו אונדזער היימלאַנד איז עס געפייערט געוואָרן ווי אַ גרויסע געשעעניש פון אַלע יידן.

אַזאַ שמחה איז פאָרגעקומען אין טשענסטאָכאָוו, ווי מיר זעען עס פון דער צייטונג „אונדזער וועג״, ווען עס האָבן דעם 12־טן אָקטאָבער פון יאָר 1934 פאַרלאָזט פּוילן עלף הונדערט עולים, וואָס צווישן זיי זיינען געווען 137 יידן פון טשענסטאָכאָוו. עס איז געווען אַ שמחה ביים גאַנצן ציוניסטישן לאַגער — און עס האָבן זיך באַטייליקט דערין אַלע פּאַרטייען פון רעכטס ביז לינקס.

בנוגע אַנדערע טעטיקייטן פון די פאַרשיידענע ציוניסטישע פּאַרטייען און גרופּן איז געווען זייער מי אַריינצורייסן זיך אין יידישן לעבן אומעטום און צו שפּילן דאָרטן די הויפּט־ראָלע ביי אַלע פראַגן, וואָס זיינען אַנטשטאַנען, אָבער נישט אַלע מאָל איז עס זיי געלינגען.

צום ערשטן זעען מיר דאָס, ווען אין די צוואַנציקער יאָרן האָבן זיך געשאַפן אין פּוילישן ציוניזם צוויי ריכטונגען: די פון „על המשמר״, אָנגעפירט פון יצחק גרינבוים און די „עת לבנות״, אָנגעפירט פון ד״ר גאָטליב. דאָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אויך אין טשענסטאָכאָוו, וואו די „על המשמר״ גרופּע האָט געפונען אַלס איר פאַרטרעטער אין דר. בראָם, און די „עת לבנות״ — אין אברהם גערשנאָוויטש, אוןביידע האָבן, לויט אַ וואונק פון אויבן, זיך געריסן צו ווערן די פירער פון דער יידישער טשענסטאָכאָוו. זיי האָבן דעריבער געפירט אַן אינטענסיוון קאַמפּיין ביי אַלע קהילה וואַלן און ביי אַלע אַנדערע טעטיקייטן, וואָס עס זיינען פאָרגעקומען אין שטאָט. אין קהלה ראַט זיינען די ציוניסטישע עלעמענטן פון אַלע שיכטן געווען שטאַרק פאַרטראָטן, אָבער דאָרטן האָבן זיי זיך על פּי רוב פאַראייניקט מיט די אגודה־לייט און געבילדעט אַ רעאַקציאָנערן כוח וואָס האָט זיך אנטקעגן געשטעלט געגן די פאָדערונגען פון די יידישע ראַדיקאַלע עלעמענטן, וועלכע האָבן געפאָדערט געלטער פאַר די יידישע וועלטלעכע שולן, פאַר דער יידישער ביבליאָטעק און אַנדערע יידיש־וועלטלעכע ענינים. אָבער דאָס איז זיי נישט געווען צום האַרצן, עס איז דעריבער אויסגעקומען, אַז די ראַדיקאַלע אָפּאָזיציע אָנגעפירט פון „בונד״, דורך דעם ראַטמאַן רפאל פעדערמאַן און אַנדערע, האָבן געמוזט פירן אַ האַרטנעקיגן קאַמף פאַר זייערע פּאָזיציעס און אָפטמאָל אויך געסטראַשעט מיט פאַרלאָזן זייערע אַמטן. די ציוניסטישע ראַטמענער פון רעכטן פליגל האָבן געגעבן געלטער בריוח פאַר יידיש־רעליגיעזע ענינים, ווי שחיטה, מקוה, בית החיים און דערציאונג, אָבער בשום אופן נישט פאַר די יידיש־וועלטלעכע ענינים.

דער נאַציאָנאַל פאָנד איז אויך געווען אַ וויכטיקער טייל פון ציוניסטישן לאַגער און דער אָפּיס אין טשענסטאָכאָוו האָט אַלע מאָל איינגעאָרדנט אַ „נאַכט אין תל אביב״, וואָס איז געווען דער באָל פון יאָר און פון וועלכן די גאַנצע הכנסה איז געגאַנגען פאַרן יידישן נאַציאָנאַל פאָנד.

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט אויך צוזאַמען מיט אַנדערע שטעט איינגעאָרדנט פּראָטעסט־מיטינגען געגן דער ענגלישער רעגירונג פאַר אויסטיילן מיט אַזאַ קאַרגער האַנט די צאָל פון די סערטיפיקאַטן אויף עולה צו זיין קיין ארץ ישראל.

אין די אַלע טעטיקייטן האָט דאָס יידישע טשענסטאָכאָוו אָנטיילגענומען גלייך מיט אַלע אַנדערע אָנגעזעענע יידישע שטעט אין פּוילן.



די ראָווערן־סעקציע פון יידישן ספּאָרט און טורן פאַראיין „אָלשטין״, טשענסטאָכאָוו, 1928



לייכט־אַטלעטיק סעקציע פון יידישן ספּאָרט און טורן פאַראיין, טשענסטאָכאָוו, 1928

# ג

# די רעוויזיאָניסטן

דער רעוויזיאָניסטישער פליגל פון ציוניזם איז אין אונדזער שטאָט געווען זייער שטאַרק פאַרטראָטן אין אַלע זיינע שאַטירונגען.

די רעוויזיאָניסטישע גרופּע איז געגרינדעט געוואָרן פון די ה״ה: ניעמיראָווסקי און יאַנאָווסקי.

וועגן די פאַרשיידענע אָפּטיילונגען פון די רעוויזיאָניסטן, ווייסט מען צו דערציילן פאָלגענדעס:

די בית״ר גרופּע איז געשאַפן געוואָרן דורך פּרץ לאַסקער, צבי קאַנטאָר און מ. יוזעוויטש (ער האָט געענדיקט אַלס לופט פליער אין דער לידער פּלי־שול און געקראָגן אַ מעדאַל אַלס ערשטער יידישער לופט פליער).

די „יידן־שטאַטלעכע גרופּע" (מאיר גראָסמאַנס גרופּע), איז אָנגעפירט געוואָרן פון אליהו איצקאָוויטש, מיכאל רוזעוויטש, אפרים בראַטמאַן און ישראל טיבערג.

דער גרינדער פון דער „עקיבא גרופּע" איז געווען פישפּאַן.

די „הרצליה גרופּע" איז געגרינדעט געוואָרן פון גוסטאַוו עפּשטיין.

די גרופּע אונטער נאָמען „הנוער הציוני" איז געגרינדעט געוואָרן פון דוד קאַרטיזש, זאמיק אַדעלבערג, בלעכשטיין און אפרים האָראָוויטש (דער לעצטער איז צוזאַמען מיט זיין פרוי (געבוירן פישמאַן) אומגעקומען דורך די נאַציס).

עס איז אויך געווען אַ „קדימה" גרופּע, „גורדוניה" גרופּע. אַ „ברית חייל" „ברית קנאים" „החצה״ר" גרופּע און די פרויען גרופּע מיטן נאָמען „רעוויזא".

די „השומר הצעיר" גרופּע איז געגרינדעט געוואָרן פון אַדוואָקאַט גיטלער (אומגעקומען דורך די נאַציס) און די אינזשינירן, די ברידער לייבל און שמואל האָראָוויטש, פּנחס בירנצווייג, מאַניאַ בירנצווייג און לייבל לעסלוי.

אַ גאַסט רעדנער ביי די רעוויזיאָניסטן איז געווען אָפּט ה׳ יוסף קלאַרמאַן, וועלכער האָט דעמאָלט געוואוינט אין סאָסנאָוויץ.

די „בית״ר גרופּע" פלעגט יעדן שבת אָפּהאַלטן מושטירונגען אויפן „אייראָן" פּלאַץ, אָדער ביי דער „קלעיאַרנע", מיט באַפעלן: „אחת, שתים, שלוש, ארבע"... די פּרומאַקעס האָבן דערין געזען אַ חילול שבת און פלעגן מאַכן די יונגעלייט און מיידלעך סקאַנדאַלן. עס האָט נישט איינמאָל געטראָפן, אַז פּונקט דעמאָלט, ווען די בית״ר יוגנט האָט גענומען מאַכן זייערע מושטירונגען זיינען אָנגעלאָפן אַ מחנה פון „אגודה"־לייט מיט גוואַלדן און געשרייען „חילול שבת" און גענומען שלאָגן די יונגעלייט און מיידלעך, אָבער די דאָזיקע יונגע חברה האָבן זיי נישט געשוויגן און נישט איין באָרד איז אויסגעריסן געוואָרן און נישט איין פאַנאַטיקער איז אַוועק פון יענעם פּלאַץ מיט אונטערגעשלאָגענע אויגן.

אָבער אויב די רעוויזיאָניסטישע יוגנט האָט זיך געקענט אַן עצה געבן געגן די פּרומאַקעס, האָבן זיי אָבער געהאַט זייער אַ שווערן קאַמף אויסצושטיין, פון די אַרבעטער עלעמענטן, די ס״ס, „רעכטע פּועלי־ציון" און „לינקע פּועלי־ציון", וועלכע האָבן באַטראַכט די רעוויזיאָניסטישע יוגנט פאַר פאַשיסטישע כוחות. איבערהויפּט נאָכדעם, ווען אָט־די בית״ר־לייט האָבן זיך גענומען אויספּוצן אין ברוינע העמדלעך, פּונקט אַזוי ווי די פאַשיסטן אין איטאַליע און האָבן אויך גענומען נאָכרעדן די זעלבע סלאָגאַנס וואָס יענע. זיי האָבן באַלד געקראָגן די באַצייכענונג אַלס שאָוויניסטן „רעאַקציאָנערן" און די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער־יוגנט האָט אַגיטירט אומעטום, אַז מען זאָל זיך אָפּטרייסלען פון זיי.

די רעוויזיאָניסטישע יוגנט איז געווען זייער אַ גוטער עלעמענט און אמתע איבערגעגעבענע ציוניסטן, וואָס זיינען גרייט געווען אַוועקצוגעבן ממש זייער לעבן פאַרן ציוניסטישן אידעאַל. זיי האָבן אַלע שטאַרק געהאַלטן פון הויפּט־פירער וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי און אַרויפגעקוקט צו אים, אַבער איז דער רעוויזיאָניסטישער פאַרטיי גופא איז נישט געווען קיין שלום בית. עס האָבן זיך געבילדעט פאַרשיידענע פראַקציעס אין דער פאַרטיי גופא, וואָס עס האָט נישט גוט געווירקט אויף דער יוגנט, ווייל זי האָט נישט געוואוסט אַליין וואָס זי וויל און דעריבער האָבן די פאַרשיידענע גרופּן געקעמפט צווישן זיך און וואָס איינער האָט געזאָגט, אַז עס איז גוט, האָט דער אַנדערער געזאָגט, אַז עס טויג נישט. דער פאַקט איז אָבער געווען, אַז טשענסטאָכאָוו האָט אָפּגעשפּיגלט אַלע לאַגערן און אַלע שאַטירונגען פון רעוויזיאָניסטישן ציוניזם און האָט געהאַט פאַרטרעטער פון יעדער ריכטונג באַזונדער.

ח. קיעל

# דער „השומר הצעיר" אין טשענסטאָכאָוו

## (אַ בלעטל זכרונות)



דער „השומר הצעיר" אין טשענסטאָכאָוו, ווי אין אַלע שטעט אין פּוילן, איז אַנטשטאַנען ווי אַ סינטעז פון דער וועלטלעך־סקאַו־טישער באַוועגונג און פון דער שומריש־חלוצישער אידעע. די ערשטע שומרים אין ארץ ישראל, — וואָס האָבן מיט זייער גבורה פון אַרבעט, אויסדויער און העל־דישן באַשיצן דעם ארץ ישראל ישוב אין די פאַרוואָרפנסטע פונקטן — האָבן געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכן איינפלוס אויף דער ציוניסטישער יוגנט. מיט דער צייט האָט זיך אַנטוויקלט און אויסקריסטאַליזירט אַן אידעאָלאָגיע, וואָס איז געווען דער היפוך פון די מערסטע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס; דער „השומר הצעיר" איז אינגאַנצן געווען אומאָפּהענגיק פון די פּאַרטייען פון די דערוואַקסענע. דאָס אַנווענדן סקאַוטישע מעטאָדן אין דער דערציאונג פון די יוגנטלעכע מיטגלידער איז שטענדיק געווען אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין לעבן פון דער אָרגאַניזאַציע; די חשיבות פון יחיד, זיין כאַראַקטער, אינטעליגענץ, באַציאונג צום חבר, צו דער געזעלשאַפט; זיין פּערזענלעך עטיש פירן זיך, זיין אַנטוויקלטער חוש פאַר גערעכטיקייט — דאָס אַלץ האָט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין „השומר הצעיר". די אָרגאַניזאַציע האָט זיך נישט געיאָגט נאָך קוואַנטיטעט, נאָך דער מאַסע; פאַרקערט, זי האָט זיך אָפּגעזונדערט, אַרומגע־רינגלט מיט אַ צוים. דער „השומר הצעיר" האָט נישט געגלויבט אין מאַסן־פּראָפּאַגאַנדע, אין איינרעדן דעם עולם. דער ציל פון „השומר הצעיר" איז געווען דערציען די יוגנטלעכע, ווי געזונטע, פיזיש־גייסטיקע, רייפע בויער פאַרן קיבוץ־לעבן אין ארץ ישראל.

איך בין אַריין אין „השומר" ווען כ'בין געווען אַ תלמיד אין ערשטן קלאַס פון דער יידישער גימנאַזיע, אויף דער רע־קאָמענדאַציע פון לערער יאַנאָווסקי. דאָס איז געווען אין די אָנהייב צוואַנציקער יאָרן. יאַנאָווסקי, אַ העברעאישער לערער, אַ האַרציקער ייד און איבערגעגעבענער ציוניסט, האָט זיך דעמאָלט אינטערעסירט מיט דעם „השומר הצעיר" און זיינע טעטיקייטן; אָבער שפּעטער האָט ער זיך פון איר דערווייטערט צוליב דעם „השומר"ס פריינדעכקערישקייט און סאָציאַליסטישע נייגונגען. צוזאַמען מיט מיר האָבן באַלאַנגט אין דער „קבוצה", הערשל ליכטער, משה בערלינער און מאיר טענענבוים. אונדזער פירער איז געווען ווילעק האַראָוויטש וואָס געפינט זיך איצט אין מדינת ישראל.

דער „קן" האָט זיך דעמאָלט געפונען אויף דער קאַש־טשושקאָ גאַס, אין מאַרקוספעלדס הויז. העניך מאַרקוספעלד האָט זייער ליב געהאַט די שומרים־קינדער, זייערע אסיפות, זייערע העברעאישע לידער און טענץ. די פירער פון „קן" זיינען געווען בירמאַן, בלום, שפּעטער גיטלער. בירמאַן איז געווען פון די ערשטע עולה צו זיין קיין ארץ ישראל.

די פירערין פון „קן" איז אויך געווען מאַניאַ בירנצווייג, אַן אינטערעסאַנטע און ראָמאַנטישע פּערזענלעכקייט. זי האָט זיך אויסגעלערנט „טישלעריי" און איז אַוועק קיין ארץ ישראל. דאָרט האָט זי געלעבט אין אַ קיבוץ, אָבער צוליב אַ קראַנקייט איז זי צוריקגעקומען קיין טשענסטאָכאָוו. זי האָט געהאַט אַ געוואַלטיקן איינפלוס אויף אונדז קינדער. זי האָט איבערגעלעבט די מלחמה און איצט אַרבעט זי ווי אַ באַקטעריאָלאָגין אין „פּאַסטער־אינסטיטוט", אין פּאַריז. זי איז די שוועסטער פון פּנחס און מיכל בירנצווייג וואָס זיינען אויך געווען אַ צייט „שומרים". מיכל איז געווען אַן ערשטקלאַסיקער ספּאָרטסמאַן און אַ מוטיקער בחור. טאַניע קאַלין האָט אים גערופן „אונדזער מאַרטין עדען". דאָס איז דער זעלבער מיכל בירנצווייג וואָס האָט העלדיש אויסבאַהאַלטן אין מעבל־לאַגער יידישע פאַמי־ליעס. ער איז אומגעקומען צוזאַמען מיט זיין פרוי, האַנקע שיינפעלד.

אַ כאַראַקטעריסטישער טיפּ פון דער שומרישער יוגנט אין טשענסטאָכאָוו איז געווען דער ברודער פון ווילעק האַראָ־וויטש. מיר האָבן אים גערופן מיטן צונאָמען קוץ. ער איז צוריקגעקומען פון ארץ ישראל שטודירן. ווילעק איז מיט לייב און לעבן געווען איבערגעגעבן דער אַרבעט פון „קרן קימת". ער איז אומגעקומען צוזאַמען מיט זיין עלטערן ברודער, לייבעק.

אַן ערך צוויי יאָר האָט אויך עקזיסטירט אין טשענסטאָכאָוו אַ שומרישע אָרגאַניזאַציע, אין הויז פון טייכנער, אויף דער פּילסודסקי גאַס. דאָס איז געווען דער „השומר טרומפּלדור", דורכגענומען מיטן גייסט פונעם העלדישן לעבן און טויט פון יוסף טרומפּלדור, און פון א. ד. גורדון, וואָס האָט געפּרעדיקט די פאַרגעטערונג פון אַרבעט. איך האָב אַ געוויסע צייט גע־הערט צו דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע, אונטער דער פירער־שאַפט פון לוטעק גרינבערג, וויסבאַרד און צעלניק.

מיינע נאָענטסטע חברים זיינען דעמאָלט געווען: ראובן

בערקאָוויטש, וואָס וואוינט איצט אין רחובות; יאַכור, וואָס איז איצט אין פּאַריז; דער גערטנער און נאַטור־מענטש; פרייערמויער, און דער העברעאישער לערער; אהרן לוקסענבורג.

דער „שומר טרומפּלדור", האָט זיך ווייניק וואָס אונטערשיידט פון „השומר הצעיר, שפּעטער איז ער געוואָרן אַ טייל פון „השומר הצעיר". דער „קן" האָט זיך דעמאָלט געפונען אויף זאַוואַדזיע, נישט ווייט פון דעם יידישן שפּיטאָל.

די פירער זיינען דעמאָלט געווען: לייביש פראַנק, ווילעק לעסלוי, יאָסל היימאַן, יאַנקל ברוין, פּיוולאָוויטש און די קאַלין־שוועסטער.

דער „קן" איז געווען איינגעטיילט אין „פלוגות", די „פלוגות" — אין „קבוצות". מיין „ראש" איז דעמאָלט געווען יודל קאָלין. אַ „קן"־פייערונג איז געווען זייער צערעמאָניאַל. יעדעס יאָר זיינען מיר געפאָרן אין דער שומרישער קאָלאָניע. די קאָלאָניע האָבן מיר אַליין אָרגאַניזירט און דורכגעפירט. מיט אייגענע עקאָנאָמען, קוכער, רייניקער; מיר האָבן געקלעטערט אויף די בערג פון בעסקידן, געמאַכט אסיפות, קעמפּ פייערס, געזאַנג און שפּיל; די יערלעכע קאָלאָניעס, און נאָכמער די הכשרות, האָבן געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויפן כאַראַקטער פון די מיטגלידער. סיי די „קאָלאָניע", סיי די „הכשרה" האָט געלערנט ווי אַזוי צו לעבן אין „קיבוץ" און צו זיין פון די לעצטע צו געניסן פון באַקוועמלעכקייטן. די קאָלאָניעס זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן לויטן עלטער: כפירים, צופים און קשישים. פון 18 יאָר אָן האָט מען זיך גערופן „קשישים", ס'הייסט, אַלטע לייט נעבעך, וואָס דאַרפן אַוועקפאָרן אויף הכשרה, און זיך גרייטן קיין ארץ ישראל.

צווישן אונדז און די עלטערן איז מערסטנטייל געלעגן אַ תהום. צו לינדערן די קאָנפליקטן צווישן אונדז און די עלטערן האָט מען באַדאַרפט האָבן קלוגע דיפּלאָמאַטן. איינער פון זיי איז געווען לייביש פראַנק. ער איז דעמאָלט אַלט געווען 16, אָדער 17 יאָר. ער געהאַט אויף זיך אַ גאונישן קאָפּ. אַ פירער פון „השומר הצעיר" אין טשענסטאָכאָוו איז געווען ווילעק לעסלוי. ער איז היינט אַ באַקאַנטער פאָרשער און געלערנטער. מיר ווייסן פון זיינע פאָרשונגען צווישן די פאַלאַשן אויף די אַביסיניער בערג.

אונטער דער אָנפירערשאַפט פון יאסעק היימאַן און יאנקל בראון האָט דער „השומר" אַנטוויקלט אַ רייכע קולטור טעטיקייט. עס האָבן זיך געשאַפן לערן־קרייזן און מיר האָבן געמאַכט פאַרשיידענע קולטור אונטערנעמונגען. מיטן השומר האָבן זיך אינטערעסירט פאַרשיידענע מענטשן, לערער און פאַרטייאישע. זיי פלעגן מיט אונדז דיסקוטירן און זיך וואונדערן, ווי מיר קענען טאָלערירן אַזוי פיל קעגנזעצלעכע מיינונגען און אידעען אין אונדזערע גרופּן. ווי אַזוי ד"ר הערצל און זשאַבאָטינסקי פאַרנעמען אַ גלייכבאַרעכטיקט אָרט מיט קאַרל קאַוטסקי און קראָפּאָטקין. פאָרלעזונגען, ספּאָרט, געזאַנג, אויספלוגן, ביכער, ליבשאַפט און פריינטלעכקייט, פאָרשן און וויסן, פריידענקערישקייט, און רעספּעקט פאַרן גלויביקן; ספּאָרט און געזאַנג, ליבע צו נאַטור און אַרבעט, איז געווען אַן עיקר אין לעבן פון די יוגנטלעכע שומרים.

איינע פון די שענסטע פייערונגען פאַרן „קן" איז געווען ל"ג בעומר. אַלע שומרים זיינען געווען אָנגעטאָן אין גרינע מונדירן מיט בלוי־ווייסע פענער; מיט פלייטן און פּויקן האָבן מיר גאַנץ פרי מאַרשירט אויף די גאַסן פון שטאָט. די סיגנאַלן פון מיכלס טראָמפּייט האָט אויפגעוועקט די איינוואוינער פון די „אַלעען", נייעם און אַלטן מאַרק.

צווישן אונדזערע מיטגלידער איז געווען דער טאַלאַנטפולער מאַלער העניעק גוטערמאַן, אַ תלמיד פון באַרימטן מאַלער ווילנבערג. העניעק גוטערמאַן איז אין יאָר 1936, אַוועק קיין שפּאַניע, העלפן דער שפּאַנישער פאָלקס דעמאָקראַטיע, אין דעם בירגער־קריג. ער איז אומגעקומען אין דער מלחמה קעגן די פראַנקאָ־פאַשיסטן. אַ זעלטענער מענטש איז געווען יאַנקל בראון. אין דער קריטישער צייט, ווען די יוגנט איז געווען גייסטיק צעדרודערט און געצווייפלט אין די אידעען פון „השומר הצעיר", האָט אונדז יאַנקל געמוטיקט. עס האָט דאַן שוין אָנגעהויבן רייף און בולטער צו ווערן דער שומרישער וועג; ציוניזם, סאָציאַליזם און קיבוציזם. אַ טייל זיינען אַוועק רעכטס, צו די רעוויזיאָניסטן, און אַ טייל — לינקס. אינערהאַלב דער באַוועגונג זיינען געווען פאַרשיידענע אויסטייטשערס און אַריינטייטשערס. עס זיינען פאָרגעקומען שטענדיקע וויכוחים צווישן די אָנהענגער פון מרדכי אָרנשטיין (אורין) און יהודה גאָטהילף. יאַנקל ברוין האָט געגלויבט אין ארץ־ישראל אַלס דער איינציקער וועג און ציל, און מיט זיין גלויבן האָט ער באַווירקט די „שומרים" וואָס זיינען לסוף אויך אַוועק קיין ארץ ישראל, און אַ טייל פון זיי לעבן טאַקע היינט אין „קיבוצים".

אין די דרייסיקער יאָרן האָט זיך דער „קן" געפונען אין דער קילינסקיעגאָ גאַס ביי די קאָשאַרן. אין די לעצטע דרייסיקער יאָרן איז משה קלאַרמאַן געווען דער פירער פון „השומר הצעיר", אין טשענסטאָכאָוו. זיין ברודער איז געווען דער פירער פון דער „גורדוניה". משה קלאַרמאַן איז אַוועק קיין ארץ־ישראל אין 1939, מיט זיין פרוי רוזשקע אייכנוואַלד. אין דער מלחמה צייט האָט ער אַנטיילגענומען אין דער ישראלדיקער בריגאַדע און געקעמפט אין אייראָפּע קעגן די נאַציס. אין דער צייט פון באַפרייאונגס־קריג, מיט די אַראַבער, ער איז מיט זיין פאַמיליע געווען אין אַ שומרישן קיבוץ „יד מרדכי". ער איז געפאַלן אין קאַמף מיט דער עגיפּטישער אַרמיי. מען דערציילט, אַז ער איז דער לעצטער געבליבן אויפן פּאָסטן און געפייערט אויפן שונא פון זיין מאַשין־ביקס. ווען דער שליח איז אָנגעקומען מיט אַ באַפעל זיך צוריקצוציען האָט משה שוין נישט געלעבט. זיין פרוי און קינדער געפינען זיך ביז היינט אין קיבוץ „יד מרדכי", אין נגב.

דער „השומר הצעיר" האָט פאַרשריבן אַ הערלעך קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון דער יידישער יוגנט אין יידישן לעבן פון אונדזער שטאָט. אומעטום וואו די אַמאָליקע שומרים געפינען זיך נאָר, לעבן זיי נאָך איצט מיט יענע יאָרן, וואָס האָבן איבערגעלאָזן אַ חותם אויף זייערע אַנשויאונגען, מענטאַליטעט און כאַראַקטער; דער חותם פון יענע ראָמאַנטישע שומרישע יאָרן. עס איז טאַקע אמת וואָס מען פלעגט זאָגן: איינמאָל אַ שומר, — שטענדיק אַ שומר!

## ד״ר וו. גליקסמאַן

# טשענסטאָכאָווער גאַסן

### די אַלעע



די גאַס וואָס האָט צעטיילט דעם שטאָט־צענטער אויף אַ צפונדיקן און אויף אַ דרומדיקן טייל איז געווען די אַלעע. זי האָט זיך אָנגעהויבן ביים אויסלויף פון נייעם מאַרק און האָט זיך געענדיקט נאָענט צום וועג וואָס פירט צום פּאַולינער קלויסטער. אין באַפרייטן פּוילן, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט דער שטאָט־ראַט געהאַט אָנגערופן די אַלעע אויפן נאָמען פון דער „הייליקער מאַריאַ״.

אין אויסקוק איז די אַלעע געווען ענלעך צו די מאָדערנע בולוואַרן אין גרויסע שטעט. איין גיי־וועג און איין פאָר־וועג פון יעדער זייט, און אין מיטן צווישן די צוויי וויאַדוקטן האָט זיך אויף דער גאַנצער לענג געצויגן אַ שפּאַציר־וועג. אויף ביידע זייטן זיינען געווען פאַרפלאַנצט הויכע קאַשטאַנען ביימער וואָס האָבן זיך אָנגערירט מיט זייערע קרוינען. דער שאָטן, וואָס די פאַרצווייגטע ביימער האָבן געוואָרפן, זיינען געווען אַ באַשיץ־מיטל קעגן דער זומערדיקער זון הן פאַר די שפּאַצירנדיקע און הן פאַר די וואָס זיינען געזעסן אויף די בענק. מיט דער צייט זיינען די אַלטע ביימער פאַרטרישט געוואָרן אויף ייִנגערע וואָס האָבן זיך צעוואַקסן און צעבליט און צוגעגעבן שיינקייט צו דעם אויסקוק פון דער אַלעע.

די גאַנצע אַלעע איז געווען געטיילט אויף דריי באַזונדערע אַלעען. די ערשטע איז געווען פון אָנהייב ביז צו דער באַן בריק. אַריבער דער דאָזיקער בריק האָט זיך אָנגעהויבן די צווייטע אַלעע — צעטיילט דורך די גאַסן, אַלעע קאָשציושקי און אַלעע וואָלנאָשטשי, — וואָס האָט זיך געצויגן ביז דעם פּלאַץ פאַרן בנין פון שטאָט־ראַט. דער אויסלויף פונעם דאָזיקן פּלאַץ האָט זיך צוזאַמענגעהאָפטן מיט דער דריטער אַלעע וואָס האָט געהאַט איר סוף ביי דער פּראָמענאַדע וואָס האָט געפירט צום קלויסטער.

אויף ביידע זייטן פון דער אַלעע האָבן זיך געפונען די שענסטע בנינים פון דער שטאָט וואָס האָבן געדינט הן ווי וואוינערטער און הן פאַר געשעפטן.

די הייזער און זייערע באַוואוינער אין דער ערשטער אַלעע זיינען געווען, כמעט אַלע, אין ייִדישע הענט (אויף פערצן הייזער האָבן 11 געהערט צו ייִדן און 3 צו קריסטן). די צווייטע אַלעע איז געווען אַ געמיש פון ייִדישע און קריסטלעכע הייזער פון באַוואוינער ווי אויך פון געשעפטן. זי איז געווען ווי אַן איבערגאַנג בריק צו דער דריטער אַלעע וואָס איז געווען באַוואוינט בעיקר פון קריסטן. וואו נישט וואו האָבן זיך געפונען יחידים, ייִדישע לאָקאַטאָרן אין קריסטלעכע הייזער און צווישן קריסטלעכע איינוואוינער. די עטלעכע ייִדישע געוועלבלעך פון נאַשערייען און וואַסער (אייזיקעוויטש) זיינען געווען אַנאַכראָניזמען אין דער פּוילישער סביבה וואָס האָט געהערשט אין דער דריטער אַלעע.

די אַלעע איז געווען דער וויאַדוקט דורך וועלכן עס פלעגן אַריינקומען אין שטאָט אַריין פורן, וועגענער און בוידן מיט איינוואוינער, בעיקר ייִדן, פון דער פּראָווינץ — פון קלאָבוצק און פון קזשעפּיץ, פון פּראַשקע און פון וויעלון און פון אַ סך אַנדערע נאָענטע מקומות וואָס זיינען געלעגן אויף די דאָזיקע שליאַכן קיין טשענסטאָכאָוו. דורך דער אַלעע האָבן זיך געצויגן, יאָר איין יאָר אויס, די פּילגרימער וואָס פלעגן עולה רגל זיין צום קלויסטער און צו אַנדערע הייליקע ערטער פון דער שטאָט. כלערליי מיליטערישע פּאַראַדעס, דעמאָנסטראַציעס אָדער מאַניפעסטאַציעס זיינען דורכגעגאַנגען דורך דער אַלעע. מען האָט געמוזט פאַרבייגיין די אַלעע אין געברויך צו דער לייִדיקן די טאָג־טעגלעכע ענינים.

### די ערשטע אַלעע

דער ייִדישער אויסקוק פון דער דאָזיקער גאַס האָט זיך קאָנטיק געמאַכט אויף פאַרשיידענע אופנים. פון ביידע זייטן גיי־וועג האָבן זיך געצויגן ווי אַ קייט ייִדישע געשעפטן. דאָס ביסל גויאישקייט צו וועלכן ייִדן האָבן זיך געהאַט צוגעוואוינט זיינען געווען דאָס קריסטלעכע אייזן־געוועלב אין הויז נומער 12, און דאָס וויין־געשעפט און די אַפּטייק אין הויז נומער 14. די דאָזיקע געשעפטן זיינען געווען איינגעפונדעוועט מכמה יאָרן און ווי סימבאָלן, אַז אויך די ייִדישע ערשטע אַלעע איז אַ טייל פון דעם קאַטוילישן קריסטלעכן טשענסטאָכאָוו.

ווי אַ האַנדל צענטער האָט די ערשטע אַלעע זיך אויסגעצייכנט מיט דער פאַרשיידנקייט פון געוועלבער וואָס האָבן זיך דאָרטן געפונען. דעם דאָזיקן כאַראַקטער האָט די גאַס געהאַט אָנגעהאַלטן זינט זי איז אַנטשטאַנען.

פאַרן יאָר, 1914, האָט מען געקאָנט זען אין דער אַלעע אויף איין גיי־וועג דאָס טאַבאַק און פּאַפּיראָסן געוועלב פון „קרוק און מאָשקאָווסקי״ און קעגנאיבער דאָס גלאָז און פּאָרצעלאַן געשעפט פון וו. שפּיגעלמאַן. דאָס שפּילגעצייג געשעפט פון ל. בראָניאַטאָווסקי האָט זיך געגרענעצט מיטן קאָלאָניאַל געשעפט פון דער משפחה וואָלפאָוויטש, און דאָס וויין־געשעפט פון א. י. שענפעלד איז געווען קעגנאיבער דעם אייזן־געשעפט פון וויינבערג־לעוואָקאָוויטש. די געשעפטן פון צוקער אויס־

אַרבעטונגען פון א. מ. לובלינג און וו. שיפער זיינען געווען קאָנטראַסטן צו די טעקסטיל געשעפטן פון שומאַכער און פיינער. דאָס באַקלייד געשעפט פון בערל גליקסמאַן איז געווען נישט ווייט פונעם אַפטייק געשעפט פון מ. נויפעלד. אויך די איבעריקע געווועלבער האָבן צוגעטראָגן צו דער פאַרשיידנקייט פון סחורות וואָס די אַלעע האָט געהאַט אָנגעבאָטן.

די מלחמה־יאָרן, 1914—1918, האָבן אונטערגעגראָבן דעם יסוד פון אַ סך איינגעוואָרצלטע סוחרים, און אויף זייער אָרט אַרויסגעהויבן ניי אויפגעקומענע גבירים. שפּעקולאַנטן און שמוגלערס, וואָס האָבן פּראָפּיטירט פון מלחמה געשעפטן, האָבן געהאַט אַרויסגעשטויסן פון האַנדל איינגעזעסענע געשעפטלייט. עס זיינען פאַרשוואונדן פונעם אויבערפלאַך אַלטע עטאַבלירטע געשעפטן און אויף זייער אָרט זיינען אַנטשטאַנען נייע קראָמען.

אַן ענלעכער עקאָנאָמישער מצב האָט זיך געהאַט געצויגן דורך דער אינפלאַציע צייט אין פאַרלויף פון די ערשטע יאָרן פון פוילנס אומאָפּהענגיקייט. עליות און ירידות אויף עקאָנאָמיש־סאָציאַלן לייטער זיינען ווייטער געווען אַ דבר יום־ביום. אויך שפּעטער אין משך פון די נאָענט צוויי־צענדליק יאָרן האָבן זיך געביטן בעלי־בתים פון געשעפטן און אויך זייערע בראַנזשעס.

די אַלעע האָט אָבער ווייטער ממשיך געווען איר כאַראַקטער ווי אַ יידישער האַנדל־צענטער, אָנבאַטנדיק דעם ברייטסטן פאַרנעם פון סחורות וואָס אַ קונה האָט באַדאַרפט. אַפילו די רעגירונג פּאָליטיק צו פּאָלאָניזירן דעם האַנדל, וואָס האָט אויפגעשטעלט קריסטלעכע סוחרים אין יידישע גאַסן, האָט נישט געביטן דעם יידישן אויסקוק פון דער אַלעע.

די סחורות וואָס די אַלעע האָט אָנגעבאָטן זיינען, בדרך כלל, געווען פאַר דעם „בעסערן" קונה, ד. ה. פאַר דעם קויפער וואָס האָט געזוכט סחורות פון אַ בעסערער קוואַליטעט און באַזונדערער גוטקייט. האָט אַ שטאָטישער איינוואוינער, אָדער אַ פּראָווינצער ייד, זיך געניטיקט אין גוטע סחורות אויף אַ מלבוש האָט ער זיי געקאָנט געפינען אין די געשעפטן פון ה. זיסער, אָדער ביי י. פּשעראָווסקי וואָס זיינען געווען אין אויבערשטן טייל פון דער אַלעע. עס זיינען נישט צוריקגעשטאַנען פון זיי אין אָנבאָט פון ווערטיקע טעקסטיל סחורות די געשעפטן פון י. פּיק, פון מ. לאַסטמאַן און פון קאָרנבראָט.

אַזוי איז אויך געווען מיט מענער גאַלאַנטעריע, שיכוואַרג וכדומה זאַכן. מען האָט נישט געדאַרפט אַרויסגיין פון די גרענעצן פון דער אַלעע כדי זיי איינצוקויפן. אויף ביידע זייטן גיי־וועגן זיינען געווען געשעפטן פון דעם מין. דאָס אויסשטעלפענצטער פון ז. פּראַפּאָרט האָט געלאָקט מיט דער פאַרשיידנקייט פון שיך, העמדער, שניפּסן און ענלעכע זאַכן. אַמאָליקע צייטן פלעגט יוסף בלאכשטיין — דער מזרחיסט — האַלטן אַן ענלעך געשעפט. צו דער זעלביקער קאַטעגאָריע פון אַלט עטאַבלירטע גאַלאַנטעריע סוחרים האָבן אויך געהערט האַראָוויטש אויף אַלעע 12, און יוסף דיומאַן אויף אַלעע 4. אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז אויפגעקומען אויף אַלעע 9 דאָס געשעפט פון י. יורקעוויטש.

די באַקלייד געשעפטן אין טשענסטאָכאָוו, וואָס זיינען בעיקר געווען אין יידישע הענט, האָבן געהאַט זייער פאַרקויף מאַרק נישט בלויז אין שטאָט, נאָר אויך אין דער אַרומיקער פּראָווינץ — דערפער, שטעטלעך און שטעט. אויך די באַפעלקערונג פונעם טייל פון אייבער־שלעזיע, וואָס איז געלעגן נאָענט צו טשענסטאָכאָוו, האָט דאָרט געמאַכט אירע איינקויפן. געווועלבער מיט מלבושים פאַר מענער און פרויען זיינען געווען צעוואָרפן איבער פאַרשיידענע גאַסן וואו יידן האָבן געוואוינט. דעם האַנדל־צווייג אין דער אַלעע, האָבן רעפּרעזענטירט: ניימאַן אויף אַלעע 13, קעמפּנער, אַלעע 7, פּיליפּאָוויטש, אַלעע 5 און אַנדערע.

די דאָזיקע באַקלייד געשעפטן האָבן געהאַט ספּעציעלע אָנגעשטעלטע וואָס מען האָט זיי גערופן „רופערס". זייער אויפגאַבע איז געווען צו געווינען דעם קונה. מען האָט זיי געזען זומער און ווינטער אויף די גיי־וועגן, זוכנדיק קויפערס. די רופערס האָבן באַקומען אַ געוויסן אָפּצאָל פאַר זייער אַרבעט. יידן האָבן געמאַכט יעדן מין אָנשטרענג צו פאַרדינען אויף פּרנסה.

די פאַרצווייגטע אינדוסטריע פון טשענסטאָכאָוו און פון די אַרומיקע ערטער האָט געשאַפן פּרנסות פאַר פיל יידישע משפּחות. עס זיינען געווען יידן וואָס זייער הויפּט געשעפט איז געווען צושטעלן כלערליי מאַטעריאַלן אין וואָסערע אַ פאַבריק האָט זיך געניטיקט. געווען אויך געווועלבער, וואָס דער צושטעל פון פאַרשיידענע סחורות אין די פאַבריקן אַריין, איז געווען אַ היפּשער טייל פון זייער האַנדל אַקטיוויטעטן. אַ געשעפט פון דעם מין איז געווען דאָס „אייזן געשעפט" אונטערן נאָמען „טשענסטאָכאָווסקי סקלאַד מעטאַלי" (טשענסטאָכאָווער לאַגער פון מעטאַלן, אויף אַלעע 5), וואָס האָט געהערט צו בערלינער און שוואַרצבוים. די טייערסטע טעכנישע מאַטעריאַלן, פאַרשיידענע שטאָל אויסאַרבעטונגען, כלערליי מעטאַלן און כמעט אַלץ וואָס איז אַריין אין כלל פון אייזן פּראָדוקטן האָט מען געקאָנט קויפן אינעם דערמאָנטן געשעפט. אַן ענלעך געשעפט, אויף אַלעע 4, הגם אין אַ קלענערן פאַרנעם, האָט געהאַט ה. וואַסערמאַן. ביים אָנהייב פון דער גאַס אויף אַלעע 1, האָט געהאַט זיין אייזן געשעפט ש. הערץ.

צו דער פאַרשיידנקייט פון בראַנזשעס האָבן צוגעטראָגן זייער חלק די געשעפטן פון הוטן און קאָנפעקציע פאַר פרויען, פון הוטן פאַר מענער (קראוסקאָפּ און האַבער), אַפּטייק־געשעפטן פון נויפעלד און ראָזענצווייג, דאָס פאַרבן געשעפט פון האָפּמאַן, דאָס וואורשטן געשעפט פון א. אבראַמאָוויטש, דאָס ווייך געשעפט פון שענפעלד, די געווועלבער פון היפּשער און לוריע, די געשעפטן מיט טאַפּיציר סחורות פון בירנצווייג און ברוין, דאָס ראָווערן געשעפט פון מאַס און פון פיל אַנדערע.

דער פולס לויט וועלכן מען האָט געמאָסטן דעם מצב פון יידישן עקאָנאָמישן אָרגאַניזם אין שטאָט איז בעיקר געווען די אַלעע. דאָס לעבן האָט דאָרטן געקלאַפּט אַמאָל שטאַרקער, אַמאָל שוואַכער; בעיקר איז עס געווען אָפּהענגיק פונעם כללדיקן עקאָנאָמישן מצב. דאָס וואָס עס האָט זיך אָבער דאָרטן געהאַט געפינען שטענדיק איז געווען דער ווילן צו אַרבעט, אויפטו און איניציאַטיווע, ענערגיע און פלייסיקייט. די כאַראַקטער שטריכן פון דעם יידישן געשעפט מענטש זיינען געווען קאָנטיק אויף דער דאָזיקער גאַס.

דער טאָג־טעגלעכער ווירוואַר פון האַנדל האָט זיך אָנגעהויבן פריער פאַר דער פּאָליציי־באַשטימטער דערעפן־צייט. מען האָט ריזיקירט מיט אַ שטראָף, אויב עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ פּדיון פון אַ פריערדיקן קונה. האָט מען געמוזט זיין אַפריער אין געשעפט כדי זיך צוצוגרייטן צו דער אַרבעט פאַרן אָנקומענדיקן טאָג, איז מען אַריין פאַר דער אָנגעצייכנטער

שעה. נישט זעלטן האָט מען געזען יידן, מיט טלית און תפילין אונטערן אָרעם, אויפן צוריקוועג פון די שולן און שטיבלעך, איילנדיק אין זייערע געשעפטן אַריין. מען האָט טיילמאָל פאַרקוקט די צייט פון אָנבייסן און זיך געאיילט צו דער אַרבעט. אַזוי איז אָנגעגאַנגען פון דער פרי ביז שפּעט אין אָוונט.

ווען עס האָט זיך געהאַט אָנגערוקט די פּאָליציי שעה צו פאַרמאַכן די קראָמען, האָט מען פאַרמאַכט די פאָדערשטע טירן. אויב עס האָט זיך געוויזן אַ פאַרשפּעטיקטער קונה, האָט מען אים אַריינגעלאָזט דורך דעם הינטערשטן אַריינגאַנג. יעדער קרעמער, אויף זיין אייגענעם אופן, האָט זיך באַמיט אויסצוהיטן פאַר דער פּאָליציי. די רופער פון די באַקלייד געשעפטן, משפחה מיטגלידער פון די קרעמער, אָדער סתם באַקאַנטע האָבן באַצייטנס געגעבן צו וויסן ווען אַ פּאָליציאַנט האָט זיך דערנענטערט. מען האָט דעמאָלט אויף דער גיך פאַרלאָשן די ליכט, געזעסן שטיל — עד יעבור זעם — ביז דער פּאָליציאַנט וועט פאַרבייגיין. האָט אָבער דער פּאָליציאַנט געטראָפן מסחרן נאָך די פּאָליציי שעהן האָט מען יזך אויך ווי נישט געגעבן אַן עצה...

דער סוחרים עלעמענט איז געווען אַ פאַרשיידענער. געווען יידן קרעמער מיט דעם יידישן חותם אויף זייערע פּנימער, און אויך אַ סך אָן באָרד און פּיאות. געווען חסידים און מתנגדים, רעליגיעזע און נישט רעליגיעזע. אָבער פאַרבונדן האָט זיי דער בשותּפותדיקער עקאָנאָמישער גורל — קאַמף און שווערע אַרבעט פאַרן קיום. מען האָט זיך געקענט מכמה יאָרן, און געווען נאָענט צווישן זיך. מען האָט זיך געזאָגט בלשון „דו", און מען האָט אויך געהערט דעם יידישן ווענד ווי ר' ירמיהו, ר' חיים, ר' יוסף, דעם עכט פּוילישן ווענד „פּאַניע" פּ., פּאַניע ה., אָדער פּאַניע ז.

יעדער סוחר האָט געהאַט זיינע שטענדיקע קונים. מען איז געקומען און געגאַנגען, מען האָט געפּאַקט און געטראָגן, טרעגערס האָבן אויך צעפירט די סחורות אויף וועגעלעך. און געקויפט האָט מען אויפן וואָרט: מען האָט געגעבן „אָפּן אויף דרייסיק טעג" אָדער מען האָט געבאָרגט אויף אַ „וועקסעלע". מען האָט אויך אָנגעשלאָסן טראַנזאַקציעס אויף אַ קורץ טערמיניק וועקסעלע וואָס איז געווען כמו „כסף ממש", אָדער מען האָט געצאָלט מיט געלט. קאָנקורירט האָט מען לויט אַלע כללים פון עקאָנאָמישער עטיק. מען האָט זיך נישט געריסן און מען האָט זיך נישט געקריגט וועגן קונה. האַנדל סכסוכים און קאָנקורענציע זיינען פאָרגעקומען, אָבער אין די ראַמען פון באַציאונגען בין אדם לאדם. קריגערייען, וועגן קויפער, זיינען פאָרגעקומען צווישן די „רופערס" אָדער מעקלערס. אָבער דאָס איז אויך געווען אַ זעלטענע דערשיינונג. די באַלעבאַטים האָבן זיך געהאַלטן לויט די אָנגענומענע האַנדל מעטאָדעס. געגילטן האָט דער כלל „לעבן און לאָזן אַנדערע אויך לעבן".

די סוחרישע עטיק איז געווען אַ פּועל יוצא פון זייער יידישער מאָראַל, די האַנדלס וויסנשאַפט האָבן די סוחרים פון דער ערשטער אַלטע נישט געהאַט געלערנט, נישט אין די שקאָלעס און אודאי נישט אין די האַנדל אַקאַדעמיעס. זיי האָבן זיך נישט באַדינט מיט קיין לערן ביכער, און די געזעצן פון עקאָנאָמיע זיינען געווען פרעמד פאַר זיי. די קונץ פון האַנדלען איז געהאַט איבערגעגאַנגען צו זיי פון דור צו דור. געווען אַזוינע וואָס האָבן אָנגעהאַלטן דעם זעלביקן קוואַל פון פּרנסה נישט בייטנדיק די בראַנזשע. (שפּיגעלמאַן, שומאַכער, בירנצווייג און אַנדערע). דאָס געשעפט איז איבערגעגאַנגען בירושה פון פאָטער צום זון און אַזוי ווייטער. דאָס זיינען געווען דעמבעס פאַרוואָרצלטע מכמה יאָרן אין דער פּוילישער ערד.

צו דעם טומל און ווירוואַר אויף דער גאַס האָבן צוגעגעבן די מעקלערס און „טוישערס". מען האָט זיי געזען אַמאָל שפּאַצירנדיקע, אין אַמאָל איילנדיקע אויף די גיי־און שפּאַציר־וועגן. די ערשטע האָבן געזוכט דעם קונה און די צווייטע האָבן אויסגעבאָרגט געלט פאַר אַן פּראָצענט אָפּצאָל. מיט זייערע טעטיקייטן האָבן זיי זיך געמוזט אויסבאַהאַלטן פאַר דער פּאָליציי און פאַר די באַאַמטע פון דעם שטייער אַמט. מען האָט זיי — די יידן — געזען אין די טויערן און אין די פאָדערהייזער. געווען צווישן די „טוישערס" אַזוינע וואָס האָבן געמאַכט געשעפטן אויף אַ גרעסערן, (י. ליפשיץ) און אַזוינע וואָס האָבן געאַרבעט אויף אַ קלענערן פאַרנעם.

פון די פינף יידישע קאָאָפּעראַטיווע בענק וואָס זיינען געווען אין טשענסטאָכאָוו (1. „באַנק פון פאַבריקאַנטן און סוחרים"; 2. „טשענסטאָכאָווער קאָאָפּעראַטיווע באַנק"; 3. „האַנטווערקער באַנק"; 4. „קאָאָפּעראַטיווע באַנק", אָדער „באַנק קופּיעצקי; 5. „האַנדלס באַנק"), האָבן זיך די 2־טע, די 3־טע און די 4־טע געפונען אין דער ערשטער אַלעע. זיי האָבן בעיקר באַדינט דעם קליינעם און מיטעלן סוחר, דעם מאַרק שטייער און קרעמער, דעם האַנדווערקער און בעל־מלאכה.

די „טשענסטאָכאָווער קאָאָפּעראַטיווע באַנק", צוערשט אויף אַלעע 7, און שפּעטער אויף אַלעע 9, איז געוואָרן אָנגעפירט פון יוסף זאַנד, וואו פאַרוואַלטונגס מיטגלידער זיינען געווען דער לאַנגיאָריקער ראש־הקהילה — שמואל גאָלדשטיין, ג. ניימאַן, ה. מייטליס און אַנדערע.

דער אָנפירער פון דער „האַנדווערקער באַנק", אַלעע 12, איז געווען י. באָכענעק און אין דער פאַרוואַלטונג זיינען געווען מיטגלידער פון האַנדווערקער פאַרבאַנד, מיט דר. ה. גייסלער — ווי דער פּרעזיצער.

די „סוחרישע באַנק", פון אַלעע 5, איז בעיקר געווען אַ פּראָדוקט פון דער רעליגיעז פּאָליטישער פּאַרטיי „אגודת ישראל". אין דער אָנפירערשאַפט זיינען געווען: משה באָזישקאָווסקי, אברהם נפתלי האָראָוויטש און אַנדערע. די באַאַמטע זיינען געווען יידן מיט בערד און פּאות, וואָס האָבן געטראָגן יאַרמולקעס אויף זייערע קעפּ בשעת דער אַרבעט.

די דאָזיקע בענק, און בעיקר די ערשטע צוויי, האָט זיך געהאַט איינגעקויפט דאָס פאַרטרויען פון דער גאַנצער באַפעלקערונג. אין אָט דעם געראַנגל פאַר דער עקסיסטענץ, וואָס דער יידישער געשעפטסמענטש האָט געמוזט פירן, הן מחמת דעם גרויסן דוחק אין אייגענעם געלט־קאַפּיטאַל און הן מחמת דער אַנטי־יידישער עקאָנאָמישער פּאָליטיק פון דער פּוילישער רעגירונג, האָבן די דאָזיקע בענק געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין אויפהאַלטן דעם קיום פון די סוחרים, קרעמער און האַנטווערקער; דער יידישער געשעפט מענטש האָט געפונען די נייטיקע קרעדיטן אין די דאָזיקע בענק, וואָס ער האָט נישט געקאָנט דערגרייכן אין די פּוילישע. אין דער צייט פון אַן עקאָנאָמישן קריזיס, אָדער מחמת אַן אַנדערן שטער, ווי, למשל, די פּוילישע פּיקעטן פאַר די יידישע געוועלבער, וואָס האָבן נישט אַריינגעלאָזט דעם קריסטלעכן קונה אין אַ יידיש געשעפט, האָט דער ייד געקאָנט געפונען אַן אָנהאַלט

אין דער יידישער באַנק. מען האָט אַ ייד נישט געלאָזט פאַלן, און מיט אַלע מעגלעכע מיטלען אים געהאָלפן, ווען דער פּדיון האָט זיך געהאַט פאַרקלערנערט. יידן צווישן זיך האָבן מקיים געווען די מצווה פון גמילות חסד. האָט איינער געהאַט אַן איבעריקע „זלאָטי" אַוועקצובאָרגן אויף אַ טאָג־צוויי האָט ער דאָס געטאָן בישועת חן. דער מלוה האָט דערווייל געקאָנט באַצאָלן אַ חוב און ווייטער אָנהאַלטן זיין קרעדיט.

האָט אַמאָל געטראָפן אַז אַ סוחר פון דער אַלעע איז פאַר־אָרעמט געוואָרן, אָדער עס איז עפּעס וואָס אויסטערליש געשען מיט אים, האָבן די איבעריקע סוחרים נישט געלאָזט פאַלן קיין חבר. עטלעכע בכבודיקע בעלי־בתים זיינען אַרויס אין גאַס צונויפנעמען אַ געהעריקן סכום און אויפשטעלן דעם גע־פאַלענעם צוריק אויף די פיס. זעלטן ווען האָט עמיצער אָפּ־געזאָגט, מען האָט געגעבן איש כפי יכלתו און אויך ביד רחבה. האָט געטראָפן אַז די זאַמלערס האָבן בכיוון דורכגעלאָזט עמעצן, ווייל לויט זייער איינקוק איז דער באַטרעפנדיקער נישט געווען ביכולת צו געבן, האָט דער לעצטער געהאַט טענות הלמאי מען טוט אים אַזאַ בזיון און מען נעמט פון אים אַוועק די מצוה פון גמילות חסד.

## הייף אין דער אַלעע

אַ ביישטראָג צו דער אַלעע ווי אַ האַנדל צענטער, זיינען געווען די אַן אַ שיעור געשעפטן אויף די הייף. אין די הייף זיינען געווען הייזער מיט הונדערטער שטיבער, מיט געוועל־בער, מיט סקלאַדעס, מיט מאַגאַזינען. הורט געשעפטן און האַנדל לאחדים האָבן זיך געפונען אין די דאָזיקע הייף. מען האָט זיך אויך געהאַט איינגעאָרדנט אַ געשעפט אין דער פּרי־וואַט וואוינונג, און סתם אין אַן אָרט וואו מען האָט געקאָנט האַנדלען.

דער הויף אויף אַלעע 2 איז געווען מער ווי אַ הויף. עס איז אייגנטלעך געווען אַ „זאַיאַזד". כלערליי מיני וועגענער, פורן און סתם געשפּאַן האָט מען דאָרט געקאָנט אָנטרעפן. כמעט פון גאַנצער אַרומיקער פּראָווינץ, פון אמסטאַוו און קאָניעצפּאָל, פון יאַנאָוו און פּשעראָוו, פון קאַמיק און פון וויעלון, פון קלאָבוצק און קזשעפּיץ, פון קאָזישעגלאָוו און פון זשאַרעק, און פון אַנדערע מקומות האָט מען דאָרטן געקאָנט אָנטרעפן פאַיאַזדן. דער נאָענטער נייער מאַרק און די אַגראַ־דאָווע גאַסן פון איין זייט, און די אַלעע פון דער צווייטער זייט האָבן באַגינסטיק דעם הויף ווי אַ האַנדל אָרט און באַגלייך ווי אַ „זאַיאַזד". אין דער ענגעניש וואָס האָט געהערשט אין די אַרומיקע גאַסן, בפרט אין די טעג פון ירידים, האָט דער הויף געניצט ווי אַן אָפּשטעל און אַן אָפּרו־אָרט פאַר מענטש און, להבדיל, פערד. אין אַ יאַריד־טאָג האָט דער דאָזיקער הויף דערמאָנט אַ מאַרק אין אַ קליין שטעטל.

כלערליי הורטאָווע סקלאַדעס זיינען דאָרטן געווען. עס האָבן דאָרטן געהאַט דאָס מעל־געשעפט אברהמטשע דאַנציגער און דוד ענגעל הי"ד. אויפן זעלביקן הויף האָבן זיך געפונען דאָס גלאָז געשעפט פון זוסמאַן און אַ הורטאָווע געשעפט פון צוקער. אין הינטערשטן טייל פון הויף זיינען אויך געווען סקלאַדעס מיט סחורות.

פון די געשעפטן לאחדים איז אויף דעם הויף געווען באַקאַנט דאָס מעבל־געשעפט פון חיים האסקל (פּעקל). כלערליי שענק, כל המינים שטולן און בעטן, און ענלעכע שטיקער מעבל האָט מען דאָרטן געקאָנט זען אויסגעשטעלט אויפן הויף צום פאַרקויף. אַרום דעם געשעפט האָט געאַרבעט כמעט די גאַנצע משפחה. יעדער מיטגליד האָט געטאָן זיין חלק אַרבעט. דאָס איינגעפירטע געשעפט האָט באַדאַרפט הענט צו העלפן, האָט מען זיך ראשית כל באַנוצט מיט אייגענע. אַזוי איז שוין געווען דער דרך אין דעם יידישן מיטלקלאַס אין פּוילן. אין רוב משפחות האָבן קינדער צוערשט מיטגעאַרבעט אין גע־שעפט און מיט דער צייט עס איבערגענומען. מיט גאָר קליינע אויסנאַמען זיינען די קינדער געגאַנגען אויף זייערע אייגענע וועגן.

אין הויף האָט זיך אויך געפונען דאָס געשעפט פון לייבוש פרידריך, אַ קאָלאָניאַל געוועלב, אַ גאַלאַנטעריע געוועלב און אַנדערע.

אַ קלענערער אין פאַרנעם, אָבער דאָך אַ לעבעדיקער איז געווען דער הויף אויף אַלעע 4. דאָרטן האָט געהאַט דאָס געשעפט פון פּאַפּיר מ. ביבער. עס זיינען דאָרטן אויך געווען עטלעכע קלענערע געוועלבלעך. אויפן הויף האָט געהאַט זיין רעסטאָראַציע שמעון דיאַמענט. האָט עמעצער געוואָלט עסן אַ היימיש־גוט מיטאָג האָט ער עס דאָרטן געקאָנט האָבן. אין דעם איינגאַנג פון טויער, אויפן ערשטן גאָרן, האָט אַמאָל דאָרטן געהאַט דאָס געשעפט פון גאַלאַנטעריע יאַניש. מיט דער צייט זיינען דאָרטן אַנטשטאַנען אַנדערע געשעפטן.

ענלעך צו די הייף אויף אַלעע 2 און 4, זיינען געווען די הייף אַלעע 1 און 3. אויפן הויף פון אַלעע 1 זיינען געווען אַ גאַנצע ריי געוועלבער מיט פאַרשיידענע סחורות. דאָס באַ־קאַנטסטע איז געווען דאָס גאַלאַנטעריע געוועלב פון אברהם פראַמער, הי"ד. מיט דער צייט האָט מען אויפן הויף אויפגע־בויט האַלעס אין וועלכע עס האָבן געגעסטיקט אַ ריי געוועל־בער אָנהויבנדיק פון אויל, פון נאַפט און שמירעכץ צו וועגן ביז גאַלאַנטעריע, שפּייז, לעדער, שיך אויסאַרבעטונגען, אאַז"וו. אויפן הויף זיינען אויך געווען שפּייכלערס און סקלאַ־דעס מיט סחורות, וואָס האָבן געהערט צו די באַלעבאַטים פון די געשעפטן וואָס האָבן זיך געפונען אין דעם הויז. האָט אַ שמייסער, אָדער אַ פורמאַן געוואָלט ווייזן קונצן און געשיקט־קייט אין פירן אַ פערד, אָדער מאַנעווורירן מיט אַ וואָגן, האָט ער דאָס געקאָנט באַווייזן אין דער ענגעניש פון הויף אויף אַלעע 1. עס האָט דאָרט געהאַט זיין מאַנופאַקטור געשעפט ביי דער וואוינונג, צימערמאַן.

אויף אַלעע 3 איז געווען, דאָס באַקאַנטע אין שטאָט, גע־שעפט פון עמאַליריטע מכשירים, פון די שותפים בצלאל פאַטאַשעוויטש און אהרן קאָנגרעצקי. דאָס איז געווען איינס פון די עלטסטע געשעפטן אין שטאָט וואָס איז געוואָרן געפירט אויף אַ מאָדערנעם אופן — מיט בוכהאַלטערן, מאַגאַזינערן און אַרבעטער. פאַר לאַנגע יאָרן האָט דאָס געשעפט געהאַט דעם אויסשליסלעכן פאַרקויף פון די אויסאַרבעטונגען פון דער נאָענטער מלוכה פאַבריק אין בלאַכאָווניע. דאָס איז געווען הן פאַר דער ערשטער וועלט מלחמה און אויך שפּעטער בשעת דער צייט פון פּוילנס אומאָפּהענגיקייט. דאָס געשעפט איז געווען דאָס איינקויף אָרט פאַר סוחרים און קרעמער נישט נאָר פון דער שטאָט נאָר אויך פאַר די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך.

מיט דער צייט איז דאָס געשעפט איבערגעגאַנגען צו בצלאל פאַטאַשעוויטשס טאָכטער און איידעם — מאַנדל.

פון די צוויי שותפים איז אהרן קאָנגרעצקי אַוועק אין די 20־ער יאָרן קיין ארץ־ישראל, נאָך דעם ווי גראַבסקי האָט געהאַט איינגעפירט זיין פיסקאלע פאָליטיק, און דאָרטן האָט ער אויסגעלעבט זיינע יאָרן. ר׳ בצלאל פאטאשעוויטש, הי״ד, האָט געטיילט דעם גורל פון אַלע טשענסטאָכאָווער אונטער די נאַצי־דייטשן, אין די יאָרן 1939—1945.

אויפן זעלביקן הויף האָט זיך געפונען דאָס גלאָז און פאָרצעלאַן געשעפט פון זאקסענהויז און גאָלדשטיין. אויך זיי האָבן מיט דער צייט פאַרלאָזט טשענסטאָכאָוו און זיך באַזעצט אין ארץ ישראל.

אַמאָליקע צייטן האָט דאָרטן געהאַט זיין מאַנופאַקטור געשעפט, ביי זיין פּריוואַטער וואוינונג, ירמיהו פיק, הי״ד. עס האָט דאָרטן געהאַט זיין געשעפט פון קנעפּ און ענלעכע אויסאַרבעטונגען יעקב בערמאַן.

אַ הויף וואו עס האָבן זיך געפונען האַנדל אונטערנעמונגען איז געווען אַלעע 10. פון די מער באַקאַנטע געשעפטן האָט זיך דאָרטן געפונען זיך וויינטרויבס געשעפט פון עמאַלירטע סחורות; דאָס הערינג געשעפט פון אַלטער; אַ ריי מאַגאַזינען מיט סחורות וואָס האָבן געהערט צו הורטאָווע סוחרים.

פון ווייטערדיקע האַנדל אונטערנעמונגען אין די הייף פון די הייזער אין דער אַלעע זיינען געווען; דאָס עקספּעדיציע געשעפט פון ש. ריינגאָלד, אויף אַלעע 9. ער האָט פאַרלאָזט טשענסטאָכאָוו און זיך באַזעצט אין ארץ ישראל; דאָס געשעפט פון שרייב מאַטעריאַלן אויף אַלעע 11, פון שטייער; די געשעפטן אויף אַלעע 12 פון פּאַפּיר און טעקטורע, פון פּ. קאָזלאָווסקי און פון פאַרבן , פון טשענסטאָכאָווסקי.

אויך אין די איבעריקע הייף האָבן זיך געפונען קלענערע, אָדער גרעסערע געשעפטן הן אין אָפענע געוועלבער און הן ביי פּריוואַטע וואוינונגען.

* * *

פרייטיק פאַרנאַכט איז שטיל געוואָרן אויף דער אַלעע. כמעט אַלע געשעפטן זיינען געשלאָסן געוואָרן. די באַלעבאַטים און זייערע אָנגעשטעלטע זיינען אַוועק אַהיים צוצוגרייטן זיך צום שבת. די נעכטיקע פאַרפראַצעוועטע יידן זיינען געוואָרן שבת יום־טובדיק. עס זיינען געגאַנגען חסידים, באַלעבאַטים און סתם יידן, יעדער צו זיין מנין, אָדער צו זיין שול. עס האָט אויפגעהערט דאָס יאָגעניש, און מיט פּאַמעלעכע אויסגערעכנטע טריט איז ווער אַריינגעגאַנגען אין הויז פון ח׳ וועקסלער און שותפים אויף אַלעע 6, וואו די מתפללים פון דאָרטיקן שטיבל זיינען געווען על פי רוב מזרחיסטן; טייל זיינען אַריין אין אַלעע 8, וואו עס איז געווען דאָס שטיבל פון אַ גרופּע גערער חסידים; עס איז אויך געווען אַ מנין אין הויז פון מ. ראָזענצווייג, אַלעע 7. באַלעבאַטים, האָבן געדאַוונט אין די שולן אין הויז פון גאָלדשטיינען און שותפים, אַלעע 4, אָדער אין דער שול אויף אַלעע 1. אויפן וועג אין די מנינים אַריין האָבן פרומע יידן דערמאָנט פאַרשפּעטיקטע סוחרים צו פאַרשליסן זייערע געשעפטן. די אַלעע האָט אויסגעזען ווי אָפּגעשטאָרבן. אַזוי האָט דאָס שטילקייט אָנגעהאַלטן ביז מוצאי שבת. דאָס געזעץ וועגן זונטיק רו האָט געצוואונגען יידישע סוחרים צו האַלטן זייערע געשעפטן פאַרמאַכט זונטיק. יידן האָבן אָבער אויך זונטיק נישט גערוט. עס איז געווען אַ טאָג פון אַרבעט. סוחרים האָבן זיך אַרויסגעלאָזט איבער דער שטאָט צו דערליידיקן פאַרשיידענע ענינים. פּראָווינץ סוחרים וואָס זיינען געווען, אין משך פון דער וואָך, צוגעבונדן צו זייערע געוועלבער, זיינען געקומען אין שטאָט אַריין איינקויפן סחורות. די סוחרים זיינען געווען, אַנשטאָט אין די געוועלבער, אין גאַס, געכאַפּט אַ שמועס, איבערגעגעבן זיך נייס פונעם עולם המסחר, אָדער סתם געשמועסט מעניני דיומא. זונטיק איז אויך געווען אַ טאָג ווען סוחרים האָבן זיך באַטייליקט אין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. מאָנטיק אין דער פרי האָט זיך ווידער אָנגעהויבן די אַרבעט וואָך. אַזוי איז געווען דער דרך אין עולם המסחר פון דעם פויליש־יידישן סוחר ביז... דער היטלעריסטישער טייפון איז אַדורך די פוילישע ערד און אויסגעריסן די יידישע דעמבעס מיט די וואָרצלען.

אויף דער ערשטער אַלעע זעט מען איצטער נאָר אַ הייפעלע יידן, — געראַטעוועטע פון בונקערס און גאַז־קאַמערן. זיי זוכן זייערע אַמאָליקע פריינט און באַקאַנטע, אָבער קיין אָנדענק איז פון זיי נישט געבליבן. פאַרוויסט איז געוואָרן די ערשטע אַלעע אויף וועלכער עס האָט זיך אַמאָל געהערט דאָס הילכיקע קול פון יידישע מענער, פרויען און קינדער. פאַרשניטן איז געוואָרן דאָס יידישע לעבן פון דער יידישער אַלעע. אַפילו אויף קיין בית־עלמין קאָן מען נישט געפונען זייערע קברים, ווייל אַש און שטויב איז געוואָרן פון זיי — די יידן פון דער ערשטער אַלעע.

זאָלן די ווערטער זיין אַ טרייסט אין אונדזער גרויסן בראָך און צער און אַ מצבת נצח פאַר די יידישע קדושים פון טשענסטאָכאָוו.



די ערשטע אַלעע



אַ הויז אויף דער וואַרשעווער גאַס

## מאָטל בערקאָוויטש

# אַ יידיש הויז אין טשענסטאָכאָוו



דאָס הויז אויף דער וואַרשעווער גאַס, נומער 53, איז געשטאַנען ביים גאָרטן פון די דריי צלמים. דער נאָמען נעמט זיך דערפון, ווייל אין דעם גאָרטן זענען מיט יאָרן צוריק באַגראָבן געוואָרן דריי גלחים. א׳ן אָנשטאָט מצבות האָט מען אַוועקגעשטעלט אויף זייערע קברים דריי גאָר הויכע און גרויסע צלמים. דערציילט האָבן טשענסטאָכאָווער יידן, אַז אָט די דריי גלחים זענען געשטאָרבן אין דער עפּידעמיע ,וואָס האָט געפּאַנעוועט אַמאָל אין שטאָט. באַשטאַנען איז דאָס הויז פון פיר געביידעס — איינע אין פראָנט, די צווייטע — טיפער אין הויף און פון ביידע זייטן — צוויי קלענערע געביידעס, וואָס זענען באַנוצט געוואָרן פאַר פאַבריקן. אין פראָנט פון הויז אויפן ערשטן שטאָק האָבן געוואוינט די נגידים; אין דער צווייטער געביידע — אָרעמע לייט. אַזוי ווי עס פירט זיך ביים שרייבן, אַז מען הייבט אָן פון אויבן אַראָפּ, וועל איך אָנהויבן פון די נגידים.

דער ערשטער נגיד, דער הער לובאַרט, האָט געוואוינט אויף דער רעכטער זייט פון די טרעפּ, וואָס האָבן נאָך גאַנץ נגידיש אויסגעזען, כאָטש דאָס הויז איז לאַנג שוין נישט געווען ניי. ער איז געווען אַן אייגנטימער פון אַ פאַבריק. אַ נידריקער, אַ דיקער, מיט אַ רויטער באָרד, אַ רויט פּנים, מיט צוויי רויטע לאַנגע פּאות אַרונטערגעשאַרט אונטער די אויערן.

דער הער לובאַרט איז געווען קורח־רייך. עס האָט אים פון גאָרנישט געפעלט. אפשר ווייסט איר נישט, מוז איך אייך זאָגן, אַז ביי יידן אין טשענסטאָכאָוו איז געווען אַ ווערטל: „ער האָט אַלץ, עס פעלט אים בלויז אַ קרענק״, און אונדזער הער לובארט האָט דאָס אויך געהאַט. נישט ער אַליין, הייסט עס, נאָר זיין ווייב. זיין ווייב איז געווען אַ הויכע, פעטע יידענע מיט אַ גאָר גרויסן און פעטן גוידער. דאָס פּנים איז ביי איר געווען אַזוי פעט, אַז מען האָט ביי איר די אויגן קוים אַרויסגעזען. זי איז געווען קראַנק אויף אַסטמאַ. די רייכע פרויען האָבן געהאַט אַ טבע צו קרענקען. ווען זיי זענען זיך צונויפגעקומען, האָבן זיי זיך געגרויסט מיט זייער קרענק. איינע מיט דער לעבער, די צווייטע מיטן האַרץ. און אונדזער פרוי, „מאַדאַם״ לובארט, מיט איר אַסטמע. איך ווייס נישט גענוי צי איז זי טאַקע קראַנק געווען, אָדער זי האָט געהאַלטן די מאָדע פון די נגידישע ווייבער. מיר דאַכט זיך, אַז זי איז טאַקע יאָ קראַנק געווען, ווייל, ווען זי איז געגאַנגען שפּאַצירן, וואָס עס האָט זעלטן פּאַסירט, האָט זי געפייפט מיט דער נאָז. ווייס איך נישט, צי איז עס געווען פון דער אַסטמע, ווייל עס קאָן געמאָלט זיין, אַז דאָס געווען פון דעם צופיל פעטס וואָס איר קערפּער האָט פאַרמאָגט. און צוריקגעשמועסט, קאָן טאַקע זיין, אַז זי איז קראַנק געווען און אַז די גאַנצע מעשה מיטן פעטס איז גאָר מיין אייגענע דיאַגנאָזע צו וועלכער איך בין גאָר נישט באַרעכטיגט ווייל קיין דאָקטאָר דערווייל בין איך נאָך נישט. אָבער מילא, וואָס אַ מענטש קען זיך אַלץ דאַכטן.

געהאַט האָט אונדזער הער לובאַרט אויך צוויי טעכטער. פון זיי, די טעכטער הייסט עס, ווייס איך גאָרנישט וואָס צו זאָגן, ווייל איך האָב זיי זייער זעלטן געזען און איך געדענק כמעט ניט ווי זיי האָבן אויסגעזען. קיין געשעפטן מיט אונדז, פאַרשטייט זיך, האָבן זיי נישט געהאַט. איך געדענק וועגן זיי אַזוינס, וואָס איז מיר ניט געפעלן. מיר האָבן געוואָלט זיך צוהערן צו אַ קאָנצערט פון דעם באַרימטן פּוילישן זינגער יאַן קעפּוראַ, דורך דער ראַדיאָ, וואָס הער לובאַרט האָט שוין דאַמאָלט פאַרמאָגט. אגב מוז איך אייך זאָגן, אַז אַ ראַדיאָ דאַמאָלט איז נאָך געווען ביי אונדז אַ גאָר גרויסע מציאה. און געווען איז עס אין אַ זומערדיקן פאַרנאַכט. נו, האָט איינע פון די טעכטער צוגעמאַכט די פענצטער פון זייער וואוינונג, כדי די קלאַנגען פון דעם הערלעכן געזאַנג, נאָך וועלכן מיר האָבן אַזוי געלעכצט, זאָל זיך ניט אַרויסבאַקומען איפן הויף, וואו מיר זענען געווען... נו, איז דאָך נישט קיין וואונדער, וואָס די טעכטער זענען מיר נישט געפעלן. וועל איך זיך נישט באַמיען זיי צו שילדערן. און איר דאַרפט קיין חרטה נישט האָבן, ווייל קיין שיין בילד וואָלט דאָס סיי ווי נישט געווען.

דער צווייטער נגיד איז אויך געווען אַ ייד, אַ פאַבריקאַנט, מיטן נאָמען האָכערמאַן. די פאַבריק זיינע האָט זיך געפונען טאַקע אין דעם זעלבן הויז. אויסגעאַרבעט האָט מען ביי אים שפּיגלען. אָבער דער הער האכערמאַן איז שוין געווען גאָר אַן אַנדער סאָרט מענש; דער היפּוך פון דעם הער לובאַרט. צו אים פלעגן שכנים קומען באָרגן געלט, פרעגן עצות ביי אים, אָדער בעטן סתם בקשות ביי אים. איך געדענק נישט מען זאָל האָבן דערציילט, אַז ער זאָל וועמען עס איז האָבן אָפּגעזאָגט אַ טובה. באַשעפטיקט האָט ער אין זיין פאַבריק כמעט בלויז שכנים, אָבער די מער דערוואַקסענע קינדער פון די שכנים. ווי איך ווייס, זענען יידישע אַרבעטער זיינע שטענדיק אים שולדיק געווען געלט מחמת זיי האָבן איבער דער וואָך מער ביי אים געבאָרגט, ווי דאָס וואָכן־געהאַלט האָט באַטראָפן. אַליין איז ער געווען אַ נידעריקער, אַ דאַרער, אַ גוטמוטיקער מענטש. אַ קליין, שפּיציק געשוירן בערדל און אַ פול מויל מיט גאָלדענע ציין.

אַ טבע האָט ער געהאַט צו קנייפּן דערוואַקסענע מיידלעך. אָבער שוין נישט אין די באַקן. מילא, ער האָט מסתמא געהאַט פאַרגעניגן דערפון. לויט ווי איך געדענק, האָט ער קיין סך פאַרגעניגן אין זיין לעבן נישט געהאַט. עס זענען ביי אים געשטאָרבן צוויי דערוואַקסענע טעכטער. זייט דאַן איז ער מיט איין מאָל עפּעס עלטער און איינגעבויגענער געוואָרן. זיין שטענדיקער הומאָר איז פאַרשוואונדן. איך געדענק נישט אַז איך זאָל אים האָבן געזען אַ שמייכלענדיקן, אַ חוץ איין מאָל, פּורים איז עס געווען, ווען מיין שוועסטער געניא, איך און נאָך דריי חברים האָבן באַשלאָסן אויפצופירן אַ פּורים־פאָרשטעלונג פאַר אונדזערע עלטערן. (די פאָרשטעלונג האָט רעזשיסירט מיין שוועסטער געניאַ).

ווען מיר האָבן אָט דעם פּורים איבעררעאַשט אונדזערע עלטערן מיט אַזאַ פריילעכער פאָרשטעלונג, האָט מיין טאַטע פאַרגעשלאָגן, אַז מיר זאָלן די זעלבע פאָרשטעלונג אויפפירן אויך פאַר דער פאַמיליע האָכערמאַן כדי זיי אַבעסל צו צעשטרייען. נאָך דעם אומגליק וואָס האָט זיי געטראָפן. מיר האָבן דעם פאָרשלאַג אָנגענומען און גלייך דעם זעלבן אָוונט אויך די פאַמיליע האָכערמאַן מחיה געווען מיט אַ יידישער פּורים־פאָרשטעלונג. דאַן האָב איך געזען די האָכערמאַנס נישט נאָר שמייכלען, נאָר אַפילו אויך לאַכן. און איך געדענק, אַז זייט דאַן האָט דער הער האָכערמאַן מיט זיין געבליבענער פאַמיליע יעדן פּורים געוואַרט אויף אונדזער פּורים־שפּיל. מיר זענען אָבער מער נישט געקומען צו אים אין הויז.

האָכערמאַנס פרוי פלעגט זייער אָפט זיצן אין הויף אויף אַ באַנק און זיך צוהערן צו די מעשיות פון די שכנים. ווען זי האָט זיך דערוואוסט אַז אַ שכן, אָדער אַ קינד פון אַ שכן, איז קראַנק, פלעגט זי ברענגען צום קראַנקן אַ ביסל הינער־זופּ, וואָס דאָס, האָט מען געזאָגט, איז אַ רפואה. געהאַט האָט דער האָכערמאַן דריי טעכטער. איך געדענק זיי שוין ווי דערוואַקסענע. די יינגסטע, וואָס האָט געהייסן אסתרקע, איז געווען אַ שילערין פון זיבעטן קלאַס גימנאַזיע. זי האָב איך טאַקע זייער ליב געהאַט. זי איז געווען אַ שיינע און אַ גוטע. אָפט פלעג איך זי בישט זען, אָבער ווען זי האָט מיך טיילמאָל געטראָפן שפּילענדיק זיך אויפן הויף, פלעגט זי צו מיר צוגיין, אויספרעגן מיך וועגן פאַרשידענע זאַכן און מיר געבן אַ גלעט איבערן קאָפּ. דאָס האָט מיך טאַקע זייער געפרייט. איך בין שטאָלץ געווען וואָס אסתרקע האָט מיך אַ גלעט געטאָן. זי איז, צום גרויסן אומגליק, אין איר בליענדיקן עלטער געשטאָרבן. עס האָט גאָרנישט לאַנג געדויערט און עס איז געשטאָרבן אויך די עלטערע טאָכטער. שוין אַ פאַרהייראַטע.

געבליבן איז זיי איין טאָכטער. רוזשקע האָט זי געהייסן. אָט־אָ די רוזשקע האָב איך נישט אַזוי שטאַרק ליב געהאַט. דאָס איז געווען דערפאַר, וואָס זי איז אַרומגעגאַנגען איבערן הויף מעשה מאַדאַם און פלעגט די קינדער פון די שכנים אַרומשיקן איבער די געוועלבער איינצוקויפן פאַר איר פאַרשידענע זאַכן. דאָס אָבער וואָלט מיך אַזוי שטאַרק נישט געאַרט, ווען נישט איר באַפעלערישער טאָן. איך, גראָד, האָב געהאַט גרויס פאַרגעניגן צו גיין אַ גאַנג פאַר די אַנדערע אָרעמע שכנים. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז זיי האָבן קיין צייט נישט, אָדער זיי זענען פשוט מיד אַליין צו גיין. רוזשקע, אָבער, האָט, לויט מיין מיינונג געהאַלטן אַז זי טוט מיר גאָר אַ טובה אַז זי וויל מיך שיקן. נישט קיין קלייניקייט, האָבן די ערע צו טאָן עפּעס פאַר האָכערמאַנס טאָכטער! האָב איך טאַקע קיינמאָל נישט געוואָלט גיין און איך האָב איר געזאָגט, אַז זי זאָל זיך אַ צווייטער דינסט פאַרשאַפן, ווייל איך וויל איר דינסט נישט זיין...

דער דריטער שכן האָט געהייסן בריל. די משפּחה בריל איז געווען אַ געהיימניספולע משפּחה. וועגן זיי האָבן שכנים דערציילט גאַנצע מעשות. מען האָט, צום ביישפּיל, דערציילט, אַז זיי מאַכן אויך שפּיגלען, און דערפון לעבן זיי. מ׳האָט געזאָגט, אַז זיי זענען רייך. אָבער וואו זיי מאַכן שפּיגלען און ווען זיי מאַכן שפּיגלען, האָט קיינער נישט געוואוסט. מ׳האָט דערציילט, אַז ער, דער הער בריל, מיין איך, איז אַ חסידישער ייד און זיצט גאַנצע טעג און לערנט. געזען האָט מען אים נאָר פון איין סוכות צום צווייטן. ווען ער איז געגאַנגען עסן אין דער סוכה. אָפּגעגעסן, פלעגט ער פאַרשווינדן, נישט אויסריידנדיק קיין וואָרט, פּונקט אַזוי שנעל ווי ער איז געקומען. מען האָט געקענט זען אַז ער לעבט אין זיין אייגענער וועלט, און מיט „אונדזער" וועלט וויל ער גאָר קיין שייכות נישט האָבן. וויפיל קינדער ער האָט געהאַט געדענק איך נישט. איך ווייס נאָר וועגן איין טאָכטער, וועלכע האָט, נישט פאַר אייך געדאַכט, געהאַט אַ נישקשהדיק גרויסן הויקער. ווער איר דאָך מסתמא פרעגן, פון וואַנען ווייס איך אַז זי איז געווען ברילס טאָכטער, וועל איך אייך זאָגן. אָט די פאַמיליע בריל פלעגט יעדן זומער אַוועקפאָרן אויף זומער־וואוינונג אין אַ נאָענטן דאָרף, „בלאַכאָווניע". זיי פלעגן דאָרט דינגען אַ וואוינונג אויף אַ גאַנץ זומער. אָבער אַזוי ווי אַזאַ וואוינונג האָט קיין מעבל נישט פאַרמאָגט, האָבן זיי געמוזט מיטנעמען אייגענע מעבל. איז טאַקע יעדן זומער געקומען אַ פויער מיט אַ פערד און וואָגן אָנלאָדענען דעם וואָגן מיט אַלע נויטיקע זאַכן, און דאָס מיידל מיטן הויקער איז אַרויפגעקראָכן גאָר אין דער הויך און האָט אַכטונג געגעבן אַז קיינער זאָל חלילה עפּעס נישט צונעמען. און אַזוי ווי כ׳האָב פאַרשטאַנען אַז אַ פרעמדן וועט דאָך דער הער בריל נישט אָנפאַרטרויען אַזאַ וואַזשנע מיסיע, דערפון האָב איך געוואוסט אַז זי איז טאַקע ברילס טאָכטער. און איך מוז צוגעבן, אַז דער איינפאַל אַרויפצוזעצן די טאָכטער אויפן וואָגן איז געווען זייער אַ גוטער, ווייל אַ גנב, אַפילו דער גרעסטער באַנדיט, וואָלט נאָר אַ קוק געטאָן אויף איר, וואָלט ער זיך גלייך דערשראָקן און אַנטלאָפן וואו דער שוואַרצער פעפער וואַקסט.

יאָ, איך האָב זיך דערמאָנט. אַן איידעם, ברילס, האָב איך אויך געקענט. אין מיין גאַנצן לעבן האָב איך נאָך אַזעלכע גראָבע לעפצן נישט געזען ווי אָט ביי דעם בחור. און אַ קראַנקער האָט ער אויך געמוזט זיין, לויט זיין גאַנצן אויסזען.

אויף דעם ערשטן שטאָק האָט אויך געוואוינט אַ גוי. ווי אַזוי ער האָט זיך דאָרט אַריינבאַקומען צווישן די נגידים, ווייס איך נישט. אפשר דערפאַר וואָס ער איז געווען אַ פּאָליציאַנט. און אַזוי ווי איך בין נאָר פאַראינטערעסירט אין די יידישע שכנים פון דעם הויז, וועל איך די גויאישע שכנים לאָזן צורו, כאָטש אין דעם הויז האָבן געוואוינט כמעט מער קריסטן ווי יידן. ווייל דער טייל פון דער וואַרשעווער גאַס האָט געהערט דאַמאָלט צו דער פּוילישער געגנט.

נאָך אַ רייכע יידישע פאַמיליע, רוזיעוויטש, האָט געוואוינט אין דעם הויז. אַ מוטער, צוויי טעכטער און אַ זון. פון מיינע קינדער־יאָרן אָן געדענק איך די פרוי אַלס אלמנה. די עלטערע טאָכטער אירע איז אַוועקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל. שפּעטער האָט זי אויך די מוטער און די שוועסטער אירע אַהינגענומען. דער זון איז געבליבן און האָט חתונה געהאַט מיט אַ טאָכטער פון דעם שפּיגל־פאַבריקאַנט האָכערמאַן, וועלכן

איך האָב שוין דערמאָנט. דאָס גליק זיינס האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט. די פרוי זיינע איז קורץ נאָך דער חתונה גע־שטאָרבן ביים געבן געבורט צום ערשטן קינד. דאָס קינד איז אָבער געבליבן לעבן.

דאָס זענען געווען די גבירים אין דעם הויז. פאַרטיק מיט זיי, וועל איך זיך אַראָפּלאָזן צו די נידעריקערע שטאָקן, צו די אָרעמע לייט, הייסט עס.

אויפן פּאַרטער (גרענד פלאָר) האָט געוואוינט אַ שוסטער; אברהם האָט ער געהייסן. איך האָב אין מיין לעבן געקענט אַ סך אָרעמע שוסטערס, אָבער ער איז, דוכט מיר, געווען דער אָרעמ־סטער צווישן זיי. ער האָט תמיד געאַרבעט, אָבער קיינמאָל אויף קיין ברויט אַפילו נישט פאַרדינט. עפּעס אַ פינצטער מזל אַזאַ. אברהם איז געווען אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט צוויי איינגע־פאַלענע באַקן. ער פלעגט זיצן אויף זיין קליינעם שוסטער־בענקל און דערציילן מעשות צו זיינע קונים. פאַרדינט האָט ער טאַקע ווייניק, אָבער דערציילט מעשות האָט ער, דערפאַר, אַ סך. געהאַט האָט ער אַ פרוי מיט דריי קינדערלעך. די פרוי זיינע איז געווען אַ „לוסטיקער דלות״. גאַנצע טעג פלעגט זי זיצן ביי די שכנים און דערציילן וויצן. צייט האָט זי שטענדיק געהאַט, מחמת קאָכן איז נישט געווען וואָס, דאָס ביסל בעבעכעס וואָס זי האָט פאַרמאָגט אין אָרדנונג צו ברענגען האָט קיין סך צייט ביי איר נישט פאַרנומען. פלעגט זי גאַנצע טעג גיין פון איין שכן צום צווייטן. ערשטנס, כדי זיך אויסצובאַהאַלטן פון אירע קינדער׳ס הונגער־געוויין, און צווייטנס, צו דערציילן אירע וויצן. איך מוז אייך אָבער זאָגן, אַז אָפטמאָל האָט זיך פון אירע וויצן מער געוואָלט וויינען איידער לאַכן. ווייל זי פלעגט מיט אירע וויצן אָפט באַוויינען איר ביטערן גורל.

דער הויף איז געווען אַ לאַנגער און אַ ברייטער. אויף ביידע זייטן הויף האָבן זיך געפונען פאַבריקן. פון דער לינקער זייט — אַ פאַבריק פון קעמלעך. פון דער רעכטער — דעם שכן האָכער־מאַנס שפּיגל־פאַבריק. און האַרט ביי אָט דער פאַבריק האָט געוואוינט אַ פרוי אַן אלמנה מיט פיר קינדער. דעם מאַן אירן האָב איך קיינמאָל נישט געזען. די פרוי אַליין, אסתר־מלכה האָט זי געהייסן, האָט אויך קיינמאָל וועגן אים נישט גערעדט. זי האָט נישט ליב געהאַט אַז עמעצער זאָל אים דערמאָנען. ווי איך האָב געהערט דערציילן, איז ער געווען גאָר נישט קיין שיי־נער מענטש. אין וואָס זיין חסרון איז באַשטאַנען ווייס איך נאָך ביז היינט נישט, אָבער אַזוי האָט מען וועגן אים גערעדט, און דעריבער איז דאָך נישט קיין וואונדער, וואָס אסתר־מלכה האָט נישט געוואָלט אַז מען זאָל וועגן אים ריידן. אסתר־מלכה איז געווען „דער דאָקטאָר״ אין דעם הויז. אַז עס פלעגט אַמאָל אַ שכן, אָדער אַ קינד פון אַ שכן, קראַנק ווערן, פלעגט זי עצהן וואָס מען זאָל טאָן. וואָס פאַר אַ מעדיצין צו קויפן און ווי זי צו באַנוצן. זי פלעגט פאַרזיכערן אַז מיט דער־אַ מעדיצין און מיט גאָטס הילף, וועט דער קראַנקער זיכער געזונט ווערן. איך געדענק, בעת איך בין אַמאָל געווען קראַנק, איז זי געקומען, אסתר־מלכה, אָפּגעזעסן ביי אונז אַ פּאָר שעה, און דערציילט פאַרשיידענע מעשות. געזאָגט וואָס מען זאָל טאָן, און ווען זי איז אַוועק איז מיר טאַקע באַלד בעסער געוואָרן. די מעדיצין וואָס זי האָט מיר פאַרשריבן האָב איך נישט גענומען. אָבער בעסער געוואָרן איז מיר יאָ. אפשר האָבן אירע מעשות וואָס זי האָט דערציילט געהאַט אין זיך אַזאַ כח מיר צו העלפן? גיי, ווייס! ווען נאָר איך בין קראַנק געוואָרן, האָב איך געבענקט נאָך איר. ערשטנס צוליב אירע מעשות און צווייטנס — בין איך געווען כמעט זיכער, אַז נאָך איר וויזיט וועל איך באַלד געזונט ווערן. מאָדנע, וואָס זי אַליין, אסתר־מלכה מיין איך, איז אַליין געווען אַ קראַנקע פרוי. זי האָט אין איר לעבן געהאַט אַזוי פיל אָפּע־ראַציעס, און זי איז אַזוי פיל מאָל געווען אין שפּיטאָל, אַז עס איז גאָר אוממעגלעך דאָס אויסצורעכענען. צווישן אירע חולאתן האָט זי געליטן אויך אויף אַסטמאַ. פון אָט דער אַסטמאַ האָט זי פון די שפּיטעלער נישט געקענט פּטור ווערן. אסתר־מלכה האָט נישט געפייפט מיט דער נאָז, אַזוי ווי די מאַדאַם לו־באַרט, אַ שטייגער. זי האָט בלויז שווער געאָטעמט און שטענדיק פלעגט איר אויספעלן לופט. עס איז איר שטענדיק געווען דושנע. פּרנסה האָט זי געהאַט דערפון, וואָס זי פלעגט האַנדלען מיט עופות, הינער, גענדז, קאַטשקעס און אַמאָל אויך אינדיקעס. זי פלעגט אַרבעטן שווער און ביטער, שלעפּנדיק די עופות אין מאַרק, וואו זי פלעגט אָפּשטיין גאַנצע טעג. סיי זומער אין די היצן, סיי ווינטער אין די גרעסטע פרעסט. און אַז איך פלעג זי זען שלעפּנדיק די שווערע זעק מיט געשאָכטענע גענדז, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז אָט־אָט פאַלט זי אום, חלילה, אַ טויטע און זי וועט מער נישט אויפשטיין, ווייל זי האָט אַזוי שווער געאָטעמט. די ברוסט ביי איר האָט זיך אַזוי שווער גע־הויבן, אַז מען האָט פשוט געקענט הערן ווי די לונגען, דאָס האַרץ און דאָס גאַנצע לייב און לעבן אַרבעט שווער, ממש איבער די כוחות. זי האָט אָבער אויסגעהאַלטן. זי איז, ווי מען זאָגט, געווען שטאַרקער פון אייזן, און זי האָט אין צרות און אין דחקות מיט אייגענע כוחות באַוויזן אויפצוהאָדעווען אירע קינדער.

אין דעם הויז זיינען אויך געווען קעלער־שטובן. דאָרט פאַרשטייט זיך, האָבן געוואוינט די אָרעמסטע פון די אָרעמע. דריי יידישע און דריי פּוילישע פאַמיליעס. עס זאָגט זיך אַזוי, דריי יידישע פאַמיליעס! אין איין וואוינונג, וואָס איז באַשטאַנען פון איין צימער, נישט קיין גרויס צימער, חלילה, האָבן געוואוינט אַן ערך 3־4 פּאָר־פאָלקן, גענוי האָב איך קיינמאָל נישט גע־וואוסט. עס איז שווער געווען זיך פונאַנדערצוקלייבן. קיין קינדער האָבן, קיין עין־הרע, נישט געפעלט, און איך ווייס נישט גענוי אויב די מאַמעס אַליין האָבן גענוי געוואוסט וועלכע קינ־דער זענען זייערע, ווייל יעדע מאַמע האָט געשלאָגן אַלע קינ־דער אָן אויסנאַם. דעריבער האָט זיך ביי מיר געשאַפן דער פאַרדאַכט אַז זי ווייסט נישט גענוי וועלכעס קינד געהערט צו איר און וועלכעס ניט. אָבער אַ פּאָר בוכצעס קענען דאָך נישט שאַטן, האָט זי טאַקע קיין קלאַפּ נישט געזשאַלעוועט.

דער הויפּט־שכן פון אָט דער קעלער־וואוינונג האָט גע־הייסן קאַפּל. קאַפּל איז געווען אַ הענדלער פון אַלטע שמאַטעס. אַליין פון מיטעלן וואוקס, אַן אויסגעדאַרטער, מיט איינגעפאַ־לענע באַקן. דער קאָליר פון זיין פּנים — געל־בלאַס, מיט צוויי גרויסע בלויע אויגן. זיין ווייב, אייגע, — אַ דאַרע יידענע אָנגע־טאָן אין שמוציקע, צעריסענע קליידער, די האָר אירע — שטענ־דיק צעשויבערט. זי האָט כסדר געשוואַנגערט. געבוירן אַ קינד און ווייטער פאַרשוואַנגערט. אַזוי, אַז מיט אַ קליינעם בויך האָט מען זי קיינמאָל נישט געזען. דערפאַר האָט מען אָבער אין שטוב ביי איר געזען אַרומלויפן אַ גאַנצע מחנה קינדערלעך, וואָס האָבן געוויינט און געפּילדערט אַ גאַנצן טאָג, און געבעטן עסן. קיין עסן אָבער איז צופיל נישט געווען, נו, קענט איר זיך פאַרשטעלן וואָס עס האָט זיך דאָרט אָפּגעטאָן.

די אַנדערע פאַמיליעס וואָס האָבן געוואוינט אין די קע־לער־שטיבער זענען, וואָס שייך קינדער, אויך נישט געבליבן

הינטערשטעליק. די קעלער־שטיבער זענען דאָרט שטענדיק געגאַנגען כּאַדאָראָם.

די צווייטע פאַמיליע וואָס האָט געוואוינט אין קעלער איז געווען פראָים־הערש. געווען איז ער אַ טרעגער. מען האָט אים גערופן מיט אַ צונאָמען: קיטל. פאַרוואָס עפּעס קיטל? דאָס ווייס איך ביז היינט נישט. אָבער אַזוי האָט מען אים גערופן. אַ ייד איז ער געווען אַ הויכער, אַ ברייטפּלייציקער, זייער אַ קרעפּטיקער. ער פלעגט שטענדיק זיך אַרומטראָגן מיט גראָבע שטריק אַרום זיין בויך און איבער זיין רעכטן אַקסל. געגאַנגען איז ער שטאָלץ, מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ, פונקט ווי עס וואָלט זיינס גלייכן קיינער נישט געווען. די פרוי זיינע, יהודית, ווען זי פלעגט אַ קוק טאָן אויף אים פלעגט זי ממש אָנקוועלן פון דעם, וואָס איר מאַן איז אַ הויכער און אַ שטאַרקער. ווען זי, יהודית, פלעגט זיך ווען עס איז צעקריגן מיט אַ שכן, פלעגט זי אים סטראַשען מיט איר שטאַרקן מאַן: זאָל נאָר איר מאַן אַהיימקומען, וועט ער זיך שוין אָפּרעכענען מיט אים פאַר אַלצדינג.

געהאַט האָט פראָים־הערש, ווי אַלע אָרעמע לייט, אַ סך קינדער און די געוואַלדן דאָרטן זענען געגאַנגען ביזן זיבעטן הימל! די וואוינונג פון פראָים־הערש איז באַשטאַנען פון איין צימער, מיט פענצטער שטענדיק פאַרשמירטע, אַזוי, אַז אויך בייטאָג איז דאָרט שטענדיק געווען פינצטער. איך קען נאָך ביז היינט נישט פאַרשטיין ווי אַזוי האָבן אין אַזאַ קליינעם צימערל געקענט לעבן אַזוי פיל נפשות. דעריבער וועט איר זיך מסתמא ניט וואונדערן אַז, די ריחות דאָרט זענען געווען גאָר נישט קיין מחיהדיקע... אַריינקומען דאָרט צו זיי אויף אַ פּאָר מינוט אַפילו, איז געווען אַ סכנה... מ'האָט ממש געקענט דאָרט דערשטיקט ווערן.

די דריטע איינוואוינערין פון קעלער־שטוב איז געווען די בלינדע שרה. ווי איך געדענק, איז זי געווען אַן אלמנה. וועגן איר מאַן האָב איך קיינמאָל נישט געהערט דערציילן. נישט פון איר, נישט פון אירע דריי טעכטער און נישט אַפילו פון די שכנים, וועלכע האָבן אַלץ געוואוסט. אַ טייל שכנים אין הויז, ווי אסתר־מלכה, אָדער שרה די שוסטערין, האָבן דאָך אַלץ געוואוסט וואָס עס טוט זיך ביי יעדן אין זיין קעלער־שטוב. זיי האָבן געוואוסט אַפילו וואָס ביי יענעם אונטערן האַרץ טוט זיך. אָבער וועגן דער בלינדער שרהס מאַן האָבן זיי אויך נישט געוואוסט. האָט זיך מיר, ייִנגלווייז, טאַקע געדאַכט, אַז זי איז געבוירן געוואָרן אַן אלמנה. געלעבט האָט די בלינדע שרה פון מסחר. זי האָט אויך געהאַנדלט מיט עופות, מיט הינער און מיט גענדז. און אַזוי, בלינדערהייט, האָט זי באַוויזן אויפצוהאָדעווען און דערציען אירע צוויי טעכטער. עס זאָגט זיך אַזוי „דערציען". דערצויגן האָבן זיי זיך אַליין, אָבער געלעבט האָבן זיי טאַקע פון דעם, וואָס זייער בלינדע מאַמע האָט דורך שווערער אַרבעט און מי פאַרדינט.

עס האָבן אויך געוואוינט אַ פּאָר גויאישע פאַמיליעס אין דעם קעלער. אָבער לאָמיר בעסער אַרויס פון קעלער אין דרויסן, צו דער פרישער לופט, ווייל עס איז מיר אַזוי שווער געוואָרן אויפן האַרצן ביים דערמאָנען זיך אין די דאָזיקע קעלער־שטיבער און אין די שכנים, — אַז עס וועט, דוכט מיר, שוין זיין גענוג וועגן דעם צו שרייבן.

פונקט אַזוי ווי אונדזער שכנטע אסתר־מלכה איז געווען די דאָקטאָרין אין דעם הויז, אַזוי האָבן מיר אויך געהאַט דאָרט אַ שכנטע אַ פעלדשערין. אַ פעלדשער ביי אונדז איז געווען, ווי זאָל איך דאָס אייך פאַרטייטשן, אַ מין סאָרט נישט געענדיקטער דאָקטער; אַזאַ איינער וואָס האָט געגעבן צו קראַנקע די ערשטע הילף. און אויב ער איז געווען אַ גוטער פעלדשער האָט ער אויך אַליין געקענט היילן. די שכנטע, די פעלדשערין האָט געהייסן פרימעט. איר מאַן איז געווען אַ קליינער, אַ דאַרער מיט צוויי רויטע, קליינע אייגעלעך. שטענדיק אַ בייזער פון נישט שלאָפן. פון פאַך איז פרימעטלס מאַן, מאיר, געווען אַ בעקער, פלעגט ער ביינאַכט אַרבעטן און בייטאָג שלאָפן. עס זאָגט זיך אַזוי ,שלאָפן. ווי אַזוי האָט ער געקענט שלאָפן, אַז עס זענען קיין עין־הרע געווען פיר קינדערלעך אין שטוב, אַחוץ אירע קינדער? איר וואונדערט זיך, מסתמא, וואָס איך צעטייל די קינדער אויף אירע און זיינע? מוז איך אייך זאָגן, אַז ער, מאיר דער בעקער, איז געווען ביי פרומעטן דער צווייטער מאַן און זי האָט געהאַט קינדער אויך פון ערשטן מאַן. וויפיל קינדער פרימעט האָט געהאַט געדענק איך שוין נישט גענוי. אויב איך האָב קיין טעות נישט, דוכט מיר אַז פינף. ר' מאיר, ווי מיר פלעגן אים רופן, האָט נעבעך נישט געקענט שלאָפן בייטאָג. ער פלעגט מער שילטן ווי שלאָפן. דעריבער איז ער שטענדיק געווען בייז און צו קיינעם קיין וואָרט נישט אויסגערעדט. האָט אַמאָל עמעצער ביי אים יאָ עפּעס געפרעגט, פלעגט ער אָנהויבן שטאַמלען בייזערהייט. רב מאיר איז געווען, נישט פאַר קיינעם געדאַכט, אַ שטאַמלדיקער. פאַר גרויס כעס, וואָס מען פרעגט אים עפּעס, פלעגט ער אָנהויבן שטאַמלען. ביז מ'האָט פון אים באַקומען אַן ענטפער, האָט מען שוין באַלד געהאַט פאַרגעסן וואָס מען האָט אים געפרעגט.

אָט די שכנטע פרימעט, ר' מאירס פרוי, איז געווען די פעלדשערין פון דעם הויז. זי האָט אויך געוואוסט וואָס עס טוט זיך ביי יעדן שכן אין שטוב. צי דער שכן איז אַ פרומער, אָדער, חלילה, אַ „גוי"; צי ער קאָכט אום שבת, אָדער עס איז עמעצער קראַנק; צי דער שכן פאַרדינט גענוג, אָדער ער דאַרף אפשר אַ רפואה אָדער גאָר אַ גמילות־חסד.

אַז אַ שכן פלעגט קראַנק ווערן, פלעגט אסתר־מלכה, דער „הויז דאָקטער", הייסן קודם־כל דעם קראַנקן שטעלן באַנקעס. איז מען גלייך געלאָפן צו פרימעטן און זי איז טאַקע באַלד געקומען און געזען אַז אסתר־מלכהס באַפעל זאָל ווערן אויסגעפירט. און טאָמער האָט אַ שכן געדאַרפט אַ גמילות־חסד, האָט פרימעט שוין צו וויסן געגעבן וואו מען באַדאַרף. דאָס הייסט, די מער־פאַרמעגלעכע שכנים, און מען האָט שוין געזען אַז יענער באַדערפטיקער שכן זאָל באַקומען אַ פּאָר גילדן. אַליין איז פרימעט געווען אַ קליינע, אַ דיקלעכע. אירע שוואַרצע האָר אויף איר קאָפּ זענען שטענדיק געווען צעשויבערט. זי איז נישט געגאַנגען, נאָר געלאָפן. קיינמאָל קיין צייט נישט געהאַט. מחמת אַזוי ווי דער מאַן אירער האָט גענוג נישט פאַרדינט אויף פּרנסה, האָט זי אַביסל צוגעהאַנדלט אויך מיט הינער. ליידער מיט איר גאַנצן האַנדלען איז דאָרט ביי זיי אויך נישט געווען צו פויגלדיק. זי אַליין פלעגט אויך זייער אָפט ברויכן אַ גמילות־חסד... איר טאָכטער, קריינדל, האָט טאַקע חתונה געהאַט מיט אסתר־מלכהס זון, לייביש, און אויך דער איידעם, נאָך דער חתונה, האָט זיך באַזעצט ביי פרימעטן אין דער דירה, וואָס איז באַשטאַנען פון איין צימער, און די ענגשאַפט איז דאָרט געווען אין לשער. אגב, האָט אַ זון אירער טאַקע די ענגשאַפט נישט געקענט אויסהאַלטן און איז אַוועקגעפאָרן אַזש קיין קראָקע.

אָט אין דעם הויז, צווישן דידאָזיקע שכנים, בין איך, דעם 25טן דעצעמבער, 1919, געבוירן געוואָרן.




דער פּלאַן פון דער גרויסער און קליינער געטאָ



דאָס אויסערלעכע אויסזען פון דער נייער שול (סינאַגאָגע) נאָכן פאַרברענען



די אַלטע שול, פון אינעווייניק, נאָכן חורבן



דער טויער און דער שמאָלער „לעצטער וועג" צום שטאָטישן בית־עולם. אין הינטערגרונט זעט מען אַ טייל פון די מצבות



אויף דעם ליידיקן פּלאַץ, אין פראָנט פון הויז, איז אַמאָל געשטאַנען די אַלטע שול. דער באַלעבאָס פון הויז, און פון דער גרויסער אָפּיצינע, איז געווען נאָטעלע פייערטאָג



דער ערדישער איבערבלייב, די ביינער פון יידן קדושים, געפונענע אין דעם בונקער אויף נאדזשעטשנע גאַס, נומער 82־88. אין דעם דאָזיקן בונקער זיינען אומגעקומען 200 יידן



דאָס הייפל שטיינער, איבערגעבליבענע פונעם צעשטערטן אַלטן בית־המדרש

ד״ר בנימין אָרענשטיין

# טשענסטאָכאָווער יידן אין דער נאַצי־עפּאָכע *)



דער אָנהייב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז גלייכצייטיק דער אָנהייב פון ליידן, פּיין, אומקום, מאַרטירערשאַפט און העראָאיזם פון די טשענסטאָכאָווער יידן.

פרייטיק, דעם ערשטן סעפּטעמבער, 1939, אין די פרימאָרגנשעהן, איז נאַצי־דייטשלאַנד באַפאַלן פּוילן. און שוין דעם דריטן טאָג, זונטיק, דעם דריטן סעפּטעמבער, ניין אַזייגער אין דער פרי, האָבן די דייטשישע מאָטאָריזירטע איינהייטן אָנגעהויבן אַריינדרינגען קיין טשענסטאָכאָוו און איין טאָג שפּעטער האָט זיך אָנגעהויבן די ערשטע שחיטה, וואָס האָט באַקומען דעם נאָמען: „דער בלוטיקער מאָנטיק".

## דער בלוטיקער מאָנטיק

מאָנטיק, דעם פערטן סעפּטעמבער, אונטערן בלבול, אַז יידן האָבן געשאָסן אויף די דייטשן, איז פאָרגעקומען אַ שווידערלעכער פּאָגראָם, וואָס האָט געדויערט דריי טעג. דער ערשטער קרבן איז געווען נפתלי טענענבוים, אַן אייגנטימער פון אַ פאַבריק פון קנעפּ אויף פּילסודסקעגאָ 7. דער צווייטער קרבן — לוזער פּראַפּאַרט, באַקאַנט געווען אונטערן צונאָמען „פּאָ פּיענטש" (צו פינף); דער דריטער — קאַץ, אַ טישלער פון פאַך, באַקאַנט געווען אַלס אָנפירער אין די האַנטווערקער צעכן.

צווישן די פילצאָליקע קרבנות אין דריי־טאָגיקן פּאָגראָם איז אויך געפאַלן דער זון פון ראש־הישיבה, יאַקובאָוויטש.

די ערשטע דריי טעג פון נאַצישער הערשאַפט אין טשענסטאָכאָוו איז געווען אונטערן צייכן פון בלוטיקן מאָרד און רויב. דאָס יידישע ווירטשאַפטלעכע לעבן איז פולשטענדיק פּאַראַליזירט געוואָרן. דאָס קולטורעלע, געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע לעבן, ווי אויך דאָס גאַנצע שול־וועזן, האָט זיך אין גאַנצן אויפגעלייזט.

ווי אַ האָגל האָבן זיך אָ שאָט געטאָן רעפּרעסיעס און פאַראָרדענונגען, וואָס האָבן געצילט מאָראַליש צו דערשטיקן דאָס יידישע לעבן, אויסצורויבן דאָס יידישע פאַרמעגן, אויסצונוצן די יידישע אַרבעטס־קראַפט אומזיסט און שטעלן אין אַ הפקר־דיקע לאַגע דאָס יידישע לעבן.

## פאַרפאָלגונגען און רעפּרעסיעס

צו די פאַרפאָלגונגען און רעפּרעסיעס געהערן: די פּאָליציי־שעה, דאָס הייסט, דער פאַרבאָט צו גיין אויף די גאַסן פון אַכט אָוונט ביז פינף אין דער פרי; דאָס צונעמען אַלע ראַדיאָ־אַפּאַראַטן; כאַפּן צו אומבאַלוינטע צוואַנג־אַרבעט און דערצו מערדערלעך שלאָגן ביי דער אַרבעט; קאָנפיסקירן די סחורות פון יידישע געשעפטן אָן שום אנטשיידיקונג; צונעמען די יידישע הייזער, און אַפילו די אייגנטימער האָבן געמוזט צאָלן דירה־געלט פאַר זייערע דירות; קאָנטריבוציעס פון געלט; פאַרשיידענע ווערטפולע זאַכן, צונעמען אַלע פעלצן און מעטאַלן; אַרויסוואַרפן יידן פון זייערע דירות אין די שענערע גאַסן און צורויבן די דירות מיטן גאַנצן האָב און גוטס, צווינגען יידן צו טראָגן שאַנד־צייכנס; איינפירן אַ געטאָ, פאַרשיקן אין לאַגערן און צערויבן די יידישע פאַבריקן דורך אַריינזעצן טרויהענדלער.

בכדי אַדורכצופירן די אַלע פאַרפאָלגונגען און רעפּרעסיעס האָבן די דייטשן באַשטימט אַ יידן־ראַט און נאָכער אַ געטאָ־פּאָליציי, וואָס זאָל זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער אָרדענונג.

## יידן־ראַט

דער יידן־ראַט אין טשענסטאָכאָוו איז אַנטשטאַנען אויפן גרונט פון אַ באַפעל פון דער נאַצי־מאַכט און אַזוי איז געווען אין אַלע שטעט. היינט איז שוין גענוי באַקאַנט, אַז דאָס איז נישט געווען אַ באַפעל פון די באַזונדערע נאַצישע לאָקאַלע מאַכטן, נאָר דאָס איז געווען אַ גענעראַלע פאַראָרדנונג אַרויסגעגעבן דירעקט פון בערלין דעם 21טן סעפּטעמבער, 1939, אונטערן נאָמען „הײדריכס שנעלבריוו". דער פולער טעקסט פון „דעם שנעלבריוו" איז אָפּגעדרוקט אין די „ייוואָ־בלעטער", באַנד

*) די פאָרליגנדע אַרבעט איז אָנגעשריבן געוואָרן אויפן סמך פון אייגענע אָבסערוואַציעס, איבערלעבונגען און געזאַמעלטן מאַטעריאַל. דער שרייבער פון דעם אַרטיקל האָט מיטגעמאַכט דעם ליידנס־וועג פון טשענסטאָכאָווער יידנטום אין די לאַגערן האַסאַג־ראַקוואַו, האַסאַג־פּעלצערי און נאָך דער צוואַנגס־עוואַקואַציע אין די דייטשישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן: בוכנוואַלד, „דאַראַ" און בערגען־בעלזען. נאָך דער באַפרייאונג איז דער מחבר געווען אַקטיוו אין דער צענטראַל־פאַרוואַלטונג פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין דער אַמעריקאַנישער זאָנע אין דייטשלאַנד אַלס פאָרזיצער פון דער קולטור־קאָמיסיע. ער האָט פאַרעפנטלעכט אַ גאַנצע ריי פּובליקאַציעס וועגן טשענסטאָכאָווער יידנטום אין דער נאַצי־עפּאָכע.

**רעדאַקציע.**

30 אויף די זייטן 168־163, ניו־יאָרק, 1947. אין דעם בריוו איז געגעבן אָנגעוויזן די פונקציעס פון יידן־ראַט, און נעמלעך: פּינקטלעך און געהאָרכזאַם אויסצופירן די נאַצישע באַפעלן.

דער יידן־ראַט אין טשענסטאָכאָוו איז באַשטאַנען פון:
לעאָן קאָפּינסקי — פּרעזעס,
זעליג ראָטבאַרד — וויצע־פּרעסע,
מאָריץ קאָפּינסקי — אַרבעטס־אַמט,
בערנאַרד קורלאַנד — פאַרטרעטער פון אַרבעטס־אַמט,
דוד נתן בערלינער — פינאַנס־אַמט,
נאַטאַן געריכטער — פינאַנס־אַמט,
סאַמועל קאַץ — מיטגליד אין יידן־ראַט,
שמואל ניעמיראָווסקי — מיטגליד אי יידן־ראַט,
קאָניעצפּאָלער — מיטגליד אין יידן־ראַט,
ווײַנריב — פאַרבינדונגס־מאַן מיט דער געסטאַפּאָ,
מאָריץ גאַלסטער — מיטגליד אין יידן־ראַט,
לייב בראָמבערג — מיטגליד אין יידן־ראַט,
אַדוו. שמעון פּאָהאָרילע — מיטגליד אין יידן־ראַט,
דוד באָזשיקאָווסקי — מיטגליד אין יידן־ראַט,
אַדוו. ירמיהו גיטלער — מיטגליד אין יידן־ראַט.

צום יידן־ראַט האָבן אויך געהערט די צוויי אַדוואָקאַטן: יוזעף בראָניאַטאָווסקי און מענדל גאָלדבערג, אָבער נאָך דריי וואָכן האָבן זיי רעזיגנירט פון זייערע אַמטן און אַרויסגעטראָטן פון יידן־ראַט.

דער יידן־ראַט האָט זיך שנעל פונאַנדערגעוואָקסן צוליב די כסדרדיקע פאַראָרדנונגען פון דער נאַצי־מאַכט. אין דעצעמבער 1940 האָט דער יידן־ראַט געהאַט 21 אָפּטיילונגען מיט אַ שטאַב פון העכערע און נידעריקע באַאמטע אין אַ צאָל פון 676 מענטשן.

צוליב דעם, וואָס אַלע דייטשישע פאַראָרדנונגען זענען געווען געצילט מאָראַליש צו דעגראַדירן די יידן, צערויבן דאָס יידישע פאַרמעגן, אויסנוצן אומזיסט די יידישע אַרבעטס־קראַפט, אויסמאָרדן די יידן דורך הונגער, קעלט, פאַראורזאַכן קראַנקהייטן, אַדורכפירן אַרעסטן כלומרשט פאַר אויספאָרשונגען פאַר נישט געשטויגענע און נישט געפלויגענע פאַרברעכנס (די אַרעסטירטע זענען אין די מערהייטס־פאַלן דערשאָסן געוואָרן); צושטעלן יידן צום פאַרשיקן אין לאַגערן און צו אויסזידלונגען אין די טויט־לאַגערן. די פאַראָרדנונגען האָט געדאַרפט אַדורכפירן דער יידן־ראַט. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די באַפעלקערונג האָט געהאַט אַ נעגאַטיווע באַציאונג צום יידן־ראַט. די יידישע באַפעלקערונג האָט נישט געהאַט קיין צוטרוי צום יידן־ראַט און דער יידן־ראַט האָט ניט רעפּרעזענטירט די שטרעמונגען פון דער יידישער באַפעלקערונג.

## געטאָ־פּאָליציי

די יידישע פּאָליציי אין טשענסטאָכאָוו איז אַנטשטאַנען אונטער אַן אומשולדיקן נאָמען: „אינספּעקציע פון גאַסן־פּאַרקער", און אירע אויפגאַבן זענען אויך געווען כמעט ווי „אומשולדיקע", און נעמלעך: היטן די ביוראָען און מאַגאַזינען פון יידן־ראַט. אַכטונג געבן אויף דער רו און אָרדנונג אויף די גאַסן און הויפּטזעכלעך אָפּהיטן, אַז יידן זאָלן זיך נישט באַווייזן אויף די גאַסן נאָך דער „פּאָליציי־שעה", ווייל דאָס האָט געדראָט מיט אַרעסטירט ווערן דורכן „קעטשל" און אפילו פאַלן אַ קרבן פון אַ דייטשישער קויל. צוערשט האָט די „אינספּעקציע פון גאַסן־פּאַרקער" געציילט 50 מיטגלידער און נאָך דעם איז זי פאַרגרעסערט געוואָרן אויף 60. אין דעצעמבער 1940 — 80. עס איז אַנטשטאַנען אַן „אָרדנונגס־דינסט", דאָס הייסט די ריכטיקע פּאָליציי, און זי איז פאַראייניקט געוואָרן. די אומשולדיקע „אינספּעקציע פון גאַסן־פּאַרקער" איז איינגעגלידערט געוואָרן אין דער געטאָ־פּאָליציי. קורץ פאַר דער אויסזידלונג פון געטאָ האָט שוין די פּאָליציי געציילט 250.

דער אונטערשיד פון דער „אינספּעקציע פון גאַסן־פּאַרקער" און דער פּאָליציי, איז געווען פאָלגענדיקער: די מיטגלידער פון דער „אינספּעקציע" זענען נישט געווען אוניפאָרמירט. זיי האָבן נאָר געטראָגן אַרעם־בענדער. דאַקעגן די פּאָליציי איז געווען אוניפאָרמירט; געטראָגן בלוי־ווייסע היטלען, אָרעם־בענדער און מיט גומענע שטעקנס אין די הענט. דער קאָמענדאַנט פון דער „אינספּעקציע" איז געווען צעדערבאַום און ביי דער ערשטער תקופה פון דער אַנטשטייאונג פון דער פּאָליציי — גאַלסטער.

די פּאָליציי איז אַנטשטאַנען אויפן סמך פון דער פאַראָרדענונג פון קרייז־הויפּטמאַן ווענדלער און זיין פאַרטרעטער קאדנער. נאָכן פאַראייניקן די „אינספּעקציע" מיט דער פּאָליציי איז גאַלסטער אַרעסטירט געוואָרן און אַלס קאָמענדאַנט איז באַשטימט געוואָרן פאַראַסאָל.

די מיטגלידער פון דער „אינספּעקציע" זענען באַשטאַנען פון אַ „בעסערן שיכט", פון די טשענסטאָכאָווער אַסימילירטע בירגערלעכע קרייזן, און זיי האָבן אויסגעפירט זייער דינסט אָן שום באַלוינונג. די פּאָליציי, דאַקעגן, האָט באַקומען אַ חודשלעכן געהאַלט און איז באַשטאַנען פון געוויסנלאָזע מענטשן. דערביי זענען געווען אַ סך פּראָטעגירטע פון דער דייטשישער מאַכט. די פּראָטעקציע פון דער דייטשישער מאַכט זענען געווען פאַר אַזעלכע, וואָס זענען געווען „אונטערטראָגערס", דאָס הייסט מוסרים און דענונציאַנטן, און זיי האָבן, אין דער ערשטער רייע, געזוכט מאַטעריעלע אינטערעסן.

די פּאָליציי איז געווען אַ פּלאָג פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. עס איז קלאָר, אַז קיין פרייוויליקע בעלנים צו גיין צו אומבאַלוינטע צוואַנגס־אַרבעט זענען נישט געווען. עס זענען אויך נישט געווען קיין פרייוויליקע, וואָס זאָלן זיך לאָזן אַוועקשיקן אין לאַגערן צו ווערן געמאַטערט, געפייניקט, געשלאָגן, און אויסצושטיין פאַרשידענע פורעניות; אָדער פרייוויליקע בעלנים אויף צו צאָלן די פאַרשידענע קאָנטריבוציעס. עס זענען אויך ניט געווען קיין בעלנים אַוועקצוגעבן זייערע סחורות פאַר די נאַציס. דאָס האָט די פּאָליציי אַדורכגעפירט מיט צוואַנג. דורך רעוויזיעס סיי ביי טאָג, סיי ביי נאַכט, אַרעסטירן, שלאָגן מיט די גומענע שטעקנס און דורך אַנדערע אָנשיקענישן.

די באַציאונג צו דער פּאָליציי איז געווען אַ פאַרביטערטע, פול מיט האַס און צאָרן.

די געטאָ־פּאָליציי איז געווען אַן אַלגעמיינע צרה אין אַלע געטאָס. אויף דעם זאָגן עדות די אַלע ביכער פון דער חורבן־עפּאָכע, וואָס איז געשריבן געוואָרן וועגן דער געטאָ־פּאָליציי אין אַנדערע געטאָס. שניאור וואַסערמאַן שרייבט וועגן כעלם פאָלגענדעס: „די מערדער (די נאַציס), איז אָבער נישט גענוג געווען, וואָס זיי אַליין האָבן געמאָרדעט. פאַר זייער סאַדיסטישער הנאה וועגן האָבן זיי איינגעפירט, אַז די יידן־אויסראָטונג זאָל אויך געמאַכט ווערן דורך יידישע הענט. דאָס איז, אגב, געווען די טייוולאָנישע טאַקטיק אין גאַנץ פּוילן, און אומעטום וואו זייערע בלוטיקע לאַפּעס האָבן דערגרייכט. די יידישע פּאָליציי איז ווערבירט געוואָרן פון געזעלשאַפטלעכן אָפּפאַל". („יזכור־בוך, כעלם", יאָהאַנעסבורג, 1954, זייטן 91־90).

מלך ניישטאַדט דערקלערט: „צווישן די ברייטע יידישע מאַסן און די געטאָ־פּאָליציאַנטן איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ דיקער מויער. די גאַנצע באַפעלקערונג פון יידישן קוואַרטאַל האָט זיך באַציוגן מיט טיפן האַס צו די דייטשישע משרתים״. („חורבן און ווידערשטאַנד פון די יידן אין וואַרשע״, ניו־יאָרק, 1948, ז. 84).

ב. מאַרק כאַראַקטעריזירט אַ געטאָ־פּאָליציאַנט אין פאָלגנדיקע ווערטער: „ער האָט מאַכט, ער קען הערשן, ער מעג שרייען אויף זיינע ברידער, שלאָגן זיי, יאָגן. מיט קיין כלי־זין איז ער ניט באַוואָפנט. דער דייטש געטרויט ניט. דער דייטש האָט אים אין האַנט אַריינגערוקט בלויז אַ גומענעם שטעקן, ער זאָל מיט אים לערנען זיינע בלוט־ברידער הכנעה און געהאָרכזאַמקייט״. (ב. מאַרק: „דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ״, ז. 12).

דר. מאַרק דוואָרזשעצקי שרייבט: די געטאָ־באַפעלקערונג אין ווילנע האָט זיך צו דער יידישער געטאָ־פּאָליציי באַציוגן מיט אומצוטרוי און האַס. אַ סך פּאָליציאַנטן זענען געווען מענטשן אָן סקרופּולן, אָן שאַנדע און אָן עטיק. ביי אַקציעס האָבן זיי נישט איין מאָל געעפנט באַהעלטענישן און אַרויסגעגעבן באַהאַלטענע יידן״. („ירושלים דליטע אין קאַמף און אומקום״. פּאַריז, 1948, זייט 302).

אין „פּנקס מלאָווע״ לייענען מיר: „אַלס קאָמענדאַנט פון דער יידישער פּאָליציי האָט די מאַכט נאָמינירט שלום גוטמאַנען, וואָס איז געוואָרן דער שרעק פון געטאָ. ער האָט מיט לייב און לעבן מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן און אָנגעטאָן יידן גרויסע צרות. ער האָט געמסורט אַלץ וואָס עס טוט זיך אין געטאָ. ער האָט געהרגעט און געשלאָגן. ער האָט מיט פאַרגעניגן אויסגעפירט די דייטשישע גזירות״. („פּנקס מלאָווע״ אונטער דער רעדאַקציע פון דר. יעקב שאַצקי, ניו־יאָרק, 1950, זייט 406).

ביים בעסטן ווילן איז נישט מעגלעך צו ברענגען אַלע ציטאַטן וועגן דעם אין אַ באַגרענעצטער און קאָנדענסירטער אַרבעט. אָבער די ציטירטע ציטאַטן זענען גענוג צו פאַרגלייכן מיט דער געטאָ־פּאָליציי אין טשענסטאָכאָוו, אַז די דערשיינונג איז געווען אַן אַלגעמיינע אין אַלע געטאָס.

## געטאָ

דער באַגריף „געטאָ״ דאַרף פאַרשטאַנען ווערן אַלס אַן איזאָלירט געביט אין וועלכער יידן זענען געצוואונגען געוואָרן צו וואוינען אונטער דער דראָאונג פון טויט־שטראָף.

אין טשענסטאָכאָוו איז צוערשט געווען אַ וואוין־געביט, נאָך דעם, פאַרמאַכטע געטאָ, אָדער ווי מען האָט גערופן, גרויסע געטאָ, קליינע געטאָ, און נאָך דעם איז די קליינע געטאָ פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ צוואַנג־אַרבעטס־לאַגער.

די פאַרשידענע געטאָ־באַצייכענונגען זענען אַן אויסדרוק פון ספּעציפישע ווירטשאַפטלעכע פאָרמען, דערביי זענען זיי פאַרבונדן מיט אייגנאַרטיקע פאָרמען פון רעפּרעסיעס, פאַרפאָלגונגען, אַרעסטן, פאַרשיקונגען, דערשיסונגען, עקזעקוציעס, סעלעקציעס און דעפּאָרטאַציעס.

## וואוין־געביט

גלייך נאָכן אַריינמאַרש פון די נאַציס קיין טשענסטאָכאָוו זענען יידן אַרויסגעטריבן געוואָרן פון די שענערע גאַסן און באַקוועמערע וואוינונגען און אַריינגעדרענגט געוואָרן אין יידישן קוואַרטאַל. דאָס דריקט זיך אויס אין באַגריף „יידישער וואוין־געביט״, וואָס צייכנט אָן די גרענעצן פון שפּעטערדיקן געטאָ. אין דער צייט האָבן נאָך יידן געהאַט אַ מעגלעכקייט צו האַנדלען מיט אַריער, זיך באַוועגן אין דער שטאָט און זיך באַנוצן מיט דער אייזנבאַן. די רעפּרעסיעס און פאַרפאָלגונגען זענען געווען: פּאָליציי־שעה, צונעמען די ראַדיאָ־אַפּאַראַטן דעם 16טן סעפּטעמבער, 1939, דאָס טראָגן דעם שאַנד־צייכן פון דעצעמבער 1939, כאַפּן צו אומבאַלוינטע צוואַנג־אַרבעט, אינדיווידועלע אַרעסטן פון גזעלשאַפטלעכע טוער און אינדיווידועלע דערשיסונגען.

## דאָס איינפירן פון דער געטאָ

די געטאָ איז איינגעפירט געוואָרן דעם 23טן אַפּריל, 1940. אויפן סמך פון דער פאַראָרדנונג פון גענעראַל־גובערנאַטאָר האַנס פראַנק, איז פאַרבאָטן געוואָרן פאַר יידן זיך צו באַנוצן מיט דער אייזנבאַן אונטער דער דראָאונג פון טויט־שטראָף, פאַר פאַרלאָזן דאָס געטאָ — טויט־שטראָף, און פאַר יעדע קלענסטע אייבערטרעטונג — טויט־שטראָף. דאָס אַנהאַלטן האַנדלס־באַציאונג מיט דער פּוילישער באַפעלקערונג איז פולשטענדיק פאַרבאָטן געוואָרן. יידן זענען פולשטענדיק איזאָלירט געוואָרן פון ווירטשאַפטלעכן, גזעלשאַפטלעכן, פּאָליטישן און קולטורעלן לעבן. די פאָלגן פון די קאָנטריבוציעס, קאָנפיסקאַציעס פון סחורות פאַראורזאַכט אַ גרויסע פאַראָרעמונג. די ענגשאַפט אין געטאָ און דער הונגער, קעלט, נויט פאַראורזאַכן עפּידעמישע קראַנקייטן. פון 22 סעפּטעמבער, 1942, מיט קליינע איבעררייסונגען ביז ענדע אָקטאָבער, 1942, זענען פאַרגעקומען די מאַסן־שחיטות, סעלעקציעס און דעפּאָרטאַציעס קיין טרעבלינקע און דאָס פאַרענדיקט די עקסיסטענץ פון גרויסן־געטאָ.

## קליינע געטאָ

אויפן אָרט פון חרוב־געוואָרענעם געטאָ איז אין נאָוועמבער, 1942, אַנטשטאַנען דאָס קליינע געטאָ אין די שמאָלסטע געסלעך ביים אַלטן מאַרק. און נעמלעך: יאַסקראָווסקאַ, נאַדזשעטשנאַ, גאַרצאַרסקאַ, קאָזשיאַ, סענאַטאָרקאַ און מאַסטאָוואַ. אין קליינעם געטאָ זענען געווען יונגע מענער און פרויען, וואָס זענען געווען באַשעפטיקט אין די „האַסאַג״־פאַבריקן און אויף אַנדערע אַרבעטס־פּלעצער.

קורץ פאַר דער ליקווידאַציע פון קליינעם־געטאָ, איז עס דורך די נאַצי־מאַכט אָנגערופן געוואָרן צוואַנג־אַרבעטסלאַגער. די ליקווידאַציע פון קליינעם־געטאָ, אָדער, ווי די נאַציס האָבן עס אָנגערופן, צוואַנגס־אַרבעטסלאַגער, איז פאַרגעקומען אין די טעג פון 26־30 יוני, 1943.

## פאַרשיקונגען אין לאַגערן

אין יאָר 1940 האָבן זיך אָנגעהויבן די פאַרשיקונגען פון טשענסטאָכאָווער יידן אין לאַגערן. די ערשטע פאַרשיקונג איז פאַרגעקומען קיין הרוביעשאָוו צו פאָרטיפיקאַציע־אַרבעטן. די ווייטערדיקע זענען פאַרגעקומען צו דער גאַנצער לענג פון טייך בוג קיין בעלזשעץ, טשעשאַנאָוו, צום גראָבן טיפע גריבער ביי דער גרענעץ פון דער דעמאָלטיקער גענעראַל־גובערניע און סאָוועטישן גרענעץ־געביט. די ווייטערדיקע פאַרשיקונגען זענען פאַרגעקומען אין די אַמוניציע־פאַבריקן קיין סקאַרזשיסקאַ־קאַמיענאַ און בליזשין. די לעצטע פאַרשיקונג איז פאַרגעקומען

דעם 21טן מערץ, 1943, קיין בליזשין. די צאָל פאַרשיקטע מיטן לעצטן טראַנספּאָרט זענען געווען 300 יידן.

## לאַגערן אין טשענסטאָכאָוו

פון אָנהויב פון דער נאַציִשער אָקופּאַציע אין טשענסטאָכאָוו, ביז דער ליקווידאַציע פון קליינעם געטאָ זענען געווען צענדליקער אַרבעטס־פּלעצער וואו יידן זענען באַשעפטיקט געוואָרן אַלס צוואַנגס־אַרבעטער. נאָך דער ליקווידאַציע פון קליינעם געטאָ זענען יידן געווען אין 4 האסאג־לאַגערן: האסאג־פּעלצערי, האסאג־ראַקאָוו, וואַרטאַ און טשענסטאָכאָוויאַנקאַ.

ביז איצט איז נאָך ניט געמאַכט געוואָרן קיין שום קלאַסיפיקאַציע וועגן כאַראַקטער פון די לאַגערן. צי זענען דאָס געווען אַרבעטס־לאַגערן, צוואַנג־אַרבעטס־לאַגערן, אָדער קאָנצענטראַציע־לאַגערן. בכדי צו דערקלערן דעם כאַראַקטער פון די טשענסטאָכאָווער לאַגערן, איז נייטיק צו מאַכן פאָלגנדיקע פעסטשטעלונגען:

1) אין לאַגערן אין וועלכע עס איז געווען אַן אויפזיכט־אָרגאַן פון די לאַגעריסטן און אַ ציווילע דייטשישע אַדמיניסטראַציע, געהערן צום טיפּ אַרבעטס־לאַגערן און די לאַגעריסטן ווערן באַטראַכט אַלס צוואַנג־אַרבעטער.

2) אין לאַגערן אין וועלכע עס איז געווען אַן אויפזיכט־אָרגאַן פון די לאַגעריסטן, אַ ציווילע דייטשישע אַדמיניסטראַציע און אַן אוניפאָרמירטער, באַוואָפנטער ווערקשוץ־אָרגאַן געהערט צום טיפּ פון צוואַנג־אַרבעטס־לאַגערן און די לאַגעריסטן ווערן באַטראַכט אַלס צוואַנג־אַרבעטער.

3) אין לאַגערן אין וועלכע עס איז געווען אַן אויפזיכט־אָרגאַן פון די לאַגעריסטן, אַ ציווילע דייטשישע אַדמיניסטראַציע, אַן אוניפאָרמירטער באַוואָפנטער ווערקשוץ־אָרגאַן און אַן אויפזיכט־אינסטאַנץ פון ס. ד., אָדער ס. ס. געהערן צום טיפּ קאָנצענטראַציע־לאַגערן, דערביי ווערן די לאַגעריסטן באַטראַכט אַלס אַרעסטאַנטן.

די אויבן־אויסגערעכנטע פיר לאַגערן זענען געווען אונטער אַ רעזשים, וואָס איז אויסגערעכנט אין דריטן פונקט פון דער קלאַסיפיקאַציע, דעריבער דאַרף פעסטגעשטעלט ווערן, אַז די טשענסטאָכאָווער לאַגערן זענען געווען קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

## דאָס לעבן אין דער גרויסער און אין דער קליינער געטאָ

### גרויסע געטאָ

דער שטח פון גרויסן געטאָ איז געווען פיל קלענער פון דעם שטח, וואָס די יידן האָבן פאַרנומען פאַר דער דייטשישער אָקופּאַציע, דערביי האָט זיך די צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג כמעט ווי פאַרטאָפּלט אַלס רעזולטאַט פון אַ גרויסן צופלוס פון פליטים פון די אַרומיקע קליינע אָרטשאַפטן און פון אַ גאַנצע רייע שטעט פון פוילן.

די פליטים זענען, מערסטנטייל, געקומען אָן שום מיטלען צום לעבן און פיזיש דערשעפּטע. זיי האָבן באַוואוינט די מאַסן־קוואַרטירן. דאָרטן זענען געשטאַנען גאַרנדיקע פּריטשעס, אָבער זיי האָבן נישט געהאַט קיין שום מעגלעכקייט פון דערהאַלטן זיך. נישט געווען קיין מעגלעכקייט זיך אָפּצוואַשן, קאָכן און אין רעזולטאַט פון כסדרדיקן הונגער און קעלט, שלעכטע סאַניטאַרע באַדינגונגען זענען זיי געווען די ערשטע קרבנות פון טיפוס־קראַנקהייטן און פאַרשידענע אַנדערע עפּידעמיעס. אין וואַרשע זענען אויך געווען אַזעלכע מאַסן־קוואַרטירן און מען האָט זיי גערופן „טויטן־הייזער", ווייל אירע איינוואוינער זענען מאַסנווייז אויסגעשטאָרבן פון קראַנקהייטן און הונגער.

מערסטנטייל האָבן יידן געלעבט פון אויספאַרקויפן זייערע זאַכן. דאָס איז געווען אַן אַלגעמיינע דערשיינונג אין אַלע געטאָס.

עס איז פאָרגעקומען אַ ווירטשאַפטלעכע ירידה אין יידישן לעבן. די יידישע אינדוסטריעלער און גרויסהענדלער זענען אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון זייערע אונטערנעמונגען. די לוין־אַרבעטער, האַנדלס־ און ביוראָ־אָנגעשטעלטע, ווי אויך באַשעפטיקטע אין די פרייע באַרופן, האָבן פאַרלוירן זייערע אַרבעטס־פּאָזיציעס. דער הונגער און נויט האָט אַלעמען געטריבן אויף דער גאַס צו פאַרקויפן דעם לעצטן מלבוש, בכדי צו האָבן אַ מעגלעכקייט איבערצולעבן דעם טאָג.

די סיטואַציע כאַראַקטעריזירט ש. טיקאָטשינסקי אין פאָלגנדיקע ווערטער: „אין רוב יידישע שטובן האָט גענומען הערשן נויט און הונגער איז ווי נאָר איינער האָט געקענט, האָט ער זיך געראַטעוועט. אַזאַ רעטונג האָט מען אַממייסטן געזוכט אין דער קליידער שאַנק און פון דעם שפּעטער האָבן אויף אַ טאָג עסן. ס'איז געגאַנגען אַן אויסטויש פון מעבל, מלבושים, שוכוואַרג און צירונג אויף ברויט. ס'איז געוואָרן ביי יידן אַן אויספאַרקויף אויפן גרויסן מאַסשטאַב". („בלעטער פאַר געשיכטע", באַנד 1, העפטן 3־4, זייט 207).

דאָס לעבן אין געטאָ איז געווען אַ כסדרדיקער געראַנגל און אַ קאַמף. דער קאַמף האָט זיך אויסגעדריקט אין פאַרשידענע פאָרמען, און נעמלעך: דאָס דערהאַלטן דאָס חיות און נישט אויסגיין פון הונגער, קעלט און צוואַנגס־אַרבעט, בכדי איבערצולעבן די נאַציִשע מפּלה, קאַמף פאַר דערהאַלטן די יידישע ערע, נאַציאָנאַלן כבוד און די יידישע נשמה ביים געטאָ־ייד, קאַמף קעגן דער נאַצי־מאַכט און זייערע משרתים מכל המינים.

### קליינע געטאָ

דאָס לעבן אין קליינעם־געטאָ איז ענלעך געווען צו אַ צאַנקענדיק ליכט. אַלע פאַריתומטע, פאַראיינזאַמטע, פאַרביטערטע מיט אַ שטאַרקן ווילן פון קאַמף קעגן די נאַצי־משחיתים, וואָס האָבן אומגעבראַכט דאָס פולסירנדיקע טשענסטאָכאָווער יידישע לעבן. דאָס ווירטשאַפטלעכע לעבן האָט געטראָגן דעם כאַראַקטער פון „פּאַסעווען". אַריינשמוגלען די „געפּאַסעוועטע" זאַכן, און דורך אַנדערע אַרויסשמוגלען די זאַכן אויף די אַרבעטס־פּלעצער, וואו יידן האָבן געאַרבעט צוזאַמען מיט קריסטן, איינצוטוישן אויף לעבנסמיטל און נאָך דעם ווידער אַריינשמוגלען אין קליינער געטאָ דאָס לעבנסמיטל. אין קאַמף פאַר דערהאַלטן דעם פיזישן קיום פון געטאָ איז פאָרגעקומען אַ גאַנצער רינגשמוגל.

### ווידערשטאַנד און קולטור

יעדע קולטור־טעטיקייט אין גרויסער־געטאָ, קליינער־געטאָ און די קאָנצענטראַציע־לאַגערן דאַרף פאַררעכנט ווערן ווי אַ באַשטאַנד־טייל פון ווידערשטאַנד־קאַמף. דאָס איז דערפאַר, ווייל יעדע יידישע קולטור־טעטיקייט, די גימנאַזיע און שולן זענען דורך די נאַציס אויפגעלייזט געוואָרן. דאָס זעלבע דאַרף געזאָגט ווערן וועגן די רעליגיעזע טעטיקייטן, וואָס זענען מיט מסירת־נפש געפירט געוואָרן סיי אין גרויסן־געטאָ, קליינעם־געטאָ און אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

אַלס בולטער באַווייז, אַז די קולטור־טעטיקייטן זענען אַ באַשטאַנדטייל פון ווידערשטאַנד דרינגט אַרויס דערפון, אַז כמעט אַלע לידער, וואָס זענען געשריבן געוואָרן אין דער נאַצי־עפּאָכע אין טשענסטאָכאָוו טראָגן אַ קאַמפּס־כאַראַקטער. עטלעכע קורצע ציטאַטן וועלן דאָס באַווייזן.

די לעצטע סטראָפע פון ליד „געטאָ":

„אין פויסטן ביילן זיך מיינע הענט,
צו צעשטערן די געטאָ־טויערן־ווענט.
צו באַזייטיקן די שטעכיקע דראָטן,
דאָס געשפּענסט זאָל פאַרשווינדן ווי אַ שטן".
(ב. אַרענשטיין, „טשענסטאָכאָווער
קליינע געטאָ", מערץ, 1943)

פראַגמענט פון ליד „נקמה":

„ווי אויטאָמאַטן, באַרויבטע פון לעבן און נשמה,
שטייען מיר ביי דער אַרבעט און טראַכטן וועגן נקמה."
(פראַניאַ קאַרנפעלד, „קאָנצענטראַציע־
לאַגער האַסאַג־פעלצערי", 1943)

פראַגמענט פון ליד „האַסאַג":

„אַ האַסאַג־ייד האָט נישט קיין עצה,
ווי אַ הונט טראָגט ער אַ נומער אויף דער פלייצע,
ער ווערט באַהאַנדלט גלייך ווי אַ חיה,
דאָך קעמפט ער פאַר אַ וועלט אַ נייע".
(דוד זיסמאַן: „קאָנצענטראַציע־לאַגער
האַסאַג־פעלצערי, 1944)

דער קאַמפס־מאָטיוו פלעכט זיך אַדורך אין אַלע לידער.

צו די קולטור־טעטיקייטן דאַרף באַטראַכט ווערן די אומלעגאַלע אַזוי־גערופענע „קאָמפּלעטן" און אינדיווידועלער אונטערריכט.

פון באַזונדערער וויכטיקער באַדייטונג איז די אילוסטרירטע פובליקאַציע „ראַסטאַ", וואָס איז דערשינען אין אַ גרעסערע צאָל נומערן. דער נאָמען „ראַסטאַ" שטאַמט פון דער פאַרקירצונג „ראַדאַ־סטאַרשיך" (יידן־ראַט). די צייטונג איז דערשינען אַ לענגערע צייט און איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון דער אָפּאָזיציע פון יידן־ראַט.

דעם אויבן־אָן אין די קולטור־אַקטיוויטעטן האָט פאַרנומען דער אַרבעטער־ראַט.

## אַרבעטער־ראַט

צו די אייגנאַרטיקע און מערקווירדיקסטע אינסטיטוציעס פון טשענסטאָכאָווער יידנטום אין דער נאַצי־עפּאָכע געהערט דער אַרבעטער־ראַט.

דער אַרבעטער־ראַט איז אַנטשטאַנען ווי אַ סטיכישע באַוועגונג פון די צוואַנג־אַרבעטער. די צוואַנג־אַרבעטער האָבן געהערט צו די אָרעמע שיכטן פון טשענסטאָכאָווער יידנטום. די פאַרמעגלעכע יידן האָבן זיך אויסגעקויפט פאַר געלט און די אומפאַרמעגלעכע, נישט האָבנדיק פון וואָס צו לעבן, ליידנדיק הונגער און נויט, האָבן אַלס צוגאָב געמוזט האָרעווען ביי צוואַנג־אַרבעט, ווערנדיק שיקאַנירט, טעראָריזירט, געפייניקט און געשלאָגן פון די מייסטערס, פאַראַרבעטערס און קאַפּאָס. פיל פאַלן האָט פּאַסירט, אַז צוואַנג־אַרבעטער זענען געפאַלן אין חלשות, פון הונגער און דערשעפונג ביי דער שווערער אַרבעט.

דעם 12טן מאַי, 1940, זענען די צוואַנגס־אַרבעטער גלייך פון דער אַרבעט געקומען אין לאָקאַל פון יידן־ראַט און אָפּגעהאַלטן אַ מאַסן־פאַרזאַמלונג. די רעדנערס זענען געווען שילדהאַוז, שמולעוויטש און צבי ראָזענווייג. די דעמאָנסטראַציע פון די צוואַנגס־אַרבעטער, וואָס האָבן אָפּגעשלאָסן די טירן פון לאָקאַל און נישט אַרויסגעלאָזט די מיטגלידער פון יידן־ראַט, האָט געמאַכט אַ קאָלאָסאַלן איינדרוק. נאָך אַ גאַנצע רייע אינצידענטן און פאַרהאַנדלונגען האָט דער יידן־ראַט טיילווייז נאָכגעגעבן די פאָדערונגען פון די צוואַנגס־אַרבעטער פון שאַפן קיכן און ברויט־צעטיילונגען. שפעטער האָבן די צוואַנגס־אַרבעטער באַקומען געהאַלט. די אינסטאַנצן פון אַרבעטער־ראַט זענען געווען פּרעזידיום, עקזעקוטיווע און ביירעט. די עקזעקוטיווע איז באַשטאַנען פון משה לובלינג — פאַרזיצער, משה לעווענהאָף — סעקרעטאַר, צבי ראָזענווייג — קאַסירער, די עקזעקוטיווע איז געווען אין פאָלגענדן באַשטאַנד: משה לובלינג, צבי ראָזענווייג, ישראל שילדהאַוז, יצחק ראָזענפעלד, מענדל ווילינגער, מרדכי אָפּפענהיים, יצחק אַפּאַטשינסקי, חיים בירענהאָלץ, ישראל שימאָנאָוויטש און משה לעווענהאָף. דער ביירעט איז געווען אין פאָלגענדיקן באַשטאַנד: דוד שלעזינגער, גרשון פּרענדקע, אברהם בראַט, אברהם שטשעקאַטש און יאַנקל קאַופמאַן. מיט ראַט און טאַט האָבן מיטגעווירקט די איינפלוסרייכע פּערזענלעכקייטן ווי: יעקב ראַזינער, אַדוואָקאַט קאָנאַרסקי, אַדוואָקאַט לייב פּאַגאַל, דער באַקאַנטער שרייבער ה. ל. זשיטניצקי און אַ סך אַנדערע.

די אויפגאַבן פון אַרבעטער־ראַט איז געווען צו פירן אַ פּאָליטישע, קולטורעלע און פּראָפעסיאָנעלע טעטיקייט און שאַפן אַ גאַנצע ריי אינסטיטוציעס, ווי קראַנקן־קאַסע, קעגנזייטיקע הילפס־קאַסע, אינוואַלידן־פאָנד, אַרבעטער־קיכן, קינדער־היימען, פאָלקס־שולן, אָוונט־קורסן, דראַמאַטישע קרייזן, אַרבעטער־כאָרן, און אַרויסגעבן אַן אומלעגאַלע צייטונג.

דער אַרבעטער־ראַט האָט געפירט אַ ברייט־פאַרצווייגטע טעטיקייט און איז געווען דער פּאַרגייער פון דער שפעטערדיקער יידישער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע אין קליינעם־געטאָ. דער אַרבעטער־ראַט האָט עקזיסטירט ביז דעם 22טן סעפּטעמבער 1942, ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די מאַסן־שחיטות, סעלעקציעס און דעפּאָרטאַציעס פון טשענסטאָכאָווער יידן צו די גאַז־קאַמערן קיין טרעבלינקע.

דאָס פּראָבלעם אַרבעטער־ראַט איז געקומען דורך אַ גאַנצע רייע פּראָמינענטע פאָרשער פון דער חורבן־ליטעראַטור. דר. פיליפּ פרידמאַן, דער הויפּט פאָרשער און ביבליאָגראַף פון דער חורבן־ליטעראַטור, האָט פאָלגענדעס געשריבן: „ אַ זעלטענע אינסטיטוציע אין דער תקופה פון דער נאַצי־טיראַניע" („אונדזער יאַרצייט", באַמבערג, 1948, זייט 10). אַן אַנדערער קאָפּאַציטעט אויף דעם געביט, ד״ר רפאל מאַהלער, האָט דערקלערט: „ווי איין גרויסער ליכטשטראַל פלעכט זיך אַדורך די באַשרייבונג פון די אַקטיוויטעטן פון אַרבעטער־ראַט" („יידישע קולטור", ניו־יאָרק, אַפּריל, 1949, נום. 4, זייט 9").

## סעלעקציעס און דעפּאָרטאַציעס

יעדע דעפּאָרטאַציע איז געווען פאַרבונדן מיט אַ סעלעקציע. דאָס הייסט, אַז ביי יעדער דעפּאָרטאַציע זענען אויסגעקליבן געוואָרן די אַרבעטס־פעאיקע און איבערגעשיקט געוואָרן אין דער

מעטאַלורגיע, און פון דאָרט קאַשאַרירט געוואָרן אין פאַרשידענע אַרבעטס־פּלעצער ביז צו דער אַנטשטייאונג פון קליינעם־געטאָ.

דער ערשטער טראַגישער מאַסן־מאָרד פון טשענסטאָכאָווער יידנטום איז פאָרגעקומען איין טאָג נאָך יום־כיפור, דעם 22טן סעפּטעמבער, 1942. אין דעם טאָג זענען די טשענסטאָכאָווער גאַסן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין טייכן בלוט פון די דערשאָסענע. זיבן טויזנט יידן זענען נאָכדעם דעפּאָרטירט געוואָרן צום מאַסן־קבר פון דעם פּוילישן יידנטום, צו די גאַז־קאַמערן אין טרעב־לינקע.

צוויי טעג שפּעטער, דאָנערשטיק דעם 24טן סעפּטעמבער, איז פאָרגעקומען דער צווייטער שוידערלעכער מאַסן־מאָרד פון דעפּאָרטאַציע.

נאָך אַ קורצן איבעררייס איז מאָנטיק, דעם 28טן סעפּטעמ־בער, דעם ערשטן טאָג חול־המועד סוכות, פאָרגעקומען אין די זעלבע גרויליקע באַדינגונגען, די דריטע דעפּאָרטאַציע.

די פערטע דעפּאָרטאַציע איז פאָרגעקומען פאַר די יידן, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין פאַרשידענע באַהעלטענישן אין דער צייט פון די ערשטע דריי דעפּאָרטאַציעס.

די פינפטע דעפּאָרטאַציע איז פאָרגעקומען דעם 4טן אָק־טאָבער, 1942, איין טאָג נאָך שמחת־תורה.

די פינף דעפּאָרטאַציעס שליסן אָפּ אַ גאַנצן ציקל גע־שעענישן, וואָס האָבן פאַרשניטן דאָס יידישע לעבן אין טשענ־סטאָכאָוו און דערמיט איז אונטערגעגאַנגען דאָס גרויסע געטאָ און עס הויבט זיך אָן אַ ניי קאַפּיטל געשעענישן אין קליינעם געטאָ.

## יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציעס

מיטן אַנטשטיין פון דער קליינער געטאָ, האָט די יוגנט, וואָס איז געווען אָרגאַניזירט אין אַרבעטער־ראַט, געבילדעט דעם קערן פון דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג. מיט אַ רעאַלן בליק האָט די יוגנט אָבסערווירט די געשעענישן, וואָס שפּילן זיך אָפּ אין דער וועלט, אין דער סטראַטעגישער סיטואַציע אויף די קאַמפּס־פראָנטן, און אויפן אויסגאַנג פון דער מלחמה.

אַלע זענען געווען הונדערט־פּראָצענטיק איבערצייגט אין דער פולשטענדיקער מפּלה פון היטלער־דייטשלאַנד. דערוויל אָבער איז די יידן־פאַרניכטונג טאָג־איין טאָג־אויס אָנגעגאַנגען. דערוויל האָבן די טייוולאָנישע גאַז־קאַמערן און קרעמאַטאָריעס פאַרסמט און פאַרברענט מאַסן יידן טאָג־טעגלעך.

די יידישע יוגנט פון דער קליינער געטאָ האָט גענומען דעם פאָלקס־גורל אין די אייגענע הענט און אויסגעקליבן דעם איינ־ציקן געבליבענעם וועג, דעם ווירדיקן וועג פון קאַמף!

די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציעס אין קליינער טשענסטאָ־כאָווער־געטאָ איז געווען אַ פאַראייניקטע פון אַלע פּאָליטישע ריכטונגען און אָרגאַניזאַציעס. אין אַנבליק פון דער אַלגע־מיינער נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפע זענען אַלע אַמאָליקע פּאַר־טייאישע שטאַנדפּונקטן און אידעאָלאָגישע אונטערשידן פאַר־שוואונדן און אַלע זענען איצט געווען פאַראייניקט, מיט דער גרעסטער לעבנס־אָפּפערווויליקייט, קעגן דער נאַצי־מאַכט.

די צילן פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע זענען געווען:

1) אויסבילדן געטאָ־קעמפערס צו באַשיצן די באַפעלקע־רונג אין קליינעם געטאָ און צוגרייטן זיך צום קאַמף קעגן דער נאַצי־מאַכט אין אַן אָפענעם באַוואָפנטן אויפשטאַנד!

2) אָרגאַניזירן פּאַרטיזאַנער־גרופּן אין די וועלדער צו פירן דעם קאַמף קעגן די נאַציס אין אַן אַנגרייפס־כאַראַקטער.

געטאָ־קעמפער האָבן נאָר געקענט פירן אַ פאַרטיידיקונגס־קאַמף, דאַקעגן די פּאַרטיזאַנער האָבן געהאַט די מעגלעכקייט פון אַנגריפס־קאַמפן.

די הויפּט־אויפגאַבן פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע זענען געווען צו צעשטערן די דייטשישע אַנגריפס־קראַפט און צוויילן זייער מפּלה, בכדי צו דערגרייכן דעם ציל זענען פאָרגעקומען באַוואָפנטע אַקציעס פון פאָלגנדיקן כאַראַקטער:

1) צעשטערן צוגן וואָס פירן נאַצישע מיליטער־טראַנס־פּאָרטן צו די פראָנטן;

2) צעשטערן צוגן מיט אַמוניציע און שפּייז;

3) אַנגרייפס־קאַמפן אויף דייטשן אויף די וועגן, שאָסעען און וועלדער;

4) צעשטערן בריקן, צעשטערן באַן־קניפּן בכדי צו פּאַ־ראַליזירן די דייטשישע קאָמוניקאַציע, צעשטערן מאַשינען, וואָס האָבן געדאַרפט דינען פאַר דער דייטשיש־מיליטערישער פּראָ־דוקציע;

6) צונעמען פון די פּויערים די לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָ־דוקטן, באַשטימטע פאַר די דייטשישע קאַנטינגענטן, און פונאַנ־דערטיילן זיי צווישן דער נויטליידנדיקע באַפעלקערונג;

7) סאַבאָטירן די דייטשישע באַפעלן און פאַראָרדנונגען;

8) קאַמף קעגן מוסרים, קאָנפידענטן און פּראָוואָקאַטאָרן.

די קאָמענדאַנטור פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אין טשענסטאָכאָווער קליינער געטאָ איז באַשטאַנען פון פאָלגנ־דיקע מיטגלידער: מאַיטעק זילבערבערג, סומעק אַבראַמאָוויטש, העניעק פּעסאַק, יהודה גליקשטיין און שמעון מלאַדינאָוו.

דער ראַט פון דער קאָמאַנדע איז באַשטאַנען פון העניעק ווירניק, רבקה גלאַנץ, יוסף קאַנטאָר, וולאַדאָווסקי און שילד־האַוז.

דער הויפּט־קאָמענדאַנט איז געווען מאַיטעק זילבערבערג.

אָנפירער פון די פּאַרטיזאַנער און באַוואָפנטע אַקציעס — יאַסעק קאַנטאָר.

אָנפירער פון פאַרבינדונגען מיט די געטאָס און וואַרשעווער געטאָ, אויפנעמען קוריערן פון אַנדערע געטאָס און אַרויסשיקן פון טשענסטאָכאָווער קליינער געטאָ קוריערן צו אַנדערע שטעט — סומעק אַבראַמאָוויטש.

פינאַנס־קאָמיסיע — שמעון מלאַדינאָוו, לעאָן זעלעווער, ברוך, שילדהאַוז און וולאַדאָווסקי.

מיט דער גראַנאַטן־פּראָדוקציע האָט אָנגעפירט דער כע־מיקער העניעק ווירניק, מיט אים האָבן מיטגעאַרבעט: זיין פרוי נאַטקאַ ווירניק, העניעק קאופמאַן, בנימין מאַנדעלבוים, אליעזר שמולעוויטש, זיסקינד שמולעוויטש, משה רוזשאַנסקי, בנימין ערענפריד, אברהם טשאַרני און ווילינגער.

די קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָט אָדורכגעפירט אַ באַדייטנדי־קע צאָל באַוואָפנטע אַקציעס. אין די טעג פון דער ליקווידאַציע פון קליינעם געטאָ איז פאָרגעקומען אַ העראָאישער באַוואָפנטער ווידערשטאַנד, וואָס האָט געטראָגן דעם כאַראַקטער פון אַן אויפ־שטאַנד.

## די מערדער פון טשענסטאָכאָווער יידנטום

דער הויפּט־מערדער פון טשענסטאָכאָווער יידנטום איז גע־ווען דעגענהאַרדט. ער האָט געהאַט אַ מאַלפּיש פּנים, זיין אויס־

זען האָט אַרויסגערופן שרעק, ווי ער וואָלט געווען אַ טייוול, אַ בלוטדאָרשטיקע חיה. זיינע מיטהעלפער זענען געווען: איבישער, ראאן, ווערנער, קולפיש, דזשערזשאן, שאטט, האנטקע, שימעל, הילער, פּאַססאָוו, צאפארט, לאשינסקי, קינעל, שלאָסער, באַרטעל, אפיץ, שמידט, קעסלער, יאזשינסקי־מאַרבאַך, ראכנער, ווילי אנקעלבאַך, דעגענהאַרט־שאפער, שענפעלדער, פישער, קירש און די אויסראַטונגס־קאָמאַנדע.

צו די מערדער פון טשענסטאָכאָווער יידנטום דאַרפן אויך פאַררעכנט ווערן די מייסטערס פון האסאג־פּעלצערי, וואָס האָבן אויף זייער געוויסן 300 יידן בעת דער סעלעקציע פון 20טן יולי, 1943. די מייסטערס זיינען: אפּעלן, פּראַנקצע און ניציאַלעק.

## צוואַנגס־עוואַקואַציע

ווען עס האָט שוין געהאַלטן שמאָל מיט די דייטשן אין טשענסטאָכאָוו, האָבן זיי אָנגעהויבן צו עוואַקויִרן די יידן פון די פיר קאָנצענטראַציע־לאַגערן: האַסאַג־פּעלצערי, האַסאַג־ראַקאָוו, וואַרטאַ און טשענסטאָכאָוויאַנקאַ. די ערשטע טראַנספּאָרטן זענען געווען אין דעצעמבער 1944, און די לעצטע דעם 15טן און 16טן יאַנואַר, 1945. די מענער זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין בוכנוואַלד און די פרויען קיין ראַווענסבריק. פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן זענען זיי ווידער פונאַנדערגעשיקט געוואָרן אין פאַרשידענע קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין דייטשלאַנד. די צאָל צוואַנגס־עוואַקויִרטע איז געווען נישט ווייניקער פון 7,000. (1,200 אין דעצעמבער 1944, און אין די טעג פון 15־16 יאַנואַר 1945 — 5,800).

## סטאַטיסטישע ידיעות וועגן טשענסטאָכאָווער יידנטום

אַלס טשענסטאָכאָווער יידן דאַרפן באַטראַכט ווערן:

1) געבוירענע אין טשענסטאָכאָוו;

2) אַלט־איינגעזעסענע. (די וואָס האָבן זיך באַזעצט אין טשענסטאָכאָוו פאַר דער מלחמה);

3) פליטים, וואָס זענען אָנגעקומען קיין טשענסטאָכאָוו אין די צייטן פון גרויסער געטאָ און קליינער געטאָ; און

4) די יידן, וואָס זענען אין צוואַנגס־טראַנספּאָרטן געבראַכט געוואָרן אין די טשענסטאָכאָווער קאָנצענטראַציע־לאַגערן. די צוואַנגס־טראַנספּאָרטן זענען געווען פון לאָדזשער־געטאָ, פּלאַשאָוו, קאָנצענטראַציע־לאַגער ביי קראַקע, סקאַרזשיסקאַ־קאַמיענאַ, בליזשין, פּיאָטראָקאָוו און דעמבלין.

די אַלגעמיינע צאָל יידן אין טשענסטאָכאָווער גרויסער געטאָ, קליינער געטאָ און אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן זענען געווען 58.200. אומגעקומען זענען 50.000 און 8.200 זענען באַפרייט געוואָרן דורך די אַליִירטע אַרמייען.

די צוויי טאַבעלעס באַשטעטיקן די אָנגעגעבענע ציפערן.

## טאַבעלע פון די בלוטיקע געשעענישן אין טשענסטאָכאָוו

| דאַטע | צאָל קרבנות | |
|---|---|---|
| 1939, סעפּט. 4 — בלוטיקער מאָנטיק — — — | 150 | |
| 1939־1940, אינדיווידועלע דערשיסונגען פון געזעלשאַפטלעכע טוער — — — — | 200 | |
| 1940־1942, שטערבלעכקייט, פון טיפוס און אַנדערע עפּידעמישע קראַנקייטן — — — | 400 | |
| 1942, סעפּט. 22 — דער אָנהויב פון די מאַסן־דעפּאָרטאַציעס קיין טרעבלינקע און דערשיסונגען אויף די גאַסן | | |
| אָקט. 4 — לעצטער טאָג פון די מאַסן־דעפּאָרטאַציעס — — — — — — — — | 40.250 | 41.000 |
| 1942־1943, אינדיווידועלע און גרופּן דערשיסונגען פון געכאַפּטע אין באַהעלטענישן, קעלערס, בוידעמס און בונקערס — — | 850 | |
| 1943, יאַנואַר 4 — דערשיסונג פון די קעמפער איזשאַ פיינער און מענדל פישעלעוויטש | 2 | |
| יאַנואַר 4 — דערשיסונג פון יוגנטלעכע | 25 | |
| יאַנואַר 4 — דעפּאָרטאַציע פון 500 יידן קיין ראַדאָמסק צו דער „אַקציע" אויסגעזידלט צו ווערן קיין טרעבלינקע — | 500 | |
| יאַנואַר 5 — אַקציע אויף זקנים און קינדער — — — — — — — — | 250 | |
| מערץ 7 אַוועקגעשיקט קיין בליזשין 25 | | |
| מערץ 21 — אַוועקגעשיקט קיין בליזשין 300 | | |
| פון דער צאָל זענען יחידים געבליבן ביים לעבן. אומגעקומען — | 300 | |
| מערץ 19 — עקזעקוציע פון זעקס פּאַרטיזאַנער און אינדיווידועלע דערשיסונגען אין מעבל־לאַגער — — — — — | 20 | |
| מערץ 20 — אַקציע אויף דער אינטעליגענץ; דערשאָסן אויפן בית עלמין יידן מיט אַקאַדעמישער בילדונג און דעם יידן־ראַט — — — — — — — — | 157 | |
| אַפּריל — סעלעקציע אויף אָסט־באַן — | 24 | 2.128 |
| יוני 26־30 — ליקווידאַציע פון קליינעם געטאָ, מאַסן־דערשיסונגען, געפאַלענע אין ווידערשטאַנד־קאַמף — — — | 1.500 | |
| יולי 30 — פאַרברענט לעבעדיקערהייט | 500 | 2.000 |
| יולי 20 — סעלעקציע אין האסאג־פּעלצערן — — — — — — — — — | 300 | |
| יולי 20 — סעלעקציע אויף גאַריבאַלדי־גאַס — — — — — — — — — | 100 | |
| יולי — פון אָנגעקומענעם טראַנספּאָרט דעמבלינער יידן האָט דער נאַצי־טיראַן באַרטענשלאַגער, דערשאָסן קינדער — — | 15 | |
| דעצ. — עוואַקוירט 1200 יידן קיין דייטשלאַנד. מענער קיין בוכנוואַלד און פרויען קיין ראַווענסברוק. אומגעקומען | 1,000 | |

| צאָל קרבנות | | דאַטע |
|---|---|---|
| 1.872 | 457 | 1944, אינדיווידועלע דערשיסונגען, שטערב־לעכקייט־פאַלן פון טיפוס און אַנדערע קראַנקהייטן, געכאַפּטע יידן מיט קען־קאַרטעס, געפאַלענע פּאַרטיזאַנער און אומגעקומענע דורך „א. ק.״ — — — — |
| 3.000 | | 1945, יאַנ. 15־16 — צוואַנגס עוואַקואַציע טראַנספּאָרטן קיין דייטשלאַנד פון די לאַגערן האַסאַג, פעלצערן, ראַקואוו, וואַרטאַ, טשענסטאָכאָוויאַנקאַ — צוזאַ־מען 5.800. אומגעקומען — — — |
| 50.000 | | אַלגעמיינע צאָל קרבנות |

### טאַבעלע פון די באַפרייטע טשענסטאָכאָווער יידן

| | |
|---|---|
| 1945, יאַנ. 17 — אין טשענסטאָכאָוו, באַפרייט דורך דער סאָוועט.־אַרמיי — — — — — — — — — — | 5.200 |
| אַפּריל 15 — אין בערגען־בעלזען, דורך דער ענגלישער אַרמיי, | |
| אַפּריל 27 — אין טירקהיים, דורך דער אַמעריקאַנער אַרמיי, | |
| מאַי 1 — אין בוכבערג, דורך דער אַמעריקאַנער אַרמיי, | |
| מאַי 5 — אין ראַוועונסברוק, דורך דער סאָוועטישער אַרמיי, | |
| צוזאַמען — — — — — | 3.000 |
| סך־הכל | 8.200 |

## אַלגעמיינע אויספירונגען

אין דעם אַלגעמיינעם חורבן פון אייראָפּעאישן יידנטום האָט די שטאָט טשענסטאָכאָוו בייגעטראָגן 50.000 קרבנות. די קרבנות זענען געווען די, וואָס האָבן מיט זיך רעפּרעזענטירט יידישע אמונה, יידישע טראַדיציע און קאַמף קעגן נאַציזם. דאָס אומקומען פאַר יידישער אמונה, טראַדיציע און קאַמף — דאָס זענען די העכסטע פאָרמען פון נאַציאָנאַלער קדושה, וואָס דריקט זיך אויס אין קדוש־השם און קדוש־העם. ביי יעדער געלעגנ־הייט דאַרפן די לאַנדסלייט אָפּגעבן כבוד די געפאַלענע קדושים, מאַרטירער און העלדן.

אָפּגעבן כבוד די געפאַלענע קדושים, מאַרטירער און העלדן, הייסט פונאַנדערוויקלען די אַלע פּראָבלעמען, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיט זייער לעבן, קאַמף און אומקום.

אָפּגעבן כבוד די געפאַלענע קדושים, מאַרטירער און העלדן הייסט, גלייכצייטיק, אויסדריקן אייביקע פאַראַכטונג צו די, וואָס האָבן פאַרלוירן יעדן פונק פון מענטשלעכקייט און זיך פאַר־וואַנדלט אין משונהדיקע באַרבאַרן, מאָרדנדיק אויף אַ בעסטיאַ־לישן אופן, מיט דער גרעסטער רציחה און סאַדיזם, די זין און טעכטער פון יידישן פאָלק — דאָס טשענסטאָכאָווער יידנטום.



דאָס איז פאַרבליבן נאָכן חורבן פון דער קליינער געטאָ



אַ פראַגמענט פונעם צעשטערטן בית־עולם





אַזוי האָט אויסגעזען דער צעשטערטער בית־עולם אין טשענסטאָכאָוו, אין יאָר 1946

צבי ראָזענוויין

# דער הונגער־סטרייק אין טשענסטאָכאָווער געטאָ

## א.



יעדער היסטאָריקער וואָס וועט אַמאָל פאָרשן דאָס אינערלעכע לעבן פון די יידן אין די געטאָס, וועט זיך מוזן אָפּשטעלן אויף דער זייער אייגנאַרטיקער אַרבעטער־אינסטיטוציע, „דער אַרבעטער־ראַט", וואָס האָט עקסיסטירט אין צייט פון צווייטן קריג אין דער שטאָט טשענסטאָכאָוו.

דער אַרבעטער־ראַט איז געווען אַן אומלעגאַלע אָרגאַניזירטע קערפּערשאַפט וואָס האָט פאַרטראָטן איבער 5 טויזנט שקלאַפן־אַרבעטער אין דער געטאָ, און האָט אָנגעפירט אַ גרויסע סאָציאַלע, פּאָליטישע און קולטורעלע אַרבעט צווישן די אַרבעטער אין דער טשענסטאָכאָווער געטאָ.

זאָל דאָ דערמאָנט ווערן איין וואונדערלעך קאַפּיטל פון יענער העראָאישער תקופה, דער הונגער־סטרייק, וואָס איז דורכן אַרבעטער־ראַט אָרגאַניזירט און מיט דערפאָלג דורכגעפירט געוואָרן.

דער סטרייק איז געפירט געוואָרן קעגן דעם „יידן־ראַט", וואָס האָט געהאַט אין זיין באַזיץ די לעבנס־צעטיילונגען פאַר דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג. דער „יידן־ראַט" האָט, כלומרשט, געדאַרפט זאָרגן פאַר די שקלאַפן־אַרבעטער, פאַר די וואָס האָבן געאַרבעט פאַר די פאַרמעגלעכערע יידן, וואָס האָבן דורך אַן אָפּצאָל צום „יידן־ראַט"", זיך באַפרייט פון דער אַרבעט.

ווי איינער וואָס האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון דער טשענסטאָכאָווער געטאָ, וויל איך איבערגעבן יענע שטורמישע מאָמענטן אויף דער מאַסן־פאַרזאַמלונג פון די אַרבעטער אין טאָג פון הונגער־סטרייק. דאָרט, וואו עס איז געקומען צום אויסדרוק די ביטערע טענות און די פאָדערונגען פון די אַרבעטער, און די סיבות פונעם סטרייק.

עס איז געווען אַ טאָג אין חודש דעצעמבער, 1941. הונדערטער יידישע אַרבעטער שטראָמען אין דעם „מכבי"־זאַל, וואו עס געפינט זיך איינע פון די אַרבעטער־קיכן. זיי קומען נאָך אַ שווערן טאָג שקלאַפן־אַרבעט, מידע, דורכגעפרוירענע פון דער בייסיקער קעלט. עס קומען יידישע אַרבעטער פון דער וואַסערווירטשאַפט, פון די אייזנבאַנען, פון „ראַקאָוו" און אַנד. צוואַנגאַרבעטער־פאַבריקן. אַלע טראָגן האָלץ־שיך אויף די פיס און פּאַפּירענע אָנצוגן אויף זייערע לייבער, אַלטע, צעריסענע טראַנטעס, וואָס זענען אַמאָל געווען מאַנטלען. ביי פיל זענען די פּאַפּירענע מלבושים צעריסן און עס זעען זיך אַרויס זייערע נאַקעטע לייבער.

דער זאַל וועלכער קען קוים אַריינעמען עטלעכע הונדערט פּערזאָן, ווערט באַלד אָנגעפילט פון אַן איבער טויזנט־קעפּיקן עולם.

אין דער קיך, וואָס גיט יעדן טאָג אַרויס איבער 2 טויזנט מאָלצייטן, ווערט היינט ניט געגעסן. אַ צוזאַמענגעדריקטע הונגעריקע מאַסע, זיצט דאָ פאַרשמאַכט, מיט בלאַסע, קראַנקע פּנימער, אָבער טיף־אַנטשלאָסענע צו געווינען זייערע פאָדערונגען.

דער ערשטער רעדט דער פאָרזיצער פון אַרבעטער־ראַט, משה לובלינג (אומגעקומען שפּעטער אַלס אָנפירער פון אויפשטאַנד אין פאַרניכטונגס־לאַגער טרעבלינקע). ער גיט אָפּ אַ באַריכט וועגן דעם גאַנג פון סטרייק. ער דערמאָנט ווי שווער עס איז געווען ביי יעדן איינעם צו פאַסן דעם באַשלוס פון אַ הונגער־סטרייק. כאָטש יעדער ווייס ווי שווער, איבערמענטשלעך שווער, עס זיינען די באַדינגונגען פון די אַרבעטער. דאָס אַרבעטן אין וואַסער, אָדער ביים פאַרלייגן באַן־ליניעס אונטער די בייטשן־שמיץ פון די נאַציס, אָן אַ מענטשלעכן מלבוש אויפן לייב, און דערביי נאָך צו־הונגערן און ניט עסן צו דער זעט. און ביים אַהיימקומען זען די לידן פון ווייב און קינדער... לובלינג דערמאָנט אַז עס איז טאַקע געווען די געפאַר, אַז צוליב דעם אונטערהונגערן פון די אַרבעטער־פאַמיליעס, וועט דער סטרייק געבראָכן ווערן. פּשוט ווייל די פרויען און קינדער וועלן זיך וואַרפן נעמען דאָס שטיקל צוגעוואָרפענע ברויט פון די נאַצישע מערדער. דער סטרייק האָט אָבער איבערגעשטיגן אַלע דערוואַרטונגען. קיינער פון די טויזנטער אויסגעהונגערטע אַרבעטער־פאַמיליעס, האָט ניט געפּרואווט ברעכן דעם סטרייק.

לובלינג דערמאָנט אויך, אַז עס האָבן גאָר נישט געהאָלפן די סטראַשונקעס פון „יידן־ראַט"", אַז ווער עס וועט נישט נעמען דאָס ברויט, וועט עס מער נישט קריגן. ביי דער באַמערקונג האָבן די פרויען־סטרייקערינס אויסגערופן: „מיר וועלן בעסער שטאַרבן, איידער ברעכן דעם סטרייק!"

דאַן האָט דער שרייבער פון די שורות גערעדט וועגן דעם קאַמף וואָס קומט פאַר צווישן די צוואַנג־אַרבעטער און דעם „יקדן־ראַט"", און בכלל וועגן די סיבות פון הונגער־סטרייק. — די יידישע פאָלקס־מאַסן, — האָבן איך געזאָגט, — פירן אַ בלוטיקן גראַנגל פאַר זייער לעבן, וואָס דער מערדערישער אָקופּאַנט וויל פאַרניכטן. טויט-געפאַרן לויערן אויפן לעבן פון

די יידישע מאַסן, און אין דעם דאָזיקן שווערן געראַנגל האָבן אַ קליינע גרופּע יידן אין שטאָט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון שונא, און די דאָזיקע גרופּע, דער „יידן־ראַט", העלפט דעם שונא אויספירן די נאַצישע גזירות, אַבי נאָר אָפּצוהיטן די אינטערעסן און דאָס לעבן פון דעם רייכן קלאַס יידן. אַזוי זענען מיר עדות, אַז אַלע ביז־איצטיקע גזירות קעגן די יידן אין שטאָט, ווי צוואַנג־אַרבעט, פאַרשיקונגס־לאַגערן א. ד. גל., האָבן געמוזט אויסטראָגן, אויסשליסלעך, די אָרעמע יידישע באַפעלקערונג. די „יידן־ראַטלער", מיט דער הילף פון דער געסטאַפּאָ, באַהערשן דאָס יידישע לעבן פון די יידן אין שטאָט. זיי נעמען צו די שפּייז, וואָס ווערט צוגעטיילט פאַר דער גאַנצער באַפעלקערונג און זיי פאַרטיילן עס אויפן אייגענעם אייגנזין. פון די געלטער, וואָס ווערן איינגעצלאָט פאַרן אַרבעטס־פאָנד כדי זיך צו באַפרייען פון צוואַנג־אַרבעט און וואָס איז באַשטימט אויסצוהאַלטן די אַרבעטער, איז קיין חשבון נישטאָ. אויף אַלע אונדזערע פאָדערונגען צום „יידן־ראַט", וועגן אָפּצוגעבן אַ חשבון, ענטפערט מען אונדז, אַז דעם חשבון שטעלן זיי צו נאָר צו די „געסטאַפּאָ". די צוטיילונגען פון ברויט, וואָס מיר האָבן ביז איצט אויסגעקעמפט פון 40 דעקאַ אַ טאָג פאַר דעם לייכטן אַרבעטער, און 60 דעקאַ פאַר דעם שווערן אַרבעטער, קען דער אַרבעטער פאַר די 20 זלאָטעס אַ וואָך, ביי דעם גרויסן יקרות, גאָרנישט קויפן. ער קען מיט זיינע מאָגערע פאַרדינסטן נישט שפּייזן די פאַמיליע, דאָס ווייב און קינדער.

אונדזערע פאָדערונגען זענען דעריבער:

1) צו העכערן די ברויט־ראַציעס פאַר לייכטער אַרבעטער — אויף 60 דעקא אַ טאָג, און פאַר די שווערע אַרבעטער — 1 קילאָ אַ טאָג;

2) העכערן די לוינען אויף מינימום 30 זלאָטעס אַ וואָך.

איך האָב פאַרענדיקט מיט די ווערטער:

— „עס דאַרף פאַר יעדן קלאָר זיין אַז דער קאַמף איז זייער אַ שווערער און וועט מיט דער צייט ווערן נאָך שווערער, ווייל דער „יידן־ראַט" וועט נישט איבערקלייבן די מיטלען אין קאַמף קעגן דער אַרבעטערשאַפט. מיר האָבן שוין געהערט אַפילו דראָאונגען פון די „יידן־ראַטלער", אַז אויב די אַרבעטער־פאָרשטייער וועלן דעם סטרייק נישט אָפּשטעלן, וועט מען זיי מאַכן מיט אַ קאָפּ נידעריקער. מיר זענען אָבער זיכער, אַז אונדזער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, די איינציקע אין איר אַרט אין גאַנץ פוילן, וועט אויף קיין איין מאָמענט נישט אָפּשטעלן איר קאַמף ביז צום זיג איבער דעם פינצטערן נאַציזם!"

עס האָט דאַן גענומען אַ וואָרט דער באַליבטער פאָרשטייער ביי די טשענסטאָכאָווער אַרבעטער, דער יונגער חבר ישראל אביגדור שילדהויז. ער האָט גערעדט מיט האַרץ און נשמה, און ער איז כסדר באַגריסט געוואָרן מיט שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן. שילדהויז האָט גערופן צום קאַמף קעגן די שונאים פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט — דעם „יידן־ראַט".

עס האָבן נאָך גערעדט די חברים מרדכי אָפּענהיים אַלס פאָרשטייער פון די אַרבעטער אין „ראַקאָוו" און וואָלף שימקאָוויטש (ער געפינט זיך איצט אין ישראל) אין נאָמען פון די באַן־אַרבעטער, וואָס האָבן דורך אים אויסגעדריקט זייער אָנערקענונג צום אַרבעטער־ראַט, פאַר זייער מוטיקן פירן פון דעם סטרייק. וואָלף שימקאָוויטש האָט איבערגעגעבן אַז די באַן־אַרבעטער זענען גרייט צו פּראָקלאַמירן אַן אַלגעמיינעם אַרבעטס־סטרייק, אויב די מינימאַלע פאָדערונגען וועלן נישט נאָכגעגעבן ווערן.

ביים סוף פון זיין רעדע האָט דער חבר שימקאָוויטש פאָרגעשלאָגן, אַז די אַרבעטער אין זאַל זאָלן נאָך דער פאַרזאַמלונג זיך לאָזן אין אַ פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציע צו די לאָקאַלן פון „יידן־ראַט".

דער דאָזיקער פאָרשלאַג איז פון אַלעמען אָנגענומען געוואָרן מיט רוישיקע אַפּלאָדיסמענטן.

און אין אַן אויפגערעגט־צאָרנדיקן צושטאַנד האָט זיך די מאַסע געלאָזן צו די לאָקאַלן פון „ייד, ־ראַט", אַלעע 11, אַריין אינעווייניק און באַזעצט אַלע צימערן.

עס האָט אויך נישט גענומען לאַנג און די באַריערן פון לאָקאַל זיינען געווען צעשטערט. די שרייב־טישן — צעבראָכן, אין די שרייב־מאַשינען צעשפּרייט אויף די דילן. אין צווישן האָט אַ טייל אַרבעטער אויפגעריסן די טיר צום פּרעזידיום. טויט־בלייכע זענען געזעסן די פּרעזידיום־מיטגלידער. די אַרבעטער זענען אַריין מיט געשרייען: „איר ווילט אונדז לאָזן צום טויט פאַרהונגערן! גיט אונדז דאָס ברויט וואָס אונדז קומט פאַר די אַרבעט!" איין אַרבעטער איז צוגעלאָפן צו קאָפּינסקין און אָנגעכאַפּט זיינע הענט און מיט זיי געטרייסלט און דערביי אַריינגעשריען אין פּנים אַריין: „אונדזערע פרויען און קינדער ווערן געשוואָלן פון הונגער און קעלט און איר רויבט צו אונדזער שטיקל ברויט, וואָס עס ווערט אונדז צוגעטיילט! אויב איר וועט אונדז נישט געבן וואָס עס קומט אונדז, וועלן מיר נישט אויספירן די שקלאַפן־אַרבעט פאַר די אויסגעפּאַשעטע זינדעלעך וואָס דרייען זיך דאָ אַרום!"

עס וואָלט באַשטימט געקומען צו ערנסטע געשעענישן, ווען עס קומען נישט גלייך אָן די פאָרשטייער פון אַרבעטער־ראַט, בראש מיטן חבר לובלינג. חבר לובלינג האָט זיך גלייך אַרויפגעשטעלט אויף אַ טיש און מיט זיין דונערדיקער שטימע געבעטן די אַרבעטער זיך צו באַהערשן. און דאָ האָט זיך ווידער אַרויסגעוויזן דער גוואַלדיקער איינפלוס פון די אַרבעטער־פאָרשטייער. אין מיטן פון די צעשטורעמטע געפילן, ווען די אַרבעטער האָבן געהערט די שטים פון זייער פאָרשטייער, חבר לובלינג, זיך צו באַרואיקן, איז גלייך געוואָרן שטיל. אַלע האָבן זיך צוגעהערט צו זיינע רייד.

„חברים", האָט חבר לובלינג געזאָגט, „איך פאַרשטיי גוט אייערע געפילן און אייער צאָרן! איך וויל איר זאָלט וויסן, אַז אַ לאַנגע צייט איידער מיר האָבן דעם הונגער־סטרייק פּראָקלאַמירט, האָבן מיר שוין געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט די הערן פון ‚יידן־ראַט'. און מיר האָבן צו זיי אַפּעלירט, זיי זאָלן נאָכקומען אונדזערע מינימאַלע גערעכטע פאָדערונגען, אָבער זיי האָבן ציניש אָפּגעוואָרפן אַלע רייד אונדזערע. ‚די געשטאַפּאָ איז הינטער אונדז', האָבן זיי אונדז געענטפערט. מיר וועלן אָנגיין מיט אונדזער סטרייק, כאָטש מיר ווייסן וועלכע קאָנסעקווענצן עס קענען דערביי זיין. חוץ דעם טויט האָבן מיר גאָר נישט צו פאַרלירן. איך פאַרלאַנג פון אייך, חברים, אין איצטיקן ערנסטן מאָמענט איין זאַך. און דאָס איז: הונדערט פּראָצענטיקן אַרבעטער־דיסציפּלין. עס מוז אַריינגיין אַ גרעסערע דעלעגאַציע צום פּרעזידיום פון „יידן־ראַט", און פאָרלייגן אונדזערע פאָדערונגען, און די איבעריקע אַרבעטער זאָלן דאָ וואַרטן אין די זאַלן, אויף דעם רעזולטאַט פון די פאַרהאַנדלונגען."

עס איז באַלד אויפן אָרט אויסגעקליבן געוואָרן אַ דעלעגאַציע פון די מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע פון דעם אַרבעטער־ראַט.

ביז שפּעט אין דער נאַכט האָבן געדויערט די שטורמישע

פאַרהאַנדלונגען. די יידן־ראַט־מיטגלידער האָבן אומבאַדינגט פאַרלאַנגט אַז די אַרבעטער־מאַסע זאָל פאַרלאָזן די לאָקאַלן פון „יידן־ראַט", ווייל ער וויל נישט פאַרהאַנדלען אונטער אַ טעראָר. די אַרבעטער־פאָרשטייער זענען אָבער פאַרעקשנט געבליבן ביי זייער באַשלוס. זיי האָבן געוואוסט, אַז ווען די מאַסע איז נישטאָ, וואָלט מען, ווי ביז אַהער, די דעלעגאַציע געהאַלטן אונטער אַ טעראָר. פיל מאָל זענען די פאַרהאַנדלונגען איבערגעריסן געוואָרן. עס האָט זיך אויסגעדוכט אַז זיי וועלן צו גאָרנישט פירן. דער שטענדיקער „פאַרמיטלער", בערלינער, פון „יידן־ראַט", האָט געפּרואווט ווירקן אויף די אַרבעטער־פאָרשטייער איינצוגיין אויף קאָמפּראָמיסן. עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. די אַרבעטער־פאָרשטייער זענען געשטאַנען שטאָל און אייזן ביי זייערע פאָדערונגען. עס זענען אינצווישן אָפּגעהאַלטן געוואָרן באַראַטונגען, באַזונדער פון די אַרבעטער־פאָרשטייער, און באַזונדער פון די יודן־ראַטלער. און ענדלעך, נאָך לאַנגע שעהן פון אַרגומענטירן און קעגן־אַרגומענטירן, איז דער „יידן־ראַט" נאָכגעקומען די אַלע אַרויסגעשטעלטע פאָדערונגען פון די אַרבעטער.

דער דאָזיקער דערפאָלג פון הונגער־סטרייק האָט דעמאָלט זייער פיל געהויבן דעם פּרעסטיזש און אָנזען פון אַרבעטער־ראַט ביי דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג אין טשענסטאָכאָוו אין יענע טרויעריקע טעג אונטער דער גרויזאַמער ממשלה פון די בלוטיקע נאַצי־באַרבאַרן.

# וועגן אַרבעטער־ראַט אין טשענסטאָכאָוו

## ב.

די שטאָט טשענסטאָכאָוו, ווי אַ סך אַנדערע יידישע קהילות, האָט אין צייט פון קריג געהאַט אַ שטאַרקע אָרגאַניזירטע ווידערשטאַנד־באַוועגונג, וואָס האָט געוועקט און גערופן — אין די גרויזאַמסטע באַדינגונגען אין געטאָ — די יידישע באַפעלקערונג צום קאַמף קעגן נאַציזם.

טשענסטאָכאָוו וועט אָבער גאָר באַזונדער פאַרנעמען אַן אויבנאָן אין דער געשיכטע פון יידישן ווידערשטאַנד אין פּוילן מיט איר אייגנאַרטיקער אומלעגאַלער אָרגאַניזאַציע וואָס האָט זיך גערופן „דער אַרבעטער־ראַט", אַ קערפּערשאַפט וואָס האָט פאַרטראָטן די אינטערעסן פון די יידישע צוואַנגס־אַרבעטער אין געטאָ.

דאָס אָרגאַניזירן זיך פון אַרבעטער, איז געקומען ווי אַ רעזולטאַט פון דער נאַצישער פאַראָרדנונג אין אָנהויב פון קריג, וועגן צוואַנגס־אַרבעט פאַר יידישע מענער אין עלטער פון 16 ביז 60 יאָר.

די צייט, וויפיל טעג און וואָך עס זאָל יעדער ייד מוזן אויספירן די צוואַנגס־אַרבעט, איז געווען אָפּהענגיק פון די באַדערפענישן פון די אָרטיקע מאַכט־אָרגאַנען וועלכע האָבן די פאַרלאַנגטע צאָל שקלאַפן־אַרבעטער צוגעשטעלט דעם „יודען ראַט", וואָס האָט, אַלס אויספירער פון אַלע דייטשישע גזירות — געדאַרפט זיין דער צושטעלער פון די פאַרלאַנגטע צאָל יידישע צוואַנגס־אַרבעטער צו די נאַצישע מאַכט־אָרגאַנען.

דער „יודען־ראַט" האָט די דאָזיקע שווערע גזירה אַרויפגעוואָרפן אויסשליסלעך אויף די פּלייצעס פון דער אָרעמער, אַרבעטנדיקער יידישער באַפעלקערונג.

דער „יודען־ראַט" האָט געשאַפן אַ סיסטעם, לויט וועלכער יעדער פאַרמעגלעכער ייד האָט פאַר אַ געוויסער סומע זיך געקענט אויסקויפן פון דער צוואַנגס־אַרבעט. עס איז אויסגעקומען, אַז דער אָרעמער אַרבעטער האָט געמוזט אַרבעטן פאַר דעם פאַרמעגלעכן. נישט בלויז האָט מען גענומען קראַנקע צו דער אַרבעט, ווייל מען האָט געדאַרפט דעקן די צאָל פון די געזונטע, וואָס מען האָט באַפרייט פאַר געלט, נאָר מען האָט גענומען די איינציקע שפּייזערס פון פאַמיליעס, וועלכע זיינען דורך דער צוואַנג־אַרבעט, פולשטענדיק אָפּגעשניטן געוואָרן פון יעדן פּרנסה־קוואַל. די יידישע באַפעלקערונגען איז, דאָס רוב, אַזוי אָרום, פאַראורזאַכט געוואָרן צו אַ הונגער־טויט.

פרילינג, 1940, גייען די ערשטע גרופּעס פון טויזנט יידישע מענער צו דער צוואַנג־אַרבעט ביים רעגולירן דעם טייך וואַרטאַ. די דאָזיקע צוואַנג־אַרבעט וועלכע איז באַגלייט פון מאָראַלישע און פיזישע פּייניקונגען מצד די נאַציס, ברענגט מיט זיך אַ געוואַלטיקן אויפרעגונג און שנאה ביי דער יידישער באַפעלקערונג נישט נאָר קעגן די נאַצישע פּייניקער, נאָר אויך קעגן די אויספירער פון די גזירות, די יודן־ראַטלער, וועלכע העלפן צו די נאַציס אין דער אויסראָטן פון די יידן.

ווי אין אַלע שטעט אין פּוילן, וואו יידן האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד קעגן די נאַציס, קומט אויך אין טשענסטאָכאָוו דער ערשטער רוף צו ווידערשטאַנד פון די חלוצישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זיינען געווען אַ באַשטאַנד־טייל פון דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג.

פון מאַי, 1940, דאַטירט זיך דער אויפקום פון אַרבעטער־ראַט אין טשענסטאָכאָוו, וואָס האָט פאַרשריבן איינע פון די העראָאישסטע קאַפּיטלעך אין דער געשיכטע פון דעם ווידערשטאַנד־קאַמף פון די יידן אין די געטאָס.

דער אַרבעטער־ראַט וועלכער איז דערנאָך געוואָרן אַ געוויילטע קערפּערשאַפט, אויסגעוויילט פון די איבער פינף טויזנט שקלאַפן־אַרבעטער. (צו ווילן און געוויילט צו ווערן האָבן געהאַט רעכט נאָר די שקלאַפן אַרבעטער וועלכע זיינען צוויי וואָכן געווען מיטגלידער און געצאָלט דעם מיטגלידס אָפּצאָל, יעדע גרופּע פון פופציק אַרבעטער האָט געשיקט אַ פאָרשטייער צום ראַט, וואָס האָט דערנאָך אויסגעוויילט די עקזעקוטיווע און פּרעזידיום).

דער אַרבעטער־ראַט האָט אָרגאַניזירט אייגענע הילפס־אינסטיטוציעס, ווי אַ קראַנקן־קאַסע, אַן אינוואַלידן פאָנד, אַ הלוואה־קאַסע, אייגענע אַרבעטער קיכן. דער אַרבעטער ראַט־האָט אָרגאַניזירט אַן אייגענעם דראַמאַטישן קרייז און אַ יוגנט־כאָר.

דער אַרבעטער־ראַט האָט אָרגאַניזירט די קיבוצים אין טשענסטאָכאָוו, וועלכע האָבן עקסיסטירט אין אָנהייב פון קריג און זיי טיילווייז אויסגעהאַלטן. דער צוועק פון אויפשטעלן די קיבוצים

איז געווען אַ ריין פּאָליטישער, צו האָבן אָרגאַניזירטע גרופּן ווען עס וועט זיין נויטיק. דער אַרבעטער־ראַט האָט געפירט אַ כסדרדיקן קאַמף קעגן יודען־ראַט פאַר פאַרבעסערן די עקאָנאָמי־שע באַדינגונגען פון די שקלאַפן־אַרבעטער. דער קאַמף איז באַ־שטאַנען פון הונגער־סטרייקן און מאַסן־דעמאָנסטראַציעס אין די לאָקאַלן פון יודען־ראַט.

פיל מאָל זיינען די אָנפירערס פון אַרבעטער־ראַט אַרעסטירט און אַריינגעזעצט געוואָרן אין דער געטאָ־תפיסה (אַלייע ט) דורך דער יידישער פּאָליציי אויפן באַפעל פון די יודען־ראַטלער.

אין דער אָנפירערשאַפט פון דער דאָזיקער היסטאָרישער אינסטיטוציע זיינען פון אָנהויב אָן ביז צו דער ענדגילטיקער פאַרניכטונג, געווען מיטגלידער פון דער ציוניסטישער אַרבע־טער־באַוועגונג. פאָרזיצער איז געווען דער באַקאַנטער פּועלי־ציוניסט, משה לובלינג, וואָס איז שפּעטער העלדיש אומגעקומען אַלס איינער פון די הויפּט אָנפירער אין דעם טרעבלינקע אויפ־שטאַנד.

די געשיכטע־פעלשער אין היינטיקן פּוילן ווילן, אָבער, פאַר יעדן פּרייז מינימיזירן די ראָל וואָס די ציוניסטישע אַר־בעטער־באַוועגונג האָט געשפּילט אין יענע טראַגישע יאָרן פון חורבן און אומקום.

אַזוי שרייבט ליבער ברענער אין די „בלעטער פאַר גע־שיכטע" פון יאַנואַר־יוני, 1955, אונטער דעם קאָפּ „דער אמת וועגן טשענסטאָכאָווער געטאָ", צווישן אַנדערן וועגן אַרבעטער־ראַט, אויף זייט 180: „אין מיין באַהאַנדלען די טעטיקייט פון אַרבעטער־ראַט האָב איך גענומען אין באַטראַכט בלויז דעם פעריאָד אין דער טעטיקייט פון דער דאָזיקער קערפּערשאַפט פון זינט זי איז באַהערשט געוואָרן דורך די פאַקטישע צוואַנגס־אַרבעטער. ד"ה פון מאַי 1941, ביז דער ליקווידאַציע פון גרויסן געטאָ. אַנשטאַנען איז אָבער די דאָזיקע קערפּערשאַפט אַלס אַן אינסטיטוציע, וועלכע האָט געהאַט דעם ציל צו פאַרמיטלען צווישן יודען־ראַט מיט די אַרבעטער און אויף אַזאַ אופן האַמעווען דעם צאָרן פון די אַרבעטער קעגן יודען־ראַט".

עס איז דער שענדלעכסטער בילבול, וואָס עס איז ווען גע־מאַכט געוואָרן אויף העלדישע יידישע קעמפערס וועלכע זיינען געפאַלן אין קאַמף.

צום גליק לעבן נאָך עדות אין אַמעריקע און אין ישראל, וועלכע האָבן אַן אַקטיוון אָנטייל גענומען אין דער אָנפירערשאַפט פון אַרבעטער־ראַט און זיי קענען אָפּלייקענען ברענערס ניט־ריכטיקע רייד.

און ווען ברענער זאָגט אַז „זינט מאַי, 1941, איז די דאָזיקע אינסטיטוציע געוואָרן באַהערשט דורך די פאַקטישע שקלאַפן־אַרבעטער", איז דאָס דורכאויס נישט אמת, און שטימט ניט מיט די פאַקטן. דער אמת איז דאָך אַז פון זינט דער אַנטשטייאונג פונעם אַרבעטער־ראַט, ביז דער ליקווידאַציע, איז די דאָזיקע אינסטיטוציע געווען באַהערשט און געלייטעט פון אַקטיווע מיט־גלידער פון אַרבעטער־ציוניסטן, ווי משה לובלינג, ישראל אביגדור שילדהויז, אברהם לאַזשניאַזש, חיים בערענהאָלץ, און אַנדערע.

ווייטער, אויף דער זעלבער זייט 180, פרעגט ברענער: „ווי זעט אויס די אַנטשטייאונג פון אַרבעטער־ראַט?" און ער ענט־פערט:

„אויף דער איניציאַטיוו פונעם יודען־ראַט פאָרזיצער, וואָס איז געווען אַ ציוניסטישער עסקן, האָבן עטלעכע ציוניסטיש־גע־שטימטע אַרבעטער באַקומען צוגעטיילט אַ צימער אין ביוראָ פון יודען־ראַט, וואו זיי האָבן אָנגעהויבן צו אַמטירן און זיך דערקלערט אַלס אַרבעטער־ראַט, וואָס וועט זאָרגן פאַר די אינ־טערעסן פון די אַרבעטער, ביז דער אַנטשטייאונג פון גרויסן געטאָ האָבן זיך די אַרבעטער לגמרי נישט אינטערעסירט מיט דער דאָזיקער אינסטיטוציע, ערשט אין גרויסן געטאָ האָבן זיך די פּאָליטישע פּאַרטייען פּאַראינטערעסירט מיט דער דאָזיקער קערפּערשאַפט, אַריינגעשיקט אַהין פון צווישן די צוואַנגס־אַר־בעטער זייערע פאַראַנטוואָרטלעכע חברים, וועלכע האָבן דאָרט די גאַנצע איניציאַטיווע איבערגענומען אין זייערע הענט. געקע־רעוועט די טעטיקייט אין דער נויטיקער ריכטונג און דאָרט אָנ־געפירט מיט דער אַרבעט ביז דער ליקווידאַציע פון גרויסן געטאָ. פאַר דעם דאָזיקן פעריאָד האָבן זיך אין דער אָנפירונג פון אַרבעטער־ראַט שוין אויך געפונען מיינע דאַמאָלדיקע פּאַרטיי־חברים: אברהם בראַט, מענדל ווילינקער, שמשל יאַקובאָוויטש און יצחק ראָזענפעלד".

זאָל נאָך אַמאָל דערמאָנט ווערן: ברענער וויל שאַפן דעם איינדרוק אַז די גרינדער פון אַרבעטער־ראַט זיינען געווען אַרויס־העלפער פון יודען־ראַט פאָרזיצער, און זיי האָבן געגרינדעט דעם אַרבעטער־ראַט אויף זיין באַפעל כדי איינצושטילן דעם כעס פון די אַרבעטער און אַז ערשט ווען זיינע אויסגערעכנטע חברים זיינען אַהין אַריין, איז די אַרבעטער־אינסטיטוציע אַרויף אויפן ריכטיקן וועג. איך וויל דעריבער פעסטשטעלן, אַז:

1) דער געדאַנק פון שאַפן דעם אַרבעטער־ראַט איז אַנט־שטאַנען אויף געהיימע זיצונגען, וועלכע זיינען אָפּגעהאַלטן גע־וואָרן אין פּריוואַטע וואוינונגען פון אַקטיווע חברים פון די חלוצישע אָרגאַניזאַציעס און באַזונדערס אין דער דרוקעריי פון חבר וואַטענבערג.

2) דער אַרבעטער־ראַט האָט שוין עקזיסטירט נאָך פאַר דעם באַקומען דעם לאָקאַל צו אַמטירן. די גרויסע מאַסן פאַרזאַמ־לונגען אין די לאָקאַלן פון יודען־ראַט, אַלייע 22, און אויפן הויף אַלייע 6, וואו עס האָט זיך פריער געפונען דער אַרבעטס־אַמט, זאָגן עדות אויף דעם.

ג) דאָס דינגען דעם לאָקאַל איז געוואָרן אַ נויטווענדיקייט צוליב דער געוואַלטיקער אויסברייטערונג פון די אַקטיוויטעטן וועלכע האָבן אַרומגענומען טויזנטער אַרבעטער און זייערע פאַ־מיליעס. אין דעם לאָקאַל האָט דער אַרבעטער־ראַט נישט באַ־קומען צוגעטיילט פון יודען־ראַט פאָרזיצער, ווי עס גיט אָן ברענער, נאָר מען האָט געדונגען און געצאָלט דערפאַר — איינס פון די צימערן, וועלכע האָבן געהערט צום אייגנטימער פון רעס־טאָראַן און וואָס האָט זיך געפונען אין דעם הינטערשטן פליגל פון לאָקאַל פון אַרבעטס־אַמט.

4 דער דאָזיקער לאָקאַל האָט עקזיסטירט נאָר אַלס האַלב־לעגאַלע שוץ־וואַנט, אָבער די זיצונגען פון דער עקזעקוטיווע זיינען ווייטער געפירט געוואָרן אין פּריוואַטע וואוינונגען. און דאָס איז געטאָן געוואָרן אויך אין דער צייט ווען ברענערס חברים זיינען געווען ביי די זיצונגען, די זעלבע חברים, וועלכע ברענער גיט אָן אַז זיי האָבן געקערעוועט דעם אַרבעטער־ראַט.

5) דער אַרבעטער־ראַט האָט פון זינט זיין אַנטשטייאונג ביז צו דער פאַרניכטונג געפירט אַן עקשנותדיקן קאַמף קעגן יודען־ראַט בראש מיט איר פאָרזיצער.

6) דאָס פּרעזידיום און די עקזעקוטיווע פון אַרבעטער־ראַט איז געווען אין אַ גרויסער מאַיאָריטעט פון מיטגלידער פון

דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג און די גאַנצע צייט פון איר עקזיסטענץ איז זי געלייטעט און אָנגעפירט געוואָרן פון די דאָזיקע אַרבעטער אידעאַליסטן.

7) דער פאָרזיצער משה לובלינג, ישראל אביגדור שילד־הויז א״אנד זיינען פיל מאָל אַרעסטירט געוואָרן אויפן באַפעל פון פאָרזיצער פון יודען־ראַט, בעת ברענער וויל שאַפן דעם איינדרוק אַז אויף דעם פאָרזיצערס באַפעל איז דער אַרבעטער־ראַט גאָר אַנטשטאַנען.

8) אברהם בראָט, וועמען ברענער דערמאָנט, איז קיינמאָל נישט געווען קיין מיטגליד פון אַרבעטער־ראַט, ווייל ער איז ניט געווען קיין שקלאַפן־אַרבעטער. דאַקעגן האָט ער צוזאַמען מיט דוד שלעזינגער, יהושיע נירנבערג, דוד קויפמאַן און גרשון פרענדקין געהערט צום ביי־ראַט וועלכער איז געשאַפן געוואָרן נאָר מיט באַראַטונגס־רעכט. דער אַרבעטער־ראַט האָט געוואָלט האָבן די מאָראַלישע אונטערשטיצונג פון די פאַר־מלחמהדיקע אַרבעטער־טוער.

9) מענדל ווילינגער און יצחק ראָזענפעלד זיינען געווען אַקטיוו אין אַרבעטער־ראַט און געהערט צו דער עקזעקוטיווע פון זינט דער אַנטשטייאונג פון דער אינסטיטוציע און עס איז דעריבער פאַלש די באַהויפטונג פון ברענערן, אַז ערשט ווען די אייבנדערמאָנטע חברים „זיינען געוואָרן אַקטיוו, איז דער אַרבעטער־ראַט אַרויף אויפן ריכטיקן וועג״.

10) שימשל יאַקובאָוויטש האָט געהערט צום ראַט, ער איז אָבער קיינמאָל נישט געווען צווישן די אָנפירנדיקע חברים.

אין זיין ווייטערדיקן שרייבן וועגן אַרבעטער־ראַט לייקנט ברענער אַז דער אַרבעטער־ראַט האָט נישט געהאַט קיין אייגענע קיכן, פאַררופנדיק זיך אויף אַ דאָקומענט פון עלטסטן־ראַט, לויט וועלכן עס איז פעסטגעשטעלט, אַז די קיכן האָבן געהערט צום יודען־ראַט. איך בין איבערצייגט אַז ליבער ברענער איז נישט אַזוי נאַאיוו נישט צו וויסן אַז אָפיציעל האָט ניט געקענט עקזיסטירן קיין אַרבעטער־קיך אויפן נאָמען פון אַרבעטער־ראַט, וואָס איז נישט געווען לעגאַל פאַר דער דייטשער מאַכט. ער שרייבט דאָך אַליין, אַז אונטערן דרוק פון די אַרבעטער איז דער יודען־ראַט געווען געצוואונגען צו גרינדן אַרבעטער־קיכן. דער אמת איז אָבער, אַז די קיכן זיינען יאָ געלייטעט געוואָרן דורכן אַרבעטער־ראַט און איינער פון די לייטערס פון די קיכן איז דאָך געווען חבר יצחק ראָזענפעלד אין מכבי־זאַל, און דער לייטער פון דער צווייטער קיך איז געווען אברהם לאָזשניסעזש, כאָטש די לעבנס־מיטל פאַר די קיכן, פונקט ווי די ברויט־צעטיילונגען, זיינען געקומען פון די מאַגאַזינען פון יודען־ראַט. ברענער וויל אויך אָפלייקענען אַז דער אַרבעטער־ראַט האָט ניט געהאַט קיין דראַמקרייז און יוגנט־כאָר.

זאָל עס פעסטגעשטעלט ווערן, אַז עס האָט עקזיסטירט אַ דראַמקרייז אונטער דער אָנפירונג פון חיים ראַפּאָפּאָרט און חיים אָרבאַך, און די אויפפירונג פון „דאָס גרויסע געווינס״ פון שלום עליכם, אין זאַל אַלייע 12, איז געווען אַ געוואַלטיקער דערפאָלג.

אויך דער יוגנט־כאָר אונטער דער לייטונג פון באַקאַנטן דיריגענט יעקב וואַטענבערג, האָט געגעבן אַ גרויסע קינסטלערישע אויפפירונג פון געזאַנג און רעציטאַציעס אין זאַל פון „מכבי״.

צום סוף עטלעכע פערזענלעכע ווערטער צו ליבער ברענער:

איר וועט זיך, באַשטימט, דערמאָנען ווי דער שרייבער פון די שורות, צוזאַמע מיט דעם אומפאַרגעסלעכן משה לובלינג, זיינען אָפט געקומען אין לאָקאַל פון „טאז״ און אָפּגעהאַלטן קאָנפערענצן מיט יעקב ראָזינער און ד״ר קאַנאַרסקי, און איר זייט אויך טיילמאָל אָנוועזנד געווען. איר וועט זיך באַשטימט דערמאָנען אונדזער געמיינזאַמע זאָרג וועגן אָרגאַניזירן מעדיצינישע הילף פאַר די שקלאַפן־אַרבעטער. זייט אויף אַ מינוט אויפריכטיק צו זיך אַליין, און דערמאָנט זיך, אונדזער אויפרעגונג דאַמאָלט וועגן די יודן־ראַטלער און זייער הפקרות. ווי קענט איר היינט קומען און וואַרפן אַזעלכע העסלעכע בילבולים אויף מענטשן וועלכע האָבן זייער לעבן געאָפּפערט אין קאַמף פאַרן יידישן כבוד און אין קאַמף קעגן יידישע פאַררעטער? ווי קענט איר היינט וואַרפן אזאַ בלוטיקן בילבול אַז די דאָזיקע קדושי ישראל „זיינען געוואָרן פאַרמיטלער צווישן יודען־ראַט און די אַרבעטער כדי צו האַמעווען דעם צאָרן פון די אַרבעטער?״

עס וואָלט, באמת, געווען אַ יושר, אַז איר זאָלט אָפּדרוקן אַן עפנטלעכע דערקלערונג און אַראָפּנעמען פון זיך דעם דאָזיקן שאַנדפלעק און צוריקציען די נישט אמתע באַהויפטונג וואָס איר האָט געמאַכט אויף ערלעכע יידישע מאַרטירער.


דער מאַסן־קבר פון דאָקטוירים, דענטיסטן און אַנדערע פּראָפעסיאָנאַלן, אומגעקומענע, פּורים, 1943


דער נייער פאַרקאַן פון טשענסטאָכאָווער בית־עולם, אויפגעבויט נאָכן חורבן, מיט דער הילף פון ניו־יאָרקער טשענסטאָכאָווער רעליף־קאָמיטעט

שלמה וואַגאַ

# דאָס בלוט פון די אומגעקומענע שרייט פון דער ערד...

## (בלעטלעך זכרונות פון די גרויליקע טעג...)

### א.



...געווען איז עס אין די טעג ווען עס איז כלומרשט אָפּעשאַפּט געוואָרן אויף אַ קורצער צייט די גזירה צו טראָגן די ווייסע בענדער מיט די מגן־דודס אויף די רעכטע אָרעמס. יעדער ייד פון דעם אַרבעטס־לאַגער, אָדער פון דעם האַנטווערקער־הויז, אַלייע 14, האָט איצט געקראָגן אַ בלעכענעם נומער, וואָס ער האָט געמוזט טראָגן פון פאָרנט אויף דער רעכטער זייט פון זיין מאַנטל. דער דאָזיקער בלעכענער נומער האָט יעדן ייד געמאַכט צו פילן ווי ער וואָלט ממש געווען אַ פאַרברעכער. עס איז געוואָרן נאָך שווערער ווי פריער, אַלע יידן זיינען איצט געווען נאַציאָנאַלע שקלאַפן. עס האָט לאַנג ניט גענומען, און דער הויפּטמאַן האָט ווידער באַפוילן אַז די יידן מוזן ווידער, ווי פריער, טראָגן די ווייסע אָרעמבענדער מיט די מגן־דודס, אַפילו בעת דער אַרבעט. דער הויפּטמאַן האָט פאַרשטאַנען אַז אָן די אָרעמבענדער איז לייכטער געווען פאַר די יידן אַ מאָל אַרויסצוגיין פון די רייען, בעת זיי פלעגן געפירט ווערן אויסערן געטאָ, — אין די אַרישע גאַסן, דאָס איז געווען עפּעס צו גוט פאַר יידן...

די איינוואוינער איז נישט דערלויבט געווע, צו פאַרלאָזן דאָס האַנטווערקער־הויז. סיידן ווען עמעצער איז שטאַרק קראַנק געוואָרן, דעמאָלט האָט דער חולה זיך געווענדט צום יידישן „הילפס־לייטער" פון דער פּאָליציי, וואָס האָט, אגב, אויך געוואוינט אין דעם האַנטווערקער־הויז, צו קענען באַזוכן דעם דאָקטער אין דעם אַרבעטסלאַגער. אַ יידישער פּאָליציימאַן פלעגט דעמאָלט באַגלייטן דעם קראַנקן, פירן אים צום דאָקטער און צוריק ברענגען דעם חולה אַהיים, אין דעם האַנטווערקער־הויז אַריין.

יעדן זונטיק דורכן טאָג איז יעדן איינעם פון דעם האַנטווערקער־הויז דערלויבט געווען צו באַזוכן זיינע קרובים, אָדער באַקאַנטע אין דעם אַרבעטסלאַגער. נאָך אַזאַ וויזיט, אין דעם פרייען זונטיק־טאָג, פלעגט יעדער צוריקקומען קראַנק און צעבראָכן... איך האָב פונדעסטוועגן שטאַרק געוואָלט באַזוכן דעם אַרבעטס־לאַגער, כאָטש איך האָב אין פאָרויס געפילט אַז קיין גרויס פאַרגעניגן וועל איך פון אַזאַ באַזוך ניט האָבן... איך האָב זיך אָנגעשלאָסן אין אַ גרופּע יידן, אַן ערך צען פאַרשוין, און מיר זיינען אין אַ זונטיק אַוועק באַטראַכטן דעם אַרבעטס־לאַגער.

אַ יידישער פּאָליציימאַן האָט אונדז געפירט. מיר האָבן געמוזט גיין צו צוויי אין דער ריי. מיר האָבן געשפּאַנט אין מיטן וועג ווי די פערד, און זיך געטאָפּטשעט אין דער בלאָטע. פּאָליאַקן שטעלן זיך אָפּ, קוקן אויף אונדז מיט גלייכגילטיקע בליקן, באַקאַנטע גויים דערקענען אונדז, אָבער באַגריסן אונדז נישט. אַ טייל פּאָליאַקן לאַכן הויך אויפן קול און שרייען אונדז נאָך מיאוסע ווערטער, זלזולים, מען זעט ווי זיי פרייען זיך מיט אונדזער אויסזען. פּוילישע שקצים לויפן אונדז נאָך, שרייען און פילדערן, באַליידיקן אונדז, און אויך דעם יידישן פּאָליציימאַן. אונדזער „שומר", דער יידישער פּאָליציימאַן, שווייגט און ענטפערט זיי גאָר נישט. מיר גייען פאַרביי די יידישע גאַסן. די פענצטער פון די שטיבער זיינען אָפן, ביי אַ טייל זיינען די שויבן אויסגעהאַקט, ווי נאָך אַ פּאָגראָם. די ראַמען פון די פענצטער הענגען אויף די האַלב־אָפּגעריסענע, צעבראָכענע אייזנדלעך. דער ווינט בלאָזט, און די פענצטער־ראַמען וויגן זיך און דערציילן פון אונדזער אומגליק, ביי אַ טייל הייזער הענגען נאָך די גאַרדינען. דער ווינט צעבלאָזט זיי. טירן עפענען זיך און ווערן פאַרהאַקט. זיי עפענען זיך ווידער ווי אין אַ שטורעם. אויך אין מיר שטורעמט אינעווייניק. עס שטיקן די טרערן, וואָס זיי, די מערדער, האָבן געמאַכט פון די יידישע שטיבער! איך זע אויף די הויפן ליגן שטיקער מעבל, פּאָטאָגראַפיעס און פאַרמעט, דאָס זיינען געוויס די בילדער וואָס פלעגן באַצירן די ווענט פון יידישע שטיבער. פּאָרטרעטן פון נאָענטע און אייגענע. און אָט גייען מיר פאַרביי אַ גאַס וואו עס ליגן ספרים, חומשים, גמראס, סידורים, צעריסענע טליתים, צעוואָרפענע תפילין, רצועות. זיי וואַלגערן זיך אין די וואַסערן נאָכן רעגן. אָט זעען מיר איבער אַ טויער פון אַ געביידע אַ פּאָרטרעט פון אַן אַלטן בכבודיקן ייד, מיט אַ לאַנגער גרויער באָרד. דער פּאָרטרעט איז באַשפּריצט מיט בלאָטע. דאָס האָבן די „גרויסע העלדן", די מערדער, זיך געוואָלט פאַרווילן מיט דער דאָזיקער שיינער געשטאַלט פון דעם יידן. איך בייל די פויסט ביים שפּאַנען. אוי, גאָט, זיי זיך נוקם אין די מערדער! און אָט זע איך אַ קינדער־וועגעלע אין פאָרנט פון אַ יידישער שטוב. דאָס וועגעלע איז ליידיק. אַ ליאַלקע וואַלגערט זיך לעבן די רעדלעך פון וועגעלע. טראָפּנס רעגן רינען פון אַלע זייטן, ווי דאָס ווע־

געלע וואָלט געוויינט מיט טרערן אויפן קינד וואָס איז צוגענומען געוואָרן און ערגעץ וואו אומגעבראַכט געוואָרן... איך זע טעפ, שיסלען און אַנדערע קיך־מכשירים זיך וואַלגערן ניט ווייט פון דעם קינדער־וועגעלע...

אָט גיי איך פאַרביי דאָס הויז פון מיין גוטן פריינד משה נוסענבוים. איך זע דאָס פענצטער, וואו איך פלעג זיך אָפט אָפשטעלן און פרעגן צי משה איז דאָ אין דער היים. אָבער די פאָרהאַנגען אין אָפענעם פוסטן פענצטער פלאַטערן אין ווינט און זאָגן מיר אָן די שוואַרצע בשורה אַז קיינער, קיינער איז שוין אין שטוב דאָרט נישטאָ! נישטאָ מער מיין גוטער פריינד משה און אויך זיינע נאָענטסטע. די משפחה איז צוזאַמען מיט אים אַוועקגעריסן געוואָרן פון די מערדער, צוזאַמען מיט נאָך הונדערטער טשענסטאָכאָווער אומשולדיקע יידן! און מיין פריינד משה איז דאָך געווען אַזאַ גלויביקער, אַן אמתער אָפטימיסט! ער איז געווען אַן אָפיציר אין דער פוילישער אַרמיי. געווען געטריי דאָס לאַנד, טראָץ די אַנטיסעמיטן. ער האָט יעדן פון אונדז געטרייסט אַז די מלחמה וועט לאַנג נישט דויערן, און היטלער, ימח שמו, וועט האָבן אַ מיאוסע מפלה. ער וועט בלייבן ביי זיינע ווילדע, העצערישע רעדעס! ערשט דאָ נישט לאַנג צוריק, אין די טעג פון פאַר יום־כיפור, האָט ער געזאָגט, אַז די נאַציס האָבן מיט זיך צו טאָן. עס גייט זיי, די מערדער, מיט דער פוטער אַראָפ! זיין פרוי מרים, איז געווען ווייניקער זיכער אין היטלערס סוף, און זי האָט זייער צוועלף־יאָריקן זון אַוועקגעשיקט פון הויז צו אירע שוועסטער, אין דעם האַנטווערקער־הויז. דאָס ייִנגל איז דערווייל געבליבן לעבן, און מיין פריינד און זיין פרוי זיינען צומאָרגנס נאָך יום־כיפור אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע.

מיר שפּאַנען ווייטער. פאַר אונדז ווייזן זיך אַלץ מער און מער הייזער מיט אויפגעפראַלטע טירן, אויך געוועלבער, — אויסגערויבטע, באַגזלטע, מיט ליידיקע פּאָליצעס. די פּאָליאַקן האָבן זייערס געטאָן! אויסגערויבט דאָס יידישע האָב־און־גוטס און גאָר נישט איבערגעלאָזן פון דעם אָנגעזאַמלטן יידישן ביסל אייגנס, ווי זיי, די גנבים, וואָלטן געווען זיכער אַז די אַוועקגעשיקטע יידן וועלן שוין קיין מאָל מער נישט צוריקקומען...

מיר קומען צו נאָענט צו דער באַקאַנטער „מעטאַלורגיע״. די פאַבריק וואָס האָט כלומרשט געדאַרפט ראַטעווען, דורך די ספּעציעל־איינגעאָרדנטע „שאַפּס״, טויזנטער יידן נישט אַריינצופאַלן אין די נאַצישע הענט אַריין! דער שטאָט־הויפּטמאַן האָט אָבער גאָר באַוויזן אָפּצונאַרן די יידן און צוגענומען ביי זיי צירונג, געלט, אין די מיליאָנען זלאָטעס, און דערנאָך אַלעמען געלאָזט אַוועקפירן קיין טרעבלינקע. אויך דאָ פון דער „מעטאַלורגיע״ ווערן איצט נאָך אַרויסגעפירט די צענדלינגער מאַשינען וואָס זיינען צוגענומען געוואָרן פון די יידישע האַנטווערקער.

מיר שפּאַנען ווייטער מיט אַראָפּגעבויגענע קעפּ. וואָס טוט זיך דאָ? מיר זעען ווי דער גויאישער טייל פון דער שטאָט טשענסטאָכאָוו האָט קיין סך זיך נישט געענדערט. די גויאישע גאַסן זיינען פול מיט לעבן. מען גייט פראַנק און פריי איבער די גאַסן. נאָר קיין יידן, אויסער אונדז געפאַנגענע, געפירטע ווי די שאָף, זעט מען נישט! און אָט פירט אונדז דער יידישער פּאָליציימאַן צו דעם קליינעם „וואַרשעווער מאַרק״. אויך דאָ, פּונקט ווי די קרוטקע גאַס, איז אַלץ אַרום פוסט און ליידיק. ליידיקע הייזער, אָן יידן! און אָט דערזעען מיר שוין פון ווייטן די אָפּצוימונגען פון דעם „אַרבעטס־לאַגער״. דער קליינער מאַרק איז פאַקטיש דאָס פאָרפעלד פונעם אַרבעטס־לאַגער. מיר שטייען שוין ביים טויער פון דעם שקלאַפן־פּלאַץ. עס באַווייזט זיך איינער אַ דייטש, אין אַן אוניפאָרם פון אַן אָפיצער, אַ הויכער דייטשישער פאַרשוין, פעט ווי אַ חזיר, אַן אָנגעפרעסענער, און רויט ווי אַ בוריק. ער גיט אַ געשריי: „ווער זינד דיזע באַמעל־מענער״? (דאָס מיינט ער, אונדז ליידיקגייער)... דער יידישער פּאָליציימאַן מעלדעט אים, אַז דאָס פירט ער אונדז פונעם האַנטווערקער־הויז צום דאָקטער. מיר דערוויסן זיך אַז דער דאָזיקער דייטש איז דער שעף פונעם אַרבעטס־לאַגער. ער לאָזט אונדז דורך דעם גרויסן, אָפענעם טויער. מיר געפינען זיך אין די פּאָר געסלעך, קורצע און שמאָלע, אַרום דעם לאַגער. איך באַגעגן אַ באַקאַנטן יידישן פּאָליציימאַן. ער קוקט אויף מיר פאַרדעכטיק, און רוימט מיר איין אין דער שטיל, אַ סוד; איך זאָל זיין פאָרזיכטיק, און זיך ניט אַרומדרייען דאָ אין די געסלעך אין מיטן טאָג, ווייל ס'איז פאַרבאָטן אַרומצוגיין אין די געסלעך אין די שעהען צווישן 6 פאַרטאָג ביז 5 פאַרנאַכט. אין די דאָזיקע שעהען מוז מען אַרבעטן. בלויז די יידן וואָס אַרבעטן ביי נאַכט, מעגן זיך געפינען ביי טאָג אין די געסלעך. און די דאָזיקע יידן טראָגן טאַקע אַזעלכע ספּעציעלע ווייסע בענדער מיטן אויפשריפט: „נאַכט שיכט״. אויב מען טרעפט אַ ייד, נישט קיין באַשעפטיקטן אין די געסלעך ביי טאָג, ווערט ער דערשאָסן אויפן אָרט. דער פּאָליציימאַן דערציילט מיר, אַז ער אַליין, דער הויפּטמאַן דעגענהאַרט, קומט דאָ ביי טאָג אין די געסלעך זייער אָפט זוכן יידן ליידיקגייער... ער פוילט זיך ניט אַרומצוגיין אין די שטיבער זוכן יידן. אַנומלט האָט דעגענהאַרט געפונען אין אַ שטוב צוויי יידישע יונגעלייט. איינער פון זיי האָט געאַרבעט אין דער נאַכט־שיכט. אים האָט ער נישט געטשעפּעט, אָבער דער צווייטער יונגערמאַן, וואָס איז געווען צו קראַנק צו קענען אַרבעטן, האָט ער געהייסן אָפּפירן אין דעם פּאָליציי־הויז, און דאָרט אויפן הויף פון דער „דויטשער וואַכע״ האָט מען דעם יונגנמאַן אויסגעטאָן אָדם־נאַקעט און אין אים אַריינגעשאָסן צוויי קוילן. דער קראַנקער יונגערמאַן איז אַנידערגעפאַלן טויט אויגנבליקלעך...

* * *

איך שוידער אויף פון די אַלע מעשות. וואו נעמט מען כח דאָס אַלץ איבערצוטראָגן! עס איז איצט דריי אַזייגער ביי טאָג. מיין באַקאַנטער יידישער פּאָליציימאַן פירט מיך אַהיים צו זיך אין שטוב. ער וואוינט אין דעם הויז וואָס איז באַשטימט פאַר די יידישע פּאָליציילייט. אַלע וואוינען זיי דאָ מיט זייערע פרויען און קינדער. די מער אָנגעזעענע וואוינען אין צוויי צימערן. און די קלענערע פּאָליציסטן אין איינצלנע צימערן. איך זע אין דעם הויז יידישע קינדער, אַ סך פון זיי וואָס טאַטע־מאַמע האָבן געלאָזן ביי די יידישע פּאָליציסטן איידער זיי אַליין זיינען אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע. דער גורל פון די דאָזיקע פרעמדע קינדער, און אַפילו פון די אייגענע, איז אומבאַשטימט. די זאָרג איז גרויס ווייל יעדער ווייס אַז לאַנג וועט מען דאָ קיין קליינע קינדער נישט לאָזן בלייבן. און מען טראַכט ווי אַזוי זיי צו ראַטעווען וואָס גיכער אויף דער אַרישער זייט. זיי אויסבאַהאַלטן אין פריינדלעכע פּויליש־אַרישע הייזער. נישט בלויז די קינדער וועט דער הויפּטמאַן דעגענהאַרט נישט לאָזן לעבן, נאָר אַפילו די יידן וואָס שקלאַפן דאָ פאַרן דייטש וועט

ער לאַנג ניט לאָזן לעבן. קיינער גלויבט ניט אין דעם גאַנצן „אַרבעטס־לאַגער". דאָס איז בלויז אָפּנאַרעריי, אַריינצוקריגן אַהער אין די שמאָלע געסלעך וואָס מער יידן, און זיי האַלטן ווי אַרעסטאַנטן, וואָס זיינען ווי פאַרמשפּט צו שטאַרבן פריער, אָדער שפּעטער.

זיצנדיק אַזוי ביים פּאָליציימאַן אין שטוב דערהער איך אַ שטילן געראַוש הינטער דער טיר. דעם פּאָליציימאַנס פרוי קומט אַריין מיט אַ יונגנמאַן. איך הער ווי די פרוי זאָגט צו אים: „נו, גוט, אייער פאָטער קען דאָ פאַרבלייבן". דער יונ־גערמאַן איז איינער פון די צען יידן, מיט וועלכע איך בין היינט געקומען. דער יונגערמאַן וואַרט צו אַ ביסל און עס באַווייזט זיך אַן עלטערער ייד, גלאַט אָפּגעראַזירט. ער איז אַריין דורך אַן אַנדער טיר וואָס פירט צום קעלער פון הויז. איך קוק זיך איין אין דעם יידן מיט דעם גלאַט־אָפּגעראַזירטן פּנים. כדי ער זאָל אויסקוקן יינגער — די גרויע האָר געפאַרבט אויף שוואַרץ. עפּעס קומט מיר דער ייד פאַר באַקאַנט. יאָ, איך געפין אויס ווער ער איז. דאָס איז פּנחס זילבערמאַן, דער אַמאָליקער וויצע־פאָרזיצער פון דער טשענסטאָכאָווער יידישער קהילה. דאָס איז געווען אַ שיינער בכבודיקער ייד, מיט אַ לאַנגער באָרד. ר' פּנחס האָט געהאַט אַמאָל אַ גרויס געשעפט פון גאַלאַנטעריע־סחורות, געווען אַ ייד אַ גביר! איצט איז אַ מורא אַ קוק צו טאָן אויף אים. עס קומען מיר טרערן אין די אויגן קוקנדיק אויף אים. אָט וואָס די רשעים האָבן געטאָן צו אונדזערע שענסטע, חשוב־סטע יידן אין שטאָט! ווי איינגעשרומפּן און געפאַלן ער זעט אויס! מיר צורעדן זיך, און איך הער איין גרויליקע מעשה נאָך דער צווייטער. און אָט באַווייזט זיך ר' פּנחס מיט זיין פרוי. זיי באַהאַלטן זיך אויס אין קעלער שוין אַ שיינע פּאָר וואָכן. דעם פּאָליציימאַנס פרוי איז זיין טאָכטער. אַלע זיינען אין גרויס שרעק. ווער ווייס ווי לאַנג זיי וועלן קענען דאָ אויס־האַלטן. די טאָכטער צעוויינט זיך ביים פאָטערס רייד, איך וויל אויך געדן זען ר' פּנחסעס פרוי. איך מוז אָבער צוואָרטן ביזן אָוונט. מען מוז זיך היטן. אַפילו פאַר די אייגענע באַקאַנטע יידן. דאָס זאָגט מיר די טאָכטער.

אין אָוונט האָב איך זי געזען. ר' פּנחסעס פרוי האָט מיך באַלד דערקענט. אָבער איך זי — קוים, קוים. איך קוק זיך גוט איין אין איר פּנים ביז איך דערקען די אַמאָל נגידיש־הויך־אַריסטאָקראַטישע שיינע פרוי. איצט איז זי אַ צעבראָכענער שאַרבן. אַ פאַרפייניקטע, וואָס האַלט זיך קוים אויף די פיס. זי האָט שוין פון אַלעם רעזיגנירט. זי וויל מער ניט לעבן. ביידע, ר' פּנחס און זיין פרוי, צעוויינען זיך ווי קליינע קינדער און זייער געוויין צערייסט מיין האַרץ. איך הער זייערע רייד דורך טרערן: בעסער געדאַרפט מיטגיין מיט אַלע יידן קיין טרעב־לינקע... איך געפין אויס וואָס דער איידעם, מיין באַקאַנטער יידישער פּאָליציימאַן, האָט אַלץ געטאָן כדי צו ראַטעווען דעם שווער און שוויגער. ער האָט זיי פריער אויסבאַהאַלטן אויף בוידעמס, געפירט זיי פון איין אָרט צום צווייטן, זיין אייגן לעבן איינגעשטעלט, איבערגעקויפט נאַצישע זשאַנדאַרמען. און וואָס ניט? ביז ער האָט זיי דאָ אַהערגעבראַכט אין דער נייער געטאָ. מ'קען פאַר זיי קיין וואוינונג ניט נעמען, ווייל זיי זיינען אַלטע לייט. זיי זיינען דאָ אומלעגאַל. האָבן ניט קיין נו־מערן, און זיי מוזן זיך דערפאַר באַהאַלטן. אַ טייל פון די פּאָ־ליציסטן ווייסן פון דעם. אָבער זיי פאַרקוקן. אָבער די זאָרג איז גרויס. דער גזלן מיט זיינע אַרויסהעלפער וועלן סוף־כל־סוף דאָ אַלעמען באַפאַלן און אַלעמען דערשיסן.

איך פּרואוו זיי טרייסטן. די מלחמה וועט שוין לאַנג ניט דויערן. די רשעים פאַרלירן און ווערן געשלאָגן אויף דעם רו־סישן פראָנט. דאָס איז די איינציקע טרייסט וואָס איך קען זיי געבן. כאָטש איך אַליין צווייפל אין האַרצן צי מיר וועלן דערלעבן יענעם גליקלעכן טאָג, דעם זיג איבער די פינצטערע דייטשישע באַרבאַרן...





יידן נעמען אַרויס די מצבות מיט וועלכע די נאַצי־רשעים האָבן אויסגעפלאַסטערט די טראָטואַרן



אַ פראַגמענט פון דער צעשטערטער קליינער געטאָ



וואוין־באַראַק אין „האַסאַג"

## ב.

דער נאַצישער הויפּטמאַן, דעגענהאַרדט, דער בלוטיקער אָנפירער פון דער יידן־אויסראָטונג־קאָמאַנדע, אין טשענסטאָכאָוו, — האָט באַפוילן אָפּצוראַמען די הרוגים, וואָס זיינען אומגעבראַכט געוואָרן דורך זיינע מיטהעלפערס. געווען איז עס די טרויעריקע אַקציעס וואָס דער דאָזיקער תליון האָט דורכגעפירט אין שטאָט, ביים אַרויסשיקן די יידן אין טרעבלינקע גאַז־אויוונס.

עס איז זיי אָנגעוויזן געוואָרן אַ שטיק פעלד אין דער קאַוויע־גאַס, וואָס פלעגט תמיד פאַראַקערט אי'ן פאַרזייט ווערן. „אָט דאָ וועט איר דאָס גאַנצע מיסט אין אַ גרוב אַריינוואַרפן", — האָט ער געזאָגט.

די יידישע יונגעלייט מיט זייער אָנפירער האָבן אין ערשטן טאָג באַווײנט יעדן טויטן קערפּער, אַ סך גערעדט וועגן דער גרויסער טראַגעדיע. אָבער ווען דער ערשטער טאָג איז אַוועק און עטלעכע הונדערט הרוגים זענען דורך זיי אין די גריבער אַריינגעוואָרפן געוואָרן, און די הרוגים האָבן זיך אַלץ געמערט, זענען זיי מיט דעם אַלעם איינגעוואוינט געוואָרן. פּונקט אַזוי ווי מיט אַלע אַנדערע אַרבעטן.

די יונגעלייט זענען אַרומגעפאָרן מיט פערד און וואָגן איבער די גאַסן פון געטאָ. אָנגעפּאַקט דעם וואָגן פול מיט הרוגים און אַוועקגעפירט צום נייעם בית־עולם אויף קאַוויע־גאַס.

אין אַ זייט, האַרט ביים וואָגן, איז געגאַנגען ווי אַ זעלנער מיט געווער, דער יידישער פּאָליציאַנט, מיט אַ גומענער פּאַלקע אין האַנט, אָפּהיטנדיק די אָרדענונג פון די שטילע לוויות. ער האָט געיאָגט זיינע מענטשן, געיאָגט די פערד מיטן וואָגן, און אַזוי אַרום אויך צוגעאײלט די מתים וואָס שנעלער אין גרוב אַריין. עס איז ניט געווען קיין צייט. די צאָל געהרגעטע איז מיט יעדער שעה גרעסער געוואָרן און די אַרבעט האָט געמוזט גיין שנעל.

דער פּאָליציאַנט איז באַלד געוואָרן איינגעוואוינט מיט זיין אַרבעט. ער איז אויך מיט דעם ריח פון די טויטע קערפּערס געוואָרן איינגעוואוינט. ער האָט געווענדט זיינע נאָז־לעכער אין דער ריכטונג פון ווינט, און אַזוי דערפילט זיין טרויעריקע אויפגאַבע גלייכגילטיק, טראַכטנדיק וועגן אַנדערע זאַכן, וועלכע ער האָט שטענדיק געהאַט פאַר זיינע אויגן. מייסטנס האָט ער געטראַכט וועגן ברויט, ווייל אויך ער האָט געהונגערט...

די טויטע, וועלכע זיינע וועגענער האָבן צוזאַמענגעקליבן פון פעלדער, פון הויפן, פון וואוינונגען, פון קעלערס, פון בונקערס אי'ן פון אַנדערע ערטער, זענען געווען ווייט פון זיינע בליקן. ווער פון די לעבעדיקע האָט געהאַט כח כסדר צו קוקן אויף די הרוגים? אַלע האָבן געוואוסט, אַז די טאַשן פון די קליידער וואָס די טויטע טראָגן אויף זיך, זענען שוין דורך אַנדערע אויסגעליידיקט געוואָרן. מ'קען שוין דאָרט גאָרניט געפינען.

דאָך האָט דער יונגער פּאָליציאַנט דאַן זיך פאַרקוקט אויף אַ בילד:

פון איינעם אַ וואָגן האָט זיך אַרויסגערוקט אַ קערפּער פון אַ יונגער פרוי. ליגנדיק מיטן פנים אַרויף און אַראָפּהענגענדיק פון דעם וואָגן, האָט זי אויסגעזען ווי זי וואָלט געלעבט, ווי דאָס יונגע מיידל וואָלט וועלן זיך אַרויסרייסן פון די פרעמדע מענלעכע קערפּערס און פון זייערע אָרעמס.

אירע שוואַרצע האָר, דערגרייכנדיק ביז צו דער ערד, האָבן זיך געשלעפּט איבערן פאַרבלוטיקטן וועג. די אויגן פון פּאָליציאַנט האָבן זיך אין דעם דאָזיקן בילד איינגעקוקט ביז עס האָט זיך אין אים דערוועקט אַן אינערלעך געפיל צו דעם אויסערגעוויינלעך שיינעם פנים פון דעם מיידלשן בר־מינן.

איר קערפּער, אירע באַקן, די אויערן, דאָס מויל, זענען געווען וואונדערלעך האַרמאָניש איינס צום אַנדערן. אירע שוואַרצע אויגן זענען געווען אָפן און געקוקט אויף דעם יונגנמאַן.

דאָס קליינע אָפענע מויל האָט ווי געשריען. כאָטש קיינער האָט איר קול נישט געהערט. דאָס קליינע, אויסגעשניצטע, יידיש לייכט־אויסגעבויגן נעזל האָט זיך איצט אויסגעצויגן שטייף אָן אַ מאָס.

דער פּאָליציאַנט האָט זיך איינגעקוקט אין דעם בילד. זי גייט אַוועק אויף יענער וועלט, וואוהין אַלע הרוגים גייען. ער האָט געהערט אין זיך איר געשריי. דער אָנבליק פון אירע ווייסע הענט, די האַרמאָנישע פאָרמען פון אירע אָרעמס קאָן קיין מאָל ניט פאַרלוירן גיין. די הענט האָבן ווי געבעטן: „נעמט נקמה פון די מערדער!"

דער יונגער פּאָליציאַנט האָט נישט געקענט אַוועקנעמען זיינע אויגן פון דער דאָזיקער טראַגישער שיינקייט. און ער האָט זיך, ווי אין אַ חלום, מיט דער יונגער מיידל פאַרשטענדיקט:

— „וואָס האָבן דיינע אויגן געזען, דו, שיינקייט, דו, געמאַטערטער קרבן, ווען דיין מויל איז געצוואונגען געוואָרן דעם טויט־געשריי פון זיך אַרויסצוגעבן?"

— „וואוהין פירסטו מיך, דו, אָנפירער מיינער?" — האָבן צוריק־געפרעגט די אָפענע אויגן, די בלייכע באַקן און דאָס האַרמאָנישע מויל מיט די שיינע ווייסע הענט.

— „האָסטו קיין מיטלייד ניט מיט מיר, דו, אומברחמנותדיקער מענטש? וועסטו ניט נקמה נעמען פאַר מיין אומגליק, דו, אומפאַרשעמטער משרת פון דעם בלוטיקן שונא? דו, נידערטרעכטיקער מענטש. דו, פחדן, האָסט מורא פאַר אַ שטאַרקערן פון דיר?!

„דיין האַרץ ציטערט ווי דאָס האַרץ פון אַ קינד, וואָס האָט מורא פאַר כעס פון זיין האַר. קוק זיך צו, דו, שקלאַף, צו מיין אומגליק, און צום אומגליק פון מיין פאָלק!"

וואָס מער דער יונגערמאַן האָט זיך פאַרטיפט אין דעם שטומען געשפּרעך, האָבן זיך זיינע אויגן נאָך מער איינגעגראָבן אין די אויגן פון דער געשענדעטער מיידל. ער האָט געהערט אירע רייד, איר טראַגיש קלאָגן. קוקנדיק אויף אירע שטאַרקאָנגעשפּיצטע ברעמען האָט ער ווי געהערט זי זאָגן:

„אין שויס פון ליבע, ביי מיין מאַמען, ווי אַ שיינע רויז בין איך געוואָקסן. אַלץ, אויף וואָס איך האָב אָנגעטראָפן אין מיין לעבן, איז געווען גליק. פאַרוואָס האָט איר מיך דערמאָרדעט? נידערטרעכטיקע מערדער!... פאַרוואָס? פאַרוואָס?...

אַלץ אַרום האָט גערופן צו נקמה אָן די מערדער!

פּלוצלינג אַ געשריי. אַ זשאַנדאַרם שרייט אויס: „שנעל פאַרען! פירט שנעלער אַוועק דאָס מיסט!"....

אַ צי מיט די לייצעס און אַ שמיץ מיט דער בייטש האָבן פאַרשנעלערט דעם וועג צום גרוב.

דער וואָגן האָט זיך אָנגעהויבן טרייסלען. די אומשולדיקע הרוגים, די קדושים האָבן זיך געקייקלט אין אַלע זייטן און זיך אַראָפּגעלאָזט טיפער אין וואָגן.

אויך דער קאָפּ פון דעם מיידל האָט זיך אָנגעהויבן וואַרפן. די שיינע הענט האָבן זיך צום קערפּער דערנענטערט.

דער פּאָליציאַנט האָט פאַרשנעלערט זיינע טריט. דער ווינט האָט זיין צעפלאַמט פּנים אָפּגעקילט.

זיי זיינען שוין ביי די אָפענע גריבער, וועלכע וואַרטן אויף דעם וואָגן....

די טויטע ווערן צוגעדעקט מיט ערד.

פאַרשאָטן זענען די טראַגעדיעס.

אָבער דער מאָרד לעבט!

דאָס בלוט פון די אומשולדיקע קרבנות פון די נאַצי־מערדער שרייט און וועט ניט אויפהערן צו שרייען פון דער ערד!...

י. סאָסקי

# די מאָביליזאַציע



— „מאָרגן גייסטו נישט צו דער אַרבעט. ווען קומען, מיט די נויטיקסטע זאַכן, אין דער קוואַרטיר פון די כאַיוטינס, מאָרגן פרי. גיב איבער וועגן דעם די אַנדערע פון דער גרופּע".

דאָס איז געווען דער באַפעל, וואָס אַ „פאַרבינדלער" פון דער קאָמענדאַטור האָט מיר איבערגעגעבן ביים טויער פון דער געטאָ. מיר זענען נאָר־וואָס אַריינגעקומען פון דער אַרבעט אין „האַסאַג".

עס איז געווען אַ פריער פרילינג־אָוונט פון דעם יאָר 1943. אויף די אויסגעטראָטענע שמאָלע געסלעך פון געטאָ האָבן זיך געשטופּט אין גרויס געדראַנג די מאַסן פאַר־שקלאַפטע אַרבעטער, צוריקגעקומענע נאָך אַ גאַנצן טאָג שווערער פיזישער אַרבעט און גייסטיקער פאַרפאָלגונג דורך די נאַצישע רוצחים. אויך איך בין געווען מיד. דער קורצער, אָבער קלאָר־געפאַסטער באַפעל, האָט מיך אויפגעמונטערט און אָפּגעפרישט. עס איז פאַר מיר געווען קלאָר אַז איך דאַרף זיך גרייטן צו פאַרלאָזן די געטאָ און זיך אָנשליסן אין די קעמפנדיקע גרופּעס אין די וועלדער אַרום טשענסטאָכאָוו. איך האָב צוויי מאָל געזאָלט שוין פאַרלאָזן די געטאָ. אָבער יעדעס מאָל זענען די „פאַרבינדלער" דורכגעפאַלן און מיר האָבן נישט געקענט אַרויסגיין. איך בין געווען פול מיט האָפענונג, אַז דאָס מאָל וועט אַלץ אַדורך בשלום און ענדלעך וועלן מיר אַרויס פון געטאָ.

מיט איילִיקע טריט בין איך אַרויף צו מיר אין שטוב אין די אַזוי גערופענע „האסאג־הייזער". איך האָב שוין דאָרט געטראָפן מיין ברודער, וועמען איך האָב גלייך דערציילט וועגן דעם באַפעל.

יענע נאַכט האָב איך נישט געקענט איינשלאָפן. עס האָבן פאַר מיר דורכגעשוועבט בילדער פון דער נישט־לאַנגער פאַרגאַנגענהייט. בילדער פון אומעט און פאַרצווייפלונג. איך האָב געטראַכט וועגן מיינע נאָענטסטע: עלטערן, שוועסטער, פריינד און חברים, וועלכע דער בלוטיקער מערדער האָט מיט אַזאַ אכזריות אויסגעמאָרדעט. איך האָב געטראַכט וועגן נקמה און געטרוימט וועגן דער פרייהייט וואָס וועט קומען... ביז דער טראָמפּייט, וואָס האָט יעדן פרימאָרגן געוועקט די שקלאַפן צו דער אַרבעט, האָט מיך אויפגעוועקט.

איך און מיין ברודער זענען שנעל אַראָפּ אין דער נאָך האַלב־טונקעלער גאַס, אָבער, אָנשטאָט צו גיין צום זאַמל־פּלאַץ אַרויסצולאָזן זיך מיט אַלע אַרבעטער צו דער אַרבעט, זענען מיר ביידע אַוועק אויף דער גארנצאַרסקע גאַס, צום מאָביליזאַציע־פּונקט פון אונדזער גרופּע, צו דער וואוינונג פון די ברידער כאַיוטין. עס האָט לאַנג נישט גענומען און עס האָבן זיך פאַרזאַמלט 25 יונגעלייט, מיטגלידער פון דער פאַראייניקטער קאַמף־אָרגאַניזאַציע. מאלאדינאָוו, דער פירער פון דער גרופּע, האָט אין נאָמען פון דער קאָמענדאַנטור אַרויסגעגעבן די נויטיקע אינסטרוקציעס ווי אַזוי זיך אויפצופירן, און געבעטן זיך צו פאַרהאַלטן רואיק, כדי די דייטשישע וואַך זאָל אין אונדז נישט זען קיין שום ענדערונג.

כאַיוטינס הויז איז געווען ביי די „דראָטן". מאלאדינאָוו האָט אונדז אויך דערקלערט, אַז אַזוי שנעל ווי די „פאַרבינדלער"" פון יענער זייט געטאָ וועלן אָנקומען, וועלן מיר אַרויסגיין גרופּעסוויז.

וואו ס'איז נאָר געווען אַ פרייער פּלאַץ איז חברה געזעסן אָדער גאָר געלעגן און שטילערהייט גערעדט וועגן אונדזער פּלאַן. די שטימונג איז געווען זייער אַ געהויבענע. פון איין ווינקל האָט זיך געהערט אַ שטילער ניגון פון אַ קאַמפּס־ליד. ביסלעכווייז איז געוואָרן אין גאַנצן ליכטיק. פון דער געטאָ האָט זיך געטראָגן אַן אומהיימלעכע שטילקייט. אַלע זענען שוין געהאַט אַוועק צו דער אַרבעט. עס האָט זיך נאָר דערטראָגן דער ריטמישער טראָט פון דער וואַך אויף יענער זייט שטעכעדיקע דראָטן.

אַרום מיטאָג־צייט איז אָנגעקומען אַ שליח פון דער קאָמענדאַנטור, וועלכער האָט פאַר אונדז געברענגט עסן. אויף אונדזערע פראַגעס: „וואָס הערט זיך נייעס?", האָט ער בלויז געזאָגט, מיר זאָלן האָבן געדולד.

דער טאָג איז אַדורך אין רייד און שושקען זיך. עס האָט זיך דערנענטערט דער אָוונט. די געטאָ האָט זיך לאַנגזאַם צוריק אָנגעפילט מיט די צוריק־קומענדיקע פון די אַרבעט־פּלעצער. מיר אָבער האָבן געוואַרט, צוזאַמענגעקוועטשטע אין דעם צימער, אויף אַ ווייטערדיקן באַפעל. עס איז געוואָרן פינצטער און עס איז צוגעפאַלן די נאַכט. אין געטאָ איז געוואָרן שטיל, אַלץ שלאָפט. נאָר מיר האָבן געוואכט, וואַרטנדיק אויפן באַפעל צום מאַרש. פון דער קאָמענדאַנטור האָט מען אונדז געלאָזט וויסן אַז די „פאַרבינדלער" זענען נאָך נישט אָנגעקומען, — מען מוז האָבן געדולד און וואַרטן.

די נאַכט האָט אָנגעהויבן פאַרשווינדן. ווידער איז געווען גרויער פרימאָרגן. מיר האָבן נאָך אַלץ געוואַרט. און אין דרויסן האָט דער טראָמפּייט ווידער געוועקט די שקלאַפן צו דער אַרבעט. רייע נאָך רייע האָבן זיי אָפּגעמאַרשירט צו די פאַרשיידענע אַרבעט־פּלעצער. אין געטאָ איז ווידער געוואָרן שטיל. און מיר האָבן אַלץ געוואַרט... מיר האָבן געפילט, אַז עפּעס איז געשען. פון דער קאָמענדאַנטור זענען אַלץ געקומען שטילע וואָרנונגען און טרייסט־ווערטער: „האָט געדולד!״ אין דערוואַרטונג און שפּאַנונג האָט זיך דער טאָג לאַנגזאַם דערנענטערט צום סוף. פון דער קאָמענדאַנטור האָט מען אונדז ענדלעך געבראַכט די טרויעריקע ידיעה, אַז אונדזערע „פאַרבינדלער״ זענען דורכגעפאַלן מיט זייער מיסיע און אונדזער אַרויסמאַרש מוז צוליב דעם אָפּגעלייגט ווערן. פאַרטרויערטע האָבן מיר פאַרלאָזט דעם מאָביליזאַציע־פּונקט און יעדער איז צוריק אַוועק צו זיך אין שטוב.

צומאָרגנס, פרי, זענען מיר שוין אייך געווען אין די רייען צוריק צו דער שקלאַפן־אַרבעט. פון דעם שיינעם חלום איז דערווייל גאָרנישט געוואָרן, אָבער די האָפענונג אַז מיר וועלן סוף כל סוף פאַרלאָזן די געטאָ און זיך פאַראייניקן מיט די אַנדערע קעמפער אין די וועלדער, האָבן מיר נישט פאַרלוירן...

אין צוויי וואָכן שפּעטער האָבן אָנגעהויבן צו פאַרלאָזן די געטאָ קליינע גרופּעס פון 5 ביז 10 פּערזאָן. די גרופּעס זענען געוואָרן איבערגעפירט און פאַראייניקט אין די וועלדער. גאָר אַ קליינע גרופּע האָט דערלעבט די באַפרייאונג, די מערסטע פון זיי זענען אומגעקומען אין קאַמף מיט דעם נאַצי־שונא. מיר וועלן זיי קיין מאָל נישט פאַרגעסן. מיר ערן זייער אָנדענק!

א. ל. באָמבע

# מיין אַנטלויפן פון טרעבלינקע



יעדער איינער וואָס האָט געאַרבעט אין טרעבלינקע איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ פּלאַן וועגן אַנטלויפן, אָבער אויספירן דעם פּלאַן איז געווען זייער אַ שווערע אויפגאַבע. צוערשט האָט מען געמוזט האָבן זייער אַ סך געלט. און דאָס איז געווען איינע פון די שווערסטע זאַכן צו קריגן. ווייל ביי וועמען מען האָט געפונען אַפילו איין זלאָטע, אָדער אַנדערע ווערט־זאַכן, האָט מען אים גלייך דערשאָסן. דערצו האָט מען געמוזט אויסקלייבן מיט וועמען צו אַנטלייפן, ווייל מען האָט מורא געהאַט די פּאַרע פון מויל אַרויסצולאָזן וועגן אַנטלויפן, אַפילו פאַר דעם בעסטן גוטן פריינט. האָט מען שוין דאָס אַלץ געהאַט, איז געווען איינע פון די שווערסטע אויפגאַבן, ווי אַזוי דורכצופירן דאָס אַרויסראַטעווען זיך פון טרעבלינקע.

מיר זיינען געווען אַ גרופּע, וואָס איז באַשטאַנען פון די פאָלגנדיקע חברים: הערש גאָלדשטיין, הערשל קיפּמאַן, יחזקאל קויפמאַן, יצחק זיידמאַן, יחיאל בערקאָוויטש, לייבל ראָזענטהאַל, (שנעציג) יאַנקל אייזנער און איך. אַזוי ווי מען האָט געוואוסט, אַז איך בין אַ פריזירער האָב איך דאָרט פון צייט צו צייט געשאָרן דעם קאַפּאָ בנימין ראַקאָווסקי, און אויך דעם אייבער־קאַפּאָ בליי. דער קאַפּאָ ראַקאָווסקי האָט געשטאַמט פון יענדזשעיאָוו, און ער האָט מיך גערן געהאַט, ווייל איך האָב אויסגעזען ווי זיינס אַ ברידער, וועמען איך האָב געהאָלפן אַנטלויפן פון טרעבלינקע, מיט נאָך 10 מענטשן, אַלע פון דער שטאָט יענדזשעיאָוו. אגב, איז פון דער דאָזיקער גרופּע, פון עלף מענטשן, געבליבן לעבן נאָר איינער, און דאָס איז לייבוש פּלעשעווסקע, וואָס געפינט זיך היינט צו טאָג אין מדינת־ישראל. אָט דער ראַקאָווסקי האָט מיך געהייסן, אַז איך זאָל אַרבעטן אויף זיין ברודערס אָרט, אין באַראַק, און איך האָב אַריינגענומען נאָך צען מאַן אויף דעם אָרט פון די וואָס זיינען אַנטלאָפן. דאָרט האָב איך געהאַט אַ מעגלעכקייט צו זאַמלען געלט און ווערטזאַכן. אַזוי האָבן מיר, די אויבן־דערמאָנטע גרופּע, געזאַמלט אין אַ גרויסן רוקזאַק. ביז אין אַ געוויסן טאָג האָבן מיר באַשלאָסן אַז; היינט ביינאַכט אַנטלויפן מיר!

מיר האָבן מיט גרויס פאָרזיכטיקייט דעם רוקזאַק איינגעוויקלט אין אַ קאָלדרע, דאָס האָט געהייסן, אַז מען נעמט מיט אין באַראַק אַריין, וואו מיר זיינען געשלאָפן, אַ קאָלדרע אויף צוצודעקן זיך. נאָך דעם „אַפּעל״, ווען עס איז געווען זייער פינצטער, האָבן מיר זיך אויף די בייכער אַרויסגעשאַרט פון באַראַק. דער ערשטער איז געווען יצחק זיידמאַן, דערנאָך הערש גאָלדשטיין, און איך. ווען מיר זיינען שוין געווען אַ 20 מעטער פון באַראַק האָבן מיר געזען, ווי צוויי אוקראַאינער וואַרפן זיך אויף יצחק זיידמאַנען, ווען מיר האָבן געזען אַז זיי שיסן ניט אויף אים, נאָר רעדן מיט אים, האָבן מיר זיך צוריקגעצויגן אין באַראַק אַריין און גלייך זיינען זיי אַריינגעקומען אין באַראַק מיט יצחק זיידמאַנען און האָבן באַפוילן דעם קאָמענדאַנט (דאָס איז געווען אַ געשמדטער ייד פון וואַרשע, אינזשיניר גאַלענסקי), אַז דער גאַנצער באַראַק מענטשן זאָלן אַרויסגיין אויפן פּלאַץ. ווען מיר זיינען אַרויסגעקומען האָט מען אונדז אויסגעשטעלט צו פיר און די צוויי אוקראַאינער האָבן אַרויסגעפירט זיידמאַנען ער זאָל זאָגן ווער נאָך עס איז געווען מיט אים, אָבער זיידמאַן האָט קיינעם ניט אויסגעגעבן. אַ ווײַלע האָבן זיי עפּעס גערעדט מיט דעם קאָמענדאַנט און נאָכדעם האָבן זיי באַפוילן אַלעמען צוריק אין באַראַק אַריין צו גיין. זעט אויס, אַז דער זאַק מיט געלט וואָס זיי האָבן צוגענומען ביי זיידמאַנען האָט זיי געלאָקט און זיי האָבן ניט געמאָלדן די דייטשע „ס.־ס.״.

אין אַ פּאָר טעג שפּעטער האָבן מיר ווידער אָנגעהויבן זאַמלען געלט און פּלאַנירט צו אַנטלויפן. מיר האָבן ווידער געהאַט אַ היפּשן זאַק מיט געלט. קומט צו לייבל ראָזענטהאַל און זאָגט צו מיר, אַז ער וויל אַ האַלבן רוקזאַק מיט געלט. ער אַנטלויפט מיט אַ וואַרשעווער, און אַז מיר זיינען אַ צו גרויסע גרופּע. ער האָט אויסגעפינען, אַז דער וואַרשעווער ווייסט דעם וועג וואו צו אַנטלויפן. איך האָב זיך דורכגערעדט מיט הערש גאָלדשטיינען, וואָס איך זאָל טאָן. האָט הערש מיר געזאָגט, אַז איך זאָל לייבלען געבן אַ האַלבן רוקזאַק מיט געלט. און אַזוי האָב איך געטאָן. לייבל האָט דאָס געלט גענומען און צום „אַפּעל" האָבן מיר אים שוין ניט געזען, און אויך ניט אין באַראַק צום שלאָפן. דאָס האָט געהייסן, אַז אפשר איז אים געלונגען צו אַנטלויפן, אָדער מען האָט אים געשאָסן.

אין אַ פיר וואָכן אַרום, אין דער פרי, מיר גייען צו דער אַרבעט, קומט צו צו מיר אַ געוויסער קאָזעצקי, (דער פאָטער זיינער איז געווען אַ שוסטער, אויפן אַלטן מאַרק) און זאָגט צו מיר, אַז לייבל ראָזענטהאַל איז דאָ צוריק. איך האָב געמיינט אַז ער איז פון זינען אַראָפּ. וואָס הייסט לייבעלע איז דאָ צוריק? איך גיי אַריין אין באַראַק וואו מיר האָבן געאַרבעט ביים סאָרטירן טשובעס, איך גיב אַ קוק; עס איז אמת. לייבעלע שנעלציג איז דאָ צוריק אין טרעבלינקע. איך פרעג אים; „וואָס האָט פאַסירט? פאַרוואָס ביסטו געקומען צוריק?" זאָגט ער מיר, אַז צוליב אונדז, איז ער צוריקגעקומען, ווייל ער וויל אונדז ווייזן דעם וועג וואו אַזוי צו אַנטלויפן. באַלד האָט דער גאַנצער לאַגער געוואוסט, אַז איינער האָט זיך צוריק אַריינגעגנבעט אין לאַגער אַריין.

דער קאָמענדאַנט גאַלעוויסקי, וועלכער האָט אויך געחלומט, ווי אַזוי מען קען אַנטלויפן, איז צוגעקומען און האָט מיט אים גערעדט און האָט אים געהייסן גיין צוריק צו דער אַרבעט.

ביינאַכט אין באַראַק, פרעגן מיר אים אויס, ווי אַזוי ער איז אַנטלאָפן, און דורך וועלכן וועג מען קען אַנטלויפן. קוקט ער אויף אונדז און זאָגט, אַז נאָר איינער פון אונדז קען אַנטלויפן; דאָס איז הערש גאָלדשטיין, ווייל ער זעט אויס ווי אַ קריסט. ער האָט אונדז אויך געוויזן אַ „קען־קאַרטע", אויף אַ קריסטלעכן נאָמען וואָס וואויגט אין פראַגע, ביי וואַרשע.

עס האָט ניט לאַנג גענומען און דער קאָמענדאַנט גאַלעווסקי האָט לייבלען צוגערופן און האָט מיט אים גערעדט שעהן לאַנג אין דער נאַכט. ווען לייבל איז ווידער צוגעקומען צו אונדזער גרופּע האָט ער אונדז דערציילט, אַז דער קאָמענדאַנט האָט אים אויסגעפרעגט ווי אַזוי מען קען אַנטלויפן.

צומאָרגנס, ווען מיר זיינען געגאַנגען צו דער אַרבעט האָב איך באַמערקט, ווי לייבעלע חברט זיך מיט די קאַפּאָס פונעם לאַגער, און זיי גיבן אים עפּעס וואָס ער באַהאַלט זייער שנעל. ווען דער טאָג איז אַדורך און מיר זיינען אין באַראַק צוריק אַריינגעקומען, איז לייבעלע „שנעלציג" מער ניט געווען, מיר האָבן גלייך פאַרשטאַנען, אַז לייבל איז ווידער אַנטלאָפן, אָבער מיטגענומען האָט ער קיינעם ניט, אַפילו ניט הערש גאָלדשטיינען, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ קריסט.

לייבל איז געווען אין פראַגע ביי וואַרשע, און נאכהער אין וואָליאַ. אָבער אַ פּאָר מאָנאַטן שפּעטער האָט מען לייבעלען מיט אַ טראַנספּאָרט יידן צוריקגעברענגט קיין טרעבלינקע. מען האָט שוין דעמאָלט קיינעם ניט אַרויסגענומען צו דער אַרבעט, אַזוי, אַז דער גאַנצער טראַנספּאָרט מיט לייבלען זיינען אומגעקומען אין די גאַז־קאַמערן.

דאָס האָט מיר שפּעטער דערציילט מיין פריינט באַראַקס פון ראַדאָמסק. ווען מען האָט לייבלען נאָך טרעבלינקע צוריקגעברענגט בין איך שוין דעמאָלט ניט געווען, ווייל איך בין פריער נאָך געהאַט אַנטלאָפן.

אויף דעם אַנדערן טאָג נאָך לייבעלס אַנטלויפן האָט מען געזען ווי די „ס.־ס". מענער דרייען זיך אַרום און סודן זיך. איך האָב פאַרשטאַנען אַז עמיצער האָט געלאָזט ווּיסן דער „ס.־ס.", וואָס דאָ איז פאָרגעקומען; אַז אַ ייד האָט זיך אַריינגעגנבעט צו קריגן געלט און איז מיט אַ סך געלט צוריק אַנטלאָפן, און אַז דער קאָמענדאַנט האָט מיט אים אויך אַ געשפּרעך געהאַט.

באַלד האָבן מיר געזען, ווי די „ס.־ס."־לייט האָבן צוגערופן דעם קאָמענדאַנט, און זיי האָבן געשריען אויף אים און מיט די באַטקעס אים איבערן קאָפּ געגעבן. ער האָט זיך עפּעס פאַרענטפערט און גלייך זיינען זיי צוגעגאַנגען צו דער גרופּע מיט וועלכער איך האָב געאַרבעט. און דאָ האָט דער קאָמענדאַנט אָנגעוויזן אויף שלמה טשאַפּניק, הערש גאָלדשטיין, די צוויי ברידער פיינער פון די וואַרשעווער גאַס, אויף די צוויי פּיאָטרקאָווער, און אויף מיר.

מען האָט אונדז אַוועקגעפירט פון דער גרופּע אַרבעטנדיקע, אָבער גלייך איז געקומען צולויפן דער קאַפּאָ ראַקאָווסקי און האָט עפּעס געזאָגט דעם קאָמענדאַנט. דער קאָמענדאַנט איז צוגעקומען צו מיר און מיך געפרעגט, אויב איך בין דער פריזירער. איך האָב געזאָגט, אַז יאָ. האָט ער צו מיר געזאָגט, אַנטשולדיג מיר, איך האָב דיך ניט געמיינט און האָט מיך געהייסן צוריקגיין צו דער אַרבעט. די איבעריקע 6 מענער האָט מען צוגעפירט צו דעם לאַזאַרעט, וואו מען האָט זיי דערשאָסן. ווי איך האָב פאַרשטאַנען האָט מיר דער קאַפּאָ ראַקאָווסקי אָפּגעצאָלט פאַר העלפן אַנטלויפן זיין ברודער.

צומאָרגנס נאָך דער געשעעניש האָב איך באַמערקט, ווי קאַפּאָס רעדן עפּעס און האַלטן אין איין קוקן אויף דער גרופּע וואו איך האָב געאַרבעט. צוזאַמען מיט מיר האָט אויך געאַרבעט יחזקאל קאופמאַן, יאַנקל און יחיאל בערקאָוויטש. אַבילס ווייטער אַוועק; האָט געאַרבעט משה ראַפּאַפּאָרט, שמעון אַמסטערדאַם און די ברידער וואָלמאַן (מען האָט זיי גערופן, די קאָמיקער פון דער קאָזשא גאַס).

מען האָט זיך דורכגערעדט און באַשלאָסן, אַז דריי מענער זאָלן אַנטלויפן; משה ראַפּאַפּאָרט, יאַנקל אייזנער און איינער פון די צוויי ברידער וואָס האָבן געאַרבעט ביי נייפעלדן אין סקלאַד־אַפּטעטשני. איך געדענק ניט זייערע נעמען. מיר האָבן ניט געקענט שיקן צוויי ברידער צוזאַמען, ווייל אויב עס געלינגט ניט איינעם זאָל דער צווייטער פּרואוון דאָס מזל, אפשר וועט דעם צווייטן געלינגען.

פאַר דעם „אַפּעל" האָבן זיי זיך באַהאַלטן אי די הויפנס זאַכן וואָס זיינען דאָרט געווען. דאָס איז געווען אין אַ דאָנערשטיק. צומאָרגנס ביי דער אַרבעט איז געווען שטיל, אַזוי אַז מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז עס איז די דריי חברים געלונגען צו אַנטלויפן. מיר האָבן באַשלאָסן אַז שבת ביינאַכט זאָלן מיר, איך, יחיאל בערקאָוויטש און יחזקאל קויפמאַן, פּרובירן צו

אַנטלויפן. אַזוי ווי יחזקאל קויפמאַן איז געווען מיט אַ ברודער הערשל, איז געבליבן, אַז ער, יחזקאל, זאָל זיין אין דער גרופּע.

שבת אַ גאַנצן טאָג האָבן מיר געמאַכט אַ בונקער. מיר האָבן זיך געטוישט „יעדער שטונדע" אַזוי אַז ביז דעם „אַפּיל" האָבן מיר דעם בונקער פאַרטיק געמאַכט.

פאַר דעם „אַפּעל", ווען מיר זיינען זיך געגאַנגען פאַרשטעקן, האָבן מיר באַמערקט, ווי איינער קריכט צו פיל אַרום אויף דעם זעלבן פּלאַץ, וואו מיר האָבן דעם בינקער געהאַט. דאָס איז געווען אַ געוויסער מאַן, וואָס אין טשענסטאָכאָוו האָט ער מיטגעאַרבעט מיט די געסטאַפּאָ. זיין נאָמען איז געווען קיילענברענער. מיר האָבן זיך, פאַרשטייט זיך, צוריקגעצויגן און מיר האָבן באַשלאָסן אַריינצוגיין אין בונקער אַ טאָג שפּעטער, — זונטיק.

זונטיק האָבן מיר רואיק דעם טאָג געאַרבעט און אויף דער נאַכט האָבן מיר זיך פאַרשטעקט אין דעם בונקער. נאָך דעם „אַפּעל" זיינען אוקראַאינער מיט „עס־עס" אַרומגעקראָכן און געזוכט איב עס האָט זיך ניט ווער פאַרשטעקט. מיר האָבן געזען פון דער באַהעלטעניש, ווי זיי שטעכן אַדורך זאַכן מיט די פּיקעס און זוכן אויב עס האָט זיך ניט ווער פאַרשטעקט.

מיר האָבן באַמערקט, ווי נאָך אייניקע מינוטן זוכן האָבן זיי דעם פּלאַץ פאַרלאָזט, און מיר האָבן אַביסל פרייער אָפּגעאָטעמט. מיר זיינען אַזוי אָפּגעלעגן אַ פּאָר שטונדן, ביז מיר האָבן באַשלאָסן אַרויסצוקריכן. דער פּלאַץ דורך וואַנען צו אַנטלויפן איז געווען מעגלעך נאָר דורך דעם לאַזאַרעט, ווייל דאָרט איז נאָר געווען אַ פּאָר שטאַכל־דראָטן, מיר האָבן זיך אויף די בייכער פון באַהעלטעניש אַרויסגעשאַרט און מיר זיינען געקראָכן. דאָס פייער אין לאַזאַרעט האָט געברענט אין דער זייט, און מיר זיינען צוגעקראָכן צום דראָטענעם פּלויט. דער ערשטער איז אַריבערגעקראָכן יחיאל בערקאָוויטש, דערנאָך איך, און נאַכהער יחזקאל קאופמאַן. אויף דער אַנדערער זייט האָבן זיך געפונען וואַך־טורעמס מיט רעפלעקטאָרס. די רעפלעקטאָרס האָבן געברענט, אָבער קיינער איז אינעווייניק ניט געווען. אַזוי האָבן מיר זיך געקאַטשעט אויף די בייכער אַ פּאָר הונדערט מעטער און נאַכהער האָבן מיר זיך אויפגעשטעלט און אָנגעהויבן לויפן. מיר זיינען אַזוי געלאָפן שעהן אין דער נאַכט, ביז צוויי פאַרטאָגס, ביז מיר האָבן, ניט ווייט פון אונדז, געהערט רעדן אוקראַאיניש. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז מיר זיינען אין לאַגער ביי די אוקראַאינער. דאָס הייסט, אַז דורך די 5 שטונדן זיינען מיר געלאָפן אַרום און אַרום, און ניט מער געמאַכט, ווי העכסטנס איין קילאָמעטער.

גלייך האָבן מיר זיך פאַרנומען אויף אַן אַנדער זייט און מיר האָבן אָנגעהויבן לויפן ביז מיר זיינען צוגעקומען צו אַ טייך. דאָס איז געווען דער בוג. מיר זיינען געווען זעקס קילאָמעטער ווייט פון טרעבלינקע. עס איז געווען אַרום פינף אַזייגער אינדערפרי און עס האָט באַלד אָנגעהויבן טאָגען. פון דערווייטנס האָבן מיר באַמערקט אַ דאָרפישע כאַטע, יחיאל בערקאָוויטש איז אַהין אַריין און באַלד איז ער אַרויסגעקומען און דערציילט וואָס די פויערטע האָט אים געזאָגט, אַז די גאַנצע געגנט איז אַרומגעשטעלט מיט געסטאַפּאָ און אַז מיר מוזן גלייך אַנטלויפן אין אַן אַנדערע ריכטונג.

מיר האָבן אָנגעהויבן לויפן ביז מיר זיינען צוגעקומען צו אַ בריק, דאָס איז געווען די מאַלקינע בריק, אָבער פון דערווייטנס האָבן מיר באַמערט אַ דייטשע וואַך. מיר האָבן מורא געהאַט אַריבערצוגיין די דאָזיקע בריק. עס איז שוין געווען גרויסער טאָג. 9 אַזייגער אינדערפרי האָבן מיר באַשלאָסן זיך צו באַהאַלטן אין אַ גרוב אין פעלד, ביז עס וועט ווערן נאַכט און ביי נאַכט ווידער לויפן.

ליגנדיק אין פעלד אינעם גרוב זעען מיר, ווי אַ פויער אין אַ וואָגן פאָרט פאַרביי. מיר האָבן אים צוגערופן און מיר האָבן אים געזאָגט, אַז מיר זיינען פון טרעבלינקע אַנטלאָפן, און אפשר וואָלט געווען מעגלעך אַז ער זאָל אונדז אַריינגעמען צו זיך אין דער סטאָדאָלע. זאָגט ער אונדז, אַז ער מוז פאָרן צו דער אַרבעט; האָבן מיר אים געפרעגט אפשר וואָלט מעגלעך געווען אַז מיר זאָלן אים באַצאָלן פאַר דער אַרבעט? מיר האָבן אים לסוף איבערגערעדט, און ער האָט אונדז אָנגעוויזן פון דערווייטנס זיין סטאָדאָלע און מיר זיינען אַריין. אָבער ער ווייסט פון גאָרניט. און אַז מען וועט אונדז פרעגן זאָלן מיר זאָגן, אַז מיר האָבן זיך אַריינגעגנבעט. אַזוי האָבן מיר געטאָן. מיר זיינען דאָרט געווען אַ גאַנצן טאָג. אויף דער נאַכט איז דער סאָלטיס פון דאָרף געקומען און געזאָגט, אַז ער וועט אונדז אַרויספירן פון דאָרף און אונדז ווייזן דעם וועג וואו צו גיין. ער האָט אונדז טאַקע צוגעפירט צו דעם הויפּט־וועג, און מיר זיינען אַ גאַנצע נאַכט געגאַנגען ביז אינדערפרי. אינדערפרי זיינען מיר אָנגעקומען אין אַ דאָרף. מיר האָבן געזען פאַר אַ הויז, ווי אַ פרוי עפנט די טיר, זיינען מיר צוגעגאַנגען צום הויז און די פרוי האָט אונדז געהייסן אַריינגיין. מיר זיינען דאָרט געווען אַ וואָך צייט. די צווייטע וואָך זיינען מיר געווען ביי דעם פויערס אַ פריינט, אינעם זעלביקן דאָרף. איך געדענק דעם דאָזיקן פויערס נאָמען: פיאָטר סופל.

מיר האָבן פאַרלאָזט דאָס הויז פון דעם גוטן פויער פיאָטר סופל. דאָס איז געווען אין דעם דאָרף זאַגראַדניקי, ביי אָסטראָוועק ווענגראַווסקי. דער פויער איז מיט אונדז מיטגעפאָרן קיין וואַרשע. אין וואַרשע האָבן מיר אים געלט געגעבן און ער האָט אונדז געקויפט בילעטן ביז טשענסטאָכאָוו.

ווען מיר האָבן זיך געזעגנט האָט די פרוי פון פיאָטר סופל געוויינט און זיך געבעטן ביי אונדז, אַז אויב עס וועט ווער פון אונדז בלייבן לעבן זאָלן מיר איר שרייבן.

נאָך דער מלחמה האָב איך איר געשריבן אַ בריוו אויף וועלכן איך האָב דערהאַלטן אַן ענטפער, אַז איר מאַן און דער פריינט זיינען אומגעקומען אין מאַטהאוזען. זי האָט געהייראַט מיט אַ ייד. איך וואָלט געקענט שווערן אַז דאָס איז געווען אַ יידישע פרוי.

פון אונדזער גאַנצער גרופּע איז לעבן געבליבן; יאַנקל אייזנער, וואָס געפינט זיך אין מדינת ישראל; משה ראַפּאָפּאָרט, יחיאל בערקאָוויטש און איך — אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

***

# פראָטאָקאָל פון דער ערשטער לאַנדס־קאָנפערענץ פון די טשענסטאָכאָווער יידן

## דעם 19טן און 20טן יוני, 1948

אָנוועזנד: 26 דעלעגאַטן און 42 געסט.

די קאָנפערענץ עפנט דער פאָרזיצער פון טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט־קאָמיטעט אין טשענסטאָכאָוו, דער ח׳ קאַץ, וועלכער באַגריסט די דעלעגאַטן, געסט און די פאָרשטייער פון יידישן צענטראַל־קאָמיטעט אין פוילן און פון דער פרעסע. ער לאַדט איין אין פרעזידיום די ח״ח: ברענער, לייזעראָוויטש, אַלטמאַן, דעם פאָרשטייער פון צענטראַל־קאָמיטעט, ח׳ שיכאַטאָוו און דעם פאָרשטייער פון דער פרעסע, ח׳ באָרנשטיין. אַלס פראָטאָקאָלאַנטן פון דער קאָנפערענץ ווערן איינגעלאַדן די חברים: קרויזע און האָראָנטזיק, און פאַר דעם פאָרזיצער, חבר אברהם ברום, וועלכער נעמט איבער דעם פאָרזיץ און דערמאָנט אין זיין איינלייטונגס־וואָרט, דעם העראָאישן קאַמף פון אונדזערע ברידער אין ארץ־ישראל. ער רעדט וועגן דער לאַגע פון די יידן אין דער גאָרער וועלט און שטעלט זיך ספּעציעל אָפּ אויף דער לאַגע פון די יידן אין דעם דעמאָקראַטישן פוילן.

אַ וואָרט צו אַ באַגריסונג באַקומט דער פאָרשטייער פון צ.ק. דער ח׳ שיכאַטאָוו. נאָך דער באַגריסונג פונעם פאָרשטייער פון צ. ק. ווערן באַערט מיט 1 מינוט שטילשווייגן אַלע טשענסטאָכאָווער קדושים, וועלכע זיינען אומגעקומען אין דער צייט פון דער היטלער אָקופּאַציע.

דער פאָרזיצער לייענט נאָך איבער די באַגריסונגס־טעלעגראַמעס פון רעליעף אין ניו־יאָרק, פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין אַרגענטינע, פון דזשאָינט אין פוילן, און פון דער טשענסטאָכאָווער סטודענטן־גרופּע אין לאָדזשער אוניווערסיטעט. נאָכן איבערלייענען אַלע באַגריסונגען, באַקומט אַ וואָרט צו אַ רעפעראַט אויף דער טעמע: „טשענסטאָכאָוו אַמאָל און היינט”, דער פאָרזיצער פון יידישן ראַיאָן־קאָמיטעט אין טשענסטאָכאָוו, דער ח׳ ל. ברענער. דער רעפעראַט, געשטיצט אויף היסטאָרישע מאַטעריאַלן, נעמט אַרום די אַנטוויקלונגס־געשיכטע פון טשעסטאָכאָווער יידן פון סוף 18טן יאָרהונדערט ביז היינטיקן טאָג. ער דערמאָנט די העראָאישע קאַמפן פון אונדזערע שוועסטער און ברידער אין דער צייט פון דער בעסטיאַלישער אָקופּאַציע. צום סוף רעדט ער וועגן דער ווייטערדיקער אַרבעט פון די טשענסטאָכאָווער שארית־הפליטה ביים בויען דעם ישוב אינעם נייעם דעמאָקראַטישן פוילן. חבר ברענער ענדיקט זיין רעפעראַט מיט די ווערטער: מיר שיקן איבער אַ האַרציקע באַגריסונג און דאַנק צו אַלע טשענסטאָכאָווער יידן מעבר־לים, וועלכע שטייען, זינט דער צייט פון דער באַפרייאונג, מיט אונדז, און העלפן אונדז גייסטיק און מאַטעריעל ביי אונדזער אויפבוי פון דאָס נייע לעבן אין דעם דעמאָקראַטישן פוילן.

אַ וואָרט צו אַ רעפעראַט: „צילן און אויפגאַבן פון די לאַנדס־מאַנשאַפטן”, באַקומט דער דעלעגאַט פון די טשענסטאָכאָווער אין לאָדזש, ח׳ דר. לייזעראָוויטש, וועלכער שטעלט זיך דער עיקרשט אָפּ אויף דער פראַגע פון הילף צו פּראָדוקטיוויזירן די טשענסטאָכאָווער יידן אין פוילן, און די נויטיקייט פון אַן אָנ־פּראָצענטיקער ליי־קאַסע פאַר באַלמעלאָכעס.

דער צווייטער טאָג פון דער קאָנפערענץ, זונטיק, דעם 20טן יוני, 1948. דער פאָרזיצער איז ח׳ ברום. ער גיט איבער דעם פאָרזיץ דעם ח׳ אַלטן, וועלכער לאַדט איין אין פרעזידיום די חברים פוקס (לאָדזש), ברום (וואַלבזשיך), כץ (טשענסטאָכאָוו), ברענער (ייד. קאָמ.), יאַקובאָוויטש (נידערשלעזיען) און גראַניק (רעליגיעזע געמיינשאַפט).

דער ערשטער באַקומט דאָס וואָרט צו אַ געזעלשאַפטלעכן און פינאַנציעלן באַריכט ח׳ ברענער. דער באַריכט נעמט אַרום די צייט פון זינט דער באַפרייאונג, ד. ה. פון 17טן יאַנואַר, 1945, ביז נאָוועמבער 1947. דער ציפערן־באַריכט איז אַ גענויער אויף אַלע געביטן, און אפּערירט מיט דער סומע פון העכער פינף מיליאָן גילדן. דעם באַריכט פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט, פון נאָוועמבער 1947 ביזן היינטיקן טאָג, גיט אָפּ דער פאָרזיצער פון טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט קאָמיטעט, ח׳ כץ. אויף דער אינטערפּעלאַציע פון ח׳ האָראָוויטש וועגן הילף פון די טשענסטאָכאָווער אין ארץ־ישראל, באַמערקט דער ח׳ ברענער צו זיין באַריכט, אַז די טשענסטאָכאָווער אין ארץ־ישראל האָבן אין יאָר 1945 געשטיצט די טשענסטאָכאָווער מיט טראַנספּאָרטן קליידער און שיך. דר. ישעיה, זייענדיק אין טשענסטאָכאָוו, גיט 50.000 גילדן פאַרן קינדער־הויז.

אַ באַריכט פון דער טעטיקייט פון דער לאַנדסמאַנשאַפט אין נידערשלעזיען גיט אָפּ ח׳ ברום, וועלכער נעמט אַרום די גאַנצע טעטיקייט פון דער דאָרטיקער לאַנדסמאַנשאַפט. דעם באַריכט פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין לאָדזש גיט אָפּ דער ח׳ פוקס. ער באַטאָנט זייער טעטיקייט צו העלפן די קראַנקע און נויטבאַדערפטיקע טשענסטאָכאָווער יידן, וואָס וואוינען אין לאָדזש. זיי אָרדנען דאָרט איין אונטערנעמונגען און זאַמלונגען און העלפן מיט וואָס זיי קענען. פון שטשעטשין, — באַקומט דאָס וואָרט דער ח׳ פרידמאַן, וועלכער באַגריסט די קאָנפערענץ און גיט אָפּ אַ קורצן באַריכט פון די טשענסטאָכאָווער יידן,

וואָס געפינען זיך אין שטשעטשין. פון די טשענסטאָכאָווער אין אויבערשלעזיען באַקומט דאָס וואָרט דער ח׳ ביבער. ער באַגריסט די קאָנפערענץ און גיט אָפּ די דערקלערונג פון דער ווייטערדיקער אַקטיווער אַרבעט פון די טשענסטאָכאָווער אין אויבערשלעזיען לטובת טשענסטאָכאָוו. די טשענסטאָכאָווער אין וואַרשע רעפּרעזענטירט די ח׳טע לעוואַרטאָווסקאַ, וואָס גיט אָפּ דעם באַריכט. נאָכן אָפּגעבן די באַריכטן באַקומט דאָס וואָרט דער ח׳ לעדערמאַן, וועלכער רעדט אַרום אַלע צילן און אויפגאַבן פון דער קאָנפערענץ און די ווייטערדיקע אַרבעט פון די טשענסטאָכאָווער. אין דער ווייטערדיקער דיסקוסיע נעמען אָנטייל די חברים: קעמפּנער, איזראַלעוויטש, ראָזשאַנסקי, קושניר, לאַנדוי, האָראָוויטש וואָלף, יאַקובאָוויטש, שיכאַטאָוו און ברענער, וועלכער רעזומירט דעם גאַנצן גאַנג פון דער דיסקוסיע, און צווישן אַנדערן באַהאַנדלט ער דעם פאַל מיט ח׳ ערלעך, ווי עס ווערן זייער טעטיקע געזעלשאַפטלעכע טוער אָפּגעשטויסן פון דער אַרבעט, וואָס זיי האָבן די גאַנצע צייט אויפגעפירט בשלימות, און דערקלערט, אַז די גאַנצע קאָנפערענץ נעמט אויף דעם פאַל מיט טיפער פאַרביטערונג. אַלע דעלעגאַטן, ווי אויך די געסט רופן זיך וואַרעם אָפּ צום אָפּיל וועגן צוריק אַקטיוויזירן דעם פריינד ערלעך אין דער אַרבעט לטובת דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט.

דער געזעלשאַפטלעכער און פינאַנציעלער באַריכט פון ח׳ ברענער און דער באַריכט פון חבר כץ ווערן דורך דער קאָנפערענץ באַשטעטיקט און גענומען צו קענטניש. עס ווערט גלייכצייטיק אויסגעדריקט פולע אנערקענונג דעם „יידישן קאָמיטעט" אין טשענסטאָכאָוו פאַר זיין מיפּולער און פאַרדינסטפולער אַרבעט אויף אַלע געביטן אין לעבן פון דעם יידישן ישוב אין טשענסטאָכאָוו פאַר דער צייט פון די דריי און האַלב יאָר זינט דער באַפרייאונג.

דער חבר לעדערמאַן לייענט דורך די בייגעלייגטע רעזאָלוציע, וואָס ווערט איינשטימיק אָנגענומען. נאָכן איבערלייענען די רעזאָלוציע באַקומט דאָס וואָרט חבר ברום, דעלעגאַט פון די לאַנדסמאַנשאַפטן אין נידערשלעזיע, וואָס האַלט, אַז דער צוזאַמענפאָר דאַרף נעמען אין אַכט די גרויסע פאַרדינסטן פון חבר ברענער פאַר די טשענסטאָכאָווער, הן בעת דער גרויזאַמער אָקופּאַציע, הן זינט דער באַפרייאונג, און אים אויסדריקן פולע אַנערקענונג און דאַנק. דער חבר ברענער בעט אַראָפּנעמען די פראַגע פון טאָג־אָרדענונג, מאָטיווירנדיק מיט דעם, אַז דאָס אויסדריקן צוטרוי און אנערקענונג דעם יידישן קאָמיטעט פון וועלכן ער איז פאָרזיצער, דאַנקט שוין במילא אויך אים. אויפן בפירושן פאָרלאַנג פון חבר ל. ברענער, ציט חבר ברום צוריק זיין פאָרשלאַג.

צום סוף פון דער קאָנפערענץ ווערט אויסגעוויילט אַ צענטראַלע פאַרוואַלטונג אין וועלכער ס׳גייען אַריין די חברים: כץ, לעדערמאַן, אַלטמאַן שמואל, קליין (טשענסט.), פוקס, רובינשטיין (לאָדזש) און ברום, יאַקובאָוויטש, ראַשינסקי (נידערשלעזיען). אַלס פאַרטרעטער: די חברים האַראַנטשיק (טשענסטאָכאָוו), און פרידמאַן (שטשעטשין).

דערמיט ווערט די צווייטע זיצונג געשלאָסן און אַלע דעלעגאַטן און געסט באַזוכן דאָס נייע אַרומגעצוימטע בית־עולם, וואו עס ווערן באַערט אַלע טשענסטאָכאָווער קדושים. נאָך דעם ווערט באַזוכט דאָס קליינע געטאָ און דער „פּלאַץ פון די געטאָ־קעמפער".

דעם 20טן אין אָוונט: די דעלעגאַטן פאַרברענגען מיט די קינדער פון קינדער־הויז און עס קומט פאָר דער פייערלעכער שלוס פון צוזאַמענפאָר, אויף וועלכן עס ווערט דער עיקר אַרומגערעדט קולטור־ און שול־פּראָגן.

שלוס פון צוזאַמענפאָר דעם 20טן, 11 אַזייגער אין אָוונט.

פאָרזיצער: לעדערמאַן

סעקרעטאַר: נ. סעגאַל

מיטגלידער פון פרעזידיום:
יאַקובאָוויטש
רובינשטיין
ברענער





דעלעגאַטן און געסט אויף דעם צוזאַמענפאָר פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין פוילן, וואָס איז פאָרגעקומען דעם דעם 19טן און 20סטן יוני, 1948

ד״ר בנימין אָרענשטיין

# די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין די די־פּי קעמפּס אין דייטשלאַנד

## א.

די מפּלה פון נאַצי־דייטשלאַנד, אין יאָר 1945, האָט באַפרייט פון פאַרשיידענע דייטשישע קאָנצענטראַציע לאַגערן גרופּעס יידן, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין די אַמעריקאַנער, ענגלישע, רוסישע און פראַנצויזישע אָקופּאַציע־זאָנעס אין דייטשלאַנד.

אין בייערן, וואָס איז אָקופּירט געוואָרן דורך די אַמעריקאַנער, האָט די שארית־הפּליטה געשאַפן אַ צענטראַל קאָמיטעט אין מינכען, וואָס האָט אָנגעהויבן צו פונקציאָנירן און רעגולירן דאָס לעבן פון די געראַטעוועטע יידן; הן די, וואָס זיינען געווען אין לאַגערן, ווי פעלדאַפינג, לאַנדסבערג אד״ג, און אויך פון די וואָס האָבן געוואוינט אין די שטעט.

### עקאָנאָמישע סטרוקטור

די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט ווי אַלע אַנדערע די־פּי יידן האָבן אַפילו נישט געקענט טראַכטן וועגן איינגלידערן זיך איןווירטשאַפטלעך־עקאָנאָמישן לעבן אין דייטשלאַנד. אַלס פאַרפאָלגטע און געליטענע פון די פייער־אָנצינדער פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז די פליכט געווען פון די זיגרייכע מלוכות איבערן נאַציזם צו זאָרגן און באַשיצן די קרבנות פון נאַציזם, דאָס הייסט, די די־פּיס. די ערשטע פאָרמען פון עקאָנאָמישער פאַרזאָרגונג איז געקומען צום אויסדרוק דורך דער „אונראַ״ און נאָך דעם דורך דער „איירא״. גלייכצייטיק האָט אויך מיטגעווירקט דער „דזשאָינט״. די טשענסטאָכאָווער הילפס־פאַראיינען אויפן נאָרד־אַמעריקאַנישן קאָנטינענט האָבן אויך געשיקט הילף אין דער פאָרעם פון פּעקלעך און געלט צו אינדיווידועלע לאַנדסלייט.

### אָרגאַניזאַציע

די אָרגאַניזאַציע פון די די. פּי׳ס איז געווען פון גרויסער געזעלשאַפטלעכער באַדייטונג. די פּראָבלעמען פון די די. פּי׳ס האָבן געווירקט צו דעם אַנטשטיין פון אַ גאַנצע ריי אינסטאַנצן, וואָס זיינען געווען אָנגעשלאָסן אין צענטראַלע קאָמיטעטן. דער צענטראַל קאָמיטעט אין דער אַמעריקאַנער זאָנע איז געווען מינכען און אין דער ענגלישער זאָנע — בערגען־בעלזען. דעם צענטראַל־קאָמיטעט זיינען אונטערליגן רעגיאָנאַלע־קאָמיטעטן, וואָס האָבן דערליידיקט די פּראָבלעמען פון די שטאָט־קאָמיטעטן און לאַגער־קאָמיטעטן. די פאַרצווייגטע אַרבעטן פון יעדן שטאָט־קאָמיטעט און לאַגער־קאָמיטעט דרינגט אַרויס פון דעם פאַקט, אַז יעדער קאָמיטעט האָט געהאַט אַ גאַנצע רייע אָפּטיילונגען און נעמלעך: פּרעזידיום, עקזעקוטיווע, ווירטשאַפטס־אַמט, פינאַנס־אַמט, וואוינונגס־אַמט, רעליגיעזער אַמט, קיבוצים אָפּטיילונג, מעדיצינישע אָפּטיילונג, דענטיסטישע אָפּטיילונג, פאַך אויסבילדונג און אַ גאַנצע רייע אַנדערע. אַ גאַנצע רייע קאָמיטעטן האָבן אויך געהאַט דראַמאַטישע גרופּן, כאָרן און ספּאָרט קלובן. צום קולטור־אַמט האָבן געהערט פּראָבלעמען פון קינדער־דערציאונג, שולן פאַר קינדער, שפּראַך־קורסן פאַר דערוואַקסענע, פאַרשיידענע אונטערנעמונגען, פּרעסע און פּובליקאַציעס.

דער אָרגאַניזאַציע אַפּאַראַט האָט זיך גענויטיקט אין אַ גאָר גרויסער צאָל באַאַמטע, וואָס זאָלן אויספירן די אַלע נויטווענדיקע פונקציעס. די פונקציאָנאַרן האָבן באַקומען אַ געהאַלט אין דער פאָרם פון „דזשאָינט״ לעבנסמיטל צוטיילונגען, וואָס איז געווען אַ וויכטיקע הילף פאַר דער שארית־הפּליטה אין די דייטשישע די־פּי קעמפּס.

די די־פּיס האָבן באַטראַכט דייטשלאַנד אַלס אַ טראַנזיט אָרט צו עמיגרירן קיין ישראל, אָדער אין אַנדערע פרייע לענדער, צו דעם האָבן זיי זיך צוגעגרייט דורך לערנען פאַכן און שפּראַכן. די פאַך־קורסן זיינען אָנגעפירט געוואָרן דורך דער געזעלשאַפט „אָרט״ און דורך די באַזונדערע קאָמיטעטן. די פאַך־קורסן זיינען געווען סיי פאַר מענער סיי פאַר פרויען און האָבן אַרומגענומען פאָלגענדע מלאכות: מעטאַל־שניצעריי, מעכאַניקעריי, טישלעריי, שניידעריי, מויעריי, העפטעריי, דענטיסטיק, אָפּטייקעריי, פאָטאָגראַפיע און אַ גאַנצע ריי אַנדערע פאַכן. כאַראַקטעריסטיש איז דער פאַקט, וואָס איינער פון די הויפּט אָנפירער און אינסטרוקטאָרן פון די „אָרט״ פאַך־קורסן איז געווען דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַן, אינזשיניער ארליבסקי. דער שעף פון געזונטהייטס־אָפּטיילונג ביים צענטראַל־קאָמיטעט — ד״ר צבי קאַנטאָר; דער הויפּט־דאָקטאָר און שעף פון שפּיטאָל אין לאַנדסבערגער די־פּי לאַגער איז געווען ד״ר יעזשי דאָבזשינסקי. עס זיינען אויך געווען קראַנקן־שוועסטערן, טשענסטאָכאָווער פרויען, וואָס האָבן געאַרבעט אין לאַנדסבערגער די־פּי קעמפּ שפּיטאָל און אין דער אַמבולאַטאָריע אין באמבערג.

אין דער יורידישער אָפּטיילונג פון צענטראַל־קאָמיטעט אין מינכען האָט פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם אָרט, אַדוואָקאַטין אסתר עפּשטיין. זי און איר שוועסטער תמרה (טאַמאַראַ) זיינען אויפגעטראָטן ווי עקספּערטן און עדות אויף דעם טשענסטאָכאָווער פּראָצעס אין לייפּציק, וואו עס זיינען געמשפּט געוואָרן דייטשישע נאַצי־פאַרברעכער, וואָס זיינען געווען אויפזעער אין האסאַג־לאַגער.

אויפן רעליגיעזן געביט איז הרב אלעוווסקי געווען דער הויפּט רב אין דער ענגלישער זאָנע אין דייטשלאַנד, ישראל יוסף קוטנער ז״ל איז געווען חזן און שוחט אין צעללע. ישראל יוסף קוטנער איז אומגעקומען אין אַן אויטאָ קאַטאַסטראָפע אין 14־טן טאָג אין חודש אל״ל, תש״ו (1946) אין עלטער פון דרייסיק יאָר. ער איז געווען אומעטום, וואו יידישע די־פּיס האָבן געוואוינט אין דער ענגלישער זאָנע אין דייטשלאַנד. אין דער אַמעריקאַנער זאָנע איז געווען אפרים נחמיה טראַמבקאַווסקי, ז״ל, שטאָט־חזן אין באַמבערג. אפרים נחמיה טראַמבקאָווסקי איז געשטאָרבן פון אַן אָפּעראַציע, ו׳ אלול, תש״ז (אויגוסט 22, 1947) אין עלטער פון 26 יאָר.

אויפן קולטור און דערציערישן געביט זיינען געווען טעטיק: מרס. בירענבאַום, לערערין פון ענגליש אין באַמבערג; רענא פראַנק, פאַרוואַלטערין און לערערין אין דער קינדער שולע אין ביירויט; בנימין אָרענשטיין, דירעקטאָר פון דער רעגיאָנאַלער היסטאָרישער קאָמיסיע אין באַמבערג, וואָס האָט אַרומגענומען דריי רעגירונגס פּראָווינצן; אָבער־פראַנקן, מיטל־פראַנקן און אונטער־פראַנקן, אין וועלכע עס זיינען געווען 22 היסטאָרישע קאָמיסיעס, זייענדיק גלייכצייטיק לעקטאָר ביים צענטראַלן באַאַרד פאַר קולטור און דערציאונג אין דער אַמעריקאַנער זאָנע אין דייטשלאַנד, און וואָלף גליקסמאַן וואָס איז געווען מיטאַרבעטער פון דער צענטראַלער היסטאָרישער קאָמיסיע אין מינכען.

עס זיינען געווען אַ גאַנצע רייע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט, וואָס זיינען געווען פאָרזיצערס פון שטאָט און לאַגער קאָמיטעטן. אַן אַמט פון אַ פאָרזיצער פון אַ קאָמיטעט איז געווען גאָר פון די פאַראַנטוואָרטלעכסטע, ווייל עס האָט אַרומגענומען די גאַנצע טעטיקייט פון דעם געגעבענעם שטאָט־קאָמיטעט. די פאָרזיצערס זיינען געווען; ה. ווין אין שוואבאך, צבי ראָזענווין אין איינרינג, שמעון מלאדינאוו אין פירסטענפעלדברוק, און אויך אין אַנדערע פאַרשיידענע שטעט. דוד יאַקובאָוויטש איז געווען ווירטשאַפטס־לייטער אין די־פּי קעמפּ פעלדאַפינג, מ. קראוזע איז געווען „אונררא" אָפיסער אין ציילסהיים ביי פראַנקפורט אַם־מיין. הענעך פראדעלסקי איז געווען גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער פעדעראַציע פון פוילישע יידן אין דער אַמעריקאַנער זאָנע אין דייטשלאַנד. ה. דילעוווסקי און אַנדערע האָבן זיך אויסגעצייכנט אין ספּאָרט, און ג. ריכטער האָט זיך אויסגעצייכנט אַלס סאָלאָ־זינגער.

### פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט

אין אָנהויב, דאָס הייסט אין 1946—1945, האָט עקזיסטירט אין דייטשלאַנד נאָר איין פּאַרטיי, און דאָס איז געווען די הסתדרות ציונית אחידה. מיטן אָנקומען פון שליחים פון ישראל האָבן זיי אָנגעהויבן פון פּאַרטייאישע טעטיקייטן. און דער רעזולטאַט איז געווען, אַז עס זיינען אַנטשטאַנען אַלע מעגלעכע פּאַרטייען, ווי אין די „גוטע צייטן" פון פאַר דער מלחמה. היות ווי אַלע פּאַרטייען האָבן אָנגעהויבן צו פירן זייער טעטיקייט און אַרויסגעבן וואָכן־צייטונגען, און אין דער הסתדרות זיינען נאָר פאַרבליבן רעכטע פועלי־ציוניסטן, האָט זי זיך אויפגעלייזט אויף אַ קאָנפערענץ אין שטוטגאַרט, פעברואַר 10, 1947, און געגרינדעט די פּאַרטיי פעברואַר 11, 1947, פועלי־ציון (צ. ס.) התאחדות, וואָס איז אייגנטלעך געווען מפא״י.

נישט געקוקט דערויף, וואָס צווישן די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט זיינען געווען פאַרטראָטן רעפּרעזענטאַנטן פון אַ גאַנצע רייע פּאַרטייען און נעמלעך; ד״ר צבי קאַנטאר, וויצע־פאָרזיצער פון רעוויזיאָניסטישן וועלט־פאַרבאַנד, אהרן געלבאַרד, מיטגליד פון מרכז פון די לינקע פועלי־ציון, און אַנדערע פון מפא״י, און אויך פון אַרבעטער־קאָמיטעט וואָס האָט געהאַט איר הויפּט־צענטראַלע אין די־פּי קעמפּ, פעלדאַפינג, דאָך האָט קיינער נישט פּרובירט אַריינצופירן פּאַרטייאישע מאָטיוון אין דער טעטיקייט פון דער לאַנדסמאַנשאַפט. פאַרקערט, די לאַנדסמאַנשאַפט האָט אַלעמען פאַראייניקט און פאַרברידערט, געשאַפן אַ היימישע, פריינטלעכע אַטמאָספערע.

### טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן

די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן אין דייטשלאַנד זיינען אַנטשטאַנען אין רעזולטאַט פון דריי הויפּט פאַקטאָרן:

1. אָפּהאַלטן יאָרצייט־הזכרהס נאָך די געפאַלענע און אומגעקומענע קדושים.
2. פאַראייביקן דעם קאַמף און אומקום פון טשענסטאָכאָווער יידנטום אין דער חורבן ליטעראַטור.
3. שאַפן אַ פריינטלעכע סביבה, וואָס זאָל פירן קולטורעלע און הילפס־טעטיקייט, ווי אויך שטיין אין פאַרבינדונג מיט אַלע טשענסטאָכאָווער אינסטיטוציעס אין דער וועלט.

די ערשטע יזכור אַקאַדעמיע איז פאָרגעקומען אין דער אַמעריקאַנער זאָנע אין דייטשלאַנד, יוני 26, 1946, אין די־פּי קעמפּ פעלדאַפינג. די אַקאַדעמיע איז געווען געווידמעט דעם דריטן יאָרטאָג פון העראָאישן קאַמף און ליקווידאַציע פון דער קליינער געטאָ אין טשענסטאָכאָוו.

פאָרזיצער פון דער אַקאַדעמיע איז געווען אהרן געלבאַרד, וועלכער האָט גלייכצייטיק געהאַלטן אַ רעדע וועגן דער אונטערגרונד־באַוועגונג אין דער קליינער געטאָ. צווישן די רעדנער זיינען געווען: אהרן געלבאַרד, אברהם שטיינבערכער, דוד יאַקובאָוויטש, צבי ראָזענווין און דער שרייבער פון די שורות, וואָס רעפּרעזענטירט דעם רעגיאָנאַל קאָמיטעט פון די באַפרייטע יידן אין דער אַמעריקאַנער זאָנע אין דייטשלאַנד. אויסער דעם איז אויך געווען אַ ליטעראַרישער פּראָגראַם, וואָס איז באַשטאַנען אין פאָרלייענען לידער, געשאַפענע אין טשענסטאָכאָווער געטאָ און אין די „האַסאַג" לאַגערן. אייגענע שאַפונגען האָבן פאָרגעלייענט פראַניא קאָרנפעלד און בנימין אָרענשטיין. וועגן דער אַקאַדעמיע זיינען געווען פאַרעפנטלעכט באַריכטן אין „אונדזער וואָרט" וואָכנשריפט פון רעגיאָנאַל קאָמיטעט אין באַמבערג נר. 16, יולי 5, 1946, און אין „דאָס פרייע וואָרט", וואָכנשריפט פון פעלדאַפינגער לאַגער קאָמיטעט, נר. 39, יולי 12, 1946.

די אַקאַדעמיע איז פאָרגעקומען אַ יאָר נאָך דער באַפרייאונג פון די קאַצעטן. אַלע זיינען געווען דורכגעווייקט פון צער און פּיין, טראַגישע און שוידערלעכע איבערלעבונגען, וואָס

זיינען געקומען צום אויסדרוק אויף דער אַקאַדעמיע. נישט אַלע האָבן נאָך געקענט באַגרייפן, אַז ס'זיינען אמת די שוידער־לעכע באַריכטן. די מערסטע פון די אַנוועזנדע אויף דער אַקאַדעמיע האָבן נאָך געטראַכט, אַז זיי וועלן צוריקפאָרן קיין טשענסטאָכאָוו און טרעפן טאַטע־מאַמע, משפחה, הייזער, פאַ־בריקן, אַלץ אַזוי ווי עס איז געווען. ווען די רעדנער האָבן געהאַלטן די רעדעס, און אויב איינער האָט נאָר אַרויסגעזאָגט אַ זאַץ: „יידיש טשענסטאָכאָוו, דו ביסט אין הייליקן קאַמף אומגעקומען", האָבן אַלע צוהערער אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. אַזוי איז געווען ביי יעדן רעדנער, וואָס האָט נאָר אַרויסגע־בראַכט אַן ענלעכן זאַץ. די דערשיינונג איז אַ טיף פּסיכאָלאָגי־שער פּראָבלעם, אַז די לאַנדסלייט, און אַלע יידן בתוכם, האָבן אַליין נישט געקענט גלויבן אין דעם, וואָס עס איז פּאַרגעקומען, הגם זיי אַליין זיינען געווען לעבעדיקע עדות. די דערשיינונג איז נישט געווען בלויז אין זאַל צווישן די צוהערער, נאָר אויך אויף דער בינע ביי די רעדנער. איינער פון די רעדנער, ווען ער האָט אָפּגערעדט אַ פּאָר מינוט, רעפערירנדיק וועגן דער ראָלע פון אַרבעטער־ראַט אין טשענסטאָכאָווער גרויסן געטאָ און אַרומקוקנדיק זיך אין זאַל, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ הילצערנעם באַראַק, און די צוהערער, טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט, וואָס זיינען געקומען פון פאַרשיידענע די־פּי קעמפּס און שטעט ווי: פעלדאַפינג, מינכען, ציילסהיים, באַמבערג, לאַנדסבערג און פיל אַנדערע, — האָט ער אויסגערופן: „אויב אַזוי איז דאָך אונדזער אומגליק נאָך גרעסער ווי מיר האָבן זיך פאַרגעשטעלט, ווייל אייגנטלעך זיינען די פאַרזאַמלטע דאָ אַלץ, וואָס איז פון טשענסטאָכאָוו פאַרבליבן". ביי די ווער־טער האָט דער רעדנער פּשוט צוזאַמענגעבראָכן אין אַ גרויס געוויין און די צוהערער צוזאַמען מיט אים. דער רעדנער איז געווען צבי ראָזענווין, זיינע טרערן האָבן דעמאָלט מער אויס־געדריקט ווי ווערטער און איבערגעלאָזט אַן אימגעהויערן איינדרוק אויף אַלע צוהערער, וואָס וועלן דעם עפּיזאָד קיינ־מאָל אין לעבן נישט פאַרגעסן.

* * *

די אַקאַדעמיע אין פעלדאַפינג איז געווען צום אָנדענק פון אויפשטאַנד און ליקווידאַציע פון קליינעם געטאָ, די צווייטע אַקאַדעמיע איז געווען אין אָנדענק פון מאַסן אומקום פון טשענסטאָכאָווער יידנטום, וואָס פאַלט אויס אין די טעג פון יום־כיפור ביז שמחת־תורה. די דאַטע איז אָנגענומען דורך אַלע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין דער וועלט. די אַקאַדעמיע איז פאָרגעקומען אין לאַנדסבערג און איז צוגעגרייט געוואָרן אין גרויסן מאַסשטאַב, אַז אַלע לעבן־געבליבענע טשענסטאָ־כאָווער לאַנדסלייט פון אַלע די־פּי קעמפּס אין דייטשלאַנד זאָלן קענען אָנטיילנעמען. דער אָרגאַניזיר קאָמיטעט איז באַ־שטאַנען פון: אַדוואָקאַט אסתר עפּשטיין, פאַרזיצערין, ד"ר יעזשי דאַבזשינסקי און זיידמאַן. צו דער אַקאַדעמיע זיינען אויך איינגעלאַדן געוואָרן פאָרשטייער פון די העכסטע אינ־סטאַנצן פון דער שארית־הפליטה.

די אַקאַדעמיע איז פאָרגעקומען, אָקטאָבער 20, 1946, אין גרויסן טעאַטער־זאַל פון „בית־איחוד" אין די־פּי קעמפּ לאַנדס־בערג.

אין דער אַקאַדעמיע האָבן זיך באַטייליקט 1,200 לאַנדס־לייט און אַ גאַנצע ריי פאָרשטייער פון די שארית־הפליטה אינסטאַנצן און פון דער פּרעסע און נעמלעך: צענטראַל־קאָמיטעט פון די באַפרייטע יידן — ד"ר סאַמועל גרינגאַוז, רעגיאָנאַל קאָמיטעט פון די באַפרייטע יידן אין פראַנקן און רעדאַקציע „אונדזער וואָרט" — בנימין אָרענשטיין. פעדע־ראַציע פון פּוילישע יידן — הענעך פּראַדעלסקי. רעדאַקציע „אונדזער וועלט" — ד"ר צבי קאַנטאָר. רעדאַקציע „יידישע צייטונג" — מ. פרידענזאָן.

אויספירלעכע באַריכטן וועגן דער אַקאַדעמיע זיינען גע־ווען פאַרעפנטלעכט אין: „יידישע צייטונג", לאַנדסבערג נר. 43 (55), אָקטאָבער 25, 1946. „אונדזער וואָרט", באַמבערג נר. 29, אָקטאָבער 25, 1946. „פון לעצטן חורבן", מינכען נר. 3, (אָקטאָבער־נאָוועמבער העפט), 1946, זייט 99 און אין אַ גאַנצע רייע אַנדערע צייטונגען.

אַדוואָקאַט אסתר עפּשטיין איז געווען פאַרזיצערין, און אין איר דערעפענונגס־רעדע האָט זי געגעבן אַ היסטאָרישן איבערבליק איבער די טראַגישע געשעענישן אין טשענסטאָ־כאָוו אין דער צייט פון דער נאַצי־אָקופּאַציע. חזן אפרים נחמיה טראַמבעקאָווסקי האָט געמאַכט אַן „אל מלא רחמים", וואָס האָט אַלעמען דערפירט צו טרערן. עקיבא קאַשיצקי האָט געזאָגט קדיש און ג. ריכטער האָט געזונגען אַ גאַנצע ריי טרויער־לידער, וואָס האָבן זיך אַריינגעפּאַסט אין דעם פּראָגראַם.

די רעדנער אויף דער אַקאַדעמיע זיינען געווען: ד"ר סאַמועל גרינגאַוז, ד"ר צבי קאַנטאָר, הענעך פּראַדעלסקי, בנימין אָרענשטיין, אַדוואָקאַט מענדל גאָלדבערג און חיים שטייער, אַ טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַן, וואָס האָט זיך באַ־טייליקט אין אויפשטאַנד אין טרעבלינקע.

מיט וואָס דערקלערט זיך, אַז כמעט אַלע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט פון אַלע די־פּי קעמפּס האָבן געשטראָמט צו דער אַקאַדעמיע, קומענדיק פון הונדערטער מיילן פון אַלע טיילן פון דייטשלאַנד. ד"ר צבי קאַנטאָר האָט אין זיין רעדע אויף אַן אינדיווידועלן אופן, וואָס איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע לאַנדסלייט דערקלערט און נעמלעך: „אַ דינאַמישע טרייב־קראַפט האָט מיך היינט אַהער געטריבן קיין לאַנדסבערג אָנ־טייל צונעמען אין דער טרויער פייערונג פון דער שארית־טשענסטאָכאָוו, וועלכע מען איז דאָ מספּיד. איך בין געקומען אַהער צו פאַרייניקן מיינע געמיינזאַמע געפילן אין געמיינזאַמען הספּד און אין געמיינזאַמען קדיש אַלס איינער, וועלכער האָט אין דער שטאָט טשענסטאָכאָוו פאַרלוירן אַלע מיינע נאָענטסטע".

די גרויסע און צאָלרייך־באַזוכטע אַקאַדעמיע האָט גע־געבן די אָרגאַניזאַטאָרן די איבערצייגונג, אַז עס איז מער ווי רעכט צו אָרגאַניזירן אַ צוזאַמענפאָר, וואָס זאָל קאָאָרדינירן די גאַנצע טעטיקייט פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין צענטראַלן מאַסשטאַב. די באַזונדערע לאַנדסמאַנשאַפטן אין די באַזונדערע די־פּי קעמפּס זיינען נישט געווען אימשטאַנד זיך צו שטעלן אין פאַרבינדונג מיט אַלע אויסלענדישע טשענסטאָ־כאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן און איינאָרדענען אַזעלכע גראַנדיעזע אַקאַדעמיעס. צו דעם צוועק איז גערופן געוואָרן אַ צוזאַמענפאָר, אויך דאָס מאָל אין די־פּי לאַגער לאַנדסבערג, זונטיק, יוני 8, 1947. דער רעזולטאַט פון די סעסיעס אויף דעם צוזאַמענפאָר איז געווען די גרינדונג פון אַ צענטראַלע פון די טשענסטאָ־כאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן אין דער אַמעריקאַנער זאָנע אין דייטשלאַנד.

די צענטראַל־פאַרוואַלטונג איז באַשטאַנען פון: ד"ר צבי קאַנטאָר — פאַרזיצער. פון מינכען; אַדוואָקאַט אסתר עפּשטיין

— גענעראַל־סעקרעטאַר. פון לאַנדסבערג; בנימין אָרענשטיין — פּאָרזיצער פון קולטור־קאָמיטעט. פון באַמבערג; אַדוואָקאַט מענדל גאָלדבערג. פּאָרזיצער פון ערן־געריכט פון היידלבערג; דוד יאַקובאָוויטש פון די־פּי קעמפּ פּאַלדאַפינג, אָרגאַניזאַציע; ד״ר. יעזשי דאָבזשינסקי, די־פּי קעמפּ לאַנדסבערג, באָארד אָוו דירעקטאָרס; הענעך פּראַדעלסקי, מינכען, מיטגליד אין ערן־געריכט; צבי ראָזענוויין, די־פּי קעמפּ איינרינג, מיטגליד אין דער קולטור־קאָמיסיע. שמעון מלאַדינאָוו, מיטגליד אין דער קולטור־קאָמיסיע, פון פירסטענפעלד־ברוק: י. מאַנאַוויטש — גייסלהערינג, באָארד אָוו דירעקטאָרס. זיסקינד שמולעוויטש — פירטענפעלד־ברוק, באָארד אָוו דירעקטאָרס.

די צענטראַל־פאַרוואַלטונג האָט אָן שום צווייפל אַ סך מיטגעווירקט אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון דער שארית־הפליטה, געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט אַלע אָפּטיילונגען אין דייטשלאַנד, מיט טשענסטאָכאָוו גופא און מיט אַלע לאַנדסמאַן־סאָסייעטיס אין דער וועלט.

די מיטגלידער פון דער צענטראַל־פאַרוואַלטונג האָט זיך באַטייליקט אין דעם צווייטן קאָנגרעס פון די באַפרייטע יידן אין דער אַמעריקאַנער זאָנע אין דייטשלאַנד, וואָס איז פאָרגעקומען אין פעברואַר 27, 26 און 25 אין באַד־רייכנהאַל. עס האָבן זיך דעמאָלט באַטייליקט: ד״ר צבי קאַנטאָר, אַדוו. אסתר עפּשטיין, בנימין אָרענשטיין און שמעון מלאַדינאַוו.

די צענטראַל־פאַרוואַלטונג האָט זיך אויך באַטייליקט נישט בלויז אויף די קאָנגרעסן פון דער פעדעראַציע פון פּוילישע יידן, נאָר אויך פאַרנומען אָנגעזעענע אַמטן אין דער פעדעראַציע. אויפן צווייטן קאָנגרעס פון דער פעדעראַציע פון פּוילישע יידן, וואָס איז פאָרגעקומען אין באַד־רייכנהאַל, נאָוועמבער 24—23, 1947, זיינען פון די טשענסטאָכאָווער דעלעגאַטן דערוויילט געוואָרן:

הענעך פּראַדעלסקי אַלס פאַרוואַלטונגס־מיטגליד (עקזעקוטיווע). אַדוואָקאַט מענדל גאָלדבערג — פּאָרזיצער פון ערן־געריכט. ד״ר צבי קאַנטאָר — מיטגליד אין ראַט, און דער שרייבער פון די שורות — פאַרטרעטער אין ראַט.

די צווייטע צענטראַלע יזכור אַקאַדעמיע אין דער אַמעריקאַנער זאָנע איז פאָרגעקומען אין פירסטנפעלדברוק, וואו שמעון מלאַדינאַוו איז געווען דער פּאָרזיצער פון שטאָט־קאָמיטעט. ער איז געווען דער אָרגאַניזאַטאָר פון דער אַקאַדעמיע און עס האָט מיטגעהאָלפן זיסקינד שמולעוויטש און אַנדערע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט פון יענער אָרטשאַפט.

נישט געקוקט דערויף, וואָס דער צופאָר צו דער אָרטשאַפט איז געווען זייער קאָמפּליצירט, ווייל מען האָט געדאַרפט אַ פּאָר מאָל איבערשטייגן (טראַנספערן) אויף די באַנען דאָך איז דער טעאַטער־זאַל געווען אויסגעפילט. עס איז אַדורכגעפירט געוואָרן אַ רעליגיעזע צערעמאָניע, וואָס איז געוואָרן אַ טראַדיציע ביז דעם היינטיקן טאָג ביי אַלע טשענסטאָכאָווער סאָסייעטיס אין דער וועלט. די רעדנער אויף דער אַקאַדעמיע זיינען געווען: ד״ר צבי קאַנטאָר, אַדוואָקאַט מענדל גאָלדבערג. אהרן געלבאַרד, בנימין אָרענשטיין און שמעון מלאַדינאָוו.

די אַקאַדעמיע האָט איבערגעלאָזט אַ טיפן רושם אויף די אָנוועזנדע.

דייטשלאַנד איז נישט באַשטאַנען בלויז פון דער אַמעריקאַנער זאָנע. זי האָט אויך געהאַט אַ רוסישע און אַן ענגלישע.

וועגן די טשענסטאָכאָווער אין דער רוסישער זאָנע אין דייטשלאַנד קען נאָר פעסטגעשטעלט ווערן פאָלגנדעס: אין גאַרדעלעגן, אַ שטאָט אין דער פּראָווינץ זאַקסן, האָט זיך באַזעצט אַ גרופּע טשענסטאָכאָווער. די שטאָט איז צוערשט אָקופּירט געוואָרן דורך די ענגלישע מיליטערישע קרעפטן, אָבער נאָכדעם האָבן די ענגלענדער איבערגעגעבן די שטאָט צו די סאָוויעטן. די סאָוויעטישע מיליטערישע מאַכט האָט גלייך געלאָזט פילן, וואָס הייסט „פרייהייט״ און גראַדע אין באַצוג צו די יידישע די־פּיס, צווישן וועלכע עס זיינען געווען טשענסטאָכאָווער. דער סאָוויעטישער קאָמענדאַנט האָט פאַראָרדנט, אַז אַלע די־פּיס זאָלן פאַרלאָזן די שטאָט און צוריקפאָרן קיין פּוילן. אַלע די־פּיס, אויסשליסלעך יידישע, אויסגעמאַטערטע, אויסגעהונגערטע, האָבן דערווייל געוואָלט אַ ביסל זיך אָפּרוען און נאָכדעם זען, וואָס צו טאָן. דער סאָוויעטישער מיליטערישער קאָמענדאַנט האָט באַוויזן זיינע „פרייהייטס־מעטאָדן״. אַזוי ווי אין די נאַצי־צייט זיינען אַלע יידישע די־פּיס אַרומגערינגלט געוואָרן דורך סאָוויעטישע זעלנער, באַוואָפנטע אין קאַמפּסגרייטקייט מיט צוואַנג און מיט דער הילף פון דער דייטשישער פּאָליציי אין רייען אויסגעשטעלט די די־פּיס, אַוועקגעפירט צו דער באַן־סטאַציע און זיי דעפּאָרטירט קיין פּוילן. דער מעטאָד פון דער דעפּאָרטאַציע האָט זיך מיט גאָרנישט אונטערשיידן פון דעם היטלער־מעטאָד און דאָס איז געטאָן געוואָרן אין נאָמען פון „פרייהייט״ און אין נאָמען פון סימבאָל; „סערפּ און האַמער״.

אין דער ענגלישער זאָנע האָבן זיך די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט קאָנצענטרירט אין די־פּי לאַגער בערגען־בעלזען און אין דער שטאָט צעללע. זיי האָבן געפירט אַ געמיינזאַמע טעטיקייט. דער קאָמיטעט פון די טשענסטאָכאָווער, פון די אויסגערעכנטע אָרטשאַפטן, איז באַשטאַנען פון: הרב אלעוווסקי, חזן־שוחט ישראל יוסף קוטנער ז״ל, חיים סטאַוווסקי, מ. קאַכמאַן, ל. בוכוואַלטער, ג. ביאַלעק, פּ. פרידמאַן, ה. פרידמאַן, פּרעיזעראָוויטש, חיים סטאַוווסקי און אַנדערע.

זינט דעם יאָר 1945, איינשליסנדיק ביז דעם יאָר 1948, האָבן זיי איינגעאָרדנט יזכור־אַקאַדעמיעס אין וועלכע הרב אלעוווסקי האָט אַדורכגעפירט דעם רעליגיעזן טייל פון די אַקאַדעמיעס, עס פלעגט אויך אויפטרעטן דער בערגען־בעלזען די־פּי קעמפּ־חזן (חזן קוטנער איז אומגעקומען אין 1946), אייגענע און איינגעלאַדענע געסט־רעדנער.

די דריטע צענטראַלע אַקאַדעמיע איינגעאָרדנט דורך דער צענטראַל־פאַרוואַלטונג פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן איז פאָרגעקומען אין אָקטאָבער, 1948, אין דער מינכענער סינאַגאָגע. צו דער אַקאַדעמיע זיינען דערשינען צוויי פּובליקאַציעס פון דער צענטראַל־פאַרוואַלטונג: מיין בוך „חורבן טשענסטאָכאָוו״, אין לאַטיינישער טראַנסקריפּציע, און דער זשורנאַל „אונדזער יאָרצייט״, אונטער דער רעדאַקציע פון דעם שרייבער פון די שורות, ד״ר צבי קאַנטאָר, אַדוואָקאַט אסתר עפּשטיין און צבי ראָזענוויין.

דער פּראָגראַם פון דער דריטער אַקאַדעמיע, פאָרגעקומען אין מינכען, איז געווען אידענטיש צום פּראָגראַם פון דער אַקאַדעמיע אין פירסטנפעלדברוק.

נאָך דער אַקאַדעמיע איז פאָרגעקומען, מיט די זעלבע אָנטיילנעמער פון דער אַקאַדעמיע, אַ צוזאַמענפאָר. אַדוואָקאַט אסתר עפּשטיין, גענעראַל סעקרעטאַרין פון דער צענטראַל פאַרוואַלטונג האָט אָפּגעגעבן אַ טעטיקייטס באַריכט אין וועלכן

עס זיינען געקומען צום אויסדרוק די פאַרצווייגטע אַקטיוויטעטן פון דער צענטראַלע און נעמלעך: הילף פאַר קראַנקע לאַנדסלייט, דורך אויסבאַמיען זיך פאַר זיי פּלעצער אין שפּיטאָלן און סאַנאַטאָריעס, פינאַנסיעלע און מאָראַלישע שטיצע, רעפּרעזענטירן די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן אין די צענטראַלע אינסטאַנצן פון דער שארית הפּליטה, צוציען צו געריכטלעכער פאַראַנטוואָרטלעכקייט די נאַצי־פאַרברעכער, וואָס האָבן אומגעבראַכט דאָס טשענסטאָכאָווער יידנטום, פאַרבינדונגען מיט די טשענסטאָכאָווער סאָסייטיס אין דער וועלט, פּובליקאַציעס און אַ גאַנצע ריי לאָקאַלע אַקטיוויטעטן. נישט געקוקט דערויף, וואָס אַדוואָקאַט אסתר עפּשטיין האָט אָנגעפירט מיט די אויסגערעכנטע אַקטיוויטעטן און איז געווען די גייסטיקע נשמה פון דער צענטראַל פאַרוואַלטונג, דאָך האָט זי פאַרענדיקט איר באַריכט מיט אַ פאָרשלאַג אויפצולייזן די צענטראַל פאַרוואַלטונג און די לאָקאַלע לאַנדסמאַשאַפטן. דער פאָרשלאַג איז נאָך אַ לענגערע דיסקוסיע גוטגעהייסן געוואָרן און דערמיט ענדיקט זיך דאָס קאַפּיטל צענטראַל פאַרוואַלטונג פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן אין דער אַמעריקאַנער זאָנע אין דייטשלאַנד, אין דער ענגלישער זאָנע, און אויך פון די לאָקאַלע לאַנדסמאַנשאַפטן אין די באַזונדערע די־פּי קעמפּס און אין די שטעט.

### מאָטיוון פאַר דער אויפלייזונג פון דער צענטראַלער און לאָקאַלע לאַנדסמאַנשאַפטן

אין דער דיסקוסיע אַרום דעם פאָרשלאַג זיינען געבראַכט געוואָרן צום אויסדרוק פאָלגענדע באַגרינדונגען:

1. די שארית הפּליטה קען נישט און טאָר נישט זיין מער אין דייטשלאַנד, ווייל עס זיינען דאָ עמיגראַציע מעגלעכקייטן.

2. אַלע אינסטיטוציעס פון דער שארית הפּליטה שטייען פאַר ערב ליקווידאַציע, דעריבער קענען די טשענסטאָכאָווער נישט אָנהאַלטן אירס אַ באַזונדערע אָרגאַניזאַציע.

3. די צענטראַל־פאַרוואַלטונג האָט נישט בדעה און וועט ניש אַפּעלירן נאָך הילף צו די סאָסייטיס אין דער וועלט, ווייל דאָס קען אויפהאַלטן דעם עמיגראַציע פּראָצעס פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט פון די דייטשישע די־פּי קעמפּס.

## טשענסטאָכאָווער פאָלקלאָר אין דער נאַצי־צייט

## ב.

דער אַלגעמיינער אויסדרוק „פאָלקלאָר" באַדייט — אַלערליי טראַדיציעס, גייסטיקע, קולטורעלע און מאַטעריעלע שאַפונגען, אַלץ וואָס דאָס פאָלק האָט געשאַפן: אַבערגלויבן, פאַנטאַזיעס, איינבילדונגען, לעגענדעס, משלים, ווערטלעך און ספּעציפישע אויסדרוקן.

אין דער היינטיקער עפּאָכע איז פאָלקלאָר אויסגעוואַקסן צו אַ לערע, וואָס איז אַ באַשטאַנדטייל פון דער וויסנשאַפט, וואָס רופט זיך עטנאָלאָגיע.

פאָלקלאָר איז אַ יונגע פאָרשונג. דאָס ערשטע בוך אויף דעם געביט איז דערשינען אין סוף 17טן יאָרהונדערט, אין יאָר 1696, פון דזשאַן אָבי אין ענגלאַנד. כמעט אַלע פעלקער האָבן זייערע רעפּרעזענטאַנטן אויפן געביט פון פאָלקלאָר שאַפונגען. נעמלעך: אין שפּאַניען — פערנאַן קאַבאַלעראָ; אין איטאַליע — קאָנטע אַנדזשעלאָ; אין פוילן — דער באַקאַנטער עטנאָלאָג מאָשינסקי, וועלכער האָט אַרויסגעגעבן אַ באַדייטנדיק ווערק „סלאַווישע פאָלקס־קולטור", וואָס נעמט אַרום אַלע סלאַווישע פעלקער.

ביי יידן פאַרנעמט פאָלקלאָר אַ גאָר בכבודיק אָרט. סיי אין חומש און סיי אין תלמוד געפינט זיך אַ ים מיט פאָלקלאָר. אויף דעם זאָגן עדות די באַזונדערע אַרבעטן וואָס זיינען דערשינען, ווי צום ביישפּיל הרב י. זלאָטניקס בוך „חומש פאָלקלאָר", אין די אַרבעט פון ל. טויביש: „תלמודישע עלעמענטן אינעם יידישן שפּריכוואָרט". דאָס יידישע פאָלק האָט אַרויסגעגעבן אַזאַ קאַפּאַציטעט אויף דעם געביט ווי אַדוואָקאַט נח פּרילוצקי און אַ גאַנצע פּלעיאַדע אַנדערע פאָלקלאָריסטן.

אין דער נאַצי־צייט איז געווען אַ נויטווענדיקייט פאַר דער אַנטשטייאונג פון אַן אייגנאַרטיקן פאָלקלאָר, וואָס זאָל מעגלעך מאַכן זיך צו פאַרשטענדיקן אויף אַזאַ אופן, אַז עס זאָל זיין אומפאַרשטענדלעך פאַר די נאַציס. אין דער זעלבער צייט האָט דער פאָלקלאָר געדאַרפט אויך דינען צו דערהייבן די יידישע מאָראַל און יידישן גייסט.

אין אַלגעמיין האָט זיך דער יידישער פאָלקלאָר אין דער נאַצי־צייט אויסגעדריקט אין פאַרשידענע פאָרמען. נעמלעך:

קריפּטאָנימישער, וואָס האָט געדינט פאַר געהיימער פאַרשטענדיקונג;

פּאָליטישער;

הומאָריסטיש־סאַטירישער;

סימבאָלישער;

צונעמען, ווערטלעך, פאָלקלאָריסטישע לידער און דערציילונגען.

די אַלע פאָרמען פון פאָלקלאָר זיינען געווען אַ ספּיריטועלער אויסדרוק פון קאַמף און נקמה קעגן נאַציזם.

דער טשענסטאָכאָווער פאָלקלאָר האָט ביי געטראָגן אייגנאַרטיקע רעגיאָנאַלע אויסדרוקן צום אַלגעמיין יידישן פאָלקלאָר.

אַזוי ווי יעדעס יידישע פאָלקסווערטל אַנטהאַלט אַ טיפע הנמה, אַזוי קומט צום אויסדרוק די טיפע פאָלקס־חכמה אין די ווערטלעך אין דער נאַצי־צייט... לאָמיר נעמען צום ביישפּיל דעם אייגנאַרטיקן אויסדרוק אין „האַסאַג־פּעלצערן". דעם דאָקטאָר ברעסלער האָט מען גערופן: „דער דאָקטאָר פון א. ק." דערפאַר ווייל ער האָט דיספּאָנירט נאָר מיט צוויי אַליין־פּרעפּאַרירטע פּראָשקעס — אַספּירין און קאָגוטעק". יעדן פּאַציענט האָט ער געגעבן אַספּירין אָדער קאָגוטעק. אין וואָס באַשטייט דאָ די חכמה אין דעם ווערטל „דער דאָקטאָר פון א. ק." ? — די חכמה באַשטייט אין דעם, וואָס די פּוילישע אונטערגרונט־באַוועגונג האָט זיך אָנגערופן „א. ק." (אַרמיאַ קראַיאָוואַ) און זי האָט געטויגט אויף כפּרות, און די מעדיקאַמענטן פון דאָקטאָר ברעסלער האָבן געהאָלפן ווי אַ טויטן באַנקעס, און געטויגט אויף כפּרות.

אין טשענסטאָכאָוו האָט מען גערופן היטלערן „קרייער". פון וואַנען נעמט זיך דאָס? דעם אויסדרוק פיר האָבן די דייטשן געוואוסט, אַז דאָס איז געמיינט דעם „פירער" ימח שמו. דעריבער האָבן יידן אָנגעהויבן צו באַנוצן דעם אויסדרוק „דרייער" און פון דרייער האָט זיך עס אַסאָציאירט אויף „קרייער".

יעדער מייסטער אין די „האַסאַג" קאָנצענטראַציע־לאַגערן האָט געהאַט אַ צונאָמען, וואָס איז געווען באַקאַנט צו אַלע לאַגערניקעס.

עס איז גענוג געווען, אַז איינער זאָל זאָגן: „פייקע!" האָט מען געוואוסט, אַז ניציאַלעק, דער מייסטער פון דער רעקלאַברירונג־אָפּטיילונג, גייט און מען דאַרף זיך היטן...

דאָס זעלבע איז געווען מיטן אויסדרוק „מאַרש", אָדער „העמערל" האָט מען געוואוסט, אַז עס גייט אַפּעלן, דער מייסטער פון דער בוי־אָפּטיילונג פאַרוואָס האָט עפּעס ניציאַלעק געהייסן „פייקע"? גאָר פּשוט. ער האָט געררויכערט אַ ליולקע, אַפּעלן האָט מען גערופן „מאַרש", דערפאַר, ווייל יעדן אָן דער פרי נאָכן „אַפּעל" פלעגט ער נעמען זיין גרופּע אַרבעטער און געהייסן זיך איינשטעלן אין איין רייע און געגעבן אַ באַפעל „מאַרש". ער האָט אַזאַ געהאַט דעם צונאָמען „העמערל", ווייל ער האָט מיט אַ האַמער געשלאָגן די אויססעלעקטירטע ביז טויט. יעדער צונאָמען האָט כאַראַקטעריזירט דעם געגעבענעם מייסטער. צום ביישפּיל: „אַחשורוש" — ער איז געווען אַ גרויסער טפּש, באַקסער — געשלאָגן דורך באַקסן, לאָמער יידל — ווערקשוץ־לייטער קלעם, ווייל ער האָט אַ ביסל געלאָמט, און אַזוי ווייטער.

דער אויסדרוק „געטאַקט" איז באַנוצט געוואָרן פאַר איבערקויפן אַ דייטש.

„געטאָקט אין יד אַריין" האָט געמיינט אַריינגעשטעקט אין דער האַנט אַריין, איבערגעקויפט, אָפּגעחורשט.

„הימל־קאָמאַנדאָ" — אויף אומגעקומענע, אומגעבראַכטע, דערשאָסענע, דעפּאָרטירטע צו די טויט־לאַגערן איז געזאָגט געוואָרן: „געשיקט געוואָרן צו דער הימל־קאָמאַנדאַ".

„שמאַלצאָווניקעס" — דער אויסדרוק איז באַקאַנט געווען אין אַלע געטאָס און אויך אין טשענסטאָכאָוו. דער אויסדרוק באַצייכנט די פּוילישע דעגענעראַטן, וואָס האָבן אויסגעפּרעסט געלט ביי יידן, וואָס האָבן זיך איפּגעהאַלטן אויף אַרישע פּאַפּירן אָדער אויסבאַהאַלטן ביי פּאָליאַקן. זיי פלעגן דענונצירן צו דער „געסטאַפּאָ" און אין רעזולטאַט דערפון זיינען אַ סך יידן אומגעקומען דורך זייערע מסירות. דער אויסדרוק נעמט זיך דערפון, וואָס ווען אַזאַ דעגענעראַט פלעגט פאַרהאַלטן אַ ייד אויף דער אַרישער זייט, פלעגט ער דאָס ערשטע זאָגן: „דאַי נאַ שמאַלעץ". די שמאַלצאָווניקעס פלעגן פאַרלאַנגען „גוראַלעס".

„גוראַל" איז געווען די באַצייכענונג פאַרן גרעסטן באַנקנאָט אין פּוילן, און דאָס איז געווען 500 זלאָטעס.

אַנדערע באַצייכענונגען פאַר געלט זיינען געווען: „ווייכע" און „האַרטע". ווייכע האָט געמיינט פּאַפּיר־באַנקנאָטן, און האַרטע — גאָלד־מטבעות.

פון אַ ספּעציעלער באַדייטונג זיינען די לידער, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן סיי אין געטאָ און אין „האַסאַג־פעלצערן". די מערהייט פון די לידער זיינען זאָרגפעליק אויפגעזאַמלט געוואָרן און פאַרעפנטלעכט אין די צוויי פּובליקאַציעס פון דער צענטראַל־פאַרוואַלטונג פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין דער אַמעריקאַנער זאָנע אין דייטשלאַנד. אין בוך „חורבן טשענסטאָכאָוו" און אין זשורנאַל „אונדזער יאָרצייט". ביידע דערשינען אין באַמבערג, אין יאָר 1948.

אין לידער פון פאָלקלאָריסטישן כאַראַקטער זוכט מען ניט קיין הויכע פּאָעטישע און קינסטלערישע פאָרמען, בפרט אין לידער, וואָס זיינען אַנטשטאַנען אין אַזעלכע אומנאָרמאַלע באַדינגונגען ווי אין דער נאַצי־צייט, אין געטאָ און אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן. אין לידער פון אַ קינסטלערישן כאַראַקטער, וואָס ווערן אָנגערופן פאָרמעלער פּאַראַלעליזם דעצידירן די פּאָעטישע פאָרמען: ריטם, ריים, אַסאָנאַנסן, פאַרגלייכונגען, מעטאַפאָרס און היפּערבאַלעס, אָבער נישט דער לאָגישער אינהאַלט. די אַרטיסטישע פאָרם טריאומפירט איבערן לאָגישן אינהאַלט. אין פאָלקלאָריסטישע לידער איז פונקט פאַרקערט. עס דעצידירט דער לאָגישער פּאַראַלעליזם, דאָס הייסט, די לאָגיק פון אינהאַלט און ניט די קינסטלערישע פאָרמען — דער פאָרמעלער פּאַראַלעליזם. אין דעם פּרט צייכענען זיך אויס די לידער געשאַפענע אין טשענסטאָכאָווער געטאָ און אין קאָנצענטראַציע־לאַגער „האַסאַג"־פעלצערן". זיי זיינען אייגנאַרטיק און אָריגינעל און ברענגען צום אויסדרוק די געפילן און שטימונגען פון דער צייט.

דאָס יידישע פאָלקס־מויל האָט רעאַגירט דורך פאָלקלאָריסטישע שאַפונגען און באַקעמפט אַלע נעגאַטיווע דערשיינונגען אין לעבן, געוועקט און געמונטערט צום קאַמף און נקמה קעגן נאַציזם.

אין דעם אַלגעמיינעם יידישן פאָלקלאָר אין דער נאַצי־צייט האָט דאָס טשענסטאָכאָווער יידנטום ביגעטראָגן אירע ספּעציפישע און אייגנאַרטיקע אויסדרוקן און שאַפונגען פון רעגיאָנאַלן און אַלגעמיינעם כאַראַקטער.



וואָלטער לובינסקי, אַ יוגנטלעכער מיט אַ צייכן אין געטאָ



דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַן מיטן נומער 14838 בערנאַרד פּייטעק. איצט אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע.



טשענסטאָכאָווער אין נאַצי־לאַגער בוכענוואַלד

ד״ר פיליפ פרידמאַן

# אומקום און ווידערשטאַנד פון טשענסטאָכאָווער יידן אין דער צייט פון דער נאַצישער אָקופּאַציע

## (אַ ביבליאָגראַפישער איבערבליק)



די ביבליאָגראַפיע וואָס ווערט דאָ ווייטער געבראַכט איז באַשטימט סיי פאַר דעם פאָרשער און שרייבער, און סיי פאַר דעם אינטעליגענטן לייענער ,וואָס וויל זיך באַקענען מיט ,דער געשיכטע פון די יסורים וואָס יידן האָבן געליטן אין טשענסטאָכאָוו אונטער די נאַציס, מיט דעם יידישן ווידערשטאַנד און מיטן חורבן פון דער יידישער קהילה.

מיר האָבן אין דער ביבליאָגראַפיע אַריינגענומען בלויז די געדרוקטע ליטעראַטור וועגן טשענסטאָכאָוו. מיר האָבן נישט אַריינגענומען נישט־געדרוקטע מקורים, צום ביישפּיל די אַרכיוואַלישע מאַטעריאַלן, דאָקומענטן און גבית־עדות, וואָס געפינען זיך אין יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע, אין יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין ניו־יאָרק, אין יד ושם אין ירושלים און אין איטלעכע אַנדערע אינסטיטוציעס אין ענגלאַנד, פראַנקרייך אאַז״וו. מיר האָבן אויך נישט אַריינגענומען די מאַטעריאַלן און נישט־געדרוקטע דאָקומענטן, וואָס געפינען זיך אין שטאָטישן אַרכיוו אין טשענסטאָכאָוו, ווי צום ביישפּיל די דריי בענד פון ראָטשניק סטאַטיסטיטשני (סטאַטיסטישער יאָרבוך) אין פּויליש וואָס זיינען אין די יאָרן 1939־1941 צוגעגרייט געוואָרן דורך דעם יידישן „עלטסטען־ראַט״ („ראַדאַ סטאַרשיך״) אין טשענסטאָכאָוו און געפינען זיך אין מימעאָגראַפירטע דריי דיקע בענד (יעדער אַן ערך פון 300 זייטלעך) אין דעם שטאָטישן אַרכיוו אין טשענסטאָכאָוו. אגב, איז דער צווייטער באַנד פון דער דאָזיקער אויסגאַבע מיט זיינע רייכע סטאַטיסטישע טאַבעלעס און דיאַגראַמעס אויסגענוצט געוואָרן אין דעם בוך פון בנימין אָרענשטיין (נומ. 19)) און אין זאַמלבוך טשענסטאָכאָווער יידן (נומ. 47), אַלע דריי בענד אין ברענערס בוך (נומ. 30).

די ביבליאָגראַפיע נעמט אַרום סיי זעלבסטשטענדיקע ווערק, און סיי אַרטיקלען און אַנדערע מאַטעריאַלן געדרוקטע אין צייטשריפטן און זאַמלשריפטן. פאַר די זאַמלשריפטן ווערט באַנוצט דער מעטאָד פון אַנאַליטישע ביבליאָגראַפישע איינסן, ד״ה אַז מיר ברענגען דעם פולן טיטל פון דער זאַמלשריפט און אין דער באַמערקונג (אַנאָטאַציע) רעכענען מיר אויס די אַלע אַרטיקלען וואָס האָבן אַ שייכות צו טשענסטאָכאָוו.

לויט דעמזעלביקן אַנאַליטישן מעטאָד ווערן באַהאַנדלט אַ צאָל ביכער און אַרטיקלען, וואָס זייער אייגנטלעכע טעמע איז נישט טשענסטאָכאָוו, אָבער ס׳ווערן אין זיי דערמאָנט אַ צאָל פאַקטן וואָס זיינען נוגע די טשענסטאָכאָווער יידן (צום ביישפּיל: נומ. 23, 61, 65, 70, 78, 79, 87, 88, 92). אַ מער אויספירלעכע באַהאַנדלונג ווערט געגעבן צו ביכער וואָס אַנטהאַלטן לענגערע קאַפּיטלעך געווידמעט טשענסטאָכאָוו (צום ביישפּיל: נומ. 44, 60, 66, 67, 77, 90, 94, 95).

די טיטלען פון ביכער און אַרטיקלען ווערן געבראַכט אין דער אָריגינאַל־שפּראַך. ביי פרעמדשפּראַכיקע טיטלען ווערט געגעבן אַ יידישע איבערזעצונג אין דער אַנאָטאַציע.

די אַנאָטאַציעס גיבן אַ קורצן אַנאַליז פון אינהאַלט אָבער נישט קיין אָפּשאַצונג פונעם געגעבענעם בוך אָדער אַרטיקל.

כדי צו מאַכן לייכטער פאַר דעם לייענער דאָס באַנוצן זיך מיט דער ביבליאָגראַפיע זיינען צוגעגעבן געוואָרן צוויי אינדעקסן. דער אינדעקס פון מחברים נעמט אַרום סיי די שרייבער פון ביכער און אַרטיקלען, און סיי אַלע אַנדערע, וואָס האָבן זיך באַטייליקט מיט אַ שעפערישן צושטייער אין דער ליטעראַרישער פּראָדוקציע, ד״ה רעדאַקטאָרן, איבערזעצער, קינסטלער, מאלער און גראַפיקער, שרייבער פון הקדמהס אאַ״וו. דער זאַכלעכער אינדעקס פאַרמאָגט אַ גרעסערע צאָל אָפּשיקן (קראָסרעפערענצן) לשם לייכטערע אָריענטאַציע. אויב וועגן אַ געוויסן מחבר אָדער זיין בוך אָדער אַרטיקל האָט זיך געפירט אַ פּאָלעמיק ווערט זיין נאָמען דערמאָנט אויך אין זאַכלעכן אינדעקס (בלויז די ביבליאָגראַפישע איינסן וואָס אַנטהאַלטן די פּאָלעמיק אָדער רעצענזיע). נעמען פון מחברים וואָס האָבן געשריבן בלויז אין העברעאיש, ווערן געגעבן לויטן העברעאישן אויסלייג. אַלע נעמען פון די מחברים זיינען אויסגעסדרט אַלפאַבעטיש. אַנאָנימע אַרטיקלען (אָן אַ מחבר) ווערן איינגעאָרדנט לויט זייערע טיטלען. אויב דער נאָמען פון דעמזעלבן מחבר ווערט אומאונטערבראָכן ציטירט אין אַ צאָל פון זיינע אַרבעטן, (מער ווי איינע), ווערט דער נאָמען נישט איבערגעחזרט אין די ווייטערדיקע איינסן, נאָר באַצייכנט לויט דעם אָנגענומענעם ביבליאָגראַפישן סיסטעם, מיט דריי לאַנגע שטריכן פאַר דעם פאַמיליע נאָמען, און דריי פאַר דעם ערשטן נאָמען: — — —, — — —.

אין דער ביבליאָגראַפיע באַנוצן מיר זיך מיט די ווייטער־דיקע קיצורים:

אילוס׳ — אילוסטראַציע; אָן ד. — אָן דרוקאָרט; ז׳ — זייט; זז׳ — זייטן; לאַט. — יידיש מיט לאַטיינישער טראַנסקריפּציע; נ.ד. — נישט דאַטירט; פאַקס. — פאַקסימיליע; פאַקסמס. — פאַקסימיליעס.

די איצטיקע ביבליאָגראַפיע פּרעטענדירט ניט צו זיין קיין קאָמפּלעטע. אַן אידעאַלע שלמות און פולשטענדיקייט קאָן קיינמאָל נישט דערגרייכט ווערן אין אַ ביבליאָגראַפישער אַרבעט. עס זיינען זיכער פאַראַן נאָך וויכטיקע אַרטיקלען, אין דער יידישער, העברעאישער און פרעמדשפּראַכיקער פּרעסע וואָס זיינען פאַר־זען געוואָרן, אָדער אויך קלענערע באַמערקונגען וועגן טשענ־סטאָכאָוו אין אַ צאַל ביכער. מיר האָפן אַז מיר האָבן יעדנפאַלס געדעקט דאָס וויכטיקסטע וואָס איז ביז אַהער דערשינען וועגן טשענסטאָכאָוו אין די יאָרן פון נאַצישן חורבן. מיר וועלן אָבער דאַנקבאַר זיין יעדן לייענער פון דער איצטיקער ביבליאָגראַפיע וואָס וועט אַריינשיקן זיינע באַמערקונגען, מילואים און הוספות צו דער רעדאַקציע פונעם זאַמלבוך און דערמיט העלפן אויס־בעסערן און באַרייכערן די דאָזיקע ביבליאָגראַפיע אויף להבא.

## יידיש און העברעאיש

1. איינדרוקספולע טרויער־אַקאַדעמיע געווידמעט דער ליקווי־דאַציע פון טשענסטאָכאָווער געטאָ. יידישע צייטונג (לאַנדס־בערגער לאַגער־צייטונג), נומ. 43 (55), לאַנדסבערג, 25 אָקטאָבער 1946, ז׳ 5.

2. אונדזער יאָר־צייט. אויסגאַבע געווידמעט דעם אומקום פון טשענסטאָכאָווער יידנטום, י״א תשרי תש׳ג־תש׳ט, 1942־1948. באַמבערג (1948), 25 זז׳ אילוס.. איינמאָליקע אויס־גאַבע אין דער צענטראַל־פאַרוואַלט.נג פון דעם טשענסטאָ־כאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין דער אַמעריקאַנער זאָנע אין דייטשלאַנד.

אינהאַלט: אונדזער יאָר־צייט — ב. אַרענשטיין (ז׳ 1); ליקווידאַציע פון קליינעם געטאָ — בענאָ (ז׳ 2); מיין גע־בורט־שטאָט טשענסטאָכאָוו איז חרוב — צבי קאַנטאָר (ז׳ 3־4); מיין לעצטע באַגעגעניש מיט דעם יידן־מערדער דעגענהאַרדט — אסתר עפּשטיין (ז׳ 5, 18). ברויט (ליד) — בנימין אָרענשטיין (ז׳ 6־7); די לעצטע זיצונג אין אַר־בעטער־ראַט — צבי ראָזענווויין ז׳ 8־9); דאָס בוך חורבן טשענסטאָכאָוו — פיליפּ פרידמאַן (ז׳ 10); גענוג! (ליד, ז׳ 10); דאָס אַמאָליקע יידישע לעבן אין טשענסטאָכאָוו — ב. א. (ז׳ 11, 14־15); זכור מה שעשה לך עמלק! (פאָטאָ־בילדער פון געטאָ אין טשענסטאָכאָוו, פון צוואַנגאַרבעט און קאַצעטן, פון לעבנגעבליבענע טשענסטאָכאָווער נאָך דער באַפרייאונג, פון דעם פּראָצעס פון קריגס פאַרברעכער קעס־לער, ז׳ 12־13); די לעצטע נאַכט — צרין (צבי ראָזענווויין, ז׳ 17־18); געשטאַלטן פון דער אונטערגרונט־באַוועגונג (פון בוך חורבן טשענסטאָכאָוו) ב. אָרענשטיין (ז׳ 19־21); טרויעריק (ליד, ז׳ 21); גראַנאַטן־פּראָדוקציע אין קליינעם טשענסטאָכאָווער געטאָ — (פון בוך חורבן טשענסטאָכאָוו) — ב. אָרענשטיין (ז׳ 22־23); צום יאָרטאָג, געטאָ־געדיכט, (צוויי לידער פון בוך חורבן טשענסטאָכאָוו, ז׳ 23); רעצענ־זיע וועגן דעם בוך טשענסטאָכאָווער יידן, זען נומ. 47) — צבי ראָזענווויין (ז׳ 24־25); אַ שטאָט גייט אונטער, אַ פּאָלעמיק מיט נתן עק (זען נומ. 57) — ב.אָ. (ז. 25).

3. איזביצקי, אברהם: ער איז געווען אין טשענסטאָכאָוו ביז 1944 און געזען ווי נאַציס האָבן אויסגעמאָרדעט אַלע יידן. פאָרווערטס, 8 און 9 יאַנואַר, 1945.

באַריכט פון אַן עד־ראיה, אויפגענומען פון דער טשענסטאָ־כאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין ארץ ישראל.

4. אין די יאָרן פון יידישן אומקום. די שטים פון אונטער־ערדישן בונד. ניו יאָרק, 1948. אונזער צייט. 342 זז׳ און 6 זז׳ פאַקסימ׳ס.

אין בוך זיינען פאַראַן צוויי אַרבעטן וועגן טשענסטאָכאָוו: „טשענסטאָכאָווער געטאָ" — אויסצוגן פון אַ באַריכט פון חבר ל. ברענער" (ז׳ 295־306) און „די טעטיקייט פון „בונד" אין דער צייט פון היטלעריסטישער אָקופּאַציע פון טשענסטאָכאָוו" פון מ. קושניר (ז׳ 306־315). ביידע מחברים האָבן אָנגעפירט מיט דער אונטערערדישער אַרבעט פון „בונד" אין טשענסטאָכאָוו.

5. אָסטראָווסקי, ב. (תל אביב): געראַטעוועט יידן פון פוילן, ר.מעניע און איטאַליע אָנגעקומען קיין פּאַלעסטינע. פאָר־ווערטס, 22 יולי, 1944.

ידיעות און גרוסן פון בענדין, טשענסטאָכאָוו און טשער־נאָוויץ.

6. אָרענשטיין, בנימין: אומקום פון טשענסטאָכאָווער יידנטום. דער אַמעריקאַנער, ניו יאָרק, 19 סעפּטעמבער, 1952.

7. — — — — — —: די באַפרייאונג פון שארית טשענסטאָ־כאָוו. וואָכענבלאַט, טאָראָנטאָ, נומ. 84, 12 יאַנואַר, 195.

9. — — — — — —: בערנאַרד קורלאַנד, איבערגאַנג, נומ. 11, מינכען, 26 מערץ 1948 (מיט לאַט. א׳ב).

זען אויך: קענעדער אָדלער, נומ. 261, 15 נאָוועמבער 1954. אַרום דער פּערזענלעכקייט און דער טעטיקייט פון לייב קורלאַנד, לייטער פון אַרבעטסאַמט פון טשענסטאָכאָווער יידנראַט אין דער נאַצי צייט האָט זיך אַנטוויקלט אַ ליידנ־שאַפטלעכע פּאָלעמיק. זען די נומ.

10. — — — — — —: גראַנאַטן פּראָדוקציע אין קליינעם טשענסטאָכאָווער געטאָ. ווידערשטאַנד, נומ. 5, מינכען, מאַי 1948.

זען אויך נומ. 2.

11. — — — — — —: דער ווידערשטאַנד און די ליקווידאַציע פון קליינעם טשענסטאָכאָווער געטאָ. קענעדער אָדלער, נומ 145, 23 יוני 1950.

12. — — — — — —: חורבן און ווידערשטאַנד פון טשענ־סטאָכאָווער יידנטום. ייוואָ־בלעטער, באַנד 37 (1954) ז׳ 301־306.

אַ רעצענזיע אויף ל. ברענערס בוך ווידערשטאַנד און אומקום אין טשענסטאָכאָווער געטאָ (זען נומ. 30).

13. — — — — — —: יידישע פרייהייטס־קעמפער. אונדזער וואָרט, באַמבערג. נומ. 16 פון 5טן יולי 1946 און נומ. 21 פון 9טן אויגוסט 1946.

אין דעם ציקל פון 9 אַרטיקלען וועגן „יידישע פרייהייטס־קעמפער" באַהאַנדלען די צוויי אויבנדערמאָנטע אַרטיקלען די יידישע ווידערשטאַנד באַוועגונג און אירע העלדן אין טשענ־סטאָכאָוו.

14. ———————: ישראל יוסף קוטנער. קענעדער אַדלער נ.מ. 56, 6 מערץ 1953.

דער שוחט י. י. קוטנער איז געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע גערער חסידים אין טשענסטאָכאָוו, האָט דורכגעמאַכט די לאַגערן „האַסאַג־פּעלצערן" אין בוכנוואַלד, און נאָך דער באַפרייאונג געהאָלפן צוריק אויפבויען דאָס יידישע רעליגיעזע לעבן אין בערגן־בעלזן. ער איז אומגעקומען אין אַן אויטאָ־קאַטאַסטראָפע אין 1946.

15. ———————: פּסח אין קאָנצענטראַציע־לאַגער דאַראַ. קענעדער אַדלער, נומ. 74, 26 מערץ 1956.
זען אויך: דער אַמעריקאַנער, נומ. 50, 23 מערץ 1956.

16. ——— ———: דער אומקום און ווידערשטאַנד פון אַ יידישער שטאָט, י״א תשרי תש״ג־תש״ו, 1942־1949. מאָנטרעאַל, 1949. דרוק: מאָדערן פּרינטינג ענד סטעישאָנערי, 18 ז׳ז.

17. ——— ———: ווירקלעכקייט, באַמבערג, 1948. היסטאָריש,ליטעראַרישע ביוראָ. 185 זז׳, איל׳ס.

אַ זאַמלונג פון עסייען. צו טשענסטאָכאָוו האָבן אַ שייכות די ווייטערדיקע אַרטיקלען: מאָטעק זילבערבערג, דער קאָמענדאַנט פון דער אונטערגרונד־באַוועגונג „זשאָב" אין קליינעם טשענסטאָכאָווער געטאָ, (ז׳ 16־17); רבקה גלאַנץ [אָנגעפירט מיט דער אַרבעט פון אונטערערדישן „דרור" אין טשענסטאָכאָווער געטאָ. געפאַלן אין קאַמף קעגן די נאַציס] (ז׳ 52־53); דער ערשטער מאַי 1943 אין טשענסטאָכאָווער קליינעם געטאָ (ז׳ 126־129); די ווייטערדיקע זכרונות און רעפּאָרטאַזשן באַהאַנדלען דאָס לעבן אין טשענסטאָכאָווער אַרבעטס־לאַגער „האַסאַג־פּעלצערן": „דער שיינער מאַי איז פאַרביי", „דער בריוו", „האַסאַג רעפּאָרטאַזש", „וועט דער גיהנום נאָך לאַנג דויערן?", „קאַשע" — רעציטאַציע" (ז׳ 130־154).

18. ——— ———: חורבן אָטוואָצק, פאַלעניץ, קאַרטשעוו. באַמבערג, 1948. אָטוואָצקער, פאַלעניצער און קאַרטשעווער לאַנדסלייט אין דער אַמעריקאַנער זאָנע אין דייטשלאַנד. 71 זז׳, אילוס.

צווישן אַנדערע דערציילט דער מחבר וועגן אָנקומען פון וואַרשע קיין טשענסטאָכאָוו, אין פּרילינג 1943 (ז׳ 58־59) און וועגן זיינע ווייטערדיקע איבערלעבענישן אין לאַגערן „האַסאַג־ראַקאָוו" און „האַסאַג פּעלצערן" (ז׳ 64־70).

19. ——— ———: חורבן טשענסטאָכאָוו, אָן ד., 1948 צענטראַלפאַרבאַנד פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין דער אַמעריקאַנער זאָנע אין דייטשלאַנד. 405 זז׳, א ילוס׳. [לאַט.]. פאָרוואָרט: פיליפּ פרידמאַן (ז׳ 8־9); דאָס בוך „חורבן טשענסטאָכאָוו" — צבי קאַנטאָר (ז׳ 10־11).

אַ מאָנאָגראַפיע וועגן גורל פון טשענסטאָכאָווער יידן אונטער דער נאַצישער אָקופּאַציע, אין טשענסטאָכאָווער געטאָ, אין די צוואַנגסאַרבעט־לאַגערן, אין די קאַצעטן טרעבלינקע, בוכנוואַלד, דאַראַ און בערגן־בעלזן וואוהין טשענסטאָכאָווער יידן זיינען פאַרשיקט געוואָרן און וועגן דעם לעבן פון דער טשענסטאָכאָווער שארית־הפליטה אין דייטשלאַנד נאָך דער באַפרייאונג. אַ סך אויפמערקזאַמקייט האָט דער מחבר געווידמעט דער יידישער אונטערערדישער באַוועגונג, דעם אַרבעטס־ראַט, די ביאָגראַפיעס פון יידישע אונטערערדישע פירער, דעם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין געטאָ און אין די לאַגערן, דעם קולטור לעבן און דעם יידישן פאָלקלאָר אין געטאָ און לאַגערן. דעם בוך האָט דער מחבר צוזאַמענגעשטעלט אויפן סמך פון זיינע אייגענע איבערלעבענישן און אָבסערוואַציעס, פון אַ גרויסע צאָל גבית־עדותן וואָס ער האָט געזאַמלט און אויפן יסוד פון פאַרשיידענע אַרכיוואַלישע מאַטעריאַלן. צום סוף פון בוך באַשרייבט דער מחבר אַ צאָל יידישע פערזענלעכקייטן און כאַראַקטעריסטישע טיפּן פון פאַרמלחמהדיקן טשענסטאָכאָוו (ז׳ 347־396). זען: נומ. 28.

20. באַרענשטיין, יצחק: ווי לעבן היינט די יידן אין טשענסטאָכאָוו. יידישע צייטונג, לאַנדסבערג. 31 אויגוסט 1948.

21. בעסערגליק, מ. י.: נקמה איז זיס. לאַנדסבערגער לאַגער־צייטונג [לאַט.]. נומ. 8 (20), לאַנדבערג, 1 מערץ 1946.
זען נומ. 47.
אַ ביסל ידיעות וועגן לעבן אין טשענסטאָכאָווער געטאָ.

22. בירענהאָלץ, חיים. פּורים 1943 אין דער קליינער טשענסטאָכאָווער געטאָ. אַריינפיר: ב. אָרענשטיין, קענעדער אַדלער, נומ. 54, 3 מערץ, 1905.

23. בראַנדס, אהרן: קץ היהודים במערב פּולין, מרחביה, 1945, הקיבוץ הארצי של השומר הצעיר, ספרית פּועלים, 96 זז׳.

דער מחבר, אַ מיטגליד פון דער יידישער אונטערערדישער יוגנט באַוועגונג אין מערב־פּוילן, וואָס איז שפּעטער עולה געווען קיין ישראל, דערציילט וועגן די יידישע ליידן און יידישן ווידערשטאַנד אין פאַרשיידענע שטעט אין מערב פּוילן. צווי״א דערציילט ער אין איניקע קאַפּיטלען אויך וועגן דעם וואָס איז פאָרגעקומען אין טשענסטאָכאָוו און אין די אַרומיקע שטעטלעך, און שטעלט זיך אָפּ באַריכות אויף גירוש טשענסטאָכאָוו (דעם 22 סעפּטעמבער 1942) און דער טעטיקייט פון דער יידישער קאַמפּאָרגאַניזאַציע (ז׳ 34־45).

24. ברענער (ליבער); די ווידערשטאַנד באַוועגונג אין טשענסטאָכאָווער געטאָ. דאָס נייע לעבן, לאָדזש־וואַרשע. נומ. 103, 104, 105, 106, 107, פון 6, 9, 10, 13 און 15 דעצעמבער 1948.

דער מחבר איז געווען אַ פירנדיקער מיטגליד פון דער אונטערערדישער בונדישער אָרגאַניזאַציע אין טשענסטאָכאָווער געטאָ און נאָך דער באַפרייאונג — פּרעזעס פון יידישן קאָמיטעט אין טשענסטאָכאָוו.

25. ———————: חורבן טשענסטאָכאָוו. דאָס נייע לעבן, 20 און 28 אָקטאָבער 1948.

26. ———————: טשענסטאָכאָווער געטאָ. אונזער צייט, נו־יאָרק, דעצעמבער 1945, ז׳ 22־27.

27. ———————: די יידישע קהילה אין טשענסטאָכאָוו און דער יידישער קאָמיטעט. דאָס נייע לעבן, לאָדזש. יובל־אויסגאַבע 1946.

28. ——— ———: רעצענזיע. בלעטער פאַר געשיכטע, וואַרשע, באַנד I, נומ. 3־4 (1948) ז׳ 222־234.
אַן אויספירלעכע, פּאָלעמישע רעצענזיע איבער ב. אָרענשטיינס חורבן טשענסטאָכאָוו. (זען נומ. 19).

30. ——— ———: ווידערשטאַנד און אומקום אין טשענסטאָכאָווער געטאָ. אָן ד. (וואַרשע)), נ. ד. יידישער היסטאָרישער אינסטיטוט אין פּוילן, 176 זז׳, מאַפּע, אילוס׳, פאַקסמ.

אַ מאָנאָגראַפיע וועגן יידישן חורבן און ווידערשטאַנד אין טשענסטאָכאָוו געבויט על פּי רוב אויף אַרכיוואַלישע מקורים. זען נומ. 12.

31. געלבאַרט, א.: דער אויפשטאַנד אין טשענסטאָכאָוו. אונדזער וועג. מינכען, נומ. 39, 28 יוני 1946.

32. גליקסמאַן, וואָלף זאב: אין טשענסטאָכאָווער געטאָ. פון לעצטן חורבן. מינכען. נומ. 2 (1946), ז' 51-55. בלעטלעך זכרונות.

33. — — — — — — — דער סוף פון אַ קהילה. צום 7טן יאָר־טאָג פון דער אויסזידלונג פון טשענסטאָכאָוו. ניו יאָרקער וואָכנבלאַט. באַנד XV, נומ. 378 (סעפּטעמבער 1949) ז' 4-5. פּורים אין 1943. ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט באַנד 16 (פעב., 1950).

34. גרונעס, בן: טשענסטאָכאָווער באַפעלקערונג באַערט דעם אָנדענק פון די דערמאָרדעטע דאָקטוירים. ניילעבן, תל־אביב. 20 אָקטאָבער, 1948.

35. דאָרעמאַן, י.: דאָס יידישע לעבן אין קראָקע און קראָקער וואָיעוואָדסטווע. איינקייט, מאָסקווע. 17 יולי 1945. צוו"א ווערט דאָ געבראַכט אַ ידיעה וועגן 800 יידן וואָס זיינען אָנגעקומען קיין קראָקע פון טשענסטאָכאָוו און אָש־ווענטשים.

36. האַרט (הערץ), י.: ליכטיקע געשטאַלטן: אלי אַלעבאַרדאַ, אונזער צייט, ניו־יאָרק, יולי־אויגוסט 1951, ז' 36. וועגן איינעם פון די אָנפירער פון דער אונטערערדישער בונ־דישער באַוועגונג אין טשענסטאָכאָוו.

37. היסטאָרישער זאַמלבוך. מאַטעריאַלן און דאָקומענטן צו דער געשיכטע פון אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער־בונד. וואַרשע. 1948. רינגען. 196 זז', אילוס', פאַקסמס. אין דעם בוך איז אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל פון ל. ברענער: „דער קאַמף מיטן יודנראַט אין טשענסטאָכאָווער געטאָ" (ז' 105-108) און אַ צווייטער אַרטיקל: ט.ער פון „טאָז" אין טשענסטאָכאָווער געטאָ" (ז' 109).

33. וואַגאַ, שלמה. אַ מאָרד וואָס לעבט. צום 12טן יאָרצייט פון חורבן טשענסטאָכאָוו. קענעדער אָדלער, 5 אָקטאָבער 1954.

39. — — — — — — — : די ערשטע „אויסזידלונג" אין טשענ־סטאָכאָוו. מאָרגן־זשורנאַל, 22 אָקטאָבער 1950.

40. — — — — — — — : טשענסטאָכאָוו. בוענאָס איירעס. 1949, צענטראַל פאַרבאַנד פון פוילישע יידנטום אין אַרגענטינע. 225 זז', אילוס'. דעם מחברס זכרונות וועגן חורבן טשענסטאָכאָוו זינט דעם אָנהייב פון דער דייטשישער אינוואַזיע ביז 20 מערץ, 1943.

41. ווײַנהאַלץ, דוד: טשענסטאָכאָוו און אומגעגנט. (דער אזכרה־אַקט נאָך די קדושים). די יידישע צייטונג, 17 סעפּטעמבער, 1953.

42. ווײַנמאַן, מ.: די ליקווידאַציע פון טשענסטאָכאָווער געטאָ. נייע פּרעסע, פּאַריז, 26 סעפּטעמבער 1952.

43. — — — — — — — : דער סוף פון דער געטאָ אין טשענסטאָ־כאָוו. (אויף מאָרגן נאָך יום כפור 1942). מאָרגן־פרייהייט, ניו יאָרק, 16 דעצעמבער 1952.

44. וולאַדקע (פייגעלע פעלטל־מיענדזשיצקי): פון ביידע זייטן געטאָ־מויער. ניו יאָרק 1948. בילדונגס־קאָמיטעט פון אַר־בעטער־רינג. 358 זז', אילוס', מאַפּע. פאָרוואָרט: ג. כאַנין (ז' 7-12).
וולאַדקע איז געווען אַ פאַרבינדלערין אין דער יידישער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע אין וואַרשע. אין שליחות פונעם יידישן קאָאָרדיניר־קאָמיטעט האָט זי צוויי מאָל באַזוכט טשענסטאָכאָוו סוף זומער און שפּעט האַרבסט 1943. וועגן אָט אָ די באַזוכן און אירע איבערלעבענישן דערציילט זי אין צוויי קאַפּיטלעך פון איר בוך: „צווישן קעמפער פון טשענסטאָכאָווער געטאָ" (ז' 300-305) און „הילף אין די לאַגערן. — טשענסטאָכאָוו" (ז' 322-329).

45. זיבנטויזנט יידן געראַטעוועט אין טשענסטאָכאָוו. איינקייט, 22 פעברואַר 1945. וועגן די יידן וואָס זיינען געבליבן לעבן נאָך דער באַפרייאונג פון די נאַציס אין די אַרבעטסלאַגערן אין טשענסטאָכאָוו.

46. חזות היהודים באירופה. בעריכת ישראל קלוזנר. ירושלים. נ. ד. ראובן מס, 115 זז' (סעריע: „מפרשת השואה", נומ. 1). אויף ז' 95-96 ווערט איבערגעגעבן אַ באַריכט פון אַ מיט־גליד פון דער חלוצישער אונטערערדישער באַוועגונג וועגן יידישן ווידערשטאַנד אין ראַדאָמסק און טשענסטאָכאָוו.

47. טשענסטאָכאָווער יידן. ניו יאָרק, 1947. יונייטעד טשענסטאָ־כאָווער רעליף קאָמיטעט און לײדיס אוקזילערי אין ניו יאָרק. XII, 404, זז' אילוס', פאַקסמס. אונטער דער רעדאַקציע פון רפאל מאהלער. רעדאַקציע־קאָלעגיע: אלקנה כראָבאָלאָווסקי, רפאל פעדערמאַן, אבא קויפמאַן, וואָלף גליקסמאַן. קינסטלערישע רעפּראָדוקציעס: אַרטור שיק. 6 גראַפישע אַרבעטן: נאָטע קאָזלאָווסקי.
דער זאַמלבוך אַנטהאַלט עטלעכע צענדליגג אַרבעטן פון פאַרשיידענע מחברים וואָס שילדערן די אַנטוויקלונג פון יידישן ישוב אין טשענסטאָכאָוו פון סאַמע אָנהייב ביז צום נאַצישן חורבן, ווי אויך די טעטיקייט פון טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן אין אַמעריקע, ישראל און אַנדערע לענ־דער. אַ ספּעציעלער אָפּטייל געווידמעט דעם חורבן טשענ־סטאָכאָוו אין דער נאַצי־צייט האַלט די ווייטערדיקע אַר־בעטן: די קאַטאַסטראָפע אין ישוב — ל. ברענער (ז' 188-201); גבית עדות — אהרן בראַנדס (ז' 201-206); גבית עדות — אברהם איזביצקי (ז' 206-212). יידן געטריבן קיין דייטשלאַנד דורך טשענסטאָכאָוו — שמעון גאָטיינער (ז' 212-215); די פאַרניכטונג פון דער סינאַגאָגע (נייע שול) — וו. גליקסמאַן (ז' 215-218); אַ נאַכט אין טשענסטאָכאָווער געטאָ — א. איזביצקי (ז' 218-219); די לעצטע 24 שעה אין „האַסאַג" — ד. קאָניעצפּאָלער (ז' 218-219); טעטיקייט פון יידישן אָרדענונגס־דינסט (ייד. פּאָליציי) — מ. קושניר (ז' 223-226); טעטיקייט פון „בונד" אונטער דער היטלע־ריסטישער אָקופּאַציע — מ. קושניר (ז' 226-230); די טע־טיקייט פון קיבוץ בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע — ל. יאָריסטאַ (ז' 230-232); ווי אַזוי עס זיינען באַהאַלטן געוואָרן די פּאַרטיי־פענער פון די לינקע פּועלי־ציון — יחזקאל בזשעזשינסקי (ז' 232); די האַנטווערקער און דער חורבן — ד. קאָניעצפּאָלער (ז' 233); פאַראָרדנונגען פון דער דיי־טשישער מאַכט (פון אַרכיוו פון דער צענטראַלער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע אין פוילן — דער אָריגינעלער דיי־טשישער טעקסט) (ז' 233-239); דער סוף — יוסף קרוק (ז' 239-243); נקמה איז זיס — [מ. בעסערגליק] („ווי אַזוי איך האָב געכאַפּט און איבערגעגעבן אין די הענט פון דער גערעכטיקייט דעם ליקווידאַטאָר פון דעם טשענסטאָכאָווער

קליינעם געטאָ", ז' 243־246, זען נומ. 21); דער היטלערישער באַנדיט וועט הענגען אויף דער תליה (ז' 246־247) [די ביידע לעצטע אַרטיקלען דערציילן וועגן דעם דייטשישן זשאַנדאַרם קעסטנער, וועלכער איז פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט]; צו דעם דריטן יאָרצייט פון ערשטן יידישן אויפשטאַנד אין טשענסטאָכאָווער געטאָ [דעם 3 יאַנואַר 1943] — ל. ברענער (ז' 247־249); דאָס נייע טשענסטאָכאָוו [נאָך דער באַפרייאונג פון די נאַציס, 16 יאַנואַר 1945 ביז יולי 1946] — וואָלף גליקסמאַן (ז' 249־252). קינדערר־הויז אין טשענסטאָכאָוו — אידאַ מערזשאַן (ז' 253־254, זען אויך נומ. 53).

זען נומ. 2 (צבי ראָזענווייגס רעצענזיע אויף טשענסטאָכאָווער יידן).

48. טשענסטאָכאָווער בולעטין. נומ. 1 (6), ניו יאָרק, יולי 1950, 12 זז', רעדאַקציע־קאָלעגיע: רפאל פעדערמאַן, צבי ראָזענווייג, אסתר עפּשטיין.

דער בולעטין ברענגט אַן אַנקעטע אד..ג.: „וואָס ווייסט איר וועגן דער חורבן־צייט?" (ז' 3) און באַריכטן פון פאַרשיידענע הילפסטעטיקייטן פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן איבער דער וועלט.

49. י. ה.: אויף דער תליה פאַר פאַרלאָזן דעם געטאָ. אונזער צייט, ניו יאָרק, יוני 1942, ז' 41.

50. י. ה.: ליקווידאַציע פון טשענסטאָכאָווער געטאָ. אונזער צייט, ניו יאָרק, מערץ, 1943. ז' 42־43.

51. יוריסטאַ, לייב: אין אַ בונקער, באַפרייאונג, מינכען, 19 אַפּריל 1948.

52. לעבער, יעקב: צוועלף יאָר נאָכן חורבן טשענסטאָכאָוו. לעצטע נייעס. תל־אביב, 13 אָקטאָבער 1954.

53. מערזשאַן, אידאַ: קינדערהויז אין טשענסטאָכאָוו. דאָס נייע לעבן. נומ. 23, לאָדזש, 12 יאַנואַר 1945.

54. ספר דרור. עין־חרוד, 1947. הקיבוץ המאוחד. 514 זז'. צוזאַמענגעשטעלט און רעדאַקטירט פון דוד גוטספּורכט, חיים הדרי און ארהן ריכמן.

וועגן דער אונטערערדישער אַרבעט פון „דרור" אין טשענסטאָכאָוו ווערט דערציילט אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלעך: אַן אויסצוג פון אַ באַריכט פון צביה [לובעטקין] אויף אַ קאָנפערענץ פון הקיבוץ המאוחד אין ישראל (ז' 423), אַן אויסצוג פון דעם בוך פון רעניא קולקעלקאָ [אַרויס אין העברעאיש א.ד.נ. בנדודים ובמחתרת און אין ענגליש א.ד.נ. „עסקעיפּ פראָם די פּיט", זען נומ. 92) ז' 423־424, און די ביאָגראַפיע פון רבקה גלאַנץ (ז' 424) איבערגעדרוקט פונעם בוך חורבן ומרד של יהודי ורשה, רעדאַקטירט פון מלך נײַשטאדט.

55. ספר הזוועות, תעודות, עדויות ודינים וחשבונות על שואת היהודים במלחמת העולם השניה, בצרוף מבואות, מפתחות וצלומים, ירושלים. תש"ה (1945) ראובן מס. באנד. I, ב'ד, 263 זז', אילוס'. רעדאַקטירט פון בנימין מינץ און ישראל קלויזנר.

אין בוך זיינען פאַראַן צוויי גבית־עדותן פון טשענסטאָכאָווער וואָס האָבן געלעבט אין דער שטאָט אַ געוויסע צייט אונטער דער נאַצישער אָקופּאַציע און וואָס האָבן זיך באַוויזן אַרויסצואַראַטעווען און עולה זיין קיין ישראל, איינער נאָך אין 1940, דער צווייטער אין 1944. די נעמען פון די עדות ווערן אָנגעגעבן מיט די ראשי תבות א.א. [אברהם איזביצקי?] און ר. ו—ן (ז' 119־122).

56. ספר מלחמות הגיטאות בין החומות, במחנות, ביערות. (תל־אביב), 1954. הקיבוץ המאוחד. ט'ז, 812 זז', מאַפּע, אילוס'. רעדאַקטירט פון יצחק צוקרמן און משה בסוק.

די אונטערערדישע באַוועגונג און דעם ווידערשטאַנד אין טשענסטאָכאָוו באַהאַנדלען די ווייטערדיקע אַרטיקלען: אי"ל [ארגון יהודי לוחם — יידישע קאַמפאָרגאַניזאַציע] בצ'נסטוכוב — י. יוריסטה (ז' 332); בפעולה — אהרן בראנדס (ז' 332־333, זען נומ. 23)" עם נשך ביד — ל. ברנר (ז' 333־335).

57. עק, נתן. אַ יידישע שטאָט גייט אונטער. יידישער קעמפער באַנד XXVIII, נומ. 718, 719, 720, 721, 722, 723, 724, פון 12 סעפּטעמבער (ראש השנה נומער), 3, 10, 17, 24 און 31 אָקטאָבער און 7 נאָוועמבער 1947.

דער מחבר איז בשעת דער זומער־אַקציע אין 1942 אין וואַרשעווער געטאָ אַנטלאָפן קיין טשענסטאָכאָוו און באַשרייבט זיינע איבערלעבענישן און אָבסערוואַציעס פון טשענסטאָכאָווער געטאָ.

זען די באַמערקונגען צו דער אַרבעט אין נומ. 2 (אַרטיקל פון ב. אָ.) און נומ. 71.

58. ———— ————: פונעם וואַרשעווער חורבן קיין טשענסטאָכאָוו. יידישער קעמפער, באַנד XXVII, נומ. 642 און 664 פון 15 און 29 מערץ 1946.

59. ———— ————: פונעם וואַרשעווער חורבן קיין טשענסטאָכאָווער געטאָ ערב דער דעפּאָרטאַציע אין 1942. אונדזער וואָרט, פּאַריז 14 אָקטאָבער 1944.

60. פּאַט, יעקב: אַש און פייער, ניו יאָרק 1946, ציקא. 392 זז', אילוס'.

אַנהייב 1946 האָט יעקב פּאַט באַזוכט פוילן און באַשריבן זיינע איינדרוקן און זיינע באַגעגענישן מיט יידן און ניט־יידן אין אַ צאָל פוילישע שטעט וואָס ער האָט געהאַט במשך פון זיין 60־טאָגיקער רייזע איבערן לאַנד. ער האָט אויך באַזוכט טשענסטאָכאָוו און האָט באַשריבן די מלחמה־צייט איבערלעבענישן און דעם נאָך־מלחמהדיקן מצב פון די דאָרטיקע יידן (ז' 111־136). זיינע טשענסטאָכאָווער רעפּאָרטאַזשן זיינען פריער געווען געדרוקט אין פאָרווערטס, ניו יאָרק, פון 26, 27, 28 און 29 מערץ, 1946.

דאָס בוך איז אַרויס אויך אין ענגליש (זען נומ. 94).

61. פנקס קטן. תל־אביב, יאַנואַר 1944. ההסתדרות הכללית של העובדים העברים בארץ ישראל, 63 זז' („פנימי").

אין דעם יאַנואַר נומער 1944 פון „פנקס קטן", אַרויסגעגעבן פאַר אינערלעכע צירקולאַציע צווישן די הסתדרות מיטגלידער געפינען זיך צוו"א אויך ידיעות (ז' 40) וועגן דעם יידישן ווידערשטאַנד אין טשענסטאָכאָוו און דער ראָל פון רבקה גלאַנץ וואָס איז געפאַלן אין קאַמף קעגן די נאַציס.

62. פון נאַצי־גיהנום. פוילישער איד, ניו יאָרק, פעברואַר 1942, ז' 13־14.

פאַראַן ידיעות וועגן טשענסטאָכאָוו.

63. פוקס, מ.: דער בלוטיקער מאָנטיק אין טשענסטאָכאָוו. דאָס פרייע וואָרט (לאָט.) נומ. 38, פעלדאַפינג, 5 יולי 1946.
די נאַצישע מעשים־תעתועים, מאָנטיק דעם 4 סעפטעמבער 1939, דעם צווייטן טאָג נאָכן פאַרנעמען טשענסטאָכאָוו דורך די דייטשן.

64. פעדערמאַן, רפאל: צום 11טן יאָרצייט נאָך די קדושים פון טשענסטאָכאָוו. פאָרווערטס, ניו יאָרק, 23 אָקטאָבער, 1953.

65. צאַנין, מ.: איבער שטיין און שטאָק. אַ רייזע איבער הונדערט חרוב־געוואָרענע קהילות אין פוילן. תל־אביב, 1952, „לעצטע נייעס". 318 זז', אילוס'.
אויף זיין רייזע איבער פוילן אין 1947־1948 האָט צאַנין באַזוכט אויך טשענסטאָכאָוו און דערציילט וועגן זיינע איינדרוקן דאָרט (ז' 240־244).

66. קויפמאַן, אבא: טשענסטאָכאָוו, מיין געבוירן־שטאָט. ניו יאָרק 1950, דרוק פון יוסף קויפמאַן. 23 זז'.
די בראָשור ברענגט צוו"א אַ רשימה פון עטלעכע הונדערט אומגעקומענע טשענסטאָכאָווער „געטאָ קעמפער, געלערנטע, זשורנאַליסטן, לערער, קינסטלער, רבנים... געזעלשאַפטלעכע טוער" און אַ צווייטע רשימה פון עטלעכע הונדערט לעבנגעבליבענע. אויף ז' 8־9 ווערט אויך איבערגערוקט פון דער ניו יאָרקער מאָרגן פרייהייט פון 2 אָקטאָבער 1950 אַ באַשרייבונג פון די נאַצישע רדיפות אין טשענסטאָכאָוו, געשילדערט פון אַ לעבנגעבליבענעם עדות פון נאַצי־חורבן.

67. קורץ, יעקב: ספר עדות. רשימות של יהודי מוצל מן הגיהנום הנאצי בפולין. מב"י ביידיש [תרגם] מ. בן־אליעזר. תל־אביב. תש"ד (1944), עם עובד, 364 זז'.
דער מחבר, אַן ארץ־ישראלדיקער בירגער וואָס איז געקומען אויף אַ באַזוך אין זיין געבוירנשטאָט פּיאָטריקאָוו ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה און איז דאָרט פאַרבליבן במשך דער נאַצישער אָקופּאַציע ביז מען האָט אים דערלויבט צוריקצופאָרן קיין א"י, אין האַרבסט 1942. ער דערציילט וועגן נאַצישע רדיפות אויף יידן אין פּיאָטרקאָוו און אין די שכנותדיקע שטעט. איין קאַפּיטל פון זיין בוך דערציילט (ז' 319־334) וואָס טשענסטאָכאָווער פליטים און ספּעציעלע שליחים, אַרויסגעשיקטע פון פּיאָטריקאָוו קיין טשענסטאָכאָוו, האָבן דערציילט וועגן חורבן טשענסטאָכאָוו אין 1942.

68. קושניר, מ.: די טעטיקייט פון בונד אין דער צייט פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע אין טשענסטאָכאָוו. אונזער צייט, ניו יאָרק, נומ. 2, 1946.

69. קידוש השם, אַ זאַמלונג געקליבענע, אָפּט געקירצטע באַריכטן... וואָס מאָלן אויס מסירת נפש אין אונדזערע צייטן. ניו יאָרק, תשי"ז (1948), ציקאָ, 1116 זז', געזאַמלט און רעדאַקטירט פון שמואל ניגער.
אין דער זאַמלונג זיינען אָפּגעדרוקט געוואָרן עטלעכע באַריכטן וועגן יידישן ווידערשטאַנד אין טשענסטאָכאָוו. (ז' 350־354) וואָס זיינען פריער דערשינען אין פאַרשידענע יידישע צייטונגען.

70. קינדער־מאַרטירלאָגיע. זאַמלונג פון דאָקומענטן. בוענאָס־איירעס. 1974. צענטראַלפאַרבאַנד פון פוילישע יידן אין אַרגענטינע 284 זז'. אילוס'. צוזאַמענגעשטעלט פון נח גריס.
די זאַמלונג איז צום טייל אינדענטיש מיט דער פוילישער אויסגאַבע וואָס איז צוגעגרייט געוואָרן ורך נח גריס צוזאַמען מיט מאַריאַ האָכבערג־מאַריאַנסקאַ (זען נומ. 88). די יידישע אויסגאַבע פאַרמאָגט אַן אויספירלעכן היסטאָרישן אַריינפיר פון נ. גריס: „יידישע קינדער אין דער צייט פון דער נאַצי־אָקופּאַציע" (ז' 7־63) וואָס פעלט אין דער פוילישער אויסגאַבע. אין דער יידישער אויסגאַבע זיינען אויך פאַראַן אַ צאָל גבית־עדותן און באַריכטן וואָס זיינען נישט בנמצא אין דער פוילישער אויסגאַבע. צווישן זיי האָבן אַ שייכות צו טשענסטאָכאָוו: אַ באַריכט פון ל. ברענער וועגן דער טעטיקייט פון „טאָז" (געזעלשאַפט צו שיצן די געזונט, בפרט פון קינדער) אין טשענסטאָכאָווער געטאָ (אין נח גריס' אַריינפיר, ז' 47־49); דער גבית עדות פון ראובן ראָזענבערג: „פון איין לאַגער צום אַנדערן" וועגן די איבערלעבענישן אין צוואַנג־אַרבעטלאַגער „ראַקאָוו־אייזנהיטע" אין טשענסטאָכאָוו (ז' 250־252). פאַרשיידענע קלענערע עפּיזאָדן וועגן טשענסטאָכאָווער יידן ווערן אויך דערמאָנט אין אַנדערע שטעלעס אינעם בוך (זען דאָרט, אינדעקס).

71. ראָזענווייַן, צבי: זאָל אויפגעקלערט ווערן דער אמת. אונדזער וואָרט, באַמבערג, נומ. 47 (85), פון 5 דעצעמבער, 1947.
באַמערקונגען צו ד"ר נ. עקס אַרטיקלען אין אידישער קעמפער (זען ונמ. 57).

72. — — — — — — —: די לעצטע נאַכט אין טשענסטאָכאָוו. טאָג־מאָרגן זשורנאַל, ניו יאָרק, 14 דעצעמבער 1950.
וועגן דער דייטשישער „אַקציע" קעגן טשענסטאָכאָווער יידן דעם 28 סעפּטעמבער 1942.

73. אַ רעפּאָרטער: צום 8טן יאָרטייצ פון חורבן טשענסטאָכאָוו (טרויעריקער סך־הכל פון טשענסטאָכאָווער יידישער קהילה). פאָרווערטס, 8 אָקטאָבער 1950.

74. שטיינברעכער, אָדם. צום דריטן יאָרטאָג פון דער ליקווידאַציע פון טשענסטאָכאָווער געטאָ. דאָס פרייע וואָרט (לאַט.) נומ. 39, פעלדאַפינג, 12 יולי 1946.

75. שפּיגנער, נתן: קאָנקורס דערציילונג נומ. 3. (דער „האַסאַג" לאַגער אין טשענסטאָכאָוו. אַ היים (לאַט.) נומ. 10־11 פון 16 מאַי 1946.
דאָס לעבן אין לאַגער האַרט פאַר דער באַפרייאונג.

76. שפּערלינג, העניעק: טרעבלינקע. פון לעצטן חורבן, נומ. 6. (אויגוסט 1946) ז' 3־17, מאַפּע.
דער מחבר דערציילט ווי ער, מיט אַ סך אַנדערע טשענסטאָכאָווער יידן, זיינען געכאַפּט געוואָרן דורך די נאַציס און אַוועקגעפירט צו די אייזנבאַן־וואַגאָנען, שילדערט דעם טראַנספּאָרט קיין טרעבלינקע און די שוידערלעכע באַדינגונגען אין דעם קאָנצענטראַציע לאַגער.

## אין אַנדערע שפּראַכן

77. Ajzensztajn, Betty: *Ruch podziemny w ghettach i obozach* (*Materialy i dokumenty*). Warszawa-Lodz, 1956. XXIV, 213 pp. p. 66-69: Organizacja oporu w Czestochowie.

אין דעם בוך: „אונטערערדישע באַוועגונג אין די געטאָס און קאַצעטן" געפינט זיך אַ קאַפּיטל: „די אָרגאַניזאַציע פון ווידערשטאַנד אין טשענסטאָכאָוו" (ז' 66־69), וואו יוליאַן זילבערבערג, אַן אַקטיווער מיטגליד פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געווען אין געטאָ ביז צו דער ליקווידאַציע און שפּעטער אַ פּאַרטיזאַנער גרופּע פון דער פּאָלקס־אַרמיי („אַרמיאַ לודאָוואַ"), דערציילט וועגן דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג.

78. *The Black Book of Polish Jewry. An account of the Martyrdom of Polish Jewry under the Nazi Occupation.* (New York), s1943, XVI, 343 pp. illus. American Federation of Polish Jews in cooperation with the Association of Jewish Refugees and Immigrants from Poland. Editor: Jacob Apenszlak. Co-editors: Jacob Kenner, Isaac Lewin, Moses Polakiewicz.

אין דעם „שוואַרצבוך פון פּוילישן יידנטום"" ווערט טשענסטאָכאָוו אָפּט דערמאָנט (זען אינדעקס), בפרט אויף ז' 51 (באַשרייבונג פון דעם נאַצי־פּאָגראָם אין סעפּטעמבער 1939), 138, 194, און 226 (די סאַניטאַרע באַדינגונגען אין טשענסטאָכאָווער געטאָ).

79. Blumental N(achman): *Obozy.* Lodz. 1946. V, 335 pp. maps, fasms. (Documenty i materialy z czasow okupacji niemieckiej w Polsce. Tom I.)

אין דעם בוך וועגן די נאַצישע לאַגערן פאַר יידן איז אויך פאַראַן אַ גבית עדות פון דעם סטאָליער שמעון גאָלדבערג וואָס איז אין דער אַקציע פון סעפּטעמבער 1942, צוזאַמען מיט זיין גאַנצער משפחה און אַ סך אַנדערע יידן אַוועקגעפירט געוואָרן פון טשענסטאָכאָוו קיין טרעבלינקע (ז' 178־181).

80. Brener, L.: Dzieje zydowskiego osiedla po wyzwoleniu. *Glos Bundu.* Warszawa, sierpien (August) 1946.

באַשרייבט די לאַגע פון טשענסטאָכאָווער יידן אין ערשטן יאָר נאָך דער באַפרייאונג פון נאַצישן יאָך.
אַ געריכט־רעפּאָרטאַזש.

81. ——— Przesladowca przed sadem. *Glos Bundu.* 15 sierpnia (August 1947.

אויף דעם פּראָצעס פון דעם געוועזענעם פּוילישן „ווערקשוץ" אין אַרבעטס־לאַגער „האַסאַג", ראַמאַן קמיטשקעוויטש, דערציילן קריסטלעכע און יידישע עדות וועגן זיינע מערדערישע האַנדלונגען לגבי די יידישע אַרבעטער אין לאַגער.

82. ——— W trzecia rocznice sydowskiego powstania w getcie czestochowskiem. *Glos Narodu.* Czestochowa. 3 grudnia (December) 1945.

אַן אַרטיקל צום דריטן יאָרצייט פון יידישן ווידערשטאַנד אין טשענסטאָכאָוו, דעם דריטן יאַנואַר 1943 (זען אויך נומ. 47).

83. ——— Tragiczny dzien w "malym ghetcie" Czestochowy. *Glos Bundu,* 1 lutego (February) 1947.

דער מחבר שילדערט אַן „אַקציע" אין „קליינעם געטאָ" ביי וועלכער ס'זיינען אומגעקומען 127 יידן.

84. ——— Zydowski ruch oporu w Czestochowie. *Golos Bundu.* 1 stylcznia (January) 1946.

ברענער פּאָלעמיזירט מיטן באַריכט פון יוליאַן זילבערבערג אין דעם בוך פון בעטי אייזנשטיין (זען נומ. 77). ער טענהט אַז דער באַריכט איז נישט גענוג אָביעקטיוו און אַלזייטיק און אַז די יידישע היסטאָרישע קאָמיסיע אין פּוילן האָט אין איר רשות נאָך אַנדערע דאָקומענטן וועגן דעם ווידערשטאַנד אין טשענסטאָכאָוו, וואָס וואָלטן געקאָנט געבן אַ מער פּילזייטיקן בילד פון דער אונטערערדישער באַוועגונג.

85. Bresler, Jerzy: 20 marca (March) 1943—dzien zaglady inteligencji zydowskiej w Czestochowie. *Glos Narodu.* No. 31 (1945).

אַ יידישער דאָקטאָר, וואָס האָט איבערגעלעבט די נאַצי־צייט אין טשענסטאָכאָוו, באַשרייבט די פאַרניכטונגס־אַקציע וואָס די נאַציס האָבן דורכגעפירט איבער דער דאָרטיקער יידישער אינטעליגענץ דעם 20 מערץ 1946.

86. — — — Likwidacja zspitala zydowskiego (w Czestochowie). *Glos Narodu,* No. 53 (1945).

דער זעלבער מחבר באַשרייבט ווי די נאַציס האָבן ליקווידירט דעם יידישן שפּיטאָל אין טשענסטאָכאָוו און אויסגעהרגעט די קראַנקע און דעם פּערסאָנאַל.

87. *Le Droit à la Patrie. Témoignages sur les massacres en Pologne.* Paris, 1946. L. Rodstein. 161 pp. Recueillis et traduit du yiddish par Miriam Bath-Ami (Miriam Novitch).

אין דעם גבית עדות פון יוליוס קאָלפּ, פון לאָדזש, ווערט דערציילט וועגן זיינע איבערלעבענישן אין אַן אַרבעטסלאַגער אין טשענסטאָכאָוו, אין די יאָרן 1943־1945 (ז' 154־156).

88. *Dzieci oskarzaja.* Krakow-Lodz, 1947. XXXII, 287 pp. illus. Opracowali Maria Hochberg - Marianska i Noe Gruess.

אין דעם בוך געפינט זיך אַ גבית עדות פון ל. ברענער, פּראָטאָקאָלירט פון נח גריס, וועגן יידישע קינדער אין טשענסטאָכאָוו אין דער נאַצי־צייט (ז' 260־262). דאָס בוך איז אויך אַרויס אין יידיש, אין אַ פאַרגרעסערטער אויסגאַבע (זען נומ. 70).

89. Jurista, L.: Z.O.B. (Zydowska Organizacja Bojowa) w Czestochowie. *Nasze Slowo,* No. 7 (19), Warszawa-Lodz, 19 kwietnia (April) 1947.

וועגן דער טעטיקייט פון דער יידישער קאַמפּאָרגאַניזאַציע אין טשענסטאָכאָווער געטאָ.

90. Kermisz, Jozef: *Akcje i wysiedlenia.* Czesc I. Warszawa-Lodz, 1946. LXXII, 456 pp. maps, facsms., (Dokumenty i materialy do dziejow okupacji niemieckiej w Polsce, tom II).

אין זיין אַריינפיר צום בוך: „אַקציעס" און „אויסזידלונגען" (דעפּאָרטאַציעס), ברענגט ד"ר קערמיש די פאַקטן וועגן די נאַצישע אַקציעס און וועגן יידישן ווידערשטאַנד

אויפן סמך פון די מאַטעריאַלן וואָס געפינען זיך אין אַר־
כיוו פון דער צענטראַלער היסטאָרישער קאָמיסיע (איצט:
יידישער היסטאָרישער אינסטיטוט) אין פוילן (ז' 53, 40,
49, 59, 60). אין גוף פון ספר ווערן נאָך צוגעגעבן די וויי־
טערדיקע צוויי גבית עדותן פון געוו. תושבים פון טשענ־
סטאָכאָווער געטאָ: פון אפרים מייעראָוויטש (ז' 253־279)
וואָס נעמט אַרום די צייט פון 22 מאַי 1942 ביזן אַנטלויפן
פון לאַגער „האַסאַג", סוף סעפּטעמבער 1943, מיט אַ סך
פאַקטן וועגן דער יידישער אונטערערדישער באַוועגונג,
וועגן יידישע פּאַרטיזאַנער און וועגן דער הילף וואָס אַ
גרופּע יידן האָט באַקומען פון אַ פריינדלעכן פּאָליאַק. אינ־
זשיניער יעבק פּיטעל דערציילט אין די אויסצוגן פון זיינע
זכרונות וועגן די אַקציעס אין סעפּטעמבער 1942 (ז' 281־
285) און דעם „בלוטיקן מאָנטיק", דעם 4טן יאַנואַר 1943
(ז' 287־291).

91. Koniecpoler, Dawid: Ghetto czestochowskie. *Opinia,* No. 23-24 (36-37), Warszawa-Lodz, 22 wrzesnia (September) 1947.

נאָטיצן פון אַ טאָג־בוך, וועגן אומלעגאַלער אַרבעט אין
געטאָ, דער טעטיקייט פון דער יידישער קאַמפּאָרגאַניזאַציע,
אירע קאַמפן און אירע דורכפאַלן.

92. Kulkielko, Renia: *Escape from the Pit.* New York, 1947. XII, 189 pp. Sharon Books. Foreword by Ludwig Lewisohn.

רעניאַ קולקעלקאָ, פּופצן יאָר אַלט, ווען די צווייטע וועלט־
מלחמה איז אויסגעבראָכן, איז געווען טעטיק אין דער יידי־
שער אונטערערדישער באַוועגונג אין פוילן (דער עיקר אין
בענדין און וואַרשע) און ס'איז איר געלונגען, דורך סלאָ־
וואַקיע, אונגאַרן און טערקיי, זיך צו דערשלאָגן קיין ארץ
ישראל אין מערץ 1944. אין איר בוך זכרונות באַשרייבט
זי אויך בקיצור איר באַזוך אין טשענסטאָכאָוו, האַרבסט
1943 (ז' 116). דאָס בוך איז אויך אַרויס אין העברעאיש
(זען נומ. 54).

93. L. E. Listy od czytelnikow. *Mosty.* No. 7 (39), Lodz, 7 marca (March) 1947.

אַ פּאָלעמיק מיט א. וואָלף־ראַסקי וואָס האָט אין דער פּאָלקס־
צייטונג, נומ. 9, לאָדזש, 9 דעצעמבער 1946 קריטיקירט
דעם בוך פון בעטי אייזנשטיין (זען נומ. 77). ל. ע. שטעלט
זיך אָפּ אויף דער אונטערערדישער אַרבעט אין טשענסטאָ־
כאָווער געטאָ, וואָס איז, לויט אים, אויסגעטראָגן געוואָרן
דער עיקר דורך די ציוניסטישע און קאָמוניסטישע יוגנט־
גרופּעס.

94. Pat, Jacob: *Ashes and Fire.* New York. c1947, International Universities Press, 254 pp.

דאָס איז אַן ענגלישע, געקירצטע ווערסיע פון יעקב פּאַטס
יידישן בוך: אַש און פייער (זען נומ. 60). וועגן זיין באַזוך
אין טשענסטאָכאָוו — ז' 83־102.

95. Tenenbaum, Joseph: *Underground. The Story of a People.* New York. c1952, Philosophical Library. IX, 532 pp. maps, illus.

קאַפּיטל X (ז' 184־207) פון דעם בוך אונטערערד באַהאַנדלט
די יידישע ליידן, דעם אומקום און די אונטערערדישע באַ־
וועגונג אין טשענסטאָכאָוו. זען אויך ז' 128 און ז' 436.

96. W Czestochowie. *Mosty.* No. 4 (12), Lodz, kwiecien (April) 1947.

די טעטיקייט פון דער יוגנט אָרגאַניזאַציע „השומר הצעיר"
נאָכן אַריינמאַרש פון די דייטשן, דאָס אַנטשטיין פון דער
יידישער קאַמפּאָרגאַניזאַציע און דער ווידערשטאַנד פון
אירע מיטגלידער קעגן די נאַציס אין טשענסטאָכאָווער
געטאָ.

97. W 5-ta rocznice zaglady Zydow czestochowskich. *Mosty,* No. 63 (94), Lodz, 26 wrzesnia (September) 1947.

אַרטיקל צום 5טן יאָרטאָג פון דער פאַרניכטונג פון טשענ־
סטאָכאָווער יידן, רעכנט אויס די דייטשישע מערדער וואָס
האָבן זיך באַטייליקט אין די אַקציעס.

## הוספות

אין דער צייט ווען די דאָזיקע ביבליאָגראַפיע האָט זיך
שוין געפונען אין דרוק, זיינען צוגעקומען נאָך די ווייטערדיקע
ביבליאָגראַפישע איינסן, ס'רוב פון זיי געזאַמלט דורך רפאל
פעדערמאַן און צבי ראָזענווין:

98. ברענער, ל.: דער „בונד" אין טשענסטאָכאָוו בעת דער
נאַצישער אָקופּאַציע, פאַלקסצייטונג, לאָדזש־וואַרשע, נומ'
16־17.

99. ווייץ, אברהם: אַ בוך וועגן ווידערשטאַנד און אומקום פון
דער טשענסטאָכאָווער געטאָ. מאָרגן פרייהייט, ניו־יאָרק,
29 אַפּריל 1951.

אַ רעצענזיע אויף ל. ברענערס בוך (זען נומ' 30).

100. לעבער, יעקב: דער אומקום פון אַ יידישע קהילה. צום
8טן יאָרצייט פון חורבן טשענסטאָכאָוו. לעצטע נייעס,
[סעפּטעמבער 1950].

101. — — — —, — — — —: דער אומקום פון דער טשענ־
סטאָכאָווער יידישער קהילה. געווידמעט דעם 11טן יאָר־
צייט פון דעם אומקום פון איינעם פון די שענסטע יידישע
שטעט אין פוילן, טשענסטאָכאָוו. לעצטע נייעס, [סעפּטעמ־
בער 1950].

102. פעדערמאַן, רפאל: צו דעם 11טן יאָרצייט נאָך די קדושים
פון טשענסטאָכאָוו. פאָרווערטס, הוצאות ועד יוצאי זמושץ'
בישראל, 327 ע'.

103. — — — — — — — — 13טער יאָרצייט נאָכן אומקום פון
טשענסטאָכאָווער יידן. פאָרווערטס, 21 אָקטאָבער 1955.

104. ראָזענווין, צבי: דער קאַמף און אומקום פון טשענסטאָ־
כאָווער יידן. יידישע קולטור, באַנד 12, נומ' 1 (יאַנואַר
1950), ז' 55־56.

דער מחבר שטעלט זיך אָפּ בפרט אויף דער אַנטשטייאונג
און די אַקטיוויטעטן פון דעם „יידישן אַרבעטער־ראַט" אין
וועלכן ער איז געווען טעטיק.

105. — — — — — — —: חורבן טשענסטאָכאָוו (צום 10טן יאָר־
צייט), פאָרווערטס, 13 סעפּטעמבער 1952.

106. — — — — — — —: צום 12טן יאָרצייט נאָכן אומקום פון
טשענסטאָכאָווער יידן. פאָרווערטס, 22 אָקטאָבער, 1954.

107. תמרי (טאַמאַרי), משה, עורך: זמושץ בגאונה ובשברה.
(זאַמאָשטש אין איר פּראַכט און איר אומקום). תל־אביב,
1952־1953 (תשי"ג).

הוצאת ועד יוצאי זמושץ' בישראל, 327 ע'.

אין דעם דאָזיקן זאַמלבוך וועגן דער שטאָט זאַמאָשטש געפינט זיך איין גבית עדות פון רוזה רוסט [ר׳יזע ראָסט]: „בצל המסווה" [אין שאָטן פון אַ מאַסקע], ז׳ 175־177, אין וועלכער די מחברטע דערציילט וועגן איבערלעבונגען אין אַ טשענסטאָכאָווער אַרבעטסלאַגער.

## אינדעקס פון מחברים



## זאַכלעכער אינדעקס



די חורבות פון דער טשענסטאָכאָווער געטאָ וואָס איז אויפגעריסן געוואָרן דורך די היטלעריסטן נאָך דער ליקווידאַציע, אין וועלכער הונדערטער יידן זיינען אומגעקומען



דער בית הקברות אין טשענסטאָכאָוו נאָכן חורבן



געפונענע אויפשריפטן אויף די ווענט אין די בונקערס



„האַסאַג"



פראַגמענטן פון דער צעשטערטער קליינער געטאָ



„האַסאַג"



דער אַריינמאַרש פון דער סאָוועטישער אַרמיי קיין טשענסטאָכאָוו



דער יידישער קאָמיטעט אין טשענסטאָכאָוו 1945־46
עס שטייען פון רעכטס צו לינקס: מ. לעדערמאַן, בזשעזינסקי, בירנהאָלץ, ל. בוים, ל. יוריסטא, גרינשטיין.
עס זיצן פון רעכטס צו לינקס: אייזענבערג, טשאַרנע, מ. האַסענ־פעלד, ל. ברענער, י. גאָלדבערג, ד. קאָניעצפּאָלער און ז. וועקשטיין



די יידישע רעליגיעזע קהילה
עס זיצן פון רעכטס צו לינקס: י. לאַנדוי, א. זאנדער, א. דאָרפגאַנג, ל. רייבער, נ. עדעליסט, מ. גאָלדבערג, הרב ע. ווייסלער, ה. רייזמאַן, ש. גראנעק, ד. קאָניעצפּאָלער און ב. שטיבעל




„אָשוויענטשים", דער לאַגער פון פאַרניכטונג, אין טאָג פון דער דערעפענונג פון מוזעאום
דער ראַביי, פולקאָווינק קאַהאַנע רעכט אָפּ אַ תפילה דעם אָנדענק פון די געפאַלענע יידן



יעקב פּאַט צוגאַסט אין קינדער־הויז, פעברואַר 9, 1946
עס זיצן פון רעכטס צו לינקס: ש. לעדערמאַן, ז. וועקשטיין, י. פּאַט, ל. ברענער, מ. עדעלמאַן (גאַסט פון לאָדזש), י. אייזענבערג און איטאַ ברענער



ליבער ברענער

# דער יידישער ישוב אין טשענסטאָכאָוו נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה *)

(1956־1945)

„וואָס דאַרף די זאַנג זיך אָנגיסן מיט ברויט
אויב ס׳איז באַשערט, אַז שטורעם זאָל עס אין איר האַרץ דער־
שלאָגן ?
צו וואָס האָט גאָט געבענטשט מיין טראַכט מיט פרוכט,
אויב מיר איז נישט באַשערט געווען כ׳זאָל עס דערטראָגן ?”

אַזוי שרייט אויס פול מיט צער דער יידישער דיכטער ל. אָליצקי נאָכן גרויסן חורבן. מיט דעם־אָ זעלבן געפיל האָבן מיר — די העכער פינף טויזנט יידן, אָפּגעראַטעוועטע אסורים אין טשענסטאָכאָוו פון די היטלער־לאַגערן — אויפגענומען דאָס נייע לעבן אויף דער פריי.

טשענסטאָכאָוו איז געווען די איינציקע שטאָט אין פוילן, וואו ס׳זיינען נאָך אַלע אויסזידלונגען געשאַפן געוואָרן פיר לאַגערן, אין וועלכע ס׳האָבן זיך געפונען 10,990 יידן. פון דער צאָל — טשענסטאָכאָווער יידן גופא — 3,490 און פון די אַנדערע שטעט און שטעטלעך אין פוילן — 7,500. טשענסטאָכאָוו איז אויך געווען די איינציקע שטאָט אין פוילן, וואו ס׳זיינען אָפּגעראַטעוועט געוואָרן 5,194 יידן, וועלכע זיינען דעם 16טן יאַנואַר, 1945, באַפרייט געוואָרן דורך דער זיגרייכער אַרמיי פונעם ראַטנפאַרבאַנד.

פונקט ווי ס׳איז אוממעגלעך צו געפינען אין מענטשלעכן לעקסיקאָן אַן אויסדרוק, וואָס זאָל קענען באַצייכענען אונדזער גרויסן נאַציאָנאַלן צער, אַזוי איז שווער צו געפינען אַן אויסדרוק וואָס זאָל קענען באַצייכענען אונדזערע געפילן אין די ערשטע טעג פון דער באַפרייאונג. יעדער פון אונדז האָט זיך געהאַלטן אין איין פרעגן: „איז עס וואָר, אַז איך בין שוין אַ פרייער מענטש? איז עס וואָר, אַז איך קען זיך פריי באַוועגן? איז עס וואָר, אַז מען איז שוין נישט אויסגעשטעלט אויף טיפער דערנידעריקונג, אויף שרעקלעכער פיזישער און גייסטיקער פיין? אויף אָן־אַ־פאַרוואָס און אָן־אַ־פאַר־ווען, געקאַטעוועט אָדער גאָר דערשאָסן צו ווערן? איז דאָס אַלץ טאַקע וואָר?”

אָט וויל מען זיך פרייען מיט דער פרייהייט, און מ׳קען עפּעס נישט! ס׳נאָגט אַ שווער געפיל. מ׳פלאָנטערט זיך אַרום און מ׳זוכט עפּעס אַ סימן פון דעם אַלגעמיינעם און פּערזענלעכן אַמאָל... פון דעם „אַמאָל”, ווען דער צאָלרייכער יידישער ישוב אין טשענסטאָכאָוו האָט געשפּרודלט מיט אַ שיין, קאָליר־פול לעבן. מען וואָלט גערן דורך פיזישן ווייטיק געוואָלט פאַרטויבן דעם טיפן צער, וואָס נאָגט און פייניקט; דעם צער פון נישט קענען אַפילו אין געדעכעניש אַרויסברענגען די בילדער פון די אַזוי־טראַגיש פון אונדז אויסגעריסענע און פאַרטיליקטע. מען פלאָנטערט זיך אַרום אַפּאַטיש און מ׳קען נישט געפינען קיין אָנשפּאַר.

די פּראַקטישע טאָג־טעגלעכע ווירקלעכקייט צווינגט אָבער מ׳זאָל דאָס לעבן אָנהייבן אויפנעמען ווי נאָרמאַלע מענטשן. די אַפּאַטיע הייבט ביסלעכווייז אָן צו פאַרשווינדן, און איר אָרט פילט אויס דער באַוואוסטזיין, אַז כדי צו לעבן, מוז מען אַרבעטן און דאָס — אויף אַלע געביטן פונעם לעבן. מיט דעם־אָ נייעם געפיל האָט מען אָנגעהויבן בויען דאָס נייע לעבן. אַ לעבן שוין נישט אַלס שקלאַפן, נישט אונטערן צוואַנג פון פאַשיסטישע מערדער, נאָר פרייוויליק, פאַר זיך אַליין, און פאַר פרוי און קינד. אויב עמעצן האָט אָפּגעגליקט, אַז אַזעלכע זאָלן אָפּגעראַטעוועט ווערן. מען שטויסט זיך אָבער אָן אויף קאָלאָסאַלע שוועריקייטן, וואָס זיינען אַ פועל־יוצא פון די נאָך־מלחמהדיקע אַ מנאָרמאַלקייטן און דעמאָראַליזאַציע.

די ניי־אַנשטאַנענע לאַגע צווינגט, אַז געוועזענע, אונטערערדישע ווי אויך פאַר־מלחמהדיקע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע טוער, זאָלן אָנגורטן די לענדן און לייזן אַלע אויפגעקומענע פּראָבלעמען. עס אַנטשטייט אַ קערפּערשאַפט א״נ „יידישער קאָמיטעט אין טשענסטאָכאָוו”, וועלכער טרעט תיכף צו צום אָרגאַניזירן דאָס נייע לעבן. דעם יידישן קאָמיטעט קומען צו הילף די אָרטיקע קאָמונאַלע און אויך די וואָיעוואָדישע מאַכט־אָרגאַנען אינעם נייעם פוילן.

שווערע, אומבאַגרייפלעך שווערע אויפגאַבן האָבן זיך געשטעלט פאַרן יידישן קאָמיטעט: טויזנטער יידן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ און אָן שום מיטלען צום לעבן; העכער הונדערט קינדער אָן אפּוטרופּסים. העכער 200 יוגנטלעכע (מיינסטנס מיידלעך), וועלכע האָבן נישט קיין אָנשפּאַר און קענען אַריינפאַלן אין אַ נעץ פון דעמאָראַליזאַציע; צענדליגער אינוואַלידן און הונדערטער שווער־קראַנקע און פיזיש אויסגעשעפּטע.

מיט דער ערנסטער שטיצע פון די מאַכט־אָרגאַנען, מיט די קאַרגע מאַטעריעלע מיטלען, געבאָרגטע אויפן חשבון פון אונדזע־

*) באַאַרבעט אויפן סמך פון די אַרכיוואַלע מאַטעריאַלן פונעם געוועזענעם יידישן קרייז־קאָמיטעט און פון איצטיקן קולטור־געזעלשאַפטלעכן פאַרבאַנד אין טשענסטאָכאָוו.

רע ברידער און שוועסטער מעבר־לים, איז דער קאָמיטעט צוגעטראָטן צו לייזן די פּראָבלעמען, וואָס זיינען פאַר אים געשטאַנען. דער קאָמיטעט באַקומט אויך אַ פאָרשטייערשאַפט אין שטאָטישן נאַציאָנאַל־ראַט און אין דער שטאָטישער וואוינונגס־קאָמיסיע. דאָס דערמעגלעכט, קודם־כל, צו לייזן די שווערע וואוינונגס־פראַגע פאַר ס'רוב יידן אין שטאָט. ס'ווערט פאַרטיילט מאַטעריעלע שטיצע און שפּייז פאַר די וואָס נייטיקן זיך אין דעם אַממיינסטן. ס'ווערט אָרגאַניזירט אַ נאַכטלעגער־הויז פאַר דורכוואַנדערנדיקע יידן פון פאַרשיידענע לאַגערן; אַן אויפהאַלטס־פונקט פאַר דערוויילדיק־דאַכלאָזע; אַ קאָלעקטיווער וואוינונגס־און אויפהאַלט־פּונקט פאַר יוגנטלעכע, און אַ דערציאונג־שול פאַר קינדער און יוגנטלעכע. ביי דער אַקטיווער מיטאַרבעט פון צוויי יונגע טשענסטאָכאָווער דאָקטוירים: מ. פּשיראָווסקי און ב. ראָזענאָוויטש ווערט אויך געעפנט אַ מעדיצינישער הילפס־פונקט. די יתומים ווערן פאָרלויפיק איינגעאָרדנט ביי פּריוואַטע פאַמיליעס, וואָס זיי באַקומען פולע אויסהאַלטונג און זאָרגפעליקע אויפזיכט.

אינגיכן האָט דער קאָמיטעט אָנגעהייבן צו באַקומען גרעסערע געלט־פאָנדן פונעם יידישן צענטראַל־קאָמיטעט אין פּוילן, וואָס האָט דעמאָלט נאָך געהאַט זיין זיץ־אָרט אין לובלין; און אויך ממשותדיקע הילף פון די טשענסטאָכאָווער מעבר־לים, באַזונדערס פונעם „טשענסטאָכאָווער רעליף" אין ניו יאָרק, אין פילאַדעלפיע און אויך פון בוענאָס־איירעס, אַרגענטינע. די טעטיקדט פון קאָמיטעט האָט זיך אַ דאַנק דעם געהאַלטן אין איין אויסברייטערן. אין אַ דאָרף ביי טשענסטאָכאָוו ווערט אָרגאַניזירט אַן אָפּרו־הויז פאַר רעקאָנוואַליסצענטן און פאַר פיזיש אויסגעשעפּטע; די אינוואַלידן ווערן באַזאָרגט, אַ חוץ מיט פולער אויסהאַלטונג, אויך מיט פּרעסע, קינאָ, טעאַטער און מיט די נייטיקע הענט און פיס־פּראָטעזן. יעדער פון זיי לערנט זיך, לויט זיינע פעאיקייטן, אַ געהעריקן פאַך. פיל יוגנטלעכע ווערן איינגעאָרדנט אין נאָרמאַלע לער־אַנשטאַלטן. די יתומים באַקומען אַ שיין און גוט איינגעריכט קינדער־הויז, וואָס איז איינגעאָרדנט אין בנין פון דער געוועזענער י. ל. פּרץ־שול.

אַ גאָר שווער פּראָבלעם איז געווען די פראַגע פון קינדער. אויסער דעם, וואָס מ'האָט פיל פון זיי באַדאַרפט זוכן און געפינען און דערנאָך אויסקויפן זיי, איז אויך געשטאַנען די פראַגע וועגן זייער פיזישן, גייסטיקן און פּסיכישן צושטאַנד. קינדער פון לאַגערן, פון בונקערס, קינדער אָפּגענומענע פון פּוילישע אַפּוטרופּסים, פון קלויסטער־אַנשטאַלטן; קינדער, וואָס האָבן איבערגעלעבט אַלס פאַסטוכער אין די דערפער, און קינדער, וואָס האָבן ווי בראָדיאַגעס געוואַנדערט איבער שטעט און דערפער. איניקע פון זיי זיינען געווען נערוועאיש־צערודערט, איניקע איבערגעשראָקענע; איניקע ווילן זיך נישט אָנערקענען אַלס יידישע; און אויך אַזעלכע, וואָס ווייזן אַפילו אַרויס פיינטשאַפט צו יידן און יידישקייט. קינדער מיט שטאַרקע נייגונגען צו הפקרות און גנבה, ווי אויך קינדער קאַטויליש־רעליגיעזע, וואָס שוין אַפילו אין קינדערהויז שטעלן זיי זיך פאַרן שלאָפן גיין, און נאָך יעדן אויפשטיין, אויף די קני און בעטן צום בילד פון דער „הייליקער מוטער", וואָס זיי באַהאַלטן אויס פאַרן אויג פון זייערע דערציער. ס'איז אַ שווער פּראָבלעם צום לייזן אַפילו פאַר די רוטינירטסטע פּעדאַגאָגן און פעאיקסטע פּסיכיאַטאָרן. כדי דאָס דאָזיקע פּראָבלעם צו לייזן זיינען מאָביליזירט געוואָרן די אינטעליגענטסטע כוחות, די רוטינירטסטע דערציער און איבערגעגעבענע קינדער־פריינד, וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן פיל הארציקייט און איבערגעגעבנקייט ביי דער דאָזיקער שווערער און אחריות־פולער אויפגאַבע. דאָס דאָזיקע אַזוי אָנגעווייטיקטע פּראָבלעם איז נאָך פיל חדשים מיפולער אַרבעט טיילווייז געלייזט געוואָרן.

שוין דעם 13טן יוני, 1945, קומט פאָר דער ערשטער עפנטלעכער אויפטרעט פון די קינדער אין פייערלעשער־זאַל. דעם 20טן אָקטאָבער פון זעלבן יאָר, קומט שוין אויך פאָר דער צווייטער קינדער־אויפטריט אין גרעסטן שטאָטישן טעאַטער־זאַל, וואָס איז איבערפולט מיט יידישע און פּוילישע צושויער, וועלכע באַוואונדערן די דערגרייכונגען און באַוואַרפן די קינדער מיט בלומען און שאָקאָלאַד. אַלע אַנערקענען מיט סאַטיספאַקציע, אַז די קינדער זיינען אַרויסגעריסן געוואָרן פון אַ שרעקלעכן תהום צו אַ נאָרמאַל־לעבן; אַז די קינדער, וואָס האָבן אויף זייערע שוואַכע אַקסלען אויסגעטראָגן דעם שווערן יאָך פון גרויזאַמעליידן, קינדער אין יאָרן, אָבער זקנים אין טראַגישע איבערלעבענישן, האָבן זייער קינדהייט צוריק געפונען. נאָך מער, פיל פון זיי האָבן מיט דער צייט אויסגעפונען נאָענטע קרובים, און איניקע — אַפילו טאַטעס, אָדער מאַמעס הן אין פּוילן גופא, הן אויסער די גרענעצן פון פּוילן. אויך די אחרית־תפולע אַרבעט לטובת די אינוואַלידן איז געקרוינט געוואָרן מיט פולער אָנערקענונג, אויף וועלכן עס זאָגט עדות אַ געזעגנונגס־בריוו צום קאָמיטעט פון די אינוואַלידן פאַר זייער פאַרלאָזן טשענסטאָכאָוו:

„...מיר ווילן אייך", — שרייבן די אינוואַלידן, — „ליבע פאָטערס, געזעגענען זיך מיט אייך שריפטלעך און דאַנקען אייך פאַר דער זאָרגזאַמקייט און איבערגעבנקייט פון דער ערשטער צייט אָן, ווען מיר זיינען נאָך געווען האַלב טויט. איר האָט אונדז איינגעאָרדנט אַ שטוב מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן און פולער אויסהאַלטונג, פונקט אַזוי ווי עס זאָרגן עלטערן פאַר זייערע אומגליקלעכע קינדער...".

אויך די פּערמאַנענטע הילף פאַר די נויטבאַדערפטיקע ווערט אויסגעברייטערט. לויטן באַריכט פונעם קאָמיטעט פון 14טן אַפּריל, 1945, האָבן פון נאָרמאַלער חודשלעכער הילף גענאָסן 2440 מאַן, וועלכע האָבן באַקומען קליינע געלט־שטיצעס צו 50 גילדן אויף אַ קאָפּ (אין די שפּעטערדיקע חדשים — צו 2000 גילדן אויף אַ קאָפּ) און שפּייז־צוטיילונגען. די שפּייז־צוטיילונגען זיינען געווען פאָלגנדיקע:

1) פאַר געזונטע געוועזענע אסורים — 4 קג. ברויט; 0,7 קג. צוקער 05. קג. זאַלץ און 1 קג. מאַרמעלאַד;

2) פאַר קראַנקע געוועזענע אסורים: 15 קג. ברויט, 30 אייער, 15 ליטער מילך, 0.4 קג. פּוטער, 0.8 קג. צוקער;

3) פאַר קינדער ביי עלטערן: 16 קג. ברויט, 16 אייער, 0.25 קג. פּוטער, 0.8 קג. צוקער און 15 ליטער מילך.

לויטן זעלבן באַריכט זיינען דעמאָלט מיט דער מיטהילף פון יידישן קאָמיטעט אַנטשטאַנען קאָאָפּעראַטיוון פון פריזירער, מאַלער, עלעקטראָטעכניקער, אַ קאָאָפּעראַטיווער מעכאַנישער וואַרשטאַט א"א. אין אַלגעמיין זיינען שוין דעמאָלט באַשעפטיקט געווען 936 מאַן. מיט איניקע חדשים שפּעטער איז אויך אויפגעשטעלט געוואָרן דורכן קאָמיטעט אַ שניידער־קאָאָפּעראַטיוו און אַ שוסטער־קאָאָפּעראַטיוו. אויסער דעם זיינען אַנשטאַנען פיל פּריוואַטע וואַרשטאַטן פון שניידערס, שוסטערס און טישלערס. ס'זיינען אויך געעפנט געוואָרן פּריוואַטע געוועלבער און אַפילו קלענערע פאַבריקלעך וואָס זיינען געפירט געוואָרן דורך יורשים פון געוועזענע יידישע פאַבריקאַנטן אין טשענסטאָכאָוו.

אויך אויפן קולטורעלן און פּאָליטישן געביט ווערט גע־

פירט אַן אינטענסיווע טעטיקייט. שוין אין חודש פעברואַר, 1945, האָט דער קאָמיטעט דורכגעפירט אין קינאָ „באַלטיק" דעם ערשטן גרויסן מיטינג פון אַלע געוועזענע יידישע אסורים. פסח פון יאָר 1945, דעם ערשטן פסח אויף דער פריי — ווערט דורכגעפירט אַ פרץ־אַקאַדעמיע. שפּעטער ווערט אויך איינגעאָרדנט אַ שלום־עליכם אָוונט. אין אַפּריל, 1945, ווערט איינגעאָרדנט אַ פייערלעכע אַקאַדעמיע און אַן אימפּאָזאַנטע מאַניפעסטאַציע לכבוד דעם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ. ס'ווערן איינגעאָרדנט געדענק־טעג פון געשיכטלעכע דאַטעס אין טשענסטאָכאָווער געטאָ און ס'ווערט אויך געפירט אַ נאָרמאַלע טאָג־טעגלעכע קולטור־אַרבעט צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אין טשענסטאָכאָוו.

אויסער דער געמיינזאַמער קולטור־אַרבעט, וואָס ווערט געפירט דורכן יידישן קאָמיטעט, אין וועלכן עס באַטייליקן זיך אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען, וואָס ווירקן צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אין טשענסטאָכאָוו, פירן אויך די באַזונדערע פּאַרטייען אַ געוויסע פּאָליטישע און קולטורעלע טעטיקייט צווישן זייערע מיטגלידער און סימפּאַטיקער.

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס האָבן איינגעאָרדנט צייטווייליקע „קיבוצים", וואו זיי האָבן צוגעגרייט יוגנטלעכע צום עמיגרירן קיין פּאַלעסטינע. די יידישע פּ.פּ.ר. האָט געפירט אַן אינטענסיווע דערציערישע און אויפקלערערישע אַרבעט הויפּטזעכלעך צווישן דער יידישער יוגנט. דער בונד האָט געהאַט אַ גרעסערן לאָקאַל אויף קאַטעדראַלנאַ גאַס, וואו ס'איז איינגעאָרדנט געוואָרן אָפטע פאָרלעזונגען און פאַרוויילונגען. דער בונד האָט אויך געגרינדעט און געפירט ביי זיך אין לאָקאַל אַ גרעסערע ביבליאָטעק אויפן נאָמען פון וו. מעדעם. דער בונד האָט אויך געפירט אַן אַרבעטער־רעסטאָראַן וואו אַלע פאַמיליענלאָזע מענטשן, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו פירן אַן אייגענעווירטשאַפט, האָבן פאַר אַ קליינעם אָפּצאָל באַקומען אויסהאַלטונג. צוויי מיטגלידער פון טשענסטאָכאָווער קאָמיטעט פון בונד זיינען געווען פאַרטראָטן אין צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד. זיין אינטענסיווע אַרבעט צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אין טשענסטאָכאָוו האָט דער בונד געפירט ביזן מאָמענט, ווען די אַרבעטער־פּאַרטייען אין פּוילן האָבן זיך פאַראייניקט.

ס'איז אַנטשטאַנען אין טשענסטאָכאָוו אַ יידישער ישוב, אַ קליינער ישוב מיט אַלע זיינע מעלות און חסרונות. די יידישע באַפעלקערונג אַרבעט, האַנדלט, מאַכט געשעפטן, בויט און אָרדנט זיך איין אַ לעבן.

די דאָזיקע אויבן־אויסגערעכנטע דערגרייכונגען האָבן יעדן אָנגעפילט מיט גלויבן, אַז דאָס לעבן פונעם קליינעם ניי־אַנטשטאַנענעם יידישן קיבוץ אין טשענסטאָכאָוו וועט וואָס ווייטער אַלץ מער באַקומען אַ געזונטן און נאָרמאַלן אויסזען. די סיטואַציע הייבט זיך אָבער אָן צו ענדערן. די אַקציעס פון די רעאַקציאָנערע פינצטערע כוחות אין לאַנד, דער פּסיכישער צושטאַנד פון די יידן גופא, ווי אויך די איינשטעלונג פון געוויסע פּאָליטישע ריכטונגען אויף דער יידישער גאַס, הייבן אָן ווירקן אין דער ריכטונג עס זאָל זיך אָנהייבן דער „עקזאָדוס" פון די יידן אין אונדזער שטאָט. דער ישוב אין טשענסטאָכאָוו הייבט אָן איינשרומפּן. עס ליקווידירן זיך געוועלבער, וואַרשטאַטן, קאָאָפּעראַטיוון און אַנדערע אַנשטאַלטן. די צאָל יידן ווערט פון טאָג צו טאָג קלענער. היינט צו טאָג געפינען זיך שוין אין טשענסטאָכאָוו בלויז אַן ערך 400 יידן.

ווי האָט זיך געשטאַלטעט די דאָזיקע איינשרומפּונג? אויף דעם וועלן מיר געפינען אַן ענטפער אין די פאָלגנדיקע ציפערן:

אָנהייב 1945 זיינען אַרויס פון די לאַגערן 5,194 יידן. פון דעם — טשענסטאָכאָווער — 2,578 און די רעשט — פון פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך אין פּוילן. ס'רוב נישט טשענסטאָכאָווער יידן האָבן זיך אין משך פון די ערשטע 3 חדשים אומגעקערט אין זייערע היים־שטעט. אין משך פון דער זעלבער צייט זיינען גרעסערע דייטשישע געביטן באַפרייט געוואָרן און פון די דאָרטיקע לאַגערן זיינען דעם 21טן מערץ, 1945, אָנגעקומען 1,195 באַפרייטע יידן, וואָס האָבן געשטאַמט פון פאַרשיידענע אייראָפּעאישע לענדער. אונגאַרישע — 490; טשעכישע — 410, רומענישע — 197; פראַנצייזישע — 30; האָלענדישע — 26; עסטרייכישע — 19; יוגאָסלאַווישע — 17; בעלגישע — 5 און גריכישע — 1. נאָך איניקע וואָכן זיין אין טשענסטאָכאָוו האָבן זיי זיך אומגעקערט אין זייערע היים־לענדער.

פון אַפּריל ביז יוני, 1945, זיינען פון פאַרשיידענע דייטשישע לאַגערן אָנגעקומען קיין טשענסטאָכאָוו 2,679 פּוילישע יידן; אין דעם — טשענסטאָכאָווער — 652; די 2,679 פּערזאָן זיינען באַשטאַנען פון 1,615 מענער און 1,064 פרויען. די יידישע באַפעלקערונג אין טשענסטאָכאָוו האָט שוין דאַמאָלט געציילט 6,143 נפשות, אין דעם — קינדער — 143. דער קינדער־באַשטאַנד איז געווען פאָלגנדיקער: 8 יתומים ביי פּאָליאַקן, 2 — אין פּוילישע יתומים־הייזער; 53 קיילעכדיקע יתומים, וואָס זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן אין יתומים־הויז; 38 — האַלב־יתומים; און 42 — ביי עלטערן. אין דעצעמבער, 1945, האָט דער ישוב שוין געציילט בלויז 2,051 נפשות; אין דעם קינדער און יתומים־הויז — 51; יוגנטלעכע פון 14 ביז 18 יאָר — 88, פון זיי האָבן 81 באַזוכט לער־אַנשטאַלטן.

אין דעצעמבער 1946 האָבן זיך אין טשענסטאָכאָוו שוין געפונען בלויז 1,235 יידישע נפשות, אין דעם — פרויען — 452; מענער — 783. פון דעם: קיילעכדיקע יתומים — 22; האַלב־יתומים — 15; און 15 פון אָרעמע עלטערן. די דאָזיקע קינדער האָבן זיך געפונען אין יתומים־הויז פון יידישן קאָמיטעט.

אַחוץ דעם האָבן זיך אין שטעטלעך ביי טשענסטאָכאָוו געפונען 69 יידן; פון דעם:

אין קלאָבוצק — 12 (מענער — 7, פרויען — 5);
אין קזשעפּיץ — 7 (מענער 3, פרויען 4);
אין וולאַשטשאָווע — 50 (מענער 33, פרויען 17).

פון די יידן אין טשענסטאָכאָוו גופא האָבן דאַמאָלט 132 געפירט אייגענע וואַרשטאַטן; 84 — וואַרשטאַט־אַרבעטער; 30 — קאָאָפּעראַטיוו־אַרבעטער; 24 פאַבריק־אַרבעטער; 247 — באַאַמטע אין מלוכהשע און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, פון וועלכע ס'זיינען געווען מענער — 212, פרויען — 35.

אין דעצעמבער 1947 זיינען שוין געווען אין טשענסטאָכאָוו בלויז 862 יידן. (מענער — 498; פרויען — 364).

אין דעם: קינדער ביז 14 יאָר — 121 (יינגלעך — 56, מיידלעך — 65).

אין די שטעטלעך אַרום טשענסטאָכאָוו זיינען אין דעצעמבער, 1947 געווען 49 יידן:

אין קלאָבוצק — 12 (מענער — 7, פרויען — 5);
אין קזשעפּיץ — 7 (מענער — 3; פרויען — 7);
אין וולאַשטשאָווע — 30 (מענער — 22; פרויען — 8).

פון דעצעמבער 1947 ביז דעצעמבער 1949 האָבן זיך 250 יידן איבערגעצויגן פון טשענסטאָכאָוו קיין נידערשלעזיען, לאָדזש און וואַרשע. אַזוי אַז אין טשענסטאָכאָוו זיינען דעמאָלט געבליבן

6112 יידן (מענער —318, פרויען — 294). די דערמאָנטע צאָל 612 האָט אָנגעהאַלטן ביזן יאָר 1953. אין די יאָרן 1953־1954, האָבן זיך אַרויסגעצויגן פון טשענסטאָכאָוו 208 יידן, פון וועלכע ס'רוב האָט זיך איינגעאָרדנט אין אַנדערע גרעסערע שטעט אין פוילן.

היינט צו טאָג ציילט דער יידישער ישוב אין טשענסטאָכאָוו 404 נפשות. דאָס רוב פון זיי איז באַשעפטיקט ביי פּראָדוקטיווער אַרבעט, אַריינרעכענענדיק אויך אַ געוויסע צאָל פרויען.

דער דאָזיקער קליינער יידישער קיבוץ פירט אויך אָן אינ־טענסיווע און שיין קולטור־לעבן, וואָס ווערט אָנגעפירט דורכן אָרטיקן קולטור־געזעלשאַפטלעכן פאַרבאַנד. צי דער דאָזיקער קליינער קיבוץ איז אַ געזונטער קרן פאַר אַ נייעם יידישן ישוב אין אונדזער היים־שטאָט וועט אונדז ווייזן די נאָענטסטע צו־קונפט.

וואַרשע, אויגוסט 1956.



דעלעגאַטן פון טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין פוילן, יוני, 1948, ביים מאַסן־קבר פון דאָקטוירים, דענטיסטן און אַנדערע פּראָפעסיאָנאַלן, אומגעקומענע, פורים, 1943



די מצבה נאָך זעקס יונגע העלדן, פּאַרטיזאַנען וואָס זיינען געפאַלן אין קאַמף מיט די נאַציס, מערץ, 1943. אויפן בילד — פרוי פלאַמענבאַום



די בריק איבערן טייך „וואַרטע", וואָס פירט צום אַריינגאַנג פון געוועזענעם יידישן שפּיטאָל. אין אויגוסט 1956



„די אַלטע ראַנדע" אין טשענסטאָכאָוו. אויגוסט 1956



יידישע קינדער שפּילן זיך אין קינדערגאָרטן נאָך דער באַפרייאונג אין די יאָרן 1946־47. די לערערין גוניאַ פעדערמאַן פירט אָן מיט דעם שפּיל



עטלעכע יידישע קינדער ביים מאַכן די לעקציעס אין „קינדער־הויז" נאָך דער באַפרייאונג אין די יאָרן 1946־47. אונטער דער אויפזיכט פון די לערערינס אַנאַ און גוניאַ פעדערמאַן און יאַדזיע ברענער

משה לעדערמאַן

# אַ בריוו פון איצטיקן טשענסטאָכאָוו *)

## (1954־1945)

משה לעדערמאַן שרייבט אונז:

„דער טשענסטאָכאָווער ישוב האָט פון יאָר 1945 ביז איצט, געהאַלטן אין איין איינשרומפּן.

פאָלגנדיקע טאַבעלע וועט אונדז געבן אַ בילד פון די דעמאָגראַפישע פאַרהעלטנישן פאַר די לעצטע דריי יאָר:

| יאָר | מענער | פרויען | קענדער און יוגנטלעכע |
|---|---|---|---|
| 1953 | 150 | 128 | 114 |
| 1955 | 141 | 118 | 145 |
| 1954 | 144 | 120 | 132 |

באַשעפטיגטע:

1) אין דער שווער־אינדוסטריע — — — — 18 מענער
2) אין קאָאָפּעראַטיוון — — — — — — — — 38 מענער
3) אין מלוכהשן האַנדל — — — — — — 16 מענער
4) פרייע פּראָפעסיעס — — — — — — — — 12 מענער
5) האַנטווערקער — — — — — — — — 24 מענער
6) אין פּריוואַטן האַנדל — — — — — — 24 מענער
7) (אין דעם אַרבעטנדיקע פרויען— — 26)
8) הויז־באַלעבאָסטעס — — — — — — — 92

דערוואַקסענע, וואָס אַרבעטן נישט זיינען אָדער זקנים, אָדער קראַנקע וואָס קענען נישט אַרבעטן.

„יידישע אַרבעטער צווישן זיי 3 פרויען האָבן באַקומען אויסצייכנונגען פאַר שיינער, פּראָדוקטיווער אַרבעט.

„גאַנץ אָפט קומט דאָס יידישע מלוכה־טעאַטער קיין טשענסטאָכאָוו מיט זייערע פאָרשטעלונגען, שפּילן אינעם שטאָטישן טעאַטער, וואָס איז איבערפולט נישט בלויז מיט יידישע צושויער נאָר מיט הונדערטער פּוילישע, וועלכע קומען געניסן פון דער קונסט און באַוואונדערן דעם הויכן קינסטלערישן ניוואָ פון די יידישע אַרטיסטן.

„דאָס קליינוואַרג באַזוכט מלוכהשע קינדערהיימען, די עלטערע קינדער און יוגנטלעכע לערנען זיך אין מיטל־שולן און אין הויך־שולן, וואו אייניקע האָבן באַקומען מלוכה־אויסצייכנונגען פאַר גוטע באַווייזן.

„די געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע אַרבעט פירן מיר אין אונדזער פּרעכטיקן פאָלקס קלוב, וואָס געפינט זיך אין געוועזענעם פּאַלאַץ פון די מאַרקאָוויטשיס אויף דער יאסנאגורסקאַגאַס נר. 36. דאָ קומען פאָר פאָרלעזונגען, קעסטל־אָוונטן, קאָנצערטן און פאַרווילונגען פאַר די קינדער און דערוואַקסענע, דאָ האָבן מיר אויך אַ קינדער־קלוב, וואו 40 קינדער געפינען זיך אונטערן אויפזיכט פון געניטע דערציער און לערנען זיך ריטמיק און באַרייכערן דאָס לעבעדיקע קינסטלערישע וואָרט.

„דער גרויסער גאָרטן אַרום אונדזער קלוב איז אַזוי איינגעאָרדנט, אַז ער זאָל קענען זומער־צייט דינען פאַר די קינדער אַלס שפּיל־פּלאַץ, וואו זיי געפינען זיך אונטער דער אויפזיכט פון זייערע מאַמעס.

„אין אונדזער קלוב געפינט זיך אויך אַ שאַך־ווינקל און אַ פינג־פּאָנג־זאַל.

„מיר פאַרמאָגן יערלעכע אַבאָנענטן פון פאַרלאַג „יידיש־בוך" אין אַ צאָל פון 60 און דער פּאַרטיי־אָרגאַן די „פאָלקס־שטימע" אין אַ צאָל פון 91. מחמת דעם וואָס מיר זיינען קליין אין צאָל און עס פעלט אונדז משפּחהדיקייט, האָט זיך ביי אונדז איינגעשטעלט אַ שיינע טראַדיציע פון צונויפקומען זיך אויף שכנים־פאַרזאַמלונגען אַמאָל אין דער, אָדער אַ צווייטער גאַס, און ביי אַ גלעזל טיי פאַרברענגען מיר אין אַ היימישער סביבה און מען רעדט זיך דורך וועגן שטייגער לעבן, וועגן אַקטועלע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען. מען דערמאָנט זיך צום סוף פון אַזאַ צוזאַמענטרעף אין די אַמאָליקע יאָרן, און מען זינגט רעוואָלוציאָנערע און יידישע פאָלקס לידער..."

---

*) מיר גיבן דאָ אויסצוגן פון אַ בריוו, וואָס איז צו אונדז אין רעדאַקציע אָנגעקומען מיט די רעכט צו פאַרעפנטלעכן. דער בריוו איז געשריבן פון משה לעדערמאַן, אין טשענסטאָכאָוו, דעם 23סטן פעברואַר, 1956.

מיר גיבן דאָ בלויז אויסצוגן פון דעם בריוו, ווייל אַ סך פון דעם וואָס לעדערמאַן שרייבט אונדז ווערן אויספירלעכער שוין באַהאַנדלט פון אונדזער מיטאַרבעטער ל. ברענער.

רעדנדיק וועגן דעם קליינוואַרג, „עלטערע קינדער און יוגנטלעכע", וואָס באַזוכן „מלוכהשע קינדער־היימען, מיטלשולן און הויך־שולן", פאַרפעלט אונדז אָבער לעדערמאַן צו דערמאָנען, ראשית, די צאָל פון די קינדער און יוגנטלעכע, וואָס באַזוכן די שולן, און, שנית, צי אין די דאָזיקע שולן ווערן אויך געלערנט יידישע לימודים.

**רעדאַקציע.**

רפאל פעדערמאַן

# דער „בונד" אין טשענסטאָכאָוו אין די יאָרן נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה

1



אין איצטיקן בוך „טשענסטאָכאָוו" ווערט פאַרענדיקט די מאָנאָגראַפיע פון דער שטאָט טשענסטאָכאָוו, וואָס איר אַנטשטייאונג דאַטירט זיך פון יאָר 1760. די מחברים: ליבער ברענער און בנימין אָרענשטיין, מאַכן אין דעם דאָזיקן בוך דעם סך־הכל פון קרוב צו דריי הונדערט יאָר יידיש לעבן אין טשענסטאָכאָוו, וואָס צאַנקט איצט און האַלט אין גאַנצן אין פאַרשווינדן.

אויף מיין ביטערן גורל קומט אויס צו באַשרייבן די לעצטע בלעטלעך פון אַ באַוועגונג, וואָס האָט אַקטיוו מיטגעווירקט צו דער אַנטוויקלונג און באַפעסטיקונג פון אַ יידישן ישוב, אין אַ שטאָט, וואָס האָט געציילט, ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, אַן ערך איבער דרייסיק טויזנט נפשות.

די ערשטע שפּראָצונגען פון אַ יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין טשענסטאָכאָוו האָבן זיך באַוויזן אין יאָר 1902. צווישן אַנדערע יידישע פּאַרטייען וואָס האָבן אָנגעהויבן ווירקן אין יידישן לעבן האָט זיך אין טשענסטאָכאָוו אין דעם זעלבן יאָר, אויך באַוויזן אויף דער פּאָליטישער אַרענע דער „בונד".

וועגן דער טעטיקייט, ווירקונג, לעבן און קאַמף פון „בונד", זיינע בויער און קעמפער פון יאָר 1902, ביז נאָכן חורבן פּוילן, וועט דער צוקונפטיקער היסטאָריקער געפינען אויספירלעכע באַשרייבונגען אין בוך „טשענסטאָכאָווער יידן", אַרויסגעגעבן פון פּאַראייניקטן טשענסטאָכאָווער רעליף־קאָמיטעט און ליידיס אַקזילערי אין ניו־יאָרק, אין יאָר 1947, אונטער דער רעדאַקציע פון ד״ר רפאל מאהלער, אלקנה כראַבאַלאָווסקי, רפאל פעדערמאַן, אַבאַ קויפמאַן און וואָלף גליקסמאַן. וועגן דער אַנטשטייאונג פון „בונד" אין טשענסטאָכאָוו, זיין פּאָליטישע טעטיקייט אין דער יידיש־פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, האָט אויספירלעך געשריבן י. ש. הערץ. וועגן דער יידישער פּרעסע אין טשענסטאָכאָוו, די יידישע אַרבעטער־קינדער־היימען, א״ב פון י. ל. פּרץ, און דער ספּאָרט־באַוועגונג — האָבן געשריבן חוה וואַגאַ־ראַטמאַן, א. כראַבאַלאָווסקי און ר. פעדערמאַן. פאַראַן אין בוך „טשענסטאָכאָווער יידן" אַ שלל מיט אַרטיקלען וועגן דער ראָל וואָס דער „בונד" און זיינע מיטגלידער, האָבן געשפּילט אין דער באַרימטער טשענסטאָכאָווער „ליטעראַרישער געזעלשאַפט", אין דער „לירא" און אין די טשענסטאָכאָווער יידישע קאָאָפּעראַטיוון, — געשריבן פון א. כראַבאַלאָווסקי און פּ. שמולעוויטש. אויך אין די אַרטיקלען „יידיש טעאַטער אין טשענסטאָכאָוו", געשריבן פון וו. גליקסמאַן, א. כראַבאַלאָווסקי און ר. פעדערמאַן, ווערט מען געוואויר פון דער ווירקונג פון „בונד" פאַרן בעסערן יידישן וואָרט בכלל, און בפרט וועגן דעם קאַמף וואָס די בונדיסטן אין טשענסטאָכאָוו האָבן כסדר געפירט מיט די אַסימילאַטאָרן אין שטאָט אין די פראַגן פון יידיש און יידישער קולטור. אַ בילד פון דער יידישער טשענסטאָכאָוו, און די ראָל פון „בונד" אין שטאָט וועט דער לייענער, גלויבן מיר, אויך קענען געפינען אין די „זכרונות פון מיין לעבן", געשריבן פון דעם שרייבער פון די שורות. דאָס זעלבע אין די אַרטיקלען פון ל. ברענער און מ. קושניר.

פון די אַלע אויבנדערמאָנטע אַרטיקלען און געשיכטלעכע אָפּהאַנדלונגען דערזעט מען דעם „בונד" און זיינע אַקטיווע מיטגלידער, ווי אַ לייכטנדיקן טורעם אין דעם טשענסטאָכאָווער יידישן ישוב. דער דאָזיקער לעבעדיקער יידישער ישוב איז צו אַלעמענס גרויסן אומגליק, צוזאַמען מיט אַלע פּאַרצווייגטע יידישע ישובים אין פּוילן, אַכזריותדיק אומגעבראַכט געוואָרן, אָפּגעווישט געוואָרן, פיזיש און גייסטיק, דורך דעם פינצטערן היטלעריזם, אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

די מאָנאָגראַפיע פון „בונד" אין טשענסטאָכאָוו וועט אָבער נישט זיין פולקאָם ווען מיר וועלן אויך נישט געבן אַ בילד פון „בונד" אין טשענסטאָכאָוו און זיינע טעטיקייטן, גלייך ווי נאָר די שטאָט איז באַפרייט געוואָרן פון די היטלעריסטישע חיהשע נעגל, און וואָס איז שפּעטער, צום גרויסן אומגליק, אויפדאַסניי דורך דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי דערמאָרדעט געוואָרן.

2

לאָמיר דערמאָנען די היסטאָרישע טעג פון 16טן און 17טן יאַנואַר, 1945, ווען פון די היטלעריסטישע שקלאַפן־לאַגערן אין טשענסטאָכאָוו, פון די „האַסאַג"־פעלדער, „ראַקאָוו" און „וואַרטאַ", — אין וועלכע עס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַמוניציע פאַר דער דייטשישער אַרמיי, האָבן 5200 יידן דערזען די פרייע

ליכטיקע שיין! אַרום 80 פּראָצענט פון די באַפרייטע יידן זיינען נישט געווען קיין טשענסטאָכאָווער איינוואוינער. דאָס זיינען געווען יידן וואָס מען האָט פאַרשלעפּט צו דער שקלאַפן־אַרבעט אין די אויבנדערמאָנטע פאַבריקן און טויטן־לאַגערן.

דריי טעג נאָך דעם ווי די דייטשן זיינען פאַרטריבן געוואָרן פון טשענסטאָכאָוו האָבן זיך באַגעגנט די חברים ליבער ברענער, י. קרויזע, הערשל פּראָזער און עליאַש שטייניץ, וועלכע זיינען געווען טעטיק אין דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע פון „בונד", און אָפּגעהאַלטן אַ באַראַטונג מיטן צוועק אויפצולעבן די בונדישע אָרגאַניזאַציע אין שטאָט. נאָכן אַרויסהענגען אַ מעלדונג אינם לאָקאַל פון יידישן קאָמיטעט, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין אָרגאַניזירן, אַז אַלע בונדיסטן, וואָס געפינען זיך אין שטאָט זאָלן זיך ווענדן צו די אויבנדערמאָנטע חברים, האָבן זיך, אין אַ קורצער צייט אַרום, געמאָלדן נאָך 15 בונדיסטן.

די ערשטע פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אין דער וואוינונג פון די חברים קרויזע און עליאַש שטייניץ.

עס איז געשאַפן געוואָרן אַ פּאַרטיי־קאָמיטעט, וואָס איז באַשטאַנען פון די אויבנדערמאָנטע אַלטע בונדישע טוער. די חברים האָבן זיך אַרויסגעלאָזט איבער די גאַסן, זיינען אַוועק אין די קאָלעקטיווע דירות, וואו עס האָבן, צוליב די ספּעציפישע באַדינגונגען, באַזונדערס צוליב זיכערקייט־מאָטיוון, געוואוינט די באַפרייטע יידן, און דאָרטן אויפגעזוכט בונדיסטן און סימפּאַטיקער פון „בונד". כאָטש די מלחמה־אָפּעראַציעס זיינען נאָך אָנגעגאַנגען און די שטאָט איז עטלעכע מאָל באָמבאַרדירט געוואָרן דורך די דייטשן, האָבן די דאָזיקע חברים נישט אָפּגעשטעלט זייער אַרבעט.

אין יענע טעג איז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן זיך אין עטלעכע הייזער. ס'זיינען צוליב דעם באַזעצט געוואָרן די הייזער וואַלנאָשטשי 19, און וואַשינגטאָנאַ 8. אין הויז פון וואַלנאָשטשי 19, האָבן געוואוינט די חברים הערשל פּראָזער, יוסף קרויזע, י. יאַקובאָוויטש און עליאַש שטייניץ. דאָרטן איז אויך געפונען געוואָרן אַ היפּש ביסל געווער, וואָס איז זייער צונוץ געקומען אין דער באַוואָפענונג. שפּעטער איז אַ טייל פון געווער איבערגעשיקט געוואָרן קיין וואַרשע, פאַרן בונדישן געווער־מאַגאַזין, דורך חבר מאַרעק עדעלמאַן, וואָס איז דאַמאָלט, אין יענע טעג, געקומען ווי אַ פאָרשטייער פון באַנייטן בונדישן צענטראַל־קאָמיטעט אין וואַרשע. אין הויז אויף וואַשינגטאָנאַ 8, האָבן געוואוינט די חברים: ליבער ברענער און אַ צאָל אַנדערע בונדיסטן.

די ווייטערדיקע באַראַטונגען וועגן באַנייען אַן אָרגאַניזירטע בונדישע אַקטיוויטעט איז טאַקע פאָרגעקומען אין דער וואוינונג פון ליבער ברענער. ס'איז אויך דאַמאָלט באַשלאָסן געוואָרן זיך צו ווענדן צו דער פּ.פּ.ס., וואָס האָט אונטער דער אָנפירונג פון די חברים: אַליאַזי גראָקעוויטש, סטאַנקיעוויטש און יוזעף קאַזשימיערטשאַק, געהאָלפן מיט וואָס נאָר די פּ.פּ.ס. האָט געקענט.

אַזוי האָט דער חבר א. דאָמבראָווסקי, וואָס איז געווען אין ערשטן באַנייטן שטאָטישן מאַגיסטראַט, אַרויסגעגעבן, דורך דער אינטערווענץ, ברויט און די ערשטע מילך־צעטיילונג פאַר דער יידישער באַפעלקערונג, ווי אויך ספּעציעלע הילף פאַר די געראַטעוועטע קינדער אין שטאָט.

אין יענע טעג איז געקומען קיין טשענסטאָכאָוו דער חבר יצחק סאַמסאָנאָוויטש, ווי אַ פאָרשטייער פון פּוילישן אינערן־מיניסטעריום. אויך חבר ד"ר ש. הערשענהאָרן, וואָס איז אין יענער צייט געווען אַ מאַיאָר פון פּוילישן מיליטער, איז געקומען ווי אַ פאָרשטייער פון דער צייטווייליקער רעגירונג. חבר הערשהאָרן האָט אָנטייל גענומען אין די באַראַטונגען.

דער קאָנטאַקט מיטן פּ.פּ.ס.־אישן מאַגיסטראַט איז געווען דורך דעם חבר פּראָזער, וואָס האָט אויסגעווירקט די הילף פאַר די אָפּגעראַטעוועטע יידן.

נישט האָבנדיק קיין אַנונג וועגן אַ יידישן קאָמיטעט אין צענטראַלן מאַסשטאַב, האָבן די חברים אַרויסגערוקט דעם געדאַנק וועגן שאַפן אַ באַזונדערן יידישן קאָמיטעט פון די טשענסטאָכאָווער יידן. אַזאַ קאָמיטעט איז טאַקע געשאַפן געוואָרן דורך אַלע פּאַרטייען. די פאָרשטייער אינעם קאָמיטעט זיינען דעמאָלט געווען די חברים: ליבער ברענער, זאַנוול וועקשטיין און הערשל פּראָזער. שפּעטער איז אויך געקומען משה לעדערמאַן.

דעמאָלט איז אויך געשאַפן געוואָרן דער יידישער בעקער־קאָאָפּעראַטיוו, וואָס איז באַשטאַנען פון בונדיסטן.

מיטן צוריקקומען פון די חברים, וואָס האָבן זיך געפונען אין די דייטשישע לאַגערן, איז די בונדישע גרופּע שוין באַשטאַנען פון עטלעכע און פערציק חברים. צווישן זיי מאָטל און ריוועטשע קושניר, משה לעדערמאַן, בצלאל אַלטמאַן, אייזיק בערקענשטאַט א"אַנד.

די בונדישע אָרגאַניזאַציע איז זיך צעוואַקסן אַזוי, אַז זי האָט געהאַט רעכט צו שיקן, אין יאָר 1945, צו דער ערשטער לאַנד־באַראַטונג פון די בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין לאָדזש, 5 דעלעגאַטן. דאָס זיינען געווען די חברים. ל. ברענער, ע. שטייניץ, ה. פּראָזער, קרויזע און לייבל בערגמאַן. אויף יענער לאַנד־באַראַטונג פון „בונד" איז באַשלאָסן געוואָרן די ווייטערדיקע טעטיקייט פון „בונד" אין פּוילן נאָך דער מלחמה, ווי אַ זעלבסטשטענדיקע, יידישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי. אין הסכם מיט דעם איז באַשלאָסן געוואָרן צו דינגען אַן אייגענעם פּאַרטיי־לאָקאַל, וואָס איז געווען דאָס גרעסטע „פּאַרטיי־הויז" אין שטאָט, און וואָס האָט זיך געפונען אויף סטראַזשאַצקאַ גאַס.

צו דער דערעפענונג פון לאָקאַל איז געקומען, ווי אַ פאָרשטייער פון „בונד", דער חבר דוד קלין. חבר קלין וואָס איז געווען אַ מאַיאָר אין דער פּוילישער אַרמיי.

דער „בונד" האָט אויך געגעבן די איניציאַטיוו צו שאַפן די קאָאָפּעראַטיוון פון שוסטער און שניידער, פון וועלכע די חברים לעדערמאַן, פּראָזער און פייוויש קאָוואַלסקי זיינען געוואָרן די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער.

3

די גאַנצע צייט זינט טשענסטאָכאָוו איז באַפרייט געוואָרן האָט דער „בונד" געפירט אַן אינטענסיווע טעטיקייט. דער 48טער יובל פון „בונד" איז געפייערט געוואָרן אין יאָר 1945, דער גאַסט־רעדנער איז געווען דער ח' פּודלאָווסקי. באַזונדערס האָט זיך די אַרבעט אויסגעברייטערט זינט דער „בונד" האָט געעפנט דעם פּאַרטיי־קלוב און דעם אַרבעטער־רעסטאָראַן.

דער לאָקאַל איז טאָג־טעגלעך באַזוכט געוואָרן פון העכער הונדערט יידן. די דאָזיקע יידן האָבן דאָ באַקומען, פאַר אַ ביליקן פּרייז, אַ געשמאַקן מיטאָג ביי ריין־סערווירטע טישן אין אַ היימישער סביבה, ביי ראַדיאָ־מוזיק. אויף די ווענט זיינען גע־

האַנגען גרויסע פּאָרטרעטן פון בונדישע פירער. אויף די טישן פון אַנדערע צימערן — די טעגלעכע פּרעסע און אַקטועלע בראָשורן.

יעדן זונטיק איז דורכגעפירט געוואָרן, געמיינזאַם מיטן יידישן קרייז פון פּ.פּ.ר. (קאָמוניסטן) — קולטורעלע אימפּרעזעס, וואָס זיינען באַזוכט געוואָרן פון הונדערטער יידן. דער זאַל איז שטענדיק געווען איבערגעפּולט מיט יידן, וואָס האָבן געהאַט אַן אינטערעס אויפצוהאַלטן און צו שטיצן די קולטור־טעטיקייט אין דער יידישער שפּראַך. נאָך די פאָרלעזונגען זיינען פאָרגעקומען רעציטאַציעס, און צייטנווייז אָפטע דיסקוסיעס איבער די רעפעראַטן. אין איינער פון די אימפּרעזעס, דעם 20טן יאַנואַר 1946, האָט אויך אָנטיילגענומען דער חבר דוד קלין, וואָס האָט דאַן געשילדערט זיינע רייזע־איינדרוקן פון לאָנדאָן און פּאַריז.

די בונדישע אָרגאַניזאַציע איז אויך געווען אין קאָנטאַקט מיט חברים בונדיסטן אין אַמעריקע, וואָס זיינען אַמאָל, יאָרן־לאַנג, געווען פאַרבונדן מיט דער בונדישער באַוועגונג אין טשענסטאָכאָוו. באַזונדערס האָט די טשענסטאָכאָווער בונדישע אָרגאַניזאַציע אָנגעהאַלטן אַן ענגן קאָנטאַקט מיט דעם שרייבער פון די שורות, דעם פאַרטרעטער פון טשענסטאָכאָווער רעליף קאָמיטעט אין ניו־יאָרק. איך האָב מיט אַלע מיינע כוחות, צוזאַמען מיט אַנדערע בונדיסטן אין אַמעריקע, געטאָן אַלץ וואָס איז נאָר מעגלעך געווען, אַז די יידן אין טשענסטאָכאָוו זאָלן צוריק אָנהייבן אַ ניי, נאָרמאַל לעבן אויף געזונטע יסודות.

די וואַל־קאַמפּאַניע צום סיים איז אין טשענסטאָכאָוו, אין יאָר 1946, געפירט געוואָרן געמיינזאַם מיט אַלע דריי ריכטונגען וואָס זיינען געווען פאַרטראָטן אין יידישן קאָמיטעט. אויסער דעם האָט דער „בונד" מיט דער יידישער גרופּע פון פּ.פּ.ר. איינגעאָרדנט געמיינזאַמע קולטור־אונטערנעמונגען, וואָס זיינען אויך אויסגענוצט געוואָרן פאַר דער וואַל־קאַמפּאַניע.

אַזוי איז סוף אַפּריל, 1946, איינגעאָרדנט געוואָרן אַ גרויסע פּרץ־אַקאַדעמיע דורכן יידישן קאָמיטעט, אויף וועלכער חבר ל. ברענער איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ גרויסן רעפעראַט וועגן פּרצן, און חבר לעדערמאַן האָט פאָרגעלייענט אייניקע שאַפונגען פון פּרצן.

אין יאָר 1946, אין חודש אָקטאָבער, איז געפייערט געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו דער יובל פון 49 יאָר „בונד". דער גאַסט־רעדנער איז געווען דער ח' פאלק. עס איז פאָרגעזעצט געוואָרן אַ לעבהאַפטע קולטור און אויפקלערונג־אַרבעט. יעדע וואָך זיינען פאָרגעקומען אין אייגענעם לאָקאַל פאָרלעזונגען, קעסטל־אָוונטן, שמועסן און פּאַרטיי־קלובן אויף פאַרשידענע טעמעס. אַזוי איז פאָרגעקומען אַ קאָלעקטיווע פאָרלעזונג מיט דיסקוסיעס אויף דער טעמע: „יידישע פּראָבלעמען אין דער היינטיקער ווירקלעכקייט". די רעפעראַטן זיינען געהאַלטן געוואָרן דורך די חברים משה לעדערמאַן און ליבער ברענער, וואָס זיינען וואַרעם אויפגענומען געוואָרן דורכן פאַרזאַמלטן עולם.

די בונדיסטן אין טשענסטאָכאָוו האָבן איצט, נאָך דער באַפרייאונג, ווייטער פאָרגעזעצט די בונדישע טראַדיציע, און גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אויף אַלע געביטן פון פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. זיי זיינען געווען פאַרטראָטן אין יידישן ראַיאָן־קאָמיטעט, וואו ח' ל. ברענער איז געווען פאָרזיצער. דער ח' משה לעדערמאַן האָט פאַרוואַלטעט מיטן קינדער־הויז, וואָס איז געווען די שענסטע אינסטיטוציע אין שטאָט.

נישט קוקנדיק אויף דער שווערער פינאַנציעלער לאַגע אין וועלכער דער יידישער קאָמיטעט האָט זיך געפונען, האָט דער ח' משה לעדערמאַן אויסגענוצט אַלע מיטלען צו באַקומען מאַטעריעלע הילף, כדי די קינדער זאָל גאָרנישט פעלן.

4

זונטיק, דעם 23טן יוני, 1946, איז אויפן פּיאָטראָקאָווער בית־עולם פאָרגעקומען די אַנטהילונג פון אַ דענקמאָל פאַר די אומגעקומענע מאַרטירער־חברים: פּיניע גוטקעוויטש און דוד ניסענהאָלץ. די קברים געפינען זיך צוזאַמען. דער חבר האָראָוויטש האָט אויסגעפּאַרטיקט די מצבה, און האָט אויך איינגעמויערט אַן אָנדענק־טאָוול פון די חברים יאַקאָב בערלינער, זלמן טענענבערג, א. טשענסטאָכאָווער, אברהם ווייסהאָף, זלמן סטאַשעווסקי, שמואל זייטן, אברהם ווייסער, יחיאל קזשאַק, איטשע ברענער, איטשע זויער, תנבה מיט זיין פרוי, לעאָן קימעלמאַן מיט זיין פרוי, יחיאל פיש, אסתר וואָלפשטיין, בעריש ראָזנבערג, הערשל ניסענהאָלץ, שאַיע און משה אַדלער. די אויבנדערמאָנטע חברים זיינען געווען טריי דעם בונדישן אַקטיוו ביז צו דער מלחמה און אין צייט פון קריג. אייניקע פון זיי זיינען געווען די אָנפירער פון דער בונדישער אונטערערדישער באַוועגונג אין פּיעטריקאָוו. זיי זיינען אַרעסטירט געוואָרן אין צוזאַמענהאַנג מיטן באַרימטן דורכפאַל פון די טשענסטאָכאָווער חברים, פאַרשפּרייטנדיק אומלעגאַלע אויפרופן קעגן דייטשישן אָקופּאַנט. זיי זיינען אָפּגעפירט געוואָרן קיין אָשוויענטשים און דאָרטן זיינען זיי דורך די דייטשן דערמאָרדערט געוואָרן. דעם דענקמאָל האָט אַנטהילט דער פאָרזיצער פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע ח' אהרן האָראָוויטש. דעם טשענסטאָכאָווער בונדישן קאָמיטעט האָט פאַרטראָטן דער אַלטער לעבן־איבערגעבליבענער פון לאָדזשער געטאָ, דער חבר משה לעדערמאַן, וואָס האָט געהאַלטן די טרויער־רעדע.

אָפט זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן פּאַרטיי־פאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע ס'איז באַהאַנדלט געוואָרן אַקטועלע, פּאַרטייאישע, פּאָליטישע, ווי אויך געזעלשאַפטלעכע ענינים.

אויף דער פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג וואָס איז פאָרגעקומען אין יאַנואַר 1947, איז דערווײלט געוואָרן אַ נייער פּאַרטיי־קאָמיטעט. די פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג האָט אויסגעדריקט צוטרוי און אַנערקענונג די חברים פון אָפּטרעטנדיקן קאָמיטעט פאַר זייער אַרבעט און קאָנספּיראַציע אין משך פון די טרויעריקע מלחמה־יאָרן, און פאַר דער אינטענסיווער טעטיקייט פונעם קאָמיטעט, אין משך פון דעם ערשטן יאָר נאָך דער באַפרייאונג.

בכלל איז דער „בונד" אין טשענסטאָכאָוו געווען זייער אַקטיוו אינעם לעבן פון דעם קליינעם יידישן ישוב. יעדע וואָך זיינען פאָרגעקומען פאָרלעזונגען אויף ליטעראַרישע טעמעס פאַר אַלע יידן אין שטאָט. דעם 26טן יאַנואַר 1947, איז פאָרגעקומען אַ פאָרלעזונג פון חבר י. צעלעמענסקי, פון פּאַריז, אויף דער טעמע: „די לאַגע פון די יידן אין מערב־אייראָפּע". שבת דעם 1טן פעברואַר 1947 איז פאָרגעקומען אַ פאָרלעזונג פון חבר יצחק סאַמסאָנאָוויטש, (וועלכער איז געווען אַ מיטגליד פון צ. ק. פון אונטערערדישן „בונד"), אין דער פּוילישער שפּראַך אויף דער טעמע „פאַר אונדזער און זייער פרייהייט". עס זיינען צו דער פאָרלעזונג געקומען אַ גרויסע צאָל פּוילישע אַרבעטער. דער רעדנער האָט זיך אַממערסטן אָפּגעשטעלט אין זיין רעפעראַט אויף

דער טעטיקייט פפונעם אונטערערדישן „בונד", אונטער דער נאַצישער אָקופּאַציע.

אַ גרויסן אינטערעס האָבן אַרויסגערופן צווישן די טשענסטאָכאָווער יידן די פאָרגעלייענטע לעבעדיקע צייטונגען. די פאָרלעזונגען, די קולטורעלע אימפּרעזעס זיינען געווען די איינציקע קולטור־אונטערנעמונגען, וואָס זיינען בכלל פאָרגעקומען אין שטאָט.

אַ שטאַרקן איינדרוק האָט געמאַכט דער אָוונט מיט דער באַטייליקונג פון באַקאַנטן אַרטיסט שמואליק׳ל גאָלדשטיין. דער אָוונט איז געפירט געוואָרן דורכן חבר ל. ברענער. דער חבר בוים (פּ.פּ.ר.) האָט גערעדט וועגן דער באַדייטונג פון די וואַלן בפרט פאַר די יידן. דעם 8טן מערץ, 1947, איז פאָרגעקומען אַ גרויסע פאַרזאַמלונג וועגן 8טן צוזאַמענפאָר פון „בונד" אין פוילן. אונטערן פאָרזיץ פון חבר לעדערמאַן איז אויך איינגעאָרדנט געוואָרן געמיינזאַם מיט די פּ. פּ. ר. אַן ענלעכער אָוונט, אויף וועלכן דער חבר שמואל פראַנק האָט פאָרגעלייענט זיינע אַרטיקלען.

אין די טעג פון 21סטן, 22סטן און 23סטן פעברואַר, 1947, איז אין וראָצלאַוו פאָרגעקומען דער צווייטער צוזאַמענפאָר פון „בונד", זינט דער באַפרייאונג פון דער דייטשישער אָקופּאַציע. די דערוויילטע דעלעגאַטן פון דער טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציע פון „בונד" צום צווייטן צוזאַמענפאָר זיינען געווען די פאָלגנדע חברים: מ. קושניר, מ. לעדערמאַן, סאַמסאָנאָוויטש (גלאָס בונדו) און ל. ברענער. ל. ברענער איז אויסגעוויילט געוואָרן אינעם נייעם צענטראַל־קאָמיטעט פון אַלפּוילישן „בונד". אַלס פאַרטרעטער איז אויסגעוויילט געוואָרן: מ. לעדערמאַן.

אויף דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג האָבן די חברים זיך געזעגנט מיטן חבר אַבראַם סטאָלאַר, וואָס איז דאַמאָלט געקומען אַלס גאַסט־פאָרשטייער פון „בונד" אין ניו־יאָרק.

דעם 16טן מערץ, 1947, איז פאָרגעקומען אַ פּראָטעסט־מיטינג אין שייכות מיטן אויסנאַם צושטאַנד אין ארץ־ישראל. דעם מיטינג האָט גערופן דער יידישער קאָמיטעט. אין נאָמען פון „בונד" איז אַרויסגעטראָטן ח׳ משה לעדערמאַן, וועלכער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דער שווערער לאַגע אין וועלכער דער יידישער ישוב אין ארץ ישראל געפינט זיך. באַזונדערס האָט דער חבר מ. לעדערמאַן דערמאָנט די פּראָוואָקירנדיקע אַקטן פון „אירגון", וואָס גיסט אויל אויפן פייער פון ענגלישן אימפּעריאַליזם. עס איז אָנגענומען געוואָרן אַ געהעריקע רעזאָלוציע, וואָס עס האָט פאָרגעשלאָגן דער פאָרזיצער פונעם מיטינג, חבר ליבער ברענער.

שוין דעם 30טן אַפּריל, 1947, איז פאָרגעקומען אַן ערשטער מאַי אַקאַדעמיע פון אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען (פּ. פּ. ס., „בונד", „סטראָניצטוואָ דעמאָקראַטיטשנע" און „סטראָניצטוואָ לודאָווע"). צו דער אַקאַדעמיע איז איינגעלאַדן געוואָרן די בונדישע אָרגאַניזאַציע צו פאַרטרעטן די יידישע אַרבעטערשאַפט אין שטאָט. אין נאָמען פון „בונד" איז אַרויסגעטראָטן דער חבר קושניר.

צום ערשטן מאַי, 1947, האָט דער קאָמיטעט פפון „בונד" אין טשענסטאָכאָוו פונאַנדערגעקלעפּט אילוסטרירטע פּלאַקאַטן. די פענער פון דער פּ.פּ.ס., פּ.פּ.ר. און „בונד" זיינען געטראָגן געוואָרן אין אָנהייב פון צוג. אין פּרעזידיום איז געווען פאַרטראָטן אין נאָמען פון „בונד" חבר ל. ברענער. די די דעמאָנסטראַציע, אין וועלכער עס האָבן מאַרשירט אונטער בונדישע פענער כמעט אַלע אַרבעטנדיקע יידן אין דער שטאָט, און סיי די אַקאַדעמיע, האָבן אַרויסגערופן אַ יום־טובדיקע באַגייסטערונג ביי אַלעמען.

אין יענעם ערשטן מאַי האָט דער „בונד" מאַרשירט אינעם אַלגעמיינעם פּראָלעטאַרישן צוג. בראש פון צוג זיינען געטראָגן געוואָרן די פענער פון די פּאָוויאַטאָווע קאָמיטעטן און פון די שטאָטישע קאָמיטעטן, פון די פּאַרטייען פּ.פּ.ס. פּ.פּ.ר. און פון „בונד". אין דער דעמאָנסטראַציע האָבן זיך באַטייליקט אַן ערך פופציק טויזנט מאַן.

אין אָוונט איז אין בונדישן פּאַרטיי־לאָקאַל איינגעאָרדנט געוואָרן אַן אַקאַדעמיע צוזאַמען מיט דער יידישער גרופּע פון פּ.פּ.ר. אין דעם קאָנצערט טייל האָט זיך באַטייליקט דער מיליטערישער אָרקעסטער פון 6טן פּיעכאָטע פּולק.

דעם 20סטן פון זעלבן חודש איז פאָרגעקומען אַ פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע. ח׳ לעדערמאַן האָט אָפּגעגעבן אַ באַריכט פון דער לעצטער פּלענאַרער זיצונג פון צענטראַלן קאָמיטעט, און געלייענט די רעזאָלוציעס וואָס דער צ.ק. האָט אָנגענומען, סיי וועגן דער פּאָליטישער סיטואַציע, סיי וועגן די פאָרשטייענדיקע פייערונגען. נאָך די פּראַקטישע פאָרשלאָגן וועגן דער אָרטיקער פייערונג האָט די פאַרזאַמלונג באַשלאָסן צו נעמען צו קענטעניש די רעזאָלוציע און די באַשלוסן. אויפן אָרט האָבן אַ טייל חברים גלייך איינגעצאָלט דעם טאָג־לוין אויפן 50סטן יובל־פאָנד פונעם „בונד". די צוגרייטונג צו דער 50יאָריקער יובל־פייערונג פון „בונד" איז אין פולן גאַנג. ביזן 15טן נאָוועמבער האָט די אָרגאַניזאַציע אַריינגעטראָגן 3,815 זלאָטעס.

דעם 25טן אָקטאָבער, 1947 (אַ טאָג נאָך יום־כיפּור), איז אויסגעפאַלן דער יאָר־טאָג נאָכן ליקווידירן, דורך די היטלער באַנדיטן, דעם טשענסטאָכאָווער יידישן ישוב פון 40 טויזנט נפשות. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם האָט דער יידישער קאָמיטעט גערופן די יידישע באַפעלקערונג צו באַערן די אומגעקומענע דורך צונויפקומען זיך אויפן טשענסטאָכאָווער בית־עולם. עס זיינען זיך צוזאַמענגעקומען אַ פּאָר הונדערט מענטשן, וועלכע האָבן געלייגט בלומען און קרענץ אויף די מאַסן־קברים פון די אומגעקומענע קדושים און מאַרטירער אין טשענסטאָכאָוו.

דעם זעלבן טאָג, 5 נאָכמיטאָג, איז פאָרגעקומען אַ טרויער־אַקאַדעמיע אין איינעם פון די זאַלן אין טשענסטאָכאָוו, וואו עס איז זיך צונויפגעקומען אַ גרעסערער עולם. עס זיינען געווען פאַרטראָטן דער שטאָט־פּרעזידענט און די וויצע־פּרעזידענטן, פאָרזיצער פון דער „ראַדאַ נאַראָדאָוואַ", פאָרשטייער פון געריכט, מיליטער־פּראָקוראַטור, די פּרעסע, און אַ סך אַנדערע. עס זיינען געהאַלטן געוואָרן רעדעס וועגן אומקום פון יידישן ישוב אין שטאָט און וועגן די וויטערדיקע צילן. אין נאָמען פון יידישן קאָמיטעט איז אַרויסגעטראָטן אונדזער חבר. ל. ברענער.

דעם 15טן אָקטאָבער 1947 איז אין זאַל פון שטאָטישן טעאַטער פאָרגעקומען די 50־יאָריקע יובל־פייערונג פון „בונד". די סצענע איז געווען הערלעך דעקאָרירט. חבר קושניר עפנט די אַקאַדעמיע ביי אַ פול־געפּאַקטן זאַל און באַגריסט די אָנוועזנדיקע פאָרשטייער פון דער מאַכט, פּאָליטישע פּאַרטייען און געסט. ער לאַדט איין אין דעם פּרעזידיום דעם שטאָט־פּרעזידענט, דעם פּרעזעס פון שטאָטישן נאַציאָנאַלן ראַט, דעם פאָרשטייער פון צ.ק. פון „בונד" — ח׳ הורוויטש, פּ.פּ.ס., פּ.פּ.ר.,

פון יידישן קאָמיטעט, אַלגעמיינע פּ.פּ.ר. און פאָרשטייער פון דער פּרעסע.

דער פאָרזיצער חבר משה לעדערמאַן האָט געהאַלטן אַ קורצע רעדע און דערמאָנט די קרבנות פון דער היטלעריסטישער אינוואַזיע און אָקופּאַציע, די אומגעקומענע פירער פון יידישן אַרבעטער־קלאַס. חבר לעדערמאַן שיקט אַ האַרציקן גרוס צום „בונד" אין דער גאָרער וועלט פון אַלע לעבנגעבליבענע חברים.

עס האָבן באַגריסט פאָרשטייער פון פּ.פּ.ס., פּ.פּ.ר., יידישער קאָמיטעט, יידישע גרופּע פון פּ.פּ.ר.. דער לאָדזשער אָרקעסטער פון דער „קולטור־ליגע" האָט געשפּילט די מעלאָדיעס „טשערוואָני שטאַנדאַר" און דעם „אינטערנאַציאָנאַל".

דער פאָרשטייער פון צ. ק. פון „בונד", דער חבר הורוויטש, האָט געדאַנקט אין פּויליש די אָנוועזנדיקע פאָרשטייער פון דער מאַכט און די פּאָליטישע פּאַרטייען פאַר זייערע באַגריסונגען. דאַן גייט דער רעדנער איבער אין יידיש צום רעפעראַט וועגן 50 יאָר „בונד".

די רעדע פון חבר הורוויטש האָט אַרויסגערופן שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן. אין אַרטיסטישן טייל זיינען אַרויסגעטראָטן די יוגנטלעכע חברים, די קליינע חברה פון לאָדזשער „סקיף". דאָס קליינוואַרג האָט זיך נישט געהאַט צו שעמען מיט דער פאָרשטעלונג. זיי האָבן געשפּילט ווי אמתע, גרויסע אַרטיסטן.

דאָס שלוס־וואָרט האָט געהאַלטן דער חבר ברענער. אין קורצע, מוטיקע ווערטער האָט ער אונטערגעשטראָכן די טעטיקייט פון „בונד" אויפן געביט פון צוריק אויפשטעלן אַ נייע יידיש לעבן אין באַפרייטן פּוילן.

די אַקאַדעמיע איז געשלאָסן געוואָרן מיטן געזאַנג פון דער „שבועה".

נאָך דעם 8טן פעברואַר 1948 איז פאָרגעקומען אַ משפט איבער די יידישע אסימילאַטאָרן אין שטאָט, און אין אַנדערע שטעט אין פּוילן בכלל. דער באַשולדיקער איז געווען חבר הורוויטש, און חבר לעדערמאַן — דער פּאַרטייידיקער. אַלס עדות — צוויי אָנוועזנדע יידן. דער באַשולדיקער גיט נאָר זיין רעפּליק. דער משפט האָט איבערגעלאָזן אַ גוטן איינדרוק.

אין דער צייט ווען עס איז דערגאַנגען די טרויעריקע ידיעה פון אַמעריקע, אַז חבר שלמה מענדעלסאָן איז געשטאָרבן, האָט די גאַנצע בונדישע אָרגאַניזאַציע אין שטאָט געטרויערט. עס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אַ נעקראָלאָג אין דער וואַרשעווער פאָלקסצייטונג, אין נאָמען פון דער אָרגאַניזאַציע פון „בונד" אין טשענסטאָכאָוו. דער נעקראָלאָג האָט זיך געלייענט:

„מיט געבויגענע קעפּ שטייען מיר פאַר דעם ליכטיקן אָנדענקען פון אונדזער אומפאַרגעסלעכן חבר און לערער שלמה מענדעלסאָן!"

די ערשטע־מאַי פייערונג אין 1948, איז אין טשענסטאָכאָוו אויסגעפאַלן גאָר אימפּאָזאַנט. קיינמאָל האָט די שטאָט טשענסטאָכאָוו נישט געפייערט דעם אַרבעטער יום־טוב ווי אין יענעם יאָר. אויפן גאַנצן וועג וואו דער צוג האָט געדאַרפט דורכמאַרשירן זיינען אויף ביידע זייטן גאַס אויסגעשטעלט געוואָרן צען־מעטערדיקע סלופּעס און עס זיינען געווען אַרויפגעצויגן אויף זיי זעקס־מעטערדיקע רויטע פענער. עס האָט אויסגעזען ווי די שטאָט וואָלט געווען איינגעהילט אין רויטן געוואַנט. ביים יידישן קאָמיטעט איז געשאַפן געוואָרן אַ צווישן־פּאַרטייאישער מאַי־קאָמיטעט אין וועלכן עס זיינען געווען פאַרטראָטן פּ.פּ.ר., „בונד" און פּ.צ. דער מאַי־קאָמיטעט האָט אַרויסגעלאָזן אַ פּלאַקאַט און פונאַנדערגעשיקט איינלאַדונגען צו דער יידישער באַפעלקערונג אין שטאָט, און גערופן צו פאַרזאַמלען זיך אין הויף פון יידישן קאָמיטעט.

באַלד אין דער פרי האָבן זיך שוין באַוויזן יידישע אַרבעטער, וואָס האָבן זיך פאַרזאַמלט אויפן באַשטימטן אָרט. פּינקטלעך, 9 פרי רירט זיך דער צוג. עס האָבן אָנטייל גענומען 150 מענטשן אין ספּעציעלן יידישן צוג, ווייל זייער אַ גרויסע צאָל יידישע אַרבעטער האָבן דעמאָנסטרירט מיט זייערע פאַבריקן, אָדער מיט זייערע אַרבעטס־וואַרשטאַטן וואו זיי זיינען געווען באַשעפטיקט. דער צוג האָט צום אַלגעמיינעם זאַמל־פּונקט אַוועקמאַרשירט, און איז דאַן איינגעשלאָסן געוואָרן אין אַלגעמיינעם צוג, וואו עס האָבן דעמאָנסטרירט 5 טויזנט פּראָלעטאַריער פון דער שטאָט. אין שפּיץ פון צוג פון דער יידישער טייל פון דער דעמאָנסטראַציע, זיינען געטראָגן געוואָרן די פענער פון „בונד", פּ. פּ. ר., פּועלי־ציון און אייגענע טראַנספּאַראַנטן.

אַ לאַנד־קאָנפערענץ פון „בונד" אין פּוילן איז פאָרגעקומען אין וראָצלאַוו, דעם דריטן און פערטן אַפּריל, 1948.

## 5

וועגן די יאָרן אין פּוילן פון נאָך דער באַפרייאונג, דערציילט אונדז דער בונדיסט פּייוויש קאָוואַלסקי גאָר אַ סך אינטערעסאַנטע עפּיזאָדן, וואָס שילדערן דעם טרויעריקן מצב פון יידן, די אַריבערגעקומענע פון סאָוועט רוסלאַנד קיין פּוילן. באַזונדערס די טרויעריקע לאַגע פון די יידישע סאָציאַליסטן מכל־המינים, און גאָר באַזונדערס די חברים פון „בונד". כדאי צו ברענגען כאָטש אַ טייל פון דעם וואָס חבר פּייוויש דערציילט:

„דאָס יאָר 1946, בעת עס האָבן זיך פון אַלע עקן רוסלאַנד געצויגן די וואַגאָנען מיט פּוילישע בירגער אַהיים, קיין פּוילן, איז אויך געווען דער אָנהויב פון אַ נייע צייט פאַר די טויזנטער בונדיסטן, וואָס האָבן נישט שלום געמאַכט מיטן גורל, וואָס דער סאָוועטישער רעזשים האָט אויף זיי אַרויפגעצוואונגען. אין יעדנס האַרץ האָט געטליעט אַ גלויבן, אַז צוזאַמען מיט טרעפן עמיצן פון דער משפחה, וועט ער אויך אפשר טרעפן די חברים פון דער פּאַרטיי.

„ביים אַריבערגיין דעם אַלטן פּוילישן גרענעץ האָבן מיר, אָבער, גלייך איבערגעלעבט די ערשטע ביטערע אנטוישונג. מיר האָבן פון אַלע זייטן אָפּגענומען די טרויעריקע ידיעה, אַז, ליידער, זיינען געבליבן לעבן נאָר געציילטע פון דער משפחה און פון די אַמאָליקע חברים. דערצו האָט דער פּוילישער אַנטיסעמיטיזם, פּונקט ווי אין דער היטלער־צייט, אויפסניי אָנגעהויבן אַרויסצואווייזן זיין אמתן מיאוסן פּרצוף, און ווידער גענומען בושעווען נאָך אפשר מער ווי פריער. מיר האָבן זיך כסדר אָנגעשטויסן אויף פּוילישע פּנימער פול מיט האַס צו די „ניעדאָביטקס", צו די נישט־דערהרגעטע יידן, הייסט עס, וואָס האָבן, צום גרויסן חידוש פון די פּוילישע רוצחים, אָנגעהויבן צוריקצוקומען לעבעדיקע אַהיים... אויך די גאַנצע צייט, איבערן וועג, האָבן מיר, די צוריקגעקומענע, זיך געמוזט אָפּיאָגן פון באַנדעס וואָס האָבן טעראָריזירט די צוגן. און נישט איין יידישער קרבן איז פון די פּוילישע כוליגאַנעס אומגעבראַכט געוואָרן אין יענע טעג פון באַפרייטן פּוילן...

„איך בין אַוועק קיין טשענסטאָכאָוו און דאָרט, צום גרויסן וואונדער, געטראָפן די בונדישע אָרגאַניזאַציע אין איר פולער

טעטיקייט. די בונדיסטן האָבן אונדז, די געקומענע חברים, אויפגענומען ווי ברידער״.

„אין אַ צייט אַרום האָב איך ווי אַ שניידער אָנגעהויבן צו אַרבעטן אין קאָאָפּעראַטיוו פון שניידער, וואָס דער „בונד״ האָט געגרינדעט. דער קאָאָפּעראַטיוו האָט זיך זייער שיין אַנטוויקלט, אָבער אין מיטן איז געקומען דער באַפעל פון דער יידישער סעקציע אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, וואָס האָט דורכן איבערנעמען די אָנפירונג, ממש רואינירט סיי דעם קאָאָפּעראַטיוו און סיי אַריינגעברענגט דעם אַנטאַגאָניזם צווישן די אַרבעטער.

„די קאָאָפּעראַטיוון, וואָס זיינען געבויט געוואָרן דורך די געלטער פון „דזשאָינט״ און „יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט״ און מיט דער גרויסער שטיצע פון די טשענסטאָכאָווער אין אַמעריקע, — זיינען ביסלעכווייז אַריבער אין אַנדערע הענט, וואָס האָט גורם געווען, אַז די בעסטע אַרבעטער זיינען זיך צעלאָפן, אין דער זעלבער צייט איז פאָרגעקומען דער קעלצער פּאָגראָם, וואָס האָט די פּוילישע יידן אינגאַנצן צעטרייסלט און זיי האָבן אָנגעהויבן צו פאַרלאָזן פּוילן.

„די קאָאָפּעראַטיוון האָבן נאָך געאַרבעט ביז אין מיטן 1948, ווען די פּ.פּ.ר. (די קאָמוניסטן) האָט אָנגעהויבן די אַלגעמיינע ליקווידאַציע פון אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען. אויך טשענסטאָכאָוו האָט געטיילט דעם זעלבן גורל, דורך פאַרשיידענע ריידעלעך איז ביסלעכווייז דאָס יידישע לעבן געוואָרן „צענטראַליזירט״ דורך די באַוואוסטע „איינהייטס־קאָמיטעס״, די „זעקסטעלעך״, וואָס זיינען אין דער אמתן געווען נאָר אין נוצן פון די יידישע קאָמוניסטן. אין די „זעקסטעלעך״ זיינען נאָר צוגעלאָזן געוואָרן אַלס מיטגלידער די טרייע אָנהענגער פון דער אַזוי גערופענער איינהייט״.

## 6

אַזאַ איז געווען דער גורל פון „בונד״ אין דעם קליינעם לעבן־געבליבענעם יידישן ישוב נאָך דעם חורבן פון היטלעריזם. אַ קליינער, איינגעשרומפּענער יידישער ישוב, דאָך האָבן די לעבן־געבליבענע בונדיסטן, אַרויסגעוויזן דעם דראַנג ווייטער צו לעבן און קעמפן פאַר זייער פריי דעמאָקראַטיש־סאָציאַליסטישן אידעאַל.

מיר טאָרן נישט פאַרגעסן ביי וועלכע פּאָליטישע אומשטענדן עס איז דעם „בונד״ דעמאָלט אויסגעקומען צו פירן זיין טעטיקייט. אין יאָר 1945 איז אויף דער סאָוועטישער אַרמיי אויסגעפאַלן דער גורל אַריינצומאַרשירן אויף די חורבות פון פּוילן, ווען די מפּלה פון די היטלערישע האָרדעס איז שוין געווען געחתמעט. דאָס אָפּהאַלטן דער סאָוועטישער אַרמיי אַריינצומאַרשירן קיין וואַרשע, און נישט קומען צו הילף דעם וואַרשעווער אויפשטאַנד, איז געווען דער אויסגערעכנטער סטאַלין־פּלאַן, אַז פּוילן מוז זיין קאָמוניסטיש. נאָך מער, דאָס אויפלעזן יאָרן פריער, פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אין פּוילן, און אויך דאָס ליקווידירן די פּוילישע קאָמוניסטישע פירער, וועלכע זיינען אַרויסגענאַרט געוואָרן קיין רוסלאַנד צוויי יאָר פאַר דער היטלעריסטישער מלחמה, — איז העכסט וואַרשיינלעך אויך שוין געווען אַ צוגרייטונג צו דעם היטלער־מאָלאָטאָוו אָפּמאַך. דער אָפּמאַך וואָס האָט געדאַרפט פירן צו דער צעטיילונג פון פּוילן, און דער גרעסטער טייל זאָל, נאַטירלעך, געהערן צו סאָוועט־רוסלאַנד. דאָס איז געווען אייגנטלעך דער פּראָגראַם פון דער קאָמוניסטישער טעאָריע, געשריבן שוואַרץ אויף ווייס: אַז פּוילן איז ווירטשאַפטלעך אָפּהענגיק פון רוסלאַנד און קאָן העכסטנס פּרעטענדירן אויף טעריטאָריעלע אויטאָנאָמיע און נישט אויף קיין זעלבשטענדיקע מלוכה. דער וואַרשעווער אויפשטאַנד האָט אָבער איבערצייגט דעם קאָמוניזם, אַז דאָס וועט אַזוי לייכט נישט קענען רעאַליזירט ווערן. האָט מען אָנגעווענדט מיטלען אויף פאַרשיידענע אופנים ווי אַזוי די פּוילישע באַפעלקערונג אַריינצונאַרן אין פּאָליטישן זאַק אַריין, און שפּעטער זי גלייכשאַלטן.

קודם־כל האָט מען די אויסגעשולטע סטאַליניסטישע אַגענטן צוגעגרייט ביי זיך אין רוסלאַנד, און שפּעטער, צוזאַמען מיט דער רויטער אַרמיי, אַריינגעשיקט קיין פּוילן אונטער אַ פאַרמאַסקירטן נאָמען (קאָמוניזם איז אין פּוילן נישט געווען שטאַרק פּאָפּולער). „„אָלסקאַ פּאַרטיאַ ראָבאָטניטשאַ״ (פּ.פּ.ר.) אַזוי האָט געהייסן די נייע פּאַרטיי. איר איז איבערגעגעבן געוואָרן די באַלעבאַטישקייט פון לאַנד. מ׳האָט איבערגעלאָזן אַ ביסל פרייהייט פאַר אַנדערע פּאַרטייען, ווי פּ.פּ.ס., „בונד״ און פּויערן־פּאַרטיי. אָבער היינט איז שוין קלאָר פאַר אַלעמען, אַז דער ציל איז געווען איין פּאַרטיי, מיט אַ דיקטאַטאָרישער מאַכט אונטער וועלכער ס׳וועט שטיין די סאָוועטישע אַרמיי. די ערשטע יאָרן האָט מען נאָך ווי עס איז געשפּילט זיך אין דעמאָקראַטיע, צוזאַמענפאָרן, וואַלן צו קאָנסטיטואַנטע, פּלעביסציטן, אאַז״וו. דורך אַרעסטן און ליקווידאַציעס האָט מען דערפירט צו דעם, וואָס דער סטאַליניסטישער קאָמוניזם האָט געוואָלט און פּלאַנירט. מיט אַלע מיטלען האָט מען דערפירט, אַז דעם 8טן דעצעמבער 1948 איז שוין פאָרגעקומען די פאַראייניקונג פון דער פּ.פּ.ר. מיט דער פּ.פּ.ס. אין איין פּאַרטיי אונטערן נאָמען פּ.ז.פּ.ר.

אויף דער יידישער גאַס האָט מען זיך נישט גענויטיקט אין קאַמופלאַזשן, ווייל דאָס יידישע פאָלק אין פּוילן איז דאָך אויסגעשאָכטן געוואָרן דורך דעם היטלעריזם. אַי, די לעבן־געבליבענע, די 70־80 טויזנט יידן ? וואָס פאַר אַ ראָל קענען זיי שפּילן אין אַ לאַנד פון אַ 30־מיליאָניקן פאָלק, וואָס אַ טייל פון זיי וועט זיין קאָמוניסטיש און די צווייטע טייל איז דורכגעפּרעסן מיט אַ מין זאָאָלאָגישן אַנטיסעמיטיזם ? וועט זיין גענוג דאָרט, בלויז אַ פּאָר יידישע קאָמיטעטן. זעט איר, מיטן „בונד״, וואָס האָט אונטער זיך קנאַפּע פופציק יאָר רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט, וועט זיין אַ ביסל שווערלעך. אָבער מען וועט זיך שוין געבן אַן עצה מיט די בונדיסטן אויך. עס וועט זיין גענוג פּ.פּ.ר.־טוער אין דער יידישער סביבה. זיי וועלן מיט אַ יידישער צייטונג, אַ ביסל יידישע ביכער, אַ יידיש טעאַטער און אַ צאָל אַגענטן אַלס קאָמוניסטישע משגיחים ווי די גאָרדינס, זאַכאַריאַשעס און מירסקיס, וואָס האָבן שוין פאַרזוכט די סאָוועטישע טורמעס, — מיט זייער הילף וועט דאָס יידישע פאָלק אָפּגערייניקט ווערן פון פּאַרטייען און פרייע מיינונגען. זאָרגט נישט, עס וועט אַלץ ווערן מאָנאָליטיש, אָט ווי סטאַלין האָט באַפוילן.

איז דען אַ וואונדער, אַז ביי אַזאַ סיטואַציע האָט מען דערפירט דעם פּוילישן „בונד„ צו זעלבסט־ליקווידאַציע ?

די לעבן־פאַרבליבענע בונדיסטן נאָכן היטלער־גיהנום האָבן מיט זייער נאָך נישט פאַרלאָשענעם אידעאַליסטישן פייער, מיט אַלע זייערע כוחות, געוואָלט צוריק אויפבויען אַ יידיש לעבן, אין הסכם מיט זייער טראַדיציע, ווי פרייע מענטשן מיט אַ פרייען גייסט. זיי, די בונדיסטן, זיינען געווען ווייט פון וועלן דינען די סטאַליניסטישע באַפעלן. זיי האָבן גוט געדענקט וואָס מען

האָט אין סאָוועט־רוסלאַנד געטאָן צו די פירער און לערער פון „בונד“. די צוריקגעקומענע בונדיסטן האָבן מיט אַלע כוחות זיך אַנטקעגנגעשטעלט די כלומרשטע „פאַראייניקונג“. נישט אומזיסט האָט חבר פישגרונד, אין זיין דערעפענונגס־רעדע, אויף דעם אויסגעברייטערטן פלענום פון צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד“ אין פוילן, דעם 23טן און 24טן אָקטאָבער, 1948 (אויף וועלכער עס איז באַטראַכט געוואָרן די פראַגע פון ליקווידירן דעם „בונד“) געזאָגט. „מיר מוזן מודה זיין, אַז מיר זיינען הינטערשטעליק געבליבן לגבי דעם פאַראייניקונגס־פּראָצעס אויף דער פוילישער גאַס.“ און ח׳ ליבער בערנער האָט געזאָגט אין דער דיסקוסיע: „רעדנדיק וועגן די פעלערן פון ׳בונד׳, טאָר מען נישט פאַרגעסן אויך וועגן די פּאָזיטיווע מאָמענטן. אונדזער ציל איז געווען: דורך דעם ׳בונד׳ — צום סאָציאַליזם; אויף דעם וועג, וועלכער פירט צום סאָציאַליזם, דאַרפן מיר גיין“.

באַוויזן דען נישט די דאָזיקע רייד אַז עפּעס אַן אויסערלעכער זייטיקער כוח האָט געשטופּט צו דער אַזוי־גערופענער „פאַראייניקונג“ ?

אויך די שלוס־רעדע פון ח׳ משה לעדערמאַן ביים „פלענום“, וואָס האָט אָנגענומען די „פאַראייניקונג“, דערציילט אונדז פון דער נאָכגיביקייט זיך אונטערצוגעבן די קאָמוניסטן. די פאַראייניקונגס־דעקלאַראַציע ענדיקט זיך מיט דעם: „צו פאַרשטאַרקן די פּאַרטיי־אַרבעט אויף אַלע געביטן, און צו צוגרייטן אַלע אָרגאַניזאַציעס צום גרויסן מאָמענט פון אָנשליסן זיך מיטן לאַנד־פּראָלעטאַריאַט“. אָבער חבר לעדערמאַן איז געצוואונגען צו זאָגן: „איך וויס נישט ווען מיר וועלן אויפלעזן אונדזער פּאַרטיי. מיר האָבן נאָך פאַר זיך אַ סך אַרבעט, אָבער אַלע צוזאַמען זיינען מיר באַהויכט מיט דער אידעע, אַז מיר וועלן נישט פאַרענדיקן, ווי אַמאָל דער רוסלענדישער „בונד“ — ווי מענשעוויקעס. אונדז איז טייער אונדזער פּאַרטיי און דערפאַר קאָן איך מיר טאַקע נישט פאָרשטעלן, אַז אונדזער פּאַרטיי זאָל פאַרענדיקן איר געשיכטע אַנדערש ווי מיר האָבן באַשלאָסן. מיר מוזן מיט דער גאַנצער קאַטעגאָרישקייט באַזייטיקן די אַלע, וואָס וועלן מיט אונדז נישט מיטגיין אויפן וועג צו דער איינהייטלעכער פּאַרטיי“.

טראַכט זיך גוט אַריין אין די ווערטער און לייענט צווישן די שורות „איך וויס נישט ווען מיר וועלן אויפלעזן די פּאַרטיי“. „אונדז איז טייער אונדזער פּאַרטיי“. „מיר מוזן מיט דער גאַנצער קאַטעגאָרישקייט באַזייטיקן די אַלע, וואָס וועלן נישט מיטגיין מיט אונדז“ אאַז״וו. דאָס זיינען ווערטער, וואָס באַווייזן קלאָר אויף דעם שטאַרקן דרוק מצד די קאָמוניסטן, וואָס האָט זיכער געדראָט מיט פיזישן אומקום, אַז אַזוי, און נישט אַנדערש זאָל געשען! אַזוי האָט געוואָלט די פּאָליטיק פון סטאַלין־רעזשים אין רוסלאַנד. „די פּ.פּ.ר.־טוער אין דער יידישער סביבה“, די גאָרדינס, די זאַכאַריאַשס, מירסקיס האָבן הונדערט פּראָצענט אויסגעפירט די פאַראָרדענונגען פון פריקאַזן פון די בערמאַנס און מינצעס. מ׳האָט ליקווידירט מיט גרויס פּאַראַד די פּ. פּ. ס. אויף דער פוילישער גאַס נאָך אַרעסטן און רדיפות, דעם 8טן דעצעמבער 1948, און מיט אַ ביסל אַ קלענערן פּאַראַד — דעם „בונד“.

אויף דעם אויסעראָרדנטלעכן צוזאַמענפאָר פון „בונד“ אין פוילן דעם 16טן יאַנואַר 1949 אין ווראָצלאַוו, איז אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע, וואָס קלינגט ווי אַ באַפעל פון קרעמל: „פונאַנדערלאָזן די פּאַרטיי, דעם „בונד“, ר. פּ. און רופן די מיטגלידערשאַפט פון „בונד“ איינצוגלידערן זיך אין דער פוילישער פאַראייניקטער אַרבעט־פּאַרטיי כדי צו קענען מיטבאַטייליקן זיך אין קאַמף פאַרן סאָציאַליזם, דעם דערהויבענעם אידעאַל פון דער גאַנצער אַרבעטנדיקער מענטשהייט, דעם טרוים אויך פון די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן!“ דער אויפרוף צו די בונדיסטן ענדיקט זיך מיט די ווערטער:

„זאָל לעבן די פוילישע אַרבעטער פּאַרטיי! ר. פּ.! (נישט, חלילה, די קאָמוניסטישע פּאַרטיי); זאָלן לעבן אַ סאָציאַליסטיש פוילן! זאָל לעבן דער ראַטנפאַרבאַנד! זאָל לעבן די אינטערנאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט פון אַרבעטער־קלאַס! זאָל לעבן דער סאָציאַליזם!“

אין קאָמוניקאַט פון דער צענטראַלער „ליקווידאַציע־קאָמיסיע“ לייענען מיר: „אין פאַרשטענדיקונג מיטן סעקרעטאַריאַט פון דער פוילישער פאַראייניקטער אַרבעטער־פּאַרטיי, וועט צוגעגרייט ווערן אַ רשימה פון אַלע מיטגלידער פון די בונדישע אָרגאַניזאַציעס, זיי זאָלן קענען אינדיווידועל אַריינטרעטן אין דער פּאַרטיי פּ.ז.פּ.ר.

אין הסכם מיטן באַשלוס פון צוזאַמענפאָר, האָט „די צענטראַלע ליקווידאַציע־קאָמיסיע“ באַשטימט לאָקאַלע קאָמיסיעס פאַר לאָדזש, שטעטעשין, טשענסטאָכאָוו, קאַטאָוויץ, לובלין, וואַרשע, קראָקע,, טאַרנאָוו, פּיאָטריקאָוו און וולאָצלאַוועק. אַ באַזונדערע וואָיעוואָדישע ליקווידאַציע־קאָמיסיע איז באַשטימט געוואָרן אין ווראָצלאַוו, וואָס האָט אויסגעקליבן ליקווידאַצע־קאָמיסיעס אין נידערשלעזיען“.

פאַרטראַכט מען זיך וועגן די דאָזיקע דאָקומענטן זעט מען בולט די כוונות פן די רעזאָלוציע־פאַרפאַסער. דער עיקר איז געגאַנגען אין פונאַנדערלאָזן די פּאַרטיי, (דעם בונד“) כדי יעדער מיטגליד זאָל ווי אַ יחיד קאָנען אַריינטרעטן אין דער פּ.ז.פּ.ר. אין „דעמאָקראַטישן פאָלקס־פוילן“ איז נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר פּאַרטייען. עס מוז זיין אַן איין איינציקע פּאַרטיי, פּונקט אַזוי ווי אין סאָוועט־רוסלאַנד. די אָרגאַניזאַציעס ווערן אויפגעפאָדערט אָפּצוהיטן דעם פּאַרטיי־אַרכיוו און דעם גאַנצן פּאַרטיי־אינווענטאַר. פאַר דעם זיינען פאַראַנטוואָרטלעך די ליקווידאַציע־קאָמיסיעס. ווער זיינען די ליקווידאַציע־קאָמיסיעס? קאָמוניסטישע אַגענטן. זיי מוזן היטן אַז עס זאָל קיין שפּור נישט בלייבן פון אַרכיוו און אינווענטאַר, וואָס די בונדישע אָרגאַניזאַציעס האָבן פאַר דער צייט זיך דערוואָרבן, און זען אַז אַלע מיטגלידער זאָלן קאָנען אַריינטרעטן אין דער פּ.ז.פּ.ר. (די קאָמוניסטן). טאָמער וויל דער אָדער יענער אַמאָליקער בונדיסט נישט ווערן קיין מיטגליד אין דער פאַראייניקטער פּ.ז.פּ.ר., — זאָגט זיך אין דעם זעלבן קאָמוניקאַט בערך אַזוי: „זייט וויסן, אַז אין פאַרשטענדיקונג מיטן סעקרעטאַריאַט פון דער פוילישער פאַראייניקטער אַרבעטער־פּאַרטיי ווערט צוגעגרייט אַ רשימה פאַר אַלע בונדישע אָרגאַניזאַציע־מיטגלידער, צום אינדיווידועלן אַריינטרעטן אין פּ.ז.פּ.ר.; דאָס ווערט געטאָן בכדי אין אירע רייען זאָלט איר זיך קאָנען מיטבאַטייליקן אין קאַמף פאַר סאָציאַליזם — דעם דערהויבענעם אידעאַל פון דער גאַנצער אַרבעטנדיקער מענטשהייט, דעם טרוים אויך פון די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן“.

איז דאָס טאַקע דער סאָוועטישער סאָציאַליזם, דער סטאַליניסטישער קאָמוניזם געוועזן „דער דערהויבענער אידעאַל“, דער „טרוים“ פון דער גאַנצער אַרבעטנדיקער מענטשהייט, „דער טרוים“ אויך פון די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן?... מיר אַלע

ווייסן שוין איצט, ווי יושרדיק און אידעאַליסטיש דער בלוטיקער סטאַליניזם איז געווען. אין דער צענטראַלער ליקווידאַציע־קאָמיסיע זיינען דערוויילט געוואָרן 4 מיטגלידער. איינער פון זיי איז געווען דער אַקטיווער טוער פון טשענסטאָכאָוו, משה לעדערמאַן און צוויי טשענסטאָכאָווער בונדיסטן: יצחק סאַמסאָנאָוויטש און מאַקס ברום.

## 7

די ליקווידאַציע־אַרבעט פון „בונד" אין דעם באַפרייטן פוילן איז דורכגעפירט געוואָרן מיט דער פּאַרזאַרגטער פּינקטלעכקייט אָן פיזישן ווידערשטאַנד מצד די טרייע בונדיסטן. אָבער די דאָזיקע אַמאָליקע געטרייע בונדיסטן האָבן שוין מער נישט געוואוסט פון דעם פרייען אויסלעבן זיך, סיי פּאָליטיש, סיי געזעלשאַפטלעך. דאָס לעבן איז זיי אַלעמען געוואָרן אומדערטרעגלעך. די מערסטע פון זיי האָבן פאַרלוירן דעם מוט און ווילן צו וועלכער עס איז פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע אַרבעט. די בונדיסטן האָבן גאַנץ גוט געוואוסט וואָס עס איז פריער פאָרגעקומען מיט די בונדישע טוער נאָך דער ליקווידאַציע פון „בונד" אין סאָוועטן־רוסלאַנד. זיי האָבן גוט געדענקט די טיוולאָנישע פּראָצעסן, די באַגאַנגענע מאָרדן איבער די בונדישע פירער, גלייך ווי נאָר די באָלשעוויקעס זיינען געקומען צו מאַכט. די בונדיסטן האָבן פאַר זיך איצט געזען דאָס געשפּענסט פון די פיזישע און גייסטיקע קאַזאַרמעס פון סאָוועט־רוסלאַנד; און זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס זעלבע דערוואַרט זיי אויך אין דעם אַזוי גערופענעם „פאָלקס־דעמאָקראַטישן פוילן". עס איז געווען בלויז איין אויסוועג: אַוועק! פאַרלאָזן „דאָס נייע פוילן"!

גלייך נאָך דער כלומרשטער „פאַראייניקונג", און פריער נאָך, פאַר דער ליקווידאַציע פון „בונד", האָט מען קודם־כל דעם „בונד" אַליין געצוואונגען אויסצושליסן געוויסע מיטגלידער, די מער געטרייע בונדיסטן, וואָס זיינען, לויט דער מיינונג פון קאָמוניסטן, נישט ראוי געווען אַריינצוטרעטן אין דער אַזוי גערופענער „פאַראייניקטער אַרבעטער־פּאַרטיי" (לייען: קאָמוניסטן. —ר.פ.). דאָס האָט פּשוט געמיינט: זיין אויסגעשטעלט אויף דער געפאַר פון באַלדיקן אַרעסט, נישט קענען באַקומען קיין אַרבעט, און נאָך און נאָך אַנדערע רדיפות.

גלייך נאָך דער ליקווידאַציע פון „בונד", אויף אַ האַלבלעגאַלן און אומלעגאַלן אופן, האָבן הונדערטער בונדיסטן מיט זייערע משפחות פאַרלאָזט פוילן. פאַר די אַרעסטירטע איז געגעבן געוואָרן הילף און עס זיינען אויך ווייטער, אין געהיים, געפייערט געוואָרן בונדישע יום־טובים.

די ליקווידאַציע פון „בונד" איז פאָרמעל דורכגעפירט געוואָרן, אָבער פאַר הונדערטער בונדיסטן איז ווייטער געבליבן דער אידעאַל צו לעבן און קעמפן ווי פרייע מענטשן, פאַר דער אידעע פון סאָציאַליזם, און פון דער באַפרייאונג פון דער אַרבעטנדיקער מענטשהייט.

## 8

ביים היינטיקן טאָג איז אין פוילן דער „בונד" שוין נישטאָ, ווייל עס איז אין פוילן נישטאָ מער קיין פריי לעבן אין פולן זינען פון וואָרט, און במילא איז נישטאָ מער קיין פריי יידיש לעבן. אַ ביישפּיל ווי עס זעט אויס דאָס יידישע לעבן אין פוילן היינט צו טאָג, קאָן דינען די שטאָט טשענסטאָכאָוו. און ווי דאָס יידישע לעבן אין טשענסטאָכאָוו זעט אויס קאָן דער לייענער זיך דערוויסן אין די אַרטיקלען פון ברענער, לעדערמאַן און שניידערמאַן, וואָס ווערן געדרוקט אין דעם איצטיקן בוך „טשענסטאָכאָוו". אָבער אויך דורך דער צייט זינט די אַרטיקלען זיינען געשריבן געוואָרן, זיינען פאָרגעקומען באַדייטנדיקע ענדערונגען צום ערגערן. עס וועט זיין גענוג צו זאָגן, אַז די פאַרברעכנס פון סאָוועטישן רעזשים און דעם פירער סטאַלין וואָס זיינען אַנטפּלעקט געוואָרן פון דעם היינטיקן פירער ניקיטאַ ס. כרושטשעוו, אויפן 20טן צוזאַמענפאָר פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין סאָוועט־רוסלאַנד, האָבן קלאָר געמאַכט פאַר יעדן דענקענדיקן מענטשן, אַז דער מלוכה־סיסטעם אויף וועלכן סאָוועט־רוסלאַנד איז געבויט, איז איין גרויסע פּיראַמידע פון שלעכטס. אַנשטאָט הערשאַפט פון פּראָלעטאַריאַט, — הערשאַפט פון איין פּאַרטיי; אַנשטאָט הערשאַפט פון דער פּאַרטיי, הערשאַפט פון צענטראַלן־קאָמיטעט; אַנשטאָט הערשאַפט פון צענטראַלן־קאָמיטעט — הערשאַפט פון פּאָליטביוראָ; און אַנשטאָט דער הערשאַפט פון די מיטגלידער פון פּאָליטביוראָ, די הערשאַפט פון דעם הויפּט־סעקרעטאַר פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי איבערן לאַנד, צי דאָס איז סטאַלין אָדער זיין פינצטערער יורש כרושטשעוו.

איז דאָס אַ רעזשים אין וועלכן אַ פאָלק נויטיקט זיך, כדי צו פאַרווירקלעכן אמתן סאָציאַליזם און קאָמוניזם?...

אויב דער אָפּגאָט סטאַלין, וועלכער האָט קנאַפּע דרייסיק יאָר געהערשט איבער סאָוועט־רוסלאַנד מיט אַן אייזערנער האַנט, האָט געקענט זיך אַרויסווייזן צו זיין, לויט כרושטשעווס רייד אין באַצייכענונג, אַ מאַניאַק און אַ מערדער, און אויב אַזעלכע אויסגעפּרובירטע קעמפער פאַר קאָמוניזם, ווי מאַלאָטאָוו, קאַגאַנאָוויטש און מאַלענקאָוו האָבן זיך געקענט אַרויסווייזן צו זיין שוואַרצע שאָף, וועלכע מען האָט געדאַרפט אַרויסשליידערן פון דער הייליקער ווייסער סטאַדע פון קאָמוניזם, טאָ וואו איז די ווייטערדיקע גאַראַנטיע, אַז אויך ער, כרושטשעוו וועט זיך מיט דער צייט נישט אַרויסווייזן צו זיין אַ מאַניאַק, אַ מערדער און אַ שוואַרצער שעפּס, וואָס מען וועט דאַרפן באַזייטיקן פון דער הייליקער ווייסער סטאַדע?

די דאָזיקע אַלע געשעענישן האָבן צעטרייסלט די קאָמוניסטישע באַוועגונגען איבער דער גאַרער וועלט און זיי האַלטן אויך ווייטער אין איין אַרויסרופן ספקות ביי די אַלע קאָמוניסטישע מיטלויפער און סימפּאַטיקער.

כרושטשעווס אָנפאַלן אויף סטאַלינען האָט דערפירט צו געוויסע ענדערונגען אין סאָוועט־רוסלאַנד גופא און אין באַהערשטע סאָוועטישע סאַטעליטן־מדינות. די הויפּט־ענדערונג איז פאָרגעקומען אין פוילן. אין וואָס באַשטייען די ענדערונגען?

נאָך דער לעצטער אָקטאָבער איבערקערעניש אין פוילן, איז פרייהייט פון וואָרט איינגעפירט געוואָרן אויך אין סיים (פּאַרליאַמענט), וואו די ניט־קאָמוניסטן האָבן געשטימט קעגן דער פּאַרטיי, ווייניקסטנס אין פראַגן וואָס זיינען נוגע רעליגיע און געוויסנס־פרייהייט.

אויך אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי גופא און אויף די וואַל־פאַרזאַמלונגען הערשט אין פוילן „פרייהייט פון וואָרט", פונקט גענוי ווי אין סאָוועט־רוסלאַנד...

לעצטנס איז אַפילו צוריק איינגעפירט געוואָרן אַ צענזור, און איינציקע צענטערס פון קריטיק זיינען אָפּגעלייזט געוואָרן, אָבער קיינער ווערט נישט פאַרפאָלגט פאַר אַרויסזאָגן געדאַנקען,

וואָס שטימען נישט מיט דער אָנגענומענער קאָמוניסטישער „ליניע”. אין דער פּאַרטיי־גופא האָט מען לעצטנס די „רעוויזיאָניסטן” געצוואונגען צו זיין אַ ביסל איינגעהאַלטענער אָבער מען האָט זיי נישט צוגעמאַכט אין גאַנצן די מיילער. די ווייט־גייענדיקע דערגרייכונג אין פּוילן איז דער וואוקס פון די ווירקלעך־אומאָפּהענגיקע כוחות. אַ חוץ דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, גענוסט די קאַטוילישע קירך אין פּוילן מער פרייהייט ווי אין וועלכן עס איז אַנדערן קאָמוניסטישן לאַנד. אַ צווייטע אומאָפּהענגיקע קראַפט איז די „פּויערים־פּאַרטיי”. זי איז פון אָנהייב באַטראַכט געוואָרן, ווי אַ ווערקצייג פון דער קאָמוניסטישער הערשאַפט. אָבער ביסלעכווייז איז זי אויסגעוואקסן אין אַ מאַסן־אָרגאַניזאַציע מיט שטאַרקע וואָרצלען אין די נייע „לאַנדווירטשאַפטלעכע גרופּעס”, ווי, למשל, אין דער יוגנט־באַוועגונג, וועלכע איז פיל שטאַרקער אַפילו פון דעם קאָמוניסטישן יוגנט־פאַרבאַנד. די פּויערים־פּאַרטיי איז געוואָרן די פּאַרטיידיקערין פון די אינטערעסן פון די פּויערים.

דער באַוואוסטער סאָציאַליסטישער פּובליציסט ריטשאַרד לאָווענטאַל, קומט צום אויספיר אין דעם לאָנדאָנער „אָבזירווער”, אַז פּוילן איז איצט דאָס איינציקע קאָמוניסטישע לאַנד, וואו דער פּרינציפּ פון קאָנטראָל פון איין פּאַרטיי, די קאָמוניסטישע, איז שטאַרק אָפּגעשוואַכט געוואָרן. דאָס מיינט פּשוט אַז דער קאָמוניסטישער, דיקטאַטאָרישער רעזשים איז נישט פעסט איינגעפונדעוועט.

9

ווי אַזוי האָבן די דאָזיקע ענדערונגען געווירקט אויפן יידישן לעבן ?

דער גאָמולקאַ רעזשים ווייסט גאַנץ גוט וועלכע געזעלשאַפטלעכע כוחות נורטעווען אין פּוילישן פאָלק, ווענדעט ער דעריבער אָן אַלע קאָמפּראָמיס־מיטלען און סטראַשעט דאָס פאָלק מיט אַ מאָסקווער אינוואַזיע אויפן פּוילישן לאַנד. גאָמולקא ווייס אַז פאַר דעם דאָזיקן שד, האָט דאָס פאָלק מורא. די מורא פון פּוילישן פאָלק פאַר דעם באָלשעוויסטישן שד שטאַרקט גאָמולקאַס כוח. גאָמולקאַ ווייסט אָבער אויך, אַז דאָס רוב פּאָליאַקן זיינען דורכגעפּרעסן מיט אַ טראַדיציאָנעלן זאָאָלאָגישן אַנטיסעמיטיזם און דאָס קען נאָך אַ מאָל אָפּשוואַכן זיין אייגענעם רעזשים. פאַרגעסט ער אין זיינע עלעמענטאַרע, סאָציאַליסטישע, אינטערנאַציאָנאַלע פּרינציפּן. ער שטעלט זיך נישט אַנטקעגן דער ווילדער אַנטיסעמיטישער משוגעת. וואָס טוט ער יאָ ? ער עפנט פריי די טויערן פון פּוילן פאַר אַ צענדליק טויזנט יידן, וואָס זיינען פאַרבליבן אין לאַנד און ער גיט זיי די מעגלעכקייט צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד, אַבי אָנצוהאַלטן זיין ממשלה.

אויף אַן איידעלן אופן גיט ער אָנצוהערן די יידן :

קרוב צו טויזנט יאָר האָט דאָס יידישע פאָלק מיט זיין כוח און ענערגיע, מיט שוייס און בלוט געהאָלפן בויען דאָס פּוילישע לאַנד. אין דער צאַרישער עפּאָכע האָט דאָס יידישע פאָלק זיך טאַקע באַטייליקט מיט זיינע בעסטע זין און טעכטער אין דעם באַפרייאונגס־קאַמף פון פּוילישן לאַנד און פאָלק. אין די היטלער עפּאָכע האָט דאָס יידישע פאָלק באַפרוכפּערט די פּוילישע ערד מיט זיין בלוט. די יידן האָבן די ערשטע אָנגעהויבן דעם אויסזיכטלאָזן ווידערשטאַנד מיט זייער מוטיקן געטאָ־אויפשטאַנד קעגן דעם היטלעריסטישן אָקופּאַנט און געראַטעוועט פּוילנס כבוד פאַר דער גאַנצער וועלט. דערפאַר האָבן מיר אויף די חורבות פון וואַרשע אויפגעשטעלט אַ פּרעכטיקן געטאָ־דענקמאָל. מיר ווען אין אונדזער געשיכטע דאָס קיין מאָל נישט פאַרגעסן. אָבער איצט, מיינע ליבע יידן, גייט וואוהין איר ווילט, אַפילו קיין מדינת ישראל, כאָטש דאָס איז אויך קעגן אונדזער איצטיקן פּרינציפּ. יידעלעך, גייט פון דאַנען, ווייל עס שטייט אין קאָן אונדזער ממשלה.

צי זיינע יידישע פּאַכאָלקעס — די בערמאַנס, די גאָלדבערגס, די זאַכאַריאַשעס וואָס האָבן געטריי אויסגעפירט די אַלע באַפעלן פון סטאַלינען — צו זיי זאָגט גאָמולקא : — אויך איר שטייט מיר אין וועג, איר האָט צו לאַנגע נעזער און מיר דערקענען אייך, כאָטש איר האָט פאַרפּוילישט אייערע נעמען. אַפילו כרושטשעוו האָט אייך דערקענט. גייט פון וואַנען איר זייט געקומען. מיר ווען אָן אייך שוין איינפירן דעם סאָציאַליזם, אָן אייך אַ סך שנעלער. אייער באַלוינונג האָט איר באַקומען. מען האָט אייך געלאָזט אַרויסגעבן יידישע צייטונגען, יידישע ביכער, געלאָזט אייך שפּילן יידיש טעאַטער. פאַר דער געשיכטע איז דאָס גענוג. ווייל לעבן ווי יידן און ווי מענטשן וועט איר סיי ווי סיי אין פּוילן נישט קאָנען. איבעריקנס, איר זעט דאָך, וואָס מ׳האָט מיט אייער פאָלק געטאָן אין דעם מוסטער־לאַנד פון קאָמוניזם, אין סאָוועט־רוסלאַנד. דאָרט האָט מען אייערע בעסטע זין פון דער יידישער קולטור פיזיש און גייסטיק דערמאָרדעט. מין זיינען דעריבער מענטשלעכער, צו אייך יידן, ווי דער סאָוועטן־רעזשים אין רוסלאַנד האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין. זעט, אַ שטייגער, די פּוילישע געפאַלענע קרבנות, (קאָמוניסטישע) אין רוסלאַנד, האָט מען דאָרט רעהאַביליטירט. מיר דאַרפן אייך נישט רעהאַביליטירן. דעריבער נעמט דעם וועג פון פרייהייט, וואָס מיר גיבן אייך. „דער נעגער האָט זיינס אָפּגעטאָן, און ער קאָן שוין גיין”.

און אַזוי האָבן די פאַרבליבענע יידן אין פּוילן, וועלכע זיינען נישט אינגאַנצן אַסימילירט געווען, און זיך געהאַלטן ווי אמתע פּאָליאַקן, איצט, געצוואונגענערהייט ווידער געמוזט אויך זיך נעמען דעם שווערן גורל און זיך לאָזן אין וועג אַריין. צוריקגענומען דעם וואַנדערשטאָק אין האַנט.

דאָס קאַפּיטל יידיש לעבן אין פּוילן איז כמעט ווי פאַרענדיקט, אָדער האַלט ביים פאַרענדיקט ווערן. צו דעם האָט דערפירט די כלומרשט „היסטאָרישע נויטווענדיקייט” און „די היסטאָרישע פּראָצעסן”, וואָס עס האָבן געשאַפן די נאָכפאָלגער פון לענין־סטאַלין, און איצט דער יידן־פיינטלעכער כרושטשעוו. צו דערנענטערן און פאַרשנעלערן די דאָזיקע פּראָצעסן, האָבן פיל געהאָלפן די יידישע קאָמוניסטן אין פּוילן מיט דער ליקווידאַציע פון „בונד”. אויך אונדזער שטאָט טשענסטאָכאָוו האָט קיין אויסנאַם נישט געקענט זיין. דער „בונד” אין טשענסטאָכאָוו איז איצט אַ זאַך פון דער פאַרגאַנגענהייט.

עס איז צו אונזער גרויסן צער און ווייטיק נישטאָ מער קיין יידיש לעבן אין פּוילן, און עס איז במילא אויך מער נישטאָ דער „בונד”.

דאָס בוך „דורות בונדיסטן”, רעדאַגירט פון י. ש. הערץ, האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו שטעלן אַ באַשיידענעם דענקמאָל, דערציילן וועגן לעבן פון די גרעסטע בונדישע פירער, ביז דעם קלענסטן, פּשוטסטן בונדיסט וואָס האָט ווען עס איז, אין אַ היסטאָרישן מאָמענט, מיט אַ טאַט זיך קונה־שם געווען, און דערמיט געקראָגן די זכיה אַריינגענומען צו ווערן אין

דעם היסטאָרישן געדענק־בוך. זאָל מיר אויך דאָ דערלויבט זיין צו דערמאָנען מיט כבוד די אַלע בונדיסטן, וואָס זיינען נאָך אין מיין זכרון, די פּשוטע, אָיפּריכטיקע אידעאַליסטן־בונדיסטן, וועמעס לעבן איז געווען פול מיט מוט, און מיט קאַמף, פאַר דעם באמת־מענטשלעכן אידעאַל, צו בויען אַ וועלט אָן הערשער און אָן באַהערשטע; אַ וועלט פון עקאָנאָמישער און גייסטיקער פרייהייט, און אַ וועלט פון פעלקער־פאַרברידערונג.

די בונדישע מאַרטירער זיינען פאַרטיליקט געוואָרן דורך דעם פאַשיסטישן היטלעריזם ווי אַ טייל פון די מיליאָנען יידן אין פּוילן, די קדושים וטהורים. זיי אַלע, מיין איך, דאַרפן זיך גע־פינען אין בונדישן פּאַנטעאָן פון העלדן און מאַרטירער. די אַלע נעמען פון די חברים בונדיסטן ווערן דערמאָנט אין דער אָפּטיילונג: „אין אָנדענק פון די אומגעקומענע טשענסטאָכאָ־ווער יידן", אויף זייט 265.



דער צענטראַלער קאָמיטעט פון „בונד" אין יאָר 1945. עס זיצן פון רעכטס: ס. פישגרונד, ד"ר ש. הערשנהאָרן, ד"ר מיכאל שולדענפריי, חיים וואַסער, אברהם סטאָלאַר. עס שטייען פון רעכטס: ג. יאַשאַנסקי, ל. ברענער, ג. פאָגעל, ל. פּודלאָווסקי



דער ערשטער אויסגעוויילטער קאָמיטעט פון „בונד" אין טשענסטאָכאָוו. עס שטייען פון רעכטס: מ. קושניר, הערשל פּראַזער. עס שטייען פון רעכטס: י. קרויזע, משה לעדערמאַן, ליבער ברענער און עליאַש שטייניץ




פייערונג פון 48 יאָר „בונד" אין יאָר 1945




דער בונדישער פּאַרטיי־קאָמיטעט אין יאָר 1946 מיט ח' יעקב פּאַט, דעלעגאַט פון יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק



דער בונדישער פּאַרטיי־קאָמיטעט אין יאָר 1947




אַ פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג פון „בונד" אין 1946 מיטן אָנטייל פון ח' יעקב פּאַט



דער קאָמיטעט פון „בונד" אין טשענסטאָכאָוו מיט ח׳ אברהם סטאָלאַר, דעלעגאַט פון ניו־יאָרק, אין יאָר 1947





די בונדישע דעמאָנסטראַציע דעם 1טן מאַי



אַ פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג פון „בונד" מיטן אָנטייל פון ח׳ אברהם סטאָלאַר



50־יאָריקע יובל־פייערונג פון „בונד" אין טשענסטאָכאָוו אין שטאָטישן טעאַטער. דאָס פּרעזידיום — ס׳רעדט משה לעדערמאַן



דאָס פּרעזידיום פון „בונד" ביי אַ באַריכט־פאַרזאַמלונג אין אַרבעטער־רעסטאָראַן. שמואל פראַנק לייענט אַ קאַפּיטל פון אַ יידישן שרייבערס ווערק



יובל־אַקאַדעמיע געווידמעט 48 יאָר „בונד" וועלכע איז פאָרגעקומען דעם 29סטן סעפּטעמבער 1945. ס׳רעדט ח. פאַלק



דער בונדישער אַקטיוו אין טשענסטאָכאָוו פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה

ש. ל. שניידערמאַן

# אָט אַזוי זעט איצט אויס טשענסטאָכאָוו

(איינדרוקן פון אַ באַזוך אין האַרבסט פון יאָר 1957)

## א



די לאַנדשאַפט פון די אָרעמע פּוילישע דערפער האָט זיך גענומען בייטן, וואָס מער מיר האָבן זיך דערנענטערט קיין טשענסטאָכאָוו. עס זיינען פאַרשוואונדן די הילצערנע כאַטקעס מיט די שטרויענע דעכער, פאַרוואַקסענע מיט גרינעם מאָך, און אַלץ אָפטער האָבן זיך געזען געמויערטע הייזקעס מיט דעכער פון בלעך אָדער רויטע ליימענע טאַפּלעס. דאָ און דאָרט האָבן צווישן די הייזקעס זיך קאַפּויערגעריסן הויכע קוימענס פון קאַלך־אויוונס און ציגל־פאַבריקן, וועמענס צאָל איז אין דער לעצטער צייט באַזונדערס אויסגעוואַקסן.

דער פּורפּור־ראָזעווער רויך פון די קוימענס האָט אין געדיכטע קנוילן זיך געוויקלט אויפן גרויען ווינטערדיקן האָריזאָנט, וואָס האָט זיך נידעריק אַראָפּגעלאָזט איבער די נאַקעטע ביימער פון די גערטנער און וועלדלעך ביים סוף פון דאָרף.

אַלץ אָפטער זיינען אונדז אַנטקעגנגעקומען אַלטמאָדישע פּויערישע וואָגנס, געשפּאַנט אין איינצלנע פערדלעך, אָבער מיט גומענע רעדער פון אויטאָמאָבילן. די וואָגנס זיינען געווען פול אָנגעלאָדן מיט קרייד־ווייסע שטיינער, וואָס טשענסטאָכאָוו שטעלט־צו פאַר די קאַלך־אויוונס פון דער געגנט.

אין דער פאַרנאַכטיקער שטילקייט האָט אויפן שאָסיי זיך בלויז געהערט דער ריטמישער געקלאַפּ פון די פערדישע פּאָדקאָוועס, וואָס איז פון צייט צו צייט פאַרטויבט געוואָרן דורך אַ ווילדער געקראַקעריי פון געדיכטע טשאַטעס שוואַרצע קראָען, וועלכע האָבן אין די טויזנטער מיט אימפּעט זיך אַ ריס־געטאָן פון די צעאַקערטע פעלדער.

אין לעצטן ליכט פון דער אונטערגייענדיקער זון האָבן זיך גענומען אויסשיילן די צעשוואומענע קאָנטורן פון טשענסטאָכאָוו, די סילועטן פון פאַבריקן און הייזער, וואָס זיינען אַלץ מער געוואָרן איינגעהילט אין דער טונקלקייט פון דער שנעל־צופאַלנדיקער נאַכט. מיט אַמאָל האָט פון דער פינצטערניש אַ בליץ־געטאָן אַ שאַרף רויט ליכט, וואָס האָט זיך ריטמיש גענומען אויסלעשן און צוריק אָנצינדן און איז אין די פּויזעס ווי דורכגעפלאָכטן געוואָרן דורך אַ מאָנאָטאָנעם קלינגען פון שווערע גלאָקן.

דאָס איז געווען דאָס ליכט און דער גלאָקן־קלאַנג פון מאָנאַסטיר־טורעם אויפן „ליכטיקן באַרג" (יאַסנאַ גוראַ) — דער פאַרהייליקטער צענטער פון דער קאַטוילישער קירך אין פּוילן, וואוהין מיליאָנען עולה־רגלניקעס פון גאַנצן לאַנד שטראָמען זומער און ווינטער, כדי תפילה צו טאָן פאַרן בילד פון דער טונקל־הויטיקער מאַדאָנע פון טשענסטאָכאָוו.

ביים אַריינפאָר אין שטאָט האָט פון אַ צווייטן הויכפּונקט זיך אַנטפּלעקט אַ פיל שטאַרקער ליכט, וואָס האָט אויסגעזען צו הענגען אין דער לופט. דאָס איז געווען דער גיגאַנטישער אויפשריפט איבער דעם שטאָל־קאָמבינאַט אויפן נאָמען פון באָלעסלאַוו ביערוט, דער פאַרשטאָרבענער פירער פון דער פּוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. הינטער דעם באַלויכטענעם נאָמען האָבן זעקס קוימענס געאָטעמט מיט פייערדיקע רויכן און האָבן אויסגעזען ווי מאַנאָנען־לופעס, געווענדעט אין דער ריכטונג פון די שלאַנקע גאָטישע טורעמס פון מאָנאַסטיר אויפן „ליכטיקן באַרג", וואָס איז פאַרוועבט מיט לעגענדעס וועגן ניסים אין דער אַלטער און נייער געשיכטע פון פּוילישן פאָלק.

אין די דאָזיקע צוויי באַלויכטענע באַרגיקע פּונקטן פון טשענסטאָכאָוו האָב איך געזען די פאַרקערפּערונג פון דעם געראַנגל, וואָס גייט איצט אָן אין פּוילן צווישן דעם קאָמוניסטישן רעזשים און דער מעכטיקער קאַטוילישער קירך, אַרום וועלכער עס זאַמלט זיך די איבערוועגנדיקע מערהייט פון דער פּוילישער באַפעלקערונג.

אין קיין שום אַנדערער שטאָט אין פּוילן קומט דער דאָזיקער דראַמאַטישער קאַמף נישט צום אויסדרוק אַזוי שאַרף, ווי אין אָט דער שטאָט פון קוים 160,000 איינוואוינער. אין טשענסטאָכאָוו, מער ווי אין יעדער אַנדערער אינדוסטריעשטאָט אין פּוילן, קען מען ממש מיט דער האַנט אָנטאַפּן די וואונדן און פאַרקריפּלונגען, וואָס דער צוזאַמענשטויס פון אָט די צוויי גיגאַנטישע כוחות האָט אַרויסגערופן אויפן קערפּער פון פּוילישן פאָלק. דערווייל האָבן די צוויי לאַגערן געשלאָסן אַ וואָפנשטילשטאַנד, אָבער דער אונטערערדישער געראַנגל גייט ווייטער אָן, און זיין פאַרבאָרגענע וואולקאַנישע קראַפט איז אין ערגעץ ניט אַזוי קענטיק ווי אין טשענסטאָכאָוו.

אויך דאָס יידישע קאַפּיטל איז אין טשענסטאָכאָוו אַנדערש, ווי אין די איבעריקע פּוילישע שטעט. אין טשענסטאָכאָוו האָבן די יידן פיל פריער דערפילט, אַז עס איז מער נישטאָ פאַר זיי

קיין אָרט צווישן די דאָזיקע צוויי וועלטן, ווייל ביי דעם מינדסטן צוזאַמענשטויס וועלן זיי זיין די ערשטע קרבנות.

דערמיט טאַקע דערקלערט זיך דער פאַקט, וואָס דער יידישער יציאת־פּוילן האָט זיך אָנגעהויבן אין טשענסטאָכאָוו פריער ווי אומעטום און ווערט דאָ אַמפריסטן פאַרענדיקט. דאָס געשעט טראָץ דעם, וואָס די מעגלעכקייטן פאַר עקאָנאָמישן וואוילשטאַנד זיינען אין טשענסטאָכאָוו בעסער, ווי אין וועלכער עס איז אַנדערער שטאָט אין פּוילן.

די טשענסטאָכאָווער יידן זיינען אָבער פון סאַמע אָנהויב געווען איבערגענומען מיט אַ געפיל פון שרעק פאַר זייער צוקונפט, אַ שרעק, וואָס קומט צווישן אַנדערן אויך פון דעם „ליכטיקן באַרג". כמעט אַ יאָר נאָך דער אָקטאָבער־איבערקערעניש, דעם 9טן יוני, 1957, בעת דער זונטיקדיקער גאָטעסדינסט, 12:30 בייטאָג, זיינען פון דער אַמבאָנע אונטער דעם הייליקן בילד געפאַלן די פאָלגענדיקע ווערטער:

„עס איז שוין צייט, אַז עס זאָל קומען דער הייליקער גייסט און פאַרטרייבן די גאַנצע געצנדינערישע, באָלשעוויסטישע, יידישע, קאָמוניסטישע מגפה. זיי האָבן שוין גענוג געוויזן, וואָס זיי קענען. מיר האָבן שוין גענוג זייער אָרדענונג. צו וואָס פאַר אַ ביטערער נויט זיי האָבן דערפירט דאָס פאָלק מיט זייער קאָמוניסטישער, באָלשעוויסטישער פּלאַנירונג! וואָס טוט זיך? צי האָבן מיר נישט אונדזער אייגענעם פּוילישן שכל? עס וועט זיך נישט אַנטוויקלען דאָס גייסטיקע לעבן, אויב מיר וועלן נישט מאַכן קיין אָרדענונג אין דערווירטשאַפט".

דאָס איז נישט געווען קיין פּרעדיקט פון עפּעס אַ פּראָווינציעלן גלח. דאָס האָט מען דעם המון נישט געהעצט קעגן דעם „אומגלויביקן יודאַש". דאָס איז געווען אַן אויסגעשפּראָכן־פּאָליטישע רעדע וועגן דער איצטיקער פּוילישער ווירקלעכקייט אונטער דעם קאָמוניסטישן רעזשים, אָבער מיט די טראַדיציאָנעלע אַנטיסעמיטישע אַקצענטן אין גוט־באַקאַנטן גייסט פון קעמפערישן פּוילישן נאַציאָנאַליזם, וואָס האָט זיבנט יאָרהונדערטער זיין יניקה געצויגן פון „ליכטיקן באַרג" אין טשענסטאָכאָוו.

דער מאָנאַסטיר אויפן „ליכטיקן באַרג" פון טשענסטאָכאָוו איז פאַרן פּוילישן פאָלק פיל מער ווי אַ רעליגיעזער צענטער, וואוהין די פאַנאַטיש־גלויביקע מאַסן שטראָמען נאָך גענעזונג. טשענסטאָכאָוו איז פאַרן פּוילישן פאָלק פיל מער ווי, למשל, דאָס פראַנצויזישע לורד, וואו „בלינדע ווערן זעעוודיק און הינקענדיקע נעמען פלוצעם גיין".

דער מאַדאָנע פון טשענסטאָכאָוו ווערן צוגעשריבן פיל מער ניסים פאַר דער רעטונג פון פּוילן, ווי פאַר דער היילונג פון אירע טרייע שעפעלעך. טשענסטאָכאָוו איז ביים פּוילישן פאָלק געוואָרן דער סימבאָל פון ווידערשטאַנד קעגן זיינע באַצווינגער. פון דעם ווייסן פּוילישן אָדלער, וואָס איז אויך איצט דער עמבלעם פון דער פּוילישער מלוכה, האָט דער קאָמוניסטישער רעזשים אַראָפּגענומען די קעניגלעכע קרוין. די דאָזיקע קרוין איז אָבער ווייטער פאַרבליבן אויפן קאָפּ פון דער טונקל־הויטיקער מאַדאָנע אין טשענסטאָכאָוו און אין די געבעט־ביכלעך, וואָס ווערן פאַרקויפט צו די מיליאָנען עולה־רגלניקעס, ווערט די מאַדאָנע באַצייכנט אַלס די „קעניגין פון דער פּוילישער קרוין".

לויט אַ מסורה איז דאָס בילד פון דער טשענסטאָכאָווער מאַדאָנע געמאָלן געוואָרן דורך דעם אַפּאָסטאָל לוקאַש, דער פּאַטראָן פון די מאָלערס אין דער קאַטוילישער קירך. דאָס בילד האָט דורכגעמאַכט פאַרשיידענע גלגולים און איז פיל מאָל געוואָרן צוגערויבט, צוריק אויסגעלייזט און געראַטעוועט פון פייער און פאַרניכטונג.

דעם הויכפּונקט פון רום אין דער קאַטוילישער וועלט האָט אָבער דאָס בילד דערגרייכט אין יאָר 1655, ווען די שוועדישע אַרמיי מיט פערצן טויזנט גוט־באַוואָפנטע סאָלדאַטן און שווערע אַרטילעריע האָבן באַלאַגערט די פעסטונג פון טשענסטאָכאָווער קלויסטער, וואָס איז פאַרטיידיקט געוואָרן בלויז דורך 160 זעלנער און 70 מאָנאַכן, בראש פון וועלכע עס איז געשטאַנען דער מאָנאַך אויגוסט קאָרדעצקי.

די באַלאַגערונג האָט געדויערט פון 18טן נאָוועמבער ביזן 25טן דעצעמבער, 1655, און די שוועדן האָבן מיט שווערע פאַרלוסטן זיך צוריקגעצויגן פון דער שטאָט. דער נס פון דעם אומגעווינטלעכן ווידערשטאַנד איז נאַטירלעך צוגעשריבן געוואָרן דער וואונדערטועונדיקער מאַדאָנע. די העלדישע שלאַכט איז פאַראייביקט געוואָרן אין דעם ווערק פון הענריק שענקעוויטש, „מיט פייער און שווערד".

אין פאַרלויף פון דער שפּעטערדיקער געשיכטע פון פּוילן איז דער „ליכטיקער באַרג" פון טשענסטאָכאָוו געוואָרן דער צענטער פון פּאַטריאָטישע מאַניפעסטאַציעס, באַזונדערס אין די יאָרן פון פּוילנס ירידה און איר צעטיילונג צווישן די דריי שכנותדיקע גרויס־מאַכטן: רוסלאַנד, פּרייסן און עסטרייך.

די פירער פון פּוילנס אומאָפּהענגיקייטס־קאַמף האָבן גענוצט די צויבער־קראַפט פון טשענסטאָכאָוו, כדי צו מאָביליזירן דאָס פּוילישע פאָלק פאַרן ווידערשטאַנד קעגן די באַצווינגער, באַזונדערס קעגן צאַרישן רוסלאַנד, ענלעך ווי טשענסטאָכאָוו איז איצט דער צענטער פון ווידערשטאַנד קעגן קאָמוניסטישן מאָסקווע.

טשענסטאָכאָוו האָט פאַרכאַפּט די פאַנטאַזיע פון די פירנדיקע פּוילישע שרייבער, איינגעשלאָסן דעם נאַציאָנאַלן פּאָעט אַדאַם מיצקעוויטש, וועלכער האָט דעם „ליכטיקן באַרג" פאַראייביקט אין איינער פון זיינע פּאָעמעס. אויסער דעם זיינען פאַראַן גאָר אַ סך ראָמאַנען, פּיעסן און פּאָעמעס וועגן די ניסים אין טשענסטאָכאָוו. אַפילו די פּוילישע סאָציאַליסטן האָבן פאַרשטאַנען, אַז אין דעם קאַמף קעגן די צאַרישע אונטערדריקער קענען זיי נישט איגנאָרירן דעם אומגעווינטלעכן איינפלוס, וואָס די קאַטוילישע קירך, באַזונדערס איר צענטער אין טשענסטאָכאָוו, האָט אויפן פּוילישן פאָלק.

דעם דאָזיקן צוגאַנג האָבן אויך געשטיצט אַזעלכע רעוואָלוציאָנערע שרייבער ווי סטאַניסלאַוו בזשאָזאָווסקי און סטעפאַן זשעראָמסקי, שוין אָפּגערעדט פון דעם שפּעטערדיקן נאָבל־פּרייז טרעגער וולאַדיסלאַוו רעימאָנט, וועלכער האָט טאַקע אַליין עולה־רגל געווען קיין טשענסטאָכאָוו און די דאָזיקע איבערלעבונג מיט גרויס פּיעטעט געשילדערט אין איינעם פון זיינע ווערק.

אַפילו סטאַלין האָט אָפּגעשאַצט די באַדייטונג פון טשענסטאָכאָוו און דורך דער הייליקער מאַדאָנע געזוכט צו דערגרייכן דאָס האַרץ פון פּוילישן פאָלק. לויט דער אָפיציעלער סאָוועטישער פּראָפּאַגאַנדע, הייסט עס, אַז דאָס האָט די רויטע אַרמיי געראַטעוועט דעם מאָנאַסטיר אויפן „ליכטיקן באַרג" און די הייליקע מאַדאָנע. דער דאָזיקער אויפטו ווערט צוגעשריבן דעם קאָמאַנדיר פון דער רויטער אַרמיי, וואָס האָט באַפרייט טשענסטאָכאָוו, מאַרשאַל קאָניעוו, און זיין קולטור־קאָמיסאַר, דעם יידיש־סאָוועטישן שרייבער, באָריס פּאָלעוואָי.

דאָס איז געווען אין די לעצטע טעג פאַרן צוזאַמענברוך פון נאַצי־דייטשלאַנד. אין אַ געוויסן פרילינג־טאָג פון יאָר 1945 האָט מאַרשאַל קאָניעוו גערופן צו זיך דעם שרייבער באָריס פּאָלעוואָי, און אים אָנפאַרטרויט די וויכטיקע מיסיע, צו ראַטעווען די קאַטוילישע הייליקייטן פון טשענסטאָכאָוו. די אויסשפּיר־אָפּטיילונגען פון מאַרשאַל קאָניעוו האָבן אויסגעפונען, אַז פאַרן צוריקציען זיך פון שטאָט האָבן די נאַציס אונטערגעלייגט 250 קילאָ דינאַמיט אונטערן פעסטונגסאַרטיקן קלויסטער אויפן „ליכטיקן באַרג". פּאָלעוואָי האָט באַקומען אַ באַפעל צו טאָן אַלץ, כדי צו ראַטעווען דעם קלויסטער, און דער עיקר, דאָס בילד פון דער הייליקער מאַדאָנע. פּאָלעוואָי איז גלייך אַוועק קיין טשענסטאָכאָוו און אין שפּיץ פון אַן אָפּטיילונג פון סאָוועטישע סאַפּערן און סאָלדאַטן איז ער אַריין אין קלויסטער, כדי דורכצופירן די אָנפאַרטרויטע מיסיע.

די מאָנאַכן זיינען איבערראַשט געווען צו זען די סאָוועטישע זעלנער און זיך געשראָקן, צי די רויט־אַרמייער זיינען נישט אַמאָל געקומען צונעמען דאָס הייליקע בילד. ווען זיי האָבן אָבער דערזען, אַז די סאָוועטישע סאַפּערן האָבן אַנטדעקט דעם פאַרשטעקטן דינאַמיט, האָבן זיי אָפּגעאָטעמט. דאָס באַזייטיקן דעם דינאַמיט האָט געדויערט עטלעכע טעג. באָריס פּאָלעוואָי, צוזאַמען מיטן קאָלאָנעל פון דער סאָוועטישער אַרמיי, אַ געוויסער סאָלאָמאַטין, זיינען פאַרבליבן אין קלויסטער און זיך באַפריידעט מיט די מאָנאַכן.

צי די פּאָלין־ברידערלעך פון טשענסטאָכאָווער קלויסטער, — וועלכע פאַרשרייבן פלייסיק יעדן נס וואָס געשעט מיט דער מאַדאָנע, — ווילן אויך איר רעטונג דורך דער רויטער אַרמיי פאַרשרייבן אַלס אַ נס, איז נישט אין גאַנצן זיכער. אַ פאַקט איז אָבער, אַז באָריס פּאָלעוואָי האָט פאַר זיין העלדישקייט ביים ראַטעווען די קאַטוילישע הייליקייטן אין טשענסטאָכאָוו באַקומען אַ הויכע סאָוועטישע אויסצייכענונג — „אָרדן פון דער רויטער פאָן".

דער רעטער פון דער טשענסטאָכאָווער מאַדאָנע איז, אגב, דער זעלבער באָריס פּאָלעוואָי, סעקרעטאַר פון סאָוועטישן שרייבער־פאַראיין, וועלכער האָט, בעת אַ באַזוך אין ניו יאָרק, אין יאָר 1955, אַ דריי יאָר נאָך דער דערמאָרדונג פון די יידישע שרייבער אין סאָוועט־רוסלאַנד, אומפאַרשעמט איבערגעחזרט דעם מאָסקווער ליגן, אַז די געשיכטע וועגן דער דערמאָרדונג פון די יידישע שרייבער איז נישט מער ווי אַ בלבול.

צי די רעטונג פון דער טשענסטאָכאָווער מאַדאָנע איז טאַקע פאָרגעקומען אַזוי, ווי די סאָוועטישע פּראָפּאַגאַנדע גיט עס אָן, אָדער דער ענין איז איינפאַך געוואָרן אינסצעניזירט, איז דערווייל שווער פעסטצושטעלן. עס איז אָבער מערקווירדיק, אַז ערשט מיט עטלעכע חדשים צוריק האָט פּאָלעוואָי אין אַן אינטערוויו פאַר דעם פּאָפּולערסטן פּוילישן זשורנאַל אויפגעפרישט דעם עפּיזאָד וועגן טשענסטאָכאָוו און דערביי אונטערגעשטראָכן, אַז ער איז „גליקלעך דערמיט, וואָס עס איז אים געלונגען צו ראַטעווען דאָס בילד, וואָס איז אַזוי פאַרהייליקט ביים פּוילישן פאָלק".

* * *

אויף דעם לאַנגן, פּראַכטפולן הויפּטבולוואַר פון טשענסטאָכאָוו, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון דער הייליקער מאַריאַ, שטייט דער מאָנומענט פאַר די סאָלדאַטן פון דער רויטער אַרמיי, וועלכע האָבן באַפרייט די שטאָט און געראַטעוועט פון פאַרניכטונג דעם היסטאָרישן קלויסטער מיט זיינע הייליקייטן אויפן „ליכטיקן באַרג". דער מאָנומענט איז אַ פאַרבראָנזעטער טאַנק אויף אַ הויכער פּלאַטפאָרמע פון גרינע זאַמד־שטיינער, וואָס שטאַמען פון די באַרימטע טשענסטאָכאָווער שטיין־האַקערייען. איבער דעם טאַנק הענגט אַ ריזיקער, רויטער, לייוונטענער טראַנספּאַרענט מיט דעם אויפשריפט: „דער סאָוועטן־פאַרבאַנד איז דער באַצווינגער פון פאַשיזם".

ענלעכע פּלאַקאַטן מיט שאַבלאָנע, פאַרעלטערטע קאָמוניסטישע לאָזונגען, וואָס מען זעט איצט שוין מער נישט אין פּוילן, הענגען ממש אויף יעדער ליידיקער וואַנט אויף אַלע גאַסן פון טשענסטאָכאָוו. אין קיין שום אַנדערער שטאָט אין פּוילן האָב איך נישט געזען אַזאַ קאָנצענטרירטע קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע, ווי אין אָט דעם צענטער פון פּוילישן קאַטאָליציזם. דער קאַמף צווישן די צוויי פיינדלעכע וועלטן גייט דאָ ווייטער אָן, טראָץ דעם שלום, וואָס גאָמולקאַ האָט געשלאָסן מיט קאַרדינאַל ווישינסקי.

ב

## די אונטערערדישע אימפּעריע אין קאָמוניסטישן טשענסטאָכאָוו

טשענסטאָכאָוו איז די שטאָט פון די שאַרפסטע קאָנפליקטן און ווידערשפּרוכן אין איצטיקן פּוילן. עס איז אַ פּראָספּערירנדיקע שטאָט, איבער וועלכער די צענטראַליזירטע עקאָנאָמישע מאַשין פון קאָמוניסטישן רעזשים האָט קוים וועלכע עס איז שליטה. טשענסטאָכאָוו האָט זיך איר אייגענעם עקאָנאָמישן סדר. נעבן דער מלוכהשער אינדוסטריע און האַנדל עקזיסטירט אַ נעץ פון פּריוואַטע אונטערנעמונגען, וואָס גייען אַן אונטערערדיש מיט דער הילף פון כאַבאַר. אין אָט דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָפיט־עקאָנאָמיע איז פאַרמישט דער פּאַרטייאישער און אַדמיניסטראַטיווער אַפּאַראַט פון דער וואַקסנדער אינדוסטריע־שטאָט.

טשענסטאָכאָוו איז אַ וויכטיקער צענטער פון דער מעטאַלורגישער אינדוסטריע אין פּוילן. די טשענסטאָכאָווער שטאָלגיסעריי אויפן נאָמען פון באָלעסלאַוו ביערוט איז די צווייטגרעסטע אין פּוילן, נאָך דער שטאָל־פאַבריק אויפן נאָמען פון לענין אין דער נייער קאָמוניסטישער מאָדעל־שטאָט נאָוואַ הוטאַ, לעבן קראָקע. אויסער די גרובנס און דער פּראָדוקציע פון בוימאַטעריאַלן האָט טשענסטאָכאָוו אויך צאָלרייכע טעקסטילפאַבריקן.

די עקאָנאָמישע פּראָספּעריטעט, מיט וועלכער טשענסטאָכאָוו איז איצט אַן אויסנאַם צווישן אַלע שטעט אין פּוילן, קומט אָבער פון דער גרויסער נעץ פּריוואַטע וואַרשטאַטן, אין וועלכע עס ווערן אויסגעאַרבעט רעליגיעזע אַרטיקלען: קרוציפיקסן, קמיעות, הייליקע בילדער, קרעלן, לייכטער, ליכט, געבעטביכלעך און באַצירונגען פאַר ווייַנאַכט־ביימער, וואָס ווערן אַפילו עקספּאָרטירט קיין אויסלאַנד, באַזונדערס פאַר די פּאָלאַקן אין אַמעריקע. אויפן אָרט ווערן די דאָזיקע אַרטיקלען געקויפט דורך די מיליאָנען עולה־רגלניקעס.

די זעלבע פאַבריקלעך אין די קעלערס און אויף די בוידימער, וואו פונקט ווי מיט הונדערט יאָר צוריק, עס געפינען זיך איצט די וואַרשטאַטן לעבן די בעטן און קינדער־וויגלעך, פּראָדוצירן אויך פאַרשיידענע מינים שפּילצייג: ביליקע צי־

רונג, דעקאָראַטיווע קליינקייטן פאַרן הויז־געברויך, ווי אויך גאַלאַנטעריע־אַרטיקלען פון מעטאַל, לעדער, פּלאַסטיק, האָלץ און שטיין.

טשענסטאָכאָוו איז דאָס „פּוילישע נירענבערג״, וואָס איז, זינט יאָרהונדערטער, באַרימט מיט דער פּראָדוקציע פון רעליגיעזע אַרטיקלען און שפּילצייג. עס איז אָבער איצט שוין כמעט ווי פאַרגעסן, אַז ביים סוף פון 19טן יאָרהונדערט האָט מען טשענסטאָכאָוו גערופן „דאָס יידישע נירענבערג״ דערפאַר, ווייל יידן זיינען אייגנטלעך געווען די איניציאַטאָרן פון דער טשענסטאָכאָווער שפּילצייג־אינדוסטריע. דער פּיאָנער פון דער אינדוסטריע איז געווען אַ פרומער ייד, ר׳ שעיה, אַ טאָקער פון פאַך, אָבער, אַפּנים, אַ באַגאַבטער קינסטלער. ר׳ שעיה האָט אָנגעהויבן דערפון, וואָס ער האָט פון האָלץ געשניצט מעדאַליאָנען, וואָס האָבן פאַרגעשטעלט די טשענסטאָכאָווער מאַדאָנע. די דאָזיקע מעדאַליאָנען זיינען געוואָרן שנעל צעכאַפּט און פיל טשענסטאָכאָווער יידן און דאָס גראַד אָרטאָדאָקסיש־פרומע, האָבן זיך גענומען פאַבריצירן קריסטלעך־רעליגיעזע אַרטיקלען. דאָס האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן, ווייל די קירכע האָט אַרויפגעלייגט אַ חרם אויף די יידישע אויסאַרבעטונגען.

דער חרם האָט זיך אָבער באַגרענעצט בלויז צו יידישע אויסאַרבעטונגען, אָבער נישט צום האַנדל מיט הייליקע אַרטיקלען, וואָס איז ווייטער פאַרבליבן אין יידישע הענט. די טשענסטאָכאָווער יידן זיינען דאַן אַריבער צו אַ ברייט־פאַרצווייגטער אינדוסטריע פון שפּילצייג. טשענסטאָכאָווער יידישע האַנדווערקער זיינען אַפילו געפאָרן קיין נירענבערג, כדי זיך צו באַקענען מיט די נייסטע אויפטועון אויפן געביט פון דער שפּילצייג־אינדוסטריע, וואָס זיי האָבן אין פיל פאַלן נאָך פאַרבעסערט.

די פּראָדוקציע פון שפּילצייג און דער האַנדל מיט רעליגיעזע אַרטיקלען האָט זיך אַלזאָ געפונען מייסטנס אין יידישע הענט. דאָס איז אַזוי אַנגעגאַנגען ביז צום אויסברוך פון קריג. אַפילו אויפן טשענסטאָכאָווער הויפּט־בולוואַר, דורך וועלכן עס ציען זיך די פּראָצעסיעס צום „ליכטיקן באַרג״, האָבן די מערהייט געשעפטן באַלאַנגט צו יידן. די דאָזיקע גאַס, וואָס טראָגט דעם נאָמען: „אַלייע פון דער הייליקער מאַריאַ״, האָבן יידן איינפאַך גערופן „די אַלייע״ און לויט אַן אייגענער „יידישער״ טאָפּאָגראַפיע זי איינגעטיילט אין דריי טיילן: ערשטע אַלייע, צווייטע אַלייע, דריטע אַלייע. יידן, וועלכע האָבן געוואוינט אויף די דאָזיקע אַלייען, האָבן טאַקע אַזוי געשריבן די אַדרעסן און די פּוילישע פּאָסט האָט אָנערקענט די „יידישע״ ענדערונג פון דער גאַס.

די העכער פינף טויזנט יידן, וועלכע האָבן נאָך דער באַפרייאונג, אין יאָר 1945, זיך אומגעקערט קיין טשענסטאָכאָוו פון די אַרומיקע שקלאַפן־לאַגערן, האָבן אַפילו נישט געמאַכט דעם מינדסטן פּאַרזוך צוריק אָפּצונעמען זייערע קראָמען. זיי זיינען אַוועק אַרבעטן אין די מלוכהשע פאַבריקן און קאָאָפּעראַטיוון און אויך אויף אַמטן.

די לעבן־געבליבענע טשענסטאָכאָווער יידן האָבן ריכטיק אָפּגעשאַצט, אַז גראַד אונטערן קאָמוניסטישן רעזשים איז דער האַנדל מיט רעליגיעזע אַרטיקלען אַן ענין, וואָס שמעקט מיט פייער, דערפאַר, ווייל די קירך איז געוואָרן דער סימבאָל פון קאַמף קעגן רעזשים, אין וועלכן יידישע קאָמוניסטן האָבן פאַרנומען פירנדיקע פּאָזיציעס. די טשענסטאָכאָווער יידן האָבן דעריבער מער זיך נישט צוגערירט צו דעם האַנדל מיט רעליגיעזע אַרטיקלען, שוין אָפּגערעדט פון פּראָדוצירן די קריסטלעכע הייליקייטן. איצט איז אין טשענסטאָכאָוו פאַראַן בלויז איין ייד, אַ משומד, וועלכער האָט אַ פאַבריקל פון טייערע זילבערנע צלמים.

אַפילו אין די יאָרן פון טאָטאַלן קאָמוניסטישן מלוכה־מאָנאָפּאָל אויפן געביט פון האַנדל און אינדוסטריע האָבן אין טשענסטאָכאָוו עקזיסטירט פּריוואַטע קראָמען און וואַרשטאַטן פון רעליגיעזע אַרטיקלען און שפּילצייג. כדי צו באַקומען די נויטיקע רוי־שטאָפן, ווי מעטאַל, לעדער, גומי, פאַרבן און אַנדערע כעמיקאַליען, וואָס געפינען זיך אונטער דער קאָנטראָל פון דער מלוכה, האָבן די אייגנטימער פון די וואַרשטאַטן געמוזט אָנקומען צו שמוגל און גנבה. דאָס האָט דערפירט דערצו, אַז אַרום דער אינדוסטריע פון די רעליגיעזע אַרטיקלען האָבן זיך גענומען זאַמלען אונטערוועלט־פאַרשוינען און פאַרברעכערישע עלעמענטן, וועלכע האָבן פאַר פעטע באַלוינונגען זיך אונטערגענומען צוצושטעלן די נויטיקע רוי־שטאָפן.

בלויז די פאַבריקלעך פון דער פּראַ־מאָסקווע קאַטוילישער באַוועגונג „פּאַקס״, וועמענס פירער איז דער געוועזענער פאַשיסט און ראַסיסט, באָלעסלאַוו פּיאַסעצקי, האָט באַקומען, און באַקומט ווייטער, גענוג רוי־שטאָפן פאַר דער פּראָדוקציע פון רעליגיעזע אַרטיקלען. די „פּאַקס״ פאַבריקלעך שטעלן אָבער מיט זיך פאַר בלויז אַ דריטל פון דער טשענסטאָכאָווער פּריוואַטער אינדוסטריע פון רעליגיעזע אַרטיקלען.

די שנעל־וואַקסנדיקע „אונטערערדישע״ אינדוסטריע און האַנדל, האָט אָבער לאַנג נישט געקענט פאַרבלייבן פאַרהוילן פון דער עפנטלעכקייט, באַזונדערס, ווען עס האָבן זיך גענומען מערן די פאַלן פון אויסגעלאַסנקייט און פאַרברעכנס אין די קרייזן פון די אויפגעקומענע גבירים. אין די צאָלרייכע סקאַנדאַלן, וואָס האָבן געטראָגן גאָר אַ פּיקאַנטן כאַראַקטער, זיינען פאַרמישט געווען הויכע באַאַמטע פון דער לאָקאַלער מאַכט און פּאַרטיי־פונקציאָנערן.

אין די דאָזיקע סקאַנדאַלן איז אַנטפּלעקט געוואָרן ממש אַן אומגלויבלעכע נעץ פון משפּחה־פּראָטעקציע, אַן אָפּגרונט פון נעפּאָטיזם. דער פּראָקוראָר האָט צונישט־געמאַכט די פּאָליציי־אָנקלאַגעס קעגן זיינע קרובים, די אומלעגאַלע אונטערנעמער, אָדער שמוגלערס פון שטאָל און לעדער. אַ ריכטער האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפרייאונגס־אורטייל קעגן זיינס אַ קוזין, וועלכער האָט פאַרשווענדעט מלוכהשע פאָנדן. און אַזוי אַ גאַנצע קייט פון קעגנזייטיקער שטיצע אין דעם אַדמיניסטראַטיוון און יורידישן אַפּאַראַט פון דער שטאָט. דערביי זיינען אַלע געווען גוט־שטייענדיקע מיטגלידער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

דער טשענסטאָכאָווער זשורנאַליסט יאַן קוכאַרסקי, וועלכער האָט, אין יאָר 1955, אָנגעהויבן פאַרעפנטלעכן אַ סעריע רעפּאָרטאַזשן וועגן דער אונטערערדישער „אימפּעריע״ אין זיין היים־שטאָט, האָט באַקומען אַ שאַרפן פאָרוואָורף פון דער קאָנטראָל־קאָמיסיע פון דער פּאַרטיי. די מאָטיוון פון דעם פאָרוואָורף זיינען געווען, אַז דורך דעם דעמאַסקירן די מענטשן, ווערט באַשמוצט די פּאַרטיי. מיט אַנדערע ווערטער האָט עס געהייסן, אַז פּאָליטיש זיינען די דאָזיקע מענטשן פולשטענדיק אין אָרדענונג און זייערע ווירטשאַפטלעכע און פינאַנציעלע שווינדלערייען האָבן דעריבער אַ קנאַפּע באַדייטונג.

דער הויפּט־העלד פון קוכאַרסקיס רעפּאָרטאַזשן איז געווען דער טשענסטאָכאָווער „אייזן־קעניג״ קאַלקושינסקי. דער סקאַנדאַל אַרום די מיליאָניקע שמוגל־געשעפטן און שווינדלערייען

פון קאַלקושינסקי איז אָבער געווען אַזוי גרויס, אַז עס איז דאָך געקומען צו אַ פּראָצעס און קאַלקושינסקי האָט באַקומען זעקס יאָר תּפיסה. דאָס העכסטע געריכט האָט אָבער רעווידירט דעם אורטייל און באַפרייט דעם אָנגעקלאָגטן. קורץ נאָך דעם איז דער זשורנאַליסט קוכאַרסקי געוואָרן מערדערלעך צעשלאָגן. דער פאַרוואונדעטער זשורנאַליסט איז דאַן אַוועק אין טשענסטאָכאָווער פּאַרטיי־קאָמיטעט און אָפּגעגעבן זיין פּאַרטיי־קאַרטע.

כל־זמן עס האָט געהערשט די סטאַליניסטישע צענזור איז די נייעס וועגן די טשענסטאָכאָווער אַפערעס געוואָרן אונטערדריקט און איז בלויז פאַרשפּרייט געוואָרן פון מויל צו מויל אין די באַרן און אין די קאַפעען.

היינט איז די פּוילישע פּרעסע פול מיט אַרטיקלען און רעפּאָרטאַזשן וועגן טשענסטאָכאָוו, וואָס ווערט באַצייכנט אַלס „צענטער פון עקאָנאָמישן אונטערגרונט", אַלס אַן „עיר הנדחת".

טשענסטאָכאָוו האָט אָפּט זשורנאַליסטישע געסט פון דער הויפּטשטאָט און אַלע אַנדערע פּרעסע־צענטערן אין פּוילן. די טשענסטאָכאָווער ספּעקולאַנטן לאַכן זיך אָבער אויס דערפון און גייען אָן מיט זייערע טונקעלע געשעפטן, וואָס ווערן געשלאָסן ביים בלענדענדיקן עלעקטרישן ליכט אין די שענקען און רעסטאָראַנען, וואו די מיליאָניקע טראַנזאַקציעס ווערן פאַרגאָסן מיט גאַלאָנען בראָנפן.

אַפילו אין דער עפּאָכע פון שאַרפסטן פּאָליציי־טעראָר איז דער קאָמוניסטישער רעזשים געווען אוממעכטיק לגבי טשענסטאָכאָוו און דאָס צוליב אַ ריי סיבות, וואָס שטעלן די דאָזיקע שטאָט אַוועק אויסער די ראַמען פון די עקאָנאָמישע, יורידישע אָדער אַפילו פּאָליצייאישע רעגולאַציעס פון רעזשים.

די אינדוסטריע פון רעליגיעזע אַרטיקלען האָט אַ יערלעכן אומזאַץ פון מיליאַרדן זלאָטעס, אָבער דאָס איז אַן אינדוסטריע, וואָס איז ענג צונויפגעבונדן מיט די אַקטיוויטעטן פון דער קירך, מיט וועלכער דער קאָמוניסטישער רעזשים האָט זיך געהיטן נישט איינצורייסן. טשענסטאָכאָוו איז אַלע מאָל פול מיט עולה־רגלניקעס פון גאַנצן לאַנד און יעדער אינטערווענץ פון דער פּאָליציי קען פירן צו ערנסטע אויפרייצונגען, פאַר וועלכע דער רעזשים שרעקט זיך. דאָס האָט אַוועקגעשטעלט טשענסטאָכאָוו אין אַ באַזונדערער לאַגע און געפירט צו דערשיינונגען, וואָס האָבן נישט צו זיך קיין גלייכן אין קיין שום אַנדערער שטאָט אין פּוילן.

טשענסטאָכאָוו געהערט צו די געציילטע שטעט אין פּוילן, וועמענס באַפעלקערונג איז היינט גרעסער, ווי פאַרן קריג. אין יאָר 1939 האָט די אַלגעמיינע באַפעלקערונג אין טשענסטאָכאָוו געציילט 137,000. דערין זיינען געווען אַרום 30,000 יידן. איצט ציילט טשענסטאָכאָוו העכער 160,000 איינוואוינער און צווישן זיי קוים 60 יידישע משפּחות.

ביז דער פּוילישער אָקטאָבער־רעוואָלוציע פון יאָר 1956, ווען די פּריוואַטע איניציאַטיוו אין האַנדווערק און אין האַנדל איז געוואָרן כמעט אין גאַנצן אויסגעראָטן, האָבן זיך אין טשענסטאָכאָוו געפונען 795 האַנדווערקער־וואַרשטאַטן. אַ יאָר נאָך דער אָקטאָבער־איבערקערעניש איז די צאָל פון די אָפיציעל־רעגיסטרירטע וואַרשטאַטן געשטיגן ביז 1442. די אמתע צאָל איז אָבער פיל גרעסער, ווייל יעדער אייגנטימער פון אַ לעגאַלן וואַרשטאַט, וואָס פּראָדוצירט רעליגיעזע אַרטיקלען אָדער שפּילצייג, גיט אַרויס אַרבעט צו עטלעכע האַנדווערקער, וועלכע אַרבעטן ביי זיך אין דער היים. דאָס זיינען די אַזוי־גערופענע „כאַלופּניקעס", וואָס ווערן אויף אַ שרעקלעכן אופן עקספּלואַטירט. צוליב דעם, וואָס די דאָזיקע באַלמעלאָכעס קענען נישט באַקומען קיין רוי־שטאָפן, כדי צו אַרבעטן אויפן אייגענעם חשבון, מוזן זיי אָננעמען די שקלאַפן־לוינען פון די אונטערנעמער, וועלכע האָבן גוט־אָרגאַניזירטע שמוגל־קאַנאַלן און באַקומען די נויטיקע רוי־שטאָפן פון די מלוכהשע פאַבריקן.

אין די ענגע, חושכדיקע קוואַרטאַלן פון דער טשענסטאָכאָווער אָרעמקייט אַרבעט מען טאָג און נאַכט. עס אַרבעטן גאַנצע משפּחות, עטלעכע דורות — באָבעס און אייניקלעך. געגנבעטע בלעכן פון מלוכהשע פאַבריקן אָדער פּושקעס פון קאָנסערוון, וואָס פּאָלאַקן באַקומען אין פּעקלעך פון זייערע קרובים אין אַמעריקע, ווערן פאַרוואַנדלט אין קמיעות און מעדאַליאָנען. מיט פּרימיטיווע האַנט־פּרעסן ווערן אויסגעשטאַנצט דאָס בילד פון דער „טשענסטאָכאָווער הייליקער מאַמע" און אַנדערע הייליקע פון דער קאַטוילישער קירך. די צאָלרייכע פאָטאָגראַפישע אַנשטאַלטן אין טשענסטאָכאָוו שטעלן צו פאַרשיידענע סצענעס פון נייעם טעסטאַמענט. פאַר די דאָזיקע בילדער פּאָזירן טשענסטאָכאָווער מענער און פרויען, וועמען די איינוואוינער דערקענען מיט דער גרעסטער לייכטקייט, טראָץ דעם גרים און קאָסטיומען.

די בילדער ווערן מאַסנהאַפט געקויפט דורך די עולה־רגלניקעס, וועמענס צאָל ווערט בלויז אין די זומער־חדשים געשאַצט אויף אָנדערהאַלבן מיליאָן. מען נעכטיקט אין די קאָרידאָרן און אין די טויערן, וואו די טשענסטאָכאָווער איינוואוינער פאַרדינגען בעטלעך צו צען זלאָטעס פאַר אַ נאַכט. אַפילו פאַר איינפאַך טרינק־וואַסער נעמט מען באַצאָלט. טשענסטאָכאָוו באַקומט אַלזאָ אַריין עטלעכע הונדערט מיליאָן זלאָטעס אַ יאָר בלויז פון די עולה־רגלניקעס, וועלכע בלייבן געוויינטלעך עטלעכע טעג אין שטאָט.

דאָס לעבן אין שטאָט ווערט דאַן פולשטענדיק דעזאָרגאַניזירט. דער ים פון מענטשן פליסט דורך די גאַסן און בולוואַרן. כמעט יעדעס הויז אין טשענסטאָכאָוו איז דאַן אַ האָטעל, אַ גורקיך, אַן אכסניה און געלט שטראָמט ווי דאָס וואַסער פון די פיר טייכן אין שטאָט: די וואַרטאַ מיט אירע צופלוסן סטראַדאָמקאָ, קוצעלינקא און קאָנאָפּקא. אויך ווינטער־צייט קומען יעדן סוף־וואָך קיין טשענסטאָכאָוו טויזנטער באַזוכער. דאָס זיינען די מער־פאַרמעגלעכע, וועלכע קענען זיך דערלויבן איינצושטיין אין די בעסערע האָטעלן.

די איבעריקע הכנסות פון טשענסטאָכאָוו קומען פון די פאַבריקן און פון „גאָלדענעם באַרג", וואו עס געפינען זיך די גרובנס פון פאַרשיידענע מינעראַלן, וואָס ווערן גענוצט פאַר דער פּראָדוקציע פון שטאָל, פאַר דער צוקער־פּראָדוקציע און פאַר קינסטלעכער באַמיסטיקונג. דער „גאָלדענער באַרג" שטעלט אויך צו די טייערסטע ווייסע און קאָלירטע זאַמד־שטיינער, וואָס ווערן שטאַרק געזוכט פאַר בוי־צוועקן, באַזונדערס איצט, ווען עס זיינען געמילדערט געוואָרן די באַגרענעצונגען פאַרן בוי פון פּריוואַטע הייזער.

די שטיינער פון טשענסטאָכאָווער „גאָלדענעם באַרג" ווערן פאַרקויפט איבער גאַנץ פּוילן פאַר די פּריוואַטע ווילעס פאַר די דירעקטאָרן פון די מלוכהשע פאַבריקן און האַנדלס צענטראַלעס, פאַר שרייבער, שוישפּילער, קינסטלער און דער עיקר פאַר די אויפגעקומענע גבירים פון דער פּריוואַטער אינדוסטריע און האַנדל. די שטיינער פון די מלוכהשע שטיין־האַקערייען אויפן „גאָלדענעם באַרג" באַלאַנגען אויך צו די אַרטיקלען פונעם „אונטערערדישן" שמוגל, פאַר וועלכע מען צאָלט אין דאָלאַרן אָדער אין שווייצאַרישע זייגערלעך, וואָס זיינען אין טשענסטאָ־

כאָוו אַ מין אויסלענדישע וואַלוטע.

דער אמתער גאָלד-אוצר איז אָבער פאַרט דער „ליכטיקער באַרג", וואו עס געפינט זיך די באַרימטע מאַדאָנע. דאָרט דינגט מען זיך נישט. די מיליאָנען עולה-רגלניקעס צאָלן דעם פולן פּרייז פאַר די קמיעות און געבעט-ביכלעך, פאַר די צלמים און קרעלן און גיבן מיט אַ ברייטער האַנט פאַר די פאַרשיידענע צדקה-פּושקעס, וואָס געפינען זיך דאָרט אויף טריט און שריט.

ג

## וואָס איז געבליבן פון יידישן טשענסטאָכאָוו?

ווען איך בין שבת אָוונט געקומען אין האָטעל „פּאָלאָניאַ" אין טשענסטאָכאָוו און פאַרלאַנגט אַ צימער, האָט מען מיר געענטפערט, אַז אַלץ איז פאַרנומען. ווי נאָר אָבער איך האָב באַוויזן מיין אַמעריקאַנער פּאַס, האָט דער האָטעל-פאַרוואַלטער גלייך אַרויפגעצויגן אַ שמייכל אויף זיין זויערן פּנים און פערזענלעך מיך אַריינגעפירט אין אַ געשמאַקפול-מעבלירטן גרויסן צימער מיט אַלע מאָדערנע באַקוועמלעכקייטן, וואָס מען קען קוים זען אַפילו אין די סאַמע בעסטע האָטעלן אין וואַרשע. איך האָב אַלזאָ ווידער באַקומען אַ באַוויז, אַז טשענסטאָכאָוו איז אַן אַנדערע וועלט, ווייט פון דער נאַכלעסיקער קאָמוניסטישער באַלעבאַטישקייט, הגם אויך דער דאָזיקער טשענסטאָכאָווער האָטעל געפינט זיך אונטער מלוכהשער קאָנטראָל.

דאָס זעלבע האָב איך באַמערקט אין רעסטאָראַן פון האָטעל „פּאָלאָניאַ", וואו די שפּייז-קאַרטע איז געווען רייכער און מער ראַפינירט, ווי אין וואַרשע. אויך אויפן קעלנער האָט מען דאָ נישט געדאַרפט וואַרטן אַזוי לאַנג, ווי אין די בעסטע רעסטאָראַנען אין דער הויפּטשטאָט, טראָץ דעם, וואָס דער עס-זאַל איז געווען פול געפּאַקט. נישט נאָר דער רעסטאָראַן „פּאָלאָניאַ", נאָר אויך די צענדליקער אַנדערע רעסטאָראַנען און באַרן פון טשענסטאָכאָוו זיינען אין אָט דעם שבתדיקן אָוונט געווען געפּאַקט און טויזנטער שפּאַצירער האָט מען געזען אויף די גאַסן אַרום די העל-באַלויכטענע קינאָס. די „אַלייע פון דער הייליקער מאַריאַ" האָט מיט איר באַוועגונג און בלענדנדיקן ליכט מיך דערמאָנט אין אונדזער ניו יאָרקער בראָדוויי.

פינצטער און טויט זיינען אָבער געווען די גאַסן, וואו עס לעבן די עטלעכע צענדליק יידישע משפחות אין טשענסטאָכאָוו, און וואו עס זיינען נאָך פאַרבליבן די האַלב-געשלאָסענע יידישע אינסטיטוציעס. דער יידישער קלוב אויף יאַסנאַגורסקאַ גאַס נומער 36, איז געווען געשלאָסן. דאָס איז געווען די פּריוואַטע ווילע פון דעם יידישן טעקסטיל-פאַבריקאַנט, אייגנטימער פון דער „גנאַשין"-פאַבריק, זיגמונט מאַרקאָוויטש, וועמענס אלמנה געפינט זיך איצט אין אַמעריקע. נאָך דעם ווי איך בין אַ לענגערע ווייל געשטאַנען אין גאָרטן, וואָס רינגלט אַרום די ווילע, האָב איך אין שוואַכן ליכט פון דעם לאַמטערן אויף דער פּאָסטער גאַס דערזען דאָס שילדל מיטן יידישן אויפשריפט פון קולטור-געזעלשאַפטלעכן פאַרבאַנד און אויך באַמערקט די אָריגינעלע אַרכיטעקטור פון דעם געשמאַקפולן פּאַלאַצל, וואָס איז אָבער שוין היפּש אָפּגעלאָזן.

דאָס דאָזיקע הויז איז דער איינציקער טרעף-פּונקט פון די פאַרבליבענע טשענסטאָכאָווער יידן. ביז מיט אַ יאָר צוריק פלעגן נאָך דאָ יעדן שבת אָוונט פאָרקומען קולטור-אונטערנעמונגען. לעצטנס אָבער זיינען די אונטערנעמונגען געוואָרן אַלץ זעלטענער און דער סעקרעטאַר פון קלוב, מ. לעדערמאַן, אַן אַמאָליקער בונדישער טוער, קלייבט זיך שוין קיין ישראל, צוזאַמען מיט זיין משפחה. בלויז אין די נאָכמיטאָג שעהן קומט זיך נאָך דאָ צונויף אַ גרופּע פון 10-12 יידישע קינדער און עטלעכע מוטערס פירן אַן קלאַסן אין יידיש.

אין דער געביידע פון דער פאַר-מלחמהדיקער יידישער י. ל. פּרץ שול אויף קרוטקאַ גאַס נומער 17, וואָס איז אין די צוואַנציקער יאָרן געבויט געוואָרן פאַר די פאָנדן פון טשענסטאָכאָווער רעליף אין אַמעריקע, געפינען זיך איצט צוויי קאָאָפּעראַטיוון — אַ שניידער און אַ שוסטער-קאָאָפּעראַטיוו — אין וועלכע עס איז שוין נישט פאַראַן אַפילו קיין איין ייד. צוליב געוויסע יורידישע טעמים האָבן אַלס די אייגנטימער פון דעם בנין פיגורירט מיטגלידער פון שול-קאָמיטעט, פאַרשטייער פון די אָרגאַניזאַציעס אין טשענסטאָכאָוו, וואָס האָבן באַלאַנגט צו דער באַוועגונג פון די יידישע וועלטלעכע שולן אין פּוילן — „ציש"א". פון זיי איז לעבן געבליבן בלויז איינער — דער וועטעראַן פון יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין טשענסטאָכאָוו, רפאל פעדערמאַן, וועלכער געפינט זיך איצט אין אַמעריקע און איז די טרייב-קראַפט פון די פאַרשיידענע אַקטיוויטעטן, וואָס ווערן דורך טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אָנגעפירט אין אַמעריקע און אין אַנדערע לענדער. בעת מיינע באַגעגענישן מיט די טשענסטאָכאָווער יידן איז זייער ערשטע פראַגע טאַקע געווען וועגן רפאל פעדערמאַן.

פון דער אַלטער טשענסטאָכאָווער שוהל אויף נאַדזשעטשנע גאַס איז נישטאָ קיין זכר. פון דער גרויסער סינאַגאָגע אויף וואַלי, וואָס איז ביים סוף פון 19טן יאָרהונדערט געבויט געוואָרן דורך די אויפגעקומענע טשענסטאָכאָווער גבירים, איז געבליבן נאָר דער געמויערטער סקעלעט. אַפילו אין דעם חורבן-צושטאַנד זעען זיך נאָך סימנים פון דעם אַמאָל-פּראַכטפולן טעמפּל-אַרטיקן בנין מיט די מאַרמאָרענע גריכישע קאָלאָנעס ביים אַריינגאַנג.

אין אָוונט פון 24טן דעצעמבער, 1939, ווען אויפן „ליכטיקן באַרג" האָט מען זיך געגרייט צו די פייערלעכע גאָטעסדינסטן פון ווייניאַכט, האָבן די טשענסטאָכאָווער פאָלקס-דייטשן מיט דער הילף פון פוילישע כוליגאַנעס אונטערגעצונדן די סינאַגאָגע, וואָס איז באַרימט געווען מיט איר פּאַרנעם און רייכטום, ווי אויך מיט איר לאַנגיאָריקן חזן, דעם גרויסן קאָמפּאָזיטאָר פון ליטורגישע מוזיק און וואונדערלעכן בעל-מנגן, אברהם בער בירנבוים. אויפן פּלאַץ אַרום דער חרובער סינאַגאָגע ליגן קופּעס בוי-מאַטעריאַלן און ווי מען האָט מיר איבערגעגעבן, ווערט די שוהל איבערגעבויט אַלס קאָנצערט-הויז.

עס איז אויך פאַרבליבן דאָס יידישע בית-עלמין, אין שכנות פון שטאָל-קאָמבינאַט אויפן נאָמען פון באָלעסלאַוו ביערוט, וואָס איז אַן אויסברייטערונג פון דער אַלטער האַנטקע-פאַבריק. ביים פאַנאַנדערבויען די פאַבריק האָבן די פּלאַנירער פון דער מלוכהשער צענטראַלע אין וואַרשע געוואָלט איינשליסן דעם באָדן פון יידישן בית-עלמין, וואו עס געפינען זיך די מצבות פון די טשענסטאָכאָווער יידישע אינדוסטריע-פּיאָנערן. די קאָמוניסטישע פּלאַנירער האָבן אַפילו פאַרגעשלאָגן אויסצוגראָבן די ביינער און זיי אַריבערטראָגן ערגעץ אַנדערש. די פירער פון דער יידישער קהילה אין טשענסטאָכאָוו האָבן אָבער געשטעלט אַ ווידערשטאַנד און דאָס בית-עלמין איז נישט געוואָרן אָנגערירט.

אויף דער גאַריבאַלדי גאַס געפינט זיך אַן אַלטער בנין פון דער טשענסטאָכאָווער קהילה, וואָס איז געווען באַקאַנט אַלס

הקדיש. אין דעם דאָזיקן איינשטאָקיקן הויז פלעגן אָפּט איבער־נעכטיקן וואַנדערנדיקע בעטלער. היינט וואוינט דאָ דער שוחט, א. לאַנדסמאַן.

דאָ און דאָרט האָבן זיך געזען רעשטלעך פון חורבות און לעבן זיי נייע הייזער. איך האָב זיך אַלזאָ געפונען אין דער געגנט, וואו מיט צוויי הונדערט יאָר צוריק איז אויפגעקומען דער יידישער ישוב אין טשענסטאָכאָוו. דאָס זיינען די גאַסן נאַד־דזשעטשנאַ (די יידן האָבן זי גערופן: זשיקע־גאַס), גאַרנצאַרסקאַ (טעפּער־גאַס), דער אַלטמאַרק, דער נייער מאַרק, די מיראָווסקאַ און אַנדערע חרובע גאַסן, וואו אונטער דער נאַצישער אָקופּאַ־ציע האָט זיך געפונען דאָס געטאָ.

אין אָט די געסלעך מיט די הילצערנע, צעבויגענע הייזקעס האָבן די נאַציס, אין אַפּריל פון יאָר 1940, צונויפגעטריבן די 29 טויזנט טשענסטאָכאָווער יידן, אָן ערך צוואַנציק טויזנט פון די אַרומיקע שטעטלעך — פון זאַלאָשין, ראַדאָמסק, יאַנאָוו, קאָמיק און פון אַנדערע ישובים.

איך האָב געבלאָנדזשעט איבער דער פינצטערער, פּוסטער וואַרשעווער גאַס אין דעם אַלטן קוואַרטאַל פון טשענסטאָכאָוו, וואָס יידן האָבן אַמאָל גערופן די „גובערניע". אין דער שטיל־קייט פון דער נאַכט האָב איך געהערט דעם גערויש פון טייך וואַרטאַ, ביי וועמענס ברעגן די ערשטע טשענסטאָכאָווער יידן האָבן געוואוינט אין הילצערנע שטיבעלעך, וואָס פלעגן אין די פרילינגס ווערן פאַרפלייצט דורך דעם ברויזנדיקן טייך.

אַלס ישוב האָט טשענסטאָכאָוו שוין עקזיסטירט אין 13טן יאָרהונדערט. דאָס איז געווען אַ קליין דערפל צופוסנס פון „ליכ־טיקן באַרג" און זיין קלויסטער. ערשט אין 1717 איז געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פאַר דעם נייעם טשענסטאָכאָוו, אין וועלכן עס האָבן זיך אויך באַזעצט די ערשטע יידן. דאָס זיינען געווען באַלמלאָכעס, הענדלער און אייגנטימער פון קרעטשמעס.

דער אינדוסטריעלער אויפבלי פון דער שטאָט דאַטירט זיך פון יאָר 1845, ווען דורך טשענסטאָכאָוו איז דורכגעפאָרן די ערשטע באַן אויף דער ליניע: ווין־וואַרשע. ביים סוף פון 19טן יאָרהונדערט, אין 1899, האָט דער וואַרשעווער אייזן־פאַבריקאַנט, בערנאַרד האַנטקע, אַ געשמדטער ייד, אויפגעבויט אין טשענ־סטאָכאָוו אַ גרויסע שטאָל־פאַבריק, וואָס איז פאַרשלונגען גע־וואָרן דורך דעם נייעם שטאָל־קאָמבינאַט. נאָך דעם דערפאָלג־רייכן אָנפאַנג פון דער האַנטקע־פאַבריק איז אַנטשטאַנען לענ־טשערס ציקאָריע־פאַבריק, גראָסמאַנס קאַלך־אויוונס, די מעבל־פאַבריק פון די ברידער קאָהן און די ערשטע טאַפּעטן־פאַבריק פון הענריך מאַרקוספעלד, וואָס מען האָט אין טשענסטאָכאָוו גערופן די „פאַרביאַרניע". אין טשענסטאָכאָוו איז אויך אויפ־געשטעלט געוואָרן די ערשטע זייגערלעך־פאַבריק אין פוילן. איר אייגנטימער, חנינה גאָלדבערג, האָט געמאַכט אַ ריי וויכ־טיקע דערפינדונגען און זיינע פּאַטענטן זיינען אָפּגעקויפט גע־וואָרן דורך שווייצאַרישע זייגער־פאַבריקאַנטן.

טשענסטאָכאָוו האָט באַלאַנגט צו די סאַמע אָנגעזעענסטע יידישע קהילות אין פוילן און אויף פיל געביטן פון עקאָנאָמישן, סאָציאַלן און פּאָליטישן לעבן האָט טשענסטאָכאָוו פאַרנומען דעם אויבנאָן צווישן די מיטעלע קהילות. פון דעם פילפאַרביקן, רייכן יידישן לעבן אין טשענסטאָכאָוו זיינען פאַרבליבן בלויז נישטיקע סימנים.

אין פרילינג פון יאָר 1945, ווען איבערן חרובן יידישן ישוב אין פוילן האָט זיך אויפגעהויבן דער בלוטנדיקער פאָר־האַנג, האָט טשענסטאָכאָוו זיך אַנטפּלעקט אַלס די גרעסטע יידישע קהילה אין פוילן, נאָך לאָדזש און וווראָצלאַוו. די העכער 5,000 יידן, וואָס זיינען צוריקגעקומען פון די לאַגערן און פון אונטערערדישע באַהעלטענישן, האָבן לויט דער פּראָפּאָרץ מיט זיך פאַרגעשטעלט די גרעסטע צאָל געראַטעוועטע יידן, ווי אין וועלכער עס איז אַנדערער יידישער קהילה. אין טשענסטאָכאָוו האָבן זיך געפונען פיל מער יידן ווי אין וואַרשע.

די לאָקאַלע מאַכט האָט פאַר די צוריקגעקומענע יידן באַ־פרייט די פאַרבליבענע קהלשע בנינים. עס איז צוריק אויפ־געלעבט געוואָרן די י. ל. פּרץ שול. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ קולטור־קלוב, אַ דראַמאַטישער קרייז און עס זיינען איינגע־שטעלט געוואָרן אַ ריי יידישע קאָאָפּעראַטיוון. דאָס אַלץ האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. טשענסטאָכאָוו איז שנעל געוואָרן אַ קריטישער צענטער אין דעם טיטאַנישן פאַרמעסט צווישן די צוויי עקסטרעמע כוחות אין פוילן: דער קאָמוניסטישער רע־זשים מיט זיין מעכטיקן פּאָליציי־אַפּאַראַט און די קאַטוילישע קירך, וואָס האָט אַ פיל מעכטיקערן וואָפן — דעם גלויבן פון דער איבערוועגנדער מערהייט פון דער פּוילישער באַפעל־קערונג.

פיל פריער און שנעלער ווי אין אַלע אַנדערע צוריק־אויפגעלעבטע קהילות אין פוילן האָבן די טשענסטאָכאָווער יידן גענומען אויסוואַנדערן. פון די העכער 5,000 יידן אין יאָר 1945, זיינען צען יאָר שפּעטער, ביים סוף פון פּאָליציי־רעזשים, פאַר־בליבן קוים 500 יידן. פון זיי איז העכער אַ דריטל אַוועק נאָך די שטורמישע אָקטאָבער־טעג, ווען גאָמולקאַ איז געקומען צו דער מאַכט און די פּוילישע באַפעלקערונג האָט די נייע פריי־הייטן גענומען נוצן קודם כל קעגן די יידן.

* * *

די ערשטע שטוב, וואָס איך האָב באַזוכט אין טשענסטאָ־כאָוו איז פאַר מיר געווען די טרויעריקסטע אילוסטראַציע צום אונטערגאַנג פון דער דאָזיקער רומפולער יידישער קהילה. איך האָב געקלעטערט אויף די פינצטערע טרעפּ אין עטלעכע הייזער, וואוהין איך האָב געהאַט אַדרעסן צו טשענסטאָכאָווער יידן, אָבער קיינער האָט נישט געענטפערט אויף מיין קלאַפּן און קלינגען. די ערשטע טיר האָט זיך פאַר מיר געעפנט אין דער וואוינונג פון חיים סעגאַל, אויף פּאַלטשינסקי גאַס נומער 8, וואוינונג 11.

עס האָט מיר געעפנט אַ יונג מיידל פון אַרום 16 יאָר אַלט, וועלכע האָט מיר דערקלערט, אַז דער פאָטער איז נישטאָ אין דער היים און אַז ער וועט קומען ערשט שפּעט ביינאַכט. ווען איך האָב שוין געהאַלטן ביים אַוועקגיין, האָט זיך פון אינע־ווייניק דערטראָגן אַ שוואַכע, נערוועזע שטימע, וואָס האָט גע־רופן: „קומט אַריין, קומט אַריין".

דאָס איז געווען די קראַנקע פרוי פון חיים סעגאַל, דאָראַ, וועלכע ליגט שוין צו־בעט העכער צוויי יאָר צייט. די אָפּגעמאָ־גערטע, בלאַסע פרוי מיט אירע פאַרטרערטע, גליענדיקע אויגן האָט אָבער אַרויסגעוויזן זעלטענע וואַכזאַמקייט און ביז גאָר ראַפינירטע אינטעליגענץ.

אויף מיין פאַרלאַנג האָט פרוי סעגאַל געמאַכט עטלעכע טעלעפאָנען און אין פאַרלויף פון אַ האַלבע שעה האָבן זיך פאַרזאַמלט עטלעכע טוער פון קולטור־געזעלשאַפטלעכן פאַר־

באַנד. צווישן זיי איז אויך געווען דער סעקרעטאַר משה לעדערמאַן, וועלכער וואוינט אין דעם זעלבן הויז.

ביז שפּעט נאָך האַלבער נאַכט איז אָנגעגאַנגען דער שמועס און איך בין פאַרוואָרפן געוואָרן מיט פראַגן וועגן אַמעריקע און ישראל. יעדעס מאָל, ווען איך האָב פּרובירט לענקן דאָס געשפּרעך אויף דעם יידישן טשענסטאָכאָוו, איז דער ענטפער געווען: „נישטאָ וואָס צו דערציילן. דאָס יידישע קאַפּיטל פון טשענסטאָכאָוו ענדיקט זיך". קעגן די דאָזיקע פּעסימיסטישע באַהויפּטונגען האָט בלויז די קראַנקע פּרוי פּראָטעסטירט: „דאָס זיינען שוואַרץ־זעער, דאָס זיינען דעפּעטיסטן!".

די פאַרזאַמלטע טשענסטאָכאָווער יידן האָבן טאַקע נישט געהאַט צופיל וואָס צו דערציילן, אָבער דאָס וואָס זיי האָבן דערציילט, האָט באַשטעטיקט זייער פּעסימיזם. אַלע פאַרבליבענע טשענסטאָכאָווער יידן זיינען איבערצייגט, אַז עס איז פאַר זיי מער נישטאָ קיין צוקונפט אין פּוילן, טראָץ דעם, וואָס גראָד אין די סאַמע לעצטע חדשים איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן דער אַנטיסעמיטיזם און עס האָבן זיך גענומען איינשטעלן מער פריינדלעכע באַציאונגען מיט דער פּוילישער באַפעלקערונג. ווי אַ ביישפּיל האָבן זיי מיר ציטירט דעם פאַקט מיט דר. אַרנאָלד ראָזענבלום, וועלכער איז לעצטנס אָפּגעפאָרן קיין ישראל. זיינע צאָלרייכע פּוילישע פּאַציענטן האָבן ביים געזעגענען זיך מיט אים ממש געוויינט.

צווישן די זעכציק פאַרבליבענע יידישע משפּחות אין שטאָט זיינען די מערהייט געמישטע פאָרפעלקער און גראָד די קריסטלעכע פרויען שטויסן זייערע מענער צו פאָרן קיין ישראל. זיי זיינען איזאָלירט, איינזאַם און ווילן וואָס שנעלער אַוועק.

דער גרעסטער טייל פון די עטלעכע צענדליק יידן אין טשענסטאָכאָוו איז באַשעפטיקט אין די מלוכהשע פאַבריקן, מייסטנס אויף הויכע אַדמיניסטראַציע־שטעלעס. פאַראַן אַ צענדליק יידישע האַנדווערקער. עטלעכע יידן זיינען דירעקטאָרן פון פאַבריקן און קאָאָפּעראַטיוון, צווישן זיי אויך טאַקע חיים סעגאַל. פון דער פּראָפעסיאָנעלער יידישער אינטעליגענץ איז אין טשענסטאָכאָוו פאַרבליבן בלויז איין דאָקטאָר און איין אַדוואָקאַט.

אין דער לעצטער צייט זיינען זעכצן יידישע משפּחות צוריקגעקומען פון סאָוועט־רוסלאַנד. זיי האָבן גלייך באַקומען גוטע דירות אין די נייע הייזער. אייניקע פון זיי האָבן מיטגעבראַכט פיל ווערטפולע זאַכן, איינגעשלאָסן אויטאָמאָבילן. די צוריקגעקומענע יידן האָבן זיך געוואָרפן אויף האַנדל און עס גייט זיי גאַנץ גוט.

צווישן די רעפּאַטריאַנטן אין טשענסטאָכאָוו האָט זיך אויך געפונען אַן אָנקל פון דער קראַנקער דאָרא סעגאַל, שמואל שוואַרצבוים, וועלכער האָט זעכצן יאָר צייט אָפּגעשקלאַפט אין די סאָוועטישע גאָלד־גרובנס אין סיביר. שוואַרצבוים האָט מיט זיך מיטגעבראַכט אַ בריוו פון דער סאָוועטישער רעגירונג, אין וועלכן מען בעט אים מחילה פאַר דער „אומזיסטער באַשולדיקונג", וואָס איז אויף אים געוואָרפן געוואָרן. מען האָט אים אויך געגעבן אַ געלט־באַלוינונג, פאַר דעם גאָלד, מיט וועלכן ער האָט באַרייכערט דעם סאָוועטישן מלוכה־אוצר.

שוואַרצבוים האָט אָבער נישט געוואָלט מער פאַרבלייבן אין טשענסטאָכאָוו. ער איז גלייך אָפּגעפאָרן קיין ישראל און נאָך אַפילו מיטגענומען מיט זיך דאָס אַכט־יאָריקע טעכטערל פון זיין קראַנקער פּלימעניצע.

ד

## „אויפן ליכטיקן באַרג" — מיט די העלדן פון אויפשטאַנד אין פּויזן

זונטאָג פאַרטאָג, ווי נאָר עס האָט גענומען בלויען, בין איך אויפגעוועקט געוואָרן דורך אַ גערודער אין האָטעל און אַ כסדרדיקן אָפּהילך פון טריט, וואָס האָבן זיך דערטראָגן פון דער גאַס. דאָס האָבן פרומע קאַטוילישע עולה־רגלניקעס געאיילט צו דעם ערשטן גאָטעסדינסט אין דער קירכע אויפן „ליכטיקן באַרג". דער מעת־לעת האָט פאַרענדיקט זיין רונדע. די לעצטע שיכורים זיינען דורך די קעלנער אַרויסגעשטופּט געוואָרן פון די זיך שליסנדיקע אַלקאָהאָל־באַרן און שוין זיינען געווען פול די מילך־באַרן, וואו מענער און פרויען מיט בלאַסע, פאַרשלאָפענע געזיכטער האָבן געטרונקען אַ מין וואַסערדיקע קאַקאַאָ מיט פאַרטריקנטע זעמל. „דאָס פרישע געבעקס — האָט אַן אַלטער פּאָליאַק געזאָגט צו מיר מיט ביטערניש — איז שוין געוואָרן אויסגעכאַפּט, אָדער פאַרקויפט פון הינטן..."

אין מילך־באַר האָבן זיך שנעל געטוישט די פרימאָרגנדיקע באַזוכער. דאָס זיינען געווען מייסטנס טשענסטאָכאָווער תושבים, אַרבעטער און באַלמעלאָכעס. די איבערוועגנדיקע מערהייט פון זיי איז געקומען פון דער געדיכט־באַוואוינטער פאָרשטאָט, וואָס טראָגט דעם מאָדנעם נאָמען: „אָסטאַטני גראָש" (דער לעצטער גראָשן). דער נאָמען שטאַמט פון אַן אַלטער קרעטשמע, וואָס האָט דאָרט עקזיסטירט מיט העכער הונדערט יאָר צוריק און איז אַזוי אָנגערופן געוואָרן דערפאַר, ווייל אין דער קרעטשמע פלעגן די פּויערים פאַרטרינקען דעם לעצטן גראָשן.

היינט וואוינען אין דעם דאָזיקן קוואַרטאַל די סאַמע אָרעמסטע פּוילישע אַרבעטער, מייסטנס וועבער־אַרבעטער, וועלכע פאַרדינען פון 800 ביז 1,000 זלאָטעס אַ חודש, וואָס איז קוים גענוג אויף שפּייז פאַר אַ קליינער משפּחה. אויף די אַנדערע אויסגאַבן פאַרדינט מען „פון דער זייט". אין די מייסטע פאַלן הייסט דאָס איינפאַך דורך גנבענען טאָג־טעגלעך פון פאַבריק אַ קנוילכל ביינוואָל אָדער וואָל, פון וועלכע די פרויען שטריקן זאָקן אָדער סוועטערס און פאַרקויפן זיי פאַר ביליקע פּרייזן צו די האַנדווערקער, וועלכע האָבן דערלויבענישן צו אַרבעטן פאַר זיך. דער אָרגאַניזירטער פּוילישער פּראָלעטאַריאַט ווערט אַזוי אַרום אַריינגעצויגן אין דער נעץ פון גנבה־סיסטעם, אויף וועלכן עס שטיצט זיך דער עקאָנאָמישער „אונטערגרונט" אין טשענסטאָכאָוו.

די עלטערע טשענסטאָכאָווער אַרבעטער, וועלכע האָבן מיר אָפּן, אָן שום צוריקגעהאַלטנקייט, דערציילט וועגן דעם דאָזיקן גנבה־סיסטעם, האָבן אָנגעשטאָט דעם וואָרט גנבה גענוצט דעם אויסדרוק „מיטנעמען", גלייך ווי דאָס וואָלט געווען אַ נאַטירלעכער טייל פונעם נייעם לעבנס־שטייגער אונטער דעם קאָמוניסטישן רעזשים.

מיטאַמאָל האָט אין מילך־באַר זיך באַוויזן אַ גרעסערע גרופּע יונגע מענער און פרויען אין פיינע, ציכטיקע מלבושים, וואָס האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ שאַרפן קאָנטראַסט צו די אָפּגעטראָגענע, פאַרלאַטעטע מלבושים פון די טשענסטאָכאָווער אַרבעטער. אייניקע האָבן געהאַט פאָטאָגראַפישע אַפּאַראַטן פאַרהאָנגען אויף די אַקסלען און געטראָגן אין די הענט לעדערנע טעקעס.

אין קעגנזאַץ צו די טשענסטאָכאָווער אַרבעטער האָבן די טוריסטן גענומען פּראָטעסטירן קעגן די האַרטע זעמל. זייער

פירער, וועלכער האָט געטראָגן אַן אָרעם־באַנד מיט די אותיות פּ. ט. ט. ק. (פּוילישע געזעלשאַפט פאַר טוריסטיק און לאַנד־קענטעניש) האָט זיך געווענדעט צום פאַרוואַלטער פונעם מילך־באַר און נאָך אַ שאַרפן ווערטער־אויסטויש האָבן זיך באַוויזן פרישע זעמל און אַפילו פּוטער.

ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן איז דאָס געווען אַ גרופּע פון אַ גרויסן אויספלוג פון העכער 500 פּערזאָן, וועלכע זיינען קיין טשענסטאָכאָוו געקומען מיט אַ ספּעציעלן צוג פון פּויזן — די שטאָט, וואו אין יוני פון יאָר 1956, האָט זיך אייגנטלעך אָנגעהויבן דער פּוילישער רעוואָלט קעגן מאָסקווע.

אומגלויבלעך האָט מיר אָבער דער ענין אויסגעזען, ווען איינער פון די טוריסטן האָט מיר געזאָגט, אַז אַלע באַטייליקטע אין דעם אויספלוג זיינען אַרבעטער און אינזשעניערן אין דער באַרימטער צעגעלסקי־פאַבריק. דאָס איז די פאַבריק פון לאָקאָמאָטיוון און מאָטאָרן, וועמענס אַרבעטער האָבן די ערשטע געוואָגט אַרויסצוגיין אין אַ סטרייק קעגן די הונגער־לוינען אינעם קאָמוניסטישן פּוילן און געשטעלט אַ ווידערשטאַנד קעגן דער פּאָליציי, וואָס האָט פּרובירט דעם סטרייק אונטערצודריקן.

די גרופּע טוריסטן פון פּויזן, מיט וועלכע איך האָב זיך געלאָזט צום קלויסטער אויפן „ליכטיקן באַרג", איז אויפן וועג כסדר אויסגעוואַקסן און לאַנגזאַם זיך פאַרוואַנדלט אין אַ פּראָצעסיע. דאָס האָבן זיך צונויפגעגאָסן די גרופּן, וואָס זיינען פון פאַרשיידענע האָטעלן איבער דער שטאָט זיך צונויפגעקומען, כדי צוזאַמען צו מאַכן דעם באַזוך אין דעם היסטאָרישן קלויסטער.

די אַרבעטער פון דער צעגעלסקי־פאַבריק האָבן מיר דערציילט, אַז זיי האָבן באַשלאָסן צו פאָרן קיין טשענסטאָכאָוו אַלס פּראָטעסט קעגן דעם, וואָס די פּאַרטיי האָט נישט דערלויבט איינצואָרדענען אַ פייערונג לכבוד דעם ערשטן יאָרטאָג פון דער פּוילישער אָקטאָבער־איבערקערעניש. פאַרן אָפּפאָר האָבן די אָנטיילנעמער פון אויספלוג געלייגט בלומען אויף די קברים פון זייערע חברים, וועלכע זיינען געפאַלן בעת די יוני־געשעענישן פון יאָר 1956.

אין יאָר 1946 איז די באַרימטע לאָקאָמאָטיוו־פאַבריק אין פּויזן אָנגערופן געוואָרן אויפן נאָמען פון דעם אַלטן פּוילישן רעוואָלוציאָנער היפּאָליט צעגעלסקי, אָבער דריי יאָר שפּעטער, אין 1949, איז דער נאָמען צעגעלסקי געוואָרן פאַרביטן אויף: סטאַלין. בעת די בלוטיקע געשעענישן פון יוני, 1956, האָבן די אַרבעטער אַרונטערגעריסן די סטאַלין־אויפשריפטן, צעשמעטערט די סטאַלין־ביוסטן און זייער פאַבריק צוריקגעגעבן דעם פריערדיקן נאָמען: צעגעלסקי.

ווען איך האָב געפרעגט, צי אין דעם אויספלוג פון דער צעגעלסקי־פאַבריק זיינען אויך פאַראַן פּאַרטיי־מיטגלידער, האָב איך באַקומען אַן ענטפער, אַז נישט נאָר פּאַרטיי־מיטגלידער, נאָר אַפילו סעקרעטאַרן פון פּאַרטיי־קאָמערלעך זיינען געקומען.

„אונדזערע פּאַרטיי־סעקרעטאַרן — האָט זיך אָנגערופן אַן עלטערער אַרבעטער — גייען מיט זייערע קינדער צו אַלע רעליגיעזע פּראָצעסיעס און וואַרפן אַפילו בלומען פאַר דער מאַדאָנע... אַזוי זעען אויס, די איצטיקע קאָמוניסטישע מאַכערס, — האָט ער צוגעגעבן מיט ביטערניש. — אָבער מיך האָבן זיי פון דער פּאַרטיי אויסגעשלאָסן. איך בין 37 יאָר געווען אַ מיטגליד פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי" — האָט ער מיט דער פויסט זיך געקלאַפּט אין דער ביינערדיקער ברוסט.

„אפשר איז בעסער, וואָס מען האָט אָפּגערופן די פייערונג, — האָט זיך אָנגערופן אַ צווייטער אַרבעטער. — ווער ווייס, צי עס וואָלט נישט געקומען צו נייע, אומזיסטע בלוט־פאַרגיסונגען אין פּויזן. וואָס האָבן די וואַרשעווער סטודענטן דערגרייכט מיט זייערע מאַניפעסטאַציעס קעגן שליסן דעם זשורנאַל „פּאָ פּראָסטו"? עס האָט אונדז ווי געטאָן, וואָס מען האָט צוגעמאַכט דעם דאָזיקן קעמפערישן זשורנאַל. אָבער וואָס קען מען טאָן? עס האָט נישט מער קיין זין צו פאַרגיסן בלוט. מען מוז מיט ניכטערע אויגן קוקן אויף דער פּוילישער ווירקלעכקייט".

דער וועג־ווייזער, וועלכער האָט אונדז אויפגעקלערט די געשמועסט אין פאַרלויף פון דעם צוויי־שעהדיקן באַזוך אויפן „ליכטיקן באַרג", האָבן אויסגעדריקט אַן ענלעכע מיינונג, אַז דאָס פּוילישע פאָלק מוז זיך באַפרייען פון די ראָמאַנטישע חלומות און אָנערקענען די רעאַליטעט פון פּוילנס אומגליקלעכער געאָגראַפישער לאַגע.

דער וועגווייזער, וועלכער האָט אונדז אויפגעקלערט די געשיכטע פון יעדער מויער, קאַפּעלע און טורעם, האָט באַזונדערס לאַנג זיך פאַרהאַלטן ביי דער דיקער פעסטונג־מויער מיט געקאָוועטע אייזערנע טויערן, צו וועלכער עס האָט געפירט אַ הילצערנע הענגל־בריק איבער אַ טיפן אָפּגרונט, וואָס פלעגט אָנגעפילט ווערן מיט וואַסער יעדעס מאָל, ווען טשענסטאָכאָוו איז באַלאַגערט געוואָרן דורך אַ שונא.

„אויף אָט דעם אָרט — האָט דער וועגווייזער געזאָגט — איז מיט 300 יאָר צוריק פאָרגעקומען דער „נס פון טשענסטאָכאָוו". פון אָט דעם באַסטיאָן האָט אַ קליין הייפל מאָנאַכן פאַרטריבן די גרויסע שוועדישע אינוואַזיע־אַרמיי".

עטלעכע יונגע מיטגלידער פון דעם פּויזנער אויספלוג האָבן געמאַכט אַפּיקורסישע באַמערקונגען וועגן דעם לאַקרעצדיקן לשון, וואָס דער וועגווייזער האָט גענוצט ביים שילדערן דעם „נס פון טשענסטאָכאָוו". אַ ווײַלע שפּעטער האָב איך אָבער געזען, ווי די זעלבע טוריסטן האָבן געקניט און פרום זיך געצלמט, ווען אויפן ריזיקן הויף פון קלויסטער האָט אַ גלח מיט הייליק וואַסער באַשפּרענקלט אַלע עולה־רגלניקעס פון דער צעגעלסקי־פאַבריק.

ווען איך האָב גענומען פאָטאָגראַפירן דאָס דאָזיקע מערקווירדיקע בילד פון מאַסן־עקסטאַז, איז פון דער זייט פּלוצעם אויסגעוואַקסן אַ יונגער גלח און מיך געפרעגט, צי איך האָט אַ דערלויבעניש צו מאַכן אויפנאַמעס. דאָס איז געווען דער איינציקער פאַל אין משך פון מיין גאַנצער רייזע איבער פּוילן, ווען מען האָט מיך געפרעגט וועגן אַ דערלויבעניש צו פאָטאָגראַפירן. נישט אין די קאָלכאָזן, נישט אין די פאַבריקן, נאָר אין קלויסטער־הויף אויפן טשענסטאָכאָווער „ליכטיקן באַרג" האָט מען מיך נישט געלאָזט מאַכן קיין אויפנאַמעס, אָן אַ ספּעציעלער דערלויבעניש.

פון די 500 אַרבעטער, טעכניקער און אינזשעניערן פון דער לאָקאָמאָטיוו־פאַבריק אין פּויזן, זיינען קוים עטלעכע צענדליק פאַרבליבן אין דרויסן און נישט געגאַנגען צום גאָטעסדינסט אין דער קאַטעדראַלע, וואו איבער דעם רייך־באַצירטן אַלטאַר הענגט דאָס בילד פון דער „טשענסטאָכאָווער הייליקער מאַמע" מיט איר קינד אויף דער האַנט. אויסער דער אָריגינעלער פרעסקאָ־טעכניק איז עס אין דער קירלעכער קונסט אַן אויסנאַם דערמיט, וואָס די מאַדאָנע און דאָס קינד האָבן טונקעלע, כמעט שוואַרצע געזיכטער. צו ספּעציעלע פייערלעכע גאָטעס־דינסטן ווערן די מאַדאָנע און דאָס קינד אָנגעטאָן אין שפּיצענע קליידער, אויסגעזעצט מיט טייערע איידל־שטיינער און אויף זייערע קעפּ ווערן אַרויפגעזעצט מאַסיווע, גאָלדענע קרוינען. אין דעם

אויסטערלישן געבלענד פון ליכט, וואָס פאַלט אויף דעם אַלטאַר פון די הויכע קאַנדעלאַבערן, באַקומט זיך דער איינדרוק, גלייך ווי די מאַדאָנע מיטן קינד וואָלטן געווען לעבעדיקע געשטאַלטן.

דאָס זיינען טאַקע געווען די באַמערקונגען, וואָס איך האָב אויפגעכאַפּט צווישן די אַרבעטער פון דער צעגעלסקי־פאַבריק, וועלכע האָבן גלייך נאָך דער גאָטעסדינסט אין לאַנגע רייען זיך אַוועקגעשטעלט פאַר די צאַלרייכע קאָנפעסיאָנאַלן, כדי זיך מתוודה צו זיין.

שפּעטער האָבן זיי צוזאַמען מיט די טויזנטער אַנדערע עולה־רגלניקעס מיטגעמאַכט דעם גרויסן יריד פון איינקויפן צלמים, קמיעות און שפּילצייג אין די הונדערטער בודקעס, וואָס זיינען צעשטעלט אויפן ריזיקן פּלאַץ אַרום די קלויסטער בנינים. דער דאָזיקער פּלאַץ איז אַ מין פּרימיטיווער „קאָני איילאַנד", וואו מען קען זיך פאָטאָגראַפירן, האַלטנדיק אין האַנט דאָס בילד פון דער הייליקער מאַדאָנע, אָדער פליענדיק אין דעם נייסטן טיפּ פון אַ סאָוועטישן מיג־עראָפּלאַן. מען קען דאָ אויך באַקומען היים־געקאָכטע טראַדיציאָנעל־פּוילישע מאכלים, וואָס מען סערווירט אונטערן פרייען הימל.

אַפילו די אַרבעטער פון דער צעגעלסקי־פאַבריק, וועלכע זיינען נישט געגאַנגען צום גאָטעסדינסט, האָבן מיר דערקלערט, אַז דער באַזוך אויפן „ליכטיקן באַרג" איז פאַר זיי געווען אַ טיפע איבערלעבונג, וואָס זיי האָבן נישט דערוואַרט. אַ באַזונדערס שטאַרקן איינדרוק האָבן אויף זיי געמאַכט די בילדער פון היסטאָרישן אינהאַלט, וואָס זיינען געמאָלן געוואָרן דורך די גרעסטע פּוילישע און איטאַליענישע מייסטער פון פריען רענעסאַנס, ביז די לעצטע צייטן. מער ווי אַלע קאַטעדראַלעס אין פּוילן זיינען די קירכלעכע בנינים אויפן „ליכטיקן באַרג" אין טשענסטאָכאָוו באַצירט מיט מאָנומענטאַלע פרעסקאָס פון אַ פּאַטריאָטישן כאַראַקטער, וואָס שטעלן פאַר די סאַמע דראַמאַטישסטע פּאַסירונגען אין דער טויזנט־יאָריקער געשיכטע פונעם פּוילישן פאָלק.

אין דער געשיכטע פון „ליכטיקן באַרג" זיינען אויך פאַראַן טרויעריקע יידישע מאָמענטן, אין און אַרום די טשענסטאָכאָווער קלויסטער־מויערן האָט זיך אָפּגעשפּילט דער לעצטער עפּיזאָד פון דער פראַנקיסטישער באַוועגונג, וואָס האָט במשך פון עטלעכע צענדליק יאָר געפּלאָגט די יידן אין פּוילן, גורם געווען בלוט־בלבולים און שאַרפע פאַרפאָלגונגען מצד דער קאַטוילישער קירך. דאָס איז געווען אין יאָר 1760, ווען דער שבתי־צביניק, יעקב פראַנק, איז אַריבער צום קאַטוילישן גלויבן. די צערעמאָניע פון זיין טויפונג איז אין וואַרשע דורכגעפירט געוואָרן מיט גרויס פּאַראַד און זיין טויף־פאָטער איז געווען קיין אַנדערער, ווי דער פּוילישער קעניג אויגוסט דער 3ער. באַלד נאָך דעם האָט אַ גרופּע קאַטוילישע גלחים אַריינגעבראַכט אַן אַנקלאַגע צום קירכלעכן סינאָד, אַז יעקב פראַנק שפּילט ווייטער די ראָלע פון אַ משיח און פאַרלייקנט אַזוי אַרום די קריסטלעכע דאָגמע פון דער דריי־אייניקייט.

יעקב פראַנק איז געוואָרן איינגעשפּאַרט אין דער קלויסטער־פעסטונג אין טשענסטאָכאָוו, וואו ער איז אָפּגעזעסן פולע דרייצן יאָר. די אָנהענגער פון יעקב פראַנק, וועמענס צאָל איז געווען גאַנץ גרויס אין פּוילן, זיינען געקומען קיין טשענסטאָכאָוו און געמאַכט אַלע באַמיאונגען צו באַפרייען זייער פירער. זיי האָבן דאַן דער שטאָט געגעבן אַ סימבאָלישן נאָמען: „תערא־דרומא" (טויער פון רוים), ווי אַן אָנדייטונג אויף דער תלמודישער לעגענדע וועגן משיח, וואָס זיצט איצט אַלס בעטלער ביי די טויערן פון רוים. ביים סוף פון יאָר 1772, ווען דער רוסישער גענעראַל ביביקאָוו, האָט פאַרנומען טשענסטאָכאָוו, איז פראַנק געוואָרן באַפרייט און ער האָט פאַרלאָזן פּוילן.

איך האָב געזען די גראַמע צעלע, אין וועלכער דער פאַלשער משיח, יעקב פראַנק, איז געווען פאַרשפּאַרט דרייצן יאָר צייט. די לאַנגע, שמאָלע פענצטער אין די דיקע פעסטונגס־ווענט לאָזט קוים אַריין אַביסל טאָג־ליכט. דער מאָנאַך, וואָס האָט די זונטיקדיקע באַזוכער געפירט איבערן היסטאָרישן טייל פון קלויסטער, האָט ביים דערציילן די געשיכטע פון יעקב פראַנק איבערגעחזרט די גוט־באַקאַנטע קאַטוילישע ווערסיע, אַז יעקב פראַנק האָט געוואָלט אונטערגראָבן די פונדאַמענטן פונעם קריסטנטום.

ווען איך האָב געפרעגט, צי אין די אַרכיוון פון קלויסטער זיינען פאַרבליבן וועלכע עס איז כתבים פון יעקב פראַנק, האָט דער מאָנאַך געענטפערט, אַז עס איז פאַראַן אַ גאַנצע אָפּטיילונג פון אַלטע העברעאישע כתב־ידן און גוטענבערגישע ביבלס, אָבער זיי זיינען נישט צוטריטלעך פאַר קיין באַזוכער.

די דאָזיקע יידישע אָפּטיילונג אין טשענסטאָכאָווער קלויסטער האָט געהאַט געפאָרשט דער גרויסער יידישער היסטאָריקער, דער קדוש פון וואַרשעווער געטאָ, פּראָפעסאָר מאיר באַלאַבאַן, וועלכער איז נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה אַ שטיק צייט געווען דער דירעקטאָר פון דער יידישער גימנאַזיע אין טשענסטאָכאָוו.

דער מיטליאָריקער מאָנאַך, וועלכער האָט אַרויסגעוויזן אַ נישט־דורכשניטלעכע אינטעליגענץ, האָט אויף אַ דעליקאַטן אופן מיך גענומען פרעגן, פאַרוואָס איך אינטערעסיר זיך אַזוי מיט דער יידישער אָפּטיילונג פון דער קלויסטער־ביבליאָטעק. פון דעם אופן ווי אַזוי ער האָט מיך געפרעגט האָב איך באַקומען דעם איינדרוק, אַז אויף דער צונג ליגט אים די „דעליקאַטע" פראַגע, צי איך בין אַ ייד, נאָר אַז ער וויל מיך נישט שטעלן אין קיין פאַרלעגנהייט לגבי די אַרומיקע מענטשן.

ווען איך האָב באַפרידיקט זיין נייגער און אויפן קול געזאָגט, אַז איך בין אַ ייד, האָט אויף זיינע ליפּן זיך באַוויזן אַ דיסקרעטער שמייכל און די אַרומיקע פּוילישע מיטבאַזוכער האָבן מאָדנע אָנגעשטעלט אויף מיר די אויגן, גלייך ווי דאָס וואָלט געווען פאַר זיי אַ גרויסע אַנטפּלעקונג. דער מאָנאַך האָט מיך דאַן געפרעגט, צי איך בין אַ טשענסטאָכאָווער אָדער אַ צוגעפאָרענער, ווייל ווי ער האָט געהערט זיינען אין טשענסטאָכאָוו שוין נישטאָ מער קיין יידן.

ווען איך האָב זיך אומגעקערט צוריק אין שטאָט אַריין, איז אויף דער „אַלייע פון דער הייליקער מאַריאַ" מיר אַנטקעגנגעקומען אַ גרויסע פּראָצעסיע פון עטלעכע טויזנט עולה־רגלניקעס. דאָס זיינען געווען פויערים פון די אַרומיקע דערפער, וועלכע האָבן געטראָגן הייליקע בילדער און דעם בולוואַר פאַרהילכט מיט קירכלעכע הימנען. אין אָנבליק פון דער דאָזיקער פּראָצעסיע האָבן מיר אויסגעזען בלאָס און ווירקונגסלאָז די פּלאַקאַטן און טראַנספּעראַנטן מיט די קאָמוניסטישע לאָזונגען, וואָס זיינען צעהאָנגען געווען איבער דעם זעלבן הויפּט־בולוואַר פון טשענסטאָכאָוו.

# 50־יאָריקע יובל־אַקאַדעמיע פון „בונד" אין טשענסטאָכאָוו, 1947



1. דאָס פּרעזידיום פון דער אַקאַדעמיע אין טשענסטאָכאָוו.



2. עס באַגריסט דער פאָרשטייער פון פּ.פּ.ס. ה' קאַזשימיעזש יורעק.



3. באַגריסונג פון 1־טן סעקרעטאַר פון פּ.פּ.ר. ה' קוטילאָ.



אַ פּייערונג אויף דער „יאַסנע גורע" אין יאָר 1946



אַ „סואווענירער" פון טשענסטאָכאָוו, 1951. געצייכנט פון ל. מיאַנאָווסקי




יידישע קינדער־פאַרווייילונגען לכבוד דער באַפרייאונג פון היטלעריזם אין יאָר 1956









בילדער פון די חורבן־יאָרן אין טשענסטאָכאָוו, געצייכנט פון דעם טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַן לייבל קושניר, איצט אין ישראל

# I.

# געשטאַלטן

ד״ר צבי כהן

## יעקב פראַנק אין טשענסטאָכאָוו

(אַ קאַפּיטל געשיכטע)

### א

דאָס קאַפּיטל וואָס די פראַנקיסטן האָבן אַריינגעשריבן אין דער יידישער געשיכטע, אין דער צווייטער העלפט פון 18טן יאָרהונדערט, איז אַזוי פרעמד און דערווידער דעם יידישן גייסט, אַזוי אומגלויבלעך און אומפאַרשטענדלעך, אַז עס לייגט זיך גאָר ניט אויפן שכל, ווי אַזוי דאָס איז אין גאַנצן גאָר מעגלעך געווען. עס זיינען ביי יידן אין פאַרשידענע צייטן געווען אַלערליי באַוועגונגען, וועלכע האָבן ניט געשטימט מיט דער יידישער לערע. עס איז געווען, למשל, אַזאַ סעקטע ווי די קאַראַאימער, וועלכע האָט געקריגט אויף די רבנים אין דער אויסטייטשונג פון דער תורה. געווען אויך סעקטן וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט מיסטיק און מעטאַפיזיק, אָבער קיינמאָל (זייט די צייטן פון ערשטן בית המקדש ווען אַ טייל יידן האָבן געדינט צו פאַרשיידענע געצן) איז ניט געווען ביי יידן נאָך אַזאַ סעקטע, וואו זנות און אויסגעלאַסנקייט זאָלן דערהויבן ווערן ביי איר צו מצוות און מעשים טובים. און דורך וועמען? — דורך יידן תלמידי חכמים און געוועזענע רבנים.

מען מוז ממש שטוינען צו לייענען אין די באַריכטן פון יענער צייט, ווי אַזוי פרומע יידן, למדנים, יידן מיט בערד און פאות וואָס זיינען ביז דעמאָלט געזעסן על התורה ועל העבודה און האָבן נאָר געלערנט און געדאַוונט, האָבן פלוצלינג דאָס אַלץ פאַרוואָרפן און גערופן דעם עולם צו סעקס־אָרגיעס, און צו טאָן דאָס עפנטלעך פאַר אַלע. עס איז ממש אומגלויבלעך, אַז פאַרשמאָלצענע פרומאַקעס וואָס זיינען געווען זייער ווייט פון וועלטלעכקייט און וועלכע האָבן זיך געהיט ביז איצט ניט עובר צו זיין אויף דער קלענסטער עבירה, זיינען פלוצלינג געוואָרן אַזוי פאַרדאָרבן צו שלאָפן עפנטלעך מיט זייערע טעכטער און צו הייסן זייערע ווייבער צו טאָן דאָס זעלבע מיט זייערע זין; און בכלל צו פראַווען אַזעלכע ווילדע ליידנשאַפט־פאַרהעלטענישן, וועלכע מען קען גאָר ניט אַרויסברענגען אויפן פאַפיר....

איז דאָס אַלץ געווען אונטער דעם היפּנאָז פון דעם פאַרפירער יעקב פראַנק ? האָט ער דאָס, דער פאַרדאָרבענער נפש און ווסטער עם הארץ, אַזוי געווירקט אויף די יידן מיט זיינע דערקלערונגען, אַז ער איז משיח? אָבער וואו זיינען געווען זייערע אויגן און וואו זייער גלייכער שכל צו זען, אַז דער דאָזיקער נפש, וואָס איז אַריינגעטאָן אין לויטער תאווה, פון קאָפּ ביז צו די פיס, איז ניט קיין הייליקער און אַז זיי דאַרפן זיך ניט לאָזן פאַרפירן פון אים ?...

און ווי ווייט זיינען זיי געגאַנגען — ביז שמד, יאָ, דער געוועזענער רב אלישע שאָר, אַן אייניקל פון „תבואות שור” און זיינע זין, אויך רבנים, האָבן זיך אַלע געלאָזט פאַרפירן פון אָט דעם נפש ביז צו דער טיר פון גלח אין טשענסטאָכאָוו, וואו ער האָט זיי באַשפּריצט מיטן קריסטלעכן הייליקן וואַסער. און פאַר



יעקב פראַנק

וואָס נאָר די דריי? צען טויזנט יידן האָבן זיך געשמדט אין גאָר אַ קורצער צייט, אַ טייל פון זיי האָט זיך באַזעצט אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק, און אַנדערע אין טשענסטאָכאָוו, כדי צו זיין נאָענט צו זייער רבין.

האָבן זיי גאָר פאַרלאָרן זייער שכל ? האָבן זיי אין גאַנצן ניט געוואוסט פון קיין גרענעץ? איז ביי זיי טאַקע אַלץ געווארן הפקר . האָט ווירקלעך אָט דער יעקב פראַנק געהאַט אויף זיי אַזאַ היפּנאָטישן איינפלוס ? און ווי אַזוי קען מען פאַרשטיין דאָס וואָס אָט די יידן זיינען געוואָרן מוסרים און בלבול־מאַכערס און געהעצט די גלחים, אַז מען זאָל פאַרברענען דעם תלמוד אויף אַ שייטער־הויפן אין מיטן טאָג ? ווי קען מען פאַרשטיין דאָס וואָס אָט די געוועזענע פרומאַקעס זיינען אַרומגעלאָפן איבער די יידישע הייזער און צוגענומען וואו נאָר זיי האָבן געקענט אַ יידיש ספר און עס אַוועקגעטראָגן צו פאַרברענען ?

ניט איין גרויסער פּסיכאָלאָג און קענער פון דער מענטשלעכער נשמה, מאַטערט זיך צו דערגיין, וואָס דאָ איז אַזוינס פאָרגעקומען און קאָן קיין ענטפער ניט באַקומען. ווייל די פאַר־

שונג פון אַט דער אויסטערלישער דערשיינונג קען עפּענען אַ וועג צו פאַרשטיין, ווי ווייט אַ מענטש קען בלאָנדזשען; ווי טיף אַ מענטש קאָן פאַלן דורך דער אומבאַגרענעצטער השפּעה פון אַ מאָדערנעם מכשף. ערשט ווען מיר וועלן דאָס דערגיין, וועט מען קענען פאַרשטיין פיל פון די סודות פון דער מענטשלעכער נשמה...

* * *

אָבער ווי עס זאָל ניט זיין, דער יידישער ישוב אין טשענ־סטאָכאָוו הייבט זיך אָן מיט אָט דער מאָדנער און איינציק־אַר־טיקער דערשיינונג אין יידישן לעבן אין די גלות־לענדער. פון דעם מאָמענט אָן ווען יעקב פראַנק איז אַרייַנגעזעצט געוואָרן אין דער טשענסטאָכאָווער פעסטונג אין יאָר 1760, ביזן יאָר 1772, ווען ער איז פון דאָרטן באַפרייט געוואָרן, האָט אין טשענ־סטאָכאָוו זיך געטומלט מיט יידן. עס האָבן געצויגן אַהין יידן משומדים, ד״ה אַזעלכע, וואָס האָבן זיך שוין פריער געשמדט און זיינען געפאָרן אַהין צו זען זייער רבין יעקב פראַנק; עס זיינען אויך געפאָרן אַהין אַנדערע יידן, מיטן געדאַנק זיך דאָרטן צו שמדן, אין דער מסיבה פון זייער רבין, און עס זיינען גע־פאָרן אַהין נאָך אַנדערע יידן, וואָס האָבן זיך ניט געהאַט בדעה צו שמדן זיך, אָבער זיי זיינען געפאָרן כדי צו זען זיך מיט זייערע קרובים, מיט די יידן וואָס זיינען דאָרטן געווען, צוליב משפּחה־ענינים אָדער צוליב געשעפט.

עס איז געווען אַ יאַריד פון יידן וואָס זיינען געפאָרן אַהין און אויך פון אַזעלכע, וואָס זיינען געפאָרן צוריק. אין יענע דרייצן יאָר. עס האָט דאָרטן זיך געטומלט כסדר מיט יידן.

און דאָס איז געווען אַ נייעס, ווייל ביז דעמאָלט האָט מען קיין יידן קיין טשענסטאָכאָוו ניט צוגעלאָזן. אין דער צייט ווען אין אַלע אַרומיקע שטעט זיינען שוין געווען פון יאָרן לאַנג יידישע קהילות, איז אַזאַ קהילה אין טשענסטאָכאָוו ניט געווען. דאָס איז געווען דערפאַר, ווייל די גלחים האָבן עס ניט גע־וואָלט. טשענסטאָכאָוו איז שוין געווען באַקאַנט אַלס אַ הייליקע שטאָט אין דער קריסטלעכער וועלט. „יאַסנאַ גוראַ״ — דאָס ליכ־טיקע בערגל — אויף וועלכער דער מאָנאַסטיר איז אויסגעבויט געוואָרן, איז שוין געוואָרן אַ סימבאָל אין די אויגן פון די פרומע קריסטלעכע צופאָרער. די פיגור פון דער „הייליקער מאַמע״ וואָס באַווייזט וואונדער איז שוין געווען פּאָפּולער אין דער גאַנצער סביבה און מען האָט מורא געהאַט פאַרן שאַרפן יידישן אויג, אַז ער זאָל ניט דערזען עפּעס אַנדערש, אַז ער זאָל אַמאָל ניט שטערן די לעגענדאַרישע הייליקייט.

און אָט האָט זיך אָנגעהויבן דער פראַנקיסטישער יאַריד. יידן זיינען געקומען, יידן זיינען אַוועקגעפאָרן. יידן אויף די וועגן קיין טשענסטאָכאָוו און פון טשענסטאָכאָוו. און אַ טייל פון די יידן זיינען דאָרטן געבליבן. פיל האָבן זיך דאָרט באַזעצט. געשמדטע, ערב־געשמדטע און ניט קיין געשמדטע...

צום ערשטן האָבן זיך געשמדט די זין פון דעם רב אלישע שור וואָס האָבן אָנגעפירט מיט דער גאַנצער באַוועגונג. שלמה שור האָט פאַרביטן זיין נאָמען אויף פראַנצישקאָ וואָלאָווסקי, נתן שור האָט זיך איצט גערופן שוין מייקעל וואָלאָווסקי. יעקב פראַנק אַליין האָט זיך געשמדט אין וואַרשע און האָט ניט אַנדערש געוואָלט נאָר, אַז דער פּוילישער קעניג אויגוסט דער דריטער, זאָל זיין זיין טויף־פאָטער. דערנאָך האָט זיך געשמדט זיין פרוי און זיין טאָכטער חיה. אַנדערע יידן וואָס האָבן זיך געשמדט האָבן באַקומען די נעמען: דעמבראָווסקי, דזשאַלינסקי, וואָלינסקי, זאַלעסקי, וואָרבזשינסקי און פיל אַנדערע. פיל פון די יידן האָבן אָבער געהאַט משפּחה־מיטגלידער וואָס האָבן זיך ניט גע־וואָלט שמדן און זיינען געבליבן אין טשענסטאָכאָוו. עס האָט געהייסן, אַז מען דאַרף זיי ערשט צוגרייטן צום שמד. ווען יעקב פראַנק איז אַרויס נאָך דרייצן יאָר פון פעסטונג, צוליב דעם וואָס די רוסן, וואָס האָבן איינגענומען טשענסטאָכאָוו. האָבן אים באַ־פרייט, איז ער אַוועק פון דאָרטן קיין דייטשלאַנד, אָבער פיל פון די יידן זיינען שוין געבליבן אין טשענסטאָכאָוו און די וואָס האָבן זיך ניט געהאַט געשמדט, האָבן שוין ניט געטראַכט דערפון און אַפילו פון די וואָס האָבן זיך געהאַט געשמדט זיינען געוואָרן צוריק יידן, אָדער זיי האָבן געפירט אַ לעבן פון „אנוסים״. זיי האָבן אָפּגעהיט יידישקייט אין דער שטיל און דערצויגן זייערע קינדער אַלס יידן, כאָטש זיי אַליין זיינען געבליבן פאַר דער עפנטלעכקייט גוטע קריסטן.

דערמיט דערקלערט זיך וואָס עס האָבן זיך געפונען צווישן די יידן פיל אַזעלכע וואָס האָבן געהאַט פּוילישע פאַמיליע־נע־מען. דאָס זיינען על פּי רוב געווען קינדער פון יענע פראַנקיסטן, וועלכע האָבן אויסגעטוישט דאָס רענדל. שפּעטער האָבן זיי דערויף חרטה געקראָגן .אָבער עס איז שוין געווען פאַרפאַלן.

אין גאַנג פון די יאָרן האָבן פיל פון די פאַמיליעס פאַר־געסן וועגן זייערע עלטער־עלטער פאָטערס, וועלכע האָבן זיך געלאָזט פאַרפירן אויפן וועג צו שמד און אַזוי האָט אויך די יידישע קהילה פאַרגעסן יענעם טרויעריקן קאַפּיטל און די דאָ־זיקע יידן זיינען געבליבן ביי זייער יידישקייט, טראָץ זייערע פּוילישע נעמען.

* * *

אָבער מיטן גאַנצן טומל פון דעם יידישן יאַריד אין די דרייצן יאָר, ווען יידן האָבן אָנגעהויבן צו קומען קיין טשענ־סטאָכאָוו און כאָטש לויט עדות פון פּוילישע רעגירונגס־לייט און פון גלחים האָבן זיך אין יענער עפּאָכע אומגעקערט צו יידישקייט פיל פון די געשמדטע יידן, וואָס זיינען דאָרטן גע־ווען, איז דאָך ביים סוף פון 18טן יאָרהונדערט געבליבן זייער ווייניק יידן אין דער שטאָט. אַזוי, למשל, האָט די קליינע יידישע קהילה פון דערבייאיקן שטעטל יאַנאָווע, שוין געהאַט פון לאַנג אָן אַ גרויסע שול און אַן אייגענעם יידישן בית עולם. אָבער טשענסטאָכאָוו האָט נאָך גאָר ניט געהאַט, ניט קיין שול און ניט קיין בית עולם און אויך ניט קיין שום אַנדערע פאָרם פון יידיש געזעלשאַפטלעך לעבן.

אין יענער צייט האָט טשענסטאָכאָוו באַלאַנגט צו פּרייסן און די דייטשן האָבן דאָרט געהערשט אויפן פּרייסישן אופן. שפּעטער, ווען נאַפּאָלעאָן האָט געשאַפן דאָס פירשטנטום וואַרשע (און טשענסטאָכאָוו האָט באַלאַנגט צו דעם פירשטנטום) האָט זיך אָנגעהויבן אַ יידיש געזעלשאַפטלעך לעבן אין יענער שטאָט. פון יענער צייט האָבן מיר די ערשטע ידיעות וועגן אַ שול צום דאַווענען אין טשענסטאָכאָוו. אָט די טעטיקייט פאַר אַזאַ שול האָט זיך אָנגעהויבן ערשט אַזוי שפּעט ווי אין 1808. וועגן אַ בית־עולם האָט מען נאָך דעמאָלט אַפילו ניט געטראַכט.

באַלד האָט מען געזען אַ נייע דערשיינונג, וואָס האָט אַ סך דערמאָנט אָן די טעג פון די פראַנקיסטן. און עס האָט זיך אויס־געדוכט אַז די זאָמען וואָס די פראַנקיסטן האָבן פאַרזייט האָבן געבראַכט „פּרוכט״. עס האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַ שמד־באַ־וועגונג אין טשענסטאָכאָוו צווישן דער קליינער צאָל יידן, וואָס עס איז דאָרטן געווען. פיל פון די יידן וואָס זיינען געווען

אַנהענגער פון פראַנקן און וועלכע האָבן מיטן אָפּפאָרן פון פראַנקן פון טשענסטאָכאָוו באַשלאָסן צו ווערן צוריק יידן, האָבן שפּעטער חרטה געקראָגן דערויף און זיך אומגעקערט צום קריסטנטום און אַנדערע האָבן באַשלאָסן אַרויסצוּוואַרפן דאָס לעצטע ביסל יידישקייט פון זייערע הייזער אַין גריטן זיך צום שמד. באַזונדערס שטאַרק איז די באַוועגונג געווען צווישן די קינדער פון די משומדים, וועלכע האָבן זיך אויפגעצויגן אַלס קריסטן און וועלכע האָבן געוואָסן גאַנץ ווייניק לערע וועגן יידישקייט. צוליב דעם וואָס די קהילה איז געווען אַ קליינע, קיין שול איז ניט געווען און קיין שום יידיש לעבן האָט זיך ניט געמערקט. דאָס האָט געפירט דערצו אַז פיל פון די פראַנקיסטישע קינדער, וועלכע די עלטערן האָבן געזאָלט צוריק מאַכן פאַר יידן, אָדער וועלכע זיינען אַליין געוואָרן יידן, זאָלן אויפגעבן זייערע פאַרבינדונגען מיט יידן אין יידישקייט און זיך שמדן. אַט די שמד־מגפה האָט אָנגעוואָרפן אַן אימה אויף אַלע יידישע קהילות אַרום טשענסטאָכאָוו און דער נאָמען „טשענסטאָכאָווער שמדניקעס" איז געוואָרן פאַרשפּרייט אומעטום אין אַלע יידישע שטעטלעך פון גאַנצן געגנט. די שמדניקעס האָבן אַפילו איינגעפירט אַ מאָדע ניט צו בייטן אין גאַנצן דעם אידישן פאַמיליע־נאָמען, נאָר צו צולייגן צום נאָמען דאָס ענדע וואָרט „אָווסקי". אַזוי, למשל, האָט זיך געשמדט איינער וואָס האָט געהייסן „באַלזאַם" האָט ער זיך אַ נאָמען געגעבן „באַלזאַמאָווסקי". אַ צווייטער וואָס האָט געהייסן ווישליק, האָט זיך אַ נאָמען געגעבן „ווישליצקי", און אַזוי איז עס אַוועק כסדר: פון יאַקובאָוויטש איז געוואָרן יאַקובאָווסקי און פון איצעק איז געוואָרן איצקאָווסקי און אַזוי אויך מיט אַלע אַנדערע נעמען.

דער נייער ישוב אין טשענסטאָכאָוו איז געווען אָן אַ מנהיג. קיים רב, קיין דיין, קיין מורה־הוראה, קיין חזן, קיין שוחט איז ניט געווען. אָבער די אַלע זאַכן זיינען געווען אין די אַרומיקע שטעטלעך. דעריבער פלעגט מען ברענגען קיין טשענסטאָכאָוו כשר פליש פון יאַנאָוו. אויף די ימים נוראים איז מען געפאָרן אין די אַרומיקע שטעטלעך, כדי דאָרטן צו דאַווענען. עס איז אין טשענסטאָכאָוו ניט געווען קיין זאַגער און קיין פירער. דאָס האָט אַ סך מיטגעווירקט אַז די שמד־עפּידעמיע זאָל אָנהאַלטן אַ שטיק צייט.

אָבער עס קען זיין, אַז עס איז אַיך געווען די שמד־מגפה וואָס האָט געעפנט די אויגן פון דער קליינער צאָל יידן וואָס זיינען דאָרטן געווען צו פאַרטראַכטן זיך וועגן דעם און זיי האָבן זיך גענומען באַמיען צו שאַפן אַ יידיש געזעלשאַפטלעך לעבן אין טשענסטאָכאָוו.

אין גאָר אַ קורצער צייט אין אָנהויב פון 19טן יאָרהונדערט זעען מיר דאָרטן אַ גרויסע ענדערונג. פון אַ שטעטל וואָס איז געווען זייער הינטערשטעליק אין יידישע ענינים וואַקסט זי גאָר גיך אויס צו זיין אַ פיינע יידישע קהילה. מען בויט אַ שול און באַלד דערנאָך אַ בית המדרש. עס ווערט איינגעהאַנדלט אַ בית עולם און עס אַנשטייען יידישע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, די ערשטע נאַטירלעך — די חברה קדישא, אָבער נאָך איר פיל אַנדערע. ניט בלויז פאַר טויטע נאָר אויך פאַר די לעבעדיקע.

אַזוי אַרום קאָן מען זאָגן אויף טשענסטאָכאָוו דעם פּסוק: „מעז יצא מתוק". פון דער שלעכטער דערשיינונג פון די פראַנקיסטן, פון זייערע שמד־פּראָצעסיעס קיין טשענסטאָכאָוו האָט זיך אויסגעשיילט דאָס, וואָס אין אַט דער שטאָט, וואו מען האָט קיין יידן ניט אַריינגעלאָזט, האָט זיך געשאַפן אַ גרויסער יידישער ישוב, וואָס איז אין יאָר 1939 פאַרן חורבן פון היטלערן געווען דער שענסטער פון גאַנצן אומגעגנט. טשענסטאָכאָוו איז געוואָרן פון אַ מנין יידן צו אַן „עיר ואם בישראל" און האָט מיט אירע רבנים און לומדים, מיט אירע מנדבים און אינסטיטוציעס געוואונען אַ פּלאַץ אויבן־אָן אין יידישן לעבן אין פּוילן. דאָס מאַכט נאָך טיפער דעם צער איבער איר חורבן.

# הרב הגאון ר׳ נחום אַש, זצ״ל

## ב

טשענסטאָכאָוו, וועלכע איז מיט איר גרויסער און פילפאַרביקער יידישער באַפעלקערונג געווען אַן „עיר ואם בישראל" האָט זוכה געווען צו פיל זאַכן, וואָס אַנדערע גרויסע יידישע שטעט אין פוילן האָבן זיך דערמיט ניט געקאָנט באַרימען: אַזוי האָט זי זוכה געווען, אַז אין אירע גרענעצן איז געשאַפן געוואָרן דער ערשטער „חזנים סעמינאַר"; אין טשענסטאָכאָוו איז אויך געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פאַר דעם ערשטן חזנים־פאַרבאַנד אין דער וועלט. ביידע, דורך דער טעטיקייט פון גרויסן געלערנטן און נגינה־קינסטלער ר׳ אברהם בער בירנבוים ז״ל וואָס האָט געלעבט און געלערנט אין דער שטאָט אַלס קאַנטאָר פון דער „נייער שול" במשך פון 20 יאָר; טשענסטאָכאָוו איז אויך געווען איינע פון די ערשטע שטעט אין דער פוילישער פּראָווינץ, וואו עס איז זייער פרי אין איצטיקן יאָרהונדערט געשאַפן געוואָרן אַ יידישע טאָג־צייטונג: זי איז אויך געווען איינע פון די געציילטע שטעט, וואו ס'איז געשאַפן געוואָרן אַ יידישע גימנאַזיע, נאָך אַזוי פרי ווי אין יאָר 1917. אָבער פון אַלע זכיות וואָס דאָס יידישע טשענסטאָכאָוו האָט געהאַט, איז זיכער די גרעסטע געווען צו האָבן אַלס איר שטאָט רב, דעם גרויסן גאון און קלוגן מענטש, הרב ר׳ נחום בר׳ דוד צבי אַש ז״ל וועלכער איז געזעסן דאָרטן על כסא הרבנות נאָענט צו אַ האַלבן יאָרהונדערט (פון 1889 ביז 1936).

הרב ר׳ נחום אַש איז געווען איינגעטונקט אין יחוס. זיין פאָטער, ר׳ דוד צבי, איז געווען אַ גרויסער למדן און אַן אָנגעזעענער סוחר אין גראַדזינסק אַין דערצו אַ פאַרברענטער קאָצקער חסיד; ער איז געווען אַ שוואָגער פון באַרימטן גביר אין יענער צייט, ר׳ בערל גאָלדפאַרב, וועלכער האָט, כאָטש עס זיינען ביי אים געשטאַנען פעסלעך מיט גאָלדענע רענדלעך (אַזוי איז געווען די לעגענדע וועגן אים), דאָך ניט געוואָלט קיין הנאה האָבן פון זיין רייכקייט, איז אַרומגעגאַנגען אָרעם געקליידעט און פלעגט לעבן ממש אויף ברויט מיט וואַסער און זיין גאַנץ געלט צעטיילט פאַר צדקה. אין יענעם הויז האָט זיך אויך אויפגעצויגן דער גרויסער גאון און צדיק ר׳ מאיר יחיאל הלוי, וועלכער איז שפּעטער באַקאַנט געוואָרן אַלס דער אָסטראָווצער רב אַין רבי. דער אָסטראָווצער רבי איז געווען באַקאַנט אין

גאַנץ פוילן דורך זיינע תעניתים אַ גאַנצע וואָך, פון שבת ביז שבת. פון זיין מוטערס צד האָט דער רב ר׳ נחום געשטאַמט פון גאון ר׳ יהודה לאַנדוי, דער מחבר פון „נודע ביהודה״ און פון דער גזע פון גאון, דער מחבר פון ספר „מגלה עמוקות״.

הרב ר׳ נחום איז שוין אין די גאָר יונגע יאָרן געווען באַקאַנט אַלס עלוי. ער האָט געלערנט עטלעכע יאָר אין דער ישיבה פון ר׳ אביגדור לייבוש לעווענטאַל, דער רב פון קויל. ווען ער איז נאָך ניט אַלט געווען קיין 15 יאָר, איז ער געוואָרן אַן איידעם פון באַרימטן גאון ר׳ שמשון ארענשטיין, דער רב פון קאַליש, דער מחבר פון ספר „תפארת שמשון״, וועלכער האָט ר׳ נחומען אויך געגעבן סמיכה אויף רבנות.

ער איז באַלד איינגעלאַדען געוואָרן צו זיין רב אין שינאווע, אָבער ניט לאַנג דערנאָך האָט אים איינגעלאַדן די יידישע קהלה פון טשענסטאָכאָוו, איבערצונעמען דאָרטן די כסא הרבנות, וואָס איז געוואָרן דעמאָלט פריי. דאָס איז געווען אין יאָר תרמ״ט (1889)



הרב ר׳ נחום אַש ז״ל

און זייט דאַן איז ער געווען דער שטאָלץ פון יידישן טשענסטאָכאָוו ביז צום טאָג פון זיין טויט.

הרב ר׳ נחום איז געווען אַ גרויסער גאון אין לערנען און פיל רבנים האָבן זיך צו אים געווענדט מיט שאלות און תשובות צו הערן זיין מיינונג וועגן געוויסע הלכות.) עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז ווען ער איז נאָך געווען גאָר יונג, האָט ער שוין געהאַט אָנגעקליבן הגהות און באַמערקונגען צום רמב״ם, וואָס עס איז געווען אָפּגעדרוקט צום סוף פון די פיר חלקים פון רמב״מס „משנה תורה״, דאָס איז, נאַטירלעך, פאַר אַזאַ יונגנמאַן ווי ער איז נאָך דעמאָלט געווען (אין די אָנהויב צוואַנציקער) געווען אַ גרויסער כבוד. שפּעטער זיינען די הגהות אַרויס אין אַ באַזונדער ספר אונטערן נאָמען „ציוני מהר״ן״.

הרב ר׳ נחום איז אָבער ניט געווען פון יענע רבנים, וואָס גיבן זיך אָפּ נאָר מיט די „ד׳ אמות של הלכה״ און ווילן פון עפּעס אַנדערש ניט וויסן. פאַרקערט, ער האָט זיך אינטערעסירט זייער פיל מיט וועלטלעכער בילדונג און האָט געהאַט אַן אויער פאַר די פאָדערונגען פון דער נייער צייט, דעריבער האָט ער ניט געשטערט זיינע קינדער אין זייערע שטרעבונגען צו שטודירן און לערנען. ער איז אָבער געווען אַ שטרענגער אָרטאָדאָקס און כאָטש ער איז ניט געווען פאַנאַטיש, האָט ער אָבער דאָך ביי יעדער געלעגנהייט געפאָדערט, אַז דער יידישער דת זאָל אָפּגעהיטן ווערן לויטן לעצטן וואָרט פון „שלחן ערוך״.

איך האָב געהאַט די זכיה צו זיין אַן אָפטער איינגייער אין הרב אַשס הויז, ווען איך בין איינגעלאַדן געוואָרן פון דעם טשענסטאָכאָווער אַרויסגעבער, ב. באַטשאַן, צו זיין דער רעדאַקטאָר פון זיין צייטונג „טשענסטאָכאָווער טאַגעבלאַט״.

דאָס איז געווען אין זומער 1915, אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. די דייטשן זיינען דעמאָלט שוין געווען אין לאָדזש, וואו זיי זיינען אַריין נאָך דעם 6טן דעצעמבער 1914. אין לאָדזש איז דעמאָלט דערשינען די יידישע צייטונג „לאָדזשער טאַגעבלאַט״, וועלכע איז דאָרטן אַרויסגעגאַנגען זייט 1909 אונטער דער רעדאַקציע פון דעם פעאיקן זשורנאַליסט ישעיה אוגער. אָבער די דייטשן זיינען ניט געווען צופרידן מיט זיין רעדאַקציע און דעריבער האָב איך באַלד נאָך פסח 1915 איבערגענומען די רעדאַקציע פון „לאָדזשער טאַגעבלאַט״. אין אָנהויב זיינען די דייטשן געווען מער מילד צו מיר, אָבער שפּעטער האָבן זיי זיך גענומען טשעפּען יעדן טאָג וועגן עפּעס אַנדערש. דער סוף איז געווען, אַז ענדע יוני האָבן זיי די צייטונג „לאָדזשער טאַגעבלאַט״ אין גאַנצן אָפּגעשטעלט.

פאַרשטייט זיך, אַז איך בין געבליבן אָן אַרבעט. וואַרשע איז נאָך דעמאָלט געווען אין די הענט פון די רוסן און צווישן וואַרשע און לאָדזש איז געווען אַ קריגספעלד. אין יענער צייט איז אין לאָדזש אַרויסגעגאַנגען אַ נייע צייטונג, „דאָס לאָדזשער פאָלקסבלאַט״ אונטער דער רעדאַקציע פון לאַזאַר קאַהאַן, וואו ער האָט געזוכט מיין מיטאַרבעטערשאַפט, אָבער די צייטונג איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון דער דייטשישער מאַכט, און עס איז געווען אַ מורא מיטצואַרבעטן אין איר, ווייל, טאָמער קומען צוריק די רוסן וועט עס הייסן, אַז מען האָט מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן...

אין יענער צייט איז געקומען קיין לאָדזש דער טשענסטאָכאָווער דרוקער און אַרויסגעבער פון דער דאָרטיקער צייטונג, „טשענסטאָכאָווער טאַגעבלאַט״, ב. באַטשאַן, כדי צו זוכן אַ רעדאַקטאָר פאַר זיין צייטונג, וועלכע האָט זיך אויך געהאַט אָפּגעשטעלט. מען האָט אים אָנגעוויזן אויף מיר. מיר האָבן אונטערהאַנדלט און ענדלעך האָבן מיר זיך פאַרשטענדיקט, אַז איך זאָל איבערנעמען די רעדאַקציע פון זיין צייטונג.

איך בין באַלד נאָכדעם אַריבערגעפאָרן קיין טשענסטאָכאָוו. עס איז געווען סוף זומער. מיר האָבן אָפּגערעדט, אַז די צייטונג זאָל צוריק אָנהויבן צו דערשיינען דעם 5טן סעפּטעמבער 1915. דאָס איז געווען כ״ו אלול, 4 טעג פאַר ראש־השנה. אין דעם זין איז אַרויסגעלאָזט געוואָרן אַ „פּראָספּעקט״ צו די לייענער.

באַלד ווי כ׳בין געקומען קיין טשענסטאָכאָוו איז געקומען צו מיר דעם רבס יינגסטער זון, מענדל אַש, וועלכער האָט שוין געהאַט אַביסל מיטגעאַרבעט אין דער צייטונג, און מיר געזאָגט אַז דער רב וויל, אַז כ׳זאָל קומען צו אים. איך האָב אים געענטפערט, אַז איך בין העכסט צופרידן פון דער איינלאַדונג, ווייל איך אַליין וויל אויך זיך זען מיטן רב, אָבער פאַר ראש־השנה וועט עס מיר זיין אוממעגלעך, ווייל כ׳מוז מאַכן די צייטונג איינער אַליין. יעדן טאָג פיר זייטן, און שרייבן אַליין סיי די לייט־אַרטיקלען, סיי די נייעס, און סיי דאָס אַנדערע מאַטעריאַל. לכבוד ראש־השנה וועט אַרויסגיין 6 זייטן, וואָס איך וועל ווידער אַליין מוזן אויספילן, ווייל קיין אַנדערע שרייבער זיינען ניטאָ (עס זיינען געווען עטלעכע לאָקאַלע ליטעראַרישע כוחות, אָבער

זייערע זאַכן האָט מען גדאַרפט איבערשרייבן אָדער רעדאַגירן). דער יונגער אַש האָט שטאַרק געוואָלט אַז כ'זאָל עסן ביי זיי יום־טוב, אָבער דאָס האָב איך ניט געוואָלט, איז געבליבן אַז כ'זאָל קומען צו זיי אין אַ פּאָר טעג אַרום.

ווען כ'בין אַרויפגעקומען אין רבס הויז, איז פאַר מיר ווירקלעך געווען אַ נחת רוח צו זען פאַר זיך די ליכטיקע געשטאַלט פון דעם גרויסן רב. ער איז דעמאָלט אַלט געווען אַ יאָר 50. זיין באָרד איז שוין געווען דעמאָלט געמישט ווייס מיט שוואַרץ, אָבער פון זיינע קלוגע אויגן האָט אַרויסגעשיינט א טיפע חכמה. ער האָט אין אָנהייב געמיינט, אַז כ'בין בלויז אַ שרייבער און קען ווייניק אין די קליינע אותיות, אָבער ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אַז עס איז ניט אַזוי, האָט ער מיט מיר שוין געשמועסט אויף אַ מער היימישן אופן און מיר זיינען באַלד געוואָרן זייער נאָענט.

דער רב האָט מיר באַלד דערציילט, אַז ער איז שטאַרק איבערגעגעבן צום ציוניסטישן אידעאַל פון צוריק אויפצובויען אַ היים פאַר די יידן אין ארץ ישראל און האָט דערביי אַרויס־גענומען פון דער קרעדענץ אַ נאַציאָנאַל־פאָנד פּושקע, וואָס איז געווען פול מיט געלט, ער האָט געזאָגט מיט אַ זיפץ:

„וואָס טוט מען מיט די יידן וואָס ווילן דאָס נישט פאַר־שטיין? וואָס טוט מען מיט די גערער חסידים, וואָס האָבן צו מיר טענות, און זאָגן אויף מיר, אַז איך האַלט מיט די ציוניסטן און די אַפּיקורסים. איך האָב זיי שוין געוויזן, אַז די גרעסטע גאונים פון דער לעצטער צייט האָבן זיך כסדר אַרויסגעזאָגט פאַרן גע־דאַנק פון שיבת ציון, ווי, למשל, ר' צבי הירש קאַלישער; הרב ר' שמואל מאָהילעווער; דער קאַלישער רב ר' יחזקאל ליפּשיץ און פיל אַנדערע. אָבער זיי ווייסן נאָר איינס: 'דער רבי איז קעגן!' — וואָס קען איך ריידן צו זיי.?"

אָבער הרב ר' נחום אַש האָט זיך ביסלעכווייז דאָך אַלץ מער פאַרנומען מיטן געדאַנק פון שיבת ציון און האָט אַוועק־געגעבן אַ סך צייט און מי אויף צו זאַמלען געלדער פאַרן „קרן קימת" (נאַציאָנאַל פאָנד). ער האָט דאָס געטאָן ביי יעדער סעודה של מצווה, וואו ער איז געווען געלאַדן. שפּעטער, ווען עס איז אויפגעקומען דער געדאַנק פון „קרן היסוד", האָט ער זיך מיט נאָך מער ענערגיע אַריינגעוואָרפן אין דער נייער אַרבעט.

אַוודאי האָט עס די אַגודהניקעס, וואָס זיינען געווען אָרגאַ־ניזירט אין טשענסטאָכאָוו אין דער אָרגאַניזאַציע „מחזיקי הדת", דאָס ניט געשמעקט. זיי האָבן דעריבער געקעמפט קעגן אים ביי יעדער געלעגנהייט, פון וואָס דער געערטער רב האָט ניט וויי־ניק געליטן. אָבער יעדעס מאָל ביי אַזאַ געלעגנהייט, פלעגט ער זאָגן.

— עס מאַכט ניט אויס! ארץ־ישראל איז כדאי אַז מען זאָל אַביסל ליידן צוליב איר! מיר יידן ליידן אונדזער גאַנץ לעבן צוליב ארץ־ישראל. ווי זאָגן מיר ביים דאַווענען: „ומפני חטאינו גלינו מארצנו" — צוליב אונדזערע זינד זיינען מיר פאַרטריבן געוואָרן פון אונדזער לאַנד. צוליב די זינד האָבן מיר אָנגע־ווארן אונדזער לאַנד און איצט מוזן מיר דורכמאַכן פיל יסורים און ליידן, ביז מיר וועלן דאָס לאַנד האָבן צוריק!...

* * *

כאָטש די אגודה־לייט און די פרומאַקעס האָבן געהאַט טענות צום גרויסן רב פאַר זיינע ציוניסטישע אידעען, האָבן זיי אָבער דאָך געמוזט מודה זיין, אַז ער איז אַ גאון אין לערנען און נאָך עפּעס, אַז ער האָט פיל געטאָן אין טשענסטאָכאָוו, צו פאַרשטאַרקן דעם לימוד התורה און צו דערציען די יוגנט אין גייסט פון יידישקייט.

גלייך נאָכדעם ווי הרב ר' נחום אַש איז געקומען קיין טשענסטאָכאָוו אַלס רב פון דער דאָזיקער גרויסער יידישער קהילה, האָט ער צונויפגערופן אַן אסיפה פון די אָנגעזעענסטע יידישע בעלי־הבתים, כדי מיט זיי אַרומצוריידן וועגן שאַפן אַ גאַנצע רייע אינסטיטוציעס, וואָס ער האָט פאַר זיי פאָר־געלייגט.

דאָס ערשטע וואָס ער האָט פאָרגעלייגט צו שאַפן איז געווען אַ מין ישיבה קטנה, וואו די יידישע יוגנט זאָל קריגן אַ דער־ציאונג אין תנך און האָבן אויך אַ ידיעה אין תלמוד, אָבער גלייכצייטיק האָט ער געוואָלט שאַפן אַ שול פאַר אָרעמע יידישע קינדערלעך, וואו מען זאָל זיי אויך געבן אַ וואַרעמען מאָלצייט יעדן טאָג, אַ חוץ די למודים.

דער רב ר' נחום ז"ל האָט צוויי מאָל אַ יאָר געהאַלטן די אָפיציעלע דרשות אין שול, וואָס אַ רב דאַרף האַלטן. נעמלעך, שבת הגדול, נאָכן עסן, וועגן די ענינים פון פסח, און אַ שבת תשובה צו וועקן דעם עולם צו תשובה. אָבער אַ חוץ די אָפיציעלע דרשות, איז ער געווען אַ גרויסער רעדנער און האָט גערעדט זייער אָפט און פיל וועגן ארץ־ישראל, וועגן בילדונג פאַר דער יוגנט און בכלל וועגן דעם, אַז יעדער מענטש, יעדער ייד, מוז האָבן גוטע מידות און ווייסן ווי אַזוי אָנצוגיין צווישן מענטשן.

* * *

הרב ר' נחום אַש איז געווען פון דעם טיפּ רבנים, אַזוי ווי ר' יצחק אלחנן ספּעקטאָר פון קאָוונע, וואָס האָבן געזעצט אויף זיך אויף מתיר צו מאַכן, וואו עס איז נאָר געווען אַ מעגלעכקייט. פיל גיכער ווי צו אסרן. ובפרט נאָך ווען עס האָט געהאַלטן ביי אַ גרויסן שאָדן פון געלט אָדער, אַז עס זאָל צוליבן איסור, למשל, אַרויסקומען אַ פאַרשוועכטער שבת.

עס איז דעריבער געווען אַ באַקאַנטע זאַך אין טשענסטאָ־כאָוו, אַז אויב מען קומט צום רב מיט אַ שאלה, פרייטיק נאָך האַלבן טאָג, וועט ער זיך באַמיען צו פסקענען אַז עס איז כשר. למשל ביי אַ שאלה וועגן אַ נאָדל אין פופיק פון דער הון א"דגל. ער פלעגט דערביי זאָגן, אַז די קדושה פון שבת איז אַזוי גרויס, אַז צוליב איר לוינט זיך מתיר צו מאַכן אַפילו דאָרטן, ווען אין מיטן דער וואָך וואָלט עס געווען ניט־כשר. אָבער די אגודה־לייט, באַזונדערס די גערער חסידים, פלעגן האָבן טענות צו אים און פלעגן זאָגן אויף אים, אַז ער איז צופיל „מקיל", ד"ה ער מאַכט כשר דאָרטן, וואו עס דאַרף ניט זיין כשר און אַפילו אויב ער טוט עס צוליב שבת, איז עס אויך ניט רעכט.

האָט זיך געמאַכט אַ מעשה, אַז ביי אַזאַ אגודהניק, אַ גערער חסיד. האָט מען פרייטיק נאָכמיטאָג געפונען אַז די הון האָט אַ פאַרזשאַווערטן נאָגל אין פופיק. דער דאָזיקער אגודהניק איז אַליין געווען אַ גרויסער למדן, דאָך האָט ער געהייסן זיין טאָכטער אַז זי זאָל גיין צום רב און פרעגן אַ שאלה. דער רב האָט אַ קוק געטאָן אויפן פופיק און געזאָגט צום מיידל: „כשר". די טאָכטער איז אַהיים געגאַנגען און דאָס געזאָגט דעם פאָטער. דער אגודהניק האָט איצט געברענט פון צאָרן אויפן רב און האָט

דערקלערט, אַז די הון איז טריפה און געהייסן זי אַרויסוואַרפן, אַפילו ווען עס וועט ניט זיין וואָס צו עסן שבת. זיין בני־בית האָט באַלד אַזוי געטאָן און זיי האָבן טאַקע געהונגערט אַ גאַנצן שבת.

מוצאי שבת איז דער אגודהניק אַוועק צום רב און פאַרפירט מיט אים אַ טענה וועגן זיין פסק און אים אויפגעוויזן, אַז לויטן דין האָט ער געדאַרפט צו זאָגן „טריפה". דער רב האָט אים אָבער געענטפערט רואיק:

— „איר זענט אַ חסיד־שוטה. אויב איך האָב געפסקנט כשר, האָב איך, צוליב שבת, גענומען די עבירה אויף זיך. אויב עס איז ניט כשר, וועט מען מיך דערפאַר אויף יענער וועלט באַשטראָפן, אָבער איר און אייער הויזגעזינד האָט געקאָנט עסן דאָס עוף און האָבן אַ הנאה שבת, און ניט אַזוי ווי איר האָט געטאָן, צו האָבן אַ פאַרשטערטן שבת. עס שטייט געשריבן: 'וקראת לשבת עונג", דו זאָלסט שבת האָבן פאַרגעניגן, טאָ וואָס פאַר אַ פאַרגעניגן האָט איר געהאַט, אויב איר האָט געפאַסט אַ גאַנצן טאָג?"

דער אגודהניק האָט זיך אָבער נאָך אַלץ ניט באַרואיקט און איז אַוועקגעפאָרן קיין גער צום רבין, צו דערציילן אים די זאַך. דער אַלטער גערער רבי האָט אים רואיק אויסגעהערט און דערנאָך צו אים געזאָגט:

— „ר' נחום איז אַ גרויסער רב און איר דאַרפט זיך פאַרלאָזן אויף אים; אויב ער זאָגט „כשר" איז עס כשר; ער ווייסט דעם דין פונקט אַזוי גוט ווי איר. עס איז אייגנטלעך נאָר די פראַגע, צו ווען שטעלן אויף זיך, כדי צו קענען מתיר זיין. אויב עס וויל עס טאָן. קומט אים נאָר דערפאַר אַ יישר כח!"

* * *

הרב ר' נחום אַש האָט געהאַט צוויי טעכטער און פיר זין. די זין זיינען געווען: ר' שמואל יוסף, אַ באַוואוסטער למדן, וואָס איז שפּעטער געוואָרן אַ רב אין אַ שטעטל אין פּיעטריקאָווער גובערניע. נאָך אַ זון האָט געהייסן משה יחיאל, נאָך אים איז געווען מענדל אַש וועלכער איז געוואָרן שפּעטער באַקאַנט אַלס זשורנאַליסט און האָט מיטגעאַרבעט אין „טשענסטאָכאָווער טאַגעבלאַט" און אויך אין אַנדערע צייטונגען און זשורנאַלן. דער יינגסטער זון איז געווען לעאָן אַש, אַן אַדוואָקאַט.

לעאָן אַש האָט באַזונדערס זיך אויסגעצייכנט אין אַלע טעטיקייטן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן אין טשענסטאָכאָוו. ער האָט גענומען אָנטייל אין אַלע געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען און באַזונדער אין ספּאָרט־פאַראיין „המכבי", וואו ער איז געווען דער פאָרזיצער. ער האָט איינגעפירט אַז יעדן שבת נאָכמיטאָג זאָל פאָרקומען אַן „עונג שבת", וואו ער האָט גערעדט וועגן ספּאָרט און די וויכטיקייט דערפון פאַר יידן. אינטערעסאַנט איז, אַז דער דאָזיקער אַדוואָקאַט לעאָן אַש, האָט אַלע מאָל איבערגעלייענט זיין דרשה וואָס ער האָט צוגעגרייט פאַר שבת פאַר זיין פאָטער, דעם גרויסן רב, און פלעגט מאַכן אויסבעסערונגען לויט דעם ווי דער פאָטער האָט אים געזאָגט. אַזוי האָט אויך דער רב, אין דער צייט ווען עס איז פאָרגעקומען אין פּוילישן סיים די דעבאַטע אויף צו פאַרווערן די יידישע שחיטה, אָנגעשריבן, מיט דער הילף פון זיין זון, לעאָן, אַ בראָשורע אויף פּויליש, אין וועלכער ער האָט באַוויזן אַז שחיטה איז אַ הומאַניסטישער אַקט. די בראָשורע האָט שטאַרק אויסגענומען אין גאַנץ פּוילן.

הרב ר' נחום אַש איז נפטר געוואָרן פּלוצלינג אין דער נאַכט פון 12טן אויפן 13טן מאַי 1936. ער איז אַלט געווען 72 יאָר. כדי צו פאַראייביקן זיין נאָמען האָט די שטאָט אָנגערופן שפּעטער דאָס שטאָטישע בית המדרש מיטן נאָמען „אוהל נחום".

# דער טשענסטאָכאָווער רבי ר' אביגדור ז"ל

## (אַ פּאָרטרעט פון אַ „גוטן יידן", וואָס איז געווען אַנדערש פון אַלע)

### ג

דאָס פאַרבנרייכע יידישע טשענסטאָכאָוו האָט פאַרמאָגט צובייסלעך פון אַלע קלאַסיפיצירונגען וואָס עס זיינען געווען אין דער אַמאָליקער יידישער וועלט פון פּוילן. עס האָבן זיך אין אירע גרענעצן געפונען אַלע צווייגן פון בעלי־הבתישן יידנטום; אַלע סאָרטן פון די נאַציאָנאַלע שיכטן און אויך אַלע אָפּטיילונגען פון ראַדיקאַלן פליגל; עס זיינען געווען דאָרטן יידן פון אַלע מינים און — וואָס עס איז נאָר נאַטירלעך — אויך אַן אַסימילאַטאָרישע גרופּע. אַזוי, אַז ווען אַ פרעמדער איז געקומען קיין טשענסטאָכאָוו און פאַרבראַכט דאָרטן אַ שטיקל צייט, האָט ער געקענט האָבן אַ גענויע פאָרשטעלונג וועגן אַלע שיכטן און גרופּעס וואָס עס זיינען געווען ביי יידן אין דער ערשטער העלפט פון איצטיקן יאָרהונדערט.

צו דערגאַנצן דאָס בילד, האָט טשענסטאָכאָוו געהאַט אַ חוץ חסידים, וואָס זיינען געפאָרן צו אַנדערע רביים, ווי למשל גערער חסידים, אַלעקסאַנדערער חסידים א"דגל, אויך חסידים פון אַן אייגענעם רבי, אַ רבי פון טשענסטאָכאָוו וואָס האָט געשטאַמט פון גרויסן יחוס און וועלכער איז געווען אין זיין פירונג אַנדערש פון אַלע רביים.

דער דאָזיקער רבי, וועלכער האָט געוואוינט יאָרן־לאַנג אין טשענסטאָכאָוו, וואו עס האָט אויך געוואוינט זיין פאָטער, זיידע און עלטער־זיידע. האָט מען ניט גערופן אויפן נאָמען פון דער שטאָט, „טשענסטאָכאָווער רבי" (ווי למשל די אַנדערע רביים), און אויך ניט אויפן נאָמען פון אַ ספר וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן (ווי למשל, דער „שפת אמת"), נאָר בלויז מיט זיין אייגענעם נאָמען נאָר אַביסל פאַרצויגן. ער האָט געהייסן ר' אַביגדור שאַפּיראָ. האָט אים דאָס פאָלק גערופן „ר' אביגדורל". ער האָט גענומען קוויטלעך, אָבער אַ פּדיון האָט ער נאָר גענומען ביי אייַנעם, וואָס איז געווען פאַרמעגלעך. ביי אָרעמע מענטשן האָט ער קיין גראָשן ניט געוואָלט נעמען און אַזעלכע וואָס זיינען געווען גאָר אָרעם, האָט ער אַפילו אַליין געגעבן אַ „פּדיון" שטילערהייט.

אָט דער רבי האָט געהאַט אַ הדרת פנים, און ער פלעגט

דורכנעמען איינעם מיט דורכדרינגענדיקע אויגן. אָבער דער רבי האָט ניט געוואָלט, אַז מען זאָל פאַר אים מורא האָבן, נאָר פאַר־קערט, אַז מען זאָל זיין נאָענט צו אים. ער האָט געהאַט אַן עולם פון בעלי־מלאכות, שניידערס, שוסטערס, סטאָליערס און בעקערס. ער פלעגט זאָגן צו זיי:

— „איך וויל אַז איר זאָלט קומען צו מיר אַזוי ווי איר גייט פון דער אַרבעט! איר דאַרפט זיך ניט אויספוצן פאַר מיר! מיר זיינען וויכטיקער אייערע ריינע נשמות ווי די שענסטע קליידער".

דער רבי פלעגט אויך אָנשריִען אויף די וועלכע האָבן זיך אויסגעדריקט אַמאָל מיט אַ שלעכט וואָרט אויף אַ יידן, וואָס איז ניט געווען אַזוי פרום, אָדער אַפילו אויף אַ גוי. ער פלעגט זאָגן.

„אַלע מענטשן זיינען געשאַפן געוואָרן פון גאָט! אויב מען האָט פיינט עמעצן, וואָס האָט פיינט גאָטס באַשאַף"!

באַזונדערס פלעגט ער ליב האָבן צו פאַרברענגען מיט קליינע קינדער, וועלכע ער פלעגט אָנרופן „מלאכימלעך". ער פלעגט הייסן אַרויפרופן צו זיך די קינדער פון דער תלמוד־תורה, וואָס ער האָט געגרינדעט, הייסן די קינדערלעך זיך זעצן אַרום אים און ער פלעגט זיי טיילן צוקערקעס און אַנדערע נאַ־



הרב ר' אביגדור ז"ל

שערייען און האָט פאַרברענגט מיט זיי אויף אַ קינדערישן אופן. דאָס איז געווען זיין גרעסטער פאַרגעניגן.

אין דער הינזיכט איז ער געווען געראָטן אין זיין עלטער־זיידן, דער גרויסער צדיק ר' דוד לעלעווער, וועלכער איז גע־וועזן באַוואוסט אַלס דער גרויסער „אוהב ישראל"...

* * *

ר' דוד לעלעווער איז געווען איינער פון די באַגרינדער פון פוילישן חסידיזם. עס איז געווען ער, וועלכער איז אַרומגעפאָרן איבער גאַנץ פוילן אין אַ „בויד" און אומעטום, וואו ער איז געקומען, האָט ער גערעדט צום עולם וועגן חסידות. עס איז אויך געווען ער, וואָס האָט „געמאַכט" פיל נייע רביים אין פוילן, צום ערשטן דעם „ייד הקדוש" דאָן ר' יצחק פון וואורקע (דער שפּעטערדיקער וואורקער רבי) און דערנאָך דעם ד"ר בערנאַרד פון פיעטריקאָוו, וועלכער איז אַ דאַנק אים געוואָרן אַ בעל תשובה און אַ „רבי".

אָבער ר' דודל לעלעווער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט נאָך אַ באַזונדערער מעלה, וואָס נאָר געציילטע אין דער חסידישער וועלט האָבן דערצו זוכה געווען, און דאָס איז געווען זיין גרויסע ליבע צו אַלע מענטשן און באַזונדערס צו יידן. אין דער חסידישער וועלט האָט מען נאָר ביז דעמאָלט געוואוסט פון איין רבי אַזעלכן, דאָס איז געווען ר' לוי־יצחק פון בערדיטשעוו, וועלכער איז באַוואוסט געווען אַלס דער „אוהב ישראל". ביי ר' לוי־יצחקן איז גאָר ניט געווען מעגלעך אַזאַ זאַך ווי אַ שלעכטער ייד. „יעדער ייד", האָט ער געזאָגט, „איז אַ גואל. יעדער איינער איז אַ משיח". ווען אַ ייד פלעגט זאָגן ר' לוי־יצחק גייט אין דער פרי אין שול אַריין און שטעלט זיך אַוועק און רופט אויס „שמע ישראל ה' אלקינו ה' אחד", האָט ער דערמיט, ניט נאָר געהייליקט גאָטס נאָמען איבער דער גאַנצער וועלט, נאָר ער אַליין איז געוואָרן דערמיט גרויס. ער איז געוואָרן אַ שליח פון גאָט. און אויב אַפילו ער האָט געטאָן אַן עבירה, איז אים גאָט דאָס מוחל שוין צוליב דעם אַליין, וואָס ער רופט אויס גאָטס נאָמען איבער דער וועלט".

ר' דוד לעלעווער איז געגאַנגען אין דעם דרך פון ר' לוי־יצחק בערדיטשעווער. ביי אים איז אויך געווען די מידה פון „אהבת ישראל" דער הויפּט־פונדאַמענט פון חסידות און ער האָט דאָס אויך פּראַקטיצירט אין לעבן.

ר' דוד לעלעווער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1746 אין דאָרף ביאַלאַ, לעבן דער שטאָט לעלעוו. זיין פאָטער, ר' שלמה צבי, איז געווען אַ גרויסער למדן, אָבער דערצו אויך אַ גרויסער אָרעמאַן. עס איז געקומען ווינטער און זיין דודל האָט געדאַרפט האָבן אַ וואַרעם מלבוש, אָבער ער האָט ניט געהאָט קיין געלט צו גיין צום שניידער כדי צו לאָזן מאַכן פאַר אים אַזאַ פאַלטאָלע, האָט ער דעריבער אָפּגעשפּאָרט פון זיין אייגענער פרנסה גראָשן צו גראָשן, צו קאָנען דאָס דערגרייכן. ענדלעך האָט ער גענומען זיין דודל צום שניידער, וועלכער האָט ביי אים גענומען די מאָס און דערנאָך אויפגענייט פאַר אים אַזאַ בגד. ווען דודל איז געקומען אויף דער אַנדערער וואָך אין חדר אַריין, האָט ער געזען ווי עס זיצט דאָרטן אַ יינגל אָנגעטאָן אין שמאַטעס, האָט ער ניט פיל געטראַכט און האָט אויסגעטאָן זיין נייעם בגד און עס אַוועקגעגעבן צו יענעם יינגל. ווען ער איז אַהיימגעקומען, האָט אים זיין מאַמע געפרעגט, וואו ער האָט אַהינגעטאָן זיין נייעם מלבוש, האָט דודל אויסגעזאָגט דער מאַמען דעם אמת.

— „גיי טו אָן דעם אַלטן מלבוש און לויף צוריק אין חדר אַריין, ווייל דער טאַטע וועט האָבן פיל צער דערפון און וועט דיך שלאָגן".

— „נו, גוט, — האָט דודל זיין מאַמען געענטפערט, — זאָל מיך דער טאַטע שלאָגן, וועט אַזוי אַרום אפשר אויפהערן זיין צער דערויף וואָס כ'האָב אַוועקגעגעבן דעם נייעם מאַנטל."

נאָך אַלס יינגל פלעגט דודל אַוועקלויפן אין וואַלד און אויסבאַהאַלטן זיך אין פעלדער, וואו ער פלעגט טראַכטן וועגן די וועגן פון גאָט און לעבן און ווי אַזוי גאָט בעסער צו פאַרשטיין... ער פלעגט אויך זיצן און לערנען גאַנצענע נעכט איינער אַליין אין בית־המדרש און אין שטעטל האָט מען געזאָגט, אַז עס וואַקסט אַ נייער גאון ביי יידן.

צו דרייצן יאָר, ווען ער איז געוואָרן בר־מצוה, האָט אים זיין פאָטער חתונה געמאַכט, ווי עס איז געווען דער מנהג אין יענער צייט, צו אַ טאָכטער פון אַ ייד אַ למדן, אָבער אַזאַ אָרעמאַן ווי ער אַליין איז געווען. מען האָט דעם יונגן מאַן געמאַכט אַ קראָם פון שפּייז, אָבער ר' דודל האָט ניט געוואָלט פאַרקויפן יעדן טאָג

מער וויפיל ער האָט געדאַרפט אויף חיונה, כדי ניט צוצונעמען קיין קונים ביי די אַנדערע סוחרים פון שטעטל.

עס האָט אָבער ניט לאַנג געדויערט און אין שטעטל האָט מען זיך דערוואוסט, אַז דער יונגער ר׳ דודל איז אַ הייליקער ייד. אַ באַהאַלטענער צדיק, און מען איז געקומען צו אים מיט בקשות צו העלפן אַ קראַנקער אָדער וועגן אַן אַנדער צרה. אין אָנהויב האָט ר׳ דודל זיך פּרובירט אַרויסדרייען פון דעם און זאָגן, אַז מען האָט אַ טעות, ווייל ער איז ניט קיין רבי, אָבער איינמאָל, ווען אַ גרופּע חסידים פון לעלעוו זיינען געווען ביים רבי פון לובלין, האָט ער צו זיי געזאָגט: „איר דאַרפט ניט קומען צו מיר, אין אייער שטעטל שיינט אַ גרויסע זון, אָבער איר ווייסט ניט דערפון. גייט אַהיים און זוכט אויף דאָרטן, דעם קליינעם דודל. ער איז אַ גרויסער צדיק״. ווען די חסידים זיינען צוריקגעקומען האָבן זיי דאָס מפרסם געמאַכט און פון דעמאָלט אָן זיינען געקומען צו אים די יידן פון גאַנצן אומגעגנט און זיי האָבן ממש באַלאַגערט זיין הויז.

ר׳ דוד האָט איצט אויפגעגעבן זיין שפּייז־קראָם און זיך באַזעצט אין טשענסטאָכאָוו, וואו ער איז שוין געבליבן פאַר פיל יאָרן. ר׳ דודל לעלעווער פלעגט פון איצט אָן אַרומפאָרן איבער די שטעט פון פּוילן און ריידן וועגן חסידות און געהייסן אַלעמען פאָרן צום לובלינער צדיק. שפּעטער, ווען דער „חוזה״ איז נפטר געוואָרן, האָט ער געהייסן דעם עולם פאָרן צום „ייד הקדוש״ ר׳ יעקב יצחק פון פשיסכא, וועמען ער האָט געקרוינט פאַר אַ רבין. צו ר׳ דודלען זיינען איצט געקומען אַלע צדיקים פון דור, באַזונדערס אָבער האָט געקלעפּט אָן אים ר׳ יצחק וואורקער, וועלכער איז שפּעטער באַקאַנט געוואָרן אַלס דער „וואורקער רבי״.

* * *

אַ זייער אינטערעסאַנטע לעגענדע גייט אַרום אין די חסידישע קרייזן וועגן דעם ווי אַזוי דער רבי ר׳ דודל לעלעווער האָט מיט איין זאַג געבראַכט דערצו, אַז אַ גרויסער דאָקטער, וואָס איז געווען פרעמד צו יידישקייט, זאָל ווערן אַ בעל תשובה און שפּעטער אויך אַ רבי ביי יידן.

די מעשה ווערט דערציילט אַזוי:

אין דער שטאָט זאַלושין (פּיעטראָקאָווער גובערניע) האָט געוואוינט אַ דאָקטער וואָס האָט געהייסן באַלעסלאַוו בערנאַרד. דער דאָקטער איז געווען אַ זון פון אַ גרויסן פּוילישן פּריץ, וואָס האָט זיך געצאַצקעט מיט אים, געגעבן אים אַן אַריסטאָקראַטישע דערציאונג און שפּעטער אים געשיקט אין קראָקאָווער אוניווערסיטעט צו לערנען מעדיצין. ווען באַלעסלאַוו בערנאַרד האָט געענדיקט זיין שטודיום אין דעם אוניווערסיטעט, האָט אים זיין פאָטער געשיקט אין אַ מיליטערישער שול, וואו ער האָט געענדיקט מיט אַ טיטול פון אָפיציר. ער איז דערנאָך געווען אַ פּאַלקאָווניק אין דער פּוילישער אַרמיי און דערנאָך דער לייב־דאָקטאָר פון פּוילישן שטעטל־פאַרטרעטער, גענעראַל זאַיאָנטשעק.

וואָס אָבער דער יונגער אָפיציר און דאָקטער האָט ניט געוואוסט איז געווען דאָס, אַז ער שטאַמט גאָר פון יידן און אַז זיין טאַטע איז גאָר אַ פּוילישער ייד, וואָס וואוינט אין אַ דאָרף אין קראָקאָווער געגנט און האַלט דאָרטן אַ פּראָפּינאַציע. עס איז געווען אַזוי, דערציילט די חסידישע לעגענדע: דער פּריץ וואָס איז כלומרשט געווען זיין פאָטער, איז געווען קינדערלאָז און ווען ער האָט דערזען אַ שיין קינד פון דריי יאָר אין הויז פון אַ יידן, ר׳ ישכר בער, איז אים דאָס קינד אַזוי געפעלן, אַז ער האָט געהייסן זיינע געהילפן, זיי זאָלן דאָס קינד צוגנבענען און עס ברענגען צו אים אַהיים און אַזוי האָבן זיי געטאָן.

דאַרף זיך מאַכן, אַזוי שפּינט ווייטער די לעגענדע, אַז דער יונגער אָפיציר און דאָקטאָר האָט זיך פאַרליבט אין אַ שיין מיידל מיטן נאָמען העלענע, וועלכע איז געווען די גאָווערנאַנטקע אין הויז פון גענעראַל. העלענע האָט אָבער זיין ליבע צוריקגעוויזן. דער יונגער דאָקטער איז געווען איבערראַשט און האָט דערפון פיל געליטן, ווייל ער האָט העלענען שטאַרק ליב באַקומען. ענדלעך איז ער צוגעשטאַנען צו איר אַז זי זאָל אים זאָגן פאַר וואָס זי וויל אים ניט. ווען העלענע האָט געזען, אַז ער ליידט דערפון זייער שטאַרק, האָט זי אים אויסגעזאָגט דעם סוד, אַז זי איז אַ יידישע און אַז זי האָט צוגעזאָגט איר פאָטער קיינמאָל ניט חתונה צו האָבן מיט אַ קריסט און ניט אויפצוגעבן איר גלויבן.

ווען דער יונגער אָפיציר האָט דאָס דערהערט, האָט ער געזאָגט צו איר:

— העלענע, דו ביסט ביי מיר טייערער ווי אַלץ אין דער וועלט. איך בין גרייט צוליב דיר צו ווערן אַ ייד, אָבער דו מוזט מיר פריער צוזאָגן, אַז דו וועסט מיט מיר חתונה האָבן.

העלענע האָט אים דאָס צוגעזאָגט. ער איז דאַן אַוועק צו אַ רב, צו וועלכן ער האָט פאַרטרויט, אַז ער וויל ווערן אַ ייד. דער רב האָט אים געזאָגט, אַז אויב אַ קריסט וויל ווערן אַ ייד צוליב דעם וואָס ער וויל הייראַטן מיט אַ יידיש מיידל, קען מען אים, לויטן דין, ניט מגייר זיין. אָבער, — האָט דער רב אים געזאָגט. — קום צוגיין מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער.

איצט דערציילט די לעגענדע ווייטער אַזוי: די טויטע מוטער פון יונגן דאָקטער איז געקומען צו אים ביינאַכט צו חלום און אויך צום רב און זיי געזאָגט אַז זיי זאָלן וויסן, אַז דער יונגער אָפיציר איז אַ ייד. ער איז דאָס קינד פון אַ יידיש הויז, וואָס איז צו דריי יאָר צוגערויבט געוואָרן פון זיין היים און דעריבער האָט די מאַמע געבעטן דעם רב, אַז ער זאָל אים ניט שטערן צו ווערן צוריק אַ ייד. דער רב האָט דאָס דערציילט דעם יונגן דאָקטער. ד״ר באָלעסלאַוו בערנאַרד האָט געמאַכט אַן אויספאָרשונג וועגן דעם צווישן די דינער פון פּריצס הויז און דאָס האָט זיך באַשטעטיקט. ער איז איצט געוואָרן צוריק אַ ייד, איז אַוועק פון פּריצס הויז, האָט אויך פאַרלאָזן די פּוילישע אַרמיי און האָט געהייראַט מיט העלענען, וועלכע האָט זיך איצט אָנגעהויבן צו רופן „הדסה״.

ד״ר בערנאַרד האָט זיך איצט פאַרנומען מיט פּראַקטיצירן מעדיצין און געלעבט אָפּגעזונדערט פון אַלע. ער האָט גענומען אַ קליינעם אָפּצאָל פאַר אַ וויזיט ביי אים, אָבער ווען עס איז געקומען אַן אָרעמאַן, האָט ער אים נאָך געגעבן געלט, אַז ער זאָל האָבן אויף צו קויפן מעדיצינען.

איינמאָל איז דער רבי ר׳ דודל לעלעווער קראַנק געוואָרן: האָט מען געשיקט נאָך דעם דאָקטאָר בערנאַרד. דער דאָקטער איז געקומען און האָט באַטראַכט דעם חולה און אים פאַרשריבן אַ מעדיצין. רופט זיך אָן דער קראַנקער רבי צו אים:

— איר האָט מיר פאַרשריבן אַ רעצעפּט פאַר רפואת הגוף. אָבער איר, דאָקטער, דאַרפט צו האָבן אַ רפואה פאַר אייער נשמה.

דער דאָקטער איז אַוועק, אָבער די ווערטער פון רבי זיינען

אים אַריין אין קאָפּ און ער האָט שוין מער ניט געקאָנט רוען. ער האָט גענומען נאָכטראַכטן וועגן זיין לעבן און איז געוואָרן אַ בעל־תשובה. ער און זיין ווייב האָבן צעבראָכן אַלע טריפהנע כלים און איינגעפירט אַ כשר הויז. ער אַליין, דאָקטער בער־נאַרד, האָט זיך געלאָזט וואַקסן אַ באָרד און פּאות און איז געוואָרן וואָס אַ מאָל אַלץ פרומער. ער פלעגט אָפט קומען צו ר׳ דודל לעלעווער, וועלכער האָט אים שטאַרק מקרב געווען און שפּעטער האָט ער אים געזאָגט, אַז ער קען זיך אַליין אַ רבי און אים געהייסן. אַז ער זאָל אויפנעמען ביי זיך חסידים, און ער אַליין האָט אים געגעבן דאָס ערשטע קוויטל.

אַזוי אַרום איז דער דאָקטאָר און אָפּיצער געוואָרן אַ רבי ביי יידן: ער האָט געטראָגן שבת אַ שטריימל און פלעגט פירן טיש. שפּעטער, דערציילט מען, איז געקומען צו אים זיין אַמתער פאָטער און ביי דאָקטער בערנאַרד איז דעמאָלט געווען אַ גרויסע שמחה.

*   *   *

ר׳ דודל לעלעווער איז געווען אַ זייל פון פוילישן חסידות און זיין השפּעה אויף די רביים און גוטע יידן פון זיין צייט און אויך די וואָס זיינען געקומען נאָך אים, איז געווען זייער גרויס. זיין שיטה פון אהבת ישראל איז שפּעטער פאַרגרעסערט געוואָרן פון ר׳ אברהם יהושע העשיל פון אַפּטא, וואָס מען האָט צוליב זיין גרויסער ליבע צו יידן, גערופן „דער אוהב ישראל״. אין זיינע טריט איז אויך געגאַנגען דער שפּעטער־דיקער וואָרקער רבי ר׳ יצחק קאַליש, אַ חבר און אַ פריינד פון ר׳ מענדל קאָצקער, דער באַרימטער קאָצקער רבי.

ר׳ דוד לעלעווער איז נפטר געוואָרן ז׳ שבט תקע״ד (1814) אין עלטער פון 68 יאָר. ער האָט איבערגעלאָזט דריי זין: ר׳ משה, ר׳ נחמיה און ר׳ אביגדור. ר׳ דודל לעלעווער האָט זיך געהאַט משדך געווען מיט דעם ייד הקדוש פון פשיסכא, און דער זון ר׳ משה, איז געוואָרן דעם יידס איידעם. ר׳ משה האָט „געפירט״ טיש נאָך ר׳ דודלס הסתלקות און ווען ער איז אַלט געוואָרן 70 יאָר איז ער געפאָרן קיין אַרץ־ישראל, וואו ער האָט געלעבט ניט מער ווי 70 טעג. די חסידים זאָגן, אַז ער האָט געקראָגן געשענקטע טעג פאַר יעדן יאָר פון זיין לעבן: אויך ר׳ נחמיה האָט געפירט „רביסטווא״ און האָט געהאַט אַן עולם וואָס איז געפאָרן צו אים. באַזונדערס באַליבט ביים עולם איז אָבער געווען זיין זון ר׳ אביגדור, וועלכן דער עולם האָט גערופן ר׳ אביגדורל. ער האָט געפירט רביסטווא יאָרן לאַנג און צו אים איז געפאָרן גאָר אַ גרויסער עולם.

ר׳ אביגדורל האָט געהאַט אַ זון וועלכן ער האָט אַ נאָמען געגעבן נאָך זיין פאָטער ר׳ דוד, וועלכער איז אויך געווען רבי. ר׳ דודס זון איז דאָס געווען דער רבי ר׳ אביגדורל, וואָס איז געווען אין טשענסטאָכאָוו, און וועלכן מען האָט אַ נאָמען געגעבן נאָך זיין זיידן.

ר׳ אביגדורל, כאָטש ער האָט באַלאַנגט צו דער „אגודה״, און איז געווען דערפאַר קעגן די ציוניסטישע טעטיקייט פון הרב אַש, האָט דאָך צוגעטיילט גרויס כבוד צום שטאָט־רב, ווייל ער האָט געוואוסט אַז דער רב איז אַ גרויסער גאון, איינער פון די גרעסטע תלמודישע וואוילקענער פון דער היינטיקער צייט און אויך דערפאַר, וואָס ער האָט געוואוסט, אַז דער רב איז אַן אמתער גאָטספאַרכטיקער ייד, וואָס איז אָפּגעהיט ניט עובר צו זיין אויף די קלענסטע זאַך און ער זיצט טאָג און נאַכט און לערנט, אַ חוץ וואָס ער איז צו יעדער צייט גרייט זיך מקריב צו זיין פאַר יידן. די פריינטשאַפט איז אַזוי אָנגעגאַנגען אַ לאַנגע צייט און איינמאָל האָט הרב ר׳ נחום איינגעשטימט, אַז ר׳ אביגדורלס איידעם ר׳ יוסף רובין, זאָל ווערן איינער פון די מורה־הוראהס פון דער שטאָט טשענסטאָכאָוו.

שפּעטער אָבער איז די פריינטשאַפט איבערגעריסן געוואָרן. דערצו איז געווען אַ פּאַסירונג אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די באַפעלקערונג האָט געהונגערט. דעמאָלט האָבן די דייטשן איינמאָל איינגעאָרדנט אַ פאַרקויף פון קאַרטאָפל אום שבת. די חסידים פון ר׳ אביגדורל צוזאַמען מיט זייער רבי זיינען אַוועק צום רב אין שול און פאַרלאַנגט פון אים, אַז ער זאָל אויסרופן אַז מען טאָר ניט קויפן היינט, שבת, קיין קאַרטאָפל ביי די דייטשן. דער רב, ווען מען די ליידן פון די יידן איז געווען זייער נאָענט, האָט דאָס ניט געוואָלט טאָן און, פאַר־קערט נאָך, ער האָט מתיר געמאַכט צו קויפן די קאַרטאָפל אום שבת צוליב פיקוח נפש. דער רבי האָט זיך דעמאָלט אויסגעדריקט מיט אַ שטאַרק וואָרט קעגן רב. דער רב האָט אים דערויף ניט גע־ענטפערט, אָבער זייט דעמאָלט האָבן זיי מער ניט גערעדט איינער צום אַנדערן. (די גאַנצע פּאַסירונג איז באַשריבן אין דעם בוך אויספירלעך דורך דעם טשענסטאָכאָווער א. ליטמאַן.)

אָבער כאָטש ר׳ אביגדורל איז געווען אַ מיטגליד פון דער „אגודה״ איז ער ניט געווען קיין „קנאי״. ער האָט פאַרשטאַנען די נייע צייט און האָט מלמד זכות געווען אויף אַלע יידן, ווער זיי זאָלן ניט זיין. ער פלעגט גיין מיט דער שיטה פון זיין על־טער־זיידע ר׳ דוד לעלעווער, אַז עס זיינען גאָר ניט דאָ קיין שלעכטע יידן. „יידן זינדיקן ניט״, פלעגט ער זאָגן, „עס טרעפט אַ מאָל, אַז אַ ייד ווערט פאַרפירט פון יצר הרע. עס דוכט זיך אים אויס, אַז אויב ער וועט עובר זיין אויף אַ געוויסע עבירה וועט זיין בעסער פאַר אים און ער פאַרבלאָנדזשעט. אָבער דער סוף איז אַז דער ייד כאַפּט זיך, אַז ער איז אַראָפּ פון דרך הישר און ער טוט תשובה. אַ ייד שטאַרבט ניט קיין זינדיקער מענטש. יעדער ייד טוט תשובה פאַרן טויט״. אַזוי פלעגט ער זאָגן.

ר׳ אביגדורל איז נפטר געוואָרן אין עלטער פון 52 יאָר, אין יאָר תרצ״ז (1937). ער האָט איבערגעלאָזט 6 קינדער — דריי זין און דריי טעכטער; דער עלטסטער יאָסעלע (יוסף ברוך), ר׳ יעקב יצחק און מלך. די טעכטער: פערעלע, יוכבד און פייגעלע. די לעצטע איז פאַרהייראַט צום סאַטמאַרער רבין, יואל טייטעלבוים. די איבעריקע פון דער משפּחה זיינען אַלע אומגעקומען אין טרעבלינקע. הי״ד.

# דער גרויסער נגינה־קינסטלער אברהם־בער בירנבוים

## (אָבער־קאַנטאָר פון דער נייַער שול במשך פון 20 יאָר)

## ד

דאָס יידישע טשענסטאָכאָוו איז כסדר געווען שטאָלץ דערויף וואָס דער וועלט־באַרימטער מוזיקער און נגינה־קינסטלער, אברהם בער בירנבוים, איז געשטאַנען אן דער שפּיץ פון איר נייער שול העכער 20 יאָר. זינט איר גרינדונג אין יאָר 1893, ביזן יאָר 1913. וואָרעם עס איז געווען טשענסטאָכאָוו וואו אָט דער גרויסער קינסטלער האָט געשאַפן דאָס רוב פון זיינע ווערק; ער האָט אויך דאָ געשאַפן דעם ערשטן חזנים־סעמינאַר אין דער וועלט. אויף אויסצובילדן סיי אין געזאַנג און סיי אין קולטור נייע געשולטע חזנים. און עס איז אויך געווען טשענסטאָכאָוו וואו ער האָט געשאַפן דעם ערשטן „חזנים פאַרבאַנד" און געלעגט דעם פונדאַמענט פאַר אַ חזנים־פאַראייניקונג אין פוילן און שפּעטער אויך אין אַנדערע לענדער.

אברהם בער בירנבוים איז געבוירן געוואָרן דעם 3טן יאַנואַר 1865 (ג' שבט תרפ"ה) אין דער שטאָט פולטוסק, פוילן אין הויז פון אַ שאַרפן קאָצקער חסיד און אַ גרויסן למדן, וועלכער איז געווען באַקאַנט אונטערן נאָמען ר' משה לייב פולטוסקער.



אברם־בער בירנבום מיט זיין פאַמיליע

אברהם בער האָט שוין אַלס קליין קינד אַרויסגעוויזן געניאַלע פעאיקייטן און צו 7 יאָר איז ער באַקאַנט געוואָרן אַלס דער עלוי פון פולטוסק. שפּעטער האָט זיך זיין פאָטער געצויגן קיין לאָדזש און אברהם בער האָט געלערנט אין די דאָרטיקע חדרים און שפּעטער אויך ביי איינעם פון די דאָרטיקע רבנים. נאָך בר־מצווה האָט ער געלערנט אין דעם בית המדרש פון דער אַלט־שטאָט אין לאָדזש און איז באַקאַנט געוואָרן אַלס „דער יונגערמאַן מיטן שאַרפן קאָפּ". אַלע האָבן איצט נביאות געזאָגט אויף אים, אַז ער וועט ווערן אַ גרויסער רב אין פוילן. עס קען זיין, אַז דאָס וואָלט אפשר געווען דער לעבנסגאַנג פון אברהם בערן, ווען ער וואָלט ניט געהאַט אין זיך נאָך אַ כח וואָס האָט אים געטריבן גאָר אין אַן אַנדער ריכטונג. נעמלעך, אַ טאַלאַנט צו זינגען.

שוין אין די גאָר יונגע קינדער יאָרן פלעגט אברהם בער זיך צעזינגען ווי אַ פייגעלע אין סאַמע מיטן פון לערנען. ער פלעגט עס טאָן נאָך אין חדר. פלוצלינג, ווען זיין רבי ר' שמחה מאיר מיט דער גרויסער ווייסער באָרד פלעגט זיך ברעכן דעם קאָפּ איבער אַ שטעלע אין דער גמרא און קנייטשן דעם שטערן צו פאַרשטיין וואָס עס מיינט, פלעגט פלוצלינג אברהם בער אָנהויבן צו טרעלן ווי אַ פייגעלע, אַזוי אַז אַלע תלמידים האָבן גענומען לאַכן און דער בייזער רבי אַליין האָט אויך איבערגעריסן די שווערע סוגיא און זיך צוגעהערט צו אברהם בערס זינגען און אָנשטאָט די שווערע שטימונג וואָס האָט פריער געהערשט אין חדר, פלעגט איצט אַריינטרעטן אַ פיל מער פריילעכער געמיט־צושטאַנד.

אָבער צוזאַמען דערמיט האָט אברהם בער געשטרעבט צו קאָנען שפּילן. ער שאַפט זיך אַ פאַרבינדונג מיט דעם גרויסן מוזיקער, איינער פון די גרינדער פון „הזמיר", ר' חיים יאַנאָווסקי, פאַר וועלכן ער זינגט עטלעכע זאַכן און יענער איז מסכים צו לערנען אים אומזיסט צו שפּילן פידל. דריי יאָר האָט אברהם בער געלערנט בשתיקה, אָן וויסן פון די עלטערן, די קונסט פון פידל־שפּילן, ביז ער ווערט באַרימט אַלס גוטער פידל־שפּילער. דערפון דערוויסן זיך על פּי סוד אייניקע פון די חסידישע יונגעלייט. זיי זיינען נייגעריק צו הערן אים שפּילן אויף דער פידל און ריידן אים צו אַז ער זאָל שפּילן פאַר זיי עטלעכע נומערן ביי אַ מלוה־מלכה וואָס עס וועט פאָרקומען אין קאָצקער שטיבל. ער גייט איין דערויף אָבער בתנאי, אַז מען זאָל עס ניט דערציילן צו זיין שטרענגן טאַטן וואָס האָט יענעם שבת־צו־נאַכט ניט געזאָלט קומען צו דער מלוה מלכה. אברהם בער שפּילט פאַר זיי דעם ניגון פון „אתקינו סעודתא" און נאָך אַנדערע זמירות. פלוצלינג איז אברהם בערס טאַטע, ר' משה, אַריינגעקומען אין שטיבל גאַנץ אומדערוואַרט און ווען ער האָט דערזען אַז זיין אברהם בער שפּילט אויף דער פידל, איז ער צוגעלאָפן צו אים מיט אַ געשריי:

— „וואָס איז דאָס? ווען האָסטו זיך דאָס אויסגעלערנט?" — און זיינע אויגן זיינען געווען ביסטרע.

צו באַרואיקן דעם אויפגערעגטן טאַטן רופט זיך אָן אברהם בער מיט אַ שמייכל.

— „טאַטע", דו פאַרשטייסט מיך, דעם ניגון קען איך און דאָס פירן מיטן סמיטשיק איבער די סטרונעס פון דער פידל, איז גאָר ניט. דאָס קען יעדער איינער".

דער עולם האָט איצט געלאַכט און דער בייזער פאָטער האָט איצט אויסגעדריקט זיין באַגייסטערונג פאַר זיין זון, וועלכער האָט באַוויזן אויסצולערנען זיך שפּילן פידל אָן זיין וויסן און האָט שוין באַוויזן אַפילו צו שפּילן מיט אַזוי פיל טאַקט און פאַרשטענדעניש.

* * *

אין יאָר 1886, נאָכדעם ווי אברהם בער איז באַפרייט געוואָרן פון מיליטער־דינסט, איז אַריינגעטראָטן אַ נייע עראַ אין דעם יונגן מוזיקערס לעבן. אברהם בערס פאָטער רעדט צו זיין זון, וועלכער איז איצט אין גאַנצן איבערגעגעבן צו אַנטוויקלען זיין שטימע, צו לערנען אויך שחיטה, כדי צו קאָנען ווערן אַ חזן־שוחט. ער טוט אַזוי און אין גאָר אַ קורצער צייט קריגט ער אַ קבלה פון אַ רב, אַז ער קען שחיטה. עס געדויערט ניט לאַנג און ער קריגט אַן אָנבאָט פון אַ קליין שטעטל אין אונגאַרן אָנצונעמען דאָרט אַזאַ שטעלע און ער פאָרט אַהין. דאָס איז גע־

ווען אין יאָר 1888. דאָרטן, אין יענער שטעטל, באַפרייט ער זיך פון דער השגחה פון זיין שטרענגן טאַטן און אַנטוויקלט זיינע כוחות. ער לערנט אַ סך מוזיק און ער הייבט אויך אָן צו אַנטוויקלען זיינע ליטעראַרישע כוחות, וואָס זיינען געווען ניט ווי-ניקער ווי די מוזיקאַלישע. אַזוי הויבט ער אָן צו שרייבן פאַרן „הצפירה" אַ גאַנצע סעריע פון אַרטיקלען און ער ווערט באַקאַנט אַלס שריפטשטעלער.

אין יאָר 1890 קומט ער צוריק קיין פוילן און ווערט חזן-שוחט אין דער שטעטל פראַסניץ און זיין נאָמען ווערט זייער פּאָפּולער סיי אַלס גרויסער חזן און סיי אַלס פיינער שריפט-שטעלער.

אין יאָר 1893, ווען מען האָט אויסגעפּערטיקט „די נייע שול" אין טשענסטאָכאָוו און מען האָט געזוכט אַ פּאַסיקן אָבער-קאַנטאָר, האָבן די מוזיקער וואָס האָבן אים געקענט, אויפמערק-זאַם געמאַכט דעם פּרעזידענט פון דער גמינע, ה' הענריק מאַר-קוספעלד, אויף אברהם בערן און ער לאַדעט אים איין צו קומען קיין טשענסטאָכאָוו, וואו ער איז באַלד אַנגאַזשירט געוואָרן צו זיין דער חזן פון דער נייער אויסגעבויטער שול.

אין טשענסטאָכאָוו האָט אברהם בער ערשט אויף אַן אמת אַנטוויקלט די גרויסע מוזיקאַלישע כוחות וואָס האָבן געברויזט אין אים. ער שאַפט דאָ זיין באַרימטע קאָמפּאָזיציע פון קבלת שבת אונטערן נאָמען „הל וזמרה"; אַ ראָמאַנס פאַר פידל און קלאַוויר און פיל אַנדערע זאַכן. ער זעצט איצט איבער די לערע פון האַרמאָניע, קאָנטראַפּונקט און אינסטרומענטאַציע אויף יידיש און העברעאיש אין אַ פאָרעם פון בריוו, אויף וועלכע עס אַבאָנירן זיך ביי אים הונדערטער יונגעלייט. ער גיט אויך אַרויס אַ זשורנאַל אויף העברעאיש אונטערן נאָמען „ירחון החזנים".

אין יאָר 1902 האָט ער אַרויסגעגעבן די בריוו אין אַ בוך-פאָרם אויף יידיש און העברעאיש, אונטערן נאָמען „תורת הזמרה הכללית". אויף דעם דאָזיקן בוך האָט זיך דערצויגן אַ גאַנצער דור פון יידישע מוזיקאַלישע יוגנט און ער איז אַזוי אַרום גע-וואָרן דער טאַטע פון צענדליקער חזנים, דיריגענטן און קאַפּעל-מייסטערס. ער פאַרנעמט איצט אַ שטעלע אויבן-אָן אין דער וועלט פון יידישער מוזיק און צו זיין וואָרט הערט מען זיך אומע-מום צו.

אַזוי זעען מיר ווי אברהם בר בירנבוים גייט פון שטופע צו שטופע. אין יאָר 1906 שאַפט ער אין טשענסטאָכאָוו אַ „חזנים-שול", די ערשטע אין דער וועלט, וואו ער באַמיט זיך צו פאַראייניקן חזנות מיט וועלטלעכער מוזיקאַלישער אויסבילדונג. אין דער שול האָט ער דערצויגן צענדליקער יונגע חזנים, וואָס האָבן שפּעטער פאַרנומען וויכטיקע שטעלן אין גאַנץ פוילן.

ער באַמיט זיך איצט ביי דער רוסישער רעגירונג צו קריגן אַ דערלויבעניש צו אָפּהאַלטן אין וואַרשע דעם ערשטן צוזאַ-מענפאָר פון חזנים, און נאָך פיל מי קריגט ער די דערלויבעניש און אַזאַ חזנים-צוזאַמענפאָר קומט טאַקע פאָר אין יאָר 1907. אויף דעם צוזאַמענפאָר איז געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פאַר אַ חזנים-פאַראיין אין פוילן, וואָס איז, אגב, געווען דער ערשטער חזנים-פאַרבאַנד אין דער וועלט.

אין די יאָרן 1909 ביז 1912 אַרבעט ער איבער זיין מאָנו-מענטאַל חזניש ווערק אויף העברעאיש אונטערן נאָמען „אמנות החזנות", וואָס האָט שפּעטער, ווען עס איז פאַרעפנטלעכט גע-וואָרן, אַרויסגערופן אַ שטורעם פון באַגייסטערונג ביי אַלע מעלאָ-מאַנען.

א. ב. בירנבוים פּאָפּולאַריזירט איצט די יידישע פאָלקס-ניגונים, די חסידישע ניגונים און נייע מוזיקאַלישע נומערן אין דעם זעלבן גייסט. ער שרייבט אויך אַ סך וועגן מוזיק אויף העברעאיש אין „הצפירה", „העולם" און אַנדערע העברעאישע זשורנאַל און אויך אויף דייטש אין דער יידיש-דייטשישער פּרע-סע און באַזונדער אין דער דייטשישער „לאָדזשער צייטונג" וואָס איז דערשינען אין לאָדזש.

אין יאָר 1913 האָט פּאַסירט אַזאַ מעשה. ער איז איינמאָל געווען אין גאַס ווען עס איז פאַרבייגעגאַנגען אַ קריסטלעכע לויה. צוליבו כבוד המת, אפילו ווען ניט קיין ייד, האָט ער אַראָפּ-גענומען דאָס היטל. דאָס האָבן באַמערקט אַ פּאָר פרומאַקעס, וועלכע האָבן באַלד אויסגעטייטשט, אַז ער האָט אַראָפּגענומען דאָס היטל פאַרן גרויסן צלם וואָס איינער פון די אָנפירער פון דער לויה האָט געטראָגן. די פרומאַקעס האָבן אָנגעהויבן קעגן אים אַ שטאַרקע העצע און געפאָדערט, אַז מען זאָל אים דערפאַר אָפּזאָגן פון דער שטעלע.

דער פּרעזעס הענריק מאַרקוספעלד האָט צו שטאַרק גע-האַלטן פון בירנבוימען, אַז ער זאָל דאָס טאָן. ער האָט אים אויך פאַרזיכערט, אַז די גאַנצע געמיינדע פון דער נייער שול וויל אים האָבן, אָבער א. ב. בירנבוים האָט זיך געפילט געקרענקט פון די אָנפאַלן אויף אים און אַזוי ווי ער איז געווען אַ שטאָלצער מענטש בטבע, האָט ער זיך אָנגעגעבן אין דעמיסיע און איז באַלד דערנאָך אַוועקגעפאָרן קיין לאָדזש, ווייל ער האָט ניט גע-וואָלט, אַז מען זאָל אים איבעררייידן אַז ער זאָל בלייבן ווייטער אין טשענסטאָכאָוו.

* * *

אברהם בער בירנבוים האָט זיך געמאַכט אַ גרויסן נאָמען אין דער יידישער וועלט, ווייל עס איז געווען ער, וואָס האָט געלייגט דעם טראָפּ און געשאַפן אַ טעאָריע וועגן דעם וואָס עס איז אַזוינס יידישע מוזיק. אין דער הינזיכט האָט ער געוויזן אַ וועג פאַר די וואָס זיינען געקומען נאָך אים. ער האָט געלייגט דעם פונדאַמענט צו דעם פון וואָס יידישע מוזיק באַשטייט און מיט וואָס זי טיילט זיך אויס פון אַלגעמיי-נער מוזיק.

א. ב. בירנבוים איז אויך געווען אַן אויסגעצייכנטער שריפט-שטעלער און וואָלט ער געווידמעט זיינע כוחות אַנשטאָט צו מוזיק, צו שרייבעריי, וואָלט ער געווען איינער פון אונדזערע בעסטע עסייאיסטן. אַ חוץ זיינע אַרבעטן וואָס ער האָט געשריבן וועגן מוזיק בכלל און וועגן יידישער מוזיק בפרט האָט ער אויך געהאַט אַרבעטן וועגן חסידות, וואָס עס איז אַזוינס און מיט וואָס די חסידישע באַוועגונג איז אַנדערש פון אַלע אַנדערע באַוועגונגען, וואָס עס זיינען געווען אין יידישן לעבן. באַזונדערס האָבן געמאַכט אַ גרויסן רושם זיינע אַרטיקלען וועגן ר' מענדעלע קאָצקער, אין וועלכע ער גיט צום ערשטן מאָל אַ באַגריף וועגן דעם, וואָס ער איז געווען און וואָס עס איז געווען זיין שיטה. מען קען זאָגן, אַז ער האָט פּאָפּולאַריזירט דעם קאָצקער און זיין שיטה אין חסידות ווי בכלל זיין פילאָזאָפיע וועגן לעבן און טויט. דאָס זיינען געווען טיפזיניקע אָפּהאַנדלונגען פון וועלכע מען האָט גערעדט אין דער משכילישער וועלט אין פוילן זייער לאַנג. די אַרטיקלען האָבן געבראַכט דערצו, אַז מען האָט אָנגעהויבן צו באַציען זיך צום קאָצקער גאָר אַנדערש.

א. ב. בירנבוים איז אויך געווען אַ גרויסער מלומד און

יידישער וויסנשאַפט און האָט געדרוקט אין פאַרשידענע העברע־אישע זשורנאַלן וויכטיקע אָפּהאַנדלונגען וועגן אָפּשטאַם פון אונ־דזערע תפילות, וועגן די אַנדערשקייט פון די תפילות פון נוסח אשכנז פון נוסח ספרד און אַ גאַנצע רייע אַרטיקלען וועגן די פיוטים. אַ באַזונדערע אַרבעט האָט ער פאַרעפנטלעכט וועגן די תפילות פון יום כיפור, פון כל נדרי ביז נעילה.

אָבער איבער אַלעם איז ער געווען און געבליבן דער גרוי־סער יידישער מוזיקער. דער רבי און לערער, פירער און מנהיג פון אַ גאַנצן דור יידישע מוזיקאַלישע מענטשן, וועלכע ער האָט מחנך געווען צו זיין חזנים, דיריגענטן און אָרקעסטער־פירערס סיי אין דער יידיש־רעליגיעזער וועלט און סיי אין וועלטלעכע אונטערנעמונגען, ווי קאָנצערטן, פייערונגען א״דגל.

נאָכדעם ווי ער איז געקומען פון טשענסטאָכאָוו קיין לאָדזש האָט ער שוין מער ניט געוואָלט אָננעמען קיין שום שטעלע און ערגעץ ניט, כאָטש ער האָט געהאַט פיל אָנבאָטן. ער איז געווען מיד פון די פאַרשידענע גבאים און קהילה־פירערס וואָס ווייסן גאָר ניט וועגן חזנות און מוזיק און דאָך ווילן זיי זאָגן דעות כדי צו מאַכן צו גלויבן אַנדערע אַז זיי זיינען גרויסע קענער. ער האָט איצט געלעבט אַ שטיל רואיק לעבן און איז געגאַנגען ווייטער אויפן וועג וואָס ער האָט זיך געהאַט אָנגעצייכנט.

ער איז נפטר געוואָרן פלוצלינג אין טשענסטאָכאָוו און איז דאָרטן געבראַכט געוואָרן צו קבורה. ער איז געקומען קיין טשענסטאָכאָוו פרייטיק, דעם עלפטן דעצעמבער 1923 צו זיין טאָכטער, אָבער ביינאַכט איז אים ניט גוט געוואָרן און ער איז געשטאָרבן. די טשענסטאָכאָווער קהילה איז באַשערט געווען אַז איר באַליבטער חזן זאָל רוען אויף דעם בית־עולם פון דער דאָזיקער קהילה.

# אברהם ווענוויאָרקע

## (אַ קאַפּיטל זכרונות)

## ה

באַלד דעם ערשטן טאָג, ווען אברהם ווענוויאָרקע, וועלכער איז דעמאָלט געווען אַ יינגל פון 12 יאָר, איז געקומען פון טשענסטאָכאָוו קיין סאָכאַטשעוו, כדי צו לערנען אין רבינס ישיבה, האָב איך זיך מיט אים באַקענט און באַפריינדעט און די דאָזיקע פריינטשאַפט האָט אָנגעהאַלטן אַזוי לאַנג ביז וואַנען ער איז פאַרשוואונדן געוואָרן הינטער דעם אייזערנעם פאָרהאַנג.

דאָס איז געווען אין מיינע קינדער־יאָרן ווען איך בין געווען אין סאָכאַטשעוו און דאָרטן געלערנט ביים גרויסן גאון, דעם רבי ר׳ אברהמעלע. דאָס הייסט, מען האָט מיך צוגעלאָזן צו זיין שיעור, וואָס ער האָט געזאָגט יעדן טאָג אין דער פרי. איך בין אין יענע טעג פשוט אויסגעגאַנגען פון בענקשאַפט נאָך אַ חבר מיט וועלכן איך זאָל קאָנען ריידן און פאַרברענגען. אָבער — אומזיסט מיין זוכן. ס׳איז קיינעמס שולד ניט געווען. אויך ניט מיינע. עס איז געווען פשוט דערפאַר, וואָס מען האָט מיך „געבראַכט" קיין סאָכאַטשעוו ווען כ׳בין נאָך געווען אַ יינגל פון 12 יאָר. יאָ, איך זאָג „געבראַכט", ווייל ניט איך און ניט מיינע עלטערן האָבן געוואָלט אַז איך זאָל פאָרן אַזוי יונג אַהין, אָבער עס האָט זיך אָנגעזעצט אויף אונדז איינער פון די קעמפער כאַרן סאָכאַטשעווער רבי וואָס האָט גראָדע געוואוינט ביי אונדז אין שטאָט, דאָס איז געווען ר׳ חזקיה קאָצקער, אַז ניט אַנדערש אַז איך זאָל פאָרן מיט אים קיין סאָכאַטשעוו צום רבין, ווייל דאָרטן וועט ווערן פון מיר אַ לייט...

ר׳ חזקיה קאָצקער האָבן אין פוילן כמעט אַלע געקענט, ווייל ער איז געווען נאָך פון די לעצטע פון ר׳ מענדעלע קאָצ־קער גוואַרדיע, די גרופּע פון יונגע לייט מיט וועלכע יענער רבי האָט זיך אַרומגערינגלט און געוואָלט מיט זיי קערן וועלטן, אָבער עס האָט זיך אים ניט איינגעגעבן. ר׳ חזקיה איז געווען אַ גרויסער למדן, אַ שאַרפער חסיד און אויך אַ וויצלינג און ער האָט אויפגעטאָן פאַר מיר זייער פיל. אַזוי, למשל, האָט ער גע־קראָגן פאַר מיר טעג און אויך „געמאַכט", אַז אַ איך זאָל אָנקומען צו לערנען ביים רבין, ד״ה, צו הערן זיין שיעור, צו וועלכן מען האָט צוגעלאָזן נאָר דערוואַקסענע בחורים, גרויסע לערנערס. אָבער איין זאַך האָט ער ניט געקענט אויספירן, אַז די דאָזיקע בחורים זאָלן זיך חברן מיט מיר. כאָטש ער האָט מיך אומעטום פאָרגעשטעלט גאָר גרויס אַלס דעם „לאָוויטשער עלוי", וואָס קען 60 בלאַט גמרא אויף אויסווייניק. די סיבה איז טאַקע געווען אָט דאָס, וואָס די אַלע בחורים זיינען שוין געווען דערוואַקסענע, צווישן 17 און 20, און איך בין געווען נאָך אַ שנעק, אַ יינגל וואָס האָט נאָך אַפילו קיין תפילין ניט געלייגט. איך בין דעריבער פשוט אויסגעגאַנגען נאָך אַ חבר און אַ נאָענטן פריינד. יענע בחורים האָט ניט געפּאַסט צו חברן זיך מיט אַ יינגל און צו ווערן נאָענט צו מיר און איך האָב זיך אַרומגעדרייט דאָרטן ממש ווי אַ יתום.

אָבער איינמאָל האָב איך פלוצלינג דערזען זיצן ביי איינעם פון די גרויסע בית־המדרש טישן אַ יונג בחורל מיט געקרייזלטע פּאהלעך, אין מיין עלטער, וועלכער האָט געמאַכט אויף מיר אַ גוטן איינדרוק. איך בין צוגעגאַנגען צו אים און אים געגעבן „שלום עליכם" און ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער קומט פון טשענסטאָכאָוו און אַז ער האָט דאָ קיינעם ניט. איך האָב אים געזאָגט, אַז אַ איך האָב אויך דאָ קיינעם ניט און אויב ער וויל וועלן מיר זיך האַלטן צוזאַמען. דאָס איז געווען אברהם ווע־וויאָרקע. מיר זיינען באַלד געוואָרן פריינד.

דאָס איז געווען אין אַ נאָכמיטאָג. באַלד האָט מיר ווענוויאָרקע געזאָגט, אַז ער איז הונגעריק. איך האָב דעמאָלט געגעסן „טעג". קיין געלט האָבן מיר ביידע ניט געהאַט, יעדנפאַלס ווייניק און אַ חוץ דעם האָבן מיר וועגן גיין אין אַ רעסטאָראַן ממש קיין השגה ניט געהאַט. אויסער דעם איז דעם רבינס בית המדרש געווען מחוץ פון דער שטאָט און אויב גיין אין אַ רעסטאָראַן, דאַרף מען עס זוכן אין שטאָט. האָב איך דעריבער געזאָגט צו ווע־ניאָרקען אַז ער זאָל צוואַרטן ביז איך וועל גיין עסן „ווע־טשערע" אין דאָרטן, וואו איך עס היינט דעם „טאָג", וועל איך הייסן אים געבן „מיין וועטשערע" און איך וועל ניט עסן. מיר

האָבן געשמועסט און שוין געוואָרט ביז מען האָט אָפּגעדאַוונט מנחה, דערנאָך בין איך מיט אים אַוועק צום ייד, וואו איך האָב געגעסן דעם „טאָג". עס איז געווען ביי אַ שניידער, אַ וואוילער ייד, וואָס האָט מיך אַלע מאָל געהיט, אַז איך זאָל עסן וואָס מער, כדי כ'זאָל האָבן כח צו לערנען. ווען איך בין אַריינגעקומען מיט אברהם וועוויאָרקען, האָב איך געזאָגט גיך און פאַרשעמט צו אַלעמען:

— „מיין חבר איז ערשט היינט אָנגעקומען. ער האָט גאָר ניט געגעסן אַ גאַנצן טאָג. וויל איך אים געבן מיין וועטשערע. איך האָב דאָך שוין היינט געגעסן" — און געמאַכט אַ באַוועגונג אַוועקצוגיין.

דער שניידער און זיין פאַמיליע האָבן אויסגעבראָכן אין אַ געלעכטער. דער שניידער האָט געזאָגט צו מיר:

„קום אַריין, יינגעלע. איר וועט עסן ביידע. נישקשה, אויב



אברהם וועוויאָרקע

אַ בחור קען הונגערן אַ גאַנצן טאָג, כדי צו לערנען אין סאָכאַטשעוו ביים רבין, איז כדאי אים צו געבן אַ מאָלצייט.

און ער האָט אונדז ניט אָפּגעלאָזט ביז מיר האָבן זיך געזעצט ביים טיש און מיר האָבן ביידע געגעסן „וועטשערע".

דעם זעלבן אָוונט איז אברהם וועוויאָרקע געשלאָפן ביי מיר אין מיין בעט, כאָטש די באַלעבאָסטע האָט עס ניט געוואָלט דולדן. צומאָרגנס האָב איך גערעדט וועגן אים צו מיין אַפּיטראָפּוס ר' חזקיה קאַצקער, און ער האָט געהייסן קריגן פאַר אים אַ דירה און „טעג", און אַזוי איז עס געווען. מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט אברהם שוין געהאַט אַ דירה, וואו צו שלאָפן, און אויך „טעג". ר' חזקיהס יונגעלייט האָבן עס שוין פאַר אים פאַרזאָרגט.

זייט דעמאָלט איז ר' חזקיה געוואָרן אויך דער אַפּעקון איבער אברהם וועוויאָרקע און אים אַלע מאָל אויסגעפרעגט, פּינקט אַזוי ווי מיך, צי עס פעלט אים גאָר ניט.

* * *

אברהם וועוויאָרקע האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן צו זיין אַ „שאַרפער קאָפּ". ר' חזקיה האָט געהייסן זיינע יונגע לייט (מען האָט זיי גערופן „חזקיהס סוויטע"), אַז זיי זאָלן נעמען דאָס בחורל אויפן צימבל, ד"ה שמועסן מיט אים אין לערנען און זען וואָס ער קען. זיי זיינען באַלד צוריקגעקומען מיט אַ באַריכט:

— ער וואַקסט אַ כלי...

דאָס האָט געמיינט אַז מען קען דערוואַרטן פון איר גרויסעס, אַז ער וועט זיין אַ מאָל אַ גדול בישראל. ווען ר' חזקיה האָט דאָס געהערט, האָט ער אים נאָך מערער מקרב געווען און ער פלעגט אים דערציילן חסידישע מעשיות, כדי אים איינצוברעכן אין חסידות. אַמאָל פלעגט ער אויך שפּילן מיט אים אַ שאָך.

אברהם וועוויאָרקע איז געווען ממש געניאַל אין שאָך. ער האָט אַלע מאָל ביים „אַלטן", נאָך אַ קורצער צייט פון שפּילן, צוגענומען די קעניגין און אַלע יוצר משרתים און אים געמאַכט מאַט. ר' חזקיה האָט דאָס דערציילט ר' שמואלן, ר' אברהםמעלעס זון (וועלכער איז געוואָרן שפּעטער ממלא מקום נאָך דעם פאַטערס טויט. ער איז אויך געווען דער מחבר פון ספר „שם משמואל"), ר' שמואל האָט דאַן געהייסן אברהמען קומען צום שיעור פון רבין און מיר ביידע זיינען געזעסן צוזאַמען. מיר זיינען געווען צוויי יינגלעך צווישן אַן עדה פון יונגע בחורים און באַלעבעסלעך, וואָס קיינער פון זיי איז ניט געווען יינגער פון 17 יאָר.

אין יענער צייט בין איך געווען אַ מתמיד און פלעג לערנען טאָג און נאַכט (אַמאָל אַ גאַנצע נאַכט איינער אַליין אין גרויסן פינצטערן בית המדרש מיט אַ ליכטל אין האַנט צו באַלייכטן בלויז די גמרא), אָבער אברהם וועוויאָרקע האָט ליב געהאַט צו שפּאַצירן אין גרויסן גאָרטן, וואָס איז געווען ביים עק פון רבינס הויף און אויך אָפט טאָן שטיקלעך און שפּיצלעך די חסידים, וועלכע האָבן שפּאַצירט אין די אַלייען פאַרטיפט אין לערנען אָדער דערציילט זיך חסידישע שמועסן. אַזוי, למשל, פלעגט ער וואַרפן פלוצלינג איינעם אַ האַרטן קאַשטאַן פון די וואָס האָבן זיך אַרומגעוואַלגערט, און אַמאָל אויך טאַקע אַ שטיינדל, צי עפּעס אַנדערש. דאָס איז דערגאַנגען אַזוי וויט, אַז עס איז איינמאָל אַפילו געקומען צו אַ גאַנצער סומאַטאַכע.

דאָס איז געווען פאַר ראש השנה. אברהם וועוויאָרקע האָט זיך פלוצלינג פאַרגלוסט אַרויפצוקריכן אויף אַ הויכן עפּלבוים, און מיטנעמען אַרויף די גמרא און דאָרטן לערנען. דערווייל האָט ער געגעסן עפּל פון בוים און אויך אַמאָל אַראָפּגעוואָרפן עמעצן אַן עפּל אין קאָפּ אַריין.

און געווען איז עס נאָך מיטאָג, ווען דער רבי פלעגט גיין אויף אַ שפּאַציר אין גאָרטן אַריין. פלוצלינג האָט זיך געהערט פון דער הויך אַ פיינער ניגון:

— תנו רבנן, די רבנן האָבן געלערנט...

דער רבי האָט זיך אומגעקוקט און ניט געזען קיינעם. האָט ער געפרעגט זיין משמש ר' אברהם יצחק באַמבאַס, ווער עס לערנט דאָס ערגעץ אין דער הויך. האָט דער משמש זיך אַרומגעקוקט און ניט געזען קיינעם. אָבער באַלד איז אַ האַרטער עפּל אים געפאַלן אין קאָפּ אַריין, אַזוי, אַז ער האָט אַזש געשריען פון ווייטאָג. די זאַך איז געווען דאָס, וואָס דער רבי איז געשטאַנען ניט וויט פון אים און דער עפּל האָט געקאָנט טרעפן אויך אים.

עס איז געוואָרן אַ גוואַלד. מען האָט דערזען וועוויאָרקע אין דער הויך און מען האָט אַראָפּגעבראַכט דעם ווילדן בחור פון בוים און אים שיעור ניט צעריסן אויף שטיקער. אָבער באַלד איז געקומען צולויפן ר' חזקיה קאַצקער און זיך איינגעשטעלט פאַר אים. ער האָט זיך צעשריען:

— „לאָזט אים אָפּ! ער איז ווילד, זאָגט איר, נו אַלע ווילדע קינדער ווערן חשובע מענטשן. איר וועט נאָך זען.

דאָס האָט געווירקט און עס איז אַראָפּ אַלץ גלאַטיק.

* * *

אברהם וועוויאָרקע איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1887 אין אַ קליין שטעטל, באַביאַק (קאַלישער גובערניע), ביי אַ שטרענג

חסידישער פאַמיליע, אָבער זיין פאָטער האָט זיך, ווען אברהם איז נאָך געווען גאָר יונג, געצויגן קיין טשענסטאָכאָוו. ער האָט געקראָגן אַ דערציאונג אין חדרים און שפּעטער, ווי געזאָגט, אין דער ישיבה פון סאָכאַטשעוו. אָבער צו 13 יאָר איז ער אַוועק פון דער ישיבה און זיך גענומען צו אַלגעמיינער בילדונג. ער איז אויך געוואָרן באַלד אַריינגעצויגן אין דער פּועלי־ציון פּאַרטיי און ווערט דאָרטן אַ גאַנצער טוער. אין דער זעלבער צייט הייבט ער אויך אָן צו שרייבן און דרוקן זאַכן — ווי דערציילונגען און לידער — אין דער צייטונג „דער וועג" און אין דער „ראָמאַן צייטונג". ווען ער איז אַלט געוואָרן 21 יאָר, און האָט געדאַרפט זיך שטעלן צום פּריזיוו, איז ער אַנטלאָפן קיין גאַליציע, וואו ער האָט זיך אין גאַנצן אָפּגעגעבן מיט ליטעראַרישע אַרבעט. ער האָט זיך דעמאָלט באַטייליקט אין אַ ליטעראַרישן קאָנקורס פון „אידישען וואָכענבלאַט" וואָס עס איז דערשינען אין ניו יאָרק און געוואונען די פּרעמיע. דאָס האָט נאָך פאַרשטאַרקט זיין חשק צו פאַרנעמען זיך וואָס מער מיט ליטעראַטור. ער הויבט זיך אָ צו באַטייליקן אין פאַרשידענע יידישע צייטשריפטן פון פּוילן און אַמעריקע און ווערט אַלץ מער פּאָפּולער.

אין 1911 ווערט ער אַ מיטאַרבעטער פון דער קראַקאָווער צייטונג „דער טאָג" וואָס איז דאָרטן דערשינען און אַביסל שפּעטער אויך דער ליטעראַרישער רעדאַקטאָר פון דער דערמאָנטער צייטונג. אין יאָר 1912 איז ער געקומען קיין בערלין און געמאַכט אַ פּראָבע אַרויסצוגעבן דאָרטן אַ ליטעראַרישן חודש־זשורנאַל אונטערן נאָמען „דאָס בוך", אָבער מער ווי צוויי נומערן זיינען פון דעם זשורנאַל ניט דערשינען. אין דעם זשורנאַל האָט ער אָפּגעדרוקט די ערשטע צוויי קאַפּיטלען פון אַ נייעם ראָמאַן וואָס ער האָט געהאַט אָנגעשריבן אונטערן נאָמען „דער מתבודד". ער דרוקט איצט אַ סך פּובליציסטישע אַרטיקלען אונטערן פּסעוודאָנים „א. ביעלקא", און אויך פּאָלעמישע אַרטיקלען (אַ שאַרפער אַרטיקל איז געווען וועגן ש. גאָרעליק מיטן נאָמען „די קונסט־פילאַנטראָפּן").

אברהם וועוויאָרקע וואַנדערט איצט אַרום איבער איראָפּע, ער איז אין פּאַריז, אַנטווערפּן, לאָנדאָן און באַטייליקט זיך אין פאַרשידענע זשורנאַלן ווי אין „זאַמלבוך פאַר ליטעראַטור, קונסט און קריטיק", און אין פיל אַנדערע.

עס איז די צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. אברהם וועוויאָרקע איז דעמאָלט געווען אין לאָנדאָן, ווען עס איז אין יאָר 1917 אָנגעקומען די ידיעה, אַז אין רוסלאַנד האָט אויסגעבראָכן אַ רעוואָלוציע און אַז דער צאַר איז אַרעסטירט געוואָרן. דאָס רייצט אויף זיינע בלוטן און ער באַשליסט צו פאָרן קיין רוסלאַנד צו פרייען זיך צוזאַמען מיטן רוסישן פאָלק אויף דער באַפרייאונג פון זייער גרויס לאַנד. ער פאַרבלייבט שוין דאָרטן ביז איבער די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע, ווען עס דוכט זיך אים אויס (ווי פיל אַנדערע אין יענער צייט), אַז עס איז שוין געקומען די אויסלייזונג צו דער מענטשהייט, אָבער ווען ער האָט דערזען זיין טעות איז שוין געווען צו שפּעט.

אין רוסלאַנד איז אברהם וועוויאָרקע געוואָרן אַן אינעווייניקסטער מיטאַרבעטער פון מאָסקווער „עמעס". ער האָט זיך אויך באַטייליקט אין פיל זאַמלביכער און זשורנאַלן, מיט פאַרשידענע דערציילונגען און עסייען.

אברהם וועוויאָרקע האָט דאָרטן אויך אָנגעשריבן עטלעכע פּיעסען, וואָס איניקע פון זיי האָט מען אויפגעפירט. ווי „אין דער טיפער נאַכט", „האָנענקריי" (אַ מיסטעריע אין צוויי אַקטן, געשריבן אין פערזן). די דראַמע איז שפּעטער דערשינען אין פאַרלאַג „קולטור ליגע" (מאָסקווע, 1923). אין דער דראַמע האָט אברהם וועוויאָרקע פּרובירט צו שילדערן אויף אַ פאַרשטעלטן אופן די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע ווי זי זעט אויס, ווען זי קומט אַריין אין קליינעם יידישן שטעטל און ווי אַזוי דער יידישער קרעמער פּאַסט זי אויף. ער האָט אויך אָנגעשריבן „אויף אַ ווייסן בוים"" און אַ דראַמע „באָטווין" וואָס איז אויפגעפירט געוואָרן. אין פאָרם פון דערציילונגען האָט ער אַרויסגעגעבן אַ גרעסערע זאַמלונג אונטערן נאָמען „הימל און ערד" און „פאַרלאָשענע ליכט" (דערציילונגען פון חסידישן לעבן). ער האָט אויך אַרויסגעגעבן עטלעכע ביכער פון לידער, ווי „בענקשאַפט" און אַנדערע. וועוויאָרקעס עטלעכע דערציילונגען און מאָנאָלאָגן ווי „דער שיכור", „דער בעל עבירה" זיינען געווען זייער פּאָפּולער אין פּוילן און מען האָט זיי אָפט געלייענט אויף ליטעראַרישע אָוונטן.

* * *

אברהם וועוויאָרקע האָט געהאַט אַ סך פעאיקייטן און אויך אַ גרויסן טאַלאַנט, אָבער ער האָט געליטן פון צוויי חסרונות. ער האָט ניט געהאַט קיין סיסטעמאַטישע בילדונג און אויך ניט געהאַט קיין געדולד צו אַרבעטן איבער זיינע זאַכן. ער האָט געשריבן לייכט, פון דער האַנט אַוועק. אַ דאַנק זיינע גרויסע פעאיקייטן און שאַרפן מוח, האָט ער שטענדיק געקענט גיך עפּעס אָנשרייבן, אָבער ווי נאָר ער האָט עס געענדיקט, האָט ער זיך ניט געוואָלט מער אומקערן דערצו. פון אַרבעטן איבער זאַכן, פון שלייפן און פאַרפולקאָמען האָט ער ניט געהאַלטן. ער איז געבליבן דער זעלבער, אַזוי ווי אין די קינדער יאָרן זיינע אין בית המדרש אין סאָכאַטשעוו, ווען אַלע זיינען געזעסן און געלערנט האָט אים גאָר געצויגן צו שפּילן זיך. אַזוי איז ער געווען אויך שפּעטער אַ גאַנץ לעבן־לאַנג. ער האָט ניט געוואָלט זיך אָנשטרענגען וועגן קיין זאַך. ער איז ניט געווען דער טיפּ פון אַ מתמיד, אַ לערנער וואָס שטרעבט צו וויסן, און אויך ניט אַ שרייבער וואָס אַרבעט איבער זיין ווערק. ער האָט ליב געהאַט נאָר שפּיל, לייכטעס.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָבן מיר זיך אָפט געטראָפן. און איינמאָל האָב איך מיט אים גערעדט וועגן דעם אַז ער זאָל אַריינטרעטן אין אַן אוניווערסיטעט און לערנען. דערויף האָט ער מיר געענטפערט אַז ער קען עס ניט טאָן, ווייל ער האָט ניט קיין „מאַטורע". דאָס איז געווען נאָר אַ האַלבער אמת, אָבער ניט דער ריכטיקער ענטפער, ווייל מיט זיין אָפענעם מוח וואָלט ער געקאָנט האָבן „מאַטורע" אין גאָר אַ קורצער צייט. ווען ער וואָלט נאָר געוואָלט. יאָ, ווען ער וואָלט געוואָלט זיך אַביסל אָנשטרענגען, וואָלט ער אַ סך דערגרייכט, אָבער ער האָט עס ניט געוואָלט. ער האָט פשוט ניט געהאַט קיין געדולד דערפאַר.

און פונקט אַזוי ווי ער האָט ניט געהאַט קיין געדולד צו לערנען האָט ער אויך ניט געהאַט קיין געדולד צו אַרבעטן איבער זיך און איבערהויפּט איבערצושרייבן זיינע זאַכן וואָס ער האָט אָנגעשריבן. פיל פון זיינע דערציילונגען און דראַמעס האָבן זיך ממש געבעטן, אַז מען זאָל זיי אַביסל צושלייפן, מאַכן ענדערונגען און זיי וואָלטן געוואָרן אמתע פּערל. אָבער ניט אברהם וועוויאָרקע, ער האָט דאָס ניט געקאָנט טאָן. ער האָט ניט ליב געהאַט צו אַרבעטן.

און אַזוי זעט מען אים ווי ער צעשפּליטערט זיינע כוחות דאָ און דאָרטן. ער שרייבט פאַר צייטונגען, דערפון איז ער גראָד געווען צופרידן. אָנגעשריבן, אַוועקגעגעבן דעם זעצער און

פאַרטיק. „פאַר אַ צייטונג דאַרף מען איבער אַן אַרטיקל ניט צו פיל אַרבעטן", אַזוי פלעגט ער זאָגן.

וואָס אברהם וועוויאָרקען האָט געפעלט, איז געווען אַ גוטער מחנך. אַ דערציער. ר' חזקיה קאָצקער האָט אים גענומען אונטער זיינע פליגלען אין סאָכאַטשעוו. אָבער ר' חזקיה איז ניט געווען קיין מחנך. אויסער דעם איז נאָך דער מעשה מיטן וואַרפן די עפל, ווידער עפּעס געשען; ער האָט אַמאָל געריסן וויינ־טרויבן און האָט ניט געוואָלט בשום אופן אַראָפּגיין ביז די רביצין, שרה צנעה, ר' מענדעלע קאָצקערס טאָכטער, איז אַרויסגעלאָפן צו אים מיטן בעזים אין האַנט און געשריען צו אים אַז ער זאָל די מינוט אַראָפּגיין. אַן אַנדער מאָל ווידער האָט ער זיך אויסגעשמירט דאָס פּנים מיט שוואַרצע סאַזשע און האָט אויסגעזען ווי אַ נעגער, און אַזוי איז ער געזעסן און געלערנט די גמרא בבא קמא.

עס איז זייער מעגלעך, אַז אברהם וועוויאָרקע האָט געהאַט אין זיך עפּעס פון אַן אַקטיאָר, ווייל ער איז געווען אַ מאדים אויף אויסשפּילן סצענעס און נאָכצוקרימען מענטשן. ער איז געווען זייער שפּילעוודיק. דער קאָפּ איז טאַקע געווען שאַרף, אָבער ער אַליין האָט ניט געוואָלט צו פיל טראַכטן, נאָר בעסער גענומען דאָס לעבן שפּילעוודיק.

ווי אַזוי עס איז אים געגאַנגען אין סאָוויעט־רוסלאַנד ווייסט מען ניט. אָבער מן הסתם האָט ער אויך דאָרטן קיין האָניק ניט געלעקט. עס איז ניט קלאָר ווען ער איז אומגעקומען און ווי אַזוי, ווייל אין דער רשימה פון די שרייבער בערגעלסאָן, פעפער, האָפשטיין, פרץ מאַרקיש און אַנדערע ווערט זיין נאָמען ניט דערמאָנט. עס איז דעריבער מעגלעך אַז ער איז אומגעקומען פריער, אָדער אפשר געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט. עס איז אויך ניט באַקאַנט צי ער האָט געהאַט אַ פרוי און צי ער האָט געלאָזן נאָך זיך אַ יורש. וועגן דעם אַלעם שווייגט די אייזערנע פאָרהאַנג פון סאָוויעט רוסלאַנד.

אָבער אברהם וועוויאָרקע איז זיכער געווען אַן אמתער טאַלאַנט און אַ כח אין אונדזער ליטעראַטור. דאָס יידישע טשענסטאָכאָוו קען דעריבער זיין שטאָלץ אויף אים. ער גע־הערט צו אירע בעסטע זין.

---

יעפים ישורין

# אברהם וועוויאָרקע ביבליאָגראַפיע



(וועגן א. וועוויאָרקע)


אַלמי, א.: אין קראָקע. מאָמענטן פון אַ לעבן. בוענאָס איירעס, 1948, ז' 103.

אַלמי, א.: אַנאַרכיזם און ציוניזם. מאָמענטן פון אַ לעבן. בוענאָס איירעס, 1948, פ' 153.

אַלמי, א.: שמר־רעוויזיע... פרייע אַרבעטער שטימע, ניו יאָרק, מאי 4, 1956, ז. 3.

באָטאָשאַנסקי, יעקב: י. אָפּאַטאָשו. פּאָרטרעטן פון יידישע שרייבער. וואַרשע, 1933, ז' 37.

באַסין, מ.: א. וועוויאָרקע. אַנטאָלאָגיע 500 יאָר אידישע פּאָעזיע. באַנד 2, ניו יאָרק, 1917, ז"ז 253—254.

באַריישאָ, מ.: מעשה בערגעלסאָן. יידיש, ניו יאָרק, יוני 3, 1932, ז' 8.

בוכוואַלד, נ.: דער וועג פון אַרטעף. טעאַטער, ניו יאָרק, 1943, ז' 431.

ביקל, שלמה: פרץ־רעוויזיע. אינזיך און אַרומזיך. בוקאַרעשט, 1936, ז' 23.

ביקל, שלמה: נאַציאָנאַלע מאָמענטן אין דער יידיש־סאָוועטישער ליטעראַטור. די גאָלדענע קייט, העפט 29, תל־אביב, 1957, ז' 49.

בראָנשטיין, י.: שעפערישע פּראָבלעמעס פונ דער יידישער סאָוועטישער פּאָעזיע. שטערן, 5־6, מינסק, מאַי־יוני 1930, ז' 160.

בראָנשטיין, י.: סאַכאַקלען פון 15 יאָר קאַמף פאַר מאַרקסיזם־לעניניזם־קענטעניש. צום 15טן יאָרטאָג אָקיאַבר־רעוואָלוציע. מינסק, 1932, ז"ז 17, 33, 38.

דונעצ, כ.: פאַלשער פּאַטאָס. א. וועוויאָרקע. „מאָטיע פלאסט אונ זיין פאַרברעכנ. שרייבער און ווערק. מינסק, 1933, ז"ז 95־101.

ווינער, מ.: צו דער פּראָבלעם פון ליטעראַרישער ירושע. (די טעאָריע וועגן די „גוטע סאָפּן" אין א. וועוויאָרקעס בוך „רעוויזיע" — 1931. פּראָבלעמעס פון קריטיק. פאַרלאַג „עמעס". מאָסקווע, 1933, ז"ז 131־175.

ווינער, מ.: מאַטעריאַלן צו א. וועוויאָרקעס שאָמער־לעגענדע. פּראָבלעמעס פון קריטיק. פאַרלאַג „עמעס", מאָסקווע, 1933, ז"ז 233־270.

וויינרייך, דר. מאַקס: פּאַריז און ווילנע. בילדער פון דער יידישער ליטעראַטורגעשיכטע. וויל־נע, 1928, ז' 190.

וויינרויך, הערש: ליבע לויט באַפעל. בלוט אויף דער זון. ברוקלין־ניו יאָרק, 1950, ז' 49.

זילבערצווייג, זלמן: נפתלי באָטווין. דער אַמעריקאַנער, ניו יאָרק, פעב. 17, 1953, ז' 9.

זשוקאָווסקי, מ.: פּרואוון — אַ זאַמלונג קאָנק־רעטע קריטיק. רעדאַגירט — מ. לעוויטאַן, כאַרקאָוו־קיעוו, 1934, ז' 13.

[יאַנאָווסקי, ש.] ד. ב.: „הימעל און ערד". פון אברהם וועוויאָרקע. פרייע אַרבעטער שטימע, ניו יאָרק, אויג. 26, 1911.

ישורין־יעפים: דוד עדעלשטאַט ביבליאָגראַפיע. דוד עדעלשטאַט געדענק־בוך. ניו יאָרק, לאָס אַנדזשעלעס־סאַן פּראַנציסקאָ, 1953, ז' 594. סעפּאַראַטער אָפּדרוק, ניו יאָרק, 1953, ז' 7.

ליטוואַקאָוו, מ.: ערשטע פּרואוון. אַווראָם וועוו־יאָרקע „האָנענקריי". אין אומרו, צווייטער באַנד, מאָסקווע, 1926, ז"ז 113־119.

ליטוואַקאָוו, מ.: „אָקטיאַבר". אין אומרו. צוויי־טער באַנד, מאָסקווע, 1926, ז' 206.

ליטוואַקאָוו, מ.: „נייערד". אין אומרו. צווייטער באַנד, מאָסקווע, 1925, ז' 208.

לינדער, ס.: א. וועוויאָרקעס אַבענד. דער אַר־בייטער פריינד, לאָנדאָן, סעפּט.. 27, 1912, ז' 9.

לינדער, ס.: „אין טיפער נאַכט" פון אברהם וועוויאָרקע אין פּאַוויליאָן טעאַטער. דער אַר־בייטער פריינד, לאָנדאָן, אָקטאָבר 11, 1912, ז' 4.

לינדער, ס.: וועגען פּאַוויליאָן טעאַטער. דער אַר־בייטער פריינד, לאָנדאָן, אָקט. 25, 1912, ז"ז 3־4.

ל[ינדער] ס.: פון דער אידישער גאַס. דער אַרבייטער פריינד, לאָנדאָן, נאָוו. 15, 1912, ז' 10.

לעווי, יוסף הלל: א. אַלמי — דער דיכטער און דענקער. פרייլאַנד, פּאַריז, יוני־יולי, 1952, ז' 14.

מייזיל, נחמן: הויפּט־שטריכן פון סאָוועטיש־יידישער ליטעראַטור. דורות און תקופות אין דער יידישער ליטעראַטור. ניו יאָרק, 1942, ז' 86.

מייזיל, נחמן: אַנטאָלאָגיעס פון יידישער פּאָעזיע. יידישע קולטור, ניו יאָרק, אָקטאָבער 1954, ז"ז 31־35.

מייזיל, נחמן: אַנטאָלאָגיעס פון יידישער פּאָעזיע. יידישע קולטור, ניו יאָרק, דעצעמבער 1954, ז"ז 17, 18.

מעסטל, יעקב„ דראַמקרייזן. אונדזער טעאַטער, ניו יאָרק, 1943, ז' 173.

מעסטל, יעקב: 70 יאָר יידישער טעאַטער־רעפּער־טואַר אין אַמעריקע. יידישע קולטור, ניו יאָרק, מאַי 1953, ז' 44.

מרמר, קלמן: אינם סאָוועטן־פאַרבאַנד. מאָריס ווינטשעווסקי־געזאַמעלטע ווערק. באַנד 1, ניו יאָרק, 1927, ז' 329.

מרמר, קלמן: **דוד עדעלשטאַט. איקוף פאַרלאַג. ניו יאָרק, 1950, ז״ז 345, 346, 348, 351, 356, 361, 366, 368.**

ניגער, ש.: **אַ רחמנות אויף לענינען. צוקונפט, ניו יאָרק, נאָוועמבער 1934, ז׳ 677.**

סווערדלין, דר. נ.: **יידיש טעאַטער אין אַמעריקע. צוקונפט, ניו יאָרק, יאַנואַר 1955, ז׳ 578.**

פּאָמעראַנץ, א.: **ביבליאָגראַפישער מאַטעריאַל. אינזשענערן פון נשמות. ניו יאָרק, 1943, ז׳ 57.**

פּאָמעראַנץ, אַלעקסאַנדער: **עדעלשטאַט אין דער סאָוועטישער ליטעראַטור־קריטיק. דוד עדעל־שטאַט געדענק־בוך, ניו יאָרק, לאָס אַנדזשע־לעס־סאַן פראַנציסקאָ, 1953, ז״ז 535־540, 543, 546.**

פינקעלשטיין, לעאָ: **די גרונט־שטריכן פון דער יידיש־סאָוועטישער פּאָעזיע. אונזער צייט, ניו יאָרק, יאַנואַר 1950, ז׳ 40.**

פינקעלשטיין, לעאָ: **דאָס פנים און שיקזאַל פון דער יידיש־סאָוועטישער ליטעראַטור. לשון יידיש און יידישער קיום. מעקסיקע, 1954, ז׳ 101.**

קאַהאַן, אברהם: **אַווראָם וועוויאָרקע. (צו זיינ 10טנ יאָרצייט). אייניקייט, מאָסקווע, דעצ. 18, 1945.**

ראַפּאַפּאָרט, י.: **„קעניג קויל" — ראָמאַן פון אפּטאָן סינקלער. יידיש א. וועוויאָרקע. ליטע־ראַרישע בלעטער, וואַרשע, נומ. 62, יולי 10, 1925, ז׳ 6.**

רייזען, אברהם: **די אידישע ליטעראַטור און קונסט אין ראַטן־פאַרבאַנד. דער אויפקום, ניו יאָרק, מאַי 1929, ז׳ 12.**

רייזען, אברהם: **מלחמה־יאָרען, א. וועוויאָרקע. צוקונפט, ניו יאָרק, אויגוסט 1930, ז׳ 553.**

רייזען, אברהם: **געשטאַלטען אין דער אידישער ליטעראַטור. פאָרווערטס, ניו יאָרק, אַפּריל 17, 1949.**

רייזען, זלמן: **אברהם וויעוואָרקע. לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַטור און פרעסע. פאַר־לאַג „צענטראַל", וואַרשע, 1914, שפּאַלטן 246־247.**

רייזען, זלמן: **אברהם וויעוואָרקע. לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַטור, פרעסע און פילאָ־לאָגיע. ערשטער באַנד, ווילנע, 1928, שפּאַלטן 988־990.**

רייזין, זלמן: **שמ״ר׳ס ביבליוגרפיה. רוזה שמ״ר־באַטשעליס. אבינו שמ״ר. הוצאת ספרים אחי־אסף בע״מ. ירושלים, 1953, ז׳ 200.**

שולמאַן, אליהו: **דער רעוויזאָר און שטורמיסט א. וועוויאָרקע. ליטעראַרישע בלעטער, וואַרשע, נומ. 494, אָקטאָבער 27, 1933, ז״ז 679־680.**

שלעווין, ב.: **„מזרח און מעריב" פון א. וועוו־יאָרקע. ליטעראַרישע בלעטער, נומ. 643, וואַרשע, סעפּט. 4, 1936, ז׳ 573.**

שולמאַן, אליהו: **די סאָוועטיש יידישע ליטע־ראַטור. אונזער צייט, ניו יאָרק, יולי־אויגוסט 1957, ז׳ 49.**

ביבליאָגראַפישע יאָרביכער פון ייוואָ: **באַנד 1, וואַרשע 1928. ז״ז 40, 122, 170, 238.**

ליטעראַרישע בלעטער, וואַרשע: **נומ. 608, יאַנואַר 3, 1936, ז׳ 11. נאָכן טויט פון אברהם וועוו־יאָרקע.**

סאָוועטיש־ליטעראַרישער אַלמאַנאַך 3.: **מאָסקווע, 1935, ז׳ 299. אַוורהאָם וועוויורקע 1887־1935.**

סיגנאַל, ניו יאָרק: **יאַנואַר 1936, ז׳ 30. אַווראָם וועוויאָרקע 1935־1887.**


## אין פרעמדע שפּראַכן


**Leftwich, Joseph:** Abraham Vieviorka. The Golden Peacock, An Anthology of Yiddish Poetry.Sci-Art Publishers, Cambridge, Mass., 1939, p. 673-674.

**Roback, A. A.:** The Yiddish Drama. Curiosities of Yiddish Literature, Sci-Art Publishers, Cambridge, Mass. MCMXXXIII, p. 191.

**Roback, A. A.:** The Russian Heirs of Mendele. The Story of Yiddish Literature. Yiddish Scientific Institute, New York, 1940, p. 244.

**Roback, A. A.:** Recent Yiddish Literature in Other Countries. Revival in England. The Story of Yiddish Literature. Yiddish Scientific Institute, New York, 1940. p. 331.

**Histoire des Litteratures,** Tome 2, Encyclopedie de La Pleiade, France, 1956. p. 1184. Litterature Yiddish. La Maturite.


---

משה דלוזשנאָווסקי

# וואָלף וועוויאָרקע

## (בלעטלעך זכרונות)



וואָלף (וועוועטשע) וועוויאָרקע איז געבוירן אין יאָר 1896. פון די פריסטע קינדער־יאָרן האָט ער געלעבט אין דער שטאָט טשענסטאָכאָוו. ער האָט באַקומען אַ שטרענג־חסידישע דערציאונג. נאָך בעתן לערנען אין דער ישיבה האָט ער אָנגעהויבן שרייבן דערציילונגען.

זיי זיינען געווען צוויי ברי־דער. אברהם און וואָלף וועוויאָרקע. ביידע האָבן זיי באַרייכערט די יידישע ליטעראַטור מיט זייערע ווערק. דער עלטערער, אברהם, איז געווען אַ באַקאַנטער יידי־שער שריפטשטעלער, וועמעס ווערק זיינען געלייענט געוואָרן אין אַלע קרייזן, וואו נאָר דאָס יידישע בוך איז אַריינגעדרונגען. עטלעכע וועוויאָרקעס גרעסערע דערציילונגען זיינען געווען אין יענער צייט — אין די יאָרן פונעם אויפבלי פון דער יידישער ליטעראַטור — גאָר באַרימט. א. וועוויאָרקע איז יונגערהייט אַוועק קיין בערלין און פון דאָרט האָט ער זיך באַטייליקט אין די פאַרשיידענע פעריאָדישע אויסגאַבן. שפּעטער וואַנדערט ער אויס קיין רוסלאַנד, וואו עס דערשיינען זיינע דראַמעס: „אין דער טיפער נאַכט", „האָנענקריי" און „אויף אַ וויסן בוים".

באַזונדערס מאַכן דאַן אַ רושם צוויי גרעסערע דערציילונגען: „הימל און ערד" און „פאַרלאָשענע ליכט". דאָס בוך „פאַרלאָ־שענע ליכט" איז אַ זאַמלונג פון חסידישע מעשיות געשריבן אין אַ ליריש־פּאָעטישן סטיל. די יידישע געשטאַלטן אין דעם דאָזיקן בוך „פאַרלאָשענע ליכט", זיינען וואונדערלעך געמאָלן. זיי זיינען דערהויבענע, געלייטערטע געשטאַלטן פון אַ שענערער וועלט. אברהם וועוויאָרקעס פּיעסן זיינען אויך אויפגעפירט געוואָרן אין יידישן טעאַטער אין וואַרשע און אין אַנדערע שטעט. די לעצטע דראַמע וועוויאָרקעס, געשריבן אין סאָוועט־רוס־לאַנד, האָט געטראָגן דעם נאָמען „באָטווין". נאָכן דערשיינען פון דער דאָזיקער דראַמע, איז דער שרייבער, אברהם וועוויאָרקע, פאַרשוואונדן צוזאַמען מיט די מערסטע יידישע שרייבער אין סאָוויעט־רוסלאַנד.

דעם יינגערן ברודער, דעם שריפטשטעלער, דערציילער און עסייאיסט וואָלף וועוויאָרקע איז געווען באַשערט אַן אַנדער טראַגישער מערכה. ער האָט יונגערהייט פאַרלאָזט זיין היים־שטאָט טשענסטאָכאָוו, אויסגעוואַנדערט קיין בערלין און דאָרט פאַרקערט אין דער ליטעראַריש־יידישער סביבה. נאָכן אָפּזיין אַ צייט אין בערלין, איז ער פון דאָרט אַוועק און אָנגעקומען אין דער שטאָט פון ליכט — פאַריז. ער איז געקומען מיט אַ פיינעם באַגאַזש וויסן און טאַלאַנט, און מיט האָפנונגען, וואָס האָבן

געטריעט אין אים צו קענען זיך איינאָרדענען אין פּאַריז און זיך אָפּגעבן מיט זיין ליטעראַרישן שאַפן.

די האָפענונגען האָבן זיך אין דעם יונגן וועוויאָרקע גע־צונדן אינאיינעם מיט וואנדערלעכע חלומות וועגן אַ ניי לעבן, אַ שעפעריש לעבן. און ער איז שוין געבליבן וואוינען אין פּאַריז ביז דעם טאָג פון 12טן יוני פון יאָר 1940, ווען די דייטשן האָבן פאַרפלייצט פּאַריז און יידן זיינען געלאָפן וואו די אויגן האָבן זיי געטראָגן, און וואו נאָר די וועלט האָט אַן עק.

אין די יאָרן ווען וואָלף וועוויאָרקע איז אָנגעקומען קיין פּאַריז, איז אָנגעגאַנגען די עמיגראַציע פון יידן פון די וויט־סטע, פּאַרוואָרפנסטע שטעט און שטעטלעך פון פּוילן, רומעניע, ליטע, וואָס זיינען געלאָפן קיין בעלגיען, קיין פראַנקרייך, כדי צו געפינען אַן אָנשפּאַר און אַ דאַך איבערן קאָפּ. יידישע יונגע־לייט האָבן זיך אַרויסגעריסן פון זייערע איינגעזעסענע היימען, וואו זיי זיינען געווען אויסגעשטעלט אויף אַרבעטסלאָזיקייט, תפיסות, הונגער און אַנדערע צרות, און מיט הערצער פול מיט האָפענונג, מיט וואונדערלעכע חלומות אויף אַ נייער, ליכ־



וואָלף וועוויאָרקע

טיקער צוקונפט, האָבן זיי אָנגעשפּאַרט אין פראַנקרייך, באַזעצט און אויסגעשפּרייט זיך אין די גרויע קוילן־פעלדער אין די נאָרד־געביטן, און אין די זוניקע ברעגן פון מיטללענדישן ים, אין די וויין־פעלדער פון בורגאָן, און אין די אינדוסטריע־צענ־טערן פון עלזאַס און לאָטערינגיען, אין די שפּעדיקע געגנט פון נאָרמאַנדיע און אויך אין די רייכע, מאַלערישע געגנטן פון צענטראַל־מאַסיוו, פראַנקרייך.

די יידן פון מזרח־איראָפּע האָבן זיך גענומען צום מסחר: מאַרק־שטייערי, פּעדלעריי און אויפגעעפנט קראָמען אין פּאַריז און איבער דער פּראָווינץ. אין דער זעלבער צייט האָט גע־נומען בליען אַ גרויס יידיש לעבן אין פראַנקרייך, מיט אַלע חנען, שטייגער און פאָלקסטימלעכער שיינקייט. די קליינע שטעט־לעך פון פּוילן, רומעניען און ליטע, זיינען איבערגעפּלאַנצט געוואָרן מיט דעם ניגון און תנועות, מיט לייד און פרייד איבער דער לענג און ברייט פון פראַנקרייך, וואָס איז צו אַלעמען געווען גאַסט־פריינטלעך און די ניי־געקומענע אויפגענומען מיט אָפע־נע אָרעמס, מיט באַשיצונג און מיט גוטן צוזאָג.

די שטאָט פּאַריז מיט איר רויש און פאַרבעם, מיט איר קאָסמאָפּאָליטישער ברייטקייט האָט אָבער ניט געשמייכלט צו דעם שרייבער און טרוימער פון טשענסטאָכאָוו, וואָלף וועוויאַר־קע. עס האָט זיך פאַר אים אָנגעהויבן אַ לעבן אַ שווערס, פול מיט שטרויכלונגען און לעשנדיקע חלומות. וואָלף וועוויאָרקע האָט געפירט אַ ביטערן געראַנגל פאַר זיין עקסיסטענץ און פאַר דער עקסיסטענץ פון זיין הויז־געזינד. זיין מאַטעריעלע לאַגע איז געווען אַ שרעקלעכע. די נויט האָט וועוויאָרקען ניט אָפּגעלאָזן, אים נאָכגעקראָכן ווי אַ וויסטער שאָטן און באַזעצט זיך אין אַלע ווינקעלעך פון זיין הויז.

און מערקווירדיק, אין יענער צייט פון ביטערן געראַנגל פאַר זיין טעגלעכער אויסקומעניש, האָט דווקא וו. וועוויאָרקעס טאַלאַנט זיך צעבליט. ער האָט דעמאָלט געשריבן פיינע דער־ציילונגען און עסייען. ער האָט אויך געדרוקט קאָרעספּאָנדענ־ציעס אינעם „פאָרווערטס“, באַשריבן דאָס יידישע לעבן אין פּאַריז. אונטער די קאָרעספּאָנדענציעס האָט ער זיך אונטערגע־שריבן „י. פעלדמאַן“.

אין יאָר 1924 האָט וו. וועוויאָרקע געמאַכט אַ פּרואוו אַרויס־צוגעבן אַ ליטעראַרישן זשורנאַל אין פּאַריז א. נ. „די נעסט“. דער נאָמען האָט כאַראַקטעריזירט דאָס געמיט אי פון די יידישע שרייבער אין פראַנקרייך, אי דאָס געפיל פון די הונדערטער אימיגראַנטן, וואָס האָבן אַהין אַריינגעשטראָמט און געפונען אַ נעסט אין נייעם לאַנד. דער זשורנאַל האָט אָבער ניט לאַנג עקסיסטירט. דאָך האָט וועוויאָרקע זיך ניט אָפּגעשראָקן, עס האָט אים ווייטער געטריבן אַרויסצוגעבן די „פּאַריזער בלעטער“. אָבער אויך די „בלעטער“ האָבן ניט געהאַט קיין לאַנג לעבן.

אַ צייט שפּעטער איז וו. וועוויאָרקע געוואָרן דער רעדאַק־טאָר פון דעם זשורנאַל „אילוסטרירטע יידישע פּרעסע“, אין וועלכער ער האָט פאַרעפנטלעכט עסייען איבער די ווערק פון באַרימטע יידישע שרייבער. וו. וועוויאָרקע האָט צו דעם צו־געצויגן אַ טייל באַרימטע שרייבער פון פּאַריז און פון וואַרשע.

די מאַטעריעלע לאַגע זיינע האָט זיך דאַן אַביסל פאַר־בעסערט און ער האָט דאַן געהאַט די מעגלעכקייט אָפּצוגעבן זיך מער מיט ליטעראַרישער אַרבעט. אין יאָר 1936 האָט זיך אין פּאַריז געשאַפן אַ וואָלף וועוויאָרקע יובל־קאָמיטעט צו פייערן זיין פערציק־יאָריקן יובילי. דער קאָמיטעט איז באַ־שטאַנען פון אַ ריי באַרימטע שריפטשטעלער, מאָלערס און סקולפּ־טאָרן. בראש פון דעם קאָמיטעט האָבן זיך געפונען זלמן שניאור, דניאל טשאַרני און דער באַרימטער יידישער סקולפּטאָר נחום אַראָנסאָן. דער קאָמיטעט האָט באַוויזן אַרויסצוגעבן וו. וועוויאָרקעס אַ באַנד דערציילונגען א. נ. „מזרח און מערב“. אין 1937 איז אויך דערשינען וו. וועוויאָרקעס צווייטער באַנד נאָוועלן א. נ. „באַדנלאָזע מענטשן“.

אין די צוויי בענדער נאָוועלן האָט וועוויאָרקע אויף אַ קינסטלערישן אופן אַרויסגעבראַכט דאָס יידישע לעבן אינעם דאַמאָלטדיקן פראַנקרייך. ער האָט אַרויסגעבראַכט דאָס ליכט און שאָטן פון די איינגעוואַנדערטע יידן צווישן ביידע וועלט־מלחמות. דערביי האָט ער אויך געשילדערט דאָס לעבן פון די אַלט־איינגעזעסענע פראַנצויזישע יידן. וועוויאָרקע האָט גע־מאָלן אַלערליי יידישע טיפּן: די אַלטוואַרג־הענדלער, די מאַרק־שטייער, די אַנטיקן־סוחרים, די יידן פון בעלוויל, פון פּלעצל, און אויך דעם קינסטלער־קוואַרטאַל: מאָנפּאַרנאַס.

וו. וועוויאָרקע איז אָפט געווען שטאַרק אונטער דער השפּעה פון אברהם רייזען. (פון רייזענס לירישקייט, און פון דעם הומאָר, וואָס מיר געפינען אין רייזענס קורצע דערציילונגען), און צום טייל אויך אונטערן איינפלוס פון יונה ראָזענפעלדס אַרט שרייבן.

וו. וועוויאָרקעס דערציילונגען פאַרמאָגן אַלע מאָל האַנד־

לונג. אַ געוויסע עלעגאַנץ אין די דיאַלאָגן און ביים באַהאַנדלען דעם העלד, אַ טרעפלעכע אַקציע, וואָס דערגייט ביז אַ געוויסער הויך און רונדיקט זיך אויס מיט אַ פיינעם איינפאַל. וו. וועוויאָרקע באַמיט זיך אויך, אַז די דראַמאַטישע האַנדלונג זאָל האָבן אַ געוויסן הומאָר, כדי צו געפינען דעם באַלאַנס אינעם גאַנג פון דערציילן.

וועוויאָרקעס ביידע ביכער האָבן געהאַט דערפאָלג. די יידישע פרעסע אין פאַריז האָט זיך זייער וואַרעם אָפּגערופן אויף זיינע דערציילונגען, און אים פאַררעכנט פאַר איינעם פון די בעסטע יידישע שרייבער.

זיין וואוינונג האָט זיך געפונען אין די קוואַרטאַלן, וואו עס האָט געררישט און געזשומעט יידיש לעבן מיט אַלע פּיטשעווקעס. דאָס איז געווען, אַן ערך, אין דעם יאָר 1933, ווען איך האָב זיך באַקענט מיט וואָלף וועוויאָרקען און זיין משפחה. זיין וואוינונג האָט זיך געפונען אויפן בעלוויל. דער אַרבעטער קוואַרטאַל פון פאַריז, דאָרט וואו עס האָבן זיך באַזעצט הונדערטער יידישע משפחות, געקומענע פון וויטע שטעט און שטעטלעך אין פוילן, רומעניע, ליטע און אונגאַרן. די אַריינגעוואַנדערטע יידן האָבן זיך אַריינגעפּאַקט אין די קליינע צימערלעך פון אַלטע איינגעהויקערטע הייזער, וואָס זיינען געשטאַנען אין די בערגיקע קרום־געדרייטע געסלעך. דאָרט אויפן בעלוויל האָבן יידן פאַרלייגט שניידער־וואַרשטאַטלעך און אויסגעאַרבעט סחורות פאַר גאַנץ פראַנקרייך. קאָנפעקציע, אָנציגער, מאַנטלען, רעגן־מאַנטלען. דאָרט אויך האָבן זיי אויפגעבויט די בייטל־אינדוסטריע, דאָס דאַמען־טאַשן פאַך. דאָס דאָזיקע פאַך האָבן זיי ממש דערהויבן צו אַ פאַכמעניש־האַנטווערקער מלאכה. דאָרט האָבן זיך אויך געפונען יידישע קרעמלעך, וואו מען האָט פאַרקויפט אַלע שפייזן, מאכלים היימישע און מעדנים פון דער אַלטער היים.

וואָלף וועוויאָרקעס הויז אין פאַריז איז געווען אַ בית ועד לחכמים. זעלטן אַז יידישע שרייבער, קולטור־טוער — סיי די, וואָס זיינען געקומען צו גאַסט, סיי די וואָס זיינען שוין געווען תושבים אין פאַריז — זאָלן ניט האָבן באַזוכט וועוויאָרקעס קליינע, אָבער היימיש־ציכטיקע און געמיטלעכע וואוינונג. דאָרט פלעגן אַלע מאָל אָנגיין וויכוחים וועגן ליטעראַטור און קונסט, און דאָרט פלעגט טאַקע צום ערשטן באַהאַנדלט ווערן יעדעס ייִדיש בוך, וואָס איז דערשינען אין פאַריז אין יענער צייט, אָדער וואָס פלעגט אָנקומען פון ערגעץ וועלכן עס איז יידישן ישוב. ביי וועוויאָרקען אין הויז פלעגט דער איינזאַמער, פאַרבלאָנדזשעטער יידישער שרייבער, ווען מען די פיר ווענט פון זיין בוידעם־שטיבל האָבן אַרויסגעטריבן אין גאַס אַריין — זיך פילן היימישער ווי ביי זיך אין דער היים. וועוויאָרקעס פרוי, גיטעלע, איז געווען אַן אמתע אשת־חיל, זי האָט געטאָן אַלץ, פשוט געגאַנגען אין „פייער און אין וואַסער" צו מאַכן איר מאַן באַקוועם, אַראָפּנעמען פון זיינע פלייצעס דעם עול פרנסה, די ביטערע זאָרג פאַר דעם טעגלעכן אויסקומעניש כדי ער זאָל זיך קענען מער אָפּגעבן מיט זיין ליטעראַרישער אַרבעט. איר קאָן מען נאָכזאָגן דעם שבח: אַז זי האָט נישט געוואָלט זיין מער ווי דאָס פוס־בענקעלע ביי איר מאַן אין גן־עדן אין זכות פון זיין שאַפן.

פון וועוויאָרקעס שטוב אין פאַריז האָט זיך געלאָזט הערן דער פסוק: „כל דכפין ייתא ויכול". זעלטן איז אַ שרייבער אַרויס פון דאָרטן אַ הונגעריקער. און זעלטן איז אַן איינזאַמער טרויעריקער שרייבער, אָדער סתם אַ ייד, אַרויס פון זיין שטוב מיטן טרויער מיט וועלכן ער איז אַריין צו אים אין שטוב. דער טרויער איז אויסגערונען ביי דער שוועל פון וועוויאָרקעס הויז.

וו. וועוויאָרקע האָט געהאַט אַ גרויס הויז־געזינד. עס האָט זיך אין זיין הויז אַלע מאָל געהערט דאָס געלעכטער און די רייד פון זיינע זין און טעכטער. שיינע קינדער, גוט אַנטוויקלטע, גייסטיק און פיזיש. זיי האָבן באַקומען אַ פיינע יידישע דערציאונג, על צד היותר טוב.

פסח צו די סדרים פלעגט וועוויאָרקע איינלאַדן פיל געסט, שרייבערס, מאלערס, אַקטיאָרן און סתם יידן. בעת די סדרים האָט אין דער קליינער וואוינונג געהערשט אַ וואונדערלעכע שטימונג, אַ יום־טובדיקע פרייד. די „ליטעראַרישע שטוב", האָט געאָטעמט מיט אַזאַ היימישקייט, וואָס עס איז באמת געווען שווער צו געפינען אין אַנדערע שטיבער אין דעם גרויסן פאַריז.

אין יענער צייט האָט אויך וו. וועוויאָרקע פאַרעפנטלעכט דערציילונגען און אַרטיקלען אין ניו־יאָרקער „פאָרווערטס" און אין אַנדערע יידישע אויסגאַבן אין דער וועלט. ער איז אויך געווען ליטעראַרישער רעדאַקטאָר אין דער פאַריזער יידישער טאָג־צייטונג „פאַריזער היינט".

עס ברעכט אויס די צווייטע וועלט מלחמה, וועוויאָרקע האָט דעמאָלט געוואוינט אין אַ קליין פאַררוקט געסל לעבן דעם פלאַץ „רעפּובליק". דאָרט וואו עס האָבן זיך געטראָפן טויזנטער יידן פון אַלע עקן פאַריז און פון פראַנקרייך; דאָרט וואו אין די גאַסן אַרום האָט געאָטעמט מיט אַ געזונט, שטאַרק יידיש לעבן; יידישע טעאַטערס, יידישע צייטונגען, קאַפייען, און וואו עס זיינען זיך צונויפגעקומען יידן אין די וואָכן־טעג טרינקען אַ גלעזל וויין, נעמען אַן „אַפּעריטיף" צוגלייך מיט די פראַנצויזן; דאָרט וואו עס האָט געשטראָמט פון אַלע אַרטעריעס פון פאַריז אַן אינטענסיווער טעמפּאָ פון מענטשן פון דער גאַנצער וועלט.

וועוויאָרקעס „ליטעראַרישע־שטוב" איז אין יענע ערשטע מלחמה־חדשים געווען פול מיט שרייבער און סתם דורכוואַנדערנדיקע יידן. אין זיין שטוב האָט מען געקענט אויך טרעפן סיי פרייוויליקע פראַנצויזישע סאָלדאַטן, סיי געצוואונגענע. אין די אָוונטן איז די שטאָט פון ליכט געוואָרן פינצטער, קיין ברעקל ליכט האָט זיך ניט געזען אין די גאַסן, בולוואַרן און סקווערן. אויף די גאַסן האָבן פאָליציי געזוכט אויסלענדער, געפרעגט אויף פאַפּירן און געכאַפּט מענטשן, ווי אַמאָל דער היצעל ,וואָס פלעגט כאַפּן הינט אויף די גאַסן.

ביי וועוויאָרקען אין הויז איז געווען אי היימלעך, אי טרויעריק. איין איידעם זיינער איז געהאַט אַוועק אין קריג. אין דרויסן האָט די פינצטערניש געהויערט, פונדעסטוועגן האָט מען זיך דאָ געאַמפּערט איבער אַ ניי־דערשינענער יידישער אָדער פראַנצויזישער דערציילונג.

נאָך דעם איז דער דייטש אַריין אין פראַנקרייך און מאַרשירט צו די טויערן פון פאַריז.

עס איז געווען דער אָוונט פון 11טן יוני, 1940.

פאול רעינא, דער דאַמאָלסטיקער אינערן־מיניסטער, האָט גערעדט צו די בירגער פון פראַנקרייך, זיי זאָלן ניט פאַרלירן דעם מוט, דעם אויסדויער. ער האָט פאַרענדיקט זיין פאַטעטישע רעדע, אַז נאָר אַ נס קען ראַטעווען פראַנקרייך. אַזאַ נס קען געשען. קיינער האָט אָבער ניט געגלויבט אין קיין נסים. דער דייטש איז געשטאַנען כמעט ביי די טויערן פון פאַריז...

יענעם אָוונט איז ביי וועוויאָרקען אין הויז געווען פאַרזאַמלט אַ גרויסע צאָל יידישע שרייבער. מען האָט געמאַכט פלענער, ווי אַזוי זיך אַרויסצורייסן פון פאַריז. יעדער האָט געמאַכט אַן אַנדער פלאַן, יעדער איינער האָט גערעדט ווי אַזוי זיך צו ראַטעווען. אָבער קיינער האָט ניט געוואוסט, וואָס מ׳הייבט אָן צו טאָן.

מיר, אַ גרופּע יידישע שרייבער, האָבן זיך אָפּגעשמועסט אויף צו מאָרגנס צו פאַרלאָזן פאַריז און נעמען דעם וועג צו די שפאַנישע גרענעצן דורך די שטעט אָרלעאַן, בלואַ, טור, באָרדאָ, און דערגיין ביז די פירענייען־בערג — שפאַניע.

צומאָרגנס האָט גאַנץ פאַריז געשטראָמט צו די אַרויסגאַנגען פון דער שטאָט. הונדערטער טויזנטער מענטשן האָבן פאַרלאָזן זייערע היימען, איבערגעלאָזט אַלץ אויף הפקר און געלאָזט זיך וואוהין די אויגן האָבן געטראָגן.

איך האָב זיך באַגעגנט מיט וו. וועוויאָרקען און זיין עלטערן זון אברהם. מיר האָבן גענומען די מעטראָ (סאָבוויי) צו דער לעצטער סטאַנציע, דער וועג וואָס פירט קיין אָרלעאַן. מיר זיינען אָפּגעפאָרן עטלעכע צענדלינג סטאַנציעס, אַרויס אין דרויסן. מיר האָבן זיך געפונען ביים „טויער פון אָרלעאַן".

מיר האָבן זיך געזעגנט מיט פאַריז, די שטאָט וואו וועוויאָרקע איז שוין געהאַט אָפּגעוועזן אַכצן יאָר, און איך — אַכט יאָר צייט. דער אַרויסגאַנג פון דער שטאָט, דער לאַנגער וועג קיין שפאַניע — אַן ערך טויזנט מייל — איז געווען איבערגעפאַקט מיט מענטשן, יונג און אַלט, מענער, ווייבער און קינדער. אַ גרויסער טייל אויך יידן. יעדער איז געווען אָנגעלאָדן מיט האַק און פאַק.

מיר האָבן זיך געלאָזט גיין צופוס. אויסגעמישט זיך מיט די הונדערטער, טויזנטער מענטשן, וועגענער, וועגעלעך, פערד און מיליטער. מיר האָבן זיך געמיט צו זיין אין אַ גוטער שטימונג, ס׳איז געווען שווער. וועוויאָרקע האָט געטראָגן אַ רוק־זאַק אויף די פלייצעס מיט אַ ביסל צדה לדרך. איך האָב געשלעפט אַ שווערע טעקע און מיר זיינען געגאַנגען און גערעדט שטיל, פאַר זיך, אין אַ שטימונג פון טרויער און פאַרלאָזנקייט.

וואָלף וועוויאָרקע האָט אויפן וועג פיל גערעדט וועגן זיינע ליטעראַרישע פלענער, וועגן זיין היים־שטאָט טשענסטאָכאָוו, וועגן מענטשן בכלל, און וועגן אַלץ, וואָס עס האָט זיך געלאָזט דיסקוטירן. ער האָט געווייטיקט צוליב דעם, וואָס **זיין גאַנצע משפחה איז געבליבן אין פאַריז — אויסגעשטעלט** פאַרן דייטש.

ביינאַכט זיינען מיר איבערגעלעגן עטלעכע שעה אין סטויגן היי, צוגלייך מיט דער גרויסער וואָגלענדיקער מאַסע. איבער אונדזערע קעפ זיינען געפלויגן עראָפלאַנען, פראַנצויזישע, דייטשישע און איטאַליענישע. אין הימל זיינען פאָרגעקומען די קאַמפן. און איבער אונדזערע קעפ האָבן געהאָגלט קוילן און פון צייט צו צייט האָבן אויפגעריסן באָמבעס.

צומאָרגנס פאַרנאַכט זיינען מיר טויט־מידע, מיט געשוואָלענע פיס, הונגעריקע, פאַרחלשטע, אָנגעקומען אין דער שטאָט עטאַן, אַכט און פערציק קילאָמעטער פון פאַריז. דורך דער שטאָט האָבן דורכגעשטראָמט טויזנטער, טויזנטער מענטשן און אַלץ אויפגעגעסן, פאַרצערט ווי דער היישעריק אין מצרים. מיר האָבן אַפילו ניט געקענט קויפן קיין מערל, קיין רויע קאַרטאָפל. ביי די בעקערייען זיינען געשטאַנען ריזיקע רייען מענטשן און געוואַרט מען זאָל אויסטיילן ברויט. וועוויאָרקעס זון און איך האָבן זיך אַוועקגעשטעלט ביי אַזאַ בעקעריי אפשר וועט אונדז דאָך געלינגען צו באַקומען אַ שטיקל ברויט. מיר זיינען געשטאַנען איינגעפרעסט צווישן מענטשן בייזע, אָנגעכמורעטע. איינער האָט פאַרדעכטיקט דעם אַנדערן. מ׳איז געווען גרייט צו דערהרגענען דעם אַנדערן פאַר גאָרנישט. אין דעם האָבן עטלעכע פראַנצויזישע זעלנער פאַרבייגעפירט אַ דייטשישן פאַראַשוטיסט, וואָס איז געווען פאַרשטעלט פאַר אַ פראַנצויזישע קראַנקן־שוועסטער. אַן אָנגעשמינקעוועט פנים, געפאַרבטע ליפן, מיט אַ הייבל אויפן קאָפ און אַ בלויע פעלערינע. מען האָט ביי דעם דייטש געפונען באָמבעס אויפצורייסן דעם פלי־פעלד אין עטאַן. מען האָט אים געפירט צו טאָן אים זיין רעכט.

וועוויאָרקעס עלטערער זון, אַ יונגער סענטימענטאַלער בחור איז בלייך געוואָרן. ער האָט אויסגערופן אין פראַנצויזיש :

— מען וועט אים דערהרגענען.

די מאַסע אַרום האָט אויפגעכאַפט די אומשולדיקע ווערטער און געווען זיכער, אַז ער, דאָס פרעמדע יינגל, באַדויערט דעם טויט פון דעם דייטש. די מענטשן אַרום זיינען געווען גרייט אונדז צו דורס זיין אויפן אָרט, צו טאָן אונדזער רעכט, אַזוי ווי עס קומט פינפט־קאָלומניקעס. מיר זיינען קוים אַרויס פון דער ריי מיטן שטיקל לעבן. מיר האָבן נאָך געהערט עטלעכע שאָסן, דאָרט ערגעץ ביי אַ וואַנט האָט מען פאַרענדיקט דעם דייטש.

צונאָרגנס, אין אָוונט, זיינען מיר אָנגעקומען אין דער שטאָט אָרלעאַן. דער באַנהויף האָט געברענט, אַ האַלבע שטאָט איז געשטאַנען אין פלאַמען. מיר האָבן באַגעגנט צענדלינגער באַקאַנטע יידן, צווישן זיי דעם באַקאַנטן קינסטלער און מעטאַלאָפלאַסטיקער אריה מערזער, וועלכער געפינט זיך איצט אין ישראל. מיר האָבן איבערגענעכטיקט אויף אַ פעלד. די ערד האָט זיך אַ גאַנצע נאַכט געטרייסלט פון די באָמבאַרדירונגען וואָס זיינען אָנגעגאַנגען איבער דער שטאָט.

פאַרטאָג איז מיר געלונגען אַרויפצוקריגן זיך אויף אַ שטיקל וואָגן, וואָס איז אַוועק איבער אַ וועג פאַרפלייצט מיט מענטשן. וו. וועוויאָרקען האָב איך פאַרלוירן אין דער גרויסער בהלה. ערשט מיט צוויי טעג שפעטער האָבן מיר זיך ווידער באַגעגנט אין דער באַרימטער אַלטער שטאָט בלואַ, וואָס ליגט אויף אַ בערגיקער הויך, אַרומגערינגלט מיט גערטנער און ווייןפעלדער, אין מיטן דער שטאָט שניידט אַדורך דער גרויסער טייך לואַר. די שטאָט בלואַ איז געווען איבערגעפאַקט מיט מיליטער, וועגענער, און מיט מענטשן וואָגלענדיקע, פאַרחושכטע און קראַנקע. עס איז געווען אַזאַ וויסטע בהלה, אין בלואַ, וואָס מען קען זיך דאָס גאָרנישט פאָרשטעלן.

עס איז געווען באַגינען. די זון האָט נאָר וואָס אָנגעצונדן די טורעמלעך פון די אַלטע פראַנצויזישע שלעסער מיט די ווינטהענער אויף זייערע שפיצן. אַ קיל ווינטל האָט געבלאָזן און אָפגעפרישט די אָנגעשוואָלענע אויגן, דאָס צעיאַכמערטע פנים, די צעקאַליעטשעטע ליפן. פלוצלינג האָב איך דערזען וועוויאָרקען מיט זיין זון.

— וועוויאָרקע, טייערער ! — האָב איך אַ געשריי געטאָן.

די פרייד אונדזערע איז געווען אין לשער. ער האָט מיר אויף דער שנעל דערציילט, אַז עס איז אים געלונגען אַרויפצוקריגן זיך אויף אַ מיליטערישן וואָגן, וואָס גייט קיין באָרדאָ. עס איז אים ניט לייכט אָנגעקומען. צוליב זיין שוואַרץ בערדל און שטאַרקן פראַנצויזישן אַקצענט האָט מען אים חושד געווען.

אַז ער איז אַ שפּיאָן. דורך געוויינען און דורך וויזן זיינע פּרעסע-קאַרטן, אַז ער איז אַ זשורנאַליסט, האָט דער פראַנ-צויזישער קאַפּיטאַן פון דעם טראַק אים אַרויפגענומען צוזא-מען מיט זיין זון, און אַט פאָרן זיי קיין באַרדאָ. — „אפשר וועט אויך זיין פּלאַץ פאַר מיר", — האָט מיך וועוויאָרקע געטרייסט מיט זיין שטענדיקן, אָפּטימיסטישן שמייכל.

אויפן קלאָרן, בלויען הימל האָבן זיך געזען דריי פינטע-לעך. איך האָב אינסטינקטיוו אויפגעהויבן די אויגן.

— פראַנצויזישע עראָפּלאַנען! — האָט וועוויאָרקע אַ זאָג געטאָן, — ניטאָ זיך וואָס צו שרעקן.

איידער ער האָט נאָך געענדיקט ריידן, האָט מען געהערט מוראדיקע אויפרייסן, פאַר אונדזערע אויגן זיינען געפאַלן שטי-קער פייער פון הימל, וויסטע דונערן האָבן אויפגעריסן די לופט, מוראדיקע געשרייען האָבן זיך געטראָגן צוזאַמען מיט די אויפרייסן. דאָ האָט שוין געברענט אַ הויז, אַן אויטאָמאָביל, אַ פערד, איבער אונדז האָבן געשניטן קוילן פון אַ מאַשין-ביקס פון די דייטשישע און איטאַליענישע עראָפּלאַנען, וואָס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט נידעריק. אָן אַן אָטעם בין איך געלאָפן צוזאַמען מיט אַ מחנה צעטרייסלטע מענטשן, די בריק איבערן טייך האָט שוין געברענט. אַ טויזנטסטל פון אַ מינוט און עס איז מיר געלונגען אַריבערצולויפן די ברענענדיקע בריק איבער פראַנק-רייכס שענסטן טייך — דער לואַר...

מער האָב איך שוין וועוויאָרקען ניט געזען...

אַ גאַנצן טאָג בין איך געלאָפן אויפן וועג קיין טור. גע-לאָפן דורך פייערן, באָמבעס, געלאָפן פון טויט. הייזער האָבן געברענט, די בוימער זיינען געשטאַנען פול אין גרינס, בלומען האָבן זיך געוויגט איבער די פעלדער און גערטנער, פייגל זיינען געפליגען מיט צעשראָקענע קולות. די גראָזן זיינען געווען פייכט פון ביינאַכטיקן טוי.

דער הימל איז געווען אויסטערליש שיין און בלוי.

דער טויט האָט געפּלאַטערט און זיך געטראָגן איבער אונדזערע קעפּ אין טויזנטער אויסטערלישע פאָרמען...

דער גורל האָט מיך נאָכדעם געבראַכט צו די ברעגן פון צפון-אַפריקע, אין דעם לאַנד מאַראָקאָ.

אין קאַסאַבלאַנקאַ איז צו מיר אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז וועוויאָרקע מיט זיין משפחה געפינען זיך אין מאָנטאַבאַן, ניט ווייט פון טולוז. נאָך דעם האָט צו מיר דערגרייכט די נייעס, אַז זיי זיינען אין דער שטאָט ניצע אויף דער פראַנצויזישער ריוויערע.

איך בין אָנגעקומען אין אַמעריקע און זיך באַזעצט אין ניו-יאָרק.

אין יאָר 1942 איז צו מיר אָנגעקומען אַ בריוו פון ווע-וויאָרקען, פון דער שטאָט ניצע און ער האָט מיר אינעם בריוו מודיע געווען, אַז ער האָט גרויסע האָפענונגען אָנצוקומען קיין אַמעריקע. מען באַמיט זיך פאַר אים זייער שטאַרק.

דער בריוו האָט מיך זייער דערפרייט. איך האָב אים גלייך געענטפערט אַ בריוו און אים פאַרזיכערט, אַז עס ווערט דאָ אַלץ געטאָן, אַז ער און נאָך אַ גרופּע יידישע שרייבער זאָלן קענען אָנקומען קיין אַמעריקע.

אַלץ איז געטאָן געוואָרן, און אפשר ניט אַלץ. איך בין געלאָפן צו אָרגאַניזאַציעס, נאָכגעפרעגט, געבעטן...

איך אַליין בין ערשט געווען אין לאַנד געציילטע חדשים.

מער האָב איך פון וועוויאָרקען ניט געהערט.

איך האָב זיך מיט עטלעכע יאָר שפּעטער דערוואוסט, אַז וואָלף וועוויאָרקע איז צוזאַמען מיט זיין פרוי און טעכטער דע-פּאָרטירט געוואָרן אין אָקטאָבער פון יאָר 1943...

פון דעמאָלט אָן איז מער ניט געווען קיין ידיעה. וואָלף וועוויאָרקעס לעבן איז איבערגעשניטן געוואָרן אין מיטן פון זיין שענסטן אויפבלי. ער, אינאיינעם מיט זיין פרוי. זיי זיינען אומגעקומען צוזאַמען מיט דעם גרויסן טייל פון יידישן פאָלק, צוזאַמען מיט מיליאָנען אומשולדיקע יידן.

דער גרויסער חלום האָט זיך אויסגעלאָשן. דאָס געזאַנג איז איבערגעריסן געוואָרן אינמיטן...

זיין אָרט איז געבליבן ליידיק אין דער יידישער ליטעראַטור.

---

חיים לייב פוקס

# דריי ברידער זיינען זיי געווען...

## (די אומגעקומענע ברידער ווילטשינסקי)

### א



די דריי ברידער ווילטשינ-סקי, וואָס זיינען אומגעקומען אין גרויסן חורבן פון פוילישן יידנ-טום, זיינען אין טשענסטאָכאָוו געווען גוט באַקאַנט. זייער גע-זעלשאַפטלעכע טעטיקייט, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט זיי-ער אידעאיש לעבן, האָבן זיי תמיד געשטעלט צום דינסט פון יידישן מאַסן-מענטש. אָבער חוץ דעם, האָט זיי נאָך פאַראייניקט איין גרויסע ליבשאַפט. און דאָס איז: זייער איבערגעבנקייט צו דער יידישער קולטור.

די דריי ברידער ווילטשינסקי, וואָס זייער לעבן איז גע-ווען ריין און ערלעך, האָבן אַריינגעשריבן אַ שיין בלעטל אין גאָלדענעם בוך פון אונדזער טשענסטאָכאָווער ישוב.

מיר וועלן דעריבער, כדי צו אילוסטרירן זייער טעטי-קייט, באַקענען אונדזערע לאַנדסלייט, און דעם סתם-יידישן לייענער מיט זייער לעבן, און זאָלן זייערע ביאָגראַפיעס דערמאָנט ווערן פון אַלעמען מיט דער זעלבער ליבשאַפט, וואָס די דריי ברידער האָבן אַרויסגעוויזן צו אונדזער ליבער היים-שטאָט און צו אונדזער יידיש לעבן, וואָס איז פאַרשניטן געוואָרן דורכן גרויסן יידישן חורבן בימי היטלער ימ"ש וזיכרו.

#### יחזקאל

יחזקאל איז געווען דער עלטסטער ברודער אין דער משפחה פון די ווילטשינסקיס. געבוירן אין 1893, האָט מען שוין אין

זיינע יונגע יאָרן, ווען ער האָט נאָך געלערנט אין דער טשענ־סטאָכאָווער האַנטווערקער־שול, געקענט דערקענען זיין כאַ־ראַקטער און זיין גרויסן דורשט צו וויסן; דער עיקר אָבער האָט געצויגן אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט זיין באַציאונג צו פריינד און חברים ווי צו מענטשן בכלל, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין פריינדשאַפט און ליבשאַפט. די זעלבע אייגנשאַפט האָט ער נאָך מער פאַרטיפט אין זיך בעת ער האָט געענדיקט די וואַר־שעווער היכשול פאַר טעכניק אויפן נאָמען פון וואַוועלבערג, וואָס האָט געעפנט פאַר אים דעם וועג צו זיין ווייטערדיקע שטודיע. אין די יאָרן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, בעתן שטודירן אין בערלינער אוניווערסיטעט מאַשינען־בוי און שפּעטער, ווי אַ גוטער אינזשינער, קומט ער צום ערשטן מאָל אין באַרירונג מיט די פּראָבלעמען פון סאָציאַלן יושר און אומ־רעכט. דאָרטן אין בערלין דערנענטערט ער זיך צו די אידייען פון סאָציאַליזם, ביי וועלכע ער איז געבליבן זיין גאַנץ לעבן.

אין אָנהויב 1919 קומט יחזקאל ווילטשינסקי צוריק קיין טשענסטאָכאָוו און וואַרפט זיך באַלד אַריין אין דער געזעל־שאַפטלעכער אַרבעט. ער ווערט אַקטיוו אין „בונד". אין דער



יחזקאל ווילטשינסקי

יידישער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג אַאַז"וו. אין יענער צייט איז ער אַ לעקטאָר איבער געשיכטע און ליטעראַטור אין קול־טור־הויז פון די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. דאַן הייבט ער אויך אָן זיין ליטעראַרישע טעטיקייט. ער פאַרעפנטלעכט זיין ערשטע אַרבעט וועגן ראָמען ראַלאַן אין דער „אַרבעטער־צײַ־טונג", פון וועלכער ער ווערט שפּעטער אַן אָנגעזעענער מיט־אַרבעטער. אין זיין וועכנטלעכער אָפּטיילונג „פון ביכער טיש" גיט ער איבערזיכטן וועגן דער יידישער און פּוילישער ליטע־ראַטור און וועגן כמעט אַלע נייע ביכער. ער אַרבעט אויך מיט אין „דער פּראָלעטאַריאַט". ער שרייבט אַרטיקלען וועגן אַק־טועלע געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען, דערהויפּט אויפן געביט פון ליטעראַטור און געשיכטע אין דער רעדאַקציע פון „טשענ־סטאָכאָווער וועקער", פּיעטריקאָווער וועקער" און אין פיל אויס־גאַבעס פון דער בונדישער פּראָווינץ־פּרעסע. אין 1927 ווערט יחזקאל דירעקטאָר פון דער האַנטווערקער שול ביים פּיעטרי־קאָווער „אָרט", וואָס ער פאַרוואַנדלט אין אַ מוסטער־שול אין וועלכער די יידישע יוגנט געפינט אַ חברשע האַנט. די האַנט־ווערקער שול העלפט זיי ווערן פּראָדוקטיוו. ער אַרבעט דאָרטן ביז צום סוף פון 1930, ווען ער קומט ווידער קיין טשענ־סטאָכאָוו, וואו ער מאַכט פּרוּוון אויפן געביט פון פאַבריקאַציע אין דער מעטאַל־אינדוסטריע. אין 1933 פאָרט ער ווידער אַוועק פון טשענסטאָכאָוו און באַזעצט זיך אין וואַרשע, וואו ער איז אַקטיוו אין די יידישע פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון פון „בונד" און גלייכצייטיק געפינט ער צייט פאַר דער קולטור־אַרבעט צווישן דער יידישער האַרעפּאַשנער מאַסע. אין יענער צייט איז ער פאַרנומען מיט צוויי וויכטיקע אַרבעטן. ער דרוקט זיך אין „פאָלקס־צייטונג", „פאַרויס", „ליטעראַרישע בלעטער", און אין „ביכער־וועלט", וואַרשע, אַ טייל פון זיין אַרבעט — „יידיש־פּוילישע איבערזעצונגען" וואָס אַנטהאַלט אויך אַ גרעסערע ביב־ליאָגראַפישע רשימה פון די ווערק פון דער יידישער ליטע־ראַטור, וואָס זיינען איבערזעצט אויף פּויליש.

אין 1932, בעת עס ווערט אָנגעהויבן די אַקציע צו שאַפן דעם „טשענסטאָכאָווער פנקס" זעען מיר יחזקאל ווילטשינסקין אַלס סעקרעטאַר פון קאָמיטעט. ער באַנוגנט זיך אָבער נישט מיט דער געזעלשאַפטלעכער זייט פון דער אויסגאַבע, נאָר ער פאַרטיפט זיך אין אַלטע טשענסטאָכאָווער פנקסים און זוכט אויף מאַטעריאַלן פאַר זיינע וויכטיקע אַרבעטן „צו דער גע־שיכטע פון יידישן ישוב אין טשענסטאָכאָוו", וואָס ער פאַרעפנט־לעכט טיילוויז אין דער „טשענסטאָכאָווער צייטונג" און אין אַנדערע אויסגאַבן.

ער גיט אַרויס די בראָשור „בירגערלעכער און אַרבעטער־ספּאָרט", וואָס איז אַ נייע אויפפאַסונג צו דעם ספּאָרט־פּראָבלעם אין דער יידישער סביבה. שפּעטער דערשיינט אין בוך־פאָרם זיין אַרבעט „יידן אין דער פּוילישער ליטעראַטור", וואָס ווערט זייער גוט אויפגענומען פון דער קריטיק.

ביים אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג געפינט זיך יחזקאל אין וואַרשע. אין דער ערשטער צייט, בעת עס ווערט קלאָר די לאַגע פון די יידן אין די געביטן, מאַכט ער באַמיאונגען צו ברענגען זיין נאָענטע פאַמיליע קיין וואַרשע. דאָס גיט זיך אים אָבער נישט איין און ער פאַלט אויף אַ געוויסע צייט אַריין אין אַן אַפּאַטישער שטימונג. שפּעטער אָבער, לויט ווי עס גיט איבער דער היסטאָריקער ב. מאַרק, ווערט ווילטשינסקי, טראָץ דער גרויסער נויט וואָס ער האָט געליטן אין וואַרשעווער געטאָ, זייער שעפעריש. ער אַרבעט אין יענער שווערער צייט איבער דער „קולטור געשיכטע פון יידן אין פּוילן אין דער ערשטער העלפט פון 19טן י"ה". יחזקאל שרייבט דאַן בילדער פונעם געטאָ־לעבן. אַזוי געפינען מיר אין דער זאַמלונג „צווישן לעבן און טויט", וואָס ברענגט מאַטע־ריאַלן וואָס זיינען געפונען געוואָרן ביים אויפגראָבן דעם רינגעל־בלום־אַרכיוו", ווילטשינסקיס צייט־ליד „אין אַרבעטער לאַגער".

די טרויעריקע, שווערע צייט פאַר יידן ווערט וואָס אַ מאָל ביטערער און בעת עס קומט די גרויסע יאַנואַר־אַקציע פון 1943 און טויזנטער יידן פון וואַרשע ווערן געשלעפּט צום „אומ־שלאַג־פּלאַץ", געפינט זיך אויך דער איידעלער יחזקאל וויל־טשינסקי. יחזקאל קומט אום דורך די בלוטיקע הענט פון די דייטשישע רוצחים.

---

## אַנשל

דער מיטלסטער פון די ווילטשינסקי ברידער — אַנשל, האָט תמיד געזוכט צו טאָן גוטס. ער האָט ממש זיין גאַנץ לעבן געזוכט צו העלפן דעם פּשוטן פאָלקס־מענטשן וועלכן ער האָט געשטרעבט צו דערהויבן.

אַנשל האָט געגלויבט אַז נאָר דורך דער פאַרווירקלעכונג

פון סאָציאַליזם וועט געבויט ווערן אַ נייע וועלט אין וועלכער אַלע מענטשן וועלן זיין גליקלעך. פאַר דער סאָציאַליסטישער אידייע האָט אַנשל אַוועקגעגעבן אַלע זיינע כוחות; זיין וויסן, זיין בילדונג וואָס ער האָט מיט אַזוי פיל שוועריקייטן זיך דערוואָרבן.

אַנשל איז געבוירן געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו, אין יאָר 1900. ביז 13 יאָר האָט ער געלערנט אין חדר. שוין אין חדר האָט דער קליינער אַנשל אַרויסגעוויזן זיינע אויסערגעוויינלעכע פעיאיקייטן. מען האָט געזען אַז עס וואַקסט אַ גרויסער למדן ביי יידן. אָבער אַנשלען האָט דאָס לערנען גמרא און פוסקים נישט צופרידן געשטעלט. ער האָט זיך געריסן צו וועלטלעכער לימודים. עס נעמט נישט לאַנג און אַנשל באַהערשט ביידע שפּראַכן — רוסיש און פּויליש, און ער לייענט אַ סך פּוילישע און רוסישע שרייבער, דער עיקר די קלאַסיקער פון דער רוסישער און פּוילישער ליטעראַטור.

אין הויז ביי זיינע עלטערן פעלט אויס פּרנסה. אַנשל הייבט אָן אַרבעטן זייער יונג. טאַקע גלייך נאָך זיין בר־מצוה. ער אַרבעט אין אַ געשעפט פון אַפּטייק־מאַטעריאַלן. און דאָרט, אין דעם געשעפט, געפינט אַנשל אויך צייט צו לערנען. עס האָט לאַנג נישט גענומען און אַנשל ווערט אַ „פּאַרטיקער" פּראָוויזאָר.

עס גייען די יאָרן. אַנשל דאַרף זיך שטעלן אין דינסט פון דער פּוילישער אַרמיי. צוליב זיין קעגנערשאַפט צום מיליטאַריזם, און די שנאה זיינע צום פּוילישן אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָט דעמאָלט געהערשט אין דער פּוילישער רעגירונג, — באַשליסט ער צו אַנטלויפן פון פּוילן. אָבער צו אַנשלס שלעכטן מזל ווערט ער געכאַפּט ביי דער גרענעץ. ער ווערט פאַרמשפט צו זיצן אין תפיסה אַ געוויסע צייט. אים געלינגט אָבער זיך אַרויסצוראַטעווען פון תפיסה, און דאָס מאָל גיט זיך אים איין אַרויסצורייסן זיך פון פּוילן. ער קומט אָן אין דייטשלאַנד, צו זיין עלטערן ברודער יחזקאל.

אַנשל ווערט טעטיק אין דער דייטשישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. ער נעמט אַ טיכטיקן אָנטייל אין אַלע גאַסן־דעמאָנסטראַציעס. ער ווערט אָפט אַרעסטירט פון דער דייטשישער פּאָליציי און פאַרמשפט צו זיצן אין תפיסה. דאָס זיצן אין תפיסה שאַדט זיין געזונט.

אַנשל ווערט געוואויר אַז מען גרייט זיך אים צו אַרעסטירן פאַר מלוכה־פאַרראַט. אַנשל באַהאַלט זיך ביי אַ דייטשישן פּויער, אין אַ דאָרף, נישט ווייט פון דער פראַנצויזישער גרענעץ. אין דעם דאָרף געפינט ער זיך אַן ערך אַ האַלב יאָר. ער אַרבעט דאָרט ווי אַ פּשוטער פאַראַבעק, פאַרן בלויזן עסן און אַ פּאָר שטיוול. פרילינג־צייט גנבעט זיך אַנשל אַריבער דער גרענעץ, און ער קומט אָן אין פראַנקרייך, אין דער שטאָט פּאַריז.

אין פּאַריז פילט זיך אַנשל ווי אַ נייער מענטש. פּאַריז, די וועלט־שטאָט, איז אין יענע יאָרן געווען ווי אַן עיר־מקלט, אַן אַזיל, פאַר פּאָליטישע פּליטים. אין פּאַריז קומט אַנשל אין קאָנטאַקט מיט יידישע אַרבעטער. ער ווערט אַקטיוו אין „בונד". און אַנשל הייבט דאָ ווידער אָן זיין אַלטן חלום, צו לערנען, צו שטודירן און מיט זיין בילדונג העלפן די אָרעמע מאַסן. עס קומט אים אָן נישט גרינג דאָס שטודירן. ער אַרבעט בייטאָג צו פאַרדינען פאַר זיין אויסקומעניש, און אין די אָוונטן שטודירט ער. ווען ער באַהערשט שוין גוט די פראַנצויזישע שפּראַך, גיט ער אָפּ עקזאַמען אין דער פּאַריזער סאָרבאָרנע, און ער ווערט אָנגענומען אַלס סטודענט. נאָך יאָרן לערנען ענדיקט אַנשל אַלס „דאָקטאָר פון כעמישע וויסנשאַפטן".

אַנשל קריגט אַ פּאָסטן אין אַ גרויסער פּערפיום־פאַבריק, און ער ווערט אַ ספּעציאַליסט אין זיין פּראָפעסיע. גלייכצייטיק פאַרגעסט ער אָבער נישט זיין סאָציאַליסטישן אידעאַל; די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג, דעם „בונד" און דעם פּאַריזער „אַרבעטער־רינג".

אַנשל הייבט זיך אָן צו פאַראינטערעסירן אין טעאַטער. ער אָרגאַניזירט יידישע טעאַטער־פאָרשטעלונגען פאַר יידישע אַרבעטער אין פּאַריז, און גאָר באַזונדער פאַר די יידישע קינדער. ער הייבט אָן שרייבן פּיעסן פאַר קינדער־פאָרשטעלונגען, און ער איבערזעצט אויך פון אַנדערע שפּראַכן פּיעסעס צוגעפּאַסט פאַר קינדער. אין יענער צייט שרייבט ער אַ סך וועגן פראַנצויזישן און יידישן טעאַטער, אין די בונדישע אויסגאַבעס, ווי אין: „פּאַריזער וועקער", „אונדזער שטימע" און אַנד'. ער שרייבט אויך אין דער פראַנצויזישער פּרעסע.

אַנשל בענקט אָפט אַהיים, קיין טשענסטאָכאָוו. ער וויל זען זיין ליבע אַלטע מוטער. נישט זאָגנדיק קיינעם פון זיין רייזע, פאַרלאָזט אַנשל פּאַריז און ער קומט אָן אַהיים, אין טשענסטאָכאָוו, צו דער מאַמען.

אַנשל פאָרט שוין מער נישט צוריק קיין פּאַריז. ער בלייבט אין טשענסטאָכאָוו ביי זיינע נאָענטסטע. די איבערגעבנקייט צו דער משפחה, די ליבשאַפט צו אייגענע לאָזט אים נישט צוריקפאָרן.

אַנשל וואַרפט זיך אַריין אין דער טעטיקייט פאַר דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין זיין היים־שטאָט. ער ווערט דער אָנפירער פון די בונדישע טרעגער־אַרבעטער, און ער שרייבט אָפט וועגן אַרבעטער־פראַגן אין די טשענסטאָכאָווער און פּיעטראָקאָווער בונדישע צייטונגען, און אויך אין דער פּוילישער פּראָפעסיאָנעלער אַרבעטער־פּרעסע.

אַ באַזונדער קאַפּיטל איז אַנשלס שטענדיקער קאַמף מיט די טשענסטאָכאָווער אַנטיסעמיטישע כוליגאַנעס. צווישן די דאָזיקע כוליגאַנעס האָבן זיך געפונען אַ סך פון דער שטאָטישער שטודירנדיקער פּוילישער אינטעליגענץ פון די בירגערלעכע קרייזן. אַנשל, ווי דער אָנפירער פון די יידישע טרעגער־אַרבעטער, מוז אָפט אַרויס אין גאַס אין קאַמף מיט די אַנטיסעמיטישע שלעגער־יונגען. אַנשל באַשיצט די יידישע גאַסן פון פּוילישן באָיקאָט. עס קומען אָפט פאָר געשלעגן, אָבער אַנשל שרעקט זיך נישט. ער ווערט טאַקע, איינמאָל, ביי אַזאַ צוזאַמענשטויס מיט די פּוילישע כוליגאַנעס, — שווער פאַרוואונדעט, און ער מוז ליגן אין בעט אַ לענגערע צייט. אָבער ווי נאָר ער פילט זיך בעסער איז אַנשל ווידער אין אַקטיוון קאַמף מיט די פּוילישע אַנטיסעמיטן פאַר דער רעכט פון די יידישע אַרבעטער.

אין יענער צייט געפינט זיך דער עלטערער ברודער, יחזקאל, אין וואַרשע. און אַנשל באַשליסט צו זיין לעבן ברודער. ער קומט אָן אַרבעטן אין אַ וואַרשעווער פּאַרפיום־פאַבריק. אויך אין וואַרשע איז אַנשל אַקטיוו אין ייִדיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן. דער עיקר אין די קרייזן פון בונד.

אין וואַרשע האָט אַנשל חתונה. זיין פרוי שענקט אים שפּעטער אַ געראָטן, שיין ייִנגעלע.

בעת עס ברעכט אויס די נאַציִשע מלחמה קעגן פּוילן נעמט אַנשל אַן אַקטיוון אָנטייל אין די אַרבעטער־בריגאַדעס וואָס

פּאַרטיידיקן די שטאָט וואַרשע. שפּעטער געפינט זיך אַנשל אין וואַרשעווער געטאָ, וואו ער אַרבעט ביי פאַרשידענער שוואַרצער אַרבעט כדי ווי עס איז צו דערנערן זיין ווייב און קינד.

ער ווערט אָפּט געכאַפּט פון די נאַצישע רוצחים דעפּאָרטירט צו ווערן קיין אוישוויץ. ער ראַטעוועט זיך אָבער אַרויס פון די נאַצישע הענט. אַנשל שליסט זיך אָן אין אַן אויפשטאַנד־גרופּע, און ער פירט דורך פאַרשידענע אַקציעס. ער דערלעבט ביז צום היסטאָרישן יידישן געטאָ־אויפשטאַנד, אין וועלכן ער שטאַרבט ווי אַ העלד.

אַזוי האָט געלעבט און איז געפאַלן ווי אַ העלד על קידוש־העם — אַנשל ווילטשינסקי, דער מיטלסטער פון די דריי ווילטשינסקי־ברידער, דער זון פון דער הערלעכער יידישער משפּחה אין טשענסטאָכאָוו.

---

## יחיאל

יחיאל — דער ייִנגסטער פון דעם גרעסטענעם דריילינג, די ווילטשינסקי־ברידער, — איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1902, אין טשענסטאָכאָוו. ער האָט געלערנט אין חדר. תחילת האָט ער מער מזל, צו קענען לערנען און שטודירן, ווי זיינע עלטערע ברידער האָבן געהאַט. ווען יחיאל ווערט דרייצן יאָר אַלט שיקט אים די מאַמע אין דער שטאָטישער אַכט־קלאַסיקער פּוילישער גימנאַזיע. די גימנאַזיע איז שטענדיק געווען יחיאלס העכסטע שטרעבונג. יחיאל האָט געהאָפט, אַז די גימנאַזיע וועט פאַר אים עפענען אַ וועג צו דער גרויסער וועלט.

יחיאל לערנט אין דער גימנאַזיע מיט גרויס חשק, אָבער צו זיין ביטערן מזל, ווען ער ענדיקט שוין דעם זיבעטן קלאַס און ער דאַרף אַריבערגיין אין אַכטן קלאַס, קומט פּלוצלינג אָן אַ באַפעל פון וואַרשעווער קוראַטאָר צו פאַרמאַכן די גימנאַזיע.

יחיאל ווייס נישט וואָס צו טאָן; ער טראַכט, אפשר אויפהערן צו לערנען, אָדער גאָר אַוועק אין אַן אַנדער שטאָט, אין דער פרעמד, און דאָרטן ווייטער לערנען. אים איז שווער צו פאַרלאָזן די היים. אָבער דער חשק צו לערנען איז שטאַרקער, און ער פאָרט אַוועק לערנען אין נאָוואָראַדאָמסק.

אין נאָוואָראַדאָמסק מוז מען באַצאָלן פאַרן לערנען, אָבער די מאַמע קען פאַר אים נישט צאָלן. יחיאל איז גרייט צו ליידן, אַפילו הונגערן, אַבי לערנען. ער פאַרלאָזט טשענסטאָכאָוו אָן אַ גראָשן געלט אין קעשענע, דאָך אין האַרצן פול מיט האָפענונגען, אַז ער וועט נישט פאַרפאַלן ווערן.

אין נאָוואָראַדאָמסק ווערט יחיאל שנעל באַקאַנט ווי אַ גוטער לערער. ער לערנט מיט קינדער פּריוואַט. און די דאָזיקע לעקציעס טראָגן אים אַריין גענוג געלט צו צאָלן אין דער שטאָטישער שול פאַר זיין אייגענעם שטודירן, און אויך גענוג פאַר זיך צו לעבן. אַ גוטמוטיקער, אַ צוגעלאָזענער צו מענטשן, רופט יחיאל אַרויס ליבשאַפט ביי זיינע שילער און ביי אַלעמען אין שטעטל. נאָוואָראַדאָמסק ווערט אינגיכן ווי זיינס אַ צווייטע היים.

עס הייבן אים אָן אַלץ מער צו פאַראינטערעסירן סאָציאַלע פּראָבלעמען. ער זעט די נויט פון די פשוטע, אָרעמע יידן אין שטעטל, און ער באַשליסט צו פאַרשרייבן זיך אויפן יורידישן פאַקולטעט אין דעם קראַקאָווער אוניווערסיטעט. יאָ, זיין חלום איז צו ווערן אַן אַדוואָקאַט. אַלס אַדוואָקאַט, טראַכט ער, וועט ער ערשט קענען פאַרטיידיקן די רעכט פון די אַרבעטער, און בכלל קעמפן פאַר יושר און גערעכטיקייט.

אָבער קיין מיטלען אָנצוקומען אין אוניווערסיטעט זיינען נישטאָ. דאָס שטודירן דאַרף דויערן עטלעכע יאָר. און וואו וועט ער נעמען געלט ?

יחיאל פאָרט צוריק אַהיים קיין טשענסטאָכאָוו, און ער באַשליסט צו לערנען זיך אַדוואָקאַטור פון ביכער, און פון די סקריפּטן וואָס דער אוניווערסיטעט וועט אים צושיקן, העקטאָגראַפירט.

אַן ערך צוויי יאָר צייט אַרבעט יחיאל אַלס סעקרעטאַר פון דעם יידישן „האַנטווערקער פאַראיין". שפּעטער גיט ער לעקציעס אין דער אָוונט־שול פון די „האַנטווערקער". ער באַוויזט צו דערציען אַ סך יוגנטלעכע. פון זיינע מאָגערע פאַרדינסטן גיט ער כמעט אינגאַנצן אַוועק דער מאַמען. פאַר זיך לאָזט ער איבער נאָר דאָס נויטיקסטע. אָבער טראָץ אַלע שוועריקייטן באַוויזט יחיאל דאָך, פון צייט צו צייט, צוצופאָרן קיין קראָקע, אָפּצוגעבן עקזאַמענעס. ער באַקומט שטענדיק גוטע ציינכנס, און ער ענדיקט דעם אוניווערסיטעט אַלס אַדוואָקאַט.

יחיאל מוז אַוועק דינען אין מיליטער. און ווען ער ווערט פריי פון דינען, קומט ער אַהיים, האָט חתונה, און ער עפנט אַן אַדוואָקאַטן־קאַנצעלאַריע אין דער שטאָט בענדין. שפּעטער — אין סאָסנאָוויצע, און אין דאָמבראָווע־גורניטשע. ער שרייבט אַרטיקלען, פון צייט צו צייט, איבער פּאָליטישע פראַגן, אויך וועגן יידישע פּראָבלעמען, אין די אָרטיקע יידישע און פּוילישע צייטונגען. ער האַלט לעקציעס אין „פאָלקס־אוניווערסיטעט", און קריגט אַ נאָמען פאַר אַ זייער גוטן לעקטאָר. און אין יענע יאָרן ווערט יחיאל ווילטשינסקי אויסגעקליבן אַלס ראַטמאַן אין סאָסנאָוויצער שטאָט־ראָט, וואו ער איז שטענדיק דער פאַרטיידיקער פון דער יידישער און פּוילישער אָרעמקייט.

ווען עס ברעכט אויס די צווייטע וועלט־מלחמה, און די דייטשישע נאַצי־אַרמייען פאַרנעמען די גרענעץ־שטעט, אַנטלויפט יחיאל צוריק אַהיים קיין טשענסטאָכאָוו, וואו ער באַהאַלט זיך אויס כדי נישט אַריינצופאַלן אין די הענט פון דער געשטאַפּאָ, וואָס זוכט אַרום דעם געוועזענעם יידיש־סאָציאַליסטישן ראַטמאַן.

ווען די דייטשן טרייבן די טשענסטאָכאָווער יידן אין געטאָ אַריין קומט אויך יחיאל אַהין. ער פאַרהוילט זיין דאָקטאָר־טיטול און ער ווערט אַ פּראָסטער אַרבעטער. באַקאַנטע פאַרשטייען פאַרוואָס ער טוט דאָס, ביסלעכווייז אָבער, קומט ער צו זיך. און ער קען מער נישט אַריבערטראָגן די דייטשישע נגישות און די מערדערלעכע באַציאונג צו יידן. עס וועקט זיך אין אים אויך דער פּראָטעסט, ער קען נישט צוזען קיין עוולה, און ער הויבט אָן ביסלעכווייז צו ווערן צוריק אַקטיוו. ער אַרבעט צוערשט אין אַ געוויינטלעכן הילפס־קאָמיטעט. דערנאָך — ווי איינער פון די טעטיקסטע קעמפער קעגן די דייטשן אין אָרטיקן „ווידערשטאַנד קאָמיטעט" און אין אונטערערדישן „בונדישן אַקטיוו". ער ווערט אַ מיטגליד אין פאַרבינדונגס־קאָמיטעט, וואָס פירט דעם קאַמף סיי קעגן די דייטשישע מערדער און סיי קעגן די יידישע געטאָ־תקיפים... נאָכן ליקווידירן פון דער געטאָ, ווערט יחיאל איבערגעשיקט אין אַרבעטס־לאַגער „האַסאַג־ראַקאָוו" וואו ער אַרבעט אין דער אייזן־הוטע. די אַרבעט דאָרט גראָבט אונטער זיין געזונט. און כאָטש די יידישע און טייל פּוילישע אַרבעטער, וואָס קענען אים נאָך פון פאַרן קריג, ווילן אים אַרויסהעלפן ער זאָל צו שווער נישט אַרבעטן, — וויל ער

אָבער נישט אויסנוצן זייער הילף, ווייל ער פילט, אַז עס וועט זיך מוזן אָפּרופן אויף זייער געזונט אויך, און אפשר גאָר אויך אויף זייער לעבן...

אין די שווערסטע טעג אין לאַגער, האָט יחיאל נישט פאַרגעסן אין זיינע הייליקע אויפגאַבעס, אין די פיינלעכסטע שעהען האָט יחיאל געפונען פאַר יעדן אַ טרייסט־וואָרט און אַ וואָרט פון בטחון. ער האָט ביי יעדער עת־צרה געהאַט זיין מיטל פון נישט לאָזן פאַרצווייפלט ווערן. אַפילו די וואָס זיינען שוין געשטאַנען מיט איין פוס אויף יענער וועלט און שוין נישט געהאַט וואָס צו פאַרלירן, אויך זיי האָט יחיאל געמונטערט.

יחיאל האָט באַוויזן איבערצולאָזן שריפטלעכע דאָקומענטן וועגן די דייטשישע מעדדעריען אין דעם אַרבעטס לאַגער „האַסאַג־ראַקאָוו״. די דאָקומענטן גיבן איבער די מוראדיקע איבערלעבענישן פון יענער גרופּע לאַגערניקעס וועלכע עס איז געלונגען צו אַנטלויפן פון טרעבלינקע, און וועלכע זיינען, דורך פאַרשידענע וועגן, שפּעטער אָנגעקומען אין לאַגער „האַסאַג־ראַקאָוו״. יחיאל האָט ביי אַלע אַנטלאָפענע פון טרעבלינקע גענומען גענויע ובית־עדות, און אַלץ וואָס זיי האָבן דערציילט האָט ער פאַרשריבן אין דעם לשון פון די געליטענע, אין יידיש.

בעת עס האָט זיך דערנעענטערט די צייט פון ליקווידירן דעם „האַסאַג־לאַגער״ און מען האָט שוין גענומען אַרויסשיקן די קליינע רעשטלעך פון די לעבעדיקע שקלאַפן, האָט יחיאל, מיט דער הילף פון יידישע און פּוילישע אַרבעטער, אַריינגעלייגט אין אַ צאָל פלאַשן די אַלע פאַרשריבענע דאָקומענטן און זיי באַגראָבן אין אַ גאָרטן נאָענט צום לאַגער. די אַלע וויכטיקע מאַטעריאַלן זיינען שפּעטער, דורך געציילטע צוירקגעקומענע פון די לאַגערן, אויפגעגראָבן געוואָרן און זיי זיינען איבערגעגעבן געוואָרן אין רשות פון דער צענטראַלער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע אין וואַרשע. לאָמיר האָפן אַז דער דאָזיקער הייליקער דאָקומענט, וועגן „האַסאַג־לאַגער״ און וועגן טרעבלינקע, וועט סוף כל סוף פאַרעפנטלעכט ווערן אין אַ בוך־פאָרם.

אָנהויב יאַנואַר 1945, ווען די לעצטע רעשטלעך פון לאַגער ווערן געטריבן אין דעם טרויעריק־באַקאַנטן דייטשישן „טויטן־מאַרש״ קיין דייטשלאַנד, איז יחיאל אומגעקומען ערגעץ אויפן וועג. זיין נאָמענלאָזער קבר שרייט צו די הימלען דאָס געשריי פון די טויזנטער יידישע מאַרטירער, וואָס זיינען, מיט אים צוזאַמען, אומגעקומען אויף די בלוטיקע וועגן פון היטלערס „דייטשן רייך״.

---

לאָטי מלאך

# יצחק יוריסטאַ



שטיל, ווי אַ ווערבע ביים טייך, האָט געלעבט אַ מענטש מיטן נאָמען יצחק יוריסטאַ. גרויסע שטורעמס האָבן זיך געטראָגן איבער זיין יונגן קאָפּ: מלחמות, פּאָגראָמען, רדיפות און פאַרפאָלגונגען. אָבער ער האָט דאָס אַלץ איבערגעטראָגן ביז — ביז די שווערד, וואָס האָט אַזוי גרויזאַם געשניטן אונדזער פאָלק, האָט אים דערגרייכט.

געבוירן איז ער אין 1903, אין אַ יידיש־באַלעבאַטישער שטוב, אין טשענסטאָכאָוו. איינער פון דער ענטוזיאַסטישער, יידישער יוגנט, וואָס טשענסטאָכאָוו האָט אַרויסגעגעבן אין די יאָרן פון נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. זיינע עלטערן, — דער טאַטע משה, און די מאַמע חוה, — האָבן געצויגן פרנסה פון אַ פאַבריק־קרעמל, וואו זיי האָבן אַליין אויסגעאַרבעט און פאַרקויפט צוקערלעך. יצחק איז געווען דאָס צווייטע קינד פון „אַ געזינד זאַלבע ניין״, פינף ברידער און צוויי שוועסטער. די משפחה יוריסטאַ, פשוטע, האַרציקע פאָלקס־מענטשן, איז געווען זייער באַליבט אין שטאָט מיט איר וואַרעמער שטוב און אָפענער טיר.

געוואָקסן איז דער שטילער יוריסטאַ אין אַ לעבעדיקער, אַקטיווער, יידיש־ראַדיקאַלער סביבה — פועלי ציון. זיינע נאָענטסטע פאַרטיי־חברים פון יענער צייט זיינען געווען: גרשון פרענדקע, יוסף טשענסטאָכאָווסקי, לעאָן זיידמאַן. ער האָט אָבער אויך געהאַט אַ סך פריינד צווישן די טוער פון אַנדערע פאַרטייען, מיט וועלכע ער האָט צוזאַמענגעאַרבעט אויפן געביט פון יידיש וועלטלעכער דערציאונג און אַנדערע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן. צווישן זיי: מיכאל אַלטער, רפאל פעדערמאַן, שמואל פראַנק, מאַקס עריק, לעאָ אַש (דעם רבס זון) און אַנדערע.

דאָס יונגע ווערבע ביימל, יוריסטאַ, האָט זיך פון זיין פריסטער יוגנט אָן איבערגעלאָדן מיט אידייען, אַזש די צווייגן האָבן זיך געבויגן ביז העט אַראָפּ צו דער ערד. ס'איז דאָך קלאָר ווי דער טאָג, די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג וועט זיך דורך איר אַנטוויקלונג אַזוי פאַרשפּיצן, ביז אירע פונדאַמענטן וועלן אונטערגעשווענקט ווערן. נישט מער דאָס יידישע פאָלק קען נישט וואַרטן. עס מוז פירן אַ טאָפּלטן קאַמף, סיי פאַר זיין נאַציאָנאַלער אויסלייזונג, סיי פאַר זיין סאָציאַלער באַפרייאונג. אויב אַזוי איז דאָך דר. לודוויק זאַמענהאָף טויזנט מאָל גערעכט, דאַרף מען דאָך טאַקע האָבן אַן אינטערנאַציאָנאַלע שפּראַך, עספּעראַנטאָ, דורך וועלכער מען זאָל זיך קענען צונויפרעדן מיט אַלע פעלקער פון דער וועלט, און זיי געבן דאָס צו פאַרשטיין.

אַזוי האָט זיך דאָס אויסגעלייגט אויף זיין יונגן מוח. און זיין האַרץ האָט זיך געהויבן פון באַגייסטערונג, און פעסט איז געווען זיין גלויבן. „יידן, אַן אומה צווישן אומות, און פרייהייט, וואָס זאָל קלעקן פאַר אַלע קינדער אויף גאָטס ערד...״

און ווען ער, יוריסטא, איז אַרויסגעגאַנגען אויף דער גאַס, אין זיין שיינער שטאָט, טשענסטאָכאָוו, האָט ער געקוקט אויף זיין פוילישן שכן ממש ווי אויף אַ לייבלעכן ברודער. נאָר אַז „דער ברודער״ מיט זיינע חברים האָבן אים אין מיטן העלן טאָג נאָכגעוואָרפן שטיינער; און ווען זיין באַלעבאָס פון דער אייזן־פאַבריק, אַ ייד, האָט אים געגעבן אָנצוהערן, אַז לויט די נייע געזעצן מוז ער „באַשרענקען״ די צאָל יידישע אָנגעשטעלטע און, אַז גראָד ער, וואָס טראָגט זיך אַרום מיט ביכלעך אין קעשענע און מיט קאַפּריזנע געדאַנקען אין קאָפּ, איז נישט פון די גאָר געווינטשטע, — האָט יוריסטא שווער אָפּגעזיפצט, און צוזאַמען מיטן אַראָמאַט פון בליענדיקן בעז, האָט ער איינגעזאַפּט אין זיך דעם שווערן יאָך פון אייביקן ייד.

די פוילישע פּאָליציי האָט זיך אָנגעהויבן צו „פאַראינטערעסירן״ מיט אים. זיינע אַרטיקלען, וואָס ער האָט אין יענע יאָרן — 1923־26 — פאַרעפנטלעכט: „דער הונגער־סטרייק״ — „פרייע יוגנט״; „צוואַנציק יאָר יידישע אַרבעטער באַוועגונג״ — „אַרבעטער קולטור״; „דאָס יאָר 1918״, „בער באָראָכאָוו״, און אַ ריי אַנדערע אַרטיקלען אין דער „אַרבעטער־ציטונג; אַ סעריע עסייען: „די נייע רומענישע ליטעראַטור״, „די געבורט פון עספּעראַנטאָ״ אין די „ליטעראַרישע בלעטער״, רופן אַרויס זייער אויפמערקזאַמקייט. דערצו איבערזעצט ער אין עספּעראַנטאָ „די יוגנט שבועה״, פון לייב מלאך, און אַנדערע יידישע אַרבעטער־לידער, וואָס זיינען אַריין אין אַ זאַמלונג „פּראָלעטאַריאָ קאָנטארא״, אַרויסגעגעבן דורכן עספּעראַנטאָ וועלט־פאַרבאַנד אין 1924. צו דעם אַלעמען קומט נאָך צו זיין פאַרצווייגטע קאָרעספּאָנדענץ מיט שרייבער פון אויסלאַנד, ווי: פּאַריז, יאַפּאַן, האָלאַנד, אינדיע. די פוילישע פּאָליציי האָט אים אָנגעהויבן נאָכצושפּיאָנירן און פאַרפאָלגן; אים, דעם יונגן טרוימער, דעם פון דור־דורות פוילישן ייד.

די שטאָט טשענסטאָכאָוו האָט זיך געבאָדן אין פרילינגדיקער זון, ווי נאָך קיין מאָל פריער — אַזוי האָט זיך יוריסטאַן אויסגעוויזן. ער האָט געקוקט צו די טויערן פון די עטלעכע פאַבריקן אין שטאָט מיט הייסער בענקשאַפט. ווען וואָלט עס געאַרט ווען מען לאָזט אים (און נאָך אַזעלכע ווי ער) דאָ אַריין ער זאָל קענען אָפּאַרבעטן אַ טאָג און אַהיימברענגען ס׳ביסל פאַרדינסט אויף ברויט און אַ דאַך פאַר זיך און זיין שיינער חברטע ברכה, מיט וועמען ער האָט זיך געקליבן חתונה האָבן. מער ווי צו אַ באַשיידן לעבן האָט ער קיין מאָל נישט געשטרעבט; זיינע גרויסע אַספּיראַציעס זיינען געלעגן ערגעץ אַנדערשוואו.

נאָר די פאַבריקן האָבן צוגענומען בלויז איינצלנע פון דער אַרבעטסווילער יוגנט. אָבער ער איז נישט געווען צווישן זיי. האָט ער איינגעפּאַקט זיין טלומיקל, אָנגעזאָגט טאַטע־מאַמע די אומפאַרמיידלעכע בשורה, און איז אַרויסגעגאַנגען אין גאַס זיך געזעגענען מיט חברים. צום גליק איז ער נישט געווען דער איינציקער. אַ סך פון דער וואַקסנדיקער יוגנט האָבן געקוקט מיט פאַרליבטע אויגן אויף זייער שיינער שטאָט, טשענסטאָכאָוו, אויף דעם קלאָרן טייך וואַרטאַ, און זיי האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין. וואוהין? וואו עס וועט זיך לאָזן. און וועמען עס האָט זיך נישט איינגעגעבן ערגעץ־וואו אָנצוקומען, איז געבליבן שטעקן אונטערוועגנס, אין די האַפנס, ביי די גרענעצן, אין פרעמדע, אָפּגעלאָזטע האָטעלן. יוריסטאַ מיט זיין יונגער פרוי איז געלונגען אָנצוקומען אין פּאַריז.

דאָ האָט ער געפונען עטוואָס בעסערס ווי ער האָט דערוואַרט. קודם כל, האָט ער דאָ געטראָפן אַ סך פון זיינע פוילישע לאַנדסלייט און טשענסטאָכאָווער חברים. נאָכמער, די לאַנדסלייט האָבן דאָ געקלעפּט איינער צום אַנדערן, ווי איין משפחה. איין גורל האָט זיי דאָ אַהער צוזאַמענגעפירט, אין די ענגע געסלעך פונעם „פּלעצל״ און בעלוויל (ספּעציפישע, יידישע געגנטן אין פּאַריז). די מערסטע האָבן געוואוינט אין די שמאָלע צימערלעך פון די אימיגראַנטישע האָטעלן. אַנדערע האָבן געוואוינט אויף בוידעם־שטיבלעך מיט אויסגעקרימטע סטעליעס אונטער שפּיציקע דעכער. אַלע האָבן געזוכט אַרבעט; אַלע זיינען געלאָפן אין דער „פּעריפאַקטור״ נאָך פּאַפּירן; איינצלנע האָבן געקראָגן; די מערסטע האָט מען אָפּגעזאָגט. דאָס האָט געמיינט זיך אויסבאַהאַלטן, זיך היטן פאַר דער פּאָליציי און גרייט זיין אין מיטן נאַכט אַרויסצושפּרינגען דורכן פענצטער אין פאַל פון אַ „זוכונג״.

פונדעסטוועגן איז דער גייסט געווען אַ האָפערדיקער; פאָרט יוגנט! אַן אידעאַליסטישע, גרייטווילליקע, קערנדיקע, אַרבעטזוכנדיקע יוגנט.

יצחק יוריסטאַ האָט מיט דער צייט, נאָכדעם, ווי ער מיט זיין יונגער פרוי זיינען אַדורכגעגאַנגען אַלע שבעה מדורי גיהנום, געקראָגן פּאַפּירן, דאָס הייסט, וואוינרעכט. קיין אַרבעטס־פּאַפּירן האָט ער קיין מאָל נישט געהאַט. האָט ער געעפנט אויפן „פּלעצל״ אַ קליינעם וואַרקשטאַט. זיינע אָנגעשטעלטע, זיינע אַרבעטער, זיינען געווען: ער מיט זיין פרוי, ברכה (לויט די געזעצן האָט אַן אימיגראַנט נישט געהאַט קיין אַרבעטס־רעכט, אָבער אונטערנעמונגס־רעכט האָט ער יאָ געהאַט), און יוריסטאַ איז געוואָרן אַן „אונטערנעמער״. און דאָ הויבט זיך אָן דער פּעריאָד פון די בעסטע פופצן יאָר פון זיין שאַפן.

אויף אַ יידיש־אימיגראַנטישער גאַס צעוויקלט זיך אַ ברייט געזעלשאַפטלעך לעבן. אינסטיטוציעס קומען אויף, ווי די פּרוכטן אויף שפּעדיקע, טויאיקע פעלדער: קולטור־צענטערס, יידישע צייטונגען, טעאַטער, פעדעראַציע, ספּאָרט־קלובן, אַרבעטער־היים, צוגאָב־שולן און פאָלקס־קיכן. דאָס איז געווען אין די אָנהויב דרייסיקער יאָרן אין צעכוואַליעטן פּאַריז, דאָס פּאַריז פון מיליאָנען קעפּיקע דעמאָנסטראַציעס, דאָס פּאַריז פון לעאָן בלום און „פראָנט פּאָפּולער״ האָט נאָך מער צעצונדן די פאַנטאַזיע פון אונדזער טרוימערישער יוגנט. דער דורות־לאַנגער חלום פון פעלקערלעכער פאַרברידערונג איז ממש שיר מקוים געוואָרן אונטער די אויגן. נו, יאָ, ווי קען דען אַנדערש זיין?...

דריי פאַרשיידענע שטראָמען דראָען צו פאַרטרינקען אונדזער שטילן יוריסטאַ: די ברויזנדיקע אַרבעטער באַוועגונג, מיט וועלכער ער איז אַלע יאָרן געווען פאַרבונדן; די פראַנצויזישע קולטור און די נאַציאָנאַלע עספּעראַנטאָ געזעלשאַפט. נאָר מערקווירדיק, וואָס פאַר אַ גרויסן כוח יוריסטאַ ווייזט אַרויס. ער זאַפּט אין זיך איין די אַלע איינפלוסן; שיילט פון זיי אַרויס דאָס בעסטע און בלייבט אין זיין מהות ייִדיש.

ס׳איז ש. אַנסקי, וואָס רייצט זיין פאַנטאַזיע; ס׳איז אַל־

טערלס יוגנט יאָרן (לייב מלאך) וואָס בלייבט אים אייגן; ס׳איז מאַני לייבס קינדער־לידער, מיט וועלכע ער פאַרשפּילט זיין אייביקע קינדערישקייט.

ער איבערזעצט, טראָגט אַריין אין דער עספּעראַנטאָ־שפּראַך די יידישע עטיק, די תנ״כישע נביאות, די חסידישע התפעלות. — די אידייען פון בער באָראָכאָוו און די פּאָלקסטימלעכקייט פון אברהם רייזען, — דאָס אַרבעטער־ליד פון דוד עדעלשטאַט און די פיינע פּובליציסטיק פון דר. האָפמאַן (צביון), און משה



יצחק יוריסטאַ

אָלגין. ער זעצט איבער אַ סך פון דער קלאַסישער און נאָך מער פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור און שרייבט אויך אייגענע, אָריגינעלע אַרטיקלען.

אין שטילע פּאַרנאַכטן (דאָס הייסט, פאַר יוריסטאָן זיינען זיי געווען שטיל), ווען ער איז אַהיימגעגאַנגען פון „מאַיזאָן״ (דאָס הויז פון וועלכן ער האָט אַרויסגענומען אַרבעט, פלעגט ער שפּאַנען איבער די פריידיקע גאַסן פון פּאַריז, „זיין״ פּאַריז, וואָס ער האָט באמת ליב געקראָגן. דאָס פּאַריז, וואָס האָט אים געגעבן ברויט צו דער זעט, אַ פּאָר פראַנק אויף אַהיימצושיקן און אַ דאַך אויפן דריטן שטאָק, אויף „רי וויעי דו טאמפּל״ 34. דאָס פּאַריז האָט אים אויך געגעבן שוואונג צו שאַפן און איבערזעצן.

נאָך אין פּוילן האָט דער קוים צוואַנציק יאָריקער יוריסטא איבערזעצט ש. אַנסקיס „דאָס לעבן פון אַ מענטשן״, וואָס איז גלייך פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „ליטעראַטוראַ מאָנדע״. אין 1924 איז דערשינען אויף עספּעראַנטאָ „דער יידישער וויץ״ — 15 אַנעקדאָטן פון א. ראַווניצקי. אין 1926 איז געווען געדרוקט אין „העראָלדאָ״ די איבערזעצונג פון שלום אַשס נאָוועלע „מענטשן און געטער״. דאָ אין פּאַריז האָט ער איבערזעצט און געדרוקט אַ גאַנצע ריי אויסצוגן פון די ווערק פון שלום עליכם, מענדעלע מוכר ספרים, דוד פינסקי, יוסף אָפּאַטאָשו און עלף דערציילונגען פון יצחק לייבוש פרץ.

פון די דיכטער האָט ער איבערזעצט אין עספּעראַנטאָ: משה לייב האַלפּערין, ה. לייוויק, באָוושאָווער, איציק מאַנגער, יוסף פּאַפּיערניקאָוו און די משלים פון אליעזר שטיינבאַרג. ער האָט איבערזעצט און פאַרשפּרייט שריפטן פון בער באָראָכאָוו, אחד העם, י. ח. ברענער, נחמן סירקין און אַנדערע. אין 1939 איבערזעצט ער לייב מלאכס פּיעסע „מיסיסיפּי״, וואָס די פּאַריזער עספּעראַנטאָ גרופּע גיט אַרויס אין בוך־פאָרם.

מיט אַ זעלטענער פּיעטעט צו יעדן שרייבער, גיט דער פרומער יוריסטא זיינע אַריינפירן און נאָכבאַמערקונגען. מיט אַ וואונדערלעכן יראת הכבוד צום פאָלק גיט ער זיינע באַלויכטונגען צום שטייגער־לעבן און זיינע אויסטייטשונגען פון דער יידישער פאָלקס־פּסיכיק.

נאָך צען־צוועלף שעה אַרבעט אַ טאָג, נאָכן אָפּשטיין שעהן אין „מאַיזאָן״, פלעגט ער זיך ערשט אַוועקזעצן על התורה ועל העבודה.

דר. לודוויק זאַמענהאָף האָט איבערגעלאָזט אַ סקעלעט פון אַ שפּראַך. די באַפליגלטע נאָכפאָלגער זיינע (צווישן זיי אויך דער באַוואוסטער עספּעראַנטאָאיסט, חיים קערבער) האָבן איר געגעבן בלוט און פלייש און אינהאַלט. יצחק יוריסטא האָט זי גאָר באַזונדערס באַרייכערט; ער האָט אין איר אַריינגעהויכט זיינע טיף־איבערגעלעבטע יידישע אידעאַלן.

ער האָט זיך נאָך געגרייט אַ סך, אַ סך צו שרייבן און איבערזעצן, ווען דער נאַצי האָט אויסגעשטרעקט זיין בלוטיקע לאַפּע נאָך אים. ווען די געשטאַפּאָ איז אַריין קיין פּאַריז, האָט זי אים „אויסדערוויילט״ ווי איינעם פון די ערשטע צו אַרעסטירן. וואָס די יידישע געזעלשאַפטלעכקייט האָט אפשר נישט געוואוסט, האָט די גוישע וועלט דווקא זייער גוט אָפּגעשאַצט, אַז יוריסטא איז אַ מענטש פון גאָר אַ באַזונדערער קוואַליטעט. פּילסודסקיס געהיים־פּאָליציי, און שפּעטער די רוצחים פון דריטן רייך, האָבן געוואוסט דעם באַטייט פון יוריסטאס שטילער פען, וואָס דערגרייכט די ווייטסטע ווינקעלעך פון דער וועלט מיט זיין „פּאַרהאַסטער״ אידן־עטיק.

אין דער יידישער סביבה אין פּאַריז האָט מען זיך קיין סך נישט אָפּגעשטעלט אויף אים. ווער האָט עס צייט אין אַזאַ איילנדיקן, טומלדיקן פּאַריז, זיך איינצוקוקן אין אַזאַ תמימות־דיקן יונגערמאַן ווי יוריסטא? אַז קיין בענקלעך האָט ער נישט פאַרנומען, קיין עלנבויגנס נישט פאַרמאָגט, אַפילו נישט קיין הויך קול, — נו, יאָ, אַ ווערבע אין מיטן פּאַריז...

אין פראַנקרייך איז אַרויסגעגאַנגען אַ יזכור־בוך נאָך פערצן אומגעקומענע יידישע שרייבער. דער נאָמען יצחק יוריסטא ווערט דאָרט נישט דערמאָנט. פאַרוואָס?... אונדזערע קדושים זיינען געפאַלן קרבנות פון איין שונא; אונדזערע לעבן־געבליבענע צעטיילט מען, צום באַדויערן, לויט די פּאַרטייען, צו וועלכע זיי האָבן געהערט.

די גאַנצע משפחה יוריסטאַ איז אומגעקומען אין טשענסטאָכאָוו. געראַטעוועט האָבן זיך בלויז צוויי ברידער, יעקב און לייבוש, און איין שוועסטער, חיהלע. זיי אַלע געפינען זיך היינט אין מדינת ישראל. די פרוי, ברכה יוריסטא, איז, על פי נס, געבליבן לעבן. זי געפינט זיך אין פּאַריז.

יצחק יוריסטא איז אַרעסטירט געוואָרן דעם 14טן מאַי, 1941. ער איז אָפּגעשיקט געוואָרן אין קאָנצענטראַציע לאַגער פּיטווע, וואו ער איז פאַרבליבן דרייצן חדשים. דעם 26טן יוני, 1942, איז ער דעפּאָרטירט געוואָרן קיין אָשווענטשים, וואו ער איז אומגעבראַכט געוואָרן צוזאַמען מיט טויזנטער און טויזנטער פון זיינע ברידער און לאַנדסלייט.

יצחק יוריסטא וועט נישט פאַרגעסן ווערן. ער וועט בלייבן אין זכרון פון פאָלק צווישן אַלע ליכטיקע געשטאַלטן פון זיין דור — אַ קדוש צווישן קדושים.

ז. טורקאָוו

# פּרץ ווילענבערג

## (אַ קאַפּיטל פון בוך: „טעאַטער־זכרונות“)



ווען מיר זיינען אָנגעקומען קיין טשענסטאָכאָוו, איז שוין די שטאָט געווען צוויי יאָר אָקופּירט פון די דייטשן. דאַקעגן די „יאַסנאַ־גוראַ“, אויף וועלכער עס האָט זיך געפונען די גרויסע קאַטעדראַלע מיטן באַרימטן הייליקן בילד פון „גאָטס מוטער“, איז געווען אָקופּירט פון די עסטרייכער. דער דאָזיקער כבוד איז צוגעטיילט דער עסטרייך־אונגאַרישער מאָנאַרכיע צוליב איר אָנפירנדיקער פּאָזיציע אינעם קאַטוילישן לעבן פון צענטראַל אייראָפּע. צום דאָזיקן קלויסטער אויף „יאַסנאַ־גוראַ“ פלעגט מען עולה־רגל זיין פון גאַנצן לאַנד, און אַפילו פון אויסלאַנד פלעגן קומען גלויביקע קאַטויליקן זיך צו באַטייליקן אין די רעליגיעזע פּראָצעסיעס צו דער „הייליקער טשענסטאָכאָווער גאָטס־מוטער“, וואָס ווערט באַטראַכט ווי איינע פון די הייליקסטע רעליקוויעס פון קאַטאָליציזם.

די טשענסטאָכאָווער יידן זיינען געווען פאַרשפּאַרט אין געטאָס, אָדער אַזוי גערופענע „רעווירן“ אין דער צווייטער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט זיינען די דאָזיקע רעווירן אָפּגעשאַפן געוואָרן, און יידן האָבן זיך איינגעגלידערט אינעם עקאָנאָמישן לעבן פון דער שטאָט, און עס דערהויבן צו גאָר אַ הויכער מדרגה. צוליב די אָפטע רעליגיעזע פּראָצעסיעס פון דער פרעמד, זיינען געוויסע אונטערנעמער געפאַלן אויף אַן המצאה אויסצואַרבעטן אָנדענקונגען מיט די בילדער פון דעם „יאַסנאַ־גוראַ“־קלויסטער און פון דער „הייליקער מוטער“, וואָס האָט געדינט פאַר קמיעות און טאַליסמאַנען פאַר די גלויביקע.

ווי געזאָגט, קיין געטאָ האָט שוין לאַנג אין טשענסטאָכאָוו



פּרץ ווילענבערג

נישט עקסיסטירט, דאָך איז יידן געווען פאַרווערט צו באַזוכן געוויסע ערטער, מיט דער „יאַסנאַ־גוראַ“ בראש. ווען אַפילו אַזאַ פאַרבאָט איז אָפיציעל נישט אַרויסגעגעבן געוואָרן, האָבן יידן אַליין, צוליב זיכערקייט־וועגן, אויסגעמיטן געוויסע „הייליקע“ ערטער. דאָס האָט פונדעסטוועגן נישט פאַרהיט די טשענסטאָכאָווער יידן פון אָפטע פּאָגראָמען און איבערפאַלן, מיט וועלכע די שטאָט האָט זיך אַזוי אויסגעצייכנט. אָבער אין דער צייט פון דער ערשטער דייטשישער אָקופּאַציע, האָבן יידן אויך דאָ געהאַט אַן אָטעם־פּויזע אין זייער כסדרדיקער מורא און אומזיכערקייט. די קאַטעדראַלע איז דאַן אָפן געווען פאַר אַלע, אָן אויסנאַם פון גלויבן.

געפירט האָט אונדז דער קינסטלער פּרץ ווילענבערג — אַן אינטערעסאַנטע פּערזענלעכקייט, מיט וועמען מיר האָבן זיך באַקענט אין טשענסטאָכאָוו. ווילענבערג האָט אַ געוויסע צייט געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט אויף די גרעסטע בילדער־



פּרץ ווילענבערגס פּאָסט־קאַרטלעך

אויסשטעלונגען, און זיין פּאָרטרעט פון טאָלסטאָי האָט זיך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה קונה־שם געווען אין רוסלאַנד. אין טשענסטאָכאָוו איז ווילענבערג געווען אָנגעשטעלט אַלס לערער פון צייכענען אין איינער פון די שולן, און די פרייע צייט האָט ער געווידמעט דער יידישער צייכענונג און מאָלעריי. אין זיינע זוכענישן פון אַן אייגענעם, נישטנאָכגעמאַכטן יידישן סטיל האָט ער געשאַפן אַ ריי אייגנאַרטיקע וויטראַזשן (מאָלונגען אויף גלאָז), דרייסטע און זייער קאָלירטע אין פאָרם, באַזירט אויף די פּירקאַנטיקע אותיות פון אונדזער אַלף־בית.

מיט די דאָזיקע וויטראַזשן איז געווען באַצירט די גרויסע טשענסטאָכאָווער סינאַגאָגע און זיי זיינען געווען אַן אָנזאָג פון אַ נייער ווענדונג אין דער יידישער קונסט. ווילענבערגן האָט שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס אונדזערע קינסטלער באַמיען זיך נאָכצומאַכן די גרויסע מייסטערס פון די פאַרשיידנסטע ריכטונגען און שולן, און האַלטן נישט פאַר נייטיק צו געפינען אַן אייגענעם וועג און אויסדרוק־פאָרם פון דער קונסט.

„אָן אַ שיעור מוסטערן פאַר אַזעלכע זוכענישן“ — האָט ער געטענהט — „געפינען זיך אויף די ווענט פון די אַלטע שולן, אין די שניצערייען פון די בעלעמערס און אָרון־קודשן, אין די בשמים־ביקסן, חנוכה־לאָמפּן, עטרות, פּרוכתן, אין אַלטע הגדהס, איליוסטרירטע מגילות און אין די מעטאַלענע ספרים איינבינדונגען פון 16טן און 17טן יאָרהונדערט. עס טוט וויי צוצוקוקן ווי

אַנדערע קינסטלער האָבן נישט קיין אַמביציע צו ווערן נאַ־ציאָנאַלע קינסטלערס — און ווערן בטול־בששים צווישן די פרעמדע. דעריבער איז מיין באַזעצן זיך אין טשענסטאָכאָוו" — האָט ער ווייטער געזאָגט, — „אַ פּראָטעסט קעגן די אַלע זעלב־פאַרלייקענער און גלייכצייטיק אַ דעמאָנסטראַציע, אַז דווקא בשכנות פון דער „יאַסנאַ־גורא", אונטער די אויגן פון דער „הייליקער מוטער" איז מעגלעך צו זוכן און צו קולטיווירן יידישן אייגנאַרט, יידישן סטיל".

אָבער די איראָניע האָט געוואָלט, אַז בעת דער נאַצי־אָקופּאַציע אין פּוילן זאָל זיך אויף דער אַרישער זייט פון די וואַרשעווער גאַסן אַרומדרייען אַ זקן מיט אַן אויפשריפט: „שטומער מאָלער", און פאַרקויפן די דורך אים געמאָלטע בילדער פון דער „הייליקער טשענסטאָכאָווער מוטער", אַפּאָסטאָלן, קרייצוועג, וועלכע די פרומע פּאָליאַקן האָבן מיט טרערן אין די אויגן געקויפט להכעיס די גאָטלאָזע דייטשן... דער דאָזיקער „שטומער" זקן איז געווען דער יידישער קינסטלער פּרץ ווילענבערג, וואָס האָט זיין לעבן געווידמעט אויסצוגעפינען אַ יידישן סטיל אין קונסט... אַ דאַנק די הייליקע בילדער האָט ער איבערגעלעבט די נאַצי־אָקופּאַציע. צוליב זיין יידישן אַקצענט האָט ער סימולירט אַ שטומען...

---

ד״ר ב. אָרענשטיין

# ד״ר יעקב שאַצקיס בייטראָג צו דער געשיכטע פון די יידן אין טשענסטאָכאָוו

„ער האָט געהיט אין זיך, אין האַרץ באַהאַלטן,
אַ העלן אָפּשיין פון אַ יחוס־דור, —
מאַרטירער, קעמפער — טרוים געשטאַלטן
פון אַ פאַרייביקטער און העלער וואָר".

(ה. לייוויק, „לידער פון גן־עדן"
נ. י. 1937, ז' 124)

ד״ר מאַקס וויינרייך, וויסנשאַפטלעכער דירעקטאָר פון „ייוואָ", האָט אין זיין בוך: „בילדער פון דער יידישער ליטעראַטור געשיכטע" (פאַרלאַג „טאמאר", ווילנע 1928, ז' 1) געבערענגט צום אויסדרוק פאָלגנדיקן געדאַנק: „סיי אַ יחיד, סיי אַ קיבוץ קען מען פאַרשטיין נאָר דורך דער סביבה, פון וואַנען זיי זיינען אויסגעוואַקסן".

בכדי צו פאַרשטיין ד״ר יעקב שאַצקי, ז״ל, איז אין די ערשטע רייע נויטיק זיך צו באַקענען מיט זיין ביאָגראַפיע און זיין סביבה.

יעקב שאַצקי איז געבוירן געוואָרן אין וואַרשע אין יאָר 1893. גאָר יונג איז ער פאַריתומט געוואָרן. אָנגעהויבן פרי צו אַרבעטן אַלס האַנדלס־אָנגעשטעלטער און נאָך דעם אַלס ביוראָ־אָנגעשטעלטער. געדינט אין דער אַרמיי אין ראַנג פון אָפיציר אונטער׳ער לייטונג פון שפּעטערדיקן מאַרשאַל יוזעף פּילסודסקי. אין יאָר 1918 האָט ער פאַרנומען דעם אַמט אַלס רעפערענט פאַר יידישע ענינים אין אינערן־מיניסטעריום אין פּוילן. אויף דעם אַמט האָט ער זיך לאַנג נישט געהאַלטן און האָט דעמיסיאָנירט אין יאָר 1919. די סיבה איז געווען אַן אַלגעמיין־נאַציאָנאַלע. ער איז באַאויפטראַגט געוואָרן אַדורכצופירן אַן אויספאָרשונג וועגן יידן פאַרפאָלגונגען אין פּוילן. זיין גאַנצער אויספאָרשונגס־מאַטעריאַל איז אָוועקגעלייגט געוואָרן און די רעגירונג האָט גאָר־נישט רעאַגירט, דערפאַר האָט ער רעזיגנירט פון זיין אַמט.

ד״ר יעקב שאַצקי האָט די ערשטע דערציאונג באַקומען אַ שטרענג־רעליגיעזע. געלערנט אין חדר און ביי פּריוואַטע לערער. ער איז געווען אַ שטענדיקער איינגייער אין דער ביבליאָטעק אויף טלאָמאַצקע אין וואַרשע און האָט מיט אַ טיפן דורשט נאָך וויסן געלייענט און שטודירט ביכער פון אַלגעמיינעם אינהאַלט. אין יאָר 1913 האָט ער באַקומען מאַטורע, וואָס איז לויטן אַמעריקאַנער דעגרי־סיסטעם „בעטשעלאָר אָוו אַרטס". אין יאָר 1922 האָט ער גראַדואירט אין וואַרשעווער אוניווערסיטעט אויף ד״ר פילאָסאָפיע. זיין דיסערטאַציע איז געווען אויף דער טעמע: „די יידנפראַגע אין קעניגרייך פּוילן אין דער פּאַסקעוויטש תקופה 1831־1861".

ד״ר שאַצקיס סביבה איז געווען דאָס יידישע לעבן אין אַלע אירע ניואַנסן; דער עקאָנאָמישער און גייסטיקער געראַנגל, דער קאַמף פאַר יידישער עקזיסטענץ, דער קאַמף פאַר יידישער זעלבסטווירדע, די אויסווירקונג פון אַלע פּאָליטישע און קולטורעלע שטרעמונגען. ד״ר שאַצקי איז נישט געווען בלויז דער אָבסערוואַטאָר און צושויער פון די אַלע דערשיינונגען, נאָר איז געווען אַ דירעקטער מיטבאַטייליקטער און אַ פאָרשער פון די אַלע ענדערונגען: עקאָנאָמיש־סאָציאַלע, פּאָליטישע און קולטורעלע.

ד״ר יעקב שאַצקי האָט אין זיך איינגעזאַפּט די אַלע פּראָבלעמען, וואָס זיינען געוואָרן אַ באַשטאַנדטייל פון זיין פּערזענלעכן איך, און אין רעזולטאַט פון גרונטלעכע פאָרשונגען האָט ער באַרייכערט די יידישע היסטאָריאָגראַפיע מיט פילווערטיקע ווערק, וואָס דינען פאַרן היינטיקן דור, און וועלן דינען פאַר די צוקונפטיקע דורות פאַר שטודיר און פאָרשונגס־מאַטעריאַל.

ש. ניגער האָט זייער זאַכלעך כאַראַקטעריזירט ד״ר שאַצקין, שרייבנדיק וועגן אים פאָלגענדעס: „ד״ר שאַצקיס היסטאָריאָגראַפיע איז אַ פּילזייטיקע. ער קאָנצענטרירט זיך נישט אויף איין היסטאָרישן פאַקטאָר. ער באַנוגנט זיך נישט מיט געבן אונדז דעם עקאָנאָמישן, אָדער דעם פּאָליטישן פאַקטאָר, אָדער דעם אידעאָלאָגישן הינטערגרונט פון געשעענישן. ער באַמיט זיך אויסצומאָלן פאַר אונדז אַ פול בילד פון דער היסטאָרישער סביבה

מיט אַלע כוחות, װאָס װירקן אין איר און אויף איר, — די מאַטעריעלע אַזױ גוט װי די גײסטיקע. װאָס איז שײך צו דעם אופן פון זײן שרײבן געשיכטע, באַשטײט זײן אײגנאַרטיקײט דערין, װאָס ער גיט נישט אָפּ צופיל אָרט אַלגעמײנע שילדערונגען און דערקלערונגען. אים אינטערעסירן דערהױפּט פאַקטן, עפּיזאָדן פון טאָג־טעגלעכן לעבן. ער איז זײער קאָנקרעט. ער דערצײלט אונדז, װאָס עס האָט פּאַסירט, פאַרװאָס און דער עיקר איז — װאָס". („דער טאָג־מאָרגן־זשורנאַל", זונטיק אַפּריל 4, 1954).

דאָס אײנציקע, װאָס עס דאַרף צוגעגעבן װערן צו ש. ניגערס אָפּשאַצונג איז, אַז ד"ר שאַצקי האָט זיך נישט בלױז באַגרענעצט צו פאַרענטפערן די פּראָבלעמען פון „װאָס" און „פאַרװאָס", נאָר אױך װען, װי און װער. ד"ה, אַז ד"ר שאַצקי



ד"ר יעקב שאַצקי

האָט אַלעמאָל אין זײנע היסטאָרישע פאָרשונגס־אַרבעטן באַלױכטן יעדעס פּראָבלעם פון פאָלגנדיקע שטאַנדפּונקטן: װאו איז די געשעעניש פאָרגעקומען, װען, װי אַזױ, װער האָט זי גורם געװען, און פאַרװאָס זי איז פאָרגעקומען.

אַזױ װי פּראָפ. שמעון דובנאָװ האָט אָנגעהױבן זײן קאַריערע אַלס רעצענזענט און מיט שרײבן היסטאָרישע אָפּהאַנדלונגען, אַזױ אידענטיש האָט אָנגעהױבן ד"ר יעקב שאַצקי. און קומענדיק קײן אַמעריקע אין יאָר 1922 האָט ער אָנגעהױבן צו פאַרעפנטלעכן ביכער.

ד"ר יעקב שאַצקי איז קודם כל געװען אַ פּױלישער ייִד, אַ רעפּרעזענטאַנט פון „אַ דור פון יחוס, מאַרטירער, קעמפער און אַ דור פון טרױם־געשטאַלטן". ייִדישע פּראָבלעמען האָבן אים תמיד שטאַרק פאַראינטערעסירט און דערפאַר פאַרנעמען די ייִדישע פּראָבלעמען דעם אױבן אָן אין זײנע שאַפונגען. דאָס הײסט: דאָס פּױלישע ייִדנטום.

עס װעט געניג זײן אױסצורעכענען: „געשיכטע פון ייִדן אין װאַרשע" אין דרײ בענדער, „ייִדישע בילדונגס פּאָליטיק אין פּױלן פון 1806־1866", „השכלה אין זאַמאָשטש", „געשיכטע פון דער ייִדישער פּרעסע", „ייִדישע פּאָליטיק אין פּױלן צװישן די צװײ װעלט־מלחמות" און אױסער דעם הונדערטער אַרטיקלען, רעצענזיעס און אָפּהאַנדלונגען אין פאַרשידענע צײטונגען און צײטשריפטן. און אין דער ערשטער רײע — אין די יאָר־אױסגאַבן פון די „ייִװאָ־בלעטער". פאַרשטענדלעך אױך אױף אַלגעמײנע טעמעס, װי צום בײשפּיל צװײ ביכער װעגן ברוך שפּינאָזאַ, װעגן ייִדישן טעאַטער און פיל אַנדערע.

אין דער צײט פון דער צװײטער װעלט־שחיטה איז ד"ר יעקב שאַצקי געװען אין ניו־יאָרק. דאָס פּױלישע ייִדנטום װעגן װעלכן ער האָט זיך באַשעפטיקט זײן גאַנץ לעבן איז אומגעקומען. ער האָט דעריבער אָנגעהױבן באַגלײטן דאָס פּױלישע ייִדנטום דורך קדיש און יזכר. אױף װיפיל עס פּאַסט זיך אַרײן דער אױסדרוק: „באַגלײט דאָס פּױלישע ייִדנטום" דרינגט אַרױס דערפון, אַז ער איז געװען דער רעדאַקטאָר פון בוך „פּנקס מלאװע". אין העברעאיש באַדײט מלאװע (מלוה) באַגלײטן. דאָס איז כאַראַקטעריסטיש און סימבאָליש פאַר ד"ר יעקב שאַצקי, ע"ה.

אַ גאָר גרױסע לײסטונג, װאָס פאַרדינט אַ ספּעציעלע אָנערקענונג, איז ד"ר שאַצקיס היסטאָרישע אָפּהאַנדלונג „ייִדן אין טשענסטאָכאָװ ביז צו דער ערשטער װעלט־מלחמה", פאַרעפנטלעכט אין בוך „טשענסטאָכאָװער ייִדן". (אַרױסגעגעבן דורך דער יונײטעד טשענסטאָכאָװער רעליף קאָמיטעט און לײדיס אַקזילערי, ניו־יאָרק 1947).

די חשיבות פון דער דאָזיקער אַרבעט באַשטײט דערין, װאָס אין סך הכל 29 דרוק זײטן, איז איבערגעגעבן אַלע עפּיזאָדן פון ייִדישן ישוב אין טשענסטאָכאָװ; פון זײן אַנטשטײאונג ביז צו דער ערשטער װעלט־מלחמה. דאָס זײנען זאָרגפעלטיקע צונױפגעזאַמלטע היסטאָרישע עפּיזאָדן, באַזירט אױף אױטענטישע דאָקומענטן און מאַטעריאַלן ביז איצט פאַרעפנטלעכטע און נישט פאַרעפנטלעכטע, װאָס שטעלן מיט זיך פאָר אַ היסטאָריש פולשטענדיק אָפּגעשלאָסענע אַרבעט.

דאָס שרײבן געשיכטע פון פּױלישן ייִדנטום, אין דעם פאַל די געשיכטע פון דער שטאָט טשענסטאָכאָװ, געהערט צו די קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען, װײל פּױלן איז געװען פאַרװיקלט אין כסדרדיקע מלחמות און דער רעזולטאַט דערפון פאַרשידענע אָקופּאַציעס און פאַרשידענע װירטשאַפטלעכע, קולטורעלע, פּאָליטישע סטרוקטורן, װאָס האָבן גורם געװען ספּעציפישע באַדינגונגען פאַרן ייִדישן ישוב אױף אַלע געביטן פון ייִדישן לעבן.

ד"ר יעקב שאַצקי מיט זײן אַרבעט: „ייִדן אין טשענסטאָכאָװ ביז צו דער ערשטער װעלט־מלחמה" האָט געמאַכט אַ װיכטיקן בײטראַג פאַר דער ייִדישער געשיכטס־פאָרשונג אין אַלגעמײן און אָנגעצונדן אַ נר־תמיד פאַר דער געשיכטע פון דער אומגעקומענער ייִדישער קהילה אין טשענסטאָכאָװ בפרט.

ד"ר שאַצקי האָט פאַרנומען אַ גאָר בכבודיקן אָרט אין דער ייִדישער היסטאָריאָגראַפיע. ער האָט באַרײכערט די ייִדישע געשיכטע מיט פילצאָליקע װערק און אַרבעטן. אין מעטאַפאָרישן זין, קען מען זיך אױסדריקן, איז ער געװען װי אַ פּראָזשעקטאָר, װאָס האָט געלױכטן מיט קאַלירפולע ליכטער אױף פאַרשידענע געביטן און נעמלעך: אַלס היסטאָריאָגראַף, רעדאַקטאָר, ענציקלאָפּעדיסט, אַרכיװיסט, ביבליאָגראַף, רעצענזענט און קולטור־טוער.

דאָס טשענסטאָכאָװער ייִדנטום האָט זוכה געװען פאַראײביקט צו װערן אין דער ייִדישער היסטאָריאָגראַפיע דורך ד"ר יעקב שאַצקי, ע"ה. זײן אָנדענק װעט פאַר די טשענסטאָכאָװער ייִדן בלײבן הײליק און טײער. װי אַ נר תמיד װעט ער לױכטן אין דער געשיכטע פון טשענסטאָכאָװער ייִדנטום.

רפאל פעדערמאַן

# ד״ר אהרן סינגאַלאָווסקי

## (אהרן טשענסטאָכאָווער)

### א

דעם 7טן אָקטאָבער 1956 איז אין פּאַריז געשטאָרבן פון אַ האַרץ־אַטאַקע דר. אהרן סינגאַלאָווסקי, פירער פון אַלוועלטלעכן „אָרט". ער איז אַלט געווען 67 יאָר. הגם דר. סינגאַלאָווסקי איז געבוירן געוואָרן אין אַ דאָרף אין מינסקער גובערניע און יינגלוויז האָט ער געלעבט אין קאָוונע, איז ער אָבער געווען שטאַרק פּאָפּולער אונטערן נאָמען „אהרן טשענסטאָכאָווער".

ווי אַ געבוירענער אין דער שטאָט טשענסטאָכאָוו, וואָס ליגט ביים טייך וואַרטע אין פּוילן, וויל איך צוטראָגן אַ בינטל בלומען אויפן קבר פון נפטר, וועלכער האָט במשך זיין לעבן געטריי געדינט דעם יידישן פאָלקס־מענטשן ווי איינער פון די וויכטיקסטע פירערס פון „אָרט" און האָט מיט זיין צוגאָב־נאָמען „טשענסטאָכאָווער" און זיין פּערזענלעכקייט פאַרשאַפט אַזוי פיל כבוד און חשיבות מיין היימשטאָט טשענסטאָכאָוו.

אין די יאָרן 5־1904, ווען דאָס פּאָליטישע לעבן האָט שוין געשפּראָצט אין פּוילן און די יידישע מאַסן זיינען שוין געווען היפּשלעך אַנגאַזשירט אין דער אומלעגאַלער אַרבעטער־באַוועגונג פון אַלע פּאַרטייען, איז אויך די אינדוסטריעלע שטאָט טשענסטאָכאָוו, וואָס האָט שוין דעמאָלט פאַרמאָגט אַ 20־טויזנטדיקע יידישע באַפעלקערונג, נישט געווען קיין אויסנאַם אין דעם פּרט. עס זיינען געווען טעטיק צווישן דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין טשענסטאָכאָוו די פאַרשיידנסטע פּאַרטייען: ס״ס (ציוניסטן־סאָציאַליסטן), „בונד", פּועלי ציון און אַפילו יידישע גרופּעס פון פּ. פּ. ס. און ס. ד. ק. פּ. ל. (היינטיקע קאָמוניסטן). די שטאַרקסטע ווירקונג צווישן די יידישע אַרבעטער האָט געהאַט אין שטאָט די עס־עסישע פּאַרטיי. אינטערעסאַנט איז, וואָס כאָטש די פּאַרטיי האָט זייער אַ סך גערעדט און געשריבן וועגן דער אוממעגלעכקייט פון פּראָלעטאַריזירן די יידישע מאַסן און אַז יידן וועלן ניט זיין באַשעפטיקט אין גרויסע פאַבריקן, האָבן אין טשענסטאָכאָוו הונדערטער יידן גראָד געאַרבעט אין די גרויסע צעלעלויד־פאַבריקן פון וויינבערג און לאַנדאַו, וועלכע האָבן פאַבריצירט צעלעלוידענע קאַמען און קראַנגנס. די גרעסטע השפּעה אויף די אַרבעטער האָט גראָד געהאַט די ס״ס. עס איז מער ווי זיכער אַז צו דעם האָט מיטגעווירקט דער יונגער אהרן סינגאַלאָווסקי, וועלכער איז דעמאָלט געווען דער שליח פון דער פּאַרטיי אין טשענסטאָכאָוו.

אהרן סינגאַלאָווסקי איז דעמאָלט געווען אַ יונגער בחור און געשמ'ט ווי אַ גוטער רעדנער. מיט זיין רעדן האָט ער פּשוט פאַרכישופט די צוהערערס אין די פאַבריקן, אין די קרייזלעך און אויף די מאַסאָוקעס אין וואַלד. אין שטאָט האָט מען סינגאַלאָווסקין געקענט אונטער דעם נאָמען „דער געלער אהרן". ווען די יידישע אַרבעטער האָבן זיך דערוואוסט אַז ס'וועט רעדן דער „געלער אהרן" זיינען זיי מיט צופרידנקייט געבליבן אין די פאַבריקן נאָך דער אַרבעט און שעהן־לאַנג האָבן זיי אים געהערט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט און געשלונגען יעדער וואָרט זיינס.

זומער, 1905, האָט אין שטאָט פּאַסירט אַ טראַגישער פּאַרפאַל, וואָס האָט אויפגערודערט אַלע יידן אין שטאָט, און אומגעגנט. אין אַ ריזיקער שרפה אין לאַנדאַוס צעלעלויד־פאַבריק זיינען פאַרברענט געוואָרן זעקס יידישע מיידלעך. אַ טייל פון זיי האָבן געוואוינט אויף דער גאַרנצאַרסקער גאַס, פון דאָרטן טאַקע האָט די עס־עסישע אָרגאַניזאַציע אָרגאַניזירט אַ קאָלעקטיווע לוויה פון די פאַרברענטע קרבנות. די אַרבעטער האָבן אָפּגעשטעלט די פאַבריקן און ווערקשטאַטן און האָבן זיך פאַרזאַמלט אין די טויזנטער אין די גאַסן, באַוואוינט פון דער יידישער אָרעמער באַפעלקערונג ביים טייך וואַרטע. נישט קוקנדיק אויף דעם פאַרבאָט צו פאַרזאַמלען זיך אין גרעסערע



אהרן סינגאַלאָווסקי

גרופּעס, איז די פּאָליציי געווען אוממעכטיק. אויף אַלע עקן פון די גאַסן האָבן גערעדט רעדנערס פון אַלע פּאַרטייען, וואָס האָבן באַצייכנט די טראַגעדיע ווי אַ רעזולטאַט פון קאַמף צווישן אַרבעט און קאַפּיטאַל. אַ ריזיקער טויזנטקעפּיקער אַרבעטער־עולם האָט די קרבנות באַגלייט צום בית־עולם. מיט אַ בליציקער גיכקייט האָט זיך צעטראָגן די ידיעה אַז אויפן בית־עולם וועט רעדן דער „געלער אהרן".

דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות, אַ יינגל פון דרייצן יאָר, האָט בייגעוואוינט די דאָזיקע טרויער־דעמאָנסטראַציע און אין געהיים, אָן דעם וויסן פון זיינע עלטערן, איז ער אַוועק אויפן בית־עולם צוזאַמען מיט דעם טויזנט־קעפּיקן המון, און געווען ביי דער קבורה. איך געדענק ווי ס'וואָלט געווען היינט. מיט אַ טיפן נייגיר און שרעק האָב איך

געקוקט אויפן יונגן רעדנער, אויף זיין לענגלעך פּנים, אויף זיין געלן קאָפּ האָר, וואָס איז געווען ענלעך אויף אַ פלאַם פון אַ פייער. פון זיין געטאָקטן מויל האָבן זיך געשאָטן ווערטער אויף אַ ליטווישן יידיש. ווען איך פאַרמאַך די אויגן, הער איך נאָך היינט זיינע ווערטער־קלאַנגען, וועלכע האָבן דעמאָלט געטראָפן מיין נשמה און מוח. די ווערטער זיינע זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרן מיט פיל פלאַם און פייער און האָבן אָנגעצונדן די הערצער פון גאַנצן עולם. אַלע האָבן אויסגעבראָכן אין אַ יאָמערלעך געוויין אויף די פריש־פאַרשאָטענע קברים פון די קרבנות פון דער שרפה. אונטער דעם טיפן איינדרוק פון דער רעדע פון „געלן אהרן" ביי דער דאָזיקער לוויה, האָב איך אָנגעהויבן טראַכטן וועגן דער אויסלייזונג פון דער מענטשהייט, פון דער נישט־גערעכטער און נישט גענוג באַצאָלטער פּראַצע, וועגן דער אידעע פון סאָציאַליזם. פאַרזעלבלעך איז מיר דעמאָלט נישט אויסגעקומען צו באַגעגענען זיך מיט סינגאַלאָווסקין, אָבער יאָרן־לאַנג האָב איך נישט פאַרגעסן די רעדע פונעם „געלן אהרן", אַ רעדע וואָס גייט מיר נאָך עד־היום.

ס'איז איבעריק צוצוגעבן, אַז במשך דער קורצער צייט (ער איז נאָר געווען איבער אַ יאָר צייט), וואָס דער „געלער אהרן" איז געווען אין טשענסטאָכאָוו, האָט ער זיך דערוואָרבן די גרעסטע סימפּאַטיע און ליבע נישט נאָר ביי די יידישע מאַסן אין שטאָט, נאָר אויך ביי דער בירגערלעכער יידישער אינטעליגענץ. ער האָט אויף איר געהאַט אַ גרויסע השפעה און זי צוגעצויגן צו דער עס־עסישער באַוועגונג. אַ סך פון דער אינטעליגענץ איז געוואָרן שטאַרק אַקטיוו אין דער פּאַרטיי במשך פון יאָרן.

דער „געלער אהרן" איז געווען די לעגענדע פון אַ גאַר גרויסן טייל פון די יידישע פאָלקס־מאַסן און דער אַרבעטערשאַפט אין טשענסטאָכאָוו. די דאָזיקע לעגענדע האָט זיכער גורם געווען אַז די עס־עסישע אָרגאַניזאַציע איז ביז איר ליקווידאַציע פאַרבליבן די שטאַרקסטע אין שטאָט.

מיטן וואוקס פון דער רעאַקציע איז אהרן סינגאַלאָווסקי געווען געצוואונגען צו פאַרלאָזן די שטאָט. זיין לעצטער אַרויסטריט אין טשענסטאָכאָוו איז געווען אויף אַ מאַסן־פאַרזאַמלונג אין ווינבערגס פאַבריק. די פאַרזאַמלונג האָט מען מיט גרויסע סכנות איינגעאָרדנט אין די שווערסטע טעג פון קריג־צושטאַנד. ווי עס זעט אויס, האָט דאָס ברייטע פעלד פון אַרבעט צווישן די אַרבעטער אין די גרויסע פאַבריקן און ווערקשטאַטן געהאַט אַ ווירקונג אויף סינגאַלאָווסקין און בעת זיין אַוועקפאָרן האָט ער מיט ליבע אַדאָפּטירט דעם נאָמען פון דער שטאָט טשענסטאָכאָוו, אין וועלכער ער האָט געפונען באַפרידיקונג פאַר זיין טעמפּעראַמענט און זיינע אידעען. פון דעמאָלט אָן איז דער „געלער אהרן" געוואָרן פּאָפּולער ביי די יידישע מאַסן, ווי „אהרן טשענסטאָכאָווער".

אהרן סינגאַלאָווסקי איז יאָרן־לאַנג נישט געווען אין טשענסטאָכאָוו, אָבער די יידישע מאַסן האָבן אים שטענדיק געדענקט און געווען שטאָלץ וואָס ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ טשענסטאָכאָווער.

ערשט אין פעברואַר 1923 איז מיר אויסגעקומען זיך צו באַגעגענען מיט „אהרן טשענסטאָכאָווער" אין טשענסטאָכאָוו.

ער איז ספּעציעל געקומען פון בערלין צו דער טרויער־אַקאַדעמיע איינגעאָרדנט פון „בונד" צום יאָרצייט פון וולאַדימיר מעדעם. צו דער טרויער־אַקאַדעמיע זיינען געקומען הונדערטער אַנהענגערס און פאַרערערס פון דר. סינגאַלאָווסקי. דער לעגענדאַרער „אהרן טשענסטאָכאָווער" האָט זיך באַוויזן פאַר דער אַדיטאָריע אין גאָר אַן אַנדער געשטאַלט. זיין רעדע וועגן וולאַדימיר מעדעם איז געווען פּרעכטיק סיי אין אינהאַלט, סיי אין פאָרעם, געהאַלטן אין אַ טאָן פון אַ סאַלאָןפּראָפעסאָר. די אַרויסגעזאָגטע יידישע ווערטער האָבן געמאַכט דעם איינדרוק, ווי ער וואָלט צונויפגעקליבן בלומען און דערלאַנגט דעם עולם אַ בוקעט פון דופטיקע רויזן. זיין רעדע האָט געווירקט אויף די צוהערערס ווי אַ מוזיקאַלישע סימפאָניע.

אין די שעהן וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין טשענסטאָכאָוו האָט ער באַזוכט די יידישע וועלטלעכע שול, וואָס האָט זיך געפונען אין אַן אייגענער געביידע אויף דער קרוטקע גאַס. דאָרט איז געהאַנגען אַ גרויס בילד פון דעם סיימיסט ראַטנער, די איינציקע שול אין פוילן אויף דעם נאָמען (שפּעטער האָט די שול געטראָגן דעם נאָמען פון י. ל. פּרץ). אהרן סינגאַלאָווסקי האָט פאַרשטאַנען, אַז זיין אַמאָליקע טעטיקייט אין טשענסטאָכאָוו האָט דערצו גורם געווען. ער האָט צוזאַמען מיט מיר געמאַכט אַ שפּאַציר איבער די יידישע גאַסן לעבן טייך וואַרטע. מיר האָבן זיך דערמאָנט אין דער טראַגישער לוויה־דעמאָנסטראַציע פון די פאַרברענטע מיידלעך, אין וועלכער ער האָט מיט אַזוי פיל ברען און פייער זיך באַטייליקט, און טרערן האָבן זיך באַוויזן אין זיינע אויגן. אין די וויטעדיקע געשפּרעכן מיט אים, האָט מען באַמערקט, ווי שטאָלץ ער איז געווען מיט די אויפטועונגען פון די יידישע אַרבעטער־מאַסן פון זיין אַדאָפּטירטער היימשטאָט, טשענסטאָכאָוו. ער האָט זיך געטראָפן מיט זיינע אַלטע פריינד פון אַמאָל וואָס אַ סך פון זיי זיינען אַוועק אויף אַנדערע דרכים. דערפאַר אָבער האָט ער געדריקט האַרציק מיין האַנט, וואָס איך בין נאָך דער ליקווידאַציע פון דער עס־עסישער פּאַרטיי אַוועק צום „בונד".

אין די לעצטע יאָרן איז מיר שוין אויסגעקומען זיך צו באַגעגענען מיט אהרן סינגאַלאָווסקי אין ניו־יאָרק אין די אָפּיסעס פון אַרבעטער־רינג. ער האָט אָפּגענומען גרוסן פון מיר פון דער אַדאָפּטירטער פאַרטיליקטער שטאָט זיינער טשענסטאָכאָוו נאָך דעם היטלער־חורבן. איך האָב אים אָנטקעגנגעטראָגן דאָס בוך „טשענסטאָכאָווער יידן", וואָס די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק האָבן אַרויסגעגעבן ווי אַ יזכור נאָך דער פאַרשניטענער 40 טויזנטקעפּיקער יידישער קהילה. שטיל שווייגנדיק האָט ער צוגענומען דאָס בוך און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ...

די אָפּגעראַטעוועטע טשענסטאָכאָווער פּליטים, וואָס געפינען זיך איצט אין ניו־יאָרק, און די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט וואָס האָבן געדענקט סינגאַלאָווסקין האָבן געוואָלט ווידמען אַן אַרטיקל צו אהרנס 70־יאָריקן יובילײ. לויט זייער חשבון האָט ער געדאַרפט איצט ווערן 70 יאָר. ליידער איז דער טויט געקומען פריער און אים אַרויסגעריסן פון צווישן די לעבעדיקע.

זאָלן מיינע ווערטער זיין אַ צושטייער פון בלומען אויף זיין פרישן קבר און אַ ווירדיקע מצבה.

# יוסף אַראָנאָוויטש

## ב

געבוירן אין ווילנע. אין אָנהייב פון היינטיקן יאָרהונדערט איז ער אַריין אין באַרימטן ווילנער לערער־אינסטיטוט, וואָס ער האָט נאָך פיר יאָר געענדיקט. גלייכצייטיק איז ער צוגעשטאַנען צום „בונד", מיט וועלכן ער איז שוין געווען פאַרבונדן ביזן סוף פון זיין לעבן.

אַלס אָנגעזעענער בונדישער טוער האָט אַראָנאָוויטש זיך אַרויסגערוקט אין טשענסטאָכאָוו, וואוהין ער איז געקומען אין יאָר 1910 אָדער 1911. אייגנטלעך איז ער געשיקט געוואָרן קיין טשענסטאָכאָוו אַלס לערער פון אַ רוסישער פאָלקס־שול פאַר יידישע קינדער. ער איז געקומען מיט זיין פרוי, מאַשע. באַזעצנדיק זיך אין טשענסטאָכאָוו, איז ער אין די ערשטע צייטן אַרומגערינגלט געוואָרן פון אַ קרייז פויליש־רעדנדיקע יידיש־בירגערלעכע אינטעליגענטן. יוסף אַראַנאָוויטש האָט געטראָגן ברילן, געהאַט אַן אינטעליגענטן אויסזען און גערעדט אַ גוטן ווילנער יידיש. זיין יידיש רעדן האָבן ליב באַקומען אַפילו די אַסימילירטע יידישע אינטעליגענטן, וועלכע האָבן פיינט געהאַט די יידישע שפּראַך און געהאַלטן יידיש פאַר אַ זשאַרגאָן.



יוסף אַראָנאָוויטש

אַראָנאָוויטש ווערט טעטיק אין דער טשענסטאָכאָווער אָפּטיילונג פון דער פּעטערבורגער יידישער ליטעראַרישער געזעלשאַפט, אָבער זי ווערט ליקווידירט דורך דער רעגירונג. אין 1911 ווערט די ליטעראַרישע געזעלשאַפט פאַראייניקט מיט דער עקזיסטירנדיקער ליטעראַרישער געזעלשאַפט „ליראַ", וואָס האָט געטראָגן אַן אַסימילאַטאָריש־ציוניסטישן כאַראַקטער. דער ווילנער לערער ווערט אויך אויסגעוויילט אין פאַרוואַלטונג. דער קאַמף פאַר אָנערקענען די יידישע שפּראַך ווערט שטאַרקער און יוסף אַראָנאָוויטש ווערט איינער פון די טעטיקסטע מיטגלידער און איבט אויס אַ שטאַרקע ווירקונג סיי מיט זיין פּערזאָן, סיי מיט זיינע אינהאַלטסרייכע עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען. ווען י. ל. פּרץ האָט פרילינג 1912 דאָס ערשטע מאָל באַזוכט די שטאָט טשענסטאָכאָוו, איז דער ערשטער באַגריסער געווען יוסף אַראָנאָוויטש. דאָס צווייטע מאָל באַזוכט י. ל. פּרץ טשענסטאָכאָוו, אין שייכות מיטן עפענען די ביבליאָטעק אין אָקטאָבער 1912, און יוסף האַלט די דערעפענונגס־רעדע. שפּעטער האַלט ער אַ ריי פאָרלעזונגען אויף פאַרשיידענע ליטעראַרישע טעמעס. ער ווערט דער רעזשיסאָר פון אַ דראַמאַטישן קרייז און נעמט אַליין אָנטייל אַלס שפּילער און רעזשיסאָר. דעם 10טן יוני 1916 קומט פאַר אַ טרויער־אַקאַדעמיע נאָך דעם גרויסן שרייבער שלום־עליכם. אַראָנאָוויטש רעדט וועגן שלום־עליכמען, לייענט דעם מאָנאָלאָג „די גימנאַזיע" און שפּילט אַ ראָלע אין דער קאָמעדיע „מענטשן" פון שלום־עליכם.

אין 1913־1914 איז יוסף אַראָנאָוויטש אַריינגעטרעטן אין דער גרויסער אָרגאַניזאַציע פון די האַנדלס־אָנגעשטעלטע א. ג. געזעלשאַפט פון קעגנזייטיקער הילף פאַר האַנדלס־און אינדוסטריע־אָנגעשטעלטע. די אָרגאַניזאַציע איז געווען אַ פעסטונג פון אַסימילאַטאָרישער אינטעליגענץ. הגם ער אַליין איז געווען אַ לערער, האָט ער מיטגעהאָלפן אין קאַמף קעגן דער הערשנדיקער אַסימילאַציע און פאַרן יידיש פּראָלעטאַרישן כאַראַקטער פון פאַראיין. זיין קאַמף האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג. אין 1926 האָט זיך דער פאַראיין אָנגעשלאָסן אין קולטור־אַמט פון די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען וואו די השפעה האָט געהאַט דער „בונד".

אין 1916 ווערט ער אויסגעוויילט אַלס דעלעגאַט צו דער גרינדונגס־קאָנפערענץ פון צענטראַלן פאַרבאַנד פון די יידישע ספּאָרט־און טורן־פאַראיינען, וואָס איז פאָרגעקומען אין לאָדזש. ער פירט דאָרטן אויך אָן אַ קאַמף פאַר אָנערקענען די יידישע שפּראַך, אַדאַנק זיין קאַמף איז דער טשענסטאָכאָווער טורן־ און ספּאָרט־פאַראיין געבליבן אַ געוויסע צייט אויסער דער צענטראַלע, צוליב די נישט באַפרידיקנדיקע אָנגענומענע רעגולאַציעס פון פאַרבאַנד.

אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ געזעלשאַפטלעכע אויפלעבונג, האָט אויך די אָרגאַניזאַציע פון „בונד" אין טשענסטאָכאָוו אַרויסגעוויזן מער טעטיקייט. עס איז געגרינדעט געוואָרן דער גראָסער־קלוב און יוסף אַראָנאָוויטש איז געוואָרן דער ערשטער סעקרעטאַר פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע און איז געוואָרן איר אָנגעזעענסטער פירער.

אין אומאָפּהענגיקן פוילן האָט אַראָנאָוויטש שוין גערעדט אַ גוטן פויליש און אָנגעפירט מיט דער בונדישער פראַקציע אין אַרבעטער־ראַט. זיינע אַרויסטרעטונגען זיינען געווען שטאַרק און אינהאַלטסרייך. אין 1919 ווערט יוסף אַראָנאָוויטש אויסגעוויילט אַלס ראַטמאַן פון „בונד". אויך אין שטאָט־ראַט האָבן זיינע רעדעס די געהעריקע ווירקונג און אַפילו די קעגנער האָבן זיך צו זיי צוגעהערט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט. זיין רעדע אין שייכות מיטן פּראָטעסט־פאָרשלאַג קעגן דעם יידישן פּאָגראָם, וואָס איז פאָרגעקומען אין יאָר 1919, האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם. אַראָנאָוויטש האָט דאַן אָפּגעגעבן אַ דערקלערונג אין נאָמען פון אַלע יידישע ראַטמענער און אַלע יידישע ראַטמענער האָבן אַלס פּראָטעסט פאַרלאָזט דעם זאַל.

צוליב דער שטאַרקער דעקלאַראַציע וואָס יוסף אַראָנאָוויטש האָט אָפּגעגעבן קעגן פויליש־סאָוועטישן קריג און זיינע רעדעס, וואָס האָבן געבראַנגט צום אויסדרוק די שטימונג פון „בונד" צו אַ ריי פּאָליטישע און סאָציאַלע פראַגן פון דער שטאָט און לאַנד, ווערט ער צוזאַמען מיטן גאַנצן טשענסטאָכאָווער קאָמיטעט פון „בונד" אַרעסטירט. זיי זיינען אַלע פאַרשיקט געוואָרן אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער אין דאָמביע, וואו מ'האָט זיי גע־

האַלטן ביזן סוף פון דער פויליש־סאָוועטישער מלחמה. דער פאָרשטייער פון די „פאַראייניקטע", דער שרייבער פון די שורות, האָט אַריינגעטראָגן אַ פאָרשלאַג, אַז דער שטאָט־ראַט פאָדערט אויף צו באַפרייען דעם אַרעסטירטן ראַטמאַן אַראָנאָוויטש, כדי אים צו געבן אַ מעגלעכקייט ווייטער צו דערפילן זיינע פונקציעס אַלס געוויילטער פאָרשטייער פון דער באַפעלקערונג. די פּ. פּ. ס.ישע ראַטמענער האָבן מיט זייערע אונטערשריפטן געשטיצט דעם פאָרשלאַג. נישט קוקנדיק אויף דער רעאַקציאָנערער מערהייט פון שטאָט־ראַט און דער רעאַקציאָנערער וואַקכאַנאַליע, וואָס האָט דעמאָלט געהערשט אין לאַנד, איז דער פאָרשלאַג אָנגענומען געוואָרן. דאָס באַווייזט די גוטע באַציאונג אַפילו פון די קעגנער פון יוסף אַראָנאָוויטשן. דער פאָרשלאַג איז אָבער געבליבן אויפן פּאַפּיר, ווייל דאָס באַפרייען איז געווען אָפּהענגיק פון דער צענטראַלער רעגירונג. יוסף אַראָנאָוויטש איז ערשט באַפרייט געוואָרן, ווען ס'האָט זיך געענדיקט די פויליש־סאָוועטישע מלחמה. אַראָנאָוויטש איז צוריקגעקומען קיין טשענסטאָכאָוו אָבער אויף זיין פּאָסטן אַלס לערער אין די פוילישע רעגירונגס־שולן איז ער מער נישט צוגעלאָזן געוואָרן. ער האָט געמוזט פאַרלאָזן טשענסטאָכאָוו.

אין 1925, ווען די סאָציאַליסטישע פראַקציעס האָבן באַשלאָסן אַרויסצוטרעטן פון שטאָט־ראַט צוליב זיין רעאַקציאָנערער פּאָליטיק און צוליבן אומגעזעצלעך פאַרלענגערן זיין עקזיסטענץ, האָט די בונדישע פראַקציע פאַרן אַוועקגיין אין איר דעקלאַראַציע צווישן אַנדערן געזאָגט: „בלויז פאַרן געהערן צו דער בונדישער שטאָט־ראַט־פראַקציע און פאַר זיין אָפענער טעטיקייט אויף דעם געביט פון שטאָט־ראַט איז דער ראַטמאַן יוסף אַראָנאָוויטש געוואָרן אינטערנירט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער און ערשט נאָך 8 חדשים — אונטערן דרוק פון די סאָציאַליסטישע ראַטמענער — האָט זיך דער שטאָט־ראַט דעצידירט אָנצונעמען אַ באַשלוס וועגן באַפרייען אים. צום סוף איז ער געצוואונגען געווען בכלל צו פאַרלאָזן אונזער שטאָט".

פון טשענסטאָכאָוו איז יוסף אַראָנאָוויטש צוריקגעפאָרן קיין ווילנע און דאָרטן זיך באַזעצט מיט זיין פרוי און 2 קינדער, אַ זון און אַ טאָכטער. ער איז דאָרטן געווען געקניפּט און געבונדן מיט דער בונדישער באַוועגונג. ער איז געווען אַן אָנגעזעענער טוער אין „בונד", אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און אין דער יידיש־וועלטלעכער שול־אָרגאַניזאַציע (צ. ב. ק.) און אויך אָנטייל גענומען אַלס דעלעגאַט אויף פאַרשיידענע צוזאַמענפאָרן און קאָנפערענצן. מיר זעען אים אויף אַלע בונדישע צוזאַמענפאָרן, ווי אַן אַקטיוון דעלעגאַט. איינע פון זיינע שווערע איבערלעבונגען בשעת ער איז געווען אין ווילנע איז געווען דאָס, וואָס זיין גערעטן טעכטערל איז אויף אַן אויסטערלישן אופן אומגעקומען בעתן פאָרן מיט קינדער אויף אַן אויספלוג.

אויך אין ווילנע האָט ער געליטן פון רעפּרעסיעס. די ערשטע יידישע רעאַל־גימנאַזיע האָט אים איינגעלאַדן אַלס לערער. נאָכן אָפּאַרבעטן עטלעכע יאָר האָט אים די פוילישע בילדונגס־מאַכט פאַרבאָטן צו אַרבעטן אין שול צוליב זיין בונדישע טעטיקייט. אַראָנאָוויטש וואַרפט זיך אַריין מיט נאָך מער ברען אין דער פּאַרטיי־אַרבעט. ער איז געווען געוויילט אַלס פאָרשטייער פון די יידישע אַרבעטער אין ראַט פון קראַנקן־קאַסע, אַלס פּרנס פון ווילנער קהילה און ראַטמאַן פון שטאָט־ראַט. אַ מענטש מיט אַ סך וויסן, אַן אויסגעצייכנטער רעדנער און פּראַקטישער טוער, האָט ער אויך גוט געשריבן. די גאַנצע צייט איז ער אין ווילנער קאָמיטעט פון „בונד" און איז אויך אין דער אָנפירונג פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג. 1935־38 איז ער געווען דער סעקרעטאַר פון צענטראַלן בילדונגס־קאָמיטעט, וואָס האָט אָנגעפירט מיטן גרויסן יידיש־וועלטלעכן שול־וועזן אין ווילנע. טאָג און נאַכט איז ער פאַרנומען און פאַרטאָן אין דער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

צו דער פרוכטבאַרער אַרבעט פון אָט דעם טרייען און אומדערמידלעכן יידישן אַרבעטער־טוער האָט געמאַכט אַ סוף די סאָוועטישע מאַכט. בשעת דער צווייטער וועלט־מלחמה בין איך אין אָקטאָבער 1939 אָנגעקומען אין ווילנע. כ'האָב געהאָפט צו טרעפן זיך מיט מיין חבר און פריינט. געטראָפן האָב איך בלויז זיין שטאַרק־פאַרזאָרגטע פרוי מאַשע און זייער זון. צוזאַמען מיט אַ ריי אַנדערע בונדישע פירער און טוער איז אויך יוסף אַראָנאָוויטש שוין געזעסן אין אַ סאָוועטישער טורמע.

זאָל דאָ פאַרצייכנט ווערן לדורות ווי אַזוי די סאָוועטישע מאַכט, וואָס רעקלאַמירט זיך, אַז זי וויל באַפרייען און באַגליקן די מענטשהייט, האָט פאַרפייניקט אַן אידעאַליסטישן מענטש און פאַרדינסטפולן אַרבעטער־טוער. חבר מ. ק., וואָס איז צוזאַמען מיט אים געזעסן אין דער סאָוועטישער תפיסה, האָט וועגן דעם דערציילט:

„סוף יולי 1940 בין איך פון גראָדנער תפיסה, וואו כ'האָב זיך געפונען צוזאַמען מיט די חברים לייבל שיפּרעס און בערל אַבראַמאָוויטש, איבערגעשיקט געוואָרן אין דער מינסקער תפיסה...

„אין אַ ווינקל, צווישן אַ גרופּע ווילנער געזעלשאַפטלעכע טוער איז געלעגן דער חבר יוסף אַראָנאָוויטש. עס גייט מיר דורך אַ שוידער, ווען כ'דערמאָן זיך, ווי אַזוי דער חבר יוסף האָט דעמאָלט אויסגעזען. האַלב־נאַקעט, אין צעריסענע שמוציקע וועש. דער קערפּער פול מיט וואונדן, פון וועלכע עס איז געגאַנגען ראָפּע. כ'האָב זיך איינגעאָרדנט לעבן אים, אַ דאַנק דעם סטאַראָסטע פון צימער, ראָשקאָווסקי, אַ גראָדנער פּאָרוטשניק פון דער פוילישער אַרמיי, אַ סימפּאַטיקער פון פּ. פּ. ס., אַ קרוב פון פּעפּעסאָוויעץ ראָשקאָווסקי, סעקרעטאַר פון די פּראָפּ. פאַראיינען אין גראָדנע. היות ווי איך האָב מיטגעבראַכט אַ פּעקל זאַכן, האָב איך דעם חבר יוסף געגעבן אַ פּאָר וועש און אויך אַ פּאָר הויזן, ווייל מען האָט אין תפיסה־באָד ביי אים צוגעגנבעט זיין קאָסטיום. דער געזונט־צושטאַנד פון חבר יוסף האָט זיך פון טאָג צו טאָג פאַרערגערט"...

נאָך דעם איז געקומען אַ סדרה אומזיניקע באַשולדיקונגען און ווילדע בלבולים:

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָט זיך אָנגעהויבן די אויספאָרשונג פון חבר אַראָנאָוויטש.

די ערשטע נאַכט האָט מען אים פינף מאָל געשלעפּט אין אַ קאַלטן צימער, כדי ער זאָל שרייבן זיין אויטאָביאָגראַפיע. די צווייטע נאַכט — כדי ער זאָל אָנשרייבן דעם פּראָגראַם פון דער פּאַרטיי. די דריטע נאַכט האָט מען אָנגעהויבן שטעלן פראַגן. חבר יוסף האָט דאַן געבעטן, אַז מען זאָל איבעררייסן די אויספאָרשונג, ווייל ער פילט זיך זייער שלעכט. אגב, וועט ער נישט ענטפערן, אויב מען וועט אים נישט דערלויבן אָנצושרייבן אַ בריוו צו דער פאַמיליע, ווייל ער איז אַרעסטירט געוואָרן אין ווילנע אויף דער גאַס און זיין פרוי און קינדער ווייסן גאָרנישט וועגן אים.

דער אויפאָרשונגס־ריכטער האָט אים געענטפערט, אַז שרייבן וועט ער קענען נאָך דער אויספאָרשונג. אַראָנאָוויטש האָט זיך פאַרעקשנט און נישט געענטפערט אויף די געשטעלטע פראַגן. אין אַ פאָר טעג אַרום האָט דער אויספאָרשונגס־ריכטער אים דערלויבט אָנצושרייבן אַ בריוו, און ער האָט אים גאַראַנטירט, אַז ער וועט זיך באַמיען, אַז די מאַכט זאָל דערלויבן אָפשיקן דעם בריוו.

דעם 15טן נאָוועמבער האָט מען אויף דער אויספאָרשונג אים געפרעגט צי איז ער מודה: 1) אַז דער „בונד" איז אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע און נאַציאָנאַליסטישע פאַרטיי; 2) אַז די פאַרטיי האָט באַקומען געלט פון פאַרשיידענע לענדער, און אויך פון דער פוילישער רעגירונג, כדי צו פאַרניכטן די אַרבעטער־באַוועגונג; 3) אַז די פאַרטיי האָט צוזאַמען מיט דער פ. פ. ס. געשפאָלטן די פראָפעסיאָנעלע באַוועגונג לויט אַ פאָרשלאַג פון דער פוילישער רעגירונג; 4) אַז זי האָט גענומען געלט ביי פאַבריקאַנטן, כדי צו ברעכן סטרייקן; 5) אַז זי האָט געשאַפן נאַציאָנאַלע פראָפ. פאַראיינען, כדי צו צעשטערן די איינהייט פון אַרבעטער־קלאַס; 6) אַז זי האָט צוגעשטעלט רשימות פון די מיטגלידער פון די פראָפ. פאַראיינען דער פוילישער דעפענסיווע (געהיים־פאָליציי); 7) אַז זי האָט גערופן די אַרבעטער צו אַ מלחמה מיטן ראַטן־פאַרבאַנד; 8) אַז זי האָט מיטגעהאָלפן דעם גענעראַל זשעליגאָווסקי צו פאַרכאַפן ווילנע; 9) אַז פ. פ. ס. און „בונד" האָבן מיטגעהאָלפן צו שאַפן דעם קאָנצענטראַציע־לאַגער אין קאַרטוז־בערעזע; 19) אַז דער „בונד" האָט גערופן די אַרבעטער פון פוילן זיך נישט אונטערגעבן און פירן ווייטער די מלחמה (פון פוילן קעגן נאַצי־דייטשלאַנד); 11) אַז די פאַרטיי האָט מיטגעאַרבעט מיט די פילסודטשיקעס און מיט דער סאַנאַציע און געהאָלפן צוגרייטן אַ מלחמה קעגן ראַטן־פאַרבאַנד; 12) אַז דער „בונד" און פ. פ. ס. האָבן אַריינגעשיקט שפיאָנען אין ראַטן־פאַרבאַנד, כדי אַרויסצורופן אומרוען, צעשטערן פאַבריקן א. אַז. וו.; 13) אַז די פאַרטיי האָט אַריינגעשיקט פראָוואָקאַטאָרן אין דער קאָמוניסטישער פאַרטיי אין פוילן; 14) אַז ערליך און אַלטער, וועלכע זיינען די פירער פון „בונד" און אויך פאַרטרעטער פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, זיינען שפיאָנען און פאַרקויפטע אַגענטן צו דער בורזשואַזיע.

און דאַן איז געקומען דער אויספיר: אַזוי ווי איר, בירגער יוסף אַראָנאָוויטש, זייט געווען אַן אַקטיווער טוער פון „בונד" און אַ מיטגליד פון ווילנער קאָמיטעט און אויך אַ פאָרשטייער פון צ. ק. א. אַז. וו., ווערט איר באַשולדיקט לויט די אַרטיקלען 76, 66 און 86 און נאָך אַנדערע פון שטראָף־קאָדעקס פון דער ווייס־רוסישער רעפובליק.

אויף דער פראַגע פון חבר יוסף, וואָס פאַר אַ שטראָף זענען פאַר די אַרטיקלען, האָט אים דער ריכטער געענטפערט: פון 8 יאָר ביז אייביקער תפיסה, אין אויסנאַם־פאַלן אויף טויט־שטראָף. — איר קענט אָפגעבן אַ חרטה־דערקלערונג און זיך מודה זיין צו די אויבנדערמאָנטע פאַרברעכנס און דעמאָלט קען די שטראָף פאַרקלענערט ווערן — האָט אים אַן עצה געגעבן דער ריכטער.

אויסהערנדיק די באַשולדיקונגען, האָט דער חבר יוסף דערקלערט, אַז עס איז פאַר אים און אויך פאַר דעם „בונד", צו וועלכן ער האָט דעם כבוד צו געהערן, אַ באַליידיקונג צו פירן וועלכע עס איז דיסקוסיע וועגן די אומגעלומפערטע באַשולדיקונגען און ער וועט מער נישט ענטפערן אויף קיין פראַגן. אויסער דעם איז ער אַ בירגער פון פוילן און די סאָוועטישע מאַכט האָט נישט קיין רעכט אים צו משפטן.

נאָך זיין דערקלערונג האָבן די פאָרשטייער פון געריכט זיך געוואָרפן אויף אים מיט רעוואָלווערן אין די הענט. „מיר וועלן דיך באַלד דערשיסן ווי אַ הונט, אַרויס פון צימער!" — האָבן זיי גערעוועט.

אין משך פון אַ וואָך צייט האָט מען אים כסדר אַלע נאַכט געשלעפט, געהאַלטן אין אַ קאַלטן צימער, אויסגעטאָן נאַקעט און באָרוועס. ווען ער האָט זיך קאַטעגאָריש אָפגעזאָגט אונטערצושרייבן דעם פראָטאָקאָל, האָט מען אים אַריינגעוואָרפן אין אַ קאַרצער. 5 שעה איז ער געשטאַנען אין קאַלטן וואַסער ביז די קני, ווען ער איז צוריקגעקומען, האָט ער אויסגעזען ווי אַ מת — אין גאַנצן צעבראָכן און אויסגעשעפט. אין דעם שוידערלעכן קאַרצער, וואו איך האָב זיך אַליין אויך געפונען נאָכן קומען פון מינסק, האָב איך באַמערקט, אַז אויף די פאַרבלוטיקטע שטיינער זיינען אויסגעקריצט נעמען פון די פאַרפייניקטע אַרעסטאַנטן, צווישן וועלכע עס האָבן זיך אויך געפונען נעמען פון בונדיסטן.

אין אַ קורצער צייט אַרום, נאָך דער לעצטער פייניקונג, האָט דער חבר יוסף ביי אונדז אין קאַמער פאַר אַ גרעסערער גרופע פריינד און חברים פון ווילנע, ביאַליסטאָק און גראָדנע געהאַלטן אַ רעפעראַט (אַזוי פלעגן די גאַנצע צייט פאָרקומען קורצע פאָרלעזונגען פון פאַרשיידענע אַרעסטירטע). דער חבר יוסף, וועלכער האָט גלענצנדיק באַהערשט די פוילישע שפראַך, האָט גערעדט אין פויליש, כדי אויך די פאָליאַקן זאָלן פאַרשטיין. ער האָט גערופן צו אויסדויער און זיך נישט איינברעכן. ער האָט שאַרף אָנגעגריפן די פוילישע רעגירונגס־פאַרטיי — די סאַנאַציע און פאַרענדיקט, אַז דער פאַשיזם וועט פאַרניכטעט ווערן צוזאַמען מיט אַלע דיקטאַטורן, און מיר וועלן לעבן אין אַ באַפרייטער וועלט. ווען ער האָט געענדיקט, איז ער געפאַלן אין חלשות.

אַ פראָפעסאָר פון ווילנע, וועלכער איז געווען צווישן אונדז, האָט אים אָפגעמונטערט. ער האָט אים אונטערזוכט און פעסטגעשטעלט, אַז דאָס האַרץ איז ביי אים זייער אָפגעשוואַכט, און אויב ער וועט נישט באַקומען דרינגענדיקע הילף, וועט זיין זייער שלעכט. איך האָב דאַן געמאַכט אַלע באַמיאונגען צו זיין ביי דער דאָקטאָרשע פון תפיסה. מיט דער הילף פון דעם סטאַראָסטע פון דער קאַמער האָב איך באַזוכט דעם נאַטשאַלניק און אים אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז דער געזונט־צושטאַנד פון חבר יוסף איז אַ געפערלעכער. חבר יוסף איז אַריבערגעפירט געוואָרן אין טורמע־שפיטאָל. מיר האָבן געוואוסט דורך אַ קראַנקן־שוועסטער, אַז זיין צושטאַנד איז זייער אַ שווערער.

אויב אַפילו ער האָט באַקומען, אַזוי ווי מיר אַלע, אַן אורטייל פון דער טראָיקע — בין איך זיכער, אַז אַרויסשיקן האָט מען אים נישט געקענט. ער איז וואַרשיינלעך געשטאָרבן אין דער תפיסה"...

אַזוי איז אָפגעהאַקט געוואָרן דאָס לעבן פון אונדזער ליבן, איידעלן יוסף אַראָנאָוויטש — פון אַ מענטש, וואָס האָט געטרוימט וועגן אַ שענערער און גערעכטערער וועלט און זיך מקריב געווען פאַר זיין אידעאַל.

# זלמן טענענבערג

## ג

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו ביי אָרעמע עלטערן, וועלכע האָבן געוואוינט אין אָרעמסטן קוואַרטאַל. געלערנט אין חדר און שפּעטער האָט ער געענדיקט די יידישע האַנטווערקער־שול אין טשענסטאָכאָוו אַלס טישלער־אַרבעטער. ער האָט געהאַט אַ שם פאַר אַ גוטן בעל־מלאכה און געאַרבעט ביי פאַרשיידענע מעבל־אונטערנעמער.

אין 1913, ווען עס האָט זיך ביי די יידישע אַרבעטער אָנגע־הויבן אַ באַוועגונג צו גרינדן לעגאַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַר־איינען, איז זלמן טענענבערג געווען איינער פון די גרינדער פון האָלץ־אַרבעטער פאַראיין, אַלס אָפּטיילונג פון לאָדזשער פאַראיין פון האָלץ־אַרבעטער. דעם 30טן נאָוועמבער 1913 איז ער אויסגעוויילט געוואָרן אין פאַרוואַלטונג פון פאַראיין און מ'האָט געוואוסט, אַז טענענבערג פאַרטרעט דעם „בונד". זלמן איז געווען פון נידעריקן וואוקס, אָבער האָט געשפּרודלט מיט ענערגיע און איז געווען אַ גוטער רעדנער.

אין אומאָפּהענגיקן פּוילן, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ ברייטע טעטיקייט, איז זלמן טענענבערג שוין געווען אין דעם ערשטן קאָמיטעט פון „בונד" און אין אַרבעטער־ראַט איינער פון די בונדישע פאַרטרעטער. ווען ס'האָבן זיך אָנגעהויבן שטאַרקע רעפּרעסיעס קעגן „בונד", ווערט אַרעסטירט דער גאַנצער טשענסטאָכאָווער קאָמיטעט פון „בונד", צווישן וועלכע עס איז אויך געווען זלמן טענענבערג. מ'האָט אים פאַרשיקט אין קאָנ־צענטראַציע־לאַגער פון דאָמביע.

מיט יאָרן שפּעטער ווערט זלמן טענענבערג אַ לערער אין דער האַנטווערקער־שול אין פּיעטריקאָוו. ער פירט אָן מיט דער אָפּטיילונג פון די טעכנישע צייכנונגען. די האַנטווערקער־שול איז געוואַקסן. די שול האָט פאַרמאָגט קרוב 100 שילער, וועלכע האָבן געהאַט אַ זייער גוטע באַציאונג צו אים. ער איז ביי דער אַרבעט געווען ענערגיש און דערפינדעריש. ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ טאָכטער פון אָנגעזעענעם געזעלשאַפט־לעכן טוער, הערץ.

די אַרבעט פאַרן „בונד" האָט ער קיין מאָל נישט אויפגע־געבן. ער איז געוויילט געוואָרן אַלס ראַטמאַן פון שטאָט־ראַט. ווען דער „בונד" איז געוואָרן די גרעסטע פראַקציע אין דער פּיעטריקאָווער קהילה, איז זלמן טענענבערג געוויילט געוואָרן אַלס פאַרזיצער פון קהילה־ראַט, מיט וועלכן ער האָט אָנגע־פירט ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

ווען די דייטשע חיילות האָבן אָקופּירט פּיעטרקאָוו און האָבן באַשטימט אַ יודן־ראַט, איז ער געוואָרן באַשטימט אַלס פאַר־זיצער פון יודן־ראַט. בשעת זיין אָנפירערשאַפט פון יודן־ראַט זיינען אַנטשטאַנען קאָנפליקטן מיט די דייטשע אָקופּאַנטן. זלמן טענענבערג איז געווען פאַרבונדן מיט דער אונטערערדישער טעטיקייט פון „בונד". צוליב אַ דורכפאַל פון אַ קוריערין פון דער אונטערערדישער בונדישער אָרגאַניזאַציע זיינען אַרעס־טירט געוואָרן די וויכטיקסטע בונדישע טוער, צווישן וועלכע ס'איז אויך געווען זלמן טענענבערג. ער איז דורך דער געס־שטאַפּאָ פאַרשיקט געוואָרן אין שקלאַפן־ און מאָרד־לאַגער אין אָשווענטשים, וואו ער איז אומגעבראַכט געוואָרן אין עלטער פון 60 יאָר. אויך זיין פרוי און 2 קינדער זיינען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס.

# הערשל פריימאַן

## (הערשל בלאַכאַרזש)

## ד

הערשל בלאַכאַרזש — אונטער דעם נאָמען איז ער געווען באַקאַנט ביי דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין טשענסטאָכאָוו נאָך פון די יאָרן 5־1904. ער איז געווען אַ זון פון באַלעבאַטישע עלטערן און פון זיין קינדהייט אָן געאַרבעט (זיין פאָטער, וואָלף, האָט מען גערופן דער גרויסער וואָלף). פון פאַך איז ער געווען אַ בלעכער, גלייכצייטיק האָט ער פון פריסטער יוגנט אָן זיך באַטייליקט אין „בונד".

שטיל, באַשיידן האָט ער געפירט זיין קאָנספּיראַטיווע אַרבעט אויף זשאַרנס פעלד ביי דער מיל. ער איז געווען דער קאָמענדאַנט פון באָיעוואָי־אָטריאַד. אין דער באַוועגונג האָט ער זיך באַגעגנט מיט זיין שפּעטערדיקער פרוי רבקה, וועלכע האָט מיט אים געטיילט אַלע זיינע פריידן. זי איז געווען די טאָכ־טער פון משה און פייגע רובעל און אַ שוועסטער פון שמעון רובעל, אַ מאַלער־אַרבעטער, וואָס איז געווען טעטיק אין „בונד" אין דער רעוואָלוציע־צייט פון 1905.

הערשל מיט זיין ווייב רבקה האָבן דורכגעמאַכט דעם גאַנצן קעמפערישן וועג אין די צאַרישע צייטן. עטלעכע מאָל זיינען זיי געווען אַרעסטירט. אין 1905 איז הערשל געווען פאַרבונדן מיט דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט אין מיליטערישן גאַרניזאָן און געווען אַרעסטירט צוזאַמען מיט אברהם גאָלדשטיין, מענדל ברוין, מרדכי מערין און אַנדערע.

ווען דער טשענסטאָכאָווער באָיעוואָי־אָטריאַד, די זעלבסט־



הערשל פריימאַן

שוץ־גרופּע, האָט זיך געלערנט שיסן אויף אַ פעלד ביי טשענ־סטאָכאָוו, האָט אַ פאַרבלאָנדזשעטע קויל געטראָפן רבקהן און זי שווער פאַרוואונדעט. אין דער גרעסטער געהיימניש האָט

מען זי געמוזט אַוועקפירן אין אַ קאָנספּעראַטיווער דירה, וואו מ'האָט דורכגעפירט אַ שווערע אָפּעראַציע. ס'האָט גענומען עטלעכע חדשים ביז זי איז אַרויס פון לעבנס־געפאַר.

הערשל און רבקה האָבן דורכגעמאַכט לאַנגע יאָרן אַ גליקלעך צוזאַמענלעבן. זייער היים איז שפּעטער געווען דאָס גאַסטפריינדלעכסטע הויז פאַר די בונדישע ליאַמעס, אין וועלכע עס האָבן זיך אויך באַטייליקט וולאַדימיר מעדעם, בייניש מיכאַלעוויטש און אַנדערע פירער פון „בונד". הערשל פריימאַן איז לאַנגע יאָרן געווען אַ מיטגליד פון קאָמיטעט פון „בונד". מ'קאָן זאָגן איינער פון די באַנייער פון „בונד" אין אומאָפּהענגיקן פוילן. אין 1920, בעת די פוילישע רעגירונג האָט אין לאַנד דורכגעפירט מאַסן־אַרעסטן פון בונדיסטן, איז אויך הערשל פריימאַן געוואָרן אַרעסטירט און צוזאַמען מיט אַנדערע בונדישע טוער פאַרשיקט געוואָרן אין אַ לאַגער (אין דאָמביע).

הערשל פריימאַן (מ'האָט אים אויך גערופן דער שוואַרצער הערשל) האָט בעת דער היטלער־אָקופּאַציע אין דער צווייטער וועלט־מלחמה געמוזט פאַרלאָזן זיין דירה אויף אַלייע וואָלנאָשטשי 19, וואָס איז געווען באַפּוצט מיט קונסט־בילדער און אָנגעפילט מיט יידישע ביכער. ער האָט זיך געמוזט איבערציען אויפן אַלטן מאַרק 24. הערשל רוט נישט. אין געטאָ, וואו ער האָט נישט די מעגלעכקייט צו אַרבעטן פאַר זיך, נאָר מוז אַרבעטן פאַר די דייטשן, אָרגאַניזירט ער ביי זיך אין שטוב פון זיינע אייגענע פאַרדינסטן אַ קיך און גיט אַרויס אַן ערך 50 מיטאָגן, וואָס ווערן צעטיילט פאַר הונגעריקע אין גאַנצן אומזיסט. אין דער זעלבער צייט ווען אַ סך האַנדלען און טראַכטן נאָר פאַר זיך, אַרבעטן הערשל און זיין ווייב שווער און ביטער און טיילן יעדן ביסן מיט די אומגליקלעכע אָרעמע און הונגעריקע.

אין געטאָ איז ער געווען דער בונדישער פאָרשטייער אין ווידערשטאַנד־קאָמיטעט און זיין אויפגאַבע איז געווען צו צעהאַקן די פאַרצווימונג־דראָטן אַרום געטאָ. הערשל האָט זיך אויך פאַרנומען מיט פאַרשפּרייטן די אומלעגאַלע ליטעראַטור. דעם 4טן יאַנואַר 1943 ווען די צוויי יונגע העלדן איזשע פיינער און פישלעוויטש וואַרפן זיך מיט געווער אין די הענט אויף דייטשע זשאַנדאַרמען, ווערן אַלס נקמה־אַקט אַרויסגעפירט 25 יידן צום דערשיסן. צווישן די 25 קדושים האָט זיך אויך געפונען דער מענטש, דער ייד, דער בונדיסט מיטן גרויסן איידעלן האַרץ — הערשל פריימאַן. זיין פרוי רבקה איז אומגעקומען בעת דער אַלגעמיינער אַקציע.

# אהרן פרץ

## ה

אהרן פרץ איז געבוירן געוואָרן אין זאַמאָשטש, אין יאָר 1881. דער פאָטער זיינער איז געווען אַ קרוב פון שרייבער י. ל. פרץ. נאָכן ענדיקן דעם חדר האָט אהרן באַקומען אַ וועלטלעכע דערציאונג. ער האָט געענדיקט די גימנאַזיע אין שעדלעץ. אַלס יונגער בחור פלעגט ער זיך געפינען אין דער סביבה פון דער י. ל. פרץ משפחה. אַלס גימנאַזיסט נאָך איז אהרן פרץ גע־



אהרן פרץ

ווען טעטיק אין דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג. אין יאָר 1905 ווערט ער אַרעסטירט און איינגעזעצט אין דער בריסקער פעסטונג פאַר דעם אָנטייל אין די רעוואָלוציאָנערע אַרויסטרעטונגען פון „בונד". אין יאָר 1907 ווערט ער פאַרשיקט קיין סיביר. פון דאָרט אַנטלויפט ער קיין טיפליס און דערנאָך קיין קראָקאָו, וואו ער פאַרענדיקט די הויכשול און באַקומט דעם דיפּלאָם אַלס דענטיסט.

אין יאָר 1911 באַזעצט זיך אהרן פרץ מיט זיין פרוי, חנה, אויך אַן אַקטיווע טוערין פון „בונד", אין טשענסטאָכאָוו. זיין דענטיסטישער קאַבינעט האָט זיך דערוואָרבן אַ שם. פון דער נאַטור איז ער געווען אַ שטילער, באַשיידענער מענטש און מיט דער צייט איז ער געוואָרן איינער פון די באַליבטסטע מענטשן אין שטאָט.

אויסער דער פּריוואַטער פּראַקטיק, האָט ער זיך פאַרנומען זייער אַקטיוו מיט געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. אין די יאָרן 1911־1913 זעט מען אהרן פרצן אַלס רעזשיסער פון די אַמאַטאָרן־גרופּעס, וואָס פירן אויף די פּיעסן פון י. ל. פרץ, ה. ד. נאָמבערג, מאַרק אַרענשטיין, פ. בימקאָ און אַנדערע. זיין באַליבטע אַרבעט אַרום ליטעראַרישע אָוונטן האַלט ער אָן ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. באַזונדער אַקטיוו איז ער געווען אין דער „יידישער ליטעראַרישער געזעלשאַפט", שפּעטער אין דער „לירא". אויף אַלע וויכטיקע ליטעראַרישע אונטערנעמונגען אין שטאָט, ווי ביי דער דערעפענונג פון דער יידישער ביבליאָטעק, אויף וועלכער עס איז געווען אַנוועזנד י. ל. פרץ, ווערט ער געוויילט אַלס פאָרזיצער. ער איז אויך געווען יאָרנלאַנג פאָרזיצער פון דער ליטעראַרישער געזעלשאַפט „לירא". אין יאָר 1921 ווערט ער אויך פאָרזיצער פון ספּאָרט־און־טורן־פאַראיין. אין יאָר 1926 ווערט ער אַ פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון דער מעדעם־ביבליאָטעק. אין די צוואַנציקער יאָרן, ווען דער „בונד" האָט אויסגעוויילט צוויי ראַטמענער צום שטאָט־ראַט, איז אהרן פרץ געווען איינער פון זיי. אין יאָר 1936 ווערט אהרן פרץ געוויילט אַלס פרנס פון דער יידישער קהילה. ער געפינט אויך צייט פאַר דער אָנפירונג פון דער בונדישער ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע „מאָרגנשטערן". אין סוף 1937, ביי דער אימפּאָזאַנטער 40־יאָריקער יובל־פייערונג פון „בונד", אויף וועלכער עס זיינען אַנוועזנד געווען איבער 500 מענטשן, ווערט אהרן פרץ אויפגענומען אַלס וועטעראַן פון „בונד".

די וואוינונג פון דער פרץ־משפחה איז געווען דאָס גאַסטפריינדלעכע הויז פון אַלע בונדישע רעדנער, ליטעראַטן, אַר־

טיסטן, וואָס האָבן באַזוכט טשענסטאָכאָוו. זייער זון און טאָכטער זיינען געגאַנגען אין די דרכים פון טאַטע־מאַמע.

מיטן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה זיינען זיי פאַרוואָגלט געוואָרן קיין סאָוועט־רוסלאַנד און דורכגעמאַכט אַ שווער לעבן צוזאַמען מיט די טויזנטער פליטים. ווען פוילן איז באַפרייט געוואָרן פון די היטלערישע מערדער, האָט אהרן פּרץ און זיין פרוי, חנה, און זייער זון מיעטעק, צוריק אומגעקערט זיך קיין טשענסטאָכאָוו, די טאָכטער זייערע האָט חתונה געהאַט אין רוסלאַנד און דאָרט פאַרבליבן. אָבער דאָס יידישע לעבן האָט שוין געצאַנקט און אהרן פּרץ האָט שפּעטער זיך באַזעצט אין גלייוויץ. דאָרט האָט ער צוריק געעפנט זיין דענטיסטישן קאַבינעט און געאַרבעט ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן. ער האָט זיך באַטייליקט אין דער אַרבעט פון אָרטיקן קולטור און געזעלשאַפטלעכן לעבן, אָבער געלעבט האָט ער מיט דער בענקשאַפט צו זיין אַמאָליקער טעטיקייט פון „בונד". דאָס האָט ער אַרויסגעוויזן אין זיין קאָרעספּאָנדענץ מיט דעם שרייבער פון די שורות.

מיט אַ יאָר צוריק איז פּלוצעם פון אים אַוועקגעריסן געוואָרן, דורך אַ האַרץ־אַטאַקע, זיין פרוי, חנה.

דעם 1טן אַפּריל, 1957, האָט דער שטענדיק שווייגנדיקער, אָבער פיל פילנדיקער, שמייכלענדיקער אהרן פּרץ אויסגעהויכט זיין נשמה אין גלייוויץ — אין איינזאַמקייט און אין גלויבן פון אויפריכטיקע סאָציאַליסטישע אידעאַלן.

מיטן טויט פון אהרן פּרץ איז אַוועק איינער פון די פאַרבליבענע געציילטע מיטגלידער פון דער י. ל. פּרץ־משפחה, אַ לאַנגיאָריקער רעוואָלוציאָנער, אַ געטרייער בונדיסט, אַ יידיש־געזעלשאַפטלעכער קולטור־טוער. עס איז אַוועק איינער פון די לעצטע; פון די, וואָס האָבן געהאָלפן שאַפן די קולטור־אינסטיטוציעס אינעם געוועזענעם יידישן טשענסטאָכאָוו.

מיט דער גרעסטער אַכטונג און ליבשאַפט וועלן אים לאַנג געדענקען די לעבנגעבליבענע בונדיסטן און סתם יידן פון דער שטאָט טשענסטאָכאָוו.

כבוד זיין אָנדענק!

# יצחק סאַסאָנאָוויטש

## ו

יצחק סאַמסאָנאָוויטש איז געבוירן געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו. זיינע עלטערן זיינען נישט געווען קיין פאַרמעגלעכע. דער פאָטער זיינער איז יאָרן לאַנג געווען אַ לערער פון אַ פּריוואַטער שול פאַר יידישע קינדער, און זיך גערעכנט צווישן די אָנגעזעענסטע באַלעבאַטים אין שטאָט. יצחק סאַמסאָנאָוויטש האָט געהאַט גימנאַזיע בילדינג און אַ געוויסע צייט זיך פאַרנומען מיט געבן לעקציעס און צוגרייטן צוריקגעשטאַנענע קינדער צו זייערע עקזאַמענס. ער איז געווען אַן אינטעליגענטער בחור, זייער פיל געלייענט און געווען באַקאַנט מיט דער וועלטלעכער, און איבערהויפּט מיט דער פּוילישער און יידישער ליטעראַטור.

מיט דעם וואוקס פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע אין טשענסטאָכאָוו, און אונטער דער ווירקונג פון דעם שרייבער פון די שורות האָט יצחק סאַמסאָנאָוויטש זיך אָנגעשלאָסן אין „בונד", אין יאָר 1922. ער האָט אַרויסגעוויזן שרייבערישע פעאיקייטן, ווען דער בונד האָט אָנגעהויבן אַרויסגעבן די וועכנטלעכע צייטונג, „אַרבעטער־צייטונג" פון וועלכע דער ערשטער נומער איז דערשינען דעם 20־טן פעברואַר, 1923, איז ער געוואָרן איר שטענדיקער מיטאַרבעטער און אין יעדן נומער האָט ער געהאַט זיינס אַן אַרטיקל. אויף פאַרשיידענע אַלגעמיין־פּאָליטישע, געזעלשאַפטלעכע, און קולטור־טעמעס. ער האָט אויך געהאַלטן פאָרלעזונגען אויף פאַרשיידענע טעמעס און אַרויסגעטראָטן אויף די פּאַרטיי־מיטינגען. ער האָט אויך מיטגעאַרבעט אין דער צייטשריפט „דער פּראָלעטאַריער" און שפּעטער געוואָרן אַ לערער און שול־טוער אין די פּיעטריקאָווער וועלטלעכע שולן פון דער צענטראַלער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע. אין פּיעטריקאָוו (טריבונאַלסקי), וואו דער „בונד" איז געווען איינע פון די שטאַרקסטע אָרגאַניזאַציעס אין שטאָט, איז ער געווען טעטיק אויף אַלע פאַרצווייגטע געביטן מיט וועלכע דער „בונד" האָט אָנגעפירט. סאַמסאָנאָוויטש איז שפּעטער געוויילט געוואָרן אַלס ראַטמאַן פון „בונד", און אָנגעפירט מיט דער בונדישער פראַקציע, וואָס האָט געשפּילט אַ גאָר וויכטיקע ראָלע אין שטאָטראַט. ער איז אַפילו געווען דער מיטאַרבעטער פון דער פּ.פּ.ס.שער פראַקציע, וואָס האָט געהאַט אַ מערהייט אין שטאָטראַט און אָנגעפירט מיט דער פאַרוואַלטונג פון דער שטאָט. שפּעטער איז סאַמסאָנאָוויטש געוואָרן דער סעקרעטאַר



יצחק סאַסאָנאָוויטש

פון פּרעזידיום פון פּיעטריקאָווער מאַגיסטראַט. ער איז אויך געוואָרן אַ מיטאַרבעטער פון דער בונדישער „פאָלקס־צייטונג" אין וואַרשע און זייער אָפט געשריבן אַרטיקלען פון אַלגעמיינעם כאַראַקטער און קאָרעספּאָנדענציעס וועגן לעבן אין דער שטאָט פּיעטריקאָוו, און געשריבן פון פאַרשיידענע וויכטיקע פּראָצעסן, וואָס זיינען דאָרט פאָרגעקומען (פּיעטריקאָוו איז געווען אַ קרייז־געריכט). סאַמסאָנאָוויטש איז אויך געווען אַ מיטגליד פון צענטראַלן פּאַרטיי־ראַט פון „בונד" אין פּוילן.

אויף די זיצונגען פון פּאַרטיי־ראַט האָט סאַמסאָנאָוויטש אַנטיילגענומען אין די הייסע, ליידנשאַפטלעכע דיסקוסיעס אַרום אידעאָלאָגישע און פּאָליטישע פראַגן און פּראָבלעמען, וואָס האָבן געהערשט אין בונד און אים צעטיילט אין פראַקציעס און ריכטונגען. שטענדיק אָבער, איז ער געווען דער פאַרטיידיקער און אונטערשטיצער פון דער ריכטליניע, וואָס האָבן פאַרטראָטן די ח"ח הענריק ערליך און וויקטאָר אַלטער. די

זעלבע שטעלונג זיינע האָט ער אַרויסגעברענגט אין זיינע אַרטיקלען אין דער „אַרבעטער־צייטונג", פאָלקס־צייטונג" און „פיעטריקאָווער־איקר", פון וועלכער ער איז געווען רעדאַקטאָר.

אין יאָר 1928, האָט סאַמסאָנאָוויטש חתונה געהאַט מיט חיה מושקעס, וואָס איז געווען אַ לערערין אין די פיעטריקאָווער וועלטלעכע שולן. איר אַרבעט אין פיעטריקאָוו איז געווען גאָר דערפאָלגרייך, וואָס זי האָט אויסגעפירט מיט ענטוזיאַזם ממש.

בעתן אויסברוך פון נאַצי־וואַנדאַליזם, אין 1942, האָט חיה סאַמסאָנאָוויטש־מושקעס נישט איינגעשטימט אָפּצוגעבן איר 10 יאָריקן שיינעם, גוט דערצויגענעם אינטעליגענטן פולצויבערדיקן זון צו וואַרפן אין פייער, כדי צו געווינען איר לעבן. צוזאַמען מיט איר זון איז זי אומגעקומען. ווי אַ יונגער בוים איז זי פאַרברענט געוואָרן...

יצחק סאַמסאַנאָוויטש איז בעת דער היסטאָרישער הערשאַפט, צוזאַמען מיט אַנדערע בונדיסטן, געשטאַנען בראש פון יידישן געטאָ און גלייכצייטיק געווען אַקטיוו אין דער אונטערערדישער באַוועגונג. צוזאַמען מיט אַנדערע איז ער אַרעסטירט געוואָרן דורך דער „געסטאַפּאָ", אים איז אָבער געלינגען זיך צו ראַטעווען. דערנאָך איז ער אַ לאַנגע צייט געווען טעטיק אין וואַרשע, ווי אַ מיטגליד פון צ. ק. פון אונטערערדישן „בונד" אין פוילן. ער איז אויך געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט דער טשענסטאָכאָווער אונטערערדישער בונדישער אָרגאַניזאַציע און רעדאַגירט די אונטערערדישע אויסגאַבן פון „בונד".

נישט קוקענדיק אויף די שווערע איבערלעבענישן אין די טראַגישע היטלערישע אָקופּאַציע יאָרן, וואָס האָט אים פיזיש צעבראָכן, האָט סאַמסאָנאָוויטש נישט געטראַכט וועגן פאַרלאָזן פוילן כל־זמן עס האָט זיך נאָך באַוויזן אַ שיין פון יידיש לעבן. ער האָט זיך ווייטער אָפּגעגעבן מיט דער בונדישער טעטיקייט אויף אַלע געביטן; געווען אַ מיטגליד פון צ. ק .פון „בונד", געווען דער רעדאַקטאָר פון „גלאָס בונדו" אַזוי לאַנג ווי נאָר די „פאָלקס־צייטונג" און „גלאָס בונדו" האָבן געהאַט די פרייהייט צו דערשיינען.

נאָך דער גייסטיקער אַרויפגעצוואונגענער „פאַראייניקונג" פון בונד מיט דער יידישער פ.פ.ר. (קאָמוניסטן) האָט סאַמסאָנאָוויטש געמוזט זיך אונטערוואַרפן די באַשלוסן פון דער כלומרש פאַראייניקטער פאַרטיי, מיטגעאַרבעט אין דער „פאָלקס־שטימע" פון דער פ.פ.ר., און געשריבן וועגן אינטערנאַציאָנאַלע פּאָליטישע פראַגן.

צוליב זיין גיין אין שפאַן פון די קאָמוניסטן האָט דער „בונד" פאַרשוויגן זיין פריצייטיקן טויט. פאַר מיר אָבער, אַלס גוטער חבר פון אונדזער רייפסטער יוגנט אָן איז מיר שווער ניש צו זאָגן כאָטש עפּעס וואָס איך טראַכט וועגן אים. ס'איז כדאי צו ציטירן כאָטש אַ טייל פון ש. הורוויטשס אַרטיקל „אויפן פרישן קבר פון חבר סאַמסאָנאָוויטש, געדרוקט אין די יידישע שריפטן" נומער 12 (116) פון דעצעמבער 1956, וואָס דערשיינט אין פוילן; „ס'איז נישט קיין צופעליקייט, וואָס ער (סאַמסאָנאָוויטש), איז געשטאָרבן אין אַן אויסערגעוויינלעך שווערן און קאָמפּליצירטן פעריאָד, ווען פון יעדן פאַדערט זיך אַ גרויסע אינערלעכע אָנשטרענגונג, בכדי צו פרוואוון געבן אַ ריכטיקן ענטפער אויף פיינלעכע פראַגן און ספקות, ווען דאָס לעבן צווינגט ממש צו מאַכן יעדן טאָג אַ גענעראַלע אָפּרעכנונג אין אייגענעם געוויסן..."

מיט צוויי יאָר צוריק פאַר זיין טויט האָט מען אָנגעהויבן נישטערן אין סאַמסאָנאָוויטשעס פאַרגאַנגעהייט און ער האָט באַקומען אַ שאַק, מען האָט אים אָפּגעפירט אין אַ שפּיטאָל פאַר נערוון־קראַנקע און פון יענער צייט אָן האָט ער שוין נישט געקאָנט קומען צו זיך. וועגן דעם האָט די קאָמוניסטישע פרעסע נישט געמאָלדן אין זייער פרעסע. סאַמסאָנאָוויטש איז איינער פון די קרבנות פון קאָמוניזם אין פוילן.

יאָ, יצחק סאַמסאָנאָוויטש איז פריצייטיק אַוועק פון דער וועלט אַן אויסגעמאַטערטער, קראַנקער „מיט ספקות צו געבן אַ ריכטיקן ענטפער אויף די פיינטלעכע פראַגן", וואָס האָבן באַהערשט אים און אַלע אַנדערע בונדיסטן, וואָס זיינען געבליבן אין פוילן אין דער פרעמדער סביבה. אַלע טשענסטאָכאָווער בונדיסטן, און אויך נישט טשענסטאָכאָווער, געדענקען גוט סאַמסאָנאָוויטשן דעם אינטעליגענטן בונדישן טוער, שרייבער, וועלכער האָט זיך נישט געשטופּט צו זיין אַ פירער און וועג־ווייזער. ער איז געווען אַ גוטער סאָציאַליסט און וועלטלעכער ייד. און אַלס אַזעלכן וועלן מיר אים געדענקען.

כבוד זיין אָנדענק!

אויגוסט 1957.

# שמואל פראַנק און זיין משפחה

## ז

אין מיין בוך „ביי די טייכן וואַרטע און איסט ריווער", דערצייל איך, אַז מיט יוספן, דעם העלד פון בוך, האָבן זיך געחברט אַלע קינדער פון ראַספשער חסידים־שטיבלעך צוליב זיין שיינעם טאַנצן אַ „קאָזאַק" יעדן שמחת תורה. איינער פון די חברים איז געווען שמואל, וואָס האָט געקלעפּט צו יוספן, הגם ער איז געווען מער „למדן" פון יוספן.

דער דערמאָנטער שמואל איז מער נישטאָ צווישן די לעבעדיקע. זיין פולער נאָמען איז געווען שמואל פראַנק. און ווער פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט האָט נישט געקענט שמואל פראַנקן ?

אין דער פאַרבנרייכער גאַלעריי פון די טשענסטאָכאָווער יידן, זיינען געווען אַ היפּשע צאָל רביאים, חזנים, מלמדים, פילאַנטראָפּן און געזעלשאַפטלעכע טוער פון פאַרשיידינע פּאָליטישע פאַרטייען, וועגן וועלכע מען האָט שוין געשריבן און מען וועט נאָך, מסתמא, שרייבן. און זיי האָבן עס כשר פאַרדינט, אַז מען זאָל זיי אַזוי שנעל נישט פאַרגעסן.

איינער פון די דאָזיקע אייגנאַרטיקע און פּאָפּולערע מענטשן אין דעם אַמאָליקן טשענסטאָכאָוו, איז געווען שמואל פראַנק.

קינד און קייט אין שטאָט האָבן אים געקענט. און וואָס איז דער וואונדער? ער איז געווען אַן אַקטיאָר, אַן אַרבעטער־פירער, אַ געזעלשאַפטלעכער טוער און אַ רעדאַקטאָר פון דער יידישער צייטונג אין טשענסטאָכאָוו.

יאָרנלאַנג איז מיר אויסגעקומען צוזאַמען צו אַרבעטן מיט שמואל פראַנקן, און איך האַלט, דעריבער, פאַר מיין הייליקן חוב צו דערציילן בפרטיות וועגן אים און זיין משפחה.

שמואלס פאָטער, איטשע מאיר, האָט געשטאַמט פון טרוס־

קאַלאַסק, דריי מייל פון טשענסטאָכאָוו. ער איז געווען דער זון פון משה שוחט פון טרוסקאָלאַסק און די מאַמע שמואלס, האָט געהייסן אַלטע חיה און האָט געשטאַמט פון טשענסטאָכאָוו. זי איז געווען די טאָכטער פון דעם באַוואוסטן מלמד יצחק אייזיק בערקאָוויטש. מען האָט אים גערופן „אייזיק מירזע". אין יענער צייט, ווען נאָר אַ באַלעבאַטישער ייד פלעגט דאַווענען אין דער שטאָטישער שול פאַרן עמוד און געוויזן אַז ער קען פירוש המילות, פלעגט מען זאָגן: „ער האָט אַוודאי געלערנט ביי אייזיק מירזע"!

די משפחה פראַנק האָט געוואוינט אין אַ ירושה־הויז אויף דער גאַרצאַסקער (טעפּער) גאַס 59. דאָס הויז האָט פאַרמאָגט פיר שטובן. שפּעטער האָט איטשע מאיר געלאָזט צובויען אַ גרעסער הויז וואָס האָט פאַרמאָגט 20 שטובן. אין שכנות פון דעם הויז האָט זיך געפונען דאָס הויז וואָס האָט געהערט צו דעם לאַמען טשענסטאָכאָווסקי. נאָכן ליקווידירן די קליינע געטאָ, און נאָך דעם ווי כמעט אַלע הייזער פון דער גאַרצאַסקע (טעפּער) גאַס אויפגעריסן געוואָרן דורכ די דייטשישע היטלעריסטן, — זיינען די אויבנדערמאָנטע צוויי הייזער, על פי נס, געבליבן גאַנץ.

איטשע מאיר פראַנק איז געווען אַ סוחר פון רויע לעדער, רויכוואַרג און פעלעכלעך. פון דעם ראַספּזשער חסידים־שטיבל, וואָס איז געווען איינגעאָרדנט אין איטשע מאיר פראַנקס הויז און אין וועלכן איך פלעג יינגלוויז דאַווענען מיט מיין פאָטער, ע"ה, — זיינען מיר באַזונדערס געבליבן אין זכרון די יום־טובדיקע בעלי־תפילות. צום שטאַרקסטן אָבער איז מיר פאַרבליבן אין זכרון ר' איטשע מאירס שיינע דאַווענען. ר' איטשע מאיר איז געווען אַ הויכער, און שטענדיק מיט אַ ליולקע אין מויל. די חסידים פלעגן אַרויפקוקן צו איטשע מאירן מיט גרויס דרך ארץ! איטשע מאיר האָט געהאַט אַ טבע אָפּט אויפצוהייבן דעם שטערן, און מיט אַ כלומרשט שטרענגן בליק באַגעגענען אונדז קליינוואַרג. ביי אונדז, יינגלעך, האָט דער דאָזיקער קוק זיינער אַרויסגערופן אַ הויך געלעכטער. מיר פלעגן זיך אָבער גלייך אָפּרוקן פון אים און מאַכן פאַר אים פריי דעם וועג דורכצוגיין. אויף אַ טייל קינדער האָט דער קוק און דער גאַנג זיינער, אַרויסגערופן אַ פּחד. איך האָב פאַר איטשע מאירן שטאַרק מורא געהאַט צוליב פאָלגענדן פאַל:

איך געדענק, ווען דער עלטסטער זון זיינער, יאָסל, וואָס איז שוין דאַמאָלט געווען אַ דערוואַקסענער בחור מיט געקרייזלטע פּאות, האָט דעם טאַטן זיינעם עפּעס ניט געהאַרכט, האָט ער באַקומען פון אים אַ פּאַטש, אַז אַ צאָן איז יאָסלען אַרויסגעפאַלן. יאָ, איטשע מאיר איז זייער שטרענג געווען צו זיינע קינדער אויף וועמען ער האָט ממש אַנגעוואָרפן אַ פּחד מיט איין בלויזן קוק אויף זיי!

פון מיינע קינדער־יאָרן זיינען מיר שטאַרק געבליבן אין זכרון איטשע מאירס צוויי זין, יאָסל און שמואל. יאָסל איז געווען אַ לערנער, אַ ישיבה־בחור. ער איז געווען אַ סך עלטער פון מיר, און איך בין דערפאַר געווען פון אים פונדערווייטנס. היינט זע איך אים אין דער געשטאַלט פון דעם ישיבה־בחור חנן, אין ש. אַנסקיס „דיבוק". יאָסל איז אַוועק פון דער וועלט אין עלטער פון 32 יאָר. ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1919. און פאַר דער משפחה פראַנק איז זיין פריצייטיקער טויט געווען אַ גרויסע טראַגעדיע. אין דער סביבה פון די ראַספּזשער חסידים, האָט מען שטאַרק באַדויערט דעם טויט פון יאָסל פראַנק דעם עלוי.

יאָסל האָט איבערגעלאָזן אַ יורש, ישראל משהלע, וואָס האָט שוין אַלס קינד אַרויסגעוויזן דעם פאָטערס עלוישקייט.

יאָסל האָט געהאַט דריי קינדער. דער עלטסטער זון, ישראל משהלע, געבוירן אין יאָר 1908, איז געווען קליין געוואַקסן און אַ שוואַכער אין געזונט. ער האָט געשמט פאַר אַ יינגל מיט אַ געוואַלדיקן זכרון. ווען ער איז אַלט געווען 6 יאָר, האָט מען אין טשענסטאָכאָוו שוין געוואוסט פון אים, אַז ער קען גענוי אויסרעכענען די טעג פון יידישן לוח לויט דער דאַטע פון ניט־יידישן קאַלענדאַר, אַפילו ווען מ'האָט אים אָנגעגעבן אַ דאַטע פון יאָרן צוריק... ער האָט שנעל געקענט, אַ שטייגער, ענטפערן גלייך אויף דער פראַגע: „ווען איז געווען 10 טאָג אין ניסן, מיט 54 יאָר צוריק?". ער האָט פּינקטלעך געענטפערט אַפילו וועלכער טאָג אין דער וואָך דאָס איז געווען. מ'האָט געשמועסט, אַז ער פאַרשטייט איינשטיינס רעלאַטיוויטעט טעאָריע, און ער האָט געוואוסט ווען עס פאַלט אויס ליקוי חמה, ליקוי לבנה, און כסדר גערעדט וועגן די פּלאַנעטן. דער פילאַנטראָפּ, הענריק מאַרקוספעלד, האָט זיך מיט אים פאַראינטערעסירט, ווען ער האָט נאָך געלערנט אין דער שטאָטישער תלמוד־תורה. מאַרקוספעלד האָט אים געוואָלט אַוועקשיקן אין אַ ראַבינער־שול אין דייטשלאַנד, ער זאָל אויסוואַקסן אַ ראַבינער־פילאָסאָף. דער פעטער משה, האָט אים דאַן אַוועקגעפירט צום פּילצער רבין, אויף דער וואַרשעווער גאַס, ער זאָל אים בענטשן, אַז די גוישע יידן זאָלן ניט האָבן קיין שליטה איבער אים.

ישראל משהלע איז אַלט געווען 10 יאָר, ווען דער טאַטע זיינער, יאָסל, איז געשטאָרבן. ישראל משה איז ביז צו דער חתונה שטענדיק געווען באַשעפטיקט אין לערנען און לייענען יעדעס בוך וואָס איז אים געקומען צו דער האַנט. ער האָט געוואונען זייער אָפט פרייזן פאַר זיינע געלונגענע ענטפערס אויף פאַרשיידענע רעטענישן אָדער ביים שפּילן שאַך. ער איז געווען איינער פון די בעסטע שאַך־שפּילער אין גאַנץ פּוילן.

ישראל משה האָט חתונה געהאַט אָרעם, געהאַט אַ שפּייזגעוועלבל אויף מאָסטאָווע גאַס. געווען אַ טאַטע פון 3 קינדער — מיידלעך. ער איז אומגעקומען אין דער אַקציע פון די דייטשישע מערדערס. ער, און די גאַנצע משפחה.

* * *

איטשע מאירס ווייב, אַלטע חיה, איז געווען אַ שטילע, אַ רואיקע, אַ נידעריק־געוואַקסענע, לויטן וואוקס ענלעך צו מיין מאַמע, גיטל. זיי האָבן זיך טאַקע געחברט, געזעסן צוזאַמען אין דער ווייבער־אָפּטיילונג פון חסידים־שטיבל, דערנאָך אין דער זאַלטער שול האָבן זיי תמיד געהאַט אַרום זיך אַ גרופּע ווייבער, וועלכע האָבן נאָכגעזאָגט זייער דאַווענען אין די שבתים און יום־טובים. די שטילע און באַשיידענע אַלטע חיה האָט געבוירן 9 קינדער — 7 זין און 2 טעכטער. שמואל, דער צווייטער נאָך יאָסלען, איז געבוירן געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו, אין יאָר 1891.

איטשע מאיר פראַנק איז געשטאָרבן אין יאָר 1931. אין עלטער פון 63 יאָר. אַלטע חיה — אין עלטער פון 76 יאָר, אין דער קליינער געטאָ, וואו זי איז געווען אויסבאַהאַלטן אַ געוויסע צייט. אַלטע חיה איז געקומען צו קבר ישראל אויף דער קאַווע גאַס, וואו עס געפינט זיך דער ברודער־קבר פון 4 טויזנט דערמאָרדעטע יידן־קדושים.

די אַנדערע קינדער איטשע מאירס ווי: חיים הערש, איז געשטאָרבן ווען ער איז אַלט געווען איין יאָר.

לייב, איז געווען שטאַרק ווי אַ לייב און איז געשטאָרבן אין עלטער פון 12 יאָר. ביים צונויפנעמען דאָס האָלץ ביים איינ־

לייגן דאָס אַלטע הויז, צו פּאַרטיילן צווישן די אָרעמע, האָט ער זיך צעשטאָכן מיט אַ פאַראָסטעטן נאָגל און פון דעם איז ער געשטאָרבן דעם 2טן טאָג שבועות, אין יאָר 1905.

אברהם, איז געפאָרן קיין בערלין אין יאָר 1916. געראָטן אין טאַטן, געווען אַ למדן ווי דער טאַטע. געווען אין בערלין ביז 1943. ווייטער — וואָס מיט אים איז געשען, — איז ניט באַוואוסט.

נאָך פינף ייִנגלעך איז געבוירן געוואָרן ביי איטשע מאירן די טאָכטער פייגל, וועלכע איז געגאַנגען אין די דרכים פון שמואלן, איז אַוועק קיין קאַנאַדע אין 1922. אַ צווייטע טאָכטער, אסתר, איז געווען אַ שטילע, אַ שעמעוודיקע, אַ באַשיידענע. זי האָט חתונה געהאַט פאַר יחיאל גערשענאָוויטש. זי איז אומגעקומען אין טשענסטאָכאָוו מיט דער משפחה, מאַן און 2 קינדער, דעם 26טן יוני, 1943.

בעריש, האָט ווינציק געלערנט אין חדר. ער איז אַוועק אין אַ האַנדווערקער שולע אַלס אַ טישלער־אַרבעטער. ער האָט חתונה געהאַט מיט נאַכעלע קאַמעלגאַרן. זיי האָבן געבוירן אַ ייִנגעלע און אים אַ נאָמען געגעבען איטשע מאיר. זיי זיינען אומגעקומעןביים ליקווידירן דער קליינער געטאָ אין יאָר 1943.

דעם 20טן יאַנואַר, 1945, האָבן זיך געטראָפן די ברידער, משה און בעריש, אין בוכענוואַלד. זיי זיינען באַפרייט געוואָרן אין בוכענוואַלד, דעם 11טן אַפּריל, 1945.

בעריש, אָבער, איז, נאָך אַ שווערער קראַנקהייט אויף טיפוס, געשטאָרבן 2 חדשים נאָך דער באַפרייאונג, דעם 11טן יוני, 1945.

משה, דער ייִנגסטער פון דער פאַמיליע, נאָכן זיידן, דעם טריסקאָלאַסקער שוחט, האָט מיטגעהאָלפן דעם טאַטן אין דער פּרנסה. ער איז ביז 20 יאָר געווען זייער רעליגיעז. שפּעטער גענומען לייענען ביכער.

זיין ערשטע פרוי, רבקה, פון דער היים בעסטערמאַן, איז אומגעקומען אין טרעבלינקע.

פון די 9 קינדער אין דער משפחה פראַנק, לעבן ביים היינטיקן טאָג — די טאָכטער פייגל, וואָס איז געקומען קיין טאָראָנטאָ, קאַנאַדע, אין יאָר 1922, און דער ייִנגסטער זון, משה, וואָס האָט דורכגעמאַכט און איבערגעלעבט אַלע צרות פון דער דייטשישער הערשאַפט בשעת דער צווייטער וועלט־מלחמה אין טשענסטאָכאָוו, אין דעם לאַגער האַסאַג־ראַקאָוו, און איז שפּעטער באַפרייט געוואָרן פון קאָנצענטראַציע־לאַגער בוכענוואַלד. ער איז פון דאָרטן צוריקגעקומען קיין טשענסטאָכאָוו סוף 1945 און אין יאָר 1948 איז ער געקומען, אַדאַנק זיין שוועסטער אײדל, קיין טאָראָנטאָ צוזאַמען מיט זיין פרוי, פייגל, — איר מיידלשער נאָמען איז געווען לאַנדוי, פון טשענסטאָכאָוו. משה איז אַן אַרבעטער, איז טעטיק אין דעם טשענסטאָכאָווער רעליף, הילפס פאַראיין אין טאָראָנטאָ און אומגעגנט.

איצט וועלן מיר זיך צוריק אומקערן צו דעם דורכגעמאַכטן לעבן פון דעם קאָלירפולסטן מענטשן פון דער משפחה פראַנק, — צו מיין חבר שמואל.

ווען איך לייען היינט „מענטשן אויף מיין וועג", די וואונדערלעך געמאָלענע געשטאַלטן פון י. באַשעוויס, דערמאָן איך זיך אָן מיין חבר שמואלס מאַמע, אַלטע חיה, וואָס האָט אים זיכער פאַרוויגט פונקט ווי די מאַמע יצחקן:

שמואל וועט זיין אַ רבילע.
שמואל וועט זיין אַ רבילע.
שמואל וועט זיין אַ רבילע.

ווי האָט אָבער אויסגעזען זיין לעבנסוועג?

ווען איך האָב זיך געשיידט מיט דעם ראָספּזשער חסידים־שטיבל און אָנגעהויבן זוכן אַ פענצטער צו דער גוישער וועלט, צו וועלטלעכער בילדונג, איז מיין חברשאַפט מיט שמואלן איבערגעריסן געוואָרן אויף עטלעכע יאָר. שמואל האָט מיך דעמאָלט באַטראַכט ווי אַ פּאַצעט. ערשט שפּעטער האָבן מיר זיך ווידער באַגעגנט — אין דער צייט פון דער אַזויגערופענער רענעסאַנס־עפּאָכע פון דער ייִדישער ליטעראַטור. שמואל האָט דעמאָלט געטראָגן קורצע קליידער און געטראָגן ברילן.

שמואל איז געווען אַ דאַרער, פון ניט הויכן וואוקס, און איין אויג האָט ביי אים געשיקלט. אין דער צייט וואָס מיר איז אויסגעקומען צו זיין דערווייטערט פון שמואלן, האָט ער געאַרבעט אין אַ פאַבריק פון שפּילצייג. ער איז געוואָרן אַ פּראָלעטאַריער. אין יענע יאָרן האָט ער זיך זייער שנעל אָנגעשטעקט מיט די דאַן־פאַרשפּרייטע פּראָלעטאַרישע אידעען. ער איז געוואָרן אַ שטענדיקער מיטגייער אויף דער אַרבעטער־בירזשע פון דער עס־עסישער אָרגאַניזאַציע. ערשט ווען עס איז אַנטשטאַנען די „ליטעראַרישע געזעלשאַפט", די „לירא", איז מיין חברשאַפט מיט שמואלן באַנייט געוואָרן. עס האָט זיך אַנטפּלעקט ביי אים די פעאיקייט צו דעקלאַמירן, פאָרלייענען מאָנאָלאָגן און זינגען ייִדישע לידער. ביסלעכווייז האָט ער אָנגעהויבן אויפצוטרעטן אויף די אָפּט־איינגעאָרדנטע עפנטלעכע ליטעראַרישע אונטערנעמונגען. ער האָט שטאַרק אויסגענומען ביים ברייטן עולם, דעקלאַמירנדיק אָדער מאָנאָלאָגירנדיק אברהם וועוויאָרקעס „די עבירה", „חייקל שיכור" און אַנדערע. גאָר איבערראַשנדיק זיינען געווען די אָרגאַניזאַטאָרן פון די ליטעראַרישע אָוונטן, — ווען שמואל איז איינמאָל געקומען מיט דעם פאַרלאַנג, אַז ער וויל לייענען „דער משוגענער בטלן" פון י. ל. פּרץ. מען האָט געמאַכט מיט אים אַ רעפּעטיציע, און אַלע זיינען געווען געפּלעפּט פון זיין גוטן לייענען און באַנעמען פּרצעס באַרימטער דערציילונג.

זיין אַרויסטריט אַלס „משוגענער בטלן", אין גרים, אויף אַן עפנטלעכער ליטעראַרישער אונטערנעמונג, האָט געמאַכט אַ רושם אויף די הונדערטער צוהערער. וואָכן לאַנג האָט מען אין שטאָט גערעדט וועגן שמואלס טאַלאַנט אַלס פאָרלייענער. ער האָט די ראָלע פון „משוגענעם בטלן" דורכגעפירט קינסטלעריש. זיין גאַנצע פיגור, זיין מימיק, זיין דיקציע איז געווען ווי צוגעפּאַסט פאַר אים און ער האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַן אמתן „משוגענעם בטלן". דאָס לייענען דעם „משוגענעם בטלן" האָט אים געמאַכט פאַרן אַקטיאָר פון טשענסטאָכאָוו! און פון דאַן אָן איז ניט געווען קיין איין־איינציקע אונטערנעמונג, אין וועלכער שמואל זאָל זיך ניט באַטייליקן. ער איז געוואָרן דער „שטערן" אין אַלע אַמאַטאָרישע טעאַטער־געזעלשאַפטן, וואָס האָבן זיך געגרינדעט אין טשענסטאָכאָוו. ער האָט צוגעצויגן נאָך אַנדערע יוגנטלעכע אין די ליטעראַרישע אָוונטן און זיי געלערנט דעקלאַמירן און שפּילן טעאַטער. פאַרשטייט זיך, אַז שמואלן האָט מען געגעבן די שווערסטע ראָלען צו שפּילן. אַפילו פּראָפעסיאָנעלע טרופּעס, וואָס פלעגן זייער אָפט שפּילן ייִדיש טעאַטער אין טשענסטאָכאָוו, האָבן געוואוסט פון שמואלן. און ווען ס'האָט זיך געמאַכט אַ צופאַל, און מען האָט געדאַרפט פאַרטרעטן איינעם פון זייערע אַקטיאָרן, האָבן זיי אין שמואלן געהאַט דעם בעסטן פאַרטרעטער און שמואל האָט טאַקע מיט דערפאָלג געשפּילט זיין ראָל.

צוויי יאָר פאַרן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז שמואל גערופן געוואָרן צום פּריזיוו און נישט קוקנדיק אויף זיין מיזערנעם אויסזען, האָט מען אים צוגענומען אין מיליטער און געשיקט קיין העלסינקי, פינלאַנד. דאָס אָפּפאָרן צום מיליטער־דינסט איז פאַר אים געווען אַ שווערע איבערלעבונג. עס איז אים אויסגעקומען צו שיידן זיך מיט זיין משפחה, חברים און אויך מיט זיין געליבטע, רבקה. ער האָט געהאַט זיין ווירקונג אויף איר, און זי געלערנט דעקלאַמירן, און אַפילו צוזאַמען מיט אים אויפגעטראָטן אין איינאַקטערס, וואָס זיינען דאַן אויפגעפירט געוואָרן דורך די פאַרשיידענע אַמאַטאָרן־גרופּעס אין שטאָט. ביים געזעגענען זיך גייענדיק צום מיליטער־דינסט, איז אים אַמשווערסטן געווען זיך צו שיידן מיט דער געליבטער זיינער, און ער האָט צו זיינעם אַ חבר געזאָגט:

— „איך לאָז דיך איבער ר... היט זי אָפּ ווי אַן אויג אין קאָפּ”.

נאָך אַ יאָר אָפּדינען אין מיליטער, איז שמואל דאָרט קראַנק געוואָרן און דורכגעמאַכט אַן אָפּעראַציע אויף דער בלינדער קישקע, און דערפאַר קען מען אים שיקן אַ היים פון פּאָלק אויף אורלויב. ס׳איז אָבער אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה און שמואל איז שוין פון דאַן אָן פאַרבליבן אין טשענסטאָכאָוו. קיין גרויס נחת פון זיין צוריקקומען פון מיליטער־דינסט האָט ער נישט געהאַט, ווייל זיין געליבטע האָט אים שטאַרק אַנטוישט מיט איר „טריישאַפט”, זי האָט אים פאַרגעסן. זי איז איצט געווען פאַרליבט אין זיין בעסטן חבר מ... וועלכער האָט זי געזאָלט אָפּהיטן ווי אַן אויג אין קאָפּ... שמואל האָט דאָס שטאַרק געטראָפן. ער האָט געליטן אַ לאַנגע צייט. אָבער דאָס לעבן איז שטאַרקער פון פאַרשיידענע צופאַלן, און שמואל האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט וואָס איז דאַן געוואָרן רייכער פון טאָג־צו־טאָג, בשעת דער דייטשישער אָקופּאַציע פון ערשטן וועלט־קריג. ער איז געוואָרן טעטיק אין בילדונגס־פאַראיין פאַר יידישע אַרבעטער, אין די קאָאָפּעראַטיוון, אַרבעטער־שולן, פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, וואָס זיינען דאַן אָנגעפירט געוואָרן דורך דער אָרגאַניזאַציע פון דער עס. עס. (סאָציאַליסטן־טעריטאָריאַליסטן).

פאַר דער צייט וואָס טשענסטאָכאָוו איז געווען אָקופּירט פון די דייטשן און שפּעטער אין אומאָפּהענגיקן פּוילן, איז די עס. עס׳ישע אָרגאַניזאַציע געווען די שטאַרקסטע אין שטאָט. שמואלן איז געגעבן געוואָרן די מעגלעכקייט אַרויסצוטרעטן אויף פאַרזאַמלונגען, מיטינגען, טעאַטער־פאָרשטעלונגען, קאָנצערטן א. אַז. וו. ער איז געוואָרן איינער פון די אָנפירער אין די קערפּערשאַפטן, ער איז געוואָרן דער פאָלקסטריבון, אַקטיאָר און פאָלקס־זינגער; ער האָט געקאָנט אַלעמען מאַכן וויינען און לאַכן. ער האָט אָרגאַניזירט אַמאַטאָרן־גרופּעס און געשפּילט טעאַטער אין טשענסטאָכאָוו און אין די שכנישע שטעט און שטעטלעך אַלס דער הויפּט־ראָליסט. אויף די פּאַרטיי־מיטינגען, און אויך אויף די פאָלקס־פאַרזאַמלונגען, איז ער געווען דער פּאָפּולערסטער רעדנער. אויף שמחות און באַנקעטן איז ער געווען דער הומאָריסט און זינגער פון פאָלקס־לידער.

אין יאָר 1922, ווען די עס. עס.־פאַראייניקטע האָבן זיך פאַראייניקט מיט דער „אומאָפּהענגיקער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי” (דראָבנערס גרופּע), האָט ער געוואָלט אַריבערגיין צום „בונד”. אָבער, אונטער דער ווירקונג פון דר. יוסף קרוק, איז ער געבליבן ביי די „אומאָפּהענגיקע”. אָבער אויך דאָרט האָט ער זיך ניט געקענט געפינען קיין אָרט. אַ געוויסע צייט איז ער געווען מיטן „בונד”, און שפּעטער אַוועק צו די פּועלי־ציון. אָבער טעטיק ווי אַמאָל, איז ער שוין ניט געווען. ער איז געוואָרן אַ מיטאַרבעטער פון דער „טשענסטאָכאָווער צייטונג”, שרייבנדיק אַליין געזעלשאַפטלעכע אַרטיקלען און פעליעטאָנען אין כמעט אַלע צייטונגען, וואָס זיינען דערשינען אין טשענסטאָכאָוו — סיי פּאָליטישע, סיי בירגערלעכע. די לעצטע יאָרן פאַרן חורבן איז ער געווען דער רעדאַקטאָר פון דער „טשענסטאָכאָווער צייטונג”, און כמעט אַליין אויסגעפילט די גאַנצע צייטונג. זיינע פעליעטאָנען האָט ער געשריבן אונטער דעם נאָמען — „וואָס געהערט?”, „וואָס געזען?” — אונטערן נאָמען: לויתן.

שמואל פראַנק איז געווען פאַרהייראַט צו לעלאַן דיסקין, אַן אייניקל פון לאָמזשער רב; צו יוזעף נאָווינסקיס אַ שוועסטערס אַ טאָכטער (נישט צו נאָווינסקיס שוועסטער, ווי ס׳האָט איבערגעגעבן אין „פאָרווערטס” פון 11טן פעברואַר, 1958, קאָלעגע מ. צעדער, אין זיין אַרטיקל וועגן דעם פּוילישן וויסנשאַפטסמאַן, יעזשי נאָווינסקי).

ביי זיי איז געבוירן געוואָרן אַ טאָכטער, האַנקאַ (היינט אַ מיטאַרבעטערין אין אַ פּוילישער צייטונג אין וואַרשע). זי איז פאַרבליבן נאָענט מיט איר לעבנגעבליבענער משפחה, וואָס געפינט זיך איצט אין קאַנאַדע.

קיין צו גליקלעך צוזאַמענלעבן מיט זיין פרוי, האָט שמואל ניט געהאַט, און זיי האָבן זיך געגט. שפּעטער האָט ער חתונה געהאַט מיט סאַבינאַ שטערלינג, פון לאָדזש, אַן אייניקל פון די קאָנאָצפּאָלסקיס פון אַמסטאָוו.

בשעת היטלערס אַריינמאַרש קיין פּוילן האָט שמואל מיט זיין פרוי, סאָניאַ, זיך געראַטעוועט און פאַרלאָזט טשענסטאָכאָוו און דאַן אַוועק אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. דאָרט האָט ער פון אָנפאַנג מיטגעשפּילט מיט כאַשס טרופּע און שפּעטער מיטגעמאַכט אַלע צרות און וואַנדערונגען פון די יידישע פּליטים. אין יאָר 1946 איז ער צוריקגעקומען קיין טשענסטאָכאָוו, אָבער מיט אַ שווערער קראַנקהייט — טובערקולאָז אין די פּיס־ביינער.

מיט אַלע זיינע כוחות דינט ער דעם רעשט־פאַרבליבענעם יידישן ישוב אין טשענסטאָכאָוו. מען זעט אים אַרויסטרעטן אויף די יובל־פייערונגען פון „בונד” און אין אַנדערע קולטורעלע אונטערנעמונגען, שוין ביי דער נייער קאָמוניסטישער הערשאַפט אין פּוילן. אָבער ער וויל פון דאָרט אַוועק ווי אַמשנעלסטן. ער שרייבט: „העלפט מיר. איך וויל נישט שטאַרבן אויף די חורבות פון מיין טשענסטאָכאָוו. איך האָב ליגן מאַנוסקריפּטן, און וויל אַרויסגעבן 2 ביכער — איין בוך וועגן דער אַנטשטייאונג פון דער יידישער קהילה אין טשענסטאָכאָוו און אַלע אירע טעטיקייטן; דאָס צווייטע בוך: וועגן מיינע איבערלעבונגען אין משך פון די 6 יאָר, וואָס איך בין געווען אין רוסלאַנד. כ׳האָב אוצרות מיט מאַטעריאַלן...”

אַ גרויסער שאָד וואָס דאָס איז ליידער נישט צושטאַנדגעקומען. דער איצטיקער איינגעשרומפּטער יידישער ישוב אין טשענסטאָכאָוו, און די פריינד אין אַמעריקע, האָבן אים געהאָלפן מיט וואָס זיי זיינען געווען אימשטאַנד. מאַטעריעל האָט אים גאָרנישט געפעלט אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן, אויך קיין מעדיצינישע הילף האָט אים נישט געפעלט. אָבער זיין חלום צו פאַרלאָזן טשענסטאָכאָוו איז נישט געווען פון די לייכטע זאַכן צו דערפילן. ער איז פון טשענסטאָכאָוו נישט אַוועק!

שמואל איז צוריקגעקומען פון סאָוועטן־פאַרבאַנד אַ קראַנ־

קער און צעבראָכענער מענטש. ער איז צו זיך שוין נישט גע־קומען. דעם 27טן דעצעמבער, 1947, איז ער געשטאָרבן אין יסוריםביים פולן באַוואוסטזיין מיט אַ פאַרגלאָצטן קוק אויף דער וועלט, וואָס האָט געמאָנט ביי די אָרומיקע, ביי די, וואָס זיינען געווען ביי זיין טויטן בעט: „לאָזט מיך נישט שטאַרבן", „כ'וויל נאָך לעבן און האָב נאָך וואָס צו זאָגן דער וועלט!".

ער האָט שוין מער נישט געקענט לעבן אין זיין ליבער היימשטאָט, אָבער באַשערט איז אים כאָטש צו ליגן אויף דעם טשענסטאָכאָווער בית־עולם... אין דער לוויה האָבן זיך באַ־טייליקט אַלע לעבנגעבליבענע יידן אין טשענסטאָכאָו. די לעבנ־געבליבענע טשענסטאָכאָווער יידן, צעזייט איבער גאָר דער וועלט, וועלן אים לאַנג, לאַנג געדענקען.



שמואל פראַנק



שמואל פראַנקס שוועסטער פייגל; ברודער אברהם און זיין פרוי אין בערלין



עס זיצן: איטשע מאיר און אַלטע חיה.
עס שטייען: משה, אסתר און בעריש



שמואל פראַנקס טאָכטער כאַנקע מיט איר מאַן שלמה וויינטרויב. איצט אין וואַרשע, פוילן



דאָס וואונדער־יינגל ישראל משה פראַנק



שמואל פראַנקס ברודער משה מיט זיין פרוי פייגל פון די לאַנדויס. איצט אין טאָראָנטאָ, קאַנאַדע



שמואל פראַנק און רפאל פעדערמאַן אין יאָר 1933




די מצבה פון שמואל פראַנק אויפן טשענסטאָכאָווער בית עולם



יורעק, שמואל פראַנקס אייניקל

י. ש. הערץ

# רייזעלע און משה בערקענשטאַט

## א



רייזעלע איז געבוירן געוואָרן אַרום 1902 אין טשענסטאָכאָוו, איר מאַן משה — אַרום 1894 אין אַ קליינעם ישוב אין שכנות פון דער שטאָט. ביידע זיינען דורך די נאַציס אומגעבראַכט געוואָרן בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, אַזוי אויך זייערע צוויי קינדער.

אין 1912, ווען אויף אַ בוי־דעם־שטיבל אין די אָרעמע גאַסן פון טשענסטאָכאָוו איז פאָרגעקומען אַן אַלגעמיינע אומלעגאַלע פאַרזאַמלונג פון לע־דער־אַרבעטער, איז שוין משה בערקענשטאַט געווען איינער פון אירע אָרגאַניזאַטאָרן (ער איז געווען אַ קאַמאַשנמאַכער).

אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה זיינען זיי ביידע אַריינגעטרעטן אין דער באַוועגונג, וואָס האָט זיך קאָנ־צענטרירט אַרום דער פּאַרטיי עס־עס און שפּעטער — פּאָראַיי־ניקטע. אין 1922, ווען די פאַראייניקטע האָבן צוזאַמען מיט דר. באָלעסלאַוו דראָבנערס גרופּע געבילדעט די אומאָפּהענגיקע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי, זיינען זיי ביידע, שוין זייענ־דיק מאַן און ווייב, אַריבער צום „בונד", וואו זיי האָבן פאַרנו־מען אָנפירנדיקע אַמטן: משה אַלס אָנפירער און סעקרעטאַר פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע אין טשענסטאָכאָוו, רייזעלע אַלס ביבליאָטעקאַרין פון דער מעדעם־ביבליאָטעק.

משה בערקענשטאַט איז געווען אַ קינד פון אָרעמע עלטערן. אין זיינע אויגן האָבן געברענט דאָס גרויסע ליכט פון פרייד פון אַ יונג און באַנייט יידיש לעבן, וואָס ער און הונדערטער אַנדערע ווי ער האָבן סימבאָליזירט און פאַרקערפּערט. זיין אומגאַנג האָט זיך אויסגעצייכנט מיט פּשוטקייט און ווייכקייט. קיינמאָל האָט אים די רואיקייט פון זיין פּנים, דער שמייכל פון זיינע ליפּן נישט פאַרלאָזט.

זי, רייזעלע, — פון דער היים פּייערטאָג — איז געווען אַ קינד פון דער „יאַטקע־גאַס", אַ טאָכטער פון נטע דעם קצב, אָבער ווי אַ וואונדער אין איר סביבה איז זי געווען, ווי אין גאַנצן נישט ערדיש. זי האָט געלעבט אין אַ וועלט פון ביכער. אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג און באַזונדערס אין דער יידישער אַרבעטער־שול האָט זי געפונען איר תיקון. זי איז געווען צווישן דער ערשטער גרופּע יידישע מיידלעך, וואָס זיינען געוואָרן פרעבליסטינס, לערערינס פון די קינדער־היימען, און איז געווען איינע פון די ערשטע גרינדערינס פון דער י. ל. פּרץ קינדער־היים אין טשענסטאָכאָוו. דאָס יידישע קינד און די שול זיינען געוואָרן דער נייער אינהאַלט פון איר לעבן.

דערנאָך איז זי אַליין געוואָרן אַ מאַמע, און איר ערשטער זון, אייזיק, האָט זיך דערצויגן און איז אויסגעוואַקסן אין דער שול, וואָס זי האָט מיט אַזאַ מוטערלעכער איבערגעגעבנקייט געשאַפן. עס איז געקומען אַ צווייט קינד. משה און רייזעלע האָבן ווייטער מיט אויסערגעוויינטלעכער געטריישאַפט געדינט זייערע אידעאַלן און געאַרבעט פאַר דער באַוועגונג.

ס'איז געקומען אַ צווייטע וועלט־מלחמה. די דייטשע מער־דער־אַרמיי האָט פאַרנומען טשענסטאָכאָוו. דעם 6טן יוני 1941 האָט די געשטאַפּאָ אַרעסטירט דאָס פּאָר־פּאָלק אין שייכות מיטן דורכפאַל פון מאַריאַ שטשענסנאַ, אַ פּוילישע קוריערין פון צ. ק. פון אונטערערדישן „בונד". וואָס זיי האָבן געהאַט אויסצו־





רייזעלע און משה בערקענשטאַט

שטיין אין געשטאַפּאָ, האָט שפּעטער דערציילט חבר מ. קושניר, וועלכער איז אויך געווען אַרעסטירט אין זעלבן ענין און איז געווען אַן עדות פון די פּייניקונגען בעת דער אויספאָרשונג:

„די ערגסטע פּיין — האָט ער דערציילט — איז געווען פאַר דער חברטע רייזעלע בערקענשטאַט, ווען די געשטאַפּאָוו־צעס האָבן איר אַריינגעקלעמט די ברוסטן אין אַ טיר פון אַ שאַנק. מיך האָבן זיי אַ געבונדענעם אונטערגעלייגט מיטן קאָפּ אונטער אַ קראַן און יעדע סעקונדע האָט אַ טראָפּן וואַסער פון קראַן אַ טריף געטאָן אויפן מיטן קאָפּ. דאָס זעלבע האָבן זיי אויך געמאַכט מיטן חבר בערקענשטאַט. אַזוי האָט מען אונדז געמאַטערט פון 9 פרי ביז שפּעט אין אָוונט".

נאָך פאַרשיידענע באַמיאונגען איז געלונגען רייזעלען אַרויס־צורייסן פון די נעגל פון געשטאַפּאָ, איר מאַן דאַקעגן איז אַ גע־שוואָלענער און מיט אָפּגעהאַקטע נירן אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין אָשוויענטשים, וואו מ'האָט אים אומגעבראַכט. רייזעלע האָט שפּעטער געטיילט דעם גורל פון גרויסן רוב טשענסטאָ־כאָווער יידן.

# אלי אַלעבאַרדע

# ב

געבוירן 1880 אין טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק — אומגעקומען וואַרשיינלעך סוף זומער 1944 אין וואַרשע.

געלערנט אין דער ישיבה אין לאָדזש און גאָר פרי באַקומען היתר הוראה. זיצנדיק ביי דער גמרא, האָט ער זיך גלייכצייטיק פאַראינטערעסירט מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און איז געוואָרן אַן אָנהענגער פון „בונד".

נאָך דער חתונה האָט אלי אַלעבאַרדע זיך באַזעצט אין נאָוואָראַדאָמסק, וואו ער האָט געהאַט אַ גרויסע קאָלאָניאַלקראָם. און כאָטש פאַרמעגלעך און באַלעבאַטיש, אָרטאָדאָקסיש געקליידט און מיט אַ פרוי און 5 קינדער, איז דער דאָזיקער חשובער באַלעבאָס פאַרבליבן זיין גאַנץ לעבן פאַרבונדן מיטן „בונד". ער איז געווען געטריי אין די גוטע רעוואָלוציאָנערע יאָרן און פאַרבליבן אַזוי אויך אין די שווערע פינצטערע יאָרן פון רעאַקציע.

אין די צאַרישע צייטן געטאָן די שווערסטע און געפערלעכסטע אַרבעטן פאַר דער באַוועגונג. געווען טעטיק אין דער געהיימער מיליטערישער אָרגאַניזאַציע און זיך פאַרנומען מיטן אָרגאַניזירן דאָס אַריבערפירן איבער דער גרענעץ אומלעגאַלע ליטעראַטור, געווער און רעוואָלוציאָנערע טוער. זיין הויז איז פאַר די לעצטע געווען אַ טרעף־פונקט. אָט דער אייגנאַרטיקער רעוואָלוציאָנער האָט אויך אָרגאַניזירט דאָס אַריבערגיין די גרענעץ פאַר די דעלעגאַטן צום אַכטן צוזאַמענפאָר פון „בונד", וואָס האָט געדאַרפט פאָרקומען זומער 1914 אין ווין און איז נישט פאָרגעקומען צוליבן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע (1905־6) האָט ער אין די שבתים באַזאָרגט אין זיין טלית־זעקל די רעוואָלוציאָנערע אויפרופן פאַר די זעלנער פון נאָוואָראַדאָמסקער גאַרניזאָן. הגם אויסערלעך האָט ער זיך נישט אונטערשיידט פון די אַנדערע אָרטאָדאָקסישע יידן, האָט ער נישט געמאַכט קיין סוד פון זיין אָנגעהעריקייט צום „בונד" און פון זיין אַפּיקורסות. ער איז געווען אַקטיוו אין אָרטיקן געזעלשאַפטלעכן לעבן און געהאָלפן נויטבאַדערפטיקע.

די לעצטע יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט אַלעבאַרדע געוואוינט אין טשענסטאָכאָוו. ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען די שטאָט, האָט דער אַלטער רעוואָלוציאָנער זיך געשטעלט אין גאַנצן אין דינסט פון דער אונטערערדישער בונדישער באַוועגונג. אין שייכות מיטן אַרעסטירן אַ פוילישע פרוי, מאַריאַ שטענסנאַ, וואָס האָט איבערגעפירט אויפרופן און אינסטרוקציעס פון צ. ק. פון אונטערערדישן „בונד", זיינען פאַרגעקומען ווייטערדיקע אַרעסטן און די געשטאַפּאָ איז אויך געקומען נעמען אַלעבאַרדען. זיי האָבן אים נישט געקענט געפינען. די געשטאַפּאָ האָט געפאָדערט פון יודן־ראַט אים צוצושטעלן. אַ זיצונג פון טשענסטאָכאָווער בונדישן קאָמיטעט האָט אין זיין אָנוועזנהייט באַשלאָסן נישט צו געבן דער געשטאַפּאָ דעם פאַרלאַנגטן קרבן. ער האָט זיך געזעגנט מיט זיין פאַמיליע און מ'האָט אים צוגעפירט קיין נאָוואָראַדאָמסק. פון זיין פריערדיקער היימשטאָט האָט ער זיך געלאָזט צופוס קיין פּיעטרקאָוו און די דאָרטיגע חברים האָבן אים באַזאָרגט דעם וועג קיין וואַרשע, וואו מ'אָט אים איינגעאָרדנט צו זיין באַשעפטיקונג אין אַ פאָלקס־קיך.

אין וואַרשעווער געטאָ האָט ער געלעבט אונטערן נאָמען — אַלפע און איז געווען פאַרבונדן מיט דער אונטערערדישער בונדישער באַוועגונג. ס'איז אים געלונגען צו בלייבן ביזן וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד (אַפּריל 1943). שפּעטער האָט ער געלעבט אויף דער אַרישער זייט. אַ דאַנק דער אונטערערדישער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (פּ. פּ. ס.) האָט ער באַוויזן צו פאַרבלייבן צווישן די פּאָליאַקן ביזן סוף זומער 1944 — ווען ס'איז אויסגעבראָכן דער פּוילישער אויפשטאַנד, וואָס האָט אָנגעהאַלטן צוויי חדשים. דעמאָלט איז פאַרלוירן געוואָרן יעדער שפּור פון דאָזיקן אייגנאַרטיקן מענטש און רעוואָלוציאָנער.



אלי אַלעבאַרדע

# .II

# זכרונות

א. כראַבאַלאָווסקי

## מענטשן און צייטן

(טשענסטאָכאָווער מעמואַרן)

### א



איך בין אָנגעקומען קיין טשענסטאָכאָוו אין פרילינג, 1905, און אָנגעהויבן אַרבעטן אין מאַרקוס־פעלדס „מאַלאַרניע". מיך האָט פּראָטעזשירט דער באַקאַנטער געזעלשאַפטלעכער טוער ש. כאַיוטין. כאַיוטין איז געווען דער רייזנדער פון דער פאַבריק און ער פלעגט פאַרקויפן די טאַפּעטן און קאָלירטע פּאַפּירן אין די ווייטסטע ווינקעלעך פון גרויס רוסלאַנד.

די „מאַלאַרניע" איז שוין דעמאָלט געווען אַ ריזיקע פאַבריק מיט עטלעכע הונדערט אַרבעטער, אָנגעפירט פון העניקס יינגערן ברודער, יוזעף. אַ פּאָר צענדליק יידישע אַרבעטער, געבליבן פון אַמאָליקע צייטן, זיינען געווען באַשעפטיקט ביי האַנט־אַרבעטן. זיי האָבן גערוט אום שבת און געאַרבעט זונטיק. זיי האָט באַשיצט העניק מאַרקוספעלד.

די וויכטיקסטע באַאמטע אין דער פאַבריק, וואָס האָבן אויך געשפּילט אַ געוויסע ראָל אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, זיינען געווען: סטאַניסלאַוו הערץ, וויזער, יאַן פּרוזשיצקי און אַדאָלף בריל.

דער לעצטער איז געווען איינער פון די טעאָרעטיקער פון דער ס.ד.ק.פּ.ל. ער האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף דער אַסימילאַטאָרישער אינטעליגענץ פון טשענסטאָכאָוו. להיפּוך צו אַנדערע איז ער שפּעטער נישט געוואָרן קיין קאָמוניסט. אויף זיין נאָמען האָבן שפּעטער דיזעלביקע עלעמענטן געגרינדעט אַ פּוילישע ביבליאָטעק.

אין דער ביוראָ פון דער מאַלאַרניע זיינען אויך געפירט געוואָרן די ביכער פון מאַרקוספעלדס אַ צווייטע פאַבריק — די „קלעיאַרניע". דאָרט האָט געאַרבעט אַלס בוכהאַלטערין העלע בירמאַן, שפּעטער העלע גורסקי. זי איז געווען, ווי מען זאָגט אין אַמעריקע, די „סוויטהאַרט" פון ס.ס. אין יענע צייטן. איך האָב זי אין געהיים פאַרערט.

מיין ערשטע אַגיטאַציע אַלס ס.ס.־אָוועץ האָב איך באַקומען אין ווילטשיצקיס הויז, אויף קרוטקע 21. דאָרט האָט דוד געריכטער געפירט זיין שאַכטל־פאַבריק. קאַפּל און רוזשע, זיינע קינדער, זיינען געווען פאַרקאָכטע ס.ס.־אָווצעס. דאָרט אין הויז האָט אויך געפירט אַ פאַבריקל חיימל ליטוואַק. זיין שוואָגער, אַ שטענדיק פאַרסמאַלעטער אַרבעטער אין אַ שוואַרץ העמדל, איז געווען מיין ערשטער אַגיטאַטאָר.

אַ צווייט הויז וואָס איז מיר דעמאָלט געוואָרן נאָענט איז געווען אויפן ראָג אַגראָדאָווע און דעם נייעם מאַרק. דאָרט האָט געוואוינט יעקב יצחק זשאַרנאָוויעצקי מיט זיין מאַמען און שוועסטער. מיר זיינען געבליבן חברים און פריינד ביז איך האָב זיי פאַרלאָזן אין יאָר 1926.

צוויי פון מיינע נאָענטסטע פריינד זיינען געווען: מאָניעק ראָטשילד (סטאַניסלאַוו הערצס אַ קוזין, וואָס האָט געאַרבעט אין קאַנטאָר פון דער „מאַלארניע") און גוטעק באָרנשטיין פון זאַוויערטשע. מאַניעק ראָטשילד איז אין אָנהייב געווען אַ ס.ס.־אָוועץ, כאָטש אינגאַנצן אַסימילירט. שפּעטער איז ער צוגעשטאַנען צו די סאָציאַל־דעמאָקראַטן און איז אַזוי פאַרבליבן זיין גאַנץ לעבן. ער, און זיין פרוי לעאָשע פרימאָרגן, די סאָליסטין פון דער „ליראַ", מיט זיינע צוויי טעכטער און אייניקלעך געפינען זיך אין אַמעריקע, און מיר געדענקען נאָך אַלץ אונדזער „יוגנט ליבע".

דער צווייטער, גוטעק באָרנשטיין פון זאַוויערטשע, איז געווען באַשעפטיקט אין קאַנטאָר פון לאַנדעס צעלאָלאָיד־פאַבריק, וואו ס'איז דעמאָלט פאָרגעקומען די גרויסע שרפה אין וועלכער פיל יידישע אַרבעטער־מיידלעך זיינען אומגעקומען. דאָס איז געווען די גרעסטע טשענסטאָכאָווער טראַגעדיע אין יענער צייט.

ס'זיינען אָנגעקומען די געציילטע טעג פון דער „קאָנסטיטוציע". דערנאָך דער לאַנגער ווינטער פון קריגסצושטאַנד און פינצטערער רעאַקציע, און אויפסניי דער פרילינג פון יאָר 1906. מיינע עלטערן האָבן זיך איבערגעצויגן פון זאַוויערטשע קיין טשענסטאָכאָוו. אונדזער הויז איז געווען אויף ספּאַדעק. דאָרט איז באַלד געוואָרן דער שטאַב פון דער פּאַרטיי. מיין שוועסטער פעני האָט געקאָכט און געשפּייזט די אינטעליגענטן פון אַנדערע שטעט, וואָס זיינען ביי אונדז געווען איינקוואַרטירט.

זומער האָבן מיר געהאַט אין אונדזער רשות דאָס גרויסע הויז פון ש. כאַיוטין, ווען כאַיוטין מיט זיין הויזגעזינד פלעגן אַרויספאָרן קיין אָסטראָוו. דאָרט האָבן מיר איינקוואַרטירט די הברטעס, וואָס פלעגן קומען קיין טשענסטאָכאָוו פון אַנדערע שטעט.

איך האָב געהערט צום קרייז פון האַלב־אינטעליגענטן, צוזאַמען מיט הערשל גאַטיינער, מאָריץ יארעצקי, קאַץ, סקוואָ־

ראָנעק (ער האָט געאַרבעט אין דער ליטאָגראַפיע פון דער „מאלארניע״), קובאַ גאָלדבערג און אַ סך אַנדערע.

ווי אויף אַ סך אַנדערע האָט אויף מיר געהאַט די שטאַרקסטע ווירקונג חבר אהרנס פאַטעטישע רעדעס אויף די מאַסן־מיטינגען. איינע פון זיינע שטאַרקסטע רעדעס האָט ער געהאַלטן אויפן בית־עולם בשעת דער לוויה פון די זעקס קרבנות פון לאַנדעס צעלאָלאָיד פאַבריק. ער האָט אונדז דעמאָלט געטרייסט מיטן גלויבן, אַז מיר, סאָציאַליסטן, איצט פאַרפאָלגטע, וועלן ווערן אין דער צוקונפט די הערשער פון דער וועלט. איך, ווי טויזנטער אַנדערע, האָבן שפּעטער געפּריידיקט דיזעלביקע אידייע. איצט בין איך איבערצייגט, אַז יעדע אידייע, וואָס קומט אויף דער וועלט מיט „וועלט־הערשאַפט״ — איז די גרעסטע סכנה פאַר דער וועלט.

אַ גרויסע השפּעה אויף אונדז האָט אויך געהאַט חבר אַלעקסאַנדער (לייבוש לערער). מיט זיין געקרויזטן קאָפּ שוואַרץ־ברוינע האָר, ברוין־לייכטנדיקע אויגן און פּאָלירטער שטימע — איז ער געווען אַ מאַגנעטישער כח. ער איז שוין דעמאָלט געווען אַ גוטער לערער און פּייאיקער אָרגאַניזאַטאָר. אונטער זיין אָנפירונג איז אין זומער 1906 אָרגאַניזירט געוואָרן אַ סך פּאַכן, וואָס זיינען ביז דעמאָלט נישט באַרירט געוואָרן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג.

זיצנדיק איינמאָל מיט אַ זעלבסטשוץ גרופּע אין אַ הויז אייפן אַלטן מאַרק, האָב איך דאָס ערשטע מאָל באַגעגנט חבר מענדל שוכטער. ער האָט זיך דעמאָלט נאָר וואָס צוריק געקערט פון לאָנדאָן. ער האָט פאַר דער גרופּע, נישט צו פאַרברענגען די צייט אומזיסט, געהאַלטן אַ מין פאָרלעזונג וועגן אַנאַרכיזם און סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

סוף זומער האָט מיך די אָרגאַניזאַציע באַשטימט אַלס ביבליאָטעקאַר פון דער אומלעגאַלער ביבליאָטעק אין בערלינערס הויז אויף אָגראָדאָווע. די ביבליאָטעק איז באַשטאַנען פון אַ גרויסן קאַסטן ביכער, צומיינסטן וויסנשאַפטלעכע און בעלעטריסטיק, נאָר וואָס איינגעקויפטע אין די וואַרשעווער יידישע בוכהאַנדלונגען. מיר האָט אַרויסגעהאָלפן אַלעקסאַנדער בראָניאַטאָווסקי, דעמאָלט אַ סטודענט פון מעדיצין. ער האָט שפּעטער פּראַקטיצירט אַלס דאָקטאָר אין בולגאַריע, וואו ער איז יונגערהייט געשטאָרבן.

קיין בירזשע איז שוין דעמאָלט נישט געווען, אָבער עס האָבן אינטענסיוו געאַרבעט די קרייזן. מיר פלעגן זיך צוזאַמענקומען אין וואָלבערגס גאָרטן אין דער ערשטער אַלייע, דערנאָך אין קאָהנס צוקערניע אויף אַ הויף אין דער צווייטער אַלייע. בחורים און מיידלעך האָבן אָנגעהויבן צו ראָמאַנסירן, און פאָרלעך האָבן זיך געמערט.

נאָכן זומער בין איך אַוועק פון טשענסטאָכאָוו זיך שטעלן צום פּריזיוו אין גראָדנער גובערניע, פון וואַנען מיר שטאַמען. אין ביאַליסטאָק האָב איך זיך באַקענט מיטן נאָך גאָר יונגן יעקב פּאַט, וואָס האָט שוין געהאַט פאַרעפנטלעכט אַ סקיצע אין „בייער וועג״. שפּעטער האָט מיר ד״ר יוסף קרוק געזאָגט, אַז פּאַט איז איינער פון די בעסטע יידישע סטיליסטן.

אין 1909 בין איך אַלס רוסישער זעלנער געקומען קיין טשענסטאָכאָוו אויף אורלויב. קיין רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג איז שוין נישט געווען. אָנשטאָט אויף דער „בירזשע״, האָב איך אַ סך חברים און חברטעס געטראָפן אין קינעמאַטאָגראַף. דער איינציקער געזעלשאַפטלעכער פּונקט אין טשענסטאָכאָוו איז געווען די ניי־אָרגאַניזירטע „לירא״, אויף דער צווייטער אַלייע, אָנגעפירט פון העברעאיסטן און אַסימילאַטאָרן. ווען כ׳האָב דאָרט איין מאָל אָפּגעשטאַט אַ באַזוך, האָט מיר דער פאַרוואַלטער, זעליקאָוויטש, געבעטן צו פאַרלאָזן דעם זאַל, ווייל דאָס איז פאַרבאָטן פאַר זעלנער. אַ מיאוסן אָפּשניט פון אַן אָפיציר האָב איך אויך געהאַט אין קינעמאַטאָגראַף. צום גליק האָט מיך דעמאָלט חבר מאַקס דאַנקאָוויטש, וואָס האָט זיך געקענט מיטן אָפיציר, געראַטעוועט פון אַ צרה.

פּונקט דעמאָלט האָט מען פאַרשיקט קיין סיביר חבר מענדל שוכטער. אויף דער סטאַנציע האָבן זשאַנדאַרן קיינעם צו אים נישט צוגעלאָזט. שיינדל פּאַקולאַ, שפּעטער שוכטער, האָט מיר געבעטן אים איבערצוגעבן דריי רובל אויפן וועג. איך האָב פריי אַדורכמאַרשירט דעם רינג זשאַנדאַרן און זעלנער און זיך געזעגנט מיט מענדל שוכטער. דאָס געלט האָט ער נישט גענומען.

ווינטער, 1911, בין איך באַפרייט געוואָרן פון מיליטער און בין צוריקגעקומען קיין טשענסטאָכאָוו. דורך די באַמיאונגען פון אונדזערע פריינד שמערל און בערטאַ כאַיוטין בין איך צוריק אָנגענומען געוואָרן אַלס אַרבעטער אין דער „מאַלאַרניע״. ס׳איז שוין אָבער געווען אַ גאַנץ אַנדער פאַבריק ווי אין די יאָרן 6־1905. זיין אַן אַרבעטער איז שוין נישט געווען קיין יחוס. עס איז געווען אומעטיקער ווי אין דער קאַזאַרמע, וואו איך בין געווען אַ ראָטנער שרייבער און געהאַט אַ סך פּריווילעגיעס. אין די אָוונטן פלעגן מיר זיך אַמאָל טרעפן מיט יאַקוב גאָלדשטיין, — דער איינציקער פון דער אינטעליגענטן־גרופּע, וואָס איז פאַרבליבן אין טשענסטאָכאָוו, — און מיט מאַדזשאַ זאַלצמאַן. מיר פלעגן טרינקען טיי אין בלאָשטשינסקיס קאַוויאַרניע. מאַדזשאַ, וואָס איז שפּעטער געוואָרן „די מאַמע פון די טשענסטאָכאָווער פרעבעליסטינס״, איז געווען איינע פון די אינטעליגענטסטע מיידלעך אין טשענסטאָכאָוו. אָבער צוליב איר פאַרקריפּלט פּנים איז איר לעבן געווען אַ גרויסע טראַגעדיע. זי איז געשטאָרבן פאַר דער צייט און צו איר גליק, פאַרן היטלער חורבן.

צום סוף ווינטער 1911 האָט זיך שוין אָנגעהויבן רודערן מיט דער „ליטעראַרישער געזעלשאַפט״ און דאָס לעבן איז געוואָרן היימלעכער. זיצונגען, פאַרויילונגען, פאָרשטעלונגען, פאָרלעזונגען, דיסקוסיעס, און אַ סך, אַ סך נייע פריינד ווי: משה צעשינסקי, יאַנקל קאַפּינסקי, וואָלף לעווענהאָף, דוד באָזשיקאָווסקי, חיים דאַווידאָוויטש, שיפּערבלאַט, יעטשע פּאַקולאַ, דאָראַ שאַכער, צעשע שיין, ראָבאַרד און סאַראַ אַוונער. רפאל פעדערמאַן איז שוין געווען אַן ס.ס.־אָוועץ און האָט אָנגעפירט מיט דער ס.ס.־אישער גרופּע, וואָס איז פאַרבליבן אין טשענסטאָכאָוו. דערנאָך זיינען צוגעקומען יאַקוב ראָזענבערג און זיין פרוי, מיט וועמען איך בין געוואָרן נאָענטע פריינד, יוסף אַראָנאָוויטש. לערער אין אַ רעגירונגס־שול, ישראל סאָבאָל, רוזשע קאַפּינסקי, אהרן פּרץ און די „פּערעצאָווע״.

דערנאָך איז געקומען דער „ליראַ״־פּעריאָד. די „ליטעראַטן״ און „ליטעראַטקעס״ — (מיטגלידער פון דער ליטעראַרישער געזעלשאַפט), וואָס זיינען צומיינסטן געווען סאָציאַליסטן, פון פאַרשידענע פּאַרטייען — האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט די אַסימילאַטאָרן און ציוניסטן. און כאָטש מ׳האָט געפירט אַ שאַרפן קאַמף מיט די ערשטע און דיסקוטירט מיט די „חובבים״ (חובבי שפת עבר״), וועמענס אָנפירער ס׳איז געווען לעאָן קאַפּינסקי — האָט אונדז אַלע דאָך פאַראייניקט איין „גרויסע אידייע״: די יוגנט. מיר אַלע זיינען געווען יונגע בחורים און מיידלעך און גענאָסן די פרייד פון לעבן אויף אַ געזעלשאַפטלעכן אופן.

די „לירא״ האָט פּראָטעזשירט העינריק מאַרקוספעלד, און

אַזוי לאַנג ווי ער האָט געגעבן גענוג געלט, איז אַלץ געווען גוט. ער האָט, חוץ זיינע הונדערטער אַרבעטער אין די פאַבריקן, געהאַלטן פון שפּריכוואָרט: „לעבן און לאָזן לעבן”, און האָט הנאה געהאַט וואָס די יוגנט ווילט זיך אין זיין „ליראַ”. זיין „ליראַ”־פאַרוואַלטער איז געווען יוזעפּאָוויטש, אַ פאַרזיכערונגס אַגענט, וואָס האָט מיט זיינע ברייטע וואָנסעס אויסגעזען ווי אַ פּוילישער שלאַכטשיץ. מיט אים האָבן די „ליטעראַטן” געפירט די מלחמה ביז מ׳האָט אים באַזייטיקט.

איך, העניעק שמולעוויטש, גוטשע בעם (מיט וועלכער ער האָט שפּעטער חתונה געהאַט), יעטשע יאַרעצקי, לאָלאַ שפּיגעלמאַן, גוטשע שטייניץ, נאָטאַ קרימאָלאָווסקי און מאַרקוס הערשליקאָוויטש האָבן געהאַט אונדזער אייגן טישל אין ווינקל לעבן אויוון. אין די פרייע אָוונטן האָבן מיר דאָרט געטרונקען טיי, וואָס באָרנשטיין האָט סערווירט, געפּלוידערט, דערנאָך שפּאַצירט אויפן „דעפּטאַק” (טראָטואַר אין דער צווייטער אַלייע).

מיר האָבן געהאַט אונדזערע גרויסע יום־טובים; אַזעלכע ווי אַ פאָרלעזונג פון י. ל. פּרץ, די דערעפענונג פון דער ביבליאָטעק, — וואָס איז איבערגענומען געוואָרן פון דער פאַרמאַכטער „ליטעראַרישער געזעלשאַפט”. אויפן באַנקעט, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן לכבוד פּרצן, האָט מען געטרונקען שאַמפּאַניער, אָבער די באַגייסטערונג איז געווען שטאַרקער פון בעסטן ווייַן. ביי אַ באַזונדער טיש איז געזעסן די יוגנט און געזונגען. רפאל פעדערמאַן איז געווען דער כאָראָוואָד. ער האָט אָקאָרשט געבראַכט אַ נייַ ליד פון קראָקע: מאָריס ראָזענפעלדס „מיטן וואַנדערשטאָק”:

„מיטן וואַנדערשטאָק אין האַנט
אָן אַ היים און אָן אַ לאַנד,
אָן אַ גואל, אָן אַ פריינד,
אָן אַ מאָרגן, אָן אַ הייַנט.

אימער ווייַ, ווייַ, ווייַ,
אימער גיי, גיי, גיי...
אימער שפּאַן, שפּאַן, שפּאַן,
כל זמן כח איז פאַראַן...”

דאָס אַלץ איז אָבער נאָר געווען אַ ליד. אין זאַל מיט פּרצן, מיטן יום־טובדיקן עולם אין גרעסטן עקסטאַז פון די באַגריסונגען, איז געווען אמתער יום־טוב.

אין איין זומער־נאַכט האָבן מיר זיך געלאָזט הינטערן שטאָט אויף אַ פעלד, „באַאָבאַכטן” דאָס פאַלן פון אַ קאָמעט. צווישן דער חברה האָבן זיך געפונען פעדערמאַן מיט זיין אומצעשיידטער „קוואַרטעט”: ער, דאַרקע שאכער, יעטשע פּאַקולאַ, לייזער בערקאָוויטש, פייטל שמולעוויטש, גראַדאַן און אַנדערע. אַ גאַנצע נאַכט איז מען געלעגן אויפן פייכטן גראָז אונטערן אויסגעשטערנטן הימל און געזונגען:

„עס שיינט די לבנה, עס גלאַנצן די שטערן,
די נאַכט שלאָפט איבער בערג און טאָל —
דאָס אַלטיטשקע ביכעלע ליגט פאַר מיר אָפן,
איך לייען דאָס און לייען דאָס טויזנטע מאָל.”
אאַז״וו.

און אַט נעמען מר זיך צוזאַמען אַ כאַפּטע יונגוואַרג: יאַנקל, מאָריץ, רוזשע קאַפּינסקי, ישראל סאַבאַל, משה גאָלדבערג, די אַדערבערגס, וואַטענפעלד און נאָך און נאָך, און פאָרן אַרויס קיין זלאָטי־פּאָטאָק. אַהין קומט אויך גוטעק באָרנשטיין פון זאַוויערטשע. מיר קריכן אַרום איבער די בערג צוויי טעג און צוויי נעכט און מען זינגט. עס זינגט פון אונדז אַרויס די יוגנט. מאָריץ קאַפּינסקי איז דער דיריגענט. מען זינגט אַ ליד, וואָס האָט נישט קיין ענד:

„או פּאָפּאַ בילאַ סאָבאַקאַ אָן יעיאָ לוביל
אָנאַ ס׳יעלאַ קוסאָק מיאַסאַ — אָן יעיאָ אוביל,
אי אוביוושי זאַקאָפּאַל,
אי נאַדפּיס נאַפּיסל
טשטאָ ?” —

און ווידער דאָסזעלביקע, אַזוי אָן אַ סוף.

אָדער:

„גייט אַ גוי אין שענקל אַריין, אין שענקל אַריין,
טרינקט ער אויס אַ גלעזעלע ווייַן, אַ גלעזעלע ווייַן.
אָי, שיכור איז אַ גוי,
שיכור איז ער, טרינקען מוז ער,
ווייל ער איז אַ גוי.

גייט אַ ייד אין בית־המדרש אַריין,
כאַפּט ער אַ קדושהלע איין...”
אאַז״וו.

איינע פון אונדזערע פאַרווייַלונגען איז געווען דאָס לאָדקעווען זיך אין די אָוונטן אויף דער וואַרטע. די גרופּע איז באַשטאַנען צומייַנסטן פון הערשעלע פּיוולאָוויטש, דוד באַזשיקאָווסקי, יאַנקל און רוזשע קאַפּינסקי, די רויט־האָריקע אדערבערג, נאָטאַ קראַמאָלאָווסקי. די וואַרטע איז געווען פאַרשטעלט מיט פאַרצוימונגען און מיט אַ בריק. אַ סך מאָל האָט זיך די לאָדקע איבערגעדרייט און מ׳האָט זיך אַביסל געטרונקען...

* * *

ס׳האָט אָנגעהויבן צו דערשייַנען דאָס „טשענסטאָכאָווער רעקלאַמען־בלאַט”. ביים וויגעלע פון דער יידישער פּרעסע אין טשענסטאָכאָוו איז געשטאַנען, — חוץ מיר, — אויך יאַקוב ראָזענבערג, משה צעשינסקי, הערשעלע פּיוולאָוויטש. דער איינציקער וואָס האָט געקאָנט פאָרמירן אַ גוטן זאַץ און קאָרעגירן די צייטונג איז געווען הערשעלע. אָבער ביסלעכווייז האָבן מיר זיך אויסגעלערנט שרייבן אַ גוטן יידיש לויט יענער צייט. שפּעטער איז צוגעקומען רפאל פעדערמאַן. דערנאָך, ווען ס׳איז שוין געוואָרן אַ טאָג־צייטונג, וואָס האָט געהייסן „טשענסטאָכאָווער טאַגעבלאַט”, איז געקומען י. אַבראַמסאָן פון לאָדזש, וואָס האָט איבערגענומען די רעדאַקציע.

מיין ערשטער דערפאָלג, אַ קורצער אַרטיקל וואָס האָט געמאַכט אַ רושם דאַן צווישן דער יוגנט, האָט געהייסן „פאַרן קבר”. דאָס איז געווען וועגן אַ יונגן טשענסטאָכאָווער בחור, מ. שטשעקאַטש, וואָס האָט זיך געסמט, ווייל זיינע יחוסדיקע עלטערן זיינען געווען געגן דער ליבע מיט אַ מיידל פון אַ קלענערן יחוס. מיין אַרטיקל איז געווען אי אַ פּראָטעסט קעגן דעם זעלבסטמאָרד צוליב ליבע, אי אַן אויסדרוק פון טיפן באַדויערן, וואָס אַ יונגער בחור האָט, אָן ווידערשטאַנד, אַזוי לייכט זיך אונטערגעגעבן דעם טויט און נישט געקעמפט פאַר זיין ליבע. דאָס האָט שטאַרק אימפּאָנירט דער יוגנט, ווייל, ווי אומעטום, זיינען אויך דעמאָלט

אין טשענסטאָכאָוו געווען אַ סך אַזעלכע פֿאַלן פֿון דראַמאַטישע ליבעס. אַ שניידער־געזעלן האָט זיך האָפֿנונגלאָז פֿאַרליבט אין זיין מייסטערס טאָכטער. מיין פֿריינד העניעק שמולעוויטש, וועמעס טאַטע איז געווען אַ בלעכער, האָט זיך געליבט מיט דער יחוסדיקער גוטשע בעם. אירע עלטערן זיינען, נאַטירלעך, געווען קעגן שידוך. העניעק און גוטשע האָבן אָבער לסוף יאָ חתונה געהאַט. אַזוי זיינען דאַן געווען אַ סך אַזעלכע פֿאַלן אין יענע ראָמאַנטישע יאָרן.

דער צווייטער אַרטיקל וואָס האָט געמאַכט אַ רושם איז געווען אַ פּראָטעסט קעגן שמד. עס איז געווען נאָכדעם ווי די יידן אין וואַרשע, נישט וועלנדיק שטימען פֿאַרן ענדעקישן קאַנדידאַט צו דער ערשטער דומע, האָבן געהאָלפֿן דערוויילן דעם פּוילישן אַרבעטער יאַגעלאָ. דער אַנטיסעמיטיזם האָט זיך צעשפּרייט און פֿאַרשאַרפֿט. אין וויעלון, אַ שטעטל ניט ווייט פֿון טשענסטאָכאָוו, איז אומגעקומען אַ גאַנצע יידישע פֿאַמיליע, וואָס אַנטיסעמיטן האָבן פֿאַרשפּאַרט אין אַ הויז און דאָס הויז אונטערגעצונדן.

דעמאָלט האָט אַן אַסימילירטער ייד, אַ דירעקטאָר פֿון האַנדלס־באַנק, אַוועקגעפֿירט זיין זעקס־יאָריקן זון אין קאָשטשאָל „שוויענטי זיגמונט״ און אים אָפּגעשמדט. דער נאָטיץ וועגן דעם אין דער אַנטיסעמיטישער צייטונג „גאָניעץ טשענסטאָכאָווסקי״, האָט אַרויסגערופֿן גרויס אויפֿרעגונג צווישן דער יידישער באַפעלקערונג, און דאָס איז זייער שאַרף געקומען צום אויסדרוק אין דעם דערמאָנטן אַרטיקל.

* * *

עס האָט זיך אָנגעהויבן דער ביילים־פּראָצעס. אַלע אַנדערע פּראַגעס זיינען פֿאַררוקט געוואָרן אָן אַ זייט. עטלעכע וואָכן כסדר האָבן מיר אויף די שפּאַלטן פֿון „טשענסטאָכאָווער וואָכנבלאַט״, אַזוי ווי אין האַרצן, געפֿיבערט מיטן בלוט־בילבול, וואָס איז געווען געווענדט קעגן אַלע יידן. מ׳האָט פֿרייער אָפּגעאָטעמט ווען ביילים איז באַפֿרייט געוואָרן. מיר האָבן זיך ווייטער גענומען צו די טאָג־טעגלעכע פֿראַגן; די גערטנער־פֿערמע האָט אין משך פֿון יאָרן אַרויסגעלאָזן געציילטע שילערס; מיט די אָוונט־קורסן ביים האַנטווערקער קלוב אינטערעסירט מען זיך נישט. אין דער שיינער געביידע פֿון דער נייער מקווה איז נישט אַזוי ריין... די „קולטור״ אין האַנטווערקער קלוב איז דערגאַנגען צו פּעטע וויצן; דער אינטערעס צו דער „לירא״ איז שוואַך, אַזוי, אַז אַפֿילו צו אַ פֿאָרלעזונג פֿון י. ל. פּרץ האָט מען צוגעלייגט געלט; די חדרים זיינען פֿאַרעלטערט; די יידישע פֿאַבריקאַנטן וואַרפֿן אַרויס די יידישע אַרבעטער פֿון זייערע פֿאַבריקן; און די יידישע גמינע טוט גאָרנישט צו העלפֿן די יידישע עמיגראַנטן.

אין 1913 האָבן זיך אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן די לעגאַלע פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראיינען. קיין אינטעליגענץ, וואָס זאָל אַרויסהעלפֿן אין דער אַרבעט איז שוין ניט געווען. אָבער די קערנער וואָס זיינען פֿאַרזייט געוואָרן צווישן די אַרבעטער אין די יאָרן פֿון פֿרייהייטס־קאַמף זיינען איצט אויפֿגעגאַנגען. אין די יידישע פֿאַכן פֿון שניידער, שוסטער, האָלץ־אַרבעטער, בעקער, שאַכטלמאַכער, צעלאָלאָיד־ און שפּילצייג־אַרבעטער האָבן זיך אַרויסגערוקט מער אַנטוויקלטע אַרבעטער און האָבן געהאָלפֿן אָרגאַניזירן זייערע פֿאַכן. עס זיינען געגרינדעט געוואָרן אַ גאַנצע ריי פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראיינען. מיר האָבן זיי צוגעהאָלפֿן מיט אַרטיקלען און נאָטיצן אין דער פּרעסע. אָפֿט האָבן מיר אויף זייערע פֿאַרזאַמלונגען געפֿירט דעם פֿאָרזיץ און געהאַלטן רעדעס. צוליב איינער אַזאַ רעדע ביי די בעקער־אַרבעטער איז משה צעשינסקי אַרעסטירט געוואָרן און איז אָפּגעזעסן עטלעכע וואָכן אין קאָזע.

אויף איין די גרויסע פֿאַבריקן האָט זיך אָנגעהויבן אַן אויפֿלעבונג. די אַרבעטער האָבן אָנגעהויבן צו סטרייקן פֿאַר העכערע לוינען: אין 1914, ווען ס׳איז פֿאָרגעקומען דער קאַמף אין די לענאַער גאָלד־גרובן פֿון סיביר, האָבן די סירענעס פֿון די פֿאַבריקן סיגנאַליזירט דעם פּראָטעסט פֿון די טשענסטאָכאָווער אַרבעטער.

די ערשטע וועלט־מלחמה האָט זיך דערנענטערט. אַ פּאָר וואָכן פֿאַר איר אויסברוך, האָט אַ פֿייער צעשטערט דעם גרעסטן טייל פֿון מאַרקוספֿעלדס „מאַלאַרניע״. מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער האָב איך זיך שוין געשלעפּט מיט דער רוסישער אַרמיי איבער די לובלינער, דערנאָך גאַליצישע פֿעלדער.

צוזאַמען מיט מיר זיינען געווען דוד גוטערמאַן, גאַבריעל שוואַרצענשטיין, פּסח הירשמאַן, אַ סטאָליער־אַרבעטער אין דער האַנטווערקער־שול. צוויי טרעגער־אַרבעטער; ראַשקין, שפּעטער אַ פֿאַרוואַלטונגס־מיטגליד פֿון טרעגער־פֿאַריין, און זאָווין.

אין געפֿאַנגענלאַגער האָבן מיר, אַ גרופּע טשענסטאָכאָווער, פּסח הירשמאַן, אַפּטער, גאָלדמאַן און וועלטמאַן, די ערשטע צייט זיך געהאַלטן צוזאַמען. ס׳האָט געדויערט אַ לאַנגע צייט ביז מיר האָבן אָנגעהויבן צו באַקומען בריוו פֿון טשענסטאָכאָוו. דער ערשטער בריוו אין לאַגער און די ערשטע פּאָסילקע מיט וועש איז צו מיר אָנגעקומען פֿון מיינע אַלטע חברים און פֿריינד יצחק און העלאַ גורסקי. יצחק איז געווען צענזאָר אין ווין. אַזוי אַרום איז מיין ערשטער בריוו קיין טשענסטאָכאָוו אַריינגעפֿאַלן צו אים. אין ווין האָט זיך אויך געפֿונען מאַשע בערמאַן, אַ טעטיקע פּועלי־ציוניסטקע. פֿון אַמעריקע האָב איך דערהאַלטן אָפֿטע בריוו פֿון משה צע, יאַנקל קאַפּינסקי, העלע סערצאַרזש, שמחה קאַלקע ע״ה, און, פֿאַרשטייט זיך, פֿון מיין שוועסטער פּעני. צוויי טשענסטאָכאָווער, מיט וועלכע איך האָב די גאַנצע צייט אין געפֿאַנגענלאַגער צוזאַמען געאַרבעט אין די קאַנצעלאַריעס — און אָנטייל גענומען אין דער קולטור־ און הילפֿס־אַרבעט, וואָס מיר האָבן געפֿירט, — זיינען געווען; לעדערמאַן (אַן אייגנטימער פֿון אַ פֿאַבריקל) און יאַקוב שטרויסמאַן.

אין די לעצטע יאָרן פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז די פֿאַרבינדונג מיט טשענסטאָכאָוו געוואָרן בעסער. אין געפֿאַנגענלאַגער זיינען אָנגעקומען אַ סך בריוו פֿון חברים און פֿריינד, צווישן זיי, פֿון העלע האַסענפֿעלד, סאַראַ אוונער, און פֿון העניעק און גוטשע שמולעוויטש. צומייניסטן האָט אָבער געשריבן מאָריץ יארעצקי אין נאָמען פֿון דער ס׳ס.־אישער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט דעמאָלט אויפֿגעלעבט. ער, אונדזער אַלטער חבר מאָריץ, האָט צוזאַמען מיט הערשל גאָטיינער געפֿירט אַ ביוראָ, וואָס האָט אויסגעפֿירט, אין דייטש, די אַלע פֿאָרמאַליטעטן, וואָס די דייטשישע אָקופּאַציע־מאַכט האָט געפֿאָדערט. די אָרגאַניזאַציע האָט זיך באַמיט מיך צו באַפֿרייען פֿון לאַגער. די דאָזיקע אויפֿגאַבע האָט אויסגעפֿירט דער ליבער, גוטער חבר נאָטע שוואַרצבוים. איך בין באַפֿרייט געוואָרן אַ שטיקל צייט פֿאַרן סוף פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אָבער קיין טשענסטאָכאָוו בין איך ערשט צוריקגעקומען ווען עסטרייך איז זיך צעפֿאַלן.

* * *

עטלעכע טעג נאָך מיין אָנקומען קיין טשענסטאָכאָוו, איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז אין דייטשלאַנד איז אויסגעבראָכן אַ

רעוואָלוציע, און דער קייזער ווילהעלם האָט אַבדיקירט. דאָס איז געווען אין אַ שבת־צו־נאַכט. די קלוב־צימערן אויף אַלייע 43 זיינען געווען געפּאַקט מיט מענטשן. מיר האָבן אָפּגעהאַלטן אַ באַראַטונג, רפאל פעדערמאַן, וואָס איז געשטאַנען אָן דער שפּיץ פון דער אָרגאַניזאַציע, האָט פאָרגעלייגט איינצואָרדענען אַ דעמאָנסטראַציע. הערשל גאַטיינער איז געווען קעגן. איך האָב רפאלן אַ נטערשטיצט. מיר זיינען אַרויס מיט אַ רויטער פאָן אין גאַס. פון אַלייע 43 ביז טעאַטראַלנע איז דער עולם דעמאָנסטראַנטן געוואָרן אַלץ גרעסער. פּראָוואָקאַטאָרן אָדער לינקע „רעוואָלוציאָנערן" האָבן אָנגעהויבן אויסשרייען: „פּרעטש זי׳פּאָלסקאָן אַרמיאָן" (נידער מיט דער פּוילישער אַרמיי). אַ גרופּע פּוילישע יוגנטלעכע האָבן זיך באַלד אַ וואָרף געטאָן אויף דער דעמאָנסטראַציע מיט שטעקנס און ס׳איז געוואָרן אויס דעמאָנסטראַציע. דערנאָך האָבן די פּוילישע צייטונגען געשריבן, אַז יידן האָבן איינגעאָרדנט אַ דעמאָנסטראַציע קעגן דער פּוילישער אַרמיי.

דער לאָקאַל אויף אַלייע 43 איז באַלד געוואָרן דער צענטער פון אַ רוישיקער טעטיקייט. דאָרט, אין לאָקאַל, האָט מען געמאָלן די רויטע פענער פאַר פּ.פּ.ס.; געזאַמלט געווער פון די אַנטלאָפענע דייטשן, און דאָרט האָט מען אָרגאַניזירט אַ יידישע מיליץ. עס האָבן זיך אָרגאַניזירט אין שטאָט צוויי פאַרשידענע גרופּן מיליץ. איינע איז געווען אַן ענדעקישע, די צווייטע אַ פּעפּעעסישע אונטערן נאָמען „מיליציאַ ליודאָוואַ" (פאָלקס מיליץ). עס זיינען געמאַכט געוואָרן עטלעכע פּרואוון אַרויסצורופן אומרוען קעגן יידן. אָבער די אינטערווענציע פון אַרבעטער־ראַט און פון דער פאָלקס־מיליץ האָבן פאַרמידן פּאָגראָמען. די פאָלקס־מיליץ איז אויפגעלייזט געוואָרן ערשט שפּעטער אונטער ענדעקישער הערשאַפט, אין 1920, פאַרן צווייטן פּאָגראָם אין טשענסטאָכאָוו.

אין דער אָנפירונג פון דער ס.ס.־ישער אָרגאַניזאַציע זיינען צומיינסטן געשטאַנען חברים פון 1905. רפאל פעדערמאַן (אין יענע יאָרן אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט), האָט געהאַלטן די לייצעס פון דער גאַנצער אָרגאַניזאַציע אין זיינע הענט און זי אָנגעפירט מיט זיין שטאַרקן ווילן און אָרגאַניזאַטאָרישן טאַלאַנט. מיט אים צוזאַמען זיינען געווען: הערשל גאָטיינער. (דער סטודענט פון פילאָסאָפיע אין קראקע, איז איצט געוואָרן אַ ווירטשאַפטלער), ער האָט אָנגעפירט מיט די קאָאָפּעראַטיוון און בעקעריי; מיכאל אַלטער, און יעקב יצחק זשאַרנאָוויעצקי זיינען געווען טעטיק אין די פּראָפעסיאָנעל־פאַריינען. איך האָב באַלד איבערגענומען די סעקרעטאַרסטווע און שרייבעריי. די ניי־צוגעקומענע זיינען געווען דודעק שלעזינגער — אַ פייערדיקער טעמפּעראַמענט (ער האָט שטודירט פאַר אינזשיניר אין בעלגיע); משה בערקענשטאט — אַ קאַמאַשן־שטעפּער; רייזעלע פייערטאג, חיהלע וואגא און אברהם וועגנער. שיע נירנבערג איז געווען דער אַפּראָוויזאַציע־מיניסטער. ער האָט צוגעשטעלט שפּייז פאַר דער אַרבעטער־קיך, אַרבעטער־רעסטאָראַן און קינדערהיימען. פון רוסלאַנד איז צוריקגעקומען דער פּויליש־ריידנדיקער (יידיש האָט ער נישט געקענט) יוזשעק פינקעלשטיין, ער האָט, צוזאַמען מיט דודעק שלעזינגער, געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין אַרבעטער־ראַט.

דער פריערדיקער פיר־עק — פעדערמאַן, דאָרקע שאכער, לייזער בערקאָוויטש און יעטשע פּאַקולע — איז איצט פאַרביטן געוואָרן אויף אַן אַנדערן: פעדערמאַן, חיהלע וואגא, רייזעלע פייערטאג אַון עסטערא פוקס. די לעצטע האָט שטודירט אין אַ וואַרשעווער אוניווערזיטעט און איז שפּעטער געווען פּראָפעסאָרלערקע אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. איר נאָענטער פריינד איז געווען לאַנדע, אַ שטעפּער־אַרבעטער, וואָס האָט צוזאַמען מיט איזידאָר האָראָוויץ אָנגעפירט מיט דער לינקער גרופּע. לאַנדע איז אויך שפּעטער אַריבער קיין רוסלאַנד.

* * *

דעם ערשטן אָפענעם אַנטיסעמיטישן קלאַפּ אין נייעם פּוילן האָבן מיר באַקומען, ווען דער אַרבעטער־ראַט האָט געווילט אַן עקזעקוטיווע. די אַרבעטער אין שטאָט, פאַרביטערט צוליב דער אַרבעטסלאָזיקייט (אַלע פאַבריקן זיינען דאַמאָלט געווען געשלאָסן) און אונטערהעצט דורך די אַנטיסעמיטישע עלעמענטן, האָבן צום אָנהויב נישט געוואָלט צולאָזן קיין פאָרשטייער פון די יידישע אַרבעטער אין דער עקזעקוטיווע. נאָך די שטאַרקע רעדעס פון רפאל פעדערמאַן און יוזשעק פינקעלשטיין, אונטערשטיצט פון פאָרשטייער פון ס.ד., שפּעטער אויך פון פּ.פּ.ס., האָט זיך די שטימונג געענדערט. דודעק שלעזינגער און יוזשעק פינקעלשטיין זיינען אַריין אין דער עקזעקוטיווע און דאָרט געפירט דאָס רעדל.

גאָר שטאַרק איז געווען דער קלאַפּ, וואָס די יידישע אַרבעטער האָבן באַקומען דעם 1טן מאַי 1919. דער אַרבעטער־ראַט האָט אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן פון אַ געמיינזאַמער דעמאָנסטראַציע פון אַלע פּאַרטייען. אָבער ווען די יידישע אַרבעטער זיינען געקומען צום פאַרזאַמלונגס־פּלאַץ, האָבן די אָרדענונג־היטערס זיי נישט אַריינגעלאָזט. די אָנפירער האָבן זיך געלאָזט באַהערשן פון דער אַנטיסעמיטישער שטימונג פון דער מאַסע און באַשלאָסן, נישט אָפיציעל, איינצואָרדענען די דעמאָנסטראַציע אָן די יידישע אַרבעטער.

ס׳איז געווילט געוואָרן דער ערשטער שטאָט־ראַט מיט אַן ענדעקישער מערהייט. פאָרזיצער איז געווען דער אַנטיסעמיט ד״ר נאָוואַק. די ענדעקישע מערהייט פון שטאָט־ראַט האָט נישט אַדורכגעלאָזט קיין געלעגנהייט איינצופירן באַגרענעצונגען קעגן יידן. ווען עס ווערט באַטראַכט אַ פּראָיעקט פון אַ שטאָטישער הלוואה אויף עפנטלעכע אַרבעטן, ווערט באַשלאָסן די יידן נישט איבערצוגעבן קיין שום אַרבעט אויסצופירן. ווען עס ווערן אָפּגעזאָגט 5 פערזאָן פון אַפּראָוויזאַציע־קאָמיטעט — זיינען אַלע אָפּגעזאָגטע יידן, וואָס זיינען דאָרט פאַרבליבן פון די צייטן פון דער דייטשישער אָקופּאַציע

דאָס אַלץ, צוזאַמען מיט די שטענדיקע אַנטיסעמיטישע העצעס פון די צוויי פּוילישע צייטונגען, האָבן דערפירט צום שוידערלעכן פּאָגראָם פון 19טן מאַי 1920.

ווען פּעטלורעס פּאָגראָמשטשיקעס האָבן געליטן אַ מפּלה אין אוקראַינע, און פּעטלורע מיט זיין שטאַב האָבן געפונען אַ מקום מקלט אין פּוילן, איז ער איינקוואַרטירט געוואָרן אין שענסטן האָטעל אין טשענסטאָכאָוו. ר. פעדערמאַן, פאַרטרעטער פון דער פראַקציע „פאַראייניקטע" אין שטאָט־ראַט, האָט דערמאָלט אַריינגעטראָגן אַ פּראָטעסט אין שטאָט־ראַט. פעדערמאַן, און מיט אים שיע נירנבערג, זיינען געווען די, וואָס האָבן אין שטאָט־ראַט געפירט די מלחמה קעגן די ענדעקעס. אָבער מער ווי ריידן, שרייען און פּראָטעסטירן האָט מען נישט געקענט.

אין טשענסטאָכאָוו האָבן זיך אויך אָפּט באַוויזן די „ליבע" געשטאַלטן פון אַנדערע באַנדיטישע אַרמייען פון רוסלאַנד. אַ נאָטיץ אין „דאָס נייע וואָרט" דערציילט וועגן דיזאָזיקע פאַרשוינען אַזוי: „וואָך־איין, וואָך־אויס זעען מיר אויף אונדזערע גאַסן די ליבע געשטאַלטן פון די דעניקינצעס. וואָס פאַר אַ ליבע געפילן זיי דערוועקן. די דאָזיקע טייערע אויסגעאיידלטע פּנימער... פּשוט דאָס האַרץ צעגייט זעענדיק ווי פון זיי שיינען אַרויס די ברייטע נשמות, געלייטערט אין גאַנצע ימען מענטשלעך בלוט

און טרערן אין וועלכע זיי האָבן זיך געבאָדן אויף די פעלדער און אין די שטעט פון אוקראַינע"...

„באַזונדער פרייט אונדז אונדזער גאַסט־פריינטלעכקייט... אָ, ניין, דאָס זיינען נישט קיין רויטע באַרבאַרן, וואָס מיר טראַנס־פּאָרטירן אויף יענער וועלט... זיי וועט ביי אונדז קיין האָר נישט געקרימט ווערן. פאַרוואָגלט נעבעך פון זייערע היימען, עפענען מיר ברייט פאַר זיי אונדזערע טירן: צעלייגט זיך ווי ביים טאַטן אין וויינגאָרטן, פילט זיך ווי ביי זיך אינדערהיים, ווייסט און פילט ווער מיר זיינען..."

* * *

דעם צווייטן מאַי 1923 האָט גענעראַל פאָש באַזוכט טשענ־סטאָכאָוו. די שטאָט איז געוואָרן אויסגעפּוצט מיט צענדלינגער טריאומף־טויערן: אַ פלאָרענטישער, אַ שלאָס־טויער, אַ גריכי־שער, אַ ווענעציאַנישער אאַז"וו. זיי האָבן אָפּגעקאָסט מיליאַנען זלאָטעס, אויף די גאַסן האָבן מאַניפעסטירט טייערע קאַרעטן, צוגאָווע פערד, אויטאָמאָבילן, רייכע טואַלעטן, אַ וואַלד מיט שטאָלענע העלמען און שפאלערן קינדער פון די שולן.

אַ טאָג פריער, דעם ערשטן מאַי, האָט אויף די גאַסן דע־מאָנסטרירט די אָרעמקייט, די נויט, דער הונגער. רייטער־פּאָ־ליציי האָט זיך געוואָרפן אויף אַ טייל פון די דעמאָנסטראַנטן. די קאָמוניסטישע אָפּטיילונג און אַ גרויסער טייל פון זיי אַרעס־טירט.ביידע טעג האָבן געוויזן דאָס „באַפרייטע" פוילן אין איר אמתן אויסזען.

* * *

צוערשט לאַנגזאַם, דערנאָך אין פולן גאַלאָפּ איז אָנגעקומען די אינפלאַציע. די נאַראָדאָווע רעגירונגען האָבן געדרוקט פּאַ־פּיר־געלט אָן אַ שיעור און די אַרבעטער האָבן אָן אויפהער געסטרייקט. נאָך יעדער הונדערט־פּראָצענטיקער הוספה איז גע־קומען אַ פילפאַכע העכערונג פון די פרייזן אויף זאַכן און לעבנס־מיטל. אַ געוויסע צייט האָט די אָרעמע באַפעלקערונג געלעבט אויף „דאַרמאָכעס", דאָס ווייסע מעל און שמאַלץ, וואָס איז גע־קומען פון אַמעריקע. ווען דאָס האָט אויפגעהערט האָט מען גע־הונגערט.

די שוואַרצע בירזשע איז געווען אויף דער ערשטער אַלייע, וואָס איז שטענדיק געווען פאַרפלייצט פון מענטשן. צומיינסטן האָט מען געהאַנדלט מיט „לאָקשן" (אַמעריקאַנער דאלארן), אָבער מען האָט אויך געהאַנדלט מיט וואלוטעס פון דער גאַנצער וועלט און מיט אַלץ, וואָס האָט זיך נאָר געלאָזט.

די „מאַלאַרניע" האָט געאַרבעט אין אַ באַגרענעצטער מאָס. די אָפּגעבּרענטע טייל איז מער נישט אויפגעבויט געוואָרן. העני־ריק מאַרקוספעלד איז געשטאָרבן. זיינע קינדער זיינען געווען אָפּגעקומענע גבירים. אַ גרויסע טייל פון די אַרבעטער האָבן פאַרקויפט פאַפּיראָסן אויף דאָיאַזד־גאַס. מען פלעגט אויך אַמאָל טרעפן אין די אָוונטן אַרומשפּאַצירן מאַנכע אַרבעטערינס פון דער פאַבריק... אַנדערע זיינען געוואָרן מאַרק־שטייער אין פיינט געקראָגן זייערע יידישע קאָנקורענטן. עטלעכע פּעפּעסאָוצעס, געוועזענע אָנפירער פון דער פאַבריק, האָבן געדינט אין דער דעפענזיווע און אין דער קרימינעלער פּאָליציי.

* * *

די בהלה־שטימונג, וואָס האָט געהערשט זינט פוילן איז געוואָרן זעלבסטשטענדיק, האָט דערגרייכט איר העכסטן פונקט בשעת די פוילישע אַרמייען האָבן אָנגעהויבן לויפן צוריק פון אוקראַינע און ווייס־רוסלאַנד. די רויטע אַרמיי האָט זיך דער־נענטערט צו דער שטאָט וואַרשע. די רעאַקציע האָט זיך צע־בּשוועט. אַרבעטער־לאָקאַלן זיינען פאַרמאַכט געוואָרן, פּאַרטיי־טוער אַרעסטירט. ר. פעדערמאַן איז געווען מאָביליזירט אין דער פוילישער אַרמיי. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז אַלץ וואָס די אַר־בעטער־מאַסן האָבן אויפגעבויט מיט אַזוי פיל אידעאַליזם און אָנשטרענגונג, גייט אונטער. די יידישע באַפעלקערונג האָט געלעבט אין טויט־שרעק. סטודענטישע כוליגאַנעס האָבן געהו־ליעט אין די גאַסן.

אין יענע טעג האָב איך אַליין, זיצנדיק ביים פּרעסע־טיש פון שטאָט־ראַט, זיך געפונען אין אַ גרויסער סכנה. דער פאָר־זיצער, ד"ר נאָוואַק, האָט מיט אַ התלהבותדיקער שטים געמאָלדן, אַז פּילסודסקי איז מיט זיינע אַרמייען אַריין קיין קיעוו. די ראַט־מענער זיינען אויפגעשפּרונגען פון זייערע ערטער און אין כאָר אָנגעהויבן צו שרייען הוראַ! אַזוי ווי קיין אַנדער שונא אויף וועמען זיך צו וואַרפן איז אין זאַל נישט געווען, האָבן צענדלינגער, מיט בלוט־פאַרלאָפענע אויגן, זיך געגעבן אַ קער צו מיר, דערפאַר וואָס איך בין, בשעת דער מאַניפעסטאַציע, געבליבן זיצן אויפן אָרט. אַנטקעגן מיר איז געזעסן דער ווילדער אַנטיסעמיט מישעראָווסקי, פירער פון די כאדעקעס, און כאָטש ער האָט געטראָגן טונקעלע ברילן, האָב איך דאָך דערפילט, אַז אַזוי זעט מסתמא אויס אַ וואָלף איידער ער וואַרפט זיך אויף זיין קרבן. איך רעכן דאָס עד־היום פאַר אַ נס, וואָס איך בין דעמאָלט אַרויס אַ לעבעדיקער פון שטאָט־ראַט...

ריכטיק אין דער צייט איז מענדל שוכטער אָנגעקומען קיין טשענסטאָכאָוו פון אַמעריקע. ער האָט אָפּגעהאַלטן מיט אונדז א מיטינג, איבערגעלאָזט דאָס געלט וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פאַר געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און יחידים, און איז גיך אַנטרונען געוואָרן. מיטגענומען מיט זיך האָט ער פעדערמאַנס פלאַן צו בויען אַן אייגן הויז פאַר די קינדערהיימען און שולן, וואָס איז, אגב, שפּעטער פאַרווירקלעכט געוואָרן.

נאָכדעם ווי ס'איז געשלאָסן געוואָרן דער שלום צווישן פוילן און רוסלאַנד, האָבן זיך אָנגעהויבן די מלחמה־נאָכוויען. אַ גרויסער טייל יידישע זעלנער אין דער פוילישער אַרמיי זיינען אויסגעטיילט געוואָרן פון זייערע רעגימענטן און אינטערנירט געוואָרן אין לאַגער יאַבלאָננאַ, הינטער וואַרשע. ווען מען האָט דעם לאַגער ליקווידירט, איז אַ גרויסער טייל פון די יידישע זעלנער געבראַכט געוואָרן קיין טשענסטאָכאָוו און מיטגעבראַכט מיט זיך דאָס ליד, וואָס זיי האָבן דאָרטן געשאַפן אויף דער מעלאָדיע פון די פוילישע לעגיאָנערן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה: „מי פיערווּשאַ בריגאַדאַ". דאָס ליד פון אינטערנירונגס־לאַגער „יאַבלאָננאַ" האָט זיך אָנגעהויבן אַזוי:

„מי אָבוז יאַבלאָננאַ,
טאָ נאַדזשעיא פלאָננאַ".

(מיר, לאַגער יאַבלאָננאַ, זיינען אַ האָפענונג אַ ליכטיקע).
אַלע מיידלעך פון טשענסטאָכאָוו האָבן נאָכגעזונגען דאָס ליד.

* * *

טראָץ דעם אַלעם האָט מען זיך געוויילט, געלאַכט און דער עיקר געטאַנצט, אָרעם, רייך — אַלע האָבן געזוכט אַביסעלע פאַרווײַלונג.

די היפּט־פאַרוויילונגען זיינען געווען די מאַסקאַראַדן. זיי זיינען צומיינסטן איינגעאָרדנט געוואָרן אין די ניי־יאָר־אָוונטן און פּורים־צייט. די מאַסקאַראַדן און טאַנץ־אָוונטן זיינען איינגע־אָרדנט געוואָרן דורך די פּאַרטייען, פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און פילאַנטראָפּישע געזעלשאַפטן. די אַריסטאָקראַטישע אונטערנע־מונגען זיינען פאָרגעקומען אין סטראַזשאַצקי זאַל, די פּראָלע־

טאַרישע — אין זאַל „נייע וועלט" (פריער „קופּיעצקי"), די מיטלמעסיקע — אין זאַל „האַרמאָניא". אַזוי איז אויך געווען מיט די טאַנץ־אָוונטן.

טעאַטער־פאָרשטעלונגען האָבן פאַרלאָרן דעם רייץ וואָס זיי האָבן געהאַט אין דער פאַרמלחמהדיקער „קולטור־עפּאָכע". די קינעמאַטאָגראַפן זיינען שטענדיק געווען געפאַקט. דער שענסטער פון זיי איז געווען דער „אָדעאָן" אויף דער צווייטער אַלייע. די קינאָס האָבן איינגעפירט אַטראַקציעס, צומיינסטן מיט צווייטראַנגיקע אַקטיאָרן פון וואַרשעווער קאַבאַרעטן. אַ סך האָבן געזונגען פאָרנאָגראַפישע לידלעך. דער יונגער דור, בחורים און מיידלעך, עלטערע אויך, האָבן דערפון, ווי מען זאָגט, געלעקט די פינגער.

מיט שטורמישן ענטוזיאַזם האָבן די יידישע מאַסן שטענדיק אויפגענומען די קאָנצערטן פון מ. קיפּניס און ז. זעליגפעלד. יאַנקעלע דאַנציקער, זייער אימפּרעסאַריאָ, האָט, זעט אויס, ליב געהאַט טשענסטאָכאָוו און אונדז מכבד געווען מיט עטלעכע קאָנצערטן אַ יאָר. דער זאַל „סטראַזשאצקי" איז שטענדיק געווען איבערפולט. מאַנכע פאָלקס־לידער, ווי למשל, „וואַנקאַ ניע שאַלעי", זיינען אין אַ טויזנט־שטימיקן כאָר מיטגעזונגען געוואָרן מיט קיפּניסן.

אין „טונקל־אָוונט", מיטן הומאָריסט יוסף טונקל, (אויך אַן אָפטער גאַסט אין טשענסטאָכאָוו) איז געווען באַזונדערס אָריגינעל. די עלעקטרישע ליכט אין זאַל האָט אויפגעהערט צו פונקציאָנירן און דער אָוונט איז געווען באמת אַ טונקעלער...

* * *

אַ סך מאָל האָט זיך די ליבע פּאָליציי אַריינגעמישט און פאַרשטערט די שמחה. איין פּורים־אָוונט אין זאַל „האַרמאָניא" איז צעטריבן געוואָרן, ווייל ס'איז גראַד געווען אַ קאַטוילישער פאַסט־טאָג. דער עולם האָט געפּראַוועט פּורים אויפן טראָטואַר פון דער אַלייע. אַ סך מאָל זיינען פאָרלעזונגען און קאָנצערטן אויפגעהאַלטן געוואָרן, ווייל פּאָליציי האָט געפאָדערט אַ באַזונדער דערלויבעניש צו רעדן אָדער זינגען יידיש. דער פאַרזאַמלטער עולם פלעגט אָפט זיצן שעה'ן אין די קאַלטע זאַלן בשעת די איינאָרדנער זיינען אַרומגעלאָפן איבער די פּאָליצייאישע קאָמיסאַריאַטן אָפּצורופן די גזירה.

צום בעסטן איז אָבער געווען זומער אין אַלטן אָדער נייעם פאַרק און זונטיק אין אָסטראָווער וואַלד. די צרה אין די פאַרקן איז נאָר געווען, וואָס צען אַזייגער אין אָוונט זיינען זיי געשלאָסן געוואָרן. אויב עמעץ האָט געוואָלט דאָרט לענגער ראָמאַנסירן, האָט מען געמוזט שפּרינגען איבערן הויכן פּלייט.

* * *

די שטורעמדיקסטע, די רוישנדיקסטע געשעענישן זיינען געווען די וואַל־קאַמפּן.

צום ערשטן איז געווען דער וואַל־קאַמף אין די אַרבעטערראַטן, דערנאָך וואַלן צום סיים, וואַלן צום שטאָט־ראַט. אין די שפּעטערע יאָרן זיינען שוין קיין אַרבעטער־ראַטן נישט געווען אָבער וואַלן צום סיים, אין שטאָט־ראַט און אין דער יידישער גמינע זיינען כסדר פאָרגעקומען.

שטורעמדיקע פאַרזאַמלונגען און מאַסן־מיטינגען זיינען פאָרגעקומען אין זאַל פון האַנטווערקער קלוב, אין זאַל „האַרמאָניא" און צומיינסטן אין זאַל „נייע וועלט".

אָט איז אַ מוסטער פון צוויי וואַל־פאַרזאַמלונגען: אין זאַל „האַרמאָניאַ" אָרדנען איין די ציוניסטן אַ פרויען־פאַרזאַמלונג פון די „בנות־ציון". אָבער דער זאַל איז געפּאַקט מיט די אַרבעטער־מיידלעך פון די גאַרנצאַרסקע, נאַדזשעטשנאָ, סענאַטאָרסקע גאַסן. מען שטייט אויף די בענק און אויף דער גאַלעריע. ציוניסטישע יוגנט היט די שטיגן, אַז אַ רעדנער פון די אַרבעטער־פאַרטייען זאָל נישט שטערן. אָבער דערנאָך ווי די קראָקעווער רעדנערין ענדיקט איר רעדע, באַווייזט זיך אויף דער טריבונע אַן אַרבעטער־רעדנער ווי ער וואָלט אַראָפּגעפאַלן פון הימל. די ווענט פון זאַל הויבן אָן צו ציטערן פון אַפּלאָדיסמענטן. די ציוניסטן מיט די „בנות ציון" ווערן דאָ בטול בשישים.

אויף אַ צווייטער ציוניסטישער מאַסן־פאַרזאַמלונג פאַר מענער זיינען שוין די טירן אינגאַנצן געשלאָסן, אָבער נישט פאַר די פליישער־אַרבעטער, טרעגער־אַרבעטער אאַז"וו. זיי לאָזן זיך אין אַן אַטאַקע, פּראַלן אויף די טירן און נאָך זיי שטראָמט אַריין די מאַסע, וואָס די איינאָרדנער ווילן אין זאַל נישט האָבן, און עס רוישט און טומלט די מאַסע און לאָזט נישט קומען צום וואָרט דעם ערשטן רעדנער. ביז דודעק שלעזינגער באַווייזט זיך אויף דער טריבונע, הויבט אויף די האַנט און עס ווערט שטיל.

די אייגנטימער פון די זאַלן, די דרוקערייען, האָבן בעת די וואַלן געמאַכט די בעסטע געשעפטן. די שטאָט איז געגאַנגען כאָדעראָם. רעדנער זיינען הייזעריק געוואָרן. די אָרעמע פרויען, וואָס מען פלעגט צוזאַמענרופן פון די פאַרוואָרפנסטע ווינקעלעך, האָבן דערנאָך געזאָגט, אַז „ער האָט גערעדט פאַר פייער און פאַר וואַסער". אַזוי איז עס טאַקע געווען אין אַ סך פאַלן. אָבער עס איז געווען אַביסעלע אויפרעגונג, קאָכעניש, לעבן.

צוויי מאָל זיינען פאָרגעקומען די וואַלן צום סיים אין משך פון דער צייט. ביידע מאָל איז דער קאַנדידאַט צום סיים, וואָס די „פאַראייניקטע" האָבן אַרויסגעשטעלט, געווען ד"ר יוסף קרוק. דער קעגן־קאַנדידאַט פון אַלע בירגערלעכע עלעמענטן איז געווען ד"ר מאיר באַלאַבאַן. ער איז אַ לענגערע צייט געווען דירעקטאָר פון דער יידישער גימנאַזיע אין טשענסטאָכאָוו און איז געווען זייער אָנגעזען אין שטאָט. אָבער ד"ר יוסף קרוק האָט אויף זיך געטראָגן דעם אָרעאָל פון קאַמף פאַר פרייהייט און סאָציאַלע רעכט פון די יידישע מאַסן, אָנהויבנדיק טאַקע אין טשענסטאָכאָוו, אין די יאָרן פון צאַרישער הערשאַפט. ד"ר יוסף קרוק איז געווען די שענסטע יידיש־סאָציאַליסטישע פּערזענלעכקייט, באַקאַנט אין דער ברייטער וועלט, וואָס טשענסטאָכאָוו האָט אַרויסגעגעבן. ער האָט דעריבער געהאַט אַ סך באַגייסטערטע אָנהענגער צווישן די יידישע אַרבעטער און דער אינטעליגענץ. אָבער ביידע קאַנדידאַטן האָבן ביידע מאָל פאַרשפּילט און איין צד האָט באַשולדיקט דעם צווייטן אין דעם וואָס טשענסטאָכאָוו האָט קיין יידישן דעפּוטאַט אין סיים נישט דערוויילט.

פאַרטייען האָבן צווישן זיך געקעמפט, אַמאָל שטאַרקער, אַמאָל שוואַכער, און אַמאָל האָבן זיך אַלע פאַראייניקט ווי צו אַן ערשטן מאַי, למשל. דאָס זיינען געווען די שענסטע מאָמענטן פון פאַרטיי־לעבן. אָבער אין ענגן קרייז פון יעדער פאַרטיי איז געווען אמתע חברשאַפט, אַ סך מאָל זייער טיפע פריינדשאַפט און צוגעבונדנקייט פון איינעם צום אַנדערן. אויך דאָס איז געווען דאָס שענסטע פון פאַרטיי־לעבן.

* * *

די נייע אידייען, נייע שטרעבונגען האָבן געלעבט זייט־ביי־זייט מיטן אַלטן לעבנסשטייגער און אַלטע טראַדיציעס. אַזוי ווי מיט יאָרן, יאָרן צוריק זיינען געווען בית־המדרש־בחורים, גערער, אַלעקסאַנדערער, נאָוואָ־ראַדאָמסקער חסידים מיט זייערע שטיבלעך. די טרעגער־אַרבעטער, למשל, האָבן זייער פּראָפּעסיאָנעלן פאַריין איינגעאָרדנט אין זעלביקן לאָקאַל, וואו זיי האָבן

פריער געהאַט זייער מנין. שבת פלעגט מען דאָרט דאַווענען, טיילן עליות און מנדר זיין קאַרל מאַרקס׳ בילד, ככדי זייער „קלאַסן־פאַריין” זאָל נישט פאַרשעמט ווערן אָן מאַרקסן. דער שטאָט מגיד, קאָבלענץ, האָט יעדן אָוונט געלערנט מיט זיין חברה קדישא אַ בלאַט גמרא אָדער משניות, די תלמוד־תורהס זיינען געווען איבערפילט מיט קינדער, און מלמדים האָבן געלערנט ווי אין די גאָר אַלטע צייטן, כאָטש ס׳האָט שוין עקזיסטירט די וועלטלעכע יידישע פאָלקשול, קינדערהיימען ביי אַלע פּאַרטייען, „אָכראַנקעס”, און אייניקע פּוילישע שולן פאַר יידישע קינדער מיט די לערערינס פריילין שאכער, פעלא קיאק, דער אַלטער אָוונער, זיין ייִנגסטע טאָכטער און אַ סך אַנדערע. אין די פּוילישע שולן פלעגט אויך אַ מלמד לערנען מיט די יידישע קינדער „יידישע רעליגיע”.

אין זייער גרעסטער מערהייט האָבן יידישע אַרבעטער נישט געאַרבעט אום שבת. די אַרבעטער־צייטונגען, איינע פון זיי „דאָס נייע וואָרט” פון די „פאַראייניקטע”, האָבן צום שטאַרקסטן באַקעמפט דעם געזעץ וועגן געצוואונגענעם זונטיק־רו, וואָס איז געווען געצילט קעגן יידישן האַנדל, יידישער אינדוסטריע און יידישע האַנטווערקער. די יידישע קראָמען אין אַלטן און נייעם מאַרק, אין דער ערשטער און צווייטער אַלייע זיינען שבת געווען געשלאָסן. און איז אַ יידישע שניט־קראָם אין דער צווייטער אַלייע שבת געווען אָפן, האָט אַ דעלעגאַציע פון אָנגעזעענע יידן, אין די שבתדיקע אַטלעסענע קאַפּאָטעס, זיך געלאָזט אויף דער אַלייע, פול מיט שבתדיק־שפּאַצירנדיקע יידן, אויפצופאָדערן דעם מחלל־שבתניק צו פאַרמאַכן זיין קראָם. אין די אַרבעטער־קלובן זיינען שבת אָפּגעהאַלטן געוואָרן די פּאַרטיי־פאַרזאַמלונגען, פּאַרטיי־פאָרלעזונגען, אַזוי ווי די פּוילישע אַרבעטער האָבן זייערע פאַרזאַמלונגען אָפּגעהאַלטן זונטיק. שבת נאָכמיטיק זיינען אַלע פּאַרטיי־לאָקאַלן געווען געפּאַקט.

פון אַלע יידישע יום־טובים, וואָס זיינען געפייערט געוואָרן פון אַלט און יונג — האָט דער יום־טוב פסח פאַרנומען דעם אויבן־אָן. ווי מיט הונדערטער יאָרן צוריק האָט מען זיך וואָכן געגרייט צום יום־טוב פסח. גערייניקט די הייזער, געסקראָבעט די דילן, געשייערט און געכשרט דאָס געפעס און געבאַקן מצות.

אָט איז אַ כאַראַקטעריסטישע באַשרייבונג פון אַן ערב פסח, געדרוקט אין „דאָס נייע וואָרט”, פון יאָר 1921.

„אויף די גאָרנצאַרסקע, נאַדזשעטשנע, סענאַטאָרסקע, וואַרשעווער און אַנדערע גאַסן גרייט מען זיך צום פסח און מען באַקט מצות. אַלע באַקן מצות: טאַטעס, מאַמעס, טעכטער, זין און קליינע קינדער. די לעצטע זיינען מעל־וואַרפערס און וואַסער־גיסערס. עלטערע יידן מיט בערד און געזונטע יונגען דרייען די מצה־מאַשינען. עלטערע פרויען און יונגע מיידלעך קנייטן טייגלעך. די געשיקטע הענט פון די רעדלער פליען איבער די מצות, קליינע ייִנגלעך כאַפּן זיי אויף, טראָגן זיי צום שיבער, וואָס שטייט ביים ברענענדיקן אויוון און שיבט אַריין און שיבט אַרויס אָן אויפהער.

„אין דער מצה־בעקעריי פון די האַנטווערקער גייט עס צו אַ ביסל אויפן אַלטן שטייגער. דאָרט היט מען נאָך די אַמאָליקע טראַדיציע און ווען די קצבים באַקן אָפּ זייערע מצות — זיינען זיי זיך משמח צוזאַמען מיט די מצה־אַרבעטער מיט אַ גלעזל משקה און לאָזן זיך אונטערלענען די הערצער...

„אויף דיזעלביקע גאַסן זעט מען דורך די פענצטער פון די קעלערס אַ גרויסע צאָל צוקער־בעקערייען. דער ריח פון טאָרטן און צוקער־קוכנס שלאָגט אין דער נאָז. דאָס גרייט מען צו פסחדיקע מאכלים פאַרן נייעם מאַרק, ערשטער און צווייטער אַלייע...”

צוזאַמען דערמיט איז געפייערט געוואָרן דער ערשטער מאַי מיט מאַסן־מיטינגען, דעמאָנסטראַציעס אין די גאַסן און אַקאַדעמיעס אין די אָוונטן. אַלע אַרבעטער־לאָקאַלן זיינען אויסגעפּוצט געוואָרן און באַהאַנגען מיט רויטע פאַפּירענע בענדער. נישט געקוקט אויף אַלע שטערענישן וואָס מ׳איז אויסגעשטאַנען פון פּאָליציי און אַנדערע צרות — איז דאָך געווען יום־טוב.

אַ גרויסער יום־טוב צומיינסטן אויף דער אָרעמער יידישער גאַס זיינען געווען די שול־פייערונגען און קינדער־פאָרשטעלונגען פון דער י. ל. פּרץ שול און קינדערהיימען. אַ סך מאָל זיינען די אַלטע יידישע יום־טובים פאַראייניקט געוואָרן מיט די נייע. אין אַ חנוכה אָדער פּורים האָט מען איינגעאָרדנט אַ שול־יום־טוב פאַר די קינדער, טאַטעס און מאַמעס. פירער פון די אַרבעטער־פּאַרטייען, פאָרשטייער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען זיינען זיך צוזאַמענגעקומען. מיט אַ לייכטנדיקן פּנים האָט חבר ציגע אָזשעך, פאָרטרעטער פון בעקער־פאַריין, געבראַכט קיכלעך וואָס דער פאַריין האָט געבאַקן לכבוד דעם יום־טוב. דער פאָרזיצער פון עלטערן־קאָמיטעט, חבר לייבוש בערקאָוויטש האָט געעפנט די פייערונג. די קינדער האָבן געזונגען און אַ ליכטיקע פרייד האָט זיך צעגאָסן איבער אַלעמענס הערצער.

אין דער טעטיקייט פון די אַרבעטער־פּאַרטייען האָט אַ וויכטיקן אָרט פאַרנומען די אויפקלערונגס און בילדונגס אַרבעט צווישן דער אַרבעטער־יוגנט, וואָס אַמאָל האָט מען זיי גערופן „לערן־ייִנגלעך”. און ס׳איז געווען צו זיי אָך און וויי. די „פאַראייניקטע” האָבן געפירט פאַר זיי אַן אָוונט־שול, וואו דער טראָפּ איז געלייגט געוואָרן אויסצולערנען די יוגנט, צומיינסטן פון די חדרים, צו שרייבן אַ גוטן יידיש און זיי באַקענען מיט דער יידישער ליטעראַטור. די שול איז געווען אָפן אויך פאַר דער יוגנט פון אַנדערע ריכטונגען און אומפּאַרטייאישע. עטלעכע נעמען פון זיי זיינען מיר געבליבן אין זכרון. און מען דאַרף זיי דערמאָנען. מיטן טאַטן פון יונגינקן וואַרגאָן האָב איך געאַרבעט אין מאַרקוספעלדס „מאַלאַרניע” אין 1905. דאָסזעלביקע מיטן מער דערוואַקסענעם קאָניאַרסקי. ביידע האָבן שוין דעמאָלט געהערט צו דער קאָמוניסטישער יוגנט אָרגאַניזאַציע. רייזעלע ראָזענפעלד, די ייִנגערע שוועסטער פון רעגינע (ריווטשע) קופּערמאַן, ע״ה, איז אויך איבערגעגאַנגען צו די לינקע, זי האָט זיך געראַטעוועט פון היטלער־חורבן און האָט מיר שפּעטער געשריבן בריוו פון קאָמוניסטישן פּוילן. חיהלע וואַגאַס ייִנגערע שוועסטער איז זייער יונג געשטאָרבן. משה לעווענהאָף איז געווען דער בעסטער שילער. ער האָט מיר שפּעטער געווידמעט אַ ליד, פאַרעפנטלעכט אין „דאָס נייע וואָרט”. עלעק לעווענשטיין איז שפּעטער געוואָרן אַ פונקציאָנער אין דער קאָמוניסטישער אָרגאַניזאַציע און איז יאָרן־לאַנג געזעסן אין די פּוילישע תפיסות, אַזוי ווי אַ סך אַנדערע פון דערזעלביקער גרופּע. ס׳האָט זיך דאָרט אויך געלערנט אַ שומרטע, אַ מיטגליד פון „השומר הצעיר”. דער כאַראַקטעריסטישסטער פון אַלע איז געווען הערשל ליפּשיץ. ער איז געווען דער פלייסיקסטער שילער. און ווי אַן אייסנאַם פון אַלע איז ער דווקא געווען רעליגיעז־פרום און מען האָט אים געמוזט באַשיצן פון דער איבעריקער שול־יוגנט, וואָס האָט אים געוואָלט פאַרדזשאבען. ער איז אָבער געבליבן ביי זיינס. ער איז שפּעטער געוואָרן אַן איבערגעגעבענער געזעלשאַפטלעכער און קולטור־טוער און צוזאַמען מיט פאָרשטייער פון „השומר

הצעיר" האָט ער אָנגעפירט מיט דער אַלגעמיינער אַרבעטער־ביבליאָטעק.

דאָס אַריינעמען אין דער שול די קאָמוניסטישע יוגנט האָט געבראַכט גאָר שלעכטע רעזולטאַטן פאַר דער שול און פאַר דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע — „שטראַל". די קאָמוניסטן האָבן צעשטערט די אָרגאַניזאַציע צוזאַמען מיט דער שול, וואָס האָט זיי אויפגענומען און זיי דערצויגן צו זיין מער קולטורעלע מענטשן. זעט אויס, אַז דאָס האָט נישט געהאָלפן...

* * *

די גאַנצע צייט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, אַזוי ווי פריער, איז די עמיגראַציע פון די יקדישע מאַסן, באַזונדער פון דער יוגנט, געפלאָסן ווי אַ שטראָמיקער טייך קיין אַמעריקע, ארץ ישראל, אַרגענטינע, דייטשלאַנד, פראַנקרייך, בעלגיען און וואו מ'האָט נאָר געקאָנט.

קיין ארץ־ישראל איז מען געפאָרן מיט סערטיפיקאַטן, קיין אַמעריקע מיט וויזעס פון קרובים, קיין פראַנקרייך און בעלגיען — אומלעגאַל.

גאָר שטאַרק איז געוואָרן דער דראַנג קיין ארץ־ישראל, ווען די עמיגראַציע קיין אַמעריקע איז כמעט ווי אָפּגעשטעלט געוואָרן. אַ סך אַרבעטער און יוגנט האָבן פאַרלאָזן זייערע פאַרטייען און זיינען אַריין אין די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, באַזונדער אין „מזרחי", וואָס האָט קיין אייגענע יוגנט נישט געהאַט, אַלץ — כדי זיך צו דערשלאָגן צו אַ סערטיפיקאַט.

אָבער דער יידישער לעבנס־שטראָם אין טשענסטאָכאָוו איז נישט אויסגעטריקנט געוואָרן. פון די אָרעמע יידישע גאַסן האָבן ווידער אַרויסגעשטראָמט נייע יוגנט קאַדרען. נייע פּנימער האָבן זיך באַוויזן און דאָס יידישע לעבן מיט אַלע פריידן און לײדן איז ווייטער געגאַנגען.

סוף 1923 האָב איך אַליין פאַרלאָזן טשענסטאָכאָוו און זיך געלאָזט קיין אַמעריקע אויף אַ וויזע פון מיינע ברידער.

איך האָב פאַרבראַכט אין אַמעריקע איין יאָר. אין דער צייט בין איך אָבער געווען מער אין טשענסטאָכאָוו ווי אין אַמעריקע.

אין ניו־יאָרק, אין הויז פון פריינד חיים לייב שוואַרץ, אין קאָני־איילענד, אויף דער אויפנאַמע אין טשענסטאָכאָווער ברענטש 1905: קאַפּל געריכטער, מרדכי אַלטמאַן, וואָס איז געווען דעמאָלט פאָרזיצער, ביז די, וואָס האָבן נאָר וואָס פאַרלאָזט טשענסטאָכאָוו, מיינע פריינד פעלאַ און שמעון בירא, וועלכע האָבן מיך טאַקע איינגעלאַדן צו זיך נאָך דער פאָרלעזונג; די מיטינגען פון „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף" און אויפן טשענסטאָכאָווער באַל, וואו כ'האָב זיך ווידער געטראָפן מיט די בעסטע פריינט פון די שולן, דער דעלעגאַט פון „די יאָנג מען" אין טשענסטאָכאָוו, סימקאָוויץ; די פריינט סאָבאָל, קאַרפּיעל, קויפמאַן, סענזער, הערשל און חנה פייערשטיין, ישעיהו און יעטע לענטשער, — די אַלע וואָס זיינען אַוועק פון טשענסטאָכאָוו איידער איך בין אַהין געקומען, צוזאַמען מיט דער יוגנט, וואָס האָט נאָר וואָס פאַרלאָזן טשענסטאָכאָוו — ריוווטשע ראָזענפעלד, פייגעלע בערלינער (נישט די לערערין וואָס אין פאַריז), צינצינאַטוס און צענדלינגער אַנדערע פריינט און חברים, — האָב איך געפילט ווי איך וואָלט זיך צוריק געפונען אין טשענסטאָכאָוו!

אין שיקאַגאָ, אין דער בוכהאַנדלונג פון משה צעשינסקי, אין הויז פון מענדל און שיינדל שוכטער פון שמחה און יעטע גרילאַק, אין די היימען פון דוד, סאָפי, חנה, לינע און זעלדע מאַלאַרסקי — ביסטו אַוודאי געווען אין טשענסטאָכאָוו.

* * *

סוף יאָר 1924 בין איך צוריקגעפאָרן צו מיין פרוי העלען, מיין ניי־געבוירענע טאָכטער, וואָס איך האָב נאָך נישט געקענט און צו די שולן, וואָס זיינען געשטאַנען נישט גוט. זייענדיק אַ יאָר אין אַמעריקע האָט מען ערשט דערפילט ווי פּוילן איז פינצטער, רעאַקציאָנער, אָרעם, פאַרביטערט און אַנטיסעמיטיש ביז די קנאָכן פון די ביינער. דאָס איבערגיין די פּוילישע גרענעץ, דאָס אַרויפזעצן זיך אויף דער טונקל־באַלויכטענער פּוילישער באַן, וואו ס'האָט באַלד אַ גרילץ געטאָן אין די אויערן דאָס זידל־וואָרט „זשיד". די טשענסטאָכאָווער תפיסה,*) די שווערע שוידערלעכע אָרעמקייט אין יידישן קוואַרטל, וואָס איז הונדערטפאַך פאַרגרעסערט דורך די שווערע שטייערן — אַלץ צוזאַמען האָט אַ זעץ געטאָן אין די אויגן מיט אַזאַ כח, וואָס האָט צוזאַמענגעדריקט דאָס האַרץ ווי מיט אייזערנע צוואַנגען.

אין דער תפיסה האָב איך זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט צוויי מיינע באַקאַנטע: דודל געריכטער, אָנפירער פון די קאָמוניסטן, און דזשאַלאַשינסקי, מיט וועמען איך האָב פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה צוזאַמען געאַרבעט אין פּאַפּיר־סקלאַד פון מאַרקוספעלדס „מאַלאַרניע". ער, דער שטילער בחור, וואָס האָט, דאַכט זיך נישט געקענט טשעפּען אַ פליג אויף דער וואַנט, האָט אַריינגערוקט אַ מעסער אין רוקן פון דער איינציקער טאָכטער פון די ליבערמאַנס, און איז אָפּגעקומען מיט אַ פּאָר יאָר תפיסה.

אין משך פון די צוויי יאָר, וואָס איך בין צוליבן פּראָצעס געבליבן אין טשענסטאָכאָוו, איז די לאַגע געוואָרן ערגער פון טאָג־צו־טאָג. די הערשאַפט פון דער „דעפענזיווע" איז געוואַקסן. די שפּיאָנען־אַרמייען האָבן זיך געמערט, צווישן זיי אַ סך יידן, וואָס האָבן דערווייל געטאָן די מלאכה פרייוויליק מיט דער האָפענונג אפשר אַמאָל צו ווערן באַצאָלטע שפּיאָנען. ביי מיר און אַנדערע טוער פון די „אומאָפּהענגיקע" זיינען אָפט פאָרגעקומען הויז־רעוויזיעס און די פּאָליציי האָט צוגענומען יעדעס שטיקל פּאַפּיר, וואָס זי האָט געפונען. די תפיסות זיינען געווען געפּאַקט מיט פּאָליטישע אַרעסטירטע, צומיינסטן קאָמוניסטן. יעדע נאַכט, ווען דער טויער־גלאָק האָט געקלונגען, האָט זיך דאָס האַרץ צונויפגעקאָרטשעט פון שרעק, אַז מ'איז געקומען דיך שלעפּן אין דער תפיסה.

זומער 1926 איז פאָרגעקומען די „פּילסודסקי־רעוואָלוציע", אויף וועלכער מען האָט געלעגט אַזוי פיל האָפענונגען, אַז זי וועט פאַרלייכטערן די לאַגע. אין טשענסטאָכאָוו האָבן זיך באַגעגנט די צוויי קעמפנדיקע צדדים: דער קראָקעווער גאַרניזאָן, וואָס איז געבליבן געטריי דער רעגירונג האָט זיך געלאָזט קיין וואַרשע. די באַן־אַרבעטער האָבן אָבער אָפּגעשטעלט די באַנען און דאָס מיליטער איז געבליבן אין טשענסטאָכאָוו. דער טשענסטאָכאָווער גאַרניזאָן איז אָנגעפירט געוואָרן פון פּילסודטשיקעס און פאַרשטעלט דעם וועג די רעגירונגס־פּאָלקן פון קראָקע. אַלץ איז אַריבער בשלום.

סוף 1926 האָב איך זיך ווידער געזעגנט מיט טשענסטאָכאָוו.

---

*) איידער איך בין דאָס ערשטע מאָל געפאָרן קיין אַמעריקע, בין איך אָנגעקלאָגט געוואָרן אין געריכט פאַר אַן אַרטיקל אין „דאָס נייע וואָרט" א"נ „דער שטילער מאָרד", וואו איך בין אַרויסגעטראָטן קעגן שליסן די שולן מיט 10 טויזנט קינדער אָנגעפירט פון דער בונדישער געזעלשאַפט „אונדזערע קינדער".

דאָסמאָל שוין אויף שטענדיק. ווי שווער ס'איז געווען דאָס לעבן אין פוילן — איז נאָך שווערער געווען זיך צו צעשיידן דערמיט. צום שווערסטן — דאָס געזעגענען זיך מיט די לערער און קינדער פון דער י. ל. פרץ שול, וואָס כ'האָב פאַרוואַלטעט דאָס לעצטע יאָר פאַרן אָפּפאָר. די שולן האָב איך איבערגעלאָזט אין גאָר אַ גוטן צושטאַנד. די פאַרוואַלטונג האָט איבערגענומען דערנאָך דער גאָר יונגער אברהם בראַט, וואָס האָט זיך אויפגעכאָוועט אין דער אָרגאַניזאַציע און איז געוואָרן אַ פּיאַיקער און ערנסטער בחור. מיט אַ יאָר פריער האָט ער חתונה געהאַט מיט רוזשע פלאָונער, האָט געהאַט איין טאָכטער, וואָס איז, שפּעטער, ביים אומקום שוין אַלט געווען 16 יאָר. ער און וואָלף פייגע, ביידע זיינען איבערגעגאַנגען צום „בונד" נאָכדעם ווי די רעגירונג פון די פּאָלקאָווניקעס האָט ליקווידירט די גרופּע „אומאָפּהענגיקע". זיי האָבן אויך געהאַט אויפזיכט איבערן י. ל. פרץ הויז ביז דער ליקווידאַציע פון יידישן ישוב.

די קינדער און די לערער פון דער י. ל. פרץ שול האָבן ביים געזעגענען זיך מיט מיר געזאַמלט צווישן זיך גראָשנס און מיר געקויפט אַ ווייסן קראַנץ בלומען. אָט דער בלומען־קראַנץ און דאָס ליד וואָס מיר האָבן דעמאָלט געזונגען איז געבליבן די גרעסטע און שטאַרקסטע איבערלעבונג מיינע, וואָס איך געדענק.

אויף דער סטאַנציע האָב איך זיך געזעגנט מיט די נאָענטסטע חברים־פריינט, וואָס זיינען שוין מער נישטאָ: שיע נירנבערג און זיין פרוי, דודעק שלעזינגער, רעניע גראָס, די עקזאָטישע שיינהייט, וואָס איז ווי אַ וואונדער פון לעבן אויסגעוואַקסן אין קעלער אויף ראָג אָגראָדאָווע און ספּאָדעק; אברהם בראַט און זיין פרוי רוזשע, די קאַשטאַנען־רויטע רעגינע וואַזשעכאַ, די שטילע טויב העלענטשע פּליוואַטש, די פרום־ליבנדיקע פייגעלע בערלינער, די בעסטע פרעבעליסטין פון קינדערהיים, וואָס טשענסטאָכאָוו האָט אַרויסגעגעבן. און די בלאָנדע, שלאַנקע, בלוי־אויגיקע סטעפאַ יעשעגאָוויטש, וואָס איז לענגער ווי אַלע מיטגעגאַנגען מיטן צוג, וואָס האָט אונדז אויף אייביק צעשיידט.

מיין פרוי העלען און מאָטעק פּליוואַטש האָבן מיר באַגלייט ביז הערבי. מאָטעק איז געווען אַ שילער פון דער יידישער גימנאַזיע, צוזאַמען מיט עקשטיינען, זיי האָבן געהערט צו די שענסטע טיפּן און בעסטע פאָרשטייער פון דער נאָך־מלחמהדיקער יוגנט. מאָטעק פּליוואַטש, וואָס איז אויך מער נישטאָ, איז געווען מיין ליבסטער שילער און בעסטער חבר.

* * *

נאָכדעם ווי כ'האָב דאָס אַלץ פאַרצייכנט ווייס איך, אַז פאַר אַ זייטיקן מענטשן, פאַר וועמען די אַלע נעמען זיינען פרעמד, האָט דאָס אַלץ גאָר ווייניק באַדייטונג. אין אמתן אָבער זיינען די אַלע נעמען און פאַרביילויפנדיקע, קורצע שילדערונגען אַרויסגענומען פון גרויסן, נאָך נישט געשריבענעם ראָמאַן פון אַן עפּאָכע, וואָס וואַרט אויף איר קינסטלער. אפשר וועט ער אַמאָל קומען, דער גאָטס־געבענטשטער קינסטלער און וועט דאָס אַלץ צוזאַמענעמען און דערפון שאַפן דאָס גרויסע ווערק פון אַ לעבן, וואָס איז שוידערלעך אומגעבראַכט געוואָרן, און קען נישט און וויל נישט פאַרשווינדן פון לעבן.

נאָכן אַרויסגעבן דאָס בוך „טשענסטאָכאָווער יידן" האָט מען אונדז פאָרגעוואָרפן, אַז מיר האָבן נישט אַריינגענומען אין אים באַשרייבונגען און שילדערונגען פון אייניקע ריכטונגען אין יידישן לעבן ווי די ציוניסטישע, אָרטאָדאָקסישע אאַז"וו. דאָס איז אין אַ געוויסער מאָס ריכטיק, אָבער ווי אַזוי האָבן מיר געקענט, און ווי קאָן דאָס איין מענטש טאָן? דערצו פאָדערט זיך דאָך אַ סך פאָרשונג, אַ סך זאַמלונג און באַאַרבעטונג פון געזאַמלטע מאַטעריאַלן. ווי קענען מיר דאָס אויספירן מיט אונדזערע שוואַכע כוחות?

טוען מיר וואָס מיר קענען. מיר, יעדער פון אונדז, וואָס איז געראַטעוועט געוואָרן פון היטלער־חורבן, נעמט צוזאַמען זיינע געדאַנקען, זיינע זכרונות און פאַרשרייבט עס. עס זאָל ניט פאַרלאָרן גיין. זאָלן עס טאָן אונדזערע פריינט אין ישראל, זאָלן עס טאָן אונדזערע לאַנדסלייט, וואו נאָר זיי געפינען זיך. אפשר וועט אַמאָל קומען דער זאַמלער און וועט פון דעם אַלעם אויסשמידן איין גאַנץ ווערק, וואָס וועט געבן אַ פול, אַלזייטיק בילד פון דעם לעבן, וואָס איז אַוועק, און וואָס איז געבליבן.

צום סוף וויל איך פאַרענדיקן דערמיט: מיט יעדער אויסגאַבע, מיט יעדער שילדערונג פון יענעם לעבן, מיט יעדן אַרטיקל, וואָס מיר פאַרעפנטלעכן האָבן מיר אַ צוויי־פאַכן ציל: מיר פאַראייביקן דאָס לעבן און די אַלע אומגעקומענע אין תהום פון חורבן; זייער לעבן, זייערע נעמען, זייערע מעשים זאָלן נישט פאַרגעסן ווערן! און צוזאַמען דערמיט ווילן מיר פאַרמערן דעם אוצר פון יידישן לעבן, רייכער מאַכן, מונטערן, שטאַרקן די, וואָס זיינען געבליבן, בכדי ווייטער צו פירן די מלחמה פאַרן זיין פון אונדזער פאָלק און זיין קולטור. און פונקט ווי דאָס בוך „טשענסטאָכאָווער יידן" ווימענען מיר אויך ווייטער יעדער שריפט דעם „עם ישראל חי"!

# עס לעבט די לעגענדע

(דעם אָנדענק פון דער י. ל. פרץ שול, די קינדער־היים און די לערער און שול־טוער)

## ב

„ווען איר דערמאָנט אונדז גייען מיר אַרויס פון אונדזערע קברים און באַהעפטן זיך מיט די לעבעדיקע" (פון מעטערלינגס „בלויען פויגל".

אַמאָל, אין יענע לעבעדיקע צייטן האָב איך באַשריבן „אַ טאָג אין קינדערהיים" און אַזוי אָנגעהויבן:

„רייסט זיך אַרויס, אויף אַ וויל, פון יאַריד פון געשעפטן און יאָגעניש, וואַרפט אַראָפּ פון זיך אויף אַ מינוט די משא פון שטענדיקער עבודת פרך, טרייסלט זיך אָפּ פון שטויב, וואָס ליגט אויף אונדז פון דורות — מיר ווילן גיין אין אַ נייער, ציכטיקער, אייגנאַרטיקער וועלט פון צאַרטע באַשעפענישן — אין קינדערהיים".

איצט רעדט אין מיר אַ שטים אַזוי. קוק נישט אין שפּיגל, פאַרגעס ווי אַלט דו ביסט, פאַרגעס דעם חורבן, פאַרלאָז דעם בית עולם מיט די טייערע קברים, וואָס דו טראָגסט אין האַרצן,

וועק אויף אין זיך אַלע גוטע כוחות, די צאַרטע, וואַרעמע ליבע צום קינד, צום מענטשן: די פרייד, האָפענונג, גלויבן אין אַ שע־נערער וועלט, וואָס קינדער־געזאַנג האָט אין דיר אויפגעוועקט. מיר וועלן צוריק גיין צו יענער פריידיקער וועלט פון יידישן קינד — אין קינדערהיים, אין דער י. ל. פרץ שול, אין פּרעכטיקן בנין, וואָס ברידער, חברים און פריינד אין אַמעריקע האָבן אויפגעבויט אויף קרוטקע גאַס.

אונדז איז דאָס נאָך געווען באַשערט, מיר האָבן נאָך געהאַט די זכיה צו פאַרווירקלעכן דעם שענסטן חלום פון אונדזער לעבן, פון אונדזער צייט. אָבער געחלומט האָבן אים דורות יידישע קינדער פאַר אונדז. דאָס יידישע קינד איז געוואָרן בר־מצווה צו 13 יאָר, אָבער דעם עול פון יידישקייט, גלות און אָרעמקייט האָט עס שוין געשלעפּט פון קמץ אַלף אָ. ווי עס זינגט דאָס פאָלקס־ליד:

אויפן פּריפּעטשאָק ברענט אַ פייערל
און אין שטוב איז היים,
און דער רבי, לערנט, מיט די קינדערלעך,
לערנט אַלף בית.

ווען איר וועט קינדער עלטער ווערן,
וועט איר אַליין פאַרשטיין;
וויפיל אין די אותיות ליגן טרערן,
און וויפל געוויין.

ווען דאָס קינד איז עלטער געוואָרן האָט ער זיין געוויין אויסגעגאָסן אין „גמרא־ניגון״:

וואָס־זשע קלאָגסטו ביי דער גמרא?
קלויזניק בלאַסער, קלויזניק ליבער;
און דיין וויינענדיקער ניגון
אין מיין האַרצן גייט איבער...

אָדער:

מאַי־קאַ משמע־לן דער רעגן
וואָס־זשע לאָזט ער מיר הערן?
זיינע טראָפּנס אויף די שויבן
קייקלען זיך ווי טריבע טרערן.

(אברהם רייזען)

אָדער:

„דאָס וואַסער אין טייכל ווי קלאָר און ווי זויבער,
אַרום אויף די פעלדער שפּרייט זיך אַ צויבער,
און דאָס בית־המדרש איז אַלץ נאָך פאַרטרויערט;
אַן אייביקער צער פון די ווינטן לויערט,
און קוקט מיט פאַרדרוס אויף די שטראַלן די נייע;
אוי, אמר אביי, אמר אביי״.

(דוד איינהאָרן)

עס זיינען אָנגעקומען נייע צייטן, און ש. פרוג האָט אַ זינג־געטאָן:

דאָס פייגעלע וואַרקעט, דאָס פייגעלע רופט
שטייט אויף, קינדער, פריש און וואַרעם איז די לופט.

צום ערשטן איז געקומען דער זיידע מענדעלע, געבענטשט זיין נאָמען, מיט זיין שלמהלען. און וואָס פאַר אַ חידושים, וואָס פאַר אַ וואונדער אַ יידיש קינד האָט דערזען און געהערט: „גרינע לאָנקעס מיט קוויטן בלומען ווי געשטיקטע קאַוויאָרן, פעלדער מיט וויגנדיקע זיך זאַנגען, פאַר אים שפּילט אַ וואונדערשיינע קאַפּעליע: עס קנאַקט דער סאָלאָוויי, עס צעגיסט זיך אין טרעלן דער סטיגליץ, עס רופן זיך אָפּ געמבעס אַ מעקן פון ציגן, אַ הירזשען פון פערד און אַ שופר בלאָזן פון קי״. דאָס יידישע קינד האָט דערזען גאָטס אמתע וועלט, וואָס איז אים אינגאַנצן פרעמד געווען.

דערנאָך איז געקומען דער אומשטערבלעכער שלום־עליכם מיט זיין „מאָטל פּייסי דעם חזנס״ און אַנדערע. צוזאַמען מיט דער יידישער ליטעראַטור איז אַרויף אויף דער בינע פון יידישן לעבן דאָס פאַרשטויסענע יידישע קינד.

דער גרויסער אָנהייב איז אָבער געקומען אין די יאָרן פון דער גרויסער דערוואַכונג, ווען אין די אָרעמע יידישע קוואַר־טאַלן האָט זיך דערהערט דאָס שאַלן פון די פרייהייטס־לידער:

„ווי לאַנג, אָ, ווי לאַנג וועט איר ליידן און שקלאַפן!״
(דוד עדעלשטאַט)

פון אָט יענע יאָרן מיט די פרייהייטס־געזאַנגען און קאַמפן פאַר פרייהייט ציט זיך די גראַדע ליניע צום נייעם וואונדער אין יידישן לעבן: צו דער אַרבעטער קינדערהיים, צו דער יידיש־וועלטלעכער שול פאַרן יידישן קינד.

אין 1918 בין איך צוריקגעקומען פון מלחמה און געפאַנגענ־לאַגער. מיר איז שווער געווען צוריק צו פאַרבינדן דעם פאַדעם פון פאַרטיי־אַרבעט, וואָס די קנאַפּע פיר יאָר מלחמה און אונטערן צוים האָבן איבערגעריסן. מיין האַרץ און געדאַנק איז געווען ווי אַטראָפירט צו פריערדיקע אידעען און אידעאַלן. נאָר דע־מאָלט ווען איך האָב דערזען די ערשטע קינדערהיימס, געשאַפן אין דער מלחמה־צייט, די ציכטיקייט, די געמאָלטע ווענט און פאַדלאָגעס, די בלענדנדיקע ווייסקייט פון די קינדער־בענקלעך, די שפּילצייג, די פּיאַנאָ; ווען איך האָב דערפילט די ליבע צום קינד, וואָס האָט דאָ אַרומגעשוועבט אין דער לופט, ממש מיט די הענט אָנצוטאַפּן — איז מיר ליכטיק געוואָרן אין די אויגן און אין דער נשמה. נאָר אין דער קינדערהיים האָב איך דערפילט, אַז דעם מענטשנס ליבע, זיין אידעאַלזים, זיין גלויבן איז נישט טויט, און איך בין ווידער געווען דערמיט באַהעפט מיט מיין גאַנץ לעבן.

אין דער אַרבעטער־קינדערהיים האָט דאָס יידישע קינד געפונען אַ תיקון. יעדעס נאָרמאַל קינד ווערט געבוירן מיט טאַלאַנט, יעדעס קינד, פון די שטומע יאָרן אָן, ביז עס וואַקסט אויף, איז אַן אויפטוער, וויל מייסטרעווען. אַפילו אין חדר האָבן יידישע קינדער געמייסטרעוועט באַהאַלטענערהייט אונטער די טישן די חנוכה־דריידלעך; די גראַגערס; די פורן מיט די רעדער פון אַ קאָלער פאַדעם; פון פּאַפּיר געמאַכט פויגל, און שיפן, און אָפט דערפאַר באַקומען קלעפּ פון רבין.

אין דער קינדערהיים האָט מען געמייסטרעוועט אויף טיש און אויף בענק. ס׳איז געווען גענוג ברעטער, האַמערס, זעגן און קלעצלעך צו מאַכן קאַסטנס און קעסטעלעך, פורן און שליטנס, און אויפצושטעלן גאַנצע פּאַלאַצן. מען האָט געאַרבעט בשותפות, און ביחידות:

„קלעבט זיך איינער אויס אַ שטיבעלע מיט אַ קוימען. אין שטיבעלע מאַכט מען אַ טישעלע און ביים טישעלע אַ פּיטשינקע ליאַלקעלע. מען מאַכט אַ צוויגעלע מיט אַ פייגעלע אויף אים, אַ טעלערל מיט פּרוכטן, אַ קישן מיט אַ ליאַלקעלע, און אין אַלץ לייגט מען אַריין אייגענעם סטיל, טאַלאַנט, פלייס און באַגייס־טערונג. דערנאָך ווען עס ווערט טרוקן שטעלט מען אויס אין

שויבן־שענקל און מען באַרימט זיך: דאָס האָב איך געמאַכט, דאָס האָב איך געמאַכט". („אַ טאָג אין קינדערהיים").

פון די קינדערהיימען אין די צענדליגער שטעט און שטעטלעך פון פוילן זיינען אויסגעוואַקסן זיבן קלאַסישע פאָלקסשולן, דערנאָך אַ יידישע גימנאַזיע, אַ לערער־סעמינאַר. די שולן זיינען צומיינסט געוואַקסן מיט מסירת נפש פון די לערער און שולטוער. זיי זיינען געווען אַרומגערינגלט מיט זעלטענער וואַרעמער ליבע פון טאַטע־מאַמע, פון יידישע אַרבעטער, פון די פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, פון פאָלקס־מענטשן און פון דער פאָלקס־אינטעליגענץ. איגעוויניק, אין די שולן, האָט געברענט אַ גרויס ליכט, וואָס האָט געלויכטן איבער די גאַסן און הויפן פון די יידישע קוואַרטאַלן. דאָס יידישע לשון אין מויל פון די קינדער האָט געהאַט טויזנט חנען. די יום־טובים לכבוד די קלאַסיקער, מענדעלע, שלום־עליכם, פּרץ, רייזען, — צוזאַמען מיט די אַלט־נייע יידישע יום־טובים, וואָס זיינען געפייערט געוואָרן אין די שולן, — האָבן געלויכטן מיט זיבן־זוניגער פרייד און באַגייסטערונג.

ס'איז געווען אַ יונגע, וואונדערלעכע וועלט פון גרויסע און קליינע קינדער, אַ ניי־געבוירענע וועלט, וואָס האָט מיט קינדער־לידער און פאָלקס־געזאַנגען געוועקט פרייד, האָפענונג און גלויבן אין אַ פרידלעך־שעפעריש לעבן פאַרן ייד און פאַרן מענטש, פאַר אונדז און פאַר דער וועלט. דער געוויין פון דורות, אַלטע און קינדער, דער געוויין פון גמרא־ניגון, פון אמר אביי איז פאַרביטן געוואָרן אויף פריידיקע, מוטיקע געזאַנגען פון אַרבעט און פרייהייט:

„אין דער קוזשנע ביים פייער
שטייט אַ שמידער און שמידט.
קלאַפּט דער האַמער, פונקען פייער שפּריצן,
און ער זינגט אַ ליד.

פון דער פרייהייט וואָס וועט קומען
זינגט ער מוטיק, זינגט ער **היים:**
און ער שפּירט נישט ווי עס רינען
פון זיין פנים טייכן שוויים."

אין די העכערע קלאַסן האָט מען שווערע זאַכן געלערנט זייער לייכט. חוץ יידיש און העברעאיש, פּויליש, געשיכטע פון אַלטע און נייע צייטן און אַלץ וואָס אַ מענטש דאַרף וויסן אין זיין לעבן: היגיענע, כעמיע, מיט עקספּערימענטן אין דער אייגענער לאַבאָראַטאָריע, באָטאַניק, אין אייגענעם גאָרטן; מען האָט געלערנט מאָלן, זינגען, טאַנצן און שפּילן אין מאַנדאָלין־אָרקעסטער.

אין דער קינדערהיים און שול איז אויך געווען אַ טעאַטער־סטודיאָ. זייער ווייניק יידישע אַקטיאָרן האָבן געהאַט אַזאַ מוזיקאַלישע אויסבילדונג, אַזאַ וואונדערלעכע אויסשפּראַך, אַזוי פיל טעאַטער־קענטעניש ווי די מער טאַלאַנטירטע קינדער פון דער שול. יעדע קינדער־פאָרשטעלונג איז געווען אַ גרויס געשעעניש אין שטאָט. שפּעטער זיינען שוין די שול־אַרטיסטן און אַרטיסטקעס אַרויסגעטרעטן מיט גרויס דערפאָלג אויף דער יידישער בינע.

ס'איז מער נישט געווען קיין חלום פון אַ נייער וועלט, ס'איז מער נישט געווען קיין בענקעניש נאָך די „שטילע פאַרנאַכטן פון שטעטל". עס איז געווען ווי אַ חלום וואָס איז געוואָרן וואָר. אַן אמתע, לעבעדיקע, ניי־געבוירענע וועלט — די וועלט פון יידישן קינד.

מען האָט רעציטירט יידישע דיכטער, אַלטע און נייע, איבערזעצטע פון דער וועלט־ליטעראַטור און אייגענע ווי משה קולבאַקס „שטאָט":

„און עס האָבן גלעקער געקלונגען.
אין וועג האָבן זיך געלאָזט בראָנזענע יונגען.
העי, לאָמיר גיין, לאָמיר גיין!
די טירן פון ווייט, זיינען ברייט, זיינען פריי,
אונדזער וועג איז באַהויכט מיט טוי און איז ניי.

לאָמיר עפענען די טרוימען און שמידן די וואָר
לאָמיר זוכן דאָס ליכטיקע ליד פאַרן דור.
אפשר היט שוין אַן איינזאַמען וואַנדערער זיין וועג,
אפשר וועבן זיך קלאַנגען פון נייעם געבעט —
לאָמיר קינדער פון שטראָם
און פון נאַכט און פון תהום
לאָמיר גיין, לאָמיר גיין..."

צוזאַמען דערמיט האָט יעדן טאָג, אויף יעדן יום־טוב, אויף יעדער טעאַטער־פאָרשטעלונג, געשאַלט דער קינדער־מאַרש פון קינדערהיים:

„איינס און צוויי און דריי, און פיר,
וואָס מיר זיינען זיינען מיר
כאָטש מיר זיינען יונג און קליין,
ווי די העלדן דאַרף מען גיין.

ניין און צען, עלף און צוועלף
טרעפסט אַ פּויער זאָג אים גאָטהעלף!
טרעפסט אַ בלימל, זאָג אים: בלי!
טרעפסט אַ פויגל, זאָג אים: פלי!
מאַרש, מאַרש געגאַנגען!
מיט פּויק און געזאַנגען!
מיר דאַרפן נישט פרעגן,
לאָמיר גיין, לאָמיר גיין..."

גרויסע געסט זיינען געקומען באַזוכן די שול: שלום אַש פון וואַרשע, דר. חיים זשיטלאָווסקי פון אַמעריקע, דר. שאַבאַד פון ווילנע. רוט לעוויאַש און משה רודינאָוו, פון טור איבער פוילן, האָבן געגעבן אַ באַזונדערן קאָנצערט אין דער שול פאַר קינדער. פון ווייטע מקומות איז געקומען אַ דעלעגאַציע פון ענגלישע לייבאָר־דעפּוטאַטן: לאָרד און ליידי מאַרלי. די חשובע געסט האָט מען אויפגענומען מיט געזאַנג, פאָרשטעלונגען און מיט שפּילן מאַנדאָלין אָרקעסטער און מען האָט געשיקט גרוסן צו די קינדער פון ענגלאַנד, צו די קינדער פון דער גאַנצער וועלט.

---

לאָמיר באַערן דעם הייליקן אָנדענק פון לערער, לערערינס און שולטערער, די קדושים, וואָס האָבן זיך מוסר נפש געווען אויף קידוש העם און קידוש פון מענטש!

דער רעדאַקטאָר פון „לערער יזכור־בוך", דער חשובער שרייבער און פירער פון די יידיש־וועלטלעכע שולן אין פוילן, ח. ש. קאַזדאַן, אין זיין אַריינפיר צום הייליקן ספר, האָט איבערגעדרוקט שלמה מענדעלסאָנס ווערטער:

„דאָס זיינען געווען אַ וואונדערלעכע גרופּע מענטשן, וועלכע האָבן געלעבט מיט אַ גרויסער אידעע און איר געדינט מיט דער גאַנצער נשמה.

„צוזאַמענפאָרן און קאָנפערענצן פון די דאָזיקע לערער זיינען אַלע מאָל געווען אַזוי יום־טובדיק און דורכגעדרונגען מיט אינערלעכער אומרואיקייט און גליענדיקער שעפעריש־קייט ... עס איז שווער וועגן דעם צו שרייבן און טראַכטן — מען ווערט צעריסן פון אינערלעכער בענקשאַפט און צער!"

אין „לערער יזכור־בוך" זיינען שוין דערמאָנט אַ סך פון די לערער פון די טשענסטאָכאָווער שולן. מיר וועלן דאָ כאָטש דערמאָנען אייניקע נעמען:

די ערשטע וואָס מען דאַרף דערמאָנען איז, רייזעלע פּייער־טאָג־בערקענשטאַט, וועלכע מען האָט געגעבן אַ צונאָמען „טשע־טשע־טשע", ווייל ווען זי האָט דערזען אַ קינד אין גאַס, האָט זי זיך געלאָזט לויפן אַנטקעגן מיט אויסגעשטרעקטע הענט.

בעת דער דייטשער אָקופּאַציע האָט זי געפירט די געהיימע מעדעם־ביליאָטעק. זי איז אומגעקומען מיט אַ מאַרטירער טויט.

די שטאָלצע מיט איר שעדלעצער יחוס, רבקה צוקער, האָט גערעדט אַביסל ליטוויש. ווען קאָפּעלע האָט אין קלאַס צום ערשטן מאָל זי געהערט לערנען, האָט ער פאַרוואָרפן די הענט־לעך איבער די קני און דערקלערט גאַנץ דרייסט: אַז „מיר פאַר־שטייען נישט קיין דייטש"...

אַזוי פאָליע פרידמאַן, איינע פון די פּערל צווישן דער לערער־פאַמיליע. איר שוועסטער, מאַניע פרידמאַן: די „בלאָנ־דע שיקסע", די לעבעדיקסטע פּרעבעליסטין פון דער קינדער־היים — בראָניע ליפשיץ פון וואַרשע. דער ליבלינג פון אירע שילער, שלמה מעלמאַן. ער האָט מיטגעאַרבעט ביים רינגעל־בלום־אַרכיוו, זיין פרוי איטקע לאַזאַר, די שוואַרץ־חנעוודיקע, פאָלקסטימלעכע און ענטוזיאַסטישע, און — די לעצטע — די ליבסטע טערעניע פייגענבוים־קאַפּינסקי, די פּיאַניסטין, וואָס די קינדער האָבן שטענדיק מיט אַזוי פיל פרייד באַגריסט: „טערענעלע, טערענעלע".

פון דער גאָר גרויסער צאָל אומגעקומענע שול־טוער, לאָמיר כאָטש דערמאָנען אברהם בראַט. כבוד זיין אָנדענק. בראַט האָט אָנגעהויבן זיין געזעלשאַפטלעכע אַרבעט כמעט אַלס קינד. ער איז אומגעקומען צוזאַמען מיט זיין פרוי, רוזשע פלאַוונער און זייער זעכצן יאָריקער טאָכטער. אין „יודען־ראַט" האָט מען אים פאָרגעלייגט, כדי זיך צו ראַטעווען, זאָל ער ווערן אַ פּאָלי־ציאַנט. ער האָט געענטפערט: „איך וויל בעסער אומקומען איידער צו לייגן אַ האַנט אויף יידן"! דער צווייטער, הערשעלע ערליך, דער קאָמיקער, די שטילע און פרומע נשמה, וואָס האָט אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע, אין וואַרשע ערגעץ געגנבעט קופּאָנעס אויף ברויט צו העלפן די פּליטים פון טשענסטאָכאָוו. ער איז איינער פון די, וועמען ד״ר. יוסף קרוק האָט אים געווידמעט זיין בוך: „אומאָפּהענגיקייט, טעראָר, פרייהייט".

זייערע נעמען, פון די וואָס דערמאָנט און נישט דערמאָנט, זאָלן זיין געבענטשט לדור דורות.

איצט געהערן זיי אַלע צו דער אייביקייט. צום הייליקן און לעגענדאַרן לאַנד „נישטאָ", לעבעדיק איז אָבער געבליבן די לעגענדע פון יענעם לעבן, די לעגענדע פון דער יידיש־וועלט־לעכער שול, ווי אַ סטראָפע אין מאַקסים גאָרקיס ליד „פּעיאַ" זאָגט:

„און מאַרקאָ איז שוין מער נישטאָ.
זיין קבר — קיינער ווייס נישט וואו ר'איז דאָ,
זיין גייסט דאָך איבער אונדז שוועבט
אַ לעגענדע נאָך אים לעבט"...



אַ גרופּע חברטעס „פאַראייניקטע"־„אומאָפּהענגיקע" צום אָפּפאָרן פון חבר א. כראַבאָלאָווסקי קיין אַמעריקע. רבקה וועקסלער (לעבט איצט אין טשענסטאָכאָוו), רושע פלאַוונער־בראַט (פרוי פון אברהם בראט), איר קוזינע פון ראַדאָמסק, פייגעלע בערלינער (לעבט איצט אין פאַריז), העלענטשע פּליוואַטש, ריקל גראָס, שלעזינגער (פרוי פון דודיק שלעזינגער), א. כראַבאָלאָווסקי, נירנבערג (פרוי פון שיע נירנבערג)



משה קאַפּינסקי, נאטקע קראַמאָלאָווסקי, משה קרעמסקי, מאַרקוס הערשליקאָוויטש, גוטשע שטייניץ (זיין פרוי), שמולעוויטש, שטייניץ, (נאָמען אומבאַקאַנט), הערשעלע פּייוולאָוויטש, שושנה טשענסטאָ־כאָווסקי, (נאָמען אומבאַקאַנט). לעצטע ריי: (איך געדענק נישט נאָמען), פלאַוונער, פרענטקע


אַרבעטער־פאָלקס־שול „פּאַראייניקטע" (2טע אָפּטיילונג)




שול־קאָאָפּעראַטיװ פון דער פאָלקס־שול א. נ. י. ל. פּרץ, 9־1928


אַרבעטער־פאָלקס־שול „פּאַראייניקטע" (3טע אָפּטיילונג)




קינדער יום־טוב צוליב פאַרענדיקן דאָס שול־יאָר פון דער
קינדער־היים י. ל. פּרץ




אַ גרופּע שילער וואָס האָבן פאַרענדיקט די י. ל. פּרץ שול. אויף
דער פאָטאָגראַפיע זעט מען די לערערין זאַרסקי, שמשון
בערקאָוויטש און אַנדערע



פייגעלע בערלינער־זעלווער אויף אַ באַזוך אין טשענסטאָכאָוו אין 1936. אברהם בראַט, זיין טאָכטער סטעפאַ יעשענאָוויטש, רבקה וועקסלער, פלאַוונער, פלאַוונערס שוועסטער שיין



אַ גרופע אַגיטאַטאָרן פאַר די „פאַראייניקטע" פון רעכטס זיצנדיק: רעלע אַמסטערדאַם־פריימויער, באָמס, פייגל פראַנק, לאַפּידעס, פייערטאַג

אברהם ליטמאַן

# הערש־דוד נאָמבערג אין טשענסטאָכאָוו

(געווידמעט מיין לאַנדסמאַן און חבר רפאל פעדערמאַן)

## א



ווען עס איז אין טשענסטאָכאָוו באַקאַנט געוואָרן די נייעס, אַז דער באַרימטער שריפטשטעלער הערש דוד נאָמבערג איז געקומען אין שטאָט און איז געוואָרן דער רעדאַקטאָר פון דעם טעגלעכן „טשענסטאָכאָווער טאַגעבלאַט", האָבן ס׳רוב יידן זיך געפילט דערהויבן. באַזונדערס האָבן זיך געפילט שטאָלץ און יום־טוב׳דיק די משכילים און די מער ראַדיקאַלע יוגנט אין שטאָט, וואָס זיינען געווען הייסע חסידים נאָמבערגס און געלייענט אַלץ וואָס נאָמבערג האָט געשריבן. זיין ליד „דער נביא", די דערציילונגען „דער רב און זיין זון", „פון אַ פוילישער ישיבה" און דאָס רעוואָלוציאָנערע ליד „ס׳לויפן, ס׳יאָגן שוואַרצע וואָלקן" — איז געלעגן ביי יעדן איינעם אויף די ליפּן... דער נאָמען נאָמבערג איז אין יענער צייט — אין 1915־1916 — אַרויסגעזאָגט געוואָרן אין איין אָטעם מיט יצחק לייבוש פּרץ, שלום עליכם און שלום אַש.

נאָמבערגס איבערנעמען דעם רעדאַקטאָר־אַמט אין טשענסטאָכאָוו האָט אַרויסגערופן אַ פּחד ביי די כלל־טוער אין שטאָט. די דאָזאָרעס פון דער קהילה, די „מאַכערס" אין די פאַרשיידענע אינסטיטוציעס, האָבן געכאַפּט אַ ציטער... זיי האָבן מורא געהאַט, אַז נאָמבערגס בייסיקע פּעדער זאָל ניט נעמען רייסן פּאַסן פון זיי...

ווען נאָמבערג האָט איבערגענומען די לייצעס פון דער צייטונג, איז געוואָרן לעבעדיק און פריילעך אין שטעטל... ער האָט אין זיינע „שמועסן מיט די לעזער", אין די „משבת לשבת" אַרטיקלען, זיך פאַרטשעפּעט מיט די סאַמע „פּני" פון שטאָט... אַממערסטן האָבן אַריינגעכאַפּט די אַסימילירטע יידן, די רייכע, די דייטשישע יאַהודים, וועלכע זענען געווען די באַלעבאַטים פון שטאָט... זיי האָבן געהאַט די מאה און אויך די דעה... נאָמבערג האָט אויך ניט געשאַנעוועט די אָרטאָדאָקסישע כלל־טוער, די אגודהניקעס, די גערער און ראַדאָמסקער חסידים, וועלכע האָבן געוואָלט אָנהאַלטן די ממשלה איבער דעם יידישן לעבן אין טשענסטאָכאָוו. אין דער יידישער גמינע, אין דעם קהילה־שטיבל, האָט געפלאַקערט אַ הייליקע מלחמה צווישן די „דייטשישע" יידן, די יאַהודים, און די אָרטאָדאָקסן; צווישן די האַנט־ווערקער און די סוחרים — די ציוניסטישע מזרחי־יידן. מ׳האָט דאָרט געקעמפט ביזן גרויען טאָג אַריין מיט דעבאַטעס און רעזאָלוציעס...

ווען נאָמבערג האָט באַזוכט אַזאַ קהילה־זיצונג, פלעגט ער זאָגן:

— „איך האָב אַ פולע קעשענע מיט „טעמעס" פאַר דער צייטונג"...

ער האָט „דערלאַנגט" מיט אַ פולער האַנט אַלע צדדים — סיי די יאַהודים, סיי די אָרטאָדאָקסן און סיי די מזרחי־לייט. די בילדער און פעליעטאָנען, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אין „טשענסטאָכאָווער טאַגעבלאַט" זענען געווען אַזוי הומאָריסטיש־סאַרקאַסטיש געשריבן, אַז די שטאָט־פאַרזאָרגער זענען אַרומגעגאַנגען ווי דערשלאָגענע... זיי פלעגן קומען אין רעדאַקציע מיט טענות, אַז דער רעדאַקטאָר האָט ניט פאַרשטאַנען וואָס זיי ווילן, נעבעך, טאָן פאַרן יידישן פאָלק... אָבער נאָמבערג פלעגט באַרואיקן די „געליטענע" קהלשע פאַרזאָרגער מיט אַ שמייכל:

— „איך וועל זיך טרעפן מיט אייך ביי דער קומענדיקער זיצונג", — פלעגט ער זאָגן, און דערווייל „געהאַקט" ווי מיט דובינעס איבער זייערע קעפּ...

די דאָזיקע אַרטיקלען און פעליעטאָנען פון הערש־דוד נאָמבערג האָבן אַרויסגערופן שטאַרקע דיסקוסיעס צווישן דעם

יידישן עולם אין שטאָט. מ׳האָט צעכאַפּט די צייטונג ווי מצה־וואַסער און דער אַרויסגעבער, בערל באַטשאַן, האָט אַזש מורא געהאַט פאַר אַן עין־הרע... ער האָט איינגעטענהט מיט נאָמבערגן, אַז אפשר זאָל ער איינטיילן מילדערע קלעפּ צו די דאָזאַרעס. אָבער נאָמבערג האָט דערויף געענטפערט:

— „אַ חלף מוז זיין שאַרף, אַניט קען ער ניט שעכטן קיין בהמות און עופות״...

איך האָב דעמאָלט געלערנט די מלאכה פון שריפטזעצער אין דער דרוקעריי, וואו דער „טאָגעבלאַט״ איז אַרויסגעגאַנגען,



הערש דוד נאָמבערג

אויף ערשטער אַלעע נומער 6. דער רעדאַקטאָר, ה. ד. נאָמבערג, האָט געוואוינט קעגנאיבער דער דרוקעריי, אין אַ פיינעם מאָדערנעם האָטעל. דער בעל־הבית פון דער דרוקעריי פלעגט מיך זייער אָפט שיקן אין האָטעל צו קריגן ביי אים די אַרטיקלען צום זעצן. נאָמבערג איז געווען פאַרנומען גאַנצענע נעכט און פלעגט שלאָפן ביז שפּעט נאָכמיטאָג... האָט מען געמוזט גיין צו אים אין האָטעל און „שלעפּן״ ביי אים די אַרטיקלען, כדי אויסצופילן די צייטונג.

פאַר מיר איז עס געווען אַ גרויסער כבוד צו „טראָגן״ נאָמבערגס אַרטיקלען... אויפן וועג, פון האָטעל ביז דער דרוקעריי, האָב איך דערוויל אַריינגעקוקט אין די בלעטלעך, געלאַכט, הנאה געהאַט וואָס דער רעדאַקטאָר האָט „אַריינגעזאָגט״ די שטאָט־טאַטעס, די גבירים...

— „וואָס נעמט ביי דיר אַזוי לאַנג צו ברענגען דעם אַרטיקל, אברהמל? — פלעגט דער באַלעבאָס שרייען. — האָסט אוודאי געלייענט דעם מאַנוסקריפּט אויפן וועג... טרערן רינען אים פון געלעכטער, קוק אים נאָר אָן... אַ שווער „טראָגן״ ביי אים״...

איינמאָל, וואַרטנדיק ביי נאָמבערגן אין האָטעל אויפן לייט־אַרטיקל, רופט ער זיך אָן צו מיר:

— אברהמל, כ׳האָב געהערט פון דיר, ביסט אַ וואוילער בחור, ביסט אַ מיטגליד ביי די „פּועלי־ציון״ און טעטיק אין דער אַרבעטער־היים. איז עס אמת? האַ?

— „יאָ, הער נאָמבערג, — האָב איך אַ ציטערדיקער, מיט יראת־הכבוד, געענטפערט. — איך לייען די יידישע און סאָציאַליסטישע ליטעראַטור און שיק פון צייט־צו־צייט אַ קאָרעספּאָנדענץ צו דער „אַרבעטער צייטונג״ אין וואַרשע וועגן דעם אַרבעטער־לעבן אין טשענסטאָכאָוו. איך האָב גראָד ביי מיר אַזאַ קאָרעספּאָנדענץ, הער נאָמבערג, ווילט איר עס, אפשר, לייענען און זאָגן אייער מיינונג?״ — האָב איך אַ פאַרשוויצטער, מיט אַ ציטער אים געפרעגט.

— „לאָמיך אַ קוק טאָן, אברהמל,״ — האָט ער מיט אַ לאַכעדיק־פריילעכן פּנים אַ זאָג געטאָן.

איבערלייענענדיק די פיר בלעטלעך מיינע אין גרויס איילעניש, האָט זיין פּנים זיך צעשיינט, באַטאַפּט דעם מאַנוסקריפּט און געלאָזן מיך אַנגענומען ביים אָרעם:

— ביסט ניט פון די אַמשינאַווער כניאַקעס... ביסט אַן אמתער פּועל... האָסט פיינט די איצטיקע פאַראַנדקעס און קעמפסט פאַר אַ שענערער וועלט... ס׳איז גאַנץ לעבעדיק געשריבן, מיט האַרץ... נישקשה, ביסט נאָך אַ יונגער בחור... שטיי מיט דער שענערער וועלט... ס׳איז כדאַי צו קעמפן...

כ׳בין אַרויס פון האָטעל אין אַ פיבער. די באַקן האָבן געפלאַמט, מיין האַרץ האָט ממש געשפּרונגען פון שמחה... אַ קלייניקייט — ה. ד. נאָמבערג האָט געזאָגט וועגן מיין קאָרעספּאָנדענץ אַ גוט וואָרט...

* * *

ה. ד. נאָמבערג האָט ליב געהאַט צו לעבן ווי גאָט אין אָדעס. זיצנדיק אַזוי אויף אַ באַנק אין דער אַלעע אַ שבת נאָכמיטאָג, מיט חברים, גייט פאַרביי ה. ד. נאָמבערג. ווען ער האָט מיך דערזען, האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און מיך צוגערופן צו זיך. איך האָב זיך דערפילט אין זיבעטן הימל.

— „הער מיך אויס, אברהמל, — רופט זיך אָן נאָמבערג, — איך מוז האָבן אַ צען מאַרק ביז קומענדיקן פרייטיק, כ׳בין זייער פאַרענגט, אפשר קענסטו מיר אַרויסהעלפן מיט אַ גמילת־חסד?״...

כ׳האָב גראָד ניט געהאַט אין קעשענע אַזאַ „בישטיקע״ סומע, און איך האָב זיך געשעמט צו קוקן אים אין פּנים אַריין.... 10 מאַרק איז ביי מיר דעמאָלט געווען אַן אוצר, אַ פאַרמעגן... פאַרדינט האָב איך וואַסער אויף קאַשע און געמוזט יעדן מאַרק אַריינגעבן אין הויז פון מיינע עלטערן, וואו מ׳האָט פּשוט געהונגערט... „וואָס טוט מען?״ — האָב איך געטראַכט — „עס איז דאָך אַ גרויסער כבוד צו העלפן נאָמבערגן מיט אַ צענערל״...

— „איצט האָב איך ניט קיין געלט מיט זיך״, — רוף איך זיך אָן צו נאָמבערגן — „אָבער מאָרגן וועל איך קענען אַרויסהעלפן... כ׳על עס זיכער טאָן פאַר אייך... באַשטימט״...

— „זאָל זיין מאָרגן, אָבער פאַרגעס ניט״ — האָט ער מיר געדריקט די האַנט און אַוועק מיט האַסטיקע טריט אין דער צווייטער אַלייע...

מיינע חברים האָב איך ניט אויסגעזאָגט וועגן וואָס נאָמבערג האָט מיט מיר גערעדט... אָבער איך בין שפּעטער אַוועק צו אַ פאַרמעגלעכן קוזין מיינעם און ביי אים געבאָרגט צען מאַרק. צומאָרגנס האָב איך די צען מאַרק אָוועקגעגעבן נאָמבערגן...

דעם אמת געזאָגט, האָט זיך מיר ניט געגלויבט, אַז נאָמבערג וועט מיר אָפּגעבן דעם חוב אַפילו אין אַ יאָר אַרום... סיידן ער זאָל געווינען דאָס גרויסע געווינס... אָבער איך בין געווען שטאָלץ מיט דעם וואָס איך האָב געקענט אַרויסהעלפן דעם גרויסן יידישן שריפטשטעלער מיט אַ גמילת־חסד... כ׳האָב געוואַרט און געהאָפט... געציילט די טעג... אפשר?

מיט זיבן טעג שפּעטער — טאַקע פרייטיק — קומט אַריין נאַמבערג אין דער רעדאַקציע, ער טוט אָפּ זיין ארבעט ווי געווינלעך, און מיט אַ מאָל רופט ער מיך אַריין צו זיך:

— „אברהמל, איך וויל דיך זען גלייך נאָך דער אַרבעט. וואַרט אויף מיר"...

ווען די שריפטזעצערס און די שרייבער זיינען אַוועק, בין איך געבליבן איינער אַליין. ס'האָט לאַנג ניט גענומען און נאַמבערג רופט זיך אָן צו מיר:

— „איצט קענען מיר גיין, אברהמל, דאַרפסט זיך גאָרניט שרעקן..."

מיר זענען אַרויס אין דער אַלייע. יידן האָבן זיך געאיילט פון דער אַרבעט. סוחרים האָבן פאַרמאַכט די קראָמען, חסידים זענען געגאַנגען פון מקווה... זיך געפּעדערט צו קבלת־שבת... מיר גייען צו דער צווייטער אַלייע... צוקומענדיק צום „באַר", אַ גרויסער רעסטאָראַן, רופט זיך אָן נאַמבערג:

— „דאָ גייען מיר אַריין... שעם זיך ניט... דיין קאַפּאַטע איז טאַקע יידישלעך, אָבער ס'מאַכט ניט... ס'יידישע היטעלע קענסטו האַלטן אין האַנט. ביסט אַ וועלטלעכער ייד... כ'מיין"...

כ'האָב זיך געקווייקלט אַריינצוגיין, טאָמער דערזעט מיך עמעצער און טראָגט צו די נייעס מיין פאָטער... חוץ דעם: ווי קום איך אין אַזאַ אַריסטאָקראַטישן רעסטאָראַן? ווער ווייס וויפיל געלט מ'דאַרף דאָרט אויסגעבן? מסתמא וויל נאַמבערג, אַז איך זאָל באַצאָלן פאַר אַ מאָלצייט... און אפשר אויך דערלאַנגען אים נאָך אַ גמילת־חסד?... — אָבער נאַמבערג האָט מיך אַ ציִ געטאָן צו זיך און אינאיינעם זענען מיר שוין אינעווייניק...

אַ קעלנער איז צוגעקומען. נאַמבערג האָט אים געהייסן ברענגען צוויי פּאָרציעס — לעבערלעך, פּופּיקלעך און אַ צימעסל... מיר האָבן אָפּגעגעסן דעם מאָלצייט און פאַרטרונקען מיט אַ גלאָז ביר... נאַמבערג האָט באַצאָלט פאַר די פּאָטראַוועס, געגעבן טרינק־געלט דעם קעלנער און מיר האָבן זיך געלאָזט צו דער טיר... דאָ נעמט נאַמבערג אַרויס פון זיין וועסטל־קעשענע צען מאַרק און שטופּט זיי מיר אין האַנט אַריין... דערביי גיט ער אַ זאָג:

— „אברהמל, אָט אַזוי גיט הערש־דוד אָפּ זיינע חובות. פאַרשטייסט?!... האָב עס אין זכרון"...

מיר זענען אַרויס אין דער אַלייע און זיך האַרציק געזעגנט.

איך בין געווען צערודערט. כ'בין ניט געגאַנגען אַהיים, נאָר געלאָפן, ווי אַ מלאך וואָלט מיך געטראָגן אויף זיינע פליגלען...

דעם פרייטיק ביינאַכט האָב איך ניט געקענט איינשלאָפן. איך האָב געטראַכט:

— „הערש־דוד נאַמבערג איז ניט בלויז אַ גרויסער יידישער דיכטער, ער איז אויך אַ גרויסער מענטש"...

# דער גרויסער סוד...

(אין אָנדענק פון מיין פאָטער מאיר יונה ליטמאַן ע"ה)

## ב

אין מיינע יינגלשע יאָרן בין איך געווען אַן אָפּטער אַריינגייער ביים רבין ר' אביגדור שאַפּיראָ, אָדער, ווי זיינע חסידים פלעגן אים רופן, ר' אביגדורל. דאָס איז געווען מחמת דעם, וואָס מיין פאָטער, ר' מאיר־יונה, איז געווען די „צווייטע האַנט" פון רבין — דער משמש בקודש. ער פלעגט מיך מיטנעמען צו שלוש סעודות, וואו איך האָב געזונגען זמירות ביים רבינס טיש. ווען דער רבי האָט מיך דעם ערשטן מאָל געהערט זינגען, האָט ער געזאָגט צו מיין פאָטער:

— „ר' מאיר־יונה, דיין אברהמל האָט אַ זיס קולכל, זאָל ער באַשיינען אונדזערע שבתדיקע „טישן"...

דער רבי אַליין פלעגט מיך אונטערקויפן מיט אַ שטיקל לעקעך, מיט אַן אייער־קיכל און אַמאָל מיט אַ גלעזל זיסן ראַזשינקע וויין...

אַזוי־אַרום בין איך געוואָרן אַ בן־בית אין רבינס הויף. מיין קינדיש האַרץ האָט זיך דווקא געריסן צו שפּילן מיט מיינע חברים פון דער תלמוד תורה מחזיקי־הדת, וואו איך האָב געלערנט, אָבער מיין פאָטער האָט מיך אַלע מאָל געוואָלט האָבן לעבן זיך...

כאָטש אין רבינס הויף האָבן זיך אַרומגעדרייט אַ פּאָר קינדער — צוויי מיידלעך און צוויי יינגלעך — האָב איך מיט זיי געקענט שפּילן בלויז שמחת תורה ביי די הקפות. אַ גאַנץ יאָר האָט מען דעם רבינס קינדער אָפּגעהיט, אַז זיי זאָלן זיך ניט חברן מיט קיינעם, ניט אָפּגעבן זיך מיט קיין זאַך, נאָר לערנען „יידישקייט"...

שמחת תורה איז אָבער געווען אַן אויסנאַם. ביי די הקפות האָבן יינגלעך און מיידלעך זיך אויסגעמישט. מ'האָט מאַרשירט מיט די פענער צוזאַמען מיט די חסידים, מ'האָט געזונגען, געשטיפט, געלאַכט, געטאַנצט אַרום די ספר־תורהס... ביי די הקפות איך האָב אַפילו געטאַנצט מיטן רבינס טעכטערל, פּערעלע, וואָס האָט אַ גאַנץ יאָר מורא געהאַט אַ בליק צו טאָן אויף אַ יינגל...

האָט זיך פאַרלאָפן אין רבינס הויף, אין מיינע קינדער־יאָרן, אַ מעשה־נורא: איינער פון רבינס זינדלעך, יאָסעלע, רופט מיך אַוועק אָן אַ זייט און רוימט מיר איין אַ סוד אין אויער: אברהמל איך וויל דיך זען היינט פאַרנאַכט אויפן בוידעם־שטיבל. פרעג איך: וואָס עפּעס אויפן בוידעם־שטיבל? זאָגט יאָסעלע: „קיינער טאָר ניט וויסן דערוועגן, ס'איז אַ סוד... שאַ, זאָג קיינעם ניט אויס און קום איינער אַליין אויף די שפּיץ־פינגער"...

כ'בין אַוועק פון רבינס הויף מיטן „סוד אין בויך" אַ צעפּלאָנטער... מ'טאָר קיינעם ניט זאָגן... יאָסעלע וויל מיך זען אין אַ פּלאַץ וואו שדים און רוחות טאַנצן אַרום פראַנק און פריי... אויפן בוידעם... ווער ווייסט וואָס דער סוד איז?...

כ'האָב דעם טאָג איבערגעלעבט אַ סך שרעק און מיין הערצעלע האָט געקלאַפּט גאָר שטאַרק. די מאַמע האָט באַמערקט,

אַז איך עס עפּעס גאָרניט, גיי אַרום פאַרזאָרגט און בין צע־טראָגן...

— וואָס איז מיט דיר, אברהם, — שרייט די מאַמע — אפשר איז אַריין אין דיר, חלילה, אַ דיבוק?

— ניין מאַמע — ענטפער איך מיט אַ ציטער — איך האָב אַ „סוד אין בויך"... בלויז אַ סוד...

די מאַמע האָט זיך צעוויינט, געזיפצט און געווישט די טרערן מיטן פאַרטוך.

— ווען דער טאַטע וועט אַהיימקומען פון מעריב, — האָט די מאַמע געכליפּעט — וועט מען גלייך אַריבערגיין צום רבין



ר' מאיר־יונה ליטמאַן

אביגדורל, ער זאָל עפּעס טאָן און אַרויסטרייבן פון דיר דעם „דיבוק", אָדער דעם „סוד אין בויך", ווי דו רופסט עס...

— מאַמע, וויין ניט, ס'טוט מיר גאָרניט וויי. — האָב איך מיט שרעק זיך געבעטן. — איך וועל ניט וואַרטן אויפן טאַטן ביז ער וועט קומען אַהיים פון מעריב, איך וועל אַליין אַריבערלויפן צום רבין, איידער עס ווערט שטאַרק פינצטער...

— אוי, מיין זינדעלע — האָט די מאַמע געבראָכן די הענט — ביסט אַזוי קלוג און טראַכסט אַזוי ווי אַ דערוואַק־סענער... לויף טאַקע אַליין אַריבער צום רבין דאַוונען מעריב און זאָל דיר גאָט שיקן אַ רפואה שלימה — טאַטע־פּאָטער...

לויפנדיק אַזוי צום רבין, האָב איך אויפן וועג אָנגעטראָפן חסידים, וועלכע האָבן געשפּאַנט אין טיפן שניי און געאײלט אַריינצוכאַפּן אַ מעריב ביים רבין...

אָבער אָנשטאָט אַריינגיין אין רבינס בית־המדרש, בין איך, פייל און בויגן, אַרויפגעקראָכן אויפן בוידעם כדי זיך צו טרעפן מיט יאָסעלען...

ס'איז געווען שטאָק־פינצטער. מיינע פיס האָבן זיך גלייך אָנגעשטויסן אָן שמאַטעס, און צעבראָכענעם גלאָז... די צע־בראָכענע פלעשער האָבן אָנגעמאַכט אַ גערודער. אַ פּחד האָט מיך אַרומגעכאַפּט: די שדים און בייזע רוחות האָבן מיך געפּאַקט... זיי וועלן מיך שוין פון דאַנען קיין לעבעדיקן ניט אַרויסלאָזן...

פּלוצעם דערהער איך עמעצן נעבן מיר. אַ וואַרעמע מענטש־לעכע האַנט רירט אָן מיין פּנים. אין שטאָק־פינצטערניש פליס־טערט־אַרויס אַ מענטשלעכע שטימע:

— דאָס ביסטו, אברהמל? האָב ניט קיין מורא, דאָס איז... יאָסעלע!.. יאָ, דעם רבינס ר' אביגדורלס זון... ביסט געקו־מען טאַקע אין דער ריכטיקער שעה.. איידער מ'וועט זיך שטעלן דאַוונען מעריב, וועל איך דיר איבערגעבן דעם גרויסן „סוד"... שאַ, זאָל קיינער ניט וויסן פון דעם... איך מוז באַלד אַראָפּ אין בית־המדרש...

מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטיק האַרטע זאַך, יאָסעלע האָט זיך געפּאַרעט אין די קעשענעס פון זיין לאַנגן זיידענעם כאַלאַט און אַרויסגעצויגן פון איין טאַש אַ חלב־ליכטל מיט אַ זאַפּאַלקע (שוועבעלע), און פון דער צווייטער — אַ שרייב־העפט... ער האָט גיך אָנגעצונדן דאָס ליכטל, געמאַכט זיכער, אַז דאָס בין איך, און ניט קיין אַנדערער, און אין איילעניש גענומען ריידן:

— אברהמל, דו ביסט אַ שריפטזעצער, דו לערנסט זיך אַ הייליקע מלאכה — צוזאַמענשטעלן די הייליקע אותיות און פאַר־שפּרייטן ליכט צווישן פאָלק... איך האָב אָנגעשריבן אַ דער־ציילונג... איך גלויב, אַז איך האָב עפּעס בייגעשטייערט מיט מיין שאַפן... אפשר קענסטו עפּעס טאָן, אַז מיין אַרבעט זאָל קריגן אַ תיקון, אַז זי זאָל דערשיינען אויף דער ליכטיקער וועלט... איך וועל דיר אייביק דאַנקען דערפאַר...

— אָבער, יאָסעלע, — האָב איך גענומען שטאַמלען — וואָס איז דער סוד וואָס דו דאַרפסט מיר דערציילן? איך בין דאָך געקומען אויף די שפּיץ־פינגער בלויז צו הערן דעם סוד...

— נאַ דיר דעם „סוד", אברהמל, נעם דעם „קאַיעט" (שרייב־העפט), לעז־איבער די דערציילונג און אויב אַ צייטונג, אָדער אַ זשורנאַל, וועט עס אָפּדרוקן, זאָלסטו מיר ברענגען די אָפּ־געדרוקטע זאַך אין בית־המדרש... קיין לעבעדיקער מענטש טאָר ניט וויסן דערפון — בלויז מיר ביידע ווייסן דעם „סוד"... ס'אַ גרויסער סוד...

מיר האָבן זיך ביידע אַראָפּגעשאַרט פון בוידעם־שטיבל, אַריינגעכאַפּט אין בית־המדרש בעת דער עולם האָט שוין גע־שמאַק געדאַוונט...

קומענדיק אַהיים פון מעריב־דאַוונען ביים רבין ר' אביגדורל, האָט מיך די מאַמע גענומען אויפן שויס און אַריינגעקוקט אין מיינע אויגן. זי האָט מיר אויסגעקושט די אויגן און דריי מאָל אויסגעשפּיגן:

— וואָס מאַכסטו מיין קינד? — האָט די מאַמע געפרעגט פאַרשנדיק — ווילסט עפּעס עסן?

— מאַמע, — האָב איך אַ לאַכנדיקער און פריילעכער אויס־געזונגען, — איך בין הונגעריק ווי אַ וואָלף, כ'על אַלץ עסן...

— דער רבי ר' אביגדורל איז טאַקע אַ צדיק, וואָס ווייזט ניסים... ער איז אַ צדק הדור.... — רופט זיך אָן די מאַמע און הויבט די הענט צום הימל. — ס'קינד איז אַוועק צו אים מיט אַ „סוד אין בויך" און געקומען אַהיים פריש און געזונט...

* * *

יאָסעלעס ערשטע דערציילונג האָב איך געלייענט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. שפּעטער האָב איך עס אַוועקגעשיקט אין אַ וואַרשעווער יידישער טאָג־צייטונג וואָס האָט עס גלייך אָפּגע־דרוקט און דער רעדאַקטאָר האָט מיר געשריבן, אַז דער שריי־בער יאָסעלע פאַרמאָגט טאַלאַנט... און מ'קען פון אים דער־וואַרטן נאָך גרויסע זאַכן...

# אַ חסידישע דעמאָנסטראַציע

## ג

דאָס איז געווען נאָכן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין 1914. דאָס דייטשישע מיליטער האָט באַזעצט טשענסטאָכאָוו און זיך גענומען איינפירן „באַלעבאַטישקייט" אין שטאָט. ס׳האָבן זיך גענומען באַווייזן אַפּישן מיט באַפעלן איינער נאָכן אַנדערן: דאָס מעג מען, און דאָס טאָר מען ניט... ס׳איז געווען אַ סך מער „מ׳טאָר ניטס", ווי „מ׳מעג יאָ"...

די דייטשן האָבן געוואוסט, אַז זיי זיינען אויף דעם שונאס טעריטאָריע. דער דייטשישער מיליטאַריזם האָט אַריינגענומען די גאַנצע פּוילישע טעריטאָריע אין אירע אייזערנע לאַפּעס און איינגעפירט אַ מיליטערישע דיקטאַטור, וואָס האָט געהאַלטן די פּוילישע באַפעלקערונג אין גרויס שרעק.

דאָס פאַרנעמען פּוילן איז די דייטשן דעמאָלט אָנגעקומען מיט ווייניק בלוט, מחמת דער הויפּט פון צאַר ניקאָלאַיס אַרמייען — ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש — האָט באַפוילן דאָס רוסישע מיליטער זיך צוריקציען „טיף אין לאַנד"... זענען די רוסן געלאָפן און די דייטשן האָבן זיי כסדר נאָכגעיאָגט...

דער ציל פון דייטשישן גענעראַל־שטאַב איז געווען צו פאַרנעמען אוקראַינע, דאָס פעטע לאַנד מיט שפּייז וואָס קען פאַרהיטן פון הונגער דאָס „ליבע פאַטערלאַנד"...

אָבער וואָס טוט מען ביז מ׳קומט־אָן אין אוקראַינע, ווער ווייסט ווען מ׳וועט זיך דערשלעפּן אַהין?...

האָט דער דייטשישער גענעראַל־שטאַב לאַנג ניט געטראַכט און געגעבן אַ באַפעל:

„אַראָפּנעמען דאָס גערעטעניש פון די פעלדער אין פּוילן, די תבואה, די בהמות, די עופות, די פּוטער און קעז, ווייל „דאָס פאַטערלאַנד" מוז זיין זאַט... מ׳טאָר אין דייטשלאַנד ניט ליידן קיין הונגער"...

טשענסטאָכאָוו האָט גלייך דערפילט דעם טעם פון קייזער ווילהעלמס פּאָליטיק; די געוועלבער זיינען געוואָרן ליידיק פון שפּייז, עסנוואַרג איז געוואָרן ווייניקער און ווייניקער. מ׳האָט גענומען הונגערן... דער הונגער האָט געבראַכט אַלערליי קראַנקהייטן: בויך־טיפוס, פלעקן־טיפוס, געשוואָלענע בייכער, געלזוכט און אַנדערע צרות... די שטערבלעכקייט איז געוואָרן אַזוי גרויס, אַז די דייטשישע מאַכט האָט זיך דערשראָקן פאַר איר מיליטער, וואָס האָט געהאַלטן אין איין אַריינשטראָמען קיין פּוילן.

„וואָס טוט מען אַז דאָס קייזערלעכע מיליטער זאָל ניט ליידן פון די מגיפות?" האָט דער גענעראַל־שטאַב זיך געבראָכן דעם קאָפּ... די ליידן פון דער באַפעלקערונג אין פּוילן האָט זיי ווייניק־וואָס געאַרט.

קודם־כל האָט דער דייטשישער קאָמענדאַנט אין טשענסטאָכאָוו זיך גענומען צו דעם מיטל וואָס הייסט „היגיענע"... מ׳דאַרף אויסרייניקן, אויסשייערן די שטאָט און די מענטשן... האָט מען יעדן טאָג אַרומגערינגלט אַן אַנדער געגנט פון שטאָט און געפירט די מענטשן אין באָד אַריין... מ׳האָט אָפּגעגאָלט די האָר פון די קעפּ און דעזינפעקצירט גרויס און קליין... פאַר יידן איז ניט קיין נייעס צו גיין אין מקוה לכבוד־שבת אָדער יום־טוב, אָבער אַזאַ שלעפּעניש אין מקוה אַריין אין פּראָסטע טעג פון דער וואָך — דאָס האָט טשענסטאָכאָוו ניט געזען זייט די שטאָט איז אַרויף אויף דער מאַפּע פון רוסיש־פּוילן...

די דייטשישע מאַכט האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז דאָס רייניקן און שייערן די באַפעלקערונג וועט ווייניק־וואָס העלפן אָפּשטעלן די מגיפות אין שטאָט. חוץ היגיענישע מיטלען, הייסט עס, דאַרף מען אויך זען אַז דער עולם זאָל ניט הונגערן, זאָל האָבן וואָס צו עסן, כאָטש ברויט און קאַרטאָפל...

די פירער פון דייטשישן ווירטשאַפטס־מיניסטעריום האָבן זיך געבראָכן די קעפּ: וואָס טוט מען צו פאַרמיידן אַ קאַטאַסטראָפע פאַר דער דייטשישער אַרמיי, אַז זי זאָל ניט אָנגעשטעקט ווערן מיט די טיפוס־באַצילן? די גאַנצע אַרמיי קען, חלילה, אַוועקפאַלן אין די שפּיטאָלן אָנשטאָט צו מאַרשירן קיין פּעטערבורג?... וואָס טוט מען קעגן די מגיפות?

די באַפעלקערונג אין דעם פאַרנומענעם פּוילן האָט ניט קיין שפּייז. „דאָס שטימט, ווייל, ווייסן זי, דאָס פאַטערלאַנד האָט פראָסט פּשוט צוגענומען דאָס עסנוואַרג פון פּוילן"...

האָט מען באַשלאָסן אין די „הויכע פענצטער" אין בערלין, אַז די באַפעלקערונג אין פּוילן זאָל קריגן פּאָרציעס ברויט און קאַרטאָפל אויף צו דערהאַלטן זייערע נשמות...

פאַר די רייכע קלאַסן מענטשן אין פּוילן האָט מען ניט געדאַרפט שטאַרק זאָרגן. זיי האָבן זיך אַן עצה געגעבן אויפן „שוואַרצן מאַרק", וואו זיי האָבן זיך איינגעשאַפט ניט בלויז ברויט און קאַרטאָפל, נאָר אויך גענדזלעך, פּוטער און קעז... דער יקרות איז געווען גרויס, דאָך פאַר געלט האָט מען אַלץ געקענט קויפן. אָבער די אַרבעטער, די קבצנים — וואָס טוט מען מיט זיי?

די באַפעלקערונג איז איינגעטיילט געוואָרן אין דיסטריקטן, וואו מ׳האָט פאַרקויפט ברויט און קאַרטאָפל צו צוגענגלעכע פּרייזן. אמת, דאָס ברויט איז געווען שוואַרץ ווי קויל אָדער געל ווי ליים, ווייל דאָס מעל איז געמישט געוואָרן מיט קוקורוזע און אַנדערע שוואַרציאַרן, אָבער די „רייען" צו קריגן ברויט און קאַרטאָפל האָבן זיך געצויגן איבער דער גאַנצער ברייט און לענג פון טשענסטאָכאָוו. וואו מ׳איז געגאַנגען און וואו מ׳איז געשטאַנען האָט מען געזען „רייען", „רייען", „רייען"...

צו קענען קויפן קאַרטאָפל האָבן די טשענסטאָכאָווער שטאָטטאַטעס איינגעפירט אַ סיסטעם, אַז איין מאָל אַ וואָך האָט יעדער איינוואוינער פון דיסטריקט זיך געמוזט שטעלן אין דער „רייע" צו קריגן זיין חלק. טאָמער איז מען ניט געקומען דעם באַשטימטן טאָג נאָך די קאַרטאָפל, האָט מען געמוזט קומען קומענדיקע וואָך און ביז קומענדיקער וואָך — הונגערן...

האָט איין מאָל פּאַסירט אַזאַ מעשה אין אונדזער טשענסטאָכאָוו:

בעת די חסידים פון רבין ר׳ אביגדורל זענען געשטאַנען איינגעהילט אין די טליתים און געדאַוונט די שבתדיקע שמונה־עשרה, איז אַריינגעלאָפן אַ יידענע מיט אַ גרויס געוויין און זיך צעלאָזן אויף די הויכע טענער:

„ס׳אַ גרויס אומגליק אין שטאָט... יידן זענען מחלל שבת בפרהסיא... ווי קענט איר דאַווענען, — ווען יידן שטייען אין דער „רייע" און קויפן קאַרטאָפל אום שבת... רבי, וואָס שווייגט איר?"

ס׳איז געוואָרן אַ טומל, אַ געלאַף אין בית־המדרש... דער רבי האָט נאָך ניט געהאַט פאַרענדיקט די שמונה־עשרה, האָט ער געפּאָכעט מיט די הענט אַהין און אַהער. איין ייד מיט אַ שוואַרצער באָרד און גרויסע הענט האָט זיך געלאָזט לויפן צום שולחן, אַ פּאַטש געטאָן אין אַ חומש און אַרויס מיט לשון:

— „יידן, מ׳טאָר דאָס ניט דערלאָזן! ס׳איז אַ חילול השם! וואָס טויג דאָס דאַוונען, אַז יידן זענען, נעבעך, מחלל שבת בפרהסיא!״

באַלד האָט זיך געהערט אַ געשריי:

— „לאָמיר גיין אין די טליתים צום רב ר׳ נחום אַש אין שול, זאָל ער פועלן ביי מלכות אַז יידן זאָלן ניט דאַרפן מחלל שבת זיין... ס׳איז עק וועלט, רבי!...״

דער רבי איז אויסגעגאַנגען די שמונה־עשרה. דער טומל האָט זיך צעפלאַקערט, די חסידים זענען געלאָפן אין בית־המדרש פון איין באַנק צו דער אַנדערער און ניט געקענט איינזיצן. און אין טומל הער איך ווי דער רבי זאָגט צו מיין טאַטן:

— „מאיר־יונה, וואָס, מיינסטו, דאַרף מען טאָן? זאָל מען אפשר צוגיין צום רב וועגן דעם ענין?״

מיין פאָטער האָט גענומען טענהן, אַז „דינא דמלכותא דינא״, אַז אַ געזעץ פן מלכות איז חל אויך אויף יידן... אַז ס׳איז פיקוח־נפש... יידן הונגערן און דערפאַר מוזן זיי, נעבעך, קויפן אום שבת די קאַרטאָפל... אויב מ׳קען אָפּשרייען די גזירה ביים קאָמענדאַנט, וואָלט געווען זייער גוט, אָבער... ווער ווייס צי מ׳קען?״...

דאָ האָבן די חסידים איבערגעהאַקט די רייד פון מיין טאַטן. מ׳האָט זיך אַ לאָז געטאָן צום רבין, אים גענומען אונטערן אָרעם און אַזוי אים אַרויסגעפירט אין גאַס. דער עולם האָט זיך אַ שפּאַר געטאָן נאָכן רבין און גענומען מאַרשירן אין די טליתים צו דער אַלטער שול — צום קאַזיאָנעם רב, ר׳ נחום אַש.

איך בין מיטגעגאַנגען מיטן עולם. דער טאַטע האָט מיך געהאַלטן ביים האַנט. ער האָט כסדר גערעדט צום עולם:

— „וואָס איז דער רב שולדיק... ס׳איז דאָך אַ גזירה פון דאַהטש מ׳קען זיך ניט העלפן... ס׳איז פיקוח נפש״...

ווען די דעמאָנסטראַנטן זענען צוגעקומען צו דער שול, האָבן זיי מיט כוח זיך אַריינגעריסן אינעווייניק און צוגעלאָפן צום שולחן. ס׳איז געוואָרן אַ גרויסער טומל. מ׳האָט געשריען, געליאַרעמט, געוואָרפן מיט די הענט און געפאָכעט צום רב ער זאָל עפּעס פאַרענטפערן...

ר׳ אביגדורל האָט אַרויפגעשפּאַנט די טרעפּלעך צום אָרון קודש, זיך אויסגעטענהט מיט טרערן אין די אויגן...

דער רב איז געשטאַנען אַ בלייכער, זיך געגלעט זיין לאַנגע, ווייסע באָרד און זיך דורכגערעדט מיטן רבין. דער רבי האָט איינגעשטילט זיינע חסידים, ס׳איז געוואָרן שטיל ווי פאַר כל־נדרי, און דער רב האָט אויפגעהויבן זיינע הענט, אויסגעגלייכט זיין באָרד און מיט אַ ציטערדיקער שטימע אַרויסגעמורמלט:

— „ס׳איז גזירת המלכות... כ׳על טאָן אַלץ וואָס כ׳קען אָפּצושרייען די גזירה... ס׳איז מלחמה־צייט, האָט דאָס אין זינען... זאָל מיר גאָט העלפן כ׳זאָל קענען פועלן ביים קאָמענדאַנט... כ׳על... רבותי׳...

דער רבי האָט גענומען פאַרלאָזן די שול. די חסידים זענען מיט צעבראָכענע הערצער נאָכגעגאַנגען דעם רבין...

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס איך, אַ דרייצן־יאָריק יינגל, האָב אָנטייל גענומען אין אַ דעמאָנסטראַציע קעגן מלכות...

## רפאל פעדערמאַן

# שלום אַש, ע״ה, אין אונדזער אַמאָליקן טשענסטאָכאָוו

(בלעטלעך זכרונות)

דאָס איז געווען אין יאָר 1908, מיט קאַרגע 49 יאָר צוריק. ווען אין פוילן האָט געהערשט אַ צאַרישער גענעראַל־גובערנאַטאָר. די פוילישע אינטעליגענץ און דער אַרבעטער קלאַס איז געווען ראַדיקאַל געשטימט. צווישן פאַרשיידענע ראַדיקאַלע צייטונגען און זשורנאַלן איז אויך דערשינען אַ פוילישער זשורנאַל אונטערן נאָמען „מישל ניעפּאָדלעגלאַ״. דער זשורנאַל האָט געפּרעדיקט דעם פרייען, אומאָפּהענגיקן געדאַנק. דאָס איז געווען דער זשורנאַל פון די „פריידענקער״ — אַן אַנטי־רעליגיעזער זשורנאַל. און איז רעדאַגירט געוואָרן פון אַנדזשעי ניעמאָיעווסקי. אַרום דעם זשורנאַל האָבן זיך גרופּירט די פוילישע אינטעליגענץ, סטודענטן און אויך די יידישע אַסימילירטע אינטעליגענץ. ניעמאָיעווסקיס אַ פאָרלעזונג איז אויך שטענדיק געווען גוט באַזוכט פון דער פאַרפּוילישטער יידישער אינטעליגענץ.

איינמאָל האָבן די טשענסטאָכאָווער יידישע אַסימילאַטאָרן איינגעאָרדנט אַ פאָרלעזונג פון אויבנדערמאָנטן אַנדזשעי ניעמאָיעווסקין אין טעאַטער־זאַל. די טעמע פון דער פאָרלעזונג געדענק איך ניט גענוי, אָבער איך געדענק גוט, אַז דער רעדנער האָט דעמאָלט פאַרטיידיקט די יידישע שפּראַך, ווי אַ שפּראַך, מיט אַלע שפּראַכן צוגלייך. דער זאַל איז געווען איבערפולט. גראָד דעם זעלבן טאָג,ווען די פאָרלעזונג איז פאָרגעקומען, האָט שלום אַש זיך געפונען אין טשענסטאָכאָוו. ווי מיר דוכט זיך איז דעמאָלט שלום אַש געפאָרן צו דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ דורך טשענסטאָכאָוו, ווייל טשענסטאָכאָוו איז געווען אַ גרענעץ־שטאָט. טשענסטאָכאָווער איינוואוינער האָבן געהאַט דאָס רעכט צו באַקומען אַ „פּולפּאַסעק״, וואָס האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט אַריבערצוגיין די גרענעץ קיין דייטשלאַנד אָן איבעריקע שוועריקייטן. שלום אַש האָט זיך באַנוצט מיט דער דאָזיקער מעגלעכקייט, פּונקט ווי דאָס האָבן געטאָן הונדערטער אַנדערע רעוואָלוציאָנערן, וועלכע האָבן געשוואַרצט די גרענעץ דורך טשענסטאָכאָוו. וועגן שלום אַשס זיין אין טשענסטאָכאָוו האָט קיינער אין שטאָט ניט געוואוסט. ער איז געווען אַ פּריוואַטער גאַסט ביי הרב ר׳ נחום אַש. אַש איז געקומען צו דער אויבנדערמאָנטער פאָרלעזונג אין באַגלייטונג פון דעם רבס זון, מענדל. קיינער אין זאַל האָט ניט געוואוסט, אַז שלום אַש געפינט זיך צווישן עולם. נאָכן פאַרענדיקן דעם רעפעראַט, איז ניעמאָיעווסקי אויפגענומען געוואָרן מיט וואַרעמע אַפּלאָדיסמענטן פונעם עולם. דאָ האָט איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער פאָרלעזונג פלוצלונג געמאָלדן, אַז אין זאַל געפינט זיך שלום אַש און ער וויל זאָגן אַ פּאָר ווערטער. דער נאָמען שלום אַש איז שוין דאַן געווען באַרימט און, פאַרשטייט זיך, אַז צוליב גרויס נייגעריקייט צו זען אַשן, און אויך צוליב דרך־ארץ, צו דעם באַוואוסטן יידישן שרייבער, האָט מען אים דאָס וואָרט געגעבן. אויף דער בינע האָט זיך באַוויזן אַ הויכער יונגערמאַן, ניט צו רייך אָנגעטאָן. דער ישיבה־בחור איז נאָך געלעגן אויף

זיין פּנים. ער האָט אָנגעהויבן זיין רעדע אויף יידיש. איך געדענק דעם אינהאַלט פון זיין רעדע. אַש האָט מיט אַ געוויסער איראָניע געזאָגט; „איך פאַרשטיי ניט, וואָס פאַר אַ געשעעניש ס'איז דאָ פאָרגעקומען" — האָט ער געזאָגט מיט פאַרוואונדערונג.



שלום אַש

— „ס'קומען צו גיין, קיין עין־הרע, אַזויפיל יידן, זיך צו איבערצייגן, אַז יידיש איז אַ שפּראַך, און אַז יידן דאַרפן רעדן יידיש. דאָס איז דאָך אַזאַ פאַרשטענדלעכע זאַך, מע דאַרף קיינעם אין דעם ניט איבערצייגן. וואָס וואָלטן די פּאָליאַקן געזאָגט, ווען עס קומט צו זיי אַ ייד און זאָגט זיי, אַז פּויליש איז אַ שפּראַך און זיי דאַרפן רעדן פּויליש? אַ גוי דאַרף אין דעם איבערצייגן יידן?" האָט ער מיט איראָניע געפרעגט.

די יידיש־אַסימילאַטאָרישע אינטעליגענץ האָבן זיך געפילט פון דער רעדע אַביסל געקרענקט. אָבער דערפאַר האָבן די אָנהענגער פון יידיש, די יידישיסטן, וואָס זיינען געווען אין אַ קליינער צאָל ביי דער פאָרלעזונג, זיך דערפילט דערהויבן און שטאַרק אַפּלאָדירט אַשן. וואָכן לאַנג איז שלום אַשס אַרויסטריט געווען די טעמע אין די קרייזן פון דער יידישער שטאָטישער אינטעליגענץ. אין די יידישע אַרבעטער קרייזן האָט מען שטאַרק באַדויערט, וואָס מען האָט ניט געוואוסט, אַז שלום אַש איז געווען אַ גאַסט אין שטאָט. דאָס איז געווען דערפאַר, ווייל אַש האָט באַדאַרפט שמוגלען די גרענעץ. דרך אגב, שפּעטער, ווען פּוילן איז געוואָרן אַ זעלבסטשטענדיקע מלוכה, איז דער זעלבער אַנדזשעי ביעמאָיעווסקי, דער פריידענקער, געוואָרן אַ פאַרביסענער שונא ישראל.

דאַרף מען היינט ווענען עס איז איבערצייגן וועגן דער גוואַלדיקער השפּעה, וואָס שלום אַשס ווערק האָבן געהאַט אויף דער יידישער יוגנט אין דער רענעסאַנס עפּאָכע פון דער יידישער ליטעראַטור? די יידישע יוגנט האָט דאָך געלעבט מיט אַשס ווערק. מיר האָבן ניט נאָר געלייענט זיינע ווערק, מיר האָבן זיך דאָך באַמיט אַפילו אויפצופירן זיינע ווערק אויף דער בינע און געוואָרן אַקטיאָרן, און ביי ניט איינעם פון אונדז האָט זיך אַנטפּלעקט דער סצענישער טאַלאַנט.

דעם שרייבער פון די שורות איז אויסגעקומען זיך צו באַטייליקן אין אַ פּיעסע מיט אַ גרופּע אַמאַטאָרן די דאָזיקע אַמאַטאָרן־גרופּע האָט געשפּילט יידיש טעאַטער אַ לאַנגע צייט און געוואונען אַנערקענונג. איך געדענק, ווי אין יאָר 1911, איז אויסגעפירט געוואָרן שלום אַשס דראַמע „מיטן שטראָם". אויפצופירן די דראַמע איז ספּעציעל אַנגאַזשירט געוואָרן דער באַקאַנטער יידישער דיכטער און אַרטיסט, מאַרק שווייד, אַלס רעזשיסאָר. די ראָלע פון דודן אין דער דראַמע האָט געשפּילט מאַרק שווייד, און דער שרייבער פון די שורות האָט געשפּילט די ראָלע פון רב — ר' זרח. די באַגייסטערונג פון די הונדערטער יונגע מענטשן, וואָס האָבן בייגעוואוינט דידאָזיקע פאָרשטעלונג, איז געווען גרויס.

שלום אַש האָט זייער אָפט גענומען אַ וואָרט אין פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע פראַגן. זיין וואָרט איז שטענדיק געווען וויכטיק און וואָגיק. מען האָט זיך געמוזט רעכענען מיט אַלץ וואָס ער האָט געזאָגט. ניט אַלע מאָל איז מען געווען מיט אים מסכים, אָבער אויסהערן אים מיטן גרעסטן דרך־ארץ — דאָס איז געווען נאַטירלעך. אַזוי האָט דער שרייבער פון די שורות, אין דעצעמבער, 1926, איבערגעדרוקט אַשס אַן אַרטיקל פון „פאָרווערטס", — אונטערן נאָמען: „דער יידישער אַרבעטער אין פּוילן", — אין דעם טשענסטאָכאָווער בונדישן וואָכנבלאַט, „די אַרבעטער צייטונג", פון וועלכן איך בין דעמאָלט געווען דער רעדאַקטאָר. כדאי דאָ צו ציטירן אייניקע שטעלן פון דעם אַרטיקל, ווייל זיי כאַראַקטעריזירן אַשס געדאַנקן און געפילן אין יענע יאָרן בנוגע דעם „בונד". מיר בונדיסטן, זיינען געווען שטאַרק אומצופרידן מיט יענעם אַרטיקל; פונדעסטוועגן האָבן מיר זיך געמוזט רעכענען מיט זיין וואָרט. דער אַרטיקל איז געווען אַ נעגאַטיווער, מיט קריטיק אויף די בונדיסטן און זייער שטעלונג צו יידישע פראַגן, אָבער אַש האָט אויך געהאַט צו זאָגן גוטס וועגן די בונדיסטן. און אָט וואָס ער זאָגט דעמאָלט אין דעם אויבנדערמאָנטן אַרטיקל: „דער 'בונד' האָט שטענדיק געהאַט גליק צוציען צו זיך אידעאַלע אידעאַליסטישע קינדער פון יידישן פאָלק, וועלכע האָבן זיך אויפגעצויגן אין אַ פרעמדער אַטמאָספערע, ווייט פון די יידישע מאַסן. די דאָזיקע אידעאַליסטן זיינען געקומען צום יידישן אַרבעטער און האָבן אים, ווי אַ געשאַנק אַנטקעגן געטראָגן זייער לעבן".

קיין פאַרטיי קאָן ניט אויפווייזן אַזעלכע איבערגעגעבענע און געטרייע „צוריקגעקומענע" ווי דער „בונד".

„נאָך זיי זיינען געקומען אַנדערע. און כאָטש די פירער פון 'בונד' באַשטייען מערסטנס פון אייגענע אויסגעהאָדעוועטע קינדער פון די יידישע מאַסן, זיינען אָבער אַ טייל פון זיי, און דאָס דווקא די אַקטיווסטע, די 'צוריקגעקומענע' אָדער, אַזוי צו זאָגן, געפונענע".

דאָס יידישע טשענסטאָכאָוו האָט אויפגענומען שלום אַשן אין יאָר 1925. אָפיציעל איינגעלאַדן איז ער געוואָרן דורך דעם יידישן ספּאָרט און טורן פאַריין, ווייל דער יידישער ספּאָרט און טורן פאַריין איז דאַן געווען אַ נייטראַלע אינסטיטוציע צו וועלכע ס'האָבן געהערט מיטגלידער פון כמעט אַלע פּאָגעבילדעט געוואָרן אַ ספּעציעלער אויפנאַם־קאָמיטעט לכבוד שלום אַשן.

אַ געוויסע צייט זיינען די יידישע אַרבעטער אינסטיטוציעס געשטאַנען פאַר דער פראַגע: אָנטייל צו נעמען אין דער אַרבעט פון ש. אַש־קאָמיטעט און זיינע אונטערנעמונגען, אָדער ניט.

געווין דאַן שאַרפע קאַמפן, וואָס די אַרבעטער־פּאַרטייען האָבן געפירט מיט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, און אַשס פּאָליטישע סימפּאַטיעס מיט דעם פּילסודסקי־רעזשים האָט אונדז שטאַרק ווי געטאָן. דאָס איינציקע וואָס האָט די יידישע אַרבעטערשאַפט באַוואויגן דאָך אַנטייל צו נעמען אין דער אַש־אויפנאַמע איז געווען די ליבע צו דער יידישער שפּראַך און קולטור און די פּערזענלעכקייט פון גאַסט אַליין. דער באַזוך פון אַשן האָט אין שטאָט אַרויסגערופן אַן אומגעהויערן אינטערעס, און מיר, די בונדיסטן, האָבן ניט געקענט שטיין אָן אַ זייט.

עס האָבן גערעדט וועגן אַשן אהרן פּרץ און אלקנה כראָבלאָווסקי. אין שטאָט איז דעמאָלט פּונקט געווען דער שרייבער יקיר וואָרשאַווסקי, און ער האָט באריכות גערעדט וועגן אַשס ווערק, און געמאָנט ביי אַשן אַז ער איז שולדיק די יידישע פּויערים אין נייעם ארץ־ישראל אַ חוב! ער דאַרף שרייבן וועגן די בויער און יידישע ערד־אַרבעטער אין נייעם ארץ־ישראל!

ווען שלום אַש האָט באַקומען דאָס וואָרט האָט ער אויף אַ זייער געלונגענעם אופן געענטפערט אויף אַלע באַגריסונגען און רעדעס.

איך געדענק אַשס רעדע. ער האָט געזאָגט: „דער דיכטער איז געגליכן צו דער בין, וועלכע פליט אַרום איבער בלומען און זאַמלט דעם האָניק. ווי איז צו יענער בין וואָס ציט איר יניקה נאָר פון איין בלום! דאָס איז אַ שלעכטע בין. דעם דיכטער אינטערעסירט דער אידעאַל פון דער מענטשהייט. מיר זיינען טייער ביידע: סיי די אידעאַליסטן וואָס ברענגען זיך אַלס קרבן אין ארץ ישראל, סיי די בונדיסטן וואָס זיינען געפאַלן אויף די באַריקאַדן אין קאַמף פאַר דער רעוואָלוציע. ס'האָבן אַ טעות די, וואָס ווילן מיך אַריינפּאַסן אין די שמאָלע ראַמען פון ציוניזם, אָדער מאַרקסיזם". און אַש דערציילט דעם אַנעקדאָט וועגן די ברוגזע מחותנים אויף אַ יידישער חתונה: די זעלבע מחותנים, ווען עס קומט זיי אויס צו זיין אויף אַ לויה ווערן זיי צווישן זיך אייניק. דאָס זעלבע זאָגט אַש — איז אין לעבן פון יידישן פאָלק. די יידישע וועלטלעכע שול, דער רענעסאַנס פון דער יידישער קולטור — דאָס זיינען אונדזערע שמחות. היינט זיינען מיר צווישן זיך ברוגז. אַש ענדיקט מיט די ווערטער, אַז „דאָס יידישע פאָלק, וועט זיין דורות לאַנגען קאַמף דערפירן צו אַ זיכערן נצחון".

נאָך דער אַקאַדעמיע איז אין לאָקאַל פון „האַנדלס־אָנגעשטעלטן פאַריין", פאָרגעקומען אַ באַנקעט לכבוד דעם גרויסן גאַסט. אויפן באַנקעט האָבן געהאַלטן טאָסטן ד"ר מאַרקאָוויטש, שמואל פראַנק, אינזשיניר פּשיסוסקער און ד"ר ראָזען. אין זיין ענטפער אויף די טאָסטן, האָט אַש באַרירט די באַציאונג פון דער יידישער אינטעליגענץ צו אונדזער ליטעראַטור: „איך בין" — זאָגט אַש — „דער דיכטער פון די פאָלקס־מאַסן. די אינטעליגענץ קאָן מיין נאָמען פון דער נישט־יידישער פּרעסע, זי לעזט מיך אָבער ניט. דאָס זעלבע, ווי ביי אַלע אַנדערע פעלקער". אויך ביי די אומות־העולם האָבן די העכערע שיכטן געמוזט זיך אומקערן צום פאָלק. אַזוי איז עס געווען מיט דער איטאַליענישער אינטעליגענץ, וואָס האָט זינט דאַנטעס אָנערקענט אַלס זיין שפּראַך דעם איטאַליענישן „זשאַרגאָן", און אַוועקגעוואָרפן דעם לאַטיין פון מיטלאַלטער. אַזוי איז עס געווען מיט דער רוסישער און פוילישער אינטעליגענץ, וואָס האָט אין דער צייט פון פּושקין און מיצקעוויטש, אַנערקענט זייערע אייגענע נאַציאָנאַלע קולטורן. דאָס זעלבע מוז אויך פאָרקומען ביי אונדז. די אינטעליגענץ מוז זיך אומקערן צום פאָלק און זיין קולטור.

צומאָרגנס, זונטיק, דעם 1טן פעברואַר, 1925, האָט שלום אַש באַזוכט די יידישע אַרבעטער פאָלקס שולן און דער קינדער־היים וואו ער איז וואַרעם אויפגענומען געוואָרן פון די קינדער. דעם זעלבן טאָג נאָכמיטאָג האָט אַש געהאַלטן אַ לעקציע וועגן די אויפגאַבן פון דער יידישער ליטעראַטור. נאָך דער לעקציע האָט אַש פאָרגעלעזן איניקע פון זיינע דעמאָלט נאָך ניט באַקאַנטע קלענערע זאַכן. ווי „דער בלינדער וועכטער" און אַנדערע. צומאָרגנס, מאָנטיק, איז אַש אָפּגעפאָרן קיין פּיעטריקאָוו.

זאָלן די פּאָר עפּיזאָדן וועגן אַשן זיין אַן אויסדרוק פון טיפן טרויער פון אַלע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אומעטום, וואָס געדענקען אַשס באַזוך אין אונדזער איצט־חרובער היים.

כבוד זיין אָנדענק!

יאָסל בערלינער

# איך בין אַ פּיאָנער אין קאַליפאָרניע



שוין אַ פּאָר יאָר ווי איך בין אַ פאַרמער אין קאַליפאָרניע. ניט ווייט פון אַ שטעטל, אַרום 90 מייל פון לאָס־אַנדזשעלעס. מיר זיינען דאָ זאַלבעפערט: איך, מיין פרוי לואיז־לאה און צוויי קינדערלעך. מיר שטייען אויף גאַנץ פרי פיטערן די בהמות, די הינער, דעם הונט. דערנאָך מעלקן מיר די קי, טיילן אָפּ די „קריעם" פון דער מילך און פאַרקויפן עס. דערנאָך באַוואַסערן מיר דעם גאָרטן, די פרוכט־ביימער, און ווען די פרוכטן און די גרינסן ווערן צייטיק, נעמען מיר צוזאַמען די גרינסן פון גאָרטן און די פרוכטן פון די ביימער און גרייטן צו זאַפּאַסן אויפן ווינטער. די גרינסן פירן מיר איין און קאָנסערווירן הונדערטער קעסטלעך שפּייז אויפן ווינטער.

יעדע צוויי וואָכן רייניקן מיר די הינער־שטייג, דעם שטאַל און דעם הויף. אונדזער קליינע איינקונפט פון פאַרקויפן די אייער, די פּוטער און די מילך. כמעט יעדן טאָג קומט פאָר אין די שטעטלעך אַרום אונדז אַ מאַרק־טאָג. מיר פאַרקויפן דאָרט וואָס מיר האָבן צום פאַרקויפן און קויפן איין וואָס מיר דאַרפן. אין אָנהויב איז דאָס פאַרמער־לעבן געווען שווער. דאָס גאַנצע לעבן אָפּגעאַרבעט ביי שניידעריי, איז מיר אָנגעקומען שווער דאָס בייגן זיך אין פעלד און אין הויף. איך האָב געמוזט גראָבן אַרום 400 גריבער אין דער ערד, דריי פוס טיף יעדע, צו פאַרצאַמען דאָס פעלד, אַז פרעמדע בהמות זאָלן נישט קענען אַריינגיין. איצט שלעפּ איך שוין לייכט די פּעק היי און זעק האָבער, און — נישקשה, עס גייט אַ גאַנג!

אַרום 9:30 אין דער פרי זיינען מיר שוין געוויינלעך פאַרטיק מיט דער אַרבעט אַרום דער באַלעבאַטישקייט. דאַן, ביז אַזייגער צוויי בייטאָג, פאַרברענג איך אין די „מאַרקעטס", וואו

מען קויפט און פאַרקויפט. פון דריי ביז פינף בין איך באַשעפטיקט אין מיין קליינעם שניידער־ווערקשטעל, וואָס איך פיר אָן אויף אַ קליינעם מאַסשטאַב. דערנאָך צוריק צו דער הויז־אַרבעט.

אַזוי זעט אויס, אומגעפער, דאָס לעבן אונדזערס אויף דער פאַרם. בכלל איז עס נישט לייכט, אָבער איך פיל זיך געזינטער ווי אַלס שניידער אין שטאָט.

צוויי יידישע צענטערס געפינען זיך אין פרעסנאָ, אַרום 30 מייל פון דאַנען: אַ רעפאָרם־טעמפל און אַן אָרטאָדאָקסישע שול. מיר זיינען אָנגעשלאָסן אין ערשטן. אין דער זונטיק־שול פון טעמפל לערנען זיך אַרום 200 קינדער פון דער גאַנצער אומגעגנט. מען לערנט זיי רעליגיע און יידישע געשיכטע, מען ווייזט זיי בילדער פון די קעגנשטאַנדן וואָס מען לערנט זיי. די קינדער האָבן ליב די שול און קענען זיך נישט דערוואַרטן ביז דער זונטיק וועט קומען, אַז מען זאָל זיי פירן אין שול אַריין. מיינע קינדער, „בוטש" און חנהלע, גייען אין דער זונטיק־שול. דער ראַבאַי האָט זיי אויסגעלערנט, אַז ווען מיין פרוי לאה צינדט ליכט פרייטיק־צו־נאַכטס זאָלן זיי זאָגן: „גוט שבת, מאַמע, גוט שבת, טאַטע, גוט שבת אַלע יידן, גוט שבת דער גאַנצער וועלט". איך בין נישט רעליגיעז, אָבער איך בין צופרידן, אַז די קינדער וועלן דאָ אינגאַנצן נישט פאַרגויאישט ווערן. דער אַרבעטער־רינג ברענטש אין פרעסנאָ איז נישט קיין גרויסער. דער בני ברית לאָדזש באַשעפטיקט זיך צו מייסטן מיט וואוילטעטיקייט און הילף פאַר ישראל. מיר, אין אַרבעטער־רינג, זיינען גאַנץ טעטיק אַין אונדזער קולטור־ און געזעלשאַפטלעכער אַרבעט.

איך האָב אין מיין יוגנט אין טשענסטאָכאָוו אָנגעהערט צו דער ס.ס. (סאָציאַליסטיש־טעריטאָריאַליסטישער) פאַרטיי, זיך געשלאָגן מיט די וואוילע יונגען, געקעמפט אין דער זעלבסשוץ, און עטלעכע יאָר געזעסן אין דער קעלצער טורמע „שוויענטי קרזשיז" (הייליקער קרייץ...). איך בין אַוועק קיין אַמעריקע, געשוויצט אין די שעפער, געסטרייקט, זיך געשלאָגן מיט סקעבס און פּאָליציי אויף די שיקאַגער גאַסן; כ'האָב געשלעפּט אַ וואָגן מיט פרוכט און גרינסן אין לאָס אַנדזשעלעס, דערנאָך אַליין געוואָרן אַ דאַמען־קליידער־פאַבריקאַנט. זיך געבראָכן דעם קאָפּ יעדן סעזאָן איבער נייע פאַסאָנען און נייע מאָדעס — אָבער די גאַנצע צייט איז מיר דער „טעריטאָריאַליזם" געלעגן אין די ביינער, דאָס האָט געמיינט, אַז איך דאַרף זיך באַזעצן אויף דער ערד. איצט האָב איך מיין אידעאַל דערגרייכט, און איך באַדויער דאָס נישט.

איך האָף, אַז ווען די קינדער וועלן אויפוואַקסן, וועל איך נאָך פאַרווירקלעכן מיין טעריטאָריאַליסטישן יוגנט־חלום און מיר וועלן זיך באַזעצן אין ישראל, וואָס איך וועל מאַכן פאַר מיין היימלאַנד נישט פון דערווייטן, נאָר טאַקע צו לעבן דאָרט צווישן אַלע יידן.

אַזוי ווי מיין קורצע באַשרייבונג פון אַ יידישן פאַרמער איז קאַליפאָרניע איז באַשטימט פאַרן בוך, וואָס דערשיינט צום 50־יאָריקן יובל פון אונדזער פריינט רפאל פעדערמאַן — שיקן מיר, איך און מיין פרוי לאה און די קינדער, די האַרציקסטע גרוסן מיין אַלטן גוטן פריינט און חבר רפאל פעדערמאַן, מיט וועמען מיר האָבן, אגב, זיך געפריינט מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, ווען מיר האָבן זיך ווידער געטראָפן אין לאָס אַנדזשעלעס. דעמאָלט, אַלס פאָרזיצער פון טשענסטאָכאָווער הילפס־פאַראיין. מיר ווינטשן אים נאָך לאַנגע יאָרן פון גוטן געזונט און פרוכטבאַרע אַרבעט אין אַלע זיינע פאַרצווייגטע געזעלשאַפטלעכע און יידישע קולטור־טעטיקייטן!

הערי דזשובאַס

# אַמעריקע האָט מיך דערהויבן

(נאָטיצן פון אַ ניי־געקומענעם



כ'בין געבוירן געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו ביי פרומע און פאַרמעגלעכע עלטערן. מיין טאַטע, ע"ה, האָט געהאַט אַ זיידן־פאַבריק און מיר האָבן זיך געלעבט זייער שיין. מיין טאַטע האָט מיך געשיקט אין חדר ווען כ'בין אַלט געווען פיר יאָר. אַ גאַנצן טאָג האָב איך געלערנט אין חדר, פון אין דער פרי ביזן אָוונט. איך האָב געהאַט אַ גוטן אָנהייב אין לערנען. און אַ דאַנק אָט דער התחלה, האָב איך תמיד געהאַט דעם חשק צום לערנען און איך האָב דערגרייכט צו דער מדרגה אין וועלכער איך געפין זיך היינט צו טאָג. ווען כ'בין אַלט געווען פינף יאָר האָב איך שוין געלערנט חומש מיט רש"י. אין 1939, ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכן, בין איך אַלט געווען 6 יאָר. אָבער מיין טאַטע האָט מיך ווייטער געשיקט צו אַ מלמד, ר' מאָטל פרעזעראָוויטש. די דייטשן האָבן שוין דאַן געמאַכט אַ געטאָ. אָבער עס האָט נאָך געהייסן אַן „אָפענע געטאָ", ווייל קריסטן האָבן נאָך געמעגט אַריינקומען. איך האָב ווייטער געלערנט אין חדר ביז דער „אַקציע", וואָס עס האָט זיך אָנגעהויבן מוצאי יום כפור. דאַמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן דער ריכטיקער חורבן אויף די טשענסטאָכאָווער יידן. איך מיט מיין גאַנצער משפחה זיינען באַלד נאָכן תענית אַראָפּ אין אַ קעלער, און מיר זיינען געווען דאָרט באַהאַלטן אַן ערך פינף וואָכן.

מיר האָבן זיך שפּעטער, ביסלעכווייז, אַריינגעשמוגלט אין דער „קליינער געטאָ". אויך דאָרט פלעגן מיר זיין באַהאַלטן כסדר, ווייל קינדער און עלטערע מענטשן האָבן דאָך נישט געטאָרט לעבן צוזאַמען. מיין עלטסטער ברודער, מענדל, איז „געגאַנגען" מיט דער אַקציע. דעם טאַטן ע"ה האָט מען שפּעטער פון דער קליינער געטאָ אַוועקגעשיקט קיין ראַדאָמסק, און פון ראַדאָמסק האָט מען אים געשיקט קיין טרעבלינקע. מיין

מאמע ע״ה, און מיין ברודערל ישראל שלמה האָבן זיך באַהאַלטן אין דער קליינער געטאָ, ווען מען האָט באַפוילן אַלעמען אַרויסגיין אויפן מאַרק, האָט די מאַמע ע״ה מיך יאָ געהייסן אַרויסגיין אויפן מאַרק. אויף דעם מאַרק זיינען מיר אַלע געווען אויסגעשטעלט צו פינף אין די רייען. מענער זיינען אַרויס פריער. מען האָט באַלד געמאַכט אַ סעלעקציע אויף די יינגערע, וועלכע מען פאַרדעכטיקט אַז זיי זיינען געווען אין דער אונטערערדישער „אויפשטאַנד־גרופע״. די עלטערע מיט די קינדער פלעגט מען אַפּקלייבן און אַוועקשטעלן אין אַ זייט, עס איז געשטאַנען גרייט אַ לאַסט־אויטאָ מיט זשאַנדאַרמען, וואָס פלעגן אַלעמען פירן צום בית עולם און דאָרט אַלעמען דערשיסן. די זשאַנדאַרמען פלעגן אַזוי פאָרן אַהין און צוריק. איך בין געווען איינער פון די יינגלעך וואָס מען האָט שוין געהאַט אַוועקגעשטעלט אין אַ זייט, אַוועקצופירן צום בית־עולם... מיר האָבן געוואַרט אויף דעם לאַסט־אויטאָ וואָס זאָל אונדז נעמען צום טויט, צום בית־עולם.

אַ נס האָט פּאַסירט מיט מיר און מיט די איבעריקע יינגלעך, אַ נס מן השמים. עס האָט גענומען אַביסעלע לענגער פאַר די זשאַנדאַרמען צוריקצוקומען. דערווייל איז אָנגעקומען דער דירעקטאָר פון דער „האַסאַג״־פאַבריק צו נעמען די יונגע מענטשן צום „האַסאַג״. אַ טייל פון די יינגלעך זיינען צוגעלאָפן צום דירעקטאָר ליט און ביי אים געבעטן רחמים. זיי האָבן אים געזאָגט, אַז מען נעמט אונדז צום טויט. ער האָט זיך באַלד מרחם געווען און ער האָט געזאָגט צו דעם הויפּטמאַן פון די זשאַנדאַרמען, דעגענהאַרדט, אַז ער וויל מיטנעמען די יינגלעך אין דער פאַבריק אַריין, אָבער דער רוצח דעגענהאַרדט, האָט בשום אופן ניט געוואָלט מסכים זיין. זיי האָבן זיך דורכגעווערטלט און זיך געשפּאַרט אַ שטיקל צייט איינער מיטן אַנדערן. דער דירעקטאָר ליט איז אַריין אין דעם ביורא און דאָרט געטראָפן די הויכע מאַכט פון ראַדאָמסק, און ער האָט באַקומען די דערלויבעניש צו טאָן וואָס ער וויל. — אויב ער דאַרף די יינגלעך, מעג ער זיי נעמען אין דער האַסאַג־פאַבריק. האָט מען אונדז אַריינגענומען אין די רייען פון די, וואָס זיינען באַשטימט געוואָרן צו בלייבן לעבן, און מען האָט אונדז געפירט קיין „האַסאַג״. מיר זיינען דאַמאָלט געווען דרייסיק יינגלעך. כמעט אַלע אין די זעלבע יאָרן. מיר זיינען דאַמאָלט געווען בר־מצווה־יינגלעך. אַ דאַנק דעם דירעקטאָר ליט זיינען דרייסיק יינגלעך מציל געוואָרן פון טויט. זיי אַלע לעבן איצט אין פאַרשידענע לענדער, דאָס רוב פון זיי זיינען טאַקע באַפרייט געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו.

מיין מאַמע איז דאַן פאַרבליבן אין דער קליינער געטאָ צוליב מיין קליינעם ברודערל. ער איז דאַמאָלט אַלט געווען 7 יאָר און פאַר אים איז נישט געווען קיין שום מעגלעכקייט זיך צו ראַטעווען. אַלע זיינען שפּעטער אומגעקומען און ס׳איז קיינער ניט געבליבן לעבן. הי״ד.

איך בין ניט געווען פון די, וואָס זיינען געבליבן אין די „האַסאַג״־פאַבריקן אין טשענסטאָכאָוו ביי דער באַפרייאונג. איך און מיינע פינף שוועסטער זיינען אַרויס אַ נאַכט פריער, פאַר דער באַפרייאונג. די דייטשן האָבן אונדז געפירט קיין דייטשלאַנד און דאָרט האָבן מיר שוין באַקומען דעם ריכטיקן „ברוך הבא״ פון די ס.ס.־רוצחים, וואָס האָבן אויף אונדז געוואַרט ביי דער דייטשישער גרענעץ. מען האָט אונדז געפירט דאַמאָלט אַ גאַנצע נאַכט, מיין עלטערע שוועסטער דאָראָ איז קראַנק געוואָרן אויפן וועג, שפּעטער איז זי נעבעך אומגעקומען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער אין האַנסברוק. איך בין געווען אין גראָסס־ראָזן, דאַראָ — אין בערגן־בעלזען, און אין בערגן־בעלזען בין איך באַפרייט געוואָרן פון דער ענגלישער אַרמיי דעם 15טן אַפּריל, 1945.

* * *

נאָך דער באַפרייאונג האָבן אַלע אָנגעהויבן צו זוכן קרובים. איך בין אַוועק אין דער ענגלישער זאָנע צו זוכן מיינע שוועסטערס. שפּעטער בין איך אַ צייט געווען אין דער רוסישער זאָנע, אָבער איך בין צוריק אַוועק צו דער ענגלישער. דאָרטן האָב איך זיך דערוואוסט פון מיינע שוועסטער און זיי האָבן זיך דערוואוסט וועגן מיר. זיי האָבן מיך אַריבערגעבראַכט צו דער אַמעריקאַנער זאָנע, וואו זיי האָבן זיך געפונען.

דאָ, אין דער אַמעריקאַנער זאָנע, האָב איך אָנגעהויבן טראַכטן וועגן דער „גאָלדענער מדינה״, אַמעריקע. איך האָב זיך באַלד רעגיסטרירט צו קריגן אַ וויזע. און כ׳בין געווען פון די ערשטע צו פאָרן קיין אַמעריקע. מיינע שוועסטער אָבער האָבן מיך נישט געלאָזן פאָרן. איך האָב איינגעלייגט וועלטן כדי צו פאָרן קיין אַמעריקע. איך האָב זיך רעגיסטרירט אין אַ פרעמדער שטאָט, אָן זייער וויסן, און איך בין אָנגעקומען אין די פאַראייניקטע שטאַטן דעם 17טן אויגוסט, 1949.

דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייַ לעבן פאַר מיר! איך האָב זיך באַזעצט אין דער שטאָט דעטרויט. כ׳בין געקומען איינער אַליין. איך האָב דאָ קיינעם ניט געהאַט. איך בין דאַמאָלט געווען אַ יינגל פון 17 יאָר. האָב איך זיך גענומען צום לערנען. בין אַוועק אין סקול, מיך האָט די „דזשואיש סאָשל סוירוויס״ אַהער געבראַכט און זיי האָבן פאַר מיר געצאָלט ביז איך האָב געענדיקט „הײַ־סקול״. ווען כ׳בין געקומען אַהער האָב איך ממש גאָרנישט געקענט. איך האָב דאָך פאַרלוירן די בעסטע צען יאָר פון מיין לעבן, פון סעפּט. 1939 — ווען די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן — ביז אָנהייב סעפּט. 1949, ווען כ׳האָב אָנגעפאַנגען צו גיין דאָ אין סקול, דאָ אין דער שטאָט דעטראָיט. פון זיבן ביז זיבעצן יאָר בין איך דורכגעגאַנגען שבעה מדורי־גיהנום, אין געטאָס, אין באַהעלטעניש, תמיד מיט שרעק אין די אויגן, אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין דייטשלאַנד, און אפילו נאָך דער באַפרייאונג האָב איך זיך אַרומגעשלעפּט אין פאַרשידענע די־פּי־לאַגערן אין דייטשלאַנד. ערשט דאָ האָב איך אָנגעהויבן פילן וואָס עס הייסט לעבן. איך האָב צוריק געקראָגן מיין חשק צום לערנען און געטראַכט, אַז בעסער שפּעטער איידער קיינמאָל נישט.

אין לויף פון איין יאָר בין איך דורכגעגאַנגען אַכט קלאַסן אָנפאַנג־שול און כ׳בין אַריין אין „הײַ סקול״. איך האָב דורכגעמאַכט פיר יאָר „הײַ־סקול״ אין צוויי יאָר מיט אויסצייכענונגען. כ׳בין אַריין אין קאָלעדזש מיט רעקאָמענדאַציעס און אין חודש יוני, 1956, האָב איך גראַדואירט פון „קאָלעדזש אָוו עדיוקיישאָן״ ביים „וועין אוניווערסיטעט״. אָבער איך האָב בדעה ווייטער צו לערנען און קריגן מיין „מאַסטער־דיגרי״ און שפּעטער אַ „דאָקטאָר־דיגרי״.

איך האָב דורך דער צייט אויך געלערנט אין דעם „היברו קאָלעדזש״ פון דעטרויט, פון וועלכן איך האָב גראַדואירט, און באַקומען אַ דיפּלאָמאַ.

איך דערצייל דאָס אַלץ נישט, חלילה, זיך צו באַרימען. נאָר מיט פרייד דערמאָן איך דאָס צו ווייזן וואָס פאַר אַ וואונ־

דערלעך און פריי לאַנד עס איז אַמעריקע. מיך — אַן אײנזאַמען יידישן בחור פון 17 יאָר, וואָס איז אַהערגעקומען פיזיש און גייסטיק צעבראָכן פון אַזוי פיל מוראַדיקע איבערלעבענישן, — האָט אַמעריקע געשטעלט אויף די פיס. און איך טראָג אַ סך דאַנקבאַרקייט אין האַרצן צו אַלעמען דאָ אין לאַנד, און באַזונדערס צו די נאָענטע פריינד, יידן און ניט־יידן, וואָס האָבן מיר געהאָלפן אויף שריט און טריט.

איך האָב ליב אַמעריקע. כ׳האָב זיך היפש אַמעריקאַניזירט, אָבער געבליבן יידיש אין גייסט. איך בין נאָך אַלץ פאַרבונדן מיט מיין אַמאָליקער יידישער היים, מיט די יידן פון מיין אומפאַרגעסלעכער שטאָט טשענסטאָכאָוו, וואָס איך טראָג שטענדיק אין האַרצן און וואָס וועט תמיד בלייבן אין מיין זכרון. ווייל מיינע ערשטע קינדער־יאָרן, מיין יידיש וויסן, אַלס קינד, דאָס איז געווען דער יסוד. און די ערשטע יאָרן אין חדר — זיי האָבן מיר געגעבן כח אויסצוהאַלטן די אַלע יאָרן פון פיין און ליידן, — און דעם חשק צום לערנען האָב איך באַקומען פון מיינע טייערע עלטערן, הי״ד, און זייער אָנדענק זאָל זיין געבענטשט!

ד. ניימאַרק

# מיינע איינדרוקן פון טשענסטאָכאָוו



די שטאָט, וואו איך בין געבוירן געוואָרן און פאַרבראַכט מיינע יונגע יאָרן איז געווען, לויט אונדזערע פוילישע באַגריפן ווייט פון טשענסטאָכאָוו. אין ביי אונדז, יינגלעך, און אויך עלטערע, האָט זיך געשאַפן דער איינדרוק, אַז טשענסטאָכאָוו איז אַ שטאָט פון בלויז גלחים, נאָנעס, קלויסטערס און אַנדערע קאַטוילישע איינריכטונגען.

טשענסטאָכאָוו איז, לויט אונדזערע באַגריפן, געווען אידענטיפיצירט מיט עקסטרעמער קאַטוילישקייט, און עס האָט עפּעס געשמעקט מיט „יענע״ זאַכן, דהיינו: אינקוויזיציע, שייטער־הויפנס און בילבולים אויף יידן...

געשאַפן האָט זיך דער דאָזיקער איינדרוק פון דעם, וואָס מיר פלעגן פון צייט צו צייט זען זיך ציען איבער אונדזער שטאָט פּראָצעסיעס מיט צלמים, פענער און הייליקע בילדער. די מאַרשירער זיינען צום מערסטן געווען פון דעם אָרעמען פאָלק, פּויערים, באַלמעלאָכעס. אַ סך פון זיי זיינען געגאַנגען באָרוועס, און געזאָגט האָט מען, אַז דאָס גייען זיי צופוס קיין טשענסטאָכאָוו, וואו עס געפינט זיך די „יאַסנאַ גוראַ״ מיט די הייליקסטע קלויסטערס פון די קאַטאָליקן.

בלויז דאָס דערמאָנען דעם נאָמען טשענסטאָכאָוו האָט דעריבער אָנגעיאָגט אַן אומהיימלעכקייט און שרעק. מען האָט גאָרנישט געגלויבט, אַז אין אַזאַ שטאָט זאָלן גאָר וואוינען יידן. ווי מיר דוכט, איז ביי אונדז אין שטאָט נישט געווען קיין איין ייד, וואָס זאָל אַמאָל האָבן געווען אין טשענסטאָכאָוו, אָדער אַפילו זיין אין אַ בריוולעכער פאַרבינדונג מיט דער דאָזיקער קאַטוילישער שטאָט.

אָבער אין אָנהייב פון די צוואַנציקער יאָרן, ווען איך בין שוין געווען אַ טוער אין „בונד״, האָט דער צ. ק. מיך געשיקט קיין טשענסטאָכאָוו אויף אַ פאָרלעזונג און אין איין וועגס אויך זען צו פאַרשטאַרקן דאָרט די פאַרטייאַרבעט. איז כאָטש איך בין שוין געווען אַ דערוואַקסענער מענטש, אַ זשורנאַליסט, און מיט אַ סטאַזש אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, האָב איך מאָדנע געפילט וועגן דער קאַטוילישער שטאָט פון קלויסטערס און צלמים, און ס׳איז מיר געווען פריקרע דער גאַנצער ענין צו פאָרן אַהין מיט אַ יידישער פאָרלעזונג...

אָבער שוין ביי מיינע ערשטע טריט אין טשענסטאָכאָוו, אויפן וועג פון דער שיינער, עלעגאַנטער באַן־סטאַנציע — אין שטאָט אַריין, בין איך געווען אנגענעם איבערראַשט. איך האָב גלייך דערזען, אַז טשענסטאָכאָוו איז אַ... יידישע שטאָט.

אין אָנהייב בין איך געווען אַ ביסל צעמישט. עס איז מיר אַפילו איינגעפאַלן, אַז אפשר איז עס אַ טעות, מעגלעך אַז איך בין גאָר פאַרפאָרן אין אַן אַנדער שטאָט. אָבער איך האָב זיך איבערצייגט, אַז איך בין אין טשענסטאָכאָוו און אין יידישן טשענסטאָכאָוו.

און, וואָס לייקענען? איך האָב באמת געהאַט הנאה און אַ סך צופרידנקייט, ווען איך האָב נענטער זיך באַקענט מיט טשענסטאָכאָוו און מיט אירע יידן, דער עיקר, נאַטירלעך, מיט דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

טשענסטאָכאָוו איז געווען אַ יידיש־לעבעדיקע, יידיש־צאַפּלדיקע און יידיש־פיל־קאָלירנדיקע שטאָט.

עס האָט דאָרט געקאָכט מיט יידיש לעבן. עס איז געווען דאָרט אַ גוט־אָרגאַניזירטע אַרבעטער־באַוועגונג מיט אַ נעץ פון אינסטיטוציעס, פון וועלכע די קרוין איז געווען — די יידישע קינדער־שול.

אויף אַ זיצונג פון דער שול־פאַרוואַלטונג, וואו איך בין אין איינעם אַן אָוונט איינגעלאַדן געוואָרן, האָב איך צום ערשטן מאָל געטראָפן דעם חבר רפאל פעדערמאַן. ער האָט נאָך דעמאָלט געהערט צו די „פאַראייניקטע״, וואָס איז געווען די יורשטע פון דער אַמאָליקער ס.ס. פּאַרטיי. איך האָב גלייך באַמערקט, אַז פעדערמאַן איז באַליבט ביי אַלעמען, אויך ביי די בונדיסטן און פּועלי־ציון. אויף וויפל איך קען זיך דערמאָנען, איז דער פאַרטיי־קאַמף אין טשענסטאָכאָוו אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס, נישט געווען אַזאַ שאַרפער, און ווייט פון פאַרביטערטקייט. צו דעם האָט אַ סך צוגעטראָגן חבר פעדערמאַן.

די עטלעכע טעג וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין טשענסטאָכאָוו בין איך קיין איין שעה ניט געזעסן ליידיק. מען האָט מיך כסדר אַרומגעפירט איבער די פאַרשיידענע אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס, אָבער די מערסטע צייט האָב איך פאַרבראַכט

אין דער יידישער שול, צווישן די קינדער. די שול איז באמת געווען אַ מוסטערהאַפטע.

ווען איך האָב שוין געהאַלטן ביים אַוועקפאָרן האָב איך זיך דערמאָנט, אַז איך בין דאָך פאָרט אין טשענסטאָכאָוו, אין דעם קאַטוילישן צענטער. ווי פאָרט מען עס אַוועק נישט צו באַזוכן די „יאַסנאַ גוראַ״? האָב איך געבעטן די חברים זיי זאָלן מיך אַהין אַוועקפירן. נו, זיינען מיר אַוועק צו דער „יאַסנאַ גוראַ״. דער באַרג מיט די קלויסטערס האָבן זיך געפונען אין עק פון שטאָט. עס האָט דאָרט געהערשט אַ שטילקייט, ווי אויף אַ בית־הקברות. עס האָט טאַקע געשמעקט מיט פאַרגאַנגענהייט, מיט מיטלאַלטער, מיט דעם קלויסטער־ווייִרעך, וואָס קריכט אַריין אין די נאָז־לעכער און וועקט אויף זכרונות וועגן „„אויטאָ דאַ פע״, וועגן פאַרברענען מענטשן, וועגן גלחים און יעזואיטן, אין זייערע שוואַרצע בגדים.

עס איז געווען אַ געוואַלטיקער אונטערשייד צווישן דעם יידישן און דעם קאַטוילישן טשענסטאָכאָוו. טאַקע, ווי צווישן אַ לעבעדיקע, צאַפּלדיקע שטאָט און אַ בית־עולם! דאָ ביי אונדז איז געווען לעבן, האָפענונג, מוט, אידעאַליזם, און דאָרט — פאַרגליווערטע שטילקייט וואָס איז געלעגן אויסגעגאָסן אויפן גאַנצן שטח און אויף די בנינים. עס האָט דאָרט געשמעקט מיט פאַרצייטן.

עס זיינען אַוועק עטלעכע יאָר און עס האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז מיין שטאָט האָט זיך גאָר משדך געווען מיט טשענסטאָכאָוו, און דער שדכן איז געווען די יידישע קינדער־שול. טשענסטאָכאָוו האָט גענומען אַלס לערערין איינע פון די פּרעכטיקסטע און אינטעליגענטסטע מיידלעך פון אונדזער שטאָט. רבקה צוקער איז געווען איר נאָמען, און אין טשענסטאָכאָוו איז זי געוואָרן די פרוי פון רפאל פעדערמאַן. זיינען מיר שוין געוואָרן מחותנים.

און דאָס יידישע טשענסטאָכאָוו האָט געבליט און איז געוואַקסן. דאָס יידישע לעבן, די יידישע קולטור האָט זיך פאַרוואָרצלט. די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג האָט זיך אויסגעברייטערט. דער גרעסטער טייל חברים פון די „פאַראייניקטע״, מיט רפאל פעדערמאַן בראש, איז אַריינגעטראָטן אין „בונד״. אויך אַנדערע אַרבעטער און בירגערלעכע פּאַרטייען האָבן געפירט אַ פּרוכטבאַרע אַרבעט אויף אַלע געביטן. טשענסטאָכאָוו איז געווען איינע פון די שענסטע, גייסטרייכסטע יידישע שטעט אין פּוילן.

...ביז עס איז געקומען דער דייטשישער רוצח, ימח שמו, און האָט אַלץ אויסגעריסן מיטן וואָרצל.

אָבער דאָס יידישע טשענסטאָכאָוו, פּונקט ווי אַלע הונדערטער יידישע שטעט און שטעטלעך, וואָס דער דייטש האָט פאַרניכטעט, וועט לעבן אייביק אין דעם יידישן זיכרון, אין דעם יידישן באַוואוסטזיין.

## הערשל עפּשטיין

# פון נאָוואָ־ראַדאָמסק ביז לאָס־אַנדזשעלעס

(בלעטלעך זכרונות און נאָטיצן)



קיין טשענסטאָכאָוו פלעג איך אָפט קומען אַרבעטן נאָר אויף עטלעכע וואָכן. אַמאָל — אויף גאַנצע זעקס חדשים אויך. דערפאַר איז די שטאָט טשענסטאָכאָוו ביי מיר געוואָרן ווי מיין צווייטע היימשטאָט. איך בין געווען אין טשענסטאָכאָוו אין די יאָרן 1904־1908, און בין אַריינגעצויגן געוואָרן אין די רייען פון דער פּאַרטיי ס. ס. און אַ באַגייסטערטער זיך אָפט צוגעהערט צו די רעדעס פון אהרן טשענסטאָכאָווער (סינגאַלאָווסקי), חבר אַלעקסאַנדער (לייבוש לערער), יוסף נומער צוויי, און אַנדערע. איך פלעג ברענגען די אויבנדערמאָנטע רעדנער קיין ראַדאָמסק, וואו זיי פלעגן אויפטרעטן פאַר אַ גרויסן עולם, אויף די געהיימע פאַרזאַמלונגען.

די צוויי חברישע שטיבער, וואו איך פלעג צום מיינסטן פאַרברענגען מיט נאָך אַנדערע חברים, זיינען געווען: דאָס הויז פון מענדל פּאַקולאַ און דאָס הויז פון דוד געריכטער.

אין יאָר 1908 האָב איך, צוליב די פּאָליציייִשע רדיפות, פאַרלאָזט די שטאָט טשענסטאָכאָוו און בין אַנטלאָפן, איבער דער עסטרייכישער גרענעץ, קיין קראָקע. די טעג ביז איך האָב געהאַט די געלעגנהייט צו שוואַרצן די גרענעץ, האָב איך זיך באַהאַלטן אין הויז פון מיין חבר דוד געריכטער, די גאַנצע משפּחה דודס האָט מיר אַרויסגעוויזן די פיינסטע חברישע באַציאונג. אין קראָקע האָב איך באַלד געקראָגן אַרבעט ביי מיין פאַך אַלס קאַמאַשן־שטעפּער. דאָרט האָב איך שוין געטראָפן עטלעכע נאָענטע חברים פון טשענסטאָכאָוו, אויך אַנטלאָפענע פון דער צאַרישער פּאָליציי, — רפאל פעדערמאַן, הערשל גאָטיינער און מיכאל אַלטער. שפּעטער זיינען אויך אָנגעקומען אין קראָקע די חברים מענדל שוכטער, שלמה יעקב מינקאָוו — אויף זייער וועג קיין אַמעריקע. פון ראַדאָמסק האָבן זיך דאָרט געפונען די חברים שלמה בוגייסקי, שלמה דינער און שאַפּיראָ. דער נאָענטסטער צווישן די חברים איז מיר געווען רפאל פעדערמאַן. מיר האָבן אָפט פאַרבראַכט צוזאַמען, און איך האָב פון אים זייער אַ סך געלערנט.

אין יאָר 1909 האָב איך שוין געקענט לעגאַל צוריקפאָרן קיין פּוילן. און אין יאָר 1913 בין איך אַוועק קיין אַמעריקע. איך בין פאַרפאָרן קיין שיקאַגאָ. דאָרט האָט זיך געפונען מיין כלה, שרה (מיין איצטיקע פרוי) וואָס האָט געוואוינט ביי איר שוועסטער יעטע בערלינער.

עס האָט בלויז געדויערט אַן ערך זעקס חדשים און עס האָבן אָנגעהויבן צו קומען קיין שיקאַגאָ אַ סך פון מיינע ראַדאָמסקער לאַנדסלייט: בעריש קוגעל, מענדל בעקער, די ברידער אהרן און שלמה בוגייסקי, אברהם ווייסבערג און נתן וויטענבערג. עס איז געווען אַ קריזיס־יאָר, און דער איינציקער וואָס האָט דאַן גלייך געקראָגן אַרבעט איז געווען מענדל בעקער. מענדל האָט אויך געוואוינט ביי די בערלינערס. ער האָט זיך מיט די בערלינערס אויסגענומען, אַז ביינאַכט, בשעת ער אַרבעט אין דער בעקעריי, זאָלן זיי דערלויבן צו שלאָפן אין זיין בעט איינעם פון די אַרבעטסלאָזע לאַנדסלייט. מענדל פלעגט אויך יעדן טאָג ברענגען היימיש־געבאַקענע ברויטן, קאָרענע, און פּאָמפּערניקלס, ווי מען רופט זיי דאָ (וואָס דערמאָנען אָז היימישע ראזעווע ברויט), און דאָס ברויט צעטיילן צווישן די הונגעריקע לאַנדסלייט. אַנדערע לאַנדסלייט, וועמעס נעמען איך האָב פאַרגעסן, די וואָס פלעגן האָבן אַרבעט, פלעגן זיך אויך טיילן מיט זייערע מאָגערע פאַרדינסטן און העלפן די אַרבעטלאָזע לאַנדסלייט.

אַזוי האָבן מיר, לאַנדסלייט, געהאָלפן איינער דעם אַנדערן, אין די צייטן פון נויט.

יעדן שבת און זונטיק פלעגן מיר זיך צוזאַמענקומען יעדעס מאָל ביי אַן אַנדערן אין שטוב. דערווייל האָב איך חתונה געהאַט. איך און מיין יונג ווייבל שרה האָבן געוואוינט אין אַ קעלער־שטוב. אָבער מיר האָבן זיך ניט באַקלאָגט. ווייל אין דער דאָזיקער קעלער־שטוב איז תמיד געווען פריילעך. די דאָזיקע וואוינונג מיינע אין קעלער איז פאַקטיש געווען די „צענטראַלע" פון אַלע לאַנדסלייט.

מיט דער צייט האָט יעדער פון די לאַנדסלייט געקראָגן אַרבעט. הגם די פאַרדינסטן זיינען געווען קלעגלעכע. די מערסטע לאַנדסלייט זיינען נאָך געווען נישט קיין חתונה־געהאַטע, „באָרדערס", ווי מען פלעגט זיי רופן. מיר האָבן זיך מיט דער צייט איבערגעצויגן אין אַ גרעסערער דירה און זיך געפילט אַביסל בעסער ווי אין דער קעלער־שטוב.

אין יענעם יאָר האָבן מיר זיך אָרגאַניזירט אין אַ טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט פאַראיין. מיר האָבן זיך אויך גלייכצייטיק אָנגעשלאָסן אין אַרבעטער־רינג, אין דעם וואַרשעווער ברענטש 519. מענדל שוכטער איז דאַן געווען פינאַנץ־סעקרעטאַר. מיר זיינען געווען אָפטע געסט איינער ביים צווייטן, ביי די חברים פון טשענסטאָכאָוו, מענדל און שיינדל שוכטער, דזשאַן און יעטע גרילאַק, רייזל און מאָטל שאַפּרעק, ביי יאָסל און מאַלי בערלינער, און ביי משה און יעטע בערלינער.

דאָס היימישסטע און פריינטלעכסטע הויז וואו מיר פלעגן זיך צוזאַמענקומען, איז געווען ביי פעני, מענדל בערלינערס. אַליין אָרעם — איז אָבער שטענדיק דער טיש געווען געגרייט פאַר אונדז, און עסן האָט נישט געפעלט. מיר וועלן דאָס דער ליבער פענין קיין מאָל נישט פאַרגעסן.

שיקאַגאָ האָט דעמאָלט געהאַט אַ פיינע גרופּע ס.ס. — סאָציאַליסטן־טעריטאָריאַליסטן, צווישן די מיטגלידער זייערע איז געווען יצחק גאָרדאָן (דער שוואַרצער יצחק), מ. מענדעלסבערג, מענדל שוכטער, אברהם פּאַט און אַ גאַנצע ריי אַנדערע אינטערעסאַנטע און אינטעליגענטע מענטשן. איך האָב זיך געפילט גייסטיק דערהויבן צווישן זיי. כאָטש די מאַטעריעלע לאַגע מיינע איז געווען שלעכט. איך האָב זעלטן געאַרבעט. און אַז איך האָב שוין יאָ געאַרבעט, האָב איך פאַרדינט קוים זיבן דאלער וואָך.

מיין פרוי האָט מיר צוגערעדט, אַז איך זאָל פאָרן קיין קאַליפאָרניע, צו איר שוועסטער יעטע. מיר האָבן פאַרקויפט דאָס ביסל ווירטשאַפט, און איך האָב זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

דאָס איז געווען אין יאָר 1917. קאַליפאָרניע איז נאָך דעמאָלט געווען נישט אַזוי באַוואוינט ווי איצט. אַלץ וואָס מען האָט געזען איז שטרעקעס לאַנד, אַזוי אויך אין דער שטאָט לאָס־אַנדזשעלעס. ס'איז כמעט נישט געווען קיין שאַפּ וואו צו אַרבעטן. איך האָב די ערשטע צייט „געפּעדלט", געהאַנדלט, אין משך פון זעקס חדשים האָב איך אָנגעהויבן צו פאַרדינען און געהאַט פּרנסה. מיין פרוי, שרה, איז געקומען. דאָס יידישע לעבן האָט זיך ערשט נאָר־וואָס אָנגעהויבן צו פאָרמירן. און מיר זיינען געוואָרן טעטיק אין אַרבעטער־רינג, וואָס האָט אונדז געגעבן אַ נייעם אינהאַלט אין אונדזער לעבן. אַזוי ביז היינטיקן טאָג.

* * *

אין 1944 האָבן מיר זיך ווידער געטראָפן מיט אונדזער ליבן פריינד רפאל פעדערמאַן, וועלכער האָט זיך נאָר וואָס אַרויסגעראַטעוועט זיך, צוערשט פון וואַרשע, און שפּעטער פון סאָוועט־רוסלאַנד, און איז אַהערגעקומען דורך יאַפּאַן. פעדערמאַן איז געקומען אין שליחות פון דעם „פאַראייניקטן טשענסטאָכאָווער רעליף" אין שייכות מיטן יזכור־בוך, „טשענסטאָכאָווער יידן", וואָס האָט געדאַרפט דערשיינען. די טשענסטאָכאָווער און ראַדאָמסקער לאַנדסלייט האָבן פעדערמאַנען אויפגענומען זייער פריינטלעך. פעדערמאַנס באַזוך אין לאָס אַנדזשעלעס האָט פיל געהאָלפן אַז דער דאָרטיקער הילפס־פאַראיין זאָל ווערן מער טעטיק. דער פאַראיין האָט מיטאַמאָל געקראָגן לעבן. יאָסל בערלינער איז דערווילט געוואָרן אַלס פאָרזיצער.

ווען דאָס בוך „טשענסטאָכאָווער יידן" איז דערשינען, האָבן מיר, די ראַדאָמסקער לאַנדסלייט, צוזאַמען מיט די טשענסטאָכאָווער, געהאָלפן פאַרשפּרייטן דאָס פּרעכטיק־שיינע בוך, אין וועלכן אַ וועלט מיט אַרבעט און מי איז אַריינגעלייגט געוואָרן. און ווען פריינד רפאל פעדערמאַן איז אַ צווייטן מאָל געקומען קיין לאָס אַנדזשעלעס, האָבן מיר אַראַנזשירט אַ מאַסן-פאַרזאַמלונג, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן מיט אַ גרויסן דערפאָלג, סיי פינאַנציעל, סיי מאָראַליש.

דעמאָלט האָבן מיר שוין געוואוסט פון דעם גרויסן חורבן פון אונדזערע יידישע שטעט אין פוילן. די יידישע שטעט, וואָס מיר האָבן כסדר געהאָלפן אין דער עקזיסטענץ פון די פילע אינסטיטוציעס. אונדזער צער און ווייטיק איז געווען גרויס. און ביז היינטיקן טאָג איז קיין שום טרייסט נישטאָ אויף דעם גרויסן בראָך וואָס עס האָט געטראָפן אונדזער פאָלק, די יידן אין די שטעט און שטעטלעך אין דעם אַמאָליקן פוילן!

* * *

אין 1952 האָב איך, צוזאַמען מיט מיין פרוי, באַזוכט מדינת ישראל. אונדזער פרייד איז געווען גרויס. זיכער איז מדינת ישראל אַ גרויסע טרייסט! מיר האָבן אין ישראל געטראָפן צוועלף שוועסטער און ברידער, וואָס האָבן זיך, על פּי נס, געראַטעוועט פון אַ משפּחה פון איבער צוויי הונדערט. צווישן זיי האָבן איך געפונען מיינס אַ פּלימעניק, אַ זון פון

מיין ברודער אברהם, ע״ה, פון טשענסטאָכאָוו. מיין ברודער אברהם האָט געהאַט דעמזעלבן טראַגישן גורל וואָס אַלע טשענ־סטאָכאָווער יידן־קדושים האָבן געהאַט!

אין מדינת־ישראל האָב איך פאַרבראַכט צוויי חדשים. מיר און מיין פרוי איז צוגעטיילט געוואָרן דער כבוד צו עפענען צוויי הייזער פאַר די ניי־געקומענע עולים, וואָס די אַמעריקאַנער ראַדאָמסקער לאַנדסלייט האָבן מיט זייער געלט־שטיצע לעהאַלפן אויפבויען. מיר זאַמלען איצט, אגב, געלט אויפצובויען נאָך אַ הויז.

אונדזערע לאַנדסלייט אין מדינת ישראל ציילן, קיין עין־הרע, אַרום 800 נפשות, און זיינען אָרגאַניזירט אין צוויי אָרגאַני־זאַציעס, איינע אין תל־אביב, די צווייטע — אין חיפה.

דעם איינציקן אַלטן חבר וואָס מיר האָבן געטראָפן אין ישראל איז דוד קרויזע. מיר האָבן באַגעגנט אַ סך קינדער, וועמעס עלטערן זיינען אומגעקומען פון די מערדערישע נאַצים, אין טשענסטאָכאָוו און אין ראַדאָמסק.

מיר האָבן אין ישראל באַזוכט אַ סך היסטאָרישע פּלעצער, און באַוואונדערט דעם נייעם אויפבוי פון דער מדינה, און מיר האָבן באַוואונדערט ווי אַזוי ביי אונדזערע ברידער איז נאָך פאַרבליבן מוט און כח און אידעאַליזם ווידער צו אַרבעטן און צו בויען נאָך אַזאַ גרויסע פאָלקס־קאַטאַסטראָפע.

אויפן וועג צוריק אַהיים האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אין פּאַריז. מיר זיינען אָנגעקומען פונקט אין דעם טאָג פון דעם באַסטיל־יום־טוב! — דעם 14טן יולי. און מיר האָבן געזען טויזנטער בירגער מאַרשירן אונטער די טענער פון דער באַ־רימטער „מאַרסעליעזע", דאָס ליד וואָס מיר האָבן אין די יונגע יאָרן מיט אַזאַ באַגייסטערונג געזונגען!

פאַר דער מלחמה איז די צאָל פון די ראַדאָמסקער לאַנדס־לייט אין פּאַריז געווען צוויי הונדערט און פופציק. איצט — בלויז אַן ערך הונדערט. זיי האָבן אונדז אויפגענומען זייער האַרציק.

פון פּאַריז אַהיים האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אין ניו־יאָרק, וואו מיר האָבן פאַרבראַכט אַ פּאָר טעג און זיך געזען מיט אַזוי פיל פריינד וואָס מיר האָבן שוין ניט געזען אַ לאַנגע צייט. פון ניו־יאָרק זיינען מיר געפאָרן קיין טאָראָנטאָ. דאָרט האָבן מיר זיך געטראָפן מיט עטלעכע אַלטע חברים, מיט מלך גראָס־מאַן און ישראלקע האַמער. אגב, געפינט זיך אין טאָראָנטאָ מיין שוועסטערס זון, מיין פּלימעניק מאַטעק ראָזענבערג. ער איז דער איינציק־איבערגעבליבענער פון אַ גאַנצער משפּחה. אין פּוילן איז ער געווען אַ טוער אין „בונד", **איצט איז ער דער** סעקרעטאַר פון „בונד" אין טאָראָנטאָ, און איז בכלל טעטיק אין דאָרטיקן אַרבעטער־רינג.

* * *

**ביז דעם יאָר 1948 האָבן מיר, די ראַדאָמסקער לאַנדס־**לייט, געציילט אין לאָס־אַנדזשעלעס אַן ערך 30 משפּחות. איצט איז אונדזער צאָל קלענער. די לעצטע צייט זיינען פון אונדז אַוועק, אין זייער אייביקער רו — בעריש קוגעל, מענדל בעקער, זיין פרוי, יואל קאַמינסקי, האָפמאַן, פישל גליקסמאַן און מענדל דאַווידסאָן. כבוד זייער אָנדענק!

מיר האָבן, צו אונדזער פרייד, לעצטנס צוגעקראָגן אַ פּאָר נייע לאַנדסלייט: יאָסל ראָזענבוים, הערי ראָזענבוים, חנה בוי־דעמס, פאָול קאַלקע, די צוויי בירדער זאַלצמאַן, קאָניעצפּאָלסקי און וואַקסמאַן.

זיי האָבן זיך אַלע דאָ גוט איינגעאָרדנט און לעבן זיך פיין. פון די ניי־געקומענע קומען צו אונדזערע זיצונגען דערווייל בלויז חנה בוידעמס, און יאָסל ראָזענבוים. די איבעריקע לעבן עפּעס פאַר זיך. אַ שאָד. מיר האָבן אויף זיי געלייגט אַ סך האָפענונ־גען. לאָמיר האָפן אַז זיי אַלע וועלן ווערן נענטער מיט אונדז און מיט אונדזערע אָרגאַניזאַציעס.

צום סוף וויל איך זאָגן, אַז איך באַטראַכט פאַר אַ כבוד און פאַרגעניגן וואָס איך האָב איצט די געלעגנהייט צו באַגריסן מיין ליבן יוגנט־חבר, רפאל פעדערמאַן, צו זיינע 50 יאָר גע־זעלשאַפטלעכער טעטיקייט. איך און מיין פרוי, שרה, אונדזע־רע קינדער, און אַלע אונדזערע לאַנדסלייט ווינטשן דעם חבר פעדערמאַן נאָך אַ סך אַ סך יאָרן פּראָדוקטיוו לעבן צוזאַמען מיט זיין ליבע פרוי געניע!



פאַרוואַלטונג פון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „שטראַל" אין טשענסטאָכאָוו.
גליקסמאַן, משה לעווענהאָף, מלכה גליקס־מאַן, א. כראַבאַלאָווסקי.
אַלע יוגנטלעכע זיינען אומגעקומען



פון רעכטס: יעטשע פּאַקולאַ־גרעי, אלקנה כראַבאַלאָווסקי, יצחק זשאַרנאָוויעצקי, שיינדל פּאַקולאַ־שוכטער.

# .III

# בילדער

(פון די אַמאָליקע טשענסטאָכאָווער טיפּן)

א. כראָבאָלאָווסקי

## רב דבורה מאַש

געהייסן האָט זי מיטן פּשוטן ווייבערשן נאָמען דבורה מרים, נאָר די „צווייטע העלפט" אירע, איר מאַן יאָסל שטערנבערג, האָט מיט גרויס דרך־ארץ און כבוד זי באַטיטלט מיטן נאָמען ר' דבורה מאַש, ווייל זי, דבורה מרים, איז אין הלכות פּרנסה און אין פרומקייט געווען דער מאַנסביל, און דער מאַן אירער, יאָסל איז גאָר געווען „די יידענע".

דבורה מאַש מיט איר מאַן יאָסל וואוינען ביים ראַנד פון וואַלד און ציען זייער פּרנסה פון שטאָט און פון דאָרף.

„רב דבורה מאַש" שטייט אויף גאָר פרי. זי לויפט אַרום איבער די דערפער און פויערים־הייזער, און קויפט איין וואָס עס לאָזט זיך נאָר: אַן עוף, אַ קעלבל, אַ ביסל מילך, אַ קוואָרט יאַגדעס, אַ שטיקל פּוטער, אַ קעזל, און שפּעטער פאַרקויפט זי עס צו די דאַטשניקעס, אָדער אין שטאָט צו אירע שטענדיקע באַלעבאָסטעס. ביי יעדן פויער, ביי יעדן דאַטשניק און ביי יעדער באַלעבאָסטע אין שטאָט, האָט זי ניין מאָס רייד וואָס גאָט האָט זי באַשאָנקען. זי גיסט אויס איר גאַנץ ביטער האַרץ פאַר יעדן, און זי מישט אויס פּייער מיט וואַסער און טוט אַלע מלאכות צוזאַמען: האַנדלט, וואַנדלט, קויפט און פאַרקויפט און דערביי איז זי אויך אַ שטיקל שדכנטע.

צו דעם אַלעם פאַרפעלט זי נישט, חלילה, דאָס דאַווענען. אין שטאָט צי אין דאָרף, אין דער היים אָדער אין וועג, — פאַרפעלט זי נישט קיין מנחה און קיין מעריב. זי מעג זיצן מיט אַ גאַנצן עולם יידן, אַ שטייגער, אָדער גויים אין וואַגאָן, ווערט זי נישט נתפּעל און זי שטעלט זיך אַנידער, גיט אַ רייב די הענט אָן די טרוקענע שויבן און דאַוונט. נאָכן דאַווענען הייבט זי ווידער אָן איר מסחר, און דאָס ריידן אירס האָט קיין מאָל קיין ברעג און קיין סוף נישט.

ווען „רב דבורה מאַש" לאָזט זיך באַגינען מיט די פּעקלעך און זעקלעך איבער די דערפער און אין שטאָט — נעמט דער מאַן אירער, יאָסל שטערנבערג, אַ איד מיט אַ לאַנגער, געלער באָרד, דעם טלית־זעקל אונטערן אָרעם, קושט די מזוזה, זאָגט „גוט מאָרגן" דער קאָזע אויף דער וועראַנדע, און ווען ער קומט צוריק פונעם דאַווענען, פאָרעט ער זיך אָפּ מיטן אָנבייסן און מיט דער באַלעבאַטישקייט אין הויז, דערנאָך נעמט ער די ציג פאַרן שטריקל און פירט זי פּיטערן אויפן פעלד. און דאָרט, אויפן פרייען פעלד, זאָגט ער קאַפּיטלעך תהילים אויף אויסוויניק.

ווען די האַלערטשיקעס האָבן זיך צעהוליעט, גלייך נאָך דעם ווען פּוילן איז געוואָרן ווידער אַ מלוכה, און אויסגעדריקט זייער שמחה אין שלאָגן יידן און רייסן בערד, איז אונדזער רב יאָסל „די יידענע" אויך געווען אַ קרבן פון זייערע הענט. די כוליגאַנעס האָבן דערזען אויף דער לאָנקע אַ קאָזע און יאָסלס געלע לאַנגע באָרד ביזן גאַרטל. איז געוואָרן אַ געיעג אויף דער באָרד. יאָסל איז געלאָפן, זיך געריסן פון די זעלנערישע הענט, ס'האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. אַ האַלבע באָרד איז געבליבן ביי די „האַלערטשיקעס".

ווען „רב דבורה מאַש" איז אין אָוונט אַהיים געקומען, און דערזען יאָסלען מיט דער האַלבער באָרד, האָט זי אים דאָס ערשטע מאָל אין זייער לעבן גוט אויסגעמוסרט, אַז ער איז גאָרנישט קיין מאַנסביל. ווען דאָס טרעפט מיט איר, וואָלט זי זיי, די „האַלערטשיקעס" אויסגעדראַפּעט די אויגן איידער זיי וואָלטן זיך צוגערירט צו איר באָרד...

דאָס איז נישט געווען קיין סתם באַרימעריי פון אַ יידענע. זי איז טאַקע געווען אַ יידענע אַ בריה, זי האָט אַלץ געקענט. און חוץ די גבורה צו געבערן קינדער, אויפהאָדעווען זיי און אויסהאַלטן מיט פּרנסה אַ גאַנץ הויזגעזינד, האָט „רב דבורה" נאָך באַוויזן חתונה צו מאַכן איר זון פישל, וואָס איז נעבעך געווען געשלאָגן אויפן מח... פישל האָט געהאַט אַ פּאָר בלויע אויגן ווי די קאָרנבלימלעך, וואָס מען רופט „ביעזאַפּאָמינאַיקעס". ער האָט געהאַט אַן אײדל פּנים און אַ שאַרפן מח. צעמישט איז פישל, נעבעך, געוואָרן אין די בחורישע יאָרן, פון צופיל לערנען. יאָרן לאַנג האָט פישל געלערנט אין ישיבות און זיך אַרומגעוואַלגערט אין דער פרעמד, געגעסן „טעג" און געהאַלטן אין איין לערנען ביז דער קאָפּ האָט זיך אים פאַרדרייט.

האָט אָבער פישל געהאַט אַ געטרייע מאַמע וואָס האָט געהייסן „רב דבורה מאַש", האָט זי געפּאָלגט וואָס קלוגע מענטשן האָבן איר געעצהט, אַז די בעסטע רפואה פאַר פישלען וועט זיין אים חתונה מאַכן. האָט „רב דבורה" נישט גערוט ביז זי האָט אויסגעזוכט פאַר פישלען אַ באַשערטע, און אין איינעם אַ גאָלדענעם פאַרנאַכט איז מיט מזל געפּראַוועט געוואָרן די חתונה.

פישלען האָט מען איינגערעדט, אַז דאָס האָט דער „זשאָנד" געהייסן ער זאָל חתונה האָבן, און פאַרן „זשאָנד" האָט פישל מורא געהאַט. איז ער געזעסן ביים טיש און פון צייט צו צייט אַרויסגעפּלאַצט אין אַ געלעכטער. און דעם חתונה־עולם געוויזן די צונג. ווען מען האָט אונטער דער חופּה דער חתן געהייסן צעברעכן דאָס גלעזל, האָט פישל געזאָגט, אַז גלעזער איז אַ שאָד צו צעברעכן, ווייל עס איז אַ נוצלעכע זאַך. ס'האָט ניט געהאָלפן קיין טענהס און מענהס. פישל איז געשטאַנען אונטער דער חופּה און נישט געוואָלט צעברעכן דאָס גלעזל, ביז אַ שטאַרקער ייד האָט אים אָנגענומען ביים קאָלנער און אַ געשריי געטאָן: „צעברעך!" פישל האָט זיך דערשראָקן, אַ טופּע געטאָן מי די פיס און דער גאַנצער עולם האָט אַ געשריי געטאָן „מזל טוב!"

נאָך פישלס חתונה האָט דבורה זיך נאָך מיט מער קוראַזש גענומען צו דער פּרנסה. ווייל איצט האָט זי באַדאַרפט אויסהאַלטן מיט פּרנסה, חוץ איר מאַן מיט די קינדער, אויך דעם זון מיט דער שנור אויף קעסט, און געהאָפט גאָר אין גיכן צו דערלעבן פון איר פישלען גראָטענע אייניקלעך ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר...

## חנן קיעל

# „צימעס"

## א

ס'איז געווען אין איינע פון יענע שווערע, ווינטערדיקע פרעסט, וואָס מען האָט ניט געדענקט אַ לאַנגע צייט. דער שניי איז געלעגן אויף די גאַסן און אין הייף. פון די נידעריקע דעכער און רינעס האָבן אַראָפּגעהאָנגען לאַנגע סנאָפּעס אייז. חדר־ייִנגלעך, איינגעפּעלצטע און אַרומגעהילטע, האָבן פּרובירט זיך גליטשן אויפן גלאַנציקן אייז לענגאויס דעם רינשטאָק. אָבער באַלד זיינען זיי אַהיים געלאָפן מיט צעפרוירענע נעז. דער ווינט האָט פּשוט אויסגעקניפּט שטיקער פלייש. ערגער איז געווען ביינאַכט. די פענצטער זיינען געווען פאַרקאָוועט מיט אייז, און פון דרויסן האָט אַ זאַווייערוכע געקלאָגט און געוואויעט, געקלאַפּט און געשטורעמט די לאָדנס און שיער ניט איינגעלייגט ס'הויז. אין אַזעלכע נעכט איז געווען אַ רחמנות אַפילו אַ הונט אַרויסצולאָזן אין גאַס.

צו מאָרגנס, באַלד אין דער פרי, איז די מאַמע מיינע געגאַנגען צו די סמאָטלאָכטע קויפן ברויט. ווי נאָר זי איז אַריין אין דער פּיעקאַרניע האָט איר די טשאָטשע מינדל אַקעגן געטראָגן די טרויעריקע בשורה:

— וואָס זאָגסטו עפּעס, רבקה רייזלשי קרוין, צו דער מעשה, שטעל דיר נאָר פאָר, „צימעס" איז נעבעך פאַרפראָרן געוואָרן. —

— אוי, אוי וויי! —

— יאָ — יאָ!

די טשאָטשע מינדל איז געווען צופרידן וואָס גראָד איר האָט זיך איינגעגעבן די ערשטע צו דערציילן די בשורה מיט אַלע פּיטשע־פּיטשעווקעס. —

— סאַי דען אַ וואונדער? אין אַזאַ נאַכט צו ליגן אין גאַס נאַקעט און באָרוועס! ס'וואָלט אים כאָטש אַ סטרוזש אַריינגעלאָזט אין טויער אַריין, אוי, רבונו של עולם! —

— אוי וויי'ז מיר, — האָט די מאַמע מיינע זיך ניט געקענט מוחל־זיין, ווי זי וואָלט אויך שולדיק געווען אין אומגליק.

— פון וואַנען וויסן זי, אַז „צימעס" איז טאַקע פאַרפראָרן געוואָרן? — פרעגט קליין־יאַנקעלעס ווייב, וואָס האָט געוואָלט וויסן אַביסל גענויער, ווי עס האָט פּאַסירט.

— פרעגן זי, די סמאָכטלאָכטע, עט זי איהן שוין זאָגן. —

די סמאָטלאָכטע האָט טאַקע געזען קריינדלען, צימעסעס שוועסטער, וואָס איר פעטער גראַנעק, אַן אַלטער אלמן, האָט מיט איר חתונה געהאַט אויס רחמנות. באַלד אין דער פרי איז קריינדל געלאָפן איבער דער וואַרשעווער גאַס מיט געשוואָלענע אויגן און געקלאָגט מיט אַ ניגון:

— „אוי וויי ז'מיר, אַזאַ טאַיערער ברידער, אַזאַ לאַכטיקער ברידער!" —

האָבן שוין אַלע פאַרשטאַנען אַז דער בראָך איז פאַרטיק, „צימעס" איז פאַרפראָרן געוואָרן אויף טויט. אָבער אין אַ פּאָר טעג שפּעטער, אַז דער פראָסט האָט געקנאַקט, האָט זיך „צימעס", ניט מיר, ניט דיר, ווידער געיאַוועט ערגעצוואו ביי דער בריק. ווי שטענדיק האָט ער זיך געשלעפּט מיט אַ פּאָר גרויסע, צעריסענע שיך פון וועלכע די פינגער האָבן אַרויסגעשטעקט. ער איז געווען איינגעהילט ווי גרויס ער איז געווען אין שמאַטעס און אַרומגעגאַרטלט מיט אַ שטריק. פון די לעכערדיקע נאָגעוויצעס האָבן אַרויסגעקוקט זיינע שוואַרצע, נאַקעטע קני. זיין לאַנגער ראָק, וואָס איז געווען געלאַטעט מיט אַלערליי קאָלירן, האָט נאָר געהאַט איין אַרבל. און כאָטש ער איז געווען איינגעהילט אין שמאַטעס, האָט ער ניט געקענט צודעקן זיין נאַקעטע, האָריקע ברוסט. אויפן קאָפּ האָט ער געטראָגן אַ צעפּליקטע צאָפּע מיט אַראָפּגעהאָנגענע צויטן. ווי שטענדיק, איז ער געשטאַנען מיט זיין גרויסן, פעטן בויך, אַ פאַרגאַפּיעטער, געציטערט פון קעלט, און געקלאַפּט מיט די ציין. דאָס פּנים — רויט, מיט בלויע, גראָבע ליפּן. די אויגן — ווי זיי וואָלטן אַריינגעקוקט אין זיך, אין זיין אייגענער, מטושטושער וועלט. פּלוצלונג, ווי ער וואָלט זיך אין עפּעס דערמאָנט, האָט ער אָנגעהויבן לאַכן, רעדן צו זיך אַליין און זינגען מיט זיין טיפער, האַלב־ווילדער שטים. און ווידער זיך געשלעפּט אין שניי איבער די גאַסן און ליקלען.

— „זעיץ נאָר, זעיץ נאָר, ער לעבט דעך! זעיץ נאָר דעם פינצטערן כוח זיינעם! ר'אָט דעך אַן אַזערנע גבורה וואָס איז גאָרנישט צו פאַרשטיין". —

— „ס'איז דען דאָס ערשטע מאָל וואָס ער דרייט זיך אַרויס פון טויט. אַזעלכע פרעסט זיינען ביי 'צימעסן' אַ שפּילעכל". —

— „ער עט נאָך אונדז אַלעמען איבערלעבן!" — האָבן ייִדן צופרידענע באַוואונדערט צימעסן, וואָס האָט געהאַט אַ פאַרהאַרטעוועטע פעל פון אַ חיה. זיין רויט־שוואַרצע הויט איז געווען אַ פּאַנצער. און וויפל מאָל דער פראָסט, זיין אייביקער נאַטור־שונא, האָט זיך מיט אים פאַרמאָסטן, — איז „ימעס" אַרויס דער זיגער. פאַר הונגער האָט „צימעס" גאָרנישט קיין מורא

געהאַט; ס׳האָבן זיך שוין געפונען רחמנותדיקע יידן, פרומע ווייבער, וואָס האָבן זיך געקויפט אַ מצווה און אים, פון צייט צו צייט, צוגעוואָרפן אַ שטיקל ברויט, אַביסל קאַלט געקעכץ.

געשנאָרעט האָט ער ניט. צימעס איז ניט קיין שנאָרער. אַז מען גיט אים, עסט ער, אַז ניט — איז ניט. געשלאָפן? ער ליגט אין פּראָזעס הויז, ערגעץ אין אַ שטאַל. ער האָט געהאַט אַנדערע דירות, געלעגערס אין פאַרשיידענע בוידעמס און קעלערס. אַבי ער איז געקומען איידער דער סטרוזש האָט צוגעמאַכט דאָס טויער.

געווען יידן וואָס האָבן אים געוואַשן אויף פּסח, געגעבן אַ שטיקל העמד, געלאַטעטע הויזן. אָבער לאַנג האָבן זיי זיך אויף אים ניט געהאַלטן.

גאַנצע טעג און נעכט האָט ער אַ שטילער אַרומגעבלאָנקעט איבער די גאַסן. ער האָט קיין פליג ניט געטשעפּעט, אויסגעמיטן יעדן איינעם, און מורא געהאַט אַפילו פאַר אַ קינד. אַבי מען האָט אים נאָר צורו געלאָזט. פאַרגאַפּיעט אין זיין קראַנקער וועלט, ווי ער וואָלט קיינעם אַרום זיך ניט געזען, האָט ער זיך פלוצלונג אויפגעכאַפּט מיט אַ לאַכן און מיט זיין טיף קול זיך פריילעך צעזינגען:

— האָט אַ יאָלד אַ קאַפּעליש
מיט אַ מאַטשעיופּקע —

„צימעס" האָט געהאַט אַן אויסערגעוויינלעך געהער און אַ פעאיקייט איבערצוזינגען די שווערסטע קאָמפּאָזיציעס. ווי עפּעס אַ מוזיקאַלישער דיבוק וואָלט אין אים געשטעקט. ער האָט פרעכטיק געפייפט. ווי אַ צוגעשמידטער פלעגט ער בלייבן שטיין ביי אַ פענצטער וואו ס׳האָט זיך געהערט מוזיק פון אַ ראַדיאָ אָדער פון אַ חתונה. און שפּעטער, אין די זומערדיקע נעכט, האָט עס פון אים אַרויסגעזונגען.

גערעדט האָט „צימעס" אין דער דריטער פּערזאָן:

מע שלאָגט „צימעסן"! — פלעגט ער זיך קלאָגן און באַלד איז ער זיך פאַרגאַנגען אין אַ לאַכן, ווי פון אַ הוילן פאַס אַרויס.

איך האָב אים אַמאָל געזען לויפן איבער די גאַסן מיט אַ בונטאַריש געשריי; ער איז געלאָפן אַ צערייצטער, ווי ער וואָלט זיך געאיילט ערגעץ אָנטאָן אַ גרויסן שאָדן.

— מ׳עט גיין צום פּרעזעס, שמואל גאָלדשטיינען, עט מען; פאַרוואָס נעמט ער׳ן נישט אַראַן אין שפּיטאָל אַראַן. מ׳עט אָס־האַקן די שאָובן אין דער גמינע, עט מע; וואָסי־וואָס, וואָס מיינט עץ ענק, וואָס? „אָן בי ביל מאָנדרי כלאָפּאַק", — גייט ער פלוצלונג איבער אויף פּויליש און לויפט, ניט קוקנדיק אויף קיינעם; — „יאַקבי גאָ דאַלי דאָ שפּיטאַלאַ; יאַסנאַ כאָלעראַ! ‚צימעס׳ וויל עסן, געצן אַ פּאָר הויזן, געצן אַ כלה, כאַ־כאַ־כאַ!" — הייבט ער גאָר אָן צו לאַכן. אָבער קיינער נעמט זיך ניט צום האַרצן זיינע געשרייען. „צימעס" וועט ניט אויסהאַקן קיין שויבן. „צימעס" לויפט דורך דער מאָסטאָווער אין אַלטן מאַרק אַריין און דרייט זיך אַריין אין דער יאַטקע גאַס. דאָרט זעצט ער זיך אַוועק אַ באַרואיקטער אויף דער פּאָטשענע אונטער די קאַשטאַן־ביימער ביי דער מויער פון קאָשטשאָל. איצט זיצט ער שוין ווידער אַ שטילער, אַ פאַרגאַפּיעטער, אין זיין סודותדיקער, קראַנקער וועלט.

נאָר ניט שטענדיק לאָזט מען אים צורו. ס׳טרעפט, אַז קינדער־לאָבוסעס וואַרפן שטיינער. אַ שיכורער שגץ וויגט זיך אַרויס פון זשוברעוווסקיס שענק. ער דערזעט „צימעסן", און גיט אים אַ קאָפּע אין בויך אַריין. „צימעס" לויפט מיט אַ ווילד געוויין און קורטשעס זיך אין גרויס ווייטיק, אָבער באַלד ווערט ער ווידער אַנטשוויגן. ער הערט ניט ווי מען שרייט אים נאָך: „צימעס, צימעס", נאָר ער לאַכט, לאַכט ווי אין אַ הוילן פאַס אַריין.

— — — — — — — — — — — — — — — —

אויך צימעס איז געווען אַ טייל פון אונדזער פּילפּאַרביק יידיש לעבן אין טשענסטאָכאָוו. דער מגושומדיקער שטילער גולם, געפּאַקט אין שמאַטעס, אויסגעשטעלט אויף הפקר, אויף שפּאָט אָדער רחמנות; מיט זיין שלעפּן זיך אַ הימלאָזער אין די ווינטערדיקע זאַוויערוכעס און רעגנדיקע נעכט, איז ער אין מיינע אויגן אויסגעוואַקסן ווי אַ ווידסטער שאָטן פון אונדזער טרויעריק, היימלאָז און אומזיכער לעבן אין פּוילן.

„צימעס" האָט נאָך דערלעבט צו זען די נאַצישע רוצחים, אָבער פון זייערע הענט איז ער דאָך ניט אומגעקומען. אין דער גרויסער געטאָ האָט ער זיך נאָך אַרומגעבלאָנקעט, אָבער שוין אין גאַנצן אַן איבעריקער. און אין יענעם שווערן ווינטער האָט ער זיך אַ נאַקעטער, מיטן גאַנצן האַרצן, פרייוויליק איבערגעגעבן אין די הענט פון זיין אייביקן נאַטור־שונא. „צימעס" איז אויף אַן אמת פאַרפראָרן געוואָרן צום לעצטן, לעצטן מאָל — —

# ריוועלע

## ב

די ערשטע אַליי איז געווען אַ טומלדיקע, אַ לעבעדיקע בולוואַר־גאַס. פון נייעם מאַרק ביז ווילסאָנאַ גאַס האָבן סוחרים זיך געדרייט הין און צוריק, הויך געשמועסט, זיך געשפּאַרט און זשעסטיקולירט מיט די הענט. חול־המועד — יידן אין יידישע היטעלעך האָבן געדרייט בנימותדיק די שטעקעלעך און שערימס; לאַכנדיקע יונגעלייט מיט מיידלעך האָבן סתם אַזוי שפּאַצירט. מענטשן זיינען אַריין און אַרויס פון די געוועלבער, געזוכט ווי מען קען קויפן די נייטיקע זאַכן מיט אַ פּאָר גראָשן ביליקער; יונגעלייט, אָן היטלען, האָבן דיסקוטירט וועגן פּאָליטיק, און מאַמעס זיינען געפאָרן מיט קינדער־וואָוזקעס. אַלע האָבן געטומלט, געלאַכט, פריילעך געשמועסט, און כמעט ניט באַמערקט ווי עס פלאָנטערט זיך צווישן זיי אַ קליין נפשל, אַ פאַרזעעניש. דאָס איז געווען די קליינע ריוועלע.

ריוועלע איז געווען שוין אין די יאָרן, און גרויס — ווי אַ צוויי־יאָריק קינד. אַ געפּאַקטע מיט אַן אָפּגעברענט פּנים, וואָס איז געווען גרעסער און דיקער פון אַ נאָרמאַלן מענטש. אירע געדיכטע, שוואַרצע האָר האָבן אויסגעזען ווי אַ ניט־פאַרקעמט שייטל. גרויסע ציין האָבן אַרויסגעסטאַרטשעט פון מויל, ווי זי וואָלט געלאַכט, און איר לאַכן האָט זי געמאַכט נאָך העסלעכער. זי האָט זיך געפּלאָנטערט צווישן די פריילעכע שפּאַציער און יעדן איינעם אַ צופּ געטאָן. געצופּט, געצופּט. און ווי נאָר מען האָט זי באַמערקט, האָט זי באַלד אויסגעשטרעקט די האַנט נאָך

אַ נדבה. אַז מען האָט איר געגעבן אַ גראָשן האָט זי מיט אַ מענערישער, זינגענדיקער שטימע געמרוטשעט אומפאַרשטענדלעכע רייד, און געוויזן אירע גרויסע ציין.

ריוועלע האָט געוואוינט מיט איר מוטער אין בייערס האָטעל. דאָס איז געווען אַ לאַנגער הויף, וואָס האָט זיך געצויגן פון דער נאַדזשעטשנע גאַס, ביז צו דער וואַרטע. דאָרט האָבן געוואוינט בעל־עגלות, וואָס האָבן געהאַט שטאַלן פאַר זייערע פערד; וואַסער־טרעגער, טרעגער מיט האַנט־וועגעלעך; אָרעמע הויף־הענדלער און אָן אַ שיער שנאָרער.

ריוועלעס מאַמע, אַליין אַ שנאָרערין, האָט איר אָנגעצייכנט די „טור" אויפן טרעטואַר אין דער ערשטער אַליי. אַ גאַנצע וואָך האָט זי זיך גידערייט דאָרט ביי די פיס פון די שפּאַצירנדיגע, אָבער שבת האָט מען זי דאָרט ניט געזען.

קיינער האָט ניט געוואַגט זיך צו פאַרטשעפּן מיט ריוועלען. אַפילו קינדער האָבן זיך זעלטן גערייצט מיט איר. ניט דערפאַר וואָס מענטשן האָבן אויף איר רחמנות געהאַט, און ניט ווייל זיי האָבן פאַר איר מורא געהאַט. זי האָט זיי פּשוט געשראָקן מיט איר אויסזען. זי האָט אָנגעיאָגט אַן אימה.

ריוועלע איז דווקא געווען אַ שטילע. זי האָט קיינעם קיין שלעכטס ניט געטאָן. זי האָט נאָר ליב געהאַט צו צופּן ביי די קליידער, ביי די נאָגעוויצעס. זי האָט ניט געזוכט קיין „פּאָוואָדזעניע", חלילה. דאָס איינציקע וואָס זי האָט געוואָלט איז געווען, אַז מענטשן זאָלן אַראָפּקוקן צו דער ערד, מען זאָל באַמערקן דאָס קליינע פאַרזעעניש, וואָס גרייכט יעדן קוים ביז די קני: — קוקט אַראָפּ און זעט, דאָס בין איך, ריוועלע; ריוועלע וויל אויך לעבן, ריוועלע וויל אויך עסן. —

ריוועלען האָט מען קיינמאָל ניט געזען אַריבערגיין די בריק אין דער צווייטער אַליי אַריין. איר וועג איז געווען — פון בייערס האָטעל ביז דעם עק ערשטע אַליי. דאָס איז שפּעטער געווען די גרענעצן פון גרויסן געטאָ. קינד און קייט האָבן זי געקענט. זי האָט זעלטן ווען געוויינט און אפשר איז שווער געווען צו דערקענען איר האַלב־לאַכנדיקן און האַלב־וויינענדיקן קול. אַז אַ לאָבוסל האָט פּרובירט זיך רייצן מיט איר, האָט זי פאַרגלייזט אירע אויגן, געוויזן אירע גרויסע, פערדישע ציין, און ווי אַ סטראַשידלע, פאַריאָגט איר שונא. דערנאָך פלעגט זי טריאומפירנדיק לאַכן.

זי איז געגאַנגען שנעל, שנעל מיט אירע קליינע פיסלעך ווי זי וואָלט געפאָרן אויף רעדלעך, געוויגט זיך אין ביידע זייטן מיטן געפּאַקטן דיקן קערפּער און גרויסן קאָפּ.

אַזוי האָט זי אָפּגעלעבט איר פאַרקריפּלט לעבן, ביז די דייטשן האָבן זיך באַוויזן מיט זייערע האַקנקרייצן אויף די טשענסטאָכאָווער גאַסן.

אין איין שיינעם טאָג, ווען זי איז אַרויסגעקומען אויף דער ערשטער אַליי, האָט זי שוין ניט מער געזען אירע פריילעכע, שפּאַצירנדיקע יידן און ניט געהאַט מער וועמען צו צופּן. די געציילטע פאַרבייגייער האָבן שוין ניט שפּאַצירט מער געמיטלעך, נאָר זיי האָבן זיך ערוועצוואו געאיילט מיט פאַרזאָרגטע, אומגליקלעכע פּנימער און טרויעריקע אויגן. אַזעלכע אויגן האָבן שוין ריוועלען ניט באַמערקט. ריוועלע האָט שוין ניט געהאַט וועמען צו צופּן, זי איז געוואָרן איבעריק. ריוועלע איז אַהיים געגאַנגען אין בייערס האָטעל און אַ הונגעריקע געוואַרט אויפן טויט — — —



דער שטאָט משוגענער „צימעס"



די שטאַטישע קאַליקע ריוועלע




די אַלטע ראַנדע און דער טייך „וואַרטע” אין טשענסטאָכאָוו

געצייכנט פון נאָטע קאָזלאָווסקי

חנן קיעל

# צו דער וואַרטע

איך זינג דיר פון ווייט אין מיין שלאָפלאָזן טראַכטן,
איך שטיי אויפן ברעג איצט, מיט אויגן פאַרמאַכטע,
און זוך אין פאַרלאָשענעם אַש יענע יאָרן,
וואָס האָבן געברענט ווי אין חומש דער דאָרן.
ווי איך, ביסטו פרעמד איצט, און שטיל אין דיין טרויער.
און טיף ווי מיין זיידנס פאַרטרערטער זוהר,
און שיין ווי אין יידישע פענצטער — די אַשלעך
און פרום ווי מיין מאַמע וואָס קומט דאָ צו תשליך;
און אפשר, אין זכות פון איר הייליקער תחינה —
גערוט איבער דיר האָט אַ בלויע, די שכינה.

איך שטיי אויף דער בריק איצט מיט אויגן פאַרצערטע,
דו ביסט נאָך די זעלבע, די היימישע וואַרטע;
דער איינציקער עדות, וואָס האָט מיך דערקענט דאָ,
וואָס חלומט צווישן די הייזער פאַרברענטע,
און זוכט אויף די גויישע פעלדער און לאָנען,
צי קומט ער נאָך, בעריש, מיט הילצערנע קאַנען.
און אפשר נאָך טראָגט זיך מיט ווינטיקע לירעס
אַן עכאָ פון יידישן לשון און זמירות;
און זוכט למד־וואָוון אין זומערן הייסע,
צי לעבט ער נאָך אַלץ מיט געזאַנג און תעניתים;
און קומט אין געדרענג אַ צעלויכטענער קוקן,
און שלינגען די רייד פון רפאל און קרוקן;
די קאַסטענעס זיינען שוין אויכעט פאַרשוואונדן
צוזאַם מיטן וואָרט וואָס האָט הערצער געצונדן.

איך שטיי ביי דעם טייך אויף די פעלדער פון זשאָרן
און זוך אין פאַרלאָשענעם אַש יענע יאָרן.
איך ווייס אַז דו וועסט זיי אויף אייביק פאַרשווענקען
וואָס וועט אָבער זיין פון דיין צער און בענקען? . . .
ווער דאַרף דיינע „הושענות" וואָס גרינען ביים ברעג,
און וואָס זיינען שוין ווערט דיינע איינזאַמע טעג,
אַז דו קענסט נישט דאָס יידישע רעדן מער הערן,
און ס׳ווערט נישט קיין ליד דאָ פון אונדזערע טרערן;
איז ווער וועט זיך באָדן און ווער וועט דאָ שווימען?
ווי קענסטו זיך איצט מיט דיין שיינקייט באַרימען?

געדענקסט ווי מיר פלעגן דאָ זיצן פאַרליבטע,
ווען ס׳האָבן נאָך יידישע קינדער געשטיפט דאָ?
צי קענסטו זיך אפשר אין דמיון דערמאָנען,
די ווייסע צעפלאַטערטע וועש ווי די פאָנען,
וואָס ס׳האָט דאָ מיין שוועסטער אויף פלויטן צעהאַנגען?
די זון איז דאָ שענער און רויטער פאַרגאַנגען.
איצט שטיי איך, אַ פרעמדער געבוקט און געבויגן,
און זוך מיינע געסלעך מיט גליאיקע אויגן,
און זע אין די בלויע פאַרנאַכטיקע פאַליעס —
מיין טאַטן זיך וויגן אין קיטל און טלית. . .

# די אַלטע שול

עניוותדיק, אין די סליחות-טעג,
האָט זי אין זשיקע גאַס אַרויסגעבענקט,
מיט טרויער און תפילה,
איבער קרומע דעכער, בלאַס און טריב —
געקוקט אויף מיר אַן אייביקע —
אַ שטילע.

געהויערט האָבן אונדזערע שטיבער,
מיט פענצטער צו דער ערד געזונקען;
געחלומט בצבור;
און אין דורשטיקע טעג פון איר ברונעם
געטרונקען.

אהרן שמש האָט אָפּגעווישט
פון די קופּערנע לייבן דעם שימל;
און אויבן זיינען לוחות געשלאָפן
אין גרויען, פאַרוואָלקנטן הימל.

פרומע באָבעס האָבן געוויינט
די תחינות מיט הייליקע טרערן;
און מיין זיידע יעיקל האָט זיין של ראש,
ווי אַ קרוין געטראָגן
אויפן געקאַרבטן שטערן.

בעריש וואַסערטרעגער האָט זיך געוואַרעמט
אַ הונגעריקער אין פּאָליש;
און מיט די תהילים-זאָגער מיטגעזונגען
הייזעריק און בעל עגלהש (באַלעגאַליש)

ווען ס'האָבן גויים מיט פרענטעס און העק
אויסגעהאַקט די שויבן,
זיינען דורך די אָפענע פענצטער
אַריינגעפלויגן ווייסע טויבן
און מיטגעדאַוונט
אין די פּאָגראָמען-טעג.

אָפּגעריבענע אותיות
האָבן אַראָפּגעקוקט פון טויער
אויפן שיכורן גוי:
זה השער לה׳ צדיקים יבואו בו.

איצט ליג איך אויף דיינע שטיינער;
איך, דאָס אָפּגעפרעמדטע קינד,
און קוש דיין שטויב, וואָס האָט פאַרנומען
קדישים, אונדזערע פון דורות;
געבליבן בין איך איינער, איינער,
און גיי אַוועק מיט דיין נר תמיד.
איך וועל קדיש, אין מיין האַרצן,
נאָך דיר זאָגן,
און דיין לׂיכט —
ווייטער טראָגן.

# איך זוך

איך זוך, איך זוך
אין די ליכטיקע אויגן פון סטודענטן און ווילין
די טרערן פון משה שמואלן.

איך זוך אין אויגן-גלי פון הימלאָזע קעץ
וואָס גרינען אין קעלער צווישן קאַנען אַלטע:
אפשר ליגט נאָך משה שמואל
אין בונקער דאָרט באַהאַלטן?

איך הער, איך הער אים משה שמואלן,
אויף זיין פידל שפּילן.
דינע טענער בלאָנקען אַרום אויף דער יוניאָן-סטריט:
ווייסט איר אפשר וואו צו זוכן
די שפּור פון זיינע טריט?

סטייטש, אָט די מינוט
און דורך דער פינצטערער ליק
איז ער אַוועק צום טייך
און זיך באַהאַלטן הינטער דער בריק.
שפּעטער האָט מען אים געיאָגט אויף גלאָוואַצקעס פעלד;
און ווען ס'האָט אים שוין אָטעם פאַרפעלט
האָט ער פּלוצלונג אַ געשריי געגעבן:
— איך האָב ענק טיף אין ד'רערד מיט ענקער
לעבן! —

און ווי אַ מעטעאָר זיך אַ לאָז געטאָן
אין די ספערן
און אויסגעמישט זיך מיט די שטערן.

איך זוך, איך זוך אין, די ליכטיקע אויגן,
פון סטודענטן און ווילין —
די טרערן פון משה שמואלן.

א. ווילטש (יחזקאל ווילטשינסקי)

# אין אַרבעטס־לאַגער

פאַרגעס אָן האָפענונג,
ווער ס'קומט אַהער אַריין.

דאַנטע.

דער האָריזאָנט איז באַצוימט מיט אַ שוואַרצער וואַלד־סטענגע. די געדיכטע בראשיתדיקע וועלדער רינגלען אַרום דעם קאַנט פון דריי זייטן, שניידן איבער דעם טראַקט, שלינגען איין די וועגן און וואַרפן אָן אַ שוואַרצן שאָטן אויף די פּויערישע כאַטעס, וואָס שטייען אין דער נידער. צוויי זאַמדיקע בערגלעך מיט געפּאַלדעוועטע רוקנס פון ווינט־טריט היטן פוןביידע זייטן דעם שליאַך. דער שליאַך ווערט דאָ פאַרשלונגען אין ווייסן זאַמד, שלענגלט זיך דורך די בערגלעך און ווערט נאָך דעם פאַרלוירן אין דעם וואַלדיקן אין־סוף. ביים שליאַך, צופוסנס פון די ווייסע זאַמדבערג, ליגן פאַרבאָרגן די מילצערנע באַראַקן פון לאַגער.

אין קאַלטלעכן אַפּריל־טאָג פירט מען אונדזער מחנה, צוויי הונדערט מיט פינף מענטשן, געכאַפּטע אין מיטן גאַס, אין לאַגער אַריין.

נאָך מיטאָג שיינט אַרויס אַ קרענקלעך־קאַרגע זון. די לופט איז אָנגעפּילט מיט ליחות. דער וועג איז ווייך אונטערן טראָט און זומפּיק. די עצבות הענגט איבער די פאַרזומפּטע פעלדער, איבערן ווייסן זאַמד. פון די ווייטע וועלדער ווייעט אַ שוואַרצע אימה.

מיר זיינען אַלע מיד און הונגעריק. צופעליק האָט מען אונדז געכאַפּט, און קיינער פון אונדז פאַרמאָגט נישט קיין שטיקל ברויט צו שטילן דעם נאָגנדיקן הונגער. די שוואַכע שטייען אָפּ. מיר שלעפּן זיי אויף די אַקסלען און ברעכן זיך אונטער דער שווערער משא. די פיס זינקען איין אין ווייסן זאַמד, וואָס ליגט ווי אַ בריק צווישן ביידע בערגלעך.

אַ חלום שוועבט אין די באַראַקן, אויף די האַלב־פאַר־שלאָסענע וויעס: אַ שטיקעלע ברויט.

אויף די הילצערנע דריי־שטאָקיקע פּריטשעס ליגן אויס־געדאַרטע, מידע גופים. ס'איז שוין ערב־זומער, נאָר די נעכט זיינען האַרבסטיק־קאַלט און רעגנדיק. מיר שלאָפן אין די אָנטועכצן, די היטלען אָנגעצויגן איבער די אויערן, די שיך אויף די פיס.

אַ הייזעריקער פייף שניידט דורך די לופט. „פּאָבודקאַ". ביים אַפּעל שטייען דריי הונדערט און זיבעציק מאַן.

אויסגעטרעטענע שיך, צעריסענע לאַכמאַנעס, און הונגע־ריקע מאָגנס.

אַלע גלייך. — זלמן פרומאַן, אַ רב, אַ פליט פון אַ קליין אַלעגלייך. — זלמן פורמאַן, אַ רב, אַ פליט פון אַ קליין שטעטל, אַ לונגען־קראַנקער קונסט־מאַלער פון ווין, אַ „תרבות־לערער, אַן עדה חלושדיקע יידן.

מען שטעלט אונדז אויס צו דרייען אין אַ שורה, לאָפּאַטעס אין די הענט. צו דער אַרבעט. מיר גייען מיט שטרויכלענדיקע טריט.

פאַר יעדער פּויערישער כאַטע הענגט אַ חלום:
אַן אָפּגעבאַקטע קאַרטאָפל,
אַ שטיקל קאָרן־ברויט.
און באָנטשע שוויג זעט אין טרוים:
אַ בולקע און אַ מערל.

מיר ציען אָפּ דאָס וואַסער פון פאַרזומפּטע פעלדער. די פאַרזאַמדיקטע קאַנאַלן ווערן אָפּגערייניקט. מיר שטייען אין וואַסער און וואַרפן אויף די ברעגן לאָפּאַטעס פול זאַמד. אַ דראָבנער רעגן טריפט, צעווייקן די בגדים און מאַכט שווער דאָס געמיט. דער הונגער נאָגט און נאָגט. אויפן פרימאָרגן האָבן מיר געטרונקען אַ טעפּל ביטערע קאַווע, און אַכצן דעקאָ ברויט וועט מען ערשט געבן אויפדערנאַכט.

אויפן הילצערנעם ריק זאַמלט זיך אַ קרייזל נייגעריקע פּויערים. אַ פּויערטע וואַרפט אונדז רחמנותדיקע בליקן.

אַ ייד צעוויינט זיך:

„האָט רחמנות, גוטע מענטשן... מיר גייען אויס פון הונגער... אַ פרוי אין שטוב... אַ קינד... אַ יתום"...

די פּויערים זוכן אין די קעשענעס. איינער האָט אַ ביסעלע מאַכאָרקע, אַ צווייטער — אַ קריש ברויט.

אַ פּויער בייגט זיך אַראָפּ פון בריק און זאָגט:

„נו, ברודערקע, מיר וואָלטן דאָך געגעבן, ווען מיר זאָלן האָבן... אַ זומפּיקער קאַנט דאָ, אַן אָרעמער... און ברויט איז טייערער ווי גאָלד... די דייטשן נעמען אַלצדינג צו, אי אייער, אי ברויט, אי קאַרטאָפל..."

נאָר אין אַ האַלבער שעה אַרום קומט אָן אַ פּויערטע. זי נעמט אַרויס אונטער דער פאַטשיילע אַ שטיק ברויט און דערלאַנגט דעם ערשטן יידן לעבן בריק. דער עולם שטייט אַ ווײַלינקע צעטומלט, נאָר נאָך דעם וואַרפט מען אָפּ די לאָ־פּאַטעס אָן אַ זייט, מען שפּרינגט אַריבער דעם קאַנאַל — איין אויגנבליק — און דער ייד מיטן ברויט ליגט שוין אויף דער

ערד. צענדליקער יידן שלאָגן זיך. וואַרפן זיך אום, וואַלגערן זיך אין דעם זאַמד, קוילערן זיך בערג אַראָפּ, און אַ געשריי צעטראָגט זיך הילכיק אין דער ווייט.

פון דעם צווייטן פעלד קומען אָן די לאַגער־שוץ־לייט, זיי שלאָגן מיט די קאָלבעס, די „סטאָיאַקעס" פּאָכען מיט לאַנגע בויגעוודיקע שטעקנס.

די געשרייען ווערן שטאַרק און שטאַרקער. עמעץ הייבט זיך אויף מיט אַ צעביילטן קאָפּ, עמעץ מיט אַ פאַרבלוטיקטן האַלדז. מען שפּרינגט צוריק אין וואַסער, מען כאַפּט די לאָפּאַטעס אין די הענט און מיט צעקלעמטע הערצער וואַרפט מען שנעל דאָס זאַמד.

אויפן ברעג, ביים בריק, ליגט דער ייד פון ברויט און ווײנט מיט ביטערע טרערן. די קרישקעלעך ברויט וואַלגערן זיך אויף דער ערד. דער ברעג ווערט הויך און העכער פון דעם צוגעשיטן זאַמד. די לאַגער־שוץ־לייט שטייען מיט אויסגעשטעלטע ביקסן.

...און אַז עמעץ פאַלט אַוועק, איז וואָס? נאָר, אַז אין אַ מיטן טאָג זיינען פּלוצלונג אַוועקגעפאַלן פיר מענטשן מיטאַמאָל, און אין אָוונט האָט מען זיי אַראָפּגעלאָזן אין דער ערד, ביים בערגל לעבן לאַגער, און אויף מאָרגן האָט מען געגראָבן אַכט נייע קברים — האָט אַ ציפּ געטאָן אין האַרץ. יעדערער האָט געקויפט די איינגעפאַלענע אַקן און געקוקט מיט פחד אויפן נייעם בית־הקברות.

איין מאָל, נאָך דער אַרבעט, האָבן מיר געטראָפן אונדזער שכן הירשהאָרן אַן אויסגעצויגענעם אויף זיין פּריטשע. דאָס טעפּל קאַווע איז געשטאַנען האַלב אויסגעקערט.

די יידן האָבן אים אָנגעקוקט מיט פאָרשערישע בליקן:

— הירשהאָרן... דו גיסט אַוועק די באָנע...

— איך וועל אייך איבערלעבן...

— ברודערקע, שפּאַר זיך נישט, דו וועסט דאָך היינט אַרויספּאָכן די נשמה...

אין אַ שעה אַרום איז ער געלעגן מיט אַן אויפגעריסן מויל און אַ געלן וואַקסענעם פּנים. זאַט. רואיק. פיר הענט האָבן אים אַראָפּגעשלעפּט פון דער פּריטשע. אַרויפגעלייגט אויפן טראָג־בעטל, אום פאַרנאַכט צו באַגראָבן אים אויפן בערגל.

פון איצט אָן האָט מען שוין יעדן טאָג צוגעגרייט פרישע קברים פאַר די, וואָס וועלן אויסציען די פיס.

די לאַגער־שוץ־לייט — בכבודיקע מענטשן פון דער אונטערוועלט, היין בירגער פון קערצעלאַק און פון פּאַוויאַק, האָבן ניט זייער אָרנטלעכן אָנטייל אין דעם לעבן פון אונדזער לאַגער. בייטאָג פלעגט דער לאַגער־קאָמענדאַנט, אַ ברייטע, מגושמדיקע בריאה, אַראָפּנעמען אַ העלפט פון דעם פּראָוויאַנט, וואָס איז געווען פאַר אונדז באַשטימט. ביינאַכט פלעגן די וואַרטאָוניקעס צערויבן לויט דער מאָס פון זייער גנבהשן געוויסן.

בייטאָג פלעגן זיי שלאָגן מכות־רצח: ביים עסן, ביים אַפּעל, סתם אַזוי זיך, וואויליונגעריש, מעשה־באַלעבאָס.

איין מאָל האָבן זיי אונדז איבערגעוועקט אין מיטן נאַכט. ס'איז אַ רעגנדיקע פינצטערניש.

— איינס, צוויי, דריי!... אַראָפּגיין אין די גאַטקעס, באַרוועסערהייט...

— מיר טראָגן הויזן...

— אויסטאָן זיך.

זיך אויסגעטאָן. מען האָט אונדז אַרויסגעפירט אויף ווינט און רעגן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ נאַכט־אַפּעל. דער לאַגער־שעף האָט געשלאָגן, געוואָרפן מוסר־רייד.

— אַזוינע און אַזוינע... כ'וועל אייך לערנען ווי אַזוי צו אַנטלויפן... כ'וועל אייך אַלעמען אויסשיסן...

אין דער לופט האָט זיך געפילט דער ריח פון גאָזשאַלקע. זיין שטים האָט זיך שיכּורותדיק צערעוועט...

ביזן פרימאָרגן זיינען מיר נאָך געלעגן דורכגעווייקטע פון רעגן. אַ צאָן האָט געקלאַפּט אין אַ צאָן.

ס'האָט שאַריעט. דער טאָג איז אויפגעגאַנגען גרוי. פון דער ווייטנס האָבן מיר דערהערט בייזע, שרייענדיקע קולות. נאָך דעם האָבן זיך עטלעכע שטימען הכנעהדיק געבעטן:

— פּאַניע קאָמענדאַנטשע... האָט רחמנות... מער וועלן מיר נישט אַנטלויפן... מער נישט...

איינס... צוויי... דריי... דריי שאָסן זיינען געפאַלן. די שטימען זיינען אָפּגעשטאָרבן אין די קוסטן, נעבן זאַמדיקן בערגל. אַרום איז געוואָרן שטיל, די לופט איז געווען רעגנדיק און גרוי. אויפן בערגל זיינען געבליבן ליגן צוויי דורכגעשאָסענע קערפּערס. צוויי ברידער... איינער צוואַנציק און דער צווייטער אַכצן יאָר...

מיט אַ טאָג צוריק האָבן זיי געזאָגט צו זייערן אַ באַקאַנטן: ווען די מאַמע זאָל וויסן, אַז מירליידן דאָ קלעפּ און הונגער, וואָלט זי אויסגעגאַנגען פון עגמת־נפש...

נאָר די מאַמע האָט נישט געוואוסט פון איר אבידה: צוויי קינדער, הויך־געוויקסיקע, בראָנזענע יונגען אין איין טאָג פאַרלוירן. זי האָט זייערע געוויינען נישט געהערט. זייערע שטימען האָבן זיך פאַרפּלאָנטערט אין די קוסטן און אָפּגעשטאָרבן אין דעם גרויען טאָג.

מען האָט אונדז אויפגעוועקט אין מיטן נאַכט: די קראַנקע פאָרן באַלד אַהיים...

מיר האָבן זיך פיבערהאַפט געגרייט, זיך אויסגעשטעלט אין שורה. דער קאָמענדאַנט האָט קורץ מודיע געווען:

— ווער ס'וועט אָפּשטיין אויפן וועג, וועט דערשאָסן ווערן.

איבער די באַראַקן איז אַרומגעלאָפן אַ יונגערמאַן. מיט אַ טאָג צוריק האָט מען אים צעשלאָגן, און ביינאַכט איז ער אַראָפּ פון זינען:

— ווי זאָל איך גיין, אוי, ווי זאָל איך גיין, אַז די גאַטקעס האָב איך נישט...

זיין שטים האָט זיך געטראָגן ווי אַ בייזע נביאות. מיר האָבן אים געשלעפּט אין שורה אַריין. ער האָט זיך געקלאַמערט אין אַ פּריטשע און געשריען מיט אַ קול פון אַ משוגענעם:

— אַז די גאַטקעס האָב איך נישט...

דער קאָמענדאַנט האָט געהייסן אים צופירן צו זיך. ביים אַרויסגיין פון דעם לאַגער האָבן מיר געהערט אַ שאָס. דעם בחור האָבן מיר מער נישט געזען.

אויף אַ קליינער באַן־סטאַציע, אָנדערהאַלבן שעה נסיעה פון וואַרשע. מיט איבערמענטשלעכן כוח האָבן מיר געבראַכט צו שלעפּן די שוואַכע. קיינעם נישט איבערגעלאָזן אויפן וועג.

אין אָנדערהאַלבן שעה אַרום! אין אָנדערהאַלבן שעה אַרום וועט יעדער זיך זען מיט זיין פרוי און קינדער, מיט זיינע נאָענטסטע.

מיר וואַרטן אויפן צוג.

איינער גיט זיך פּלוצלונג אַ וואַקל. די פיס פאַרפּלאָנטערן זיך אים. ער בלייבט ליגן מיט שוים אויף די ליפּן.

מען שרייט פון אַלע זייטן:

— ער שטאַרבט... אַ שטיקל ברויט...

אַ פאַרבייגייענדע קריסטלעכע פרוי דערנענטערט זיך און שטרעקט אויס אַ שטיקל ברויט, נאָר דער קאָמענדאַנט, אַ פּאָליאַק, דונערט אויס:

— קיין אַריער טאָר זיך צו קיין יידן נישט דערנענטערן. אַוועק!

מיר שטייען הילפלאָז. די שוים איז פאַרשלונגען געוואָרן צוריק אין מויל. דער לעצטער אָטעם־צוג.

טויט.

צוויי ברידער זיצן אויפן גראָז. פלוצלונג פאַרוואַרפט איי־נער דעם קאָפּ, פאַרגלאָצט די אויגן.

— דודל!... דודל!...

דער ברודער בעט זיך, צערעוועט זיך ווי אַן אָקס:

— דודל!... דודל!... חיהלע וועט זיין ביים באַן... רבקהלע... זיי וואַרטן דאָך אויף דיר... נאָך אַנדערהאַלבן שעה... דודל„... ראַטעוועט... אַ ביסל טיי... אַ שטיקל ברויט...

פון אַנטקעגנאיבערדיקן מויער, פון אַ פענצטער פון צווייטן שטאָק, וואַרפט אַ פוילישע פרוי אַ פלאַש מיט מילך. הונדערט הענט שטרעקן זיך אויס צו כאַפן... די פלאַש דרייט זיך אין דער לופטן און פאַלט אויפן שטיינערנעם ברוק. אַ ווייסער מילך־שנור באַווייסט די ערד.

אין איניקע מינוט אַרום:

דודל וויל שוין נישט קיין שטיקל ברויט, קיין טראָפּן מילך.

טויט.

צוועלף טויטע ליגען אויסגעלייגט ביים וואָקזאַל. צוועלף אויסגעדאַרטע, אויסגעהונגערטע קערפּערס.

דייטשן דרייען די פאָטאָ־אַפּאַראַטן.

אויף די פאַרגליווערטע הענט שרייבט דער סאַניטאַר מיט בלויען שריפט די נעמען פון די טויטע.

די גופים לייגט מען אַרויף אויף דריי פויערישע פורלעך. מען פירט זיי צוריק אין לאַגער. אויפן בית־הקברות.

מיר וואַרטן אויפן טויט, ווי קעלבלעך אויף דער שחיטה. נאָך אַנדערהאַלבן שעה —

און וועמען וועט זיך נאָך אַ פלאָנטער טאָן די פיס, אַזוי זיך, מיט אַמאָל, אָן אַ געשריי, און אויסגיין ווי אַ הונט ביים שוועל פון דער אייגענער שטוב, און פוילן אין דעם לאַגער־בית־הקברות?

וואַרשע, געטאָ, פרילינג 1941.

(רינגעלבלום־אַרכיוו, ערשטער טייל, נ׳ 1039, צייטשריפט „דרור״ נ׳ 7—8).

---

א. וועוויאָרקע

# יום־כיפור

אָ, גאָט אל־רחום, גאָט אל־חנון —
עס שטייט דיין פאָלק פון גרויס ביז קליין
און בעט ביי דיר אויף זיינע זינד,
און קלאַפּט אין האַרץ. נאָר איך אַליין,
מיין מויל איז צו, און קיין על־חטא.
מיין בליק איז שטום און האַרט ווי שטיין,
דאָך שענק מיר גאָט, איך בין דיין קינד,
דיין קינד וואָס נערט זיך מיט דיין פּיין.
און וואָלט איך וועלן תשובה טאָן
און וויינען: גאָט, איך וועל נישט מער.
אוי, האָט מיין האַרץ שוין נישט קיין זיפצן
און מיין אויג קיין טרער!
כ׳האָב מיין לעצטע טרער געגעבן
אַ שוועסטער אין דעם ווייטן לאַנד,
וועלכע האָט אין דניעסטערס טיפקייט
איר פיין פאַרלאָשן און איר שאַנד.
כ׳האָב מיין לעצטן זיפץ געגעבן,
צוזאַמען מיט אַ ציינער־קריץ,
אַ זקן, וועמעס הייסע זעלע
איז אויסגעגאַנגען אונטער שמיץ.
איצט האָב איך, גאָט, פאַר דיר שוין גאָרנישט,
נישט קיין זיפץ און נישט קיין טרער:
מיין אויג איז טרוקן ווי אַ דאָרן
און מיין האַרץ איז לער...

תרע״ז



חיים לייב שוואַרץ

# מיין פאַרלאַנג...

מיין פאַרלאַנג...
איידער איך שטאַרב, כ׳וואָלט געוואָלט נאָך האָבן
אַ הויז ביים ראַנד פון ים,
דער דאַך זאָל זיך טונקען, רויטלעך־גאָלד,
וויאָלעט־שויבן פונעם האָריזאָנטן־פלאַם.
פאַרביקע בלומען אַרום, מיט בינטן טרויבן,
און גרינסן אַלערליי, און רייפע פרוכטן.
די נייעס זאָל קומען — דורך פליענדיקע טויבן,
און שלענגלען זאָל זיך אַ בלוי וואַסערל דורכן גאָרטן.

מיין לאה, ביים טייכל, זאָל לייענען ביכער.
און זיך פילן ווי אַ יונגע פרינצעסין.
די אייניקלעך זאָלן זינגען מיינע לידער
און טראָגן פאַר דער באָבע׳ן פרוכטן צו עסן.
אַ קיל ווינטל זאָל אין אין די אָוונטן קילן,
און שטראַלן זאָל מיט הימלישע פאַרבן.
און ווען מיין לאה וועט מיינע קאָמפּאָזיציעס שפּילן, —
דעמאָלט וועל איך טראַכטן; לעבן? — אָדער שטאַרבן?...

סיאַטל, מאַרטש 1952.



בעריש ווײַנשטײן

# אַ פּאַס מזרח

**(קאַפּיטל פון אַ פּאָעמע)**

## א

אַ פּאַס מזרח פון איבער די בערג פון יהודה,
האָט אָנגעצונדן אַ לוסט בײַ די יונגען און מײדן
אויסצואוואַנדערן קײן פּאַלעסטינע.
מ'האָט זיך געריסן פון די שטעטלדיקע שטיבער
צו ווערן חלוצים, צו ווערן שומרים.
מ'איז איבערגעגאַנגען פון פּױליש „דאָווידזעניאַ"
צום העברײַיִשן שאַלאָם!
אויסגעוואַקסן זײַנען דאַטשן מיט צוויקערס אויף די נעז
און האָבן גערופן, געוועקט און גערעדט
פון „עפּעס" אַ הערצל, פון „עפּעס" אַ יודנשטאַט.
וואָר, מ'האָט נישט געוואוסט דעם טײַטש דערפון,
פאַרדאָס האָט מען אויף אַנזיכסקאַרטן הערצלען געזען
אָנגעשפּאַרט קעגן דער האַלבער זון
אויף דער באַזעלער בריק בײַם דאַנוי.
און דאָס האָט געצויגן מער ווי רײד, ווי ביכער.
מ'האָט בפירוש געזען דעם רויטן אויפגײענדיקן מזרח
איבערן הר־כנען, איבערן הר־ציון,
און הערצלס באָרד האָט געפלאַמט פון דער זון,
ווי די אויגן וואָס האָבן געחלומט דערפון.

ס'האָט זיך העל אַ ריר־געטאָן די שטעטלדיקע ערד
אין די זומערדיקע שבתים, אין די רואיקע זונטיקס.
שבת — איז מען אין די הײסע פעלדער אַוועק ;
מײדלעך אין ווײַסע בלאָוזעס, אין בלויע קלײדער;
מענערישע זאָקן, מענערישע שיך, מענעריש געשוירן —
און מ'האָט לײכט שפּאַצירט, לײכט דיסקוטירט
אין קלינגענדיקן חצי־פּויליש, חצי־העברעאיש.
שבת — איז מען אין די ברײענדיקע פעלדער אַוועק
יונגען אין האַלבע הויזן, אין בלויזע האָריקע קני
מיט איבערגעלײגטע העמדערדיקע קעלנער;
די געדיכטע גריוועס איבער די אויגן. —
רק מען האָט געהאָפט און געוואַרט
אויף לערנען זיך גײן נאָכן אַקער,
פּונקט ווי אין חלוץ־בילד אויפן וואַנט אין פאַרײן —
אָדער גאָר פאָרן וואו זיך לערנען שטײנער האַקן.
אַזוי צי אַנדערש — די הענט זענען געווען גרײט,
כאָטש זײ זענען נאָך ווײסלדיק־גרינג —
אַזוי צי אַנדערש — וועט מען דערהוויל זען די וועלט.

און וואָס איז מיט די רואיקע זוניקע זונטיקס?
אָ, יאָ! מײדלעך שפּרינגען דיר לאַבעדיק אַנטקעגן
און שטעקן אײַן אין לאַץ אַ שפּילעוודיקע בלום.
די אין בערד, קאַפּאָטעס ווײכן פון זײ מיט אַ :
— מילא,
— וואָס עס קענען זיך אײַנרעדן הפקר־לײַט!
— עפּעס אַ טריפהנעס חלום, וואָס איז קײן חלום נישט.
— קוק עס אָן, ווער עס וויל ברענגען משיח ?
— רודפן עד־לחורבן, דאַרף מען זײ!

## ב

גראָד דאָס האָט פאַרשטאַרקט די עקשנות צו ציון!
אַלע זוניקע זונטיקס פאָרן כאָפּטעס יונגוואַרג אָפּ.
בלויז די טאַטעס זענען פאַר'האַרטעוועט צו זײ —
דערווײַל קוקט מען זיך טרערנדיק אין די אויגן;
מ'פּאַלט אײנע די אַנדערע אויף די העלדזער.
כ'פאָרט דאָך נאָך נישט קײן פּאַלעסטינע, מאַמע!
אָבער די מאַמעס?
אַזעלכע אויסגעוויקטע אויגן גײען לאַנג נאָך אין וועג,
ווער נאָך קען דערשפּירן אַזוי אַ קינד אין דער פרעמד?
דאָ, אויפן באַנהויף, האָבן זײ נאָך די מאַמעס מילך —
זאָל אָבער דער צוג זיך געבן אַ ריר,
די ערשטע נאַכט פילן דעם טעם פון אַ קאַלט ברעט,
דעמאָלט וועלן זײ וויסן וואָס עס זענען גרויסע שטעט.
מ'פאָרט בלויז קײן טשענסטאָכאָוו אַ חלוץ ווערן.
דאָרט וואַרט אַ געלעגער, אַ שיפּסקאַרט און ברויט;
אַן אידעאַל אַזאַ, וואָס איז שטאַרקער פון נויט !

וואָס היים, ווער היים!
מ'האָט געשוואוירן בײַ ציון די הײליקע פאָן,
גײט מען אויף די טשענסטאָכאָווער פעלדער
אין האַלבע־בלאָטעס, אין האַלבן־לײַם
נאָכן אַקער, נאָכן פערד —
און מען זינגט פון שוויים, פון דער זון דאָס ליד.
די ערד איז גריבערדיק, די ערד איז דיק —
די בינטלעך האָר אויף די שטערנס זינגען מיט.
און אַז די אויפגעבלעזלטע הענט ברייען;
די אָפּגעשײלטע פּלײצעס אונטערן הימל גליען?
מען איז דאָך געפאָרן געפּרואווט צו ווערן
נישט נאָר פון דער זון, נישט נאָר פון דער ערד,
נאָר פון מגיפות, שריפות, פון שטעכיקע געוויקסן;
רויבערישע געפּעכטן אין אָנפּאַלנדיקע ביקסן.

טשענסטאָכאָוו —
ס'איז שווער אַ מאַמען פון אַזעלכעס צו שרייבן.
ס'האָט זיך אויסגעלאָזט ס'ביסל היימישע געבעקס;
כ'ביסל פרישע וועש — די געקראָכמאַליעטע העמדער
און מ'איז געבליבן אָן אַ האַנטוך, אָן אַ פּאָר זאָקן.
מען פאַסט געהאַלט, מ'לעבט אויף אַ צוגעטיילטן ביסן —
פאַרדאָס אָבער וועט מען אין פּאַלעסטינע זיין באַלד!
פונדאַנען זענען דאָך אַהין אַלע יונגען פון ריישע:
דער שוואַרצער סאַנע, דער שלאָסער מאיר און סראָליעק,
וואָס האָבן געשניטן דעם שווערן שטראָם
פון ריישער ווייסלאָק אַרויף צו דער לעמבערגער בריק.
ניין, מ'וועט זיך פון טשענסטאָכאָוו נישט אומקערן צוריק!
אַ חלוץ דאַרף לערנען אַלץ וואָס וועט זיין באַשערט
אויף דער פּאַלעסטינער זאַמדיקער ערד.

ג

אַוודאי איז עס נישט יענער חלום פון זיידן,
וואָס איז אַוועק שטאַרבן קיין ארץ־ישראל!
דאָס אָבער וואָס דער פּאָס מזרח האָט געהאַט,
איז געוועזן עפּעס אַזעלכעס וואָס האָט געוועקט
צו בויען און צו ברעכן; —
איז געוועזן עפּעס ווי צו זיין פון דער היים אַוועק.
ווי אַ טאַטן, אַ מאַמען — אַ שוועסטער איבערצולאָזן,
מיידן — אַזעלכע ווי ביילקע, צירל, שיינדל,
מיידן — אַזעלכע ווי האָדעס, ווי חמה, ווי כייקע,
וועלן ריישע שוין מער נישט זען!
זיי האָבן אויפן באַנהויף ביי ציון געשוואוירן,
נישט אומקערן זיך צו דער שטעטלדיקער ערד!

צום רויטן פּאָס מזרח איז דער צוג אַוועק
מיט זייערע געזאַנגען, מיט זייערע מאַמעס טרערן —
און די פּוילישע פינצטער האָט געשווייבלט פאַרן פענצטער,
אָך, ווי מ'האָט שוין טשענסטאָכאָוו געוואָלט זען;
זען ווי אַזוי פּאַלעסטינע הייבט זיך אָן!
אוודאי האָט מען געוואוסט פון קלינגענדיקן
עמק־יזרעאל, כנרת, הר־הכרמל צי עין־חרוד ;
פון יענע בלאָע הימלען און שוועבלדיקע שטערן;
פון די שטיינערנע בערג, פון זאַמדיקע געוויקסן;
פון די לאַנגווייליקע אייזלען און קעמלען —
אויף משה אַמקרויטס לשנה־טובה קאַרטן,
זיינען זיי געוועזן אויסגעמאָלן.

ה

אַזעלכעס גייט פון יונגלוויז אָן אַריין אין לוסט.
איצט, אַז ס'איז געקומען צום טורניסטער;
אָנצוטאָן דעם גאַנצן כלי־זין פאַר ווייטע געפאַרן,
האָט ס'שטיקל ערד אונטער די צוויי פיס געברענט.
האָסט נישט געטראַכט פון גוטס, פון שלעכטס ;
יונג אַזוי איז דער ברען געווען צו פאָרן ס'לאַנד אַרבן!
טאָג־איין, טאָג־אויס ווייקט מען אין בלאָטעס, אין שלאַקסן;
לערנט מען זיך אויף די טשענסטאָכאָווער פעלדער
ווי אַזוי ארץ־ישראל זאָל וואַקסן.

וואָר, נישט אַלע האָבן עס געקענט אויסשטיין :
טייל זענען באַלד צוריק אַהיים אַנטלאָפן;
די פאַרשעמטע אויגן נישט געקענט אויפהייבן —
ס'רוב אָבער האָט אין זיך דעם אַקער געשטיקט;
זיך אַריינגעוואָרפן אין חלוצישן כוח.
אויב זיך געפאַסט צו טשענסטאָכאָוו,
דאַרף מען די נעכט פאַרזינגען
מיט דער „זענזוכט נאָך ציון"...

ס'איז נישט שיין צו לאָזן אַ טרער נאָך דער היים!
ס'האַרץ דאַרף פאַרהאַרטעוועט ווערן ווי אַ ברעט,
וואָרים, ס'הייבן זיך ערשט אָן די ביטערע שטעט.
דאָרט... די נעכט, די היילן, די טאָלן —
דאָרט... דאָס מעסער אונטערן העמד —
דאָרט... איז אַ חלוץ — אַ קיבוץ —
דאָרט... איז אַ קיבוץ — אַ חלוץ.

ד

היות, נישט לייכט איז געווען אַזאַ פרעמד,
האָבן אַ סך טאַקע זיך אומגעקערט אַהיים צוריק
און דערציילט פון דער אויסגעשטאַנענער נויט.
מ'איז נישט צוריקגעקומען ווי יענע פון בערלין
מיט ליאַק־שיך — געשטרייפטע הויזן און מאַנזשעטן
דינע קייטלעך און בורשטינענע ציגאַרעט־שפּיצלעך
און זיך האָכשטאַפּלעריש געריַמט מיט דער וועלט.
די וואָס האָבן זיך פון טשענסטאָכאָוו אומגעקערט,
האָבן אויסגעזען שוואַרץ ווי דאָס פעלד דאָרט.
זיי האָבן זיך געקוויקט מיט אַלץ וואָס איז היימיש —
באָטש טרייב זיי וועלן זיי מער ריישע נישט פאַרלאָזן;
איינמאָל דערפילט דעם טעם פון דער פרעמד,
וועלן זיי אָפּשאַצן ס'שטיקל ברויט, שבת דאָס העמד.
ניין, זיי וועלן זיך מער פון ריישע נישט רירן —
סיידן אַהין, פונוואַנען מ'קומט אויף אַ לוסט־רייזע,
ווי יענע פון אַנטווערפּן, פון ווין, פון פּאַריז,
וואָס פאָרן דערנאָך צוריק צו אַ זיכערן טאָג.

יאָ, אַ חלום איז שיין ווי לאַנג מ'איז אינדערהיים.
אָבער די וואָס האָבן אַזאַ חלום נישט געוואָלט,
האָבן דאָך אויסגעביטן ריישע פאַר טשענסטאָכאָוו.
וואָרים פון דאָרט — האָט זיך אָנגעהויבן דאָס,
וואָס מ'האָט אין די זונטיקס אין פעלד געשוואוירן ;
אין די ווינטער־נעכט אין די פאַראיינען געלייענט
און פון „פאָרטראַגן" — געלערנט!
יונגען — אַזעלכע ווי כאַצקל, ווי סראָל, ווי סאַנע,
יונגען — אַזעלכע ווי שמואל, לייבטשע, יאַנעק,
וועלן ריישע שוין מער נישט זען!
צי ס'וועלן פאַלן שווער די פּאַלעסטינער נעכט.
דאָרט אַ חלוץ איז נישט ווי אין ריישער פעלד,
וואו מ'האָט אַ זומער זיך געלערנט זיין שומרים;
די גימנאַזיעס איבערגעלאָזט פאַר ציון —
אפשר דערפאַר איז ס'פייער אין זיי נאָך פריש.
זיי זענען נאָך קיינמאָל פון דער שטוב נישט אַוועק;
קיינמאָל נאָך אויף באַנען נישט געפאָרן,

נאָר רק פון דער גרויסער וועלט געחלומט.
זע, גאָט, זיי זאָלן זיך נישט אומקערן פאַרביטערט!

פעסט ווי עס שטעקט הערצל אין זייער לאַץ,
לאָזט מען זיך זיכערע אין ערשטן וועג אַריין.
וואָס איז שוין אַ מאַמעס טרער פאַר אַזאַ וועג?
אַ ציטער וואָס קלייבט זיך אין בענקשאַפט אָן,
ווען מען איז חדשים פון דער היים איינער אַליין.
דעמאָלט, אויפן געלעגער אין יענער פינצטער,
וואַקסט אויס דער שטרענגער טאַטע, די ווייכע מאַמע;
די פאַרבליבענע שוועסטערס וואָס זענען זיי מקנא,
למאי זיי זענען אין דער וועלט אַוועק.
דעמאָלט, אויפן געלעגער אויף דער ווייטער ערד,
שלאָגט אויס אויף דער באַק די מאַמעס טרער
און ביסט מקנא די וואָס זענען מקנא דיך —
נאָר עס אַהיים צו שרייבן וואָלסטו זיך געשעמט!

נו, מילא — איז שוין געפאָרן, זאָל זיין אַזוי!
בלוי איז אַ הימל, בלוי איז די היים
און בלוט איז יונג און בלוט איז לוסט,
וועט מען אויסטראָגן דעם שוויים, דעם חלום.
אַוודאי וועלן אַקעגן קומען שטעכיקע ווינטן,
אוודאי וועט מען גיין אין האַלבע זומפן;
שטיין אין היילן מיט לאָפּעטעס איבער זיך.
פאַרדאָס אָבער וועט מען זיין פון ריישע ווייט
און נישט אומגיין פוסט און פאַסט מיט אַ שטרוי אין מויל;
קוקן ווי ס'זעצט זיך די זון איבערן מאַגיסטראַט;
אויפן גרינעם זייגער מיטן לאַנגווייליקן ציפערבלאַט.

ו

ווער ס'האָט נישט געזען ס'ביסל שוואַרץ פון טאַטע-מאַמע,
נאָכדעם ווי זייערע זין, די טעכטער זענען אַוועק —
ווער ס'האָט נישט געזען די שטומקייט פון זייער שרעק,
ווען ס'האָבן חדשים קיין בריוו זיך נישט געוויזן.
נישט דו — האָסט טאַטע-מאַמע אויסגעמיטן
נאָר זיי האָבן דיר אין די אויגן נישט געוואָלט קוקן!
ווי אַ שטיין אין זומפּ איז מען פאַרפאַלן געוואָרן.
ווי ווייט, לערך, איז טשענסטאָכאָוו פון ריישע?
דאָך, ווי ס'וואָלטן ימען אין וועג געשטאַנען.
ס'זאָל דאָס אַ צייכן פון אַ קינד זיך באַווייזן!
וואָלטן זיי כאָטש מיט שיפן ערגעץ אַוועק,
מילא, וואָלט זיך עס נאָך געלייגט אויפן שכל.
וואָס טאַקע וועט נאָך זיין איבערן אמת'ן ים?
ווי קען אַ מאַמע באַקומען דאָס געלעגער,
ווען איר סאַנע וואַלגערט זיך ערגעץ אַרום.
פּאַלעסטינע —
אַ תל דאָס האָט געמאַכט פון איר סאָנען!
איז דאָך דער טאַטע שוין גערעכט,
וואָס ער הייסט וואַרטן אויף משיחן?

ז

פון איבערן ים-התיכון קומען נישט קיין בריוו.
פון יענעם ים קומט עס דער פּאַס מזרח!
איינמאָל אָנגעצונדן די שטעטלדיקע יוגנט,
וועלן זיי ציען פון די אויסגעבענקטע שטיבער
צו די בערג פון יהודה, צו די פעלדער פון מואב;
צו די בערג פון אדום, צו די זאַמדן פון ים-סוף —
און זיי וועלן גיין צו חרמון, צו די זייטן פון לבנון.
דאָרט וועט מען איינעמען, דאָרט וועט מען אויפרייסן;
אויפסניי שפּאַלטן דעם ים פאַר די וואָס ווילן קומען,
וואָס ווילן זינגען דאָס געזאַנג פון די נביאים
פון זייערע שטראָף-רייד — ביז צו שיר-השירים.
גאָרנישט וועט אָפּשטעלן, גאָרנישט וועט אָפּהאַלטן
נישט די נויט, נישט דער הונגער נאָך ברויט,
אַז מען זאָל נישט גיין אויפן רוף פון דער שבועה,
וואָס מ'האָט זיך אין די שבתדיקע פעלדער געגעבן,
בעת מ'האָט זיך געלערנט שומרים און חלוצים זיין!

דאָ, אינמיטן מאַרק, שטייט קאָשטשושקאָ אויסגעהאַקט.
די שטיינערנע פאַלערינע איז גרין, די שווערד טעמפּ.
און טויבן דרימלען אויף זיין האַרטן קאָפּ;
פעדערן אויס אויף אים די פלעדערוווישן —
און קאָשטשושקאָ אַליין זינקט פון יאָר צו יאָר.
דאָ, אַרום אים טאַקע, רעדט מען עס פונעם יודנשטאַט —
דאָ, אַרום אים טאַקע, ווערט נמאס די ריישער שטאָט —
דאָ, אַרום אים טאַקע, רעדט מען עס פון פּאַלעסטינע —
דאָ, אַרום אים טאַקע, ווערט די היים קליין אין די אויגן —
דאָ, אַרום אים טאַקע, וועט מען טאַטע-מאַמע נישט פרעגן
און ס'וועט נישט אָפּהאַלטן קיין שרייט און קיין טויט!

ח

לך-לך — נישט צוליב דיר, טשענסטאָכאָוו,
איז מען אַרויסגעגאַנגען פון פאָטערס הויז —
נאָר צו זיין אַ בענטשונג פאַרן לאַנד כנען,
וויעט מען חלוצים קיין ארץ-ישראל אַריין!
ניין, נישט צוליב דיר — טשענסטאָכאָוו,
איז מען פון ריישע ווי פון אַ מגפה אַנטלאָפן!
ס'ביסל יונגוואַרג האָט זיך סיידי צו דער וועלט געריסן,
ווען לענדער האָבן זיך אין קאָפּ גענומען מישן.
אַ בהלה פון פאָרן ווי נאָך אַ מאָביליזאַציע,
האָט זיך אָנגעהויבן אויף וועגענער, אויף באַנען
ביי אָפּגעריסענע יונגען, ביי שטאַרקע מיידן.
מיט אַ מאָדנעם לוסט, מיט אַ מאָדנעם גלוסט,
איז מען ווי אַסענטירטע אַרויס אין לאַנגן וועג.
דער ברוינער סאַנע — איז עס געווען דער „עלצטער".
ער האָט באַפוילן; געפירט ווי אין שלאַכט אַריין.
עפּעס אַ פאַריסענער שטאָלץ איז געווען אין אים,
עפּעס אַ פויערישע גבורה איז געווען אין אים.
ר'האָט געשריגן און געמוטיקט!
ר'האָט געמוטיקט און געשריגן!

סאַנע — וואו האָט ער זיך אַזוי געלערנט זעלנעריש פירן?
טאַקע ביי זיך; אויף די בודעס צווישן ביימער און פעלדער,
ווען ייִנגלעך זענען ל״ג־בעומר אַרויס אַהין מיט ביקסלעך!
ס׳האָט אים תמיד געצויגן צו גרינע לאָנען און באַנען.
ר׳האָט אין טאַטנס שענק תמיד צווישן מעסערס געלעבט,
האָבן אים גויאישע געפאַרן קיינמאָל נישט אָפּגעשטעלט.
ווינטער איז ער דורך ווייטע שנייען פון חדר געגאַנגען
מיטן איינגעשטעקטן לאַמטערן אויף דער ברוסט,
ווי פון גאָט געפירט.
אַוודאי האָט ס׳האַרץ זיינס דורך ווייסער שרעק געצאַפּלט.
ר׳טראָגט אָבער ס׳חומש ווערט זיך די סדרה פאַר אים מיען,
ווען ר׳וועט הזרן וואָס ר׳האָט היינט אין ויגש געלערנט:
— און ישראל האָט אַוועקגעצויגן מיט אַלץ וואָס ר׳האָט געהאַט,
— און איז קיין באר־שבע געקומען מיטן שלאַכט־אָפּפער.
— און גאָט האָט גערעדט צו ישראלן דורך דער נאַכט
— און האָט גערופן: יעקב, יעקב!
— האָט ער געזאָגט: דאָ בין איך!
— איך בין דער גאָט פון דיין פאָטער,
— זאָלסט נישט פאָרכטן אַראָפּצונידערן קיין מצרים...

ט

מיט אַ זיכערקייט אַזאַ איז סאַנע
אַוועק פון טשענסטאָכאָוו קיין פּאַלעסטינע.
ס׳איז אים נאָכגעגאַנגען ס׳קול פון ויגש,
פון יענע שנייען, פון יענער גויאישער שרעק.

איצט פירט ער מיט זיך ס׳חומש אין וועג,
אַזוי די אַנדערע וואָס פאָרן נאָך מיט אים.
צי מ׳איז סטודענטן, צי האַנדווערקער געווען —
דער סידור, ס׳חומש איז געלעגן אויפן האַרץ.
עס האָט גערוישט אין קאָפּ דער ווייסער סדר,
וואָס איז אַנדערש פון אַלע נעכט פון אַ גאַנץ יאָר.
ס׳איז נאָכגעגאַנגען די געלע אויסגעווייקטע הגדה
מיטן אָפּגעפּלעקטן ווייַן: דצ״ך, עד״ש, באח״ב.
יאָ, מ׳האָט געוויינט ביי עבדים היינו —
מ׳האָט געוואָרנט ביי זכר למקדש —
מ׳האָט זיך געשראָקן ביי שפוך חמתך.
זינט־נאָך איז געוואָרן לייכטער די טיר,
לייכטער די גאַנצע שטוב,
אליהו־הנביא איז פון הר־הכרמל
קיין ריישע אַראָפּ.

סאַנע מיט אַלע ייִנגלעך,
האָבן פאַר אליהון יענע טיר אויפגעמאַכט,
פאָרן זיי איצט פון טשענסטאָכאָוו אַהין צו אים.
ניין, די ימען וועלן זייערע שיפן נישט פאַרטוישן!
מ׳וועט נישט — אָנשטאָט קיין פּאַלעסטינע —
פאָרן אין פרעמדן אַמעריקע, אין ווייטן אַרגענטינע.
סאַנע האָט געשוואוירן, פּראָסט ווי ער איז,
אָנצונעמען צוויי הויפנס ארץ־ישראל
און ווי זיין מאַמע אויפן הויכן קול,
מאַכן אַ ברכה איבערן גאַנצן לאַנד!

ש. ד. זינגער

# „ביי די טייכן וואַרטע און איסט־ריווער", פון רפאל פעדערמאַן



רפאל פעדערמאַנס זכרונות, געדרוקט אין דעם בוך „טשעסטאָכאָווער ייִדן", האָבן שטאַרק פאַראינטערעסירט ביים לייענען. עס איז געווען קענטיק פון יענע אויטאָביאָגראַפישע בלעטלעך, אַז פעדערמאַן האָט נאָך אַ סך צו דערציילן. אַזוינס, וואָס קען ווערן אַ סך מער ווי סתם אַן אויטאָביאָגראַפיע פון אַ ייִדישן קולטור־טוער אין פוילן. פעדערמאַנס איבערלעבונגען אין סאָוועט־רוסלאַנד, אין די יאָרן פון צווייטן וועלט־קריג, וואָס ער דערמאָנט בלויז פאַרבייגייענדיק; די נסיעות זיינע איבער רוסלאַנד, די אַלע האָפענונגען און אַנטוישונגען פון אַ ייִדישן סאָציאַליסט און געזעלשאַפטלעכן טוער, — דאָס אַלץ האָט געפאָדערט אַז ער זאָל דערציילן מער אויספירלעך פון די דאָזיקע גורלדיקע טעג, וואָס ער און זיינע נאָענטע האָבן דורכגעמאַכט.

עס איז, דעריבער, געווען אַ גוטער איינפאַל פון פעדערמאַנען די דאָזיקע „זכרונות" זיינע איבערצואַרבעטן. און פעדערמאַן האָט טאַקע איבערגעשריבן און געענדערט אין אַזאַ פאָרם, אַז עס האָט זיך באַקומען אַ גאָר ניי, אייגנאַרטיק בוך. דאָס איז אַ קולטור־געשיכטלעכע כראָניק פון אַ מענטשנס לעבן, געשריבן אין דער פאָרם פון אַ לענגערער דערציילונג. מיט אַ הויפּט־העלד, יוסף שאַליט, און מיט באַשרייבונגען פון צענדליגער אַנדערע ייִדישע פאַרשוינען.

דאָס בוך „ביי די טייכן וואַרטע און איסט־ריווער" איז אינטערעסאַנט דערמיט, וואָס אָנשטאָט צו דערציילן וועגן זיך האָט פעדערמאַן ממש גענומען אויף זיך די עובדה פון אַ שרייבער צו דערציילן אויך וועגן אַנדערע. ער האָט געטאָן דאָס, וואָס יעדער שרייבער טוט: ער האָט זיך געשטעלט, כלומרשט, מן הצד פון די געשעענישן און פון די מענטשן פון וועלכע ער דערציילט. פעדערמאַן האָט אָבער נישט פאַרגעסן אַריינצואוועבן אין דעם בוך אויך אַ היפּשן טייל פון זיין אייגן לעבן, פון זיין גלויבן. און, פאַרקערט, פון זיינע ספקות, פון די פילצאָליקע, געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן פאַרן כלל, און פון די פערזענלעכע ראַנגלענישן פאַר דעם אייגענעם ביסל גליק; פון די גוטע מעשים, און, פאַרקערט, אויך פון די בלאָנדזשענישן פאַר וועלכע

מען באַצאָלט זייער טייער, און פאַר וועלכע קיין שום חרטה קען שפּעטער גאָרנישט העלפן.

פעדערמאַן איז אין דעם בוך נישט געבליבן שטיין ביים יאָר 1939, ווען דער הויפּט העלד פונעם בוך, יוסף, איז געצוואונגען, ווי טויזנטער זיינס גלייכן, צו אַנטלויפן פון דער ברענענדיקער שטאָט וואַרשע, אויף וועלכער די נאַצי־עראָפּלאַנען האָבן, אָן אויפהער, געהאָלגט מיט פייער. יוספס „וואַנדער־וועג" הייבט זיך ערשט אָן. פאַראַן אין דעם בוך בילדער און סצענעס, וואָס שילדערן דאָס לעבן פון יידישע פּליטים, וואָס האָבן זיך, על־פּי־נס, געראַטעוועט, פריער אין סאָוועט־רוסלאַנד, און שפּעטער אין דעם פרייען און דעמאָקראַטישן אַמעריקע. צוזאַמען מיט דער פרייד פון בלייבן לעבן, ווערן מיר דאָ אויך געוואויר פון דעם פליכטלינגס איינזאַמקייט אין דער גרויסער שטאָט ניו־יאָרק. די עלנטקייט פון די פּליטים און די שוועריקייטן זייערע צוצופּאַסן זיך צום נייעם לעבן, נאָך אַזוי פיל יאָרן ליידן יסורים און פּיין, אין די דייטשישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

פעדערמאַן פּרעטענדירט נישט אין דעם בוך, סתּם אַזוי דעם לייענער אַנטקעגנצוטראָגן אַן אינטערעסאַנטן ראָמאַן. דער סיפּור־המעשה אָבער, די געשעענישן גופא, צווינגען אים פּסיכאָלאָגיש זיך צו גריבלען אין די פּאַרשוינען וואָס ער באַשרייבט, און אין זייערע טראַכטענישן. דווקא דער באַשיידענער, פּשוטער, אופן פון דערציילן, דאָס שילדערן געשעענישן און סיטואַציעס אַזוי ווי ער, דער מחבר, געדענקט זיי, — פאַראינטערעסירט שטאַרק ביים לייענען. פעדערמאַנען געלינגט אָפט אויף אַ לייכטן אופן איבערצוגעבן די אומקלאָרע, צערודערטע געפילן ביי דער שארית־הפליטה, די נייגעקומענע אימיגראַנטן.

אין דעם בוך ווערט פאַקטיש געשילדערט דאָס לעבן פון אַ גאַנצן דור. דער ערשטער טייל פונעם בוך שילדערט דעם דור יידישע יונגעלייט, אויפגעצויגן אין דער פרום־חסידישער סביבה, אין די יאָרן פאַרן אויסברוך פון ערשטן וועלט־קריג. די רוסיש־צאַרישע מאַכט אונטערדריקט יעדן פרייען געדאַנק ביי יונג און אַלט. דאָס יינגל, יוסף, ווערט ביסלעכווייז אַריינגעצויגן אין דער יידיש־רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, פריער אין דער פּאַרטיי „ס.־ס.", שפּעטער אין „בונד". יוסף וואַקסט אויס אין דער באַוועגונג. ער ווערט אָפט אַרעסטירט פון דער צאַרישער מאַכט, אָבער צוליב דעם וואָס ער איז מינדעריעריק, יונג, ווערט ער באַפרייט. ער לערנט און אַנטוויקלט זיך און ער ווערט גייסטיק רייף צו ווערן איינער פון די פירער פון די יידישע אַרבעטער אין דער שטאָט וואַרטע.

אינטערעסאַנט זענען די קאַפּיטלעך אין בוך, אין וועלכע פעדערמאַן שילדערט די קולטור־טעטיקייטן ביי דער יידישער יוגנט אין פוילן, ביים סוף פון 19טן און די ערשטע יאָרן פון 20סטן יאָרהונדערט. דאָס זענען געווען די „רענעסאַנס־יאָרן" פון דער נייער יידישער ליטעראַטור און דעם אויפקום פון בעסערן יידישן טעאַטער אין פוילן און אין רוסלאַנד.

באַזונדערס אינטערעסאַנט לייענען זיך די שטעלן וואו פעדערמאַן באַשרייבט די פרייד פון דער יידיש־וועלטלעכער יוגנט, בעת יידישע שריפטשטעלער און יידישע אַקטיאָרן פלעגן אַראָפּקומען אין שטאָט האַלטן פאָרטראַגן וועגן ליטעראַטור אָדער געבן טעאַטער־פאָרשטעלונגען אין פּיעסען, געשריבן פון די נייע אויפקומענדיקע יידישע דראַמאַטורגן.

„עס איז דאַמאָלט", — דערציילט פעדערמאַן, — „אַראָפּגעקומען אין דער שטאָט וואַרטע דער דיכטער און שוישפּילער מאַרק שוויד און מרים איזראַעלס, די פרוי פון קינסטלער קראַטקאָ. דאָס איז געווען פאַר דער יוגנט אין שטאָט אַ גרויסער יום־טוב. יוסף האָט זיך אויך באַטייליקט אין איינעקע איינאַקטערס פון פּרעץ, צוזאַמען מיט די אַקטיאָרן־געסט און אונטער זייער רעזשי. יוסף פלעגט קוקן אויף מרים איזראַעלס ווי אויף אַ ביבלישער געשטאַלט"...

מיר באַקענען זיך אַלץ מער מיט יוספן, דעם הויפּט־העלד פון בוך, וואָס ווערט געשילדערט ווי אַן אידעאַליסט. ער איז ממש מקריב זיין אייגן גליק, און פאַרגעסט גאַנץ אָפט אָן זיך אַליין, אין זיין אייגענער צוקונפט, אַבי נאָר עפּעס צו טאָן פאַרן וואוילזיין פונעם כלל. באַזונדערס, פאַר דעם יידישן אַרבעטער. אין דעם דאָזיקן פּרט איז יוסף געווען איינער פון די הונדערטער אידעאַליסטישע יידישע יונגעלייט, אין אָנפאַנג צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, וואָס האָבן אויפגעוואַקסן צו אַ נײַ לעבן אין די שטעט און שטעטלעך פון רוסלאַנד, פּוילן און ליטע; יענער דור יידישע יונגעלייט וואָס האָבן פאַרמאָגט גלויבן אין זייערע הערצער, און הויכע אידעאַלן, צו בויען אַ שענערע און אַ בעסערע וועלט.

דאָס איז געווען אַ נייער יידישער דור, אַ דור, וואָס האָט איבערגעריסן מיט דער אַלט־יידישער וועלט. אָבער דערביי, דאָך געבליבן געטריי דעם יידישן פאָלק, טראָגנדיק הויך די פאָן פון סאָציאַליזם, וואָס דאַרף און מוז קומען פאַר אַלע מענטשן און אויך פאַר יידן! די לעבנס־געשיכטע פון יוספן איז, אין תּוך, די לעבנס־געשיכטע פון דעם דאָזיקן יידישן אידעאַליסטישן דור. און יעדער יידישער סאָציאַליסט, געבוירן אין די 90ער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט, קען זיך טיילוויז דערקענען אין דעם דאָזיקן בוך.

פון די פילצאָליקע געשטאַלטן אין דעם בוך, געדענקט זיך שטאַרק די יונגע יידישע לערערין מירל, וועלכע פעדערמאַן שילדערט מיט אַזוי פיל פאַרשטענדעניש און סימפּאַטיע.

פעדערמאַן דערציילט פון יוספס ליבע צו אָט דער שטילער און גוטער יידישער טאָכטער. די יידישע אַרבעטער און פאָלקס־אינטעליגענטן אין דער שטאָט וואַרטע עפענען אַ יידיש־וועלטלעכע שול, איינע פון יענע שולן, באַקאַנט אונטער נאָמען „צישאָ", וואָס ווערן געעפנט דאַן, נאָכן סוף פונעם ערשטן וועלט־קריג, איבער גאַנץ פוילן. די דאָזיקע לערערין, מירל, מיט איר אידעאַליזם און איבערגעבנקייט, רופט אַרויס אין זכרון די הונדערטער יידישע לערער און לערערינס, איר גלייכן, וואָס די נאַצי־באַרבאַרן האָבן מיט אַזאַ ווילדער אכזריות אומגעבראַכט.

מיט ליבע ווערט אין בוך געשילדערט דער טיפּ יידישער אַרבעטער־פירער, דער, וואָס האָט זיך באַפרייט פון רעליגיעזער יידישקייט, אָבער וואָס האָט אַליין אויף זיך גענומען אַ נייעם עול, פון אַ נייעם גלויבן, צו דינען מיטן גאַנצן האַרצן דעם אַרבעטער־קלאַס און די גרויסע אידייע פון סאָציאַליזם. דער דאָזיקער נייער העלד, — דער אַרבעטער־פירער יוסף, אַ שטייגער, — האָט זיך באַפרייט פון אַלע רעליגיעזע צאַמען, „פון וואָס מען מעג, און וואָס מען טאָר ניט". עס איז אים אָבער, גאַנץ אָפט, בעסער פון דעם פרומען יידן נישט געווען... די פרייקייט מיט וועלכער דער וועלטלעכער ייד איז באַשאָנקען, האָט גאָר געשאַפן אָן אַ שיער נייע קאָמפּליקאַציעס אין לעבן.

יוסף איז אַ ראָמאַנטישע נאַטור. ער איז תּמיד פאַרליבט. פריער אין מירלען, דערנאָך אין דער לערערין רבקה, מיט וועלכער ער האָט חתונה. די חתונה ברענגט זיי ביידן נישט קיין גליק, דורך דער צייט פאַרליבט זיך יוסף אין אַ סך אַנדערע פרויען וואָס באַצויבערן אים מיט זייער שיינקייט, נאָר

קיין גליק אין לעבן ברענגען זיי אים נישט. פאַרקערט גאָר: די אַלע ליבע־אַוואַנטורעס לאָזן איבער אין יוספן אַ פּוסטקייט אין דער נשמה. ערשט אויף די עלטערע יאָרן געפינט יוסף זיין אמתע באַשערטע. די יונגע פרוי, גאָלדע, וואָס האָט איר מאַן פאַרלוירן אין אַ נאַצי־לאַגער אין דייטשלאַנד. זי ווערט יוספס לעבנס־באַגלייטערין. מיט גאָלדען לעבט יוסף די רואיקסטע יאָרן פון זיין לעבן, ביז ער שטאַרבט פּלוצעם.

יוסף לאָזט איבער אַ געשריבענע צוואה, און אַ מאַנוסקריפּט, וואָס באַשטייט פון אַ דיקן העפט זכרונות, וואָס ער בעט, אין דער צוואה, צו פאַרעפנטלעכן נאָך זיין טויט.

* * *

אינטערעסאַנט לייענען זיך די שטעלן אין בוך וואו עס ווערט געשילדערט יוספס אַנטלויפן פון וואַרשע אין חודש סעפּטעמבער 1939. ער קומט אָן אין די שטעט ווילנע, קאָוונע און שפּעטער אין מאָסקווע. יוסף מאַכט דורך די אַלע שבעה־מדורי־גיהנום, וואָס יעדער יידישער סאָציאַליסט און מיטגליד פון „בונד" האָט דורכגעמאַכט, בעת ער האָט זיך געפונען, אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, אויף דער ערד פון סאָוועט־רוסלאַנד.

אין דעם בוך ווערט דערמאָנט דער מאַרטירער־טויט פון ערליך און אַלטער, וואָס די סאָוועטישע מושלים האָבן אָן אַ פאַרוואָס אומגעבראַכט. און אינטערעסאַנט לייענען זיך אויך די שטעלן אין דעם בוך וואָס דערציילן ווי אַזוי יוסף האָט געקראָגן די טראַנזיט־וויזעס פאַר זיך און פאַר דער פריינדין מרים, דעם יוגנטלעכן וויקטאָר און דער יונגער מיידל סטעפאַ. יוסף בעט ביי דער סאָוועטישער מאַכט אין ווילנע אַ דערלויבעניש אַרויסצופאָרן פון רוסלאַנד דורך יאַפּאַן, כדי פון דאָרט צו קענען אָנקומען אין אַמעריקע. פעדערמאַן שילדערט דאָ די סאָוועטישע ביוראָקראַטישע באַאַמטע, די מושלים פון דער נייער אָרדענונג, וואָס האַלטן אין זייערע הענט דעם גורל פון מיליאָנען מענטשלעכע לעבנס. דאָס זענען בילדער און סצענעס וואָס קריצן זיך איין אין זכרון. בילדער און סצענעס וואָס וועלן פאַרבלייבן ווי דאָקומענטן פון אַ שווידערלעכער עפּאָכע; ווען דער מענטש איז געוועזן הפקר, און מען האָט געטאָן מיט אים וואָס מען האָט געוואָלט, כלומרשט אין נאָמען פון אַ סאָציאַליסטיש פאָטערלאַנד. פעדערמאַן באַשרייבט דעם פּחד פון זיין העלד יוסף, ווען ער איז געשטאַנען פּנים־אל־פּנים מיט די סאָוועטישע אויספאַרשער, מיט אַזאַ פּשטות און ערלעכקייט, וואָס רופט אַרויס דאָס געפיל פון שוידער אין געמיט פון לייענער.

יוספן און זיינע נאָענטע פריינד געלינגט, סוף כל סוף, נאָך פיל בקשות, אַרויסצובאַקומען זיך פון רוסלאַנד. יוספס בקשות רירן אַפילו די האַרטע, סאָוועטישע באַאַמטע. אָבער ווען יוסף קומט אָן אין אַמעריקע איז אים אויפן האַרצן ניט בעסער. דאָן הויבן אָן אָנקומען די שלעכטע ידיעות פון פוילן וואָס די דייטשישע רוצחים טוען אָן די יידן! מאַסנווייז, אין די טויזנטער, יעדן טאָג, ווערן די יידן אומגעבראַכט פאַר דעם איינציקן פאַרברעכן וואָס זיי זענען יידן. די וועלט שוויגט! און יוספס האַרץ גייט אויס פאַר ווייטיק. די יסורים וואָס ער און אַלע יידן לעבן דאָ איבער, פאַלן זיך צונויף מיט זיין אייגן, נישט־איינגעגעבן לעבן. יוסף טראָגט אַ „שולד־געפיל" אין האַרצן: פאַר וואָס קומט אים צו בלייבן לעבן? און ווען עס קומט אָן די ידיעה פון אַרטור זיגעלבוימס מאַרטירער־טויט אין לאָנדאָן, קען יוסף קיין רו נישט געפינען. דער קדוש אַרטור זיגעלבוים!

וואָס פאַר אַ הערלעכער מענטש דאָס איז געווען! מיט זיין טויט האָט זיגעלבוים געוואָלט אויפרודערן די וועלט און דערמאָנען די גלייכגילטיקייט פון די דעמאָקראַטישע לענדער צו די שחיטות אויף די יידן אין פוילן! אָבער אויך דער טויט פון דעם קדוש אַרטור זיגעלבוים האָט גאָרנישט געהאָלפן. אין פוילן קומען ווייטער אום טויזנטער יידן. יעדן טאָג, יעדע שעה. יוסף איז דערשלאָגן, פאַרצווייפלט. וואָס בלייבט אים צו טאָן אין זיין איינזאַם לעבן? יוסף וואַרפט זיך אַריין אין דער אַרבעט פון כלל, ווי אַמאָל, אין זיינע יונגע יאָרן. ער געפינט אַ שטיקל אָנהאַלט אין לעבן אין דער אַרבעט פאַר זיין היים־שטאָט וואַרשע. ער פאָרט אַרום איבערן לאַנד, זאַמלט געלט פאַר דעם „לאַנדס־מאַנשאַפט־בוך", וואָס דאַרף זיין אַ דענקמאָל, אַ מצבה פאַר די אומגעקומענע יידן אין וואַרשע. גלייכצייטיק איז יוסף אויך פאַרנומען אין זאַמלען געלט פאַר די יידישע פליטים וואָס געפינען זיך נאָך אַלץ אין די דייטשישע לאַגערן, כאָטש די מלחמה איז שוין לאַנג אַריבער. ער טוט אַלץ צו העלפן די דאָזיקע לעבנגעבליבענע יידן, אַז זיי זאָלן קענען קומען קיין אַמעריקע, קאַנאַדע, אָדער קיין ארץ־ישראל.

דער טויט פון זיין איינציק טעכטערל, שיינדעלע, קומט יוספן אָפּט אויפן זינען. ער איז פונאַנדערגעשיידט פון זיין ווייב, וואָס געפינט זיך ערגעץ אין פראַנקרייך. יוספס איינזאַמקייט אין ניו־יאָרק, זיין אַרומגיין אַליין אויף די גאַסן פון דער גרויסער שטאָט, ניט קענענדיק זיך צופּאַסן צום היגן לעבן, און שפּעטער דער ריס מיט דער פרוי זיינער, רבקה, וואָס קומט צו אים אַהער פון פּאַריז, דאָס אַלץ ווערט דערציילט אויף אַ פּשוטן און ערלעכן אופן.

פאַראַן קאַפּיטלעך אין בוך וואָס שילדערן טראַגי־קאָמישע סיטואַציעס ביי די ניי־געקומענע פליטים אין ניו־יאָרק, וואָס קענען זיך ניט גלייך צופּאַסן צום נייעם לעבן. און פּונקט ווי ער, אַזוי זענען זיי אויך עלנטע אין דעם נייעם לאַנד, אָן קרובים און אָן משפחה. די אייגענע נאָענטע האָט היטלער, ימח שמו, אויסגעהרגעט. זוכן איצט, די דאָזיקע איינזאַמע מענער, שידוכים דורך די צייטונגען. אויך יוסף באַקענט זיך מיט אַ צאָל פרויען, גרושות און אַלמנות. יוסף האָפט, אַז נאָכן גט וואָס ער האָט געגעבן זיין ווייב, וועט ער אפשר געפינען אַ פרוי, וואָס וועט אים געפעלן און ער וועט קענען חתונה האָבן און זיך אויפבויען אַ שטיקל היים. פון די אַלע באַקאַנטשאַפטן ווערט גאָרנישט. פאַר דעם לייענער אָבער, זענען, פאַר זיך גופא, אינטערעסאַנט די שילדערונגען פון טיפּן פרויען, וואָס פעדערמאַן באַשרייבט. סיי די פראַקטישע, סיי די נישט־פראַקטישע, וואָס זוכן אַ פּאַסיקן שידוך. אויך זיי, די פרויען, זוכן זייער גליק און געפינען עס, לײדער, זייער זעלטן...

דאָס בוך ענדיקט זיך אין גוטן געמיט. כאָטש נישט אין גאַנצן אָן טרויער. אין די לעצטע טיילן ווערן מיר געוואויר פון די בריוו וואָס יוסף שרייבט צו אַ טאָכטער פון זיינס אַ גוטן פריינד אין דעם אַמאָליקן שטעטל וואַרטע. איר נאָמען איז גאָלדע, וואָס מיר האָבן פריער דערמאָנט. זי און איר ברודער מרדכי, זענען געבליבן לעבן על־פּי נס. נאָך דער באַפרייאונג געפינט זיך גאָלדע אין איר היימשטאָט וואַרטע. אָבער זי פאָרט צוריק קיין דייטשלאַנד זיך זען מיט איר איינציקן ברודער מרדכי, וואָס איז איר געבליבן פון דער גאַנצער משפחה.

דער בריוו־אויסטויש צווישן יוספן און גאָלדען, דערציילט אַ סך. דורך די בריוו ווערן מיר געוואויר פון דעם גרויסן חורבן, פון דער רשעות וואָס די נאַציס זענען באַגאַנגען, און גלייכצייטיק,

וואָס די לעבן־געבליבענע יידן פילן און טראַכטן נאָכן חורבן. גאָלדע ווייזט זיך אַרויס צו זיין אַן אינטערעסאַנטע פערזאָן. זי קומט ביסלעכווייז צוריק צום לעבן, כאָטש די גרויליקע איבערלעבונגען אירע בלייבן איינגעקאַרבט אין איר נשמה. גאָלדעס לעבן, אירע ליידן, און די ליידן פון איר ברודער מרדכי, איז אַ טראָפּן אין דעם ים פון יסורים און פּיין וואָס די לעבן־געבליבענע יידן זענען זיך אויסגעשטאַנען אונטער די בלוטיקע נעגל פון דער נאַצי־חיה. די געראַטעוועטע פון טויט קאָנען נאָך אַלץ ניט אַרויס פון דעם קאָשמאַר, פון דעם סם פון טויט, וואָס די נאַציס, ימח שמם, האָבן אין דעם אָפּגעצערטן, הונגעריקן יידישן גוף אַריינגעטאָן.

נאָך מער, די מעשה מיטן ברודער מרדכי און זיין ליבע צו דעם דייטשישן מיידל לאָטאָ, דעקט אויף דעם גאַנצן שווידער און די נישט־באַלאַנסירטע מאָראַלישע שוואַכקייט פון די מערסטע געראַטעוועטע פון די „די־פּי״־קעמפּס. די נאַציס האָבן מער ווי אין לעבנגעבליבענעם יידן פאַרסמט, מאָראַליש און גייסטיק. ס׳איז ביי די לעבנגעבליבענע יידן אָפּגעווישט געוואָרן דאָס געפיל פון גוטס און שלעכטס, און פון נאַציאָנאַלן שטאָלץ, טראָץ דער רשעות פון די נאַצי באַרבאַרן.

מרדכי איז, על־פּי־נס, געבליבן לעבן אין אַ נאַצי־קעמפּ. ער האָט ניט געוואַרט ביז די אַמעריקאַנער און פראַנצויזישע אַרמייען וועלן קומען אים באַפרייען. אַן אויסגעצערטער, אַ הונגעריקער, פון טעג נישט עסן, אַנטלויפט מרדכי פון לאַגער פון וועלכע די דייטשן זענען פריער מיט אייניקע טעג אַוועק, און איבערגעלאָזט די אומגליקלעכע יידישע געפאַנגענע אָן שפּייז. אַ שוואַכער, אָן כחות, לאָזט זיך מרדכי צו אַ דייטשישן פּויערס אַ שטיבל. ער באַהאַלט זיך אויס אין אַ שטאַל און ער וואַרט אַז די באַפרייאונגס־אַרמיי, די אַמעריקאַנער אָדער פראַנצויזישע, זאָל קומען. שעהן, מינוטן ציען זיך ווי אייביקייטן, און ווען די פראַנצויזן קומען שוין ענדלעך אָן, טרעפן זיי מרדכין אַ פאַרחלשטן, וואָס קאָן אויף די פיס נישט שטיין פון אויסגעצערטקייט און שוואַכקייט.

דער זעלבער מרדכי, אָבער, וועמען די דייטשן האָבן אַזוי פיל יסורים פאַרשאַפט, קען בשום אופן נישט פאַרגעסן דאָס מיידל לאָטאָ, די טאָכטער פון דעם דייטשישן פּויער. אָט איז ער זיך מתודה פאַר זיין שוואָגער יוספן: „כ׳בין צערודערט״, — זאָגט מרדכי צו יוספן, — „כ׳גיי אַרום ווי נישט אויף דער וועלט. כ׳ווייס וואָס עס מיינט פאַר מיר, דעם געליטענעם פון דעם מערדער־פאָלק, אַרומצוגיין טאָג און נאַכט און טראַכטן פון אַ דייטשקע... אָבער וואָס בין איך שולדיק? דער שכל זאָגט מיר איינס, און דאָס האַרץ זאָגט מיר עפּעס אַנדערש...״

עס ווייזט זיך אַרויס אַז לאָטאַ האָט געהאָלפן דערהאַלטן מרדכין ביים לעבן אין די טעג ווען ער האָט זיך געפונען אין שפּיטאָל. נישט זי, לאָטאַ, און נישט דער פאָטער אירער, האָבן געהאַט צו טאָן מיט די נאַציס. דאָך, אונטער דער ווירקונג פון יוספן, רייסט מרדכי איבער דאָס בריוו־שרייבן צו דעם דייטשישער מיידל לאָטאָ, ביז ער פאַרגעסט זי אין גאַנצן.

פאַטעטיש, רירנד, לייענט זיך דאָס לעצטע קאַפּיטל אין בוך. יוספס טויט, זיין צוואה, די געדאַנקען וואָס קומען אין די לעצטע מינוטן פון אָט דער אידעאַלער געשטאַלט, רופן אַרויס שטימונגען און טיפן טרויער און די לעצטע ווערטער יוספס, צו גאָלדען און מרדכין, זיינען:

„איך גיי אַוועק פון דער וועלט מיט דעם גוטן געפיל וואָס איך האָב דאָך באַוויזן צו טאָן, סיי פאַר מיינע אייגענע, סיי פאַר סתם יידן, און באַזונדערס פאַר די לעבנגעבליבענע לאַנדסלייט פון מיין טייערער, אומפאַרגעסלעכער שטאָט וואַרטע״.

„איך בין אַ לעצטער פון אַ דור, אַ דור וואָס האָט געוואָלט זען אַ נייע וועלט פון יושר און גערעכטיקייט: זייט איר, מרדכי און גאָלדע, מיינע יורשים, און טוט אַלץ צו פאַרמענטשלכן דאָס שלעכטס צווישן אונדז״...

פעדערמאַנס בוך „ביי די טייכן וואַרטע און איסט ריווער״ וועט זיכער אַרויסרופן גרויס אָנזען ביי די חברים זיינע, די לאַנדסלייט פון זיין היים־שטאָט, און ביי די הונדערטער בונדיסטן חברים, און גאָר באַזונדערס, ביי די ניי־געקומענע פּליטים דאָ, און אין מדינת־ישראל.

דאָס בוך געהער, בלי ספק, צו דער קליינער צאָל ביכער אין יידיש פון נאָכן חורבן, וואָס האָבן אי אַ דערציילערישן, אי אַ קולטור־געשיכטלעכן ווערט.

א. כראָבאָלאָווסקי

# „טשענסטאָכאָוו ווערט אַ שטאָט״, פון חיים לייב שוואַרץ

דאָס בוך „טשענסטאָכאָווער יידן״, איז מיט זיין אַנטשטיין, און אין אַ גרויסער מאָס מיט זיין פאַרווירקלעכונג, פאַרבונדן מיט דער זעלבער גרופּע מענטשן, — נישט, חלילה, פון קיין רייכע הייזער און הויכע פענצטער, — וואָס האָבן זיך באַטייליקט, אי אין דעם פרייהייטס־קאַמף, פון יאָר 1905, אי שפּעטער, אויך אין דער יידישער קולטור־אַרבעט. די דאָזיקע גרופּע האָט אויך געשאַפן אין טשענסטאָכאָוו די אָרטיקע יידישע פּרעסע. זייערע נעמען געפינען זיך אין בוך. אין זעלביקן בוך „טשענסטאָכאָווער יידן״ זיינען די בעסטע זייטלעך — אונטערן וואָרט „בעסטע״, איז געמיינט לעבעדיקע שילדערונגען — געשריבן פון פּשוטע פאָלקס־מענטשן. צוויי פון זיי זיינען:

„טשענסטאָכאָוו ווערט אַ שטאָט פון חיים לייב שוואַרץ״; און דאָס צווייטע: — „אַמאָל איז געווען אַ שטעטל דזשאַלאָטין״, פון מערי ראָזען.ביידע זאַכן זיינען עדות, וואָס פאַר אַן אוצר יידיש איז פאַרן פאָלק! און וואָס פאַר אַ שאַפונג־כוח עס פאַרמאָגט דער יידישער פאָלקס־מענטש! ווי טיף־איינגעוואָרצלט עס איז געבליבן דאָס לעבן פון דער אַלטער היים אינעם פאָלקס־זכרון! די אַלטע היים פון וואַנען מ׳איז געקומען.

אַלס משל קען טאַקע פאַר אונדז דינען חיים לייב שוואַרצעס געשיכטע „טשענסטאָכאָוו ווערט אַ שטאָט״.

חיים לייב שוואַרץ האָט פאַרלאָזט טשענסטאָכאָוו אַרום 1902, ווען ער איז אַלט געווען איין און צוואַנציק יאָר. ער

איז אויסגעווען אַ וועלט! געווען אין עסטרייך, דייטשלאַנד, ענגלאַנד און אין קאַנאַדע. ער האָט גערייזט איבער אַמעריקע, געווען אין ניו יאָרק, שיקאַגאָ, לאָס אַנדזשעלעס, אין האָנאָלולו, און אין סעאַטעל, וואַשינגטאָן, און אין אָרעגאָן. אים האָט געצויגן צו שרייבן. ער האָט געשריבן לידער און פּראָזע. אַ טייל פון זיי זיינען געווען געדרוקט. אָבער פון די אָנצאָליקע פּראָזע־זאַכן וואָס ער האָט איבערגעלאָזט, איז שווער זיך צו שאַפן אַ בילד פונעם לעבן פון די אַלע ערטער, וואו ער האָט געלעבט, און אַפילו זיך איינגעבירגערט. פון אַלע פּלענער זיינע אָנצושרייבן ביכער —איז גאָר נישט געוואָרן. דאָס איינציקע וואָס איז אים יאָ געלונגען, איז די שילדערונג „טשענסטאָכאָוו ווערט אַ שטאָט", וואָס ער האָט געשריבן פון זכרון, אין דער שטאָט סעאַטעל, אין עלטער פון 70 יאָר.

מען קען זיך פאָרשטעלן ווי טיף איינגעוואָרצלט אין זיין געדעכעניש עס זיינען געווען די בילדער פון זיין קינדהייט און יוגנט, אַז זיי האָבן זיך נישט אויסגעוועפּט פון זיין זכרון, און זיינען נישט פאַרלאָרן געגאַנגען אין דעם גרויסן פּלאָנטער פון זיין לעבן דורך די אַלע יאָרן, ביז זיין טיפן עלטער.

מער מזל, ווי צו פּראָזע, האָט ער געהאַט צו לידער. זיין פערז קלינגט גוט, כאָטש רוי און נישט באַאַרבעט. ער האָט געשריבן פון זיין לעבן, פון זיינע איבערלעבונגען אין די יאָרן פון זיין וואַנדערן. אָט שרייבט ער אַ ליד פון אַ בראָנפן־ברייזל, אַ ליד וועגן האָנאָלולו, האַוואַי, וואו ער איז געווען אַמאָל אַ קוכער ביים סאַמע גאָווערנאָר דאָרט: אָט שרייבט ער אַ ליד וועגן אָרעגאָן סטייט, — און אַ ליד וועגן טויט... און וואָלט חיים לייב געקראָגן וועלכע עס איז בילדונג צו אַנטוויקלען זיין טאַלאַנט, וואָלט זיכער פון אים עפּעס אַרויסגעקומען.

און דאָך — האָט חיים לייב אונדז איבערגעלאָזט, — חוץ עטלעכע גוטע לידער — איין ווערק, וואָס וועט בלייבן נאָך אים און נאָך אונדז. און דאָס איז די שילדערונג „טשענסטאָכאָוו ווערט אַ שטאָט". מען האָט געדאַרפט האָבן טאַלאַנט לעבעדיק צו שילדערן, מאָלן און דערציילן, און שאַפן אַ לעבעדיקע פּאַנאָראַמע פון אַ יידישער שטאָט אין סטאַטיק און דינאַמיק. יאָ, דער מחבר פון דער דאָזיקער שילדערונג איז געווען אונדזער לאַנדסמאַן חיים לייבעלע, דער יאַט פון געצעוויזנע, דאָס קינד פון דער קאָזשע גאַס, די זשאַבע פון נייעם מאַרק, דער יורש פון אביגדור ברוקאַזש.

---

אָט אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן. אַזוי איז געוואָקסן דער יידישער טייל פון שטאָט. די נידריקסטע און אָרעמסטע איז געווען די זשיקע גאַס ביים סאַמע ברעג פונעם וואַרטע טייך. ווען דער טייך איז געשוואָלן געוואָרן, האָט ער אויסגעזען ווי דער ים וואָלט זיך אַריינגעצויגן אין די נידריקע הייזלעך מיט די ליימענע פּאָדלאָגעס. די טעפּער־גאַס איז שוין אַביסל פריילעכער; מיט די יידישע געוועלבער, מיט די אָנגעפּאָרענע פאַרשוינען, קאַטאַרינאַזשעס, קאָרטן־לייגער, עין הרע אָפּשפּרעכער, קונצן־מאַכער, מוזיקאַנטן און סתם אָרעמע לייט. די יאַטקע־גאַס איז געווען באַפעלקערט מיט ווילדע יונגען. מען האָט זי גערופן: די גזלנישע גאַס. די קאָזשע־גאַס איז נאָך געווען באַזעצט מיט גוישע פּאַסטעכער. פּעטע קי פלעגן אַריינקומען אין געסל. ווייבער זיינען געשטאַנען גרייט מיט קריגלעך און געוואַרט די גויעס זאָלן אויסמעלקן די קי. דאָס סענאַטאָרסקע געסל איז געווען פול מיט יונגע באַלעבעסלעך, חסידישע קינדער, מיט לאַנגע קאַפּאָטקעלעך, סוחרים, מעקלער, און שטעקל־דרייער. שבת האָט מען דאָ געזען אַ סך שטריימלעך. אויף דער קאָזשע, טעפּער גאַס, אויפן אַלטן און נייעם מאַרק וואַקסן אויס נייע הייזער, גרויסע קאַמעניצעס מיט הויפן; אַ גאַנץ שטעטל, מיט שוסטער, שניידער, געוועלבער, מיט אַ קנייפּע, און מאַנגל, און מיט חסידים־שטיבל אין פּראָנט. אויפן אַלטן מאַרק זיינען צוגעקומען נייע טאַנדעטער, שוסטער, אויסט־הענדלער, הערינג־און קאַשע־געוועלבער. דער נייער מאַרק איז גאָר אַ יחוס; אין אַ דינסטאָגדיקן טאָג איז ער פול מיט געשטעלטן און סחורות: ערדענע טעפּ, שיסלען, קויבערס, (קוישן), קופּערטן, בעטן, שאַנקען, קאַלך, שטריק, לאָקשן־ברעטער, מולטערס, ריבאייזנס, פאַרבבן־געשעפטן, שניט־סחורות, לאָמפּן און וויין־געשעפטן. יידן בויען אויף די אָגראָדאָווע, די וואַרשעווער, די קראָקעווער, די סטראַזשאַצקע, די וואַלעס, די ערשטע אַלייע, די טעאַטראַלנע; און גרויסע הייזער מיט בענק און גרויסע קראָמען אין דער צווייטער אַלייע.

און אָט זיינען די פאַבריקען, וואָס יידן האָבן געבויט, צומיינסטן פאַר קריסטלעכע אַרבעטער. חוץ וויינבערגס פאַבריק אויף די וואַלעס, וואו ס'זיינען געווען באַשעפטיקט אַ סך יידישע אַרבעטער און יידישע מיידלעך. גראָסמאַנס מיל (פּאַפּיר־פּאַבריק) מיטן שיינעם גאָרטן דערנעבן; מאַרקוספעלדס מאַליאַרניע; קאַפּעלושאַרניע; קלייאַרנע, און ווערדעס נאָדל פאַבריק, אויך מיט אידישע אַרבעטער. און אַ סך קלענערע צעלאָלאָיד, שפּילצייג, מעטאַל און שפּיגל־פאַבריקלעך, וואו ס'אַרבעטן אַ סך יידישע מינדעריעריקע קינדער.

אָט איז אַ גאַסן־סצענע אויפן ראָג יאַטקע־גאַס, קעגנאיבער דער „טומאה": בלינדע בעטלער ביי דער וואַנט פון קאַשטשאָל סקריפּען אויס אויף די פידלען יאַסנאָגורער מעלאָדיעס; נחום יאַנקל פרידמאַן, מיטן הויכן פויגל איבערן קאָפּ, אַרומגעבונדן מיט אַ רויטן טורבאַן, — פאַרקויפט לימאָנאַדע און שפּילט „האָצמאַך"; וועלוועלע דזשאַקאָן, מיטן גראָבן שטעקן, דער שטאָט־נאַר דעקלאַמירט „איך בין דער ראַטן־קעניג פון גאַנץ דייטשלאַנד"; האַרשעלע בייטאָס זינגט אַ לידל, מאַכט אַ טענצל, און כאַפּט דעם צוגעוואָרפענעם גראָשן און אַנטלויפט; און שעיה שליטן שפּילט אויף דער קאַטערינקע „זאַ שטאָ מניע מאַט ראָדילאַ".

די גרויסע געשעענישן אין שטאָט זיינען; ווען די דראַגונער גייען אַוועק און די אולאַנער קומען אָן; ווען מען דעקט אויף דעם פּאָמניק פאַרן צאַר אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, וואָס שטייט מיט דער צווייטער זייט צו דער מאַטקע באָסקע; און ווען די פייערלעשער באַנייען די פייערלעשער מאַשינען מיט אַ פאַלשן אַלאַרם.

אָט איז אַ נאָכבילד אין די אַלייען; ווען „מיטן זשומען פון די כראַבאַנזשעס האָט זיך געהערט שפּילן די „פּאָוויערקע", דעמאָלט שפּאַצירן אַרום אין די ערשטע און צווייטע אַלייען אָפיצירן אין העל־בלויע שינעלן מיט שפּיצרוטן אין די הענט און מיט געפּודערטע דאַמען אונטערן אָרעם. די בוידן זיינען באַלויכטן מיט בליצלאָמפּן, די ווייסע בליעכץ פון די קאַשטאַנען־בוימער איז אויסגעשפּרייט אויף דער ערד ווי אַ ווייסער טעפּיך; דער סאַכאַרמאָראָזשניק מיטן ווייסן היטעלע שרייט „סאַכאַר מאָראָזשענאַ", און פון דער ווייטנס לייכט די „טומאה" מיט טויזנטער אויל־קנייטלעך לכבוד דעם גרינעם דאָנערשטיק.

די שבתדיקע פאַרוויילונגען זיינען געווען; ביי יאַוואָרסקין,

אָדער פעטשקען, זיינען זיך צוזאַמענגעקומען דינסטמיידלעך, יידישע זעלנער, יונגע „קאַוואַלירן״ און מען האָט געזונגען; יידישע און מאַלאָרוסישע לידער. אין שטוב איז געווען וואַרעם, די זאַמד אויפן פענצטער האָט זיך געטאָפּיעט פון צעגאַנגענעם פראָסט אויך די שויבן. אין זאַמד — פּאַפּירענע לייקעלעך אָנגעפּילט מיט וואַטע און באַשאָטן מיט קאָלירט פּאַפּיר. מען האָט אויסגעטאָן די זיידענע שאַלקעלעך מיט די פעטערבורגער קאַלאָשן און די מיידלעך האָבן דערציילט מעשיות פון זייערע גבירים, פון שידוכים, און פון זייערע שטעטלעך און דערפער פון וואַנען זיי קומען. דאָס זיינען געווען אָרעמע קינדער פון דער פרעמד. אָבער אַזעלכע מיידלעך, ווען זיי האָבן געהאַט וואו אַריינצוגיין, האָבן די וואוילע יונגען נישט געהאַט קיין שליטה״.

צום סוף האָט מען געטאַנצט אַ פּאָלקע, אַ טשערדאַש און אַ ברוגז־טאַנץ —

אפשר פאַרלאַנגסטו פון מיר אַ קוש,
אָן אַנדערן יאָ, דיר נישט...

גאַנץ אַנדערש האָט דער „עונג שבת״ אויסגעזען אויף דער לאַנקע, אָפּרוענדיק זיך פון די שווערע משאות, וואָס זיי שלעפּן אַ גאַנצע וואָך. אָפּגעזונדערט פון זיי — פּאַשן זיך אויך עטלעכע „אַריסטאָקראַטישע״ פערד פון יידישע דראָזשקאַזשעס, וואָס אַ גאַנצע וואָך פירן זיי איידעלע פּאַסאַזשירן.

אוודאי זיינען אויך געווען אַנדערע באַלעבאַטיש־גבירישע און חסידישע יידן, וואָס האָבן געפּראַוועט זייער עונג שבת, אָבער חיים לייבעלע האָט זיך גאָר געפילט היימיש צווישן אייגענע, און איז אין די הויכע פענצטער נישט געקראָכן. אים האָבן אַפילו געפעלט די באַפליגלטע ווערטער, מיט וועלכע מען פליט אַרום אין די „ברייטע״ הימלען פון קאָסמאָס. זיין לשון איז דאָס פּראָסטע לשון פון די „פּראָסטע יידן״, אָבער זיי זיינען דאָס געווען די שוואַרצע, פּרוכטבאַרע ערד, דער געזונטער פונדאַמענט פון לעבן.

ראש השנה זעט אַזוי אויס די שטאָט:

די יאַטקע גאַס מיטן אַלטן מאַרק זיינען אָפּגערייניקט. די פּויערים פון די דערפער אַרום ווייסן, אַז ס'איז אַ הייליקער טאָג ביי יידן און קומען נישט אין שטאָט מיט זייערע דאָרפישע פּראָדוקטן; די קאַטערינקעס אין שעיה שליטנס הויף רוען, די לאָדנס אין מאַריצעס „הייזל״ לעבן זשיקע גאַס זיינען פאַרמאַכט. די מיידלעך וועלן נישט ווינקען פון די באַלקאָנען צו די דורכגייער, מענער אין אָפּגעבליאַקעוועטע, אויסגעריבענע קאַלאָטן איילן זיך אין שוהל און אין די שטיבלעך; די ווייבער טראָגן ראש השנהדיקע שלייפן אין די שייטלען, די עלטערע — שטערן־טיכלעך, די פרויען פון נייעם מאַרק און אַלייע טראָגן לאַנגע גאָלדענע קייטן אַרום האַלדז, פּערל, בראַשקעס מיט דיימענטן און ברייטע גאָלדענע בראַסלעטן אויף די הענט...

די שוהל איז באַלויכטן מיט הונדערטער ליכט, פון די ווענט גיסן זיך שנורן וואַסער, די פיינע באַלעבאַטים מיט די גאָלדענע און זילבערנע עטרות פאַרנעמען דעם אויבן־אָן, נעבעטר צום פּאָליש זיצן די פּראָסטע יידן, אַזעלכע וואָס שלעפּן זעק און קאַסטנס, פאַבריק־אַרבעטער, בעקער, שניידער, שוסטער...

נישט שטענדיק איז אָבער שבת און יום טוב, אַפילו נישט רואיקער אינדערוואָכן. עס זיינען אויך געווען שווערע, ביטערע טעג און יאָרן. די כאָלערע איינמאָל אין די 70ער יאָרן, דאָס צווייטע מאָל אין 1894. דאָס ערשטע מאָל האָט מאיר ביטשנער, אויף אַ ווייסן פערד און מיט אַ שווערד, געוואָלט פאַרטרייבן דעם מלאך המות פון שטאָט, דאָס צווייטע מאָל איז שוין געווען אַ שפּיטאָל מיט יידישע דאָקטוירים, פעלדזשערס, און אַ יידישע קראַנקן־שוועסטער; הונגער און יקרות אין 1889, און אַ סך צדקה פון די רייכערע באַלעבאַטים. און דער שטענדיקער יידישער אומגליק: — דער ערשטער פּאָגראָם אין 1902. אָבער מ'איז אַלץ איבערגעקומען, די שטאָט וואַקסט און יידן פאַרמערן זיך.

אַ סך יידן געפינען זיך שוין אין שטאָט, אַ וועלט מיט יידן. חיים לייב פאַרפעלט נישט קיינעם פון זיי צו דערמאָנען מיט אַ גוט וואָרט, (חוץ איינעם, וואָס מען האָט גערופן „אַ משומד צו להכעיס״). אָנהויבנדיק פון די שטאָט טאַטעס ווי מאַרקוספעלד, גייסלער, גינסבערג, מאיר לייב העלמאַן, אברהמעלע סובערדע, נייפעלד, אימיך ביז דער אָרעמער מיידל גיטל זיגאַס, וואָס איז געוואָרן אַ קראַנקן־שוועסטער. אַפילו די וואוילע יונגען האָבן — ווי חיים לייב דערציילט, פּאַרטיידיקט יידן, ווען גויים זיינען זיי באַפאַלן. די יידן ביי חיים לייבן זיינען קיין עין הרע אַזוי פיל, און אַלע מיט טייערע „אייגנאַרטיקע״ נעמען, אַז ס'איז שווער זיי אַלע אויסצורעכענען. זיי געפינען זיך אָבער אַלע אין צעטל נעמען, אַרויסגענומען פון בוך „טשענסטאָכאָווער יידן״, וואָס אַ געראַטעוועט אייניקל פון חיים לייבס שטאָט, מאָטוש בערקאָוויטש, האָט זיך גענומען די מי צוזאַמענצושטעלן.

און דאָך ציט זיך ווי אַ רויטער פאָדים דורך חיים לייבעלעס שמאָט דער פּראָטעסט קעגן סאָציאַלער אומגלייכקייט, און קעגן תהום, וואָס צעטיילט אָרעם און רייך. ראש השנה אין שוהל פאַרנעמען די באַלעבאַטים מיט די זילבערנע און גאָלדענע עטרות דעם אויבנאָן, און די פּראָסטע יידן זיצן נאָענט צו פּאָליש; צווישן די פרויען פון נייעם מאַרק און אַלייען מיט די גאָלדענע קייטן אויפן האַלדז און די ווייבער פון די נידעריקע גאַסן מיט די שלייפלעך אין די שייטלען איז אַ ווייטער המלך; אין מאַרק איינקויפן אויף יום־טוב קומען די רייכע באַלעבאַטעס מיט זייערע דינסטן און די אָרעמע יידענעס מיט קאָשיקעס. די רייכע קויפן שמאַלץ־הערינג מיט רויג, די אָרעמע — הערינגלעך מיט אַ סך מילך (מליצאקעס) צו האַקן מיט ציבעלע און עסיק אויף שבת נאָכן דאַווענען. בשעת דער כאָלערע זיצט אין פאַבריקל די „מוטער״ אויף אַן אויסגעבעטן שטול, גיסט אין זיך אַן אויפהער טיי מיט ציטרין און די מיידלעך, וואָס אַרבעטן דאָרט עצהט זי צו וואַרטן ביז זיי וועלן קומען אַהיים, וועלן זיי אויפזידן אַ טשייניק מיט וואַסער, און אויב ס'וועט נישט זיין קיין ציטרין, זאָלן זיי נוצן עסיק; דער אויסדרוק, אַז „מען וועט ראש השנה די מיידלעך פון מאַריצעס „הייזל״ נישט שפּיצרוטעווען און די וואוילע יונגען וועלן זיי נישט שלאָגן״ — איז אַ מענטשלעכער געשריי קעגן אוממענטשלעכער ברוטאַליטעט און שענדונג פון לעבן. אין דעם בילד ווי „פּעטער מאַריץ מיט אַ גאָלדענער קייט, וואָס הוידעט זיך אויף זיין פעטן בייכל, האַלט שטייף אונטערן אָרעם דאָס טלית־זעקל מיט אַ גרויסן מחזור, און מאַרשירט צו דער קראָקעווער גאַס אין פאַקטאָרן שטיבל״ — ליגט אַ וועלט מיט חוזק. צום סוף קומט דאָס בילד פון דער נייער פאָסט־געביידע, וואו ס'האָבן געוואוינט די העכערע רוסישע נאַטשאַלסטווע, פון די פענצטער

האָט מען געהערט די פּיאַנאָס שפּילן טשאַיקאָווסקיס, מאָצאַרטס, און שובערטס מוזיק. ווען אַ קינד פון דער אָרעמער יידישער גאַס, אַ חיים לייבעלע, למשל, האָט דאָ אַמאָל פאַרבלאָנדזשעט און האָט אין געדאַנק דאָס פאַרגליכן מיט דער אָרעמקייט, וואו מען האָט געקויפט פאַר אַ דרייער מילך, פאַר אַ קאָפּיקע ציקאָריע, פאַר אַ גראָשן צוויי קלעצלעך צוקער — האָבן ביי אים אין קאָפּ זיך געוועקט מאָדנע געדאַנקען...

ס'האָט לאַנג נישט געדויערט און אַט דער סאָציאַלער פּראָטעסט איז אַפּן אַרויס אויף דער וועלט, און ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די טעג פון דער פרייהייטס־באַוועגונג פון 1905.

---

דאָס לעבן גייט פאָרויס. די שטאָט ווערט גרעסער און שענער. מען פירט איין עלעקטרישע באַלייכטונג. אַ פּוילישע טרופּע שפּילט „מלכה שוואַרצנקאָפּ", יידישע יאַטן גנבענען זיך אַריין אינעווייניג אָדער קוקן אַריין דורך די שפּאַרעס פון פּלויט. דער לאָמער סטאַלוך הויבט אָן איינקנעלן מיט אַ קליינער חברה אַ יידישע טעאַטער־שפּיל „קוני לעמל". עס קומען טרופּעס פון לאָדזש, וואָס שפּילן „אחשורוש", „שולמית", „בר כוכבא", „קבצנזאָן און הונגערמאַן". עס דערוועקט זיך דער אינטערעס פאַר יידישער ליטעראַטור, מען לייענט יידישע איבערזעצונגען פון אַמעריקאַנער ראָמאַנען, מען לייענט שמרן; עס באַווייזן זיך ביכער פון מרדכי ספּעקטאָר און מענדעלע מוכר ספרים. פּאָפּולער איז די קליאַטשע", עס באַווייזן זיך איבערזעצונגען פון עמיל זאָלאַ. טשענסטאָכאָוו ווערט אַ קולטור־צענטער, וואָס באַווירקט די אַרומיקע זאַגלעמביער געגנט.

עס באַוויזט זיך אַ ייד מיט אַ קעסטל מיט גומענע רערן, פון וועלכע מען קען פאַר דריי קאָפּיקעס הערן זינגען. דערנאָך דער וויסער ליילעך, מיט די פאַרשיידענע קונצן, וואָס יידן האָבן אָנגענומען פאַר שוואַרצקונסט, אָבער די יאַטן פון דער יידישער גאַס האָבן שוין געוואוסט פון די אַמעריקאַנער אויסגאַבעס, אַז דאָס זיינען גראַמאָפאָנען און „זשיווע אָבראַזי" (לעבעדיגע בילדער).

אין יאָר 1900, קומען אָן אַרבעטער פון פּעטריקאָוו און פון לאָדזש און ברענגען מיט נייע געזאַנגען און נייע פּיעסן. מען זינגט שוין אַרבעטער און שאַפּ־לידער, אַריבערגעבראַכט פון לאָנדאָן און אַמעריקע. דער לאָמער סטאַלוך רעפּעטירט שוין מיט זיין חברה „אוריאל אַקאָסטאַ". חיים לייבעלע, דעמאָלט שוין אַ מאָלער, מאָלט די דעקאָראַציעס.

אין די פאַבריקלעך, וואו דערוואַקסענע און קינדער האָבן געאַרבעט צוועלף שעה אַ טאָג, האָט זיך אָנגעהויבן צו רודערן. די וואָרטער „בורזשוי" און „פּראָלעטאַריער", האָבן זיך אַריינגעכאַפּט אין די אַרבעטער־מיילער. צוזאַמען דערמיט האָט זיך אויך אָנגעהויבן צו רודערן מיט ציוניזם, דר. הערצל און ארץ־ישראל. די יונגע חברה האָט צוגעקראָגן נייע פריינד — סטודענטן און אינטעליגענטן פון די באַלעבאַטישע הייזער. עס זיינען פאָרגעקומען געהיימע פאַרזאַמלונגען און עס האָט זיך אָנגעהויבן, ווי זאָגט מען עס, צו רודערן...

דאָ ענדיקט חיים לייבעלע, און מיר, — האָבן אָנגעהויבן. אַזוי איז געגאַנגען דאָס לעבן ביזן גרויסן חורבן. ווי אויף דער בינע זיינען אַרויסגעטרעטן נייע העלדן, זיי זיינען זיך צעפאָרן איבער שבעה ימים און אַנדערע האָבן פאַרנומען זייער אָרט.

דאָס דאָזיקע בילד פון אַנטשטיין, אַנטוויקלונג און אויפבלי פון אַ יידישן ישוב, איז אויך די געשיכטע פון אַ סך שטעט און שטעטלעך אין פּוילן. חיים לייב שוואַרץ איז נישט געווען דער גרויסער קינסטלער, אָבער ער האָט אונדז געגעבן אַ לעבעדיקע שילדערונג פון אַ לעבעדיקער שטאָט מיט יידן. ער איז נישט געווען קיין קולטור־היסטאָריקער, אָבער ער האָט אונדז געגעבן אַ פּלאַסטיש בילד און אַ קאַפּיטל יידישע קולטור־געשיכטע. עס זעט אויס ווי אַ געהיימער כוח, וואָס בלייבט פאַר אונדז אַ סוד, האָט דעם לעבענס־אוצר קאָנסערווירט און עס לעבעדיק געהאַלטן אין אַ מענטשנס זכרון, כדי עס זאָל בלייבן פאַר אונדז ווי אַ לעבעדיק בילד, וואָס קיין מערדער־האַנט קען נישט אָפּווישן.

דאָס איז די ירושה, וואָס חיים לייב האָט פאַר אונדז איבערגעלאָזט. ער איז געווען אַ מענטש פון שאַרפע קאָנטראַסטן און האָט געהאַט ביים לעבן אַ סך קעגנער. איצט ווען ער איז שוין מער נישטאָ צווישן די לעבעדיקע, לאָמיר נישט פאַרגעסן, וואָס ער האָט פאַר אונדז אויפגעהיט, וואָס ער האָט אונדז איבערגעלאָזט: חיים לייב האָט אונדז דערציילט; ווי דאָס יידישע טשענסטאָכאָוו איז אַנטשטאַנען און איז געוואָרן אַ שטאָט, — אַ גרויסער, יידיש־קולטורעלער ישוב.

---

## שושנה טשענסטאָכאָווסקאַ

### צו מאָרגנס

אָ, ליבסטער, זאָג, וואָס טראַכסטו איצט,
פאַרקוקט אין אייגענעם האַרצן?
דיין טראַכטן מאַכט מיר אַזוי ווי,
דיין שווייגן מאַכט מיר שמערצן.
דו שווייגסט? אָ, גאָט איך מוז אַליין
דעם סוד, דעם סוד אַנטדעקן.
די נאַכט פאַרבלייבט, די זון שיינט אויף
די מאָרגן־קלאַנג וועקן.
דו שווייגסט? איך לייען שוין אין דיין בוך
דעם פּסק, דעם פּסק דעם שלעכטן.
אַ פרעמדער מאָרגן קומט צוגיין
און מאַכט אַ סוף פון נעכטן...


שושנה טשענסטאָכאָווסקאַ

### אין שטורעם

אין דרויסן ווייעט אַ וויכער,
אין דרויסן רעגנט, שטורעמט.
נאָר איך, איך גיי מיר זיכער,
און פעסט, מיט דיר געאָרעמט.
דער הימל — שוואַרץ פאַרצויגן,
און וואָרפט מיט רויטע בליצן;
איך קוק אין דיינע אויגן
און גלויב: דו וועסט מיך שיצן.
אַ דונער שלאָגט פאַרביטערט
אין אַלע הימל־עקן,
די גאַנצע וועלט פאַרציטערט —
איך הויב נישט אָן זיך שרעקן.

ד״ר וו. גליקסמאַן

# נאָטיצן און רעצענזיעס

(יזכור־בוך)

טשענסטאָכאָווער יידן, אונטער דער רעדאַקציע פון ד״ר רפאל מאַהלער, ביי דער מיטאַרבעט פון אַ רע־דאַקציע קאָלעגיע פון אלקנה כראבאלאווסקי, רפאל פע־דערמאַן, אבא קויפמאַן און וואָלף גליקסמאַן, אַרויס־געגעבן פון יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף־קאָמיטעט און ליידיס אוקזילערי אין ניו־יאָרק, 1947, 404 ז״ז.

## ביכער וועגן חורבן טשענסטאָכאָוו

1. אָרענשטיין, ב., חורבן טשענסטאָכאָוו, אַרויסגעגעבן פון דער צענטראַל פאַרוואַלטונג פון דער טשענסטאָכאָ־ווער לאַנדסמאַנשאַפט אין דער אַמעריקאַנער זאָנע אין דייטשלאַנד, 1948, 463 ז״ז.

2. ברענער ל., ווידערשטאַנד און אומקום אין טשענ־סטאָכאָווער געטאָ, יידישער היסטאָרישער אינסטיטוט און פוילן, וואַרשע, 1951, 177 זז׳.

3. וואגא, ש., חורבן טשענסטאָכאָוו, אַרויסגעגעבן דורכן צענטראַל־פאַרבאַנד פון פוילישע יידן אין ארגענ־טינע, בוענאָס איירעס, 1949, 225 זז׳.

## טשענסטאָכאָווער יידן

אינעם פאָרוואָרט צום בוך ווערט דערקלערט, און מיר ציטירן, אַז „דאָך איז אונדזער בוך „טשענסטאָכאָווער יידן״ ניט פאַרטראַכט געוואָרן ווי אַ שטיינערנע מצבה אויפן בית־עולם פון יידישן טשענסטאָכאָוו, נאָר ווי אַ ספר החיים... אונדזער ספר החיים „טשענסטאָכאָווער יידן״ איז אויך אונדזער ספר היחוס. . זאָל דאָס בוך „טשענסטאָכאָווער יידן״ העלפן נאָך מער צו פאַרבינדן אונדזערע לאַנדסלייט איבער דער וועלט...״

אין די דאָזיקע ווערטער שפּיגלט זיך אָפּ ניט נאָר דער יחוס פון אַ יידישער קהילה אין פולן, נאָר אויך אַ שטיק יידיש לעבן פון יידן אין פוילן. ריכטיק זאָגט ד״ר ר. מאהלער אין זיין הקדמה צום בוך אַז „יעדע היסטאָרישע מאָנאָגראַפיע וועגן אַ וויכטיקער יידישער קהילה אין פוילן און אַן אויפּטו פון גאָר גרויסער באַדייטונג ניט נאָר פאַר דער יידישער געשיכטע־וויסנשאַפט, נאָר אויך פאַר דעם היסטאָרישן און ממילא נאַ־ציאָנאַלן און קולטור־באַוואוסטזיין פון יידישן פאָלק איבער דער וועלט״. יאָ, עס איז גאָרניט קיין ספק, אַז טשענסטאָכאָווער אין דער וועלט האָבן באַרייכערט דעם נאַציאָנאַלן קולטור אוצר פון יידישן פאָלק. די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין ניו־יאָרק איז געווען די ערשטע, אָדער איינע פון די ערשטע, צו פאַראייביקן די חרוב ומחרובדיקע היים־שטאָט אין וואָרט. זי האָט ניט געוואָלט צולאָזן דעם געדאַנק אַז דאָס פולסירנדיקע אַמאָליקע יידישע לעבן אין טשענסטאָכאָוו זאָל פאַרשטומט ווערן דורך די דייטשע האָרדעס. און אין דער צייט ווען דאָס יידישע טשענסטאָכאָוו איז אָנגעגאַנגען מיט בלוט און פייער, ווען דער פונדאַמענט פון אַן אַלטן איינגעזעסענעם ישוב, ווי אַ דאמב, האָט זיך געברעקלט און געפאַלן אונטער דער האַק פון די דייטשע תלינים, האָבן טשענסטאָכאָווער אין ניו־יאָרק און אין אַנדערע שטעט פון אַמעריקע און קאַנאַדע, אין ישראל, אין פראַנקרייך, אין אַרגענטינע, אין אויסטראַליע און אין אַנדערע וועלט־טיילן אָנגעהויבן צוריק אויפבויען, צוריק אויפלעבן אין שריפט און אין וואָרט זייער היים־שטאָט. עס איז געמאַכט געוואָרן אַ פּרואוו אַרומצונעמען אַלזייטיק דאָס לעבן פון דער טשענסטאָכאָווער עדה פון איר אַנטשטיין ביז צום מלחמה אויסברוך, און אויך דאָס וואָס איז געווען באַוואוסט וועגן חורבן גופא. און ווי מיר וועלן ווייטער זען פון די פּרעסע אָפּרופן, איז דאָס צום גרעסטן טייל געלונגען, הגם פאַרשיידענע באַוועגונגען ווי די ציוניס־טישע, אָדער די „אגודה״, און בכלל די רעליגיעזע עלעמענטן, האָבן ניט געפונען קיין אָרט אינעם בוך. (די סיבה פאַר דעם איז געווען וואָס עס זיינען ניט געווען קיין מאַטעריאַלן וועגן די באַוועגונגען; יעדער מעגלעכער דאָקומענט וועגן זיי איז פאַרניכטעט געוואָרן בשעת דעם חורבן). אויך האָט די טע־טיקייט פון דער טשענסטאָכאָווער קהילה ניט געפונען אַ תיקון אינעם בוך און דאָס אויך, טיילווייזיק, צוליב די זעלביקע סיבות וואָס זיינען אָנגעגעבן געוואָרן ביים אויספעל פון די באַוועגונגען. (אויף דער געשיכטע פון דער יידישער קהילה אין טשענסטאָכאָוו, געבויט אויף געפונענע מקורות, פאַר די יאָרן 1930־1935, אַרבעט איצטער דער שרייבער פון די שורות).

און דאָך, טראָץ די קליינע בלויזן, נעמט דער אינהאַלט פון בוך אַרום די פאָלגנדיקע אָפּטיילונגען: די אַנטוויקלונג פון ישוב; דאָסווירטשאַפטלעכע לעבן פון טשענסטאָכאָוו; קולטור און דערציאונג אין טשענסטאָכאָוו; געזעלשאַפטלעכע אינסטי־טוציעס; די יידישע אַרבעטער באַוועגונג אין טשענסטאָכאָוו; פּאָגראָמען; חורבן טשענסטאָכאָוו; טשענסטאָכאָווער אין אַמע־ריקע; שכנותדיקע לאַנדסמאַנשאַפטן; טשענסטאָכאָווער אין ארץ־ישראל; טשענסטאָכאָווער אין קאַנאַדע; טשענסטאָכאָווער אין ארגענטינע; טשענסטאָכאָווער אין פאַריז.

אַחוץ דעם זיינען אין בוך פאַראַן זכרונות און בילדער פון טשענסטאָכאָוו, ביאָגראַפיעס פון דער רעדאַקציע און מיט־אַרבעטער, ווי אויך ביאָגראַפיעס פון טשענסטאָכאָווער לאַנדס־לייט. אַ באַזונדער קאַפּיטל פאַרנעמט דער אָפּטייל „טשענסטאָ־כאָווער אין קאַמף קעגן פאַשיזם״ און די וואָס זיינען אַוועק אין דער אייביקער רו.

און איצטער לאָמיר הערן די פּרעסע אָפּרופן:

גלאַנץ־לעיעלעס א., דריקט אויס אין „טאָג״, אין זיין קאָלום „וועלט און וואָרט״, זיין באַגייסטערונג פאַר דער כמעט צו רייכער אויסגאַבע און אין דער זעלביקער צייט זיין צער פאַר דעם לעבן וואָס איז מער „נישטאָ״.

וואַרשאַווסקי יצחק (י. באַשעוויס) שרייבט אין „פאָרווערטס", פון 6טן יוני, 1948, אַז שווין פון שער בלאַט קאָן מען לייכט מערקן, אַז מען האָט די אַרבעט געטומען ערנסט. דאָס בוך איז ממש אַ פּראַכט. אַלץ איז שיין. דאָס ווערק איז געמאַכט געוואָרן מיט אַ פּלאַן, מיט אַ סדר. די שפּראַך איז אין אַלגעמיין אַ גוטע און אַ קלאָרע. ווען אַלע יידישע לאַנדסמאַנשאַפטן וואָלטן אַרויסגעגעבן אַזעלכע ביכער וועגן זייערע שטעט, וואָלט זיך געשאַפן אַ גרויס בילד פון דער אַלטער היים וואָס האָט ניט צו זיך קיין גלייכן. דער אַפּטייל „ווער איז ווער" און „טשענסטאָכאָווער אין אַמעריקע" זיינען ממש אוצרות פון יידישן לעבן"

ייוואָ — יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט אין ניו־יאָרק האָט באַצייכנט דאָס בוך ווי אַ ווערק מחמת דער וויכטיקייט פון אָנגעזאַמלטן מאַטעריאַל.

ליבמאַן י., אין „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט" פון 20טן יוני, 1947, שרייבט, אַז „די אויסגאַבע איז פון אַזאַ פּאַר־נעם, פון אַזאַ מין אחריות, פון אַזאַ מין וואַגונג, אַז עס טרעט אַריבער די גרענעץ פון לאָקאַליטעט און עס נעמט אָן די פאַרעם פון נאַציאָנאַלער וויכטיקייט..."

מאהלער ד"ר רפאל שרייבט אין „לאַנדסלייט" פון יוני, 1947, אַז „דער גייסט פון 200 יאָר יידישע געשיכטע אין דער היים־שטאָט גייט ניט לאיבוד פאַר די טשענסטאָ־כאָווער: די געשיכטע פון דער אייגענער היים־שטאָט מוז ווערן פאַר די טשענסטאָכאָווער איבער דער וועלט אַ קוואַל פון באַגייסטערונג, אַ רעזערוואואַר פון שטאַר־קונג און קאַמף פאַר אַ גליקלעך יידיש פאָלק אין אַ באַפרייטער וועלט..."

מאַטיס דוד, שרייבט אין דער „פרייהייט" פון אויגוסט 1, 1948, „אין דעם בוך „טשענסטאָכאָווער יידן" ווערט דער לייע־נער... געפינען אַ שלל מיט מאַטעריאַלן סיי וועגן טשענסטאָכאָוו און סיי וועגן די טשענסטאָכאָווער יידן אין אַמעריקע און אין אַנדערע לענדער..."

מאַרק יודל, זאָגט אין יאָר־בוך פון יידישן ביכער־ראַט אין אַמעריקע, תש"ח, זעקסטער באַנד, אַז די אַנטאָ־לאָגיע „טשענסטאָכאָווער יידן"... קען דינען ווי אַ מוס־טער פאַר אַנדערע לאַנדסמאַנשאַפטן..."

קאַץ בנימין, זאָגט אין זשורנאַל „לאַנדסלייט" פון יוני 1947, „אַז דער בוך „טשענסטאָכאָווער יידן" פאַר־דינט גרויס לויב, און עס כאַפּט אַרום אַ פריידיק געפיל ביים בלעטערן די גרויסע, כמעט גמרא־זייטן, פון בוך..."

רעדאַקציע „לאַנדסלייט" אין אויבן דערמאָנטן נומער זאָגט „איר מעגט זיין שטאָלץ מיט דעם בוך, „טשענסטאָ־כאָווער יידן"..."

צייטלין אהרן, זאָגט אין „מאָרגן־זשורנאַל" פון יאַנואַר 4, 1949, „דאָס בוך ...ברענגט אַ ים מיט אינ־פאָרמאַציע. אַ ים איז כידוע, ניט טרוקן און אויך די אינפאָרמאַציע אין דעם בוך איז ניט קיין טרוקענע, חלילה... דאָס בוך איז מלא וגדש — אַן אמתע מאָנאָגראַפיע פון אַ יידישער שטאָט. אַ מאָנאָגראַפיע און — אַן עפּי־טאַפיע..."

שאַצקי ד"ר יעקב, זאָגט אין באַנד 37 פון די „ייוואָ בלעטער" אַז „בכל אופן דאַרף געזאָגט ווערן, אַז דאָס איז איינס פון די בעסטע יזכור ביכער וואָס זיינען בכלל אַרויס."

מיט אַזאַ אָפּרוף אין כמות און אין איכות קאָנען מיר טשענסטאָכאָווער זיך גרויסן, און מיט אַ האָפענונג אויף אַן ענלעכן אָפּרוף פון דעם דעת הקהל טרעטן מיר צו צו פאַר־עפנטלעכן דאָס בוך „טשענסטאָכאָוו" מיט נייע מאַטעריאַלן וועגן אונדזער היים־שטאָט.

## די ביכער וועגן חורבן

1. אין דעם בוך „חורבן טשענסטאָכאָוו", האָט ב. אָרנשטיין געמאַכט אַ פּרואוו צו שילדערן די קאַטאַסטראָפע פונעם יידישן ישוב אין טשענסטאָכאָוו אונטער דער דייטש־נאַצישער אָקו־פּאַציע. ער האָט מיט התמדה צונויפגעזאַמלט גביות־עדות פון טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט, וואָס האָבן זיך, אין די ערשטע יאָרן נאָך דער מלחמה, געפונען אין דייטשלאַנד. (זע ד"ר צבי קאַנטאָרס באַמערקונגען, זייט 10, אויך זייטן 401, 402 און 403) און אויפן סמך פון זייערע זכרונות און דערפאַרונגען, ווי אויך אויפן פאַן פון מחברס אייגענע איבערלעבענישן, האָט ער צונויפגעשטעלט דעם מאַטעריאַל פאַר דעם בוך. דער מחבר האָט זיך אויך באַנוצט מיט אַ צאָל אָפיציעלע דאָקומענטן וועגן טשענסטאָכאָווער יידן־ראַט און טשענסטאָכאָווער מאַגיסטראַט. (זע זייט 403).

דאָס בוך איז איינגעטיילט אין פיר הויפּט קאַפּיטלעך פון וועלכע יעדעס איינע האָט אַ ריי אונטערקאַפּיטלעך.

דער ערשטער טייל נעמט אַרום אַ קורצע כראָניק וועגן דער יידישער עדה אין די יאָרן פאַר דער מלחמה און אין משך פון די מלחמה יאָרן — פונעם אָנהייב ביז צום סוף, ביז צו דער באַפרייאונג. ביים באַשרייבן דעם אונטערגאַנג פון טשענ־סטאָכאָווער יידנטום אונטער די נאַצי דייטשן, האָט דער מחבר זיך באַמיט אַרומצונעמען אַלע אַספּעקטן פונעם דעמאָלטיקן לעבן. עס ווערט געגנוג זיין צו זאָגן, אַז פון די קרוב 500 זייטן וואָס דאָס בוך אַנטהאַלט, זיינען כמעט אַ העלפט געווידמעט דעם חורבן. ב. אָרענשטיין האָט כמעט ניט פאַרקוקט קיין איין אַספּעקט פון געטאָ־לעבן, וואָס האָט זיך געהאַט אַנטוויקלט אין משך פון די טראַגישע יאָרן. ער שילדערט דעם אַריינמאַרש פון די דייטשן, דעם בלוטיקן מאָנטיק, דאָס אַנטשטיין פון יידנראַט, די צוואַנג אַרבעט, די יידישע פּאָליציי, דאָס לעבן אין דעם גרויסן און אין דעם קליינעם געטאָ, די ווידערשטאַנד באַווע־גונג, דאָס קולטור לעבן, די טראַגישע סעלעקציעס און אויס־זידלונגען, דאָס לעבן אין „האַסאַג" און נאָך אַנדערע מאָמענטן וואָס דאָס לעבן אין געטאָ האָט אַרויסגעברענגט. אַן אינטערעסאַנט קאַפּיטל איז די באַשרייבונג וועגן געשאַפענעם „אַרבעטער־ראַט", אַן אינסטיטוציע וואָס האָט אַריינגעטראָגן אַ שיינעם מאָמענט אין דעם פינצטערן געטאָ לעבן.

דער מחבר איז מיטגעגאַנגען מיט דער שארית־הפליטה פון „האַסאַג" קיין בוכענוואַלד, קיין דאַראַ און קיין בערגען־בעלזען. אָט די שילדערונגען פון די לעצטע טעג זיינען אַ וויכטיקער צושטייער צום קאַפּיטל „טראַנספּאָרטאַציע פון אַרעס־טאַנטן אין פאַרמאַכטע וואַגאָנען", וואו דער טויט האָט געהאַט אַ רייכן שניט. (איך אַליין האָב מיטגעמאַכט אַזאַ טראַנס־

פּאַרטאַציע פון אָשוויענטשים קיין דאַכאַו אין די טעג פון דער צווייטער העלפט יאַנואַר, 1945. וו. ג.). דער מחבר פאַרענדיקט דאָס קאַפּיטל מיט דער באַפרייאונג אין בערגען־בעלזען.

דאָס צווייטע קאַפּיטל אַנטהאַלט די באַשרייבונג פונעם טשענסטאָכאָווער שארית החורבן וואָס האָט זיך געפונען, נאָך דער מלחמה, אין דייטשלאַנד, זייער אָרגאַניזאַציע און טעטיקייטן. עס איז ממש צו באַוואונדערן די וויטאַליטעט וואָס די גרופּע מענטשן האָבן בשעתו אַרויסגעוויזן. אָרנשטיין האָט אויך ניט פאַרפעלט צו געבן אַ בילד וועגן די ערשטע פאַרזייטע קערנדלעך פאַר אַן אָרגאַניזירטן יידישן ישוב אין טשענסטאָכאָוו נאָך דער מלחמה.

דער דריטער טייל איז געווידמעט געשטאַלטן און טיפּן פון אַמאָליקן טשענסטאָכאָוו. דאָ גייען דורך מענטשן און טיפּן פון אַלע סאָציאַלע און עקאָנאָמישע שיכטן.

דער פערטער קאַפּיטל איז געווידמעט דעם אָפּטייל „לזכרון נצח", דאָס זיינען מצבות אוועקגעשטעלט אויף דעם אַש און שטויב פון אַ צאָל טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט.

דאָס איז, בקיצור, דער אינהאַלט פונעם בוך, און ווי מיר האָבן אויבן דערמאָנט פאַרדינט דער מחבר אַנערקענונג פאַר זיין פרואוו צוזאַמענצושטעלן אַן אַרבעט, וועגן דעם אונטערגאַנג פון אַ יידישער קהילה אין פּוילן. ליתר־הכל, ווען מען נעמט אין אַנבאַטראַכט דעם דאָמינירנדיקן, סוביעקטיוון עלעמענט פון אָרנשטיינס מקורות, איז די מי און אַרבעט געוווען אַ טאָפּלטע.

געוויסע אומפּינקטלעכקייטן האָבן פון מחבר געקענט אויסגעמיטן ווערן, בפרט וועגן די פאַר־מלחמה'דיקע יאָרן. אַ סך פאַקטן האָבן פאַרלאָרן זייער היסטאָרישן ווערט, ווייל די דאָזיקע פאַקטן זיינען, אין דער צווישן־צייט, באַשריבן געוואָרן אין ליכט פון דאָקומענטן, וואָס זיינען פאַר אָרנשטיינען נישט געווען צוגענגלעך.

דער דוחק אין אָרט דערלויבט מיר נישט אויסצורעכענען בפרטיות אַ גאַנצע ריי אַזוינע פאַקטן, מיר ווילן זיך נאָר באַגרענעצן צו עטלעכע:

אָרנשטיינס באַשרייבונג ווי אַזוי עס איז אַנטשטאַנען דער יידנראַט ווערט אָפּגעשוואַכט דורך באַשרייבונגען וועגן זעלביקן ענין אין ל. ברענערס בוך. עס איז אויך נישט ריכטיק, אַז דער יידנראַט אין טשענסטאָכאָוו איז נאָמינירט געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ (זייט 62).

אַוודאי איז יעדער יידנראַט, און אויך דער טשענסטאָכאָווער, געווען אין די הענט פון די געשטאַפּאָ־תלינים. אָבער אַדמיניסטראַטיוו איז ער געווען אונטער דעם שטאָט־הויפּטמאַן. דאָס קאַפּיטל יידנראַט פאַרלאַנגט אַ יסודותדיקע אויספאָרשונג. אויף זייט 67 רופט אָרנשטיין אָן דעם מגן־דוד ווי אַ שאַנד־צייכן, פאַרוואָס? עס וואָלט אויך געווען זייער וויכטיק צו וויסן וועגן די אַרעסטן אין סעפּטעמבער, 1940 (זייטן 67־68). מיר געפינען נישט דעם דאָזיקן פאַקט ביי קיין אַנדערע מחברים. סיידן, אַז דאָס זאָל האָבן אַ שייכות מיט ש. וואַגאָס באַשרייבונג וועגן דעם אַרעסט פון יידישע אַדוואָקאַטן אין זומער, 1940. (וואַגאָ, זייט 99, 100). נישט קלאָר איז אויך אָרנשטיינס באַשרייבונג וועגן דער צייט פון שאַפן די גרויסע געטאָ. דער פאַקט ווערט דערמאָנט אויף זייטן 68 און 84. אין אמתן — און דאָס איז באַשטעטיקט געוואָרן דורך אַ פּאַטאָסטאַט אין ברענערס בוך, זייט 21־20 — אַז די געטאָ איז געשאַפן געוואָרן אַפּריל, 1941, און נישט 1940. וויכטיק איז אויך צו קאָרעגירן, אַז דער פאַרבאָט פאַר יידן צו באַנוצן זיך מיט דער באַן איז נישט געוואָרן איינגעפירט מיטן אַנטשטיין פון געטאָ — ווי אָרנשטיין באַשרייבט (זייט 77) — נאָר אָנהויב 1940, ווי עס ווערט באַשטעטיקט דורך דער פאַראָרדענונג פון אַמאָליקן גענעראַל גובערנאַטאָר ה. פראַנק, ימ"ש, פאַר דער גאַנצער גענעראַל גובערניע (וואַגאָ, זייט 38).

אין סך הכל איז אָרנשטיינס בוך נאָך אַ ציגל צום מאָנומענט פאַר אַן „עיר ואם בישראל", ווי עס איז געווען דאָס יידישע טשענסטאָכאָוו.

2. אַ וויכטיקער ביישטייער צו דער ליטעראַטור, וואָס איז דערשינען ביז איצט וועגן דעם חורבן פון דער טשענסטאָכאָווער קהילה, אין די מלחמה יאָרן 1939־1945, איז ל. ברענערס בוך „ווידערשטאַנד און אומקום אין טשענסטאָכאָווער געטאָ". עס איז דאָקומענטירט מיט מקורות וואָס זיינען ניט געווען צוגענגלעך פאַר אַנדערע מחברים פון ביכער וועגן דעם אומקום פון טשענסטאָכאָווער יידנטום און וועלכע דער מחבר האָט אויסגענוצט ווי געהעריק. דער רייכער ביבליאָגראַפישער מאַטעריאַל באַשטייט פון די סטאַטיסטישע ביכער פון יידנראַט וואָס זיינען אַן אוצר פון אינפאָרמאַציע; פון אָפיציעלע דאָקומענטן פון דער פּאָליציי, פון דער געסטאַפּאָ און פון דעם שטאָט־הויפּטמאַן; פון דער אינעווייניקסטער קאָרעספּאָנדענציע צווישן די דערמאַנטע דייטשע אַמטן, ווי אויך פונעם בריוו־אויסטויש צווישן דעם יידנראַט און דער דייטשער אַדמיניסטראַטיווער שטאָט־פאַרוואַלטונג, מיט דער געסטאַפּאָ, פּאָליציי און אַנדערע דייטשע אַמטן. פונדעסטוועגן פּרעטענדירט ניט דער מחבר צו זיין אויסשעפּנדיק, כדי צו געבן אַ גאַנץ בילד וועגן די טראַגישע יאָרן. אַזאַ זאַך איז בכלל ניט פאַראַן און קאָן ניט זיין. דערפאַר איז אויך ריכטיק די דערקלערונג פונעם פאַרלאַג אַז „דאָס פאָרגעלייגטע בוך (פּרעטענדירט ניט) צו זיין אַ פולשטענדיקע שטרענג־וויסנשאַפטלעכע שטודיע, דערפאַר (אָבער) שטעלט ברענערס בוך מיט זיך פאַר אַ וויכטיקע און ווערטפולע מאַטעריאַלן־זאַמלונג". פון דער אַנדער זייט, טראָץ די געמאַכטע באַוואָרענישן, פאַלט דאָס בוך אַרונטער אונטער דעם כלל פון קריטיק וועגן וועלכע איך שרייב אין די וויטערדיקע שורות.

דאָס בוך אַנטהאַלט אַכצן קאַפּיטלעך וואָס נעמען אַרום די מאַרטירעראָלאָגיע פון די טשענסטאָכאָווער יידן פון סאַמע אָנהייב מלחמה, סעפּטעמבער 1, 1939, ביז צום טאָג ווען טשענסטאָכאָוו איז באַפרייט געוואָרן דורך די רוסישע אַרמייען, דעם 16־17טן יאַנואַר, 1945.

דאָס ערשטע קאַפּיטל אַנטהאַלט די געשעענישן פון טאָג ווען די שטאָט איז פאַרנומען געוואָרן פון די דייטשן. די דאָזיקע געשעענישן נעמען אַרום דעם „בלוטיקן מאָנטיק", דאָס פאַרברענען פון דער נייער, און דער אַלטער שול, די נגישות און רדיפות וואָס יעדער דייטש האָט זיך געלאָזט וואוילגיין אויפן חשבון פון ייד, און בכלל גיבן די געשעענישן אַן אָנזאָג פון דעם, וואָס יידן האָבן געהאַט צו דערוואַרטן פון דער דייטשער מאַכט.

אין דעם צווייטן קאַפּיטל דערציילט דער מחבר וועגן דעם, ווי אַזוי עס איז אַנטשטאַנען דער יידנראַט, וועגן זיינע אויפגאַבעס און קאָמפּעטענציעס. דער דאָזיקער קאַפּיטל איז אַ

וויכטיקער צושטייער צו דער געשיכטע פון די יידנראַטן און זייערע טעטיקייטן, ווי אויך צו זייער ראָל אין לעבן פון די יידן אין די געטאָס, אין די יאָרן אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע. דאָס קאַפּיטל איז באַזירט בעיקר אויף סטאַטיסטישע ביכער פון יידנראַט, באַנד 1, 2 און 3, אויף די באַריכטן פון שטאָט־הויפּטמאַן און אויף גביות־עדות פון טשענסטאָכאָווער תושבים. דער מחבר פאַרגעסט אויך ניט צו דערציילן וועגן אינעווייניקסטע חלוקי דעות וואָס האָבן געהערשט אין יידנראַט, וואָס האָבן גורם געווען אַז עטלעכע מיטגלידער האָבן רעזיגנירט פון זייערע אַמטן. ברענער אַנערקענט אַז „דער יידנראַט האָט זיך געמוזט פאַרנעמען ניט בלויז מיטן אינערלעכן לעבן פון געטאָ, נאָר ער האָט אויסגעפירט אַלע פאָדערונגען און באַשטעלונגען פון די דייטשע אַדמיניסטראַטיווע אָרגאַנען, ווי אויך פון יעדן אַנדערן דייטשן אַמט", (זייט 14). אין דער זעלביקער צייט ווייזט אונדז דער מחבר, אַז דער יידנראַט האָט ווייט איבערגעשריטן זיין קאָמפּעטענציע אין אויספירן די דייטשע פאַראָרדענונגען און פאָדערונגען און בזה האופן געווירקט צום שאָדן פון די יידן אין געטאָ. (זייטן 15, 17, 18 און אַנדערע).

דאָס דריטע קאַפּיטל ברענגט אונדז אַ שלל מיט אינפאָרמאַציע וועגן דעם אַנטשטיין פונעם געטאָ און די מאָטיוון פון דער דאָזיקער פאַראָרדענונג. דאָס אָפּשליסן די יידן אין באַזונדערע וואוינערטער, און דאָס איזאָלירן זיי פון דער אַרומיקער ניט־יידישער באַפעלקערונג, איז געווען אויסגערעכנט צוצואיילן דעם זעלבּ־פאַרניכטונג פּראָצעס פון די יידן אין געטאָ דורך קראַנקייטן, דורך הונגער און דורך שאַפן אומדערטרעגלעכע לעבנס־באַדינגונגען פון איין זייט. פון דער צווייטער זייט איז דער דייטשער פּלאַן געווען צו האָבן אַלע יידן צונויפגעזאַמלט אויף איין אָרט, כדי צו קאָנען באַהערשן די מאַסעביים לעצט־גילטיקן עטאַפּ פון פאַרניכטונג. ווייל די טשענסטאָכאָווער געטאָ איז געווען אַן אָפענע, האָט זי געהאַט אַ סך צוגערייזטע פון פאַרשיידענע שטעט אין פּוילן, און אויך פון די יידן וואָס זיינען געוואָרן אויסגעזידלט פון די טיילן פון פּוילן, וועלכע זיינען געוואָרן אַ טייל פון דעם דייטשן רייך. דאָס קאַפּיטל אַנטהאַלט ביז איצט ניט פאַרעפנטלעכע מאַטעריאַלן און איז פאַרזען מיט פאָטאָסטאַטן פון אָפיציעלע פאַראָרדענונגען.

דאָס קאַפּיטל צוואַנג אַרבעט נעמט אַרום דעם ערשטן עטאַפּ פון די ליידן, וואָס יידן האָבן געהאַט אויסצושטיין ווען זיי זיינען געכאַפּט געוואָרן צו אַרבעט. דער ווילקיר פון יעדן דייטש, און זיין זיכערקייט אַז דער ייד איז אָן שום רעכט און שוץ, האָט צוגעגעבן אכזריותדיקייט צו דעם גייעג אויף מענטשן וואָס די דייטשן האָבן זיך איינגעאָרדנט. צו דער צרה פון כאַפּן צו דער אַרבעט איז אויך צוגעקומען די פאָדערונג פון די דייטשן, אַז טשענסטאָכאָווער יידן זאָלן צושטעלן אַרבעט כוחות פאַר די אַרבעטס־לאַגערן אין פּשירואָוו, צעשאַנאָוו און אַרעבטס־ערטער אַרום דער שטאָט. אויך אין דעם פּרט ווייזט דער יידנראַט אַרויס איין מאָס פאַר די אָרעמע מאַסן און אַן אַנדערע מאָס פאַר די רייכערע.

די ירידה פון מענטש, דאָס פאַלן מאָראַליש און עטיש ביז צום תהום פון שאול תחתיה, דאָס פאַרקויפן זיך צום טייוול פאַר דער אילוזאָרישער זיכערקייט פון דער אייגענער פעל, שפּיגלט זיך אָפּ אין קאַפּיטל „די יידישע פּאָליציי". ברענער קומט צום אויספיר, אַז, מיט קליינע אויסנאַמען, „האָט זיך ... די פריערדיקע גלייכגילטיקע און שפּעטער חוזקדיקע באַציאונג פון די יידן צו די פּאָליציאַנטן פאַרוואַנדלט אין אַ באַציאונג פון אָפענער שנאה און פאַראַכטונג". (זייט 37). שפּעטער נאָך דער ליקווידאַציע פונעם גרויסן געטאָ, שרייבט ברענער וועגן דער פּאָליציי, אַז „זיי (זיינען) געוואָרן אמתע קנעכט פון דער שוץ־פּאָליציי אויפן חשבון פון די עטלעכע טויזנט נאָך לעבנגעבליבענע יידן". (זייט 38).

טרויעריק ביז גאָר איז דאָס קאַפּיטל „די עקאָנאָמישע לאַגע פון די יידן אין געטאָ". דאָס קאַפּיטל, הגם ווייט ניט אויסשעפּנדיק, גיט דאָך אַ קיצורדיקן איבערבליק וועגן דעם עקאָנאָמישן חורבן פון די יידן אין טשענסטאָכאָווער געטאָ. עקסטרעמע נויט, געראַנגל וועגן שטיקל ברויט פון שעה צו שעה, הונגער און פּיין פון איין זייט, און אַ לוקסוסדיק און אַ רייך לעבן פון דער אַנדער זייט. און איבער די ביידע עקסטרעמען האָט געהערשט דער טעראָר פון די דייטשע סאַטראַפּן און רויב־ריטער צו באַגרענעצן נאָך מער דאָס ביסעלע מעגלעכקייטן וואָס האָבן עווענטועל געקאָנט געבן אַן אָרעמע חיונה צו אַ יידישן מענטשן.

אַ ליכטיקער שטראַל אין דער פינצטערקייט פונעם לעבן אין געטאָ זיינען געווען די טעטיקייטן פון סאָציאַלער הילף און קולטור. די ערשטע האָט געפּרואווט לינדערן די נויט פון מענטשן, און אין דער דאָזיקער קעגנזייטיקער מענטשן־הילף איז כאָטש צום טייל פאַרשאָטנט געוואָרן די דעמאָראַליזאַציע, וואָס האָט געהערשט אין געטאָ.. די קולטור טעטיקייט האָט געלינדערט די גייסטיקע ווייטיקן און פּייניקונגען. די דאָזיקע צוויי קאַפּיטלעך זיינען רייך אין אינפאָרמאַציע און זיינען אַ וויכטיקער צושטייער צום קאַפּיטל קולטור אין די געטאָס אין פּוילן אונטער נאַצי דייטשלאַנד.

די ווייטערדיקע קאַפּיטלען זיינען וועגן דער אונטערערדישער טעטיקייט אין געטאָ, דעמאָגראַפישע פאַרהעלטנישן און ערב ליקווידאַציע. דאָס צווייטע איז געבויט אויף סטאַטיסטישע ציפערן, דיאַגראַמען וכדומה דאָקומענטן. די אַרבעט איז אַ וויכטיקע און נוצלעכע פאַרן קומענדיקן היסטאָריקער, וואָס וועט שרייבן די דעמאגראפיע פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פּוילן אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע. דאָס קאַפּיטל אונטערערדישע באַוועגונג איז אַ באַווייז, אַז וואָלט צושטאַנד געקומען אַן אָרגאַניזירטע קאַמפּס־באַוועגונג פון יידן אין יעדן געטאָ, אין צייט, וואָלט אפשר דער סוף פון פּוילישן יידנטום ניט געווען אַזוי טראַגיש און אכזריותדיק. אַוודאי וואָלט די דייטשע מאָרד־מאַשין מנצח געווען דעם יידישן ווידערשטאַנד, אָבער די אויסראָט פּאָליטיק און אירע רעזולטאַטן וואָלט ניט אָנגעגאַנגען אַזוי לייכט ווי עס איז אָנגעקומען, און ממילא וואָלט די צאָל אומגעקומענע געווען קלענער.

די טראַגישסטע קאַפּיטלען אין בוך זיינען די פון „ערב" און פון דער „גרויסער ליקווידאַציע". די יידן אין שטאָט האָבן געפילט אַז זייער סוף דערנעענטערט זיך. מיט אַלע מיטלען האָט יעדער געפּרואווט אַנטלויפן פונעם סוף, אָדער לכל הפחות אָפּלייגן אים אויף שפּעטער. דייטשער „ציניזם", און פאַראַכט פון אַלעם וואָס איז ניט געווען דייטש, האָט געקראָגן דעם אויסדרוק אין די אַקציעס פון לעצט־גילטיקן אויסראָט פון די געטאָס. דער דייטש האָט אָפּגענאַרט די יידישע באַפעלקערונג

מיט כלערליי פאַלשע צוזאָגן, כדי אָפּצואוועגדן די אויפמערקזאַמקייט פונעם טויט, וואָס ער האָט געטראָגן מיט זיך. דאָס דערמאָרדן מענטשן איז געוואָרן אַן אינטעגראַלער טייל פון אַן אידעע. ברענער האָט געווידמעט פאַר די דאָזיקע קאַפּיטלעך מער אָרט ווי פאַר די אַנדערע. ער האָט, אויב מען וויל, געמאַכט אַ סך הכל פון די יאָרן פון אָנהייב מלחמה ביז צו דער ליקווידאַציע פונעם גרויסן געטאָ. דער פאַר־לעצטער אַקט פון אַ גרויסער טראַגעדיע שפּיגלט זיך אָפּ אין די צוויי קאַפּיטלעך.

דער לעצטער אַקט פונעם חורבן טשענסטאָכאָוו שפּיגלט זיך אָפּ אין דעם קליינעם געטאָ און אין האַסאַג. דער דאָזיקער אַקט, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן סעפּטעמבער־אָקטאָבער, 1942, און זיך געענדיקט אין יאַנואַר, 1945, איז ווי אַ המשך פון דער גרויסער ליקווידאַציע אַקציע. מיט אַלע מיטלען און וועגן האָט דאָס צעפּאַלנדיקע רייך געוואָלט כאָטש ווייזן דעם דייטשן פאָלק איין נצחון, און דאָס איז — דעם אויסמאָרד פון יידן. אין יעדן געטאָ אין פּוילן, פּונקט ווי אין טשענסטאָכאָוו, האָט דער דייטש געמאָרדעט און געברענט די רעשטלעך פון יידן וואָס זיינען געבליבן נאָך די ליקווידאַציעס, כדי צו דערגרייכן דעם צוגעזאָגטן נצחון.

דער מאָרד־נצחון, איז אָבער ניט געווען קיין פולשטענדיקער, הגם, אַ גרויסער, ווייל אין דעם לעצטן חשבון זיינען טויזנטער יידן געראַטעוועט געוואָרן. אין טשענסטאָכאָווער „האַסאַג"־לאַגער האָבן זיך געראַטעוועט לערך 52 הונדערט נפשות, אַזוי אויך אין אַנדערע לאַגערן. און אַ גרויסן חלק אין אויפהאַלטן דאָס געמיט פון די געפאַנגענע אין האַסאַג, האָט געהאַט די אונטערערדישע באַוועגונג, וואָס ברענער באַשרייבט אין די קאַפּיטלעך „ווידערשטאַנד באַוועגונג אין קליינעם געטאָ" און אין קאַפּיטל „אונטערערדישע אַרבעט אין האַסאַג און אין די קאָניעצפּאָלער וועלדער".

עד כאן דער אינהאַלט פונעם בוך. ברענער האָט געפילט די אחריות וואָס ער האָט גענומען אויף זיך מיט דער דאָזיקער אַרבעט. ער האָט געוואוסט, אַז ער וועט ניט קאָנען אויסמיידן דאָס סוביעקטיווע, און טאַקע דער באַוואוסטזיין האָט אים געדאַרפט שטענדיק דערמאָנען ניט צו לאָזן דאָמינירן דעם סוביעקטיוון עלעמענט אין געוויסע ערטער פון בוך אויף וועלכע עס איז נויטיק אָנצואווייזן:

אויף זייט 15, זאָגט ברענער „חוץ דעם איז אויך צוקאָאָפּטירט געוואָרן (צו דעם יידנראַט, וו. ג.), שמואל וויינריב (סוחר), וואָס איז געווען אַ מענטש פון געסטאַפּאָ..." אויף וואָס פאַראַ מקור איז זיך ברענער סומך אין אַרויסטראָגן זיין אורטייל. אויב אַפילו אַז מען זאָל אָננעמען דעם מחברס מיינונג, האָט מען דאָס געקאָנט פעסטשטעלן ערשט אין די שפּעטערדיקע יאָרן פון דער מלחמה און ניט אין סאַמע אָנהייב. אויב עס זיינען פאַראַן באַווייזן דאַרף ברענער אָנגעבן דעם מקור.

אויף זייט 49, שרייבט ברענער „צווישן יידנראַט און „טאז" איז אין משך פון דער גאַנצער אָקופּאַציע־צייט ביז דער אויסזידלונג ניט געווען קיין שלום בית. דער ערשטער אָפענער סכסוך איז אַנטשטאַנען נאָך אין דעצעמבער, 1939. מיטגלידער פון יידנראַט האָבן אינספּירירט, אַז די געסטאַפּאָ זאָל זיך פאַראינטערעסירן מיט דעם „טאז". כדי צו באַווייזן די סכסוכים האָט ברענער געדאַרפט ברענגען אַ מקור. די ווייטערדיקע טיילן פונעם קאַפּיטל זיינען אַ צו שוואַכער יסוד פאַר ברענערס באַשולדיקונגען.

אויף זייט 80, שרייבט ברענער „און צוויי מיטגלידער פון יידנראַט, קאָפּינסקי און קורלאַנד, וועלכע אַסיסטירן ביי דער סעלעקציע". מיר ווילן איצטער ניט אַריינגיין אין פאַקט וואָס פאַראַ געזעלשאַפטלעכע פּאָזיציעס די צוויי דערמאָנטע יידן האָבן פאַרנומען אין דעם יידישן קיבוץ פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, און וואָס זייער ראָל איז געווען, ווי מיטגלידער פון יידנראַט. פון דער אַנדער זייט ווילן מיר ניט פאַרקוקן די געשאַפענע אָביעקטיווע באַדינגונגען פון וועלכע מיטגלידער פון יידנראַט זיינען מושפּע געוואָרן. דער פאַקט וואָס מען האָט זיי איבערגעגעבן אַ מאַכט, הגם אַ נישטיקע, אָן שום דויערנדיקן יסוד, אַ מאַכט אַן אילוזאָרישע און אַן אָפּהענגיקע פון די דייטשן, האָט דאָך געענדערט דעם אופן פון טראַכטן און צוגאַנג פון די יידנראַט־מיטגלידער פון מענטש צו מענטש. דאָ בעט זיך, אָבער אַ דערגאַנצונג און אַן אויפקלערונג פון די ווערטער: „אַסיסטירן ביי דער סעלעקציע". אַזאַ דערקלערונג וואָלט געווען אַ זייער וויכטיקער צושטייער צו דער געשיכטע פון די יידנראַטן. אַן ענלעכע דערגאַנצונג פאָדערט זיך צום וואָרט „אַנדערע", אויף זייט 17, און צום וואָרט „סעלעקציעס" ביי הערה 26, אויף זייט 18. עס בעט זיך אויך אַן אויסבעסערונג פון די ווערטער: „יידישע מקורבים פון דעגענהאַרטן...", אויף זייט 99, און אַ דערקלערונג צום וואָרט „קאָסמישע אָפּעראַציע, אויף זייט 106.

כדאי צו באַמערקן, אַז געוויסע פאַקטן איבערחזרן זיך אין בוך, למשל אויף זייטן 56 און 58, אויף 105 און 129, אויף 104 און 128, אָן שום שייכותדיקייט צום באַהאַנדלטן פּראָבלעם. לפי דעתי, האָט די „אונטערערדישע טעטיקייט" ניט געדאַרפט זיין איינגעטיילט אין דריי קאַפּיטלעך. דער כראָנאָלאָגישער סדר האָט געקאָנט אָנגעהאַלטן ווערן, און די געשעענישן וואָלטן אַרויסגעקומען בולטער, ווען די גאַנצע באַוועגונג געפינט זיך אין איין קאַפּיטל. דאָס האָט אויך אַ שייכות צום טראַגישן טאָג פון 4טן יאַנואַר, 1943. ברענער האָט צעטיילט די געשעענישן פון דעם טאָג אין צוויי עפּיזאָדן: איין מאָל אויף זייט 118, אין קאַפּיטל „ווידערשטאַנד באַוועגונג אין קליינעם געטאָ", און דאָס צווייטע מאָל אויף זייטן 96, 97 און 98, אין קאַפּיטל „דאָס קליינע געטאָ".

עס איז אויך וויכטיק צו קאָרעגירן אַ דאַטע. אויף זייט 60, שרייבט ברענער, אַז „דעם 30סטן אַפּריל, 1941, ביינאַכט האָט זיך די געסטאַפּאָ און זשאַנדאַרמעריע אַרויסגעלאָזט איבער די גאַסן פון געטאָ מיט אַ גענויערער רשימה פון קאָמוניסטישע טוער און דורכגעפירט גרויסע אַרעסטן. איז ראשית כל: די אַרעסטן זיינען דורכגעפירט געוואָרן אין אַפּריל, 1942, און דעמאָלט זיינען טאַקע אַרעסטירט געוואָרן: פּרץ טענענבוים (מאַיאָרקעס פאָטער), טענענבוים און אַנדערע. דאַקעגן; יצחק זשאַזשינסקי, שמואל ניעמיראָווסקי און זשאַרנאָוויעצקי זיינען אַרעסטירט און פאַרשיקט געוואָרן שוין אין די ערשטע חדשים פון דער מלחמה, אויב מיין זכרון דינט מיר, איז עס געווען אין די ווינטער־חדשים פון יאָר 1940, לכל הדעות ניט אין יאָר 1942.

אין סך הכל איז ברענערס בוך אַ גאָר וויכטיקע אַרבעט

וועגן חורבן טשענסטאָכאָוו. מיר האָפֿן, אַז ביי אַ צווייטער אויפֿלאַגע וועט ברענער נעמען אין אַכט די באַמערקונגען און באַגלייך באַרייכערן זיין אַרבעט מיט נייע מקורות.

3. שלמה וואַגאַס בוך איז בעיקר געבויט אויף פּערזענלעכע דערפֿאַרונגען. אינעם בוך זיינען ניט אָנגעגעבן קיין אַנדערע מקורים, אָדער גביות־עדות, נאָר די געשעענישן וואָס דער מחבר האָט איבערגעלעבט און פֿון וועלכע ער איז געווען אַן עד־ראיה. דער מחבר האָט דורכגעמאַכט די מלחמה־יאָרן אין טשענסטאָכאָוו צוזאַמען מיטן גאַנצן יידישן קיבוץ, און דאָך האָט ער ניט אַרומגענומען אַלע אַספּעקטן פֿונעם לעבן אין געטאָ. געוויסע געשעענישן, ווי למשל, „דער בלוטיקער מאָנטיק", וואָס האָט גורם געווען, אַז דער מחבר אַליין איז געווען אַ זאַקלאַדניק, האָט וואַגאַ געשילדערט אין אַ ברייטערן פֿאַרנעם, אין אַנדערע האָט ער זיך באַגרענעצט צו אַ קורצערע באַשרייבונג. פֿון איין זייט האָט אַזאַ מין צוגאַנג די מעלה וואָס געוויסע פֿאַקטן ווערן באַלויכטן מיט מער פּרטים, פֿון דער אַנדער זייט טוט דער איבערפֿלוס פֿון פּרטים ניט גענוגנדיק באַלייכטן דעם עצם פֿאַקט. ווי אַ משל קאָן דינען דאָס איבן דערמאָנטע קאַפּיטל, אָדער דאָס קאַפּיטל 17, (זייטן 89־95), „ליקווידאַציע פֿון יידישע פֿאַבריקן", וואו וואַגאַ האָט געשריבן באריכות. און להיפוך דאָס קאַפּיטל „די ערשטע גזירות" (זייטן 36־39), וואו עס האָט געדאַרפֿט געגעבן ווערן אַ ברייטערער הינטערגרונט צו די דאָזיקע גזירות, איז קורץ און ניט אויסשעפּנדיק.

דאָס בוך נעמט אַרום איין־און־פֿערציק קאַפּיטלעך פֿון וואָסערע דער רוב איז דערמאָנט אין ענלעכע ביכער פֿון אַנדערע מחברים. פֿאַרשטייט זיך, אַז וואַגאַ דערציילט דאָס מיט אַנדערע ווערטער און גיט צו אַ סך פּרטים. אויך וואַגאַ זאָגט זיך אַרויס נעגאַטיוו וועגן דער ראָל פֿונעם יידנראַט. ער זעט די דאָזיקע אינסטיטוציע, ווי אַן אָרגאַן צו באַפֿרידיקן די דייטשע מושלים צום שאָדן און היזק פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג (זע זייטן 82, 83 ביז 89). אַזוי איז געווען אין פּרט פֿון אויספּרעסן שטייערן פֿון די אָרעמע מאַסן, פֿון אויסקויפֿן זיך פֿון אַרבעט, וואָס נאָר די רייכע האָבן דאָס געקאָנט, און בזה האופֿן איז דער גאַנצער אַרבעטער מאַטעריאַל פֿאַר די דייטשן, מיט אַלע צרות און פֿורעניותן פֿאַר די אַרבעטנדיקע, באַשטאַנען פֿון די אָרעמע סאָציאַלע שיכטן. וואַגאַ האָט אויך ניט פֿאַרפֿעלט צו זען די מאָראַלישע ירידה פֿון די עלעמענטן וואָס האָבן געדינט אין דער פּאָליציי. פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָ רעדט זיך בדרך כלל וועגן דעם עלעמענט, און ניט וועגן גוטע יחידים, אויסנאַמען. וואַגאַ האָט געזען די וואַקכאַנאַליע פֿון פּאָליציסטן, שפּיצן־באַאַמטע פֿונעם יידנראַט און ענלעכע משרתים אין די נאַכט לאָקאַלן פֿון דער שטאָט, בשעת די מענטשן מאַסע האָט געהונגערט. דאָ קומט בעיקר אַרויס די קינדער מאַרטירעראָלאָגיע, וואָס זיינען געווען די פּרנסה־געבער פֿאַר אָרעמע היימען.

דער מחבר דערפֿירט ניט די באַשרייבונג ביז צום סוף פֿון דער באַפֿרייאונג פֿון טשענסטאָכאָוו, און אוודאי ניט ביזן סוף פֿון דער מלחמה. דער מחבר האָט פֿאַרענדיקט זיינע זכרונות מיט דער אַזוי גערופֿענער, פֿון די דייטשן, „רייזע קיין פּאַלעסטינע", (זייטן 219־225).

וואַגאַס בוך, הגם עס איז אַ סוביעקטיווער דאָקומענט, האָט אָבער די מעלה וואָס שפּיגלט אָפּ די אַטמאָספֿערע און עמאָציאָנעלע שפּאַנונג פֿון די מענטשן אין געטאָ. דאָס אַרויסהייבן די קערנדלעך פֿון היסטאָרישן אמת איז אַן אַרבעט פֿאַרן היסטאָריקער און פֿאָרשער. דערפֿאַר אויך איז דאָס בוך אַ וויכטיקער דאָקומענט וועגן חורבן טשענסטאָכאָוו. מיר ווילן גיין אַ שריט ווייטער און זאָגן, אַז אָן וואַגאַס זכרונות וואָלט די געשיכטע פֿון דער יידישער מאַרטירעראָלאָגיע פֿאַרלוירן גאָר וויכטיקע מאָמענטן. די מעשה פֿונעם אַרעסט פֿון די אַדוואָקאַטן (זייטן 99 און 100) איז ביז איצט פֿון קיינעם ניט דערמאָנט געוואָרן, און דער אויסטויש פֿאַר די אַרעסטירטע אַדוואָקאַטן מיט אַנדערע יידן אַוועקגעשיקט צו ווערן קיין אָשוויענטשים איז ביז איצט אַ געהיימניש.

פֿון דער אַנדער זייט ווילן מיר אָנווייזן אויף עטלעכע מאָמענטן וואָס וואַגאַ האָט פֿאַרפֿעלט און וואָס בעטן אַן אויפֿקלערונג. דער מחבר האָט למשל ניט דערמאָנט דאָס אַנטשטיין פֿונעם יידנראַט, אָדער וועגן דער אונטערערדישער באַוועגונג. ווי קומט עס אַז אַזאַ באַאָבאַכטער און קראָניקער פֿון געשעענישן זאָל האָבן פֿאַרקוקט אַזוינע וויכטיקע מאָמענטן? עס בעט זיך אויך אַ דערקלערונג פֿון וואָס פֿאַראַ מקור האָט וואַגאַ גענומען דעם פֿאַקט אַז צוויי, דריי מענטשן זיינען צוריקגעקומען פֿון אָשוויענטשימער לאַגער (זייט 99) אויף וויפֿל עס איז אונדז באַקאַנט פֿון פֿאָרש אַרבעטן אַרום דעם לאַגער, און פֿון אייגענער דערפֿאַרונג — פֿון זיין קרוב צוויי יאָר דאָרטן, איז אַזאַ זאַך ניט געשען מיט אַ יידן. מיר ווילן אויך באַמערקן אַז דער ענין „טאַז" קעגן „יידנראַט" האָט געפֿינען אַ מער אויסשעפּנדיקע באַשרייבונג, און אגב אַ דאָקומענטירטע, אין ברענערס בוך „ווידערשטאַנד און אומקום אין טשענסטאָכאָווער געטאָ" (זייטן 43־51). מיר ווילן אויך פֿרעגן פֿאַרוואָס האָבן יידן זיך געפֿילט נידערגעשלאָגן ביים טראָגן דעם מגן־דוד אָפּצייכן (זייט 37)?

אין סך הכל איז וואַגאַס בוך אַן איינדרוקספֿולער אויפֿשריפֿט אויף דער מצבה פֿון טשענסטאָכאָווער יידנטום און דאָס בוך דאַרף זיך געפֿינען אין יעדן יידישן הויז בכלל און ביי טשענסטאָכאָווער בפרט.

## דער סך הכל פֿון די דריי ביכער וועגן חורבן טשענסטאָכאָוו

ווי דער היסטאָריקער און ווי דער ביבליאָגראַף פֿונעם לעצטן חורבן, ד"ר פ. פֿרידמאַן, גיט אָן אויף אַן אַנדער אָרט פֿון בוך, זיינען ביז איצט דערשינען קרוב הונדערט איינסן וועגן חורבן טשענסטאָכאָוו. אַ בליק אין באַנד 37 פֿון די ייוואָ בלעטער, (זייטן 250 ביז 263), וועגן דעם חורבן אַרכיוו אין ייוואָ, ווייזט אַז אין פֿאַרגלייך מיט אַנדערע צעשטערטע קהילות האָט טשענסטאָכאָוו אַ גאָר היפּשע צאָל גביות עדות הן וועגן געטאָ (זייט 254) און הן וועגן לאַגער (זייט 258). ליתר הכל, אויף וויפֿל עס איז אונדז באַקאַנט, איז נאָך פֿאַראַן אַ ריי באַשרייבונגען וואָס זיינען ביז איצט ניט פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן. פֿון דעם אַלעם איז געדרונגען אַז טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט, הן די וואָס האָבן געגעבן אַרבעט און מי אַרויסצוגעבן זייערע דערפֿאַרונגען אין אַ בוך־פֿאָרעם, און הן די וואָס האָבן אונדז צוגעטראָגן קלענערע נאָטיצן, האָבן דערפֿילט זייער חוב, ביז איצט, פֿון פֿאַראייביקן אונדזער היים־שטאָט אין וואָרט און שריפֿט. ווען מען זאָל נעמען אין אַנבאַטראַכט דאָס בוך „טשענסטאָכאָוו", מיט די נייע מאָ־

טעריאַלן, וואָס וועט בקרוב דערשיינען, ווערט דער פאַרדינסט גרעסער. עס וואָלט אָבער געווען אַ פאַטאַלער טעות מצד די טשענסטאָכאָווער אין אַמעריקע און אין דער וועלט אָפּצושטעלן זיך אויף די ביז איצטיקע דערגרייכונגען. די אַרבעט פון אונדזערע לאַנדסלייט מוז קומען אויך אין אַן אַנדער פאָרעם און אויף אַנדערע וועגן. עס האַנדלט זיך וועגן פאַרשפּרייטן די ליטעראַטור און זי האַלטן אין אונדזערע היימען אויף אַ בכבודיקן אָרט אַזוי, אַז יעדער זאָל זען און דאָס קינד זאָל פרעגן וואָס באַדייטן די ביכער פאַר אייך עלטערן?! דעמאָלט זאָלן טאַטע־מאַמע מקיים זיין די ווערטער „והגדת לבנך“, און זאָלסט דערציילן דיין קינד, וועגן דעם גרויסן חורבן פון זייערע נאָענטסטע און טייערסטע. די דאָזיקע ווערטער דאַרפן איינגעקריצט ווערן אין די מוחות פון אונדזערע קינדער אַזוי, אַז זיי זאָלן ניט פאַרגעסן וועגן זייערע עלטערנס היימשטאָט. וואָרים אויב זיי וועלן פאַרגעסן וועגן דער היימשטאָט, וועלן זיי אויך פאַרגעסן וועגן זייערע עלטערן. מיר האָבן אָנגעהויבן די מצבת נצח פאַר אונדזערע קדושים מיט דעם מאָנומענטאַלן ווערק „טשענסטאָכאָווער יידן“, און טראָץ אונדזערע באַשיידענע דערגרייכונגען זיינען מיר ערשט אין האַלבן וועג. העלפט אונדז צו גיין ווייטער פאַרן אָנדענק פון טשענסטאָכאָוו.



א. כראַבאַלאָווסקי

# ד״ר יוסף קרוק 70 יאָר*)

1

נישט געפלאַנטערהייט קומען זיך צוזאַמען אין דעם בוך „טשענסטאָכאָוו״, דריי טשענסטאָכאָווער יובילאַרן. איין בעל יובל איז ד״ר יוסף קרוק, וועמעס 70־יאָריקער געבורטסטאָג עס איז געפייערט געוואָרן אין מדינת ישראל. ד״ר יוסף קרוק איז דער ערשטער און אמתער טשענסטאָכאָווער, וואָס האָט נישט אויפגעהערט צו לייכטן מיט וואָרט און טאַט ביז היינט צו טאָג. די צוויי אַנדערע: רפאל פעדערמאַן און דער שרייבער פון די שורות, זיינען געווען זיינע נאָכפאָלגער. דער ערשטער, ביז 1923 ווען ער איז אַריבער צום „בונד״; דער צווייטער, אַ פאַרערער און געטרייער תלמיד פון ד״ר קרוק ביז היינט, פאַרבונדן מיט אים און זיין פרוי, די אידעאַליסטיש־באַשיידענע חברטע ד״ר ראַיע קרוק, מיט ליבשאַפט און גייסטיקער התקרבות.

ווי דאָס קעפל איבערן יובל־באַריכט פון ד״ר יוסף קרוק זאָגט, איז זיין וועג באַצייכנט פון „טשענסטאָכאָוו ביז ירושלים״. דער וועג פון די אַנדערע צוויי ווערט באַצייכנט מיטן נאָמען פון בוך וואָס ר. פעדערמאַן גיט אַרויס — „ביי די טייכן וואַרטע און איסט ריווער״, — וואָס מיינט, פון טשענסטאָכאָוו ביז ניו־יאָרק. דער וועג פון דריטן ציט זיך נאָך ווייטער אַזש ביזן פּאַסיפיק. אויב מיר ווען די דריי נעמען און מאַרשרוטן כפלען אויף טויזנטער אַנדערע יידן, און אָנרופן נאָך אַ פּאָר צענדלינג מאַרשרוטן פון יידישן וואַנדער, זאַמלונג, באַזעצונג און אַרבעט פאַרן אויפהאַלט פון יידיש לעבן — וואָלט עס געווען די גרויסע געשיכטע פון יידישן לעבן אין געאָגראַפישע טערמינען.

דעם יובל פון ד״ר יוסף קרוק האָבן איינגעאָרדנט די טשענסטאָכאָווער אין ישראל. זיי, צוזאַמען מיטן יובילאַר, האָבן חלק אין אויפבוי פון מדינת ישראל און אין משפיע זיין דעם געזעלשאַפטלעכן געדאַנק דאָרטן; די טשענסטאָכאָווער פון אַנדערן מאַרשרוט זיינען אויך נישט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט און בייגעטראָגן זייער באַשיידענעם חלק צום יידישן לעבן סיי אין טשענסטאָכאָוו, וואו זיי האָבן פאַרבראַכט זייערע בעסטע און פרוכטבאַרסטע יאָרן, סיי דאָ אין אַמעריקע. מיט זייער אַקטיוון אָנטייל אין „יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף״, האָבן זיי, צוזאַמען מיט אַ סך אַקטיווע טוער, און גרויסע קרבנות כמעט פון אַלע טשענסטאָכאָווער אין אַמעריקע, בייגעשטייערט צו דער הילף־אַרבעט פאַר אונדזערע ברידער אויף יענער זייט ים ביזן חורבן; זיי האָבן געהאָלפן די פּליטים אין די לאַגערן, דערנאָך אין ישראל און אָפּגעגעבן גאָר אַ סך מי און אַרבעט אַרויסצוגעבן די צוויי ביכער. איינס — „די טשענסטאָכאָווער יידן״, איצט דאָס צווייטע בוך „טשענסטאָכאָוו״.ביידע, נישט בלויז יזכור־ביכער, נאָר אויך ספר־החיימס, זאַמלונג־ביכער פון לעבן און טעטיקייטן פון אַלע טשענסטאָכאָווער, וואו נאָר זיי לעבן, אַרבעטן און ווירקן.

אָבער ווי פאַרשידן ס׳זאָל נישט זיין דער פאַרנעם פון דער טעטיקייט, דער שטאַפּל פון זייער געזעלשאַפטלעכן לייטער, זייער דערגרייכונג אויפן געביט פון וויסן און קולטור און דער שטח און אומשטענדן פון זייער ווירקונג פון די דריי דערמאָנטע יובילאַרן — זיינען זיי אָבער גלייך דערמיט וואָס זייער גאַנצער לעבנס־וועג איז באַלויכטן מיט גרויסן אָנהויב פון פרילינג און דערוואַכונג פון די יידישע אַרבעטער און פאָלקסמאַסן. מיט דער באַהעפטונג פון דער אידייע פון יידישן סאָציאַליזם, וואָס איז געוואָרן די נשמה פון זייער לעבן, געלויכטן פאַר זיי אין די שענסטע יאָרן פון זייער שפּעריש לעבן, און וואָס האָט זיי נישט פאַרלאָזט אויף זייער וואַנדער ביז איצט.

די נשמה פון יידישן סאָציאַליזם, דער סאַמע לעבנס־נערוו און אָפּפרישנדיקער קוואַל אין יידישן לעבן, איז קודם כל געווען, און איז געבליבן, דאָס אייגענע יידישע לשון פון די פאָלקסמאַסן, דורך וועלכן זייער קאַמף, זייער לעבן, שטרעבן און האָפענונגען אויף אַ שענער לעבן, איז געקומען צום אויסדרוק און האָט אין זיך פאַראייניקט די נייע אידייען מיט דער רייכער גייסטיקער ירושה פון דורות. נאָר די יידישע אינטעליגענץ, וואָס האָט פאַרבונדן זייער וועלטלעכע בילדונג און קולטור מיט אָט דעם לעבעדיקן פאָלקסטימלעכן קוואַל איז אַליין געשטיגן צו אַ הויכן גייסטיקן ניוואָ און געוואָרן די לייכטנדיקע שטערן אויפן הימל פון יידישן לעבן. די אַנדערע, וואָס האָבן זיך געלאָזט אויפן לייכטן וועג פון אַסימילאַציע, און זיך אָנגעשלאָסן אָן די אַסימי־

---

*) מיר דרוקן דאָ אַ קיצור פון דעם באַריכט פון דעם 70־יאָריקן יובל, וואָס איז הייאָר פאָרגעקומען אין מדינת ישראל, לכבוד אונדזער חשובן טייערן לאַנדסמאַן, ד״ר יוסף קרוק. אונדזערע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט דאַרפן מיר נישט דערציילן ווער ד״ר יוסף קרוק איז! אָבער אויך אין מדינת ישראל איז ד״ר יוסף קרוק זייער באַליבט, געאַכט און געשעצט פאַר זיינע גרויסע הומאַניטאַרע פאַרדינסטן, ווי דער לעזער קען עס אַרויסלייענען סיי פון די רעדעס וואָס זיינען געהאַלטן געוואָרן ביי דער יובל־פייערונג און סיי פון די באַגריסונגען וואָס זיינען אָנגעקומען צום חשובן בעל־יובל פון לאַנדסלייט און פריינט אין מדינת ישראל און פון אַלע יידישע תפוצות מחוץ מדינת ישראל.

רעדאַקציע

לאַטאָרישע בירגערלעכע, אָדער פרעמדע אַרבעטער־ריכטונגען, זיינען אויסגעשלאָסן געוואָרן מיטן שטראָם פון די רעוואָלוציאָנערע כוואַליעס, זיינען איינגעשרומפן און פאַרגעסן געוואָרן. זייער לייכטער וועג האָט זיי געפירט באַרג־אַראָפּ. דווקא דער גאָר נישט לייכטער וועג פון דר״ יוסף קרוק, — האָט אים געפירט באַרג־אַרויף.

דאָס כאַראַקטעריסטישע פאַר ד״ר קרוק איז, וואָס ער, דער קענער פון אַ סך אייראָפּעאישע שפּראַכן, און וואָס פּויליש איז געווען זיין מוטער־שפּראַך, — האָט זיך פונדעסטוועגן, קיינמאָל נישט געיאָגט נאָכן כבוד צו שרייבן אויף אַנדערע לשונות חוץ יידיש און האָט מיט זיינע עסייען, ברייט־פאַרטראַכטע און טיף אַנאַליזירנדיקע פאָרלעזונגען וועגן די פּאָליטישע, סאָציאַלע און קולטור־פּראָבלעמען, באַרייכערט דאָס יידישע לשון מיט זיין יוגנטלעך־גייסטרייכן סטיל און ברייטן פאַרנעם פון זיין וויסן. און ווי די קליידער אויף די יידן אין דער מדבר, זיינען אַלע זיינע פּערזענלעכע און גייסטיקע מעלות געוואַקסן מיט אים און זיך אויסגעברייטערט צוזאַמען מיט די יאָרן. אַזוי ביז היינט צו זיין 70־יאָריקן יובל.

צו באַשטעטיקן וואָס איז געזאָגט געוואָרן פון אַנדערע באַגריסער אין דעם באַריכט, וואָס מיר פאַרעפנטלעכן, איז אפשר דאָס שענסטע אין אים, — חוץ זיין מאַגנעטיש־דינאַמישע פּערזענלעכקייט, — זיין ליבע צו מענטשן און צום מענטש, דעם יחיד; בפרט זיין פשוט־מענטשלעכע באַציאונג צו קליין און גרויס. ער איז דעריבער מיט דער זעלביקער ליבע אויפגענומען און אַרומגערינגלט געווען פון זיינע חברים און פריינט, וואָס זיינען געווען נאָענט צו אים. צו זיינע זעלטענע אייגנשאַפטן מוז אַוודאי צוגערעכנט ווערן דער פאַקט וואָס ער איז קיינמאָל נישט געוואָרן קיין „בעל תשובה״, האָט נישט איבערגעריסן מיט זיין יוגנט און יוגנט־אידעאַל. אפשר איז דאָס טאַקע דער סוד און מקור פון זיין יוגנטלעכן טעמפּעראַמענט און יוגנטלעכן אויסזען צו זיבעציק.

דער פּרעזידענט פון מדינת ישראל. בן צבי, האָט אין זיין באַגריסונג צו ד״ר יוסף קרוק אים באַטיטלט אַלס נישט אָפיציעלער אַמבאַסאַדאָר פון ישראל צו דער אייראָפּעאישער וועלט. מיר, וואָס האָבן צוזאַמען מיט אים געטרונקען פון לעבעדיקן יידיש־פאָלקסטימלעכן, יידיש־סאָציאַליסטישן קוואַל, און צוזאַמען מיט אים געקעמפט פאַרן קולטורעלן און סאָציאַלן אויפשטייג פון די יידישע מאַסן און פאַר זייער סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער באַפרייאונג, ווינטשן אים צו זיין אין ישראל דער אַמבאַסאַדאָר פון די יידישע פאָלקסמאַסן פון אַלע אַנדערע מאַרשרוטן. די יידישע פאָלקסמאַסן האָבן מיט זייער אַרבעט אויפצוהאַלטן זייער אייגנאַרט און יידיש־סאָציאַליסטישע פאָלקסטימלעכקייט; מיט זייער הילף פאַר די יידן אין אַנדערע לענדער און פאַר ישראל, בפרט, — געוויס פאַרדינט זייער גערעכטן חלק עולם הזה און עולם הבא אַלס גלייכע טיילן פון יידישן וועלט־פאָלק.

גראָד איצט, ווען מיר שרייבן די שורות, ווייזן די געשעענישן הינטערן „אייזערנעם פאָרהאַנג״, אַז דער וועג צו אַ פרייער און בעסערער וועלט קען נישט אַרויפגעצוואונגען ווערן פון איין פאָלק, אַ שטאַרקן, אויפן צווייטן, אַ שוואַכערן. בפרט אויף אַ גאַנצער וועלט. אויך דער וועג, אַז ישראל זאָל שפּראַכלעך און אידייאיש דאָמינירן איבער אַ גאַנצע וועלט יידן, איז אַ פאַלשער. און די באַציאונג צו יידיש, דעם אומשאַצבאַרן אוצר, וואָס דאָס פאָלק האָט געשאַפן אין משך פון דורות ברענגט גרויסן שאָדן סיי ישראל, סיי די יידן פון אַנדערע וועלט־טיילן.

באַגריסנדיק אין נאָמען פון אַלע אונדזערע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט, אונדזער ליבן לאַנדסמאַן, ליבן חבר און פריינט פון אונדזער יוגנט אָן ביז איצט, ד״ר יוסף קרוק צו זיין 70־יאָריקן יובל, ווינטשן מיר אים און דער ליבער חברטע ראַיע, ערשטנס, נאָך לאַנגע יאָרן גוטן געזונט און שאַפערישקייט; צו דערלעבן די צייט פון שלום און פריי לעבן אין דער וועלט; שלום אין ישראל מיט אירע שכנישע אַראַבער, און מיט דער השפעה פון אונדזער בעל־יובל, אויף די פירער און יוגנט פון ישראל, צו ווירקן אין דער ריכטונג פון שותפות און הילף פון ישראל פאַר אונדזער שווערן קאַמף אויף דער זייט ים, אויפצוהאַלטן אונדזער יידיש־פאָלקסטימלעכע אייגנאַרט און יידיש פאָלקסלעבן.

## דער 70־יאָריקער יובל פון ד״ר יוסף קרוק אין מדינת ישראל

מיט אַ סך ליבשאַפט און האַרציקייט האָט מען אין מדינת ישראל געפייערט דעם 70־יאָריקן יובל פון ד״ר יוסף קרוק, דעם באַקאַנטן און פאַרדינסטפולן אַרבעטער־פירער, שריפטשטעלער און פאָרזיצער פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מדינת ישראל. אין דער יידישער מדינה, וואו די פּאַרטיי־צעשפּליטערונג איז אַ גרויסע און וואו יעדער פּאַרטיי און אָרגאַניזאַציע פירט אין אַ סך פּרטים אַן אָפּגעזונדערט לעבן, איז


ד״ר יוסף קרוק


ד״ר ר. קרוק

כאַראַקטעריסטיש, אַז אין ד״ר קרוקס יובל האָבן זיך באַטייליקט די אָנגעזעענסטע פאַרטרעטער פון דער מדינה און פון די פאַרשידנסטע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס. ירושלים, תל־אביב, חיפה — אַלע דריי גרויסע שטעט האָבן געווידמעט פיל אויפמערקזאַמקייט דעם בעל־יובל. אין די מסיבות לכבוד ד״ר קרוק האָט זיך געפילט, אַז דאָ ווערט נישט באַערט דער מענטש בלויז דערפאַר ווייל ס׳איז אַ מנהג צו זאָגן שבחים ביי אַזאַ געלעגנהייט. כון אַלע רעדעס, וואָס האָבן זיך געהערט אין די מסיבות, האָט זיך קודם כל געפילט אַז ד״ר יוסף קרוק איז אויך באַליבט — באַליבט דערפאַר ווייל זיין וועג, באַלויכטן פון זיין אידעאַליזם און פול מיט מסירת נפש, איז שטענדיק געווען דער וועג פון אַ מאמין אין מענטשן, אין נצחון פון גערעכטיקייט, און אין ענדגילטיקן זיג פון סאָציאַליזם.

געעפנט דעם יובילייַ בעצם האָט אַ קורצע נאָטיץ אין דער פּרעסע, אַז יצחק בן־צבי, דער פּרעזידענט פון מדינת ישראל

און זיין פרוי, האָבן איינגעאָרדנט אין פּרעזידענטן־הויז אַן אויפנאַמע לכבוד ד״ר קרוק. אַזוי אַרום איז אויך באַקאַנט געוואָרן דער „סוד״, אַז ד״ר קרוק איז אַ בן־שבעים, — אַ זאַך וואָס לאָזט זיך קוים גלויבן, זעענדיק ד״ר קרוק שטענדיק פריש און יונג, קאַמפּסלוסטיק און וואַך לגבי די פּראָבלעמען, מיט וועלכע עס זיינען פול די יידישע און ניט־יידישע וועלט.

## די ערשטע באַגעגעניש ביים פּרעזידענט פון מדינת ישראל

דער פּרעזידענט פון מדינת ישראל האָט געעפנט די אינטימע מסיבה אין זיין פּרעזידענטן־הויז, צו וועלכער עס זיינען איינגעלאַדן געוואָרן פּראָמינענטע פריינט פון יובילאַר. צווישן



ד״ר יוסף קרוק ביים פּרעזידענט

אַנדערע איז אויך איינגעלאַדן געוואָרן דער פּאַרזיצער פון טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין תל־אביב, ד״ר האַראָוויץ. דער פּרעזידענט האָט דערציילט, אַז זיין ערשטע באַגעגעניש מיט ד״ר קרוק איז געווען אויף דער קאָנפערענץ פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל אין יאָר 1925. ד״ר קרוק האָט דאַמאָלט איבערזעצט די רעדע פון בן־צבי אויף דער קאָנפערענץ. „האָבן מיר זיך געקאָנט דאַן פאָרשטעלן״, האָט דער פּרעזידענט געפרעגט „אַז עס וועט קומען אַ טאָג, ווען איר וועט זיצן צו אייער זיבעציקיאָריקן יובל אין אַ מסיבה צוזאַמען מיטן פּרעזידענט פון מדינת ישראל ?״

ד״ר י. קרוק האָט דערציילט, אַז זייענדיק לעצטנס אין ציריך האָט ער זיך געטראָפן מיט דעם באַרימטן עסטרייכישן פירער און געוועזענעם סעקרעטאַר פון אינטערנאַציאָנאַל, ד״ר פרידריך אַדלער, און דער שמועס איז טאַקע געווען וועגן יענער קאָנפערענץ און וועגן דער רעדע פון בן־צבי. מען האָט געזוכט אין די אַרכיוון און געפונען יענע רעדע. דער פּרעזידענט האָט געזאָגט, אַז עס פרייט אים וואָס קרוק געהערט צו זיינע מקורבים.

די פרוי פון פּרעזידענט, רחל ינאית בן־צבי, האָט מיטגעטיילט אירע זכרונות וועגן ד״ר קרוק און זיין פרוי, בעת זייער עולה־זיין אין לאַנד, אין יאָר 1940. אין אַ מסיבה ,וואָס איז דעמאָלט אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין אַ הויז פון שותּפותדיקע באַקאַנטע, האָבן ד״ר קרוק און זיין פרוי איבערגעגעבן וועגן די וואַנדערונגען אין טיפע וועלדער, אין קעלט און שנייען; וועגן קאָנצענטראַציע־לאַגער אין קאַרטוז־בערעזע. אַן אַנדער בילד וואָס איז געבליבן איינגעקריצט אין איר זכרון, איז דאָס אויסזען פון ד״ר קרוק אין די טעג פון גרויסן פאַלקסחורבן, ווי ער פלעגט לויפן כסדר אויף פּאָסט צו שיקן טעלעגראַמעס צו פאַרשידענע וועלט־פּערזענלעכקייטן; ער פלעגט זיי בעטן רחמים, זיי זאָלן זיך באַמיען צו העלפן די יידן, וואָס זיינען פאַרמשפּט צום אונטערגאַנג דורך די נאַציס און זייער הענקער־העלפער, און ווי בלאַס איז געווען קרוקס געזיכט בעת ער פלעגט ברענגען זייערע אויסמיידנדיקע ענטפערס.

רחל בן־צבי האָט אויסגעדריקט איר פרייד, וואָס קרוק איז איצט „אין דער היים״, האָט זיך באַזעצט אין לאַנד און איז געוואָרן אַ בירגער פון מדינת ישראל.

דער פּרעזידענט האָט ווידער דערציילט זכרונות פון די „פּאַלטאָווער טעג״ און זיין דעמאָלטדיקע באַקאַנטשאַפט מיט קרוקן.

— „איך בין זיכער״, — האָט געזאָגט דער פּרעזידענט בן־צבי, — „אַז די אויפקלערונג פון ד״ר וויצמאַן צווישן די שטאַטסמענער פון דער וועלט, האָט צוגעגרייט דעם באָדן פאַר דער אַנטשטייאונג פון אונדזער מדינה, און מען מוז זאָגן אַז אויף דעם אויפקלערונג־געביט צווישן די סאָציאַליסטישע מנהיגים אין דער גאַנצער וועלט, האָט ד״ר קרוק זייער פיל געטאָן. ער איז אונדזער שליח אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־וועלט, און עס קומט אים דערפאַר אַ גרויסן יישר־כח״.

ד״ר קרוק האָט דערציילט אַ בינטל זכרונות פון זיין געזעלשאַפטלעכער שריפטשטעלערישער טעטיקייט זינט די יינגסטע יאָרן זיינע אין טשענסטאָכאָווער גימנאַזיע.

* * *

„דער סאָציאַליסטישער קלוב אין ירושלים״ האָט איינגעאָרדנט אַ פייערלעכע מסיבה לכבוד ד״ר קרוק. די מסיבה איז געפירט געוואָרן אונטערן פאָרזיץ פון ש. שחריה, וועלכער האָט געהאַלטן די דערעפענונגס־רעדע: „ד״ר קרוק, דער מאַמין אין מענטשן״.

— ס׳איז צו באַוואונדערן״, האָט ש. שחריה געזאָגט, „ווי וויט ד״ר יוסף קרוק איז טריי ביז היינט צו טאָג זיינע יוגנט־חלומות; צום גרונט־געדאַנק, וואָס האָט אים פאַרכאַפּט נאָך זייענדיק אַ יונגער גימנאַזיסט אויפן שול־באַנק אין טשענסטאָכאָוו. דאָס באַוויזט אויף דער פרישקייט און אייביקער יוגנט, וואָס איז פאַרקערפּערט אין אַ גרויסן סאָציאַלן געדאַנק, אין דער סאָציאַליסטישער אידייע, און וואָס איז אומאָפּהענגיק פון די גלגולים פון דער צייט.

„די אמונה אין מענטשן און דער זיג פון דאָס מענטשלעכע איבער דער חיה אין מענטשן, — איז אין זיין איינגעוויד. קרוק טראָגט זי ווי אַ לויכטנדיקן פאַקל אין די פינצטערנישן פון לעבן. און אַז ער טראָגט מיט זיך די דאָזיקע „לאַמטערנע״ שרעקט אים ניט אַפילו צו בלייבן אַליין. צו זיין „אומאָפּהענגיק״ (ער בלייבט בלויז „אָפּהענגיק״ פון זיין לאַמטערנע...). אין פלוג גענומען האָט ער שטענדיק אָפּגעהיט זיין אומאָפּהענגיקייט, און ווען אַפילו דער וועג איז געווען אַ שווערער — און אויך נישט קיין פּאָפּולערער, איז קרוק געגאַנגען אויף אים, ווייל אויף דעם דאָזיקן וועג האָט קרוק געפונען זיך אַליין. געפונען אַ זין אין לעבן. ווי אַן „אומאָפּהענגיקער״ האָט קרוק זיך נישט אָפּגעשראָקן פאַר תפיסות, נישט אין די צייטן פון צאַר און נישט אין דער תקופה פון זעלבשטענדיקן פוילן. אמת, בשעת ער רעדט אַמאָל — און ער האָט נישט ליב צו רעדן צופיל וועגן די תפיסות, באַזונדערס פון קאַרטוז־בערעזע, דעם שרעקלעכן פוילישן קאָנצענטראַציע־לאַגער — באַטאָנט ער באַזונדערס די מאָמענטן פון דערנידערונג פונעם צלם אלקים אין מענטשן. עס האָבן אים נישט אָפּגעשראָקן די קלעפּ און די ענויים פאַר זיך: („אין מאָל

שטאַרבט מען״), אָבער מער פון אַלץ האָט אים ווי געטאָן די גרונט־טענדענץ אַראָפּצונידערן דעם כבוד פון מענטשן אין דעם אַרעסטאַנט. ווייל אין דעם האָט קרוק געזען דעם גרונט־היפוך, דאָס שיידנדיקע צווישן איש און „זיי״. ער גלויבט אין מענטשן און אין דערהויבונג פון זיין כבוד, און „זיי״, וואָס שטייען פון דער צווייטער זייט פון דער באַריקאַדע, פאַר זיי איז דער מענטש בלויז אַ כלי־שרת פאַר די האַרן, פאַר דער „האַרן־מאַראַל״ און פאַרן רעזשים, פאַר דעם, מישטיינסגעזאָגט, „אויבער מענטש״, פאַר דער „בלאָנדער בעסטיע״...

דערפון נעמט זיך דער סוד פון ד״ר קרוקס השפעה. דער־פאַר האָבן געדורשט נאָך זיין וואָרט די אַרבעטער־מאַסן אין פוילן, און האָבן מיט גרויס אינטערעס געלייענט זיינע אַרטיק־לען.

קרוק ווערט נישט נתפעל צו בלייבן אַליין און זיך צוריק־ציען צו דער פּאָזיציע וואָס אויף אלפאסי גאַס, 25, ירושלים. (זיין קליינע באַשיידענע וואוינונג אין ירושלים). אויך פון דאָרט קען מען שיסן, — און אפשר אויך טרעפן אין ציל. און אַלץ וואָס גייט אַרויס פון זיין פּען, איז באַשאָנקען מיטן חן פון ראָ־מאַנטיקער. שטענדיק גנבעט ער אַריין אין זיינעם אַ מאמר דעם גלויבן אין דער אמתקייט פון דער אידייע מענטש. ער פּיעשטשעט זיינע העלדן, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט אַקטן, וועלכע האָבן פאַרמאָגט די פּראַכט פון ראָמאַנטיק און די הערלעכקייט פון דער אייביקער שטרעבונג אויף אַ בעסערער וועלט, אויב נישט אויף אַ וועלט וואָס איז דורכאויס גוט...

נישטאָ קיין נביא אין זיין אייגענער שטאָט. אָבער ד״ר קרוק איז יאָ געווען באַליבט און פּאָפּולער אין זיין אייגענער שטאָט טשענסטאָכאָוו. און טשענסטאָכאָוו האָט אַרויסגעשטעלט זיין קאַנ־דידאַטור אַלס ערשטער קאַנדידאַט צו דער ערשטער פּוילישער קאָנסטיטואַנטע. אמת, קרוק איז דורכגעפאַלן אין די וואַלן, פונקט ווי עס איז דורכגעפאַלן דער צווייטער קאַנדידאַט, פּראָפעסאָר באַלאַבאַן, דער באַקאַנטער יידישער היסטאָריקער. דאָך, די סימ־פּאַטיע פון טשענסטאָכאָוו איז געווען אויף זיין זייט. אויך היינט איז דר״ קרוק אַן דער שפּיץ פון „ארגון יוצאי טשענסטאָכאָוו״ אין ירושלים. ווייל עס ווייסן זיינע לאַנדסלייט אַז זיין תוך איז ווי זיין אויסערלעכקייט און זיין אויסערלעכקייט — ווי זיין תוך״.

## ד״ר קרוק דער עסקן, שריפטשטעלער און מענטש

פּראָפ׳ א. טאַרטאַקאָווער, פּאַרזיצער פון יידיש וועלט־קאָנ־גרעס, האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף ד״ר קרוק דעם עסקן און דעם — שריפטשטעלער; „די קאָמבינאַציע פון עסקן און שריפטשטע־לער״, האָט פּראָפ׳ טאַרטאַקאָווער געזאָגט, „לאָזט זיך נישט גוט מאַכן. וועגן געוויסע מענטשן קען מען זאָגן: ער איז דער בעסטער שריפטשטעלער צווישן עסקנים און דער בעסטער עסקן צווישן שריפטשטעלער. אָבער קרוק איז דער בעסטער שריפטשטעלער צווישן שרייבער און אַן אַנגעזעענער עסקן צווישן עסקנים. קרוקן איז בייגעשטאַנען אַ גרויסער זכות: ער געהערט צו די שאַפערס פון יענער באַוועגונג אין לעבן פון יידישן פאָלק, וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַ גאַנצע רייע אידעאַלע עסקנים, וועלכע האָבן מיט זייער אינטעלעקטועלן, גייסטיקן אַרסענאַל געגערט דאָס יידישע פאָלק אין דער גאָרער וועלט. איך קען זיך נישט פאָר־שטעלן די וועלט פון דער יידישער טעאָריע אָן יענער פּאַרטיי „פּאַראייניקטע״ (ס.ס. און סיימיסטן)), צו וועלכער ד״ר קרוק האָט געהערט. די אַנטוויקלונג פון פאָלק אין גלות, די מלחמה פאַר זיינע רעכט — דאָס איז געווען אין פּלאַטפאָרם פון דער דאָזיקער פּאַרטיי. זי האָט נישט פיל דערגרייכט פון אָרגאַניזאַציאָ־נעלן שטאַנדפּונקט. אָבער אַ סך־אַ סך פון איר געדאַנקען־וועלט נערן אונדז נאָך ביז היינט־צו־טאָג. דער דאָזיקער פּאַרטיי האָט ד״ר קרוק געגעבן סטימול צו אירע פיל־ווערטיקע מעשים. קרוק איז נישט צוריקגעקומען, נאָר געגאַנגען פאָרויס. סאָציאַליזם איז נישט בלויז אַ טעאָרעטישער ענין; סאָציאַליזם איז ענג פאַרבונדן מיט דער ווירקלעכקייט. דערפון נעמט זיך דאָס קלאַמערן זיך פון ד״ר קרוק אָן די ישראל־באַזעס און אין די רענעסאַנס־ווערק.

„וועגן ד״ר קרוק דעם שריפטשטעלער לאָזט זיך פיל זאָגן. ער האָט פיל געשריבן, באַזונדערס וועגן דעם געראַנגל פאַר פרייהייט פון די קליינע פעלקער. ער האָט געגעבן אויסדרוק די שטרעבונג צו גערעכטיקייט, פרייהייט און ליבע צום מענטשן. בשעת איך בין געווען אַ סטודענט אין דעם אוניווערזיטעט, האָב איך געזען אַן אויפשריפט אין דער מעדיצינישער פאַקולטעט: 'בלויז אַ גוטער מענטש קען זיין אַ גוטער דאָקטאָר'. אַזוי קען מען זאָגן: בלויז אַ גוטער מענטש קען זיין אַ גוטער שריפט־שטעלער און אַ גוטער עסקן. דער גוטער מענטש — דאָס איז די בעסטע מתנה אין אונדזער לעבן. איך ווינטש ד״ר קרוקן ער זאָל פאַרזעצן מיט דערפאָלג די דרייפאַכע סינטעזע פון שריפטשטעלער, עסקן און נאָבעלן מענטשן, און מיר זאָלן זוכה זיין צו געניסן פון זיינע נייע שריפטן״.

* * *

זלמן רובאַשאָוו־שז״ר (געוועזענער בילדונגס־מיניסטער און פאַרזיצער פון דער יידישער אַגענץ), האָט געזאָגט:

„עס ווערט דאָ גערעדט וועגן אייער לעבנס־וועג: איך גע־דענק דעם אָנהויב פון ס.ס.: איר — אינעווייניק, איך — אין דרויסן. היינט, אַז מען זעט יענע טעג רעטראָספּעקטיוו, קען מען זאָגן, עס זיינען פאַראַן מענטשן ווי באַוועגונגען, וואָס מען קען זיי משפטן לויטן סוף. אָבער שוין דעמאָלט איז געווען מעגלעך זיך אָפּשטעלן אויף די פערזענלעכקייטן לויט די שטרעמונגען אין ס.ס. ס.ס. איז געווען אַ פּאַרטיי פון 'דאָן זשואַנען', וועלכע האָבן נישט אויפגעהערט צו זיין פאַרליבט, און יעדעס מאָל — מיטן זעלבן ברען, מיט דער זעלבער ליבע און שטורמישקייט. די איבעריקע פּאַרטייען זיינען געבליבן 'מאָנאָגאַמיש'. ס.ס. איז אָבער קיינמאָל נישט געווען זאַט אין ליבע...

„דער רבי, וואָס האָט נישט געהאַט זיינס גלייכן, איז געווען נחמן סירקין. אין ס.ס. האָבן זיך שוין דעמאָלט געלאָזט מערקן דריי טיפּן תלמידים און אויב מען קען משפטן ווי זיי האָבן פאַרענדיקט — איז זיך שווער פאַרצושטעלן, אַז זיי זיינען אַלע געווען תלמידים פון איין רבין. אַזוי האָבן זיי זיך אונטער־שיידט איינער פונעם אַנדערן. עס איז געווען אַ שטרעמונג, וואָס האָט סימבאַליזירט דאָס לירישע אין דער באַוועגונג, די ווייכקייט, די פּאָעזיע, די מוזע. זיי זיינען געווען די סימפּאַ־טישסטע און זיי האָבן פאַרענדיקט ווי גרויסע ציון־פריינט.

„איך וויל דערמאָנען לאַצקי בערטאָלדי. ביי אים האָט זיך פון דאָס ניי צעשפּילט די ליבע צו ארץ־ישראל. אין אַנדערן עק איז געשטאַנען אַ 'טרוקענער מתנגד', אַ פאַרביטערטער. מיר האָבן נישט געוואוסט פאַרוואָס. אָבער אויב משפטן לויט זיין סוף, האָבן מיר געזען, אַז דער דאָזיקער 'מתנגד' איז געגאַנגען אויף קרומע וועגן, דאָס איז געווען משה ליטוואַקאָוו און אינמיטן

איז געווען נאָך אַ קאַטעגאָריע. צו דער דאָזיקער קאַטעגאָריע האָט געהערט שמואל ניגער, וועלכער האָט געקרוינט די יידישע ליטעראַטור אין גלות.

„צו דער ערשטער קאַטעגאָריע געהערן איך אונדזערע פריינט יעקב לעשצינסקי און ד״ר יוסף קרוק. ער איז פאַרליבט, אַ פאַרליבטער שרייבער אין ארץ־ישראל, און גלויבט אין דער יכולת פון אונדזער אַנטוויקלונג. אַ סך יאָרן בין איך געווען דער רעדאַקטאָר פון קרוקן אין „דבר״. איך בין געווען שטאָלץ און זיך געפרייט, וואָס ער האָט זיך אַריינגעגלידערט אין דער משפחה; איך האָב אין אים געשעצט דעם נשמה־שורש פון דער ערשטער שטרעמונג פון ס.ס.; זיין ליבע און זיין מוט צו זיין אַ ראָמאַנטיקער. ס׳איז נויטיק מוט כדי צו זיין אַ ראָמאַנטיקער, ווייל דאָס איז היינט נישט אָנגענומען. עס זיינען פאַראַן אַזעלכע, וואָס פיעשטשען זיך און צעשמעלצן זיך פון ליבע צו דער גאון־תקופה פון די בראשית־טעג. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז עס זיינען איך דאָ אויערן דערפאַר. ער לעבט נאָך מיט זיין נעכטן.

„עס איז פאַראַן עפּעס פון דאַנקבאַרקייט, אין אַ לעבנס־אָפּשאַצונג. דאָס איז די בענקשאַפט נאָך דעם ליכט פון פער־זענלעכקייטן. אַ סך האָט קרוק געשריבן איבער דער אַרבע־טער־באַוועגונג. און ער צעזינגט זיך און צעשפּילט זיך, בעת ער רעדט וועגן די לייכטנדיקע פערזענלעכקייטן, ווייל פון אים אַליין שטראַלן אַרויס נשמהדיקע ליכט־פונקען. זיין האַרץ ציט צו זיי, ווי דער שורש פון זיין נשמה. און דערפאַר האָט די על־טער אויף אים קיין שליטה נישט.״

ז. שז״ר האָט פאַרענדיקט זיין גייסטרייכן שמועס מיט וואונטשן צו ד״ר קרוק און זיין פרוי, זיי זאָלן היטן זייער פרישקייט, און אַז יענער פייער זאָל ממשיך־זיין צו לייכטן אין זיי נאָך אַ סך יאָרן.

א. אַרעסט (אחדות העבודה) האָט געבעטן ד״ר קרוקן צו שרייבן אַ בוך איבער דער אַרבעטער־באַוועגונג און אירע פער־זענלעכקייטן. ארעסט האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דער גרויסער ראָל וואָס ד״ר קרוק האָט געשפּילט אין לאָנדאָן בשעת דער רעוואָלוציע פון 1917 צוזאַמען מיט די דאָרטיקע באַרימטע פּאָליטישע עמיגראַנטן: פּעטער קראַפּאָטקין, זונדעלעוויטש, ליט־ווינאָ און טשיטשערין.

מענדל שניארסאָן (פון ירושלימער אוניווערזיטעט) האָט וואַרעם באַגריסט דעם יובילאַר: „ס׳איז ממש צו באַוואונדערן״, האָט ער געזאָגט, „ווי אַזוי להיפוך צו אונדז, וואָס האָבן באַקומען אַ רעליגיעזע, אָדער יידיש־נאַציאָנאַלע דערציאונג, האָט ד״ר קרוק, וואָס קומט פון אַן אַבסאָלוט אַסימילירטער און גרויס בורזשואַזער משפחה, זיין לעבן אָפּגעגעבן דער יידישער סאָ־ציאַליסטישער און נאַציאָנאַלער באַוועגונג״.

יוסף חריף (לינקע פועלי־ציון) האָט דערמאָנט די גרויסע דערפאָלגן פון ד״ר קרוק אין פוילן מיט זיינע לעקציעס און פאָרלעזונגען. ער דערציילט ווי ד״ר קרוק איז געקומען קיין כאָסנאָוויץ צו אָרגאַניזירן די פוילישע קוילן־גרעבער, און ווי אין אַן אָרעמער יידישער אַרבעטער־שטוב האָט ער אין אַ ביך־השמשות געדאַוונט מיט די קוילן־גרעבער אַ סאָציאַליסטישן „מנחה־און־מעריב״. עס האָבן נאָך גערעדט אַדוואָקאַט עלשטיין, בריק פון קאָוונער „פּאַלעסטינער אַמט״, א״אַנד.

ד״ר קרוק, דאַנקענדיק די פריינט — אָפּשאַצער און באַ־גריסער — האָט דערציילט אינטערעסאַנטע זכרונות „פון יענע גרויסע טעג״.

דאָס איז געווען אין ירושלים.

## דער ערן־קאָמיטעט

די צאָלרייכסטע און גרעסטע פייערונג איז פאָרגעקומען אין תל־אביב, וואו ס׳איז געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלער ערן־קאָ־מיטעט מיט די אָנגעזעענסטע פאַרטרעטער פון דער באַפעל־קערונג צוזאַמען מיט די פירער פון טשענסטאָכאָווער לאַנדס־מאַנשאַפט. צום קאָמיטעט האָבן געהערט: יוסף שפּרינצאַק, פאָר־זיצער פון ישראל פּאַרלאַמענט, זלמן ארן — בילדונגס־מיניסטער, זלמן שז״ר־רובאַשאָוו פון דער יידישער אַגענץ, ש. ז. שרגאי פון דער אַגענץ פאַרוואַלטונג, יונה כסה — דער גענעראַל סעקרע־טאַר פון מפא״י, מ. נמיר — דער גענעראַל סעקרעטאַר פון הסתדרות, ג. אגרון — דער מעיאָר פון ירושלים, שלום אַש, יצחק גרינבוים (פירער פון די פוילישע יידן און געוו. אינערן־מיניסטער), ד״ר דראַבקין (מפ״ם, א. ווערטהיים (דירעקטאָר פון אַרבעטס מיניסטעריום), י. זרובבל, פּראָפעסאָר טאַרטאַקאָ־ווער, י. לוי (גענעראַל סעקרעטאַר פון הסתדרות הפקידים), ח. למדן (געוועזענער וויצע־פאָרזיצער פון כנסת), ל. פינעס (געוו. פאַראייניקטער, גרינדער און מיטרעדאַקטאָר פון „די גאָלדענע קייט״), מ. צאַנין — (רעדאַקטאָר פון „לעצטע נייעס״), י. קלינאָוו (דירעקטאָר פון סוכנות), ד״ר בן־ציון ראזין (געוו. דיפּלאָמאַטישער פאַרטרעטער אין בולגאַריע), פּראָפעסאָר פון ווייצמאַן אינסטיטוט), רייכערט, אַנשעל רייס (פירער פון די פועלי־ציון אין פוילן), חיים שורער (שעף־רעדאַקטאָר פון „דבר״) און פּראָפעסאָר פישל שניאורסאָן.

פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט זיינען אין קאָ־מיטעט געווען פאַרטראָטן: ד״ר א. האָראָוויטש, פאָרזיצער, אברהם גאָטליב (סעקרעטאַר), ש. אפרים, גב׳ פ. גרינברג, ח צבי און ג. קורלאַנד; פון חיפה — ש. בלום און צ. ישכיל. פון ירושלים — פּיוול זובאַרסקי און ד. לאַנדסמאַן.

דעם שיינעם און גרויסן זאַל האָבן איבערפילט הונדערטער געסט: דעפּוטאַטן היכע רעגירונגס פאַרטרעטער, שריפטשטע־לער, זשורנאַליסטן, עסקנים און די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט. עס האָט געהערשט אַ האַרציק־וואַרעמע, פריינטשאַפטלעכע שטי־מונג. ביים פּרעזידיום־טיש איז געזעסן דער ערן־קאָמיטעט.

די פייערונג האָט דערעפנט, אין נאָמען פון די טשענסטאָ־כאָווער לאַנדסלייט, דער פאָרזיצער ד״ר האָראָוויץ.

— „אַלס אַ טשענסטאָכאָווער בין איך שטאָלץ״, זאָגט ד״ר האָראָוויץ, „וואָס איך האָב דעם כבוד צו עפענען היינט דעם באַנ־קעט לכבוד אונדזער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַן, אונדזער גרויסן פריינט, ד״ר יוסף קרוק.

„יוסף קרוק האָט באַקומען אַ גרויסע ירושה: זיין זיידע איז געווען אַ קעמפער פאַר דער פוילישער אומאָפּהענגיקייט און האָט אויף זיין אייגענעם חשבון אויסגעהאַלטן אַ קעמפער־אָפּטיילונג קעגן דער צאַרישער מאַכט. דער קאַמף־גייסט פון זיין זיידן לעבט אין ד״ר קרוקן. אָבער קרוק האָט דאָס פאַר־ברייטערט. פון זיין יוגנט אָן שטרעבט ער צו דער באַפרייאונג פון מענטש און פון דער מענטשהייט. דאָס אייגנאַרטיקע ביי ד״ר קרוקן איז, וואָס ער איז געקומען פון אַ גבירישער און פול־שטענדיק אַסימילירטער משפחה און איז אַריין אין דער יידי־שער אַרבעטער־באַוועגונג נאָך אין דער צייט, ווען ער האָט

נישט געקענט קיין איין וואָרט יידיש. זייט זיין 17טן לעבנסיאָר איז ער געוואָרן אַ קעמפער און האָט נישט איין מאָל געפילט דעם טעם פון תפיסות און פאַרפאָלגונגען. בשעת דער ערשטער וועלט מלחמה האָט ער געאַרבעט צוזאַמען מיט ישראל זאַנגוויל, און איז אויך געווען אויף דער פּלאַטפאָרם בשעת זאַנגוויל האָט באַגריסט די באַלפור־דעקלאַראַציע. פון ענגלאַנד איז ער געפאָרן, בשעת דער רעוואָלוציע, קיין רוסלאַנד, וואו ער האָט ווייטער געקעמפט פאַר זיינע אידייען. שפּעטער איז ער געקומען קיין פוילן.

„איך קען ד״ר קרוק פּערזענלעך זינט ער איז געקומען קיין ארץ־ישראל. איך קען גוט זיין וואַרעם יידיש האַרץ. ווען ס׳זיינען געקומען די ערשטע ידיעות וועגן די אומגליקן אין אייראָפּע, איז נישט געווען קיין מער אומגליקלעכער מענטש ווי ער. ער האָט זיך געווענדעט צו די וועלט־באַרימטע פּערזענלעכקייטן, זיי זאָלן העלפן ראַטעווען די יידן, און האָט אָפּגעגעבן דעם דאָזיקן קאַמף אַלע זיינע כוחות.

„איך וויל ציטירן וועגן ד״ר קרוקן צוויי מיינונגען פון אויטאָריטעטע מענטשן. אונדזער פּרעזידענט בן־צבי האָט געזאָגט, אַז ד״ר קרוק איז אונדזער אַפּאָסטאָל אין דער סאָציאַליסטישער וועלט, און אינזשינער ש. קאַפּלאַנסקי, דירעקטאָר פון חיפהער טעכניקום, און איינער פון די וויכטיקסטע מיטגלידער פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, האָט געזאָגט: ׳אַלס יידישער שרייבער איז קרוק אַ סינטעז פון אַ פּוילישן ראָמאַנטיקער מיט אַ פונק פון חסידות, פאַרבונדן מיט דער גרונטלעכקייט און יסודותדיקייט פון אַ ליטוואַק׳. ער איז אַ פּובליציסט וואָס זעט די וואָרצלען פון די געשעענישן און די ראָל פון די פּערזענלעכקייטן, וואָס ווירקן אין זיי. ער פאָרשט די היסטאָרישע יסודות און די סאָציאַלע תקופות וועגן וועלכע ער שרייבט. אַלס יידישער סאָציאַליסט איז ער געוואַקסן אויף דער לערע פון נחמן סירקין און פון דער רוסישער רעוואָלוציע, קרוקס שטח איז אָבער נאָך ברייטער: צו זיין רוסישער דערפאַרונג קומט צו די קולטור פון פוילן, ענגלאַנד און פראַנקרייך. דעם אינטערנאַציאָנאַליזם האָט ער ניט גענומען פון ביכער. דער אינטערנאַציאָנאַליזם ליגט אין זיין נשמה. ער באַזיצט אַ גרויסן גייסטיקן פאַרמעגן און צייכנט זיך אויס מיט קרבנות־גרייטקייט פאַרן אמת און פאַר אַלע אונטערדריקטע און באַוועלהטע. דאָס האָט געזאָגט קאַפּלאַנסקי, וואָס קען ד״ר קרוקן פון זיין יוגנט אָן.

„נישטאָ קיין סך אַזעלכע פריינט אין לעבן ווי ד״ר קרוק, ווער עס זאָל נישט זיין, ווען ער ווענדט זיך נאָר צו אים, רופט ער זיך אָפּ ווי אַ פריינט, און דאָס איז אַן אויסערגעוויינלעכער שטריך, וואָס מען מוז הויך אָפּשאַצן. ער איז נאָך אינמיטן דער אַרבעט און גרייט נאָך צו עטלעכע ביכער. ווי מען האָט געזאָגט, איז ער ביי אונדז דער צווייטער עמיל לודוויג, וואָס פאָרשט און פאַרשטייט די ראָל פון די פּערזענלעכקייטן אין דער געשיכטע.

„אין נאָמען פון אַלע טשענסטאָכאָווער באַגריס איך אים און בענטש אים, און ווינטש אים דערפאָלג און גליק״.

יוסף שפּרינצאַק זאָגט:

— „איך זע אַ נויטווענדיקייט אין אַ מסיבה לכבוד קרוקן יעדעס מאָל ווען איך לייען זיינע אַרטיקלען אָדער זיינס אַ בוך. זיינס אַן אַרטיקל איז ווי דערפרישנדיקער ווינט אין חמסין־טאָג פון אונדזער לעבן, אַן אָאַזיס אין מדבר. איך מיין, אַז מען האָט געדאַרפט איינאָרדענען אַ האַרציקע און אינטימע מסיבה נישט דערפאַר, ווייל ד״ר קרוק איז געבוירן געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו, און געווען אַ זון פון אַן אַסימילאַטאָר, נאָר ווייל ער איז אַ מענטש, וואָס זוכט שטענדיק דאָס מענטשלעכע. ער איז דער ראָמאַנטיקער אין דער דאָזיקער ווירקלעכקייט, און נישט דווקא קיין פּוילישער ראָמאַנטיקער נאָר אַ יידישער ראָמאַנטיקער. איך ווייס נישט, צי ער וועט זיך באַליידיקן פון מיינע רייד. איך ווייס וואָס עס איז אַזוינס רעאַליזם און אוודאי וועט ער מיט מיר דיסקוטירן פאַר און קעגן מאַרקסיזם און רעאַליזם, אָבער איך שאַץ זייער שטאַרק אָפּ דעם ראָמאַנטיקער. ראָמאַנטיקער — דאָס איז עפּעס פון דער אייביקייט. רעאַליסט — איז אַ קאָניונקטור־זאַך. ראָמאַנטיקער — הייסט רודערן צו אַ גוטער און שיינער זאַך. און דאָס איז דער יסוד, דער מקור, פון יעדן ראָמאַנטיזם אויף דער וועלט — און דאָס איז אייביק, פּונקט ווי ס׳איז אייביק דער פרילינג. עס איז דאָ ווינטער און קעלט, אָבער דערנאָך קומט דער פרילינג.

„גייט, אַלזאָ, צווישן אונדז אַרום אַ מענטש, וואָס וויל נאָר דאָס גוטע און דאָס שיינע. גייט צווישן אונדז אַרום אַ מענטש — אַ סאָציאַליסט. עס זיינען פאַראַן אַ סך סאָציאַליסטן אויף דער וועלט. ווער איז היינט נישט קיין סאָציאַליסט? אָבער עס גייט אַרום צווישן אונדז אַ מענטש, וואָס איז פון דער נאַטור אַ סאָציאַליסט און אַן עטישער מענטש אין זיין מהות. אַז ער רעדט וועגן מענטשן און פירער אָדער וועגן געשעענישן, גלידערט ער איין אין די זכרונות דאָס שטרעבן צו עפּעס בעסערס. ווייל אָן דעם איז נישטאָ קיין לעבן. אַ ראָמאַנטיקער איז זיך נישט מייאש. ער גייט צווישן אונדז, און איז נישט צופרידן — און די דאָזיקע אומצופרידנקייט איז אַ האַרציקע און דערמוטיקנדיקע.

„אָט איז ער דאָ אין אונדזער לאַנד — און איז צופרידן פון דעם, וואָס ווערט דאָ געשאַפן; ער איז אָבער נישט צופרידן, ווי אַזוי אַלץ ווערט געשאַפן און ער קריטיקירט. זיין קריטיק איז אָבער אויס ליבע צו די ענינים.

„פאַר אַזאַ מענטשן מעג מען יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק איינאָרדענען מסיבות, ווייל דאָס איז אַ פריינטשאַפטלעכע מסיבה פאַר אַ מענטשן, וועלכער איז אַ כהן פון אַ גוטן געדאַנק און גוטן געפיל צוזאַמען. כ׳וויל אויך זאָגן, אַז איך לייען מיט ליבשאַפט זיינע אַרטיקלען, און די רייד איבערצייגן מיך, וואָרעם ווי קען מען זיך נישט איבערצייגן אויב מען באַגרינדעט וואָס עס דאַרף זיין בעסער? אַ בעסערן סאָציאַליזם, פאָדערט קרוק, בעסערע מענטשלעכע באַציאונגען פון איינעם צום אַנדערן; ווייניקער ברוטאַלקייט און מער איידלקייט, דאָס אַלץ דריקט אויס קרוק אין זיינע אַרטיקלען, ביכער און שמועסן. זיין אויפקלערונג האָט אַ נשמהדיקן יסוד.

„איך וויל ווינטשן מיין פריינד ער זאָל נאָך אַ סך יאָרן נישט אויפהערן צו זיין קרוק, ער זאָל מצליח־זיין אויסצודריקן זיינע געפילן אָן אויפהער, מיט התמדה און מיט דער זעלבער פרישקייט, און גוטן ווילן. — און דער גוטער ווילן זאָל אים באַגלייטן דאָס גאַנצע לעבן זיינס״.

י. שפּרינצאַק לייענט דעם בריוו פון דעם בילדונגס־מיניסטער זלמן ארן, אין וועלכן ער שרייבט;

„עס טוט מיר זייער לייד, וואָס דרינגענדיקע ענינים האָבן מיך פאַרהאַלטן דעם אָוונט אין ירושלים און פאַרמיטן פון מיר דאָס פאַרגעניגן, זיך צו באַטייליקן היינט אין דער דאָזיקער מסיבה.

„אין שייכות מיטן 70־יאָריקן יובל פון מיין טייערן פריינד

ד״ר יוסף קרוק האָב איך אויסגעדריקט מיינע פאַרערונגס־געפילן צו אים אַלס דענקער, שריפטשטעלער און עסקן, וואָס האָט געווידמעט זיין לעבן צו זוכן די נשמה יתירה אין מענטשן און אין יידן.

„איך זע אין ד״ר יוסף קרוק דעם טרעגער פון אַ גרויסער אמונה אין פולער אויפריכטיקייט, — אַ זאַך וואָס איז אַ פּילווערטיקע סגולה אין אונדזער צייט.

„איך ווינטש אים אַז נאָך פיל יאָרן זאָלן אים ביישטיין זיינע סגולות, און עס זאָל אים געלינגען אונדז צו מהנה זיין, ווי אין דער פאַרגאַנגענהייט, מיט זיינע גוטע מידות און וויכטיקער שאַפונג״.

## דער יסורים־וועג פון טשענסטאָכאָוו ביז ירושלים

דער גוט באַקאַנטער ציוניסטישער פירער יצחק גרינבוים זאָגט.

„אין 1903 בין איך געפאָרן פון וואַרשע קיין לאָדזש צוזאַמען מיט מיין פריינד דעם אינזשינער יאַן קירשראָד, צו האַלטן אַ רעפעראַט וועגן דער 'עטיק פון דער אַסימילאַציע'. בשעת דער שטורמישער פאַרזאַמלונג איז צו מיר צוגעגאַנגען אַ גימנאַזיסט און געהאַט מיט מיר אַ שמועס. דאָס איז געווען דער היינטיקער ד״ר קרוק. שפּעטער האָבן מיר זיך במשך פון יאָרן נישט באַגעגנט.

„פאַרן 6טן ציוניסטישן קאָנגרעס האָב איך זיך באַקענט מיט די ברידער לעשטשינסקי, מיט שמואל ניגער און מיט דער גאַנצער חברה, וואָס האָבן דערנאָך געגרינדעט די „ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי ס. ס.״. איך בין זיך שפּעטער פונאַנדערגעגאַנגען מיט דער גרופּע. די ציוניסטן סאָציאַליסטן זיינען געוואָרן טעריטאָריאַליסטן און איך בין געבליבן ביי ארץ־ישראל. ווען כ'האָב זיך דערוואוסט, אַז קרוק איז געוואָרן אַ טעריטאָריאַליסט, האָט עס מיך זייער געוואונדערט: ווי קומט עס, אַ פּוילישער ייד זאָל ווערן אַ טעריטאָריאַליסט? היינט, אַז מיר אַלע, וואָס זיינען געבליבן לעבן, האָבן זיך געטראָפן אין מדינת ישראל, — קען איך מיר דערלויבן צו זאָגן: איך האָב ליב קרוקן נאָך פון דעמאָלט אָן, ווען ער איז נאָך געווען אַ גימנאַזיסט. ס'איז מיר פאַרבליבן אַן אנגענעמער איינדרוק פון יענעם גימנאַזיסט, מיט וועלכן כ'האָב מיך שפּעטער גוט באַקאַנט.

„ד״ר קרוק פאַרקערפּערט אין זיך דאָס גייסטיקע בילד פון אַ מענטשן, וואָס איז פון דער יוגנט אָן אַרויס פון די רייען פון דער יידיש־פּוילישער אַסימילאַציע און איז אַריבער צו די גרויסע רייען פון די יידישע מאַסן, און איז געוואָרן זייער לערער, פירער און קעמפער פאַר זייערע רעכט.

„אין ענגלאַנד האָט זיך ד״ר קרוק פאַרבונדן מיט דער ענגלישער לייבאָר־פּאַרטיי און זיך באַפריינדעט מיט אירע פירער. אין פּוילן האָט ער פאַרזוכט דעם טעם פון די פּוילישע תפיסות און איז געווען פאַרשיקט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער קאַרטוז־בערעזע. זיין וועג איז געווען דער יסורים־וועג. אַז איך וועל שרייבן אַן אַרטיקל וועגן קרוקן, וועל איך עס אָנרופן. 'דער יסורים־וועג פון יוסף קרוק — פון טשענסטאָכאָוו ביז ירושלים'. אַלץ וואָס קרוק האָט געטאָן איז באַהויכט מיט אַ נשמה־יתירה, מיט אמונה אין דער ריינסטער, פרישסטער פאָרם. איך מוז דאָ דערמאָנען, אַז ער האָט פאַרשטאַנען אויך אַנדערע. קיינמאָל האָבן מיר זיך נישט געקריגט. שטענדיק זיינען מיר געווען פריינד. איך האָב אין פּוילן געזוכט מיט ליכט אַזעלכע מענטשן ווי קרוק, ווי זרובבל און אַנדערע, וועלכע זאָלן מיר העלפן אין דעם געראַנגל, וואָס מיר האָבן דעמאָלט דורכגעמאַכט.

איך באַגריס אייך, חבר קרוק. איך גלויב, אַז דער יסורים־וועג איז געווען כדאי. זייט גליקלעך אין ארץ ישראל!

## דער גרויסער אָפּטימיסט און הומאַניסט

יונה כסה, גענעראַל סעקרעטאַר פון מפא״י, זאָגט:

— „איך קען דעם חבר קרוק בלויז 10־12 יאָר, נישט מער. אָבער די אַלע יאָרן טרעף איך זיך מיט אים אָפט, — און איך וויל זאָגן, אַז איך שאַץ אים זייער הויך. ווייל ער איז אַ וואונדערבאַרער מענטש. ער איז געבענטשט מיט פּראַקטיקע סגולות, מענטשלעכע, אויסערגעוויינלעכע. איך שעץ אים, ווייל קודם כל איז ער אַ הומאַניסט: ער האָט ליב דעם מענטשן, זיין פאָלק, די געזעלשאַפט, די דיכטונג, די ליטעראַטור, די געשיכטע. זיין דעוויז איז ליבע. ער איז אַ פריינד און נישט קיין שונא. ער האָט אַ גוט האַרץ און ווינטשט נאָר גוטס זיינע חברים און פריינד און מענטשן — אַלס מענטשן. ער איז אַ גרויסער אָפּטימיסט. קיין ווינט, — און מיר לעבן דאָך אין אַ תקופה פון 'בייזע ווינטן', — רייסט פון זיין האַרצן נישט אַרויס די אמונה אין מענטשן; זיין גלויבן אין דעם נצחון פון גוטס, אין נצחון פון הומאַניזם, אין זיג פונעם סאָציאַליזם. אַזוי פון אָנהייב ביז היינט צו טאָג, חוץ דעם וואָס מיר פייערן זיין זיבעציק־יאָריקן יובליי, גייט ער אַרום ווי אַ טרוימער. אַוודאי האָט ער אַ סך דערפאַרונג. אַוודאי איז ער זאַט מיט אַנטוישונגען, אָבער ער איז געבליבן אַ טרוימער.

„איך מיין, אַז אין אונדזער געזעלשאַפט — און איך וויל וועגן איר נישט ריידן קיין שלעכטס — זיינען נישט פאַראַן קיין סך ווי ד״ר קרוק, וואָס סימבאָליזירן די מענטשן־פּראַכט. פון מיינע באַגעגענישן מיט חבר קרוק, וועלכע זיינען פילפאַרביקע און רירן אָן אַ סך ענינים, גיי איך שטענדיק אַרויס מיט אַ געפיל פון דערמוטיקונג. ווייל חבר קרוק געהערט צו יענע מענטשן, וואָס ביי אַלע אַנטוישונגען אונדזערע ווייזן זיי, אַז דער מענטש קען זיין בעסער, דערהויבענער, ריינער, ערלעכער און געטרייער. און דאָס איז אַזוי וויכטיק אין אונדזער געזעלשאַפט.

ס'איז נישט קיין גוזמא בעת מיר זאָגן, אַז קרוק סימבאָליזירט די יוגנטלעכקייט. איך זאָג, אַז טראָץ לינגוויסטישע שוועריקייטן האָט ער (און ער איז נישט לאַנג מיט אונדז!), פאַרבאָרגענע חושים תופס צו זיין אונדזער ווירקלעכקייט און צו לעבן מיט אונדז, און דאָס איז איינער פון די וואונדער אין זיין עלטער. ער איז דורכויס אַ מענטש פון אונדזער לאַנד און פון אונדזער מדינה, און דאָס אַלץ איז אַ פּועל־יוצא פון זיין יוגנטלעכקייט און פרישקייט.

איך ווייס, אַז ער איז איצט באַשעפטיקט מיט זייער אַ גרויסער און זייער וויכטיקער אַרבעט וועגן דער געשיכטע פון דער אַרבעטער באַוועגונג. ער טראָגט אין האַרצן דעם חלום וועגן אַרבעטער־איניקייט. זייענדיק איבער 50 יאָר פון זיין לעבן אַ סאָציאַליסט, ווייס ער אַז איינע פון די גרעסטע אומגליקן איז — די שפּאַלטונג פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. און ער זאָגט מיר שטענדיק, אַז דאָס וואָלט ער וועלן לאָזן אַ ירושה אונדזער יוגנט: דעם גלאַנץ און די וויזיע און די נויטווענדיקייט פון איניקייט; אויב מיר טראַכטן ערנסט וועגן פאַרווירקלעכונג פון סאָציאַליזם אויף דער וועלט און אויך אין אונדזער מדינה.

## דער היסטאָריקער און קינסטלער

„טייערער חבר קרוק! איך ווינטש אייך לאַנגע יאָרן און איר זאָלט זוכה זיין מיט אונדז צו זען די פאַרווירקלעכונג פון אונדזער־רע בעסטע שטרעבונגען.

חנה למדן (געוועזענע וויצע־פאָרזיצערין פון כנסת) זאָגט:

— „איך געהער צו די פאַרערער פון ד״ר קרוק. פון יעדן שמועס געווין איך עפּעס און דאָס איז אויך אַ פאַרגעניגן חוץ דעם נוצן. קרוק געהערט צו די וויניקע מענטשן, וואָס מען זאָל נישט שמועסן מיט זיי, געווינט מען פון דעם. און דאָס גרעסטע: ער איז צווישן די געציילטע, וואָס לערנט די יוגנט צו פאַרשטיין די פּאַטערס פון סאָציאַליזם. נישט נאָר זייער תורה, נאָר אויך, ווי ס׳האָט געזאָגט ד״ר ראַזין, ווי זיי זיינען געווען אין טאָג־טעגלעכן לעבן. פאַרוואָס זיי האָבן געקעמפט און ווי אַזוי זיי האָבן געווירקט אויף די חברים, און אויף דער באַוועגונג. מיר זיינען דערציויגן געוואָרן אין דער ׳טעכנישער תקופה׳ — צופיל טעכניק, אפשר. און דערפאַר איז גוט, וואָס עס איז דאָ איינער וואָס קען אונדז אויסמאָלן מענטשן אין באַ־וועגונגען. נישט נאָר שרייבט קרוק, נאָר ער מאָלט ווי אַזוי ער האָט זיי געזען, געשמועסט מיט זיי, און געראַנגלט זיך מיט זיי. קרוקס געשיכטע איז מאָלעריי. ער איז אַ פּאָרטרעטיסט. קרוקס אַרטיקלען זיינען נישט קיין טאָג־טעגלעכע דערשיינונגען. אַן אַזעלכע שילדערונגען איז נישט מעגלעך צו פאַרשטיין געשיכטע: קרוקן איז אַ ביסל שווערלעך ביי אונדז צוליב דער שפּראַך און צוליב דעם צופּאַסן זיך צו אונדז. אָבער אפשר וויניקער פון אונדז אַלעמען ווייס קרוק ווי שטאַרק ער איז ביי אונדז באַליבט און געשעצט צווישן די לייענער. די טויזנטער לייענער און יוגנט, וואָס לייענען קרוקן, זיינעם אים דאַנקבאַר. ער שטעלט מיט זיך פאָר אַ לערער, אַ דערציער און גיט אַ מעגלעכקייט די ברייטע יוגנט־מאַסן צו ירשנען אַביסל פון זיין תורה. איך בענטש אויך זיינע לעבנס פריינדין וואָס גייט מיט אים, וואָס היט זיין געזונט און קעמפט צוזאַמען מיט אים״.

## קרוק איז געבליבן דער זעלבער

דוד ליפשיץ (דעפּוטאַט פון כסנת) זאָגט:

„יעדער פון אונדז איז געקומען קיין ארץ־ישראל אויף אַנדע־רע וועגן און אויף אַן אַנדער אופן. און דאָס איז דער כוח פון דער באַוועגונג. קרוק שטעלט מיט זיך פאָר אַ באַזונדערן לעבנס־וועג, אַ לעבן פון די שטאַרקסטע ראַנגלענישן. איך האָב אים געקענט פריער פון וויטן און איצט פון דער נאָענט. דאָס וואָס ער דריקט אויס געהערט צום פיינסטן און איידלסטן.

„די היינטיקע מסיבה איז נישט קיין געוויינלעכע. קרוק האָט זיך נישט געביטן, ער איז געבליבן אַזוי ווי ער איז אַלע מאָל געווען. ער קען נישט זיין — נישט נאַטירלעך, סיי אויסערלעך, סיי אינערלעך. ער האָט זיין אייגענע אינדיווידואַליטעט. אָבער נישט וויניקער פון אונדז אַלע באַמיט ער זיך אַריינצודרינגען אין אונדזער אינעווייניגסטן לעבן. ער טוט דאָס אויף אַ גאַנץ אייגנאַרטיקן אופן. דאָס שאַפט אַ געוויסע דיסטאַנץ. ער זעט אונדז פון אינעווייניק און פון דרויסן. דאָס גיט אים די מעג־לעכקייט צו זען ווייטער ווי יעדער איינער פון אונדז. איך וויל זאָגן, אַז איך האָב אַ באַזונדערע צופרידנקייט, ווען מיר באַ־געגענען זיך מיט אים און מען שמועסט מיט אים, ווען מען הערט זיינע באַמערקונגען וועגן אידייען און באַוועגונגען. איך האָב אַ זכיה צו זיצן אַמאָל מיט אים ביי אַ טישל אין כנסת און האָבן הנאה פון דעם.

„ער איז אפשר ביי אונדז אַן אויסערגעוויינלעכע דערשיינונג: פרישקייט און גרונטלעכקייט צוזאַמען מיט נאַטירלעכקייט. זיין ספּעציעלע יוגנטלעכע אנשטרענגונג איז פילן זיך ביי אונדז נאַ־טירלעך. ער וויל בלייבן ווי ער איז געווען, אַט דאָס איז דער חבר קרוק״.

## ד״ר קרוק דער רעוואָלוציאָנער

י. זרובבל זאָגט: „די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט האָבן גוט געטאָן, וואָס זיי האָבן אָרגאַניזירט דעם יובל לכבוד ד״ר יוסף קרוק, גלייך נאָך דער פייערונג פון דעם יום העצמאות, בעת מיר זיינען נאָך אין אַ יום־טוב שטימונג. איך בין צענדליגער יאָרן באַפריינדעט מיט קרוקן. איך ווייס און איך האָב געזען ווי קרוק האָט זיך געגריבלט אין טעאָריעס. ער האָט קיינמאָל



ד״ר יוסף קרוק און זרובבל

נישט אָנגענומען די טעאָריע פון ׳אחרית הימים׳, אַז ווען אַלע־מען וועט זיין גוט — וועט אויך גוט זיין די יידן. קרוק האָט זיך געגריבלט אין דער טראַגיש־העראָאישער געשיכטע פון יידישן פאָלק. ער ווייס, אַז ס׳איז אַ פאַלשער סאָציאַליזם, וועל־כער נעמט נישט אַריין די פראַגע וועגן לעזן אויך די פּראָבלעם פון יידן.

„קרוק האָט אָנטייל גענומען אין דער יידישער רעוואָלוציע און מיר האָבן זיך נישט איינמאָל געטראָפן ביי דער אַרבעט און ביי די אַלע ראַנגלענישן. ער האָט תמיד טעאָרעטיש באַגרינדעט סיי זיין סאָציאַליזם, סיי זיינע יידישע אנשויאונגען, און פון דעם סינטעטישן וועג איז קרוק קיינמאָל נישט אַוועק.

„איך האָב זיך דערפאַר באַגעגנט מיט אים אויף דעם וועג אין פאַרשידענע צייטן. איך ווינטש אים און זיין פרוי ראַיע זיי זאָלן גיין צוזאַמען ווייטער אויף דעם וועג און אויך מיטרייסן אַנדערע צום ליכטיקן וועג פאַר אונדזער דור און פאַר די קו־מענדיקע דורות״.

* * *

פּראָפעסאָר רייכערט (פון ווייצמאַן אינסטיטוט) זאָגט:

— „ווען מיר האָבן געזען ווי ד״ר קרוק איז אַריינגעקומען אין זאַל, האָט מען געמוזט באַוואונדערן זיין פלינקייט און יוגנט־לעכקייט. איך געדענק, ווען מיר האָבן געפייערט זיין 60־יאָריקן יובלביים איצטיקן פּרעזידענט בן־צבי, איז קרוק געווען פּונקט אַזוי ווי היינט. זיכער מוז זיין עפּעס אין אים, וואָס קאָן אים אַזוי האַלטן.

„חוץ זיין טעמפעראַמענט און זיין ראָמאַנטיק, צייכנט ער זיך אויס קודם־כל מיט צוויי גרויסע מעלות: מיט האַרצשטאַרקייט און מיט דרייסטקייט, דרייסטקייט פון געדאַנק און טאַט. ער פאַרשטייט די ענדערונגען, וואָס קומען פאַר אין דעם צייט־גייסט. אונדזער צייט איז אַ תקופה פון גייסטיקן קריזיס. קרוק ווייס, אַז מען מוז זיך לערנען אויף דערפאַרונגען און אויף טעותן. ד״ר קרוק איז איינער פון די, וואָס זיינען ראוי צו זיין פירערס פון אַ דור, ווייל ער האָט געהאַט דעם מוט צו זאָגן דעם אמת. דאָס איז אַ גרויסע זאַך, וואָס מען קען זאָגן וועגן אים. פון וואַנען האָט ער גענומען אָט די גייסטיקע העזה? ער איז אַ היסטאָריקער, און ער גייט אין דער געשיכטע אַרום ווי אין אייגענעם וויינגאָרטן. ער ווייס וואו צו דריקן אויף די קנעפּלעך; און ווען ער טוט דאָס, הייבן אָן ווירקן די מענטשלעכע געדאַנקען. איך קען נישט קיין סך מענטשן ווי ער, וואָס קענען צונויפבינדן, — ווען זיי ריידן וועגן עפּעס, — די טאָג־דערשיינונגען מיט דער אַלגעמיינער געשיכטע. ווען ער רעדט, למשל, וועגן היינריך היינע אָדער עמיל זאָלאַ, טאַנצט די געשיכטע פאַר אונדז אַזוי מיר זעען זי; ער געפינט שטענדיק זאַכן נישט נאָר פון די ביכער, נאָר פון זיין אייגענעם קאָפּ, און ער געהערט גלייכצייטיק צו די מענטשן, וואָס לערנען זיך פון דער געשיכטע ווי זי אַנטוויקלט זיך כסדר. ווען ד״ר קרוק רעדט, למשל, וועגן דער רענעסאַנס־צייט פאַרשטייען מיר דאָס אַמאָליקע איטאַליע. קרוק פאַרשטייט ווי אַזוי זיי צוזאַמענבינדן; ער פאַרשטייט די גרויסע גייסטיקע באַוועגונגען. צו דעם גיט ד״ר קרוק צו די וואַרעמקייט פון יוגנט, און מיר ווילן זיך אָנוואַרעמען ביי דער דאַזיקער יוגנט און ביי דעם דאַזיקן ליכט. צו זיין היסטאָרישן וויסן גיט ער צו דעם אינערלעכן אמת; קרוק איז געקומען אין לאַנד און ער וויל העלפן באַשאַפן דאָ אַ נייע זאַך: ווייזן וואָס איז אַזוינס אַקטועלע אייביקייט; ער שטרעבט, אַז אונדזער פאָלק זאָל זיין אַ ביישפּיל פאַר אַ נייער אייביקייט און די קומענדיקע דורות זאָלן זיך אָראָפּנעמען אַ ביישפּיל פון אונדז״.

* * *

א. ווערטהיים (דירעקטאָר פון אַרבעטס־מיניסטעריום) זאָגט:

— „היינט איז אַן אָוונט אויך פון זכרונות. איך קען צענדלינגער יאָרן ד״ר קרוקן. איך בין אויך אַן עדות פון דער גרויסער ראָל, וואָס עס שפּילט אויך אונדזער טייערע חברה, ראַיע, די פרוי פון ד״ר קרוק.

„קרוקס וועג איז דער וועג פון יענע, וואָס זוכן דעם גייסטיקן מענטשן, ביז זיי געפינען אים. קרוק האָט געפונען דעם וועג און ער גיט אָפּ אַלע זיינע כוחות און מעשים דעם דאָזיקן אידעאַלן וועג. מיר האָבן שוין אונדזער מדינה און אַלע אירע אַטריבוטן. שטרעבן מיר איצט ווייטער צו דערגרייכן די רעאַליזירונג פון סאָציאַליזם ביי אונדז און אויף דער גאַנצער וועלט, ווי עס האָבן אונדז געלערנט משה העס, נחמן סירקין און בער׳ל קאַצענעלסאָן. ד״ר קרוק איז איינער פון אונדזערע וויכטיקסטע לערערס און וועג־ווייזערס.״

ד״ר ראָזין (געוו. דיפּלאָמאַטישען פאַרטרעטער אין בולגאַריע) זאָגט:

— „היינט רעדן מיר נישט נאָר צו ד״ר קרוק נאָר אויך צו די אָנוועזנדיקע. ס׳איז אַ גרויסער נצחון פאַר אונדזער תקופה, וואָס מיר האָבן שוין דערגרייכט. סוף פון 19טן יאָרהונדערט האָט זיך אין מזרח־אייראָפּע אָנגעהויבן דער קאַמף צו באַפרייען דעם מענטש און דאָס יידישע פאָלק. עס האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע די פאַקעל־טרעגערס, וועלכע מיר מוזן שעצן אַזוי הויך. איך קען ד״ר קרוק זינט 1940, ווען ער איז געקומען אין לאַנד. באַלד פון אָנהייב האָט מיך געצויגן צו אים צוליב צוויי סיבות: איך האָב געוואָלט זען אַן אמתן יידישן סאָציאַליסט, וואָס גייט כסדר און קאָנסעקווענט זיין וועג. כ׳האָב מיט אים מיטגעאַרבעט אין דעם קאָמיטעט, בשעת דער מלחמה, וואָס איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט דעם ׳אַנטי־פאַשיסטישן יידישן קאָמיטעט אין מאָסקווע׳. זינט דעמאָלט איז ער מיר אַזוי נאָענט. איך זע די וועגן פון ד״ר קרוק, ווי ער דערגרייכט די מקורות, און ווי ער זייגט פון די גייסטיקע קוואַלן און זעצט זיי פאָר ווייטער. ווען ד״ר קרוק גיט אונדז אַ בילד פון אַ היסטאָרישער פערזענלעכקייט, גיט ער אונדז דעם מענטשן. מיר אַלע האָבן געלערנט די געשיכטע. די ביכער גיבן אונדז אידייען, געדאַנקען, אָבער זייער זעלטן גיבן זיי אונדז דעם מענטש. ד״ר קרוק קען זיין גליקלעך מיט דעם, אַז צענדליגער טויזנטער מענטשן זוכן אין „דבר״ זיינע אַרטיקלען וועגן היסטאָרישע פיגורן. ער גיט די לעזער די שליסלען און דעם ווילן צו וויסן נאָך מער. איך באַאָבאַכט דאָס אומעטום און אויך אין מיין משפחה. מען מוז אונטערשטרייכן די גרויסע ראָל פון אונדזער פריינדין ד״ר ראַיע קרוק. רש״י זאָגט: זכה — עזר לא זכה — כנגדו (איז ער זוכה — איז זי זיין שטענדיקע העלפערין, — איז ער ניט זוכה — איז זי קעגן אים), ד״ר קרוק האָט זוכה געווען מיט אַ העלפערין און נישט מיט אַ קעגנערין און זי האָט אַ גרויסן חלק אין דעם וואָס ער האָט דערגרייכט״.

* * *

י. מאַסטבוים, ע״ה האָט געזאָגט: „איך לייען וואָס קרוק שרייבט, ווייל אונטער זיינע שורות שפּריצן נשמה־שטראַלן, דערהויבנקייט; און קרוק איז אַ מענטש וואָס לעבט אינערלעך אַ זייער רייך לעבן. ווען מען זעט אים, דאַכט זיך אַז ער איז אַן אָנגענעמער און ליבער מענטש, אָבער באמת איז ער אַן עקשן, איינער פון די גרויסע עקשנים, און איך מיין אַז ער איז דערגאַנגען מיט דערהויבנקייט, וואוהין ער האָט געוואָלט דערגיין. ליבע איז נישט עפּעס אַ געוויינלעכער ענין, ליב צו האָבן מוז מען האָבן טאַלאַנט. במשך פון קרוקס גאַנצן לעבן פילט ער ליבע צו דער מענטשהייט. אַלס אַ שריפטשטעלער און בעלעטריסט, באַגריס איך דעם יובילאַר, ווייל קרוק איז נישט ווייניקער וויכטיק אַלס שריפטשטעלער ווי אַלס געזעלשאַפטלעכער עסקן״.

* * *

אינזשענער אַנשל רייס (פירער פון די פּועלי־ציון אין פּוילן) זאָגט: „איך האָב אַ סך צו זאָגן וועגן ד״ר קרוקן מיט וועלכן ס׳איז מיר אויסגעקומען צו אַרבעטן. איך געדענק ווי באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט קרוק אָרגאַניזירט דעם ׳יידישן אַרבעטער עמיגראַציע פאַרבאַנד׳, צוזאַמען מיט ד״ר יצחק שיפּער, ד״ר זילבערפאַרב און אַנדערע. קרוק אַלס טעאָריטאַריאַליסט האָט נישט געהאַט קיין לייכטע אויפגאַבע צו זאָגן דעם יידישן אַרבעטער וועגן דער באַדייטונג פון עמיגראַציע. אָבער האָט ער געזען די לאַגע פון דעם פּוילישן אַרבעטער און אויך געזען די לאַגע פון יידישן אַרבעטער. איך האָב מיך געטראָפן מיט קרוקן ביי מעשים, ספּעציעל ביי דער פאַראייניקונג פון די ׳אומאָפּהענגיקע׳ מיט די פּועלי ציון. קרוק האָט נישט געזוכט צו פאַרווישן די באַגריפן, נאָר געזוכט צו שאַפן דעם בשותפותדיקן וועג און גיין צוזאַמען. איך ווייס פון דער אויפריכטיקער שמחה, וואָס רופט אַרויס ביי קרוקן יעדער דערגרייכונג אין ישראל.

איך ווינטש אים און דער חברה קרוק צו האָבן די מעגלעכקייט צו פרייען זיך מיט דער פאַרווירקלעכונג פון אונדזערע חלומות״.

* * *

מאַרק יארבלום (פירער פון פועלי־ציון אין מערב־אייראָפּע) זאָגט:

— „איך קען קרוקן שוין אַ סך יאָרן און אין פאַרשידענע צייטן. ער קען גוט די פאַרשידענע באַוועגונגען און אַ סך פּערזאָנען. וואָס ער שרייבט היינט האָט ער געזאַמלט אין פאַרלויף פון צענדלינגער יאָרן. א.ן דאָס ווערט באַלעבט מיט קרוקס טאַלאַנט. מיר זעען, אַז ביי אים איז גאָרנישט פאַרלאָרן געגאַנגען. אַלע ווייסן, אַז קרוק איז אַ גרויסער אויטאָריטעט אין דער ענגלישער אַרבעטער־באַוועגונג. אָבער איך, — זייענדיק באַזונדערס נאָענט צו פראַנקרייך, — מוז זאָגן, אַז איך שטוין אָפּט ווי ער כאַראַקטעריזירט ריכטיק און טיף אויך די פראַנצויזישע אַרבעטער־באַוועגונג. איך האָב זיך, דאָ נישט לאַנג, אין פּאַריז, געטראָפן מיט דעם עלטסטן סאָציאַליסטישן פירער, בראַקע. ער האָט מיך געפרעגט, צי ס'זיינען דאָ אין מדינת ישראל סאָציאַליסטן פון דעם גרויסן אייראָפּעאישן סטיל און כאַראַקטער. ענטפערנדיק אים, האָב איך אָנגעוויזן אויף קרוקן אַלס דעם כאַראַקטעריסטישן טיפּ, וואָס מיר האָבן אין מדינת ישראל. איך ווינטש קרוקן אַז מיט זיין גרויסן גייסטיקן באַגאַזש זאָל ער ברענגען דערלייזונג פאַר אונדזער באַוועגונג און מיטהעלפן צו דער באַפעסטיקונג פון דער יידישער מדינה״.

* * *

ד״ר יוריס זאָגט: „איך האָב מיך באַקענט מיט קרוקן אין פוילן ביי אַ רעפעראַט וועגן דער מינדערהייט פּראַגע. קרוק געהערט צו דער 'אַלטער גוואַרדיע' און איז טריי געבליבן זיין אידייע. קרוקס לעבן איז געווען אַ הערואישער געראַנגל. ער איז געבליבן טריי זיין סאָציאַליסטישן ראָמאַנטיזם. קרוקן דאַרף מען פאַרגלייכן מיט די אייביקע רעוואָלוציאָנערן, וועלכע בלייבן געטריי באַשטימטע אידייען. ער האָט דעראָבערט די אייראָפּעאישע סאָציאַליסטן מיט זיין ריינער נשמה. זאָל די דאָזיקע מסיבה, אין וועלכער ס'באַטייליקן זיך גרויסע הומאַניסטישע גייסטער, דינען אַלס אַ ביישפּיל.

* * *

משה גראָסמאַן, דער באַקאַנטער יידישער שרייבער, האָט צוגעשיקט צו דער מסיבה דעם דאָזיקן בריוו.

„זייער חשובער און ליבער פריינד:

„אייך, דעם גלענצנדן פּובליציסט־עסייאיסט, אָראַטאָר און ווי אַ לייב קעמפערישער פרייהייטס־סאָציאַליסט — דעם הייסאָטעמדיקן, סאַנגווינישן אינטעלעקטואַליסט און פאָלקס־מענטש צוגלייך, — צו אייער ווערן אַ בן־שבעים — מיינע האַרציקסטע **ברכות!** איר זאָלט זיך עלטערן אין פריידן — פּערזענלעכע, נאַציאָנאַלע, אַלמענטשלעכע — אמן ואמן. אייער מיטליידערין און מיטפרייערין, אייער לעבנס־באַגלייטער, און אַליין אַמאָל אַן אַקטיוויסטין — ד״ר אירענע קרוק, — די בעסטע גרוסן און ברכות!

אייער, משה גראָסמאַן.״

* * *

זייער האַרציק איז געווען די באַגריסונג פון באַקאַנטן שרייבער און עסקן, **ר' בנימין.**

ר' בנימין האָט געזאָגט:

— „איך קען קרוקן נאָר פון דאַנען. צום אָנהויב פון דער טאָג־צייטונג „דבר״. אין אַ העלן פרימאָרגן האָב איך דאָרט אָנגעטראָפן אַ נייעם נאָמען, אַ שריפטשטעלער, וואָס שרייבט איינמאָל אַ וואָך אַן אַרטיקל, און די אַרטיקלען זיינען זייער אינטערעסאַנט. אין זיי איז געווען אַ ברייטער האָריזאָנט, ידיעות, פאַרשטענדעניש — אַ נייער שטערן האָט זיך באַוויזן אין העברעאישן צייטונגס־וועזן. איך האָב אָנגעהויבן פרעגן: ווער איז דאָס ד״ר קרוק? איינמאָל בין איך אַריין אין דער רעדאַקציע פון „דבר״ און מיר האָבן זיך דאָרטן באַקענט. גאָר שנעל האָב איך זיך מתקרב געווען צו אים.

„עס זיינען דעמאָלט געווען שווערע טעג. עס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען ידיעות פון היטלער־חורבן, און מענטשן האָבן געצווייפלט צי ס'איז אמת, צי נישט, צי מען איבערטרייבט נישט. איך האָב פון אָנהויב אָן געהאַט דאָס געפיל, אַז דאָס איז אמת. איך בין געווען פול מיט פחד נאָך איידער עס איז עפּעס באַקאַנט געוואָרן. יעדן טאָג פלעג איך זיך פרעגן: האָבן זיך נאָך ניט אָנגעהויבן שחיטות אויף יידן? דערפאַר בין איך אפשר געווען צוגעגרייט צו די איוב־בשורות מער ווי אַנדערע. איך האָב אויך אָנגעהויבן צו טראַכטן, אפשר איז דאָ אַ מעגלעכקייט עפּעס צו טאָן פון דאַנען צו ראַטעווען לעבנס?

„איינער פון די שריפטשטעלער, וואָס איז דעמאָלט געווען מיט מיר, איז געווען מיין פריינד ד״ר קרוק. מיר האָבן געשאַפן אַ קליינע גרופּע מענטשן. וואָס מיר האָבן געטאָן געהערט ניט צום ענין. אָבער איך וויל זאָגן בלויז איינס: איך פיל אַ גרויסע דאַנקבאַרקייט צו ד״ר יוסף קרוק צוליב צוויי זאַכן: דאָס ערשטע, ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט מיט אמתער מסירת נפש. וואָלט איך דערציילט וויפל שעה'ן און נעכט מיר האָבן פאַרבראַכט צוזאַמען, וויפל טעלעגראַמעס מיר האָבן געשיקט, וואָלט די צייט נישט געקלעקט. מיט דעם אַליין האָט קרוק שוין געוואונען מיין האַרץ.

„דאָס צווייטע וואָס איך וועל איצט זאָגן וועגן ד״ר קרוק, וועט אפשר זיין אין פולשטענדיקן היפּוך צו דעם וואָס מ'האָט דאָ געהערט וועגן קרוק דעם קעמפער, דעם סאָציאַליסט, דעם רעוואָלוציאָנער. איך האָב געפונען אין אים דעם מענטש פון האַרמאָניע, דעם מענטש פון ליבע, דעם מענטש, וואָס האָט אַ צוגאַנג צו יעדן פאַרבאָרגענעם געפיל אין מענטשן. נאָר אויף דעם יסוד האָב איך זיך געקענט מתקרב זיין צו אים און פאַרשטיין זיינע געפילן.

„און דאָ מוז איך זאָגן אַ ווידוי־וואָרט, וואָס האָט אפשר נישט קיין אָרט אויף באַנקעטן: אויב איך האָב געקענט אין די לעצטע יאָרן לעבן אין לאַנד און מענטשלעך אָטעמען, בשעת עס זיינען אָפּגעטאָן געוואָרן אַזוי פיל נישט שיינע מעשים, שווערע און באַשווערנדיקע — דאַרף איך דערפאַר דאַנקען אַזאַ מענטשן ווי קרוק, אַ מענטש וואָס איז געבליבן ריין און מענטשלעך אין אַלע וואַנדלונגען פון דער צייט.

איך מוז מפסיק זיין, ווייל איך זע, אַז מיינע געפילן שטאַרקן זיך איבער מיר. איך באַגריס מיין טייערן, חשובן פריינט ד״ר קרוק — און איך דריק אים אויס צום ערשטן מאָל מיינע טיפסטע געפילן פאַר אַלץ וואָס ער האָט מיר געגעבן אין משך פון זיין געפינען זיך אין ישראל״.

צום סוף קריגט דאָס וואָרט ד״ר קרוק. דער עולם מאַכט אים אַ גרויסע אָוואַציע.

אין אַן אויספירלעכער רעדע ענטפערט ד״ר קרוק האַרציק אויף די באַגריסונגען און גיט אַ גלענצנדיקן אַנאַליז פון די

אידייען און קאַמפן פון זיין דור. ד״ר קרוק צייכנט אָן די סיבות, וואָס האָבן אים געפירט נאָך אַלס אַ שילער אין טשענסטאָכאָווער גימנאַזיע צו די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן; ער רעדט וועגן דעם קאָמפּליצירטן און שווערן וועג אויף וועלכן ער איז גע־גאַנגען. ער גיט אַ היסטאָרישן אַנאַליז פון די סיבות ווי אַזוי ס׳איז אַנטשטאַנען דער טעריטאָריאַליזם, די „ס.ס.״ און די „פאַר־אייניקטע״ פּאַרטיי. ער שטעלט זיך אָפּ אויף די פרייהייטלעכע כאַציאַליסטישע אידעאַלן און הומאַניסטישע שטרעבונגען, און שטרייכט אונטער די נויטיקייט פון פריינדשאַפטלעכע באַציאונגען צווישן אידייאישע און קעמפערישע מענטשן. דער גרויסער עולם דאַנקט אים מיט לאַנג דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן.

נאָך האַלבער נאַכט האָט זיך פאַרענדיקט דער האַרציקער אָונט, איינער פון די שענסטע, וואָס תל־אביב האָט ווען עס איז געהאַט.

## די באַגריסונגען

ד״ר האָראָוויץ און א. גאָטליב לייענען די באַגריסונגען, וואָס זיינען אָנגעקומען פון שטעט און קבוצים אין ישראל ווי אויך פון אויסלאַנד: פון אייראָפּע (ענגלאַנד, פראַנקרייך, איטאַליע און שווייץ), פון אויסטראַליע; פון דרום־אַפריקע; פון דרום־אַמע־ריקע און די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע. אין ישראל: פון מיניסטאָרן, דעפּוטאַטן און עסקנים. פון בוענאָס־איירעס, פון די אַלטע פריינט און חברים נאָך פון די ס.ס.־צייטן: פון דעם באַקאַנטן דיכטער אברהם זאַק, פון דעם פירער פון די פּועלי־ציון מ. רעגאַלסקי, און פון דעם ביאַליסטאָקער מ. וויגאָדסקי. פון שיקאַגאָ: משה צעשינסקי, פון פּאַריז — פון דעם אַלטן אַרבעטער טוער פּראָפעסאָר קיוועלעוויטש; פון דעם פּאָרזיצער פון דעם „דאָקומענטאַציע צענטער״ און פון דעם דענקמאָל פאַר די יידישע געפאַלענע — יצחק שניארסאָן. פון לאָנדאָן: פון דעם ישראל אַמבאַסאַדאָר אליהו אילת. און אַ סך טעלעגראַמען און האַרציקע באַגריסונגען פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנ־שאַפטן אין ניו יאָרק, דעטרויט, שיקאַגאָ, פילאַדעלפיע, לאָס אַנדזשעלעס און פלאָרידאַ; פון דער שווייץ — פון דעם גענע־ראַל סעקרעטאַר „אזע״ ד״ר גורביטש און פון דעם דירעקטאָר פּראָפעסאָר בלאָך.

און צום סוף; די צוויי כאַראַקטעריסטישע באַגריסונגען, וואָס כאַראַקטעריזירן ד״ר קרוקס גאַנץ לעבן; פון יוסף יודע־לעוויטש (אין כפר־סבא), וועלכער דערמאָנט אַז אין 1906 איז ער געזעסן אין דער וואַרשעווער תפיסה צוזאַמען מיט דעם ׳יונגן סטודענט׳ יוסף קרוק — און פון מעלבורן, פון מלך רודי (דעם פאָרזיצער פון וואַרשעווער פלײשער־פאַראיין און מיטגליד פון די „אומאָפּהענגיקע״), וועלכער דערמאָנט ווי אַזוי זיי זיינען געזעסן צוזאַמען אין 1937 אין דעם פּוילישן קאָנצענטראַ־ציע לאַגער אין קאַרטוז־בערעזע.

ש. אָפּרים גיט איבער ד״ר קרוקן אַן ערן דיפּלאָם, וואָס די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט האָט אים פאַרשריבן אין דעם „גאָלדענעם בוך״ פון נאַציאָנאַל־פאָנד. און דער פרוי ד״ר קרוק גיט מען איבער אַ גרויסן בוקעט בלומען.

* * *

די רעדאַקציע קאָלעגיע פון „דבר״ (אָרגאַן פון הסתדרות) האָט אויף אַ ספּעציעלער זיצונג געפייערט ד״ר קרוקס יובל. רע־דעס וועגן אים אַלס אַ פּובליציסט און אַרבעטער־טוער האָבן געהאַלטן דער שעף־רעדאַקטאָר חיים שורער, דעפּוטאַט הערצל בערגער, י. גאָטהעלף, ד. זכאי און דניאל לייבל.

אין חיפה האָט דעם יובל אָרגאַניזירט די קולטור אָפּטיילונג פון דער שטאָט און דער זשורנאַליסטן און ליטעראַטן־ קלוב. אַנ־וועזנד זיינען געווען די פירנדיקע אינטעליגענטן, דעפּוטאַטן און כלל־טוערס. דעם פאָרזיץ האָט געפירט דער לייטער פון דער קולטור אָפּטיילונג אין דער מוניציפּאַליטעט ראָזענעק. אַ לענגערע רעדע וועגן ד״ר קרוק האָט געהאַלטן דער אָנגעזעענער זשורנאַליסט און אַרבעטער פירער מענדל זינגער.

דאָס ירושלימער ראַדיאָ האָט דורכגעפירט אַ ספּעציעלע אודיציע געווידמעט דעם יובילאַר. נאָך אַ ראַדיאָ אינטערוויו מיט ד״ר קרוק האָט וועגן אים געגעבן אַן אָפּשאַצונג דער די־רעקטאָר יאָנאַס און ש. שחריה.

די העברעאישע און יידישע פּרעסע פון פאַרשידענע ריכטונ־גען האָט ד״ר קרוקן געווידמעט אויספירלעכע אַרטיקלען.

אַזוי האָבן אַלע כאַראַקטעריזירט ד״ר קרוקן אַלס אַ מענטש, שריפטשטעלער און קעמפער, און געשילדערט דעם וועג וועלכן ער האָט דורכגעמאַכט פון טשענסטאָכאָוו ביז ירושלים.

י. נ. שטיינבערג

# צו אלקנה כראַבלאָווס 70־יאָריקן יובל



ווי קען איך שרייבן וועגן חבר כראַבלאָווסקין צו זיינע זי־בעציק יאָר, ווען איך קען אים אייגנטלעך נאָר צוועלף יאָר אין אַמעריקע? ווי קען מען אור־טיילן וועגן אַ מענטשן וואָס זיינע בליענדיקע יאָרן ליגן אין דער לעגענדאַרער פאַרגאַנגענהייט פון אַמאָליקן רעוואָלוציאָנערן יידיש־פוילן, און היינט זעען מיר פאַר זיך גאָר אַ באַיאָרנטן מאַן מיט די קנייטשן פון טיפע איבערלע־בונגען אויפן געזיכט?

אָט האַלט איך אין האַנט דעם דריטן נומער פון „אונדזער וועג״, דעם צענטראַל־אָרגאַן פון דער יידישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער פּאַרטיי (פאַראייניקטע) אין פּוילן. דער נומער איז פון 6טן דעצעמבער, 1918, און צווישן די באַטייליקטע אין זשורנאַל ווערט אָנגעצייכנט אויך דער נאָמען א. כראַבלאָווסקי. הייסט עס אַז ער געהערט שוין צו דעם בכבודיקן עבר פון יענער שטורמישער באַפרייאונג־באַוועגונג און איצט קען ער נאָר דער־מאָנען מיט ווייטאָג און ליבשאַפט די 37 יאָר וואָס ליגן צווישן

דעמאָלט און היינט. אָט איז דער אימפּאָזאַנטער באַנד „טשענסטאָכאָווער יידן״ וואָס איז ניט לאַנג צוריק דערשינען אין ניו יאָרק אַ דאַנק דער אַקטיווער מיטאַרבעט פון א. כראָבאָלאָווסקין. איר בלעטערט דעם באַנד מיט יראת־הכבוד, און אין זיינע אומצאָליקע נעמען, בילדער און זכרונות זעט איר ווידעראַמאָל די געשטאַלט פון דעם פאַרשוואונדענעם קאָכעדיקן צענטער טשענסטאָכאָוו וואו אונדזער פריינדס יוגנט האָט זיך פונאַנדערגעוואָקסן אין איר פולן פלאַנץ. ווידעראַמאָל — די פאַרגאַנגענהייט צו וועלכער מען איז צוגעבונדן מיט פעדים פון צער און געטריישאַפט.

און עס קען זיך באַקומען דער איינדרוק אַז דער מענטש כראָבאָלאָווסקי און דער חבר אלקנה געהערן שוין צו דער געשיכטע פון אונדזער שפּעפּרישן דור, אַז מיט זייער נאָמען קען מען זיך נאָר בענטשן, אָבער פון זיי קען מען מער ניט דערוואַרטן פאַר דעם היינט און פאַר דער צוקונפט פון אונדזער פאָלק. אויב עס דוכט זיך אַזוי, איז עס אַ לחלוטין פאַלשער איינדרוק וואָס גיט ניט דאָס בילד פון דעם מענטש און דעם פּנים פון אונדזער עפּאָכע. ער איז ניט דער אוד מוצל מאש, דאָס איבערגעבריבענע שטיק האָלץ וואָס איז פאַרבליבן פון די רעוואָלוציאָנערע פייערן פון יענער גרויסער צייט. ער איז, פאַרקערט, דער לעבעדיקער המשך פון יענער תקופה, דער גייסטיקער האָרעפּאַשניק וואָס לאָזט ניט די פייערן אויסברענען אין אַ פאַרניכטענדיקן אַש.

אָט די אויסדויער־קראַפט פון כראָבאָלאָווסקין ביז אין די זיבעציקער יאָרן אַריין איז אייגנטלעך אַ וואונדער. ווייל — דווקא דערפאַר ווייל ער איז כל ימיו געווען ערלעך מיט זיינע גלויבונגען — האָט ער געזאָלט ניט איין מאָל, נאָר דריי מאָל איבערלעבן די פּיין פון אַנטוישונג. האָט ער ניט געזען מיט זיינע אויגן ווי עס איז ביסלעכווייז אויסגערונען אַ גוואַלטיקער חלום פון דער רוסישער רעוואָלוציע? האָט ער ניט איבערגעלעבט מיט דער טיפער פּיין פון דערוויטנס דעם אומגלויביקן אומקום פון זיין יידיש פאָלק אין פּוילן?

פונדעסטוועגן, טראָגנדיק אין האַרצן אַזאַ דרייפאַכע לאַסט פון אַנטוישונג, איז ער בפירוש ניט אַריינגעפאַלן אין פאַרצווייפלונג. פאַרקערט, זיין שטים קלינגט אָפּ אין דער פאַרחלשטער לופט פון יידישן אַמעריקע מיט אַ באַזונדערער קלאָרקייט און גלויביקייט.

עס לעבט אין אים אַ סינטעז פון שאַרפן רעאַליזם בנוגע דערווירקלעכקייט און פון פליגלדיקן וויזיע לגבי דער צוקונפט. ער לאָזט זיך ניט נאַרן פון די כלומרשטדיקע דערגרייכונגען פון דעם יידישן אַרום; דערפון באַוואָרנט אים דער עכטער חוש הראיה. און ער לאָזט זיך ניט בייקומען פון די כחות פון ציניזם, גלייכגילטיקייט און אָפּהענדיקייט; דערפון באַוואָרנט אים דער כח הדמיון. די דאָזיקע צוויי־אייניקייט פון כראָבאָלאָווסקיס גייסטיקן כאַראַקטער אַנטפּלעקט זיך אין אַלע געביטן פון זיין געזעלשאַפטלעכן אינטערעס. ער זעט, ראשית כל, מיט אַ שאַרפן אויג די חולאתן און פאַלשקייטן פון היינטיקן אַלוועלטלעכן סאָציאַליזם, — און דאָך איז ער אַ פעסטער מאמין אין זיינע געבאָטן, אָנזאָגן און חלומות. זיין ערשטע און שטענדיקע ווענדונג איז צו די סאָציאַליסטן, צו די אַרבעטס־מענטשן פון יידישן פאָלק. ער איז ניט נאָר אַ טעריטאָריאַליסט, נאָר אַן אויסגעשפּראָכן סאָציאַליסטישער טעריטאָריאַליסט.

אין „אַ שטיקל חשבון הנפש״ וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אין „אויפן שוועל״ (מערץ 1954), דערציילט ער:

„נאָך אַלס קינד האָב איך זיך אויסגעצייכנט מיט מיין ליבע צו דער נאַטור און אומווילן צו אַלע טויטע און טרוקענע זאַכן. צום ערשטן מאָל אין חדר האָט מען מיך געמוזט שלעפּן מיט גוואַלד. נאָר דאָ האָב איך ערשט אָנגעהויבן בענקען צו די סעדער, צום טייך און די גרינע לאָנקעס פון מיין שטעטל... אָט די בענקעניש נאָך אַ פרייער וועלט מיט סעדער, טייכן און פעלדער האָט מיך שפּעטער געפירט צום סאָציאַליסטישן טעריטאָריאַליזם״.

פון אָט דער בענקעניש האָט אונזער פריינד ניט אָפּגעזאָגט זיך אויך אין די עלטערע יאָרן, — דערפון נעמט זיך זיין תוכיקע איבערגעבנקייט צום „פרייַלאַנד״. אָבער זיין האַרץ ליגט ניט נאָר אין דעם חלום פון אַ צוקונפט. ווייל — שרייבט ער —

„קיינמאָל האָט מיין וויזיע פון אַ פריי און ברייט יידיש לעבן מיך ניט אָפּגעריסן פון דער יידישער ווירקלעכקייט... אונדזער שטרעבן צו אַ יידיש פריילאַנד פריער און איצט האָט בשום אופן ניט געמיינט קיין אָפּזאָגן זיך פון יידישן לעבן דאָ. אין אַמעריקע זיינען די כוואַליעס פון דער אַרומיקער אַסימילאַציע אַ סך שטאַרקער ווי אין די פאַרשוואונדענע ישובים פון אייראָפּע. מוזן מיר דערייבער ביידע עלעמענטן, — דאָס שיצן זיך פון די אַסימילירנדיקע כוואַליעס און דאָס שטרעבן צו אַ יידיש פריילאַנד, — צענויפאַך פאַרטאָפּלען אויב מיר ווילן זיכערן אונדזער קיום אַלס פאָלק צווישן די פעלקער.״

איז דער חלום פון פריילאַנד די איינציקע סגולה קעגן די אַלע געפאַרן פאַרן פאָלק? און וואָס איז וועגן דעם בלוטיקן היינט? אויף דערויף ענטפערט כראָבאָלאָווסקי מיט ביז גאָר קלאָרע רייד:

„יידיש פריילאַנד הויבט זיך ניט אָן פון מאָרגן נאָר פון היינט, מיט יעדן טאָג פון אונדזער לעבן. דער וועג צו אַ טעריטאָריאַליסטישן יידיש פריילאַנד פירט דורך די יידישע פריילאַנדס וואָס מיר שאַפן שוין היינט דאָ וואו מיר לעבן. ווייל ניטאָ קיין מאָרגן אָן אַ היינט... אין אונדזער שטרעבן צו פריילאַנד שטעלן מיר דעם טראָפּ אויף יידיש פאָלק, יידיש־סאָציאַליסטיש־פאָלקסטימלעך פאָלק, און ניט אויף לאַנד וואָס איז פאַר אונדז אַ מיטל, ניט קיין הויפּט־ציל.״

אָבער ווי זעט אויס דער איצטיקער היינט אין יידיש־אַמעריקע? — פרעגט כראָבאָלאָווסקי, און ער שאַנעוועט ניט קיין ווערטער אין זיין ווייטיק. אָט איז, למשל, די יידישע שול אין קעלער. „אָבער די יידישע שול אין קעלער — זאָגט ער — („אויפן שוועל״, פעברואַר, 1955) — איז מער ווי אַן איינצלפאַל. דאָס איז דער טרויעריקער סימן פון דער יידישער אַמעריקע. די שולן זיינען די לעצטע צייט אַרויסגעקראָכן פון די קעלערס און בוידעם־שטיבלעך, אָבער זיי זיינען אַלע פאַרשטויסן געוואָרן אין קעלער פון דלות. און צוזאַמען מיט זיי אין קעלער, אויב ניט נאָך נידעריקער, געפינט זיך שוין אונדזער יידישער טעאַטער, דאָס יידישע בוך — דאָס גאַנצע יידיש־קולטורעל לעבן אין אַמעריקע. די גרויסע וואָרטזאָגער אונדזערע וואָס פאַרנעמען דעם אויבנאָן אין דער פרעסע, זיינען אין אַ גרויסער מאָס פאַראַנטוואָרטלעך און מיטשולדיק אין דעם. זייער שטראָף וועט זיין די „אייביקייט פון קעלער.״

כראָבאָלאָווסקי איז ניט גרייט אַראָפּצולאָזן די הענט. ער באַשולדיקט ניט נאָר אַנדערע, נאָר אויך זיך. און די זעלבסט־

באַשולדיקונג איז אויך גלייכצייטיק אַן אויפפאָדערונג צו טאַט. „מיין גרויסע באַשולדיקונג" — זאָגט ער („אויפן שוועל", יוני, 1953) — „קען מען אַרויפלייגן אויף אונדז, די סאָציאַליסטן פון אונדזער צייט. מיר האָבן פאַרלוירן אונדזער קאַמפגייסט, אַראָפּ־געלאָזט די הענט און כמעט ווי צוזאַמענגעבראָכן אונטער דער שוידערלעכער מפּלה וואָס מיר האָבן געליטן פון היטלער־חורבן." אָבער עס מוז ניט אַזוי זיין. מיר אַליין קענען אויפהויבן זיך פון אונטער דער בלייערנער משא, מיר זאָלן נאָר וועלן! און זעט מיט וואָס פאַר אַ באַגייסטערונג פון יענע טשענסטאָכאָווער יאָרן ער רופט צו אונדזערע גייסט־מענטשן:

„קומט, ליבע ציוניסטן און ניט־ציוניסטן, קומט יידי־שע שרייבער, אין אייער נאָך גרויסער צאָל קיין עין הרע, צו דער לעבעדיקער יידישער וועלט מיט אירעליידן און פריידן, מיט איר טראַגיק און הומאָר. קומט צו זיך אַליין, צו אייער אייגענער גאָלדענער יוגנט, ווען איר האָט געליבט, געהאַסט, געגלויבט, געשאַפן ווערטן, ווען איר האָט פּראָטעסטירט קעגן יעדער עוולה וואָס איז באַגאַנגען געוואָרן קעגן לעבן און קעגן פאָלק. ברענגט דאָס פאָלק טרייסט, אַביסל יום־טובדיקייט, פייערלעכקייט, פרייד, ווייל ס'איז אומעטום אומעטיק און קאַלט, עס איז שפּעט ביי־נאַכט." („אויפן שוועל", אָקט. 1955).

אָט דעם גייסטיקן ענטוזיאַזם וועלכן ער פאָדערט פון אַנ־דערע, האָט ער פאַר אונדזערע אויגן דאָ ניט לאַנג באַוויזן אין זיין גאַנצער קראַפט: ביים אַרויסגעבן דאָס גרויסע „דוד עדעל־שטאַט געדענק בוך". אין דער צוגרייטונג פון דעם בוך האָט ער אַריינגעלייגט אַ סך מער ווי אָרגאַניזאַטאָרישע פעאיקייטן: ער האָט אים געהאָלפן בויען ווי אַ גייסטיקן בנין פון אונדזער צייט, און אין יעדן ציגל פון אָט דעם בנין האָט ער אַריינ־געלייגט זיין טיפע אמונה אין דעם פאָלקס צוקונפט, זיין אומ־געפעלשטן סאָציאַליסטישן גלויבן, זיין טיפן דרך ארץ פאַר דעם יידישן דיכטער און דענקער. ער האָט — צוזאַמען מיט אַנדע־רע — באַוויזן וואָס אַלץ מען קען אויפטאָן אַפילו אין אונדזער צערודערטער צייט ווען מען איז געטראָגן מיט דעם אימפּעט פון יוגנט־חלום און דערוואַקסענער רייפקייט. עס ווילט זיך פאַרענדיקן די באַגריסונג צום פריינט כראָבלאָווסקי מיט זיינע אייגענע ווערטער. ער האָט זיי געזאָגט אין דער בראָשור „פאָלק אָדער שבט."

„ניט העברעאיסטיש־ציוניסטישע שבטים, ניט מלוכה קען אַנטקעגנגעשטעלט ווערן דער אידייע פון פאָלק. ווייל פאָלק איז דער מעכטיקער כח וואָס איז אַדורייגעגאַנגען זיבן פייערן און איז געבליבן לעבן, אַ כח וואָס האָט געבויט פּוילן און ליטע, ישראל און דאָס יידישע אַמעריקע, וואָס האָט געשאַפן אי לשון־קודש אי יידיש. פאָלק איז דער רעגנבויגן וואָס באַווייזט זיך אויפן הימל נאָך יעדן מבול און גיט כחות ניט פאַרצווייפלט צו ווערן, ניט מיד צו ווערן, ווייטער טראָגן די פאָן, ווידער בויען און שאַפן..."

לאָמיר באַגריסן היינט דעם אומדערמידלעכן פאָנען־טרע־גער און אומדערשראָקענעם מאמין אין אונדזער פאָלק, דעם חבר אלקנה כראָבאָלאָווסקי.

# באַגריסונגען פון מדינת ישראל צו אלקנה כראָבאָלאָווסקים 70־יאָריקן יובל

(פון ד"ר יוסף קרוק, און א. גאָטליב, סעקרעטאַר פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין מדינת ישראל).

מיין ליבער און טייערער אלקנה;

**איך בין געווען די גאַנצע צייט איבערצייגט, אַז איר זייט יינגער פון מיר. איצט לאָזט זיך אויס, אַז איר לויפט מיר נאָך.**



אלקנה כראָבאָלאָווסקיס איינציקע טאָכטער חוהלע מיט איר מאַן און צוויי קינדער



אלקנה כראָבאָלאָווסקי און זיין פרוי העלען

**ווייל איך פון מיין זייט איצט לויפן גאַלאָפּ, כדי איבערשיקן אייך מיין האַרציקסטע באַגריסונג און וואַרעמסטע געפילן פון דער טיפעניש פון מיין נשמה.**

איך וויל אייך היינט זאָגן, אַז איר זייט מיר געווען איינער פון די נאָענטסטע מענטשן, פריינט און חברים, וועלכע איך האָב געהאַט אין פּוילן און בפרט אין אונדזער טייערן טשענ־סטאָכאָוו. איך געדענק נאָך, ווי איך האָב זיך מיט אייך באַקאַנט אין דער העראָאישער תקופה פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען עס האָבן אויפגעלעבט די גרעסטע אידעאַלן און מוטיקע קאַמפן. אין טשענסטאָכאָוו, באַלד נאָך דער 1־ער וועלט־מלחמה, האָב איך געוואוסט, אַז איר זייט איינער פון די מענטשן, אויף וועלכע מען קען בויען מיט אַבסאָלוטער צוטרוי; ווייל איך וועלן נישט שרעקן קיין שום שוועריקייטן, קיין שום קרבנות און רדיפות אין אייער נאָבעלער שטרעבונג צו פאַרווירקלעכן די אַלגעמיין־מענטשלעכע און יידיש־נאַציאָנאַלע אידעאַלן.

איך האָב אַ סך מענטשן אין מיין לעבן געקענט און דערקענט. צווישן זיי — די גרעסטע פערזענלעכקייטן און קעמפער פון אונדזער דור. און איך ווייס אויך, ווי זיי צו שעצן. איך בין געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז טאַלאַנט איז ווייניק, כדי דער מענטש זאָל זיין ווערטפול. ס'איז נויטיק. קודם כל, דער כאַראַקטער פון דעם מענטש. איר, און אַ סך אַנדערע חברים, זייט מיר געווען אַזוי טייער, טאַקע צוליב אייער כאַ־ראַקטער. מיט דער איבערגעבנקייט צו דעם אידעאַל, מיט דרך־

ארץ צו מענטשלעכער ווירדע, מיט דער ליבע צום פאָלק און צו די מענטשלעכע הומאַניסטישע פרייהייטס-שטרעבונגען.

מיט ברודערלעכן גרוס,
אייער איבערגעגעבענער
יוסף קרוק,
(ירושלים, דעם 3טן אָקטאָבער, 1956).

---

צום פריינט אלקנה כראַבאַלאַווסקי!

דעם מוטיקן קעמפער פאַר מענטשלעכער רעכט, אומערמידלעכן טוער פאַר דער יידישער קולטור, צו זיין 70-יאָריקן יובל, אונדזערע האַרציקסטע ברכות.

מיר ווינטשן אייך נאָך לאַנגע, לאַנגע יאָרן פאַרזעצן אייערע נוצלעכע שעפערישע, קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט.

מזכירות
של ארגוני יוצאי צ'נסטוחוב
בישראל
א. גאָטליב — סעקר.

דוד טאַנסקי

# יעקב בער סילווער — אַ פינף און זיבעציקער

יעקב בער אַ 75קער! דאָס לאָזט זיך פשוט ניט גלויבן! די, וואָס האָבן מיטגעאַרבעט מיט אים אין די פאַרשיידענע געביטן, וואו ער איז געווען און איז נאָך טעטיק, און די, וואָס קענען אים בכלל, קענען זיך פשוט ניט פאָרשטעלן און אַפילו ניט באַמערקן, אַז ער איז שוין באַלד אַ זקן געוואָרן. ניין! די יאָרן האָבן אויף אים ניט געהאַט קיין שליטה!

אַ ייד מיט אַזוי פיל לעבענס-לוסט, מיט אַזוי פיל פרייד אין זיין האַרץ, מיט אַזוי פיל גלויבן אין דעם גורל פון דער מענשהייט, מיט אַזוי פיל גוטסקייט פאַר יעדן איינציקן; אַ ייד,



יעקב בער סילווער

וועמען קיין שטורם האָט ניט געקענט בויגן, וואָס האָט קיינמאָל ניט אָנערקענט אַ נידערלאַגע; אַפילו, ווען ער אַליין איז געווען איר קרבן; איינער, וואָס פאַרמאָגט אַזאַ אומדערשעפּלעכע ענערגיע און גייסטיקן כוח, — ווערט ניט אַלט. און דער אמת איז אַז אַפילו איצט, שוין נאָך די שבעים, איז ער נאָך אַלץ דער זעלבער יעקב-בער, וואָס אינספּירירט יעדן איינציקן און שטעקט אָן מיט זיין בטחון, מיט זיין גלויבן, מיט זיין אידעאַליזם. ער איז נאָך אַלץ דער אינגסטער צווישן אונדז אַלע!

יעקב-בער איז באַקאַנט ווייט און ברייט ניט נאָר צווישן זיינע נאָענטע, נאָר אויך אויסער זיין קרייז. ער איז דער סימבאָל פון איינעם, וואָס האָט זיך אויסגעטאָן פון זיין איך און געווידמעט זיין גאַנץ לעבן לטובת הכלל. ער לעבט מיט דער געזעלשאַפט, אָטעמט מיט איר אָטעם און לעבט מיט איר כוח.

יעקב-בערס פערזענלעך לעבן ווערט פאַרשלינגען פון דעם געזעלשאַפטלעכן, און יעדע נייע אונטערנעמונג פאַרכאַפּט אים מיט דער גאַנצער קראַפט און ווערט אַ סטימול פאַר אַ נייעם אויפשוואונג אין זיין שעפערישן לעבן.

יעקב-בער האָט ניט קיין שונאים און אויך ניט קיין קעגנער. ער האָט זיך זיין גלויבן און טראָגט זיך אַרום מיט זיין תורה, אָבער ער איז טאָלעראַנט צו אַלע און וועט זיינע אידייען ניט אַרויפצווינגען אויף קיינעם. ער זוכט נאָר דעם מענטש, וואָס קען זיין נוצלעך און מיטהעלפן אים אין זיין פאַרצווייגטער אַרבעט, אָדער דעם, וואָס נויטיקט זיך אין הילף, און וועמען ער קען אַרויסרייסן פון די נעגל פון יאוש און פאַרצווייפלונג.

ס'איז ניטאָ קיין איין אָרגאַניזאַציע ביי די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט, וואָס דינט וועלכע ס'איז הומאַניטאַרע צוועקן, אַז ער זאָל דאַרט ניט באַלאַנגען און צוטראָגן זיין אַרבעט, צייט און געלט. ער זוכט ניט קיין כבוד, און פרעמד זיינען אים עגאָאיסטישע צילן אָדער הינטערקוליסן פּאָליטיק. אָבער אומעטום ווערט ער דער אָנפירער, דער טאָן-געבער, דער נערוו, דאָס האַרץ און נשמה פון דער אָרגאַניזאַציע. ער געווינט זיין פּאָזיציע שנעל, לייכט, אָן יעדער אָנשטרענגונג, ווייל ער איז אויפריכטיק, און טיף-פאַראינטערעסירט אין דעם פּראָגרעס פון דער אַרבעט. ער איז שטענדיק דער שליח-צבור, דער סטימולירנדער כוח, דער הויפּט-נערוו, וואָס האַלט צוזאַמען, בויט, פּאַרפעקטירט, צעמענטירט און ברענגט אַריין דאָס דערהויבענע וואָרט, דעם טיפן גלויבן און התלהבות, מיט זיין גוטסקייט, און מיט זיין לעבענס-לוסט, מיט זיין אינטעליגענץ, און מיט זיין פאַרשטענדניש פאַר מענטשלעכע שוואַכקייטן, געווינט ער יעדענס צוטרוי און שטעקט אויך אָן יעדן מיט זיין געפיל פון אחריות און אידעאַליזם.

שוין פון זיין פריעסטער יוגנט אָן ווערט ער אַריינגעצויגן אין דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן. אָבער צום בולטסטן האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע גרויסע פייאיקייטן און פאַרדינסטן צווישן זיינע לאַנדסלייט אין אַמעריקע: אין אַרבעטער-רינג, אין דער יוניאָן, און אין פיל אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, ספּעציעל אין דעם „רעליף", וואו ער איז טעטיק ביז היינט-צו-טאָג.

און שטענדיק איז ער געווען דער געבער. ער פלעגט אוועק־געבן ניט נאָר זיין צייט, זיין ענערגיע, נאָר אויך זיין לעצטן אָפּגעשפּאָרטן דאָלאַר.

ער פלעגט קיינמאָל ניט זאָרגן זיך וועגן זיך, וועגן זיין אייגענער מאַטעריעלער לאַגע, וואָס איז אָפט געווען אַן אומ־זיכערע, און אָפט אפילו אַ קריטישע. אויב די אָרגאַניזאַציע האָט זיך גענויטיקט אין געלט (און ווען האָט זי זיך ניט גע־נויטיקט?), האָט שוין יעקב־בער, אַליין אַ האַרעפּאַשניק צוגע־טראָגן אַ סך מער, ווי ער האָט זיך געקענט דערלויבן. ער פלעגט אויך שטיצן נויטבאַדערפטיקע אין געהיים, אַריינשטופּן זיי אין די קעשענעס געלט אָן זייער וויסן, כאָטש דאָס איז שוין זיכער געווען איבער זיינע כוחות.

געקומען איז ער יונג קיין אַמעריקע, און אַזוי איז ער פאַרבליבן יונג! אַ סך פון זיינע חברים זיינען אַלט געוואָרן פאַר דער צייט און אַרויסגעשליידערט געוואָרן פון ברויזנדן לעבן. זיין באַגער צו אַרבעטן, צו זיין נוצלעך, איז קיינמאָל ניט אָפּגעשוואַכט געוואָרן, נאָר שטענדיק געוואַקסן און געקראָגן דעם אויסדרוק אין די פאַרצווייגטע טעטיקייטן.

ער האָט אַדורכגעלעבט שווערע צייטן, אָבער קיין שום טראַגישע דערשיינונג האָט ניט געקענט צעברעכן זיין שטאַרקן גייסט אָדער באַווירקן זיין טיפן גלויבן. זיין שטענדיק ווערטל איז געווען: „ס׳וועט זיין גוט״... און ער פלעגט מיט כעס אָנ־שרייען אויף די אַלע שוואַרצע קראָען, וואָס פּרואוון צווייפלען, און פאַרשפּרייטן יאוש.

און אויך מיר זיינען שטאָלץ צו האָבן אים אין אונדזערע רייען און ווינטשן אים נאָך לאַנגע־לאַנגע יאָרן פון פּרוכטבאַרע טעטיקייטן.

יעקב־בער מעג שטאָלץ זיין מיט זיין יונגען עלטער...

בן־מרדכי

# 50 יאָר געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט פון רפאל פעדערמאַן

(צו זיין 65סטן יובל)

רפאל פעדערמאַן, דער אַלעמענס גוט־באַקאַנטער טשענ־סטאָכאָווער לאַנדסמאַן, איז היי־יאָר געוואָרן 65 יאָר. דאָס איז אַ יובליי פון אַ געזעלשאַפטלעכן טוער, וואָס דאַרף פאַרצייכנט ווערן אין איצטיקן בוך, „טשענסטאָכאָוו״, צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע חשובע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט, וועמענס יובליי־פייערונג מיר דערמאָנען אויף אַן אַנדער אָרט אין איצטיקן בוך. רפאל פעדערמאַן האָט גאָר גרויסע פאַרדינסטן, סיי פאַר דעם פריערדיקן בוך „טשענסטאָכאָווער יידן״, סיי פאַרן איצטיקן בוך „טשענסטאָכאָוו״, וואָס איז אין תוך אַ המשך און דערגאַנצונג צום ערשטן בוך. מיר וועלן גאָר נישט מגזם זיין ווען מיר וועלן זאָגן, אַז רפאל פעדערמאַן האָט אפשר דעם גרעסטן חלק אין די דאָזיקע צוויי היסטאָרישע געדענק־ביכער געווידמעט דער יידיש חרוב־געוואָרענער שטאָט טשענסטאָכאָוו. טאַקע נאָר אַ דאַנק רפאל פעדערמאַנס טריי־איבערגעגעבענער אַרבעט, — מיט זיין כסדרדיקן וועקן און רופן די לאַנדסלייט און פריינד, — זיינען די דאָזיקע צוויי גאָר וויכטיקע ביכער דערשינען. אין ביידע ביכער ווערט רפאל פעדערמאַן דערמאָנט ווי אַ מיט־רעדאַקטאָר; ער איז אָבער געווען פיל, פיל מער ווי סתם אַ מיטרעדאַקטאָר. דאָס איז באַקאַנט יעדן איינעם, וואָס האָט נאָר אַ שייכות צו דעם צוזאַמענשטעל און דאָס דערשיינען פון ביידע ביכער: ביים איינלאַדן די מיטאַרבעטער, אָדער, למשל, ביים שרייבן צו לאַנדסלייט אין אַלע עקן וועלט, וכדומה. דאָס איז געווען אַן אַרבעט מער ווי פאַר איין מענטשן. אָבער רפאל פע־דערמאַן האָט דאָס אַלץ געטאָן באהבה, שטיל, אין דעם צימער פונעם בוך־געשעפט, ביי זיין אַרבעטס־טיש, אין די שעהן ווען ער איז נישט געווען באַשעפטיקט. באַזונדערס אין די פרייע טעג, אין די שבתים און זונטיקס, דעמאָלט ווען דער זיבעטער שטאָק אין דער „פאָרווערטס״־געביידע, וואו דער בילדונגס־קאָמיטעט פון אַרבעטער־רינג מיט אַלע זיינע אָפּטיילונגען געפינען זיך, — איז געווען שטיל, און אַלע אַנגעשטעלטע זיינען געווען אין דער היים, — איז רפאל פעדערמאַן איינער אַליין געזעסן ביי זיך אינעם בוך־געשעפט, און געטראַכט, געפּלאַנעוועט און געאַר־בעט פרום וועגן דעם בוך „טשענסטאָכאָווער יידן״, און די לעצטע צייט — וועגן איצטיקן בוך „טשענסטאָכאָוו״. צו רפאל פעדערמאַנס לויב מוז געזאָגט ווערן, אַז אים קומט טאַקע דעם גרעסטן שבח, וואָס נאָך דער דערשיינונג פונעם ערשטן בוך „טשענסטאָכאָווער יידן״, האָבן אַנדערע יידישע לאַנדסמאַנשאַפטן געהאַט פאַר זיך אַ גוטן מוסטער ווי אַזוי צו פאַראייביקן זייערע חרוב־געוואָרענע שטעט אין פּוילן, ליטע און אַנדערע שכנות־דיקע לענדער אין מזרח־אייראָפּע. דאָס אינהאַלטסרייכע בוך „טשענסטאָכאָווער יידן״ האָט, קען מען זאָגן, געמאָנט און געוועקט ביי די לעבעדיקע יורשים פון די אומגעקומענע קדושים — נישט צו פאַרגעסן די „עיר ואם בישראל״, די אַמאָליקע יידישע שטעט, אין וועלכע דורות יידן האָבן געלעבט און געשאַפן.

* * *

דעם שרייבער פון די שורות איז באַקאַנט די צאָל אַרטיק־לען, זכרונות און באַגריסונגען, וואָס זיינען אָנגעקומען אין דער רעדאַקציע וועגן אונדזער בעל־יובל. מיר האָבן באַשלאָסן די דאָזיקע זכרונות אַרויסצוגעבן אין אַ באַזונדער אויסגאַבע. אין די דאָזיקע באַגריסונגען קומט צום אויסדרוק די ליבשאַפט און פאַרערונג צו אונדזער חשובן לאַנדסמאַן. ער האָט עס כשר פאַרדינט! אין יעדן פון די אַרטיקלען ווערט דערציילט גאָר אַ סך פון רפאל פעדערמאַן דעם קולטור־טוער, דעם אָנגעזעענעם בונדישן פירער און קעמפער, רפאל פעדערמאַן דעם מיטגליד

אינעם טשענסטאָכאָווער שטאָט־ראַט און אין דער יידישער קהילה, און בכלל וועגן רפאל פעדערמאַן דעם פאַרליבטן אין יידישן וואָרט, אין דער יידישער ליטעראַטור. פון די דאָזיקע זכרונות, געשריבן פון זיינע יוגנט־פריינד, דערשיינט פאַר אונדז דער יונגער רפאל פעדערמאַן ווי אַ וויכטיקער געזעלשאַפטלעכער טוער און אידעאַליסט, אַ מאמין אין סאָציאַליזם, און אַ קעמפער פאַר יידישער רעכט. אָט זעט מען אים אַ יוגנטלעכן אין די פראָנט־רייען פון די קעמפער קעגן דעם דעספּאָטישצאַרישן רעזשים אין די יאָרן פאַרן ערשטן וועלט־קריג. כמעט נאָך אַ ייִנגל — איז ער שוין טעטיק אין דער יידיש־רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. מ׳זעט אים אין די פאַרשיידענע שליחותן, די געהיימע, אויפן וועג פון טשענסטאָכאָוו קיין וואַרשע. אין יענע טעג ווערט רפאל פעדערמאַן אַרעסטירט, און ער מוז אויף אַ צייט פאַרלאָזן פוילן, און זיך אויפהאַלטן אין דער שטאָט קראָקע, וואָס איז דעמאָלט געווען אונטער דער עסטרייכישער ממשלה.



רפאל פעדערמאַן

און ווען ער קומט צוריק אַהיים, איז ער ווידער פאַרנומען אין אַלע יידיש־געזעלשאַפטלעכע, פּאָליטישע און קולטורעלע טעטיקייטן. פעדערמאַנס יוגנט פאַלט זיך צונויף מיט די שענסטע יאָרן, די „רענעסאַנס" יאָרן פון דער נייער יידישער ליטעראַטור. רפאל פעדערמאַן איז טעטיק אין דעם קולטור־פאַראיין „לירע", אין דער ביבליאָטעק, און ער האַלט אין גרינדן דעם דראַמאַטישן פאַראיין. דאָ ווייזט פעדערמאַן אַרויס זיין טיפע ליבשאַפט צו יידיש און אירע שעפער. די דאָזיקע ליבשאַפט האַלט ער אָן ביזן הייגטיקן טאָג. און ס׳איז נישט קיין צופאַל וואָס איצט, צו זיין 65טן יובל, געפינט מען אים נאָך אַלץ אַרומגערינגלט פון יידישע ביכער טאָג־אויס, טאָג־איין.

פעדערמאַנען איז אַמאָל אויסגעקומען צו קעמפן אויף צוויי פראָנטן. ווי אַ ראַטמאַן אין טשענסטאָכאָווער שטאָט־ראַט פלעגט ער אויפטרעטן פאַר די פוילישע פאָרשטייער פון דער שטאָט־רעגירונג אין פויליש, און מיט ווירדע פלעגט ער פאַרטיידיקן דעם יידישן כבוד. אין די יאָרן נאָכן ערשטן וועלט־קריג, אין דעם באַפרייטן און אומאָפּהענגיקן פוילן, האָט פעדערמאַן נישט געשאַנעוועט די אַנטיסעמיטן און רעאַקציאָנערן, וואָס האָבן דעמאָלט כסדר געדריקט און פאַרפאָלגט די יידישע באַפעלקערונג מיט אַלערליי גזרות און נגישות. גרויס מוט האָט פעדערמאַן אַרויסגעוויזן אין זיינע רעדעס אין שטאָט־ראַט און געפאָדערט גלייכבאַרעכטיקונג פאַר די יידן אין טשענסטאָכאָוו. צווישן אייגענע, אין יידישן גבול, דאָ האָט פעדערמאַן ווידער אויך נישט ווינציקער געקעמפט פאַר דעם וואוילזיין פון די יידישע אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן. אַליין אַ קינד פון די אָרעמע יידישע געסלעך איז ער אויפגעוואַקסן אונטערן איינפלוס פון יידישן סאָציאַליזם און כסדר געקעמפט קעגן דער רעאַקציע אויף דער יידישער גאַס; פעדערמאַן העלפט גרינדן פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, אָרגאַניזירט די סטרייקן, און ער זעט כסדר, אַז דער עקאָנאָמישער מצב פון יידישן אַרבעטער זאָל פאַרבעסערט ווערן.

די לעצטע יאָרן, ביזן אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג, טרעפן מיר פעדערמאַנען אין וואַרשע אין די רייען פון „בונד". דאָס זיינען די שענסטע יאָרן פון אונדזער בעל־יובל. און ווען דאָס גרויסע אומגליק איז געשען מיטן אויסברוך פון קריג הייבט זיך אָן אַ ניי, טרויעריק קאַפּיטל אין פעדערמאַנס לעבן. פעדערמאַנען געלינגט אָבער צו פאַרלאָזן די ברענענדיקע שטאָט וואַרשע, צוזאַמען מיט נאָך הונדערטער טויזנטער יידן. ער מאַכט דורך די שבעה מדורי גהינום, פון טויזנטער זיינס גלייכן. ער ראַטעוועט זיך מיטן איבערגיין די סאָוועטישע גרענעץ, און ער לעבט איבער, ווי אַלע פליטים, דעם גאַנצן גרויל פון דעם סאָוועטישן „גן־עדן". ביז ער קומט ענדלעך אָן, בשלום, אין די פאַראייניקטע שטאַטן. און גלייך ביי זיין אָנקומען, וויבאַלד ער טרעט נאָר אויף דער פרייער אַמעריקאַנער ערד, וואַרפט ער זיך אַריין אין דער אַרבעט פאַר זיינע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט. ער קען נישט רוען אין די טעג פון חורבן, ביז ער דערוואַרט זיך נאָכן קריג, ווען די באַפרייטע לעבנאיבערגעבליבענע יידן, אין די דייטשע לאַגערן, אין די די.־פּי. קעמפּס, הייבן אָן זיך ווענדן נאָך הילף. פעדערמאַנס אָפיס, וואו ער אַרבעט, ווערט פאַקטיש די אַדרעס פון טויזנטער יידישע פליטים אין דייטשלאַנד. ער העלפט, ער זאַמלט געלט, פּעקלעך שפּייז, קליידער און ער טוט אַלץ אַרויסצוראַטעווען זיינע לאַנדסלייט פון די די.־פּי. לאַגערן.

אין דער אַרבעט פאַר זיינע לאַנדסלייט פאַרגעסט נישט פעדערמאַן אין די אַלטע ליבע זיינע — דאָס יידיש־שעפערישע וואָרט: די יידישע ליטעראַטור, דעם המשך פון אונדזער גייסטיק לעבן דאָ, אין דער פרייער אַמעריקע.

צו זיין 65סטן יובל שיקן מיר דעם ליבן רפאל פעדערמאַן אונדזערע האַרציקע ברכות און מיר ווינטשן אים, אַז ער זאָל אויך דאָ, ווי אַמאָל, ווייטער ממשיך זיין די אַרבעט, וואָס איז אים און אונדז אַלעמען אַזוי טייער.

## צבי ראָזענוויין

# רפאל פעדערמאַן

## (שטריכן)

איך האָב געהאַט בדעה צו שרייבן אַ גרעסערע אַרבעט וועגן אונדזער היינטיקן בעל־יובל — רפאל פעדערמאַן. רפאל פעדערמאַן פאַרדינט, לכל־הדעות, אַז מען זאָל שרייבן וועגן אים און זיין שטורמיש־אינטערעסאַנט און שעפעריש לעבן — וואָס אויספירלעכער. ליידער קען איך עס איצטער נישט טאָן. סיי גייסטיק, סיי פיזיש בין איך נישט ביכולת אָנצושרייבן די אַרבעט וועגן רפאל'ן ווי מיר וואָלט זיך וועלן. איך געהער, צו באַדויערן, נישט צו די אייזן־פעסטע נאַטורן צו וועלכע רפאל פעדערמאַן געהערט; ער קען אויסטראָגן אויף זיינע פלייצעס די שווערסטע איבערלעבונגען, די ביטערסטע אַנטוישונגען, און דאָך — בלייבן פעסט ביי זיין אידעאַלן גלויבן.

יאָ, די צייט האָט אויסגעפורעמט די פאַרשידנאַרטיקייט פון אונדזערע כאַראַקטערן. איז דאָך רפאל רייף און אַקטיוו געוואָרן, אין אַ רענעסאַנס־צייט אין דער מענטשלעכער געשיכטע, ווען די לופט איז פול געווען מיט גלויבן און האָפענונג! דער דור שפעטער, צו וועלכן איך געהער, איז געוואקסן אין שאָטן פון אונטערגאַנג, ווען אַלע ווערטן און אידעאַלן זיינען פאַנאַנדערגעפאַלן; ווען דער גייסט פון אָנקומענדיקן חורבן האָט שוין געשוועבט אין דער לופטן. דעריבער קומט עס אויס, אַז אין די יאָרן אין וועלכע מיר ביידע לעבן, בין איך דער יינגערער אין יאָרן, דער זקן, וואָס איז דורכגעפרעסן מיט די חורבן־בילדער פון דער פאַרגאַנגענהייט, אויסגעוואָרצלט פון דער קעגנוואַרט, און פאַרצווייפלט איבער דער צוקונפט. בעת רפאל פעדערמאַן איז אויפדאָסניי פול מיט יוגנטלעכן ברען און גלויבן און איז ווייטער אַקטיוו אין אַזעלכע קרייזן, אין וועלכע עס איז מעגלעך פאַר אים צו זיין אַקטיוו.

ווען איך טראַכט וועגן רפאל פעדערמאַנען — און איך טראַכט וועגן אים זייער אָפט — זע איך אים ווי אַ סימבאָל פון אַ גרויסן, רעוואָלוציאָנערן, העראָאיש־קעמפערישן יידישן דור, וואָס האַלט שוין אין פאַרשווינדן; אַ דור, וואָס האָט מיט שטורעם און דראַנג געענדערט דאָס פּנים פון דעם יידישן און אַלגעמיין־מענטשלעכן לעבן; אַ דור, וואָס האָט מיט זיינע אידעאַלן געענדערט דאָס גייסטיקע, קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע יידישע לעבן און אַפילו פיזיש געענדערט דאָס אויסזען פונעם יידן.

פון אַ פאַר'חושכ'טער, דערנידעריקטער, בעליידיקטער יידישער מאַסע, האָבן זיי, די רעוואָלוציאָנערן, אויפגעשטעלט פרייע, שטאָלצע, קעמפערישע יידן, וואָס האָבן געקעמפט פאַר זייערע פאָליטישע, עקאָנאָמישע און מענטשלעכע רעכט. זיי האָבן אויסגעבילדעט גרויסע קאַדרען פון אַן אַרבעטער־באַוואוסטזיניקער אינטעליגענץ; אויפגעבויט שולן, אָרגאַניזירט דראַמקרייזן, ביבליאָטעקן, און געהאָלפן בויען אַ גרויסע, מעכטיקע רייכע ליטעראַטור אין יידיש.

דער דאָזיקער דור, אין וועלכן רפאל פעדערמאַן פאַרנעמט אַן אויבן־אָן, האָט צוזאַמען מיט דעם קאַמף וועלכן ער האָט אָנגעפירט פאַר ענדערן און דערהויבן דאָס יידישע לעבן, גלייכצייטיק אויך אָנגעפירט דעם קאַמף פאַר ענדערן און דערהויבן דעם לעבנס־שטייגער פון דעם אונטערדריקטן ניט־יידישן אַרבעטער. דער דאָזיקער יידישער רעוואָלוציאָנער האָט פאַרשטאַנען, אַז דער גורל פון דעם יידישן לעבן איז אָפהענגיק פון דעם גורל פון דער גאַנצער מענטשהייט.

און דערפאַר איז דער דאָזיקער ייִדיש־רעוואָלוציאָנערער דור געווען אַזוי אַקטיוו און פאַרנומען די ערשטע פאָזיציעס אין דעם קאַמף פון העלפן שאַפן אַ נייע, גערעכטע און שענערע וועלט.

* * *

אין מיינע אָפטע מאָמענטן פון נאָסטאַלגיע, פון טיפער בענקשאַפט נאָך דעם אַמאָליקן שפרודלדיקן אַקטיוון יידישן לעבן, וואָס איז אַזוי ברוטאַל מיט וואָרצל אויסגעריסן געוואָרן, שווימט אָפט אַרויס פאַר מיר אַ בילד פון אַמאָליקן יידישן לעבן אין טשענסטאָכאָוו:

איך בין אַ יינגל. עס איז דער ערשטער מאַי. נישט קיין געוויינטלעכער טאָג. אַפילו די לופט אין דושנעם, שמוציקן גאָרנצאַרסקע געסל, שמעקט היינט אַנדערש. אויך די שטימונג ביי די פאַרפּראַצעוועטע און פאַריאָגטע מענטשן פון דעם געסל — איז אַנדערש. עס איז אַ יום־טובדיקע שטימונג. אָבער נישט געוויינלעך יום־טובדיק ווי די אַנדערע יידישע יום־טובים, — עס איז אַ יום־טוב אָנגעפילט מיט שפּאַנונג, מיט דערוואַרטונג.

מען שמועסט אין געסל, אַז עס וועלן פאָרקומען היינט גרויסע אַרבעטער־דעמאָנסטראַציעס, און אַז די אַנטיסעמיטן גרייטן זיך אָנצופאַלן אויף די דעמאָנסטראַנטן. איך ברען ממש פון נייגיר און דערוואַרטונג. און נישט ווייניק אויך פון פחד; ווער ווייסט וואָס פאַר אַן אומגליק די דאָזיקע דעמאָנסטראַציע קען ברענגען פאַר די יידן?

אָן דעם וויסן פון די עלטערן לויף איך, מיט אייניקע חברים מיינע, אין די אַלעען, בייצוזיין ביי דער דעמאָנסטראַציע.

די אַלעען זיינען געפּאַקט מיט טויזנטער אָנגעהעצטע פּאָליאַקן. און אָט זעט מען אָנקומען די דעמאָנסטראַציע: די לופט ווערט ווי עלעקטריזירט. טויזנטער מאַרשירן זיי מיט די ריזיק גרויסע רויטע פענער, מיט די פילע טראַנספּיראַנטן, מיט קאַמפּסלאָזונגען אין דער יידישער און אין פּוילישער שפּראַך. אין דער זייט פון דער דעמאָנסטראַציע גייט די מיליץ פון די אַרבעטער מיט גראָבע שטעקנס אין די הענט. זיי היטן די אָרדענונג, און די טויזנטער אָנגעהעצטע פּאָליאַקן וואַגן נישט אָנצופאַלן אויף די יידישע אַרבעטער!

פון צווישן די דעמאָנסטרירנדיקע זע איך אייניקע באַקאַנטע פון מיין הויף, פון מיין געסל, וואו איך וואוין. אָבער איך דערקען זיי כמעט נישט. עפּעס זיינען זיי ווי אַנדערע מענטשן היינט פאַר מיר אויסגעוואקסן. זייערע טריט — אַזעלכע פעסטע! זייער גאַנג אַזאַ זיכערער! זייערע אויגן זיינען מיט אַזאַ פלאַם פון האָפענונג!

אין שפּיץ פון דער דעמאָנסטראַציע גייט אַ מאַן וואָס דרייט

זיך אָפּט אויס מיטן פּנים זײַנעם צו דער מאַסע, און ער מאַכט אויסרופן אין יידיש און אין פויליש, און די גאַס ווערט אָנגעפילט פון דעם הילכיקן אויסגעשריי פון די טויזנטער דעמאָנסטראַנטן וואָס איבערחזרן די אויסרופן.

איינער פון מײַנע חדר־חברים זאָגט מיר, אַז דער מאַן, וואָס פירט אָן מיט דער דעמאָנסטראַציע, און וואָס מאַכט די אויסרופן, הייסט רפאל פעדערמאַן.

ביי די דאַמאָלטדיקע חדר־ייִנגלעך איז רפאל פעדערמאַן ממש אויסגעוואקסן ווי אַ סימבאָליש געשטאַלט. ער איז דער קעמפער פון יידישער און מענטשלעכער ווירדע! און מער ווי איין חדר־ייִנגל האָט דעמאָלט, אין יענעם מאַי־טאָג, אָנגעהויבן טראַכטן זיך צו באַפרייען פון דעם ענגן גאָרנצאַרסקע געסל, פון די מעשיות וועגן שדים און רוחות וואָס פילן אָן די וועלט, און אָנהויבן זוכן די אמתע בייזע כוחות וואָס פאַרשקלאַפן די וועלט.

זייער אָפט ווען איך טרעף מיך היינט מיט פעדערמאַנען מיט דעם גרויען קאָפּ האָר, — בליק איך צוריק צו דעם ברויזנדיקן קעמפערישן אַרבעטער־פירער רפאל פעדערמאַן פון יענער ערשטער מאַי דעמאָנסטראַציע. און אין האַלדז שטיקן די טרערן, טראַכטנדיק: וואו זיינען איצט יענע טויזנטער דעמאָנסטרירנדיקע אַרבעטער אידעאַליסטן?...

* * *

כאָטש איך האָב געהערט צו אַן אַנדער באַוועגונג, האָב איך אָבער נאָכגעפאָלגט מיטן גרעסטן אינטערעס די אַרויסטרעטונגען און געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעטן פון רפאל פעדערמאַנען. זײַנע אַרויסטרעטונגען אַלס דאָזאָר איף די זיצונגען פון דער יידישער קהילה־פאַרוואַלטונג אין טשענסטאָכאָוו, זיינען שטענדיק געווען אָנגעפילט מיטן פייער פון פּראָטעסט פון די האָרעפּאַשנע אָרעמע אַרבעטער און פאָלקסמאַסן, וועמעס פאָרשטייער ער איז געווען. און גאָר וויכטיק זיינען געווען זײַנע אַרויסטרעטונגען אַלס ראַטמאַן, אויף דער טריבונע פון אַלגעמיינעם שטאָט־ראַט.

אין שטאָט־ראַט האָט פעדערמאַן געלאָזט הערן די שטימע פון פּראָטעסט פון דער גאַנצער אונטערדריקטער יידישער באַפעלקערונג וואָס זיינען פאַרפאָלגט געוואָרן אַלס יידן דורך דער מערהייט פון די ענדעקעס.

ב. פעדערמאַן האָט מוטיק געפאָדערט גלייכע רעכט און גלייכע סובסידיעס פאַר די יידישע אינסטיטוציעס, יעדע אַרויסטרעטונג זײַנע אין שטאָט־ראַט האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם. באַזונדערס איז ווערט צו דערמאָנען זיינס אַן אַרויסטריט אין שטאָט־ראַט און דווקא אין דער יידישער שפּראַך! מען קען זיך קוים פאָרשטעלן וויפיל מוט און קאַמפּסלוסט עס האָט זיך געפאָדערט צו האַלטן אַ רעדע אין יידיש אויף דער טריבונע פון דאַמאָלטדיקן אַנטיסעמיטישן שטאָט־ראַט! נאָר רפאל פעדערמאַן אַליין האָט עס געקענט באַווייזן!

* * *

פון זײַנע טעטיקייטן אויפן אַמעריקאַנער באָדן איז פעדערמאַנען גאָר אַ סך צו פאַרדאַנקען דאָס דערשיינען פון בוך „טשענסטאָכאָווער יידן", און איצט דאָס בוך „טשענסטאָכאָוו". איך וואָלט אָבער וועלן אַרויסברענגען אייניקע שטריכן ווי איך זע פעדערמאַנען דעם געזעלשאַפטלעכן עסקן אין די לעצטע יאָרן אין ניו יאָרק.

איך האָב אים נישט געטראָפן אין די ערשטע יאָרן דאָ, די יאָרן וואָס ער באַשרייבט אין זיין אויטאָביאָגראַפיש בוך „ביי די טייכן וואַרטע און איסט ריווער". דעמאָלט ווען ער האָט זיך געריסן צו פאָרן צוריק קיין פוילן. איך האָב אים שוין געטראָפן אין דער צייט ווען ער האָט שוין געהאַט שלום געמאַכט מיטן געדאַנק צו פאַרבלייבן דאָ אין ניו יאָרק. די דאָזיקע, ווי איך וואָלט עס אָנגערופן, בירגערלעכע סטאַביליטעט, פילט זיך באַזונדערס אין זיין טראַכטן און פילן. פעדערמאַן איז איצט נישט מער דער קעמפערישער צוימען־ברעכער, ער גייט איצט אין זיין דענקען און פילן אויפן וועג פון לייכטן ווידערשטאַנד, פון שלום מאַכן מיט די נייע אַמעריקאַנישע אומשטענדן.

איך גלויב אַז פעדערמאַן איז אין דעם פּרט נישט קיין אויסנאַם .איך זע דאָס ביי אַלע געוועזענע יידישע רעוואָלוציאָנערן וואָס זיינען אין די געטאָס נישט געוועזן. כאָטש זיי ווייטיקן זייער אַ סך, און עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז אויך פעדערמאַן ווייטיקט טיף, אויף דעם גרויסן חורבן פון אונדזער פאָלק. זיי באַגרייפן אָבער נישט דעם גרויסן גייסטיקן חורבן, דעם אידעען־חורבן וואָס דער אומקום האָט מיט זיך געבראַכט. פעדערמאַן, פונקט ווי די אַנדערע פון זיין דור רעוואָלוציאָנערע פירער, לעבן נאָך מיט די אַמאָליקע באַגריפן פון אַ יידיש לעבן; מיט די באַגריפן פון סאָציאַליזם. דאָס לעבן דאָ קומט זיי פאָר ווי אַ המשך פון אַ פריערדיקן לעבן. זיי קענען נישט באַגרייפן, און זיי וועלן קיינמאָל מער נישט באַגרייפן, אַז יידיש לעבן און די אַלע באַגריפן פון מענטשלעכער באַפרייאונג, איז אויף אייביק פאַרברענט געוואָרן אין די גאַז־אויוונס פון אוישוויץ און טרעבלינקע, צוזאַמען מיט די פאָן טרעגער און קעמפער פון אַמאָל.

ווי אַ פערזענלעכער פריינד פון פעדערמאַנען פרייט מיך אים צו זען איינגעהאַלטענער, שטילער, און אפשר מער צופרידן. פאַר מיר אָבער וועט ער שטענדיק בלייבן דער קעמפערישער רפאל פעדערמאַן, פון יענער העראָאישער ערשטען מאַי־דעמאָנסטראַציע אין טשענסטאָכאָוו, דער סימבאָל פון אַ שטורמיש לעבן וואָס איז אויף שטענדיק שוין פאַרשוואונדן.




דער ייד אין געטאָ-קאַמף

געצייכנט פון נאַטע קאָזלאָווסקי



# טשענסטאָכאָווער אין אַמעריקע

ד״ר וו. גליקסמאַן

## די טעטיקייט פון פאַראייניקטן טשענסטאָכאָווער רעליף קאָמיטעט אין ניו־יאָרק

(1957—1950)

### אַרײַנפיר

אין דעם יאָר 1950 האָט די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין ניו־יאָרק אָנגעהויבן אַ נײַ קאַפּיטל אין איר געשיכטע און טעטיקייט. אַ גרויסער טייל פון אירע מיטגלידער — די וואָס זײַנען געווען אירע בויער און גרינדער, האָבן זיך געהאַט אָפּגעזאָגט ווייטער אָנצופירן און אָנגיין מיט דער אַרבעט פונעם רעליף. די שוועסטער אָרגאַניזאַציעס, ווי די „יאָנג מען”, ווי דער אָרדן־ברענטש, ווי די „דזיאַלאָשינער חברה” וואָס זײַנען געווען אַן אינטעגראַלער טייל פונעם „פאַראייניקטן טשענסטאָכאָווער רעליף קאָמיטעט און ליידיס אָקזילערי”, האָבן זיך בהדרגהדיק דערווייטערט פון דער אָרגאַניזאַציע. מיט דער קאַדענץ אונטער דער אָנפירערשאַפט פון פּ׳ יעקב סענזער, האָבן די דאָזיקע אײַנגעזעסענע און פאַרדינסטפולע לאַנדסלײַט פאַרענדיקט זייער אָנטייל אין דער אַקטיווער הילף אַרבעט פון רעליף.

די לאַנדסמאַנשאַפטן, בתוכם אויך די טשענסטאָכאָווער, האָבן דעמאָלט דורכגעמאַכט אַן אידעאָלאָגישן קריזיס. די צילן און אויפגאַבעס וואָס זײַנען געווען דער יסוד פאַר דער עקסיסטענץ פון יעדער לאַנדסמאַנשאַפט, האָבן פאַרלאָרן אַ סך פון דעם אָנהאַלט. די אַלטע היים, וואָס איז געווען דער צעמענטירנדיקער כח וואָס האָט צוזאַמענגעהאַלטן לאַנדסלײַט אין דער פרעמד, האָט מער ניט עקסיסטירט. און אַפילו אויב עס איז געבליבן אַ קליינער מיעוט — דרך אגב אַ פרעמדער פאַר די אָרטיקע אַלטע אײַנגעוואַנדערטע לאַנדסלײַט, איז ער ניט געווען גענוגנדיק צו פּרעזערווירן דעם סענטימענט און באַציאונג צו דער היימשטאָט. דער פּסיכאָלאָגישער מאָמענט האָט דאָ גובר געווען דאָס געפיל. למען האמת מוז געזאָגט ווערן אַז אַזוינע טענדענציעס פון יאוש און אָפּהענדיקייט האָבן זיך שוין געהאַט געוויזן באַלד נאָכן סוף פון דער מלחמה. דער חורבן פון די יידישע קהילות אין פּוילן, האָט געהאַט געשאַפן, דאָ צווישן לאַנדסלײַט, אַ דעפּיטיסטישע אַטמאָספערע וואָס האָט אונטערגעגראָבן אַ סך שאַפנדיקע כוחות. פאַר אַ ווײַלע האָט זיך אויסגעדאַכט אַז די פאַלשע נביאים זײַנען געווען אומגערעכט. דווקא אין די ערשטע יאָרן נאָך דער מלחמה האָט דער יידישער קיבוץ אין פּוילן און אין טשענסטאָכאָוו געהאַט אַרויסגעוויזן אַ וויטאַליטעט און אַ ווילן צו עקסיסטירן. צו אונדזער גרויסן צער האָט די ווירקלעכקייט זיך אַרויסגעוויזן אַן אכזריותדיקע און טרויעריקע. דער יידישער ישוב אין טשענסטאָכאָוו איז רעדוצירט געוואָרן צו אַ קליין הייפעלע נפשות. די נעגאַטיווע טענדענציעס וואָס האָבן באַהערשט געוויסע עלעמענטן אין די ערשטע יאָרן נאָך דער מלחמה האָבן ווידער אַמאָל געוואונען די איבערהאַנט.

נאָך סיבות פאַר די שריט וואָס די אַוועקגייענדיקע האָבן געהאַט אָנגעגעבן זײַנען, למען האמת, געווען מער אָביעקטיווע ווי סוביעקטיווע. די קאַלטע מלחמה וואָס האָט זיך צעפלאַקערט צווישן מזרח און מערב, די פּאָליטישע שינויים וואָס זײַנען פאָרגעקומען אין די מזרח אייראָפּעאישע לענדער, דאָס כסדרדיקע פאַרקלענערן זיך פון דער שארית הפליטה אין פּוילען, און בתוכם אויך אין טשענסטאָכאָוו, זײַנען ניט געבליבן אָן השפעה אויף די אַוועקגייענדיקע יחידים. אויך דאָס פאַרקלענערן זיך פון פאָדערונגען אויף הילף פון טשענסטאָכאָווער אין טשענסטאָכאָוו האָט אין אַ גרויסער מאָס גורם געווען צו דעם באַשלוס פון די אָפּטרעטנדיקע. פון דער אַנדער זייט האָבן זיי פאַרטיידיקט זייער שריט מיט דעם פאַקט וואָס יידישע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס דאָ אין לאַנד האָבן געהאַט אונטערגענומען אַלגעמיינע געהילף־אַקציעס פאַר דער שארית הפליטה וואָס איז געקומען קיין אַמע־

ריקע, און אויך פאַר די וואָס האָבן זיך גענויטיקט אין הילף אין יעדן אָרט און לאַנד וואו הילף האָט געקאָנט דערגיין.

צום שבח פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט מוז אָבער געזאָגט ווערן, אַז ניט אַלע אירע מיטגלידער האָבן נאָכ־געפאָלגט די שריט פון די אַוועקגייענדיקע. עס זיינען געבליבן יחידים פון דער אָפּטרעטנדיקער פאַרוואַלטונג, ווי אויך אַ צאָל לאַנדסלייט, וואָס האָבן געוואָלט אָנהאַלטן די אָרגאַניזאַציע אויף ווייטער. לויט זיי זיינען נאָך געווען גענוג סיבות אָנצופירן אַ טעטיקייט. אמת טאַקע, די אָנגעצייכנטע אַרבעט פלעגער האָבן זיך ניט געהאַט פאַרמאָסטן צו אַזאַ פאַרנעם ווי אין די פריערדיקע יאָרן. זיי האָבן אָבער ניט געוואָלט איבערלאָזן קיינעם, וואָס וואָלט זיך געווענדט נאָך הילף אָן שטיצע. און אַט דער ווילן און אחריות צו דערפילן דעם הילף־רוף פון אַ יחיד איז שוין געווען אַ גענוגנדיקער באַרעכט פאַר די געבליבענע אָנצוהאַלטן די ווייטערדיקע עקסיסטענץ פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.

* * *

די אַרבעט פון רעליף איז איבערגעגאַנגען אין די הענט פון ר. פעדערמאַן, דעם פּרעזידענט, און דעם סעקרעטאַר, ק. לעדערמאַן. זיי האָבן זיך באַמיט צו רעאָרגאַניזירן דעם רעליף און געמאַכט יעדן אָנשטרענג צוציען די ניי־געקומענע לאַנדסלייט. אין אָנהייב האָט זיך געהאַט אויסגעדאַכט אַז עס וועט געלינגען צו אַקטיוויזירן צוריק דעם רעליף. די ניי־געקומענע האָבן זיך געהאַט געשאַפן אַ קלוב און זיי פלעגן זיך צוזאַמענקומען ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן — בעיקר יום־טובים. די איבערגע־בליבענע פון דער פריערדיקער פאַרוואַלטונג האָבן זיך געהאַט באַמיט צו שאַפן אַן אַטראַקטיווע און היימישע אַטמאָספערע, כדי צוזאַמענצוברענגען וואָס מער נייע לאַנדסלייט. צום באַדויערן האָבן זיך די פּרואוון ניט איינגעגעבן ווי געהעריק און ניט גע־ברענגט די נויטיקע רעזולטאַטן. אַ סך פון די נייע האָבן זיך אָפּגעזאָגט מיטצואַרבעטן, מחמת ריין פערזענלעכע סיבות. ממילא איז די ווייטערדיקע אַרבעט אָפּגעשוואַכט און פאַרשמעלערט גע־וואָרן, אָבער זי האָט ניט אויפגעהערט.

סוף 1950 האָט זיך דער מצב געהאַט ווייטער פאַרערגערט. צו דעם דוחק אין אַרבעט־כּוחות איז געהאַט צוגעקומען דער דוחק אין געלט. עס איז שווער געווען נאָכצוקומען די פאָדע־רונגען נאָך הילף. די אָנפירנדיקע יחידים האָבן געהאַט צוזאַמענ־גערופן אַ דרינגענדיקע זיצונג פון די שוועסטער אָרגאַניזאַציעס ווי די „טשענסטאָכאָווער יאַנג מען", „די דזיאַלאָשינער חברה" און מיטגלידער פון טשענסטאָכאָווער ברענטש פון „אָרדן" צו באַטראַכטן דעם געשאַפענעם מצב. טראָץ זייער צוזאָג צו באַ־טייליקן זיך אין די רעליף אַרבעטן, האָבן זיך אָבער אָנגעהויבן צו באַוויזן טענדענציעס אויפצוגעבן די רעליף־טעטיקייטן. צום גליק האָט קיינער ניט געהאַט אַראָפּגעברענגט אַזאַ פאַרשלאַג

פונדעסטוועגן, און טראָץ די שווערע אַרבעט־באַדינ־גונגען האָט דער רעליף באַוויזן דורכצופירן אין יאָר, 1950, צוויי וויכטיקע אונטערנעמונגען כדי אַריינצוקריגן געלט־מיטלען ווי א) די הזכרה נאָכן חורבן טשענסטאָכאָוו וואָס איז פאָרגעקומען דעם 8טן אָקטאָבער, אין זאַל פון מאַנהעטן פּלאַזאַ, 66 איסט 4טע סטריט, ניו־יאָרק; ב) דעם 30־יאָריקן יובילײ באַנקעט געוויד־מעט די טוער פון רעליף אין לײדיס אָקזילערי. עס איז אויך דערשינען אַ בולעטין וואָס האָט געגעבן אַן אַריינבליק אין דער טעטיקייט פון רעליף פאַר די פאַרגאַנגענע יאָרן און וועלכער אַנטהאַלט אַ רייכן אינפאָרמאַציוון אינהאַלט. דער רעליף האָט אויך אונטערגענומען אַן אַקציע צו שאַפן אַרבעט פאַר לאַנדסלייט.

* * *

דעם 28טן מאַרץ 1951 זיינען דערוויילט געוואָרן נייע באַ־אַמטע, וואָס האָבן זיך אונטערגענומען אָנצוגיין מיט דער אַרבעט טראָץ אַלע שטערונגען און שוועריקייטן. אַלס פּרעזידענט ווערט דערוויילט פ' ה. זיגאַס, און ראַמאַלאָווסקי — סעק־רעטאַר. פרוי ח' ראָטמאַן — וויצע־פּרעזידענטן, און דוד פרייער־מויער — קאַסירער. ביי די ליידיס אָקזילערי ווערט פרוי וויקטאָ־ריאַ דייוויס דערוויילט ווי די פאָרזיצערן און די פרויען רחלע פרייערמוירע און מיני דוימאַן — וויצע פאָרזיצערנס; סעקרע־טאַרשע — ג. פעדערמאַן, קאַסירערן — פרוי העלען טשאַרני.

שוין די ערשטע אויפגאַבעס, וואָס דער ניי־דערוויילטער רעליף האָט דורכגעפירט, האָבן ווידער אַ מאָל באַשטעטיקט די נויטווענדיקייט פאַר דער עקסיסטענץ פון דער אָרגאַניזאַציע. מיט מי און אַנשטרענגונג האָט דער רעליף באַוויזן אַרויסצושיקן קיין ישראל, פאַר דעם אָנקומענדיקן פּסח, 30 פּעקלעך שפּייז יאַר אַ סכום פון 300 דאלער, ווי אויך מעדיקאַמענטן פאַר קראַנ־קע לאַנדסלייט. געלט־שטיצעס זיינען געגעבן געוואָרן צו אַ ניי־געקומענעם דאָ אין לאַנד, ווי אויך פאַר אַ קראַנקער פרוי אין שוועדן. דער רעליף האָט, מיט דער פינאַנציעלער מיטהילף פון די „טשענסטאָכאָווער יאַנג מען", געגעבן 200 דאלער אויף אַ קינסטלעכן פוס פאַר אַ לאַנדסמאַן אין ישראל. צווישן די אונ־טערנעמונגען, וואָס דער רעליף האָט דורכגעפירט אין משך פון יאָר, איז געווען די יערלעכע אזכרה נאָכן אומקום פון טשענ־סטאָכאָווער ישוב דאָס איז געווען דעם 28טן אָקטאָבער, 1951, אין מאַנהעטן פּלאַזאַ, 66 איסט 4טע סטריט, ניו־יאָרק.

עס זיינען אויך דורכגעפירט קולטור־אונטערנעמונגען און ביסלעכוויז האָט זיך געהאַט איינגעשטעלט אַ לעבעדיקער קאָנ־טאַקט מיט לאַנדסמאַנשאַפטן מחוץ די פאַראייניקטע שטאַטן. דער רעליף איז געוואָרן דער בינד־גליד און אַן אַדרעס וואו יחידים לאַנדסלייט האָבן זיך געקאָנט צוזאַמענטרעפן. ביי זיצונגען זיינען טיילמאָל אָנוועזנדיק געווען לאַנדסלייט פון קאַנאַדע און לעבעדיקע גרוסן זיינען געבראַכט געוואָרן פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדס־מאַנשאַפט אין אַרגענטינע. דער רעליף האָט זיך באַטייליקט מיט באַגריסונגען אין פאַרשיידענע יום־טובים וואָס עס האָבן געפייערט לאַנדסמאַנשאַפטן מעבר לים.

* * *

בהדרגהדיק האָט דער רעליף געהאַט אָנגעהויבן אין יאָר, 1952, אויסצוברייטערן זיין טעטיקייט אין פאַרשיידענע ריכטונ־גען. עס זיינען געמאַכט געוואָרן באַמיאונגען, דורך דעם אַרבע־טער־קאָמיטעט, צו ברענגען קיין אַמעריקע איינע פון אונדזערע לאַנדסלייט — אַ פרוי. עס זיינען געמאַכט געוואָרן אָנשטרענגונ־גען צו פאַרשפּרייטן דאָס בוך „טשענסטאָכאָווער יידן" דאָ און אין אַנדערע לענדער. צווישן די קולטור־אונטערנעמונגען וואָס דער רעליף האָט געהאַט איינגעאָרדנט, צוזאַמען מיטן קלוב פון די ניי־געקומענע, זיינען פאָרגעקומען אַ פּורים־באַל דעם 15טן מאַרץ, אַ דריטער סדר דעם 13טן אַפּריל, און אַ חנוכה־אָוונט דעם 21סטן דעצעמבער. די יערלעכע אזכרה איז פאָרגעקומען דעם 26סטן אָקטאָבער אין מאַנהעטן פּלאַזאַ, 66 איסט 4טע סטריט. די זיצונ־גען וואָס זיינען פאָרגעקומען אין משך פון יאָר, האָבן אַרויס־געבראַכט דעם פאַקט, אַז דער רעליף האַלט אָן אַ פאַרבינדונג מיט די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן אין קאַנאַדע, אין

ישראל און אין אַנדערע שטעט אין אַמעריקע. דעם 7טן דעצעמבער זיינען דערוויילט געוואָרן נייע באַאמטע. דער אַמט פון פּרעזידענט האָלט ווייטער אָן פּ׳ ה. זיגאַס. עס האָבן זיך געביטן די אַמטן פון סעקרעטאַר און קאַסירער. ווי דער סעקרעטאַר ווערט דערוויילט פּ׳ ר. פעדערמאַן און ווי אַ געהילף — פּ׳ ח. רויטמאַן. דער קאַסירער אַמט איז אָנפאַרטרויט געוואָרן פּ׳ בידא. אין דער ליידיס אָקזילערי ווערן דערוויילט די פּ׳ פרייערמויער — ווי די פּאָרזיצערין, פרוי שאָהאַם — קאַסירערין, און פּ׳ טשאַרני.

*　　*　　*

מיט די דאָזיקע קליינע שינויים אין דער אָנפירערשאַפט האָט דער רעליף אָנגעהויבן זיין אַרבעט אין יאָר 1953. די עובדה וואָס דער סעקרעטאַריאַט איז איבערגעגאַנגען אין פּ׳ ר. פעדערמאַנס הענט, האָט געהאַט אַ וויכטיקן באַטייט. ווי איינער וואָס האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער רעליף אַרבעט זינט דעם סאַמע אָנהייב פון זיין קומען קיין אַמעריקע, האָט ער געהאַט דעם געהעריקן אַריינבליק אין די נויטן פון דער אָרגאַניזאַציע, און ממילא איז ער געווען דער פּאַסיקסטער מענטש אָנצוהאַלטן דעם לעבעדיקן נערוו — דעם סעקרעטאַריאַט. עס האָבן זיך ווייטער געהאַט אָנגערופן לאַנדסלייט וועגן הילף. פאַר דעם צוועק האָבן זיך גענויטיקט מאַטעריעלע מיטלען ווי קליין זיי זיינען ניט געווען. ווי אין די פריערדיקע יאָרן האָט דער רעליף צוזאַמען מיט דעם געשאַפענעם קלוב, געהאַט אויך איצט אַ ריי אונטערנעמונגען וואָס האָבן געדאַרפט אַריינברענגען די געהעריקע געלט הכנסה פאַר הילף. דעם 18טן יאַנואַר איז פאָרגעקומען דאָס איינשווערן פון נייע באַאמטע. דער פּורים־באַל איז פאָרגעקומען דעם 28סטן פעברואַר. דער דריטער סדר איז פאָרגעקומען דעם 5טן אַפּריל, אין אַקאַדעמי האָל, 853 בראָדוויי. די יערלעכע אזכרה נאָך דעם חורבן טשענסטאָכאָוו, די 11טע אין דער ריי, איז פאָרגעקומען זונטיק דעם 25סטן אָקטאָבער (ט״ז השון, תש״ד) אין מאַנהעטן פּלאַזאַ, 66 איסט 4טע סטריט אין ניו־יאָרק. ווי אין די פריערדיקע יאָרן איז די אזכרה געווען אַן אויסדרוק פון יראת הכבוד און פּיעטעט וואָס די לאַנדסלייט טראָגן פאַר די קדושי טשענסטאָכאָוו, הן דורך זייער צאָלרייכער באַטייליקן זיך, און הן דורך זייערע ביישטייערונגען. די געזאַמלטע געלטער פון די אונטערנעמונגען זיינען באַשטימט געוואָרן פאַר הילף. עס איז כדאי צו באַמערקן אַז אין יאָר, 1953, האָט דער רעליף צוגעטראָגן צום יידישן אַרבעטער קאָמיטעט הונדערט דאָלער, אויף דעם לעצטנס פאַרלאַנג. דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט האָט שטענדיק אַרויסגעהאָלפן דעם רעליף אין די טעטיקייטן וואו דעם קאָמיטעטס הילף האָט זיך גענויטיקט.

*　　*　　*

די אונטערנעמונגען, וואָס דער רעליף האָט געהאַט איינגעפירט אין די פאַרגאַנגענע צוויי יאָר, זיינען בהדרגהדיק געוואָרן פּערמאַנענטע אינסטיטוציעס. מיט דעם איינפירן אַ סדר, אַ באַל וכדומה אונטערנעמונגען, האָבן די רעליף טוער געהאַט אין זינען ממשיך צו זיין געוויסע טראַדיציעס פון אַמאָל, ווי אויך שאַפן די געהעריקע סביבה פאַר די ניי־געקומענע. די דאָזיקע באַגעגענישן זיינען געוואָרן דער טרעף־פּונקט פאַר די לאַנדסלייט, און ביי דער געלעגנהייט האָבן די רעליף טוער געקאָנט צַפּעלירן צו זיי וועגן מיטאַרבעט, וועגן געלט־מיטלען און וועגן אַנדערע נויטיקע ענינים. באַגלייך אָבער האָט די אָנפירערשאַפט אָנגעהאַלטן אירע פאַרוואַלטונג־זיצונגען. אַזוי זיינען דעם 16טן מאַי, דעם 10טן סעפּטעמבער און דעם 31סטן אָקטאָבער פון יאָר 1954 אָנגעהאַלטן געוואָרן ספּעציעלע זיצונגען אויף וועלכע עס זיינען אַרומגערעדט געוואָרן פאַרשיידענע אַרבעט־פּראָיעקטן. די 12טע אזכרה. לויט דער ריי, איז דורכגעפירט געוואָרן דעם 24סטן אָקטאָבער (כ״ז תשרי, תשט״ו) אין בעטהאָווען זאַל, 14־210 איסט 5טע גאַס, ניו־יאָרק, און ווי פריער מיט אַ דערפאָלג הן אין דער צאָל אָנוועזנדיקע און הן אין דער געלט־זאַמלונג. דעם זעלביקן יאָר, דעם 21סטן נאָוועמבער, האָט דער טשענסטאָכאָווער קלוב אונטערגענומען שריט אויפצולעבן זיין טעטיקייט דורך נייע באַאַמטע ווי אויך מאַכן צוגרייטונגען צו אַ פּורים און אַנדערע אונטערנעמונגען.

*　　*　　*

די פּיאָנערן־אַרבעט פון די פאַרגאַנגענע יאָרן האָט אָנגעהויבן צו טראָגן פּירות אין דעם יאָר 1955. די זיצונגען פון דער עקזעקוטיווע זיינען געווען אָפּטערע, די צאָל אונטערנעמונגען איז אָנגעהאַלטן געוואָרן אָבער אין אַ ברייטערן פאַרנעם, אויך האָט זיך די פאַרבינדונג מיט די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן אין דער גאָרער וועלט געהאַט אינטענסיווירט. אַ זייער וויכטיק געשעעניש אין דער רעליף טעטיקייט פון יאָר 1955 איז געווען דער באַשלוס אַרויסצוגעבן אַ זשורנאַל געווידמעט דער 50־יאָריקער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט פון פּ׳ רפאל פעדערמאַן.

ביי דער רעליף־זיצונג פון 15טן מאַי, 1955, איז דערוויילט געוואָרן אַ שטענדיקער קאָמיטעט וואָס האָט געהאַט די אויפגאַבע צוצוגרייטן מאַטעריאַלן פאַר דעם געפּלאַנטן זשורנאַל. אויך איז דערוויילט געוואָרן אַ רעדאַקציע־קאָלעגיע פון פאָלגנדיקע פּערזאָנען: ה. זיגאַס, ח. ראָטמאַן און צבי ראָזענוויין. אין יובל־קאָמיטעט זיינען דערוויילט געוואָרן ה. זיגאַס, י. ב. סילווער, ה. ראָטמאַן, די פריינדין העלען טשאַרני, די פריינדין וו. כאַיוטיק, די פריינד יחזקאל דוימאַן, ה. שאָהאַם, די פריינד אהרן פּרימאָר, ל. קוינאַצקי, פּ׳ קובא גאָלדבערג פון קאַנאַדע, פּ׳ יאַקוב האָפמאַן און פּ׳ צבי ראָזענוויין. אין פּרעזידיום פון קאָמיטעט זיינען דערוויילט געוואָרן: פּ׳ ה. זיגאַס, פאָרזיצער; די פריינד ה. ראָטמאַן און י. ב. סילווער — וויצע־פאָרזיצערס; פּ׳ יחזקאל דוימאַן — קאַסירער און פּ׳ צבי ראָזענוויין — סעקרעטאַר. לויט די ווייטערדיקע אָנגעצייכנטע ציילן האָט דאָס אַרויסגעבן דעם זשורנאַל געזאָלט ברענגען אַן אויפלעב אין דער רעליף טעטיקייט און באַגלייך אויך זיין אַ דערגאַנצונג צום בוך „טשענסטאָכאָווער יידן״. דאָס איז אויך געווען דער וואונטש פון בעל היובל.

דער פאַרנעם, ווי אויך די אַרבעט פון זאַמלען מאַטעריאַלן פאַר דעם געפּלאַנעוועטן זשורנאַל, האָבן געעפנט ברייטע האָריזאָנטן פאַר דער ווייטערדיקער טעטיקייט. דער ביז איצט אָנגעהאַלטענער בריוו אויסטויש מיט די לאַנדסמאַנשאַפטן אין דער גאָרער וועלט וואָס האָט זיך שטאַרק אויסגעברייטערט, האָט ווידער אַ מאָל באַשטעטיקט אַז עס איז פאַראַן אַ לעבעדיקער אינטערעס צווישן די טשענסטאָכאָווער אין דער גאָרער וועלט אָנצוהאַלטן דעם נאָמען פון דער אַלטער היים, אַז עס איז פאַראַן אַ וואונטש אויפצוהאַלטן די טשענסטאָכאָווער משפחה אין דער גאָרער וועלט. די דאָזיקע געדאַנקען און געפילן האָבן זיך בעיקר אויסגעדריקט אין דער הסכמה, אַז אַזאַ זשורנאַל, וואו עס זאָל זיך ווייטער אָפּשפּיגלען די געשיכטע פון דער יידישער עדה אין טשענסטאָכאָוו, איז אַ נויטווענדיקייט. די דאָזיקע געדאַנקען און געפילן האָבן סטימולירט דעם ניו־יאָרקער זשורנאַל־קאָ־

מיטעט אָנצוהויבן אַן אינטענסיווע אַרבעט אַרום דעם זאַמלען פון מאַטעריאַלן, ווי אויך אויסצובּרייטערן די רעליף־טעטיקייט.

דער באַזוך אין די הכנסות פון די אונטערנעמונגען, דער ניי־יאָר באַל, דער פּורים באַל פון 12טן מאַרץ, דער דריטער סדר פון 10טן אַפּריל, זיינען געשטיגן לגבי די פריערדיקע יאָרן. די יערלעכע אזכרה איז אָנגעהאַלטן געוואָרן דעם 23טן אָקטאָבער, 1955.

אויך דער סכום פון געגעבענער הילף האָט זיך פאַרגרעסערט. ביז סעפּטעמבער האָט דער רעליף געהאַט אויסגעגעבן קרוב 500 דאָלער פאַר טשענסטאָכאָווער אין פאַרשיידענע לענדער. עס ווערן אַרויסגעגעבן הלוואות צו ניי־געקומענע; עס זיינען געשיקט געוואָרן שפּייז־פּעקלעך קיין ישראל; מעדיקאַמענטן און געלט־שטיצע קיין פּוילן, קיין פראַנקרייך, און קיין אויסטראַליע. דער רעליף האָט ווייטער פאַרשפּרייט דעם פאַרקויף פון בוך „טשענסטאָכאָווער יידן”. באַגלייך זיינען ווייטער אָנגעגאַנגען די אַרבעטן אויפן געביט פון צוציען נייע כוחות הן צו דער רעליף טעטיקייט, הן צום יובל־קאָמיטעט. דער רעליף האָט אויך געערט די פאַרשטאָרבענע מיטגלידער און פאַר זיי איינגעאָרדנט יזכור אָוונטן (אבא קויפמאַן, ע״ה).

* * *

דאָס יאָר 1956 האָט זיך געהאַט אָנגעהויבן מיט אַ ווייטערדיקער אינטענסיווער טעטיקייט אַרום דעם זשורנאַל און אַרום הילף.

פונעם באַריכט וואָס איז געהאַט אָפּגעגעבן געוואָרן ביי דער זיצונג, פון, 27סטן מאַי, איז איבערגעגעבן געוואָרן אַז מער ווי 20 לאַנדסלייט אין ישראל, פּוילן, אויסטראַליע און פראַנקרייך האָבן ביז דאַמאָלט געקראָגן די נויטיקע הילף. אין ניו־יאָרק גופא האָט דער רעליף אונטערגענומען אַן אַקציע פאַר קראַנקע לאַנדסלייט. אונדזערע לאַנדסלייט אין ישראל און אין פּוילן האָבן ווידעראַמאָל אויסגעדריקט דעם ווונטש אָנצוהאַלטן אַ שטענדיקן בריוו־אויסטויש מיט דעם רעליף.

די אַרבעט אַרום דעם טשענסטאָכאָווער זשורנאַל האָט זיך זיך געהאַט אַ רוק געטאָן פאָרויס. דער סכום געלט וואָס איז געהאַט אַריינגעקומען ביז צו דער זיצונג האָט אָנגעטייט דעם גרויסן באַגער און פאַראינטערעסירונג מיט דער אַקציע אַרום דעם זשורנאַל. אַ גאָר אַקטיוון אָנטייל אין דער אַרבעט האָט גענומען פ׳ חנא גליקסמאַן. אויך איז אַ גרויסער טייל אַרטיקלען שוין געווען אויסגעזעצט. עס איז דערוויילט געוואָרן אַ נייע עקזעקוטיווע. פ׳ ה. זיגאַס פאָרזיצער, פ׳ ר. פעדערמאַן סעקרעטאַר, פ׳ ח. גליקסמאַן און מ. גרוימאַן .קאַסירער — ראָמאַן לעוואָקאָוויטש, פּראָטאָקאָל סעקרעטאַר — פ׳ ח. ראָטמאַן, און ערן פאָרזיצער — פ׳ י. ב. סילווער.

כדי צו מאַכן די אַרבעט מער עפעקטיוו האָט די נייע פאַרוואַלטונג צוקאָאָפּטירט אַ גרופּע מענטשן, וואָס האָבן געדאַרפט אויף דעם שנעלסטן און בעסטן אופן דורכפירן די באַשלוסן. אין דער דאָזיקער קאָ־עקזעקוטיווע זיינען אַריין קאַרל וואַרגאַן, ח. ראָטמאַן, יצחק שטערנבערג, צבי ראָזענווייך, ה. טשאַרני, אהרן פּרימאָר, דזשוליוס שטאַל, דזשעק קרעמסקי, ר. פּאַרטעל, דזש. פּאָרבערג, ה. שאָהאַם.

פון די אונטערנעמונגען וואָס דער רעליף האָט געהאַט דורכגעפירט זיינען געווען אַ פּורים־באַל און אַ דריטער סדר.

די יערלעכע אזכרה איז פאָרגעקומען דעם 21טן אָקטאָבער, אין רוזוועלט אודיטאָריע, 100 איסט 17טע גאַס, ניו־יאָרק.

די ריינע הכנסות פון די אונטערנעמונגען און פון דער הזכרה זיינען אינגאַנצן פאַרווענדט געוואָרן אויף הילף.

* * *

אין די ערשטע חדשים פון יאָר, 1957, האָט זיך ווייטער אַ רוק געטאָן פאָרויס די אַרבעט אַרום דעם בוך. עס זיינען צוגעקומען נייע מאַטעריאַלן, און כמעט דער גרעסטער טייל פון די ביזאיצטיקע אַריינגעקומענע אַרטיקלען איז שוין אויסגעזעצט. פון דעם אינהאַלט פון די פּראָטאָקאָלן פון די אָפּגעהאַלטענע זיצונגען קאָן מען אַרויסדרינגען אַז עס זיינען שוין געמאַכט געוואָרן די נויטיקע ערשטע שריט פאַר דעם יום־טוב צום דערשיינען פונעם בוך. דער אָפּרוף פון לאַנדסלייט, אין דער גאָרער וועלט, לגבי דער אַקציע אַרום דעם זשורנאַל איז ווייטער אַ סטימולירנדיקער

דער רעליף איז, אין יאָר 1957, געשטעלט געוואָרן פאַר אַ נייער שווערער אויפגאַבע — צו העלפן לאַנדסלייט ביים אַרויספאָר פון פּוילן. צו דעם האָבן זיך גענויטיקט ניט נאָר מאַטעריעלע מיטלען, נאָר אויך אַ גאַנצע ריי לעגאַלע און יורידישע פּראָצעדורן. דער רעליף האָט זיך אין דעם פּרט געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט דעם יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט, און געטאָן וואָס עס איז נאָר געווען אין זיין יכולת דורכצופירן און נאָכצוקומען די בקשות. די פאָדערונגען זיינען געווען אין צוויי ריכטונגען. די ערשטע צו געבן שטיצע ביים סאַמע אַרויספאָרן פון פּוילן, און די צווייטע ביים איינאָרדענען זיך אין דעם נייעם וואוין־אָרט, ד״ה ישראל. אין דער זעלביקער צייט זיינען ווייטער אָנגעקומען פאָדערונגען וועגן הילף פון לאַנדסלייט, וואָס וואוינען אין פּוילן און אין ישראל. די דרינגענדיקייט פון הילף קאָן געזען ווערן פון דעם פאַקט, וואָס אויף יעדער זיצונג, וואָס איז פאָרגעקומען פון אָנהייב יאָר, זיינען באַהאַנדלט געוואָרן בקשות וועגן הילף.

ביז מאַי זיינען שוין פאָרגעקומען צוויי אונטערנעמונגען. א) אַ חברישער צוזאַמענקום, דעם 9טן מאַרץ, ביי וועלכן לאַנדסלייט האָבן אַ געלעגנהייט זיך צו זען; ב) דער דריטער סדר וואָס איז פאָרגעקומען דעם, 21סטן אַפּריל, אין אַקאַדעמי האָל, 853 בראָדוויי. באַגלייך זיינען שוין געמאַכט געוואָרן פּלענער פאַר ווייטערדיקע אונטערנעמונגען ווי די יערלעכע אזכרה, דעם ניי־יאָר באַל און נאָך חברישע באַגעגענישן.

דער רעליף האָט צוגעטראָגן 50 דאָלער צום „יונייטעד דזשואיש אַפּיל” און באַגריסט די טעגלעכע צייטונג „פאָרווערטס” צו איר יובילײ. אַן אינטענסיווע אַרבעט גייט אָן צו פאַרשפּרייטן דאָס בוך „טשענסטאָכאָווער יידן”; פון קאַנאַדע, פון פראַנקרייך און פון פאַרשיידענע שטעט דאָ אין לאַנד קומען אָן אָנפראַגן וועגן דעם בוך.

דער רעליף האַלט ווייטער אָן די פאַרבינדונג מיט די שוועסטער אָרגאַניזאַציעס און באַמיט זיך זיי צו אַקטיוויזירן.

די טעטיקייט פון רעליף אין משך פון די חדשים מאַי און יוני, האָט זיך קאָנצענטרירט בעיקר אויף צוויי פונקציעס: א) הילף פאַר לאַנדסלייט אין פּוילן און אויך פאַר די, וואָס ווילן פאַרלאָזן פּוילן אויף זייער וועג קיין ישראל, ווי אויך פאַר די, וואָס זיינען שוין אין ישראל; ב) צוגרייטונגען צו קומענדיקע אונטערנעמונגען.

פאַר דעם ערשטן צוועק איז צוקאָאָפּטירט געוואָרן אַ ספּעציעלער קאָמיטעט צו דער עקזעקוטיווע. די געשאַפענע קערפּערשאַפט האָט גענומען אויף זיך די אויפגאַבע אָנצופירן אַ

דרינגענדיקן קאַמפּיין פאַר געלט. זיי האָבן פאָרמולירט אַ בריוו, פון 3טן מאַי, 1957, וואָס איז זיך צעגאַנגען אין 500 עקזעמפּלאַרן צו יחידים און לאַנדסמאַנשאַפטן איבער אַמעריקע. דער אינ־האַלט פונעם בריוו האָט ספּעציעל אָנגעוויזן אויף דעם גורל פון די לאַנדסלייט וואָס מוזן פאַרלאָזן זייערע היימען אין פּוילן און אויף זייער לאַגע נאָכן אָנקומען קיין ישראל. דער אָפּרוף אויף דעם דאָזיקן בריוו האָט אַריינגעברענגט 500 דאלער, וואָס זיינען אין יולי איבערגעוויזן געוואָרן צום סעקרעטאַר פון די „ארגוני יוצאי צ׳ינסטוחוב בישראל", פּ. י. גאָטליב ביים זאַמלען געלט האָבן זיך אויסגעצייכנט די לאַנדסלייט חנא גליקסמאַן און י. געלבער. אַ חוץ דעם האָט דער רעליף אַרויסגעשיקט אינ־דיווידועלע הילף צו לאַנדסלייט אין פּוילן און אין ישראל פאַר אַ סומע פון קרוב 250 דאלער.

דער דרינגענדיקער רוף וועגן הילף האָט אָפּגעלייגט אויף אַ ווײַלע די אַרבעט אַרום דעם בוך. די טוער פון רעליף האָבן איינגעזען, אַז מ׳מוז ראשית כל דערליידיקן די בקשות וועגן הילף, און ערשט דערנאָך אָנהייבן אַרבעטן אויף אַנדערע אונ־טערנעמונגען. אמת טאַקע דאָס ערשטע איז אָפּהענגיק פונעם צווייטן — אָן אונטערנעמונגען וואָלטן ניט געווען קיין הילף־מיטלען. די נויט האָט אָבער צייטווייליק אָפּגערוקט אין אַ זייט יעדן געדאַנק וועגן אונטערנעמונגען. וואָס עס האָט זיך איצטער גענייטיקט איז געווען אַ נייע פאָרמולירונג וועגן די צילן און אויפגאַבעס פונעם רעליף. די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט האָבן ווידער אַ מאָל געמוזט געוועקט און אויפגעפאָדערט ווערן אָנ־צוהאַלטן די עקזיסטענץ פונעם רעליף מיט זיינע טעטיקייטן.

ביי אַ זיצונג, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 25סטן מאַי, 1957, זיינען די צילן און אויפגאַבעס פון רעליף פאָרמולירט געוואָרן פון די פריינט ר. פּעדערמאַן, ה. זיגאַס, צבי ראָזענווייג, פרייער־מויער, וואַרגאַן און אַנדערע. דער סך־הכל פון די אַרויסגעזאָגטע מיינונגען איז געווען ווייטער אָנצוגיין מיט דער רעליף אַרבעט. ביי דער דאָזיקער זיצונג איז אויך באַקאַנט געוואָרן, אַז דאָס בוך פון רפאל פּעדערמאַן „ביי די טייכן וואַרטע און איסט ריווער" וועט בקרוב דערשיינען (עס איז דערשיינען סוף מאַי־אָנהייב יוני, 1957).

מיט דער זיצונג פון 11טן יוני האָט דער רעליף אָפּגע־שלאָסן אַ האַלב יאָר טעטיקייט. אין דער זיצונג האָבן זיך באַ־טייליקט פאָרשטייער פון דעם טשענסטאָכאָווער אַרבעטער־רינג בראַנטש, ווי אויך פון „טשענסטאָכאָווער יאָנג מען". ביידע דעלעגאַטן האָבן צוגעזאָגט צו שטיצן די טעטיקייטן פון רעליף און בעיקר צו באַטייליקן זיך אין דער הילף אַקציע פאַר די לאַנדסלייט וואָס פאַרלאָזן פּוילן צו באַזעצן זיך אין ישראל. ביי דער זיצונג זיינען אויך דערליידיקט געוואָרן אַ ריי אינדי־ווידועלע בקשות וועגן שטיצע. עס זיינען אָנגעקומען בריוו פון יחידים און לאַנדסמאַנשאַפטן אין אַמעריקע, און פראַנקרייך, אין וועלכע זיי פאָדערן אויף די ניו־יאָרקער לאַנדסמאַנשאַפט צו טאָן וואָס עס איז נאָר מעגלעך אָנצוגיין מיט דער הילף־אַרבעט פאַר די לאַנדסלייט אין פּוילן און בעיקר אין ישראל. צום סוף זיינען אויך געמאַכט געוואָרן פּלענער פאַר די קומענ־דיקע אונטערנעמונגען אין די לעצטע חדשים פון יאָר, ווי די אזכרה, דער באַנקעט צום דערשיינען פון בוך ווי אויך פאַר דעם ניי־יאָר באַל.

צוואַנציק פאַרזאַמלונגען, אין משך פון צוועלף חדשים, פון יוני 1957 ביז יוני 1958, ווייזן אָן אויף דעם פאַרנעם פון די טעטיקייטן ביים ניו־יאָרקער „פאַראייניקטן טשענסטאָכאָווער רעליף".

פאַר דער צייט, פון יוני 1956 ביז נאָוועמבער 1957, האָט דער רעליף אַרויסגעהאָלפן 52 לאַנדסלייט אויף אַ סומע פון 1,763 דאָלער! דער אָפּרוף פון לאַנדסלייט צו פאַראייביקן זייערע נאָענטסטע אינעם יזכור־אָפּטייל אין בוך „טשענסטאָכאָוו" איז געווען אויף דער סומע פון 2,545.50 דאָלער, פון 231 פּער־זאָנען.

דעם 17טן נאָוועמבער, 1957, זיינען פאָרגעקומען וואַלן פאַר אַ נייער עקזעקוטיווע. עס זיינען דערוויילט געוואָרן: פאָר־זיצער — קאַרל וואַרגאָן; וויצע־פאָרזיצער — ה. שאָהאַם; סעק־רעטאַר — חנן קיעל; געהילף סעקרעטאַר — ר. פעדערמאַן; רעקאָרדינג סעקרעטאַר — יוסף געלבער, און קאַסירער — העלען טשאַרני. אין דער עקזעקוטיווע זיינען אויסגעקליבן געוואָרן: י. דוימאַן, א. ל. באָמבע, י. גאָלדבערג, דזשוליוס סטאל, דזשאָזעף סטאל, יוסף געלבער, ר. פעדערמאַן, ק. וואַרגאָן, דזשאָ פאָרבערג, ה. שאָהאַם, חנן קיעל, י. ב. סילווער, ה. זיגאַס, ס. שאַכער, ר. לעפקאָוויץ, דזשעק קרעמסקי, ר. פרייערמויער, חנא גליקסמאַן און די ברידער זאָלאָנדזש.

## דער סך הכל

די טעטיקייט פונעם רעליף איז אַ קליין רינגעלע אין דער גרויסער קייט פון הילף און שטיצע וואָס דער יידישער קיבוץ אין אַמעריקע פירט אָן. פונקט ווי דאָס אחריות, פאַר דעם מאַ־טעריעלן קיום פון נויטבאַדערפטיקע יידישע יחידים אין קבוצים איבער דער גאָרער וועלט, איז געפאַלן אויף דעם אַמעריקאַנער יידנטום, אַזוי איז די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר הילף פאַר טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט ווי זיי זאָלן ניט זיין, געפאַלן אויף טשענסטאָכאָווער אין אַמעריקע און אין קאַנאַדע. די פּריווילעגיע פון אַ רעלאַטיוו גוטן מאַטעריעלן מצב פון לעבן אין סטאַביליזירטע עקאָנאָמישע באַדינגונגען און געניסן פון פּאָליטישע פרייהייטן און מענטשלעכע רעכט לייגן אַרויף אויף אונדז ספּע־ציעלע התחייבותן. אויב עס איז אונדז דאָ אין דעם גאָט גע־בענטשטן לאַנד, געלונגען אָפּצושטעלן אונדזער מאַרטירער וועג און צעברעכן דעם וואַנדער־שטעקן, מוזן מיר געדענקען אין די וואָס האָבן נאָך ניט באַוויזן צו געפינען אַ מקום מנוחה פאַר זייערע צעבראָכענע נשמות און גופים. דער רוף פון אַ לאַנדס־מאַן וועגן שפּייז, אָדער וועגן אַ מעדיצין, אָדער וועגן אַ הלוואה ווי אַ הילף איינצואָרדענען זיך אַ היים, אָדער אַ וואַרשטאַט פון וועלכער ער זאָל קאָנען שעפּן חיונה —— אַזאַ ווענד איז אַ דערמאָנונג, אַז עס זיינען נאָך פאַראַן גענוג צעבראָכענע הערצער און עס ווערן נאָך פאַרגאָסן גענוג ביטערע טרערן. מיר דאָ קאָנען ניט געבן די דאָזיקע מענטשן דאָס, וואָס זיי וואָלטן געוואָלט האָבן. די גרעסטע סכומים פון צדקה און הילף קאָנען ניט באַפרידיקן די נויט פון ליידנדיקע. מיר קאָנען, אָבער, געבן עפּעס מער ווי געלט, און דאָס איז דער גוטער ווילן דורך דער שטיצע און הילף וואָס דער רעליף האָט באַוויזן צו געבן אין משך פון זיין עקסיסטענץ. וועגן דעם דאַרף מען געדענקען און דאָס טאָר מען ניט פאַרפעלן. דער קראַפט און אינסטרומענט פאַר דעם איז דער „רעליף".

עקזעקוטיווע פון פאַראייניקטן טשענסטאָכאָווער רעליף־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק



שטייענדיק: צבי ראָזענוויין, יעקב בער סילווער, סטאַל, מר. טשאַרני, מרס. טשאַרני, א. ל. באָמבע, י. סטאַל, כאָינאַצקי.
זיצנדיק: ר. לעווקאָוויטש, חנן קיעל, רפאל פעדערמאַן, קאָפל וואַרגאָן, געלבער, שאָהאַם, חנא גליקסמאַן.



שטייענדיק: יעקב בער סילווער, רפאל פעדערמאַן, חנן קיעל, געלבער, שאָהאַם, חנא גליקסמאַן, סטאַל, קאָפל וואַרגאָן.
זיצנדיק: סטאַל, מרס. סטאַל, מרס. קיעל, מרס. געלבער, מרס. שאָהאַם, מרס. פראַדל גליקסמאַן, מרס. וואַרגאָן.

## דער עולם ביי דער יזכור־אַקאַדעמיע אין ניו־יאָרק אין יאָר 1954





די יזכור־אַקאַדעמיע אין יאָר 1954. עס רעדט רפאל פעדערמאַן



די יזכור־אַקאַדעמיע אין ניו־יאָרק אין יאָר 1955. אין פרעזידיום:
ה. זיגאַס און צבי ראָזענווין. עס רעדט רפאל פעדערמאַן



דאָס פרעזידיום פון דער יזכור־אַקאַדעמיע אין יאָר 1954



הערמאַן זיגאַס



דוימאַן און זיין פרוי

דער עולם ביי דער יזכור־אַקאַדעמיע אין ניו־יאָרק אין יאָר 1954





דער קאָמיטעט פון פורים־באַל, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 28טן פעברואַר 1953



ס׳דעקלאַמירט דאָס מיידעלע געלבבער



דאָס פּרעזידיום פון 3טן סדר אין ניו־יאָרק אין יאָר 1958



עס פרעגט די 4 קשיות דאָס יינגעלע קיעל

מאָריס שטערן

# טשענסטאָכאָווער־לאָדזשער ברענטש 324 אַ.־ר. אין ניו־יאָרק



אין יאָר 1929, ווען די לינקע פראַקציע פון טשענסטאָכאָווער ברענטש 261 אַרבעטער־רינג האָט זיך אָפּגעשפּאָלטן פון ברענטש און אַוועק צום לינקן אָרדן, איז דער ברענטש געבליבן, ווי מ׳זאָגט, בלוט אָרעם, ווייל די גרעסטע צאָל אַקטיווע טוער זיינען געווען אין דער לינקער פראַקציע.

צוליב דעם האָט מען שוין דעמאָלט אָנגעהויבן רעדן וועגן פאַראייניקן זיך מיט אַ פאַסיקן ברענטש. מ׳האָט גערעדט, אָבער געטאָן וועגן דעם האָט מען ווינציק.

ביסלעכוויז אָבער האָבן זיך מיטגלידער וואָס זיינען פריער געווען פּאַסיוו אָנגעהויבן פאַראינטערעסירן מיטן ברענטש. איינער פון זיי, בין איך, דער שרייבער פון די שורות. איך בין גראָד ניט קיין טשענסטאָכאָווער נאָר אַ לאַנדסמאַן פון טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק, אַ מיטגליד אין א. ר. זייט 1922. איך האָב געזען אַז צו קיין פאַראייניקונג וועט ניט קומען, האָב איינגעוויליקט צו ווערן דער פינאַנץ סעקרעטאַר פון ברענטש. דאָס איז געווען ביים סוף פון יאָר 1934. כ׳האָב אַוועקגעלייגט פיל אַרבעט צו מאַכן דעם ברענטש שטאַרקער, סיי פינאַנציעל סיי מאָראַליש, און מיט דער הילף פון אַ גרופּע איבערגעגעבענע אַקטיווע מיטגלידער איז עס מיר געלונגען. אַ נייער גייסט האָט באַהערשט אונדז אַלעמען אין ברענטש, און מ׳האָט שוין ניט געוואָלט הערן וועגן פאַראייניקן זיך. אין מאָנאַט פעברואַר 1939 האָבן מיר געפייערט דעם 30 יאָריקן יובילעאום מיט זייער אַ שיינעם באַנקעט, און מיט דער טעכנישער הילף פון פר. אַב. ליטמאַן האָבן מיר אַרויסגעגעבן אַ שיינעם זשורנאַל צו דער דאָזיקער געלעגנהייט.

מיר האָבן געשטיצט מיט באַדייטנדע סומען דעם טשענסטאָכאָווער רעליף און אַלע וויכטיקע יידישע אָרגאַניזאַציעס: פאַראייניקטן יידישן אַפּיל, יידישן אַרבעטער קאָמיטעט, האַיאַס, פעדעראַציע פון יידישער צדקה „הסתדרות”, געזע.לשאַפט „אָרט”, יידישע שולן, און נאָך אַנדערע.

איך בין געווען דער פינאַנץ סעקרעטאַר פון ברענטש מיט אַן איבעררייס פון בלויז 2 יאָר, ביזן יאָר 1948. איך האָב דעמאָלט אַליין ווידער אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַ פאַראייניקונג, ווייל די מיטגלידערשאַפט איז געוואָרן ביסלעכוויז קלענער אין צאָל און די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט זיינען ליידער געווען אין דעם הינזיכט, פּאַסיוו, זיי האָבן קיין נייע מיטגלידער ניט אַריינגענומען, אָבער די מערסטע מיטגלידער האָבן ניט געוואָלט הערן וועגן פאַראייניקן זיך מיט אַן אַנדער ברענטש. איך האָב דעריבער ניט געוואָלט ווייטער בלייבן אין אַמט און פר׳ משה גאָטליב איז געוואָרן פינאַנץ סעקרעטאַר. אָבער דער ברענטש האָט ניט פונקציאָנירט ווי געהעריג און ביסלעכוויז האָבן די מערסטע איינגעזען אַז אַ פאַראייניקונג איז דער בעסטער אויסוועג.

מ׳האָט געזוכט און געפונען אַ זייער פּאַסיקן ברענטש, דעם לאָדזשער בר. 324 א. ר., מ׳האָט קאָנפערירט און געקומען צו אַן אויסגלייך און דער פאַראייניקטער ברענטש איז צו שטאַנד געקומען דעם 1טן אַפּריל 1950 אונטערן נאָמען „טשענסטאָכאָווער לאָדזשער בר. 324 א. ר.” מיט 195 מיטגלידער, 65 זיינען געווען פונעם טשענסטאָכאָווער ברענטש.

איך בין דעמאָלט געוואָרן דער פינ. סעק. פונעם פאַראייניקטן ברענטש. די מיטגלידער האָבן זיך שנעל גוט איינגעלעבט און דער ברענטש פירט אָן אַ זייער שיינער און קולטורעלע טעטיקייט און איז איצט איינער פון די שענסטע ברענטשעס אין א. ר.

מיר האָבן פיל געהאָלפן אין דעם אויפבוי פון דעם א. ר. היים פאַר עלטערע מיטגלידער, און מיר העלפן איצט אויך אין איר אויפהאַלטונג. מיר שטיצן מיט היפּשע סומען יערלעך אַלע יידישע הילפס־געזעלשאַפטן, יידישע אינסטיטוציעס און די יידישע שולן.

איצט, נאָך 8 יאָר, כאָטש פיל מיטגלידער זיינען שוין ליידער אַוועק אויפן עולם האמת, האָבן מיר אַרום 180 מיטגלידער, ווייל מ׳נעמט אַריין אַלע מאָל נייע מיטגלידער.

איך בין נאָך איצט אויך דער סעקרעטאַר. קומענדיקן יאָר, דעם 17טן מאַי 1959 וועט דער ברענטש פייערן זיין 50 יאָריקן יובילעאום. דער טשענסטאָכאָווער בר. 261 איז געגרינדעט געוואָרן אין פעברואַר 1909, און דער לאָדזשער בר. 324 איז אויך געגרינדעט געוואָרן יענעם יאָר, אין יולי 1909.





די עקזעקוטיווע פון טשענסטאָכאָווער־לאָדזשער ברענטש 324 פון אַרבעטער־רינג און אַרבעטער־רינג מיטגלידער פון טשענסטאָכאָווער־לאָדזשער ברענטש 324 ביי זייער יובל־פייערונג

יוסף קאַופמאַן

# די „טשענסטאָכאָווער יאַנג־מען״



די „טשענסטאָכאָווער יאַנג מען״ פייערט היי־יאָר איר 70־יאָריקן יובל. יאָ, שוין 70 יאָר ווי עס עקזיסטירט אונדזער סאָסייעטי אין ניו־יאָרק. די „טשענסטאָכאָווער יאַנג מען״ האָט צו פאַרצייכענען אין איר געשיכטע זייער אַ סך. במשך פון די אַלע זיבן צענדליגע יאָרן האָט אונדזער סאָסייעטי געטאָן וואוילטעטיקע הילפס־אַרבעט סיי צווישן די מיטגלידער, סיי פאַר אונדזערע לאַנדסלייט אויף יענער זייט ים — אַז מיר מעגן שטאָלץ זיין מיט דעם רעקאָרד פון אונדזערע טעטיקייטן.

דעם 6טן דעצעמבער, 1888, איז אונדזער יאַנג מען געגרינדעט געוואָרן. געווען איז דאָס אין ניו־יאָרק, אויף דער איסט סייד, אויפן „קאָרנער״ דילענסי און נאָרפאָלק סטריט. 18 יונגעלייט, אַלע טשענסטאָכאָווער, זיינען געווען אירע גרינדער. דאָרט אויפן קאָרנער דילענסי און נאָרפאָלק סטריט פלעגן זיי זיך באַגעגענען, און פון די דאָזיקע באַגעגענישן איז געבוירן געוואָרן די סאָסייעטי, וואָס פייערט איצט זיין 70 יאָריקן יובילי.

אַ וועלט מיט זכרונות האָט יעדער פון אונדז צו דערציילן פון יענע ערשטע יאָרן ביז היינטיקן טאָג. באַזונדערס די, וואָס זיינען געשטאַנען ביים וויגעלע, ביים געבורט פון אונדזער סאָסייעטי. געבליבן זיינען בלויז אַ פּאָר. און איך וויל טאַקע דערמאָנען מיט דאַנקבאַרקייט אייניקע פון זיי, די אַמאָליקע פּרעזידענטן פון דער סאָסייעטי, די פריינד: אל דזשייקאָבס, דזשעק דזשייקאָבס, מאַקס קאַמינסקי און סאָל ווייסקאָפּ, וואָס אַ דאַנק זיי האָב איך זיך דערוואוסט זייער פיל פון די אויפטוען און אַרבעט פון אונדזער סאָסייעטי, במשך פון די אַלע יאָרן.

די ערשטע באַאַמטע פון אונדזער סאָסייעטי זיינען געווען: לעאָ דראָטאָווסקי: פּרעזידענט. איזידאָר ווילטשינסקי: וויס־פּרעזידענט. און בערנאַרד בראַטמאַן: פינאַנץ סעקרעטאַר.

מיר ווייסן, אַז דאָס ערשטע יאָר האָט אונדזער „יאַנג מען״ געהאַט זייער ווינציק געלט. אָבער דאַן האָט זיך באַוויזן פריינד לואיס שימקאָוויץ, איינער פון די ערשטע גרינדער פון אונדזער סאָסייעטי. ער האָט קיינעם גאָר נישט געזאָגט; ער איז אַוועק אין אַ „פּאָן־שאַפּ״ און ער האָט פאַרמשכנט זיין גאָלדענעם טאַשן־זייגער, און מיטן געלט וואָס ער האָט געקראָגן אין „פּאָן־שאַפּ״ האָט ער געקויפט אַ בענעפיט אין אַמאָליקן יידישן „אָריענטאַל־טעאַטער״, און די דאָזיקע טעאַטער־אונטערנעמונג האָט געשטעלט אונדזער סאָסייעטי אויף די פיס, און פאַרזיכערט די ווייטערדיקע עקזיסטענץ פון אונדזער אָרגאַניזאַציע.

מיר קענען איצט אַלע שטאָלץ זיין מיט די אויפטועו פון אונדזער סאָסייעטי. דורך די אַלע יאָרן האָבן מיר געטריי אָפּגעהיט די פּראָגראַם, און די אויפגאַבן וואָס די ערשטע בויער פון אונדזער סאָסייעטי האָבן זיך געשטעלט. מיר זיינען אָפט געגאַנגען אַ טראָט ווייטער. ווען דאָס גרויסע אומגליק איז געשען, — אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה — ווען דער נאַצי־שונא האָט געבושעוועט אין פּוילן, האָבן מיר געטאָן אַלץ אין אונדזערע כחות, צו העלפן אונדזערע אומגליקלעכע ברידער און שוועסטער, אויף יענער זייט ים. און ווען די פרייהייט איז געקומען, האָבן מיר געהאָלפן די שארית־הפליטה צו געפינען אַ היים נאָך די די אַלע שווערע יאָרן, פון ליידן און פּיין. און פונקט ווי פריער — בעת מיר האָבן געשטיצט די אינסטיטוציעס אין אונדזער אַמאָליקער היים־שטאָט טשענסטאָכאָוו, — אַזוי שטיצן מיר איצט און העלפן אונדזערע לאַנדסלייט אין מדינת ישראל.

ס. גאָלדבערג

# די „איסט־בראָנקס טשענסטאָכאָווער סאָסייעטי״ אין ניו־יאָרק

די „איסט־בראָנקס טשענסטאָכאָווער סאָסייעטי״ עקזיסטירט שוין איבער 25 יאָר. צו זיין פינקטלעך: זיינען מיר שוין געווען מיטגלידער פון דער טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציע אין דעם פריערדיקן אַרבעטער רינג ברענטש, נאָך דער שפּאַלטונג אין אַרבעטער רינג ברענטש, האָבן די „אָפּגעשפּאָלטענע״ געגרינדעט אַן אייגענע אָרגאַניזאַציע, אונטער דעם יידישן פראַטערנאַלן פאָלקס־אָרדן. ווען דער „אָרדן״ איז אויפגעלייזט געוואָרן, האָבן זיך די בראָנקסער טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט רעאָרגאַניזירט אונטער דעם נאָמען: „איסט־בראָנקס טשענסטאָכאָווער סאָסייעטי״.

עס וואָלט פאַרנומען צופיל פּלאַץ אויסצורעכענען די פאַרשידענע געלט־זאַמלונגען און אַקציעס וואָס אונדזער סאָסייעטי האָט דורכגעפירט במשך פון איר עקזיסטענץ לטובת אונדזערע ברידער און שוועסטער אין אונדזער אַמאָליקער היים־שטאָט. דאָך וויל איך דערמאָנען אייניקע פון זיי.

גלייך אין די יאָרן פון נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען פּוילן איז געוואָרן זעלבשטענדיק, און די לאַגע פון די יידן איז געווען אַ ביטערע, האָבן מיר, די איסט־בראָנקס טשענסטאָכאָווער סאָסייעטי, אויסגעשטרעקט אונדזער ברודער־האַנט צו שטיצן אונדזערע לאַנדסלייט. די יערלעכע בעלער, די קליידער־קאַמפּיינס, די ראַפלס, די „קינדער־היים״ און אַנדערע אַקציעס, האָבן געפונען אַ ברייטן אָפּקלאַנג אין די הערצער פון אונדזערע לאַנדסמאַנשאַפט, דורך דער בראָנקסער טשענסטאָכאָווער סאָסייעטי.

אַזוי ביז היינט צו טאָג, איז אונדזער סאָסייעטי אידענטיפיצירט מיט יעדער ממשותדיקער אַקציע, לטובת אונדזערע לאַנדסלייט מעבר לים.

ראובן לוקס

# טשענסטאָכאָווער ראַיאָנער פאַראיין אין דעטראָיט

די געשיכטע פון „טשענסטאָכאָווער ראַיאָנער פאַראיין" אין דעטראָיט, ווי אַן אָרגאַניזאַציע — און ספּעציעל פון אַ לאַנדסמאַנשאַפט — קען נישט אָפּגעשאַצט ווערן, בלויז אין ליכט פון איר צייטלעכער קעגנווערטיקער עקזיסטענץ, נאָר דורך איר פאַרגאַנגענער, געשיכטלעכער אַנטוויקלונג.

דער „טשענסטאָכאָווער ראַיאָנער פאַראיין" אין דעטראָיט, האָט, ערשט נישט לאַנג צוריק, געפייערט איר 23 יאָריקן יובילעאום. דער גרונטשטיין אָבער, וואָס איז אַוועקגעלייגט געוואָרן, אַלס פונדאַמענט פון אַן אָרגאַניזירטער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט, — איז שוין אַ סך יאָרן עלטער.

נאָך מיט 33 יאָר צוריק, אין יאָר 1925, איז געגרינדעט געוואָרן דער ערשטער טשענסטאָכאָווער פאַראיין אין דעטראָיט, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „טשענסטאָכאָווער און אומגעגנט פאַראיין". אָבער צוליב דער אידעאַליסטישער פאָרעם פון אירע פונקציעס, האָט דער פאַראיין דאַן באַוויזן צו פאַראייניקן בלויז אַ צאָל לאַנדסלייט אידעאַליסטן, אָבער נישט געקאָנט ווערן דער פאַקטאָר פון אַ לאַנדסמאַנשאַפט אָרגאַניזאַציע אין אַ ברייטערן פאַרנעם.

דאָס האָט דאַן געפירט דערצו, אַז דער דאָזיקער „טשענסטאָכאָווער און אומגעגנט פאַראיין" זאָל, נאָך עטלעכע יאָר עקסיסטענץ — גענוי: פון יאַנואַר, 1925, ביז ענדע 1928 — פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ טשענסטאָכאָווער ברענטש פונעם אַרבעטער־רינג.

דער טשענסטאָכאָווער אַרבעטער־רינג ברענטש 620 אין דעטראָיט, האָט אין יענער צייט, אויסשליסלעך צוליב דער סאַמער אידענטיפיצירונג פון די לאַנדסלייט אין פּאָליטישע אידעאָלאָגיעס, אָנגעשטויסן זיך אין אומגעהייער גרויסע שוועריקייטן.

און נאָך עטלעכע יאָר וויכטיקע אַרבעט — פון יאָר 1928, ביז 1932 — האָט זיך דער טשענסטאָכאָווער אַרבעטער־רינג ברענטש אויפגעלייזט.

די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט זיינען דריי און אַ האַלב יאָר געבליבן אָן אַן אָרגאַניזאַציע. אָבער די מער־אַקטיווע און איבערגעגעבענע טוער האָבן אויף קיין איין מינוט נישט אויפגעהערט צו טראַכטן ווייטער זיך צו אָרגאַניזירן אין אַ פאַראיין.

די צייט איז ענדלעך געקומען. פון דער דערפאַרונג האָבן מיר, די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט, זייער פיל געלערנט. מיר האָבן דעם פונדאַמענט, וואָס איז אַוועקגעלייגט געוואָרן נאָך מיט 33 יאָר צוריק, אויפסניי צעמענטירט און באַפעסטיקט; אויפגעבויט אַ פאַרצווייגטע לאַנדסמאַנשאַפט.

צוזאַמען מיט דער בענקשאַפט נאָך דער אַלטער היים, טשענסטאָכאָוו, וואָס די ערשטע גרינדער האָבן פאַרמאָגט, האָבן מיר צונויפגעגאָסן מיט דער רעאַלער, היגער טאָג־טעגלעכערווירקלעכקייט — און אַ האַרמאָנישע גאַנצקייט איז געשאַפן געוואָרן: — טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט זיינען געוואָרן אַקטיוו, און אין פעברואַר, 1935, איז געגרינדעט געוואָרן דער „טשענסטאָכאָווער ראַיאָנער פאַראיין" אין דעטראָיט.

דורך די פאַרגאַנגענע 23 יאָר עקסיסטענץ, האָט דער „טשענסטאָכאָווער ראַיאָנער פאַראיין" אין דעטראָיט צו פאַרצייכענען זייער פיל טעטיקייטן. די טעטיקייטן זיינען פאַרשיידענע: מיר האָבן געשטיצט די אינסטיטוציעס אין אונזער אַמאָליקער היימשטאָט — טשענסטאָכאָוו, און צו דער זעלבער צייט אויך געהאָלפן די פאַרשיידענע היגע לאָקאַלע און אויך נאַציאָנאַלע יידישע קערפערשאַפטן. מיר האָבן דערביי נישט פאַרגעסן אין אונדזערע אייגענע נאָענטע פריינד, און געהאָלפן אויך יענע לאַנדסלייט, וואָס האָבן זיך גענויטיקט אין הילף.

דער „טשענסטאָכאָווער ראַיאָנער פאַראיין" אין דעטראָיט שיקט הילף צו די אָרגאַניזירטע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין ארץ ישראל.

אַלס אָנערקענונג פאַר דער ברייטהאַרציקער הילף פון די טשענסטאָכאָווער אין דעטראָיט, צו די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין מדינת ישראל — האָבן די לאַנדסלייט אין מדינת ישראל — אַריינגעשריבן דעם „טשענסטאָכאָווער פאַראיין" אין דעטראָיט, אין דעם דאָרטיקן „גאָלדענעם בוך".

די איצטיקע באַאַמטע פון פאַראיין זיינען די פאָלגענדע:

רובין לוקס, — פּרעזידענט; יואל שטודנא, — ווייס־פּרעזידענט; אברהם פאַקס, — רעקאָרדינג־סעקרעטאַר; נייטען ריכטער, — טרעזשורער; ריטא האַלבערג, — פינאַנץ־סעקרעטאַר; דזשאָו און דזשעני וויאַטראַק, — האָספּיטעלערס. עקזעקוטיוו־קאָמיטע: אב. בירענהאָלץ, איזידאָר גליקסמאַן, העלען זבאַראַ, דזשעני פאַקס, גוירדי ריכטער, איזי האַלבערג, וואָלף גריטץ און טוביה שולדינגער.

ה. גרוימאַן

# די טעטיקייט פון טשענסטאָכאָווער און אומגעגנט הילפּס־פאַראיין אין לאָס־אַנדזשעלעס, קאַליפ.



אין לאָס אַנדזשעללעס געפינען זיך אַרום 40,000 יידן וואָס גאָר אַ גרויסער טייל לעבט און אָטעמט מיטן גייסט פון דער אַלטער היים. דער „טשענסטאָכאָווער און אומגעגנט הילפּס־פאַראיין" שפּילט אַ גאַנץ באַדייטנדיקע ראָלע אין דעם היגן געזעלשאַפטלעכן לעבן. מיר זיינען אָנגעשלאָסן אין די פאָלגענדע אינסטיטוציעס, וועלכע מיר שטיצן מיט אַ ברייטער האַנט: „מאַונט סיני שפּיטאָל", „סיטי אָוו האָופּ", די „היים פאַר עלטערע מענטשן" אין רעסיבאַ, קאַליפאָרניע, און אין דעם „קאַונסיל פון יידישע אָרגאַניזאַציעס". מיר טראָגן אויך צו אונדזער חלק צום יערלעכן „יונייטעד דזשואיש וועלפעיר פאָנד".

אונדזער פאַראיין האָט זיך געגרינדעט אין יאָר 1944. אונדזער מיטגלידערשאַפט באַשטייט נישט בלויז פון טשענסטאָכאָווער, פאַראַן ביי אונדז וואַרשעווער, לאָדזשער, נאָוואָראַדאָמסקער, קעלצער און אויך לאַנדסלייט פון אַנדערע שטעט. אונדזער פאַראיין האָט זיך טיף איינגעבירגערט אין היגן יידישן לעבן און ווערט אַנאַרקענט אַלס אַ וויכטיקע אינסטיטוציע. מיר האָבן אָבער אויף קיין איין מינוט נישט איבערגעריסן אונדזערע פאַרבינדונגען מיט אונדזערע לאַנדסלייט פון יענער זייט ים. מיר שטייען אין אַן ענגן קאָנטאַקט מיט די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין פוילן, ישראל און אין פאַריז, און פון צייט צו צייט שיקן מיר אונדזער באַשיידענע הילף צו אָט דער שוועסטער־אָרגאַניזאַציע אין פאַריז.

אין נאָמען פון די לאָס אַנדזשעלעסער „טשענסטאָכאָווער און אומגעגנט הילפּס־פאַראיין", באַגריס איך אייער באַשלוס אַרויסצוגעבן דאָס בוך „טשענסטאָכאָוו", וועגן אונדזער אַמאָליקער היימשטאָט, וואָס לעבט אין אונדזערע הערצער און וועלכער מיר וועלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן.



די עקזעקוטיווע פון טשענסטאָכאָווער און אומגעגנט הילפּס־פאַראיין אין לאָס־אַנדזשעלעס, קאַל.

עס שטייען פון רעכטס צו לינקס: בערנאַרד פּייטעק (פאַרטרעטער פון טשענסטאָכאָווער יזכור־בוך), אַדאָלף ליבערמאַן, פאַרוואַלטונגס־מיטגליד הערי גראומאן (סעקרעטאַר), מלך גיזינסקי (צווייטער וויים־פּרעזידענט), מעקס גראָסבערג (פּרעזידענט), מאָריס פּראַדעל, מאָריס צענטנער, רפאל פאָזנער (פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער).

עס זיצן פון לינקס צו רעכטס: סעראַ צענטנער (ערשטע וויים־פּרעזידענטין), ראָוז ליבערמאַן, בלימע גראָסבערג, מאַשע גיזינסקי, שרה פאָזנער. פאַרוואַלטונגס־מיטגלידערין סאול שלינגבוים. טרעזשורער פעלט אויף דעם בילד




ד"ר ב. אָרענשטיין

# די טעטיקייט פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל

### 1. צוויי צייט־אָפּשניטן

די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאַל האָט צו פאַרצייכענען צוויי צייט אָפּשניטן; די ערשטע ביז דעם יאָר 1947, און די צווייטע פון יאָר 1947, וואָס ווערט האָפנטלעך פאַר לאַנגע יאָרן פירן אַ פרוכטבאַרע טעטיקייט.

דער ערשטער צייט אָפּשניט דאַטירט זיך פון דעצעמבער 16, 1945, ווען די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט האָט זיך אָרגאַניזירט פון אַלט־איינגעזעסענע תושבים אין מאָנטרעאַל מיט אַ טיפן סענטימענט פאַר זייער חרוב געוואָרענער שטאָט צו העלפן די לעבן געבליבענע קאַצעטלער. דער נאָמען פון דער לאַנדסמאַנשאַפט איז דעמאָלט געווען „טשענסטאָכאָווער אומגעגנט הילף־פאַריין אין מאָנטרעאַל". אין משך פון צוויי יאָר האָט דער הילף־פאַריין געהאַט אָפטע צוזאַמענקונפטן, געזאַמלט געלט און זאַכן, דורכגעפירט אַ טרויער אַקאַדעמיע, און זיך באַטייליקט אין דער אַקציע אַרויסצוגעבן דאָס בוך „טשענסטאָכאָווער יידן", אין ניו־יאָרק.

מיטן אימיגראַציע־שטראָם קיין קאַנאַדע זיינען אָנגעקומען אַ גאַנצע רייע לאַנדסלייט, וואָס האָבן אין זייערע הערצער

געטראָגן דעם פּיין פון זייערע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט און גלייכצייטיק אַ יראת הכבוד פאַר די אומגעקומענע קדושים און מאַרטירער. די גאַנצע אַרבעט פון דעם פאַראיין האָט זיך רעאָרגאַניזירט און באַקומען דעם נאָמען: „טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאל". די אַלט איינגעזעסענע טשענסטאָכאָווער תושבים אין מאָנטרעאל, וואָס האָבן געגרינדעט דעם הילפס פאַריין זיינען געוואָרן די אַזוי גערופענע סעניאָרן, וואָס העלפן מיט ראַט און פינאַנציעלע מיטלען, אָבער די אָנפירונג האָבן זיי איבערגעגעבן צו די נייַ אָנגעקומענע.

## 2. די גרונט־פּרינציפּן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט

די גרונט פּרינציפּן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט זיינען; אָפּהאַלטן יעדעס יאָר אַ יאָרצייט אַקאַדעמיע לכבוד די העלדן און קדושים פון טשענסטאָכאָוו. שיקן הילף צו לאַנדסלייט קיין מדינת ישראל און אַנדערע לענדער. אָנהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט אַלע טשענסטאָכאָווער אינסטיטוציעס אין דער וועלט. פאַראייביקן די געשיכטע פון טשענסטאָכאָווער יידנטום. אָנהאַלטן אַ פאַמיליאַרן און חברישן קאָנטאַקט מיט די מיטגלידער פון דער לאַנדסמאַנשאַפט, און אַז די לאַנדסמאַנשאַפט זאָל מיט זיך רעפּרעזענטירן אַ סימבאָל און גייסטיקער צענטער פון דער אַמאָל פאַרבנרייכער יידישער קהילה אין טשענסטאָכאָוו.

## 3. אַקאַדעמיעס

יעדע טרויער אַקאַדעמיע, וואָס די לאַנדסמאַנשאַפט אָרדנט איין האָט אַ פּראָגראַם פון דריי טיילן; די ערשטע — אַ רעליגיעזע און באַשטייט פון אָנצינדן ליכט; אַ חזן מאַכט אַ „מלא", קדיש און אַ הספד געהאַלטן דורך אַ רב און דאָס געהערט שוין צו דער חזקה פון טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַן הרב בנימין באזשיקאָווסקי, וועלכער איז דער פּרינציפּאַל פון דער ישיבה „מאור הגולה". דער צווייטער טייל באַשטייט פון 2 רעפעראַטן: איינער נעמט אַרום דעם חורבן, און דער צווייטער — ווידערשטאַנד און קאַמף פון טשענסטאָכאָווער יידנטום אין דער נאַציצייט. די דריטע — רעציטאַציעס און געזאַנג פון געטאָ־לידער. שטענדיק שליסט זיך די אַקאַדעמיע מיט דעם פּאַרטיזאַנער הימן.

די דערפאַרונג האָט באַוויזן, אַז דער אופן פון אָרגאַניזירן אַ פּראָגראַם איז פון גרויס וויכטיקייט און מיט גרויס דערפאָלג. עס וואָלט ראַטזאַם געווען, אַז אַלע טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן אין דער וועלט זאָלן אָננעמען דעם פּראָגראַם אַלס אַן איינהייטלעכער פאַר אַלע טרויער אַקאַדעמיעס. עס דאַרפט אויך דערמאָנט ווערן, אַז קיין שום אַפּילס, אָדער געלט זאַמלונגען ווערן אויף אַזעלכע אַקאַדעמיעס ניט אַדורכגעפירט, צוליב דער הייליקייט פון דער גאַנצער אונטערנעמונג. איין אויסנאַם איז געמאַכט געוואָרן, און דאָס איז אַ בלימעלע ביים אַריינגאַנג מיט אַ פרייוויליקן אָפּצאָל. עס הענגט אַן אויפשריפט; „מזכיר־נשמות־געלט" און וויפל יעדער וויל לייגט ער אַריין אין אַן אָפענעם טעלער. ביים טישל פון אָפענעם טעלער זיצט דער קאַסירער מיט זיינע געהילפן.

## 4. הילפס־אַקציעס

די הילפס אַקציעס ווערן געפירט דורך שיקן געלט סערטיפיקאַטן, לעבנסמיטל פּאַקעטן און קליידונג צו לאַנדסלייט קיין פּוילן און אין ישראל. דער פאַקט איז, אַז יעדעס יאָר ווערט אַלץ ווייניקער די צאָל טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין פּוילן, וויל איבערהויפּט ווערט דאָס יידישע לעבן דאָרט מיט יעדעס יאָר אויסגעלאָשן, דעריבער איז די מערהייט פון דער הילף, ווערט געשיקט קיין ישראל.

די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאל האָט אין פאַרלויף פון איר עקזיסטענץ געשיקט צו הונדערט און מער סקריפּטן, אָדער פּעקלעך אַ יאָר, דעריבער איז נויטיק געווען זיך צו פאַרטראַכטן וועגן די פאָרעם פון הילף. אַרום דער פראַגע זיינען פאָרגעקומען אַ גאַנצע רייע דיסקוסיעס און די לאַנדסמאַנשאַפט האָט אַפּילו אַרויסגעשיקט אַן אַנקעטע צו



עקזעקוטיווע פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל

ערשטע ריי, זיצנדיק פון לינקס צו רעכטס: ב. איצקאָוויטש, וויצע־פאָרזיצער; ש. וואַגאָ, פאָרזיצער; בערנאַרד פּייטעק, גאַסט פון שיקאַגאָ; י. סילווער, פּרעזידענט; ד"ר ב. אָרענשטיין, גענעראַל־סעקרעטאַר; ל. בוכוואַלטער, אָרגאַניזאַציע.

צווייטע ריי, שטייענדיק פון רעכטס צו לינקס: ש. לערנער, אָרגאַניזאַציע; ל. יאַקובאָוויטש, געהילפס־סעקרעטאַר; ש. זילבערבערג, אונטערנעמונגען; י. קאַנאַרסקי, סעקרעטאַר; מ. פרידלענדער, אונטערנעמונגען; ה. קליין, קאַסירער; הערשל קאַוויטש, טעלאָפינשע פאַרבינדונגען

אַ גרעסערע צאָל לאַנדסלייט וועגן דעם ענין. עס האַנדלט זיך, נעמלעך: צי זאָל די הילפס־אַקציע אין די פאָרעם זיין פון קאָנסטרוקטיווע הילף, אָדער אין פּערזענלעכע שטיצע.

די קאָנסטרוקטיווע הילף איז געמיינט, אַז אַלע טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן און סאָסייעטיס זאָלן שאַפן אַן אָנגעזעענע סומע און גרינדן אין ישראל אַ לייַ־קאַסע, וואו לאַנדסלייט וועלן קענען זיך באָרגן געלט אָן אינטערעס פאַר קאָנסטרוקטיווע הילף און דאָס געלט זאָל שטענדיק זיין ווי אַ סטאַבילער קאַפּיטאַל.

די אינדיווידועלע שטיצע דריקט זיך אויס דערין אין שיקן צו לאַנדסלייט געלט סקריפּטן אָדער פּעקלעך.

פאַרשטענדלעך איז, אַז דער פּלאַן פון קאָנסטרוקטיווע הילף דאַרף אַדורכגעפירט ווערן קאָלעקטיוו דורך אַלע סאָסייעטיס אויפן אַמעריקאַנעם קאָנטינענט. דאָס לעבן איז אָבער שטאַרקער, ווי יעדע טעאָרעטישע איינשטעלונג און דערווייל ווערט די לאַנדסמאַנשאַפט פאַרוואָרפן מיט מאַסן בריוו וועגן הילף פון אינדיווידועלער שטיצע. די פּראַקטיק האָט באַוויזן, אַז אַלע פאָרמען פון אינדיווידועלע שטיצע באַקומען דעם געהעריקן אויסדרוק און דאָס דרינגט אַרויס פון די הונדערטער בריוו, וואָס די לאַנדסמאַנשאַפט באַקומט; אַ לאַנדסמאַן, למשל, וואָס האָט באַקומען אַ פּעקל קליידונג פאַר זיינע קינדער האָט געשריבן פאָלגענדעס; „חיפה, יוני, 10, 1957. חשובע טשענסטאָכאָווער

לאַנדסמאַנשאַפט. גוטהאַרציקע ברידער און שוועסטער. געבענטשט זאָלט איר זיין מיט אַלעם גוטן. ווען איך האָב אייער פּאַקעט דערהאַלטן, איז איין שטראַל פון גליק געקומען. איר קענט אייך ניט פאָרשטעלן די פרייד פון די קינדער און מיין פרוי. איך קען אייך שרייבן, אַז איך האָב קיינמאָל ניט געטראַכט, אַז מיינע קינדער זאָלן זיין אַזוי גוט געקליידט אין דער צייט ווען אַלץ איז אַזוי טייער. איך דאַנק אייך נאָכאַמאָל פאַר דעם פּאַקעט און זייט וויסן, אַז איר האָט געטאָן אַ גרויסע מצווה, ווייל מיינע קינדער זיינען אַרומגעגאַנגען נאַקעט. פאַרבלייבט געזונט צוזאַמען מיט אייערע פאַמיליעס, מיט גרויס רעספּעקט פאַר אייך".

אַן אויסצוג פון אַ בריוו פון אַ לאַנדסמאַן, וואָס האָט דערהאַלטן אַ טשעק: „יוני 10, 1957. טייערע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט. אייער בריוו מיטן טשעק האָב איך דערהאַלטן, פאַר וועלכן איך און מיינע ליבע פאַמיליע דאַנקען אייך זייער הערצלעך פאַר אייער איבערגעבנקייט צו אונדז, טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט, וואָס געפינען זיך אין ישראל. ליבע פריינד: מיר וויסן זייער גוט, אַז קיין לעכערדיקן זאַך קען מען ניט פול מאַכן, אָבער די מתנה פאַר אונדז האָט זייער אַ גרויסע באַדייטונג".

אויסער אַזעלכע בריוו פון אַ פּריוואַטן כאַראַקטער באַקומט די לאַנדסמאַנשאַפט אומצאָליקע בריוו פון אַ געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער אין וועלכן עס קומט צום אויסדרוק פאַרביטערונג און פּראָטעסט קעגן דער פאָרעם פון אינדיווידועלער הילף. אַ טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַן, אַ קינדער־דאָקטאָר שרייבט פאָלגענדעס: „דער גאַנצער 'פּעקל סיסטעם' איז מיר שוין ניט דערעסן, נאָר דערפרעסן. מ'קען ניט זיין קיין אייביקע שנאָרער, קבצנים אַאַז"ו. וואָלטן אונדזערע לאַנדסלייט אין אויסלאַנד געוואָלט אויפהערן שיקן פּעקלעך, (זיי טוען דאָס מסתמא מיטן גאַנצן נאַאיוון האַרצן), וואָלט דאָס געווען אַ רעטונג פאַר דער געזעלשאַפטלעכער מאָראַל. איר געדענקט דאָך, ווי ביאַליק האָט פאַרענדיקט זיין ליד אין „בעיר ההרגה", „וכאשר שנוררתם תשנוררו... ".

אין אַן אַנדערן בריוו, וואָס טראָגט אויך אַ געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער, שרייבט אַ לאַנדסמאַן; אַ דאַנק פאַר אַ צוגעשיקטן טשעק. דער בריוו לייענט זיך: „תל־אביב, אַפּריל 7, 1957. ליבע פריינט, טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט. שטאַרק גערירט בין איך געווען ווען כ'האָב דערהאַלטן אייער בריוו, ספּעציעל דערזעענדיק אויבן אויפן שרייב־בויגן דאָס בילד פון דער טשענסטאָכאָווער סינאַגאָגע. איר זענט ווערט אַ גרויסע אַנערקענונג פאַר דעם שיינעם איינפאַל, וועלכער דינט אַלס סימבאָל פון אַמאָליקן לעבן פון אונדזער געמיינזאַמע געבורטס־שטאָט. אפשר איז גאָרניט קיין צופאַל וואָס איר, קאַנאַדער לאַנדסלייט, זענט געפאַלן אויף דעם געדאַנק. דאָס שטימט פולשטענדיק מיט אייער טעטיקייט, וועלכע די צייט האָט ניט געמאַכט פאַרגעסן. אַ דאַנק אייך האַרציק פאַר אייער צוגעשיקטן טשעק. איך ווינטש אַלע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין קאַנאַדע אַ פריילעכן פּסח".

פון אַ גאָר ספּעציעלן כאַראַקטער זיינען די בריוו פון לאַנדסמאַן דוד קאָניעצפּאָלער פון חולון, (ישראל), ער שרייבט ניט, חס ושלום, וועגן הילף, ווייל ניט און דאַרף ניט. ער שרייבט, אַז ער האָט פאַרנאָטירט איבער הונדערט נעמען פון געוועזענע געזעלשאַפטלעכע טוער פון דער פאַרשניטענער שטאָט טשענסטאָכאָוו. פאַרשטענדלעך, אַז זיין בריוו האָט אַרויסגערופן ביי דער לאַנדסמאַנשאַפט גרויס אינטערעס און נאָך אַ בריוו אויס־טויש שרייבט ער אין אַ בריוו, דאַטירט, חולון, מאַי 18, 1957, פאָלגנדעס: „אייער חשובן בריוו פון אַפּריל 14 האָב איך דערהאַלטן, פאַר וועלכן איך דאַנק אייך האַרציק. עס איז מיר באַזונדערס אָנגענעם, וואָס — ווי איר שרייבט — אַז מיין בריוו איז פאָרגעלעזן געוואָרן אויף אַ פּלענאַרע זיצונג פון דער עקזעקוטיווע. עס טויכן אויף זכרונות פון צענדליקער יאָרן אָנגעשטרענגטע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע אַרבעט און מען לעבט נאָך אַמאָל איבער אונדזער פינצטערע טראַגעדיע. אַלץ איז אויסגעריסן געוואָרן כמעט מיטן וואָרצל. לויט מיין טיפער איבערצייגונג איז זייער גוט, וואָס דאָ און דאָרט ווערט פאַרצייכנט און געדרוקט, וואָס וועט דערמעגלעכן דעם צוקונפטיקן היסטאָריקער פון אונדזער עפּאָכע צונויפצושטעלן דאָס טראַגישסטע קאַפּיטל פון אונדזער געשיכטע".

די עטלעכע אויסצוגן כאַראַקטעריזירן די פאַרשיידענע שטאַנדפּונקטן און פאַראינטערעסירונגען פון די לאַנדסלייט אין מדינת ישראל, און נעמלעך: אינדיווידועלע הילף. ניט פירן קיין אינדיווידועלע הילף. פריינד דוד קאָניעצפּאָליערס שטאַנדפּונקט איז: זאַכלעכער זיך צו פאַרנעמען מיטן פאַראייביקן די געשיכטע פונעם טשענסטאָכאָווער יידנטום. די מיינונג פון דער טשעסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט איז, אַז די טשענסטאָכאָווער סאָסייעטיס דאַרפן קאָאָרדינירן זייער טעטיקייט פאַר קאָנסטרוקטיווער הילף און גלייכצייטיק אין אויסנאַם־פאַלן פירן אַ טעטיקייט פון אינדיווידועלער הילף. מיט דער מיינונג פון פריינד דוד קאָניעצפּאָלער איז די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאַל פולשטענדיק מסכים, אַלס איינע פון די אויפגאַבן פון די טעטיקייטן.

## 5. פינאַנציעלע מיטלען

פונוואַנעט נעמט די לאַנדסמאַנשאַפט פינאַנציעלע מיטלען? דער סיסטעם פון נעמען מיטגלידס־אָפּצאָל איז אָפּגעשאַפט געוואָרן. די איינקונפטן זיינען פון אַן איינמאָליקן קאַמפּיין, וואָס ווערט אָנגערופן מעות חיטים און ווערט געפירט אין דער צייט פון פורים ביז פסח. יעדעס יאָר ווערט אַדורכגעפירט אַ „ראַפל", די פרויען דיוויזיע פירט אַדורך אין גרעסערן מאַסשטאַב אַ „מאַני־שאוער" און אַ באַל לכבוד דער באַפרייאונג פון די קאָנצענטראַציע לאַגערן. און, ווי אויבן דערמאָנט, פון מזכיר־נשמות געלט ביים אַריינגאַנג צו די טרויער אַקאַדעמיעס.

## 6. געמיינשאַפטלעכע אַקטיוויטעטן

די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאַל, האָט ניט קיין אָפיציעלע פאַרטרעטער אין די געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, אָבער מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע זיינען פאָרשטייער אין אַ גאַנצע רייע אינסטיטוציעס, דעריבער זיינען זיי אומדירעקט די פאָרשטייער פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט. די אינסטיטוציעס זיינען; דער קאַנאַדער יידישער קאָנגרעס, ועד־העיר אין מאָנטרעאַל, יידישע פאָלקסביבליאָטעק, הסתדרות, אַרבעטער קאָמיטעט און אַנדערע.

די עקזעקוטיווע אָרדנט איין ספּעציעלע צוזאַמענקונפט־סעסיעס פאַר געקומענע געסט, ווי צום ביישפּיל: מיט מיסיס העלא שניאור פון ישראל, (פאָרגעקומען מערץ 11, 1956), פריינד רפאל פעדערמאַן (יולי 29, 1956), פריינד רייזמאַן פון ישראל און פריינט בערנאַרד פייטעק, פון שיקאַגאָ (פאָרגעקומען מערץ 15, 1957), און אויך אַ גאַנצע רייע אַנדערע. עס קומען פאָר קבלת־פּנים פייערונגען לכבוד ניי אָנגעקומענע

לאַנדסלייט און אויך געזעגענונגס אָוונטן, ווי צום ביישפּיל, אַ גאָר אימפּאָזאַנטער אָפּשיידס־אָוונט לכבוד פריינד און מרס. קובאַ גאָלדבערג צום אָפּפאָר קיין ניו־יאָרק, (פאָרגעקומען נאָוועמבער 17, 1957), און אַ גאַנצע רייע אַנדערע.

די עקזעקוטיווע באַטייליקט זיך אויך אין שמחות ביי די לאַנדסלייט, ווי חתונות, בריתן, גראַדואירונגען און אַנדערע. היות ווי פריינד וואָלף גליקסמאַן פון פילאַדעלפיע, איז געהאַט געוועזן אין מאָנטרעאַל און זיך באַטייליקט אין אַן עקזעקוטיווע מיטינג, דעריבער איז ער באַגריסט געוואָרן צו זיין גראַדו־אירונג, פון באַקומען דעם פּ. ה. ד. דעגרי, אין „קענעדער אַדלער" (געווען געדרוקט אין פרייטאָג נומער פון יוני 21, 1957). צו פאַרשיידענע געלעגנהייטן ווערן געשיקט באַגריסונגס טעלע־גראַמעס און בריוו.

אַ גאָר באַזונדער קאַפּיטל זיינען קאָנדאָלענץ־בריוו און באַטייליקונגען אין לוויות.

### 7. פאַרלוסטן

אין פאַרלויף פון די לעצטע עטלעכע יאָר האָט די טשענסטאָ־כאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאַל געהאַט וויטיקדיקע פאַרלוסטן פון נאָך געווען יונגע אַקטיווע עקזעקוטיווע מיטגלי־דער, ניי געקומענע, וואָס האָבן אַדורכגעמאַכט די פייניקונגען אין נאַצי גיהנום און זיינען פריצייטיק אַוועק פון דער וועלט און דערמיט פאַרגרעסערט דעם פּאַנטעאָן פון אומגעקומענע נאַצי קרבנות. זיי זיינען; שלמה דילעווסקי, ע״ה, יוסף זילבער־בערג, ע״ה, ווי אויך ריינהערץ, רובינסקי און חיים קליימאַן ע״ה.

יהי זכרונם נצח.

### 8. פּובליקאַציעס

די פּובליקאַציעס פון די עקזעקוטיווע מיטגלידער פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאַל זיינען אויס־געצייכנט אין דער זייער אויספירלעכער און גאָר וויכטיקער ביבליאָגראַפיע־אַרבעט פון ד״ר פיליפּ פרידמאַן, פאַרעפנטלעכט אין דעם איצטיקן בוך „טשענסטאָכאָוו". דעריבער איז ניט נויטיק זיי נאָכאַמאָל אויסצורעכענען. די עקזעקוטיווע פּלאַנט, אָבער, אַרויסצוגעבן אַ ספּעציעלן סאָוועניר־בוך, וואָס זאָל אין דער ערשטער רייע אַרומנעמען די געשיכטע פון דער מאָנטרעאַלער לאַנדסמאַנשאַפט און אַ גאַנצע רייע אַנדערע אַרבעטן. (די אַרבעט פּרעטענדירט ניט צו זיין אַן אויספירלעכע געשיכטע, הגם זי איז געשריבן געוואָרן אויפן סמך פון פּראָטאָקאָלן און צאָלרייכער קאָרעספּאָנדענץ, וויל דער איצטיקער אַרטיקל איז נאָר אַ באַריכט און ספּעציעל ווען עס האַנדלט זיך וועגן ערשטן צייט־אָפּשניט, וועגן איר גרינדונג. פריינד שלמה וואגא איז אין באַזיץ פון אַלע אַרכיוואַלע דאָקומענטן, וואָס האָבן אַ שייכות צו דעם ענין. אין דער געשיכטע פון דער לאַנדסמאַנשאַפט וועלן זיין גענוי באַשריבן די גרינדערס פון דער לאַנדסמאַנשאַפט מיט זייערע כאַראַקטעריסטיקן און אַלע באַאַמטע פון דער גאַנצער צייט. ביאָגראַפישע שטריכן פון די נפטרים, געהאַלטענע רעדעס אויף די אַקאַדעמיעס און הספדים. פריינד שלמה וואגא מוז זיין פרוי געפינען זיך איצט אויף דער רייזע קיין ישראל און דער באַריכט איז אָנגעשריבן געוואָרן אין זיין אָפּוועזנהייט. ער האָט זיך אויך פאַרנומען מיט די רעזולטאַטן פון דער אַנקעטע.

דער באַשלוס וועגן אַרויסגעבן אַ סאָוועניר־בוך איז איינ־שטימיק אָנגענומען געוואָרן אויף אַ פּלענאַרער זיצונג, פאָר־געקומען פעברואַר 1, 1957, מיט דער באַגרינדונג, אַז די עקזעקוטיווע זעט ניט אין דעם צווייטן דור, דאָס הייסט, אין די קינדער פון די ניי אָריבערגעקומענע, קיין המשך פון אַקטיוויטעטן אַלס לאַנדסמאַנשאַפט, דעריבער וויל די עקזעקוטיווע איבערלאָזן אַ געדרוקטן היסטאָרישן דאָקומענט פון אירע אַקטיוויטעטן. דאָס דאָזיקע סאָוועניר־ביכל, פון 32 זייטן, איז דערשינען, פרילינג, 1958, אונטערן נאָמען „טשענ־סטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט", צו דער געלעגנהייט פונעם יובל פון צוויי ביכער, און צום אָפּפאָר פון שלמה וואגא קיין מדינת ישראל.

### 9. די עקזעקוטיווע פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט פאַרן יאָר 1957

ה. סילווער — פּרעזידענט

ש. וואגא — פאָרזיצער

ב. איצקאָוויטש — וויצע־פאָרזיצער

ד״ר ב. אָרענשטיין — גענעראַל־סעקרעטאַר

ל. יאַקובאָוויטש — געהילפס־סעקרעטאַר

צ. קאַנאַרסקי — געהילפס־סעקרעטאַר

ה. קליין — קאַסירער

באָארד אָוו דירעקטאָרס

ל. בוכוואַלטער — אונטערנעמונגען

מ. פרידלענדער — אונטערנעמונגען

מ. הערשליקאָוויטש — טעלעפאָנישע פאַרבינדונגען

ס. לערנער — קאַמפּיין מענעדזשער

ב. פּעפער — קאַמפּיין מענעדזשער

ס. סילווער — קאָנטראָלער

ה. ראָזענבלום — קאָנטראָלער

פּרעזידיום פון די ליידיס אָקזילערי

מרס. ס. איצקאָוויטש, מרס. מ. זילבערבערג און מרס. ר. וואגא.

### 10. ספר הזכות

די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאַל פירט אַ ספּעציעל בוך אין וועלכן עס זיינען פאַרשריבן די נעמען צו וועמען עס ווערן געשיקט מאַטעריעלע הילף. אין בוך גע־פינען זיך רובריקן; נאָמען, פאַמיליע, ווען דערהאַלטן דעם בריוו, ווען געשיקט, און וואָס געשיקט, און אויך דער ענטפער. דאָס פאַרוואַלטן מיט דעם בוך ווערט באַטראַכט פאַר אַ גאָר ערנהאַפטן אַמט און מיט דעם אַמט פירט אָן זייער געוויסנהאַפט מרס. ס. איצקאָוויטש. היות, ווי דער אַמט נויטיקט זיך אין ספּעציעלע קוואַליפיקאַצעס און די קוואַליפיקאַציעס באַזיצט מרס. ס. איצקאָוויטש, דערבער איז דער אַמט געוואָרן אַ חזקה־זאַך.

נעמענדיק אין באַטראַכט, אַז די גאַנצע ברייט פאַרצווייגטע אויסגערעכנטע טעטיקייטן ווערן געפירט אָן שום אַדמיניסטראַ־טיווע אויסגאַבן, די מיטינגען קומען פאָר אין פּריוואַטע הייזער אין וועלכע די פרויען פון די לאַנדסלייט נעמען אויף די עקזעקו־טיווע ניט בלויז בסבר פנים יפות, נאָר סערווירן אויך אַ גאַנץ פיינעם כיבוד, יעדעס מאָל פאַרבינדן זיך שטאַרקערע פעדעם פון פאַמיליאַרע און חברישע באַציאונגען לטובת די אַקטיווי־טעטן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט, איז דעריבער צו האָפן, אַז נאָך לאַנגע יאָרן וועט די לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאַל פירן איר געזעלשאַפטלעך־קולטורעלע און הילפס־אַרבעט לטובת אונדזערע לאַנדסלייט אין מדינת ישראל.



# טשענסטאָכאָווער אין מדינת־ישראל

אברהם גאָטליב (ישראל)

## טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין מדינת ישראל



אין ארץ־ישראל איז שטענדיק געווען טעטיק אַ טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט. היי־יאָר האָט זיך די לאַנדסמאַנשאַפט רעאָרגאַניזירט און זיך רעגיסטרירט ביי דער רעגירונג אַלס „ארגון יוצאי צנסטוחוב בישראל״. דער „ארגון האָט די גאַנצע צייט פון זיין עקזיסטענץ געפירט אַ הילפס־טעטיקייט צווישן די טשענסטאָכאָווער דאָ אין ישראל. די אַרבעט איז געווען אַ באַשיידענע. עס זיינען פון צייט צו צייט פאַררופן געוואָרן פאַרזאַמלונגען, בכדי צו שאַפן די נויטיקע געלט מיטלען צו קאָנען געבן הילף צו לאַנדסלייט דורך קלענערע הלוואות, אָדער סתם שטיצעס. בעת דער וועלט־מלחמה האָט די היגע טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט, מיט דער הילף פון רויטן קרייץ, געשיקט נאָך רוסלאַנד אַ סך פעקלעך, וועלכע זיינען באַשטאַנען פון שפייז, קליידונג און גאַלאַנטעריע אַרטיקלען.

נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען פוילן איז געוואָרן באַפרייט, איז פון דאַנען געשיקט געוואָרן נאָך טשענסטאָכאָוו קליידונג פאַר עטלעכע הונדערט פונט.

די גאַנצע אַרבעט איז אָבער געווען אָנגעוויזן אויפן מאָמענט. דאָס הייסט, ווען ס׳האָט זיך גענויטיקט דורכצופירן עפּעס אַ הילפס־אַרבעט האָט עס דער „ועד״ געטאָן. ס׳האָט זיך גענויטיקט אַ פאָנד פאַר סטאַבילער אַרבעט; צו שאַפן אַ גמילת־חסדים קאַסע, מיט אַ באַשטימטער געלט־סומע אַלס יסוד. ס׳איז געווען די ערשטע יאָרן נאָך דער מלחמה מיט די אַראַבער. די לאַגע אין לאַנד איז געווען זייער אַ שווערע. אַלע פאַרברויכונגס־פּראָדוקטן זיינען צוגעטיילט געוואָרן דורך דער רעגירונג און דאָס, זייער בצמצום, און אויך ניט רעגלמעסיק. אין יענער צייט, אין די יאָרן 1950־1952, איז אַלס אומגעריכטע הילף געקומען די שפּייז־פּראָדוקטן, וואָס עס האָבן צו אונדז געשיקט די פריינט „טשענסטאָכאָווער און אומגעגענט ברודער־הילף אין אויסטראַליע״.

אין „ועד״ זיינען דעמאָלט געווען פאָלגענדע חברים: ד״ר א. האָראָוויטש; א. גאָטליב; ש. אפרים; צ. לעווקאָוויטש; ב. קורלאַנד; א. דאָרפגאַנג; ח. צבי (הערשליקאָוויטש); פּרוי פ. גרינבערג; א. זוזאָווסקי; און מ. יאסכיל. ביים באַטראַכטן דעם אופן פון פאַרטיילן די פּראָדוקטן האָט דער „ועד״, נאָך אַ באַטראַכטונג מיט די חברים פון חיפה און ירושלים, באַשלאָסן ביי דער געלעגנהייט איינצוקאַסירן ביי די חברים, — די וואָס קומען נעמען די שפּייז־פּראָדוקטן, — אַ מיטגלידס־שטייער. די חברים האָבן דאַן געצאָלט שטייער פאַר עטלעכע חדשים, פון 10־20 פּיאַסטער אַ חודש. און אַזוי ווי דאָס געלט איז כסדר אַריינגעקומען זיינען אין אַ קורצער צייט די רעזולטאַטן געווען בולטע.

אין יאָר 1950, איז אונדזער חבר יעקב גאָטליב געווען אין אַמעריקע. ער האָט זיך פאַרבונדן מיט אַ ריי געזעלשאַפטלעכע טוער פון די אָרטיקע טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן און זיי אויפגעקלערט וועגן דער שלעכטער לאַגע אין מדינת ישראל, און געבעטן אַז די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן אין אַמעריקע זאָלן שיקן הילף צו אונדזער „ארגון״. זיינע באַמיאונגען האָבן געווירקט נאָר אויף דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין דעטראָיט און פון דאָרט האָט אָנגעהויבן קומען הילף. דער „ועד״ האָט אויך געמאַכט צוויי געלונגענע אָוונטן, וועלכע האָבן געהאַט, אַ חוץ דער צופרידענקייט פון די חברים פון זייער צוזאַמענטרעף, — אויך אַ געוויסן מאַטעריעלן דערפאָלג.

דער איינקאַסירטער ביישטייער האָט געגעבן דעם גרונטשטיין אָנצוהייבן די טעטיקייט פון דער גמילת־חסדים קאַסע, און מיר האָבן אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן קליינע אָן־פּראָצענטיקע הלוואות. די הילפס געלטער פון דעטראָיט און פון די אייגענע אונטערנעמונגען האָבן דער גמילת־חסדים קאַסע פאַרשטאַרקט. דאָס ווייזט זיך בולט אַרויס פונעם באַריכט וואָס איז אָנגעגעבן געוואָרן אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג אין תל־אביב, ביז דער צייט פון 31טן דעצעמבער, 1952, ווען דער „ועד״ איז דערוויילט געוואָרן האָט ער איבערגענומען אין קאַסע אַ סומע פון 7.098 ל״י, דאָס הייסט; 7 פונט מיט 93 פּיאַסטער. און צו ענדע פון 1952, ווייזט דער באַריכט די סומע פון 975,000 ל״י אַרויסגעגעבענע הלוואות, און 187.000 ל״י שטיצעס. פאַר דער באַריכטס צייט איז איינגעפלאָסן פון צוריקגעצאָלטע הלוואות 303.500 ל״י. חיפה האָט אין דער זעלבער צייט אַרויסגעגעבן הלוואות און שטיצעס אויף אַ סומע פון 8ז0.000 ל״י.

ווען ס׳איז אָנגעקומען די שפּייז פּראָדוקטן פון אויסטראַליע האָט מען עס געדאַרפט פאַרטיילן אין גאַנצן לאַנד. עס זיינען זיך צוזאַמענגעקומען די חברים פון תל־אביב, חיפה און ירושלים און זיך פאַרשטענדיקט וועגן אַ געוויסער פּראָפּאָרץ

ביים פאַרטיילן די פּראָדוקטן, און אויך די אַנדערע הילף, ווי געלט, קליידער, וואָס קומט פון טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן. ס'איז דאַן געשאַפן געוואָרן אַ צווישן־שטעטישע מזכירות (סעקרעטאַריאַט), אין וועלכן ס'זיינען פאַרטרעטן די פאָלגנדע פאַרשטייער: פון תל־אביב — די ח"ח אברהם גאָטליב און צבי לעווקאָוויטש; פון חיפה — דער ח' יהודה דאַנציגער, ז"ל; און פון ירושלים — ח' שרגא זוזאָווסקי. אַלס הויפּט־סעקרעטאַר איז דערוויילט געוואָרן ח' אברהם גאָטליב, וועלכער טוט זיין אַרבעט ביז היינט. די מזכירות שטייט אין קאָנטאַקט מיט די אָרטיקע „ועדים" וועגן אַלע ענינים וואָס זיינען נוגע הילף פאַר אונדזערע טשענסטאָכאָווער ברידער.

די מזכירות האָט זיך געפּרוּווט שטעלן אין שריפטלעכער פאַרבינדונג מיט אַ ריי טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן און זיי אויפגעקלערט די וויכטיקע הילפס־אַרבעט וואָס עס טוען דאָ די אָרטיקע ארגונים פאַר אונדזערע טשענסטאָכאָווער ברידער. מיר האָבן אויך געשריבן צו אַ ריי אַקטיווע טוער אין די לאַנדסמאַנשאַפטן. אויף אונדזערע אַלע ווענדונגען האָבן זיך אָפּגערופן די לאַנדסמאַנשאַפטן פון שיקאַגאָ — און דאָס אַ דאַנק דער מיטווירקונג פון פריינט משה צעשינסקי. מיר האָבן דערהאַלטן פון „עדיוקיישאָנעל פאַריין" אַן איינמאָליקע שטיצע און פון טשענסטאָכאָווער פרויען הילפס־פאַריין און אינדעפּענדענט פאַריין, עטלעכע מאָל צו קלענערע סומעס. די איינציקע לאַנדסמאַנשאַפט וואָס שיקט פון צייט צו צייט איר שטיצע ביז היינט, איז געבליבן דער „טשענסטאָכאָווער ראַיאָנער פאַריין אין דעטראָיט". די פּאָזיטיווע באַציאונג פון דער דעטראָיטער לאַנדסמאַנשאַפט, קאָן זיין, איז אַ רעזולטאַט פון די באַזוכן דאָ אין ישראל פון די משפחות זבאראוו און ריכטער, וועלכע מיר האָבן דאָ געהאַט צוזאַמענטרעפן און זיי האָבן זיך איבערצייגט אין דער צוועקמעסיקייט פון דער געשיקטער הילף.

אויסער די טעטיקייטן פון די גמ"ח קאַסעס איז אויך פון גרויס וויכטיקייט די הילף וואָס דער „ארגון" האָט געגעבן די חברים ביים באַקומען אַרבעט; איינאָרדנען זיך אין אַנשטאַלטן; און די באַמיאונגען צו באַקומען פאַר די חברים מעדיצינישע פּרעפּאַראַטן, וואָס מ'באַקומט זיי ניט דאָ אין לאַנד.

יעדעס יאָר קומט פאָר אַ „יזכור"־אָוונט צום אָנדענקען פון די געפאַלענע קדושים פון דער טשענסטאָכאָווער קהילה. דער „ארגון" נוצט אויך אויס פאַרשיידענע געלעגנהייטן איינצו־אָרדנען צוזאַמענטרעפן פון די חברים.

אימפּאָזאַנט איז געווען דער צוזאַמענטרעף לכבוד דעם 70 יעריקן יובל פון אונדזער באַליבטן, פון אַלעמען געאַכטעטן, ד"ר יוסף קרוק.

אין חודש נאָוועמבער, 1956, האָט דאָ געוויילט אַלס טוריסטן די משפחה גיטלער פון מעקסיקאָ. מיר האָבן געהאַט מיט זיי אַ צוזאַמענטרעף אויף וועלכן מיר האָבן זיי באַקענט מיט אונדזער אַרבעט און אויפגעקלערט די וויכטיקע קאָנ־סטרוקטיווע הילף פון אונדזער גמ"ח קאַסע. די משפחה גיטלערס האָט זיך זייער ערנסט באַצויגן צו אונדזערע אויפ־קלערונגען און האָט אויך צוגעזאָגט צו שיקן זייער פּריוואַטע אונטערשטיצונג. זיי האָבן זייער צוזאָג אויף אַ שיינעם אופן מקיים געווען; אין פעברואַר, 1957, איז אָנגעקומען הילף פון די ברידער נחום און משה גיטלער.

ס'איז אויך דאָ געווען אַלס טוריסט, אין חודש מערץ, 1957, פריינט ד"ר ל. קורלאַנד פון פּאַריז, אויף אונדזער צו־זאַמענטרעף מיט אים האָבן מיר געגענזייטיק באַריכטעט וועגן די אַרבעט פון די לאַנדסמאַנשאַפטן דאָ, אין ישראל, און אין פּאַריז. ס'איז גראַד געווען אין די טעג ווען ס'האָבן אָנגעהויבן קומען די ערשטע נייע עולים פון פּוילן. ד"ר קורלאַנד האָט זיך זייער פאַראינטערעסירט מיט דעם, וואָס מיר האָבן בדעה צו טאָן פאַר די נייגעקומענע, און צוגעזאָגט, אַז פּאַריז וועט ניט שטיין פון וויטן ביי אַזאַ וויכטיקער אַקציע. די טשענסטאָ־כאָווער אין פּאַריז וועלן בייטראָגן הילף פאַר אונדזערע טשענ־סטאָכאָווער ברידער אין מדינת ישראל מיט אַלץ, וואָס ס'וועט זיין אין זייערע מעגלעכקייטן. מיר האָבן דורך דער צייט שוין דערהאַלטן פון דער געזעלשאַפט „יידן פון טשענסטאָכאָוו און אומגעגנט" אין פּאַריז געוויסע מעדיצינען וואָס מיר האָבן ביי זיי געבעטן, און אויך אַ געוויסע סומע געלט.

די לעצטע צייט האָבן מיר אויך דערהאַלטן, דורך ח' שלינגבוים פון ראשון לציון, אַ קליינע סומע וואָס איז צו אים געשיקט געוואָרן פון לאָס אַנדזשעלעס, אַז ער זאָל אונדז איבער־געבן.

ווי ס'איז שוין דערמאָנט געוואָרן, זיינען די טשענסטאָכאָ־ווער פריינט פון אויסטראַליע געווען די ערשטע וואָס האָבן אָן וועלכע ס'איז ווענדונג געשיקט זייער הילף, אָבער פון דעמאָלט אָן איז צוליב אומפאַרשטענדלעכע סיבות, איבערגעריסן גע־וואָרן יעדער קאָנטאַקט. מיר האָבן אַ סך מאָל געשריבן, איין מאָל דערהאַלטן אַ תשובה, אָבער פון דעמאָלט אָן באַקומען מיר מער ניט קייט בריוו. עס זיינען דורך דער צייט דאָ געווען, אַלס טוריסטן עטלעכע לאַנדסלייט פון אויסטראַליע. צווישן אַנדערע אויך דער פאַרשטאָרבענער ד"ר ווייסבערג, ז"ל. מיט קיינעם פון די טוריסטן, אַ חוץ מיט ד"ר ווייסבערג, איז אונדז ניט געלונגען זיך צו טרעפן. ביי אונדזער צוזאַמענטרעף מיט ד"ר ווייסבערג האָבן מיר אויסגעדריקט אונדזער פאַר־וואונדערונג וואָס מיר באַקומען ניט קיין בריוו פון אויסטראַ־ליע. ער האָט אונדז אויפגעגעבן אַן אַדרעס צו וועמען צו שרייבן. מיר האָבן געשריבן, אָבער קיין תשובה האָבן מיר ניט באַקומען.

אין חודש יולי, 1957, האָט דאָ געוויילט פריינט פּ. לואי און זיין פרוי. אין אַ צוזאַמענטרעף וואָס מיר האָבן געהאַט מיט דער פאַמיליע לואי האָבן מיר אויפגעקלערט אַלע פּראָ־בלעמען פון אונדזערע אַרבעטן און באַדערפענישן און געבעטן, אַז די טשענסטאָכאָווער אין אויסטראַליע זאָלן באַנייען זייער הילפס־אַרבעט פאַר אונדזערע ארגונים. פריינט לואי, וועלכער איז, אגב, אַ טעטיקער מיטגליד אין טשענסטאָכאָווער קאָמיטעט אין מעלבאָרן, האָט געבעטן, אַז מיר זאָלן שיקן אַ שריפטלעכע ווענדונג צום טשענסטאָכאָווער קאָמיטעט אין מעלבאָרן און ער וועט עס אונטערשטיצן. מיר האָבן אַזאַ ווענדונג געשיקט אויף דער אָנגעגעבענער אַדרעס און מיר האָפן, אַז עס וועט האָבן פּאָזיטיווע רעזולטאַטן. זינט פעברואַר, 1956, איז איינ־געשטעלט געוואָרן אַ שטענדיקער קאָנטאַקט מיטן טשענסטאָ־כאָווער רעליף אין ניו־יאָרק. עס קומט פאָר אַ לעבהאַפטער בריוו־אויסטויש מיט פריינט ר. פעדערמאַן. מיר גיבן איבער אין אונדזערע בריוו וועגן אונדזער טעטיקייט אין ישראל און מיר באַקומען אינפאָרמאַציעס פון פריינט פעדערמאַן, וועגן דער הילף וואָס עס גיט דער רעליף פאַר טשענסטאָכאָווער אין

מדינת ישראל, וועלכע ווענדן זיך צו זיי. דער עיקר פאַר די, וואָס זיינען לעצטנס אָנגעקומען מיטן גרויסן עליה־שטראָם פון פוילן.

אין משך פונעם בריוו־אויסטויש איז געפאַלן דער געדאַנק צו שאַפן אין ישראל אַ מאָנומענטאַל ווערק צום אָנדענק פון די טשענסטאָכאָווער קדושים וואָס זיינען אומגעקומען דורך די נאַצי־מערדער. אינצווישן איז אָבער, אָנגעקומען דער גרויסער עליה־שטראָם פון פוילן מיט זייער גרויסע באַדערפעניש פאַר הילף און דער פּלאַן צו פאַראייביקן די קדושים האָט געמוזט דערווייל אָפּגעלייגט ווערן אויף אַ געוויסער צייט. מיר ווענדן איצט די גאַנצע טעטיקייט אויף די דרינגענדיקע, מאָנומענטאַלע הילפס־אַרבעט. פאַר דעם צוועק האָבן די „ארגוני יוצאי צנסטוחוב" אין ישראל האָבן זיך געשטעלט פאַר אַ ציל, דאָס די גמ"ח־קאַסעס זאָלן העלפן די חברים מיט הלוואות פאַר קאָנ־סטרוקטיווע צוועקן און אין דרינגענדע פאַלן אויך געבן שטיצעס. שטיל און באַשיידן מיט באַגרענעצטע מיטלען וואָס איז אין אונדזער רשות, שטרעבן מיר דעם ציל צו דערפילן, ווי דאָס באַווייזן די באַריכטן וואָס דער ארגון גיט אָן אויף אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען. ס'איז שוין אויבן דערמאָנט געוואָרן דער פּאָ־זיטיווער באַריכט וואָס ס'איז אָנגעגעבן געוואָרן ביז צו ענדע פונעם יאָר 1952. די באַריכטן פאַר וויטערע צוויי יאָר ווייזן ניט קיין קלענערע רעזולטאַטן.

תל־אביב האָט אַרויסגעגעבן 34 הלוואות אויף אַ סומע פון 3.885 ל'. 10 שטיצעס אויף דער סומע 548 ל'.

חיפה האָט אַרויסגעגעבן 33 הלוואות אין שטיצעס צוזאַמען אוי דאָ סומע פון 3.108 ל'.

ירושלים האָט אַרויסגעגעבן 9 הלוואות אויף אַ סומע פון 232 ל'. 6 שטיצעס אויף אַ סומע פון 80 ל'. אין ס"ה, הלוואות און שטיצעס אין משך פון 2 יאָר 7.853 ל'.

פאַר די לעצטע חדשים זייט ס'קומט די פאַרשטאַרקטע עליה פון פוילן, ביזן 15טן אויגוסט, 1957, האָבן די ארגונים פון תל־אביב און חיפה אַרויסגעגעבן הלוואות און שטיצעס אויף אַ סומע פון בערך 4.000 ל'. אַלע געלטער פון די גמ"ח־קאַסעס ווערן געהאַלטן אין באַנק און אַלע טראַנזאַקציעס ווערן דורך דער באַנק אַדורכגעפירט.

די אָנגעגעבענע סומעס און די צאָל חברים וואָס האָבן גענאָסן פון אונדזערע גמ"ח־קאַסעס, באַווייזן ניט נאָר זייער צוועקמעסיקן פּאָזיטיוון נוצן, נאָר אויך די וויכטיקע באַדערפע־ניש לטובת די חברים. די דאָזיקע וויכטיקע אַרבעט איז מעגלעך געוואָרן דורכצופירן אַ דאַנק די אונערמידלעכע אָפּפערוויליקע אַקטיוויטעט פון אַ באַגרענעצטע צאָל חברים, ביי וועמען דער ווילן צו העלפן אונדזערע טשענסטאָכאָווער מיטברידער, איז זיי נאָענט צום הארצן. און זיי נוצן אויס זייערע איינפלוסן, בכדי דעם ציל צו דערגרייכן.



טשענסטאָכאָווער אין ישראל



ארגון יוצאי צנסטוחוב בישראל, תל־אביב



טשענסטאָכאָווער אין ישראל מיט געסט פון די פאַראייניקטע שטאַטן
ערשטע שורה, שטייען פון רעכטס צו לינקס: ד. לעווקאָוויטש; גב' פ. גרינבערג; נייטען ריכטער, גב' ג. ריכטער פון דעטראָיט; גב' ר. דאַנציגער; א. גאָטליב; ד"ר א. האַראָוויטש; גב' נייקרוג; מ. ישכיל; ד. ישכיל. צווייטע שורה: גב' דורפגאַנג; קאַפּלאַן; נ. קורלאַנד; גב' ב. טאַריף; י. גאָטליב; ח. צבי (הערשליקאָוויטש) ש. בלום; ש. אפרים און א. דורפגאַנג.



לאַנד־קאָמיטעט (ועד ארצי) פון טשענסטאָכאָווער אין ישראל
שטייען פון רעכטס צו לינקס: ד"ר י. האַראָוויטש, י. גאָטליב, צ. שפּאַלטען, פ. שמולעוויטש, פ. זובסקי.
זיצן פון רעכטס צו לינקס: וו. לאַנדמאַן, ד"ר י. קרוק, י. דאַנציגער.

# טשענסטאָכאָווער אין אַרגענטינע

עמזע בערן

## די טעטיקייט פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין אַרגענטינע

צווישן די יידן פון פוילן, וואָס האָבן אויסגעוואַנדערט קיין אַרגענטינע, אין די ערשטע עמיגראַציע־יאָרן פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, — געפינט מען נישט קיין יידן פון טשענסטאָכאָוו.

ערשט אין יאָר 1914 ווייזן זיך די ערשטע טשענסטאָכאָווער יידן אין אַרגענטינע. דאָס זיינען געווען יחידים, וואָס האָבן אַפילו נישט געטראַכט פון אָרגאַניזירן זיך. פון יענער צייט איז אַפילו קיין שפור נישט פאַרבליבן, מיר האָבן נישט פון זיי קיין שום ידיעות.

אַ מער אָנזעעוודיקע יידיש־טשענסטאָכאָווער עמיגראַציע הייבט זיך אָן אין מיטן פון די צוואַנציקער יאָרן. דער קריזיס אין פוילן; דער עמיגראַציע־שטראָם קיין אַמעריקע, וואָס איז שטענדיק געווען אַ באַדייטנדיקער, ווערט דורך די אַמעריקאַנער געזעצן באַגרענעצט, און עס הייבט זיך אָן אַ גרעסערע עמיגראַציע קיין אַרגענטינע בכלל, און, במילא, זיינען צווישן זיי שוין פאַראַן באַדייטנדיקע גרופן פון טשענסטאָכאָווער. אגב, געוויסע יחידים זיינען געקומען אַהער מיט דער כוונה פון דאַנען טאַקע צו פאָרן אין די פאַראייניקטע שטאַטן (אַזעלכע מעגלעכקייטן זיינען דאַן געווען). אָבער זיי זיינען שוין דאָ געבליבן, זיך איינגעאָרדנט, און טאַקע זיך איינגעוואָרצלט.

טאַקע פון די דאָזיקע עמיגראַנטן שאַפט זיך דאָס ערשטע קערנדל פון אַ טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט־אָרגאַניזאַציע, דאָס איז געווען אין יאָר 1929. די ניי־געקומענע פרואוון זיך האַלטן צוזאַמען, אַרויסהעלפן איינע די אַנדערע. ווער עס איז געקומען מיט חדשים פריער האָט זיך שוין גערעכנט פאַר אַזאַ, וואָס קען און דאַרף העלפן דעם פרישערן, דעם מער „גרינעם". איז טאַקע דער עיקר פון דער טעטיקייט און די צילן פון דאָזיקן ערשטן פאַראיין געווען די הילף פאַר די געקומענע. מען האָט געדאַרפט געבן די ערשטע אָנווייזונגען דעם ניי־געקומענעם; אים געבן אַ דאַך איבערן קאָפּ, אַרויסהעלפן אים, ער זאָל קענען שטעלן די ערשטע טריט ביים איינאָרדענען זיך. דער פאַראיין האָט טאַקע דאַן די דאָזיקע וויכטיקע אַרבעט דורכגעפירט. עס האָט אָבער געפעלט רוטין. עס האָבן זיך אָנגעהויבן מיספאַרשטענדענישן און טאַקע אַרומרייסענישן. אַ געוויסע צייט האָט דער פאַראיין דורכגעפירט אונטערנעמונגען; געהאַט דערפון אויך אַן הכנסה און פון דעם דאָזיקן איינקונפט געהאָלפן די אימיגראַנטן און געגעבן זיי הלוואות (טאַקע על־מנת שלא להחזיר). אָבער דאָס איז געווען נישט אויף לאַנג.

דער טשענסטאָכאָווער איינוואַנדערער האָט דאַן אַרויסגעוויזן אַ גרויסן געזעלשאַפטלעכן אינטערעס צו דער אָרגאַניזאַציע. האָט ער געדאַרפט די הילף — איז דער פאַראיין געווען גוט. געשטעלט זיך אויף די אייגענע פיס, האָט ער אַרויסגעוויזן גלייכגילטיקייט. צוגעהאָלפן צו דער אַפּאַטיע האָט זיכער אויך די „מיינונגס־פאַרשיידנהייטן", וואָס האָט דאַן געהערשט צווישן די טוער.

דער פאַראיין הערט אויף צו עקזיסטירן. ערשט אין יאָר 1934, ווערט צוריק באַנייט די איניציאַטיווע אויפצולעבן דעם פאַראיין.

געווען איז דאָס אין דער צייט פון די פאַרשאַרפטע פּאָליטישע פאַרפאָלגונגען אין פוילן. די צייט ווען עס האָט זיך באַפעסטיקט די „סאַנאַציע", און אַ כוואַליע פון רדיפות, סיי פון פּאָליטישן כאַראַקטער, סיי פון אַנטיסעמיטיזם האָט פאַרפלייצט פוילן. עס הייבט זיך אָן טעטיקייט פון הילף פאַר טשענסטאָכאָוו. שוין נישט קיין צילן פאַר די ניי־געקומענע, נאָר שיקן הילף אין דער אַלטער היים, נישט סתם הילף, נאָר פאַר באַשטימטע צילן. דער דאָזיקער פאַראיין אונטערן נאָמען פון אַ „טשענסטאָכאָווער פאַטראָנאַט", איז געווען אָנגעשלאָסן אין דער אַקציע פון דעם „מאפר". די דאָזיקע טעטיקייט האָט געהאַט אַ געהעריקן אָפּקלאַנג. עס זיינען דאַן דורכגעפירט געוואָרן אַ ריי אונטערנעמונגען, מיט אַ גאָר פיינעם דערפאָלג, און עס זיינען געזאַמלט געוואָרן גאָר באַדייטנדיקע סומעס, וואָס דער „פאַטראָנאַט" האָט באַזאָרגט קיין פוילן.

אַרום דעם דאָזיקן „פאַטראָנאַט" איז געווען טעטיק אַ גאָר רעדוצירטע גרופּע; געווען איז עס אַן עלעמענט נאָך אַליין נישט קיין איינגעפונדעוועטער. עס פלעגט די טוער אויסקומען, נאָך אַ גאַנצן טאָג אַרבעט, אַרומגיין איבער די הייזער, מאָנען דעם חודשלעכן מיטגלידס־אָפּצאָל, וואָס איז באַשטאַנען אין געציילטע פעזעס.

אַ פּאָר יאָר האָט די דאָזיקע טעטיקייט געדויערט. אין יאָר 1936 גייט דער פאַראיין אַריין אין אַ נייער פאַזע. קיין אַרגענטינע איז אָנגעקומען אַ גרעסערע גרופּע בעלכאַטאָווער, זייער אַ ריערוודיקער עלעמענט, און ווי צוויי שכנותדיקע שטעט, כדי מיט געמיינזאַמע כוחות אויסצופילן די געמיינזאַמע טעטיקייט, האָבן מיר, די טשענסטאָכאָווער, זיך פאַראייניקט מיט די בעלכאַטאָווער. עס האָט די דאָזיקע צונויפשמעלצונג טאַקע אַריינגעבראַכט אַן אויפלעבונג אין דעם פאַראיין; עס זיינען טאַקע דערגרייכט געוואָרן גאָר גוטע דערפאָלגן, אין די באַגרענעצטע הילפס־צילן, וואָס מיר האָבן געהאַט.

די דאָזיקע געמיינזאַמקייט האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן — נאָר אַ יאָר צייט. ווער ווייס צוליב וואָס? אפשר צוליב דעם, וואָס זיי זיינען געווען צווישן זיך מער פאַרבונדן, געווען בכוח אַליין אָנצופירן מיט אַ פאַראיין. נאָך דעם געמיינזאַמען יאָר האָבן די בעלכאַטאָווער געמאַכט שבת פאַר זיך; זיי

זיינען אַרויס פון פּאַראיין, געשאַפן אַן אייגענעם. דער אַלגעמיי־נער פּאַראיין איז זיך ווידער צעפאַלן.

די מלחמה־יאָרן, די פינצטערע צייט פון היטלערס הער־שאַפט, און די צייט פון דער אָקופּאַציע פון פּוילן, דורך דער ברוינער בעסטיע, זיינען מיר געווען אָפּגעשניטן פון אונדזער היימשטאָט. עס פלעגן אָנקומען ידיעות וועגן די פּיינען און אכזריותן, נאָר עפּעס נישט קיין קלאָרע. מען האָט גאָרנישט גע־קענט טאָן. ערשט אין יאָר 1943, ווען די פרייע לענדער האָבן אָנגעהויבן צו באַקומען גענויערע און אויטענטישע באַריכטן פון די נאַציִשע באַרבאַרייען, אין די אָקופּירטע לענדער, דער־וויסן מיר זיך אויף פון דעם חורבן טשענסטאָכאָוו. עס דערוועקט זיך דער געפיל פאַר הילף; עס ווערן באַזייטיקט אַ ריי קעגנ־זייטיקע פאַראורטיילן. עס ווערט קלאָר פאַר יעדן טשענסטאָכאָ־ווער, אַז איצט איז די צייט וואָס מען טאָר נישט שטיין מן־הצד.

עס ווערט רעאָרגאַניזירט דער „טשענסטאָכאָווער פּאַראיין״. סיי די פריערדיקע אַקטיוויסטן און סיי די ניי־פּאַראינטערע־סירטע פילן, אַז איצט איז די ריכטיקע צייט פון קאָאָרדינירן זיך און שאַפן אַ פּאַראיין. טאַקע פון דער דאָזיקער צייט עק־סיסטירט דער היינטיקער פּאַראיין, וועלכער נעמט אַרום דעם מנין און רוב בנין פון אַלע טשענסטאָכאָווער אין בוענאָס איירעס, וואו כמעט אַלע טשענסטאָכאָווער געפינען זיך.

אָנגעהויבן האָבן מיר טאַקע מיט אַ ברייטער הילפס־אַקציע. גלייך האָבן זיך אַלע טשענסטאָכאָווער באַשטייערט מיט גרע־סערע סומעס, ווער אין מזומן ווער אויף אויסצוצאָלן. אמת, מיר האָבן נאָך נישט געהאַט קיין אַדרעס וואוהין דאָס געלט צו שיקן. האָבן מיר געוואַרט אויף וויטערדיקע ידיעות, ווי אַזוי און צו וועמען דאָס געלט צו שיקן. געוואַרט אויף זיך צו דערוויסן צי עס איז פאַראַן פאַר וועמען צו שיקן...

גלייך ווי עס האָט זיך געעפנט די קלענסטע מעגלעכקייט האָבן מיר טאַקע אָנגעהויבן איבערשיקן די הילף, און געשיקט מיט אַ ברייטער האַנט און אויסגענוצט אַלע מעגלעכקייטן.

ווען עס איז מעגלעך געווען דירעקט זיך פאַרבונדן מיט פּוילן, האָבן מיר געשיקט הילף; דורך דעם „דזשאָינט״ גע־שיקט דירעקט קיין טשענסטאָכאָוו. ווען עס האָבן זיך אָנגע־הויבן שאַפן מעגלעכקייטן, אַז די שארית הפליטה זאָלן קענען אויפבויען זייערע צעשטערטע עקסיסטענץ־פּאָזיציעס דורך אַר־בעטס־פּלאַצוואָוקעס און מיר האָבן באַקומען ידיעות, אַז עס איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט צו הילף — אין מאַשינען און מאַטעריאַל. האָבן מיר געהאָלפן אויפשטעלן דעם יידישן שוסטער־קאָאָפּע־ראַטיוו, וואָס האָט געזאָלט הייסן „אַרגענטינע״ אין טשענסטאָכאָוו.

הילף אין געלט, אין זאַכן, אין מעדיצין — איז פון אונדז געגאַנגען צו אונדזערע ברידער טשענסטאָכאָווער, סיי קיין פּוילן, סיי צו די פאַרוואָגלטע קיין שוועדען (וואָס זיינען אָנגעקומען אין דאָזיקן לאַנד פון די נאַציִשע טויט־פאַבריקן), סיי צו פּליטים, וואָס זיינען מיט דער שיף „עקזאָדוס״ פאַרוואָגלט גע־וואָרן קיין ציפּערן.

עס וואָלט אָבער געווען אַ טעות צו מיינען, אַז אונדזער טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט־פּאַראיין האָט זיך נאָר באַגרענעצט צו עקספּאָרט־הילף. זיכער איז דער הילפס־שטראָם געגאַנגען פריער פאַר אַלץ פאַר די שווער־געפּרואווטע, אָפּגעראַטעוועטע ברידער און שוועסטער, אָבער מיר האָבן ניט פאַרגעסן אונדזערע אָרטיקע נויטן. און אַזעלכע זיינען געווען און זיינען פאַראַן. מיר וועלן דאָ ניט רעדן אויספירלעך, אָבער זאָל מען וויסן, אַז עס זיינען געווען זייער פיל פאַלן אויך צווישן אונדזערע אָרטיקע, וואָס האָבן זיך גענויטיקט אין גיכע און ממשותדיקע הילף. און דער פּאַראיין האָט זיי טאַקע געהאָלפן.

אָבער אין די מאַטעריעלע הילף פאַר יחידים גייט אויך אַריין אין דער טעטיקייט פון דעם פּאַראיין די הילף פאַר אינ־סטיטוציעס פון ישוב — סיי די פילאַנטראָפּישע, סיי די קול־טור־אינסטיטוציעס אין דעם בודזשעט פון פּאַראיין זיינען פאַראַן באַדייטנדיקע סומעס פאַר די יידישע הילף־ און קולטור־אַנשטאַלטן פון אונדזער היגן אַרגענטינער ישוב.

אַ באַזונדער קאַפּיטל איז די הילף פאַר מדינת ישראל. שטענדיק געדענקען מיר וועגן מדינת ישראל. אין די יערלעכע פייערונגען פון „יום העצמאות״ ווערט דורכגעפירט אַ זאַמלונג און אַ העלפט דערפון גייט פאַר דעם קרן־קימת לישראל. מיט אַ צייט צוריק, ווען עס איז דורכגעפירט געוואָרן אַ „גיך־דרינ־גענדער קאַמפּיין״ פאַר מדינת ישראל, האָט דער פּאַראיין, אַחוץ די שטענדיקע סטאַבילע הילף, אַחוץ וואָס יעדער יחיד פון פּאַראיין צאָלט פאַר די ציוניסטישע פאָנדן, געשאַפן אויך אַן עקסטרע סומע פון 8,000 אַרגענטינער פּעזאָס.

פאַרבונדן מיט דער צייט פון נאָכן חורבן איז די געשיכטע מיט דער רשימה פון די געראַטעוועטע יידן. עס איז צו אונדז געקומען, דורך דער פאַרמיטלונג פון אימיגראַנטן־שוץ־פּאַראיין, אַ רשימה פון טויזנטער געראַטעוועטע יידן אין טשענסטאָכאָ־ווער לאַגער. מיר האָבן תחילת געמיינט, אַז דאָס זיינען טשענ־סטאָכאָווער יידן און מיט פרייד האָבן מיר גענומען די ליסטע. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז די דאָזיקע פיל טויזנטער יידן זיינען טאַקע געראַטעוועט געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו, אין דעם דאָרטיקן נאַציִשן לאַגער „האַסאַג״. אָבער דאָס זיינען יידן וואָס שטאַמען פון אַנדערע שטעט אין פּוילן, און אַ סך פון זיי אַפילו פון מחוץ פּוילן. דער אינטערעס צו דער ליסטע איז געווען אַ גאָר גרויסער. הונדערטער מענטשן האָבן זיך דער־וואוסט, אַז עס זיינען פאַראַן ליסטעס פון געראַטעוועטע יידן. דער אימיגראַנטן שוץ־פּאַראיין האָט געהאַט נאָר איין עקזעמ־פּליאַר. מיר, די טשענסטאָכאָווער, האָבן דאַן גענומען אויף זיך די פליכט און האָבן אויסגעפערטיקט אַ גרעסערע צאָל קאָפּיעס, וואָס מיר האָבן אויסגעטיילט אין אונדזער פּאַראיין. טויזנטער ממש האָבן דעם פּאַראיין באַלאַגערט און געזוכט זייערע קרובים. פון אַלע לאַנדסלייט־אָרגאַניזאַציעס איז מען געקומען זוכן די נאָענטע זייערע און מיר האָבן טאַקע צו פאַרצייכענען אַ גאַנצע ריי פאַקטן, וואָס אַדאַנק דעם האָבן זיך אָפּגעפונען די געזוכטע קרובים.

לאָמיר אויך דערמאָנען נאָך אַן איניציאַטיוו, וואָס איז פאַר־בונדן מיט דעם קאַפּיטל חורבן. גלייך נאָכן חורבן האָבן מיר פון אונדזער בן־עיר, ליבער ברענער, באַקומען אַ סעריע מאַ־טעריאַלן, פאָטאָגראַפישע בילדער און דאָקומענטן פון טשענ־סטאָכאָוו פאַר און בעת דער אָקופּאַציע. מיר האָבן געטראַכט אַרויסצוגעבן די דאָזיקע אַרבעט. שוין זייענדיק גרייט דאָס צו טאָן האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז דער היגער „פאַרלאַג פון די פּוילישע יידן״ גרייט צו אַרויסצוגעבן דאָס בוך פון שלמה וואַגאַ, וועגן חורבן טשענסטאָכאָוו. אַרויסגעבן צוויי ביכער האָבן מיר זיך ניט געקענט אונטערנעמען. היות דאָס בוך פון וואַגאַ איז שוין געווען צוגעגרייט, האָבן מיר זיך פאַרשטענדיקט מיטן „פאַרלאַג פון די פּוילישע יידן״ און צוזאַמען מיטן פאַרלאַג גע־האָלפן אַרויסגעבן שלמה וואַגאַס בוך.

אין די סטאַבילע שטענדיקע אַרבעטן פון אונדזער פאַראיין גייט אויך אַריין דער יאָר־יערלעכער יזכור־אַקט נאָך אונדזערע קדושים.

אין משך פון די אַלע יאָרן היטן מיר אָפּ הייליק דעם דאָ־זיקן טאָג. מיר אָריענטירן זיך אויף דער חורבן־דאַטע פון י״א תשרי, דאָס הייסט, אויף מאָרגן נאָך יום כיפּור. יאָר־יערלעך זאַמלט זיך צונויף די היגע טשענסטאָכאָווער משפחה און בציבור דערמאָנען מיר אונדזערע קדושים וטהורים.

אויפן מאָנומענט פאַר די זעקס מיליאָן יידן, וואָס געפינט זיך אויפן היגן יידישן בית־עולם, געפינט זיך אויך אַ ספּע־

## אַ טייל פון די פירער פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין אַרגענטינע


מ. מאיראָוויטש


י. אַמסטערדאַם


וואורשטעל


י. שיליט


י. יאַקובאָוויטש


מ. פישער


ל. ראָזענבערג


ב. גאלסטער


י. יאַקובאָוויטש




א. קערנער


ד. לאַסקאָווסקי


ע. מאיראָוויטש

ציעלער בראָנז־פלאַק פאַר אונדזערע טשענסטאָכאָווער קדושים. חוץ לזה האָבן מיר אַ פלאַק, וואָס ווערט געשטעלט ווי דער „עמוד" בעת אונדזער יזכור־צערעמאָניע פאַר אונדזערע קדושים.

ווי אַ יאָר־יערלעכע אונטערנעמונג איז אויך דער טאָג פון דער עטאַבלירונג פון מדינת ישראל. אין דעם חודש, ווען עס ווערט געפייערט די דאָזיקע דאַטע, אָרדנט איין אונדזער פאַראַן אַ ספּעציעלן פייערלעכן יום־טוב־אָונט געווידמעט דעם יום־העצמאות. אויסער רעדעס און אָפּשאַצונגען איז מען זיך טאַקע משמח כדין.

אונדזער פאַראיין איז היינט איינער פון די, וואָס האָבן אויסגעמיטן די פאַרשיידענע צעריסנקייטן; מיר האָבן אויסגע־מיטן די שפּאַלטונגען אויפן פּאָליטישן געביט. עס געהערן צו אים אַלע טשענסטאָכאָווער אומאָפּהענגיק פון זייער אידעאישע אָדער פּאָליטישע איבערצייגונגען. דער ערשטער סימן פונעם פאַראיין איז, אַז מיר היטן אָפּ דעם אָנדענק פון אונדזער אַלע־מענס היימשטאָט טשענסטאָכאָוו און מיר טוען אַלץ ווען עס איז נאָר נויטיק צו העלפן די אייגענע בכל מקום שהם.

עס געהערן צום פאַראיין ביים היינטיקן טאָג ביז 120 משפּחות, וואָס עס מיינט בערך 500 נפשות. נאָר געציילטע זיינען פון נאָענטע שטעטלעך, שכנותדיקע פון דער שטאָט טשענסטאָ־כאָוו.

מחוץ דעם פאַראיין געפינען זיך טשענסטאָכאָווער, וואָס האָבן שוין לאַנג פאַרלוירן דעם קאָנטאַקט. אַזעלכע וואָס צוליב פאַרשיידענע, אָפּט ריין משפּחהדיקע סיבות, קענען זיי ניט געהערן בכלל צו קיין שום געזעלשאַפט. אויך די דאָזיקע אָפּגע־פרעמדטע טרעפט מען אויף אונדזערע גרעסערע אונטערנע־מונגען, ראשית אויף די יזכור־אַקטן. אויך צו די דאָזיקע אַפּע־לירן מיר בעת ברייטערע אַקציעס און ניט איינער פון זיי ווייזט טאַקע דעמאָלט אַרויס זיין צוגעבונדנקייט צו דעם איבערגע־בליבענעם טשענסטאָכאָווער כלל.

די לעצטע וואַל־פאַרזאַמלונג, וואָס האָט אויסגעוויילט די פאַרוואַלטונג פון אונדזער פאַראיין איז פאָרגעקומען דעם 1טן אָקטאָבער, 1957. אין דער פאַרוואַלטונג זיינען דאַן אויסגע־וויילט געוואָרן:

ישראל יאַקובאָוויטש — פּאָרזיצער,

עליאַש מייעראָוויטש — וויצע־פּאָרזיצער,

מרדכי מייעראָוויטש — סעקרעטאַר,

משה פישער — פּראָט.סעקרעטאַר,

לעאָן ראָזענבערג — קאַסירער,

בנימין גאַלסטער — פּראָ־קאַסירער.

פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער: דוד לאַסקאָווסקי, משה ווינ־האָלץ, יואל אַמסטערדאַם, אברהם קערנער, שלום פלאַוונער, יצחק שיליט, דוד וורצלאַווסקי און יעקב ל. יאַקובאָוויטש.

איינער פון די אויסדערוויילטע, משה קאַנטאָר, איז מיט עטלעכע חדשים צוריק עולה געווען קיין מדינת ישראל.

* * *

אין משך פון אונדזער עקזיסטענץ האָבן מיר צו פאַרציי־כענען דעם פאַרלוסט פון איינעם פון די בעסטע צווישן אונדז — דאָס איז שלוםווירשטעץ — צו זיין אַקטיוו געהערט דאָס גרינדן און אָנפירן אונדזער פאַראיין. ער איז פון אונדזערע רייען אַרויס־געריסן געוואָרן דעם 3טן סעפּטעמבער, 1948, אָבער עד־היום געדענקען און דערמאָנען אים אַלע טשענסטאָכאָווער מיט יראת־הכבוד.

# טשענסטאָכאָווער אין פראַנקרייך

דוד וורצלאַווסקי

## די טעטיקייט פון דער געזעלשאַפט „טשענסטאָכאָוו און אומגעגנט" אין פּאַריז

מיר זיינען אייך זייער דאַנקבאַר, פאַרן צוטיילן אונדז דעם כבוד צו זיין פאַרטראָטן אין דעם בוך „טשענסטאָכאָוו". מיר ווילן טאַקע ביי דער געלעגנהייט אָפּגעבן אַ קורצן באַריכט פון אונדזער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט, אין פּאַריז, און די טעטיקייט אונדזערע וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען גלייך נאָך דער צווייטער וועלט מלחמה.

אין די לעצטע טעג פון יאָר 1944, ווען מיר די לעבן־געבליבענע, האָבן אָנגעהויבן צוריקצוקומען אין דער שטאָט פּאַריז, האָבן מיר דערזען ערשט דעם גרויסן און שרעקלעכן חורבן, וואָס די היטלער־מערדער האָבן נאָך זיך געלאָזן. מיר זיינען אַלע געווען צעבראָכענע, רואינירטע, אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ. דאָך האָבן מיר גלייך אָנגעהויבן צונויפצוזאַמלען די רעשטלעך טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט, די על־פּי־נס געראַ־טעוועטע, וואָס האָבן זיך געפונען אין פאַרשיידענע שטעט

און שטעטלעך פון פראַנקרייך. מיר האָבן געפילט, אַז מיר טאָרן נישט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט. מיר מוזן פּרואוון אויפבויען דאָס חרוב־געוואָרענע. פאַר אונדז האָבן זיך גע־שטעלט זייער שווערע אויפגאַבן.

צו דער קליינער צאָל געראַטעוועטע לאַנדסלייט, פון די טויט לאַגערן האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען לאַנדסלייט פון די דייטשע לאַגערן, און אויך פון באַפרייטן פוילן. אין דעם קריטישן מאָמענט, יענע ערשטע טעג נאָך דער באַפרייאונג, האָבן אונדז אַ סך געהאָלפן דער „פאַרבאַנד פון די יידישע געזעל־שאַפטן". אַ דאַנק דעם „פאַרבאַנד" האָבן מיר געהאַט די מעג־



די עקזעקוטיווע פון דער געזעלשאַפט „טשענסטאָכאָוו און אומגעגענט" אין פּאַריז

לעכקייט צו געבן די ערשטע הילף די אָנקומענדיקע פּליטים.

מיר האָבן אָנגעהויבן איינצואָרדענען פאַרשיידענע אונ־טערנעמונגען. מיר האָבן זיך אויך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט אונדזערע לאַנדסלייט פון ניו יאָרק און לאָס־אַנדזשעלעס, זיי זאָלן עפּעס טאָן לטובת די פּליטים־לאַנדסלייט. די ניו־יאָרקער און לאָס־אַנדזשעלעסער לאַנדסלייט האָבן זיך גלייך אָפּגערופן, און אַ דאַנק די אַמעריקאַנער טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט האָבן מיר געקענט אויסברייטערן די הילף פאַר אונדזערע פּליטים וואָס האָבן זיך געווענדט צו אונדז. לאָמיר דאָ טאַקע אויסדריקן אונדזער דאַנק אונדזערע לאַנדסלייט אין אַמעריקע. מיר וועלן זייער וואַרעמען אָפּרוף, אין יענע טעג, קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

* * *

די געזעלשאַפט „טשענסטאָכאָוו און אומגעגנט" איז אַנגע־שלאָסן אין כמעט אַלע יידישע אינסטיטוציעס אין פּאַריז. מיר פאַרנעמען זיך איצט מיט אַקטועלע פּראָבלעמען און זוכן אַ וועג זיי צו לייזן אויפן בעסטן אופן. מיר קעמפן קעגן אַנטי־סעמיטיזם און פאַר שלום. מיר העלפן נישט־פאַרמעגלעכע יידישע קינדער, אַז זיי זאָלן קענען זומער־צייט זיך געפינען אויף אָפּרו אין זומער־וואַוינונגען אויף דער פרישער לופט. מיר העלפן אַלטע לייט, און מיר שיקן מעדיקאַמענטן און הילף פאַר אונדזערע לאַנדסלייט אין מדינת ישראל. מיר נעמען אָנטייל אין יידישע קולטור־טעטיקייטן אין פּאַריז. דורך איינ־אָרדענען פאַרשיידענע רעפעראַטן וועגן יידישער ליטעראַטור, אויך רעפעראַטן וועגן געזונט. מיר העלפן אויך יידישע שריי־בער אַרויסגעבן זייערע ווערק און פאַרשפּרייטן די ביכער צווישן היגע יידישע לייענער. אויף אַלע אונדזערע פאַר־זאַמלונגען וועקן מיר חשיבות צום יידישן וואָרט און צו די שעפער פון דער יידישער ליטעראַטור.

די אַלע טעטיקייטן זיינען מעגלעך נאָר אַ דאַנק די גע־טרייע מיטגלידער פון אונדזער „געזעלשאַפט", די מיטגלידער וואָס שטיצן דער „געזעלשאַפט" און זיינען, צוגלייך, אויך אַקטיוו. זיי קומען נישט אָפּ בלויז מיט געלט אַליין. איך וויל טאַקע דאָ אויסרעכענען אַ פּאָר נעמען פון די דאָזיקע געטרייע מיטגלידער, וואָס אָן זיי וואָלטן מיר נישט געווען ביכולת אָנצוגיין מיט אונדזערע פאַרשיידענע טעטיקייטן, זיי זיינען:

מ. דאַווידאָוויטש, — ערן פּרעזידענט; דער שרייבער פון די שורות, — פּרעזידענט; לעווי און לעאָן פּאָזקאָווסקי, — וויצע פּריעזידענטן; משה וויינמאַן, — גענעראַל סעקרעטאַר; סעם קזשעפּיצקי, — קאַסירער; א. קרעמסקי און לייזער פּריד־מאַן, — עקזעקוטיווע מיטגלידער; און אסתר וראָצלאַווסקי,



אַ יזכור־אַקאַדעמיע אין פּאַריז

אסתר אַלטבוים, רוזשקע ליגערנער, און אַנושע ווייספעלנער, — פון דער „סאָציאַלער פרויען־קאָמיסיע".

אונדזערע נאָענטסטע אויפגאַבן זיינען: אַלץ מער אַקטי־וויזירן אונדזערע מיטגלידער, שטייען אויף דער וואַך צו העלפן מדינת־ישראל אין איר איצטיקן היסטאָרישן געראַנגל, און שטרעבן צו פאַרווירקלעכן די איינהייט פון גאַנצן יידישן ישוב אין פראַנקרייך.

זאָל דאָס בוך „טשענסטאָכאָוו", וואָס איר, אין ניו־יאָרק, גיט אַרויס, — זיין אַ ביישטייער נאָך מער צו פאַרפעסטיקן די ברידערלעכע צוזאַמענאַרבעט פון אַלע לאַנדסלייט אין אַלע וועלט־טיילן, בכדי ווייטער צו שפּינען דעם גייסטיקן פאָדעם פון אונדזער לעבן און די שיינע טראַדיציעס מיט וועלכע אונדזער היים־שטאָט טשענסטאָכאָוו איז באַוואוסט אין דער יידישער וועלט.

ד״ר לייב קורלאַנד

# די טעטיקייט פון דער געזעלשאַפט „יידן פון טשענסטאָכאָוו און אומגעגנט״ אין פּאַריז



איך מיין, אַז אין דעם בוך „טשענסטאָכאָוו״ דאַרף אויך דערמאָנט ווערן די עקזיסטענץ פון אונדזער נייעם פאַראיין. עס איז אמת, אַז מיר זיינען קוים אַרויס פון די וויקעלעך און אַז מיר קענען זיך נישט גרויסן מיט קיין וואַזשנע דערגרייכונגען. מ׳טאָר אָבער נישט אונטערשאַצן דעם פאַקט, אַז אַ דאַנק דעם נייעם פאַראיין איז געראַטעוועט געוואָרן דאָס פּנים פון אונדזערע לאַנדסלייט אין פּאַריז. ביז איצט האָט עס געהייסן, אַז אַלע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט זיינען יעווסעקעס, און זיי געהערן צום איינציקן פאַראיין, וועלכער דינט געטריי דער יעווסעקציע, וועלכע נעמט אַן אַנטי־ציון רעזאָלוציעס, וועלכע באַטייליקט זיך נישט אין קיין שום אַקציע לטובת ישראל, וועלכע שרייבט אונטער אַלע פּראָ־קאָמוניסטישע פּראָקלאַמאַציעס, באַטייליקט זיך אין אַלע קאָמוניסטישע מאַ־כערייקעס, און אַזוי ווייטער. זיינען מיר געקומען, און גע־ראַטעוועט דעם כבוד פון אונדזערע לאַנדסלייט. דער פאַקט, וואָס מיר ציילן איצטער זיבעציק איינגעשריבענע משפּחות און אַקטיווע מיטגלידער איז דער בעסטער באַווייז, ווי נייטיק עס איז געווען אונדזער פאַראיין. מיר האָבן נישט קיין פּלאַט־פאָרמע. מיר באַטראַכטן זיך אַלס פרייע יידן; מיר זיינען טעטיק לויט אונדזער פריי געוויסן און אונדזער יידיש האַרץ, שטיצנדיק אַלץ וואָס איז פּאָזיטיוו־יידיש. מיר נעמען נישט קיין באַפעלן פון קיינעם. אויב מיר האָבן געשיקט געלט פאַר אונדזערע פריש־געקומענע לאַנדסלייט אין ישראל, איז עס נישט צוליב ציוניסטישע סימפּאַטיעס. אויב מיר האָבן לעצטנס געשיקט מעדיצינען קיין ישראל אויפן רוף פון אונדזערס אַ פאַרצווייפלטן לאַנדסמאַן, כדי צו ראַטעווען זיין קינד, איז עס אויך נישט צוליב ציוניזם...

אונדזערע לאַנדסלייט, וואָס זיינען פאַרבליבן געטריי זיך אַליין, זייערע נאַציאָנאַל־יידישע געפילן, האָבן איצטער אַן אַדרעס, האָבן איצטער אַ היים, און אַן אָפן יידיש האַרץ. ביז איצט האָבן זיי עס נישט געהאַט, ווייל די גאַנצע פאַרוואַלטונג פון דעם פריערדיקן פאַראיין איז אַ יעווסעקישע, אָדער אַ גע־כאַפּטע אין דער מעשה, און גייט געטריי אין שפּאַן פון זייערע קאָמוניסטישע באַפעל־געבערס.

פאַרשטייט זיך, אַז מיר פירן אַ ריין־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אויפן אָרט, אַזוי ווי עס טוען עס אַלע לאַנדסמאַנ־שאַפטן, אָדער ווי מען רופט זיי דאָ „סאָסייטיס״.

איך ווייס נישט צי מיר דאַרפן שוין געבן אַ גענויען באַריכט פון אונדזער טעטיקייט. ווייל, ווען אייער בוך איז געגאַנגען אין דרוק אַריין זיינען מיר ערשט געווען אין די וויקעלעך, און קיין גרויסע אַקטיוויטעט האָבן מיר נאָך נישט דורכגעפירט. איך וויל אָבער דערמאָנען דעם „באַלאַבאַן־אָוונט״, דעם „פּורים־אָוונט״, און „ישראל־אָוונט״ מיט פילמען. מיר האָבן אויך געגעבן אַ גרעסערע סומע געלט פאַר אונדזערע ניי־געקומענע לאַנדסלייט אין ישראל; מיר האָבן געצייכנט, דאָס הייסט אונדזערע מיטגלידער, 10.000 דאָלאַר ישראל־באָנדס. מיר גרייטן אויך אַן אימפּאָזאַנטן יזכור־אָוונט. לאָמיר דערמאָנען



עקזעקוטיווע פון דער געזעלשאַפט „יידן פון טשענסטאָכאָוו און אומגעגנט״ אין פּאַריז

עס זיצן, פון רעכטס צו לינקס: אייזנער י., וואָזשניצא ש. (וויצע־פּאָרזיצער), ד״ר ל. קורלאַנד (פּאָרזיצער), בערגמאַן ל. (סעקרעטאַר), זאַלצבערג י., אונגליק י. מ. (קאַסירער)

עס שטייען, פון רעכטס צו לינקס: גאָטאיינער ה., אַלעקסאַנדראָ־וויטש מ., ליבערמאַן, י. י., ד״ר שעיגין ד., הערשליקאָוויטש ד., וואָלקאָוויטש מ.

אונדזערע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער, זיי זיינען: ב. אַרטמאַן — ערן פּאָרזיצער, ד״ר ל. קורלאַנד — פּאָרזיצער, ש. וואָזשניצא — וויצע־פּאָרזיצער, ל. בערגמאַן — סעקרעטאַר, י. אונגליק — קאַסירער, און ד. הערשליקאָוויטש, ה. גאָטאיינער, י. זאַלצבערג, י. ליבערמאַן, י. אייזנער, אַלעקסאַנדראָוויטש.

איך וויל פאַרצייכענען מיט גרויס פרייד דעם פאַקט, אַז ישראל־לאַנדסלייט אונדזערע זיינען שוין אין באַזיץ פון אייערע 500 דאָלאַר. אינעם לעצטן בריוו פון זיי, מיט אַ דריי וואָכן צוריק רעדן זיי בלויז וועגן 200 דאָלאַר, וואָס זיי האָבן באַ־קומען פון דעטראָיט. זיי זאָגן מיר, אַז די לעצטע חדשים האָבן זיי אויסגעטיילט שטיצע און הלוואות פון 3.000 לירות צו פריש־געקומענע לאַנדסלייט. זיי נויטיקן זיך נאָך אין שווערע טויזנטער. מיר האָבן זיי דערווייל געשיקט נישט מיר ווי 250 לירות, אָבער באַלד נאָך וואַקאַנס שיקן מיר אַ סך מער. יאָ, מיר האָבן אויך די נעמען פון די וואָס האָבן גענאָסן פון זייער שטיצע און הלוואה.

# דערקלערונג פון דער געזעלשאַפט „יידן פון טשענסטאָכאָוו און אומגעגנט" אין פּאַריז

כדי קעגנצואווירקן דעם גרויסן שאָדן, וואָס עס שאַפט דעם נאָמען פון אונדזערע לאַנדסלייט, די עקזיסטירנדיקע טשענסטאָכאָווער סאָסייטי, וואָ איז אַ טייל פון דער היגער יעווסעקציע — האָט אַ גרופּע יידן פון טשענסטאָכאָוו און אומגעגנט באַשלאָסן צו גרינדן אַ נייעם פאַרבאַנד. דער ציל זיינען איז צו בילדן אַ פאָרשטייערשאַפט פון אונדזערע לאַנדסלייט, וואָס זאָל טראָגן ווירדיק דעם נאָמען ייד, וואָס זאָל פאַרטיידיקן די עלעמענטאַרסטע נאַציאָנאַלע אינטערעסן פון יידישן פאָלק, דער ציל פון אונדזער נייעם פאַרבאַנד איז צו פאַראייניקן אַלע אונדזערע לאַנדסלייט און צוציען יעדן איינעם, וועמען עס איז פרעמד דער קנעכטישער גייסט פון די ביזאיצטיקע „פאָרשטייער" זיינע און שאָקלען זיך אָפּ פון אים מיט עקל.

עס איז געשאַפן געוואָרן אַ גרינדונגס־קאָמיטעט בראש פון די פאָלגנדיקע מיטגלידער: אונגליק, ברודער אייזנער, אַלעקסאַנדראָוויטש, בערגמאַן, גאָנאַיינער, הערשליקאָוויטש, מאַקס וואָלקאָוויטש, דוד וואָלקאָוויטש, וואָזשניצא און ד"ר קורלאַנד.

די נאָענטסטע טעג וועט גערופן ווערן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג, ווי עס וועט אויסגעאַרבעט ווערן אַ גענויער פּראָגראַם. עס איז צו רעכענען, אַז דער רוב לאַנדסלייט פון טשענסטאָכאָוו און אומגעגנט, ווי קלאָבוצק, אַמסטאָוו, קזשעפּיץ, פּראַשקע און אַנדערע וועלן זיך אָנשליסן אין די רייען פון דעם נייעם פאַרבאַנד צום רוב פון אונדזערע היים־ערטער און צום לויב פון אונדזער פאָלק.

דער קאָמיטעט






לאה שוואַרץ

# ביים אָפענעם פענצטער...

(מיין מאַן חיים לייבן — אין אייביקן אָנדענק)



דער פרימאָרגן האָט זיך אָנגעהויבן כמעט אין איילעניש. אַלץ אַזוי ווי אין אַ שפּיטאָל; איינשפּריצן דעם אינסולין, און ברענגען פרישטיק לעבן בעט, וואו עס איז געשטאַנען אַ צעלייגטישל, אויף וועלכן מיר האָבן געגעסן.

אין דרויסן איז אין יענעם פרימאָרגן געהאַנגען אַ געדיכטער, גרויער נעפּל און צוגעדעקט די שטאָט סיאַטל, ווייט אַרום. חיים לייב איז געווען גוט אויפגעלייגט און איז נאָכן עסן אויפגעשטאַנען פון בעט צו טאָן אַביסל אַרבעט און זיך זעצן צום שרייב־טיש. שרייבן איז געווען זיין לעבן!

— „לאה, עס איז ניין אַזייגער. שוין צייט צו עפענען דעם סטאָר, — האָט חיים לייב מיר אַ זאָג געטאָן.

— „גוט, איך גיי שוין". האָב איך אים געענטפערט.

אַרום צוועלף אַזייגער, ביי טאָג, קום איך צוריק פון סטאָר. איך לויף אַרויף אַ קוק טאָן וואָס ער מאַכט. איך האָב אים געבראַכט לאָנטש. דאָס צימער שמעקט מיט אַ זיסן אַראָמאַט, וואָס טראָגט זיך פון עסן. חיים לייב קוקט אויס ווי ער וואָלט נאָר־וואָס אַרויס פון אַ שפּריץ. ער האָט זיך, ווייזט אויס, געבאָדן. ער איז ריין אָפּגעראַזירט, און אָנגעטאָן ווי צו אַ יום־טוב. דער פּאָעט אין אים, וואָס האָט תמיד געוואָלט אויסזען שיין.

איך שטעל אַוועק אויפן טישל די טאַץ מיטן עסן. ער נעמט מיך אַרום, גיט מיר קוש, — ער ווייזט מיט דער האַנט אויף זיין שרייב־טיש:

— זעסט, לאה, וואָס איך האָב שוין די פּאָר שעה אויפגעטאָן?

איך קוק אויפן שרייב־טיש און זע בלעטלעך פאַרשריבענע. יאָ. ער האָט געשריבן. חוץ לידער, האָט ער ווייזט אויס, געאַרבעט אויף די געשעפט־ביכער אויך, ווייל אָט גיט ער מיר אַ זאָג:

— לאה, וועסט נישט דאַרפן נעמען קיין „אַקאַונטען", קיין בוכהאַלטער! איך אַליין וועל שוין אַלץ דערלעדיקן — איידער איך פאָר אָפּ פון דאַנען. היינט ברענג נישט קיין טיי, איך וועל אַליין זיך מאַכן עפּעס וואַרמס צום טרינקען אויף דער עלעקטרישער פּליטע.

איך בין אַראָפּ אין די אונטערשטע צימערן אויפן ערשטן שטאָק. די זון האָט אויפגעהויבן דעם גרוי־ווייסן נעפּל. אַ ליכטיקער, זוניקער טאָג. דער הימל איז לויטער און בלוי. די שניי־ווייסע בערג־שפּיצן ציען זיך אין די הויכן רונד אַרום, און שפּיגלען זיך אין די בלויע אָזערעס. און אָט בין איך ווידער ביי אים אין צימער. חיים לייב שטייט ביים אָפענעם פענצטער, און זאַפּט איין אין זיך די וואַרעמע שטראַלן פון דער זון. חיים לייב קוקט איצט אין דער אומענדלעכקייט פון דעם ווייטן האָריזאָנט. איך פרעג זיך: „וואָס טראַכט ער איצט, חיים לייב?"" נישט איין ליד האָט ער געשריבן נאָכן שטיין אַזוי, אין שטילקייט מיט זיך אַליין. אין די הונדערטער ציילן זיך זיינע לידער.

איך האָב אים געבראַכט אָוונט־ברויט. חיים לייב איז שטאַרק צופרידן מיטן ערשטן טאָג אַרבעט. דער שרייב־טיש איז שוין אין פולשטענדיקער אָרדענונג, — „איך בין רואיק, לאה, און צופרידן"" — זאָגט ער מיר: — „איך וועל אַלץ דורכפירן אַזוי ווי מיין פּלאַן איז געמאַכט, נישט געזאָרגט, לאה, וועסט זען!"

חיים לייב רעדט מיט אַזוי פיל זיכערקייט, אַז עס איז שווער צו גלויבן די רייד פון דאָקטאָר, וואָס האָט מיך געוואָרנט בסוד, אַז איך זאָל זיין גרייט פאַר אַ „שאַק"... עס קען געשען צו יעדער מינוט... אָבער ווען איך קוק אויף חיים לייבן איז נישטאָ קיין סימן פון דעם דאָקטאָרס וואָרנונג... קוקנדיק אויף אים האָב איך פון דעם פינצטערן אָנזאָג, דעם דאָקטאָרס, — אינגאַנצן פאַרגעסן... ער אַליין, מיט זיין אויסזען, מיט זיין שטאַרקן ווילן צום לעבן, בייצוקומען אַלץ וואָס שטייט אים אין וועג, האָט מיר געגעבן האָפנונג און גלויבן!

— „שיק מיר אַרויף בערטען, וועט זי אָפּטייפּן אויף דער שרייב־מאַשין אַלע פּסח־אָרדערס, און איך וועל האָבן דערלעדיגט אַ וויכטיקע אַרבעט."

בערטע איז די עלטסטע טאָכטער חיים לייבס, וואָס פלעגט אים אַרויסהעלפן אין געשעפט.

אין אָוונט, איז בערטע צוריקגעקומען אין סטאָר. זי האָט אַלץ דערליידיקט און אַוועקגעשיקט די אָרדערס דורך דער פּאָסט.

— „וואָס טוט פּאַפּאַ""? — פרעג איך זי: — „איז ער שוין אין שלאָף צימער"?

— „אָ, ניין! ער אַרבעט ביים דעסק, אָבער ער זעט אויס זייער מונטער און פריילעך". — האָט מיר בערטע געענטפערט.

אין אַ שעה אַרום האָב איך פאַרמאַכט דעם סטאָר, און איך האָב זיך געאײַלט אַהיים. עפּעס האָט מיך יענעם' אָוונט געטריבן



חיים לייב שוואַרץ

וואָס גיכער צו זיין אין הויז. ווי דאָס האַרץ וואָלט מיר געזאָגט, טראָץ בערטעס מונטערדיקע רייד — וואָס גיכער צו זיין נעבן חיים לייבן...

ווען כ׳בין אַריין אין שלאָף צימער האָב איך געטראָפן חיים לייבן ליגן אין בעט אין גרויסע יסורים. דאָס אומגליק איז געשען, אַקוראַט ווי דער דאָקטאָר האָט פאָרויסגעזאָגט... חיים לייב האָט זיך געקאָרטשעט פון ווייטיקן און האַרץ־קלעמענישן. אָט, נאָר־וואָס האָט ער זיך געפילט אויפגעלייגט און מונטער, און פּלוצעם איז ער אַ פאַל געטאָן אויפן בעט...

— זאָל איך רופן דעם דאָקטאָר, חיים לייב?

ער שאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין! און ער ווייזט מיר אָן מיט דער האַנט אויף אַ בענקל, איך זאָל זיך אַנידערזעצן.

חיים' לייב האָט קיין מאָל נישט געוואָלט, אַז עמיצער זאָל זיין דערביי ווען ער האָט יסורים... ווען דער חלף ליגט אים אויפן האַלדז... איך בין געזעסן אַ הילפלאָזע און נישט געוואוסט וואָס צו טאָן. אין קאָפּ זיינען מיינע געדאַנקען געלאָפן, איך האָב זיך דערמאָנט אין דעם מעשהלע וואָס ער האָט דערציילט זיין צוויי יאָריקן איינִיקל, סטיוו. דאָס קינד איז געזעסן פאַר־חלומט, און געקוקט מיט זיינע בורשטין־ברוינע אויגן אויפן זיידן, און אויף די שבת־ליכט, בעת, ער, חיים לייב האָט גערעדט און דערציילט פון זיינע אייגענע קינדער־יאָרן...

עס ציען זיך די מינוטן, און כ׳זע ווי חיים לייב באַרואיקט זיך, און פילט אַביסל בעסער. ער ליגט רואיק און שטיל. איך בין דערשלאָגן און אויסגעשעפּט, און אין האַרצן בעט איך; אוי, גאָט, גיב אים, חיים לייבן, אַ רואיקע נאַכט. אפשר? אפשר, נאָך אַ נאַכט שלאָפן וועט ער צוריק אָנהייבן פילן בעסער?...

איך בין איינגעשלאָפן, און זיך אויפגעכאַפּט פאַרטאָג, און געזען דאָס בעט זיינס ליידיק. איך האָב אים געפינען אין ביב־ליאָטעק־צימער. ער איז געזעסן אין דעם ווייכן שטול, אָן כוחות, שוואַך, און טיף געקרעכצט... ניין! גאָט האָט נישט געהערט מיין תפילה. ער האָט ווידער געקראָגן אַן אַטאַקע, די לעצטע שוין, פון וועלכער ער איז שוין צו זיך נישט געקומען.

איך האָב גערופן דעם דאָקטאָר. באַלד שיקט מען אַרויס דעם אַמבולאַנס. איך זיץ לעבן חיים' לייבן, און וויש אים דעם שווייס פון שטערן. ער זאָגט מיר שטיל:

— „לאה, איך שטאַרב"... און ער פאַלט אין מיינע אָרעמס...

דער אַמבולאַנס האָט אים צוגענומען, נאָך איידער איך האָב באַוויזן זיך אָנצוטאָן. מינוטן שפּעטער, אין דעם גרויען באַגינען, האָט דער טעלעפאָן געקלונגען מיט דער פינצטערער בשורה, אַז חיים לייב איז געשטאָרבן.

חיים לייב, חיים' לייב, — פאַר מיר ביסטו נישט געשטאָרבן!

איך וועל דיך שטענדיק זען אַ פאַרחלומטן ביים אָפענעם פענצטער...

ד״ר וו. גליקסמאַן

# אבא קויפמאַן, ע״ה

(עטלעכע שטריכן צו זיין פּערזענלעכקייט)

צו געבן אַן אָפּשאַצונג וועגן אַבאָן, אין אַלע אַספּעקטן פון לעבן, איז איבער מיינע כוחות. וואָרעם איך האָב אַבאָן געקענט נאָר פון דער צייט זינט איך געפין זיך אין אַמעריקע. דאָס מיינט סך־הכל, מיט צען יאָר צוריק. דער קורצער צייט־אָפּשניט איז, לפי דעתי, ניט גענוג כדי זיך אַרויסצוזאָגן אַלזייטיק וועגן אים. אַזאַ אָפּשאַצונג וואָלטן געדאַרפט געבן אייניקע פון זיינע פריינד, די וואָס האָבן אים געקאָנט, און צוזאַמענגעאַרבעט מיט אים אין געזעלשאַפטלעכן לעבן אַ לענגערע צייט. איז וועל זיך דערפאַר באַגרענעצן מיט עטלעכע שטריכן וועגן אבאן דעם לאַנדסמאַן, ווי איך האָב אים געקאָנט און געזען.

אין שייכות מיט דעם איז כדי צו דערמאָנען די דעפיניציע פונעם באַגריף „לאַנדסמאַן". לויט דער אָנגענומענער פאָרמע איז דער לאַנדסמאַן אידענטיפיצירט מיט אַ יחיד, וואָס געהערט צו אַ גרעסערע גרופּע מענטשן, און וועלכע געפינען זיך מחוץ זייער היים־שטאָט. מיט אַנדערע ווערטער מיינט עס, אַז דער דאָזיקער יחיד, מיט דער מינוט וואָס ער האָט פאַרלאָזט זיין היים, האָט געהאַט אַ מעגלעכקייט צו געפינען זיך אין נייעם וואוינאָרט צווישן זיינע אייגענע בני־עיר. דאָס מיינט אויך, אַז דורך דער גרופּע האָט ער ווייטער אָנגעהאַלטן זיינע פאַרבינדונגען — גייס־טיקע און געזעלשאַפטלעכע, מיט זיין געבוירן־אָרט.

עס איז אָבער פאַראַן אַ מאָס פאַר די דאָזיקע פאַרבינדונגען. ביי איינעם זיינען זיי געווען לויזער, ביי אַ צווייטן שטאַרקער, זיי האָבן זיך אויך אויסגעדריקט אויף פאַרשיידענע אופנים. על פּי רוב האָבן זיך די דאָזיקע מחזקות מיט דער אַלטער היים אויס־געדריקט אין מאַטעריעלער הילף — אין אַהיימשיקן אַ פּאָר דאָ־לער און חסל! ווי וויכטיק דאָס זאָל ניט האָבן געווען, און עס איז

נאָך ווייטער נויטיק פאַר די געבליבענע ביים לעבן, האָט אָבער די פּראַקטיק באַוויזן אָפּשוואַכנדיקע אַספּעקטן אין דער דאָזיקער טעטיקייט. קלערער, ווי נאָר די מעגלעכקייטן, אָדער נויטיקייטן פאַר אַ מאַטעריעלער הילף האָבן זיך געענדיקט, מחמת פאַרשיידענע סיבות, האָט זיך די פאַרבינדונג פון די דאָזיקע מענטשן מיט זייער אַלטער היים אויך פאַרענדיקט. דער יסוד פאַר זייערע



אבא קויפמאַן

מחזקות איז פאַרלאָרן געגאַנגען מיט דער מינוט וואָס דער מאַטעריעלער אַספּעקט האָט אויפגעהערט צו ווירקן ווי אַ פאַרבינד-פאַקטאָר.

ניט אַזוי איז געווען מיט אַבאַן. אַבאָ, וואָס האָט געלעבט מער אין דער וועלט פון גייסט ווי פון חומר, און אַפילו זיין פיזישער געבוי איז געווען אַ סימן-מובהק פאַר דעם — האָט קיינמאָל ניט איבערגעריסן זיינע פאַרבינדונגען מיט דער אַלטער היים.

איך דערמאָן זיך מיין ערשטע באַגעגעניש מיט אים, און מיט יעקב בער סילווער, — אים צו לאַנגע יאָרן, ביי אלקנה כראַבאָלאָווסקין אין הויז. מיר זיינען זיך דעמאָלט צוזאַמענגעקומען, און בתוכם אויך דער בעל-היובל רפאל פעדערמאַן, אַרומצורעדן פאַרשיידענע ענינים אַרום דעם בוך „טשענסטאָכאָווער יידן". עס איז געווען אַ צוזאַמענקום פון טשענסטאָכאָווער בזעיר דאנפין, איז דאָך דער ציל פון דער אסיפה געווען „טשענסטאָכאָוו". אין משך פון מינוטן האָב איך געהאַט איבערגעגעבן אַ בילד וועגן טשענסטאָכאָוו ווי איך האָב זי געזען אין די יאָרן פון איר גלאַנץ און פראַכט. אבא האָט, פשוט, זיך ניט געקאָנט אָנזעטיקן וועגן דעם ווינקל פון שטאָט — אָדער אַ צווייטן. ער האָט געפאָדערט מער און מער צו דערציילן וועגן דעם און יענעם יחיד, וועגן דער משפחה, אָדער אַ צווייטער. אַבאָס לשון איז שטענדיק געווען — ווען נאָר מיר האָבן זיך באַגעגנט — „האָסטו עפּעס געהערט פון דער היים". מיטן טראָפּ אויף דעם וואָרט „היים". און ווען אין די לעצטע יאָרן האָט זיך דער קאָנטאַקט מיט דער „היים" כמעט ווי איבערגעריסן, בין איך געוואָרן פאַר אים דער פאַרבינד-פאָדעם צווישן טשענסטאָכאָוו און אים. וואָרעם ער האָט געוואוסט, אַז איך פלעג אָנהאַלטן, ווי איך טו דאָס אויך היינט, אַ לעבעדיקן בריוו-אויסטויש מיט טשענסטאָכאָוו.

אַבאָ איז געווען דער קלאַסישער טיפּ פון לאַנדסמאַן וואָס האָט אָנגעהאַלטן, אין צוגאָב צו דעם מאַטעריעלן, אויך אַ גייסטיקע פאַרבינדונג מיט דער אַלטער היים. ביי אים, אין זיין איינזאַמען לעבן, איז „לאַנדסמאַנשאַפט" געוואָרן אַן אידעאַל וואָס ער האָט אויסגעדריקט בפועל ממש ביי יעדער געלעגנהייט אין משך פון מעת-לעת. ער האָט געהאַט זיינע באַזונדערע וועגן און אופנים אין אַרויסברענגען מן הכח על הפועל די אויפגאַבע פון לאַנדסמאַן. ער האָט קיינמאָל ניט פאַרלאָרן דעם יסוד אָנצוהאַלטן זיינע מחזקות מיט זיין געבוירן-שטאָט.

ווי אַ משל זאָל דינען זיין פּלאַן אַרויסצוגעבן אַ זאַמלונג פון נעמען פון טשענסטאָכאָווער מענטשן — קרבנות פון היטלעריזם. אַבאָ, ע"ה, האָט צוריקגעגעבן יידישע מענטשן נעמען וואָס די דייטשן האָבן געוואָלט אויסמעקן פון דער ערד (עס בעט זיך פשוט אָנצושרייבן אַ פּאָר ווערטער וועגן אָט דעם ביכעלע).. מיט דעם אויסראָטן די נעמען פון יידן, האָבן די דייטשן געוואָלט פשוט אָפּמעקן דעם זכר פון יעדן יידישן קרבן, וואָס האָט אַמאָל געלעבט.

די דאָזיקע קרבנות האָבן, דורך אַבאַן, צוריקגעפונען זייערע נעמען. אַבאָ האָט אויפגעשטעלט מצבות פאַר זיי. די דאָזיקע מצוה אַבאָס דאַרף מען נאָך אָפּשאַצן ווי געהעריק.

מען האָט אים גערופן, און זייער אָפט לגנאי, „אַבאָלע עקשן". איז טאַקע עקשנות שטענדיק אַ שלעכטע מידה? יאָ און ניין! עס ווענדט זיך וואו און ווען, ביי וואָסערע אומשטענדן מען באַנוצט זיך מיט דער דאָזיקער מידה. לפי דעתי, איז אַבאָס עקשנות געווען נאָר דעמאָלט, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אידעען אָדער פּרינציפּן. אַזאַ מין עקשנות איז דווקא אַ פּאָזיטיווער שטריך צום כאַראַקטער פון אַ מענטשן. אוודאי האָט דער שטריך אַוודאי געהאַט אַ השפעה אויך אויף אַנדערע אַספּעקטן פון זיין לעבן. אָבער ווער קאָן זיין אין אַ לעבן אַ מושלם, אַ פּערפעקטער מענטש, בכל המעלות? מ'האָט געדאַרפט זען דאָס גאַנצע בילד און ניט די פּרטים, ווי וויכטיק די לעצטע זאָלן ניט זיין.

צום סוף אַ פּאָר ווערטער וועגן אַבאַן דעם משכיל. אויך אין דעם שטריך האָט זיך קאָנטיק געמאַכט די השפעה פון „דער היים". אַבאָס דערציאונג, אין חדר, אין בית-המדרש, ביים לערנען אַ שיעור, וכו' — האָבן זיך אויסגעפורעמט אין טשענסטאָכאָוו. דאָרטן איז געלייגט געוואָרן דער יסוד פאַר זיינע ידיעות. פון דאָרטן איז ער געפאָרן אין דער וועלט אַריין מיט דעם באַגאַזש וויסן, וואָס ער האָט אָנגעזאַמלט אין „דער היים". דער בית-המדרש האָט געהאַט אַרויפגעלייגט זיין חותם אויף אַבאָס גאַנג אין לעבן. דער בית-המדרש ווי דער מקום התורה איז געבליבן ביי אַבאַן איינגעקריצט אין זכרון. מיט וואָס פאַר אַ יראת הכבוד פלעגט ער ריידן וועגן טשענסטאָכאָווער רב ר' נחום אַש ז"ל, און וועגן אַנדערע מיט וועלכע ער האָט געלערנט! מיר פלעגן פאַרברענגען און שמועסן אויף דער טעמע זייער אָפט, און איך האָב שטענדיק באַוואונדערט אַבאָס ערודיציע און זכרון.

פאַר אַ סך פון אונדז פעלט ער; מיר פילן דאָס שטאַרק. מיר האָבן געוואוסט אַז זיין סוף דערנעענטערט זיך. מיר האָבן אָבער קיינמאָל ניט געוואָלט צולאָזן דעם געדאַנק, אַז דער דאָזיקער סוף וועט קומען אַזוי שנעל. די שווערע קראַנקהייט וואָס האָט אים געמאַטערט זיבעט יאָרן, און וועלכע ער פלעגט אַזוי העלדיש באַקעמפן, האָט אונדז צוגעגעבן מוט אַז ער וועט נאָך זיין מיט אונדז פיל יאָרן. דער סוף איז אָבער געקומען אַ סך פריער ווי מיר האָבן זיך גערעכנט. מיט דער צייט וועט ער, אָבער, ווי עס איז דער שטייגער פון דער וועלט, פאַרגעסן ווערן. זיין נאָמען פאַרלאַנגט אָבער צו ווערן פאַראייביקט. אַבאָ איז געווען דער, וואָס האָט זיך פאַרדינט אַ מצבת נצח. זאָלן די פּאָר ווערטער **דינען יאָי ווי אַ הספד, אי ווי אַ דערמאָנונג, צו האַלטן אַבאָס** אָנדענק, וואָס דאַרף בלייבן אין כלל, ת'נ'צ'ב'ה'.

רפאל פעדערמאַן

# יחיאל לעווענשטיין, ע״ה

זונטיק פאַרטאָג, דעם 29־טן אַפּריל, 1956, איז געשטאָרבן יחיאל לעווענשטיין, זיין לויה איז פאָרגעקומען מאָנטיק, דעם 30־טן אַפּריל, 1956. יחיאל לעווענשטיין איז געבוירן געוואָרן דעם 8־טן יולי, אין יאָר 1900, אין טשענסטאָכאָוו. זיין פאָטער משה לייב, איז געווען באַקאַנט אין טשענסטאָכאָוו פון די ערשטע אמתע יידישע צייטונגס־פאַרשפּרייטער, וואָס זיינען דערשינען אין וואַרשע. משה לייב איז געווען אַ ייד, אַ משכיל. נישט בלויז אַ צייטונגס־פאַרשפּרייטער איז ער געווען; ער איז אויך געווען אַ קאָרעספּאָנדענט פון די וואַרשעווער צייטונגען „היינט" „מאָמענט" און אַנדערע. שפּעטער איז ר' משה לייב אויך געווען אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער אין דער „טשענסטאָכאָווער צייטונג" און האָט געשריבן וועכנטלעכע איבערזיכטן „וואָס געהערט — וואָס געזען", אונטערן נאָמען „לויתן". דאָס איז געווען די סביבה אין וועלכער עס האָבן זיך דערצויגן משה לייבס דריי זין און אַ טאָכטער; צייטונגען, ביכער, ליטעראַטור איז געווען זייער טאָג־טעגלעכער שפּייז.

משה לייבס עלטסטער זון, זכריה, איז געווען איינער פון די ערשטע גרינדער פון דער ס״סישער פאַרטיי אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין אַמעריקע איז זכריה אין יאָר 1905. דאָ האָט ער פאַרבינדן זיין טעטיקייט מיט דער טשענסטאָכאָווער סאָסייטי „יאָנג־מענס", געווען זייער סעקרעטאַר יאָרן לאַנג און שטאַרק אַקטיוו געווען אין טשענסטאָכאָווער רעליף און לײדיס אָקזילערי אין ניו־יאָרק, געשטאָרבן איז ער אין עלטער פון 50 יאָר, דעם 5־טן יאַנואַר, 1940. ר' משה לייבס יינגסטער זון, עליע, איז אין פוילן געווען פאַרבונדן מיט דער קאָמוניסטישער פאַרטיי, און איניקע יאָרן געווען פאַרמשפּט צו יאָרן טורמע פאַר זיין קאָמוניסטישער טעטיקייט. דער אויסברוך פון דער צווייטער מלחמה האָט עליען געטראָפן אין טורמע, אַ דאַנק דער מלחמה איז ער אַרויס אויף דער פריי אַוועק קיין סאָוועט־רוסלאַנד. פון דאָרט איז ער מער נישט צוריקגעקומען, אומגעקומען מיט טויזנטער אַנדערע חברים זיינע.

יחיאל לעווענשטיין איז פריצייטיק אַוועק פון דער וועלט אין עלטער פון 56 יאָר; ביז 13 יאָר האָט יחיאל געלערנט אין אַ חדר, אויך אין אַ פוילישער עלעמענטאַר שול. צו 15 יאָר האָט ער, צוזאַמען מיט זיין ברודער, חנא, אָנגעהויבן שפּילן טעאַטער, צו וועלכע ביידע ברידער האָבן געהאַט אַ גרויסע נייגונג. זיי האָבן אַלס אַמאַטאָרן געהאַט געלינגענע טעאַטער־אַרויסטרעטונגען מיט די עקזיסטירנדע אַמאַטאָרן־קרייזן אין שטאָט, שפּעטער האָבן זיי געשפּילט טעאַטער מיט דעם באַרימטן כאַראַקטער־שוישפּילער שלמה הערשקאָוויטש, מיט זשעלאַזען און מיט אַנדערע. אין 1919־20 האָט יחיאל געשפּילט טעאַטער אַ געוויסע צייט אין דייטשלאַנד. קיין אַמעריקע איז יחיאל געקומען אין יאָר 1920. חנא, ווידער, זייענדיק אַ זעלנער אין דער פוילישער אַרמיי איז ער אין די מלחמה־יאָרן 1920־21 אַריינגעפאַלן אין רוסישער געפאַנגענשאַפט און איז דאָרט פאַרבליבן. ער איז שפּעטער אָנגעקומען אין דער דראַמאַטישער סטודיע אין לענינגראַד און געווען באַשעפטיקט מיט דערפאָלג אַלס דראַמאַטישער אַרטיסט אין יידישן טעאַטער אין סאָוועט־רוסלאַנד.

אין אַמעריקע איז יחיאל געווען אַן אַרבעטער אין פאַרשיידענע שעפּער, ביי פאַרשיידענע פאַכן, אָבער גלייכצייטיק איז ער אַריינגעטראָטן אַין די דעמאָלט עקזיסטירנדער יידישער טעאַטער געזעלשאַפט א. נ. „אונדזער טעאַטער", אונטער דער אָנפירונג פון מ. עלקין, פרץ הירשביין, דוד פינסקי און דעם באַוואוסטן דייטש־יידישן שוישפּילער עגאָן ברעכער. אין 1929,



יחיאל לעווענשטיין

האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין דעם אַמאָליקן „אַרטעף"־טעאַטער. אין משך פון די יאָרן, וואָס דער „אַרטעף" האָט עקזיסטירט, האָט יחיאל לעווענשטיין זיך באַטייליקט כמעט אין אַלע פּיעסן און קליינקונסט־אָוונטן, וואָס דער טעאַטער האָט דורכגעפירט. אין איניקע ראָלן האָט ער זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט. נאָך דעם ווי דער „אַרטעף" איז אונטערגעגאַנגען און ס'האָט זיך אָרגאַניזירט דער יידישער טעאַטער־אַנסאַמבל, האָט לעווענשטיין זיך אָנגעשלאָסן אין אים און מיטגעהאָלפן די עטאַבלירונג פון דער גרופּע, וואָס איז געווען, ווי אַ המשך פון „אַרטעף". יחיאל לעווענשטיין איז בכלל געווען גוט באַקאַנט מיט אַלץ, וואָס קומט פאָר אין דער טעאַטער וועלט; אויף דער אַמעריקאַנער בינע, ווי אויף דער יידישער. ער איז אויך געווען אַן אויפמערקזאַמער לייענער פון דער יידישער ליטעראַטור.

יחיאל לעווענשטיין האָט געהאַט אַ גרויסן סענטימענט צו זיין היים־שטאָט טשענסטאָכאָוו, דעריבער איז ער אַלע יאָרן געווען טעטיק אין טשענסטאָכאָווער רעליף קאָמיטעט. אויסגעזעסן ביי אַלע מיטינגען ביזן סוף, און געהאַט אַן אָפענע האַנט ווען מ'האָט געדאַרפט אַ ביישטייערונג פאַר די צוועקן פון רעליף־קאָמיטעט. ער האָט אויך אַרויסגעוויזן גרויס אינטערעס צום דערשיינען פון בוך „טשענסטאָכאָווער יידן". חדשים לאַנג איז יחיאל אַרומגעגאַנגען מיט ווייטיקן, און ווען דער דאָקטאָר האָט באַשלאָסן אים צו אָפּערירן האָט ער זיך „אָפּגעבעטן" אויף צוויי

וואכן, מחמת „די פֿאַרשטעלונגען מוזן דאָך אָנגיין"... — עס האָט דעמאָלט געדאַרפֿט פֿאַרקומען אַ פֿייערונג צום יאָרצייט פֿון שלום־עליכם.

פֿול מיט פֿרייד איז יחיאל געווען, ווען ער האָט אין יאָר, 1946, זיך דערוואוסט, אַז זיין ברודער חנא לעווענשטיין איז צוריקגעקומען פֿון רוסלאַנד קיין פּוילן און אַז ער שפּילט ווידער אין יידישן טעאַטער און נידערשלעזיען, צוזאַמען מיט אידאַ קאַמינסקי. אין זיין איינזאַם לעבן דאָ, האָט ער געחלומט זיך צו טרעפֿן מיט זיין ברודער חנא. יעדן בריוו, וואָס יחיאל האָט באַקומען פֿון אים, האָט ער באַגאָסן מיט טרערן. די לעצטע ידיעות וואָס יחיאל האָט פֿון חנאן באַקומען זיינען נישט געווען קיין פֿריילעכע. דאָס האָט אים אויך פֿאַרשאַפֿט גענוג עגמת־נפֿש. זען חנאן האָט ער זיך שוין נישט דערלעבט...

דאָס יידישע טעאַטער, די יידישע ליטעראַטור, דער טשענסטאָכאָווער רעליף קאָמיטעט, די לאַנדסלייט האָבן מיט יחיאלס פּריצייטיקן טויט פֿאַרלאָרן אַן איבערגעגעבענעם געטריייען ערלעכן פֿריינד, חבר און מיטאַרבעטער. ער וועט מיט ליבע, זיכער דורך אַלע פֿריינד דערמאָנט ווערן.

פּרא דאָמאָ סוא ! ליבער חבר יחיאל ! ווי ביטער וואָלט דיר אויפֿן האַרצן געווען, ווען דיר וואָלט אויסגעקומען צו לייענען היינט, אין יאָר 1957, די בריוו פֿון דיין איינציקן ברודער חנא. חנא שרייבט: „דערלויבט מיר זיך פֿאָרצושטעלן; איך בין חנא לעווענשטיין, אַרטיסט פֿון יידישן מלוכה־טעאַטער אין פּוילן. איך בין דער ברודער פֿון דעם נישט־לאַנג פֿאַרשטאָרבענעם יחיאל לעווענשטיין. נישט דאָ איז דאָס אָרט ברייט זיך צו צעשרייבן וועגן אַלעמען... ס'גייט ביי אונדז די סעריע: „לך־לך"... איך דריי זיך אַרום מיט אַ פֿאַרדרייטן קאָפּ און אַ צעווייטיקט האַרץ... כ'דאַרף מען זאָל מיר העלפֿן ביים אַרויספֿאָרן פֿון פּוילן, איך זאָל זיך קאָנען איינאָרדענען ערגעץ... מיר פֿאַרמאָגן נישט קיינע מאַטעריעלע מיטלען... „אַזאַ איז דער גורל פֿון אונדזער פֿאָלק. דער נעגער האָט זיינס געטאָן און דער נעגער קאָן גיין"...

„צי מען וויל יאָ, צי מען וויל נישט, איז מען געצוואונגען ווידער צו נעמען דעם וואַנדערשטאָק און זיך לאָזן אין דער ברייטער וועלט אַריין, זוכן זיך אַ מקום וואו מען זאָל שוין, איינמאָל פֿאַר אַלעמאָל, קאָנען רואיק לעבן און אַרבעטן"...

מיט מיינע פּאָר ווערטער טראָג איך צו, ליבער יחיאל, אַ בלום אויף דיין קבֿר. די נאָענטע חברים, וואָס האָבן דיך פֿאַרשטאַנען, וועלן דיך שטענדיק געדענקען...

## א. כראָבאָלאָווסקי

# דעם אָנדענק פֿון ישעיה יעקב מינקאָף

אויב אַ מענטש שטייט אָפּ ביי דער פּרעס־מאַשין אין אַן אַמעריקאַנער שאַפּ פֿון די מיטעלע יאָרן אַן ביזן סאַמע סוף פֿון זיין לעבן; אויב אַ מענטש שמעלצט זיך צענדליקער יאָרן אינעם שמעלצטאָפּ פֿון אַמעריקע — און פֿאַרלירט דאָך נישט זיין אידיי־



ישעיה יעקב מינקאָף

איש־מענטשלעך פּנים, בלייבט אַ גלויביקער סאָציאַליסט — איז זיין לעבן עפּעס ווערט געווען, זיין אָנדענק איז דעריבער אונדז טייער!

דאָס איז געווען שעיה יעקב מינקאָף, ע"ה

זיין קורצע ביאָגראַפֿיע און דער געזעלשאַפֿטלעך־סאָציאַליסטישער גאַנג פֿון זיין לעבן, האָט ער איבערגעגעבן אין געציילטע שורות אין בוך „טשענסטאָכאָווער יידן": אַ קינד פֿון גויט, אַ יתום אין די יונגע יאָרן — רייסט ער איבער צו 17 יאָר זיין לערנען אין דער ישיבה און ווערט אַ פֿאַבריק־אַרבעטער אין דער דעמאָלט באַרימטער וויינבערגס קאַם־פֿאַבריק אין טשענסטאָכאָוו, כדי צו ווערן דער שפּייזער פֿון דער פֿאַריתומטער משפּחה. די פֿאַבריק איז געווען די פֿעסטונג פֿון ס.ס. ער ווערט אַריינגעצויגן אין דער ס.ס.ישער באַוועגונג, און מיטן זעלביקן ברען, התמדה און חריפֿות, וואָס דער פֿרומער יינגל שעיה יעקב האָט פֿריער געלערנט גמרא, גיט ער זיך איבער דער נייער לערע פֿון סאָציאַליזם. מען האָט אים טאַקע דערפֿאַר גערופֿן „שפּיץ־קאָפּ" (שאַרפֿער מח). זיינע ערשטע רבייאים זיינען געווען ד"ר יוסף קרוק (יוסף נומער איינס) און „אהרון דער רויטער" (ד"ר אהרון סינגאַלאָווסקי ע"ה). ער האָט זיי געדענקט מיט ליבע און כבוד זיין גאַנצן לעבן, שוין גייענדיג צום „סאָציאַליסטישן פֿאַרבאַנד" און די לעצטע צייט — צום „בונד".

מיט זיין אינטעליגענץ און חריפֿות האָט ער זיך באַלד אַרויסגערוקט פֿון די רייען פֿון דער אַרבעטער־מאַסע און אין 1906, צוזאַמען מיט אַ גרופּע אינטעליגענטע אַרבעטער, שטייט ער שוין אַן דער פֿירערשאַפֿט פֿון דער טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציע פֿון ס.ס.

אין 1908 פֿאַרלאָזט ער טשענסטאָכאָוו און נאָך אַ קורצן אויפֿהאַלט אין ווין, צירין, און קראָקע, קומט ער קיין אַמעריקע. דאָ ציט זיך זיין מאַרשרוט דורך לינקאָלן (נעבראַסקאַ), שיקאַגאָ, ביז לאָס אַנדזשעלעס, וואו ער ווערט אַ תושב.

אין אַמעריקע איז ער געווען אַקטיוו אין דער טרייד־יוניאָן באַוועגונג, אין אַרבעטער־רינג, אין אַרבעטער־קאָמיטעט, אין סאָציאַליסטישן פֿאַרבאַנד און אין „בונד". דאָס זיינען נאָר שוואַכע סימנים פֿון זיין אַקטיוו־רייכן לעבן.

זיין וועג פון דער יונגט אָן מיט דער שוואַרצער טשופּרינע, שטענדיק צעשויבערטע האָר, ביז זיין מיט ווייסן זילבער באַדעקטן קאָפּ, אָבער שטענדיק יונג־ברענענדיקע אויגן — איז געווען אַ גראַדער, אַ דרך הישר, אָן וואַקלונגען, אָן שטרויכלונגען. זיין דורשט צו לערנען און לייענען האָט אים נישט פאַרלאָזן זיין גאַנץ לעבן. די וואַנט מיט ביכער אין זיין קליין באַשיידן קאַבינעטל, וואָס איז פאַרבליבן פאַריתומט נאָך אים אפשר נאָך מער ווי זיין לעבנסבאַגלייטערין גיטעלע און זיינע דריי קינדער — איז דער שענסטער עדות פון זיין גייסטיק לעבן.

צו זיין שבח דאַרף צוגערעכנט ווערן דער לעבעדיקער פאַקט, וואָס זיין קעגנערשאַפט צו ברוטאַלער דיקטאַטור האָט אים נישט פאַרפירט אויף די וועגן פון אַמאָראַלער, אַנטי־סאָציאַליסטישע און אַנטי־דעמאָקראַטישע מעשים, וואָס ווערן אָפּגעטאָן אונטער אַ סאָציאַליסטישן דעקטוך. אין פריוואַטע געשפּרעכן און עפנטלעך האָט ער שטענדיק פּראָטעסטירט קעגן אַזעלכע דערשיינונגען אין אונדזער געזעלשאַפטלעכן לעבן.

ביז דעם לעצטן טאָג פון זיין לעבן איז זיין בליק נישט פאַרטונקלט געוואָרן, זיין געדאַנק איז קלאָר געבליבן, זיין לעבן — ריין — אומבאַפלעקט.

69 יאָר אַלט ביים פאַרלאָזן אונדזער וועלט, איז ער צו פרי אַוועק פון אונדז. ער האָט נאָך געקענט לעבן, ווען ער וואָלט מיט עטלעכע יאָר צוריק אויפגעהערט צו אַרבעטן אין שאַפּ, ווי דער דאָקטאָר האָט אים געעצהט. אָבער אין פאַרגלייך מיט זיינע יוגנט־חברים, ווי מענדל שוכטער, זכריה לעווענשטיין, קאָפּל גריכטער, וואָס זיינען יונגערהייט צעריבן געוואָרן אונטער די רעדער פון דער אַמעריקאַנער מאַשין — איז ער דאָך געווען אַן אויסנאַם צום באַוואונדערן.

ער איז געווען ווי אַ דעמב פאַרוואָרצלט אין דער יידיש־אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג. זיין אָרט בלייבט ליידיק. דעם מענטשנס ווערט און אָרט אין לעבן דערקענט מען איצט, ווען ער פעלט. שעיה יעקב מינקאָף, דער ערנסטער, ריינער מענטש און סאָציאַליסט וועט אונדז שטאַרק פעלן.

כבוד זיין אָנדענק!

# לייבל (לואי) שימקאָוויטש, ע״ה

זון פון אייזיק און חנה. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין יאָר 1866. זיינע עלטערן זיינען געווען מיטל־פאַרמעגלעכע מענטשן. זיין פאָטער איז געווען אַ שניידער. אין יאָר 1883 האָט דער פאָטער פאַרלאָזט טשענסטאָכאָוו און געפאָרן קיין אַמעריקע. לייבל שימקאָוויטש איז געבוירן געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו און באַקומען אַן עלעמענטאַרע בילדונג אין אַ רוסישער פאָלקס־שול. זיינע לערער זיינען געווען סאָפּאָטשניק און מייערסאָן. נאָכן פאַר־



לייבל שימקאָוויטש

ענדיקן די שול האָט ער געלערנט אַ פאַך — אַלס גאָלדשמיד, און געאַרבעט ביז צום פּריזיוו. דער פעטער היימען האָט געשיקט שיפסקאַרטן און לייבל, צוזאַמען מיט זיין מוטער חנה, ברודער גרונם און די שוועסטער רחל און בענטשע האָבן פאַרלאָזט טשענסטאָכאָוו און געקומען קיין אַמעריקע זומער 1886.

לייבל שימקאָוויטש האָט געהערט צו דער טשענסטאָכאָווער שוהל אויף קלינטאָן סטריט, ניו־יאָרק, וואו עס האָט אויך געהערט זיין פאָטער.

זיין פאָטערס הויז איז לייבל געצוואונגען צו פאַרלאָזן צוליב דעם, ווייל לייבל האָט געמוזט אַרבעטן אום שבת. ער האָט געאַרבעט ביי דזשועלערי. צו 25 יאָר האָט ער חתונה געהאַט מיט חיה גאָטאיינער, געבוירן אין טשענסטאָכאָוו, וועלכע איז געשטאָרבן דעם 26־טן פעברואַר, 1920, איבערלאָזנדיק 4 יתומים (2 זין און 2 טעכטער).

שפּעטער איז לואי שימקאָוויטש אַוועק אין יידיש טעאַטער־ביזנעס, אַנגעפירט מיט דעם וואָדעוויל טעאַטער אין קינאָ־הויז אויף סוטער עוועניו, בראָנזוויל, און אין 1898 אויף דער דילענסי סטריט, ניו־יאָרק — מיט יידיש טעאַטער. גענומען בענעפיטס אין ברוקלין, סיגאַל סטריט, אין „ליראַ" טעאַטער אין 1918—1919. ביי אים אין טעאַטער האָבן געשפּילט די באַרימטע אַרטיסטן: דזשייקאָב אַדלער, קעסלער, שיינגאָלד, בידא פון טשענסטאָכאָוו, מר. און מרס. גאָלדבערג, מר. און מרס. דזשייקאָבס און אַנדערע. ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן איז ער געווען טעטיק אין יידישן טעאַטער.

לייבל שימקאָוויטש איז געווען איינער פון די גרינדער פון די טשענסטאָכאָווער יאַנג מענס, מיטגליד פון דער טשענסטאָכאָווער שוהל, גרינדער פון טשענסטאָכאָווער רעליף־קאָמיטעט און פון דער לידיס אָקזילערי. ער איז געוויילט געוואָרן אַלס דעלעגאַט קיין טשענסטאָכאָוו נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה צו פאַרווירקלעכן דעם פּלאַן פון אויפבויען דאָס י. ל. פּרץ־הויז פאַר קינדערהיימען און יידישער פאָלקס־שול. ער איז געווען אַ מיטגליד פון בוך־קאָמיטעט „טשענסטאָכאָווער יידן" און עקס־טשערמאַן פון רעליף־קאָמיטעט. זיינע פּאָליטישע איבערצייגונגען זיינען געווען סאָציאַליסטישע און ער איז אויך געווען אַ מיטגליד פון דער לייבאָר פּאַרטיי.

לייבל שימקאָוויטש איז געשטאָרבן דעם 4טן מאַי, 1955, אין ניו־יאָרק.

כבוד זיין אָנדענק!

# רעגינע (רבקה) קופּערמאַן־ראָזענפעלד, ע"ה

טאָכטער פון דוד ראָזענפעלד, אַ בעל־מלאכה. זי האָט דעם פאָטער ניט געקענט, ווייל, ווען זי איז געבוירן געוואָרן, איז ער, אַלס רוסישער זעלנער, געווען אין דער רוסיש־יאַפּאַנישער



רעגינע קופּערמאַן־ראָזענפעלד

מלחמה, אין וועלכער ער איז אומגעקומען. זי האָט אים שטענדיק דערמאָנט מיט ליבשאַפט אין האַרצן.

איר מוטער, נאַכע (פון דערהיים — גרין), איז צו 18 יאָר געבליבן אַליין מיט דריי קינדער: דער ברודער איציק־לייב, ר. ראָזענפעלד און איר שוועסטער רוזשקע (רייזל). די מוטער האָט געטאָן אַלץ, כדי אירע קינדער צו געבן אַ גוטע דערציאונג און ניט אָפּגעשטעלט זיך פאַר קיין שום שוועריקייטן. די שווערע אַרבעט האָט זי געבראַכט צו אַ לונגען־קראַנקייט.

דער ברודער איציק־לייב איז געוואָרן אַ טאַפּעצירער און האָט געהערט צום „בונד". ער האָט חתונה געהאַט מיט בוכלע פרידמאַן. זיי האָבן געהאַט איין טאָכטער, יאַדזשאַ (איטקע).

די יינגערע שוועסטער, רוזשקע, האָט אָנגעהויבן אַרבעטן אַלס שניידערין אין עלטער פון 12 יאָר. זי האָט געהערט צו דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „שטראַל" ביים אַרבעטער־קלוב „פאַראייניקטע" און געלערנט אויף די אָוונט־קורסן פאַר דער אַרבעטער־יוגנט. שפּעטער איז זי אַריבער צו די קאָמוניסטן, איז געוואָרן איינע פון די אַקטיווסטע טוערינס אין דער באַוועגונג און איז לאַנגע יאָרן אָפּגעזעסן אין די פּוילישע תפיסות.

רעגינא ראָזענפעלד האָט געלערנט אין דער עלעמענטאַרער רוסישער שול, אָנגעפירט פון פּרוי ווייזער אויף טעאַטראַלנע גאַס. יידיש האָט זי געלערנט אויף דער גאַרנצאַרסקאַ גאַס ביי דער לאָמער רחל. צו 12 יאָר האָט זי אָנגעהויבן אַרבעטן אַלס פּריזירערין אין דעם הויז־פאַבריקל פון פּרוי ווייסמאַן אויף דער ערשטער אַלעע 8, וואו די מיינסטע באַשעפטיקונג איז געווען די פּראָדוקציע פון שייטלעך. 1916 האָבן די ס. ס. (ציוניסטן־סאָציאַליסטן) אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן די פּריזירער־אַרבעטער און רעגינא ראָזענפעלד איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער באַוועגונג. חוץ איר זיינען צווישן די פּריזירער־אַרבעטער געווען טעטיק מאַקס כראַפּאַט, ס. מאַשקאָוויטש און אַ גאַנצע ריי אַנדערע פּערזאָנען.

צוליב איר טעטיקייט צו אָרגאַניזירן די פּריזירער־אַרבעטער איז זי אָפּגעזאָגט געוואָרן פון איר אַרבעט און האָט אָנגעהויבן צו אַרבעטן פאַר זיך. דאָס האָט געבראַכט צו אַ פאַרבעסערונג פון איר און איר מוטערס לאַגע.

הגם זיי זיינען געווען אַן אָרעמע אַרבעטער־פאַמיליע, אָן אַ טאַטן, און געליטן נויט — איז דאָס לעבן נאָך דער אַרבעט, צווישן אַ סך נאָענטע פריינד און חברים, געווען אינטערעסאַנט און אינהאַלטסרייך. רעגינא ראָזענפעלד האָט געהערט צו די „פאַראייניקטע" און אַנטייל גענומען אין אַלע טעטיקייטן פון דער אָרגאַניזאַציע און זיך געפרייט אויף אַלע יום־טובים. אין קרייז פון אירע נאָענטע פריינד האָבן געהערט: אברהם וועגנער, העלע וועגנער, מאַניע הערשליקאָוויטש (שפּעטער די פרוי פון משה שיין), פייגל שליווינסקאַ (שפּעטער פרוי לינקינסקאַ), קאַראַלאַ שאַכער (חתונה געהאַט מיט מאַקס כראַפּאַט), ביילע ליבראַוויטש (חתונה געהאַט מיט דוד כראַפּאַט), העלפגאָט, רעניע גראַס, שרהלע אַפּאַטשינסקי גרשון מונטאַוויטש און אַ ריי אַנדערע. ווען די פאַמיליע ראָזענפעלד האָט זומער געוואוינט אין אַסטראָוו, צוליב דעם שוואַכן געזונט־צושטאַנד פון זייער מוטער, האָבן ביי זיי אין הויז געפּלעגט פאַרברענגען מיכאַל אַלטער, צעשע פעדערמאַן, אברהם בראַט, רוזשע פלאַוונער, רייזעלע פייערטאַג, משה בערקענשטאַט, רעגינע וואזשעכאַ און אַנדערע חברים.

אין יאָר 1922 איז זי אַוועק קיין אַמעריקע.

אין יאָר 1925 האָט רעגינע חתונה געהאַט מיט הענרי קופּערמאַן. זי האָט געבוירן 3 קינדער: דזשעני, אַדרי און דזשאָעל.

אין יאָר 1931 האָט רעגינע באַזוכט טשענסטאָכאָוו. דעמאָלט איז דאָס לעבן אין טשענסטאָכאָוו געווען נאָרמאַל. מיט איר מוטער און שוועסטער האָט זי זיך געזעגנט צום לעצטן מאָל. זיי זיינען אומגעקומען אין די יאָרן 1939—1945. די איינציקע וואָס האָט זיך געראַטעוועט, אַדאַנק איר גוטע באַקאַנטשאַפט מיט די פּוילישע תפיסות, איז איר יינגערע שוועסטער, רוזשקע, געשטאָרבן נאָך אַ שווערער קראַנקייט אין וואַרשע.

רעגינע איז געווען עקזעקוטיוו־מיטגליד אַרויסצוגעבן דאָס בוך: טשענסטאָכאָווער יידן.

רעגינאַ איז געשטאָרבן דעם 4טן יולי, 1948. ערע איר אָנדענק.

# איטע לענטשנער


איטע לענטשנער

טאָכטער פון פייוול און חנה הערשליקאָוויטש. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין יאָר 1885. געקומען קיין אַמעריקע אין יאָר 1906. חתונה געהאַט מיט ישעיהו לענטשנער.

זי האָט געהערט צו פאָלגנדיקע אָרגאַניזאַציעס: ניו־לאָטס לײדיס עיד סאָסייעטי (געוו. פּרעזידענטין); ניו־לאָטס פּענסיל־ווייניע תלמוד תורה (געוו. טראַסטי); עזרת יתומים אין בראָנז־וויל (געוו. וויס־פּרעזידענטין); בית־אל האָספּיטאַל אָקזילערי (געוו. טשערליידי); דזשעפערסאָן מושב זקנים (מיטגליד); איסט ניו־יאָרק „ווי" (מיטגליד); אַמעריקען דזשואיש ווימען וואָלונ־טירס (מיטגליד); דזשיאַלאָשינער חברה אנשי בני אחים אָקזי־לערי (איינע פון די גרינדער, געוו. פּרעזידענטין, איצט טשער־ליידי); „הדסה" אין איסט ניו־יאָרק (מיטגליד); טשענסטאָכאָ־ווער לײדיס אָקזילערי (טשערליידי); טשענסטאָכאָווער רעליף־קאָמיטעט (וויס־פּרעזידענטין); בוך־קאָמיטעט „טשענסטאָכאָווער יידן" (עקזעקוטיוו־מיטגליד).

אירע קינדער זיינען: משה לענטשנער און פּערל לענטשנער, חתונה געהאַט מיט מאָרי שאַץ, אַ לאָיער.

איטע לענטשנער איז געשטאָרבן דעם 30סטן נאָוועמבער, 1947. כבוד איר אָנדענק.

# פעני פייערשטיין



פייערשטיין פעני, טאָכטער פון יחיאל און ראַצע שפּיץ. געבוירן דעם 15טן אַפּריל 1887 אין טשענסטאָכאָוו. דעם 25טן דעצעמבער 1907 האָט זי חתונה געהאַט מיט הערי פייערשטיין און אין יוני 1910 איז זי געקומען קיין אַמעריקע. זי איז געווען אַ מיטגליד ביי די לײדיס אָק־זילערי פון דער דזשיאַלאָשינער חברה אנשי בני אחים, האָספּיטאַל פאַר אומהיילבאַרע קראַנקע אין ברוקלין, ראָזו־רובעל סאָסייעטי אין פּלעטבוש און ביי דער לײדיס אָקזילערי פון טשענסטאָכאָווער רעליף, ווי אויך פון בוך־קאָמיטעט „טשענסטאָכאָווער יידן". אייניקע יאָר האָט זי פאַרנומען דעם אַמט פון וויס־פּרעזידענטין פון דער לײדיס אָקזילערי און זי איז דאָרט געווען איינע פון די טעטיקסטע פרויען, וואָס האָבן געאַרבעט פאַר דער אַלטער היים. מיט אַ יאָר צוריק האָט זי געפייערט איר 50־יאָריקע חתונה. זי איז געשטאָרבן דעם 11טן יולי, 1958.

עס טרויערן נאָך איר איר מאַן הערי, די צוויי זין סידני און דזשין און איר טאָכטער ראָוז ראָזענטאַל און אַכט אייניקלעך. זי איז געווען אַ גוטע מוטער און אַ מענטש מיט אַ גאָלדענעם האַרצן. ערע איר אָנדענק.



# אין אָנדענק פון די אומגעקומענע טשענסטאָכאָווער ייִדן, קדושים, העלדן און מאַרטירער

דאָס קונסט-בילד „אל מלא רחמים" פון דעם מאָלער ב. לינקע איז געווידמעט דעם יידישן לעבן אין פּוילן. דאָס גרויסע קונסט-ווערק שטעלט מיט זיך פאָר אַ קוימען פון אַ קרעמאַטאָריע, אויף וועלכן עס איז איינגעוויקלט אַ געשטאַלט אין אַ טלית און תפילין, און זיינע הענט האַלטן צו דעם קאָפּ. קיין פּנים זעט מען ניט, אָבער מען זעט די חורבות און דעם ברוכ-וואַרג אַרום דעם שטח פון דעם גרויסן קרעמאַטאָריע-קוימען. דורך דעם ריזיקן קונסט-בילד זעט מען דעם גרויליקן חורבן וואָס די נאַצי-רשעים האָבן געבראַכט אויף דעם יידישן ישוב אין פּוילן.

(צו דער זייט 267)

„אל מלא רחמים"



אברהם גאָטליב (ישראל)

# צום פאַראייביקן דאָס טשענסטאָכאָווער יידנטום

(סעקרעטאַר פון די „יוצאי טשענסטאָכאָוו" אין מדינת-ישראל)

אונדזער שטאָט טשענסטאָכאָוו האָט געהערט צו די גרויסע שטעט אין פּוילן. ס'זיינען געווען אין פּוילן גרעסערע שטעט, דאָך האָט די שטאָט טשענסטאָכאָוו געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָלע אין ווירטשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן אין פּוילן.

צו דער אַנטוויקלונג פון מסחר אין שטאָט האָט שטאַרק מיטגעווירקט דער קלויסטער אויף דער „יאַסנאַ-גוראַ", וועגן וועלכן עס זיינען פאַרשפּרייט געווען לעגענדעס ביי די פּאָליאַקן אין גאַנץ פּוילן, און איז אין לויף פון יאָרן געוואָרן אַ מין הייליק אָרט און דאָס האָט געצויגן צו זיך, יעדעס יאָר, צענדלינגער טויזנטער פרומע קריסטן פּילגרימען פון די פאַרוואָרפנסטע ווייטסטע ערטער אין פּוילן און אויך פון אַנדערע לענדער.

אין דער דאָזיקער הייליקער שטאָט האָבן יידן געשפּילט אַ באַדייטנדיקע אָנגעזעענע ראָלע.

געדענקען מיר דאָך די יידישע גרויסע פאַבריקן, די קליינע פאַבריקלעך פון גאַלאַנטעריי און שפּילצייג אויסאַרבעטונגען, וואָס זיינען כמעט אויסשליסלעך געווען אין יידישע הענט; היינט די געזעלשאַפטלעכע, קולטורעלע און אַרבעטער-אינסטיטוציעס, די בתי-מדרשים און שולן! מיר געדענקען גוט די וואָס זיינען געשטאַנען אין דער שפּיץ פונעם שפּרודלדיקן נאַציאָנאַלן און קולטורעלן לעבן. זיי זיינען געווען אונדזער אַלעמענס שטאָלץ. אָט פון דער גרויסער, רייכער, טעטיקער יידישער קהילה טשענסטאָכאָוו איז קיין זכר ניט געבליבן! יאָ, עס לעבן אויך היינט אַ קליינע צאָל יידן אין טשענסטאָכאָוו, — מיר האָבן אָבער נישט קיין שום זיכערע ידיעות ווי גרויס איז זייער צאָל און צי טוען זיי וועלכע ס'איז יידישע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט.

אַזוי זעט אויס די לאַגע אין היינטיקן דור. וואָס פאַר אַ פּערספּעקטיוון קענען מיר שוין האָבן אין דער צוקונפט? צי וועט נישט אין גאַנצן פאַרגעסן ווערן אַז עס האָט אַמאָל עקסיסטירט אַ רייכע יידישע קהילה אין טשענסטאָכאָוו? ס'איז דעריבער דער חוב פון יעדן טשענסטאָכאָווער, וואָס האָט נאָך געוויסע סענטימענטן פאַר זיין אַמאָליקער היים-שטאָט, צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון אונדזער אַמאָליקער קהילה, אירע אינסטיטוציעס, די געזעלשאַפטלעכע און אַרבעטער טוער!

אין פּוילן, דאָרט וואו עס איז געווען דער בלוטיקער הויפּט-פּלאַץ פון דעם אומקום פון 6 מיליאָן יידן, איז געשטעלט געוואָרן אַ דענקמאָל פאַר דעם אומגעקומענעם פּוילישן יידנטום. ס'איז אָבער געבליבן אַ גרויסער בלויז: ס'זיינען נישט פאַראייביקט געוואָרן די איינצלנע קהילות, אויך נישט די נעמען פון די אומגעקומענע יידן.

**דעם בלויז וויל אויספילן מדינת-ישראל. אין ישראל איז געשאַפן געוואָרן אַ צענטראַלע אינסטיטוציע צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון די חרוב-געוואָרענע קהילות, ווי אויך פון די אומגעקומענע גבורים און קדושים פאַר דער צייט פון דעם היטלער-רעזשים אונטערן נאָמען: „יד ושם".**

**די טעטיקייט פון „יד ושם" שטיצט זיך אויפן גרענעץ צום**

„אָנדענק און אומקום", וואָס איז אָנגענומען געוואָרן דורך דער כנסת ח' אלול תשי"ג, 19 אויגוסט, 1953.

די אויפגאַבן פון „יד ושם" זיינען:

1. רעגיסטרירן די פאַרטיליקטע און געפאַלענע, זייערע נעמען, וואוינערטער, טעטיקייט, די אומשטענדן פון זייער אומקום אאַז"וו. דאָס אַלץ פאַרצייכענען אויף ספּעציעלע פאָרמולאַרן (עדות-בלעטער) פון „יד ושם". די רעגיסטראַציע ווערט דורכגעפירט לויטן עדות-זאָגן פון קרובים און באַקאַנטע. די רעגיסטראַציע איז אין גאַנצן אַן אומזיסטע און דאָס פאַראייביקן די קרובים קאָסט נישט קיין געלט.

אַזוי ווי דאָס רוב קרבנות האָט קיין קברים נישט, אָדער זייערע קברים זיינען אומבאַקאַנט, וועט דאָס צענטראַלע אָנדענק-ווערט פון יידישן פאָלק באַטראַכט ווערן ווי זייער מצבה און אין פנקס פון „יד ושם" וועלן פאַראייביקט ווערן זייערע נעמען.

לויטן פאַרלאַנג פון די קרובים וועט מדינת-ישראל געבן די אומגעקומענע און געפאַלענע אָנדענק-בירגערשאַפט, וואָס וועט זיין דער סימבאָל און צייכן וואָס זייער אָנדענק איז איינגעשלאָסן געוואָרן אינעם לעבנס-בונד פון אונדזער פאָלק און לאַנד.

2. אויפבוי פון אָנדענק-בנינים אויפן געדענק-באַרג (הר-הזכרון) — אַ שטח, וואָס געפינט זיך ביים ראַנד פון ירושלים, אין שכנות פונעם הערצל-באַרג.

לויטן פּלאַן וועלן אויפגעבויט ווערן: אַ בנין פאַרן צענטראַלן אַרכיוו און פאַר דער ביבליאָטעק פון „יד ושם"; אַ היכל-יזכור און „היכל גבורה" צום אָנדענק פון די מיליאָנען קדושים און גבורים; אַ קינסטלערישער מאָנומענט אויסגעהאַקט פון די פעלזן פון אונזער לאַנד, אַ בית-הכנסת צום אָנדענק פון די טויזנטער צעשטערטע בתי-תפילה און שולן.

3. אַרכיוו: זאַמלען היסטאָרישע מאַטעריאַלן וועגן דער תקופה פון אומקום און גבורה; דאָקומענטן, אויפרופן, בילדער אאַז"וו, וועלכע זאָלן געבן אַן אָפּשפּיגלונג פון דער חורבן-תקופה.

4. „יד ושם" באַמיט זיך איינצוואָרצלען אין פאָלק דעם מנהג פון יאָרצייט וואָס איז באַשטימט געוואָרן דורך דער כנסת אויף כ"ו ניסן. אין דעם טאָג ווערן אָפּגעהאַלטן טרויער-פאַרזאַמלונגען. אין דער פּרעסע ווערן פאַרעפנטלעכט זכרונות און אַרטיקלען וועגן דער תקופה פון אומקום און גבורה און אין די קינדער-שולן ווערן אָפּגעהאַלטן לעקציעס און טרויער-פייערונגען פאַר די שילער.

אויסער די אויבן-דערמאָנטע אויפגאַבן האָט „יד ושם" זיך געשטעלט פאַר אַ ציל נאָך אַ ריי טעטיקייט, וואָס זיינען פאַרבונדן מיטן פאַראייביקן דעם אָנדענק פון אונדזערע געפאַלענע קדושים.

עס איז אויסער יעדן ספק, אַז די צענטראַלע אינסטיטוציע **צו פאַראייביקן די קדושים דאַרף זיין אין מדינת ישראל. נישט**

געקוקט וואָס אין דעם קליינעם לאַנד ישראל לעבן היינט סך־הכל איין און אַ האַלב מיליאָן יידן, אין פאַרגלייך ווען אין איין שטאָט ניו יאָרק לעבן אַריבער 2 מיליאָן יידן, — דאָך איז די אויפמערקזאַמקייט פון גאַנצן וועלט־יידנטום ווי אויך פון דער נישט־יידישער וועלט, געווענדט צו דעם פונקט וואו עס לעבט, אַ זעלבסטשטענדיק פריי מלוכה־לעבן אַ טייל פון יידישן פאָלק.

ביי דער פייערונג פון 50 יאָר געזעלשאַפטלעכע אַרבעט פון דעם מוטיקן טשענסטאָכאָווער אַרבעטער, קעמפער און געזעלשאַפטלעכן טוער, פריינט רפאל פעדערמאַן, דאַרף אויך, לויט אונדזער מיינונג, דערמאָנט ווערן דער הייליקער חוב וואָס ליגט אויף אַלע טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן אין גאַר דער וועלט, צו פאַראייביקן די קדושים פון אונדזער שטאָט.

די „ארגון יוצאי טשענסטאָכאָוו" אין ישראל, באַנייען איצט די רעגיסטראַציע דאָ אין לאַנד און ווילן גערן מטהעלפן די אַלע לאַנדסמאַנשאַפטן ווי אויך יחידים וואָס ווילן צושטיין צו דער דאָזיקער הייליקער אַקציע.

# יזכור



# לזכרון נצח

## אין אָנדענק פון אונדזערע עלטערן, ברידער און שוועסטער, משפחה און קרובים הי״ד

## מיר וועלן אייך קיינמאָל נישט פאַרגעסן!

טער דער שרעקלעכער ממשלה פון די נאַצי־מערדער, איז ער געווען צווישן די פירער פון דער געהיימער באַוועגונג. ער האָט אָנטיילגענומען אין די צוגרייטונגען צום באַוואָפנטן ווידער־שטאַנד. ווען די נאַציס זיינען אים געקומען אַרעסטירן, איז ער אַרויסגעשפרונגען פון 2טן שטאָק און צעבראָכן אַ פוס. ער איז אַריינגעפאַלן אין זייערע הענט און איז אומגעבראַכט געוואָרן אויף אַ גרויזאַמען אופן.

## יצחק סטאַפּניצער

פון פאַך אַ היטל־מאַכער. פון די קינדער־יאָרן אָן געווען אַקטיוו אין יוגנט־בונד צוקונפט. לאַנגע יאָרן געווען פאַרזיצער פון דער צוקונפט־אָרגאַניזאַציע און דער הויפּט־פירער פון דער יוגנט־סעקציע פון באַקלייד־פאַראיין. געווען אַ גוטער רעדנער, באַטייליקט זיך אַלס דעלעגאַט אין אַ ריי לאַנד־צוזאַמענפאָרן פון יוגנט־בונד צוקונפט און יוגנט־צוזאַמענפליען, פון וועלכע ער איז געווען איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן אין טשענסטאָ־כאָווער ראַיאָן.

ער האָט אויך גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער בונדישער יוגנט־באַוועגונג אין די שטעטלעך פון טשענסטאָכאָווער ראַיאָן. מיט ראַט און טאַט האָט ער געדינט די צוקונפט־אָרגאַניזאַציעס פון טשענסטאָכאָוו און פון דער אַרומיקער געגנט. פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט ער זיך באַזעצט אין בענדין, וואו ער איז געווען אַן אָנגעזעענער טוער פון דער פאַרטיי און יוגנט־אָרגאַניזאַציע. צוזאַמען מיטן חבר פסחזאָן און אַנדערע געווען אַ מיטגליד פון געהיימען בונדישן קאָמיטעט אין בענדין בשעת דער היטלער־ממשלה. געווען אַקטיוו אין דער אונטערערדי־שער באַוועגונג און איז לסוף אומגעקומען.

## אברהם ראָזענבלאַט

פון פאַך אַ בעקער־אַרבעטער. אין „בונד" געווען טעטיק נאָך פון 1905. ער האָט געהערט צו דער אייזערנער גוואַרדיע פון „בונד" אין טשענסטאָכאָוו. געווען אַ גוטער רעדנער און פּאָלעמיסט. מיט דער גאַנצער נשמה געווען איבערגעגעבן דער אַרבעטער־זאַך און דעם „בונד". באַטייליקט זיך אין דער פּראָ־פעסיאָנעלער באַוועגונג. ער פלעגט אָפט געווילט ווערן אַלס דעלעגאַט צו די צוזאַמענפאָרן פון „בונד" און פון די פּראָפע־סיאָנעלע פאַראיינען.

בשעת דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט מען אים געזען אין לעמבערג אונטער דער סאָוועטישער הערשאַפט, אָבער צווישן די לעבעדיקע איז ער שוין נישטאָ.

## זלמן סטאַשעווסקי

זון פון יעקב און הינדע, געבוירן 1883 אין פּיעטריקאָוו. געווען באַשעפטיקט אַלס ביוראָ־אָנגעשטעלטער. פון זיין יוגנט אָן האָט ער זיך באַהאָפטן מיט דער בונדישער באַוועגונג. אין די לעצטע יאָרן פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ער געווען אַ מיטגליד פון פּיעטריקאָווער קאָמיטעט פון „בונד", ווי אויך לאַנג־יאָריקער ראַטמאַן פון פּיעטריקאָווער שטאָט־ראַט. זלמן סטאַשעווסקי איז געווען אַ באַשיידענער מענטש מיט אַ גוטן און אידעלן כאַראַקטער. ער איז נישט גע־ווען קיין רעדנער, אָבער אַ געוויסנהאַפטער און איבערגעגעבע־נער פּראַקטישער טוער.

צוזאַמען מיט די אַנדערע בונדישע טוער אין פּיעטריקאָוו, איז ער אַרעסטירט געוואָרן זומער 1941. די געשטאַפּאָ האָט אים באַשולדיקט, אַז ער איז געווען באַטייליקט אין דער אונטערער־דישער בונדישער באַוועגונג.

נאָך גרויזאַמע פּייניקונגען איז ער אַפּטראַנספּאָרטירט גע־וואָרן קיין אָשוויענטשים און איז דאָרטן אומגעבראַכט געוואָרן.

זלמנס אומקום האָט אַזוי שטאַרק געווירקט אויף זיין פאָ־טער, אַז באַלד נאָך דעם האָט ער באַקומען אַ האַרץ־אַטאַק און איז געשטאָרבן אין עלטער פון 74 יאָר. זיין מוטער מיט זיין שוועסטער זיינען אַוועקגעשיקט געוואָרן מיט דעם לעצטן טראַנס־פּאָרט יידן פון פּיעטריקאָוו אין טויטן־לאַגער פון טרעבלינקע. זיין יינגערער ברודער משה, וועלכער האָט פאַרן קריג געלעבט אין בעלגיע, איז אויך אומגעקומען אין דער צייט פון דער צוויי־טער וועלט־מלחמה. זיין ברודער כאַסקל איז אין 1943 פאַר־שיקט געוואָרן אין דייטשן לאַגער פון בליזין, וואו ער איז אומ־געקומען. אין 1943 איז זלמנס 5־יאָריקער זון צוזאַמען מיט אַנ־דערע 36 קינדער דערשאָסן געוואָרן אין פּיעטריקאָוו. זלמנס פרוי און דער טאָכטער איז געלונגען זיך אַפּצוראַטעווען פון נאַצישן מאָרד־גיהנום.

## איציק לייב ראָזענפעלד

זון פון דוד און נאַכע. פון פאַך געווען אַ טאַפּעצירער. גע־ווען באַקאַנט אונטערן נאָמען האַנעס. זיין פאָטער איז געווען אַ בעל־מלאכה. געווען אַ רוסישער זעלנער אין דער רוסיש־יאַפּאַ־נישער מלחמה, וואו ער איז אומגעקומען אין עלטער פון 31 יאָר. די מוטער איז צו 20 יאָר געבליבן אַן אלמנה מיט 3 קינדער און געליטן נויט. די שווערע אַרבעט האָט זי געברענגט צו אַ לונגן־קראַנקהייט. האַנעס איז געוואָרן דער מיטהעלפער צו דער פּרנסה און אין די פריסטע יאָרן אַריין אין „בונד".

אין „בונד" איז ער געווען איינער פון די טעטיקסטע מיט־גלידער. מיט גרויס איבערגעגעבנקייט האָט ער געטאָן די שווערסטע אַרבעט. די פאַרשפּרייטונג פון דער „פאָלקס־צייטונג" איז געווען זיין אידעאַל. די לעצטע יאָרן געווען אַ מיטגליד פון טשענסטאָכאָווער קאָמיטעט פון „בונד". נאָכן אויס־ברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט ער באַהאַלטן דעם פאַרטיי־אַרכיוו, די פאַרטיי־פענער, די פאַרטיי־אויסגאַבעס און אַנדערע וויכטיקע פאַרטיי־דאָקומענטן. ער האָט זיי באַגראָבן אין גאָרטן — אַליע 20, וואו ער האָט אַליין געוואוינט און וואו עס איז שוין פון פריער געווען באַהאַלטן די מעדעם־ביב־ליאָטעק. ווען מ'האָט געשאַפן דעם אַרבעטער־ראַט אין געטאָ, איז ער דאָרטן אַריין אַלס פאַרשטייער פון „בונד". מיט זיין גאַנצער פאַמיליע איז ער אומגעבראַכט געוואָרן אין אַ דייטשער גאַז־קאַמער.

## זיסער צענטינאַטוס

זיסער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1907, אין קזשעפּיץ, לעבן טשענסטאָכאָוו, ביי חסידיש־אָרטאָדאָקסישע עלטערן. דעם פאָטערס נאָמען איז געווען דוד, דער מוטערס — רבקה.

זיסער האָט געקראָגן אַ שטרענג־רעליגיעזע דערציאונג. צום ערשט אין חדר, ביי די בעסטע מלמדים, דערנאָך אין דער ישיבה. זיסערס חלום איז געווען: ארץ ישראל. נאָך פריער האָט

ער זיך געוואָלט אויסלערנען אַ פאַך, כדי ער זאָל האָבן פון וואָס צו לעבן אין ארץ ישראל. דער אויסוואַל איז געפאַלן אויף טישלעריי. ער איז געקומען קיין טשענסטאָכאָוו צו זיין שוואָגער שלמה צו ווערן אַ טישלער. ער האָט זיך געלערנט ביי זיין שוואָגער שלמה טישלעריי און נאָך „עפּעס". דער „נאָך עפּעס"



זיסער צענטינאָטוס

איז געווען „סאָציאַליזם", „בונדיזם". זיסער האָט מער נישט געטראַכט וועגן ארץ ישראל. ער איז געוואָרן אַ מיטגליד אין יוגנט־בונד „צוקונפט".

זיסער איז איבערגעגאַנגען פון איין קרייז אין אַ צווייטן און אויך אַריינגעטראָטן אין רעפערענטן־קרייז ביי דער יוגנט. ער איז געווען איינער פון די בעסטע אין קרייז. פּאָליטישע עקאָנאָמיע און אַנדערע סאָציאַלע וויסנשאַפטן האָט ער געלערנט, — פונקט ווי פריער די גמרא, — מיטן זעלבן ברען.

גאַר אין גיכן איז ער טאַקע געוואָרן איינער פון די אָנפירנדיקע מיטגלידער פון יוגנט־בונד „צוקונפט" אין טשענסטאָכאָוו. ער איז געוואָרן אַ גוטער רעדנער, אַרויסגעטראָטן אויף עפנטלעכע און געשלאָסענע פאַרזאַמלונגען פאַר דער יוגנט; אָנטיילגענומען אין אַלערליי אַרבעטן. איבערגעגעבן אין דער פּאַרטיי, אין „בונד", האָט ער קיין מאָל נישט איבערגעריסן זיין טעטיקייט אין יוגנט־בונד „צוקונפט". זייענדיק אַ מיטגליד אין דער פּאַרטיי, ווערט ער אַ מיטגליד אין טשענסטאָכאָווער קאָמיטעט פון „בונד". ער איז געווען טעטיק אויף אַלע געביטן פון דער פאַרצווייגטער פּאַרטיי־אַרבעט: פּראָפעסיאָנעלע, קולטורעלע, דערציערישע ווי אויך אין דער ספּאָרט־באַוועגונג. ער איז געווען אין דער קולטור־קאָמיסיע ביים קולטור־אַמט; אין דער פאַרוואַלטונג פון ספּאָרט־קלוב „מאָרגנשטערן", ער העלפט אויך מיט אין דער אַרבעט פון סאָציאַליסטישן קינדער־פאַרבאַנד „סקיף" אין טשענסטאָכאָוו. עטלעכע יאָר פאַר דער מלחמה פאָרט ער אַוועק קיין סאָסנאָוויץ, וואו ער איז אויך דאָרט טעטיק אין דער בונדישער אָרגאַניזאַציע ווי אויך אינעם סאָציאַליסטישן „האַנטווערקער־פאַרבאַנד". אין דער צייט פון דער היטלער־אָקופּאַציע איז סאָסנאָוויץ געווען אַריינגערעכנט אין דעם 3טן רייך. ער איז געווען אין געטאָ, אין אַ לאַגער, וואו ער האָט מיטגעאַרבעט מיט דער אונטערערדישער באַוועגונג פון „בונד" אין סאָסנאָוויץ. ער האָט אפילו אַ געוויסע צייט געאַרבעט אין די ספּעציעלע טישלער־וואַרקשטאַטן, וואָס די דייטשן האָבן געהאַט איינגעאָרדנט אין סאָסנאָוויץ, אַלס ווערק־פירער, וואו ער האָט אַ סך געהאָלפן די יידן אין געטאָ, זיי געמוטיקט אויסצוהאַלטן. אָבער דער גורל האָט אים אויך נישט אויסגעמיטן. ער איז צוגלייך מיט אַלע יידן אין געטאָ אומגעקומען אין איינע פון די גאַז־קאַמערן אין אָשווענטשים.

ערע זיין אָנדענק!

## אַ

**אַלטמאַן, לייבל**: לאַנגיאָריקער גלויביקער בונדיסט, אייגנטימער פון אַ קאָנדיטאָריי.

**איצקאָוויטש, אברהם**: אַ בעקער־אַרבעטער, פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון בעקער־פאַריין.

**אַראָנאָוויטש, ישראל**, פאָרזיצער פון טראַנספּאָרט פאַריין.

## אָ

**אָפּאַטשינסקי, יצחק**: פאַר דער מלחמה אַוועק פון די קאָמוניסטן, געווען טעטיק אין בונד.

**אָזשעך דוד**: אַ בלעכער, אַ פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון האַנטווערקער פאַרבאַנד.

## ב

**בלום, מענדל**: אַ בלעכער־אַרבעטער, מיטגליד פון האַנטווערקער פאַרבאַנד, פאַרוואַלטונגס־מיטגליד.

**ברוין, מענדל און זיין פרוי איטקע**: מען האָט אים גערופן מענדל מאלאזש, גיווען אַרעסטירט אין אָנהייב פון דער באַוועגונג דורך דער צאַרישער מאַכט, אויף „אָסראַדקע".

**בראָדער, הערשל**: פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון לעדע פאַריין, קאָמיטעט מיטגליד פון „בונד" אַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

**בייגעלמאַן, משה.**

**בראַט, דוד**: בערשטן־מאַכער, פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון ספּאָרט קלוב „מאָרגען שטערן", אָרגאַניזאַטאָר פון פריזיער פאַריין. אָנטיילנעמער אין אויפשטאַנד אין טרעבלינקע.

**בראַט, מלכה**: געשטאָרבן פאַרן קריג.



אַ גרופּע פון בערשטער פאַראיין
זיצנדיק פון לינקס, דער ערשטער, איז לייביש קאַמינסקי



פון לינקס: לייבל העלפגאָט, מלכה זשיטשע און דוד בראַט

**ברענער, הערשל**: שניידער־אַרביטער, דערצויגן אין „סקיף", טעטיקער מיטגליד אין יוגנט־בונד צוקונפט.

**בענדעט, יצחק און פאַמיליע:** אַ טעטיקער מיטגליד אין דער בונ־דישער מיליץ.

**ברענער, חיים:** אַ פירער פון קרייזן אין „סקיף" און „צוקונפט", געאַרבעט ביים אָרגאַניזירן סטודענטן אין דער האַנטווערקער שול.

**בלום, אָשר:** אַ טישלער אַרבעטער, פאַרוואַלטונגס מיטגליד אין דער „צוקונפט".

**בעסערגליק, מיכאל:** אַ פאַרשפרייטער פון דער בונדישער פרעסע.

### ג

**גראַנעק, אברהם:** פאַרזיצער פון כעמיקאַל אַרבעטער פראָפע־סיאָנאַלן פאַריין.



**גרייצער, לאה:** אַן איבערגעבענע מאַמע פאַר אַלע, געווען לאַנג־יאָריקע בופעט־אָנגעשטעלטע אין פאַרטיי־לאָקאַל. אומגע־קומען אין געטאָ אין 1942.

**גוטערמאַן, יעקב מאיר:** אַ האַנדלס־אָנגעשטעלטער, געווען אַ מיטגליד פון טשענסטאָכאָווער קאָמיטעט פון „בונד".

גאָלדשטיין, אברהם: **אַ מאַלער אַרבעטער, מען האָט אים גערופן** „דער הויכער אַברהם".

**גראַנעק, הערשל:** אַ שוסטער אַרבעטער, אַ מיטגליד פון „צו־קונפט".

**גאָלדפינגער, רעגינע:** אַ מיטגליד אין „צוקונפט", געאַרבעט אין אַ פאַבריק פון כעמישע אויסאַרבעטונגען, פאַרוואַלטונגס־מיטגליד אין פאַריין.

**גערשאַנאָוויטש, ישראל:** פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון „אָמרגנ־שטערן".

**געלבער, יחזקאל:** אַ טעטיקער מיטגליד אין „צוקונפט" און אין „מאָרגנשטערן".

### ד

**דאַנילאָוויטש, גאָלדע (ביבער).**

### ה

**האַלפערן, חנינא:** אַ שוסטער־אַרבעטער. זיין גאַנצע משפחה זיינען געווען בונדיסטן. אין זיין שטוב איז געגרינדעט גע־וואָרן די טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציע פון „בונד".

**העלפגאָט, שרה:** אומגעקומען אין פראַנקרייך.

**האַנטווערקער, פנחס:** פאַרשפרייטער פון „יוגנט־וועקער".

**העלפגאָט, לייבל:** אַ דרוקער־אַרבעטער, מיטגליד פון קאָמיטעט „צוקונפט".

### ו

**ווינדמאַן, זלמן:** אַ בעקער־אַרבעטער. באַקומען אַ האַרץ־שלאַג ביי דער אויסזידלונג פון די יידן אין סעפּטעמבער אין יאָר 1942. ליגט אויפן טשענסטאָכאָווער בית עולם.

**וויינרייך, ישראל:** אַ שטעפער־אַרבעטער, געשטאַמט פון אַ חסידי־שער פאַמיליע, געווען לאַנג־געקליידעט, אַן אמתער למדן־וואָניק אין דער אָרגאַניזאַציע.

**ווילינגער, העניע־מענדל:** אַ בעקער־אַרבעטער, געווען פאַרטרע־טער פון „בונד" אין צווישן־פאַרטייאישן אַרבעטער־ראַט. געווען זייער טעטיק אין דער אונטערערדישער אַרבעט פון „בונד" אין גאַנצן טשענסטאָכאָווער געגנט.

**וואָלפהענדלער, חיים־דוד:** אַ טאַפּעצירער. זיין פּסעוודאָנים איז געווען „עשו". געווען אַרעסטירט און פאַרשיקט אין יאָר 1920 צוזאַמען מיטן גאַנצן בונדישן קאָמיטעט.

**וואָניק, שלמה:** אַ היטל־מאַכער. מיטגליד פון קאָמיטעט אין „צו־קונפט".

**וואָנוק, ברוך:** אַ טעטיקער מיטגליד אין „צוקונפט" און שפע־טער אין דער פאַרטיי.

**וואָלאַדאָווסקי, חעמיע:** אַ טרעגער, אַרבעטער מיטגליד אין טראַנספּאָרט פאַריין.

### ז

**זיסמאַן, מאיר:** געבוירן אין פילץ, אַ טעטיקער מיטגליד אין דער פאַרטיי. לאַנגיאָריקער סעקרעטאַר אין דערנערונגס פאַריין, פאַרטרעטער אין קולטור־אַמט, צענטראַל קאָמיטעט פון די פראָפ. פאַריינען. אומגעקומען אין סקאַרשיסקאָ.

**זעלקאָוויטש, אברהם:** בעקער־אַרבעטער, פאַרוואַלטונגס מיטגליד פון דערנערונגס פאַריין.

**זשולטע, פייגל.**

**זשולטע, חוה.**

**זיגאַס, זלמן:** אַ שניידער אַרבעטער. אַ פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון „מאָרגנשטערן".

**זיידבאַנד, ישראל:** קירזשנער אַרבעטער, טעטיק און געווען אַ מיטגליד אין יוגנט־„בונד"־„צוקונפט", אומגעקומען אין פראַנקרייך.

**זשילטע מלכה און א. וויינשטיין**

### ט

**טוכמאַיער, משה:** אַ באַשיידענער מענטש, אַ לאַוניק, נישט קיין רעדנער, אָבער אַ דענקענדיקער מענטש, לאַנג יאָריקער סעק־רעטאַר פון דער טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציע, אַן אַסקעט, פריוויליקער קאָרעקטאָר פון דער „אַרבעטער־צייטונג".

**טענענבערג, בעריש:** אַ טישלער־אַרבעטער, אַ ברודער פון זלמן טענענבערג.

### י

**יאַקובאָוויטש, שימשע:** לאַנג־יאָריקער פאַרוואַלטונגס־מיטגליד אין באַקלייד פאַריין, מיטגליד אין פּאַרטיי קאָמיטעט, מיט־גליד אין קולטור־אַמט. באַגאַנגען זעלבסטמאָרד אין טרעב־לינקע, דעם 30טן סעפּטעמבער, 1942.

**יאַקובאָוויטש, מאַרקוס.**

**יאַבלאָנקעוויטש, מאָטל:** פאַרוואַלטונגס מיטגליד פון הילף־פאַריין.

### ל

**לובלינסקי, אברהם, און זיין ברודער איטשע:** טישלער אַרבעטער.

**לעדערמאַן, חיה:** די פרוי פון חבר משה, אַ געטרייע איבערגע־בענע בונדיסטקע, טרייע מאַמע צו איר איינציק טעכטערל פריידעלע, אַ למדוואָוניצע פון דער אָרגאַניזאַציע. מען האָט זי גערופן די שוואַרצע חיה.

**לאזשניארזש, ישראל:** לאַנג־יאָריקער פאָרזיצער פון דרוקער פאַריין.

**לעווענשטיין, פנחס:** אַ צוקונפטיסט, געפאַלן אין ווידערשטאַנד אין קליינעם געטאָ.

**לאַסקער, זיסקינד:** אַ בעקער־אַרבעטער, פאַרוואַלטונגס מיטגליד אין בעקער פאַריין.

**לובינסקי, פעסל.**

**לאַנדבערג, לייב:** אַ טישלער־אַרבעטער, אַ פאַרוואַלטונגס־מיט־גליד פון הילף פאַריין, אַ טעטיקער בונדיסט.

**ליבעסקינד, שרה.**

### מ

**מלאַדינאָוו, גערשון:** פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון בעקער פאַריין, אַ צוקונפטיסט, שפּעטער טעטיק אין „בונד" און דער בונ־דישער מיליץ.

**מילדשטיין, לייבל:** אַ פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון בעקער־פאַריין.

**מאַרקעוויטש, יצחק:** סאָציאַליסטישער האַנטווערקער פאַרבאַנד.

**מאַגער, אבא:** סאָציאַליסטישער האַנטווערקער פאַרבאַנד.

**מאַיאָרטשיק:** פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון כעמיקעל פאַריין.

**מילמאַן, לאַזאַר איטקע:** לערערין אין קינדערהיים י. ל. פּרץ, אָנפירערין פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע „סקיף".



מילמאַן־לאַזאַר, איטקע; איר מאַן און זון.

### נ

**גיזבערג, הינדל:** פאַרוואַלטונגס־מיטגליד אין כעמיקאַל פאַריין.

### ס

**סטאַראָזום, נפתלי און ברודער:** מעטאַל אַרבעטער. מיטגלידער אין דער בונדישער מיליץ.

**סאָלאָמאָנאָוויטש, רויז.**

**סאַנדעל, משה.**

**סאַנדאָמירערסקי, פייגל.**

**סטאָפּניצער, יאַדזשע:** טעטיק אין דער מעדעם ביבליאָטעק, מיט־גליד פון קאָמיטעט און „צוקונפט" (אין דער מיט).



פון לינקס — שרה העלפגאָט, יאַדזשע סטאָפּניצער און בערגמאַן.

### ע

**ערליך, חיים:** אַ שניידער־אַרבעטער, פאָרזיצער פון פּראָפעסיאָ־נעלן פאַריין פון באַקליידונגס־אַרבעטער.

### פּ

**פּרעפּעליצקי, שרה:** די פרוי פון שמשון יאַקובאָוויטש, טעטיק אין דער „צוקונפט" און שפּעטער אין „בונד".

### פ

**פרידמאַן, אברהם:** אַ שניידער־אַרבעטער, לאַנגיאָריקער פאָר־זיצער פון די שניידער־אַרבעטער.

**פרייערמויער, העניעך און זיין פרוי לאה:** אַ שוסטער, פאַר אַ גאָר לאַנגער צייט האָט זיך ביי אים געפונען דאָס געווער פון דער בונדישער מיליץ.

**פרענקל, הערמאַן:** געשטאַמט פון באַלעבאַטישע עלטערן, דער־צויגן געוואָרן אין אַ פוילישער סביבה. געקומען צום „בונד" אין יאָר 1923. פאַרנומען זיך מיט דער אַדמיניסטראַציע פון דער „אַרבעטער־צייטונג", איבערגעגעבן צו דער אַרבעט. געווען אַ כעמיקער־אַרבעטער און אויך סעקרעטאַר פון כעמיקאַל־אַרבעטער פאַריין. געקומען צום „בונד" פון די פאַראייניקטע".

**וואָלף, פייגע**: טעטיק ביי די „פּאַרייניקטע". געווען אין מוש. טעטיק אין די י. ל. פּרץ שול.

**פינגערהוט, שלמה**: אַ מאָלער פּאַרוואַלטונגס־מיטגליד אין מאָלער פאַריין. טעטיק אין „מאָרגנשטערן".

**פרידמאַן, איציק**: אומגעקומען אין פראַנקרייך.

**פריימאָוויטש — פּאַריזער, זיסל**: געבוירן אין וואָלאָשטשאָווקע אין יאָר 1915, זי איז געווען די צווייטע פון 6 קינדער. זי האָט געהערט צום „סקיף", געהערט צום ראַט פון „סקיף", שפּעטער געווען טעטיק אין יוגנטבונד צוקונפט און אַ טוערין אין „סקיף", אומגעקומען צוזאַמען מיט איר קינד אין אָשווי־צער לאַגער אין יאָר 1942.

### ק

**קאַמינסקי, לייביש**: אַ בערשטער, לאַנג־יאָריקער פּאַרזיצער פון בערשטער־אַרבעטער, פון זייער פּראָפעסיאָנעלן פאַריין, קאָ־מיטעט מיטגליד פון „בונד" אין טשענסטאָכאָוו, מיטגליד פון דער בונדישער מיליץ, אומגעקומען אין רוסלאַנד.

**קאָן, יצחק**: מען האָט אים גערופן „זיבעלע", צוליב זיין קליי־נעם וואוקס און דאַרקייט. פאַרלאָזט טשענסטאָכאָוו, וואו אַהינגעקומען נישט באַוואוסט.



**קאַטץ, לייבל**: אַ טישלער, געהערט צו דער בונדישער זעלבסט־שוץ. געווען שפּעטער טעטיק אין האַנדווערקער פאַרבאַנד. דער ערשטער קרבן אין טשענסטאָכאָוו, דעם 4 סעפּט. 1939.

**קושניר, חיימקע**: אַ שניידער. דער פאָטער פון מ. קושניר. אַ שטילער, באַשיידענער מענטש. אַ למדוואָוניק אין דער אָרגאַניזאַציע. אומגעקומען אין יאָר 1942.

**קלאַפּמאַכער, חמיה**: אַ שאַכטל־מאַכער, נישט באַוואוסט וואו ער איז אומגעקומען.

**קאַלטאַן, איציק**: פּאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון בעקער פאַריין, טעטיק אין „בונד" און דער בונדישער מיליץ.

**קויפמאַן, רחל**: די פרוי פון דוד בראַט, פּאַרוואַלטונגס־מיטגליד **פון „מאָרגשטערן".**

### ר

**ראָזנמאַן, שמואל**: אַ בוכהאַלטער, אַ מיטגליד פון פּראָפ. פאַריין פון האַנדלס־אַנגעשטעלטע.

**ראָזענטאַל, שמעון**: אַ ווייַדער־אַרבעטער, לאַנגיאָריקער סעק־רעטאַר פון פּראָפ. פאַריין פון באַקליידונגס אינדוסטריע, אַ גרויסער ליבהאָבער און קענער פון דער יידישער ליטעראַ־טור.

**רובינשטיין, יוסף**: אַ טישלער־אַרבעטער, געווען סעקרעטאַר פון האָלץ־אַרבעטער־פאַריין. מיטאַרבעטער פון דער „אַרבע־טער צייטונג", געשריבן פעליעטאָנען און הומאָרעסקעס.
**רובעל, שמעון**: אַ מאָלער־אַרבעטער.

**ריינגלאַ, גוטע**: אַ שניידערין, נישט באַוואוסט וואו אַהינגעקומען.

**רושין, איטשע.**

**ראָזענבלום, דוד.**

**ראָזענבלום, מאיר**: פּאַרוואַלטונגס מיטגליד פון דער „צוקונפט".

**ראָזענשטיין, ברידער.**

### ש

**זימקעוויטש, משה־לייב**: אַ שניידער, לאַנגיאָריקער פּאַרוואַל־טונגס־מיטגליד פון שניידער אַרבעטער פאַריין, פּאַרזיצער פון דער בונדישער סעקציע. אַ טרייער מיטגליד פון דער בונדישער מיליץ. געשטאָרבן פון הונגער אין דער געטאָ אין יאָר 1941.

**שלימער, אברהם**: אַ בלעכער.

**שאַיעוויטש, אברהם, דעם ווילנער רבס אַ זון און זיין זלאַטע: פון דער היים איזבאַלעוויטש, אומגעקומען אין פראַנקרייך.**

**שילדהויז, שיע**: אַ מאָלער־אַרבעטער.

**שטייניץ, כאַוטשע, פון דער היים איזראַלעוויטש.**

**שימקיעוויטש, מיכאל**: געפאַלן אין קרי גאָלס פּוילישער זעלנער אין יאָר 1939 אין בלעשנע. עקזעקוטיוו מיטגליד אין יוגנט בונד „צוקונפט"

**שמולעוויטש, יונה**, אַ בעקער אַרבעטער.

**שימקאָוויטש, רייזל**: אַ סקיף־טוערין.

**שימקאָוויטש, פייגל**: אַ סקיף טוערין.

**זליפּקע, שיע**: אַ „צוקונפט"־טוער.

**שוואַרץ, פנחס.**

**שטשעקאָף, באַלע און אירע טעכטער פּאָלע, דאָדטש**: מיטגלידער פון נאַדזשעטשע.

**שטשעקאָף, גאָלע**: געקומען פון סאָסנאָוויץ, געווען טעטיק אין דער אונטערערדישער באַוועגונג פון „בונד" און פאַר־שפּרייטן אומקלעגאַלע ליטעראַטור. די טעכטער פּאָלע און דאָשע זיינען אומגעקומען מיט געווער אין האַנט אויף נאָ־דזשעטשנע 88 ביים ליקווידירן דעם בונקער פון דער קאַמפּס אָרגאַניזאַציע. דאָס איז געווען דעם 26טן יוני 1943, ביים אַנטדעקן דעם בונקער דורך די דייטשן. ס'זיינען געפאַלן איינקע דייטשן און פאַרוואונדעט אין דעם גערANGל.

## לייזער זלמן (סאַלאָמאָן) גרינבערג

לייזער זלמן (סאַלאָמאָן) גרינבערג איז געבוירן געוואָרן דעם 1טן יולי, 1907, אין זאַוויערטשע, פּוילן. אַלס קינד קומט ער קיין טשענסטאָכאָוו. ער איז געווען טעטיק אין „יוגנט־בונד צוקונפט פון טשענסטאָכאָוו אויף אַלע געביטן; געווען יאָרן־לאַנג, אָן איבעררייס, אַ קאָמיטעט־מיטגליד פון „יוגנט־בונד צוקונפט". ער האָט געהאַט אַ גרויסע ליבע צום יידישן בוך, און האָט כסדר אַ סך געלייענט. דעריבער האָט ער אויך פאַרנו־מען דעם אַמט פון ביבליאָטעקאַר אין דער מעדעם־ביבליאָטעק, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן דורך דעם קולטור־אַמט פון די טשענסטאָכאָווער פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. פון פאַך איז ער געווען אַ היטלמאַכער און קוים פאַרדינט אויף פּרנסה. דערצו האָט ער באַדאַרפט מפרנס זיין זיין אַלטע מוטער, אַן אלמנה.



אין יאָר 1930 האָט לייזער זלמן פאַרלאָזט טשענסטאָכאָוו און זיך באַזעצט אין פּאַריז, פראַנקרייך. דאָרט האָט ער חתונה געהאַט, אויסגעלערנט זיך צו נייען רעגן־מאַנטלען. זיין מאַטע־ריעלע לאַגע איז געוואָרן בעסער. אין פּאַריז האָט ער זיך פאַר־נומען מיט זשורנאַליסטיק און ער איז אויך דאָרט געווען פאַרבונדן מיט דער בונדישער באַוועגונג.

אין יאָר 1940 הנט די צווייטע וועלט־מלחמה אים געצוואונ־גען איבערצולאָזן אויף הפקר אַלץ וואָס ער האָט זיך דערוואָרבן און צו אַנטלויפן טיף אין פראַנקרייך. ער באַזעצט זיך אין שטעטל איסידאַן. אַ פּאָר חדשים איז ער געווען רואיק, אָבער די באַמ־באַרדירונג ווישט אָפּ דאָס שטעטל. על פּי נס ווערט ער ניצול אין דעם הויז, וואָס איז געשטאַנען אויף היינערשע פּיסלעך. סאַלאָמאָן זאָגט טדאַן צו זיין ווייב: „ליר וועלן ווערן לעבע־דיקערהייט באַגראָבן, קיינער וועט פון אונז אַפילו נישט וויסן".

אין יאָר 1942 הערט מען שוין אין שטעטל, אַז מען פאַר־נאַרט און מען פאַרשלעפּט יידן פון פּאַריז. אין איסידאַן ווייסט מען נאָך נישט ווער עס איז אַ ייד. אַ געזעץ ווערט אַרויסגעגעבן, אַז יידן מוזן זיך מעלדן, אויב נישט דראָט זיי טויט־שטראָף. די פראַנצויזישע באַפעלקערונג אין שטעטל הויבט אָן צו קוקן אויף די יידן ווי אויף אמתע פאַרברעכער. מ'האָט אָנגעהויבן פאָרשן ביי די קינדער צי זייערע עלטערן זיינען יידן. די אַרבעט איז אַ טייל פראַנצויזן געפעלן געוואָרן. באַצאָלט האָבן זיי אויך געקראָגן פאַרן אויסגעפינען יידן. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז סאַלאָמאָן מיט זיין ווייב האָבן שוין סטעמפּלען אויף זייערע קאַרטן, אַז די זיינען יידן.

דאָס פייער ווערט וואָס אַמאָל גרעסער, זיי מוזן שוין נעכטיקן אין קעלערס, אויף בוידימער, פראַנקע, צעבראָכענע. ביינאַכט היט מען זיי שוין. עס דרייען זיך אַרום באַוואָפנטע מענער מיט הינט... זיי האָבן שוין נישט קיין כוח אויסצובאַהאַלטן זיך.

סאַלאָמאָן גלויבט אין היטלערס סוף. ער זאָגט צו זיין ווייב: „דו מוזט בלייבן דאָ, כדי אַכטונג צו געבן אויף די קינדער!" שוואַנגערע פרויען האָבן זיי פון אָנהויב נישט גענו־מען און סאַלאָמאָנס פרוי האָט דאַן געשוואַנגערט מיט זייער דריט קינד.

סאַלאָמאָנס פרוי, וואָס געפינט זיך איצט אין אויסטראַליע, שרייבט אונז:

„אַזאַ פינסטערן הימל האָב איך בין דאַן אין מיין לעבן נישט געזען! עס איז געווען אין דער נאַכט פון 24טן פעברואַר, 1943, מען האָט אויפגעבראָכן אונזער טיר און עס האָבן זיך באַוויזן צוויי מענער מיט טרעוואָלווערן אין די הענט. עס האָט נישט געהאָלפן מיין פאַלן צו זייערע פיס. מיינע צוויי קינדער האָבן זיך פאַר שרעק באַהאַלטן, דאָס דריטע האָט געציטערט אונטערן האַרצן...

ביידע מענער האָבן אויסגעשטרעקט די רעוואָלווערן צו סאַלמאָנס שלייפן... אָט אַזוי האָבן זיי אים גענומען פון מיר...

„דער לעצטער בריוו איז צו מיר אָנגעקומען פון דראַנסי (אַ וואַריזער ריזען־תפיסה), אַז ער פאָרט וויטער... איך זאָל זיין רואיק וועגן אים. ער האָט אמונה, אַז ער וועט צוריק־קומען...

„עס האָט מיר מאָדנע אַ קלעם געטאָן ביים האַרצן ווען איך האָב דערהאַלטן זיין לעצטן בריוו. די אונטערשריפט איז געווען זיינע, דעם בריוו האָט אָבער געשריבן אַ צווייטער".

לייזער זלמן (סאַלאָמאָן) איז מער נישט צוריקגעקומען. די לעבן־פאַרבליבענע טשענסטאָכאָווער בונדיסטן און אַלע וואָס האָבן אים געקענט וועלן דעם באַשיידענעם, גוטמוטיקן, ערלעכן און געטרייען חבר קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

## הנך פּעפּער

הענעך פּעפּער איז געווען דער זון פון משה און אסתר, געבוירן געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו, זיינע עלטערן זיינען געווען פרומע און אמתע פּראָלעטאַריער. פון די יינגסטע יאָרן אָן האָט הענעך געאַרבעט אין וויינבערגס צעליולאָיד פאַבריק. פון דער נאַטור איז ער געווען אַ שטילער, באַשיידענער מענטש, קיינעם



קיין הויך וואָרט נישט געזאָגט. ווען פּוילן איז באַפרייט געוואָרן פון צאַריזם איז ער געוואָרן טעטיק אין זיין פּראָפעסיאָנעלן פאַריין (יוניע) פון די כעמיקאַל־אַרבעטער, יאָרן לאַנג געווען סעקרעטאַר פון פאַריין, גלייכצייטיק איז ער געווען טעטיק אין דער פּאַרטיי פון די „פאַראייניקטע", און אָנטייל גענומען אין איר פאַרצווייגטער טעטיקייט אויף אַלע געביטן.

ווען די „פאַראייניקטע" האָבן זיך פאַראייניקט מיט דער „אומאָפּהענגיקער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי" (דראָבנער־קרוק־

גרופּע) און אַ גרויסער טייל פון זייערע מיטגלידער זיינען אַריבער צום „בונד" איז אויך הענעך פעפער געווען צווישן זיי. גאָר בקרוב האָט ער אין דער טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציע פון „בונד" פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם אָרט. ער איז יאָרן לאַנג געווען דער סעקרעטאַר פון דער אָרגאַניזאַציע, און איז געווען טעטיק צוזאַמען מיט דעם שרייבער פון די שורות. האָט זיך אויך אַקטיוו באַטייליקט אין דער מעדעם־ביבליאָטעק און דער אַד־מיניסטראַציע פון דער „אַרבעטער צייטונג", און וואו נישט?

ווען די טשענסטאָכאָווער שטאָט פאַרוואַלטונג האָט איינגעפירט אַן אָמניבוס־פאַרקער צווישן ראַקאָוו און דער שטאָט און די יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס האָבן געקעמפט דערפאַר, אַז די שטאָטישע אונטערנעמונגען זאָלן נישט זיין „יידן־ריין", איז הענעך געוואָרן דער צווייטער יידישער קאָנדוקטאָר ביי דעם אָמניבוס־פאַרקער. לאַנג אָבער האָט דאָס מזל פון זיין באַשעפטיקט אים נישט צוגעשפּילט. ער איז קראַנק געוואָרן קיינמאָל נישט פאַרגעסן ווערן!

ביי זיין לויה, וואָס ס'האָט איינגעאָרדנט דער „בונד" אין טשענסטאָכאָוו, האָבן זיך באַטייליקט קרוב צו טויזנט יידישע און נישט־יידישע אַרבעטער. ער איז באַגלייט געוואָרן צו זיין אייביקער רו מיט רויטע פענער און פּראָלעטאַרישע לידער. עס איז געווען אַ דעמאָנסטראַציע פאַר די אידעאַלן פון סאָציאַליזם. דער טויזנט־קעפּיקער עולם האָט געזונגען די בונדישע „שבועה" ביי זיין אָפענעם קבר.

אַלס פאַרערונג צו הענעכן איז די וואַנט פון בונדישן קלוב וואָס איז געווען זיין צווייטע היים, באַצירט געוואָרן מיט זיין בילד. דאָס בילד זיינס איז געהאַנגען ביז צו דער פאַרניכטונג פון דעם קלוב דורך די נאַציס. זאָל אָבער דאָס געשטאַלט פון הענעכן נישט פאַרגעסן ווערן. ח' הענעך פעפער וועט אָבער אויף אַ מאַגן־קראַנקהייט און געשטאָרבן נאָך אַן אָפּעראַציע אין זיין בליענדער יוגנט, קרוב צו 30 יאָר.



זיצנדיק פון לינקס: העלפגאָט לייבל, סטאָפּניצער יאַדזשע, רפאל פעדערמאַן, הענדל ניזבערג, זיגאַס זלמן. שטייענדיק פון לינקס: בערגמאַן לייבל, בראָדער הערשל, רודניצקאַ־לעווין שרה, יאַקובאָ־וויטש שימשע, קרויזע יאָסל, פּרעפּעליצקאַ־יאַקובאָוויטש שרה, קאַמינסקי לייביש, בערגמאַן־זפּילבערבערג חיה, זילבערבערג שמחה און ראָזענבלום מאיר





פּאַר אַ ראַיאָן קאָנפערענץ פון יוגנט־בונד צוקונפט. די גרעסטע טייל פון דער גרופּע זיינען אומגעקומען, צווישן זיי איז אויך חבר זאַנאַמט, פון וואָלבראַם; חברטע שלימער, פון זאַגלעמביע דאָמב־ראָווסקע; יצחק סטאָפּניצער און אַנדערע.



פּריזיער פּאַראַיין

פון רעכטס זעט מען: דוד בראַט, טאָביאַש, שמשון בערקאָוויטש און שקלאַזש. איבעריקע — אומבאַקאַנט

# צום אָנדענק פון אונדזערע טייערע, אומפאַרגעסלעכע עלטערן, ברידער, שוועסטער און קרובים

## מיר וועלן אייך קיין מאָל נישט פאַרגעסן!

### א



בערל אַלעקסאַנדראָוויטש

דער זון פון שמואל יעקב און דבורה.

געבוירן 1923 אין טשענסטאָכאָוו. ווען די דייטשן האָבן אים גענומען אין דעם לאַגער איז ער געווען זייער יונג. צוליב זיינע פיזישע כוחות איז ער בייגעקומען די אַלע שווערע שקלאַפן־אַרבעטן אין דעם לאַגער. נאָך היטלערס מפלה האָט בערל געזען אַז אין טשענסטאָכאָוו איז מער קיין פּלאַץ ניטאָ פאַר אַ ייד צו בלייבן, איז ער געפאָרן קיין דייטשלאַנד. און ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכן אין 1948 אין ישראל מיט די אַראַבער, האָט ער באַשלאָסן דורך אומלעגאַלע וועגן זיך אַריינצוקריגן קיין ארץ ישראל און האָט זיך גלייך אָנגעשלאָסן אין דער יידישער אַרמיי וואו ער האָט העלדיש געקעמפט. אין דזשולײַ 1948 איז ער געפאַלן אין די קאַמפן צווישן לאַטרון און ירושלים.

ערע זיין אָנדענקען.

---

אָוועצקי (אָוויעטשקע) מאָריס

שיקאַגאָ.

זון פון יוסף און מאַרגולע, געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין 1890, געשט.—1954. געקומען קיין אַמעריקע אין 1913 און זיך באַזעצט אין שיקאַגאָ. די ערשטע יאָרן מאַכט ער דורך אַ שווער לעבן. שפּעטער ווערט ער אַן אייגנטימער פון אַ דרוקעריי וואו ער פאַרבלייבט ביז דעם לעצטן טאָג פון זיין לעבן. דער פאַרשטאַרבענער האָט געהאָלפן צו אָרגאַניזירן דעם עדיוקיישאָנעל פאַראיין פון די טשענסטאָכאָווער אין שיקאַגאָ. ער איז אויך געווען טעטיק אין פאַרשידענע הילפס אָרגאַניזאַציעס און איז געווען דער פּרעזידענט פון די „דעי־ענד־נייט בוירסערי" אין שיקאַגאָ. ער איז געווען איינער פון די פיינסטע און איבערגעבנסטע פריינד, חבר און לאַנדסמאַן. זיין איבערגעבנהייט צו אַ לאַנדסמאַן איז געווען אויסערגעוויינלעך. ער האָט פאַריתומט זיין פרוי צעשע, פון דער היים קאָניעצפּאָלסקי, און אויך זון, טעכטער און אייניקלעך, און פריינד און אויך די משפּחה פון לאָס אַנדזשעלעס, קאַלי.

כבוד זיין אָנדענקען.

צעשע אָוועצקי (קאָניעצפּאָלסקי).

### ב

איטע בערלינער — פון דער היים שערגראַד, שטאַמט פון נאָוואָ־ראַדאָמסק, איז געקומען צו איר אייביקער רו אין לאָס אַנדזשעלעס, סעפּטעמבער 24, 1956. פאַר־



יתומט נאָך איר זיינען געבליבן איר מאַן, משה בער־לינער פון טשענסטאָכאָוו, איר טאָכטער ראָוז קענטער, זון דזשאָו בערלינער, זעקס אייניקלעך און איין אור־אייניקל. מיט ליבע און כבוד וועלן איר שטענדיק געדענקען —

איר משפּחה און פריינט

לאָס אַנדזשעלעס, קאַליפ.

---



אסתר בראַט, פרוי פון חיים בראַט, געבוירן אין טשענ־סטאָכאָוו (פּוילן) אין 1888. טאָכטער פון מאיר יונה אוןביילע ליטמאַן. געשטאָרבן אין ניו־יאָרק אין 1945.

מיר ערן דיין אָנדענקען.

מאַן, קינדער און אייניקלעך.

---

### ג

צום פערצנטן (14) יאָרצייט

פון אונדזער באַליבטן זון און ברודער

פּראַיוועט פּוירסט קלעס

סעם דזשעי גליקערמאַן



צום 14טן יאָרצייט דערמאָנען מיר זיך מיט ליבע און טיפן בענקשאַפט אין אונדזערע הערצער. אייביק וועלן מיר טראָגן דיין הייליקן אָנדענק אין אונדזער זכרון און אין אונדזערע צעווייטיקטע הערצער. זאָל כאָטש דיין יונג פאַרלאָרענער לעבן, וואָס דו האָסט אַוועקגעגעבן אין פראַנקרייך, ניט זיין אומזיסט. זאָלן די גערעכטע אידעאַלן פון אַמעריקאַנער יושר און גערעכטיקייט הערשן פאַר אַלע אייביקייטן.

דיין מוטער: ראָוז גליקערמאַן
דיין ברודער מאָריס
דיינע שוועסטער: גוירטרוד און דינה
שיקאַגאָ.

---

אין אָנדענק פון מיין פרוי, וואָס איז פלוצלינג געשטאָרבן יולי 26, 1956.

איזידאָר גראַדאָן, סאַן פראַנציסקאָ, קאַל.

---

אין ליכטיקן אָנדענק פון אונדזערע ליבע עלטערן: לייבל גראומאַן, געשטאָרבן אין טשענסטאָכאָוו, דעם 26טן יאַנואַר, 1935; פערל גראומאַן, געשטאָרבן אין טשענסטאָכאָוו דעם 20טן סעפּטעמבער, 1929. און אונזער שוועסטער — טויבע זילהבערשטיין, געשטאָרבן אין טשענסטאָכאָוו, אין פעברואַר, 1941.

הערי גראומאַן, רעגינאַ גראומאַן
משה גראומאַן, לאה פרימאַן

---

שווער איז געווען דעמאָלט דאָס לעבן פאַרן יידישן אַרבעטער אין ארץ ישראל בכלל און פאַר דער פאַרשטאָרבענער בפרט. אָבער קיין מאָל האָט זי נישט געזאָרגט נאָר פאַר זיך אַליין. ביי די שווערסטע אומשטענדן איז זי שטענדיק געווען גרייט צו העלפן אַנדערע, איבערהויפּט טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט.

נאָך יאָרן פון שווערער אַרבעט און אומגעהויערע אָנשטרענגונגען, ווען די פאַרשטאָרבענע האָט פאַר זיך אויפגעבויט איר הויז, איז עס באמת געווען שטענדיק אָפן פאַר די אַלע וועלכע האָבן זי ד גענויטיקט אין הילף.

צוזאַמען מיט איר מאַן יהודה דאַציגער — אַלס דער פאָרזיצער פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין חיפה — האָבן זיי געפירט זייער הילפס־אַרבעט ביז דער טויט האָט זי צעשיידט מיט איר מאַן.

דריי יאָר האָט זי אַליין נישט אָר פאַרטראָטן איר מאַן, נאָר מיט דאָפּלטע כוחות ווייטער געפירט די הייקע פאַר איר הילפס־אַרבעט.

אין יאָר 1956 האָט זי חתונה געהאַט מיט אברהם גאָטליב פון תל־אביב. דאָ האָט די פאַרשטאָרבענע צוזאַמען מיט איר מאַן ווידער געפונען אַ ברייט פעלד פאַרצווזצן איר אַרבעט אין תל־אביב. ליידער האָט דער פיצטערער גורל — נאָך 2 יאָר צוזאַמעלעבן אין תתל־אביב — זי צעשיידט אויף אייביק פון די לעבעדיקע.

כבוד איר ליכטיקן אָנדענק.

---

## ה





משה וויטשיק, מאַריע וויטשיק (געשטאָרבן אין יאָר 1928), לעאָנאָרע געריכטער, די פרוי פון נאַטאַן געריכטער, די מומע פון פעלאַ האָפּמאַן.

יעקב האָפּמאַן און פעלע האָפּמאַן.

---

אין אָנדענק פון מיין ליבן מאַן, פאָטער בערנאַרד הערשקאָוויטץ, און זיידע.

ס. הערשקאָוויטץ, נ. י.

---

## ט

צום אָנדענק פון מיינע פאַרשטאָרבענע עלטערן: פאָטער— שלמה גאָלדבערג, געשט. מאַי 31, 1952; מוטער — אסתר, געשטאָרבן יוני 19, 1948.

יעקב און אַנדזשע טשאַרני,
(פון דער היים גאָלדבערג)

---



חיים טאַנסקי, געוואוינט טילנא 9, טשענסטאָכאָוו. געשטאָרבן 20סטן יולי, 1957 אין ניו יאָרק.

א. טאַנסקי, ניו יאָרק

## כ

סעם (שמואלקע) כראַבלאָוו
געשטאָרבן אין שיקאַגאָ דעם 7טן יאַנואַר 1955 אין עלטער פון 54 יאָר. זיין אָנדענק וועט אונדז שטענדיק בלייבן ליב און טייער.



זיין פרוי ראָוז, טעכטער: דזשאַנאַ און סינטיאַ, ברידער און שוועסטער: פעני, אלקנה, העלען, עני (חיה), לואי (לאמע) און סעלמאַ.

## ל

וויליאַם, וואָלף, געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין יאָר 1910. זון פון יעקב און גיטל לעפקאָוויטש. דורכגעמאַכט



דעם היטלער גיהנום אין לאַגער האַסאַג אין טשענסטאָכאָוו. נאָך דער באַפרייאונג געקומען אַלס די־פּי קיין אַמעריקע מיט זיין ווייב און איין איינציקע טאָכטער, ברענדע, איז פּלוצלינג געשטאָרבן אין ניו יאָרק פון האַרץ־שלאַק דעם 28טן דעצעמבער, 1955. כבוד זיין אָנדענקען.

סאַלשאַ לעוואָקאָוויטש־פעלץ.

## נ

נאַטהאַן נאַוויט — איז אין 1907 געקומען פון סלוצק קיין אַמעריקע. זיך באַזעצט אין שיקאַגאָ. ער איז געווען טעטיק אין דער אָרטיקער טשענסטאָכאָווער עדיוקיישאַנאַל סאָסייעטי. אין 1954 פאַרלאָזט ער שיקאַגאָ און באַזעצט זיך מיט זיין פרוי פערל אין לאָס אַנדזשעלעס. געשטאָרבן אין 1956 אין עלטער פון 70 יאָר. זיין אין טרויער פאַרבליבענע פרוי פערל עהרט זיין אָנדענק.

## פ

דאַלע, די טאָכטער פון לייביש און יענטל בערקאָוויטש. געשטאָרבן אין טשענסטאָכאָוו אין עלטער פון 15 יאָר אין יאָר 1929.

מאַטוש בערקאָוויטש און גאַניא פעדערמאַן
(פון דער היים בערקאָוויטש) ניו יאָרק

אין ליכטיקן אָנדענק פון מיין ליבן און געטרייען מאַן און איבערגעבענעם פאָטער צו מיינע קינדער: הערי פרימאַן, וועלכער איז פּלוצלינג, דעם 18טן יולי, 1957, פון אונדז אַוועקגעריסן געוואָרן. איך און מיינע קינדער וועלן דיין נאָמען אייביק דערמאָנען.

מיט גרויס כבוד, לאה פרימאַן
(די קינדער) אברהם, יאָסל, פּאָול, יעטאַ גלאָריאַ, איוואַ
לאָס אַנדזשעלעס, קאַליפ.

## ס



צום אָנדענקען פון אונדזער פאָטער איטשע לייב.
די פאַרבליבענע אלמנה פריוויע; זין: אברהם, יוסף, אַנעסטאַל; טעכטער: שפרינצע זיגאַסטאַל, פייגל ברייער־סטאַל.

## ק

אין אָנדענק פון רעגינאַ קופּערמאַן, (פון דער היים ראָזענפעלד).

סאָפי און בען קופּערמאַן, דייוויד קופּערמאַן (פּראָפעסאָר פון פּאָליטישע וויסנשאַפטן אין אוניווערסיטעט פון מינעסאָטאַ), אַדרי, און אינגסטער זון יואל.

## ר

אין אָנדענק פון: סידני און לענאַ רובין.
סאָול און אירווינג רובין, נ. י.

## ש

הערשל (צבי) שעקטער־שפּיץ האָט געענדיקט די פּלאַדאַווסקי גימנאַזיע אין טשענסטאָכאָוו, שפּעטער איז ער אַנגעקומען אַלס סטודענט אין דעם אוניווערסיטעט פון נאַנסי, פראַנקרייך. אין טשענסטאָכאָוו האָט הערשל שעקטער־שפּיץ געשמט צווישן דער יידישער אינטעליגענץ אין שטאָט.

מיטן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט ער זיך געראַטעוועט אין סאָוועט רוסלאַנד. ער האָט דאָרט אַ סך געליטן, געווען אויסגעוואָרפן אין די סיבירער טייגעס. אין יאָר 1942 איז ער געוואָרן באַפרייט, און איז אַריינגעטראָטן אין דער פּוילישער אַרמיי וואָס

האָט זיך פאַרמירט אין רוסלאַנד אונטער גענעראַל אַנדערס. אים געלינגט שפּעטער אָנצוקומען אין ארץ ישראל.

אין זיינע יונגע יאָרן איז הערשל געווען אַ מיטגליד פון די רעוויזיאָניסטן, אין „ביתר״, און אַ הייסער אָנהענגער פון וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי. הערשל שעקטער־שפּיץ האָט זיך, נאָך די אַלע וואָגלענישן אוןליידן באַזעצט אין דער שטאָט ירושלים, וואו ער האָט געהאָפּט צו געפינען אַ ביסל רו נאָך די שווערע מלחמה־איבערלעבונגען.





נאָכ׳ן אויפקום פון מדינת־ישראל האָט הערשל שעקטער־שפּיץ זיך דערשלאָגן צום אַמט פון זיין דער פּרעזעס פון דעם שפּאָר־קאַסע סניף אין ירושלים.

הערשל שעקטער־שפּיץ איז געווען באַגאַבט אַלס מאָלער. ער האָט געמאָלן בילדער פון די היסטאָרישע פּלעצער אין ארץ ישראל, און ער האָט אויסגעשטעלט זיינע בילדער אין איינע פון די קונסט־גאַלעריעס אין ירושלים. ער האָט כסדר געבענקט זיך צו טרעפן מיט זיינע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט, די ניצול געוואָרענע פונעם גרויסן חורבן. באַזונדער האָט ער געוואָלט זען זיין איינציקע שוועסטער וואָס געפינט זיך אין אַמעריקע, און ער איז דאָ געווען, זיך געזען מיט זיינע נאָענטסטע, משפּחה און פריינד, און זיך צוריק אומגעקערט אַהיים קיין ירושלים.

אָבער אים איז, ווייזט אויס, נישט באַשערט געווען צו בלייבן לעבן צווישן אייגענע אין דער פרייער יידישער מדינה. דעם 28סטן אויגוסט, 1957, איז הערשל שעקטער־שפּיץ געשטאָרבן אין שלאָף.

ער לאָזט איבער אַ פרוי, און דעם 9־יאָריקן זון, אַ סאַברע, מיטן נאָמען יורם.

כבוד זיין אָנדענק!





עלטערן יהודה מאיר און לאה.

ה. שייער, ניו יאָרק

---

אין אָנדענק פון פאָטער, מענדל; די מוטער, תמר, שוואַרצבאַום. שמואל און לאה שווארצבאום און קינדער פישל, מאַניע און זייער זון חיים לעדערמאַן; זיסער, פּעסל און וייערע קינדער צינצינאַטוס.

ל. שוואַרצבאַום, ניו יאָרק.

---

עלטערן — מאיר יונה אוןביילע ליטמאַן.

לאה שוואַרצבוים, ניו יאָרק.

---

אין אָנדענק פון: מרדכי יוסף שטענצל, פאָטער, געשטאָרבן אין ניו יאָרק, יולי דעם 10טן, 1948; רחל שטענצל, מוטער, געשטאָרבן אין ניו יאָרק נאָוועמבער 10, 1954; טעסי און סעם רובין, ציליע און סעם קאָהען, סאָלאָמאָן און פּערל שטענצל, בלענטש און נייטן בערנשטיין, היימען און פּערל שטענצל, אַנאַ שטענצל.

א. פ. שטענצל, ברוקלין, נ. י.

---



## יעקב גאָטליב

(זיין אָנדענק פון אברהם און רחלע גאָטליבס אומגעקומענעם זון, דעם קדוש יעקב גאָטליב, ז״ל)

יעקב איז נאָך זייער יונג געווען ווען די עלטערן זיינע, אברהם און רחלע, און די שוועסטער זיינע, האָבן פאַרלאָזן טשענסטאָכאָוו און עולה געווען קיין ארץ־ישראל. פאַר די ענגלישע



יעקב גאָטליב

הערשער אין ארץ־ישראל איז יעקב שוין געווען צו אַלט צו קענען מיטפאָרן אויף דעם זעלבן משפחה־סערטיפיקאַט. האָט יעקב גע־מוזט זיך שיידן מיט די עלטערן זיינע און שוועסטער, און בלייבן אַליין אין פוילן. ר׳ אברהם האָט פונדעסטוועגן געהאָפט, אַז ער וועט אין אַ קורצער צייט אַרום דאָך אויספועלן ביי דער ענג־לישער מאַנדאַטן־מאַכט אַ דערלויבעניש פאַר זיין איינציקן זון יעקב, צו קענען קומען אין גיכן קיין ארץ־ישראל, זיך צו פאַר־אייניקן מיט דער משפחה.

יעקב בלייבט אין פוילן אין גרויס בענקשאַפט נאָך זיינע נאָענטסטע. ער שטילט זיין בענקשאַפט אין דער אַרבעט פאַרן ציוניסטישן אידעאַל; ער שליסט זיך אָן אין דער ציוניסטישער יוגנט־באַוועגונג „הנוער הציוני״. ער לערנט זיך אַלס אַ מע־כאַניקער, כדי צו זיין נוצלעך דער אויפבוי־אַרבעט אין נייעם ארץ־ישראל.

עס לויפן טעג, וואָכן און חדשים אָבער דעם פאָטער אברהם געלינגט אַלץ נישט צו קריגן אַ סערטיפיקאַט פאַר זיין זון, אויף די הימלען פון די יידן אין פוילן זאַמלען זיך אַלץ מער און מער די פינצטערע כמאַרעס פון דעם בלוטיקן היטלעריזם. און אָט קומט דאָס יאָר 1939, ווען די נאַצישע מערדער־באַנדעס באַפאַלן פוילן. יעקב איז איצט אַלט פינף און צוואַנציק יאָר.. זיין פאַר־צווייפלונג איז גרויס, זיין חלום צו דערגרייכן די ברעגן פון ארץ־ישראל איז צערונען.

די היטלעריסטישע חיות פאַרצוקן איין יידישן קרבן נאָכן אַנדערן. ר׳ אברהם און זיין משפחה לעבן איבער טאָפלטן צער און טרויער. די ידיעות פון פוילן ווערן מיט יעדן טאָג אַלץ גרויליקער און האָפנונגסלאָזער. טאָפּלט איז דער צער וואָס זיי האָבן נישט געקענט ראַטעווען זייער איינציקן זון פון די בלוט־טיקע היטלערישע הענט. ר׳ אברהם טוט אַלץ וואָס ער קען, אָבער — אומזיסט! רחלע, די מוטער יעקבס, גייט אויס פון בענקשאַפט נאָך איר קינד. זי ווערט שטערבלעך קראַנק פון האַרצווייטיק און אומבאַשרייבלעכן צער..

די פינצטערע ידיעה אַז יעקב לעבט נישט מער, צעבּרעכט דאָס האַרץ פון דער קראַנקער מאַמען. רחלע שטאַרבט. און צו די מיליאָנען יידישע קרבנות קומט צו נאָך אַ קרבן, — אַ קבר אויפן תל־אביבער בית־עולם.

יעקבס נאָמען, זיין שיין, אידעאַליסטיש לעבן, לעבט אין די הערצער סיי פון די טשענסטאָכאָווער אין ארץ־ישראל, סיי פון אַלע לאַנדסלייט וואָס געפינען זיך אין אַלע תפוצות.

כבוד זיין אָנדענק! און דער אָנדענק פון זיין מוטער רחלע!

## ריווטשע גאָטליב־דאַנציגער

ריווטשע, די טאָכטער פון אברהם און מרים שיינערט פון טשענסטאָכאָוו, האָט זיך שוין אין די יונגע יאָרן פאַר־בונדן מיט דער פאַרטיי פועלי־ציון. נאָכן חתונה האָבן מיט יהודה דאַנציגער, דער פאָרשטייער פון דער פועלי



ציון פאַרטיי אין טשענסטאָכאָווער שטאָט־ראַט, באַשליסן זיי צו רעאַליזירן זייער צוניסטישן אידעאַל, און זיינען עולה קיין ארץ ישראל אין יאָר 1925. שווער, אומגעהויער

דוד קאָניעצפּאָלער

---

## חיה זעווין, ע״ה

שבת פאַרטאָג, דעם 30־טן מערץ, האָט אויסגעהויכט איר נשמה אויף אייביק די גוט־באַקאַנטע טשענסטאָכאָווער לאַנדס־פרוי, אין שיקאַגאָ, — די איידעלע חיה זעווין, ע״ה.

חיה זעווין איז יאָרן לאַנג געווען טעטיק אין דער עקזע־



חיה זעווין

קוטיווע פונעם „טשענסטאָכאָווער אינדעפּענדענט פאַריין״; זי איז אויך געווען קאַסירערין פון דער טשענסטאָכאָווער פרויען הילפס־אָרגאַניזאַציע. מיר, אין שיקאַגאָ, פילן דעם גרויסן פאַר־לוסט. ווייל חיהלע האָט מיט ליבע און טרייער איבערגעבנהייט געהאָלפן אונדזערע שוועסטער און ברידער מעבר־לים, אַלע אירע יאָרן. איר הויז איז געווען אָפן פאַר אונדזערע לאַנדס־

מאַנשאַפט מיטינגען, דאָס זעלבע — ביי אירע אייגענע, ביי דער פאַמיליע אייבראַמס, אַפילו בעת איר שווערער קראַנקייט האָט חיה זעווין, ע״ה, נישט אויפגעהערט זיך צו פאַראינטעד־רעסירן מיט אונדזערע אָרגאַניזאַציעס. איז ווער געקומען צו איר אויף אַ באַזוך, זען וואָס זי מאַכט, איז אַזוי שנעל ווי די ווייטאָגן און יסורים האָבן איר אַביסל אָפּגעלאָזט, האָט זי גלייך געפרעגט; וואָס הערט זיך עפּעס נייעס ביי אונדזערע לאַנדסלייט, וואָס טוט מען אין פאַריין, איז מען טעטיק, העלפט מען שאַפן געלט? קראַנקערהייט האָט זי נאָר געוואָלט אַז מען זאָל אָפּהאַלטן אַ פאַרזאַמלונג ביי איר אין הויז. איינמאָל, ווען ס'איז איר אַביסל בעסער געוואָרן, און דער דאָקאָאָר האָט איר דערלויבט אַרויסגיין פון שטוב, און זי האָט זיך דערוואוסט אַז אַ פאַרזאַמלונג קומט פאָר פון דעם טשענסטאָכאָווער אינדעפּענדעט פאַריין, ביי די פריינט ווילינגער אין הויז, האָט איר דער איידעם, פריינט אייברעמס געמוזט ברענגען צו דער פאַרזאַמלונג, און ווען מען האָט חיהלען דערזען האָבן מיר זי אויפגענומען מיט אַ פריילעכן ברוך־הבא.

חיהלע איז געזעסן און זיך צוגעהערט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט צו די פאַרהאַנדלונגען, און זי האָט בייגעשטייערט אַ פּאָר דאָלאַר לכבוד דעם וואָס איר געזונט צושטאַנד איז אַביסל בעסער.

ווען מדינת ישראל איז אויפגעקומען האָט עס חיה זעווין שטאַרק געפרייט, ווי אַלע יידן. זי האָט געהאָלפן אַלע טעטיקייטן פאַר מדינת ישראל, און געקויפט ישראל באָנדס פאַר אייניקלעך, און געזען אַז מען זאָל שטיצן די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין מדינת ישראל, פאַר די אינסטיטוציעס קופת־חולים, שוץ־קעלערן אאַז״וו.

חיה זעווין און איר גאַנצע משפחה איז גוט באַקאַנט געווען אין טשענסטאָכאָוו, באַזונדערס אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. זי איז געווען טעטיק אין די אַרבעטער־רייען פון איר פריעסטער יוגנט אָן.

חיה זעווין האָט איבערגעלאָזט איין איינציקע, געטרייע ליבע טאָכטער, — אסתר, אַן איידעם הערמאַן, צוויי אייניקלעך און אַ זון סיימאָן. די פרוי אסתר אייברעמס איז אויך נישט פרעמד צו אידעאַלן פון איר מוטער, חיה זעווין ע״ה.

כבוד איר אָנדענק.

---

# נאַטאַן קאָן

(1942—1871)





אין יאָר 1942 איז נאַטאַן קאָן אומגעקומען, צוזאַמען מיט טויזנטער יידן פון אַמסטאָוו.

נאַטאַן קאָן איז אַלע יאָרן געווען אַ ציוניסט און ער האָט שטענדיק פאַרמאָגט אַ ליבשאַפט צו ערד־אַרבעט, ווי ער וואָלט זיך געגרייט צו פאָרן און באַזעצן זיך אין ארץ־ישראל, אַלס ערד־אַרבעטער.

אין יאָר 1900 האָט נאַטאַן קאָן באַאַרבעט 30 העקטאַר לאַנד אין יאַסקאָוו, 10 קילאָמעטער פון טשענסטאָכאָוו. עס איז געווען אַ ברכה פאַר די אָרעמע יידן פון אַמסטאָוו, ווייל עס האָט זיי, די יידן פון שטעטל אַמסטאָוו, יאָרן לאַנג נישט געפעלט קיין ברויט, קאַרטאָפל, גרינס און באַהייצונג.

נאַטאַן קאָן איז יאָרן לאַנג געווען אַן אינדוסטריעלער, ער האָט אָנגעפירט מיט די קאַלך־אויוונס אין רודינק, 12 קילאָמעטער פון טשענסטאָכאָוו. ער האָט אָבער קיינמאָל נישט אויפגעהערט אָפּצוגעבן זיך מיט ערד־אַרבעט.

אין 1914, ביים אויסברוך פון ערשטן וועלט־קריג, קלייבט זיך נאַטאַן קאָן אַריבער קיין טשענסטאָכאָוו. זיין הויז איז שטענדיק געווען אָפן פאַר אַלע נויטבאַדערפטיקע.

נאַטאַן קאָן איז געווען אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער אין קרן־קימת, קרן־היסוד, געווען פאָרזיצער אין די יאָרן 1925־1935, אויך פאָרזיצער, אַ געוויסע צייט, אין דער טשענסטאָכאָווער יידישער קהילה, הי״ד.

---

# דודעק שלעזינגער

דודעק שלעזינגער איז געווען אַ זון פון רייכע עלטערן. זיי האָבן פאַרמאָגט אַ גרויס הויז און אַ פאַבריק פון סטענגעס אויף ספּאָדעק גאַס. ער האָט שטודירט פאַר אינזשעניער אין בעלגיע



אָבער דעם קורס נישט פאַרענדיקט. זיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט האָט ער אָנגעהויבן אין די צייטן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. ער האָט, צוזאַמען מיט יוזשעק פינקעלשטיין, אָנגעפירט מיטן אַרבעטער־ראַט. זיין ענערגיע האָט ווי אַ פייערלאַווע אָן אויפהער געשטראָמט אין אַלע טעטיקייטן פון די „פאַראייניקע" און שפּעטער — „אומאָפּהענגיקע". אין דער פאַרטיי האָט ער זיך באַקאַנט מיט רעגינע גראָס, די אָריגינעלע שיינהייט, אויסגעוואקסן אין קעלער אין הויז אויף ראָג ספּאָדעק און אַגראָדאָווע און מיט איר חתונה געהאַט. אין די צייטן פון דער נאַצישער ממשלה האָבן זיי זייער איינציק קינד פּרובירט ראַטעווען, אָפּגעבנדיק עס צו אַ באַקאַנטן קריסט, וועלכער האָט זיי פאַרראַטן. די „געסטאַפּאָ" האָט דאָס קינד געבראַכט אין זייער הויז און פאַר די אויגן פון טאַטע־מאַמע עס דערמאָרדעט. ביידע — דודעק און רעגינע — זיינען אומגעקומען צוזאַמען מיט אַלע קדושים פון טשענסטאָכאָוו.

# טשענסטאָכאָוו

טשענסטאָכאָוו, שטאָט פון יידישער פּראַכט.
טשענסטאָכאָוו, שטאָט פון יידישן יסוד.
בענטש־ליכט האָבן באַלויכטן דיין נאַכט,
מיט תפילות פון אונדזערע מאַמעס צו גאָט.
דיין בית המדרש, און פּרעכטיקע שול,
דיינע גערטנער און שיינע אַלעען.
דיינע פעלדער מיט שפע פול,
די וואָך און דער שבת — געהייליקטטע גייען.

רעפריין:

טשענסטאָכאָוו, שטאָט פון אונדזער חלום.
דו ביסט דאָס בלוט פון אונדזער קדושה.
טשענסטאָכאָוו, שטאָט פון אדונזער קיום.
דו ביסט דער שטאָלץ פון אונדזער ירושה —
טשעסנאָכטאָוו, אָ, טשענסטאָכאָוו.

טשענסטאָכאָוו, שטאָט פון לומדים און גאונים.
אין דער גאָלדענער קייט איינגעפלאָכטן.
גאָלדענע רינגען פון פירערס און קדושים
אייביק אין אונדזער געשיכטע צו לויכטן.
ס'האָבן חלוצים ביי דיר זיך דערצויגן,
אויף דיינע פעלדער געאַקערט, געזייט.
מיט האָפנונגען הלעע אין יידישע אויגן
צו ארץ ישראל מיט פרייד זיך געגרייט.

טשענסטאָכאָוו, שטאָט פון אונדזער חלום א. אַ. וו.

טשענסטאָכאָוו, — דיינע הערלעכע טרוימען,
פון מענדעלעס און פּרצעס קוואַל,
ס'האָט יידיש געקלונגען, געגרייכט צו די רוימען.
אַלע פאַר איינעם און איינער פאַר אַל׳.
געזונגען טים פריידן, די יוגנט באַהעלט,
געשפּונען דעם פאָדעם פון נצח ישראל׳
געוואָרט אַלץ אויף יושר — אַ בעסערע וועלט,
געהאָפט אַלץ אַז קומען וועט באַלד אונדזער גואל.

טשענסטאָכאָוו, שטאָט פון אונדזער חלום א. אַ. וו.

ווי וואונדערלעך האָבן לידער געקלונגען,
וואָס מיר האָבן מיט ליבשאַפט געזונגען.
פון פאָלק און מענטש — אין די וועלדער פאַרהוילן,
פאַרן שרעקלעכן חורבן מיט די קאַשמאַרנע אויגן.
אָ, טשענסטאָכאָוו, דיין ערד איז געהייליקט.
אָ, קיינמאָל וועלן מיר דיך ניט פאַרגעסן.
אַ נר תמיד נאָך די וואָס פאַרטיליקט,
מיר וועלן דאָס ליכט, אָ, קיינמאָל פאַרלעשן.

טשענסטאָכאָוו, שטאָט פון אונדזער חלום.
דו ביסט דאָס בלוט פון אונדזער קדושה.
טשענסטאָכאָוו, שטאָט פון אונדזער קיום.
דו ביסט דער שטאָלץ פון אונדזער ירושה —
טשענסטאָכאָוו, אָ, טשענסטאָכאָוו.







מוזיק צום ליד פון מיכל געלבאַרט

מיר שליסן דאָס בוך „טשענסטאָכאָוו" מיט דעם דאָזיקן אַנאָנימען ליד. סיי די ווערטער, סיי די מעלאָדיע פון דעם ליד, פאַרפאַסט פון מ י כ ל  ג ע ל ב אַ ר ט, וועלן אונדז שטענדיק דער־מאָנען אונדזער צוגעבונדנקייט און ליבשאַפט צו אונדזער אומפאַרגעסלעכער היים־שטאָט — טשענסטאָכאָוו.




אין דעם בוך „טשענסטאָכאָווער יידן" (וואָס מיר, די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט, האָבן אַרויסגעגעבן אין יאָר 1947) איז, צוליב טעכנישע סיבות, נישט אַריין דער אינדעקס פון אַלע נעמען וואָס ווערן דערמאָנט אין יענעם היסטאָריש-וויכטיקן בוך. מיר האַלטן פאַר וויכטיק דעם דאָזיקן אינדעקס דאָ צו פאַרעפנטלעכן. די פולע רשימה פון אַלע נעמען וועט זיכער זיין אַ הילף פאַר די היסטאָריקער, פאָרשער און סתם לייענער פון דעם בוך: „טשענסטאָכאָווער יידן". מיר גיבן דאָ, גלייכצייטיק, אויך דעם אינדעקס פון איצטיקן בוך „טשענסטאָכאָוו". אַלע נעמען און רשימות אין איצטיקן בוך זיינען צונויפגעשטעלט געוואָרן פון

**מאָטל בערקאָוויץ.**

# אינדעקס פון נעמען וואָס ווערן דערמאָנט אין בוך „טשענסטאָכאָווער יידן"

ג

ד

ה

ז

מ

צ

## ר

ש

ת

# אינדעקס פון נעמען פון „ווער איז ווער" אין בוך „טשענסטאָכאָווער יידן"

## א

אַבערמאַן, סעמיועל
אַדערבערג, משה
אַוועצקי, מאָריס
אַוועצקי, יאַנקל
אַרזשעק, צינע
אויסלענדער, אפרים
איזביצקי, איזידאָר
איזשביצקי, אברהם
איזראַעל, יוכבד
איזראַעל, העריס
אייזנער, טשאַרלס
אייזנער, איצעק
אייזנער, ווילִיאַם
אייזנער, פּנחס
אַלטמאַן, הענרי
אַמטערדאַם, בנימין
אַמטערדאַם, טשאַרלס-לואי
אַמסטערדאַם, שלמה
אַסטאַר, אַלטער
אַקערמאַן, דוד און חנה

## ב

באַראַן, מאַקס, ה.
באַלזאַם, יאַקוב
באַרזשיקאָווסקי, מענדל
באַרזשיקאָווסקי, פייגל-חיה
בוכנער, קאַרל
בוים, מאיר
בוים, איטע
בוים, שלום
בוים, עדנאַ
בוים, ישראל-יצחק
ביטטער, טאַבע
ביאַליק, גרשון
ביאַלעק, הלל
ביאַליק, רחל
בידא, העלען
בידא, אברהם
בידא, יענטע
ביראַ, שמעון
ביראַ-פיינרייך, פּעלאַ
בירנהאַלץ, יצחק-מענדל
ברנהאַלץ, אברהם
בירנהאַלץ, מאַניע
בירמאַן, מנשה
בירמאַן, בלימאַ
בייטענר, טוביה
בייטנער, ביילע
בייגעלמאַן, לייזער
בעסער, י.
בעזבאַראַדקאַ, יוסף
בעזבאַראַדקאַ, דוד
בערגער, איזי
בערגער, איוואַ
בערגמאַן, בראָניסלאַוו
בערגמאַן, טעקלאַ
בערגמאַן, אַננאַ
בערגמאַן, מאַרטאַ
בערלינער, יאָסל
בערנשטיין, האַררי
בראַט, האַררי
בראַט, משה-דוד
בראַט, זעלדע
בראַט, מלכה
בראַטמאַן, שאַיע
בראַדי, מאַקס
בראַדער, ישראלקע
בראַסלאַווסקי, אהרן
בראַקמאַן, מאַקס
ברענער, ליבער
ברענער, לילי

## ג

גאַצווייך, הירש
גאַנצווייך, ישראל-לייב
גאַטיינער, משה-דוד
גאַטיינער, רויזע
גאַטליב, משה
גאַלדשטיין, ישראל
גאַלדשטיין, הענע
גאַלדשטיין, יונה
גאַלדבערג, שלמה און אסתר
גאַלדמאַן, דזשעק
גאַלדבערג, שלמה-זלמן
גאַלדבערג, בלומע
גוטערמאַן, דוד
גורסקי, וולאַדיסלאַוו
גירסקאַ, ליפּסקאַ-אַלגאַ
גורקי, יצחק
גורסקי, העלע-בירמאַן
גימפּעל, הערש, בער
גלאַטער, אברהם-מאיר
גלאַטער, מאַקס
גלאַטער, טילי
גליקסמאַן, רחל
גליקסמאַן, אברהם
גליקסמאַן, שבע
גליקסמאַן, מרים
גליקסמאַן, באַרנעבוים, קלער
גליקסמאַן, יוסף
גליקמאַן, איתמר
גליקסמאַן-מיטש, זאָפיאַ
גליקסמאַן-שימערלינג, עלפרידאַ
גליקמאַן, ר' יוסף
גליקסמאַן, איזידאָר
גליקסמאַן, פישל
גליקסמאַן, גיטל
גליקסמאַן, אליעזר
גליקסמאַן, מרים
גליקסמאַן, יאָסל
גליקסמאַן, נחמיה
גליקסמאַן, ליפּוש
גליקסמאַן, חנה
גליקסמאַן, פּראַדל
גליקסמאַן, איצעק
גליקסמאַן, סעראַ
גליקערמאַן, אפרים
גליקערמאַן, חיה-רחל
געבראַווויטש, משה
געלבער, איטשע
געלבער, מלכה-דימאַנט
געלבער, מאָריס
געלבער, גוטשע
געלבער, לעאָנאַרד
געלבער, מערקין
געלבער, כתריאל
געלבער, שרה
געלבער, שמעון
געלבער, ליפּטשע
געלבער, אברהם
געריכטער, אייב
געריכטער, קאָפּל
גערמאַן, שלמה-אהרן
גערמאַן, אברהם
גראַנעק, מיכאל
גראַנעק, מאַכטשע
גראַנעק, אסתר (לעווקאָוויטש)
גראומאַן, יהודה-לייב
גראומאַן, פּערל
גראומאַן, רבקה
גראומאַן, הערי
גראומאַן, משה
גראַבאָווסקי, רחל
גראַסבערג, הערש-קלמן
גראַסבערג, אהרן
גראַסבערג, מענדל
גראַסבערג, פישל-יעקב
גראַס (גריץ) לואיס דזשיי
גראַסמאַן, בראַנטשע
גראַסמאַן, י.
גרילאַק, יעקב און ביילע
גריי, שמחה און יעטע
גרייצער, אפרים
גרייצער, פייגל
גרייצער, מאיר
גרייצער, פרימעט
גרעד, מילדרעד
גרינבערג, מאיר
גראַס, באַרנעט
גראַסמאַן, וואָלף
גרינבערג, שלמה
גרינבערג, נעכע
גרין, סעמיועל
גרין, גרשון
גרין, עראַ
גאָלדבערג, סעם
גרייצער, יוסף-הירש
גאַטליב, אברהם
גרייצער, ישכר

## ד

דאַנציגער, יהודה
דאַנסקי, אסתר
דוכאַן, בערל און רבקה
דזשאַלאַווסקי, משה
דוקאַט, הערשל
דיימאַנט, וואָלף און מרים
דזשייקאַבס, פיליפּ
דזשייקאַבס, ראָוז
דזשייקאַבס, הערש
דזשייקאַבס, דזשאַן
דזשייקאַבס, גאָסי
דרוז, עני
דעלאַוו, מאַקס

## ה

האַלבערג, טוביה
האַלבערג, אברהם-שלמה
האַלבערג, איזי
האַמער-דזשעקלין, שרה
האַנטווערקער, איטשע
האַנטווערקער, נפתלי
האַנטווערקער, בעני
האַנטווערקער, גאָלדע
האַפּמאַן, משה
האַראָוויטש, דוד-בעריש
האַנטווערקער, שרה
האַפּמאַן, ראָזע
הויפּטמאַן, אברהם
הערשליקאָוויטש, חנה-שרה
הערשליקאָוויטש, פייוול
הערשליקאָוויטש, בערל
הערשקאָוויטש, אברהם
האַראָוויטש, בערנאַרד
האפּטקא, אַלעקסאַנדער

## וו

וואַלדפאַגל, שמעון
וואַרגאַן, קאָפּל
וואַרגאַן, עמנואל
וואַרשאַווסקי-פאַמיליע
וואַרגאַן, מערי
וואולף, מענדל
וואַלקאָוויטש, שלמה און צירל
וואַלקאָוויטש, אבא
וואַלקאָוויטש, פריידל
וויאַטראַק, יוסף
ווילינגער, אלעזר
ווילינגער, מרדכי
ווילינגער, אברהם
ווילינגער, מאָריס
ווילינגער, אברהם-מרדכי
ווילינגער, בעני
ווילינגער, בלענטש
ווין, יחזקאל

